# ווילנע

## אַ זאַמעלבוך געווידמעט
## דער שטאָט ווילנע

•

רעדאַקטירט פון

**יעפים ישורין**

•

ארויסגעגעבן פון

**ווילנער ברענטש 367 אַרבייטער רינג**

לכבוד זיין 25־יאָהריגען יובילעאום

1934—1909

•

ניו יאָרק, אַפּריל, 1935.

# אינהאַלט

## צו דער געשיכטע פון דער שטאָט ווילנע.

זייט



## אַרבייטער, סאָציאַליסטישע און רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג אין ווילנע.



## ווילנע — דער גייסטיגער און קולטורעלער צענטער.

### 1. קולטורעלער, עקאָנאָמישער און געזעלשאַפטליכער לעבען

2. באַרימטע ווילנער פערזענליכקייטען אין ליטעראַטור, פובליציסטיק, קונסט, וויסענשאַפט. — רבנים, משכילים. — פרייהייטס־קעמפער. — געזעלשאַפטליכע טוער.

## 3. איינדרוקען, געדאַנקען און ערינערונגען וועגען ווילנע.



## 4. אינטערעסאַנטע טיפּען פון דער אידישער ווילנע

## ווילנער אין אַמעריקע.



## בילדער און רעפּראָדוקציעס.

# הקדמה

דער זאמעלבוך „ווילנע" ווערט ארויסגעגעבען לכבוד דעם 25־יאָהריגען יובילעאום פון ווילנער ברענטש 367 ארבייטער רינג.

דער דאָזיגער בוך האָט זיך א היבשע ביסעל פארשפעטיגט צוליב איינינע ניט־פאָראויסגעזעהענע סיבות. עס איז געווען דער וואונש פון דער רעדאקציע צוזאמענצושטעלען דעם בוך אזוי פאָלקאָם און איגהאַלטסרייך ווי מעגליך. עס האָט זיך דארום געפאָדערט א געגויע זאמלונג פון מאַטעריאלען וואס האָבען א שייכות צו אזא וויכטיגען אידישען קולטורעלען צענטער, ווי די שטאָט ווילנע שטעלט מיט זיך פאָר.

די רעדאקציע האָט זיך געדאַרפט שטעלען אין פארבינדונג מיט א רייהע קאָמפעטענטע שרייבער, וועלכע זיינען באקאנט מיט דער געשיכטע פון ווילנע, ספעציעל מיט דעם קולטורעלען, עקאָנאָמישען לעבען און הויפטזעכליך דעם רעוואָלוציאָנערען לעבען מיט וועלכען די שטאָט איז געווען אָנגעזאָפט זינט די 70־ער יאהרען פון פאָריגען יאָרהונדערט. די אויפגאבע איז געווען ניט קיין גרינגע, ווען מען נעמט אין אנבאַטראַכט אז שטעלען זיך אין קאָנטאַקט מיט אייראָפּייאישע שרייבער דורך קאָרעספּאָנדענץ איז א שווערער און לאַנגזאַמער פּראָצעס: א גרויסע צאָהל שרייבער האַלטען אין איין ארומוואנדערען פון לאַנד צו לאַנד, ווערען געטריבען פון איין גיהנום אין אַן אנדערען, און עס איז שווער צו באַקומען ארטיקלען פאָר א זאַמעלבוך אין אזא אומנאָרמאַלער צייט.

אָבער די רעדאקציע האָט ניט געוואָלט וויסען פון אירגענד וועלכער אומנאָרמאַליטעט. בריוו און דעפּעשען זיינען געגאַנגען אין אַלע טיילען פון דער וועלט און גערופען די בעסטע פאָרשטעהער פון דער אידישער ליטעראַטור און פּובליציסטיק אין דינסט פון דער יחוס'דיגער שטאָט ווילנע. און, מערקווירדיג, יעדער איינער וואָס איז ווען עס איז געווען אין ווילנע, יעדער איינער וואָס האָט ווען עס איז געהאַט א שייכות מיט ווילנע, האָט גערן אָנגענומען די איינלאַדונג און האָט באַשריבען און באַזונגען ווילנע אין דיזען זאַמעלבוך. און ס'איז פאַרשטענדליך: ווייל ווער פיהלט דאָס ניט א חוב צו ווילנע? וועמען האָט דאָס ווילנע ניט צוגעטוליעט צו זיך? ווער האָט דאָס ניט גענאַשט פון ווילנער תורה, חכמה און ווילנער קולטור אוצרות?

אָבער טראָץ דער וואָרימער באַציהונג מצד די שרייבער צום ווילנער זאַמעלבוך, זיינען אנטשטאַנען פילע שוועריגקייטען צו באַקומען די פאַרשפּראָכענע ארטיקלען אין דער באַשטימטער צייט. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז דער זאַמעלבוך איז ניט פאַרטיג געוואָרען צום יובילעאום פון ווילנער בראַנטש 367 ארבייטער רינג.

צוליב דעם, וואָס דער זאַמעלבוך האָט זיך פאַרשפּעטיגט, האָט זיך אָבער דער אינהאַלט און דער גאַנצער כאַראַקטער פיל פאַרבעסערט. די רעדאַקציע האָט געהאַט מעהר צייט צו זאַמלען מאַטעריאַלען, נאָכדענקען וועגען נייע ארטיקלען און אָנשטאַט 500 זייטען וואָס דער זאַמעלבוך האָט געזאָלט ענטהאַלטען, געהט דער בוך ארויס אין איבער טויזענט זייטען. צום באַדויערען איז אָבער שוין צו־שפּעט געווען בייטען דעם פאָרמאַט פון בוך און ער איז ארויס צו דיק.

עס איז איבעריג צו זאָגען, אַז דאָס איז געווען אַ קאָלאָסאַלע ארבייט. עס איז ריכטיג, אַז וועגען ווילנע לאָזט זיך גענוג שרייבען, אַז וועגען ווילנע קען מען געפינען גענוג מאַטעריאַלען. אָבער דאָס אַלעס דאַרף צוזאַמענגעקליבען ווערען און דאָס וויכטיגסטע און אינטערעסאַנטסטע ארויסגענומען ווערען. אָט דאָס קלייבען, אָט דאָס זוכען, אָט דאָס בראַקירען און פעסטשטעלען דאָס בעסטע איז געווען די שווערסטע אויפגאַבע.

די רעדאַקציע פּרעטענדירט ניט, אַז דער זאַמעלבוך האָט אריינגענומען אין זיך אַלץ, וואָס מען האָט געקענט ארויסברענגען פאַר דער וועלט וועגען ווילנע. עס איז די פעסטע איבערצייגונג פון דעם שרייבער פון דיזע שורות, אַז אום ארויסצוגעבען אַ געראָטענעם זאַמעלבוך וועגען ווילנע, דאַרף מען זיין אין ווילנע און דאָרטען אויפ׳ן אָרט קלייבען די נויטיגע מאַטעריאַלען און נאָר דאַן קען געשאַפען ווערען עטוואָס וויכטיגעס, פריי פון חסרונות און אירגענד וועלכער קריטיק.

בלעטערט מען דורך דעם אינהאַלט פון דיזען זאַמעלבוך און לעזט מען דורך די אַלע ארטיקלען, באַקומט זיך אַ קלאָר בילד וואָס די אידישע ווילנע שטעלט מיט זיך פאָר אויף אַלע געביטען, אין אַלע צייטען. עס באַקומט זיך אַ בילד פון דער ווילנע פון אַמאָל, מיט איהר גאַנצען יחוס און גלאַנץ און פון דער איצטיגער ווילנע, וועלכע איז אין פאַראָרימט און אָפּגעריסען פון דער ברייטער וועלט.

און דאָך אינערליך איז ווילנע די זעלבע ווי אַמאָל. די קולטורעלע ווילנע לעבט, ווירקט און קעמפט. די גייסטיגע ווילנע איז קיין מאָל ניט פאַראָרימט געוואָרען און די דאָזיגע ווילנע וועט קיין מאכט, קיינע אונטערדריקונגען, קיין קריזיס ניט פאַרניכטען.

די אידישע ווילנע קען אין אַ סך הינזיכטען דינען אלס מוסטער פאַר דער גאַנצער אידישער וועלט.

זי האָט אָנגעהאַלטען איהרע טראַדיציעס און איהר גייסטיגען אריסטאָקראַטיזם, טראָץ אַלע פאַרפאָלגונגען, גזירות און עקאָנאָמישע מלחמות. זי וועט ניט קאַפּיטולירען אַזוי לאַנג ווי זי וועט האָבען די קולטורעלע און געזעלשאַפטליכע טוער פון דעם באַזונדערען טיפּ, מיט וועלכע ווילנע איז אַלע מאָל געווען אַזוי רייך און פאַרמאָגט נאָך איצט אויך אין אַ גרויסער מאָס, ווי דאָס ווערט כאַראַקטעריזירט אין דיזען זאַמעלבוך.

אין זאמעלבוך „ווילנע" געפינען זיך ארטיקלען:



אין דעם זאמעלבוך באטייליגען זיך 70 שרייבער און עס געפינען זיך 251 בילדער און רעפראדוקציעס, אויסער 65 בילדער פון די מחברים פון די ארטיקלען, צוזאמען — 316 בילדער.

פון די 10 לידער געדרוקט אין דיזען זאמעלבוך זיינען צוויי פון דעם פיל געאכטעטען דיכטער אברהם ליעסין, געשריבען מיט א צייט צוריק. די איבעריגע 8 לידער זיינען געשריבען פון די חשוב'ע דיכטער: מ. ווינאגראד, אברהם רייזען, ז. שניאור, מאני לייב, ב. י. ביאלאסטאצקי, שרה רייזען, נחום יוד און א. ל. וואלפסאן, זיינען ספעציעל געשריבען פאר דיזען זאמעלבוך. צו דער ליד פון א. ל. וואלפסאן האט דער באקאנטער אידישער קאמפאזיטאר אלעקסאנדער אלשאנעצקי פארפאסט מוזיק און מיר זיינען איהם הארציג דאנקבאר דערפאר.

## די רעדאקציע דאנקט.

אלע שרייבער און מיטארבייטער, וועלכע האבען געמאכט מעגליך די ערשיינונג פון זאמעלבוך.

די דיכטער מאני לייב און א. ל. וואלפסאן פאר ווידמענען זייערע לידער דעם שרייבער פון דיזע שורות.

די פריינד זלמן רייזען און זלמן זילבערצווייג פאר ערלויבען איבערצודרוקען איינינע ביאגראפיעס פון דעם לעקסיקאן פון דער אידישער ליטעראטור, פרעסע און פילאלאגיע און פון לעקסיקאן פון אידישען טעאטער.

פאר צוגעשיקטע בילדער און מאטעריאלען: דר. יעקב ווינגאדסקי, לאזאר קאץ, דזשאן מילל, פראנץ קורסקי, זרח נאנעס, אנא ראזענטאל, אינזש. אברהם קלעבאנאוו, אינזש. מ. שרייבער, דר. מאקס ווינרייך, ווילנער אידישען וויסענשאפטליכען אינסטיטוט, ווילנער אידישער פרויען פאראיין, אברהם אייזענבערג, לייב קאדיסאן, דר. ש. פעסקין, טובה גלאס, מ. ווינאגראד, מ. גראזול, גרישא מאץ, דוד קאץ, ס. זאנאט, ראוז אש־סימפסאן, חייקעל לונסקי און ב. ראטשטיין.

ח. פופקא, וועלכער האט אונז אינפארמירט וועגן פילע ווילנער ענינים און מיט וועמען מיר האבן זיך בעראטען וועגן פילע זאכען.

ב. דזשייקאב, דעם קארעקטאר, און ב. ראטשטיין, דעם דרוקער, פאר זייער גרויסען אינטערעס און ווארימער באציהונג צו דער ארבייט.

ר. גינצבערג, מ. גאלדינג, ס. בערענשטיין און א. דאמסקער (קאמיטעט פון ברענטש 367 א. ר.) פאר זייער ווארימער קאאפעראציע.

דעם ווילנער ברענטש 367 ארבייטער רינג אלס א גאנצען די אומבאגרענעצטע דאנקבארקייט פאר געבען אונז די מעגליכקייט צו דינען דעם ברענטש און הויפטזעכליך אונזער מוטער־שטאדט, די אומפארגעסלאכע ווילנע, די שטאדט פון אונזער שטענדיגער בייגקשאפט, די שטאדט צו וועלכער מיר זיינען פארפליכטעט פאר אלעם וואס זי האט אונז געגעבען און וואס מיר האבען פון איהר גע׳ירשנ׳ט.

ארויסגעבענדיג דיזען זאמעלבוך, האט דער ווילנער ברענטש 367 ארבייטער רינג באצוועקט צו שאפען א מעהר אדער ווייניגער וויכטיגען בייטראג צו דער ביז־איצט עקזיסטירענדער מאנאגראפיע וועגן דער שטאט ווילנע, א זאמעלבוך אין וועלכען עס זאל צוזאמענגעקליבען ווערען די וויכטיגסטע מאטעריאלען וועגן דער געשיכטע און געזעלשאפטליכען לעבען פון דער שטאט, אזוי, אז דאס זאל קענען דינען פאר אינפארמאטיווע צוועקען.

עס איז אויך געווען די אמביציע פון ברענטש 367 א. ר. אפצוטרעטען פון דעם סקארבאווען אופן פון ארויסגעבען יובל־זשורנאלען, וועלכע ווערען פארגעסען אויף מארגען נאכדעם ווי זיי דערשיינען.

אויב אנדערע געזעלשאפטליכע ארגאניזאציעס וועלען נאכטאן דעםביישפיל פון ווילנער ברענטש 367 ארבייטער רינג, וועט דאס אליין שוין זיין פאר דער ארגאניזאציע די גרעסטע באפרידיגונג און באלוינונג פאר איהר פיאנערען ארבייט.

יעפים ישורין.

ניו יארק, אפריל 15טען, 1935.




דער פלאַן פון דער שטאָדט ווילנע.

## חיים שויס.

# די געשיכטע פון ווילנע.



### די אמאָליגע ליטווישע מלוכה.

ווילנע איז אמאָל, גאָר אמאָל געוועז די הויפט־שטאָט פון א גרויסער, מעכטיגער ליטווישער מלוכה. דאָס איז נישט גע־וועז די היינטיגע מישטיינס געזאָגט ליט־ווישע מלוכה, וועלכע איז גרויס ווי א „טל ומטר" אין א קליינעם סידור'ל. יענע אמאָליגע ליטווישע מלוכה איז געוועז א מעכטיגע אימ־פעריע, אַן אמת'ע וועלט־מלוכה, וואָס האָט זיך געצויגען פון די ברעגען פון באַלטישען ים ביז די ברעגען פון שווארצען ים. ווילנע און גראָדנע, פּאָלאָצק און פינסק, וויטעבסק און מינסק, לוצק און קאָוועל, און נאָך א סך אַנדערע פּראָווינצען פון רוסלאַנד און פּוילען האָבען אין די אמאָליגע צייטען געהערט צו דער ליטווישער מלוכה.

אפשר וועלען מאנכע פון אונזערע ליטווישע לעזער זיין איבער־ראַשט צו הערען, אַז וואָלין האָט אמאָל געהערט צו ליטע. וועלען זיי אָבער נאָך מעהר איבערראַשט זיין צו הערען, אַז ס'איז געוועז אמאָל א צייט, ווען ליטע און גאַליציען זיינען געוועז פאראייניגט אין איין לאַנד, אונטער איין הערשאַפט.

עס קלינגט ווי א וויץ. עס לעגט זיך דאָך גאָר ניט אויפ'ן שכל, און עס לאָזט זיך גאָרניט גלויבען. אָבער דאָך איז עס אַן אמת, א היסטאָרישער פאַקט. ליטע און גאַליציען זיינען אמאָל פאַר א קורצער צייט געוועזן איין לאַנד, רעגירט פון איין הערשער. ווען דאָס בלייבט אַזוי אויף אַלעמאָל, וואָלטען ליטוואַקעס און גאַליציאַנער געוועזן היינט איין פאָלק...

אָבער דאָס איז געוועזן שוין לאַנג, זעהר לאַנג צוריק. דאָס איז א מעשה שוין פון א זעקס־זיבען הונדערט יאָהר. די רוסישע מלוכה פון קיעוו איז דעמאָלט געוועזן צושפּליטערט אין קליינע מלוכה'לעך, און די דאָזיגע מלוכה'לעך זיינען געוועזן אונטערגעוואָרפען אונטער דער הערשאַפט פון די טאַטאַרען. אויך פּוילען איז דאַן געוועזן

צוטיילט אין מעהרערע זעלבסטשטענדיגע פּראָווינצען. דערפאַר איז עס מעגליך געווען פאַר די ליטווינער צו פאַרנעהמען מערב־רוסלאַנד און צו גרינדען אַ גרויסע ליטוויש־רוסישע מלוכה.

די דאַמאָלסדיגע ליטווינער זיינען אָבער געווען גאַנץ אַנדערש פון די היינטיגע. דאַמאָלסט האָבען קיין קאַטוילישע גלחים נאָך ניט געהאַט די דעה אין ליטע, ווי היינט. די ליטווינער האָבען נאָך דעמאָלט ניט געוואוסט ניט פון יעזוס'ן און ניט פון דער הייליגער מאַריאַ. זיי זיינען נאָך געווען געצענדינער און האָבען געדינט צו פאַרשיידענע געטער, וועלכע האָבען פאַרגעשטעלט מיט זיך פאַרשיידענע קרעפטען פון דער נאַטור.

איינער פון זייערע גרעסטע געטער איז געווען פּערקונאַס, דער גאָט פון ווילדער און דונער. צו איהם פלעגען זיי תפילה טאָן און ברענגען קרבנות. געפאַנגענע פיינד, וואָס זיי פלעגען כאַפּען אין קריג, פלעגען זיי צוזאַמען מיט זייערע פערד פאַרברענען לעבעדיגערהייט לכבוד דעם מעכטיגען וועטער־גאָט פּערקונאַס. ביז דעם יאָהר 1387 איז נאָך געשטאַנען אין ווילנע אַ טעמפּעל פאַר אָט דעם גאָט. אָבער פּערקונאַס איז ניט געווען קיין בן־יחיד ביי די ליטווינער. אחוץ איהם האָבען זיי נאָך געהאַט אַ געטין פון שיקזאַל, לאַימאַ; אַ געטין פון טויט און נקמה, גילטינע; אַ גאָט פון דער פרוכטבאַרער ערד, פּוסקאַיטיס, און נאָך פילע אַנדערע געטער און געטינס.

געטער האָבען די ליטווינער יעדענפאַלס געהאַט דאַמאָלסט מעהר ווי שטעדט. געווען אַ צייט, ווען זיי האָבען גאָר איבערהויפּט קיין שטעדט ניט געהאַט. ערשט אונטער דעם רוסישען און דייטשען איינפלוס זיינען אויפגעקומען די ערשטע שטעדט אויף דעם ליטווישען באָדען. די עלטסטע פון זיי זיינען געווען קוינאַס (קאָוונע), גאַרדינאַס (גראָדנע) און ווילניוס (ווילנע).

שוין אַרום דעם יאָהר טויזענט איז ווילנע געווען אַ דורכגאַנגספּלאַץ פאַר דעם האַנדעל צווישען דעם שוואַרצען און דעם באַלטישען ים. אָבער אַ שטאָדט איז ווילנע געוואָרען ערשט מיט אַ פּאָר הונדערט יאָהר שפּעטער. אין צוועלפטען יאָהרהונדערט איז ווילנע שוין געווען אַ באַפעסטיגטע שטאָדט. די ערשטע איינוואוינער פון ווילנע זיינען לעבען ליטווינער געווען דייטשען, נאָרוועגער, רוסען און אידען. פּאָליאַקען זיינען געקומען אהין פיל שפּעטער.

## דער ליטווישער גרויספירשט געדימין מאַכט ווילנע פאַר זיין הויפּטשטאָט.

די הויפּט־שטאָדט פון ליטע איז ווילנע געוואָרען ערשט אין אָנהויב פון פערצעהנטען יאָהרהונדערט. אין ליטע האָט דעמאָלט געהערשט דער גרויספירשט געדימין, דער גרינדער פון דער גרויס־

ליטווישער מלוכה. די הויפּט־שטאָדט פון ליטע איז ביז דאַן געווען טראָק. געדימין אָבער האָט פאַרלאָזען טראָק און געמאַכט ווילנע פאַר זיין הויפּט־שטאָדט.

א ליטווישע לעגענדע שטעלט פאָר געדימין׳ען אַלס דעם גרינדער פון ווילנע. איינמאָל, ווערט דערצעהלט אין דער דאָזיגער לעגענדע, האָט געדימין פאַרלאָזען זיין פעסטונג אין טראָק און איז ארויסגע־גאַנגען אויף געיעג אויף די בערג וואָס ליגען ביי דער ווילִיא. ער האָט אויסעשאָסען מיט זיין בויגען און אוועקגעלעגט א ווילדען אָקס אויף איינעם פון די בערג. אויף יענעם באַרג איז געשטאַנען א טעמפּעל פאַר דעם גאָט פּערקונאַס. איז געדימין דאָרט געבליבען שלאָפען. האָט זיך איהם גע׳חלומ׳ט, אז א גרויסער וואָלף מיט אַן אייזערנעם פּאַנצער אויפ׳ן קאָפּ שטעהט אויפ׳ן שפּיץ באַרג און וואָיעט און ברומט מיט א שרעקליכען געשריי ווי פון הונדערט וועלף. געדימין האָט זיך דערשראָקען און זיך אויפגעכאַפּט.

איז געדימין געגאַנגען צו דעם פּריסטער פון דעם גאָט פּערקונאַס איהם בעטען פּותר זיין דעם חלום. האָט דער פּריסטער איהם גע־זאָגט: „דער גרויסער וואָלף, וואָס דו האָסט געזעהן, דאָס איז א שטאַרקע פעסטונג און א גרויסע שטאָדט, וואָס וועלען שטעהן אויף דעם דאָזיגען פּלאַץ. און וואָס דער וואָלף האָט אַזוי שטאַרק גע־וואָיעט, דאָס ווייזט, אז מיט דער פעסטונג און מיט דער שטאָדט וועט קלינגען א וועלט״.

האָט דער פירשט געדימין געפאָלגט דעם באַשיידער פון זיין חלום און האָט אָנגעהויבען בויען די פעסטונג און די שטאָדט, וואָס האָט געטראָגען דעם נאָמען ווילנע.

אָבער דאָס איז ניט מעהר ווי א לעגענדע. באמת איז ווילנע געווען א שטאָדט און א פעסטונג שוין לאַנג פאַר געדימינ׳ס צייט. געדימין האָט נאָר געמאַכט ווילנע פאַר זיין הויפּט־שטאָדט.

געדימין האָט גערופען אַלע פעלקער פון נאָהענט און ווייט צו קומען זיך באַזעצען אין זיין נייער הויפּט־שטאָדט. ער האָט באַפרייט סוחרים און האַנטווערקער פון אַלע אָפּצאָהלונגען און זיי געגעבען אַלע פריייהייטען אין האַנדעל און האַנטווערקעריי. האָבען טאַקע א סך רוסען און דייטשען זיך באַזעצט אין דער שטאָדט, און ווילנע האָט אָנגעהויבען וואַקסען און ווערען א גרויסער צענטער.

געדימין איז אין אַלגעמיין געווען א גרויסער הערשער און אַן אינטערעסאַנטע פערזענליכקייט. ער האָט איינגענומען א סך לענדער און האָט געהערשט איבער דער גאַנצער מערב׳דיגער העלפט פון רוסלאַנד. זיין מלוכה איז באַשטאַנען פון א ליטווישער און א רוסי־שער העלפט, און ער האָט זיך דערפאַר גערופען „דער פירשט פון די ליטווינער און די רוסען״. רוסישע סאָלדאַטען האָבען דעמאָלט

געקעמפט אין די ליטווישע ארמייען, און רוסישע גענעראַלען האָבען קאָמאַנדירט ליטווישע סאָלדאַטען. פון דאַמאָלסט אָן האָט טאַקע אַלט־סלאַווישע אָנגעהויבען ווערען די רעגירונגס־שפּראַך פון ליטע.

געדימין איז געבליבען אַ טרייער אָנהענגער פון די ליטווישע געטער, און דער פּאַפּסט און די קריסטליכע מיסיאָנערען האָבען בשום אופן ניט געקאָנט ווירקען אויף איהם, אז ער זאָל ווערען אַ קריסט. „סיידען דער טייוועל וועט מיך טויפען, קיין אַנדערער ניט", האָט ער אַמאָל געזאָגט.

ער האָט אָבער ניט געשטערט די קריסטליכע מיסיאָנערען צו פאַרשפּרייטען דאָס קריסטענטום אין זיין לאַנד, ווי ווייט זיי האָבען זיך באַנוצט מיט פרידליכע מיטלען. ער האָט אויך ערלויבט די קאַטוילישע אָרדענס פון די פראַנציסקאַנער און די דאָמיניקאַנער אויסצובויען אין ווילנע צו איין קירך און איין קלויסטער. ער האָט אויך געדולדעט די אויסשפּרייטונג פון דער גריכיש־קאַטוילישער קירך אין ליטע און האָט געגעבען די פרייהייט די געצענדינערישע טאַטאַרען צו פּראַקטיצירען זייער רעליגיע. אַזאַ טאָלעראַנץ צו אַלע רעליגיעס ווי אין ווילנע, איז אין יענער צייט ניט געווען צו געפינען כמעט אין גאַנץ אייראָפּע.

## יאַגעלאָ ווערט קעניג פון פּוילען און זיין פּלימעניק וויטוויטאַס ווערט פירשט פון ווילנע.

צוויי מעכטע האָבען דעמאָלט געזוכט צו באַקעהרען ליטע צום קריסטענטום און צו קריגען ממילא די הערשאַפט איבער איהר. דאָס זיינען געווען דער דייטשער ריטעראָרדען, וועלכער האָט געהערשט אין פּרייסען און אין די באַלטישע פּראָווינצען, און פּוילען. די ריטער פון דעם דייטשען אָרדען האָבען געזוכט איינצונעמען ליטע מיט גע־וואַלד, מיט'ן שווערד, און זיי זיינען געווען אַ דורכפאַל. די פּאָליאַקען אָבער זיינען געווען פיל קליגער. מיט גאַנץ פרידליכע און פריינדליכע מיטלען האָבען זיי געמאַכט די גרויסע ליטע פאַר אַ טייל פון דעם קליינעם פּוילען. וואָרים ליטע איז דעמאָלט געווען אומגעפעהר דריי מאָל אַזוי גרויס ווי פּוילען.

די פּאָליאַקען האָבען באַקומען ליטע ניט דורך קריג, נאָר דורך ליבע, דורך איינפאַכער ליבע פון דיביידע געשלעכטער. פּוילען האָט אַ שידוך געטאָן מיט ליטע און דערמיט זי צוגעבונדען צו זיך. די יונגע פּוילישע קעניגין העדוויג האָט חתונה געהאַט מיט יאַגעלאָ, אַן אייניקעל פון געדימין, און דער גרויספירשט פון ליטע איז גע־וואָרען קעניג פון פּוילען. יאַגעלאָ האָט זיך געטויפט און באַקומען דעם נאָמען וולאַדיסלאַוו, און באַלד איז ער געקומען אין ליטע, באַ־גלייט פון בישאָפּען, גלחים און מאָנאַכען, און האָט זיך גענומען צו

דער ארבייט צו מאכען די ליטווינער פאר קריסטען. טויזענטער ליט־ווינער האבען דעמאלט זיך געלאזט טובל זיין אין דעם ניעמאן און אין אנדערע ליטווישע טייכען. יאגעלא האט (אין יאהר 1387) צושטערט דעם טעמפעל פון דעם גאט פערקונאס אין ווילנע. פון דעמאלט אן איז ווילנע געווארען א קריסטליכע שטאט, מיט א סך קירכען און קלויסטערס. דעמאלט איז עם אויסגעבויט געווארען דער קאטעדראל פון היילינען סטאניסלאוו און נאך אנדערע אלטע קירכען.

אבער ניט קוקענדיג אויף דער פארבינדונג צווישען די דינאס־טיעס פון ליטע און פוילען, איז נאך ליטע פאר א געוויסער צייט גע־בליבען א באזונדערע, אומאפהענגיגע מלוכה, און די אידען איז דאר־טען געווען בעסער ווי אין אנדערע אייראפייאישע לענדער. ווארים די ליטווינער, וועלכע זיינען געווען דאם לעצטע פאלק אין אייראפע וואס האט אנגענומען דאם קריסטענטום, זיינען ניט אזוי גיך דורכגענומען און דורכגעזאפט געווארען מיט דעם קריסטליכען גייסט פון מיטעל־אלטער, דעם גייסט פון אומטאלעראנץ און פון האס צו אידען. די אידען אין ליטע האבען דערפאר געלעבט אין יענער צייט אין א פיל בעסערען צושטאנד איידער זייערע ברידער אין פוילען.

דער ערשטער צו געבען רעכטען די אידישע געמיינדעס אין ליטע און צו באשיצען זייערע רעכטען איז געווען דער ליטווישער גרויס־פירשט וויטויטאס, וועלכער האט רעגירט פון 1388 ביז 1430.

אז יאגעלא איז געווארען דער קעניג פון פוילען, האט ער אוועק־געגעבען ליטע צו זיין ברודער סקירגאילא. אבער יאגעלא'ם פלימעניק וויטויטאס (וויטאלד) האט זיי ערקלערט קריג, און נאך ביטערע מלחמות און בלוטיגע שלאכטען ביי די טויערען פון ווילנע, האט יא־געלא נאכגעגעבען. סקירגאילא'ן האט ער אוועקגעשיקט פאר א ליט־ווישען גובערנאטאר אין קיעוו, וועלכע איז דאן געווען אונטערוואָרפען אונטער ליטע, און וויטויטאס'ן האט ער אנערקענט אלס דעם גרויס־פירשט פון ליטע.

אונטער דעם גרויספירשט וויטויטאס, האט די אמאליגע ליטע דערגרייכט איהר העכסטע גדולה. די ליטווישע אימפעריע האט אריינ־גענומען אין זיך, א חוץ ליטע מיט איהר הויפטשטאט ווילנע, אויך וויים־רוסלאנד מיט וויטעבסק און מינסק, סמאלענסק, נאוואגאראד, טשערניגאוו, דעם גרעסטען טייל פון אוקראינע און אויך פאדא־ליען און וואלין.

וויטויטאס איז געווען אזוי גרויס און מעכטיג, אז ער האט געפלאנעוועט צו צושלאגען די טאטארישע מלוכה, וועלכע האט דע־מאלט זיך געהאלטען אין ברעקלען, און צו ווערען דער קעניג איבער גאנץ רוסלאנד. ווען וויטויטאס וואלט געזיגט, וואלט אנשטאט מאס־קווע און פעטראגראד, ווילנע געווען די הויפטשטאט פון א ליטוויש־

רוסישער אימפעריע. אַנשטאָט וואָס ליטע איז היינט א געוועזענע רו־סישע גובערניע, וואָלט רוסלאַנד היינט געווען א געוועזענע ליטווישע גובערניע.

וויטויטאס איז צושלאָגען געוואָרען פון די טאַטאַרען, אָבער אין אַט די מלחמות האָט ער געבראַכט א סך טאַטאַרען אַלס געפאַנגענע קיין ווילנע און זיי באַזעצט אין דער פאָרשטאָט לוקישקעס. צוזאַמען מיט געפאַנגענע טאַטאַרען פון קרים האָט וויטויטאס געבראַכט קיין ווילנע אויך קאַראַאימען, וועלכע האָבען זיך באַזעצט אין טראָק. דאָס זיינען געווען די ערשטע קאַראַאימען, וואָס זיינען געקומען אין ליטע.

וויטויטאס האָט זעהר פיל געזאָרגט פאַר ווילנע און האָט געזוכט צו ענטוויקלען אין איהר האַנדעל און האַנטווערק. ער האָט געגעבען די ווילנער איינוואוינער דאָס רעכט פון א זעלבסטשטענדיגער שטאָט־פאַרוואַלטונג, וואָס מ'האָט באַצייכענט אין מיטעלאַלטער מיט'ן נאָמען „דאָס מאַגדעבורגער רעכט". ער האָט אויך באַשיצט די אידען און איז געווען דער ערשטער זיי צו געבען א טשאַרטער פון פּריווילעגיעס. לויט אַט די רעכטען זיינען די אידען פון ליטע געווען א קלאַס פון פריינע בירגער און זיינען געשטאַנען אונטער דעם דירעקטען שוץ פון דעם גרויספירשט און זיינע בעאַמטע. זיי האָבען געלעבט אין אומאָפּהענ־גיגע געמיינדעס מיט אויטאָנאָמיע אין זייערע אינערליכע ענינים. דאָס געזעץ האָט גאַראַנטירט די אידען די אומבאַריהרטקייט פון זייער פער־זאָן און אייגענטום, די פרייהייט פון זייער רעליגיע און דאָס רעכט צו פיהרען האַנדעל און צו טאָן אַלע מלאכות אויף דיזעלביגע באַ־דינגונגען ווי די קריסטען.

אין דער ערשטער העלפט פון פופצעהנטען יאָהרהונדערט איז וויטויטאס געווען דער גרעסטער און מעכטיגסטער הערשער אין מזרח־אייראָפּע. אָבער דאָך האָט ליטע ניט געהאַט קיין אויסזיכטען צו בלייבען אויף לאַנג א גרויסע זעלבסטשטענדיגע מלוכה. וואָרים די רוסישע העלפט פון דער ליטווישער אימפעריע, וואו עס האָט גע־הערשט די גריכיש־קאַטוילישע קירך, האָט סוף־כל־סוף געמוזט ער־ווערבט ווערען פון רוסלאַנד, און די צווייטע העלפט, וואו עס האָט געהערשט דער רוימיש־קאַטוילישער גלויבען, האָט אַלץ מעהר און מעהר זיך אָנגעשלאָסען אָן פּוילען. די הערשער פון פּוילען און ליטע זיי־נען געווען פון איין פאַמיליע, פון יאַגעלאָ'ן אָן, און די ליטווישע פּריצים, די אַריסטאָקראַטען, האָבען אויך געהאַלטען ביים ווערען פאָ־ליאַקען.

וויטויטאס האָט עס הפנים געזעהן פאָראויס, און ער האָט דער־פאַר זיך געוואָלט קרוינען פאַר א קעניג פון ליטע, אום ליטע זאָל האָבען אָן אייגענע דינאַסטיע פון מלכים און זאָל בלייבען א זעלבסט־

שטענדיגע מלוכה. דער דייטשער קייזער זיגמונד, דער אויבערשטער פון אלע קריסטליכע מלוכות אין אייראָפּע, האָט פאַרשפּראָכען צו שיקען אַ קעניגליכע קרוין קיין ווילנע, און אין יאהר 1429 זיינען זיך צונויפגעקומען אין ווילנע אַלע גרויסע פירשטען און הערשער פון אייראָפּע צו קרוינען וויטוויטאַס'ן פאַר אַ קעניג.

ווילנע האָט דאַמאָלסט געהאַט דעם כבוד צו זעהן אין איהרע טויערען די גלענצענדסטע מאַגנאַטען פון אייראָפּע: דעם רוסישען גרויספירשט פון מאָסקווע, די רוסישע פירשטען פון טווער און ריאַזאַן, דעם הערשער פון אַ טאַטארישער מלוכה, דעם מיטראָפּאָליט פון מאָס-קווע, דעם אויבערמייסטער פון דייטשען ריטעראָרדען. עס זיינען אפילו געווען פאַרטרעטער פון דעם גריכישען קייזער פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל.

אַלץ איז געווען גרייט פאַר דער קרוינונגס-צערעמאָניע. אָבער עס איז ווילנע ניט באַשערט געווען צו ווערען די הויפּטשטאָט פון אַ קעניג. די קרוין איז ניט אָנגעקומען פון דעם דייטשען קייזער. און אַז שלוחים זיינען געקומען אין ווילנע מיט דער נאַכריכט, אַז דער קייזער האָט געגעבען זיין וואָרט, אַז די קרוין וועט גלייך ארויס-געשיקט ווערען, איז וויטוויטאַס שוין געווען טויט.

וויטוויטאַס איז געשטאָרבען צו אַכציג יאָהר, און זיין קבר געפינט זיך נאָך ביז היינט אין דעם קאַטעדראַל פון הייליגען סטאַניסלאַוו אין ווילנע.

## ליטע ווערט אַ טייל פון פוילען, און ווילנע ווערט אויס הויפּט-שטאָט.

נאָך דעם טויט פון וויטוויטאַס איז ליטע געגאַנגען אויף אראָפּ. איהרע רוסישע פּראָווינצען האָבען די מאָסקווער פירשטען צוגענומען פון איהר, און זי איז אַלץ ענגער און ענגער געוואָרען פאַרבונדען מיט פוילען.

דאָך אָבער זיינען נאָך פאַרגאַנגען איבער 200 יאָהר נאָך וויטוי-טאַס'עס טויט ביז ליטע האָט אינגאַנצען פאַרלאָרען איהר זעלבסט-שטענדיגקייט. אונטער דער צייט האָט זיך די אידען אין ליטע גע-לעבט פאַרהעלטניסמעסיג גוט, און זיי האָבען ניט געליטען אַזעלכע צרות און שאַנד ווי זייערע ברידער אין אַנדערע לענדער. די אידען אין ליטע האָבען ניט געלעבט דאַמאָלסט נאָר פון קליינהאַנדעל און וואוכעריי, נאָר האָבען געפיהרט מסחר אויף אַ ברייטען מאַסשטאַב, האָבען פאַר-מאָגט אַ סך לאַנד אַלס זייער אייגענטום און האָבען געהאַלטען אין זייער האַנט די ארענדע פון כמעט אַלע טאַקסעס און אָפּצאָהלונגען פון דעם לאַנד. די אידען האָבען געהאַט דעמאָלט די זעלביגע רעכטען ווי קריסטען, און האָבען אפילו געהאַט אַ רעכט צו טראָגען געווער ביי זיך.

אין יאָהר 1569 האָט ליטע אינגאַנצען פאַרלאָרען איהר זעלבסט־שטענדיגקייט און איז געווארען אין יעדער הינזיכט א טייל פון פוילען. דערמיט האָט ליטע אויפגעהערט צו עקזיסטירען אלס א מלוכה, אלס א מדינה פאר זיך, און ווילנע האָט פון דאמאלסט אָן פאַרלאָרען איהר גדולה. זי איז געווארען אוים הויפטשטאָט. עס האָט אין איהר מעהר ניט געוואוינט קיין קעניג און קיין גרויספירשט, נאָר א פוילישער וואָיעוואָדא, א בישאָף, און א רוסישער גובערנאַטאָר האָבען געהערשט אין איהר. פון דאַן אָן האָט זיך אָנגעהויבען א שלעכטע צייט פאַר ווילנע. באזונדערס פון זיבעצעהנטען יאָהרהונדערט אָן האָבען די ווילנער אידען דורכגעלעבט שרעקליכע צרות און אומגליקען.

## ווילנע אונטער פוילען.

פון יענער צייט אָן האָט מען אָנגעהויבען באַגרעניצען די רעכטען פון די ווילנער אידען. מען האָט אָנגעהויבען זיי צו דריקען און פאַר־פאָלגען, און פיל מאָל איז עס געקומען אויך צו איבערפאַלען און צו פאָגראָמען געגען זיי. ווארים פונקט ווי פוילען, אזוי איז אויך ליטע ארונטערגעפאלען דאמאלסט אונטער דעם איינפלוס פון די יעזואיטען און איז געווארען א נעסט פון רעליגיעזען פאַנאַטיזם און אידען־האַס און נאָך היינטיגען טאָג, ווען ליטע איז נאָכדעם ווי זי איז איבער דריי הונדערט יאָהר געווען א פוילישע פּראָווינץ, ווידער געווארען, נאָך דער וועלט־מלחמה, א זעלבסטשטענדיגע מדינה'לע, ווערט זי נאָך אַלץ שטארק באהערשט פון די קאַטוילישע גלחים.

שוין אין יאָהר 1635 האָט דער צווישעטער המון פון ווילנע געמאכט א תל פון דער נייער גרויסער אידישער שוהל, האָט צוריסען אכצעהן ספר־תורות, און אוועקגערויבט אַלע ווערטפולע זאכען. מען האָט אויך וואָס ווייטער, אַלץ מעהר באַגרעניצט די רעכטען פון די אידען אין האנדעל און האנטווערק. מען האָט אויסגעשלאָסען די אידען פון דעם צעך פון די גלעזער און אויך פון דעם צעך פון די פישערס. מען האָט פארבאָטען די אידען צו זיין זילבער און גאָלד־שמידען און אויך צו האנדלען מיט תבואה און צו האַלטען גאַרבערייען.

אָבער כל־זמן ווילנע איז געשטאַנען אונטער ליטווישע און פוילישע הערשער זיינען נאָך אַלץ די אלע באגרעניצונגען געווען צו דערליידען. די אמת'ע אידישע צרות האָבען זיך ערשט אָנגעהויבען אין 1654, ווען די קאַזאַקען, צוזאמען מיט אַן ארמיי פון דעם צאר פון מאָס־קווע, האָבען איינגענומען ווילנע.

אז די קאַזאַקען זיינען צוגעקומען צו ווילנע, איז דער פוילישער וואָיעוואדא ראַדזיוויל אנטלאָפען מיט זיין חיל פון שטאָט, און צו־זאמען מיט זיי זיינען אנטלאָפען א גרויסער טייל פון איהרע איינוואוי־נער. א סך האָבען זיך אָנגעגרייט פערד און וועגענער און זיינען

ארויסגעפאָהרען מיט פוהרען אָנגעפּאַקט מיט ווייבער, קינדער און קלו־מיקעס מיט זאכען. א סך זיינען געלאָפען צו פוס מיט די קליינע קינדער אויפ'ן רוקען. די וואָס האָבען ניט באוויזען צו אנטלויפען זיינען כמעט אלע אומגעקומען דורך די הענט פון די קאָזאקען און די מאָסקאָוויטען. 25 טויזענד פערזאָנען זאָלען די קאָזאקען האָבען אויסגע'הרג'עט אין איין טאָג. נאָך דער שחיטה האָבען זיי אונ־טערגעצונדען די שטאָט. זיבעצעהן טעג האָט ווילנע געברענט, און פון דער אמאָליגער הויפּטשטאָט פון דער ליטווישער אימפּעריע איז געוואָרען א בארג אש.

ווען די מלחמה האָט זיך איינגעשטילט, און די רוסען זיינען פאר א קורצער צייט געווארען די הערשער איבער ווילנע, האָבען די פליכט־לינגע אָנגעהויבען ארויסצוקריכען פון זייערע באהעלטעגישען און זיך צוריקצוקעהרען אין זייערע חרוב'ע היימען. דאָ איז אויסגעבראָכען אין ווילנע אזא פעסט און א הונגער, אז מען האָט זיך גע'הרג'עט איי־נע די אנדערע אויף די גאסען איבער א שטיקעל ברויט. פונדעסטוועגען האָט די דעלעגאציע פון די ווילנער בירגער, וואָס איז געשיקט געווארען צום צאר אלעקסיי מיכאילאָוויטש (דעם פאָטער פון פּיאָטער דעם גרויסען) איהם צו באגריסען אין נאָמען פון דער שטאָט, ניט פאר־געסען צו בעטען דעם צאר, אז ער זאָל ארויסטרייבען אלע אידען פון ווילנע, ווייל זיי שטערען דעם האנדעל און פון זייערע הייזער פארשפּרייט זיך די מגפה איבער דער גאנצער שטאָט.

אין דריי יאָהר ארום איז ווילנע ווידער עראָבערט געוואָרען פון פּוילען, און פערציג יאָהר שפּעטער, אין 1702, איז זי עראָבערט גע־ווארען פון דעם שוועדישען קעניג קאַרל דעם צוועלפטען. די שווע־דען האָבען ארויפגעלייגט אזא שווערע קאָנטריבוציע אויף דער שטאָט, וואָס איז גאָר ניט מעגליך געוועזן צו צאָהלען. אין יאהר 1705 האָט פּיאָטער דער גרויסער איינגענומען ווילנע, און אין א יאָהר ארום זיי־נען ווידער געקומען די שוועדען און ארויפגעלייגט א הויכע קאָנטרי־בוציע אויף דער שטאָט.

פון אָט די אלע מלחמות און דערצו נאָך פון די פילע שרפות, איז ווילנע זעהר פאראָרימט געוואָרען. די אידען זיינען געוועזן אזוי אָרים, אז די גרויסע שוהל איז געשטאַנען פארשלאָסען און פארזי־געלט א רונדיגען יאהר, ווייל די אידישע קהילה האָט ניט פארמאָגט צו באצאָהלען די חובות, וואס האָבען געקומט פון איהר.

## ווילנע אלס אידישער צענטער.

אין יאָהר 1795, ביי דער דריטער צוטיילונג פון פּוילען, האָט רוסלאנד צוגענומען ליטע, און ווילנע איז פון דאמאלסט אָן ביז דער וועלט־מלחמה אין 1915, געוועזן א רוסישע שטאָט.

אָבער דוקא אונטער דער רוסישער הערשאַפט האָט די אידישע לאַגע אין ווילנע זיך פאַרבעסערט, איז די אידישע ווילנע זיך צו־וואַקסען, איז ווילנע געוואָרען די הויפּט־שטאָט פון ליטווישען אידענטום. אַ סך געווירקט אין דעם האָט דער איינפלוס פון דעם ווילנער גאון.

אין דער צווייטער העלפט פון אכצעהנטען יאָהרהונדערט האָבען זיך אָנגעהויבען צווי באַוועגונגען ביי אידען, וועלכע האָבען געזוכט צו באַנייען און אַפּצופרישען דאָס אידישע לעבען און אָראָפּצוואַשען פון איהם דעם אַלטען שימעל, וואָס האָט זיך אָנגעקליבען אויף איהם. איין באַוועגונג איז געווען די חסידישע. זי האָט געזוכט צו צו־ברעכען די מאַכט פון די רבנים און די למדנים און אריינצוגיסען אין דעם אידישען רעליגיעזען לעבען אַ נייעם קוואַל פון פּאָעזיע, פון באַגייסטערונג. די דאָזיגע באַוועגונג האָט זיך אָנגעהויבען אין אוקראַי־נאַ, אין מעזביז, וואו רבי ישראל בעל־שם־טוב האָט געוואוינט, און אין מעזריטש, וואו עס האָט געוואוינט זיין נאָכפאָלגער, רבי בער.

די צווייטע באַוועגונג האָט זיך אָנגעהויבען אין בערלין דורך מענדעלסזאָהן און זיינע תלמידים. דאָס איז געווען די השכלה־באַוועגונג, וועלכע האָט געזוכט צו עפענען די פענסטער אין דעם אידישען לעבען און צו לאָזען אריינגעהן אין איהם פרישע ווינטען פון דרויסען, פון דער מאָדערנער בילדונג, פון דער אויפקלערונג פון דער צייט.

אָט דיביידע באַוועגונגען האָבען צוטרייסעלט די אַלטע אידישקייט, וועלכע איז געוואָרען פאַרטריקענט אונטער דער גייסטיגער הערשאַפט פון די רבנים.

אָבער די אַלטע אָרטאָדאָקסישע אידישקייט פון די רבנים, די אי־דישקייט וואָס איז באַשטאַנען פון היטען די מצוות און לערנען גמרא, האָט ניט אויפגעגעבען איהר פּאָזיציע אין אידישען לעבען און האָט געפונען איהר שטאַרקסטען פיהרער און פאַרקעמפער אין דעם ווילנער גאון.

דער ווילנער גאון האָט ניט געשאַפען קיין באַוועגונגען, האָט ניט בעאיינפלוסט די מאַסען, ער האָט אפילו ניט געשריבען קיין גרויסע ספרים. ער האָט גאָר קיין צייט ניט געהאַט פאַר די אַלע זאַכען. וואָרים ער איז געווען פאַרנומען מיט איין זאַך, מיט'ן זיצען און לערנען תורה, די אידישקייט פון דער תורה, פון אָפּהיטען שטרענג גאָט'ס געשריבענע געזעצען. יענע אידישקייט וואָס איז באַגריינדעט געוואָרען דורך עזרא און נחמיה, האָט אין די לעצטע יאָהרהונדערטען געפונען איהר גרעסטען פאַרטרעטער אין יענעם גייסטיגען ריז, וועלכען אידען האָבען געקרוינט מיט'ן נאָמען „דער ווילנער גאון".

מיט דעם ווילנער גאון איז ווילנע געוואָרען די הויפּטשטאָט פון דער אידישער אָרטאָדאָקסיע, פון דער קאָנסערוואַטיווער אידישקייט.

ווילנע איז געווען דער צענטער פון די מתנגדים אין זייער פארבי־טערטען קאמף געגען די חסידים, און פון דעם ווילנער גאון און זיין תלמיד, רבי חיים וואלאזשינער, איז געגרינדעט געווארען ביי ווילנע די וואלאזשינער ישיבה צו אנטוויקלען און צו קולטיווירען די קאנ־סערוואטיווע, ארטאדאקסישע אידישקייט.

ווילנע איז אין אנהויב נייצעהנטען יאהרהונדערט געווען דער צענטער פון די מתנגדים. שפעטער איז זי געווארען אויך דער צענ־טער פון דער „השכלה”, פון דער מאדערנער אידישער קולטור. ארום מיטען פון 19טען יאהרהונדערט האבען געלעבט אין ווילנע די ערשטע העברעאישע משכילים, פאעטען און שריפטשטעלער, ווי: מרדכי אהרן גינצבורג, אברהם בער לעווענזאהן און זיין זוהן מיכה יוסף, שמואל יוסף פין, מתתיהו שטראשון און א סך אנדערע.

אלס צענטער פון השכלה האט ווילנע אריבערגעשטיגען אדעס, ווארים ניט דרום־רוסלאנד, וואו די חסידישע צדיקים האבען בא־הערשט די אידישע מאסען, איז געווען דער פלאץ פאר דער השכלה צו וואקסען און זיך צו צושפרייטען. דער פלאץ פאר דעם איז געווען ליטע, וואו די רעליגיעזע אידישע פאנטאזיע האט נאך ניט געהאט אינ־גאנצען דערשטיקט דעם אידישען קלארען שכל.

און אז ביים סוף נייצעהנטען יאהרהונדערט האט זיך אנגע־הויבען ביי אידען אן ארבייטער־באוועגונג, איז ווידער ווילנע געווען דער צענטער. דארטען איז אין יאהר 1897 אפגעהאלטען געווארען די ערשטע (געהיימע) קאנפערענץ פון „בונד”.

# אַ לעגענדע וועגען דער שטאָט ווילנע*)

איבערזעצט פון רוסיש פון **יעפים ישורין.**

דער ליטווישער קניאַז יאַגעלאָ זייענדיג איין מאָל אויף יאַגד, ארומגערינגעלט מיט זיין סוויטע, האָט זיך אָפּגעשטעלט באוואונדערען דעם געגענד וואו עס פאַלט אריין די ווילייע אין דעם טייך ווילייקע.

— איך וויל דאָ אויפבויען אַ שטאָדט, — האָט געזאָגט דער קניאַז, — נאָר איך וואָלט וועלען וויסען, צי וועט די שטאָדט זיין גוט און מזל׳דיג אויף דיזען פּלאַץ?

האָט מען געפרעגט די גלחים און זיי האָבען ערקלערט דעם קניאַז דעם ווילען פון די געטער.

— די שטאָדט וועט זיין באריהמט און מזל׳דיג, אויב די שטאָדט־וואַנט וועט געלעגט ווערען אויף אַ אינגעלע, אַן איין־איינ־ציגען זוהן, אַ לעבעדיג באגראָבענעם, וועמען זיין מוטער וועט פריי־וויליג מקריב זיין פאַר אָט דעם צוועק.

— גוט, — האָט געזאָגט יאַגעלאָ, — לאָזט ארויס אַ רוף איבער דער גאַנצער מדינה.

עס איז פארלאָפען אַ היבשע צייט אין אומזיסטע זוכענישען פון אַזאַ מוטער. ענדליך, ערגעץ אויפ׳ן ברעג פון דער מדינה, האָט זיך געפונען אַ פרוי, וועלכע האָט באשלאָסען פאַר אַזאַ וויכטיגען צוועק אויסצופיהרען דעם באשלוס פון די געטער און שענקען איהר איין־איינציגען זוהן. עס איז באשטימט געוואָרען אַ יום־טוב פאַר דעם טאָג, ווען עס וועט געלעגט ווערען דער ווינקעל־שטיין פון דער שטאָדט; עס האָבען זיך צונויפגעקליבען די באריהמטסטע לייט פון דער מדינה און איבערהויפּט גרויסע מאַסען מענשען; די גלחים האָבען געבראַכט דעם אינגעלע, באַפּוצט מיט בלומען. אין דעם מאָמענט, ווען מען האָט איהם געדאַרפט אומברענגען אַלס קרבן צו די געטער, האָט זיך דער אינגעלע געווענדעט צום קניאַז מיט די פאָלגענדע ווערטער:

— קניאַז, איך גלויב ניט, אַז דאָס איז דער ווילען פון די געטער.

דער אינגעלע איז געוועזען קלוג פאַר זיינע יאָהרען.

— וואָס הייסט, דו גלויבסט ניט? דעם ווילען פון די געטער האָבען דאָך ערקלערט די גלחים, — האָט יאַגעלאָ געפרעגט.

---

*) Н. Самойло, Русская Старина, Апрѣль, 1895 г.

— די גלחים האָבען ניט פאַרשטאַנען דעם ווילען פון די געט־ער, — האָט דאָס אינגעלע געזאָגט. — ערלויב מיר, קניאַז, שטעלען די גלחים דריי פראַגען; אויב זיי וועלען אויף זיי קענען ענטפערען, דאַן וועל איך גלויבען, און . . . זאָל געשעהן דער ווילען פון די געטער.

דער קניאַז האָט איינגעשטימט, און דאָס אינגעלע האָט געפרעגט די פאָלגענדע דריי פראַגען: וואָס איז די לייכטסטע זאַך אויף דער וועלט? וואָס איז די זיסטע זאַך אויף דער וועלט? און וואָס איז די הארטסטע זאַך אויף דער וועלט?

די גלחים האָבען אַ טראַכט געטאָן און ענדליך געענטפערט:

— לייכטער פון אַלץ אויף דער וועלט איז פוך; זיסער פון אַלץ איז האָניג, און הארטער פון אַלץ אויף דער וועלט איז — שטיין.

די גלחים האָבען מיט פייערליכקייט און זעלבסט־צופרידענהייט אַ קוק געטאָן אויף די ארומיגע. דאָס אינגעלע איז געשטאַנען מיט אַן ארונטערגעלאָזענעם קאָפּ. אַלע בייוועזענדע האָבען באַטראַכט אַז די קינדערשע פראַגען זיינען געהעריג פאַרענטפערט געוואָרען. אַ שטילקייט האָט געהערשט.

— נו, וואָס וועסטו איצט זאָגען? — האָט דער קניאַז געפרעגט דעם אינגעלע.

— ניין, — האָט געענטפערט דאָס אינגעלע, — די גלחים האָבען אויף מיינע פראַגען ניט ריכטיג געענטפערט, און דעם ווילען פון די געטער אויך ניט פאַרשטאַנען. לייכטער פון אַלץ אויף דער וועלט איז אַ קינד אויף די הענט פון איהר מוטער; זיסער פון אַלץ — דער מוטער'ס מילך; און הארטער פון אַלץ — דאָס הארץ פון מיין מוטער, וועלכע איז מקריב איהר איין־איינציגען זוהן.

דער גאַנצער עולם האָט באַוואונדערט די קלוגשאַפט פון אינ־געלע, און דער קניאַז האָט זיך איבערצייגט, אַז די גלחים האָבען ניט ריכטיג פאַרשטאַנען דעם ווילען פון די געטער. די גלחים האָבען דאַן, אום צו ראַטעווען זייער רעפּוטאַציע, ערקלערט, דאָס זיי האָבען געמאַכט אַ טעות: ניט אַ אינגעלע דאַרף מען מקריב זיין, נאָר אַ מיידעלע (זיי האָבען גערעכענט, אַז אַ מיידעלע וועט זיין נארישער).

האָט מען נאָך אַ מאָל ארויסגעלאָזען אַ רוף. נאָכדעם ווי עס איז אוועק אַ געוויסע צייט האָט מען געפונען אַ מיידעלע. עס איז ווידער באַשטימט געווארען אַ יום־טוב, און מען האָט געבראַכט דעם אויסגעקליבענעם קרבן, באַפּוצט מיט בלומען. עס איז באַ־שטימט געוואָרען — דאָס מיידעלע באַפּוצט מיט בלומען און מיט אַ בוקעט אין האַנט זאָל אוועקגעשטעלט ווערען לעבען דעם ברעג פון אָפּגרונט, און פון אויבען זאָל מען אויף איהר ארונטערוואַרפען אַ גרויסען שטיין, וועלכער האָט געזאָלט ביים ארונטערפאַלען צושמע־

טערען און באַגראָבען דאָס מיידעלע אונטער זיך. און עס האָט פּאַסירט אַ נס: אַרונטערפאַלענדיג האָט דער שטיין מיטגעשלעפּט מיט זיך אין גרוב אריין נאָך דעם בוקעט בלומען, וועלכען ער האָט אַרויסגעריסען פון די הענט פון דער אומגליקליכער.

אין דעם מאָמענט ווען דער שטיין איז געפאַלען, האָבען אַלע אָנוועזענדע צוגעמאַכט די אויגען פאַר שוידער. עס איז פאַרלאָפען אַ מאָמענט, אַלע האָבען אַ קוק געטאָן אויף דעם פּלאַץ וואו דאָס מיידעלע איז געשטאַנען — און האָבען זי דערזעהן אין אומבאַשעדיגטע. אין אָט דעם נס האָבען אַלע דערזעהן דעם אמת'ן ווילען פון די געטער און האָבען זיך דערפרעהט. אויף אַזאַ אופן איז די שטאָדט אויפגעבויט געוואָרען אויף בלומען און מען האָט עס אַ נאָמען געגעבען נאָך דעם נאָמען פון דעם טייך — ווילנע.

(פאַרשריבען געוואָרען אין מאָנאַט מאַי, 1870, לויט דער דערצעהלונג פון אַן אַלטען פריץ אין דער שטעטעל סמאָרגאָן, ווילנער גובערניע, און איבערגעגעבען דורך נ. סאַמאָילאָ).




דער ווילנער שלאָסבאַרג.

**ש. ל. ציטראָן.**

# די געשיכטע פון דער אידישער געמיינדע אין ווילנע.

## א) אונטער דער פוילישער הערשאַפט.



ווילנע איז איינע פון די עלטסטע אידישע קהלות און שוין העכער פון 400 יאָהר, אז זי שפּילט זעהר א באַדייטענדע ראָלע אין דער געשיכטע פון די מזרח־אייראָפּעאישע אידען אלס גרויסער און וויכטיגער קולטורעלער און רעליגיעזער צענטער.

לויט פאַרשידענע געשיכטליכע קוועלען, אידישע און נים אידישע, זיינען שוין אידען געווען אין ווילנע נאָך א סך פריהער, אָבער נים אלס שטענדיגע איינוואוינער, נאָר אלס אַנגעפאָהרענע סוחרים פון אנדערע ערטער אויף דער צייט פון די גרויסע יריד'ן. די צאָל פון די דאָזיגע אורחים פלעגט צייטענווייז דערגרייכען ביז א פּאָר טויזענט, וועלכע פלעגען זיך פאַרנאַנדערטיילען אין קליינע רעליגיעזע קבוצים, איטליכער מיט זיינע באַזונדערע כלי־קודש. ווי עס ווייזט זיך ארויס פון אן אלטען חברה־קדישא פנקס, איז דער ערשטער ווילנער אידישער בית־עלמין אויף יענער זייט ווילי׳ע אנטקעגען שלאָס־בארג געגרינדעט געוואָרען אין יאָהר 1487 (רמ״ז). לויט דעם דאַרף מען אָננעמען פאַר געוויס, אז פון יענער צייט אָן האָבען זיך אידען אָנגעהויבען ביסלעכווייז צו באַזעצען אין ווילנע.

נים אזוי לייכט איז אָבער אידען אָנגעקומען צו באַזעצען זיך אין ווילנע. נים איינמאָל האָבען די קריסטליכע ווילנער מעשצאַנעס גע׳פּועל׳ט ביי די פוילישע קעניגען, אז מ׳זאָל אידען לגמרי נים אריינלאָזען וואוינען אין ווילנע, אָדער אז מען זאָל באַגרעניצען אויף ווי וויים מעגליך זייער וואוינרעכט. ווען נים ווען פלעגען געצעהלטע אידען זוכה זיין באַקומען די פּריווילעגיע צו באַזעצען זיך אין ווילנע. די ביסעל אידען, וועלכע האָבען זיך דורך פאַרשידענע מיטלען אריינגעקראָגען קיין ווילנע, האָבען קיין רעכט נים געהאַט צו פיהרען געשעפטען אָפען אויף זייער נאָמען, און האָבען אויך נים געטאָרט בויען קיין שולען צום דאַווענען. ערשט אין 1573 (של״ג) האָבען

ווילנער אידען באקומען די ערלויבניש אָנצוהויבען בויען די גרויסע שול. סוף 16טען יאָהרהונדערט איז די אידישע באפעלקערונג אין ווילנע אויף אזוי פיל צוגעוואקסען, דאָס פון דעמאָלט אָן האָט מען אָנגעהויבען אָנצורופען ספּעציעל אויף זייער נאָמען איינע פון די שטאָט־גאסען: די „אידישע”. אין 20 יאָהר ארום (מאי, 1592) איז דער המון אין א חגא־טאָג אָנגעפאלען אויף דעם אידישען קוואר־טאל און האָט חרוב־געמאכט די גרויסע שול מיט די אידישע קראָמען.

פריי באזעצען זיך אין ווילנע האָבען אידען אָנגעהויבען ערשט פון יאָהר 1598 אָן אונטער דער רעגירונג פון זיגיסמונד דעם דריי־טען, וועלכער האָט זיי געגעבען געוויסע פּריווילעגיעס. דער דאָזיגער קעניג האָט ערלויבט אידען צום ערשטען מאָל ניט נאָר דינגען דירות ביי פּוילישע שליאכטיטשעס, נאָר אפילו אָפּצוקויפען ביי זיי זייערע הייזער. אין זיינע צייטען האָבען אידען פריי געהאנדעלט און אויס־געבויט פאר זיך שולען און בתי־מדרשים לויט זייער באדערפעניש. דעמאָלט האָט זיך איבערגעבויט די גרויסע שול לויט דעם מוסטער פון די מיטעלאלטערליכע שולען אין מערב־אייראָפּע, ווי מיר זעהען איהר היינטיגען טאָג. די פּוילישע שטאָט־פיהרער זיינען זעהר שטארק ניט צופרידען געווען פון די דאָזיגע אידישע פּריווילעגיעס, און האָבען אָנגעטאָן אידען כל מיני רשעות, געזוכט מיט אלע מעג־ליכקייטען צו פארצאמען פאר זיי די וועגען צו פארשידענע פּרנסות און שווער צו מאכען זיי דאָס לעבען בכלל. דאָס פלעגט אָפט צווינ־גען די אידען צו באקלאָגען זיך פאר'ן קעניג, וועלכער האָט זיך כמעט תמיד פאר זיי אָנגענומען.

אין דער מלוכה־צייט פון דעם קעניג וולאדיסלאוו דעם פערטען האָבען זיך אידען משתדל געווען און האָבען באקומען פון איהם אָן אויספיהרליכען דעקרעט וועגען זייערע רעכט און פּריווילעגיעס. לויט דעם דאָזיגען דעקרעט, וועלכער איז באשטעטיגט געוואָרען דעם 19טען פעברואר, 1633, האָבען ווילנער אידען באקומען די ערלויבניש צו בויען שולען, צו עפענען בית־עלמין'ס, צו האָבען אייגענע יאטקעס און א מרחץ, וועלכען זיי מעגען הייצען ווען זיי ווילען, און אן איי־גענעם בית־דין פון רבנים. ווייטער איז אידען ערלויבט געווא־רען צו עפענען קראָמען פון דראפּ, זיידענס, טערקישע דיוואנעס, פון פארשידענע באקאליי־סחורות צו פארקויפען לאחדים און אגולנע; צו פארקויפען און צו קויפען גאָלד, זילבער און צירונג; באשעפ־טיגען זיך מיט מלאכות און באזונדערס מיט די, פאר וועלכע עס איז ניטאָ אין ווילנע קיין צעכען; צו מאכען, צו האלטען און צו פארקויפען אלערליי משקאות; צו קויפען בהמות אויף שחיטה; אויך האָבען אידען באקומען דאָס רעכט צו באנוצען זיך מיט דער שטאָ־

טישער וואַג און מיט די שטאָטישע ברונעמס פאַר דעם זעלבען געצאָלט, וואָס אנדערע.

פון דער אנדערער זייט האָט אָבער דער דאָזיגער דעקרעט איבערגעלאָזען עטליכע באַגרענצונגען בנוגע צום אידישען וואוינרעכט. פאַר אידען זיינען אויסגעטיילט געוואָרען נאָר עטליכע גאַסען, וואו זיי האָבען געמאָגט וואוינען; איןביידע זייטען אידישע גאַס פון טיטשע ביז ראָג גלעזער־גאַס, און אויך די הייזער, וועלכע געפינען זיך הינטער דער אידישער גאַס אנטקעגען די קריסטליכע פלייש־קראָמען (ד. ה. איין זייט פון יאַטקאָווער גאַס) און אין ביידע זייטען פון ניקאָלאַיעווער גאַס (ניטקע טויבעס זאַוואַליק) ביז צום ניקאָלאַי־קלויסטער. אויף טיטשע גאַס האָבען אידען געמאָגט וואוינען נאָר אין געוויסע טיילען פון די הויפען, און האָבען ניט געהאַט דאָס רעכט צו האַקען פענסטער צום גאַס. אויף דעם אופן האָט זיך לויט'ן דעקרעט פונ'ם קעניג וולאַדיסלאַוו געבילדעט צום ערשטען מאָל אין ווילנע אַ אידישע „געטאָ”. כדי אידען זאָלען האָבען די מעגליכקייט אריבערצוקלייבען זיך אין געטאָ, און קריסטען, וועלכע האָבען הייזער אין יענע גאַסען, זאָלען זיי קאָנען אָפּלאָזען צו אידען, האָט מען אויף דעם באַשטימט אַ טערמין פון 15 יאָהר (ביז 1648). חוץ דעם איז אידען פאַרבאָטען געוואָרען לויט דעם דערמאָנטען דעקרעט צו נייהען פאַר קריסטען און הייצען פאַר זיי די באָד. אידען בעלי־בתים פון הייזער האָבען געדאַרפט צאָהלען שטאָטישע נאָלאָגען און קאָפּ־שטייער באַזונדער. די ווילנער מעשטשאַנעס און שליאַכטישעס פלעגען גאַנץ אָפט פּראָטעסטירען אויך געגען דאָס ביסעלע רעכט, וואָס אידען האָבען געהאַט. באַזונדערס האָבען זיי געקעמפט געגען דעם אידישען מסחר, אין וועלכען זיי האָבען געזעהן אַ געפעהרליכע קאָנקורענציע פאַר ז י י ע ר האַנדעל. ווייל זיי, די שליאַכטשיטשעס, האָבען אָנגעפיהרט מיט די שטאָט־אינטערעסען, האָט זיך זיי גאַנץ אָפט איינגעגעבען צו פועל'ן ביי דער מאַכט צו באַגרעניצען די אידישע רעכט אויף פאַרשידענע געביטען פון מסחר. ניט אלע מאָל אָבער האָבען זיך אידען געלאָזען דריקען; צייטענווייז פלעגען זיי געגען מאַגיסטראַט פאַרפיהרען גאַנצע משפטים, און פיל מאָל האָבען זיי געוואונען די פּראָצעסען. דאָס פלעגט ארויסרופען ביי די שליאַכטשיטשעס אַ שטאַרקע פאַרביטערונג, און צום סוף איז געקומען די זאַך אזוי ווייט, דאָס זיי האָבען אָנגעהויבען צו שרעקען אידען מיט פּאָגראָמען, און דערנאָך האָבען זיי זייערע סטראַשונקעס מקים געווען בפועל.

דער מאַגיסטראַט האָט שוין געהאַט אזעלכע מענשען, וועלכע פלעגען אין דער שטיל אָנרייצען דעם המון צו פאַרטשעפּען זיך מיט אידען, כדי צו קענען נאָך דעם אָנפאַלען אויף זיי. אזוי האָט אמאָל

פּאַסירט, דאָס נאָך אַ געוויסען משפּט געגען מאַגיסטראַט, וועלכער האָט זיך אויסגעלאָזען לטובת די אידען, איז דער המון באַפאַלען אַ אידי־שע לויה, וואָס איז דורכגעגאַנגען פון אידישע גאַס איבער'ן גרינעם בריק אויף שניפּישאָק, און האָט זיך נאָך איהר אַריינגעריסען אויפ'ן בית־עלמין און אָנגעמאַכט דאָרטען אַ חורבן; האָט מבזה געווען און צובראָכען פיל הילצערנע און שטיינערנע מצבות, בארויבט און געשלאָגען אומ'ברחמנות'דיג אַלע אידען, וואָס האָבען זיך באַטייליגט אין דער לויה. נאָך אַ פיל שטאַרקערער פּאָגראָם איז פאָרגעקומען געגען אידען דעם 5טען מערץ, 1635. אין דעם טאָג האָט זיך צו־זאַמענגעקליבען אַ המון פון מעשטשאַנעס, ארבייטער, בעלי־מלאכות, וואָס געהערען אָן פאַרשידענע צעכען און תלמידים פון יעזואיטישע שולען, און אַלע אינאיינעם זיינען זיי באַפאַלען די גרויסע שול און האָבען דאָרטען אַלץ צורויבט און צובראָכען. מ'האָט אָוועקגערויבט אויך די קהל'שע קאַסע, וועלכע איז געווען פאַרפּאַקט אין קאַס־טענס צוזאַמען מיט פקדונות פון פּריוואַט־מענשען, — אידען און אויך אייניגע קריסטען. דער היזק פון פּאָגראָם האָט אָנגעטראָפען 100,000 גאָלדענע פּוילישע רענדלעך. פון שול האָט מען צוראַבירט אַלע טייערסטע צירונגען, 18 ספרי תורות, וואָס זייערע עץ־חיים'ס זיינען געווען איינגעפאַסט אין בריליאַנטען. חוץ דעם האָט דער המון צוראַבירט אויך עטליכע אידישע וואוינונגען. לויט אַ קעניג־ליכען באַפעהל איז באַשטימט געוואָרען אַ קאָמיסיע אויסצופאָרשען דעם גאַנצען ענין פון פּאָגראָם און די סבות, וועלכע האָבען דערצו געבראַכט. די קאָמיסיע האָט איינגעפונען, אז כדי איינצוהיטען אויף שפּעטער די אידען פון אַזעלכע עקסצעסען, דאַרף מען אויס־בויען טויערען איןביידע עקען פון די אידישע גאַסען. גלייכצייטיג האָט די קאָמיסיע באַשטימט, אַז די אידען זאָלען צוריקנעמען זייערע אַנקלאָגען וועגען פּאָגראָם, און כדי צוריקצוקוקהרען זיי זייער שאָ־דען האָט זי זיי ערלויבט צו עפענען שיינקען אויף געוויסע באַדינ־גונגען. אַזוי האָבען זיך ביסלעכווייז איינגעשטילט די רייבונגען צווישען די אידען מיט די שליאַכטשישעס. ווילנער אידען האָבען זיך גוט געוואוסט צו באַנוצען מיט דער רוהיגער צייט. זיי האָבען שטאַרק ענטוויקעלט דעם מסחר און געהאַט חיונה בשפע. בכלל האָט זיך די ווילנער אידישע קהלה געפונען ביז'ן סוף פון 16טען יאָהר־הונדערט אין אַ בליהענדען צושטאַנד.

אינמיטען פון 17טען יאָהרהונדערט איז אינ'ם מצב פון די וויל־נער אידען פאָרגעקומען אַ גרויסע פאַרענדערונג. זיי האָבען געהאַט צו ליידען פון זעהר שווערע האַנדעלס־קריזיסען, האָבען פאַרלאָרען גרויסע קאַפּיטאַלען און דורך דעם שטאַרק פאַראַרימט געוואָרען. אַנשטאָט דעם, וואָס פריהער פלעגען אידען פאַרלייען געלט צו קרים־

טען, זיינען זיי איצטער געצוואונגען געווען צו מאכען הלואות ביי קריסטען און געבען זיי אין משכון זייערע הייזער און אנדערע אומ־באוועגליכע גיטער. א סך אידישע הייזער, און צווישען זיי אויך קהל'־שע בנינים, זיינען געבליבען פארפאלען אין די הענט פון די קריסט־ליכע קרעדיטארען. נאך פיל שרעקליכער איז געווארען די לאגע פון ווילנער אידען דורך דעם חורבן, וואס דער קאזאקען־אנפיהרער כמעלניצקי האט אין יענער צייט געמאכט אין א סך אידישע קהלות. דער דאזיגער חורבן האט רואינירט א סך אידישע סוחרים אין ווילנע, וועלכע זיינען געשטאנען אין האנדעלס־פארבינדונגען מיט די חרוב־געווארענע קהלות. אין יאהר 1655, בשעת צו הילף די קאזאקען זיינען נאך געקומען די חילות פונ'ם רוסישען קיסר אלעקסיי מי־כאילאוויטש און זיינען אינאיינעם צוגעגאנגען צו ווילנע, זיינען כמעט אלע אידען אנטלאפען געווארען פון שטאט, לאזענדיג אויף הפקר זייער גאנצען פארמעגען. די, וואס האבען ניט באוויזען צו אנט־לויפען, זיינען אומגעקומען. די קאזאקען האבען אונטערגעצונדען די שטאט פון אלע פיר זייטען און די שרפה האט געדויערט 17 טעג נאכאנאנד. אין דער דאזיגער שרפה איז פארברענט געווא־רען דער גאנצער אידישער קווארטאל.*) א טייל פון די אנטלאפענע האבען זיך אויפגעהאלטען אין די נאהענטע וועלדער, אנדערע, צו־זאמען מיט'ן רב, זיינען אוועק קיין זשאמוט, וואו מ'האט אויף זיי ארויפגעלייגט גרויסע נאלאגען. צוריקקעהרענדיג גיך נאך דעם קיין ווילנע, האבען זיי דארטען געהאט אויסצושטעהן פון עפידעמיעס און הונגער. מענשען האבען דער'הרג'עט איינער דעם צווייטען פאר א שטיקעל ברויט, א סך האבען זיך פון יאוש אליין דעם לעבען גע־נומען. ניט קוקענדיג אויפ'ן אלגעמיינעם אומגליק, האבען די וויל־נער מעשטשאנעס מיט די מיטגלידער פונ'ם מאגיסטראט בראש, בא־גריסט דעם קיסר אלעקסיי מיכאילאוויטש צו זיין נצחון, און צוגלייך מיט דעם האבען זיי זיך פאר איהם משתדל געווען, אז ער זאל ארויס־טרייבען די אידען פון ווילנע, ווייל זיי ברייגנען שאדען די קריסטליכע סוחרים און בעלי־מלאכות. אלעקסיי מיכאילאוויטש האט ארויסגע־געבען א דעקרעט דעם ווילנער וואיעוואדע „ארויסצושיקען די זשי־דעם פון ווילנע און געבען זיי אן ארט אונטער'ן שטאט". מ'וויים ניט צי דער דאזיגער באפעהל איז אויסגעפיהרט געווארען, נאר דאס איז א פאקט, אז בעת דער פוילישער גענעראל מיכאיל פאץ האט אין יאהר 1661 איינגענומען די שטאט, האט ער די אידען צוריק־געגעבען זייערע אמאליגע רעכט. פון דאן אן האבען זיך ווידער

---

*) ווי דער היסטאריקער רודאוווסקי דריקט זיך אויס, האט מען „ווילנע אין ווילנע ניט געקענט דערקענען".

אָנגעהויבען סכסוכים צווישען אידען און קריסטען אין ווילנע. באַזונדערס האָבען אידען געליטען פון די פארשידענע צעכען. עטליכע מאָל האָבען די מעשטשאַנעס גע'פועל'ט ביי דער פוילישער מאַכט ארויסצוגעבען באַגרענצונגס-געזעצען געגען אידען. דורך דעם זיינען אידען אראָפּ פון מצב און געוואָרען גרויסע בעלי-חובות. די הויפּט-מלוים זיינען געווען קריסטען, וועלכע האָבען אפילו פאַר חובות פון יחידים פאר'חתמ'עט די אידישע שולען, דעם בית-עלמין און אַנדערע געזעלשאַפטליכע אנשטאַלטען. די אידישע מאַסע האָט זיך נעגען דעם האַרט געשטעלט, זי האָט אָבער גאָרנישט ניט אויסגעפיהרט, ווייל דאָס געריכט האָט געהאַלטען פאַר די קריסטען.

די פּאָליטישע געשעהענישען אינ'ם אָנפאַנג פון 18טען יאָרהונדערט האָבען אויך מיטגעבראַכט פיל צרות פאַר ווילנער אידען. אין יאָהר 1705 איז אריין אין ווילנע דער רוסישער חיל מיט פּיאָטער דעם גרויסען בראש. אין א יאָהר ארום זיינען אריין די שוועדען און האָבען ארויפגעלייגט אויף די איינוואוינער אַן אומגעהויער שווערע קאָנטריבוציע. אין יאָהר 1706 האָט אויסגעבראָכען א שרעקליכע שרפה, עס איז אָפּגעברענט געוואָרען דער גרעסטער טייל שטאָט; צוליב די קריגס-געשעהענישען האָט די גאַנצע געגענד געליטען צוויי יאָהר נאָכאַנאַנד (1709-1710) פון זעהר א שווערען הונגער; אין ווילנע אַליין זיינען דעמאָלט אויסגעשטאָרבען פון הונגער אַן ערך 34 טויזענט איינוואוינער, און פון זיי ארום א 4 טויזענט אידען. אין 1715 איז פאָרגעקומען אין ווילנע א נייע שרפה. אָט די אַלע געשעהענישען צוזאמען האָבען נאָך ערגער געמאַכט די לאַגע פון ווילנער אידען. אין א יאָהר 5 ארום (1720) איז זיי אביסעל לייכטער געוואָרען. דער פוילישער קעניג אווגוסט דער צווייטער, האָט גאָר אויף דאָס ניי באַשטעטיגט אַלע אַמאָליגע אידישע פּריווילעגיעס. אָבער אין 1738 איז געוואָרען קעניג אווגוסט דער דריטער, און ער האָט באַלד ערפילט די השתדלות פון די ווילנער מעשטשאַנעס צו באַגרענצען די האַנדעלס-רעכט פון די אידען. דורך דעם איז די אידישע ווירטשאַפטליכע און סאָציאַלע לאַגע געוואָרען אונטערטרעגליך. אין א פּנקס פון דער חברה „נר-תמיד", וועלכער שטאַמט פון יענער צייט, ווערט געשילדערט דער דאַמאָלסדיגער מצב פון דער אידישער ווילנער קהלה מיט די פאָלגענדע ווערטער: „די בעלי-חובות ווילען ביי אונז צונעמען אונזער גרויסע שול, און וויפיל נדבות מיר האָבען צווישען זיך צוזאַמענגעקליבען, וויפיל זעלבסט-באַשטייערונגען און אַנדערע אָפּצאָלונגען מיר האָבען ביי אונז איינגעפיהרט, איז דאָס אַלץ ניט גענוג צו דעקען די חובות. ס'איז געקומען אזוי ווייט, דאָס אין יאָהר 1733 האָבען מיר געמוזט פאַר-

זעצען די מנורה, וועלכע די גבאים האָבען ניט געקענט אויסקויפען ביז 1746".

די אָפטע אָנפאַלען מצד דעם מאַגיסטראַט האָבען געצוואונגען די ווילנער קהלה אליין אונטערצושרייבען א דאָקומענט, אין וועלכען עס ווערט באַגרעניצט די אידישע האנדעלס רעכט; אידען האָבען זיך מתחייב געווען ארייננצוטראָגען יעהרליך 600 גאָלדענע רענדלעך, מען האָט ביי זיי צוגענומען דאָס רעכט אַרויסצוטראָגען פון שטוב סחורות צו פארקויפען, עפענען קראָמען צום גאַס און צו מאַכען נייע קראָמען בכלל, חוץ קליינע שפייז-קרעמלעך, צו וואוינען אויסער דעם אידישען קוואַרטאַל און צו האָבען אייגענע וואָגען פאר שווערע סחורות. פרעמדע אידען, וואס זיינען געקומען פון אנדערע שטעט, האָבען געהאַט דאָס רעכט צו האַנדלען נאָר אַגולנע. קהל האָט זיך אויך געמוזט מתחייב זיין מחרים צו זיין אָדער צו באַשטראָפען אויף אן אנדער אופן יעדען אידען, וועלכער וועט ניט אָפּהיטען די אַלע געזעצען, און דער מאַגיסטראַט האָט גענומען אויף זיך אויסצופיהרען די שטראָפען בפועל. חוץ אַלע זאַכען האָט זיך קהל געמוזט אָפּזאָגען פון אַלע פריהערדיגע פּריווילעגיעס, וועלכע ווילנער אידען האָבען ווען עס איז געהאַט, און פון יעטווידער רעכט צו באַקלאָגען זיך אויפ'ן מאַגיסטראַט. דערפאר האָט זיך דער מאַגיסטראַט מתחייב געווען אָפּצוהיטען אידען פון כל מיני עקסצעסען מצד די קריסטען. ווילנער אידען האָבען זיך דערפון געפיהלט זעהר באַליידיגט און געקרענקט, און איינער פון די שטאָטישע בעלי-תורה, וועלכער איז געווען דער קהל'שער שרייבער און נאָטאַריוס און דערצו אויך זעהר רייך (יהודה בן אליעזר האָט ער געהייסען און איז פּאָפּולער געווען ביים פאָלק מיט'ן נאָמען „יסוד"; — יהודה ספרא ודיינא) האָט אָנגעווענדט פיל קרעפטען און האָט זיך געלאָזט קאָסטען א סך געלט מבטל צו מאַכען דעם דאָזיגען אָפּמאַך און אויסווירקען ביים קעניג נייע פּרי-ווילעגיעס. עטליכע טעג פאר פורים, אין יאָהר 1747, האָט די ווילנער אידישע קהלה באַקומען א בשורה פון ווארשע, אז דער קעניג האָט גענומען אין אַכט איהר השתדלות און קעהרט אידען אום צוריק זייערע אַמאָליגע פּריווילעגיעס. דורך דעם דאָזיגען קעניגליכען דעקרעט זיינען ווילנער אידען אונאָפּהענגיג געוואָרען פונ'ם ווילנער מאַגיסטראַט און פון זיינע פאַראָרדנונגען, און זיינען געוואָרען אונטערוואָרפען נאָר דעם קעניגליכען בית-דין. אין 1748-1749 האָבען אויסגעבראָכען אין ווילנע גרויסע שרפות. עס האָבען דעמאָלט אָפּגעברענט צוויי געמויערטע שולען, איין בית-מדרש, דער אידישער מרחץ און די גרויסע ביבליאָטעק.

נאָך דעם ווי פּוילען איז א צווייטען מאָל צוטיילט געוואָרען צווישען די גרויסע שכנ'ישע מלוכות, זיינען די שליאַכטיטשעס באַזונ-

דערם שלעכט געווארען צו אידען. דאָס מאָל האָבען זיי געהאַט א טענה צו אידען פארוואָס זיי האָבען קיין אנטייל ניט גענומען אינ'ם אויפשטאַנד געגען די רוסען. די שליאַכטיטשעס האָבען שוין גע־האַט צוגעגרייט אַ פּאָגראָם אויף אידען, אינמיטען זיינען אָבער די רוסען אריין אין ווילנע. דאָס איז געווען דעם 24טען יולי, 1794. פון יענעם טאָג אָן האָט אויפגעהערט די פּוילישע הערשאַפט איבער ווילנע און די שטאָט איז אריבער אונטער דער שליטה פון רוסלאַנד.

## ב) אונטער דער רוסישער הערשאַפט.

דער אריינגאַנג פון די רוסען אין ווילנע האָט אידען באַלד גע־קאָסט קרבנות. יענעם טאָג זיינען דער'הרג'עט געווארען אויף זאַ־רעטשיע אַ סך אידען און עטליכע צעהנדליג זיינען אומגעקומען הינטער'ן שטאָט. וועלכע גוטע האָפנונגען אידען האָבען געלייגט אויף דעם, וואָס ווילנע איז איבערגעגאַנגען אין רוסישע הענד, — זעהט מען ארויס פון דער תקנה, וואָס עס איז אָנגענומען געווארען צו מאכען דעם טאָג ט"ז אָב (30 יולי) פאַר אַ שטענדיגען אידישען יום־טוב, צו באַלויכטען יענעם טאָג די שולען און די בתי־מדרשים מיט לאָמפּען און צו זאָגען געוויסע קאַפּיטלעך תהלים און פאַרשידענע צו־געפּאַסטע דאַנק־תפלות.

אין יאַנואר, 1795, האָבען זיך אידען געווענדעט צום נאַמעסט־ניק, גענעראַל פונ'ם רוסישען מיליטער, פירשט רעפּנין, מיט אַ בקשה, אַז ער זאָל זיי מאַכען יורידיש אָפּהענגיג פון די שטאָטישע און זעמסקע געריכטען, און ניט פון מאַגיסטראַט, און זאָל זיי באַפרייען פון צאָהלען נאַלאָגען פאַר שיינקען און קראָמען, ווייל אין דער צייט פון דער פּוילישער רעוואָלוציע זיינען זיי זעהר פאַראָרימט געווארען. אויף דעם איז אַרויס די פאָלגענדע רעזאָלוציע: צו לאָזען אידען די זעלבע רעכט, ווי פאַר'ן לעצטען אויפשטאַנד, אָבער ניט צו באַפרייען זיי פון פּאָדאַטקעס, ווייל דאָס איז דער חוב פון אַלע איינוואוינער.

די באַזונדערע געזעצען, וועלכע די רעגירונג האָט ארויסגעגע־בען וועגען אידען אין יאהר 1804, האָבען קנאַפּ וואָס אומגעענדערט דאָס לעבען פון די ווילנער אידען. די איינציגע נייעס, וואָס עס איז דעמאָלט אויפגעטאָן געווארען איז געווען דאָס, וואס אידען האָבען באַקומען די ערלויבניש צו באַזוכען דעם מעדיצינישען פאַקולטעט אין ווילנער אוניווערזיטעט, וועלכער איז פאַר זיי ביז אַהער געווען פארמאַכט. די ערשטע אידען, וואָס האָבען דאָרטען געענדיגט דעם גאַנצען קורס פון מעדיצין, זיינען געווען יוסף ראָזענסאָן, י. קושע־לעווסקי און יוסף זייבערלינג. די גוטע באַציהונג פון דער רוסישער רעגירונג צו די ווילנער אידען האָט זיך אויסגעדריקט אויך אין פאָל־גענדען: אין יאהר 1796 האָבען די גבאים פון בקור־חולים דער־

לאַנגט אַ בקשה אַז מ׳זאָל באַפרייען פון נאָלאָג די צוויי הייזער, וואָס זיי האָבען געקויפט פאַר אַ שפּיטאָל, און די דאָזיגע בקשה איז תיכף ערפילט געוואָרען. נאָך דעם, בשעת מ׳האָט אין יאָהר 1805 אָנגעהויבען בויען דעם נייעם (איצטיגען) שפּיטאָל, האָט דער קיסר אַלעקסאַנדער דער ערשטער מנדב געווען אויפ׳ן בנין 3,000 רובעל, און דעם צווייטען יאָהר איז אַרויס אַ פאַראָרדנונג צו געבען יעהר־ליך פון קאַזנאַ 2,500 רובעל אויף די הצטרכות פון שפּיטאָל.

פיל האָט די אידישע מאַסע אין ווילנע געליטען פון די פראַנ־צויזען אין יאָהר 1812. אויסער וואָס די פראַנצויזישע חילות האָבען חרוב געמאַכט אַ סך אידישע הייזער, האָבען זיי געמאַכט אַ תל פון בית־עלמין, אויף וועלכען זיי האָבען געהאַלטען גרויסע סטאַ־דעס בהמות פאַר זייער מיליטער, און צוליב דעם האָבען זיי רואי־נירט די קברים, צובראָכען און איבערגעפיהרט טויזענטער מצבות.

צוויי גזרות, וועלכע זיינען נוגע ספּעציעל ווילנער אידען, האָבען די רוסען איבערגענומען בירושה פון די פּאָליאַקען: איינע וועגען וואוינרעכט און די צווייטע וועגען אנטייל אין דער שטאָטישער זעלבסט־פארוואַלטונג. אידען האָבען ניט געטאָרט וואוינען אין די דאָזיגע צוויי גאַסען: 1) די גאַס, וואָס געהט פון אָסטער־בראָם ביז׳ן קאַפּעד־ראַלני סאָבאָר; 2) און אין דער גאַס פון טראָאיצקי בראָם ביז צום קלויסטער פונ׳ם הייליגען יאָהאַן. דעם 8טען מאַי, 1811, האָט דער סענאַט באַשטעטיגט דעם דאָזיגען פאַרבאָט. אידען, וועלכע האָבען געהאַט פון פריהער הייזער אויף די דאָזיגע פאַרבאָטענע גאַסען, האָבען זיי געמוזט פאַרקויפען. פיל מאָל האָבען אידען אליין, און אויך פאַרשידענע הויכע מיליטער־און ציוויל בעאַמטע, זיך משתדל געווען פאַר דער רעגירונג מבטל צו מאַכען די גזרה; קיין השתדלות האָט אָבער ניט געהאָלפען. ערשט אין אָנהייב פון די 60־ער יאָהרען האָ־בען עטליכע פון די ווילנער חשוב׳ע סוחרים דערלאַנגט דעם דאַ־מאַלסדיגען גענעראַל־גובערנאַטאָר נאַזימאָוו אַ דעקלאַראַציע, אין וועל־כער זיי האָבען איהם אָנגעוויזען אויף וויפיל עס איז נויטיג מבטל צו מאַכען די דאָזיגע באַגרענצונגען. די דעקלאַראַציע האָט געווירקט, און נאַזימאָוו האָט ממליץ געווען אויף דער אידישער השתדלות פאַר׳ן אינער׳ן מיניסטער, מאַכענדיג איהם אויפמערקזאַם, אַז „ווילנער אידען זיינען טריי דער רעגירונג און האָבען קיין אַנטייל ניט גענומען אין די אונרוהען, וועלכע זיינען דאָ פאַרגעקומען". דעם 27טען אָקטאָבער, 1861, איז אידען אַלערהעכסט ערלויבט געוואָרען צו וואוינען אין אַלע ווילנער גאַסען.

בשעת אין יאָהר 1795 זיינען די ליטווישע גובערניעס פאַראייניגט געוואָרען מיט רוסלאַנד, איז ניט פאַרעפענטליכט געוואָרען קיין שום פאַראָרדנונג, אַז מ׳זאָל צולאָזען אידען באַטייליגען זיך אין דער

שטאָטישער זעלבסט־פאַרוואַלטונג, בעת אין אַנדערע גובערניעס האָ־
בען אידען יאָ געהאַט דערצו דאָס רעכט. נאָך אין יאָהר 1802 איז
אין ווילנע אָנגעקומען אַ באַפעהל פון סענאַט וועגען אויסקלייבען
אידען אין תחום־המושב אויף שטאָטישע שטעלעס. אויף דעם
סמך האָט דער מיליטער־גובערנאַטאָר בעניגסען פאַראָרדענט צו מאַ־
כען וואַהלען, און דער אינערן־מיניסטער האָט אויף דעם געגעבען
זיין הסכם. דער דאָזיגער באַפעהל האָט אַרויסגערופען צווישען די
ווילנער קריסטען אַ שטאַרקע אויפרעגונג, און מיט׳ן גאַלאָוואַ פון
שטאָט בראש האָבען זיי זיך דעם 1טען פעוראַל, 1803, געווענדעט
צום קיסר מיט אַ השתדלות מבטל צו מאַכען די וואַהלען. די
השתדלות פון די קריסטען איז דערפילט געוואָרען, און די ליטווישע
אידען האָבען פאַרלאָרען די וואַהל־רעכט. אין 1816 האָט דער גו־
בערנאַטאָר רימסקי־קאָרסאַקאָוו אַרויסגעגעבען אַ פאַראָרדנונג צו דער
גובערנסקע פּראַוולעניע צוצולאָזען אידען אין ווילנער דומע, און אין
1817 זיינען אויסגעקליבען געוואָרען צוויי אידישע גלאַסנעס. דער־
מאָלט האָבען זיך די איבעריגע 7 גלאַסנעס פון דומע אָפּגעזאָגט צו
אַרבייטען אינאיינעם מיט די אידען און דערפאַר האָט זיי דער גו־
בערנאַטאָר איבערגעגעבען צום קרימינאַל־געריכט. אידען זיינען גע־
בליבען אין ווילנער דומע ביז 1820. נאָכדעם ווי די ווילנער קריס־
טען האָבען זיך אויף דעם באַקלאָגט, האָט דער סענאַט בעשלאָסען
מבטל צו מאַכען די אידישע וואַהלען אין ווילנע, באַמערקענדיג, אַז
„זייער זיצען אין ווילנער דומע איז ניט אָנשטענדיג, ווייל אויפ׳ן
טיש געפינט זיך דאָרטען דאָס בילד פונ׳ם געקרייציגטען קריסטוס,
צו וועלכען אידען באַציהען זיך ניט מיט עהרען־געפיהל“.

דעם 1טען אַפּריל, 1821, האָט דער מיניסטאָרען־קאָמיטעט גע־
געבען זיין הסכם צו דער מיינונג פון סענאַט. רימסקי־קאָרסאַקאָוו
האָט דעמאָלט פאַרטיידיגט די אידישע אינטערעסען און האָט אָנגע־
וויזען, אַז די דומע פיהרט אָן מיט דער שטאָטישער ווירטשאַפט, און
אַז פון אידען האָט די שטאָט מעהר הכנסה, ווי פון די קריסטען.
דער מיניסטאָרען־קאָמיטעט איז אָבער געבליבען ביי זיין פריהערדי־
גער מיינונג. דאַן האָט זיך דער קיסר אַליין, אַלעקסאַנדער דער 1טער,
פאַראינטערעסירט מיט דער פראַגע, און ער האָט פאָרגעלייגט דעם
נאַסלעדניק אַרויסצוזאָגען זיין מיינונג וועגען דעם. קאָנסטאַנטין פּאַוו־
לאָוויטש האָט חוקר ודורש געווען דעם ענין און האָט געפונען פאַר
ריכטיג די מיינונג פון רימסקי־קאָרסאַקאָוו. אָבער מיט דעם האָט
זיך נאָך די זאַך ניט פאַרענדיגט, און די פראַגע איז פאַרבליבען אונ־
פאַרענטפערט, ביז עס איז דעם 27טען מאַי, 1836, אַרויס אַ געזעץ,
אַז אין ווילנע, אַלס אַן אויסנאַם, דאַרפען אידען בשום אופן ניט צו־
געלאָזען ווערען צו שטאָטישע שטעלעס.

## ג) דער קהל.

לויט די פוילישע געזעצען זיינען אידען באטראכט געווארען אלס אן אפגעזונדערט, פאר זיך לעבענדען פאלק אין מיטען פון דער היימישער באפעלקערונג. אין פוילען האבען אידען גענאסען אווי־טאנאמע רעכט בנוגע די עניננים פון זייער אינערען לעבען. די גאנצע אנפיהרונג מיט אלע רעליגיעזע אנגעלעגענהייטען, מיט אלע חברות, מיט די פארשידענע צדקות, מיט ארויפלייגען אויף דער אי־דישער באפעלקערונג, — לויט א געוויסער אפשאצונג, — אלערליי ארטיגע אפצאהלונגען און שטייערען און מיט׳ן אויפמאנען זיי, — דאס אלע איז איבערגעגעבען געווארען נאר אין די הענד פונ׳ם רב מיט די גבאים פון קהל. זיי האבען אויך געהאט צו ענטשיידען אין געלד־פראצעסען, זיי האבען געזאגט די גרעסטע דעה וועגען פארשידע־נע פרנסות און געשעפטען. דער רב מיט זיין בית־דין האבען גע־הערשט איבער דער קהלה אין נאמען פון דער תורה, און די ראשי הקהל האבען אנגעפירט מיט אלע באדערפענישען פון דער געמיינדע, און האבען געהאט די מאכט צו פארווירקליכען אלע זייערע פלענער. דער רב און די גבאים האבען געשטיצט איינער די אנדערע. דער רב האט מיט זיין הסכמה אזוי ווי הייליג געמאכט די תקנות פון די גבאים, און די גבאים האבען צוגעגעבען קראפט דעם רב׳ס גזרות. טאמער האט אימיצער ניט געטאן ווי דער רב צי ווי די גבאים הא־בען געבאטען, האט מען געגען איהם אנגענומען די פאלגענדע מיט־לען: מ׳האט איהם קיין שום כבוד ניט אפגעגעבען, מ׳האט איהם פארבארגענערהייט גע׳רודפ׳ט אין געשעפט־זאכען, און אמאל האט מען אויך אזא מענשען ארייגעלייגט אין חרם. גאנץ אפט פלעגט אבער פאסירען אז די גבאים האבען זיך אויפגעפיהרט ניט יושר׳־דיג, באזונדערס בנוגע אלערליי אפצאהלונגען, און האבען דאס פאלק צופיל געדריקט, און הגם די רבנים זיינען אין אלגעמיין געווען נענויגט צו געבען זייער הסכם צו די מעשים פון קהל, זיינע דאך פארגעקומען אויסנאמען.

אין יאהר 1778 האט אויסגעבראכען אין ווילנע א מחלוקת צווישען די קהל׳שע גבאים מיט׳ן רב, וואס איז באוואוסט מיט׳ן נאמען „דעם רב׳ס קריג.״

דער רב אין ווילנע איז דעמאלט געווען ר׳ שמואל, ר׳ אביגדור דעם וואלקאווישקער רב׳ס זוהן און אן איידעם פון ר׳ יהודה יסו״ר. דער ר׳ שמואל האט ניט געקענט צוזעהן די עולות פון קהל, וועלכער דריקט זעהר דאס פאלק דורך שווערע אפצאהלונגען, און האט גע־נומען זוכען מיטלען געגען די גבאים. פון דעמאלט אן האט זיך אנגעהויבען א קריג צווישען רב מיט די גבאים, און אין שטאט זיי־

נען געוואָרען צדדים: איין צד האָט געהאַלטען מיט'ן רב און דער אַנדערער צד מיט קהל. ביידע צדדים האָבען געפיהרט צווישען זיך זעהר אַ שטאַרקען קאַמף, וואו זיי האָבען נאָר געקענט: אין די קלויזען און בתי־מדרשים, און אויך אין די גאַסען, מ'האָט זיך איינע מיט די אַנדערע געריסען, און אַמאָל האָט מען זיך געשלאָגען אויך. די שטאָטישע רעדעל־פיהרער, וועלכע האָבען געוואָלט פאַרמאַסקירען דעם גאַנצען ענין, האָבען אויסגעקלערט אויף'ן רב, אַז ער איז ניט קיין מתמיד אין לערנען, והראיה, אז נאָך האַלבע נאַכט זעהט מען שוין אין זיין וואוינונג קיין פייער ניט. צו דער רבי'צען האָט מען אויך געהאַט טענות און מען האָט איהר באַשולדיגט, אַז זי איז ניט נוהג כבוד ווי מען דאַרף די גבאי'טעם.

דער קריג איז פאַרגאַנגען אַזוי וויט, אַז מ'האָט זיך גענומען באַנוצען מיט מסירות. צום סוף האָבען זיך אריינגעמישט אין קריג דער ביסקופ מאַסאַלסקי און דער וואָיעוואָדע פירשט ראַדזיוויל. דער ערשטער האָט געהאַלטען פאַר'ן רב און דער צווייטער פאַר קהל. איינער פונ'ם רב'ס צד, ר' שמעון בר' וואָלף, וואָס צוליב אַ פאַלשער מסירה האָט איהם פירשט ראַדזיוויל אַריינגעזעצט געשמידט אין קייטען אין ניעסוויזשער פעסטונג, האָט זיצענדיג אין תפיסה פאַרפאַסט אַ בראָשורע אויף פויליש, אין וועלכער ער האָט אָפגעשילדערט אַלע שלעכטע זייטען פון קהל און אַלע פאַרדאָרבענע מעשים פון די גבאים. אויף דער דאָזיגער בראָשורע האָט מען אויפמערקזאַם געמאַכט דעם קעניג סטאַניסלאַוו אווגוסט, וועלכער האָט, נאָכדעם ווי ער האָט זיך באַקענט מיט די באַציהונגען פון קהל צו דער אידישער באַפעלקערונג, ארויסגעגעבען דעם 30טען יולי, 1786, אַ באַפעל, „אַז די גבאים פון ווילנער קהל זאָלען זיך ניט דערוועגען אַליין, אָדער דורך אַנדערע פערזאָנען, צו טאָן אונגערעכטליכע און געוואַלט־מעשים, ארויסציהען דורך וועלכע עס איז אויסריידען פאַרשידענע אָפּצאָהלונגען, צו רודפ'ן, צו באַפּען, צו שלאָגען און אריינצוזעצען מענשען אין געפענגעניש; אויב זיי וועלען עובר זיין אויף דעם, וועלען זיי שטרענג באַשטראָפט ווערען לויט די מלוכה־געזעצען".

פון דעמאָלט אָן האָט דער אידישער אווטאָנאָמער קהל אויפגעהערט צו עקזיסטירען אין ווילנע און אין גאַנץ ליטע בכלל. מיט דעם צוגלייך איז אויך בטל געוואָרען אין ווילנע די שטעלע פון אַ רב.

אין אַ יאָהר 30 אַרום, בעת ליטע האָט זיך שוין געפונען אונטער דער רוסישער הערשאַפט, האָט זיך אין ווילנע ווידער אויף אַ ווײַלע באַוויזען אַזוי ווי אַ שאָטען פון קהל, אָבער נאָר אין אַן אַנדער פאָרמע. לויט דעם באַפעהל פון אלעקסאַנדער דעם 1טען האָט

זיך אין ווילנע געבילדעט א קאָמיסיע פון אידישע פאָרשטעהער פונ'ם גאנצען תחום־המושב, וועלכע האָבען געדארפט באטראכטען די וויכ־טיגסטע מאטעריעלע און גייסטיגע פראגען פון איגערען אידישען לע־בען. די דאָזיגע קאָמיסיע האָט אויך געדארפט אויסקלייבען א דעפו־טאציע פון דריי מיטגלידער, וואס זאָלען שטענדיג זיצען אין פעטער־בורג אלס פאָרשטעהער פון דער אידישער באפעלקערונג פאר דער רע־גירונג. די ערשטע אסיפה פון דער אידישער פאָרשטעהער־קאָמיסיע איז פאָרגעקומען אין ווילנע אין יאהר 1818 (ב' ער"ח אלול תקע"ח). אין דער דאָזיגער אסיפה איז אויסגעארבייט געווארען א יעהרליכער בודזשעט פון די הוצאות, וועלכע זיינען נויטיג אויף די אויסהאלטונג פון די דריי דעפוטאטען אין פעטערבורג מיט אלע זייערע הצטרכות'ן, און עס איז באשלאָסען געוואָרען, אז די דאָזיגע געלד־סומע, וואָס דארף אנטרעפען אן ערך פון 3660 רענדלעך, זאָל געדעקט ווערען פון די זילבערנע עטרות, וואָס די פארמעגליכע בעלי־בתים באצירען מיט זיי זייערע טליתים און קיטלען. די דאָזיגע פעטערבורגער אידישע דעפוטאציע איז מיט דער צייט אומגעביטען געוואָרען אויף א רבנים־קאָמיסיע, וועלכע איז פארבליבען איינגעפיהרט אין רוסלאנד ביז היינ־טיגען טאָג.

## ד) תורה און השכלה.

פון דייטשלאנד דורך פוילען איז די תורה אריבער קיין ליטע און ווילנע איז געווארען איהר גרעסטער און באדייטענדסטער צענטער. אויף זייער וואנדער־וועג זיינען איניגע פון די באריהמטע גאונים געקומען קיין ווילנע, און מיט דער שטיצע פונ'ם קהל האָבען זיי גע־גרינדעט ישיבות. ווילנער ישיבות, פון וועלכע עס פלעגען ארויס־געהן די גרעסטע רבנים, האָבען גע'שמ'ט אין אלע לענדער, און פון גאנץ ווייט זיינען יונגע לייט אהין געקומען לערנען תורה. נאָך אין 14טען יאָהרהונדערט האָט שוין ווילנע געהאט א גרויסע ישיבה, און פון דעמאָלט אָן האָט דארטען די תורה ניט אויפגעהערט צו בליהען. וואס שווערער עס זיינען געווארען די אויסערליכע לעבענס־באדינ־גונגען פון די ווילנער אידען, האָבען זיי אלץ געזעהן וואס מעהר צו פארשטארקען דעם מצב פון דער תורה, אין וועלכער זיי האָבען געזוכט און געפונען טרייסט אין די ביטערסטע מינוטען. די ליבע צו לערנען תורה האָט אין ווילנע דערגרייכט איהר גרעסטע מדרגה. דער איינציגער כבוד, נאָך וועלכען א ווילנער איד האָט זיך נאָכגעיאָגט, איז געווען צו מאכען די זיהן פאר „לומדים", און די טעכטער אויסגעבען פאר תלמידי־חכמים. אין דער יונגער ווילנער קהלה האָ־בען זיך אויף אמאָל באוויזען א גאנצע רייהע באריהמטע לומדים, וואָס זייערע נעמען זיינען אריבער אין דער געשיכטע, און ווען

דערנאָך, צוליב דעם פינסטערען גורל פון׳ם אידישען פאָלק, איז זיי אויסגעקומען צו נעמען זיך פאר׳ן וואנדער־שטעקען און פארזוכען דעם ביטערען טעם פון גלות־אַפּדיכטען, זיינען כמעט אַלע ווילנער אויס־געוואנדערטע לומדים געוואָרען די פאָלקס־לעהרער אין די גלות־לענדער.

מיר װעלען זיך דאָ לאַנג ניט אָפּשטעלען אויף נעמען. עס איז גענוג צו זאגען, אז פון 1620 ביז 1648, אין אזא קורצער צייט, האָבען מיר העכער פון 40 באריהמטע נעמען און העכער פון 30 חבורים, וועלכע האָבען זיך קונה שם געווען אין דער היסטאָריע. דער ערשטער רב, וואָס איז אונז באוואוסט אין ווילנע, איז ר׳ מאָנוש חיות, וועלכער איז געשטאָרבען אונגעפעהר אין 1636; נאָך איהם טרעטען שוין ארויס: רי משה לימא (מחבר פון „חלקת מחוקק״ אויף׳ן אבן־עזרא), ר׳ אפרים כהן (מחבר פון „שער אפרים״), ר׳ אהרן שמואל קאידענאָווער (מחבר פון „ברכת־הזבח״), ר׳ הלל („בית הלל״ אויף יורה־דעה), רי משה רבקש (דער מחבר פון „באר־הגולה״), און ר׳ שבתי כהן, וועלכער איז מעהר באוואוסט מיט די ראשי־תיבות ש״ך (ד. ה. „שפתי־כהן״), ווי עס רופט זיך זיין פירוש אויף יורה־דעה און חשן משפט. דער דאָזיגער ר׳ שבתי כהן האָט אָנגעשריבען נאָך איינינע באריהמט־געווארענע חבורים; ער האָט גלענצענד באהערשט די העבראישע שפראך און האָט אויך געשריבען שירים. א לאַנגע צייט האָט ער געפיהרט א קאָרעספּאָנדענץ אויף העברעאיש מיט דעם דאמאלסדיגען באוואוסטען פּוילישען טעאָלאָג וואלענטין ווידריך. ער האָט פארפאסט סליחות אויף די קרבנות פון די ביטערע יאָהרען 1648 — 1655 און מיט זיין ווערק „מגלת ספר״, אין וועלכען ער האָט באשריבען די געשעהענישען פון גזרת ת״ח, האָט זיך באנוצט אויך דער באַקאַנטער רוסישער היסטאָריקער קאָסטאָמאראָוו.

כמעט אַלע רבנים און גאונים, וועלכע האָבען געלעבט אין דער ערשטער עפּאָכע פון׳ם ווילנער געמיינדע־לעבען, איז אויסגעקומען אין די מהומה־יאָהרען אויסצואוואנדערען פון ווילנע אין אנדערע לענדער: אין דייטשלאַנד, עסטרייך, האָלאַנד און אויך אין טערקיי. אומעטום האָבען זיי די אידישע קהלות אויפגענומען מיט גרוים פריינד־ליכקייט און כבוד האָבען זיי ביי זיך געגעבען די גרעסטע שטע־לעס. די ווילנער קהלה האָט מעהר פון אַלע אַנדערע קהלות געגע־בען רבנים פאר די שטעט פון מערב־אייראָפּע. די ווילנער רבנים האָבען צוגעגעבען אַ נייעם טאָן און אַ נייע ריכטונג דעם אידענטום אין מערב־אייראָפּע.

פאר דער צייט פון 1670 ביז 1760 איז די געשיכטע פון דער ווילנער קהלה רייך מיט גרויסע נעמען פון רבנים און גאונים. אין דער צייט האָט זיך צווישען די ווילנער לומדים אָנגעהויבען צו באַ־מערקען אַ נייע שטרעבונג. פון דעם טרוקענעם תלמודישען פלפול

איז מען אריבערגעגאנגען צו באשעפטיגען זיך מיט דער העברעאישער גראמאטיק און אויך מיט דער קריטיק פון די תפלות און פון תנ"ך. אנדערע פון די לומדים זיינען פון פלפול אריבער צו מיסטיק און צו קבלה. איינער א ווילנער באריהמטער למדן פון יענער צייט, ר' יקותיאל ברי ליב גאָרדאָן, איז לויט זיין אייגענעם ווילן אוועק אין דער איטאליענישער שטאָט פאדוא, וואו עס איז געווען כמעט די איינציגע אוניווערזיטעט אין אייראָפּע, אין וועלכער מען פלעגט אָנ־נעמען אידען, און איז דאָרטען אריין אין מעדיצינישען פאקולטעט. אין פאדוא האָט ער זיך באקענט מיט דעם אידישען פּאָעט און מיסטי־קער ר' משה חיים לוצאטאָ, וועלכער האָט אויף איהם געהאַט זעהר א שטארקען איינפלוס. קומענדיג דערנאָך אהיים קיין ווילנע אלס דאָקטאָר מעדיציןן, האָט ער פיל מיטגעהאָלפען צו פארשפּרייטען צווי־שען ווילנער וואויל־לערנער קבלה, און דאָס האָט נאָכהער געבראכט דערצו, אז אין ווילנע האָט זיך אנגעהויבען צו פארשפּרייטען די חסידים־סעקטע, וועלכע איז ביז יענער צייט דאָרט לגמרי ניט געווען. מ'האָט אָנגעהויבען בויען אין ווילנע באזונדערע חסיד'ישע שטיבלעך, אין וועלכע מ'האָט געדאַוועט לויט'ן נוסח פון אר"י, און עס האָט אויסגעוויזען, אז דער חסידיזם האָט פאר זיך געפונען אין ווילנע א גאנץ פרוכטבארען באָדען. דער דאָזיגער מצב האָט זיך געצויגען ביז עס איז אויפגעשטאנען דער ווילנער גאון ר' אליהו (געבאָרען דעם ערשטען טאָג פסח ת"פ — 1720, געשטאָרבען ג' חוה"מ סכות תקנ"ח — 1797), וועלכער האָט שטארק באקעמפט דעם חסידיזם מיט די חסידים.

אין דעם ווילנער גאון, פאר וועלכען עס זיינען אָפּגעטראָטען אָן א זייט אלע גדולים און גאונים און וועלכער האָט באקומען דעם נאָמען „המאור הגדול", די זון פון דער תורה, האָט דאָס תלמודישע אידענטום געפונען זיין העכסטען אויסדרוק. אין דעם ווילנער גאון האָבען זיך אָפּגעשפּיגעלט אלע שטראהלען פון דעם ווילנער־ליטווי־שען אַרט לערנען. דער גאון איז געווען דער גרינדער פון'ם קריטישען וועג אין לערנען, און האָט געהאַט אַן אומגעהויער גרויסע ווירקונג אויף דעם קומענדיגען לומדים־דור. פון זיינע צייטען אָן האָט מען אין ווילנע אָלץ מעהר אָנגעהויבען צו לערנען דעם תלמוד סיסטעמאַ־טיש, און עס האָט גענומען איינפאלען די וואנד, וועלכע האָט אָפּ־געצאמט די תורה־לערנער פון דער אלגעמיינער וועלט־קענטעניש. אלע געלעהרטע תלמודיסטען פון דער ווייטערדיגער תקופה קען מען רעכענען פאר די גייסטיגע קינדער פון דעם גאון, וואָס האָבען באוואוסטזיניג אָדער אומבאוואוסטזיניג מיטגעבראכט דעם נייעם דור, מיט וועלכען עס האָט זיך אָנגעהויבען די עפּאָכע פון השכלה.

פון די גרעסטע ווילנער לומדים נאָכ'ן גאון'ס צייטען זיינען גע־

ווען ר׳ אַבעלע פּאָסוואַלער, ר׳ אברהם דאַנציג (דער מחבר פון פּאָפּו־לערען „חיי־אָדם״), ר׳ יודעל זאַרעטשער, ר׳ ישראל סאַלאַנטער און ר׳ בצלאל כהן. פון די ווילנער מגידים זיינען אם מעהרסטען באַריהמט: ר׳ משה דרשן, ר׳ יחזקאל פייוועל, ר׳ יצחק אליהו לאַנדוי און ר׳ יעקב יאָזעף.

דער קייזערליכער באַפעהל, וועלכער איז אַרויס אין 1827, אז אידען זאָלען געבען רעקרוטען, האָט געבראַכט דערצו, אז אין ווילנע האָבען זיך געגרינדעט פיל ישיבות און יונגע לייט האָבען זיך מיט א באַזונדערער התמדה גענומען צום תלמוד, וויל א סך האָבען געהאָפּט, דאָס קהל, וועלכען מ׳האָט איבערגעגעבען צו מאַכען די נאָבאָרען פון די רעקרוטען, וועט קיין וואויל־לערנער ניט נעמען פאַר סאָלדאַטען. אין יענער צייט האָט זיך געעפענט די באַוואוסטע ראַמיילים ישיבה, וועלכע עקזיסטירט נאָך ביי היינטיגען טאָג. דעמאָלט האָט זיך אויך געבילדעט א גרופּע פון 40 חשוב׳ע יונגע תלמודיסטען, וואָס האָבען צוזאַמען פאַרבראַכט יום ולילה אין לערנען. פון דער דאָזיגער גרופּע, וועלכע איז פּאָפּולער געוואָרען צווישען די ווילנער אידען מיט׳ן נאָ־מען „די פערציגטלעך״, זיינען דערנאָך אַרויס פיל באַריהמט־געוואָ־רענע ווילנער ראשי־ישיבות, ווי, למשל, ר׳ מרדכי מעלצער, ר׳ יעקב פּיעסקין און אַנדערע; חברים פון דער דערמאָנטער גרופּע זיינען אויך געווען דער באַקאַנטער געלעהרטער ר׳ צבי הירש קאַצענעלענבויגען און דער ערשטער מאָדערנער העברעאישער פּאָעט אברהם בער לעבענזאָהן (אדם הכהן), וועלכע פאַרנעמען זעהר א בכבוד׳ן אָרט אין אונזער גע־שיכטע, אלס די ערשטע פּאָרקעמפער פאַר בילדונג צווישען די רוסישע אידען און באַזונדערס אין ליטע.

***

אין סוף פון׳ם 18טען יאָרהונדערט איז פון מערב־אייראָפּע, און באַזונדערס פון דייטשלאַנד, אַריינגעדרונגען דער בילדונגס־גייסט צווישען די ליטווישע אידען. מענדעלסאָן מיט זיינע העברעאישע זאַמעל־ביכער „המאספים״ האָבען דערצו געגעבען דעם ערשטען שטויס. ווילנע איז געוואָרען דער גרעסטער צענטער פון השכלה. עס זיינען אויפגעשטאַנען א רייהע העברעאישע שרייבער, דיכטער און געלעהר־טע, און דורך זייער טעטיגקייט איז ווילנע געוואָרען דער מיטעלפּונקט פון דער אידישער בילדונג, וועלכע האָט זיך פון דאַנען פאַרשפּרייט אין דער גאַנצער צפון־מערב־געגענד. דער נאָמען א „ווילנער״ האָט געדינט ביים פאָלק אלס סינאָנים פון א משכיל, אַן „אויפגעקלערטער״. די „ראַבינער שול״, וועלכע האָט זיך געעפענט אין ווילנע אין 1847, האָט אויך פיל מיטגעהאָלפען צו פאַרשפּרייטען בילדונג צווישען אידען.

אין יאהר 1873 איז דורך אן אלערהעכסטען באפעהל אומגעענדערט געווארען די ראבינער שול אין א לעהרער־אינסטיטוט.

די ערשטע אידישע ווילנער משכילים האבען זיך באנוצט באזונדערס מיט דער העברעאישער שפראך אלס מיטעל צו פארשפרייטען בילדונג צווישען אידען, און נאך אין דעם ערשטען פערטעל פון 19טען יארהונדערט האט שוין ווילנע געהאט באריהמטע שרייבער און היסטאריקער ווי מרדכי אהרן גינצבורג, שמואל יוסף פין, קלמן שולמאן און אנדערע, און אויך פאעטען ווי אדם הכהן און זיין טאלאנטפולער זוהן מיכה יוסף, וועלכע זיינען געווארען די באליבטעסטע דיכטער צווישען די ליטווישע אידען. ווילנער זיינען אויך די באריהמטע העברעאישע דיכטער יהודה ליב גארדאן און דר. שלמה מאנדעלקערען, וועלכע זיינען געוועזן די גייסטיגע תלמידים פון די לעבענזאהנס. ווילנע האט אויך ארויסגעגעבען באריהמטע מדקדקים און לעקסיקאגראפען ווי יהושע שטיינבערג און אנדערע. די אידישע ליטעראטור האט אויך געהאט איהרע ערשטע פיאנערן אין ווילנע: אייזיק מאיר דיק, מיכל גארדאן און אליקום צונזער.

אונטער דער אנפירונג פון דעם באוואוסטען פיאנער פאר אידישער בילדונג ניסן ראזענטאל, האט א גרופע אינטעליגענטען אויפגעעפענט אין 1841 אין ווילנע די ערשטע צוויי שולען, וואו מ׳האט אונטעררינכט אידישע און אלגעמיינע למודים. די דאזיגע גרופע אינטעליגענטען האבען אויך פיל מיטגעהאלפען דעם קאמיטעט, וועלכער האט זיך געגרינדעט אין 1840, ביים גענעראל גובערנאטאר אויסצוארבייטען א פלאן ווי צוצוגרייטען געבילדעטע רבנים אין רוסלאנד. די דערמאנטע גרופע האט אויך קארעספאנדירט מיט דעם באוואוסטען דר. ליליענטאל, וועלכער איז אין די 40־ער יאהרען פונ׳ם פאריגען יאהרהונדערט ארומגעפאהרען אינ׳ם אויפטראג פון דער רעגירונג איבער רוסלאנד צו אגיטירען צווישען אידען פאר בילדונג.

א גאנץ גרויסע ראלע אין דער היסטאריע פון דער אידישער ליטעראטור אין רוסלאנד האבען געשפילט די ערשטע צוויי אידישע דרוקען, וועלכע האבען זיך געעפענט אין ווילנע אין יאהר 1799. איין דרוק האט זיך געעפענט דורך די ברידער ליב און גרשון לוריא אונטער דער פירמע פון א פוילישען גלח יאזעף מירסקי. דער צווייטער דרוק איז געגרינדעט געווארען דורך טוביה פייגעס מיט זיין זוהן. אין 1835 איז צוגעשטאנען פאר א שותף צו די דאזיגע צוויי דרוקען דער דרוק פון די ברידער ראם, וועלכער איז אריבער פון גראדנע קיין ווילנע. א געוויסע צייט איז ראם׳ס דרוק געווען דער איינציגער אין גאנצען געגענד. אין 1862 האט זיך געעפענט א נייער דרוק, און שפעטער — נאך עטליכע. מחמת די דאזיגע דרו־

קען איז ווילנע געוואָרען אַ צענטער, אַרום וועלכען עס האָבען זיך גרופּירט די ליטעראַרישע קרעפטען פון גאַנצען ראַיאָן.

ווילנע איז פון תמיד אָן רייך געווען אין אַלערליי חברות: רעלי־גיעזע, בילדונג־ערציהערישע, וואָהלטעטיגע און פּראָפעסיאָנעלע. כמעט יעדע חברה פון די לעצטע צוויי קאַטעגאָריעס האָט איהר קלויז.

דאָס איז, אין קורצען, די געשיכטע (ביז דער נייער צייט) פון דער ווילנער אידישער קהלה, וועלכע איז אין׳ם מויל פון פאָלק גע־קרוינט געוואָרען מיט׳ן נאָמען „ירושלים דליטא".

***

אין דער נייערער געשיכטע פאַרנעמט ווילנע א חשוב׳ן פּלאַץ אַלס צענטער פון די מאָדערנסטע אידישע באַוועגונגען און פון אי־דישען געזעלשאַפטליכען לעבען בכלל. נאָך אין אָנהויב פון די 70־גער יאָהרען אין פאָריגען יאָהרהונדערט האָבען זיך אין ווילנע געגרינדעט די ערשטע גרופּעס פון אידישע אינטעליגענטע יונגע לייט, וועלכע האָבען אונטער דעם איינפלוס פון דער דאַמאַלסדיגער רוסישער „נאַראָדניטשעסקער" ליטעראַטור געזוכט צו דערוועקען צווי־שען די אידישע אַרבייטער דעם זין פאַר פּאָליטישע שטרעמונגען און באַקאַנט צו מאַכען זיי, באַזונדערס מיט דעם סאָציאַליסטישען געדאַנק. די דערמאָנטע אינטעליגענטען האָבען געגרינדעט קבוצים פאַר זעלבסט־בילדונג און וויסענשאַפטליכע פאָרפּולקאָמונג, און די דאָזיגע קבוצים זיינען געוואָרען מיט דער צייט די קערענדלעך, פון וועלכע עס זיי־נען אַרויס די ערשטע אידישע סאָציאַליסטישע אַגיטאַטאָרען און עסקנים. ס׳איז גענוג צו דערמאָנען די נעמען פון אַזעלכע סאָציאַליסטישע טוער ווי אהרן שמואל ליבערמאַן, וועלכער האָט אינמיטען פון די 70ער יאָהרען אַרויסגעגעבען אין וויען דעם ערשטען העברעאישען סאָ־ציאַליסטישען זשורנאַל „האמת", און זונדעלעוויטש׳ן. די ווילנער אידיש־סאָציאַליסטישע „שול" האָט אין איהר צייט געהאַט זעהר א גרויסען און אַ שטאַרקען איינפלוס אויף די איבעריגע גרויסע אידישע צענטרען אין ליטע, ווי מינסק, מאָהילעוו א. אַ.

די חבת־ציון באַוועגונג, און דערנאָך דער ציוניזם, האָבען אויך צו פאַרצייכענען אין ווילנע פיל פון זייערע ערשטע באַוואוסטזיניגע און ענערגישע פּראָפּאַגאַנדיסטען און עסקנים. אין ווילנע האָט זיך אינ׳ם משך פון כמה יאָהרען געפונען דער ציוניסטישער צענטראַל־קאָמיטעט, וועלכער האָט אָנגעפיהרט מיט דער ציוניסטישער אַרבייט אין גאַנץ רוסלאַנד. אין ווילנע זיינען געווען שטאַרק פאַרטראָטען די באַזונדערע ציוניסטישע פּאַרטייען מיט סאָציאַליסטישע שאַטירונגען ווי: ס"ס, פּועלי ציון א. אַ. דאָ האָט זיך אויך אַרויסגעגעבען דער אָרגאַן פון די „סיימאָווצעס".

ווילנע האט געשפילט א גרויסע ראָלע אין דער געשיכטע פון דער אידישער ארבייטער באוועגונג בכלל, און באזונדערס פונ'ם „בונד", וועלכער האט דאָ אויך אָפט געהאט זיין צ. ק. אין ווילנע זיינען ענטשטאנען די ערשטע אידיש־בונדיסטישע אונלעגאַלע פרעסע און ליטעראטור, און אין משך פון א געוויסער צייט אויך די בונדיס־טישע לעגאַלע אידישע צייטשריפטען. אין ווילנע זיינען פאָרגעקומען עטליכע בונדיסטישע צוזאמענפאָהרען.

זעהר שטארק, שטורעמדיג קען מען זאָגען, האָט זיך ענטוויקעלט דאָס אידיש־פאָליטיש־געזעלשאפטליכע לעבען אין ווילנע אין יאָהר 1905, אין די אזוי־גערופענע „פרייע טעג". דעמאָלט איז ווילנע געגאנגען בראש כמעט פון אַלע אנדערע אידישע צענטרען אין רוס־לאנד, און באזונדערס אין ליטע.

אין ווילנע איז אין יענער צייט אויך פאָרגעקומען דער צוזאַ־מענפאָהר פון די באקאנטסטע אידישע כלל־טוער, אויף וועלכען עס האָט זיך געגרינדעט דער פארבאנד פון די „דערגרייכער", וואס האָט א געוויסע צייט אָנגעפיהרט מיט דער אידישער פאָליטישער טע־טיגקייט אין רוסלאנד, און האָט געהאט א גרויסע השפעה אויף דער וואהל־קאמפאניע צו דער ערשטער גאָסודארסטווענער דומע.

***

דאָס זיינען אין קורצע שטריכען די הויפט־מאָמענטען אין דער געשיכטע פון דער ווילנער אידישער קהלה. די גענויע, פולקאָמע געשיכטע פון דער פילהונדערטיעהריגער ווילנער קהלה דארף נאָך ערשט געשריבען ווערען און ווארט נאָך אויף איהר היסטאָריקער.

דר. יעקב ווינאַדסקי.

# אַלגעמיינער איבערבליק איבער די ווילנער קהלות פאַר די לעצטע זעכציג יאָהר.

.1



## מכח קהלות בכלל

דער געפיהל פון אָנגעהעריגקייט צו דעם אידישען פאָלקס־קבוץ, פון וועלכען איט־ליכער יחיד איז נאָר א קליינינקער טייל־כעלע, איז אפשר די גרעסטע מעלה, וועל־כע האָט זיך ביי אידען אנטוויקעלט אונטער דעם שמערצליכען דרוק פון דעם קינסטליכען אָפּקלייבונגס־פּראָצעס, וואָס דער צוויי־טויזענד יאָהריגער אכזריות'דיגער גלות האָט אָהן קיין שום הפסקה אויסגעפיהרט ביי אידען. ווען יעדער איד וואָלט זיך פּאַרטיידיגט און געקעמפט גאַנץ אליין, וואָלט ער געמוזט אונטערגעהן; נאָר דער כלל, דער פאָלקס־קבוץ, האָט געהאַט גענוג כחות אויף אריבערצו־טראָגען די אַלע געברענגטע צרות און ניט דערהערטע פאַרפאָלגונגען, וועלכע האָבען זיך ניט אויפגעהערט צו שיטען אויף איהם, ווי פון א שפע — הארען.

דעריבער מערקען מיר, ווי דורך דער גאַנצער געשיכטע פון אידישע שטעדט און שטעדטלאך ציהט זיך, ווי א רויטער פאָדים, די פאַראייניגענדע, שיצענדע און אויפבויענדע ארבייט פון אידישע קהלות. זיי טראָגען אפשר ניט שטענדיג דעם נאָמען קהלות; זיי האָבען ניט זעלטען גאַנץ משונה'דיגע נעמען, וואָס שטאַמען פון זייערע באזונדערע פילאנטראָפּישע, רעליגיעזע אָדער קולטורעלע פונק־ציעס, אָבער, לויט דעם תוכן נאָך, זיינען זיי קהלות, ד. ה. צענטרען פון דעם אָרגאַניזירטען אידישען קבוץ, וואו אידען האָבען געהאָ־דעוועט און אנטוויקעלט אַלע זייערע שוץ־כחות, זייער זעלבסט־הילף און זייער ריזיגען פּאַסיווען ווידערשטאַנד, וועלכע האָבען סוף־כל־

סוף אָפּגעהאַלטען א נצחון איבער א גאַנצער וועלט פון שונאים און האָבען אָפּגעראַטעוועט דעם אידישען קיום פון אונטערגאַנג.

אומעטום, וואו אידען האָבען נאָר געלעבט, געהט די דאָזיגע אָרגאַניזירטע אַרבייט פון די קהלות פּאַראַלעל צו די פאַרפאָלגונגען, וועלכע אידען האָבען געמוזט אויסשטעהן: וואָס שטאַרקער די לעצטע זיינען געוואָרען, אַלץ גרעסער, אַלץ פילזייטיגער איז געוואָרען דער אָרגאַניזירענדער און דער שיצענדער כח פון די אידישע קהלות.

ווייטער זעהען מיר, דאָס די נייע אידישע געשיכטע ווייזט ארויס א קאָנצענטראַציע און א פאַרשטאַרקונג פון די אידישע כחות און אויך פון די קהלות בשעת די אָפטע אידישע ירידות; פאַרקערט, די זעלטענע, כלומר׳שטע עליות, ווען אידען באַקומען למשל ערגעצוואו הבטחות אָדער פאַפּירענע רעכט, רופען גלייך ארויס א צענטריפוגאַלען כח אין די אידישע קבוצים: א היבשער טייל אידען, דער עיקר די רייכע און די געבילדעטע, הויבט באַלד אָן צו דינען דער עבודה־זרה פון פרעמדע קולטור, ציהען זיך מיט אַלע כחות צו דער אַסימילאַציע און — קענען זיך אָבער דאָך ניט אַסימילירען...

דאַן ווערט אויך די צענטראַליזירענדע אַרבייט פון די קהלות שטאַרק אָפּגעשוואַכט, ביז עס הויבט זיך באַלד ניט אויף ביי אידען, ווי דער שטייגער איז, א שטאַרקע ירידה, וועלכע וואַרפט א העלע ליכט אויף די פאַפּירענע גלייכבאַרעכטיגונגען מכל המינים און אויף די פאַקטישע ניט־גלייבאַרעכטיגונג; דאַן הויבט זיך ווידער אָן א פאַר־שטאַרקטע אַרבייט פון דעם נאַציאָנאַלען זעלבסט־שוץ, און — אַזוי געהט עס כסדר...

כל זמן די אידישע גלייכבאַרעכטיגונג וועט ניט אַריינדרינגען גאַנץ טיף אין דעם רעכטס באַוואוסטזיין פון אַלע פעלקער, צווישען וועלכע זיי לעבען, כל זמן אידען וועלען זיין פאַקטיש ניט גלייכבאַרעכ־טיגט הן אין זייער ציווילען, הן אין זייער פּאָליטישען און הן אין זייער נאַציאָנאַלען רעכט, — וועלען אידען זיך נויטיגען אין קהלות, אַלס צענטרען פאַר אָרגאַניזירען די אָרטיגע קבוצים און, דער עיקר, זייער זעלבסט־שוץ! ערשט, ווען אידען וועלען ווערען פאַקטיש פול־שטענדיג גלייכבאַרעכטיגט, וועלען זיי זיך קענען אין עקאָנאָמישען און פּאָליטישען פּרט צונויפגיסען אינגאַנצען מיט די אַנטשפּרעכענדע גרופּירונגען פון די מעהרהייטס־פעלקער, צווישען וועלכע זיי לעבען, אָבער אויך דאַן וועלען זיי זיך נויטיגען אין אָרטיגע קהלה־אָרגאַניזאַ־ציעס פאַר זייער נאַציאָנאַל־קולטורעלער אַרבייט.*)

---

*) זעה מיין אַריינפיהר צו דעם באַריכט פון דער קהלה פון יאָהר 1934.

.2

## די ווילנער קהלה פאַר די לעצטע פערציג יאָהר פון דער רוסישער ממשלה.

אין דער דאָזיגער צייט איז די רעכטליכע לאַגע פון די קהלות אין רוסלאַנד געווען אַ גאַנץ משונה'דיגע: די געזעצגעבערישע מאכט האָט פון איין זייט ניט אָנדערקענט פאָרמעל די אידישע קהלות, אַלס אַן עפענטליך־רעכטליכע אינסטיטוציע; פון דער אַנדערער זייט אָבער האָט זי אויך ניט אָפּגעלייקענט די דאָזיגע רעכט. די גרויסע צאָל סתירה'־דיגע „סענאַטישע באשלוסען" אין דעם פּרט האָבען געשאַפען אַזאַ כאָאָס און אַזאַ פּלאָנטער, פון וועלכען קיין ערנסטער יוריסט האָט זיך קיינמאָל ניט געקענט ארויספּלאָנטערען.

די רעגירונג, וואָס האָט בנוגע אידען כמעט שטענדיג געפיהרט אַן עקסטערמינאַציע־פּאָליטיק, האָט זיך אין דעם כאָאָס געפיהלט משמעות זעהר גוט, ווייל ביי די התחייבות פון דער קהלה האָט מען מיט איהר גערעדט, ווי מיט אַן עפענטליך־רעכטליכער אינסטיטוציע; ווען אָבער אַ קהלה, פאַרלאָזענדיג זיך דערויף, האָט נאַאיוו גענומען ריידען מכח רעכט, האָט מען איהר — אָפּגעזאָגט... „געפעלט דיר אפשר דאָס ניט, טאָ געה, רוף מיך קנאַקניסעל!"

די פינאַנציעלע לאַגע פון די אידישע קהלות איז שווין אין פאַר־גלייך מיט דער רעכטליכער לאַגע געווען אַ באַדייטענד בעסערע. די ספּעציעל־אידישע שטייערן: דער „קאָראָבקע־שטייער" און דער „ליכט־שטייער" (קאָראָבאָטשני סבאָר אי סוועטשנאָי סבאָר) — האָבען גע־שאַפען אַ סאָלידען יסוד פאַר די באַפרידיגונג פון די אידישע רעלי־גיעזע, פילאַנטראָפּישע נויטען און בכלל פאַר דער סאָציאַלער פאַר־זאָרגונג פון די אידישע מאַסען, ווי אויך אין אַ געוויסער מאָס פאַר זייער קולטורעלער נויט.

אמת, דער אידישער שטייער, אַלס אַ אינדירעקטער, בפרט דער פלייש־שטייער, די „קאָראָבקע", האָט זיך געלייגט אַלס זעהר אַ שווערע משא אויף די פּלייצעס פון דער אידישער ברייטער און אָרימער מאַסע, אָבער „ווי זאָל אַנדערש זיין?" — האָבען גע'טענה'ט די באַריהמטע גבאים פון יענער צייט...

די דאָזיגע גבאים האָבען אגב אָפּגעשפּיגעלט אין זייער באַנעמען זיך צו די אידישע אינסטיטוציעס בכלל און צו דעם אידישען עפענט־ליכען גראָשען בפרט דעם עקסטרעמסטען אַבסאָלוטיזם, וואָס האָט דאַן געהערשט אין רוסלאַנד. זיי האָבען זיך על פּי רוב מיט קיינעמס מיינונג, חוץ דער מיינונג פון עטליכע אייגענע מענשען, ניט גערע־

כענט און אלץ געטאן על דעת עצמם, ווי פאר זיי איז געווען בעסער אדער ווי זיי האט זיך פשוט געוואלט.

די מאכט פון די דאמאלדיגע גבאים האט ניט נאר געהאט א זעלבסטהערשערישען כאראקטער, נאר האט ניט זעלטען געטראגען דעם שטעמפעל פון באַרנירטער שטאַרקעפּיגקייט (די רוסען האבען דערפאר דעם ריכטיגען ווארט „סאמאדור"). עס איז אינטערעסאנט, ווי די דאזיגע „גבאים" זיינען „געקליבען" געווארען אין ווילנע למשל. יעדען יאהר פלעגען אין „אופראווע" (מאגיסטראט) צונויפגערופען ווערען די „אסיעדלי און זאזשיטאטשני" אידען, ד. ה. אידען ארטיגע און וואוילהאבענדע, וועלכע זיינען געווען פארשריבען אויף א באַזונדער ליסטע. די דאזיגע ליסטע האט מען צונויפגעשטעלט יאהר־יעהרליך לויט די אנווייזונגען פון די גבאים. אויב עס האבען זיך ביי וועלכע עס איז וואהלען ארויסגעוויזען „ווידערשפעניגע" אידען, פלעגט מען זיי גלייך אויסמעקען פון דער ליסטע.

אט די „תושבים" פלעגען דאס קלייבען גבאים. די לעצטע האבען אנגערופען די נעמען פון די קאנדידאטען און דער עולם האט דערביי געשריען „זשעלאיעם! זשעלאיעם!" (מיר ווילען!) — פשוט און גיך!...

גבאים האט מען ביי אונז דאמאלס געקליבען פון די רייכע, וואס פלעגען געבען די העכערע בעאמטע שוחד... און זיינען דעריבער געווען תקיפים! פון דער אקאדעמישער אינטעליגענץ זיינען על פי רוב ווייניג־וואס געקליבען געווארען. געוועהנליך האבען צוויי־דריי גבאים, שטאדטישע קאכלעפעל, אנגעפיהרט מיט אלע ווילנער אידען און האבען אמאל אפגעטאן גאר ניט קיין שעהנע זאכען אויך.

פאלגענדער פאל באווייזט, ביז ווי וויט די גבאישע דעמאגאגיע האט געקענט דערגעהן.

אין יאהר 1897 איז געשטארבען דער שעף־דאקטאר פון ווילנער אידישען שפיטאל, לעוו גערשון. אויף דער וואקאנטער שטעלע, וועלכע האט לויט דעם יושר (דער שפיטאל האט זיך דאמאלס אויפגעהאלטען נאר אויף אידישע געלט) און דעם מנהג האט די שטעלע געדארפט פארנעמען נאר א אידישער דאקטאר. צווישען די צאהלרייכע קאנדידאטען האבען די גרעסטע שאנסען געהאט דר. ראם, א באוואוסטער כירורג און געזעלשאפטליכער טוער, און א געוויסער דאקטאר, אויך א כירורג, אן איידעם פון דעם הויפט שטאדט־גבאי, וועלכער האט געארבייט אין טאטשקעס, כדי דעם איידעם צו מאכען וואס א גיכערע און וואס א גרעסערע פראקטיקע. איבערלאזען די שטעל פון א שעף־דאקטאר אזא כירורג, ווי דר. ראם, וואלט געקענט, נאך דער מיינונג פון דעם שווער, ברענגען שאדען דעם איידעם... ווען עס האט זיך

באַלד אַרויסגעוויזן, אַז די שאַנסן פון דר. ראָם זיינען אי אין ווילנע, אי אין פּעטערבורג געווען באַדייטענד גרעסערע, ווי די שאַנסן פון דעם אַנדערן דאָקטאָר, איז זיין שווער, די קאָבלעפּעל, געפּאַלן אויף אַזאַ „המצאה": ער איז אַוועקגעגאַנגען אינאיינעם מיט די צוויי הויפּט־פּרנסים פון דער ווילנער קהלה, ב. און פּ., צום ווילנער גובערנאַטאָר (דוכט זיך פּאַן־גרעוועניץ) און האָט „אין נאָמען פון ווילנער אידען" דערלאַנגט אַ בקשה, אַז זיי בעטען איהם, דאָס אויפ'ן וואַקאַנטען אָרט פון אַ שעף־דאָקטאָר פון ווילנער אידישען שפּיטאָל „זאָל באַשטימט ווערען ניט קיין איד!" כך הווה: אַלס שעף־דאָקטאָר איז באַשטימט געוואָרען דר. טורטשאַנינאָוו, אַ רוס!...

אין דעם אַרכיוו פון דעפּאַרטאַמענט פאַר אַלגעמיינע ענינים ביים אינערן־מיניסטעריום איז געבליבען אַ „היסטאָרישער" דאָקומענט.

ווייטער געהען אַרום אין ווילנע לעגענדעס וועגען אַ ווילנער ראש־הקהל, יודעל א—וו, וועלכער האָט זיך אויסגעצייכענט מיט זיין עקס־טרעמער אַליינהערשעריי און האָט ניט געקענט פאַרטראָגן קיין שום ווידערשפּרוך; אַלץ, וואָס ער האָט געהייסען, האָט גלייך אָהן קיין שנוים חס וחלילה געמוזט אויסגעפיהרט ווערען נאָך דעם אַלטען רעצעפּט: „סיק וואָלאָ, סיק יובעאָ!" (אַזוי וויל איך, אַזוי הייס איך!)

מען טאָר אָבער ניט מיינען, אַז די דאָזיגע נעגאַטיווע טיפּען זיינען געווען די איינציגע גבאישע טיפּען ביי אידען. עס זיינען פון צייט צו צייט אַרויפגעשוואומען אויף דער אויבערפלאַך פון די קהלות מענשען זעהר נוצליכע, זעהר פּראָדוקטיווע, אַרבייטס־פעהיגע און דעם טובת הכלל איבערגעגעבענע, מעהר־וועניג געבילדעטע.

אַ שעהנער פּאָרשטעהער פון דעם מין איז געווען אין די אַכציגער און אָנהויב ניינציגער יאָהרען פון פאָריגען יאָהרהונדערט דער ה' „מוניע" סאָלץ. אַ בעל־הבית פון משכיל'ישען שניט, אַ קלוגער, אַ וויציגער און אַ פּראַקטישער, האָט ער שטילערהייט רעפאָרמירט און באַנייט די „ווילנער צדקה־גדולה", ווי די ווילנער קהלה האָט זיך ביז צו די לעצטע יאָהרען גערופען. מ. סאָלץ האָט צום ערשטען איינ־געפיהרט אַן אמת'ע בוכהאַלטעריע אין דער קהלה, וועלכע האָט ביז איהם „געשריבען אויפ'ן אויווען", ווי מען האָט דאַמאָלס אַזאַ כלומר'־שטע בוכהאַלטעריע גערופען. ווייטער האָט סאָלץ דעם שטאַרק אָפּגע־לאָזענעם אידישען בית־עולם געגעבען אַ נייעם מאָדערנעם אויסזעהן. ער האָט אויך די גאַנצע קהלה־ווירטשאַפט געבראַכט אין אָרדנונג.

צום סוף פון די ניינציגער יאָהרען פון פאָריגען יאָהרהונדערט און צום אָנהויב פון צוואַנציגסטען האָט די רוסישע געזעלשאַפט זיך אָנגעהויבען פּאָליטיש און געזעלשאַפטליך אַלץ מעהר צו דיפערענ־צירען. אינאיינעם מיט דעם דאָזיגען פּראָצעס האָבען זיך גענומען

מערקען אויך ביי די רוסישע אידען צוויי מעכטיגע שטרעמונגען: א רעוואלוציאנערע און א ציוניסטישע, וועלכע האבען, וואו באוואוסט און וואו אומבאוואוסט, ארומגעכאפט דעם בעסטען, פיהרענדיגען טייל פון די רוסישע אידען און בפרט די יוגענד.

דער אידישער לעבען איז געווארען שווערער, קאמפליצירטער און האט זיך על כל פנים מעהר ניט געלאזען אריינדרענגען אין די ד׳ אמות פון די ביז־איצטיגע רעליגיעז־פילאנטראפישע קהלות. עס האט זיך אנגעהויבען אין ווילנע וואס ווייטער אלץ מעהר צו פיהלען א באדערפעניש צו גרינדען א נייעם צענטער, וואס זאל אין זיך אריינ־נעמען אויך די פאליטישע און צום טייל אויך די געזעלשאפטליכע נויט ניט נאר פון ווילנער אידען, נאר אויך, אויף וויפיל עס איז מעגליך, פון אלע רוסישע אידען, מיט וועלכע מען האט געמוזט, בפרט אין די רעזידענץ־שטעדט און אין די גרעסערע רוסישע שטעדט בכלל, אריינ־טרעטען אין א נאהענטען קאנטאקט.

עס האט זיך געפיהלט א באדערפעניש צו שאפען א קהלה־צענטער מיט א ברייטען וועלטליכען מאדערנעם פארנעם. אפען דאס דורכ־פיהרען דורך דער רוסישער מאכט איז, פארשטעהט זיך, געווען אונ־מעגליך. אזא מין ארגאניזאציע ווידער האט ניט געקענט, פארשטעהט זיך, פארקאנספירירט ווערען; זי האט געמוזט פארמאסקירט ווערען.

מיר האבען געגרינדעט אין ווילנע א אידישע געזעלשאפט, וואס האט געטראגען דעם אפיציעלען נאמען: „בראטאליוביוואיע אב־שטשעסטווא" (ברידערליך־ליבענדע געזעלשאפט) מיט אן אייגענעם סטאטוט, וואס האט איהר געגעבען ברייטע פילאנטראפישע, קולטורעלע און סאציאלע פונקציעס און אויך די מעגליכקייט צו גרינדען אייגענע אפטיילונגען אויסער ווילנע און שטעהן אין קאנטאקט מיט אנדערע שטעדט.

אין דער דאזיגער געזעלשאפט האבען מיר אריינגעצויגען די בעסטע און אקטיווסטע אינטעליגענץ פון ווילנע. עס זיינען אויך צוגעצויגען געווארען די גבאים און די פרנסים פון דער קהלה.

אויפ׳ן סדר־היום פון דער נייער געזעלשאפט האבען זיך געפונען וויכטיגע פראגען פון ווילנער אידישען לעבען, ווי אויך אלגעמיינע.

די דאזיגע אייגענטליכע קהלה־געזעלשאפט האט פאר די עטליכע יאהר פון איהר קיום אפגעטאן ביי אונז א היבשע שטיקעל נוצליכע ארבייט און האט אנגעצייכענט דעם וועג פאר דער צוקינפטיגער קהלה, וואס האט באדארפט ווערען דער יסוד פון דער אידישער נאציאנאל־פערסאנאלער אויטאנאמיע...

די ווייטערדיגע אנטוויקלונג פון דער ווילנער קהלה איז געגאנגען אין דער ריכטונג, דאס דער ביי דער קהלה געשאפענער ראט, וועל־

כער איז באַשטאַנען פֿון דעם רוב אַקטיווע געזעלשאַפֿטליכע עסקנים, האָט געגעבען דעם טאָן פֿאַר דער גאַנצער קהלה־אַרבייט און האָט שטאַרק געהאַלטען אין צוים די אַלטע קהלה־פּרנסים... דער אַבסאָ־ליוטיזם פֿון די רוסישע מושלים האָט זיך געבראָכען און דער אַבסאָ־ליוטיזם פֿון די קהלה־מושלים איז איינגעצוימט געוואָרען, הגם אָהן אַ געשריבענער קאָנסטיטוציע. די קורצע רוסישע קאָנסטיטוציאָנעלע תקופה מיט איהרע 4 דומאַס האָט שטאַרק אַראָפּגערוקט די אידישע קהלה בכלל פֿון דעם געהויבענעם אָרט פֿון אַ אידישען צענטער, שאַפֿענדיג דערביי אַ נייעם, אַ פֿיל מעכטיגערען און אַ פֿיל וויכטיגערען פּאַרלאַמענטאַרישען צענטער, אויף וועלכען אידען האָבען, ווי זייער אָפּטימיסטישער שטייגער איז, געלעגט צו פֿיל און צו גרויסע האָפֿ־נונגען.. ווען עס האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזען, אַז „ביי אונז איז, גאָט צו דאַנקען, ניטאָ קיין פּאַרלאַמענטאַריזם״, און ווען „דער נייער מלוכה־סדר״ איז צוואָוואָרפען געוואָרען ווי אַ קאָרטען־שטיבעלע, איז דאָך פֿאַרבליבען אין רוסלאַנד, בפרט ביי אידען, אַ פּאַרטיי־וועזען, אַן אונערפֿאַהרענער, ניט־איבעריגס געבילדעטער און צו די רוסישע פֿאַר־העלטענישען צו ווייניג־צוגעפּאַסטער, אָבער דאָך אַ פּאַרטיי־וועזען, וואָס האָט זיך אָנגעהויבען לערנען ביים לעבען דעם פּאָליטישען אלף־בית. אַזוי אַרום זיינען די פּאָליטישע פֿונקציעס פֿון די קהלות אַריבער צו די אידישע פּאָליטישע פּאַרטייען.

די פּאָליטישע קאָמיסיע ביי דער ווילנער קהלה, פֿון וועלכער איך בין געווען זייט לאַנגע יאָהרען דער פּאָרזיצער, האָט, צו מיין באַדויערען, אויפֿגעהערט צו פֿונקציאָנירען.

.3

## די קהלה אין דער צייט פֿון דער אָקופּאַציע אין ווילנע.

דער אָנהויב פֿון דער וועלט־מלחמה האָט דעם גאַנצען פּאַרטיי־וועזען אין ווילנע צוטרייסעלט און צובראָכען. שפּעטער האָבען זיי זיך ווידער אָפּגעבויט. אין ווילנע האָט דעם „בונד״ אָפּגעבויט מיין פֿאַרשטאָרבענער פֿריינד יוסף איזביצקי, און די ציוניסטישע אָרגאַ־ניזאַציע — מיין פֿריינד ליב יאַפֿע.

די ווילנער קהלה, וועלכע איז באַשטאַנען פֿון אַ „הילפֿס־קאָמי־טעט״, וואָס איז געוועהלט געוואָרען מיט אַ קורצער צייט פֿריהער, איידער די דייטשען האָבען פֿאַרנומען ווילנע אין הערבסט 1915, האָט דאַן געשפּילט אַ גרויסע, היסטאָרישע ראָליע און איז געווען דער איינציגער אידישער צענטער, וואָס איז אין דער גאַנצער אָקופּאַ־

ציאָנס־תקופה געשטאַנען מוטיג און פעסט אויף דער וואך פון די אידישע עקאָנאָמישע, קולטורעלע און פאָליטישע אינטערעסען. *)

הגם איך בין געשטאַנען בראש פון דער דאָזיגער קהלה, מוז איך דאָך אויך דאָ אונטערשטרייכען, דאָס איך קען ניט קיין צווייטע קהלה, וואָס זאָל זיין אַוועקגעשטעלט אין אַזאַ שווערער, סכנה'דיגער לאַגע און וואָס זאָל אַנטוויקלען דערביי אַזאַ גראַנדיעזע ארבייט, ווי דאָס האָט געטאָן דער „ווילנער הילפס־קאָמיטעט", וועלכער איז געווען פאַרזעהן אַגב מיט אויסערגעוועהנליכע פולמאַכטען שוין ביי די וואַהלען.

די נאָמינעלע קהלה, די „צדקה גדולה" האָט דאַן קיין שום באַדייטונג ניט געהאַט. דער „ה. ק." איז געווען דער איינציגער צענטער, וואו די גאַנצע אידישע אַרבייט איז אָפּגעטאָן געוואָרען.

די צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע איז געווען די שווערסטע, אָבער אויך די רוהמפולסטע, צו וועלכער אַ קהלה האָט זיך ווען עס איז דערהויבען.

די מלחמה פאַר אידישע רעכט האָבען מיר געפיהרט אָפען, ביד רמה, און ווען די דייטשען זיינען אין דעם צווייטען אָקופּאַציע־יאָהר דערגאַנגען ביז צו אַזאַ ווילדער פאַראָרדנונג, ווי די מענשען־כאַפּעריי ביי דער צוואַנגס־אַרבייט, האָבען מיר אינאיינעם מיט אַנדערע פאַר־שטעהער פון רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס געשאַפען אַ קאָנספּיראַ־טיווע אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט אָפּגעהאַלטען די באַפעלקערונג פון מעלדען זיך צו די מעדיצינישע אונטערזוכונגען, וואָס האָבען באַ־דאַרפט פאַרכאַפען אַלע אַרבייטס־כחות פון אונזער קאַנט פאַר דער דייטשער קאַטאָרגע.

סוף כל סוף האָבען מיר אויסגעפיהרט. און אויב איינינגע פון אונז האָבען שווער געליטען דערביי, האָט דאָס קיינעם ניט געשאַדט.

הגם די דאָזיגע קהלה האָט קיין שום רעכטליכען יסוד ניט געהאַט ווען די דייטשע מאַכט האָט זי געקענט ניט אָנערקענען. האָט זי דאָך געהאַט דעם גאַנצען אויטאָריטעט פון אַ צענטראַלער אידישער פאָרשטעהערשאַפט, מיט וועלכער די דייטשע מאַכט האָט זיך געמוזט רעכענען, ווייל זי איז געווען די איינציגע פאָרשטעהערין. אָבער אַלע אונזערע פאָדערונגען און בקשות צו די דייטשע מושלים, זיי זאָלען באַשטעטיגען די קהלה אָפיציעל, האָבען קיין שום פעולה ניט געהאַט.

מיר האָבען אָבער מיט דער קהלה באַוויזען קלאָר, וואָס פאַר אַ קהלה מיר דאַרפען האָבען און וואָס פאַר אַ קהלה מיר קענען אָרגאַ־ניזירען, ווען מען שטערט אונז ניט.

---

*) זעה מיין בוך: „אין שטורם", פארלאַג ב. קלעצקין, ווארשע, לעשנא 36.

ערשט צום סוף פון דער דייטשער אָקופּאַציע אין יאָהר 1919 האָבען די דייטשען פאַר׳ן פאַרלאָזען ווילנע ערלויבט אונז צו קלייבען אַ נייע קהלה אויף ברייטע דעמאָקראַטישע יסודות (זעקס־סימנים׳דיגע וואהלען, פון 20 יאָהר אָן און אַזוי ווייטער).

אויך אין דער דאָזיגער „דעמאָקראַטיש־געקליבענער״ קהלה האָט זיך אָפּגעשפּיגעלט דער הערשענדער גייסט פון דעם היסטאָרישען מאָמענט, אין וועלכען זי איז געקליבען געוואָרען: אין דער דייטשער אַרמיי, וואָס האָט פאַרנומען ווילנער קאַנט און וואָס האָט זיך געהאַלטען אויף אַ האָר, איז שוין דאַן טיף, גאַנץ טיף געווען אריינגעדרונגען דער רעוואָלוציאָנערער גייסט, וואָס האָט זיך פאַרשפּרייט פון רוסלאַנד. די באָלשעוויקעס האָבען שוין געמאַכט „הכנות״ אויף צו פאַרנעמען ווילנע און ליטע, כדי נאָכדעם אַריבערצוּוואַרפען זיך אין דייטשלאַנד, וואו זיי האָבען געהאָפט אינאיינעם מיט דעם „ספּאַרטאַק״ אָנצוצינדען אַ שריפה אין גאַנץ מערב־אייראָפּאַ. די געמיטער אין ווילנער קאַנט, דער עיקר פון דער אידישער יוגענד, זיינען געווען שטאַרק אויפגערעגט. די דעמאָקראַטיש־געקליבענע קהלה האָט דעריבער, לכל הפחות פון אָנהויב, געהאַט אַ לינקע מעהרהייט.

מחמת דעם אויך האָט די דאָזיגע קהלה שוין פון אָנהויב אַרויסגעוויזען אַזאַ מין פאַנאַטישע פּאַרטיאיש־פּאָליטישע רייסעניש, וועלכע האָט אַזוי שטאַרק כמעט ביז׳ן סוף געשטערט די נאָרמאַלע אַרבייט פון דער קהלה.

אַלס פאָרזיצער, מיט קליינע אונטערברעכונגען, אויך פון דער דאָזיגער קהלה, האָב איך שפּעטער, נאָכדעם ווי די פּאָליאַקען האָבען פאַרנומען דעם ווילנער קאַנט, ניט אויפגעהערט אי ביי דער פּוילישער רעגירונג, אי שפּעטער, אַלס דעפּוטאַט אין סיים, צו פאָדערען, דאָס מען זאָל באַשטעטיגען אונזער קהלה־סטאַטוט, וועלכער האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ פּלאַן פון אַ וועלטליכער קהלה מיט זעהר אַ ברייטען קאָמפּעטענץ־קרייז.

די פאָרשטעהער פון דער פּוילישער מאַכט האָבען די דאָזיגע פאָדערונג שטענדיג עקשנות׳דיג אָפּגעוואָרפען. איך האָב דאַן צונויפגערופען דריי קהלות־קאָנפערענצען: פון קהלות פון ווילנער קאַנט, פון נאָוואָרעדקער קאַנט און לסוף פון אַלע פּוילישע מזרח־געביטען („קרעסען״). אויף די אַלע צוזאַמענפאָהרען פון קהלה־פאָרשטעהער איז פה אחד אָנגענומען געוואָרען דער אויבען־דערמאָנטער קהלה־סטאַטוט.

עטליכע יאָהר האָט געדויערט דער דאָזיגער קאַמף פאַר דעם יסוד פון אונזער נאַציאָנאַל־פּערסאָנאַלער אויטאָנאָמיע, פאַר אונזערע



הילפס קאמיטעט (קהלה) פון יאָהר 1915. זיצען ערשטע רייהע, רעכטס צו לינקס: לעווין, דר. צ. שאַבאַד, דר. ראַכמילעוויטש, דר. י. וויגאָדסקי, פאָרזיצער; אַדוו. שמשון ראָזענבוים, שעסקין און דר. אלשוואנגער.
שטעהען פון רעכטס צו לינקס: ב. מיכאַלעוויטש (איזביצקי), גאָרדאָן, מאַזאַ, דר. ע. כהן, דר. פּאַטשטער.

קהלות. דער קאַמף האָט זיך פאַרענדיגט מיט אונזער דורכפאַל: עס איז איינגעפיהרט געוואָרען ביי אונז דער סטאַטוט פון אַ רעליגיע־זער קהלה; דאָס איז אַ סטאַטוט פון דער דייטשער „קולטוס־געמיינדע" מיט דורכ'ן מאַרשאַל יוזעף פּילסודסקי עטוואָס דעמאָקראַטיזירטער וואהל־מעטאָדע.

דער דאָזיגער סטאַטוט איז מחייב די קהלה צו זאָרגען נאָר פאַר די רעליגיעזע הצטרכות'ן פון אידען; אַלע איבעריגע אָבער זיינען ניט פאַרבאָטען. מען קען אויך אין אַזאַ קהלה, הגם עס איז זעהר שווער, אַנטוויקלען אַ היבשע אַרבייט אפילו אויף דעם געביט פון נאַציאָנאַלער קולטור, סאָציאַלער פאַרזאָרגונג א. א. וו., ווייל ענדליך ווערט דאָך אַ קהלה ניט דאָס, וואָס די אָנגעוואָרפענע תקנות ווילען פון איהר מאַכען, נאָר דאָס, וואָס די עקשנות'דיגע אָנפיהרער ווילען פון איהר מאַכען!

⁂

אַזוי האָט די ווילנער קהלה עוואָליוציאָנירט פאַר די לעצטע צוואַנציג יאָהר אין שטורם פון דער וועלט־מלחמה און אין דער אויפבוי־צייט פון דער פּוילישער מלוכה. אַ פעסטען טריט צו מאַכען ביים רעפאָרמירען די אידישע קהלות, אַלס יסוד פון דער אידישער נאַציאָנאַל־פּערסאָנאַלער אויטאָנאָמיע, האָט אונז, ווי אגב אומעטום, ניט געלונגען, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס די פּאָליטישע קאָנ־סטיטוציעס זיינען ביי אונז אין ווילנע געווען אפשר בעסערע ווי אין אַנדערע ערטער, און אויך ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס דער קאַמף פון אונזער זייט איז אויך געווען אַ זעהר אַנטשלאָסענער און אַ פאַר'עקשנ'טער. די אַלגעמיינע אַנטי־דעמאָקראַטישע און רעאַק־ציאָנערע טענדענץ פון צענטראַל־אייראָפּא איז געשטאַנען אין אַ צו שטאַרקער סתירה צו אונזערע שטרעבונגען און זיי האָבען זיך דער עיקר דעריבער ניט איינגעגעבען.

די ווילנער קהלה האָט באַקומען אין פאַרגלייך מיט איהר לאַגע פאַר די רוסישע צייטען צוויי היבשע אויסבעסערונגען: זי איז גע־וואָרען אַן עפענטליך־רעכטליכע אינסטיטוציע און האָט באַקומען דאָס באַשטייערונגס־רעכט.

דערמיט איז אויך דער אַלטער, ניט־יושר'דיגער קאָראָבקע־שטייער ליקווידירט געוואָרען. אמת, דאָס האָט די פינאַנציעלע שוועריג־קייטען פון דער קהלה, ווי דאָס איז געווען צו ערוואַרטען, גיכער פאַרגרעסערט, אָבער דערפאַר זיינען מיר פּטור געוואָרען פון דער, פאַר'ן ברייטען עולם אַזאַ שעדליכער „קאָראָבקע".

קליין, זעהר קליין זיינען אונזערע דערגרייכונגען אין פאַרהעל־

טעניש צו אונזער געוואַלטיגען קאַמף פאַר דער קהלה־רעפאָרם אין ווילנע. מיר פאַלען ביי זיך אָבער ניט אַראָפּ: מיר אַלטען די אַנטי־דעמאָקראַטישע אַנטוויקלונגס־פאַזע, וועלכע פיל לענדער מאַכען איצטער דורך, פאַר אַ פאַראיבערגעהענדער. די דעמאָקראַטיע מוז ווידער, אפשר גאָר אין אַן אויסגעלייטערטער פאָרם, אַריינטרעטען אין איהר רעכט און ענדגילטיג באַהערשען די וועלט.

דאַן וועט אויך קומען אַ צייט פאַר דער אידישער נאַציאָנאַל־פערסאָנאַלער אויטאָנאָמיע, אפשר אויך אין אויסגעלייטערטער פאָרם.



ראַט פון דער ווילנער קהלה, 1934 — זיצען פון רעכטס אויף לינקס: הערמאַן זשוק, וויצע-פּאָרזיצער; א. ווייץ, וו. קרינסקי, דר. יעקב וויגאָדסקי, פּאָרזיצער; ש. ברוידאָ, ש. גורוויטש, מ. גאַרפינקעל.

שטעהען פון רעכטס אויף לינקס: ש. טראָצקי, ש. ליכטמאַכער, מ. ראַכמאַן, י. שוואַרץ, א. ספּירא, ב. לובאָצקי, דר. ש. דויערמאַן, ש. פרידמאַן, א. אבראַמאָוויטש, מ. סווירסקי, א. גליקמאַן, י. ווידוטשאַנסקי.



די אַלטע ווילנער שטאָט־שוהל.

## ט. מ. קאַפּעלזאָן.

# אידישע אַרבייטער באַוועגונג אין ווילנע סוף 80־ער און אָנהויב 90־ער יאָהרען.*)

א רעפעראַט געהאַלטען אויף זיצונגען פון דער סעקציע פאַר דער אויספאָרשונג פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג צווישען אידען (16טען פעברואר און 9טען מאַרט, 1928).

איבערזעצט פון רוסיש, פון **יעפים ישורין.**



חברים, איך וועל באַריהרען אין מיין פאָרטראַג די אידיש מאַסאָווע ארבייטער באַוועגונג פון דעם פעריאָד 1887־1892, אומגעפעהר ביז דעם אָנהויב פון דעם פעריאָד וועגען וועלכען עס האָט גערעדט חבר גאָזשאַנסקי. דעם אמת געזאָגט, ווען איך האָב זיך אָנגעהויבען דערמאָנען, דורכקוקען מאַנכע מאַטעריאַלען, האָט זיך ארויסגעוויזען דאָס ביי מיר האָבען זיך צוזאַמענגעגאָסען די יאָהרען, דערפאַר קען איך ניט גאַראַנטירען קיין גענויע פּינקטליכקייט. איך האָב פּראָבירט פאַרגלייכען מיינע ערינערונגען מיט אַנדערע קוועלען. די מעהר קלעהרערע און פּינקטליכערע ערינערונגען באַציהען זיך צו די ערשטע יאָהרען: דאַמאַלסט בין איך געווען א סך אינגער, ווי יעצט, אַלע איינדרוקען זיינען געווען ליכטיגערע, און דערפאַר דערמאָנט זיך דאָס א סך פּינקטליכער.

איך וועל אָנהויבען פון יאָהר 1886, אָדער בעסער, פון 1887, עס איז נויטיג צו דערמאָנען וועגען איין פראַגע — וועגען דער באַוועגונג פון די זאָקען מאַכער, וועגען דעם אָנפאַנג פון וועלכער עס עקזיסטירט ניט קיין ריכטיגע פאַרשטעלונג. עס ווייזט זיך ארויס, אז נאָך אין 1886־טען יאָהר האָט צווישען זיי געאַרבייט א טוער פון די נאַראָדאָוואָלצעס, וועלכער איז אומגעקומען אין דער ערשטער יאַקוטסקער טראַגעדיע, א באַוואוסטער נאַטקין. ער, ווייזט זיך

*) ענטנומען פון:
Революционное движение среди евреев, сборник первый, Издательство Политкаторжан, Москва, 1930.

אַרויס, איז געווען איינער פון די גרינדער פון דער באַוועגונג. איהם האָט, דאַכט זיך, דאַמאָלסט געהאָלפען, נאָך זייענדיג אַ שילער אין דעאַל שולע, א. קרעמער, און זיין צוקונפטיגע פרוי, פ. סרעדניצקאַיאַ. אויף וויפיל איך געדענק, האָבען זיי מיר דערצעהלט וועגען דעם נאַטקינ'ען.

אין 1886־טען יאָהר האָט שוין געאַרבייט ל. יאָגיכעס (טישקאָ).



פּאַטי סרעדניצקאַיאַ, פרוי פון אַרקאַדי קרעמער (אַלעקסאַנדער)

ער איז אַרויסגעטראָטען פון 4־5־טען קלאַס גימנאַזיע און אָנגעקומען אַלס לערן־יונג אין אַ שלאָסער ווארשטאַט. אַזוי אַרום האָט זיך איהם איינגעגעבען צוציהען עטליכע שלאָסער און גרינדען די ערשטע אידישע אַרבייטער קרייזלעך. איך פּערזענליך בין אַריינגעטראָטען אין דער ווילנער אָרגאַניזאַציע אין 1887־טען יאָהר. דאַמאָלסט טאַקע האָט זיך געגרינדעט די ערשטע אָרגאַניזאַציע, וועלכע

האָט זיך געשטעלט אַלס איהר הויפּט־אויפגאַבע: פּראָפּאַגאַנדע. מיין ערשטער רעוואָלוציאָנערער ארויסטרעט איז געווען אין ווילנע. איך האָב זיך געניטיגט אין אונלעגאַלע ליטעראַטור פאַר פּאָניע־ווענזש. אין 1886־טען יאָהר בין איך געקומען קיין ווילנע, דאָרטען האָב איך זיך באַקענט מיט דעמבאָ, וועלכער איז נאָכהער אומגעקומען אין צוריך — עקספּערימענטירענדיג מיט באָמבעס (ער האָט גענו־מען אַנטייל אין די צוגרייטונגען צום אַטענטאַט פון דעם 1־טען מאַרט, 1887). דאָרטען האָב איך זיך אויך באַקענט מיט שאַרל ראַפּאָפּאָרט, נאָכהער מיט זיין עלטערער שוועסטער, פּאָולינאַ איסאַקאָווגאַ גאָרדאָן, וועלכע זיצט דאָ איצט. איך געדענק אויסגעצייכענט יענעם צימער. איך האָב באַקומען דעם ערשטען פּעקעל אונלעגאַלע ליטעראַטור, מיט וועלכער איך האָב „פאַרשפּרייט" סאָציאַליזם. וואָס אַנבאַלאַנגט פּאָ־ניעוועזש, האָב איך צוגעצויגען חברים, וועלכע האָבען געשפּילט אַ געוויסע ראָלע אין דער באַוועגונג, ווי דזשאָן מיל, נאָכהער פּאַוועל בערמאַן, נאָכהער לאַזאַר קאַץ, דער לעצטער איז געווען מיינער אַ שי־לער, ווען איך האָב צוגעגרייט צו דער רעאַל שולע. קאַץ, ווי איך האָב זיך ניט לאַנג דערוואוסט, האָט נאָכהער באַלאַנגט צו אַ סטו־דענטען „קרוזשאָק" פון ל. קראַסין.

איך בין געקומען צופאָהרען אין ווילנע אין יוני, 1887, ווען איך האָב געענדיגט רעאַל שולע. דאָרטען האָט מען מיך באַקענט מיט ליובאָוו איסאַקאָווגאַ אַקסעלראָד און מיך אריינגעפיהרט אין איהר „סאַלאָן". דאָס איז געווען אַ גרויסער צימער, וואָס האָט גע־שפּילט אין מיין רעוואָלוציאָנערען לעבען, אַזוי גוט ווי אין דעם לעבען פון געוויסע אַנדערע ווילנער, אַ באַדייטענדע ראָלע, ווייל דאָס איז געווען דער צענטער, וואו עס פּלעגט זיך צוזאַמענקומען די גאַנצע ראַדיקאַלע אינטעליגענטישע יוגענד.

אין פאַרלויף פון 2־3 מאָנאַטען האָב איך זיך באַקענט מיט עטליכע צענדליג פון אָט דער יוגענד. דאָרטען האָב איך, אגב אורחא, זיך באַקענט מיט א. א. אייזענשטאַדט און מיט זיין חבר יעפים גראַץ, מיט עטליכע מינסקער רעוואָלוציאָנערען, דעם דאַמאַלסט־באַוואוסטען שמולעוויטש'ען, וועלכער פלעגט אָפט קומען פון מינסק און ווען איך פלעג נאָכהער טרעפען אין אמעריקע, מיט איינעם פון מיינע צוקונפטיגע חברים און פריינד, דעם זעלטען סימפּאַ־טישען ארבייטער ראַפאַאיל סוועדלאָוו, וועלכער האָט אין די ערשטע יאָהרען געבראַכט פיל נוצען דער ווילנער באַוועגונג. דאָרטען פלעג איך זיך אויך אָפט טרעפען מיט ראַפּאָפּאָרט'ען. ביי אַקסעלראָד'ן פלעגען מיר זיך פאַרזאַמלען טאָג און נאַכט. זי האָט געוואוסט ווי צו אונטערהאַלטען געסט. איהר וואוינונג איז געווען דער צענטער, וואָס האָט פאַרבונדען און פאַראייניגט אונז אַלעמען. אויף

וויפיל איך געדענק, איז דאָס געווען די איינציגע וואוינונג, מיט וועל־כער מיר האָבען זיך באַנוצט פאַר אונזערע באַגעגענישען. טרינ־קענדיג טיי און פיהרענדיג געשפּרעכען האָבען מיר געשלונגען „תורה און חכמה". פאַר מיר איז פילעס געווען אַן ענטדעקונג. טרעפענ־דיג זיך אין פאַרלויף פון אַ קורצער צייט מיט פילע רעוואָלוציאָ־נערע טוער, בין איך אויסגעוואקסען אין משך פון עטליכע מאָ־נאַטען, אנשטאַט דעם וואָס אונטער אנדערע אומשטענדען וואָלט דאָס גענומען יאהרען. אין גיכען בין איך שוין אימשטאַנד געווען צוצוטרעטען צו פיהרענדער ארבייט. אַקסעלראָד אליין האָט ניט גענומען קיין אנטייל אין דער באַוועגונג, זי האָט נאָר געדינט אַלס פאַרבינדערין צווישען אונז.

דאָס איז געווען 3־4 מאָנאַטען נאָך דעם דורכפאַל פון 1־טען מאַרט, 1887, ווען עס איז אַרעסטירט געוואָרען אוּליאַנאָוו'ס גרופּע אין פעטערבורג. אין ווילנע זיינען אַרעסטירט געוואָרען דער על־טערער און איינגערער פּילסודסקי און טיט פאַשקאָווסקי. איסאַק דעמבאָ, אננא לייבאָוויטש און אַנטאָן גנאַטאָווסקי'ן האָט זיך איינ־געגעבען אנטלויפען אין אויסלאַנד. ניט אַכטענדיג אויף די נאָר וואָס פאָרגעקומענע אַרעסטען איז אין ווילנע אַלעס געווען שטיל. פון שפּיאָ־נען און געהיימע אַגענטען האָבען מיר ניט געוואוסט. מיר פלעג־גען זיך צוזאַמענטרעפען און אַרומגעהן אָן מורא. אָבער דאָס האָט ניט לאַנג געדויערט; אין אַ יאָהר־צוויי אַרום האָט מען אונז אָנ־געהויבען היטען. איבערגעטאָנענע זשאַנדאַרמען זיינען אונז נאָכ־געגאַנגען און, טרעפעדיג אונז אויף די גאַסען, פלעגען זיי שמייכ־לען. מיט אַנדערע ווערטער, זייער נאָכפאָלגען אונז איז ניט גע־ווען צו ערנסט.

אין הערבסט פון 1887־טען יאָהר איז זיך די גרעסטע טייל פון דער ראַדיקאַלער יוגענד פאַרנאַנדערגעפאָהרען, ווער איז אויס־לאַנד און ווער אין די רוסישע אוניווערזיטעטען. מיר האָבען, ווי איך געדענק, פאַר'ן אָוועקפאָהרען איינגעאָרדענט ביי אַקסעלראָד'ן אַ געזעגנונגס פאַרזאַמלונג, אויף וועלכער מיר האָבען אויסגעאַרבייט סטאַטוטען פון אַ געזעלשאַפט, צו אָנהאַלטען אונזער נאָהענטע פאַר־בינדונג. איך האָב נאָכגעפרעגט שפּעטער ביי ראַפּאָפּאָרט'ן, צי געדענקט ער איינינגע פונקטען פון די סטאַטוטען, אָבער ניט ביי איהם, און ניט ביי מיר זיינען געבליבען אין זכרון אירגענד וועלכע שפּורען. דאָס צופאָהרען זיך אין אַנדערע שטעדט און אין אויסלאַנד האָט אונז אָבער געבראַכט נאָכהער גרויסע נוצען.

פון צייט צו צייט פלעגען קומען צו אונז איינצעלנע פּערזאָנען פון די נאַראָדאָוואָלצעס. איך געדענק יודעלעווסקי'ן, דעם יעצטיגען

בעלאַגוואַרדעיעץ אין פּאַריז: געוועזענעם פאַרשיקטען לעוו זאַק. מיר פלעגען זיך צוזאַמענטרעפען אויף אַ דאַטשע ביי אַ געוויסער גאָלדשטיין, וואו עס פלעגען פאָרקומען די היציגסטע דיסקוסיעס וועגען סוביעקטיווע מעטאָדען אין דער געשיכטע, וועגען דעם גורל פון קאַפּיטאַליזם, טעראָר און ז. וו. מיר פלעגען זיך זעהר געמיטליך צוזאַמענטרעפען אין אַ וואַלד. אַקסעלראָד איז געווען איינע פון די הייסטע פאַרטיידיגערינס פון מאַרקסיזם, איך פלעג איהר אונטערשטיצען מיט מיין יונגער שטימע. גאַנצע אָוועגטען פלעגען מיר פאַרברייגען אין הייסע דיסקוסיעס. די דיסקוסיעס זיינען טאַקע געווען די בעסטע לעקציעס פאַר אונזער פּאָליטישער ענטוויקלונג.

ביי אַקסעלראָד האָב איך זיך באַקענט מיט יאָגיכעס'ן, און אין הערבסט פון יאָהר 1887 האָבען מיר אָרגאַניזירט אַ צענטראַלע גרופּע פון דריי מענשען, וואָס האָט אָנגעפיהרט כמעט מיט דער גאַנצער רעוואָלוציאָנערער אַרבייט אין ווילנע.

די אַרבייט איז באַשטאַנען אין פּאָלגענדעס: יאָגיכעס האָט אַגיטירט צווישען די ניט־אידישע אַרבייטער, האָט געשאַפען פאַרבינדונגען צווישען אָפיצערען און סאָלדאַטען, אַלע קאָנספּיראַטיווע ענינים זיינען געווען אין זיינע הענט, ער האָט אויך פאַרוואַלטעט די אונלעגאַלע ביבליאָטעק. איך האָב אָנגעפיהרט די אַרבייט צווישען אידישע אַרבייטער און אידישער אינטעליגענץ, האָב פאַרוואַלטעט די ביבליאָטעק פון לעגאַלע און פאַרווערטע (דורך דער צענזור) ביכער, וועלכע זיינען געווען גלייכצייטיג דער קוואַל פון מאַטעריעלער הכנסה פאַר דער צענטראַלער אָרגאַניזאַציע; אויסער יאָגיכעס'ן און מיר, איז אויך צוגעצויגען געוואָרען אַ פּוילישער חבר, וואַצלאַוו מעליצקי, וועלכער האָט געהאַט גרויסע פאַרבינדונגען אין די קרייזען פון פּוילישע אַרבייטער און טיילווייז אויך צווישען אָפיצערען. די אָרגאַניזאַציע האָט זיך אָנגעהאַלטען ביז דעם מיטען פון 1888־טען יאָהר. דורכגעפאַלען איז זי אַ דאַנק דעם פאַרראַט פון סטודענט גראַץ.

יעפים גראַץ האָט געענדיגט גימנאַזיע צוזאַמען מיט איסאַי אייזענשטאַדט. זיי זיינען געווען גרויסע פריינד, ביידע זיינען אָנגעקומען אין יאַראָסלאַווער ליצעי און באַזעצט זיך אין איין צימער. אַ געלאַסענער, קאַלטער, קראַנקער, האָט ער עטליכע מאָנאַטען נאָך זיין אַרעסט אָנגעהויבען אויף די אויספאָרשונגען „אַרויסצוגעבען". נאָך אין אָנפאַנג פון 1888־טען יאָהר האָט מען מיך גערופען צו אַן אויספאָרשונג אין ווילנער זשאַנדאַרם־אָפּטיילונג. ביי אייזענשטאַדט'ן האָט מען געפונען מיינעם אַ בריף, אונטערגעשריבען מיט דעם נאָמען „קאָסטיאַ". דער אינהאַלט פון בריף איז געווען אַ לעגאַלער, עס איז מיר אויסגעקומען אונערוואַרטעט צו געבען אַן ערקלערונג פאַר

מיין נייעם נאָמען „קאָסטיא״. מיין ברייטביינינגע פיגור איז כלומר׳שט געווען די ערקלערונג פאַר מיין נייעם נאָמען.

צום ענדע פון 1888־טען יאָהר בין איך אָנגעקומען אלס „וואָלנאָ־אָפּרעדיעליאיוושטשיסיא״ אין מיליטער דינסט צוליב דעם, אז איך זאָל שפּעטער ניט דאַרפען דינען צוויי יאָהר און דערצו נאָך אויסער דער שטאָדט ווילנע, מיט וועלכער מיין רעוואָלוציאָנערע ארבייט איז גע־ווען פאַרבונדען.

מיינע אויסרעכענונגען זיינען ניט אין גאַנצען פאַרווירקליכט גע־וואָרען, ווייל, האָבענדיג אָפּגעדינט א מאָנאַט, בין איך, טראָץ אַלע מיינע באַמיהונגען, אַוועקגעשיקט געוואָרען אויף א ווינטערדיגע־ קוואַרטיר אין דער שטאָט אָשמענע, ווילנער גובערניע. אזוי ווי עס איז אויסגעקומען צו געהן צו פוס, האָב איך אָפּגערעדט מיט יאָגיכעס׳ן, אז ער זאָל מיר צושיקען אונלעגאַלע ליטעראַטור דורך איינעם א פּאָלקס־לעהרער, וועלכער האָט געוואוינט אין סוועַנציאַן. איידער איך האָב נאָך געהאַט א געלעגענהייט צו באַזעצען זיך גע־העריג אויף מיין נייעם פּלאַץ, זיינען פּלוצלונג געקומען אין קאַזאַרמע ווילנער זשאַנדאַרמען און האָבען דורכגעפיהרט ביי מיר אַן אָביסק (אונטערזוכונג). פינף טעג האָט מען מיך געהאַלטען אונטער ארעסט אין קאַרצער, און נאָכהער, אין פאַרלויף פון א גאַנצען מאָנאַט, פאַר־באָטען צו פאַרלאָזען די קאַזאַרמע, אַוועקשטעלענדיג לעבען מיר א סאָלדאַט, וועלכער האָט ניט אָפּגעטראָטען פון מיר אויף א טריט. עס האָט זיך ארויסגעוויזען, דאָס גלייכצייטיג איז אין ווילנע אויך ארעס־טירט געוואָרען יאָגיכעס. די באַשולדיגונג געגען אונז איז געווען — פּראָפּאַגאַנדע צווישען ארבייטער און אינטעליגענץ און פאַרבינדונגען מיט אויסלאַנד. ווילנער חברים האָבען אין עטליכע מאָנאַטען ארום צו מיר צוגעשיקט איינעם, וואָס האָט דאַמאָלסט גענומען א נאָהענ־טען אנטייל אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין ווילנע — דעם נאָכהער באַוואוסטען עס־ער מענדעל ראָזענבאַום. די חברים האָבען דורך איהם פאָרגעלייגט אז איך זאָל אַוועקפאָהרען אין אויס־לאַנד, ווייל זיי האָבען מורא געהאַט, אז מען וועט מיך, אלס מי־ליטער מענש, משפט׳ן אין א מיליטערישען געריכט. איך האָב זיך ענטזאָגט פון דיזען פאָרשלאַג, ספּעציעל ווייל די באַשולדיגונג געגען מיר האָט זיך באַצויגען צו דער צייט, איידער איך בין אריינגעטראָ־טען אין מיליטער דינסט. און ווירקליך, איך בין אָפּגעקומען מיט דעם, וואָס איך בין געווען אונטער „נאַדזאָר״ ביז צו ענדע פון מיין מיליטער דינסט, און יאָגיכעס איז אין גיכען ארויסגעלאָזען געוואָרען, ער איז דאַכט זיך פאַר׳משפט געווען צו זיצען 4 מאָנאַטען. גראָץ׳ס באַווייזען, ווי עס ווייזט אויס, זיינען געווען צו שוואַכע, בפרט

אז מען האָט ניט ביי מיר, ניט ביי יאָגיכעס'ען ביים „אָביסק" ניט געפונען קיינע אונלעגאַלע זאכען.

גראַץ, מיט וועמען עס האָבען איבערגעריסען אַלע זיינען געוועזענע חברים און נאָהענטע פריינד (צווישען זיי אויך ל. א. אקסעלראָד) איז וואָס א מאָל געפאַלען אַלץ נידעריגער. זייענדיג אין בערלין האָט ער אָנגענומען דעם פּראוואָסלאַוונעם גלויבען, איז געוואָרען א מיטארבייטער פון אנטיסעמיטישען „ווילענסקי וועסטניק". זיין „גלענצענדע" קאַריערע האָט ער פאַרענדיגט מיט זעלבסטמאָרד.

יעצט וועגען די קרייזלעך. עס זיינען געווען קרייזלעך פון אינטעליגענטען. פון זיי געדענק איך איינעם אָן וועלכען עס זיינען געווען אָנגעשלאָסען די לעהרער גאָזשאַנסקי, בליומקין, חייקין, וועלכע פלעגען זיך צוזאַמענקומען ביי מיר אין צימער. וואָס מען האָט געלעזען געדענק איך ניט גענוי. דאכט זיך לאַסאַל'ס פּראָגראַם פון ארבייטער אדער דאָבראָליובאָוו'ס ארטיקעל וועגען ראָבערט אָוען. פון וועלכער ריכטונג זיינען מיר געווען? מיר זיינען שוין ניט געווען קיין נאַראָדאָוואָלצעס. איך געדענק באַשטימט, דאָס אין זומער פון 1887-טען יאָהר איז מיר אויסגעקומען צו דיסקוטירען וועגען „אונזערע מיינונגס-פאַרשידענהייטען"; איך האָב העפטיג פאַרטיידיגט די גערעכטיגקייט פון פּלעכאַנאָוו'ען. מיר האָבען זיך דאַמאַלסט ניט גערופען סאָציאַל-דעמאָקראַטען. מיר האָבען זיך באַטראַכט פאַר „ראַדיקאַלע מאַרקסיסטען". די דאַמאַלסדיגע רעוואָלוציאָנערען פלעגען זיך רופען — ראַדיקאַלען. די מערהייט האָט סימפּאַטיזירט מיט דער נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ, פאַרטיידיגט די סוביעקטיווע מעטאָדען אין דער געשיכטע (מיכאַילאָווטשינאַ), פאַרטיידיגט טעראָר. א קליינע מינדערהייט איז געווען געגען טעראָר, געווען נאָכפאָלגער פון פּלעכאַנאָוו'ס לעהרע. יאָגיכעס, ניט זייענדיג קיין נאַראָדאָוואָלעץ, האָט אנערקענט טעראָר. מען דאַרף ניט פאַרגעסען, דאָס אין יענע צייטען האָט אויך די גרופּע „אָסוואָבאָזשדעניע טרודא" אָנגעהאַלטען אין איהר פּראָגראַם דעם פּונקט פון טעראָר; ל. יאָגיכעס האָט געטרוימט, אז אונזערע בעסטע טוער וועלען ווערען טעראָריסטען. נאָר דאָס זיינען געווען בלויז רייד, ווייל אונזער גאַנצע ארבייט האָט שוין דאַמאַלסט געטראָגען א סאָציאַל-דעמאָקראַטישען כאַראַקטער און וועגען טעראָר האָט מען וויניציג גערעדט. איך פערזענליך בין צו יענער צייט געווען דער שטאַרקסטער געגנער פון טעראָר. עס זיינען שוין דאַמאָלסט געווען די בראָשורען: „אונזערע מיינונגס-פאַרשידענהייטען", פון פּלעכאַנאָוו, „קאָמוניסטישער מאַניפעסט", פון מאַרקס און ענגעלס, „געדונגענע ארבייט און קאַפּיטאַל", „סאָציאַליזם און פּאָליטישער קאַמף", פון פּלעכאַנאָוו און אַנדערע, וועלכע מיר האָבען גרינדליך שטודירט. עס איז אמת, אז מיר האָ-

בען דאמאלסט געקראָגען די גאַנצע ליטעראַטור פון די נאראָדאָ־וואָלצעס, ווי „וועסטניק נאראָדנאַי וואָלי", דעם זאַמעלבוך „נאַראָדיניע", „קאַלענדאר נאראָדנאַי וואָלי", די ביאָגראַפיעס פון זשעליאַבאָוו, פעראָווסקאַיא, באַרדינא, כאַלטורין און אנדערע, נאָר די אַלע אויסגאַבען האָט מען ניט שטודירט, זיי האָבען געשפּילט די ראָלע פון בעלעטריסטיק, אַנציהענדיג און פאַרשטאַרקענדיג דעם רעוואָלוציאָנערען גייסט פון אונזער אינטעליגענץ. מיר זיינען באַגייסטערט געוואָרען און האָבען זיך געהאָדעוועט אויף די העראָאישע טאַטען פון די נאראָדאָוואָלצעס, נאָר צו זייערע טעאָריעס זיינען מיר שוין געווען טויב.

איסאַי אייזענשטאַדט איז אַ לאַנגע צייט געבליבען דער פאַר־



זשעניא וואָלפסאָן-קאַץ און איהר מאַן, לאַזאַר קאַץ.

טיידיגער פון סוביעקטיווע מעטאָדען אין דער געשיכטע, ניט זייענדיג קיין נאראָדאָוואָלעץ. דאכט זיך אין 1891-1892 איז ער אַריבער צום מרקסיזם.

ביי יאָגיכעס'ען זיינען פאַרבליבען געוויסע פאַרבינדונגען ביים גרענעץ, נאָר פאַר דער גאַנצער צייט האָבען מיר דורך איהם ניט געקראָגען קיין איינציגען טראַנספּאָרט. אָבער ער פלעגט קריגען ליטעראַטור אין אַ קליינער צאָל דורך אונזערע אפיצערען פון פּעטערבורג. איך האָב באַקומען ליטעראַטור פון מינסק. אויסער דעם, פלעג איך אויך באַקומען פון ווארשא. איך געדענק, אז זשעניע קאַץ־וואָלפסאָן, מיטגלידערין פון מיין ווילנער קרייזעל, האָט מיך צוזאַמענגעפיהרט מיט איינעם סלאָנימסקי פון ווארשא, וועלכע האָט סימפּאַטיזירט מיט אונזער באַוועגונג און דורך וועמען איך האָב באַקומען

צוויי גרויסע טראַנספּאָרטען פון אונלעגאַלע אויסגאַבען. צווישען די אויסגאַבען זיינען געווען עטליכע אידישע ביכלעך פון לאָנדאָן, אָבער לויט זייער שפּראַך זיינען זיי ניט געווען צוגעפּאַסט פאַר אונזער אַר־בייט. די טראַנספּאָרטען האָבען מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ געמיש אויסגאַבען פון די נאַראָדאָוואָלצעס און אַ פאַרהעלטניסמעסיג קליינע צאָל סאָציאַלדעמאָקראַטישע, הויפּטזעכליך פון דער גרופּע „אָסוואָ־באָזשדעניע טרודאַ". אַ באַדייטענדע טייל פון דער אונלעגאַלער לי־טעראַטור האָבען מיר פאַרנאַנדערגעשיקט אין אַנדערע שטעדט. אין די ווייטערדיגע יאָהרען האָבען מיר אָנגעהויבען באַקומען, פאַר יענער צייט, אַן אומגעהייער גרויסע צאָל ליטעראַטור דורך קאָנטראַבאַנדיסטען און דורך אונזערע גרענעץ־חברים — בערשטער.

נאָכדעם ווי איך האָב פאַרענדיגט מיין מיליטער דינסט בין איך ווייטער צוגעטראָטען צו רעוואָלוציאָנערער אַרבייט. אַ געוויסע צייט איז מיר אויסגעקומען אַרבייטען אַליין, פאַרבייטען די פאַרנאַנדער־געפאַלענע פריהערדיגע צענטראַלע אָרגאַניזאַציע. מיט דעם קומען אין ווילנע פון א. קרעמער און אייזענשטאַדט איז ביסלעכווייז אויסגע־וואַקסען אַ נייע אָרגאַניזאַציע, אין וועלכער עס זיינען אַריינגע־גאַנגען אונזערע בעסטע אינטעליגענטען; אויסער אונז דרייען, זיי־נען געוואָרען מיטגלידער פון דעם קאָמיטעט, פּ. סרעדניצקאַיאַ, דזשאָן מילל, פּאָליאַ גאָרדאָן, ציליאַ קאַרטשמאַר און אין 1892 אויך סאַ־מואיל גאָזשאַנסקי. פון דער דאַמאָלסטדיגער אינטעליגענץ, וואָס האָט געאַרבייט אין דער באַוועגונג, געדענק איך אַלבערט זאַלקינד, יאַקאָוו וויטקינד, בערטאַ קרעמער, ס. רעזניק, ס. בלומענפעלד, פּאַוועל בער־מאַן און פּוזירענסקי. פון די אַנדערע שטעדט מיט וועלכע מיר האָ־בען אָנגעהאַלטען די אָדער יענע פאַרבינדונג קען איך אָנווייזען קיעוו, כאַרקאָוו, דאָרפּאַט, וואַרשאַ, מינסק, פּעטערבורג, סמאַרגאָן, וויטעבסק. אין די אוניווערזיטעט־שטעדט איז די פאַרבינדונג אָנגעהאַלטען גע־וואָרען דורך ווילנער סטודענטען.

אין די קרייזלעך פון דער ווילנער אינטעליגענץ זיינען געווען אַרום 60־70 מיטגלידער. איך האָב אין זינען די אינטעליגענטען, וועלכע האָבען זיך באַטראַכט פאַר רעוואָלוציאָנערען, האָבען געלעזען אונלעגאַלע ליטעראַטור און געהאָלפען אונז אין אונזער פּראָפּאַגאַנדע און אַגיטאַציע־ליטעראַטור. די מעהר נעהענטערע זיינען באַשטאַנען פון אַרום 15־20 מענשען. זיי האָבען אונז געהאָלפען אויך אין מעהר קאָנספּיראַטיווער אַרבייט.

פון די סטודענטען, וועלכע האָבען געדינט אַלס אונזער פאַרבינדונג מיט אַנדערע שטעדט, דערמאָן איך זיך אויף איזראַיל פּעסקין, יאַקאָוו ליאַבאָווסקי, יאַקאָוו וויטקינד, א. אַנטאָקאָלסקי, ראָמאַן ראָזענבערג.



איזראַיל פּעסקין



דר. י. מ. ליאַכאָווסקי, געשט.
אין ניו יאָרק, יולי, 1933.



סאָלאָמאָן מענאַקער



יאַקאָוו קאָרטשמאַר.

אין די ארבייטער קרייזלעך אין 1891 זיינען ביי אונז געוועזן מיני־מום 150 מענשען, יעדער קרייזעל איז באשטאנען געוועהנליך פון 10-5 מיטגלידער. איין קרוזשאק האט ניט געדארפט וויסען וועגען דעם אנדערען, אם ווייניגסטענס וועגען דעם צוזאמענשטעל פון זיינע מיטגלידער.

פון די מעהר אנגעזעהענע ארבייטער פון יענעם פעריאד קען איך דערמאנען וואסקא קאמערמאכער, ליובא יוזעפאוויטש, בערטא און גוסטא וואלפסאן, יעלענא געלפאנד, פאניא לעווין, מיכאיל ליפ־שיץ, יאקאוו זאגאטאווטשיק, סאלאמאן מענאקער, יאסיף אסווארין. אין די ערשטע קרוזשאקען זיינען געוועזן נאך צוויי — זעצער — גאל־פערין און גאלאמב, וועלכע זיינען אריבערגעפאהרען אין קיעוו. זיי זיינען אריינגעטראטען אין דער ארגאניזאציע פון דאקטאר אבראמא־


בערטא וואלפסאן


גוסטא וואלפסאן

וויטש. זיי זיינען דורכגעפאלען צוזאמען מיט איהם און פארשיקט געווארען אין סיביר.

אין די ערשטע יאהרען פון 1887-1889 האט ביי אונז געארבייט איינער פון די בעסטע און איבערגעבענסטע טוער פון רעוואלוציא־נערען טאט, א זעצער, ראפאאיל סווערדלאוו — א מינסקער. ער האט געארבייט צווישען זעצער און אנדערע פראפעסיעס און צוגעצויגען אין די קרוזשאקס פיל מיטגלידער. זיין איבערגעבענהייט, אפענהאר־ציגקייט, האט געהאט א גרויסע ווירקונג אויף אונזערע חברים. ער איז געוועזן א שילער פון אבראמאוויטש'ן, מיט וועלכען ער האט מיך

צוזאמענגעפיהרט. געשטאָרבען איז סוועדלאָוו אין 1889*) פון טובער־קולאָז. צו זיין אָנדענק איז ביי אונז אָרגאַניזירט געוואָרען די ערשטע רעוואָלוציאָנערע פאַרזאַמלונג, אויף וועלכער עס זיינען געווען אנוועזענד 50-60 מענשען.

די סטרייק־באַוועגונג האָט זיך ביי אונז אָנגעהויבען נאָך אין 1888. איך רייד וועגען אַ סטרייק באַוועגונג, וואָס איז אָנגעפיהרט געוואָרען דורך אָרגאַניזאַציעס. אין דער צייט ווען איך האָב גע־דינט אין מיליטער אין סווענציאַן, איז אין ווילנע פאָרגעקומען די ערשטע סטאַטשקע (סטרייק) פון 30 זעצער אין סירקין׳ס דרוקעריי, אונטער דער פיהרערשאַפט פון יאָגיכעס. די סטאַטשקע האָט זיך דאַכט זיך פאַרענדיגט ערפאָלגרייך. עס זיינען געווען קליינע סטאַטש־קעס אין האַנדווערקער ווארשטאַטען ביי זאָקען מאַכער. עס זיינען געווען אויך גרויסע סטאַטשקעס ביי שניידער, נאָר דאָס איז פאָרגעקומען אַביסעל שפּעטער.

יעצט וועגען דער שפּראַך, אויף וועלכער מיר האָבען געפיהרט אונזער פּראָפּאַגאַנדע און אַגיטאַציע. פילע, אריינגערעכענט אויך גאָזשאַנסקי, האָבען געזאָגט, אַז מיר האָבען געפיהרט די אַגיטאַציע אין רוסיש. ריכטיג. אָבער וואָס פאַר אַ רוסיש איז דאָס געווען? מיר האָבען גענומען בראָשורען, ביכלעך, געלעזען דאָס אין רוסיש און איבערזעצט אין מייסטע פאַלען אין אידיש, אָדער ריכטיגער גע־זאָגט, מיר האָבען דאָס איבערגעקייט אין אידיש.

איך דערמאָן זיך וועגען איינעם פון מיינע ערשטע קרייזלעך, וואו מיר האָבען געלעזען די בראָשורע פון מאַרקס: „געדונגענע אר־בייט און קאַפּיטאַל״. דאָס איז געווען ערגעץ אויף די סאַפּיאַניקעס, אין אַ בוידעם־שטיבעל ביי סאָלאָמאָן מענאַקער. די מיטגלידער פון קרוזשאָק, וועלכע האָבען שלעכט, אָדער גאָר ניט פאַרשטאַנען קיין רוסיש, האָבען נאָך אַ 12־שעה׳דיגען ארבייטס־טאָג געדאַרפט זיך פאַרנאַנדערקלייבען אין אַ ביכעל, וואָס איז פאַר זיי געווען שווער, סיי לויט דעם אינהאַלט, סיי לויט דער שפּראַך. מיר זיינען געזעסען מאָנאַטען לאַנג איבער דעם ביכעל. און אויב איהר ווילט, האָבען מיר דאָס ניט געלעזען, נאָר וועגען באַזונדערע געדאַנקען, באַזונדערע אומשטענדען גערעדט פיל, וואָס עס האָט ניט געהאַט קיין נאָהענטע פאַרבינדונג מיט׳ן אינהאַלט. דאָס האָט גיכער געדינט אַלס טעמע

*) א. ליעסין באַהויפּטעט אין זיין ארטיקעל אין דיזען בוך, „די ערשטע געהיימע פאַרזאַמלונג אין ווילנע״, אַז דער רעוואָלוציאָנער סוועדלאָוו איז געשטאָרבען אין יאָהר 1890. אין דעם זאַמעלבוך „25 יאָהר זאַמעלבוך״, פאַר־לאַג „די וועלט״, וואַרשע, 1922, ארויסגעגעבען צו דעם 25 יאהריגען יו־בילעאום פון „בונד״ איז אָנגעגעבען אַז אין יאָהר 1891 איז געווען אין ווילנע די ערשטע מאסען־פאַרזאַמלונג (דריי הונדערט מאַן) ארויסגערופען דורכ׳ן טויט פון דעם זעצער סוועדלאָוו.—רעד.

פאַר אונזערע געשפּרעכען. און גערעדט האָבען מיר ווי איינער האָט געקענט: אויף רוסיש, אויף אידיש, ריכטיגער — אויף „אידיש־רוסיש”, אָדער „רוסיש־אידיש”.

זאָבאָוו'ס „געשפּרעכען וועגען נאַטור” האָב איך געלעזען אין קרייזעל אויף רוסיש, ערקלערען איז מיר אויסגעקומען אויף אידיש.

אין די העכערע קרייזלעך, וואו עס האָבען גענומען אַן אַנטייל ארבייטער, וועלכע האָבען געקענט ניט שלעכט רוסיש, האָבען מיר גערעדט אויף רוסיש. אָבער אַזעלכע ארבייטער זיינען געווען פאַר־העלטניסמעסיג ווייניג, — צעהנדליגע, אָבער ניט קיין הונדערטע.

עס איז ריכטיג, אַז מיר האָבען געגרינדעט קרייזלעך צו לערנען די רוסישע שפּראַך. מיר זיינען אַנטקעגען געגאַנגען דער שטאַרקער שטרעבונג פון די דאַמאַלסדיגע אידישע מאַסען פאַר וויסען. אידישע ביכלעך וועגען וויסענשאַפטלעכע פראַגען זיינען דאַמאַלסט ניט געווען. מיר האָבען זיי געזוכט, מיר האָבען געפּרובט אין אָנפאַנג פון די 90־ער יאָהרען זיי שאַפען, אין ווארשא און אין ווילנע. אָבער מיר האָבען ניט געהאַט ניט די נויטיגע קרעפטען, ניט די קענטשאַפט. ערשט אין מיטען פון די 30־ער יאהרען האָט זיך דאָס אָנגעהויבען פאַרווירקליכען. אָבער דאָס איז שוין שייך צו דעם וויטערדיגען פעריאָד.

מיר האָבען געגרינדעט די לערן־קרייזלעך הויפּטזעכליך און אָפּט־מאָל מיט דעם איינציגען ציל צו געפינען איינצעלנע, מעהר פּאַסענדע מיטגלידער פאַר די קרייזלעך פון העכערען טיפּ, וואו מיר פלעגען אַרי־בערגעהן צו דער באַהאַנדלונג פון געזעלשאַפטליכע און רעוואָלוציאָ־נערע פראַגען. אמת, איינינגע פון די קרייזלעך האָבען זיך טאַקע אויס־געלערענט די שפּראַך, אָבער דאָס זיינען געווען איינצעלנע פאַלען.

מיר זיינען דאַמאַלסט געווען אַסימילאַטאָרען, מיר האָבען דאַן ניט געטרוימט אפילו וועגען אַ ספּעציעלע אידישע מאַסען־באַוועגונג. די פּראָבלעם איז ערשט ארויפגעשוואומען שפּעטער. אונזער אויפגאַבע איז געווען צוצוגרייטען „רעקרוטען” פאַר דער רעוואָלוציאָנערער באַ־וועגונג, דערנעהנטערען זיי צו דער רוסישער קולטור. ניט געקוקט אויף אונזער אַסימילאַטאָרישקייט, האָבען מיר דאָך שטענדיג געזוכט מעגליכקייטען צו געהן צו די מאַסען מיט דער אידישער שפּראַך. אין אָנפאַנג פון די 90־ער יאָהרען, האָבען מיר שוין איבערזעצט אין אידיש ציימונגס אַרטיקלען אויף טעמעס פון דעם דאַמאַלסדיגען רוסישען און אינטערנאַציאָנאַלען לעבען, ליטאָגראַפירט זיי פאַר פאָרלעזונגען אין די קרייזלעך.

אין וואָס איז באַשטאַנען אונזער פּראָגראַם אין די דאָזיגע קרייז־לעך? זי איז געווען פּונקט אַזוי ווי די פּראָגראַם, וועלכע איז דורכ־געפיהרט געוואָרען אין די רוסישע קרייזלעך. ווען איהר וועט דורכ־

לעזען די ערינערונגען פון לעאָניד קראסין וועגען פעטערבורגער קרייזלעך אין אָנפאנג פון די 90־יאָהרען, וועט איהר איבעראשט ווערען מיט כמעט דערזעלבער עהנליכקייט. מיר האָבען אָנגעהויבען שיר־ניט מיט דער ענטשטעהונג פון אונזער פלאנעט, מיט דער ענטשטעהונג פון דאָס לעבען אויף דער ערד, אריבערגעגאנגען צו דארווין׳ס טעאָריע, צו דער פרימיטיווער געזעלשאפט, ענטשטעהונג פון קלאסען און מלוכות", צו דער געשיכטע פון קנעכטשאפט, לייב־אייגענטום (קרעפאָסטניטשעסטוואָ), ענטשטעהונג און ענטוויקלונג פון דער קאפיטאליסטישער אָרדנונג, און נאָכהער צו דעם וויסענשאפטלעכען סאָציאליזם און דער געשיכטע פון דער רעוואָלוציאָנערער באוועגונג אין רוסלאנד. ל. יאָגיכעס איז אין זיינע ערשטע קרייזלעך געגאנגען נאָך ווייטער, ער האָט געלערענט די ארבייטער אנאטאָמיע. איך ווייס, אז ער האָט געשלעפט צו זיינע קרייזלעך טיילען פון א מענשליכען סקעלעט.

אין דעם איבערגאנג־פעריאָד צו מאסען־אגיטאציע האָט די אידישע שפראך געדארפט ווערען און איז פאקטיש געוואָרען די הערשענדע. די נאציאָנאלע פראגע האָט זיך ביי אונז קיין מאָל ניט געשטעלט. מיר זיינען געווען אסימילאטאָרען, האָבען גערעדט וועגען בירגערליכע רעכט פאר אידען אלס רעזולטאט פון דער אלגעמיינער רוסישער רעוואָלוציע. עס איז אויך ניט ריכטיג, אז מיר האָבען ניט געקעמפט מיט דעם ציוניזם.

כדי צו בלייבען אין ווילנע (איך בין געבליבען נאָכ׳ן אוועקפאָהרען פון חבר טישקא און אנדערע חברים — דער איינציגער אָנפיהרער), האָב איך געדארפט אָנקומען אין א צאָהן־דאָקטאָר שולע. דאָרטען האָט זיך ארויסגעוויזען א שטארקע גרופע ציוניסטען בראש מיט טיאָמקין׳ען. מיט דער גרופע איז מיר אויסגעקומען פיהרען זייער א העפטיגען קאמף פאר דער ווירקונג אויף דער אידישער אינטעליגענץ אין ווילנע, און נאָכהער אין ווארשא. און מען דארף זאָגען, אז אין די ערשטע יאָהרען האָבען די ציוניסטען געהאט ווינציג ערפאָלג. וואָס אנבאלאנגט די ארבייטער, זיינען זיי געווען זייער ווייט פון ציוניזם, און די פראגע האָט זיי ווייניג אינטערעסירט.

דער קאמף מיט די ציוניסטען האָט זיך נאָכהער אריבערגעקליבען אין די סטודענטישע קאָלאָניעס אין אויסלאנד — בערלין, בערן, און אנדערע שטעדט.

אָנפאנגענדיג מיט 1892־טען יאָהר, האָבען זיך ביי אונז פארשארפט די באציהונגען מיט די פוילישע סאָציאליסטען און די נאַראָדאָווע סאָציאליסטען, און נאָכהער מיט „פע־פע־עס". אין 1892־1893 פלעגט קומען צו פאָהרען אין ווילנע דער יעצטיגער פאשיסטי־

שער דיקטאטאר פילסודסקי. ער האט אונז ווען־ניט־ווען געבראכט אונלעגאלע ליטעראטור.

די קאנספיראטיווע גרופע, וועלכע האט געהאט פארבינדונגען מיט אויסלאנד, און פלעגט באקומען אויף וויפיל איך געדענק ליטעראטור, איז באשטאנען פון א. קרעמער, סרעדניצקאיא, און מיר אליין. איך און קרעמער פלעגען זיך טרעפען מיט פילסודסקי׳ן. מיר האבען פארבראכט, געדענק איך, עטליכע אווענטען אין געשפרעכען מיט איהם וועגען דער אידישער פראגע. זיין קוק, ווי פון אלע דאמאלסדיגע פע־פע־עסאווצעס, קען פארמולירט ווערען אויף דעם פאלגענדען אופן: „איהר, אידישע סאציאליסטען, זייט רוסיפיקאטארס, איהר דארפט איבערבייטען אייער רוסישע אריענטאציע אויף א פוילישע, אויסלערנען זיך פויליש, פיהרען פראפאגאנדע און אגיטאציע הויפטזעכליך אין דער פוילישער שפראך; איהר דארפט געהן האנד אין האנד נאר מיט דעם פוילישען פראלעטאריאט, און ניט מיט דעם רוסישען, אונטערשטיצען די אידעע פון פוילען׳ס אונאפהענגיגקייט, און אז. וו."

דער אונטערשיד פון אידעען ביי די פוילישע און אידישע סאציאליסטען איז געווען א געוואלדיגער.

אין איינעם פון די נומערען „פשעדסוויט" איז ערשינען אן ארטיקעל, וועלכער איז צוגעשריבען געווארען צו דער פעדער פון פילסודסקי, אין וועלכען דער שרייבער האט שיר ניט געסטראשעט מיט פאגראמען אויף אידען מצד די פוילישע מאסען אלס ענטפער אויף אונזער רוסיפיקאטארישע פאליטיק.

די ערשטע קאסעס אונזערע, געגרינדעט אין 1887-1888 זיינען געווען אויסשליסליך זעלבסטהילף קאסעס; זיי זיינען שטופענווייז און אונבאמערקט אין פארלויף פון עטליכע יאהר פארוואנדעלט געווארען אין קאמף און סטרייק ארגאניזאציעס. אין די ווייטערדיגע יאהרען זיינען נייע קאסעס געשאפען געווארען אויסשליסעך אלס קאמף־ארגאניזאציעס.

די ערשטע קאסעס האבען עקזיסטירט ביי זעצער, זאקען מאכער, שניידער, שלאסערס, פאפיראסען מאכער. נאר אין עטליכע פראפעסיעס האבען זיי ארומגעכאפט מעהר ווי הונדערט מיטגלידער.

אונזער צענטראלע ארגאניזאציע האט באטראכט די קאסעס אין דעם ערשטען פעריאד פון זייער עקזיסטענץ, הויפטזעכליך ווי א סביבה, פון וועלכער מען פלעגט ווערבירען מיטגלידער פאר די לערן־קרייזלעך. מאנכע פון זיי זיינען נאכהער אויסגעקליבען געווארען פאר די קרייזלעך וואס האבען אנגעפיהרט דיווירקליכע סאציאליסטישע פראפאגאנדע.

אין די אידישע שטעדט און שטעטלעך איז געווען שטארק

פאַרשפּרייט די זאַקען אינדוסטריע. עס זיינען געווען וואַרשטאַטען פון שניידער און מאָדיסטקעס (דאַמען היט). דאָרטען האָבען גע־אַרבייט הונדערטער און טויזענטער מיידלעך, די מייסטע פון וועל־כע האָבען זיך געפונען אויף אַ זייער נידעריגער קולטורעלער מדרגה, די מערהייט פון זיי איז באַשטאַנען פון קינדער פון דער קליין־בור־זשואַזי — ווי דאָס איז מערסטענס געווען דער פאַל אין די פאַבען, און האָבען באַקומען זייער אַ קליינע בילדונג פאַר'ן אָנקומען אין די וואַרשטאַטען. אין יענע צייטען האָט די אידישע באַפעלקערונג גע־קוקט אויף פיזישע אַרבייט פון אויבען אַראָפּ, באַטראַכטענדיג דאָס וואָרט „שוסטער", „שניידער" פאַר אַ באַליידיגונג. עס איז ניט מיאוס געווען צו זיין אַ יאַוועליר, אַ זאַגאָטאָווטשיק, אַ נאַבאָרשטשיק (זע־צער). נאָר געציילטע אַרבייטער זיינען געשטאַנען אויף אַ העכערען שטאַפּעל. מיט דעם ערקלערט זיך דער צושטאַנד, וואָס אַלס פּיאָ־נערען פון אונזער באַוועגונג זיינען געווען זעצער, זאַגאָטאָווטשיקעס, סלעסאַרעס, יאַוועלירער. די אַרבייט פון מיידלעך איז שרעקליך קליין באַצאָהלט געוואָרען און זיי האָבען געאַרבייט אונטער שווערע באַ־דינגונגען. זאָקען מאַכער, פּאַפּיראָסען מאַכער זיינען אונטערוואָרפען געווען דער שרעקליכסטער עקספּלואַטאַציע און נאַטירליכערווייזע האָבען זיי זיך שנעלער צוגעהערט צו אונזערע רייד. די שטרעבונג צום לערנען און וויסען איז ביי די מיידלאַך געווען אינטענסיווער ווי ביי די מענער, דער מאָראַלער צושטאַנד אויך העכער ווי ביי די מענער.

עס דאַרף דאָ באַמערקט ווערען, דאָס ביים ענדע פון 1889־טען יאָהר און אין אָנהויב פון 1890־טען יאָהר, איז די צענטראַלע אָר־גאַניזאַציע באַשטאַנען פון נייע אָנגעקומענע פּערזאָנען: איסאַי איי־זענשטאַדט, א. קרעמער און פּ. סרעדניצקאַיאַ. דער ערשטער האָט דאַמאָלסט געאַרבייט אויסשליסליך צווישען דער אינטעליגענץ און האָט אין פאַרלויף פון 1־2 יאָהר ניט געקענט זיך ענטזאָגען פון זיין אָנהייגערשאַפט צו סוביעקטיווע פאַקטאָרען אין דער געשיכטע און טעאָריע פון ה. ק. מיכאַילאָווסקי.

ווילנע האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ גרויסען האַנדעלס צענ־טער און אַ שטאָט, וואו עס האָבען זיך קאָנצענטרירט אידישע טאַלמודיסטען. די 80־ער און 90־טער יאָהרען זיינען געווען פאַר־העלטניסמעסיג רוהיגע, פון רעוואָלוציאָנערען שטאַנדפונקט. ניט האָ־בענדיג קיין גרויס־אינדוסטריע און ניט קיין אוניווערזיטעט, איז ווילנע געווען די שטאָט, וואו די רוסישע רעגירונג פלעגט פאַרשיקען סטו־דענטען סאָציאַליסטען, וועלכע זיינען באַשולדיגט געוואָרען אין קליינע רעוואָלוציאָנערע פאַרברעכענס. אזוי איז אהין אריינגעפאַלען קרעמער, מאַרטאָוו און אַנדערע.

דורך ווילנער סטודענטען און איינצעלנע ארבייטער־פּאַכלייט, וועל־כע האָבען זיך אריבערגעקליבען אין אַנדערע שטעדט, האָט זיך אונז איינגעגעבען צו פאַרבינדען מיט די אוניווערזיטעט שטעדט — פעטער־בורג, מאָסקווע, קיעוו, קאַזאַן און כאַרקאָוו.

אויסער די גימנאַזיעס און דער רעאַל שולע האָט אונז געליפערט אינטעליגענץ דער אידישער לעהרער אינסטיטוט.

אויסער דעם האָבען די ישיבה'ניקעס אונז געגעבען אַ גרויסע צאָל, אַזוי צו זאָגען, האַלבע אינטעליגענטען, וועלכע האָבען געקענט די אידישע שפּראַך בעסער ווי די פּראָפּאַגאַנדיסטען פון דער אינטעליגענץ און וועלכע זיינען לויט די אומשטענדען פון זייער לעבען געשטאַנען נעהענטער צו די אידישע ארבייטער מאַסען.

אין אָנפאַנג פון די 90־ער יאָהרען האָט אונזער רעוואָלוציאָנערע טעטיגקייט אַרומגעכאַפּט מעהרערע געגענדען פון די מערב'דיגע גו־בערניעס און טיילווייז פון דעם פּוילישען קעניגרייך.

אין מיטען פון 1891־טען יאָהר בין איך אריבערגעפאָהרען אין וואַרשאַ, האָב זיך פאַרבונדען דורך די ווילנער סטודענטען (א. פּעסקין און אַנדערע) מיט פּוילישע חברים. נאָך מיין אַרעסט צום ענדע פון זעלבען יאָהר האָבען דאַמאַלסט געאַרבייט די ווילנער א. זאַל־קינד, א. אַנטאָקאָלסקי, דזשאַן מילל און אַנדערע.

די דאַמאָלסדיגע פּוילישע אַרבייטער באַוועגונג און הויפּטזעכ־לעך דער דאַמאָלסדיגער אַרבייטער פאַרבאַנד „זוויאָנזעק ראָבאָטניטשי", וועלכער איז אין די פראַגען פון טאַקטיק געשטאַנען אויפ'ן באָדען פון „עקאָנאָמיזם", האָט אָהן ספק געווירקט אויף דעם שטאַנדפּונקט פון די ווילנער בנוגע דער טאַקטיק. אָט די ווירקונג האָט זיך אָפּ־געשפּיגעלט אין דער בראָשורע „וועגען אַגיטאַציע" און אַנדערע אויס־גאַבען פון די ווילנער סאָציאַל־דעמאָקראַטען. עס איז אָן ספק אויך, דאָס די ווילנער האָבען ניט וויניג מיטגעהאָלפען אין דער פאַר־שפּרייטונג פון אַזאַ שטאַנדפּונקט אויך אין אַנדערע שטעדט.

איך וויל דאָ בקיצור אָנריהרען די מינסקער רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג. אין אַלגעמיין גערעדט, קען דאָס אויסקומען מאָדנע: מיר באַטראַכטען ווילנע פאַר דעם צענטער, וואו עס האָט זיך אָנגעהויבען די אידישע אַרבייטער באַוועגונג, און אין דער ווירקליכקייט האָט זיך אין מינסק די באַוועגונג צווישען אידישע אַרבייטער אָנגעהויבען נאָך פריהער. זיינען מיר גערעכט? מיר זיינען גערעכט, ווייל אין ווילנע איז די באַוועגונג אָנגעגאַנגען אָהן איבעררייסען, זי האָט באַשאַפען איינגעפונדעוועטע טראַדיציעס, זי איז געווען אַ מאַסאָווע באַוועגונג מיט אַ פּראַקטישער פּראָגראַם. אויב מיר זיינען ניט געווען קיין „ריינע" סאָציאַל־דעמאָקראַטען, איז אַזאַ נייגונג ביי אונז געווען פון סאַמע אָנפאַנג. וואָס אַנבאַלאַנגט מינסק, האָט זיך דאָרטען די באַ־

וועגונג אָנגעהויבען מיט צוויי יאָהר פריהער. דאָרטען זיינען געוועזען קרייזלעך, עס זיינען געוועזען קאָאָפּעראַטיווע ארטעלען, אין דיזע קרייזלעך זיינען געוועזען הונדערטער מענשען, נאָר די באַוועגונג האָט זיך שטארק פארנאנדערגעבליהט אין 1888־1899 יאהרען. זי האָט זיך פארנאנדערגעוואקסען דערפאר, ווייל ביי זיי איז ניט געוועזען קיין באַשטימטע פּראָגראם. דאָס זיינען געוועזען האַלבע נאַראָדאָוואָלצעס, האַלבע עס־דעקען, וואָס האָבען געגלויבט אין דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג, האָבען געבויט קאָאָפּעראַטיוען, ווארשטאַטען, ארטעלען. ארעסטען האָבען געהאַט זייער ווירקונג. איינער פון די פאָרשטעהער פון דער דאמאלסטיגער אינטעליגענץ, יצחק אייזיק הורוויטש, אוועקפאָהרענדיג אין אמעריקע, האָט מיר געזאָגט וועגען דעם, אז די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג אין רוסלאַנד דאַרף אָפּשטארבען אויף איין דור: עס דאַרף אויסוואקסען א נייער, וועלכער וועט פאָרטזעצען אונזער ארבייט מיט נייע קרעפטען און מיט א נייע סאָציאַלדעמאָקראַטישע פּראָגראם; דערווייל האָבען די אידישע ארבייטער געדארפט זיך באַזעצען אין אמעריקע. אָט דאָס פּרעדיגען האָט געהאַט א שעדליכע ווירקונג, דערפאַר מאַקע ווען אין 1892־טען יאָהר איז געקומען פאַוועל בערמאַן אין מינסק, האָט ער געפונען כמעט א פּוסטען אָרט. די איינציגע פאָרשטעהערין פון דער פריהערדיגער באַוועגונג, וואָס האָט געהאָלפען אָנהויבען נייע ארבייט, איז געוועזען יעווגעניא אדאָלפאָווגא גורוויטש.

## דזשאַן מילל.

# פון דער פּיאָנערען צייט.

(ערינערונגען פון דער אידישער ארבייטער באוועגונג אין ווילנע)



37 יאָהר זיינען פארגאנגען זינט דער „אַל־געמיינער אידישער ארבייטער בונד אין ליטע, פוילען און רוסלאנד" איז געגרינדעט געווארען. אָבער די אידישע סאָציאליסטישע באוועגונג, ווי באוואוסט, איז א סך עלטער. אפילו אין די 70טע יאָהרען פון פאָריגען יאָהרהונדערט האָבען שוין עקזיסטירט אידישע רעוואָלוציאָנערע קרייזלעך. אָבער זיי זיינען אין גאַנצען געווען אונטער דעם איינפלוס פון די רוסישע רעוואָלוציאָנערע גרופּען און זייער לעבען איז געווען קורץ: זיי זיינען פארשוואונדען צוזאמען מיט'ן דורכפאל פון די רוסישע גרופּען.

צום סוף פון די 80טע יאָהרען האָבען זיך שוין באוויזען אין ווילנע ניט נאָר עלעמענטען פון דער מאָדערנער אידישער סאָציאַליסטישער באוועגונג, נאָר אפילו פעסטע אָרגאניזאציעס. אמת, קליינע, נאָך אַלץ אונטער א געוויסען איינפלוס פון דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער פּארטיי „נאראָדנאיא וואָליא", אָבער דאָך שוין שטענדיג אויפ'ן באָדען, אויף וועלכען עס האט זעהר גיך אויסגעוואקסען און זיך ענטוויקעלט די באוועגונג, וואָס האט געבראכט צום „בונד".

אויף אזא אופן איז די וויגעלע פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אויף דער אידישער גאס געווען ווילנע.

מען דארף נישט און מען טאָר נישט מעסטען דעם פארנעם און די באַדייטונג פון די ערשטע שפּראָצונגען פון דער רעוואָלוציאָנערער ענערגיע פון די אידישע ארבייטער און אינטעליגענץ פון יענער צייט מיט די קאָלאָסאַלע ארבייטער־אָרגאניזאציעס און די גראנדיעזע מאסען־ארויסטרעטונגען פון היינט. מען דארף זיך פאָרשטעלען די באדינגונגען פון יענער צייט, ווען די אידישע מאסען זיינען געווען

אומוויסענד, רעליגיעז פאַנאַטיש, אָהן א קולטורעלער סביבה, אָהן ציי־טונגען, אָהן אירגענד וועלכע גייסטיגע באַדערפענישען. פּאָליטיש און נאַציאָנאַל זיינען זיי געוועזן אונטערדריקט פון צארישען רע־זשים, עקאָנאָמיש זיינען זיי אָוועקגעשטעלט געוואָרען דורך די אידישע עקספּלואַטאַטאָרען אין דער לאַגע פון כינעזישע קולים. זעלטען, זעל־



דזשאָן מילל אין די יונגע יאָהרען

טען פלעגט א אידישער ארבייטער אין ווילנע פאַרדינען 25 רובעל א חודש. מייסטענטיילס 14 ביז 20, און אָפט א סך ווייניגער און דאָס ביי 14—16 שעה ארבייט! אין אַזאַ אַטמאָספערע האָט אַן איינצעלנער טעטיגער סאָציאַליסט, א קלאַסען־באַוואוסטער בעל־מלאכה, א קליינטשינקע גרופּע פון רעוואָלוציאָנערען־ארבייטער פאַר־העלטניסמעסיג געשפּילט א באַדייטענדע היסטאָריש־פּאָליטישע ראָלע.

איך בין געקומען קיין ווילנע — און דאָס איז געווען אין יאָהר

1889 — פון פּאנעוועזש, קאָוונער גובערניע, צו ענדיגען דעם 7טען קלאַס רעאַל־שול. געקומען בין איך נישט אינגאנצען קיין „גרינער" אין די פראַגען פון אַרבייטער־באַוועגונג, פּאָליטישער קאַמף, סאָציאַ־ליזם. שוין אין פאנעוועזש, זייענדיג אין 4טען קלאַס פון רעאַל־שול האָב איך אָנגעהויבען אַנטייל צו נעמען אין אַ לויזע גרופּע פון שילער און פון עטליכע „ראַדיקאַל" געשטימטע פון דער אָרטיגער יוגענט. די גרופּע האָט זיך אָנפאַנג פאַרנומען מיט לייענען האַלב־לעגאַלע רוסישע ליטעראַטור, אָבער מיט'ן אָנקומען פון צ. קאָפּעלזאָן פון ווילנע, וועלכער איז אַריינגעטראָטען אין 5טען קלאַס, האָבען מיר זיך דערוואוסט וועגען די רוסישע רעוואָלוציאָנערען



צמח קאָפּעלזאָן אין די יונגע יאָהרען.

און זייער העלדישען קאַמף און וועגען פאָרטשריט פון דער סאָ־ציאַליסטישער באַוועגונג אין אויסלאַנד. עס איז איבעריג צו זאָגען, ווי שטאַרק דאָס האָט אונז פאַראינטערעסירט און וואָס פאַר אַ קאָלאָסאַלען איינדרוק דאָס האָט געמאַכט אויף אונז. מיר האָבען זיך אַ וואָרף געטאָן אויף די עטליכע בראָשורען און אויפ'ן זשורנאַל „וועסטניק נאַראָדנאַי וואָלי", וואָס קאָפּעלזאָן האָט שפּעטער אַביסעל געבראַכט מיט זיך. מיר האָבען דאָס פּשוט פאַרשלונגען. מיט גרויס אינטערעס פלעגען מיר זיך צוהערען צו די נייעס, וואָס ער פלעגט ברייגנען פון ווילנע נאָך די זומערדיגע אָדער ווינטערדיגע וואַקאַ־ציעס. דורך דעם און דורך זיין אויסזעהן איז זיין אויטאָריטעט ביי אונז געוועזען זעהר גרויס. כאָטש כמעט אין זעלבען עלטער, האָט ער אויסגעקוקט מיט 10 יאָהר עלטער פון אונז. צוליב זיינע גרויסע

וואַנצעס פלעגען מיר איהם רופען „פעלדפעבעל". אויף אונזער גרו־פע, וואָס איז נישט געווען נאַציאָנאַל איינהייטליך — זי איז באַ־שטאַנען פון איין רוס, עטליכע ליטווישע פּאָליאַקען, עטליכע אידען — האָט קאַפּעלזאָן אָהן ספק געהאַט אַ גרויסען איינפלוס. כמעט אַלע איהרע מיטגלידער האָבען שפּעטער אַ קורצערע אָדער לענגערע צייט געהערט צו פאַרשידענע סאָציאַליסטישע און רעוואָלוציאָנערע אָרגאַ־ניזאַציעס.

ווי באַוואוסט, איז קאַפּעלזאָן מיט עטליכע חדשים צוריק אי־בערגעפאָהרען געוואָרען פון אַן אויטאָמאָביל אין מאָסקווע און באַלד נאָכדעם געשטאָרבען.

גלייך נאָכ'ן אָנקומען קיין ווילנע האָב איך זיך באַקאַנט מיט עטליכע שילערס פון די גימנאַזיעס און רעאַל־שול, וואָס האָבען גע־האַט אַ שייכות צו דער אָנפאַנגענדער סאָציאַליסטישער ארבייט. עס האָט נישט געדויערט לאַנג און איך בין אריינגענומען געווארען אין זייער גרופּע. אפילו די ביבליאָטעק פון דער גרופּע איז אי־בערגעגעבען געוואָרען צו מיר. קיין אויסגעשפּראָכענע סאָציאַליסטען זיינען זיי נאָך נישט געווען, יעדענפאַלס נישט אַלע. זיי האָבען זיך געפונען אין סטאַדיום פון ענטוויקלען זיך, פון לערנען זיך. אָבער עטליכע פון זיי האָבען שוין געהאַט פאַרבינדונגען מיט איינ־צעלנע אַרבייטער און אויך מיט סטודענטען־סאָציאַליסטען, וואָס האָבען שטודירט אין אַנדערע שטעט פון רוסלאַנד.

איך געדענק נאָר עטליכע נעמען פון דער גרופּע: אינזשעניער ראַגאַלסקי, אַדוואָקאַט קאָזלאָווסקי, וואָס איז נאָך דער באָלשעוויס־טישער רעוואָלוציע געוואָרען אַ קאָמוניסט און ניט לאַנג צוריק געשטאָרבען אין לענינגראַד; דער אַרצט וויקטאָר שאַריי, וואָס איז אונטער'ן נאָמען ריזשאָוו געווען זעהר טעטיג אין דער רוסישער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג; אורבאַנאָוויטש, וואָס זייענדיג שפּעטער אַ סטודענט אין ציריכער אוניווערזיטעט, איז געוואָרען אַ זעהר טע־טיגער און באַוואוסטער פּ. פּ. ס.־אָוועץ, געשטאָרבען אין קראָקע.

באַלד ווי איך בין געקומען קיין ווילנע, האָט מען מיר דער־צעהלט וועגען אַן אָקאָרשט אָפּגעפאָרענעם אין אויסלאַנד סאָציאַ־ליסט, וועלכען מען האָט מיר באַשריבען כמעט ווי אַ מיסטעריעזע, לעגענדאַרע פּערזאָן, ארומגערינגעלט מיט אַן אָרעאָל פון אויסער־אָרדענטליכער איבערגעבענקייט צו דער ארבייטער־זאַך און פון אונ־ערשראָקענער סאָציאַליסטישער טעטיגקייט. מען האָט איהם גערו־פען „ליאָווקאַ", זיין אמת'ער נאָמען איז געווען יאָגיכעס — אַ זוהן פון רייכע עלטערען, וואָס זיינען געווען אייגענטימערס פון אַ הויף אויף דער גרויסער גאַס. ער איז טאַקע געווען איינער פון די ערשטע סאָציאַליסטען אין ווילנע, וואָס האָט אָנגעפירט מיט אַ קליינער

פראָפּאַגאַנדע גרופּע פון ארבייטער, און אויך געהאַט פאַרבינדונגען אין מיליטערישע קרייזן.

אָפּגעפּאָהרען איז יאָגיכעס, ווי ער פלעגט דערצעהלען, צוליב דעם, וואָס עס האָט איהם געדראָהט אַן אַרעסט, אָבער עס האָבען זיך אַרומגעטראָגען קלאַנגען, אַז דאָס איז געווען מעהר נישט ווי א י נ ע פון די אורזאַכען. די צווייטע אורזאַכע איז געווען דער בעפאָרשטעהענדער מיליטער-דינסט, צו וועלכען ער האָט, נאַטירליך, נישט געהאַט קיין גרויסען חשק. אָט דער יאָגיכעס, אונטער דעם נאָמען טישקאָ, האָט אין אויסלאַנד אָנגעהויבען צו שפּילען א גרויסע ראָלע אין פּ. ס. ד. (פּוילישע סאָציאַל-דעמאָקראַטיע), און אַלס גראָזאָווסקי איז זיין נאָמען, צוליב זיין נאָהענטקייט צו ראָזא לוקסעמבורג — זי איז געווען זיין פרוי — און צוליב זיין טראַגישען טויט, געוואָרען א היסטאָרישער. איבערהויפּט האָט מען איהם אין אויסלאַנד, אין דער פּאָליטישער עמיגראַציע, נישט אָפּגעשאַצט אַזוי, ווי אין ווילנע. איך רייד שוין נישט וועגען דעם, וואָס ער האָט נישט געהאַט קיין איינציגען פּערזענליכען פריינד. עס איז געווען אין איהם עטוואָס, וואָס פלעגט ניט צוציהען, פאַרקערט, — וואָס פלעגט אָפּשטויסען. און אַלע פלעגען פון איהם וויכען. ער איז געווען אָנגעפילט מיט ענערגיע, האָט זיך געוואָרפען אַהין און אַהער — און אומעטום פלעגט ער ליידען מפּלות.

צוזאַמען מיט ראָזא לוקסעמבורג האָט ער אַרויסגעגעבען די צייטונג „ספּראַווא ראָבאָטניטשאַ" און א צאָל פּוילישע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע בראָשורען, אָבער וואָס? — זיי פלעגען נישט דערגרייכען פּוילען, זיי פלעגען בלייבען אין אויסלאַנד. אין פּ. פּ. ס. האָט מען איהם ג ע ה א ס ט. און נישט מעהר ליבשאַפט האָט אַרויסגעוויזען צו איהם די גרופּע „אָסוואָבאָזשדעניא טרודא" מיט פּלעכאַנאָוו'ן בראש.

גראָזאָווסקי האָט גיך געקראָגען פון פּלעכאַנאָוו'ן א קלאַפּ, וועלכען ער האָט זיין גאַנץ לעבען נישט געקאָנט פאַרגעסען. האָבענדיג געגנוג מאַטעריעלע מיטלען, האָט גראָזאָווסקי געגרינדעט א רוסישען פאַרלאַג: „סאָציאַל-דעמאָקראַטישע ביבליאָטעק" און אָנגעהויבען אַרויסצוגעבען מאַרקסיסטישע ליטעראַטור, הויפּטזעכליך די ווערק פון קאַרל מאַרקס און פרידריך ענגעלס. האָט ענגעלס, אין איין שעהנעם פריהמאָרגען, אונטער דעם איינפלוס פון פּלעכאַנאָוו'ן, אָנגעשריבען צו איהם אַן אויסעראָרדענטליך שאַרפען און בייזען בריף, אין וועלכען ער האָט איהם פאַרבאָטען צו דרוקען זיינע אָדער מאַרקס'עס ווערק, און די בראָשורען, וואָס זיינען שוין געווען פאַרטיג, האָט גראָזאָווסקי געמוזט פאַרניכטען!

דאָס איז געווען דער טויט פון דער „סאָציאַל־דעמאָקראַטישער ביבליאָטעק". ווען איך האָב דעם ערשטען מאָל באַזוכט פּלעכאַ־נאָוו'ן אין זשענעווא — דאָס איז געווען אין יאָהר 1894 — האָט ער מיך געפרעגט, צי די ווילנער אָרגאַניזאַציע האַלט אָן באַ־ציהונגען מיט יאָגיכעס'ן. מיין ענטפער איז געווען: „געוויסע באַ־ציהונגען האַלטען מיר יע אָן; אויב מיר זאָלען קענען קריגען פון איהם זיינע אויסגאַבען, וועלען מיר נעמען". פּלעכאַנאָוו איז געוואָרען אין כעס און אויפגערעגט. „איך פאַרשטעה דאָס נישט", האָט ער געזאָגט, „עס איז וויכטיג ניט נאָר וואָס מען נעמט, נאָר אויך פון וועמען מען נעמט; יאָגיכעס האָט גאָר נישט קיין רעכט אַרויסצוגעבען מאַרקס'עס און ענגעלס'עס ווערק".

נאַטירליך, גראָזאָווסקי האָט צוריקגעצאָהלט מיט דערזעלבער מטבע. עס איז דערגאַנגען דערצו, אַז ער פלעגט עפענטליך אָרונ־טעררייסען פּלעכאַנאָוו'ן און אויף יעדען טריט און שריט מינימיזירען זיין באַדייטונג און זיינע פאַרדינסטען אין איינפלאַנצען דעם מאַרק־סיזם אויפ'ן רוסישען באָדען. צוליב דעם פלעגט ער אָפט האָבען שאַרפע ווערטער מיט לוקסעמבורג, וועלכע האָט נאַטירליך נישט גע־קענט קוקען אויף פּלעכאַנאָוו'ן מיט גראָזאָווסקי'ס אויגען.

די פיינטליכע אַטמאָספערע אַרום גראָזאָווסקי'ן האָט געבראַכט דערצו, אַז פאַרדעכטיגע קלאַנגען האָבען אָנגעהויבען צו קורסירען אין אויסלאַנד וועגען זיין פּאָליטישער אָרענטליכקייט. דאָס איז געווען אַזוי משונה'דיג, אַז די ווילנער אָרגאַניזאַציע אונזערע האָט געשיקט מיט מיר אַ פּראָטעסט געגען דיזע קלאַנגען. דער פּראָ־טעסט איז קיין מאָל נישט פאַרעפענטליכט געוואָרען, ווייל גראָ־זאָווסקי אַליין האָט געבעטען דאָס נישט צו טאָן.

נאָך דער מלחמה, באַלד נאָך דעם, ווי ראָזאַ לוקסעמבורג צוזאַ־מען מיט קאַרל ליבקנעכט'ן זיינען ערמאָרדעט געוואָרען דורך די דייטשע רעאַקציאָנערען, איז אויך דערשאָסען געוואָרען גראָזאָווסקי אין אַ בערלינער געפענגנים דורך טורמע־וועכטער...

***

איך האָב געענדיגט די רעאַל־שול. אַ דאַנק קאָפּעלזאָנען, בין איך גלייך צוגעצויגען געוואָרען צו דער אָרטיגער סאָציאַליסטי־שער אַרבייט און איך האָב זיך באַקענט מיט דער גאַנצער סאָציאַ־ליסטישער אינטעליגענץ פון שטאָט און אויך מיט יענע אַרבייטער און אַרבייטאָרינס, וואָס זיינען געווען די אָנפירערס פון דער באַווע־גונג. אַלע — נאָך יונג, אָהן ערפאַהרונג, טאַפּענדיג אין דער לופ־טען, זוכענדיג דעם ריכטיגען וועג. דאָס איז געווען דער אמת'ער פּיאָנערן פעריאָד פון סאָציאַליזם אויף דער אידישער גאַס. און

כאָטש די פּראָגראַם־פּאָסטולאַטען זיינען געווען נאָך גענוג נעפּעל־דיג און די טאַקטיק אין אַ גרויסער מאָס וואַקעלדיג, איז די טענדענץ פון דער אַרבייט, פונדעסטוועגען, שוין געווען סאָציאַל־דעמאָקראַטיש. דער איינפלוס פון רוסישער „נאַראָדניטשעסטוואָ" (פאָלקס־טימלעריי) און פון „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" אין אונזערע רייהען איז שוין פאַרשוואונדען אויף אייביג. מיר, פון דער אינטעליגענץ, האָבען אַלע פלייסיג שטודירט קאַרל מאַרקס'עס און פרידריך ענגעלס'עס ווערק, ווי דעם „קאָמוניסטישען מאַניפעסט", „קאַפּיטאַל", „לוין־אַר־בייט און קאַפּיטאַל" און די אויסגאַבען פון דער גרופּע „אָסוואָבאָזשדע־ניאַ טרודאַ" (פּלעכאַנאָוו, ווערא זאַסוליטש און אַקסעלראָד). ווי עס איז באַקאַנט, איז די שפּראַך פון אונזער פּראָפּאַגאַנדע אין יענער צייט געווען רוסיש. מיט קליינע אויסנאַמען האָט קיינער פון אונז גאָר ניט געקענט קיין אידיש. און פאַרקערט, אַ חוץ די עטליכע אַרבייטער פירער האָבען די אַרבייטער פון די פּראָפּאַגאַנדע קרייזען נישט פאַר־שטאַנען קיין רוסיש. מיר האָבען זיך אויסגעלערענט אידיש שפּעטער, ווען די אַרבייט האָט זיך פאַרברייטערט און פאַרטיפט און די וויל־נער אָרגאַניזאַציע איז אַריבערגעגאַנגען צו מאַסען־אַגיטאַציע. איז טאַקע געווען שלעכט. אונזער אַרבייט אין די פּראָפּאַגאַנדע גרופּעס איז געווען אַ שווערע, כמעט אונדאַנקבאַרע, ווייל אַלץ פלעגט מען מוזען אַרומקייען, איבערזעצען און דורך דעם פאַרלירען אַ סך ניצ־ליכע צייט.

אַ פילפאַרביגער קאַליידעסקאָפּ פון אינטעליגענטען און אינטעלי־גענטקעס, אַרבייטער און אַרבייטאַרינס פון יענער עפּאָכע געהען פאַר־ביי פאַר מיינע אויגען. ניט אַלעמענס נעמען געדיינק איך, אָבער אַ טייל פון די, וועלכע איך געדיינק נאָך, זיינען פאַר אַ לאַנגע צייט געווען גוט באַוואוסט אין ברייטע ספערען, און אַ טייל איז נאָך באַוואוסט ביז היינט.

אָט איז דער זעצער סווערדלאָוו, וועלכער איז פריהצייטיג גע־שטאָרבען פון טובערקולאָז און וועמעס לויה האָט געטראָגען אַ דע־מאָנסטראַטיווען כאַראַקטער (אויף דער לויה האָב איך אויך אַנטייל גענומען); אָט איז דער קצב סאָלאָמאָן מענאַקער, קאַמערמאַכער, די דריי שוועסטער נייטערינס וואָלפסאָן; ליובאַ און שיפרע יוזעפאָוויטש —ביידע אַרעסטירט אין 1898 — ליובאַ אין מינסק און שיפרע אין באַברויסק; מיכאַאיל ליפשיץ, סאַראַקאַ, צוויי שוועסטער פוזירענסקאַיאַ, בלומענפעלד, אַלבערט זאַלקינד — איצט אין טעקסטיל טראָסט אין לענינגראַד, מינא וואָלק — זאַלקינד'ס פרוי — אויך אין לענינגראַד, צילאַ וואָלק, צוויי ברידער פעסקין — איינער אַן אינזשעניער אין פראַנקרייך, דער צווייטער אַן אַרצט אין ניו יאָרק, אַ מיטאַרביי־טער אין „פאָרווערטס"; דעם לעצטענס פרוי, קאָרטשמאַר, וועלכע איך

האָב „אריבערגעפּאַקט” איבער'ן גרענעץ אין טאָוריג, ווען זי איז אַנטלאָפן פון רוסלאַנד; צוויי ברידער ליאָבאָווסקי, וויטקינד, דער לעהרער פין און זיין פרוי רעוועקאַ ליאָס; אַנטאָקאָלסקי — נאָך דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע פאַרנומען אַ וויכטיגען אָרט אין דער „גע־פּע־או”, און איצט ארבייט ער אין מלוכה־פאַרלאַג אין מאָסקווע; מענדעל ראָזעבוים, ראָזענבערג, דער לעהרער גאָדלעווסקי און נאָך און נאָך.

עס איז זעלבסטפאַרשטענדליך, אַז נאָר איינִיגע פון זיי זיינען געווען אין צענטער פון דער אָרגאַניזאַציע; די גרעסטע צאָל האָט געהערט צו דער פּעריפעריע און זיי פלעגען באַדינען די באַוועגונג נאָך די אָנווייזונגען פון צענטער.

איך בין אין מיליטער דינסט. אַ פריוואָוויליגער („וואָלנאָאָפּרע־דיעליאַיושציסיאַ”) אין אופימער פּאָלק. אָבער מיין ארבייט אין דער באַוועגונג האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט אויף אַ האָר. דורך אַ באַקאַנטען מיליטער דאָקטאָר, — מיר דוכט זיין נאָמען איז געווען איוואַנאָוו, — אַ רוסישער ראַדיקאַל, וואָס איז געווען זעהר פריינטליך מיט'ן קאָמאַנדיר פון מיין באַטאַליאָן, האָט מען מיר ערלויבט צו וואוינען פּריוואַט און נישט אין קאַזאַרמע און צו קומען צום דינסט מעהר נישט ווי אויף אַ האַלבען טאָג. דאָס האָט מיר געגעבען די מעגליכקייט אָנצוהאַלטען מיין פּראָפּאַגאַנדיסטישע ארבייט און נישט צו ווערען אָפּגעריסען פון דער באַוועגונג. און דאָך איז מיין מיליטער דינסט געווען אַ שווערע משא, וואָס האָט שרעקליך געדריקט, און גרויס איז געווען מיין פריידר, ווען איך בין ענדליך פּטור גע־וואָרען פון מיין סאָלדאַטסקען מונדיר.

גרויס איז אויסגעוואַקסען די באַוועגונג. צו די צוויי אַלטע „קאַסעס” (פּראָפעסיאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס) פון זאָקענמאַכערינס און נייטאָרינס זיינען צוגעקומען נייע. כמעט אין אַלע פאַכען זיינען מיר אַריינגעדרונגען. אויך אין די פּאַפּיראָסען פאַבריקען און קאָנ־ווערטען פאַבריקען. כמעט יעדער פּראָפּאַגאַנדיסט האָט געהאַט צו עט־ליכע ארבייטער קרייזען. איך האָב געהאַט, מיר דוכט זיך, 5 און בין געווען פאַרנומען יעדען אָוועגט און דעם גאַנצען טאָג שבת. איין גרופּע איז באַשטאַנען נאָר פון נייטאָרינס, די איבעריגע זיי־נען געווען געמישטע. אַ סך זיינען דורכגעגאַנגען דורך מיינע קריי־זען, אָבער איך געדיינק נאָר די פאָלגענדע נעמען: א. באַסקין, אַן ארבייטער אין אַ פּאַפּיראָסען פאַבריק; ש.־ר. סעגאַל — אַ ניי־טאָרין, געווען טעטיג אין ווילנע און ביאַליסטאָק און אויב איך האָב נישט קיין טעות אויך אין לאָדז און וואַרשע, געשטאָרבען אין פּאַריז; שניידערין טערעזאַ, ר. פרידמאַן — אַ פּאַפּיראָסען אַר־בייטער, זעהר אַ באַגאַבטער און ענערגישער, זיין רעדע אויף דער

מאַי פֿאַרזאַמלונג אין 1893 איז געווען איינע פון די בעסטע, שפּע־טער צוגעשטאַנען צו דער גרופּע „ראַבאָטשעיע זנאַמיא,״ אַרעסטירט אין 1898 אין ביאַליסטאָק אין דער דרוקעריי פון דער גרופּע, פאַרשיקט אין סיביר, איצט אַרבייט ער אין רוסלאַנד; די שניידערין ש. יו־זעפאָוויטש, נ. ליפשיץ, מאָטעל דער בערשטער, דער שלאָסער ישראל מיכל קאַפּלינסקי, אַ שניידער — דער איין־און־איינציגער שניידער, וואָס איז דאַמאַלסט צוגעצויגען געוואָרען צו דער באַוועגונג...

אַ מאָדנע זאַך: צו די שניידערס האָבען מיר געקראָגען אַ צוטריט אַם שפּעטסטען. און ווען עס האָט זיך מיר איינגעגעבען סוף כל סוף אַריינצוקריגען אין מיין גרופּע דעם ערשטען שניידער, איז דאָס געווען אַן אמת׳ער יום־טוב. אָבער, גאָט מיינער, וואָס דאָס איז געווען פאַר אַ שניידער! אַן אויסגעמאָגערטער, פאַרמאַ־טערטער, פאַרשלאָפענער. ער האָט געאַרבייט ביי ליאָס׳ען — ביי דעם זעלבען ליאָס׳ען, וועמעס דריי טעכטער האָבען שפּעטער גע־הערט צום „בונד״. איינע פון זיי איז ליבער׳ס (גאָלדמאַנס) פרוי. אין עטליכע חדשים האָט דער דאָזיגער שניידער — איך געדיינק נישט זיין נאָמען — אַזוי זיך אומגעביטען אין יעדער הינזיכט, אַז עס איז שווער געווען אים צו דערקענען.

מאָטעל דער בערשטער, אַ שטילער, באַשיידענער אַרבייטער, האָט אין צייט פון אָרגאַניזירונג די בערשטער און פון גרינדונג דעם בערשטער־בונד, דורכגעפירט אַ שעהן שטיקעל אַרבייט. אויף דריי חדשים האָט ער פאַרלאָזען ווילנע, זיך אָפּגעריסען פון אַלעמען און אַוועק קיין פאָנעוועזש ספּעציעל אָנצופאַנגען אַ קאַמף אין די אָרטיגע בערשטער פאַבריקען פאַר בעסערע אַרבייטס־באַדינגונגען, ספּעציעל פאַר אַ קירצערען אַרבייטס־טאָג. קיין גרינגע זאַך איז דאָס נישט געווען, ווייל צווישען די אַרבייטער איז אַ גרויסער פּראָצענט באַ־שטאַנען נאָר פון צייטיגע אַרבייטער, ווערבירטע פון לופט־מענשען און פון אָרעמע קרעמערלעך, וואָס פלעגען קומען פון די אַרומיגע שטעטלעך צו פאַרדינען עטליכע איבעריגע רובעל. אָרגאַניש זיינען זיי נישט געווען פאַרבונדען מיט׳ן בערשטער פאַך. זיי פלעגען אַרבייטען 18 שעה אַ טאָג, וואוינען אין הייזער, וואָס זיינען געווען ערגער פון קאַזאַרמעס — צו 10—12 אין אַ קליינעם צימערעל, שלאָפען אויף „נאַרעס״, אהן לופט און אָהן ליכט. זיי האָבען זיך אַפילו נישט אינטערעסירט מיט׳ן אָפּשאַפען די שרעקליכע עקספּלו־אַטאַציע און נישט גע׳חלום׳ט, אַז זיי קענען זיך דערשלאָגען מעהר מענשליכע אַרבייטס־באַדינגונגען.

מאָטלען האָט זיך נאָך אַ שווערער און איינגעשפּאַרטער אַר־בייט ענדליך איינגעגעבען אָנצופילען דיזע אָפּגעשטאַנענע, אומווי־סענדע מאַסע מיט קאַמפלוסט און אַ האַרטנעקיגער קאַמף האָט זיך

אַנגעפּאַנגען, וועלכער האָט זיך געענדיגט מיט אַ פּאָלשטענדיגען זיג. די אַלטע שקלאַפען באַדינגונגען זיינען פארשוואונדען אויף אייביג.

דער שלאָסער י. מ. קאַפּלינסקי — דאָס איז דערזעלבער קאַפּלינסקי, וועלכער, נאָך דעם גרויסען אַרעסט אין „בונד" אין 1898, איז געוואָרען אַ פּראָוואָקאַטאָר און וועלכען די באָלשעוויקעס האָבען דערשאָסען גלייך נאָך דער רוסישער רעוואָלוציע. אריינגעפירט אין מיין גרופּע האָט איהם די שניידערין ש. ר. סעגאַל. ער פלעגט דאָן פאַרדינען דריי רובעל אַ וואָך, פלעגט כמעט הונגערען און אין די פּראָפּאַגאַנדע אָוונטען פלעגט ער אַלע מאָל קומען אַ פאַרמאַטערטער, אַן אָפּגעלאָזענער, אַ פאַרשלאָפענער, אַ פאַר'חושכ'-טער. ווען ער פלעגט זיך אַוועקזעצען אויפ'ן שטול, פלעגט ער מאַכען דעם איינדרוק פון אַ מענש, וואָס איז פאַראַליזירט — זיינע הענט פלעגען הייננגען, זיינען פיס, זיין גאַנצער קערפּער. אפשר איז דאָס געווען פון מידקייט, און אפשר פון פוילקייט. קיין מאָל האָב איך איהם נישט געהערט לאַכען און קיין מאָל נישט געזעהן אַ שמייכעל אויף זיין פּנים. וואָס ער איז שפּעטער געוואָרען אין „בונד" איז אַלעמען באַקאַנט. דעם לעצטען מאָל האָב איך איהם געזעהן אויפ'ן 7טען צוזאַמענפאָהר פון „בונד" אין לעמבערג, אין 1906. עס איז אונמעגליך צו באַשרייבען מיינע געפיהלען און מיין עקעל יעדעס מאָל ווען איך דערמאָן זיך ווי „הארציג" ער האָט זיך דאַמאָלסט צוקושט מיט מיר... ער האָט דאָך שוין געהאַט אַן אַכט-יאָריגען סטאַזש פון פּראָוואָקאַציע הינטער זיך!...

***

צום סוף פון 1890 און אנפאַנג 1891 איז די ווילנער אָרגאַניזאַציע באַרייכערט געוואָרען מיט נייע קרעפטען. און נאָך וואָס פאַר קרעפטען! עס זיינען אָנגעקומען ארקאַדי קרעמער און זיין צוקונפטיגע פרוי, פּאַטי סרעדניצקאַיאַ, אייזענשטאַט און ליובא לעווינסאָן — אַלע אָקאָרשט ארויסגעלאָזענע פון פאַרשידענע תפיסות. אויך דער לעהרער גאָזשאַנסקי (לנו) איז צוגעצויגען געוואָרען צו דער ארבייט. אַלע אויסגעשפּראָכענע, איבערצייגטע מאַרקסיסטען, אַ חוץ אייזענשטאַט'ען, וועלכער האָט נאָך דעם מאַרקסיזם נישט אין גאַנצען אַקצעפּטירט. אַ נייער לעבען איז אריינגעטראָגען געוואָרען אין די אָרגאַניזאַציאָנס-און פּראָפּאַגאַנדע טעטיגקייט. דער צענטער, וואָס האָט זיך קאָנסטיטואירט, איז באַשטאַנען פון ארקאַדי קרעמער, אייזענשטאַט, ליובא לעווינסאָן, פּאַטי סרעדניצקאַיאַ, קאָפּעלזאָן, גאָזשאַנסקי, פּאָליאַ גאָרדאָן און מיר. ער האָט אָנגעהויבען צו פונקציאָנירען רעגעלמעסיג, געהאַט וועכענטליכע זיצונגען, אויף וועלכע מען

פלעגט אויסאַרבייטען פּלענער פון דער אַרבייט, פּראָגראַמען פון פּראָפּאַגאַנדע, פּאַרטיילען אין קרייזען די ניי־צוגעצויגענע אַרבייטער, גרינדען נייע גרופּען, באַזאָרגען די אָרגאַניזאַציע מיט אומלעגאַלע ליטעראַטור. שפּעטער, ווען די באַוועגונג האָט זיך פאַרברייטערט און די נויט אין ליטעראַטור האָט זיך געלאָזט פיהלען אויף יעדען טריט און שריט, האָט דער צענטער געמוזט קומען אַנטקעגען דער פאַרענדערטער לאַגע און אָנגעהויבען אַרויסצוגעבען ליטעראַטור: געשריבענע, העקטאָגראַפירטע, געדרוקטע.



פון רעכטס צו לינקס: דזשאהן (י. מיל), גלעב (מוטניק) און שׂ. גאזשאנסקי (לנו).

פּאַראַלעל מיט דיזען צענטער איז נאָך געווען אַ צענטראַלע קערפּערשאַפט בלויז פון אַרבייטער, אָפּגעטיילט צוליב קאָנספּיראַטיווע אורזאַכען. אין איהם זיינען אַריין: גוסטאַ וואָלפסאָן, בערטאַ וואָלפסאָן, העלענאַ העלפאַנד, סאָלאָמאָן מענאַקער, פאַניע רעזניק, מאָטעל מייזעל, יאַקאָוו דער קאַמאַשענמאַכער, אַלטער און שפּעטער מאַריאַ זשאַלודסקאַיאַ, צביה און נאָך.

אָפט צוליב וויכטיגע פראַגען אָדער שטרייט־פראַגען פלעגען אָפּגעהאַלטען ווערען געמיינזאַמע זיצונגען. אַ פּאָר ביישפּילען:

דער יאָהר 1891 (אָדער אפשר 1892?) איז געווען אַ הונגער יאָהר. די שטאָטישע אָרימקייט אין אַ סך שטעט פון תחום אונטער דעם דרוק פון הויכע פרייזען און שרעקליכער נויט, האָט געמאַכט

פראבעם נישט צוצולאזען ארויסצופיהרען קיין תבואה קיין אויס־לאנד. ווילנע איז נישט געווען קיין אויסנאם. האט די „ליבעראלע" אינטעליגענץ פון שטאט באשלאסען צו עפענען א פאר פאלקס־קיכען און איינגעלאדען אונז צו נעמען אן אנטייל אין זיי. א הייסע דיס־קוסיע האט זיך ענטוויקעלט און מיר האבען זיך צוטיילט אין צוויי לאגערען. א געמיינזאמע פארזאמלונג פון ביידע צענטרען — פון אונזערן און פון דעם ארבייטער צענטער — איז אפגעהאלטען געווארען הינטער'ן שטאט. די, וואס זיינען געווען פאר'ן אנטייל־נעמען, האבען גע'טענה'ט, אז דאס וועט אונז ברייננגען „נעהענטער צו די מאסען". געזיגט האבען די „יע"־זאגערס, אבער נאך איין טאג פראבע האבען זיי זיך אפגעזאגט פון זייער באשלוס. מעהר ווי פראפעסיאנעלע בעטלערס זיינען אין דער פילאנטראפישער, עפענט־ליכער קיך נישט געקומען.

איך געדענק, ווי ארקאדי האט זיך אויף מארגען אויסגעדריקט: „פון אזא מין נאהנטקייט צו די מאסען קערט ברעכען"...

אויך צוליב דער פייערונג פון 1טען מאי, 1892, איז אפגעהאלטען געווארען א געמיינזאמע זיצונג פון ביידע צענטרען. עס האט זיך גע־האנדעלט וועגען דעם, ווי איהר צו ארגאניזירען און וועמען איינצולאדען. דאס איז געווען דאס ערשטע מאל, וואס די אידי־שע ארבעטער האבען געפייערט דעם אינטערנאציאנאלען ארבייטער יום טוב. מעהר נישט ווי 100 ארבייטער און ארבייטארינס זיינען צוגעלאזען געווארען צו דער פארזאמלונג, אבער גרויס איז געווען איהר באדייטונג אויף דער אידישער ארבייטער גאס, און א באַ־גייסטערונג האט זי ארויסגערופען אין די סאציאליסטישע ספערען פון רוסלאנד, דערהויפט צוליב די 4 רעדעס, וואס די שניידערינס רעזניק און העלפאנד, דער קאמאשען־מאכער גערשאווסקי און דער יובעליר מייזעל האבען געהאלטען. די רעדעס זיינען שפעטער אפ־געדרוקט געווארען אויף רוסיש פון גראזאווסקי'ן אין זיין „סאצ. דעמ. ביבליאטעק" מיט א פארווארט, וואס איז אנגעשריבען געווארען מיט ר. לוקסעמבורג'ס הילף. צוליב דער געפאהר, וואס איז געווען פאר־בונדען מיט יענער געהיימער פארזאמלונג, האט דער ארבייטער צענ־טער איינגעלאדען נאר 2 „אינטעליגענטען": ארקאדי און מיר.

אויף יענער היסטארישער פארזאמלונג האט זיך אויך צום ערשטען מאל געלאזט הערען א שטימע פון א מענש, וואס כאטש אין פרינצי־פיעלע און טאקטישע פראגען האט ער ניט געוואוסט אויף וואסער וועלט ער איז, איז איהם דאך געלונגען אריינצודרינגען אין די ווילנער ארביי־טער־רייהען א מיש־מאש, א כאאס, וואס האט זיך אין א יאהר ארום פארוואנדעלט אין אן אמת'ן ארגאניזאציאנס־קריזיס. דער שניצער גאר־דאן האט גאר אונערווארטעט איבערגעלייענט א מאנוסקריפט, פול

מיט באַשולדיגונגען געגען דער אינטעליגענץ פאַר „פאַרפלאַכען" דעם סאָציאַליזם דורך צוציהונג פון „אונוויסענדע" ארבייטער צו דער באַוועגונג. אָנהייגנער פון „קרייזעלטום", פון פּראָפּאַגאַנדע-באַגרע־ניצטקייט, זיינען גאָרדאָן און זיינע נאָכפאָלגער שוין אין אַ יאָהר אַרום אַרויסגעטראָטען געגען מאַסען אַגיטאַציע, געגען סטרייקען, געגען דער אידישער שפּראַך אַלס דעם אויסדרוק פון איבערגאַנג פון פּראָפּאַגאַנדע צו אַגיטאַציע. דער קריזיס האָט לאַנג נישט געדויערט, אָבער אַ צורודערונג אין דער אָרגאַניזאַציע האָט ער דאָך אַריינגע־בראַכט אַ גרויסע.



אַרקאַדי קרעמער, איינער פון די ערשטע סאָציאַליסטישע פּיאָנערען און גרינדער פון „בונד"

ווי שוין געזאָגט האָבען די ניי־אָנגעקומענע חברים אַריינגע־בראַכט אַ ניי לעבען אין דער ווילנער אָרגאַניזאַציע. אָבער מעהר פאַר אַלעמען אַלעקסאַנדער (אַרקאַדי קרעמער). עס וועט נישט זיין קיין איבערטרייבונג צו זאָגען, אַז ער איז געוואָרען דער גוף און נשמה פון דער אידישער אַרבייטער באַוועגונג נישט נאָר אין ווילנע, נאָר אויך פון אַנדערע שטעט, וואו זי האָט זיך אַריבערגעוואָרפען. פשוט, אַ דעמאָקראַט דורך זיין לעבענסאַרט און דורך זיינע באַ־

ציהונגען צו חברים און צו מענשען בכלל, אָהן ספּעציפיש אינטע־ליגענטישע געוואוינהייטען, וואָס די רוסען פלעגען רופען „זאַ־מאַשקי", איז ער גלייך געוואָרען באַליבט פון אַלעמען און פון יעדען. צו אַלע פלעגט ער זיך באַציהען ערנסט, מיט אַן אַנאַליטישער אויס־פאָרשונג. זיין באַשיידענקייט האָט נישט געהאַט קיין גרעניצען. ווען נייע פראַגען, נייע פּראָבלעמען פלעגען ארויפשווימען, און פאָדערען א תשובה, נייע פּראַקטישע אויפגאַבען — די דורכפיהרונג אין לעבען, פלעגט ער קיינמאָל זיך נישט פאַרלאָזען אויף זיך אַליין און אַלע מאָל זוכען אויסצוגעפינען די מיינונג אפילו פון די אינגסטע חברים אין דער באַוועגונג. באַגעגענט ער אַזא יונגען חבר און פרעגט איהם: „נו, וואָס איז אייער מיינונג? וואָס טראַכט איהר דאַרף מען טאָן?"

א מאָדנע, אונגלויבליכע צוציהונגסקראַפט האָט ער געהאַט נישט נאָר אַלס א געזעלשאַפטליכער טוער, נאָר אויך פּערזענליך. דאַכט זיך, אַזוי פיל יאָהרען פאַרביי — כמעט א מענשען'ס לעבען — און אפילו איצט, ווען איך דערמאָן זיך אָדער איך הער דעם נאָמען „אַרקאַדי" — געהט דורך א געפיהל פון וואַרימקייט און סימפּאַטיע דורך מיר. עס ווילט זיך איהם ווידער זעהן, דורכשמועסען זיך מיט איהם, סתם פאַרברייגנען מיט איהם א ביסעל צייט.

אַרקאַדי איז געווען זעהר באַוואוסט און באַליבט נישט נאָר אין אידישע סאָציאַליסטישע ספערען, נאָר אויך אין רוסישע. זיין בראָשורע „וועגען אַגיטאַציע" האָט געמאַכט זעהר א גרויסען איינדרוק, און כמעט אין אַלע רוסישע שטעט, וואו עס האָט זיך אָנגעפאַנגען אַן אַר־בייטער באַוועגונג, האָט מען אָנגעווענדעט די פּרינציפּען און מע־טאָדען אָנגעצייכענטע אין יענער בראָשורע. אמת, איינינע רוסי־שע סאָציאַליסטישע גרופען, צום ביישפּיל „ראַבאָטשאַיא מיסל", האָט אַריבערגעכאַפּט די מאָס, און א טעכניש־פּראַקטישע מעטאָדע פאַר־וואַנדעלט אין א פּרינציפּ, אָבער דאָס איז שוין געווען נישט אַרקאַדי'ס שולד...

פּאַטי סרעדניצקאַיא (אַרקאַדי'ס פרוי) איז געווען א טיפּישע „ביז־באָדי" אין דער באַוועגונג, אָבער אין גוטען, שעהנעם, רעוואָלוציאָ־נערען זין פון וואָרט. אייביג פאַרשמייעט, לויפענדיג פון איין קרייז צו א צווייטען, אויף די פאַרזאַמלונגען פון די „קאַסעס", איבערגע־בענדיג ליטעראַטור, קאָרעספּאָנדירהענדיג, איבערזעצענדיג אויף אידיש, זוכענדיג וואו צוזאַמענצוקלייבען אביסעל גוטיגע געלד... זי איז אַרעסטירט געוואָרען דעם צווייטען מאָל אין אָנפאַנג 1897 און מען האָט איהר פאַרשיקט אין א קליין שטעטעל אין מאָהילאָווער גובערניע. און אפילו דאָרטען האָט זי נישט געקענט זיצען רוהיג. נאָכ'ן גרויסען אַרעסט אין „בונד", ווען מען האָט אַרקאַדי'ן און די אַנדערע אריינ־

געוואָרפען אין די מאָסקווער טורמעס, פלעגט פאַטי פשוט באָמבאַר־דירען מיר מיט בריף, פאָדערענדיג ארבייט. איך בין דאן געווען אין אויסלאַנד, און אירע בקשות פלעג איך פינקטליך אריבערשיקען צו טאַראַס'ן פון צענטראַלען קאָמיטעט פון „בונד".

איך וויל דאָ אויך דערמאָנען, אז אויך אונזער טייערער נח (פאָרטנאָי) האָט געהאַט א שייכות צו דער פיאָנערען עפּאָכע אין ווילנע, אָבער ער האָט נישט דורכגעמאַכט די גאַנצע עפּאָכע. א



נח פאָרטנאָי אין די יונגע יאָהרען.

קורצע צייט נאָך דעם, ווי ער האָט געענדיגט דעם לעהרער אינ־סטיטוט, האָט מען איהם אריבערגעפיהרט קיין קאָוונע, וואו מען האָט איהם גיך ארעסטירט, געהאַלטען א לאַנגע צייט אין תפיסה און פאַר־שיקט אין סיביר. וועגען נח'ן וואָלט מען געדאַרפט געבען א ספּע־ציעלען ארטיקעל מיט דער אָפּשאַצונג פון זיין געזעלשאַפטליכער טע־

טיגקייט. אָבער דאָ ווילען מיר מער נישט זאָגען, אז ער האָט אָפּ־געגעבען זיין גאנץ לעבען דעם „בונד", אלע מאָל געווען זיין פאָהנענ־טרעגער און קיין מאָל נישט געצווייפעלט אין זיין לעבענס־קראַפט. דורך זיין טאַקט האָט ער אלע מאָל באַשאַפען ארום זיך אַן אַט־מאָספערע פון פריינדשאַפט און אכטונג. עס איז געווען א צייט אין „בונד", ווען דער צענטראַלער קאָמיטעט איז געווען נח און נח — דער צענטראַלער קאָמיטעט. דאָס איז געווען באַלד נאָך דעם גרויסען דורכפאַל פון „בונד" אין 1898, ווען מען האָט אַרעסטירט דעם גאַנצען צענטראַלען קאָמיטעט. נח איז אַנטלאָפען פון סיביר און גלייך זיך געשטעלט אין דינסט פון „בונד". מיר גלויבען, אז די באַדייטונג און ראָלע פון א יחיד אין א געזעלשאַפטליכער באַוועג־גונג איז זעהר א באַגרעניצטע. אָבער פונדעסטוועגען וויים איך טאַקע נישט, ווי וואָלטען מיר דאַן געקענט אויסקומען אָהן נח'ן, וואָס וואָלטען מיר געטאָן אָהן איהם. טאָראָס קאַץ, וואָס איז געווען אין צענטער, איז טאַקע געווען אַן איבערגעבענער, ענערגישער, אַר־בייטזאַמער טוער, אָבער עס האָט איהם געפעהלט די אויטאָריטעט פון א פיהרער. נח האָט אַזאַ אויטאָריטעט יע געהאַט — דעריבער איז איהם געלונגען צו זאַמלען אלע נייע וויכטיגע כחות, צו באַשאַפען א נויטיגע פעריפעריע און אונטערשטיצען אויף די פיס אַ שטאַרקען, גוט־פונקציאָנירענדען צענטער.

באַלד נאָך יענע עטליכע חברים, וואָס האָבען צוגעגעבען אַזוי פיל לעבען דער ווילנער אָרגאַניזאַציע, האָבען אַנגעהויבען צוצוקו־מען נייע כחות: ליטוואַק, פּאַוועל בערמאַן פון פּאַנעוועזש, גלעב מוטניקאָוויטש, וועלכען די דייטשע רעגירונג האָט אַרויסגעשיקט פון בערלין, מאַקס טאָביאַש, זעלדאָוו (נעמאַנסקי), די ברידער גאָלד־מאַן, „מאָיסיי" (דער איינבינדער), מאַרטאָוו, און ענדליך וולאַדימיר קאָסאָווסקי, איינער פון די בעסטע טעאָרעטיקערס פון „בונד", ווע־מעס אויסגעצייכענטע אַרטיקלען אין דער בונדישער „פאָלקסצייטונג" פון וואַרשע ציהען צו עד היום די אויפמערקזאַמקייט פון אלע לייע־נערס...

***

אין 1892 בין איך אַרעסטירט געוואָרען דעם ערשטען מאָל. א געשעהעניש נישט קיין וויכטיגע, אָבער זעהר כאַראַקטעריסטישע צוליב די אומשטענדען, אין וועלכע דאָס האָט פּאַסירט. ווילנע איז געווען באַקאַנט מיט איהר שטרענגער קאָנספּיראַציע און עטליכע יאָהר זיי־נען פאַרביי אָהן אַרעסטען. בין איך טאַקע אַריינגעפאַלען נישט צוליב ווילנע, נאָר דורך די אונפאָרזיכטיגקייט פון ווילנער סטודענט וויקטאָר שאַריי, פון פּעטערבורגער אוניווערזיטעט.

אין פעטערבורג האָט זיך דאַן געגרינדעט אַ רעוואָלוציאָנערע גרופּע, מיט שאַריי בראש, צו וועלכער עס איז אויך צוגעשטאַנען מאַר־טאָוו. די גרופּע האָט אָפּגעדרוקט אַ בלעטעל „סוואָבאָדנאָיע סלאָ־וואָ", אָנגעשריבען פון דעם באַריהמטען רוסישען פּובליציסט ניקאָליי מיכאַילאָווסקי. אָט דעם בלעטעל צוזאַמען מיט אַ ציימונג, וואָס איז אָקאָרשט געוועזן אַרויסגעגעבען פון אַ גרופּע „יונגע נאַראָדאָוואָלצעס"



פון רעכטס צו לינקס: וולאַדימיר מעדעם, גלעב (מוטניק) און וולאַדימיר קאָסאָווסקי.

— אַ צייטונג, וואָס האָט געפּרעדיגט אַ מין סינטעז פון טעראָריס־טישער טאַקטיק און מאַרקסיסטישען סאָציאַליזם — האָט שאַריי גע־וואָלט צושיקען צו מיר אין אַ סך עקזאַמפּלאַרען. אין פּעטערבורג איז דאַן געוועזן אויף אַ באַזוך אַן אָפיציר, אַ גוטער פריינד פון שאַ־ריי'ס פאַמיליע, וועלכער האָט קיין שייכות נישט געהאַט צו דער רע־וואָלוציאָנערער באַוועגונג. האָט שאַריי געטראַכט, אַז דאָס איז די בעס־טע געלעגענהייט אַריבערצושיקען דורך איהם דעם פּעקעל ליטעראַטור. ער האָט אָנגעשריבען אַ בריף צו זיין שוועסטער, בעטענדיג איהר איבערצוגעבען אַלץ צו „מילל", מיין נאָמען אין „געגנד־פּיסלעך". נאָר איידער דער אָפיציר האָט דאָס געקראָגען, איז פאָרגעקומען גאָר אונ־ערוואַרטעט אַ רעוויזיע אין שאַריי'ס דירה, דאָס פּעקעל און דער בריף זיינען אַריינגעפאַלען אין דער פּאָליציי'ס הענט און אויף מאָרגען האָט מען שוין געמאַכט אַ הויז־זוכונג ביי שאַריי'ס מוטער אין ווילנע. געוואוינט האָט זי מיט איהר טאָכטער און די איבעריגע זיהן אין

א קליין דירה׳לע אויפ׳ן צווייטען עטאַזש פון א גרויסער, לאַנגער, פינסטערער און אומעדיגער געביידע, ניט ווייט פון בערנאַרדינער תיפלה און פון זאַרעטשער בריק. דער ערשטער עטאַזש איז אין גאַנצען געווען פאַרנומען פאַר א נאַכט־לאַגער („נאָטשלעזשני דאָם״), וואו בעטלער, היימלאָזע פלעגען קענען איבערנעכטיגען פאַר 3 אָדער 5 קאָפּיקעס. דער 2טער עטאַזש איז געווען פאַרנאַנדערגעטיילט אויף א מאַסע דירה׳לעך, וועלכע זיינען געווען פאַרדונגען צו אַלמנות פון אָרימע בעאַמטען. די געביידע איז פריהער געווען א קאַטוילישער קלויסטער, וועלכען די צאַרישע רעגירונג האָט קאָנפיסקירט נאָכ׳ן פוי־לישען מיאַטעזש אין 1863.

איך בין געווען אַן אייגענער מענש אין שאַריי׳ס פאַמיליע. אלע פלעגען זיך באַציהען צו מיר זעהר פריינדליך. די מוטער איז געווען א זעלטענע פרוי. איהר שנאה צו דער צאַרישער רעגירונג האָט געהאַט א סך וואָרצלען. זי איז געווען קאַטוילישׂ, אָבער צוליב איהר הייראַט מיט א רוס איז זי געווען געצוואונגען צו ערציהען איהרע קינדער אין דער פּראַוואָסלאַוונער רעליגיע. אין די ווילנער גימנאַזיעס פלעגען די לעהרער זיך באַציהען מיט פאַרדאַכט צו איהרע זיהן טאָקע ווייל זייער מוטער איז געווען קאַטוילישׂ. א חוץ דעם האָט פרוי שאַריי האַלט געהאַט איהר עלטסטען זוהן פּשוט מיט א קרענקליכער מוטער־ליבע: זי האָט איהם פאַרגעטערט. און אַזוי ווי ער איז געווען א רעוואָלוציאָנער און סאָציאַליסט, זיינען אלע רע־וואָלוציאָנערען און סאָציאַליסטען געווען איהר טייער.

זעהט מיך איינמאָל אַרקאַדי און זאָגט: עטליכע אונלעגאַלע ביכלעך אונזערע צירקולירען פון האַנט צו האַנט. וועגען זיי איז נישטאָ וואָס צו זאָרגען. אָבער וואָס טוט מען מיט די איבעריגע לי־טעראַטור, מיט אונזער אונלעגאַלער ביבליאָטעקעל? איז מיר גלייך אריין אין קאָפּ: אפשר וועט פרוי שאַריי אין דעם העלפען? קום איך צו איהר און דערצעהל איהר, אָבער ווי נאָר איך האָב אויסגערעדט עטליכע ווערטער, האָט זי מיר איבערגעהאַקט און געזאָגט: ברייננ דאָס צו מיר, איך וועל דאָס באַהאַלטען דוקא דאָ; גיב א קוק אויף די פינסטערע קאָרידאָרען, וואָס זיינען ברייט און לאַנג, ווי גאַסען; אויף ביידע זייטען זיינען אָנגעוואָרפען קערב און קאַסטענס, פאַר וועלכע עס איז ניטאָ געננג פּלאַץ אין די דירות; איך אַליין האָב עטליכע קערב און איין קאָרב איז ביים עק פון קאָרידאָר; קיין לעבע־דיגע נשמה וועט קיין מאָל נישט טרעפען, אַז דאָס איז מיין.

צוויי מאָל האָט מען געמאַכט ביי איהר די פּאָליציי־רעוויזיע, און עס האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז זי איז געווען גערעכט: אונזער אונלעגאַלע ביבליאָטעק איז נ י ש ט ענטדעקט געוואָרען.

בשעת דער רעוויזיע האָבען די זשאַנדאַרמען גלייך אָנגעהויבען

אויסצופאָרשען, ווער איז דאָס „מילל"? צוליב די גענז־פיסלעך האָ־בען זיי געטראַכט, אַז דאָס איז נישט קיין רעאַלער נאָמען, נאָר אַן אויסגעטראַכטער, אַ פּסעוודאָנים. אָבער אין הסכם מיט אונזער פרי־הערדיגער פאַרשטענדיגונג, האָט פרוי שאַריי נישט געלייקענט אונזער באַקאַנטשאַפט, געזאָגט, אַז איך בין געווען איהרע קינדער'ס רעפּע־טיטאָר (לעהרער), און אַז מיין אַדרעס איז איהר אומבאַקאַנט.

האָט דאָס דער אינגסטער זוהן איהרער, אַ בחור'ל פון אַ יאָהר 10, געהערט, זיך ארויסגע'גנב'עט פון הויז און לויפט זוכען מיר אָנצוזאָגען, אַז די זשאַנדאַרמען זיינען אין זייער הויז און ווילען אויס־געפינען וואו איך וואוין. אין דער היים האָט ער מיך נישט געפונען, אָבער געטראָפען אויפ'ן גאַס. וואס טוט מען? ביי מיר האָט זיך געפונען די האַלב־לעגאַלע ביבליאָטעק פון דער אָרגאַניזאַציע. ווי ראַטעוועט מען איהר? האָב איך זיך דערמאָנט, אַז נישט ווייט פון מיין קוואַרטיר געפינט זיך אַ גרויסער ווערקשטאַט, וועלכער האָט באַשעפטיגט עטליכע פון אונזערע נייטערינס. האָב איך אַרויסגערו־פען איינע, דערצעהלט איהר די מעשה און געבעטען איבערגעבען אין „שטאָט". זי האָט צוגעזאָגט גלייך צו קומען מיט עטליכע חבר'טס און אַרויסראַטעווען אַזוי פיל ביכער ווי מעגליך. אין אַ פּאָר שעה אַרום האָט מען מיך אַרעסטירט, אָבער אַ הויז־זוכונג דער־ווייל נישט געמאַכט. נאָך דעם ווי מען האָט מיך אָפּגעהאַלטען אַ ביסעל צייט אין דער זשאַנדאַרמען פאַרוואַלטונג אויף פּאָגוליאַנקע, האָט די גאַנצע כאַליאַסטרע פון די זשאַנדאַרמען געבראַכט מיר צו־ריק אַ היים, וואו, ווען איך האָב געעפענט די טיר, בין איך געבליבען שטיין ווי אַ פאַרשטיינערטער: אַלץ אין אונאָרדנונג, קיין איינציג בוך, די טיר, וואָס פיהרט פון מיין צימער צו דעם בעל־הבית'עס דירה, אויפגעבראָכען, כאָטש צוגעמאַכט... איך האָב געוואוינט ביי ליאָס'עס אַ טאָכטער. האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז אין דער צייט פון מיין קורצער אָפּוועזענהייט, זיינען צו איהר געקומען איהר שוועסטער רעוועקאַ ליאָס, אַרקאַדי, עטליכע אַרבייטאָרינס, פּעסקין און נאָך אימיצער, און אָפּגעטאָן די שטיקעל אַרבייט. די דירה איז געווען אויפ'ן ערשטען פּלאָר צווישען 2 גאַסען און אַרקאַדי'ן איז געלונגען זיך אָפּצוטראָגען דורכ'ן פענסטער. די אַדרעסען פון די איבעריגע זיי־נען געווען פאַרשריבען, אָבער קיינע קאָנסעקווענצען נישט געבראַכט.

לידיאַ שאַריי און איך זיינען אָפּגעקומען זעהר גרינג: מיר האָ־בען געקראָגען צו צוויי יאָהר פּאָליציי אויפזיכט, די איבעריגע פון פּע־טערבורגער גרופּע — צו עטליכע חדשים טורמע.

***

די יאָהרען פון 1893 ביז'ן גרינדונג פון „בונד" זיינען געווען יאָהרען פון קאָנסאָלידירונג, באַפעסטיגונג פון די ערונגענע, שווער

אויסגעקעמפטע פאזיציעס, פון „קאלאניזירונג” די באוועגונג אין אנ־דערע שטעט — ווארשע, ביאליסטאק, לאדז, אדעסא און נאך — פון פאראיינהייטליכונג אין זין פון טאקטיק און פראגראם, פון צו־געבען דער באוועגונג א מעהר פאליטישען כאראקטער. די נויטיג־קייט פון קאמף נישט נאר פאר'ן אבסטראקטען סאציאליזם, נאר פאר קאנקרעטע פאליטישע פאדערונגען און פאר בירגערליכע גלייכבארעכ־טיגונג, איז געווארען א זעלבסטפארשטענדליכע זאך, אן אקסיאמע. די טענדענץ צו בילדען אן אלגעמיינע ארגאניזאציע פון אידישען פראָ־לעטאריאט, וועמעס אויפגאבע זאל זיין צו פארטיידיגען די אינ־טערעסען פון אידישע ארבייטער נישט נאר אלס ס ת ם ארבייטער, נאר אויך אלס א י ד י ש ע ארבייטער, איז געווארען מעהר און מעהר אנערקענט. אין קאנצענטרירטער, קלארער פארם האבען דיזע טענדענצען געפונען זייער אויסדרוק אין מארטאוו'ס ערשטער מאי־רעדע אין 1895, וועלכע איז שפעטער אפגעדרוקט געווארען אונטער דעם נאמען „די נייע עפאכע אין דער אידישער ארבייטער באוועג־גונג”. דיזע נייע טענדענצען האבען דירעקט געפיהרט צו דער גרינ־דונג פון דעם „אלגעמיינעם אידישען ארבייטער בונד”.

***

א גאנצע גאלערייע חברים, טיפען, בילדער און געשעהענישען פון דער פיאנערען עפאכע פון דער אידישער ארבייטער באוועגונג אין ווילנע האב איך דא געבראכט. נים א קליין ארטיקעל, נאר א גאנץ בוך, עטליכע ביכער וואלט מען געקענט אנשרייבען וועגען יענעם אינטערעסאנטען און וויכטיגען פעריאד. נישט נאר א ווינקעלע פון דער אידישער ארבייטער באוועגונג, איז געווען ווילנע, נאר אן אמת'ער „אוניווערזיטעט” פון סאציאליזם און פראקטישער ארבייטער באוועגונג פאר גאנץ רוסלאנד. מען האט זיך דארטען געלערענט, ווי צוצוקומען צו די ארבייטער, ווי אריינציהען זיי אין דער באוועגונג, ווי ארגאניזירען זיי, ווי פיהרען זיי אין עקאנאמישען און פאליטישען קאמף, אין קאמף פאר סאציאליזם. ווער איז נישט דורכגעגאנגען יענעם „אוניווערזיטעט”, ווער איז נישט געווען אונטער זיין השפעה? אונזער טייערער פריינד און חבר פראנץ קורסקי, ווירגילי, פרומקין, אננא ראזענטאל, איזביצקי (מיכאלעוויטש), יעווג. גורוויטש, אויב איך האב נים קיין טעות — ליעסין, דער רעדאקטאר פון „צוקונפט”, דעווענישסקי, ראזא לעווים און נאך און נאך און נאך.

אין גאנצען סאוועטען פארבאנד קען מען געפינען הונדערטע און הונדערטע טוערם, וואס האבען געשעפט זייער פאליטישע תורה און פראקטישע ערפאהרענהייט פון ווילנער קוואל. עס מאכט נישט אויס, וואס א סך פון זיי, צופאסענדיג זיך צו די שטימונגען, וואס הערשען

אין געוויסע ספערען, לייקענען אָפּ זייער פאַרגאַנגענהייט און דער־קלערען דעם האַרענדיגען וועג פון דער אידישער ארבייטער באַוועגונג פון יענער צייט פאַר אַ פאַלשען. זיי ווייסען גאַנץ גוט, אַז אָהן „ווילנע" וואָלטען זיי אַליין געבליבען פּאָליטישע נולען.

יאָהרענלאַנג פלעגען מיר באַזאָרגען די רוסישע אָרגאַניזאַציעס פון די גרעסטע שטעדט, ווי פּעטערבורג (לענינגראַד), מאָסקווע, קיעוו מיט סאָציאַליסטישע ליטעראַטור. מיר אַליין פלעגען זיך נויטיגען פאַר אונזער ראַיאָן אין אַ פּאָר צעהנדליג עקזעמפּלאַרען, אָבער אין יענע שטעט פלעגען מיר צושטעלען טויזענדער און טויזענדער עקזעמפּלאַרען. איך אַליין בין אין 1898 אין אַ געוויסען גראַד „אריינגעפאַלען" צוליב אַ טראַנספּאָרט ליטעראַטור פאַר מאָסקווע. די אָרגאַניזירונג פון דער רוסלענדער סאָציאַל דעמאָקראַטישער ארבייטער פּאַרטיי, זיין ערשטער צוזאַמענפאָהר איז אין אַ גרויסען מאָס געווען די ארבייט פון „ווילנע", הויפּטזעכליך פון ארקאַדי. דער מאַניפעסט פון דער פּאַרטיי, כאָטש אָנגעשריבען פון סטרואווע, איז צוויי מאָל געווען קאָרעגירט פון ארקאַדי און וולאַדימיר, און אָפּגעדרוקט אין אונזער דרוקעריי.

מען קען מיט זיכערקייט זאָגען, אַז ווען עס וועט ווען־עס־איז גע־שריבען ווערען אין דעטאַלען די געשיכטע פון דער אידישער ארביי־טער באַוועגונג אין די יאָהרען 1889-1897 — וועט דער מחבר מוזען קומען צום אויספיהר, אַז „ווילנע" איז געווען דער צענטער, די זון, וואָס האָט געגעבען ליכט און לעבען צו אַלע אנדערע ארבייטער אָר־גאַניזאַציעס אין רוסלאַנד פון יענער צייט.

נישט אומזיסט האָט פּלעכאַנאָוו — אַ מענש אַ קאַרגער אויף קאָמ־פּלימענטען — ווער האָט ווען־עס־איז געהערט אַ קאָמפּלימענט פון איהם? — אין זיין באַריכט צום לאָנדאָנער אינטערנאַציאָנאַלען סאָ־ציאַליסטישען קאָנגרעס אין 1896 אנגערופען די אידישע ארבייטער באַוועגונג אלס אַן אַוואַנגאַרד פון דער גאַנצער רוסלענדער ארבייטער באַוועגונג.

און דאָס איז זי טאַקע געווען.

## ד. שוב.

# אהרן זונדעלעוויטש

### 1



אהרן זונדעלעוויטש איז געבאָרען געוואָרען אין ווילנע דעם 16טען יולי (דעם 4טען יולי לויט'ן אַלטען סטיל) 1852. זיינע עלטערען זיינען געווען אָרימע באַלעבאַטים. א חוץ אהרנ'ען זיינען געווען נאָך אכט קינדער. דער פאָטער האָט זיך באַשעפטיגט מיט וואָס נאָר עס האָט זיך געמאכט: ער האָט אין פארשיידענע ציי־טען געהאַט א ביר־ברויז, א לעדער־געשעפט, געפּרובירט עפּענען א שוך־פאַבריק, אָבער די געשעפטען זיינען איהם שלעכט געגאַנגען. די הויפּט־פאַרדינערקע איז מעהרסטענס געווען די מוטער, וועלכע האָט א געוויסע צייט געהאַלטען אַ שענק אויף דייטשע גאַס. די פאַמיליע האָט אָפט געליטען שרעקליכע נויט. די מוטער איז געווען א קלוגע פּראַקטישע פרוי מיט א שטאַרקען כאַראַקטער. דער פאָטער א איד א למדן אָבער ניט קיין גרויסער פרומאַק. שטילינקער־הייד, ווען קיינער פלעגט ניט זעהן, פלעגט ער זאָגאַר רויכערען אום שבת. ער איז געווען אַנגעשטעקט פון דער השכלה און א אידעאַליסט. אהרנ'ען אָבער האָט ער געגעבען א ריין־רעליגיעזע ער־ציהונג.

אהרן איז געווען זעהר א פעהיגער און פלייסיגער אינגעל און זעהר א פרומער. אזוי צ. ב. ווען די מאַמע פלעגט ביים פארקנעטען די טייג אויף שבת פארגעסען „חלה נעמען", פלעגט דער קליינער פרומער אינגעל זיך ענטזאַגען צו עסען נאָכדעם די חלה. זעהר אָפט פלעגט ער מיט'ן טאַטען זיך קריגען צוליב דעם, וואָס דער טאַטע האָט ניט איבעריגס געהאַלטען פון זיין פרומקייט. אהרן האָט גע־חלומ'ט צו ווערען א רב. ער האָט געלערענט אין פארשיידענע ישיבות אין ווילנע. צו 13 יאָהר איז ער אוועקגעפאָהרען קיין סמאָרגאָן אין דער ישיבה פון דאָרטיגען רב, וועלכער איז געווען זיינער א קרוב. צוויי יאָהר האָט ער אָפּגעלערענט אין דער סמאָרגאָנער ישיבה.

דערנאָך איז ער אוועקגעפאָהרען קיין מינסק. ווען ער איז אָנגעקומען אהין, זיינען שוין אַלע „טעג", וואו די קלויזניקעס פלעגען עסען, געווען פאַרנומען, און אהרן איז געווען אין גרויס פאַרצווייפלונג. ענדליך אָבער האָבען א פּאָר באַלעבאַטים זיך אויף איהם דערבארימט און זיי האָבען איהם באַזאָרגט מיט צוועלף פונט ברויט א וואָך און שבתים. שפּעטער האָט ער געקראָגען אַן „אוראָק" (לעסאָן) פאַר



אהרן זונדעלעוויטש
געב. אין ווילנע יולי 16, 1852. געשט. אויג. 30, 1923.

צעהן קאָפּיקעס א וואָך און אָט מיט דעם האָט ער עס געדאַרפט זיך דורכלעבען. שלאָפען פלעגט ער אין בית מדרש.

דער יונגער אהרן האָט געהאַט א שם פאר א וואויל-לערנער און ער האָט זיך געגרייט צו ווערען א רב. אָבער די „נייע ווינטען", וואָס האָבען דאַן אָנגעפאַנגען בלאָזען אין רוסלאַנד, האָבען אריינגעדרונגען אויך אין דער מינסקער ישיבה. דער פרומער אהרן האָט

אַנגעפּאַנגען פליסיג לייענען פאַרשיידענע העברעאישע ביכלאַך, וואָס זיינען דאַן ארוים אין רוסלאַנד. אַ באַזונדערס שטאַרקען איינדרוק האָבען אויף איהם געמאַכט די שירים פון דעם העברעאישען פּאָעט יצחק בער לעווענסאָן. אונטער דער ווירקונג פון דער נייער העברע־אישער ליטעראַטור איז אהרן ביסלאַכוויץ געוואָרען אַן אַפּיקורס און האָט אָנגעהויבען טראַכטען וועגען אָנקומען אין ווילנער ראַבינער־שול. פאַרווירקליכען אָבער דעם פּלאַן איז געווען ניט אַזוי לייכט. אין ווילנע האָבען געוואוינט זיינע עלטערען. דאָרט וואָלט ער זיך גע־קענט לייכט צוגרייטען צום ערשטען קלאַס ראַבינער־שול. אָבער ווי קומט מען פון מינסק קיין ווילנע, ווען זיין גאַנצער פאַרמעגען איז באַשטאַנען פון פינף קאָפּיקעס? האָט ער געטראַכט און געטראַכט און באַשלאָסען אוועקצוגעהן צופוס קיין ווילנע. ער איז דאַן אַלט געווען זיבעצעהן יאָהר.

אין איין שעהנעם פריהמאָרגען האָט זונדעלעוויטש מיט אַ פּעקעל אויפ'ן פּלייצע זיך אַוועקגעלאָזט אין וועג. די פינף קאָפּיקעס האָט ער באַצאָהלט אַ בעל־עגלה, אַז ער זאָל איהם אונטערפיהרען אין אַ דערבייאיגער שטעדטעל און פון דאָרט איז ער שוין געגאַנגען צופוס אַ הונגעריגער. נעכטיגען פלעגט ער אין די קרעטשמעס. אַמאָל פלעגט ער דאָרט אויך קריגען עפּעס וואָס אָפּצועסען. זעהר אָפט אָבער פלעגט איהם אויסקומען צו לעגען זיך שלאָפען אַ הונגעריגער. אַזוי איז ער געגאַנגען ביז מאָלאָדעטשנע. דאָרט האָט ער שוין מעהר ניט געקענט אויסהאַלטען דעם הונגער. איז ער אַוועק איבער די הייזער בעטען נדבות. ער האָט אַזוי אויפגעקליבען אַ טאַרבע ברויט, אוגערקעס און אַנדערע עסענוואַרג און דאָס האָט איהם שוין געקלעקט ביז סמאַרגאָן, וואו ער האָט אויסער דעם רב אויך געהאַט אַנדערע קרובים. זיי האָבען פאַר איהם צונויפגעקליבען זעכציג קאָפּיקעס און אָט מיט דעם קאַפּיטאַל האָט ער זיך דערשלעפּט ביז ווילנע.

לייענען רוסיש האָט זונדעלעוויטש אַביסעל געקענט נאָך פון קינדהייט אָן. איצט האָט ער זיך מיט גרויס פּליים אַ נעם געטאָן לערנען די רוסישע שפּראַך און אַנדערע געגענשטאַנדען און אין איין יאָהר צייט האָט ער אָהן דער הילף פון אַ לעהרער זיך צוגעגרייט צום ערשטען קלאַס ראַבינער־שול. גוט רוסיש האָט ער אָבער נאָך אַלץ ניט געקענט. ער האָט גערעדט מיט אַ סך גרייזען. ערשט ווען ער איז אָפּגעווען אַ יאָהר אין דער ראַבינער־שול, האָט ער זיך גוט אויסגעלערענט די שפּראַך און איז געוואָרען דער בעסטער שילער אין אַלע געגענשטאַנדען, וואָס מען האָט דאָרט געלערענט. זונדעלע־וויטש'עס טרוים איז געווען, ווען ער וועט ענדיגען די ראַבינער־שול, אַנצוקומען אין פּעטערבורגער טעכנאָלאָגישען אינסטיטוט. אָבער

פלוצלונג האט די רעגירונג די ראבינער־שול פארוואנדעלט אין א לעהרער־אינסטיטוט. זונדעלעוויטש און נאך א פאר פון זיינע חברים, וואס האבען ניט געוואלט ווערען קיין לעהרער, האבען דעריבער פאר־לאזען די שול.

שוין אין דער ראבינער־שול האט זונדעלעוויטש געהאט א גרויסען איינפלוס אויף זיינע חברים. ער איז געשטאנען פיל העכער פון זיי סיי אין פעהיגקייטען און סיי אין ענטוויקלונג. שוין אין דריטען קלאס פון דער ראבינער־שול האט זונדעלעוויטש ארגאניזירט א קרייזעל פאר זעלבסט־אנטוויקלונג. אין רוסלאנד האט זיך דאן אנגעפאנגען די באריהמטע באוועגונג פון „געהן אין פאלק". דאס איז געווען איינער פון די אינטערעסאנטסטע און וואונדערבארסטע קאפיטלען אין דער געשיכטע פון דעם אלוועלטליכען פריוהייטס־קאמף. רוסלאנד איז דעמאלט געווען הויפטזעכליך א פויערים־לאנד. דער צאר אלעקסאנדער דער צווייטער האט אין יאהר 1861 באפרייט די פויערים פון פאנסטשיזנע (לייב־אייגענטום). די באפרייטע פויערים אבער האבען באקומען צו ווייניג ערד און דערצו האבען זיי נאך געמוזט זייער גאנצען לעבען צאהלען די פריצים פאר די ערד, וואס זיי האבען געקראגען. די פויערים זיינען געווען אונצופרידען, פלעגט מען זיי שמייסען, שלאגען, ארעסטירען און זאגאר פארשיקען קיין סיביר. דיליידען פון די פויערים, זייערע צרות זיינען געווען ניט צו באשרייבען. די גאנצע רוסישע ליטעראטור איז געווען דורכגע־דרונגען מיט א געפיהל פון סימפאטיע פאר די פויערים. הערצען, טשערנישעווסקי, לאווראוו, באקונין און די אנדערע דעמאלדיגע ווארט־פיהרער פון דער רוסישער ראדיקאלער אינטעליגענץ האבען אין זייערע ווערק ניט אויפגעהערט צו רופען די קינדער פון די פריצים, אז זיי זאלען אפצאהלען דעם פאלק דעם „חוב", וואס איהם קומט. דער ארימער הארעפאשנער פאלק, האבען זיי געפרעדיגט, האט דורות לאנג ביטער געשקלאפט און איז אויסגעשטאנען די שרעקליכסטע יסורים אום צו שפייזען און אויסהאלטען מיט כל טוב די פריצים. ווען ניט די הא־רעוואניע און שקלאפעריי פון די פויערים, וואלטען די פריצים ניט געהאט קיין רייכטום און קיין בילדונג. דעריבער איז די פליכט פון די „קריטיש־דענקענדע" מענשען פון רוסלאנד צו עפענען די אויגען דעם פאלק און העלפען איהם אויף אז אמת באפרייען זיך פון דער עקאנאמישער, פאליטישער און גייסטיגער שקלאפעריי אונטער וועלכער ער לעבט.

די יונגע אידעאליסטישע קינדער פון די רוסישע פריצים האבען זיך אנגעפאנגען פיהלען ווי גנבים, וואס האבען זיך אויסגעהאדעוועט און געלעבט א גוטען טאג אויפ'ן חשבון פון דעם פארשקלאפטען

און אונטערהדריקטען פויער און עס איז ארויסגעלאָזען געוואָרען א רוף: „אין פאָלק אריין". דאָס הייסט, לאָמיר אראָפּוואַרפען פון זיך דעם אריסטאָקראַטיזם, אָפּזאָגען זיך פון אלע באַקוועמליכקייטען פון לעבען און געהן אין פאָלק, לעבען מיט איהם צוזאַמען און רופען איהם צום קאַמף פאר א בעסערער און גערעכטערער אָרדנונג, וואָס וועט ברענגען גליק פאר אלעמען.

א חוץ אָט דער באַוועגונג פון „געהן אין פאָלק" איז צווישען דער אידעאַליסטישער שטודירענדער יוגענט פון רוסלאַנד דאַן אויך געווען פּאָפּולער די אידעע פון פאָהרען קיין אמעריקע און גרינדען דאָרט קאָמוניסטישע קאָלאָניעס. די אָנהענגער פון אָט דער אידעע האָבען זיך גערופען „אַמעריקאַנצעס". „לאָמיר פאָהרען קיין אמע־ריקע", האָבען די דאָזיגע „אַמעריקאַנצעס" געפּרעדיגט, „און ציינגען, אז מען קען לעבען ניט פון פרעמדע האָרעוואַניע, ארבייטען מיט די אייגענע צעהן פינגער און דאָך בלייבען געבילדעטע מענשען". א היבשע צאָל יונגע רוסישע ראַדיקאַלען זיינען טאַקע אוועקגעפאָהרען קיין אַמעריקע און געגרינדעט דאָ קאָמוניסטישע קאָלאָניעס.

זונדעלעוויטש און נאָך עטליכע געוועזענע תלמידים פון דער ראַבינער־שול האָבען אויך באַשלאָסען צו פאָהרען קיין אַמעריקע. זונדעלעוויטש און זיינע חברים האָבען וועגען בויען קאָמוניסטישע קאָלאָניעס אין אַמעריקע ניט געטראַכט. זיי האָבען פּשוט געוואָלט לעבען פריי, ניט ווערען אונטערדריקט און ניט ווערען אויף יעדען שריט און טריט באַליידיגט אלס אידען. צוויי פון זונדעלעוויטש'עס חברים, די ברידער גאָרפיין, זיינען טאַקע באַלד אוועקגע־פאָהרען קיין אַמעריקע. זונדעלעוויטש האָט געזאָלט פאָהרען נאָך זיי אין א קורצער צייט ארום. אזוי ווי די גאָרפיינס האָבען קיין פּאַספּאָרטען ניט געהאַט און זיי האָבען געדאַרפט „גנבענען דעם גרעניץ", האָט זונדעלעוויטש דערווייל געהאַט א גוטע געלעגענהייט צו באַקענען זיך מיט די קאָנטראַבאַנדיסטען און צוקוקען זיך גוט, ווי אזוי זיי שמוגלען אריבער דעם גרעניץ. שפּעטער, ווי מיר וועלען זעהן, איז עס איהם זעהר שטאַרק צוניץ געקומען.

ווען זונדעלעוויטש איז נאָך געווען אין די ערשטע קלאַסען פון ראַבינער־שול האָט ער אָנגעפאַנגען צו געבען אוראָקען. ער האָט שנעל באַקומען א נאָמען אין ווילנע אלס א גוטער לעהרער און פילע טאַטע־מאַמעס פלעגען איהם אָנפאַרטרויען צוצוגרייטען זייערע קינ־דער אין גימנאַזיע אדער אין אַנדערע שולעס. קיין גרויסען פאַר־מעגען האָט ער פון די דאָזיגע אורּאָקען ניט געקענט אָנקלייבען. אָפט פלעגט ער פאר אן אוראָק נעמען ניט מעהר ווי 75 קאָפּיקעס א מאָנאַט און דערפאַר האָט איהם געמוזט נעמען א היבשע צייט ביז וואַנען ער האָט געקענט אָפּשפּאָרען גענוג געלט אויף צו פאָהרען נאָך

אמעריקע. זונדעלעוויטש'ען איז אָבער ניט באַשערט געווען צו ווע־רען אַן אַמעריקאַנער. ער איז פאַרבליבען אין רוסלאַנד און איז גע־וואָרען אַ רעוואָלוציאָנער.

2

נאָך איידער זונדעלעוויטש האָט געהאַט אַ ווּעלכען עס איז שייכות צו דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, האָט זיינע אַ ווייטע קרובה, אַננאַ עפשטיין, געענדיגט די ווילנער פּרויען־גימנאַזיע און איז אַוועקגעפאָהרען קיין פּעטערבורג און אָנגעקומען דאָרט אויף די מעדיציניסשע קורסען פאַר פרויען. אין פּעטערבורג האָט זי זיך איינגיבען באַקענט מיט די מיטגלידער פון דעם באַריהמטען רעוואָ־לוציאָנערען קרייזעל פון די „טשייקאָווצעס", צו וועלכען עס האָבען געהערט פּיאָטר קראָפּאָטקין, ניקאָלאַי טשאַיקאָווסקי, סאָפיא פּעראָוו־סקאַיאַ און אַנדערע רעוואָלוציאָנערען, וואָס האָבען שפּעטער געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. כאָטש דער דאָזיגער קרייזעל האָט געטראָגען טשייקאָווסקי'ס נאָמען, איז אָבער זיין אמת'ער גרינדער געווען ניט טשייקאָווסקי, נאָר דער אידישער רעוואָלוציאָנער מאַרק נאַטאַנסאָן. דער דאָזיגער קרוזשאָק האָט זיך געשטעלט די אויפגאַבע צו פאַרשפּרייטען סאָציאַליסטישע געדאַנקען צווישען דער שטודירענדער יוגענד און די ארבייטער. אַננאַ, אָדער חנה עפשטיין, איז געוואָרען זעהר אַ טעטיגער מיטגליד פון דעם טשייקאָווסקי־קרייזעל. זי איז געווען די ערשטע סאָציאַליסטקע אין ווילנע.

איינמאָל, ווען זי איז פון פּעטערבורג געקומען קיין ווילנע, האָט זי איינגעלאַדען זונדעלעוויטש'ען צו לערנען מיט איהר איינגערען ברודער. איינגיבען האָט זי באַקומען אַ גרויסען איינפלוס אויף זונ־דעלעוויטש'ען און אויף אַלע זיינע חברים. דאָס וואָס זי האָט דער־צעהלט וועגען פּעטערבורג און וועגען דעם טשייקאָווסקי־קרייזעל האָט געקלונגען פאַר זיי ווי אַ וואונדערבאַרע ענטדעקונג. ווען זי האָט דערהערט, אַז זיי קלייבען זיך צו פאָהרען אין אַמעריקע, האָט זי זיי געגומען שטאַרק אָפּריידען פון דעם. זי האָט אַזוי לאַנג מיט זיי אַריינגע'טענה'ט ביז זיי האָבען באַשלאָסען אויפצוגעבען דעם פּלאַן צו פאָהרען קיין אַמעריקע און אַנשטאָט דעם זיך אָנשליסען אַן דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, וואָס האָט זיך דאַן געגומען שטאַרק פאַרשפּרייטען אין רוסלאַנד.

אין גיכען האָט זיך אין ווילנע געגרינדעט אַ רעוואָלוציאָנערער קרייזעל, צו וועלכען עס האָבען געהערט זונדעלעוויטש, זיין חבר וולאַדימיר יאָכעלסאָן, אויך אַ געוועזענער שילער פון ראַבינער־שול, אהרן ליבערמאַן, באַרעל א. אַ. איינגאַנצען האָבען צו דעם קרייזעל

געהערט ביי א צעהן מענשען. דערצו זיינען נאך געווען א 10-12 מענשען, וואס האבען סימפאטיזירט מיט די אידעען פון קרייזעל. די מיטגלידער פון קרייזעל פלעגען זיך צונויפקומען לייענען צוזא־מען אונלעגאלע ביכער, שמועסען וועגען דעם ווי אזוי צו פראפא־גאנדירען די אידעען פון סאציאליזם און פארשפרייטען אונלעגאלע ליטעראטור. כאטש אלע מיטגלידער פון קרייזעל זיינען געווען אי־דען, האט בלויז איין ליבערמאן געהאלטען, אז מען דארף פרעדיגען דעם סאציאליזם אויך צווישען די אידישע מאסען אויף העברעאיש אדער אויף אידיש. זונדעלעוויטש אבער און אלע איבעריגע מיט־



אהרן שמואל ליבערמאן, 1844—1880,
דער פאטער פון אידישען סאציאליזם.

גלידער פון קרייזעל האבען גע'טענה'ט, אז העברעאיש איז א טויטע שפראך און דער זשארגאן וועט פארשווינדען אזוי שנעל, ווי אידען וועלען דערווערבען אייראפעאישע בילדונג און וועלען זיך אויסלער־נען רוסיש. אידען, האבען זיי געהאלטען, זיינען ניט קיין בא־זונדער נאציע. זיי האבען ניט קיין אייגען לאנד און זייער שפראך איז קיין שפראך ניט. אידען זיינען ניט מעהר ווי א רעליגיעזע גרופע, אבער אזוי ווי צו רעליגיע בכלל און צו דער אידישער רע־ליגיע בפרט האבען די ערשטע אידישע רעוואלוציאנערען זיך בא־צויגען פיינדליך, האבען זיי דעריבער געהאלטען, אז די אידען אלס נאציע האבען ניט קיין עקזיסטענץ בארעכטיגונג.

וולאדימיר יאַבעלסאָן שרייבט אין זיינע מעמוארען:

„מיר האָבען גערעכענט, אז די באפרייאונג פון רוסישען פאָלק פון דער הערשאפט פון דעספּאָטיזם און פון דרוק פון די הערשענדע קלאסען וועט אויך ברענגען צו דער פּאָליטישער און עקאָנאָמישער באפרייאונג פון אלע פעלקער פון רוסלאנד, דעם אידישען פאָלק אריינגערעכענט. מען מוז אָבער מודה זיין, אז די רוסישע ליטע־ראטור, וועלכע האָט ביי אונז איינגעפלאנצט א ליבע צו בילדונג און צום רוסישען פויער, האָט ביי אונז אין א געוויסער מאָס אויך איינגעפלאנצט א פאַרשטעלונג וועגען אידענטום, ניט ווי וועגען א פאָלק, נאָר ווי וועגען א קלאס פון פאראזיטען. אזוינע מיינונגען האָבען ניט זעלטען ארויסגעזאָגט אויך די ראדיקאלע רוסישע שרייבער, און דאס איז געווען איינע פון די אורזאכען פון דעם, וואָס מיר האָבען זיך אָפּגעקעהרט פון דעם אידישען פאָלק".

אנא עפשטיין האָט געהאט אין ווילנע פאַרבינדונגען מיט קאָנ־טראבאנדיסטען. דורך זיי פלעגט זי באקומען אונלעגאלע ליטעראטור פון אויסלאנד. פאר'ן אוועקפאָהרען פון ווילנע האָט זי צוגעצויגען זונדעלעוויטש'ן צו דער ארבייט. מיט איניגע אנדערע קאָנטרא־באנדיסטען איז זונדעלעוויטש שוין פון פריהער געווען באקאנט. איצט האָט ער זיך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט די רעוואָלוציאָ־נערען אין אויסלאנד און האָט אוועקגעשטעלט דעם טראנספּאָרט פון אונלעגאלע ליטעראטור אויף א ברייטען פארנעם. ער פלעגט אויך פון צייט צו צייט אריבערפיהרען רעוואָלוציאָנערען איבער דער גרעניץ. פון איינעם א קאָנטראבאנדיסט, מיט וועלכען ער האָט געפיהרט פארשידענע אונטערהאנדלונגען, האָט ער זיך דערוואוסט, אז אין א געוויסען האָטעל אין ווילנע געפינט זיך א מאַן, וואָס איז נאָר וואָס אָנגעקומען פון פעטערבורג און ער לייגט איהם פאָר, אז ער זאָל נעמען אויף זיך צו טראנספּאָרטירען ביכער. זונדעלעוויטש האָט שטארק אויסגערעדט דעם קאָנטראבאנדיסט פאר וואָס ער האָט אויסגעזאָגט א פרעמדען סוד. אליין אָבער איז ער גלייך אוועק אין האָטעל און האָט אויפגעזוכט דעם גאסט פון פעטערבורג און נאָך א קורצען שמועס האָבען ביידע זיך איבערצייגט, אז זיי זיינען פון איין לאגער. דער גאסט איז געווען א מיטגליד פון די לאווריסטען (אָנהענגער פון דעם באריהמטען סאָציאליסטישען דענקער און גע־לעהרטען פיאָטר לאוורא͏ָוו). ער האָט זונדעלעוויטש'ען געגעבען פאר־בינדונגען מיט דעם קרייזעל און האָט איהם פאָרגעלייגט צו אָר־גאניזירען פאר זיי דעם טראנספּאָרט פון אונלעגאלע ליטעראטור. זונדעלעוויטש האָט דעם פאָרשלאָג אָנגענומען און ווילנע איז אויף אזא אופן געוואָרען דער הויפּט־צענטער, דורך וועלכען עס זיינען אָנגעגאנגען די פאַרבינדונגען צווישען די רעוואָלוציאָנערען פון פּע־

טערבורג און מאָסקווע מיט אויסלאַנד. פון ווילנע פלעגן די רע־וואָלוציאָנערען פון פעטערבורג און מאָסקווע באַקומען די אונלע־גאַלע ביכער און זשורנאַלען פון אויסלאַנד און דורך ווילנע פלעגט מען אויך איבערשיקען אין אויסלאַנד די רעוואָלוציאָנערען, וועלכע האָבען געמוזט אַנטלויפען פון רוסלאַנד אָדער אַזוינע וואָס זיינען געפאָהרען אין אויסלאַנד זעהן זיך מיט די פיהרער פון דער רעוואָלו־ציאָנערער עמיגראַציע. אַזוי ווי זונדעלעוויטש איז געשטאַנען אין שפּיץ פון אָט דער אַרבייט, איז איהם אויסגעקומען אַ פּאָר מאָל צו זיין אין קעניגסבערג. דער פאַרטרעטער פון די אויסלענדישע רעוואָ־לוציאָנערע פאַרלאַגען איז דעמאָלט געווען אַ סטודענט מיט׳ן נאָמען א. פינקעלשטיין, וועלכער איז אַנטלאָפען פון ווילנע נאָך מיט צוויי יאָהר פריהער, איידער זונדעלעוויטש׳עס קרייזעל האָט זיך געגרינדעט, צוליב דעם, וואָס מען האָט אין ראַבינער־שול ענטדעקט אונלעגאַלע ביכער. זינט דאַן האָט פינקעלשטיין זיך געפונען אין קעניגסבערג און מיט איהם איז עס זונדעלעוויטש געשטאַנען אין ענגער פאַר־בינדונג.

אין דערזעלבער צייט האָבען זונדעלעוויטש און די אַנדערע מיט־גלידער פון רעוואָלוציאָנערען קרייזעל זיך געגרייט צו „געהן אין פאָלק". אַזוי ווי אויך אַ אינטעליגענט האָבען די רוסישע פּויערים דאַן געקוקט ווי אויף אַ פּריץ און זיי האָבען זיך באַצויגען צו איהם מיט פאַרדאַכט, אויב ניט מיט פיינדשאַפט, האָבען די רעוואָלוציאָ־נערען פון יענער צייט זיך אָדער פאַרשטעלט פאַר פּויערים אָדער זיי האָבען זיך אויסגעלערענט עפּעס אַ מלאכה, כדי צו קענען קומען אין דאָרף ווי פּראָסטע אַרבייטער. אין זומער פון 1875 האָבען זונ־דעלעוויטש צוזאַמען מיט זיין חבר יאָכעלסאָן געדונגען אַ קליינע כאַלופּקע אויף דער „זשעליעזנאַיאַ כאַטקאַ" און האָבען דאָרט גע־עפענט אַ שוסטער־וואַרשטאַט. זיי האָבען געדונגען אַ אידישען שוסטער, אַז ער זאָל זיי אויסלערנען די מלאכה. די לעדער האָבען זונדעלעוויטש און יאָכעלסאָן אליין געקויפט פאַר זייער אייגענעם געלט און די פּאַרטיגע אַרבייט האָבען זיי אָוועקגעגעבען דעם לעהרער אומזיסט. געלערענט האָבען זיך פיר מענשען. אין פאַרלויף פון 2-3 מאָנאַטען האָט דער לעהרער שוין אָנגעהויבען פאַרקויפען אויפ׳ן מאַרק די שטיוועל, וואָס זיי האָבען אויפגענעהט. אָבער איידער זונדעלעוויטש און זיינע חברים האָבען געענדיגט דעם קורס אין שוסטעריי, זיינען זיי געצוואונגען געווען צו אַנטלויפען פון ווילנע.

אין יולי פון 1875 איז אין ווילנער לעהרער־אינסטיטוט פאַר־געקומען אַן אָביסק (הויז־זוכונג) און ביי איינינע שילער האָט מען געפונען אונלעגאַלע ליטעראַטור. מען האָט גענומען פאָדערען ביי זיי, אַז זיי זאָלען אויסזאָגען, וואו זיי האָבען גענומען די דאָזיגע

ליטעראַטור. מען האָט זיי געסטראַשעט. איין שילער האָט ניט אויס־געהאַלטען, האָט זיך אויף אַ מינוט פאַרלאָרען און האָט אָנגעוויזען אויף זונדעלעוויטש'ען. ער האָט באַלד חרטה געקראָגען און נאָך איידער די זשאַנדאַרמען האָבען זיך דערוואוסט וועגען דעם, האָט ער אַליין אָנגעזאָגט זונדעלעוויטש'ען וועגען דער געשיכטע, אַזוי אַז זונדעלעוויטש און זיינע חברים האָבען באַוויזען אין צייט צו אַנטלויפען. די פּאָליציי האָט געמאַכט אַן אָביסק ביי זונדעלעוויטש'ען אויפ'ן קוואַרטיר, אָבער דאָרט האָט מען געפונען נאָר שוסטער־געצייג. מען האָט געזוכט יאָכעלסאָנ'ען, אָבער ער איז שוין אויך געווען אַנטלאָפען. די זשאַנדאַרען האָבען אַרעסטירט זונדעלעוויטש'עס עלטערען און זיינעם אַ ברודערעל, אַ אינגעל פון אַ יאָהר 15. מען האָט פון זיי געפאָדערט, אַז זיי זאָלען אויסזאָגען, וואו אהרן געפינט זיך. דער קליינער אינגעל האָט זיך געהאַלטען בראַוו. ער האָט זיך אָבער אויסגערעדט, אַז אהרן איז געווען באַקאַנט מיט ליבערמאַנ'ען. האָט מען שוין ביי ליבערמאַנ'ען אויך געמאַכט אַן אָביסק, אָבער אויך ליבערמאַן איז שוין נאָך פריהער אַנטלאָפען פון ווילנע.

די ווילנער פּאָליציי איז געווען שרעקליך אויפגערייצט פון דעם וואָס די רעוואָלוציאָנערען זיינען אַנטלאָפען. דער פּאָליציימייסטער האָט פאַררופען צו זיך די פאָרשטעהער פון דער קהילה און האָט זיי גע'מוסר'ט און געסטראַשעט. „ביז אַהער, האָט ער געזאָגט, האָבען מיר אייך, אידען, געהאַלטען נאָר פאַר שווינדלער. איצט וועלען מיר אייך האַלטען פאַר בונטאָווסטשיקעס אויך". און ער האָט גע־פאָדערט, אַז די פיהרער פון דער קהילה זאָלען ווירקען אויף דער אידישער יוגענד. אין אַלע שוהלען און קלויזען האָט מען טאַקע באַלד איבערגעלייענט פון בימה אַ דרשה פון ווילנער שטאָט־מגיד, אין וועלכער ער האָט מיט פסוקים פון דער תורה באַוויזען, אַז די רעוואָ־לוציאָנערען זיינען אפיקורסים, פאַרברעכער און שונאי ישראל, און אַז עס איז דעריבער די פליכט פון יעדען אידען, וואָס האָט נאָר גאָט אין הארצען, אַרויסצוגעבען דער פּאָליציי די פאַרשפּרייטער פון די טריפה ביכלעך.

זונדעלעוויטש'עס עלטערען און ברודער האָט מען באַלד באַפרייט. זונדעלעוויטש אַליין איז אַוועקגעפאָהרען קיין קאָוונע און פון דאָרט קיין דייטשלאַנד. ער האָט זיך באַזעצט אין קעניגסבערג.

3

אין קעניגסבערג האָט זונדעלעוויטש זיך פאַרנומען ניט נאָר מיט טראַנספּאָרטירען אומלעגאַלע ליטעראַטור קיין רוסלאַנד, נאָר ער האָט אויך געפיהרט אַ סאָציאַליסטישע אַגיטאַציע צווישען די דייטשע אַר־

ביימער. איינמאָל אָבער האָט פּאַסירט, אַז אַ דייטשער פּאָסט־בעאַמ־טער האָט געעפנט אַ פּאַקעט, וואָס איז געשיקט געוואָרען אויף זונדעלעוויטש׳עס נאָמען. פון דעם פּאַקעט האָט זיך די דייטשע פּאָליציי דערוואוסט פון זיין טעטיגקייט און ער האָט געמוזט פון דאָרט אנטלויפען. נאָך איידער אָבער ער האָט פארלאָזען קעניגסבערג האָט ער זיך דאָרט געטראָפען מיט דעם דערמאָנטען רעוואָלוציאָנער נאַטאַנסאָן. מארק נאַטאַנסאָן איז נאָך אין סוף פון די 60־ער יאָה־רען פון פאָריגען יאָהרהונדערט געווען באריהמט אלס אַ זעלטענער רעוואָלוציאָנערער אָרגאַניזאטאָר. ער האָט עס פריהער געגרינדעט דעם טשייקאָווסקי־קרייזעל, וועלכער האָט געשפּילט אזא וויכטיגע ראָלע אין דער געשיכטע פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. איינגיכען נאָך דעם ווי ער האָט אָרגאַניזירט דעם קרייזעל, איז ער ארעסטירט געוואָרען. אין יאָהר 1871 איז ער פארשיקט געוואָרען אויף 5 יאָהר קיין סיביר. אין יאָהר 1876, ווען ער האָט זיך צוריק אומ־געקעהרט פון סיביר, האָט ער אויסגעפונען אַז פון זיין רעוואָלו־ציאָנערער אָרגאַניזאציע איז געוואָרען אַ תל. די מעהרסטע מיטגלי־דער זיינען געווען ארעסטירט אָדער פארשיקט. אַ טייל זיינען געווען אין אויסלאנד אָדער האָבען געלעבט ערגעץ „אונלעגאל", ד. ה. אויף אַ פאַלשען פּאַספּאָרט ערגעץ אין רוסלאַנד. נאַטאַנסאָן האָט זיך געשטעלט די אויפגאַבע ווידער אויפצולעבען די אָרגאַניזאציע. ער איז ארומגעפאָהרען פון שטאָט צו שטאָט, האָט אויפגעזוכט די נויטיגע מענשען און האָט זיי ווידער פארבונדען איינע מיט די אנ־דערע. אַ דאַנק נאַטאַנסאָנ׳ס באַמיהונגען איז אין זומער פון יאהר 1876 שוין אויסגעוואַקסען אַ גאַנץ באדייטענדע רעוואָלוציאָנערע אָר־גאַניזאציע. די מיטגלידער פון דער אָרגאַניזאציע האָבען פון אָנ־פאַנג זיך גערופען „טריגלאָדיטען", דערפאַר, וואָס זיי האָבען זיך אַזוי קונציג אין פארלויף פון יאָהרען אויסבאהאַלטען פון דער פּאָ־ליציי אין פארבאָרגענע פּלעצער, פּונקט ווי די „טריגלאָדיטען", די אוראַלטע איינוואוינער פון די היילען פּלעגען מיט טויזענטער יאָהרען צוריק זיך אויסבאהאַלטען פון די ווילדע חיות. מיט זונדעלעוויטש׳ען איז נאַטאַנסאָן דאַן פערזענליך ניט געווען באַקאַנט. ער האָט אָבער געהערט וועגען איהם פון אייניגע רעוואָלוציאָנערען אין פּעטערבורג. האָט ער באַשלאָסען אומבאַדינגט איהם צוציהען צו דער נייער אָר־גאַניזאציע און ער איז דעריבער געקומען קיין קעניגסבערג אום פּער־זענליך איבערצוריידען מיט איהם וועגען דעם.

זונדעלעוויטש איז גלייך צוגעשטאַנען צו דער נייער אָרגאַניזא־ציע און איז געוואָרען איינער פון איהרע וויכטיגסטע טוער. ער איז געוואָרען דער הויפּט פון דעם „געהיים־דעפּאַרטמענט" אָדער, ווי די רעוואָלוציאָנערען פּלעגען איהם רופען, דער „מיניסטער פון

אויסערען" פון דער רעוואלוציאָנערער אָרגאַניזאַציע. ניט איין צעהנ־דליג רעוואלוציאנערען, וואס די רוסישע רעגירונג האָט ווי מיט ליכט אַרומגעזוכט, האָט זונדעלעוויטש אַריבערגעפיהרט איבער'ן גרעניץ. ער האָט אין יענער צייט אויך אַריינגעשמוגעלט מאַסען אונלעגאַלע ליטעראַטור און פאַרשידענע מאַטעריאַלען פאַר געהיימע דרוקערייען. א חוץ דעם האָט ער זיך אויך באַטייליגט אין אַלע אנדערע ריזיקאַ־לישע אונטערנעמונגען פון דער רעוואלוציאנערער אָרגאַניזאַציע. אזוי, צום ביישפיל, האָט ער דעמזעלבען יאָהר, וואס ער האָט זיך אנגע־שלאָסען אָן נאַטאַנסאָנ'ס אָרגאַניזאַציע, זיך באַטייליגט אין דער באַ־פרייאונג פון דעם באַריהמטען רעוואלוציאנער פּיאָטר קראַפּאָטקין פון פּעטראָפּאַוולאָווסקער פעסטונג. דערנאָך האָט ער אַנטייל גענומען אין דער ערמאָרדונג פון דעם צאַר'ס ליבלינג, דעם שעף פון די זשאַנ־דאַרען גענעראַל מעזענצאָוו (מעזענצאָוו'ן האָט דערשטאָכען מיט אַ קינזשאַל אויפ'ן מיטען גאַס אין פּעטערבורג דער באַריהמטער רעוואָלו־ציאָנער קראַווטשינסקי־סטעפּניאַק). זונדעלעוויטש האָט אויך אַנטייל גענומען אין דעם פאַרזוך, וואס איז געמאַכט געוואָרען צו טויטען מעזענצאָוו'ס נאָכפאָלגער, דעם גענעראַל דרענטעל.

אין יאָהר 1878, ווען די רעוואָלוציאָנערען האָבען אין פּעטער־בורג געגרינדעט דעם רעוואָלוציאָנערען זשורנאַל „זעמליאַ אי וואָליאַ" (ערד און פרייהייט), האָט די אָרגאַניזאַציע פון די „טריגלאָדיטען" באַקומען דעם נאָמען „זעמליאַ אי וואָליאַ". אין דער „זעמליאַ אי וואָליאַ" איז זונדעלעוויטש געווען באַוואוסט אונטער'ן נאָמען „מוישע". די אַנדערע מיטגלידער פון דער אָרגאַניזאַציע האָבען זעהר שטאַרק געהאַלטען פון „מוישען". דער באַריהמטער רעוואָלוציאָנער לעוו דייטש דערצעהלט אין זיינע ערינערונגען, אז ווען ער איז אין יאהר 1878 געקומען קיין פּעטערבורג און ער האָט זיך געטראָפען מיט די דאָר־טיגע רעוואָלוציאָנערען, פלעגט ער פון זיי אויף שריט און טריט הערען: „מען דאַרף פרעגען ביי מוישען", „לאָמיר אָקאָרשט הערען, וואָס מוישע האָט וועגען דעם צו זאָגען", „עס איז אינטערעסאַנט צו הערען פריהער מוישע'ס מיינונג וועגען דעם", א. אַז. וו.

„איך האָב זיך פאָרגעשטעלט, שרייבט דייטש, אז „מוישע" מוז זיין אַ איד א ריז. איך בין דעריבער איבעראַשט געוואָרען, ווען איך האָב דערזעהן זונדעלעוויטש'ען. איך האָב פאַר זיך דערזעהן אַ אידישען יונגענמאַנטשיק, אַ קליין־געוואַקסיגען. דער יונגערמאַנטשיק האָט אָבער אויף מיר געמאַכט אַ גאַנץ גוטען איינדרוק. דאָס איז געווען א שעהנער יונגערמאַן, מיט אַ פרישען קאָליר אויפ'ן געזיכט, וועלכער איז געווען ווי איינגעפאַסט אין אַ ראַהם, אַרומגערינגעלט מיט אַ טונקעלער בערדעל. פון אונטער'ן שטערן האָבען געפינקעלט אַ

פאַר ליבליכע אויגען און אויף די ליפּען האָט געשפּילט אַ סימפּאַטי־
שער שמייכעל".

שוין מיט יאָהרען פריהער האָבען אייניגע רעוואָלוציאָנערע קרייז־
לעך געפּרובירט גרינדען אין דער אָדער יענער שטאָט פון רוסלאַנד
אַ געהיימע דרוקעריי אויף צו דרוקען רעוואָלוציאָנערע ליטעראַ־
טור. אָבער די אַלע דרוקערייען זיינען געווען זעהר ניט פאָלקאָמענע.
און זיי האָבען זיך געוועהנליך געהאַלטען אַ גאַנץ קורצע צייט. די
פּאָליציי פלעגט שנעל אויסשפּיאָנירען די דרוקעריי און ארויסשיקען די
מענשען, וואָס האָבען אין זיי געאַרבייט. דעריבער זיינען די מעהר־
סטע רעוואָלוציאָנערען געקומען צום שלוס, אַז עס האָט קיין זינען
ניט צו פּרובירען אוועקשטעלען נייע געהיימע דרוקערייען אין רוס־
לאַנד, ווייל קיין גרויס נוצען קען מען פון דעם סאַי ווי סאַי ניט
האָבען. מען פאַרלירט בלויז דורך דעם אַ סך מענשען. די נויט־
וועגדיגקייט אין רעוואָלוציאָנערע ליטעראַטור איז אָבער געוואַקסען מיט
יעדען טאָג. זונדעלעוויטש האָט דעם אויסלענדישען טראַנספּאָרט
אוועקגעשטעלט זעהר גוט. אָבער די ליטעראַטור, וואָס מען האָט גע־
בראַכט פון אויסלאַנד איז געווען ניט מעהר ווי אַ טראָפּען אין ים.
„מוישע" איז דעריבער געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז מען מוז
זעהן שאַפען אַן אייגענע געהיימע דרוקעריי אין פּעטערבורג, וואו
מען זאָל קענען דרוקען ניט נאָר פּראָקלאַמאַציעס, נאָר אויך בראָ־
שורען. די אַנדערע מיטגלידער פון דער „זעמליא אי וואָליא" האָ־
בען פון אָנפאַנג חוזק געמאַכט פון זיינע פּלענער. אָבער דאָס האָט
איהם ניט ענטמוטיגט. ער האָט אין אויסלאַנד זיך אויסגעלערענט
זעצען, האָט אַליין געבראַכט צו פיהרען אַלץ, וואָס איז נויטיג פאַר
אַ דרוקעריי, האָט אויסגעלערענט אַ פּאָר אַנדערע חברים זעצען און
האָט אינגיכען אָנגעפאַנגען דרוקען בראָשורען און שפּעטער אויך אַ
ציימונג. אַ געוויסע צייט האָט אין יענער געהיימער דרוקעריי גע־
אַרבייט אויך די שפּעטער באַריהמטע געוואָרענע רעוואָלוציאָנערקע וועראַ
זאַסוליטש. פיר יאָהר נאָכאַנאַנד האָט די פּאָליציי איבערגעקעהרט גאַנץ
פּעטערבורג, זוכענדיג די געהיימע דרוקעריי און האָט זי ניט געקענט
געפינען. ענטדעקט געוואָרען איז די דרוקעריי דורך אַ נאַרישען צופאַל.

זונדעלעוויטש האָט שפּעטער ארויסגעפיהרט פון רוסלאַנד וועראַ
זאַסוליטש, ווען די זשאַנדאַרען האָבען איהר געוואָלט אַרעסטירען, נאָכ־
דעם ווי דער געריכט האָט איהר באַפרייט פאַר מאַכען אַ פאַרזוך צו
טויטען דעם דאַמאַלסדיגען פּעטערבורגער גראַדאָנאַטשאַלניק גענעראַל
טרעפּאָוו. ער האָט אויך ארויסגעפיהרט דייטש'ען און זיינע חברים
סטעפּאַנאָוויטש'ען און באָכאַנאָווסקי'ן, וועלכע זיינען אויף אַ קונציגען
אופן אַנטלאָפען פון קיעווער טורמע, וואו זיי זיינען געזעסען וואַרטענדיג
אויפ'ן משפּט. דער געריכט וואָלט זיכער זיי פאַראורטיילט אויף

לאנגע יאָהרען קאטאָרגע. צוליב זיין אָרט אַרבייט האָט זונדעלעוויטש שטענדיג געהאַלטען אין אַרומפאָהרען. דער אידישער רעוואָלוציאָנער אָסיפּ אַפּטעקמאַן דערצעהלט אין זיינע ערינערונגען, אַז ווען אַ מיט־גליד פון דער אָרגאַניזאַציע האָט אַמאָל געפרעגט: וואו וואוינט זונ־דעלעוויטש? האָט מען איהם געענטפערט: „אין וואַגאָן פון דריטען קלאַס".

יאָכעלסאָן, וועלכער האָט אַרויסגעהאָלפען זונדעלעוויטש'ען אין דער אַרבייט, דערצעהלט, אַז די מעהרסטע קאָנטראַבאַנדיסטען האָבען זיך געפונען אין דער שטעטעל שירווינט, סואוואלקער גובערניע. כדי צו קומען אַהין, האָט מען בעדאַרפט אַראָפּגעהן פון צוג מיט אַ פּאָר סטאַנציעס פאַר ווערזשבלאָוואָ און פון דאָרטען צופאָהרען מיט אַ פוהר. דאָרט פלעגט מען זיך טרעפען מיט די קאָנטראַבאַנדיסטען. דער הויפּט פון די קאָנטראַבאַנדיסטען איז געווען אַ איד מיט'ן נאָמען זלמן. זלמן'ס גאַנצע פאַמיליע האָט זיך באַשעפטיגט מיט קאָנטראַ־באַנד. נאָכדעם ווי אַ פּאָר באַריהמטע רעוואָלוציאָנערען זיינען אין יאָהר 1880 אַרעסטירט געוואָרען אויפ'ן גרעניץ, איז זלמן אַנטלאָפען אין אַמעריקע. זיין זוהן, וועלכער האָט געאַרבייט מיט איהם צוזאַמען, האָט נאָך פריהער געמוזט אַנטלויפען. זלמן האָט גוט געוואוסט, אַז די פאַרבאָטענע ביכלעך זיינען זעהר אַ געפעהרליכע סחורה. דאָך פלעגט ער זיי אַריבערפיהרען איבער דער גרעניץ און ער האָט זאָגאַר אַליין אַ פּאָר מאָל זיי אַפּגעפיהרט קיין ווילנע און אפילו קיין פּע־טערבורג. מיט זיין הילף האָט עס זונדעלעוויטש געבראַכט קיין רוס־לאַנד צוויי דרוקערייען און שפּעטער אפילו דינאַמיט.

זונדעלעוויטש פלעגט אַליין פאָהרען אָפט קיין שירווינט. וויכ־טיגע רעוואָלוציאָנערען, וואָס זייער לאַגע איז געווען געפעהרליך, פלעגט זונדעלעוויטש אויך באַגלייטען איבער'ן גרעניץ. ער פלעגט אויך קומען איבערנעמען די וויכטיגע רעוואָלוציאָנערען, וואָס פלעגען קומען פון רוסלאַנד. זונדעלעוויטש האָט די קאָנטראַבאַנדיסטען גע־צאָהלט אַ קלענערען פּרייז, ווי זיי פלעגען פריהער באַקומען, אָבער זיי זיינען געווען צופרידען פון איהם, ווייל ער האָט זיי צוגעשאַרט אַ סך אַרבייט. ער איז געגאַנגען אָנגעטאָן זעהר אָרים און האָט אויסגעזעהן ווי אַן איינפאַכער אָרימער איד. ער האָט בכיון געהאַלטען ביי זיך אין טשעמאָדאַן אַ פּאָר תפילין. קיינער פון די קאָנטראַבאַנדיסטען האָט ניט געוואוסט זיין אמת'ן נאָמען. די קאָנטראַבאַנדיסטען האָבען ניט געקענט פאַרשטעהן, פאַר וואָס ער באַשעפטיגט זיך מיט אַזאַ געפעהרליכער אַרבייט. „ער מוז אַ סך פאַרדינען דערביי?" האָט זלמן אַמאָל גע־פרעגט יאָכעלסאָנ'ען. זונדעלעוויטש איז פאַר זיי געווען אַ רעטעניש, אָבער זיי האָבען געהאַט צו איהם דעם גרעסטען רעספּעקט און צוטרוי.

זונדעלעוויטש פלעגט, ווי געזאָגט, זיך באַטייליגען אין די ריזי־

קאַלישסטע רעוואָלוציאָנערע אונטערנעמונגען. ער האָט זיך ניט אָפּ־געשראָקען פאַר קאַטאָרגע און אַפילו ניט פאַר טויט־שטראָף. ער פלעגט ניט נאָר שטענדיג געבען פּראַקטישע עצות, נאָר ער פלעגט אויך דער ערשטער גען אין פייער. דערביי פלעגט ער זיך ניט קאָכען, ניט אויפרעגען. ער פלעגט אַלץ טאָן קאַלטבלוטיג און מיט א זיכערהייט, פּונקט ווי עס וואָלט זיך געהאַנדעלט וועגען געוועהנליכע זאכען, וואָס זיינען ניט פאַרבונדען מיט קיין געפאהר.

4

אין יענע יאָהרען האָבען די רוסישע סאָציאַליסטען געהאַלטען פאַר זייער הויפּט־אויפגאַבע צו פיהרען א פּראָפּאַגאַנדע און אַגיטאַ־ציע צווישען די פּויערים מיט׳ן צוועק ארויסצורופען אַן אויפשטאַנד אום צו פאַרווירקליכען די „וואונשען פון פאָלק״. זיי האָבען זיך דעריבער גערופען „נאַראָדניקעס״ (פון דעם וואָרט „נאַראָד״, פאָלק). די מיטגלידער פון דער „זעמליא אי וואָליא״, צו וועלכער זונדעלע־וויטש האָט געהערט, זיינען אַלע געוועזען „נאַראָדניקעס״ אָדער „פאָלקס־טימלער״. זיי האָבען געגלויבט, אז דער רוסישער פּויער האָט א גע־באָרענע נייגונג צום סאָציאַליזם און עס איז גענוג נאָר צו עפענען איהם די אויגען און ער וועט גלייך מאכען אַן אויפשטאַנד, וועט אראָפּוואַרפען פון זיך דעם יאָך פון אַלע זיינע אונטערדריקער און וועט גלייך איינפיהרען א סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט. די מעהרסטע מיט־גלידער פון דער „זעמליא אי וואָליא״ האָבען ארומגעוואַנדערט פון דאָרף צו דאָרף און געפּרובירט פיהרען צווישען די פּויערים א רעוואָ־לוציאָנערע פּראָפּאַגאַנדע. די פּראָפּאַגאַנדע אָבער איז געפאַלען אויף א שטיינערנעם באָדען. זונדעלעוויטש איז געוועזען איינער פון די ערשטע, וואָס האָט איינגעזעהן, אז די פּראָפּאַגאַנדע צווישען די פּוי־ערים איז אַן ארויסגעוואָרפענע ארבייט און זי וועט צו קיין גוטעס ניט פיהרען. עס איז בלויז א שאָד, וואָס מען פאַרלירט אומזיסט אזוי פיל מענשען. אין היפּך צו אַלע אַנדערע פיהרער און אקטיווע טוער פון דער „זעמליא אי וואָליא״ האָט זונדעלעוויטש ניט נאָר ניט ארויסגעוויזען קיין שום באַגייסטערונג פאַר׳ן רוסישען פּויער, נאָר ער האָט נאָך, פאַרקעהרט, אין געשפּרעכען מיט די נאָהענטע חברים שטענדיג באַטאָנט, אז דער רוסישער פּויער איז שרעקליך פּראָסט און אונוויסענד, אז ער האָט ניט קיין שום נייגונג ניט צום סאָציאַליזם און ניט צו רעוואָלוציע.

די „נאַראָדניקעס״ זיינען געוועזען אָנהענגער פון דעם אַנאַרכיסט מיכאַאיל באַקונין, און אַלס אַזעלכע האָבען זיי ניט נאָר ניט גע־האַלטען פאַר נויטיג אויסצוקעמפען פּאָליטישע פרייהייט פאַר רוסלאַנד, נאָר זיי זיינען, אין טעאָריע וויינינגסטענס, אפילו געוועזען געגען דעם, אז

מען זאָל קעמפען פאַר א „בורזשואזער קאָנסטיטוציע", דערפאַר ווייל דאָס קען שטערען דעם קאַמף פאַר „אמת'ער פרייהייט", פאַר'ן סאָציאַליזם.

דייטש דערצעהלט, אז ער און זיינע חברים זיינען דעריבער שטאַרק ענטוישט געוואָרען, ווען זיי האָבען אין יאָהר 1878 צום ערשטען מאָל דערהערט פון „מוישען", אז א בורזשואזע קאָנסטיטוציע איז גאָר ניט אזוי שלעכט און אז די רוסישע רעוואָלוציאָנערען דאַרפען אויפגעבען די ארבייט צווישען די פויערים און אָנפאַנגען א דירעקטען רעוואָלוציאָנערען קאַמף געגען דער רעגירונג מיט'ן צוועק צו דער־שלאָגען זיך אַ קאָנסטיטוציע פאַר רוסלאַנד.

נאָך מעהר ערשטוינט זיינען זיי געוואָרען, ווען „מוישע" האָט זיי ערקלערט, אז ער איז אן אָנהענגער פון די דייטשע סאָציאַל־דעמאָ־קראַטען.

אזוי ווי זונדעלעוויטש'ן איז אויסגעקומען זעהר אָפט צו פאַר־ברענגען אין דייטשלאַנד, פלעגט ער דאָרט באזוכען סאָציאַליסטישע פאַרזאַמלונגען, פלעגט לעזען די סאָציאַליסטישע צייטונגען און זשור־נאַלען און טרעפען זיך אָפט מיט פאַרשידענע דייטשע סאָציאַל־דעמאָ־קראַטען. א דאַנק דעם איז ער גוט באקאַנט געוואָרען מיט דער דייט־טשער ארבייטער באוועגונג און איז געוואָרען איהרער א באַגייסטערטער פאַרעהרער.

אין זומער פון יאָהר 1878 איז זונדעלעוויטש שוין געווען איינער פון די ערשטע „זעמלעוואָלצעס", וואָס האָט אָפען אָנגעפאַנגען פרע־דיגען, אז די רעוואָלוציאָנערען זאָלען אָנפאַנגען אן ענערגישען קאַמף פאַר פאָליטישע פרייהייט. און פאָליטישער קאַמף האָט אונטער די דאַמאָלסדיגע באַדינגונגען אין רוסלאַנד פאַר זונדעלעוויטש'ען און זיי־נע חברים ניט געקענט מיינען קיין אַנדער זאַך ווי טעראָר. זונדעלע־וויטש איז געווען איינער פון די ערשטע אָנהענגער פון „טעראָריסטישער טעטיגקייט" אלס א מיטעל צו דערשלאָגען זיך פאָליטישע פרייהייט אין רוסלאַנד. אויפ'ן פויער האָט ער ניט געלייגט קיין שום האָפנונגען. ער האָט ניט געגלויבט, אז דער פויער איז אן איינגעבוירענער סאָציאַ־ליסט און אויך ניט, אז דער פויער קען אויסקעמפען פאָליטישע פרייהייט אין רוסלאַנד. דער רוסישער ארבייטער קלאַס, ווידער, איז דעמאָלט נאָך געווען קליין אין צאָל און פונקט אזוי אומ־וויסענד ווי דער פויער. זונדעלעוויטש האָט דעריבער געהאַלטען, אז נאָר דורך סיסטעמאַטישע טעראָריסטישע אַקטען געגען די העכערע פאַר־שטעהער פון דער מאַכט קען מען צווינגען דעם צאַר, אז ער זאָל געבען פאָליטישע פרייהייט דעם פאָלק.

„קוקענדיג אויף מוישע'ס גוט־מוטיגען פנים, — שרייבט דייטש, — מיט די ווייכע געזיכטסצוגען און די קלוגע אויגען, וואָלט א זיי־

טיגער מענש גאָר ניט געקענט זיך פאָרשטעלען, אז ער האָט דאָ פאַר זיך א מאַן מיט א זעלטענעם מוט, א געוואגטען רעוואָלוציאָנער, וואָס האָט ערקלערט א בלוטיגע מלחמה דעם מעכטיגסטען זעלבסט־הערשער, וועלכער האָט אונטער זיך מיליאָנען סאָלדאטען, פאָליציי, זשאנדאַרען א. א.״

אין זומער פון 1878 האָט שוין זונדעלעוויטש געהאַט איינינע אָנהענגער צווישען די זעמלעוואָלצעס. די מערהייט אָבער מיט געאָרג פלעכאַנאָווען אין דער שפּיץ האָט, ווי פריהער, גערופען די רעוואָלו־ציאָנערען צו „געהן אין פאָלק״, ד. ה. פּראָפּאַגאנדירען די אידעען פון אַן אויפשטאַנד צווישען די פּויערים און די שטאָטישע ארבייטער.

אין גיכען איז קיין פּעטערבורג אָנגעקומען פון סאַראַטאָוו א רע־וואָלוציאָנער מיט׳ן נאָמען סאָלאָוויאָוו, וועלכער האָט מיט א יאָהר פריהער זיך אָוועקגעלאָזט צוזאַמען מיט ווערא פיגנער, ניקאָלאַי מאָראָ־זאָוו און אַנדערע זעמלעוואָלצעס צו פיהרען א רעוואָלוציאָנערע פּראָ־פּאַגאַנדע אין דאָרף. פּונקט ווי זונדעלעוויטש און איינינע אַנדערע האָט אויך סאָלאָוויאָוו זיך איצט איבערצייגט, אַז אונטער די עקזיס־טירענדע אומשטענדען איז קיין שום פרידליכע פּראָפּאַגאַנדע צווישען פאָלק ניט מעגליך. קיין פּעטערבורג איז ער געקומען מיט׳ן געדאַנק צו דערשיסען דעם קיסר. זונדעלעוויטש, מאָראָזאָוו און איינינע אַנ־דערע רעוואָלוציאָנערען זיינען געווען איינשטימיג מיט סאָלאָוויאָוו׳ן. פּלעכאַנאָוו אָבער איז ארויסגעטראָטען געגען דעם פּלאַן. דעם 2טען אַפּריל 1879 האָט סאָלאָוויאָוו געשאָסען אויף אַלעקסאַנדער דעם צווייטען, ווען דער לעצטער איז ארוים פון פּאַלאַץ. די קויל האָט אָבער דעם קיסר ניט געטראָפען. נאָך סאָלאָוויאָוו׳ס אטענטאַט האָבען זיך די מיינונגס־פארשיידענהייטען אין דער „זעמליא אי וואָליא״ נאָך מעהר פארשטאַרקט. זונדעלעוויטש, אַלעקסאַנדער מיכאַילאָוו, קוויאַט־קאָווסקי, ניקאָלאַי מאָראָזאָוו, אָסינסקי און א פּאָר אַנדערע האָבען אָרגאַניזירט אַן אייגענע געהיימע אָרגאַניזאַציע אין דער פּארטיי, פון וועלכער די איבעריגע מיטגלידער פון דער פּארטיי האָבען ניט גע־וואוסט. זיי האָבען זיך א נאָמען געגעבען „איספּאָלניטעלני קאָמי־טעט״ (אויספיהר־קאָמיטעט). זיי האָבען געהאַלטען, אַז אָהן פּאָלי־טישער פרייהייט איז קיין שום סאָציאַליסטישע טעטיגקייט צווישען פאָלק ניט מעגליך. דעריבער האָבען זיי זיך געשטעלט אַלס זייער אויפגאַבע פריהער פון אַלץ דורך טעראָר צו צווינגען דעם קיסר איינ־צופיהרען א פרייע קאָנסטיטוציאָנעלע אָרדנונג אין לאַנד. פּלעכאַ־נאָוו אָבער און די אַנדערע פאָרשטעהער פון דער קאָנסערוואַטיווערער ריכטונג האָבען נעגלויבט אין דער מעגליכקייט פון „א פאָלקס־אויפ־שטאַנד, וואָס זאָל גלייכצייטיג מיט דעם עקאָנאָמישען יאָך אויך צו־ברעכען די אַלטע פּאָליטישע פאָרמען״. זונדעלעוויטש און זיינע

חברים האָבען געשטרעבט צו קאָנצענטרירען אַלע רעוואָלוציאָנערע כחות אין די גרויסע שטעדט. פּלעכאַנאָוו, ווידער, און זיינע אָנ־הענגער האָבען גערופען צוריק אין דאָרף.

זונדעלעוויטש און זיין גרופּע האָבען געוואוסט, אז אין פאר־שיידענע ווינקלען פון לאַנד זיינען פאַראַן מעהרערע רעוואָלוציאָנערען, וועלכע אַנערקענען די נויטווענדיגקייט פון פּאָליטישען טעראָר אלס א מיטעל צו ערָאבערען פּאָליטישע פרייהייט אין לאַנד. האָבען זיי באשלאָסען איינצורופען א געהיימען צוזאמענפאָהר פון אָט די אַלע רעוואָלוציאָנערען מיט'ן צוועק אויסצואַרבייטען א פּלאַן פון סיסטע־מאטישען טעראָר. אזא צוזאמענפאָהר איז טאַקע אָפּגעהאַלטען גע־וואָרען אין זומער פון 1879 אין דער שטאָדט ליפּעצק, טאַמבאָווער גובערניע. דאָרט זיינען אויך געווען אייניגע רעוואָלוציאָנערען, וואָס האָבען ניט באַלאַנגט צו דער „זעמליא אי וואָליא", ווי אַנדרעי זשע־ליאבאָוו, ווערא פיגנער, ניקאָלאַי קאָלאָדקעוויטש, גריגאָרי גאָלדענ־בערג א. א.

דער צוזאמענפאָר האָט באשלאָסען אָנצוגעהן ווייטער מיט דער פאָרבּרייטונג פון אן אטענטאַט אויפ'ן קיסר, אפילו אויב די מאיאָ־ריטעט פון דער „זעמליא אי וואָליא" וועט זיין געגען דעם.

זונדעלעוויטש האָט זיך אונטערגענומען צו ברענגען פאר דעם צוועק דינאמיט פון אויסלאַנד און ער האָט טאַקע דעם דינאַמיט גע־קראָגען. עס איז איהם אָבער געווען שווער אריבערצופיהרען דעם דינאַמיט איבער'ן גרעניץ. ביי דער קלענסטער אונפאָרזיכטיגקייט האָט דער דינאַמיט געקענט אויפרייסען. האָבען די רעוואָלוציאָנערען שפּע־טער באשלאָסען צו פּראָדוצירען דעם דינאַמיט אין רוסלאַנד גופא. צווישען די מיטגלידער פון דער אָרגאַניזאַציע זיינען געווען א פּאָר גוטע כעמיקער — ווי קיבאַלטשיטש, לעוו זלאַטאָפּאָלסקי, איסאַיעוו, האָט מען זיך גענומען אויף די קאָנספּיראַטיווע קוואַרטירען פון פּע־טערבורג פּראָדוצירען דינאַמיט. דאָס איז אויך געווען געפעהרליך און א פאָר מאָל האָבען טאַקע פּאַסירט קליינע אויפרייסען, ביי וועלכע עס זיינען לייכט פארוואונדעט געוואָרען די טעכניקער.

די איבעריגע מיטגלידער פון דער „זעמליא אי וואָליא", וואָס זיינען ניט געווען איינשטימיג מיט דער טעראָריסטישער טאַקטיק, האָבען פּראָטעסטירט געגען דעם, וואָס זונדעלעוויטש און זיינע חברים גרייטען צו א נייעם אטענטאַט אויפ'ן קיסר. כדי צו שליכטען איינמאָל פאר אַלע מאָל די שטרייט־פראַגען, איז איינבארופען געוואָרען א צווייטער צוזאמענפאָהר אין דער שטאָדט וואָראָניעזש פון אַלע מעטיגע מיטגלידער פון דער אָרגאַניזאַציע. אויף יענעם צוזאמענפאָהר איז אָנגענומען געוואָרען א פּשרה־רעזאָלוציע, וועלכע האָט ערקלערט, אז די הויפּט־ארבייט פון דער פּאַרטיי דאַרף זיין די אַגיטאַציע צווישען

די פויערים. צו דער זעלבער צייט אָבער איז אויך ערלויבט ווייטער אָנצוגעהן מיט דער פֿאַרברייטונג צום אַטענטאַט אויפֿ'ן קיסר.

די רעזאָלוציע האָטביידע צדדים ניט צופֿרידענגעשטעלט. עס איז באַלד קלאָר געוואָרען אַז די ביידע ריכטונגען קענען ווייטער ניט געהן צוזאַמען און אַז אַ שפּאַלטונג אין דער פּאַרטיי איז אונפֿאַרמיידליך. זונדעלעוויטש איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט פֿאָרגעלעגט, אַז אַזוי ווי ביידע צדדים קענען זיך ניט אײניגען, זאָלען זיי זיך צושיידען. עס איז באַשלאָסען געוואָרען, אַז יעדער צד זאָל אויסקלייבען פֿון זיך דריי פֿאָרשטעהער און די זעקס זאָלען באַטראַכטען די גאַנצע לאַגע. דערביי איז אָפּגעמאַכט געוואָרען, אַז ווי אַזוי די זעקס וועלען באַשליסען, אַזוי וועט עס בלייבען. פֿון די טעראָריסטען זיינען אויסגעקליבען געוואָרען זונדעלעוויטש, לעוו טיכאָמיראָוו און אַלעקסאַנדער מיכאַילאָוו, פֿון דעם אַנדערען צד — סטעפּאַנאָוויטש, פּאָפּאָוו און פּרעאָבראַזשענסקי. די זעקס האָבען זיך באַראַטען און האָבען אויף אַ פֿרידליכען אופֿן זיך געאייניגט, אַז די אָרגאַניזאַציע זאָל זיך שפּאַלטען אין צוויי אָרגאַניזאַציעס: אין „טשאָרני פּערעדיעל" און „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ". אין דער ערשטער זיינען פֿאַרבליבען פּלעכאַנאָוו, דייטש, סטעפּאַנאָוויטש, וועראַ זאַסוליטש א. א. צו דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" זיינען צוגעשטאַנען זונדעלעוויטש, טיכאָמיראָוו, מיכאַילאָוו, מאָראָזאָוו, וועראַ פיגנער, סאָפֿיע פּעראָווסקאַיאַ און אַ רייהע אַנדערע טעראָריסטען, ווי זשעליאַבאָוו, פֿראָלענקאָ, קאָלאָדקעוויטש און אַנדערע, וואָס האָבען פֿריהער צו דער „זעמליאַ אי וואָליאַ" ניט געהערט.

## 5.

די „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" האָט זיך געשטעלט אַלס איהר הויפּט־אויפֿגאַבע דורך דער ערמאָרדונג פֿון איין צאַר נאָכ'ן צווייטען צו דערשלאָגען זיך אַ קאָנסטיטוציע אין רוסלאַנד.

דער העראָאישער קאַמף, וואָס די מיטגלידער פֿון „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט" פֿון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" האָבען אין פֿאַרלויף פֿון צוויי יאָהר צייט געפֿיהרט געגען דעם צאַרישען רעזשים, האָט צו זיך קיין גלייכען ניט אין דער געשיכטע. די קליינע גרופּע ענטוזיאַסטישע רעוואָלוציאָנערען און אידעאַליסטען, וואָס האָבען באַשלאָסען צו אָפּפֿערען מיט זייערע לעבענס פֿאַר דער פֿרייהייט פֿון רוסישען פֿאָלק, האָבען מיט זייערע ביישפּיללאָזע העלדענטאַטען אויפֿגערודערט די גאַנצע וועלט און האָבען אָנגעיאָגט אַ טויט־שרעק אויף אַלע טיראַנען פֿון דער וועלט.

זונדעלעוויטש איז געווען איינער פֿון די סאַמע אַקטיווסטע מיטגלידער פֿון „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט". ער האָט זיך באַטיי־

ליגט אין אלע געפעהרליכסטע אונטערנעמונגען פון דער פארטיי. ער האט געהאלטען אין איין ארומפאהרען איבער רוסלאנד און פון רוסלאנד קיין אויסלאנד און צוריק. אזוי ווי ער האט זיך שטארק פאראינטערעסירט אין דער פראגע וועגען צענטראליזירטע רעוואלו־ציאנערע ארגאניזאציעס, האט ער אנגעפאנגען אפט צו באזוכען די פעטערבורגער עפענטליכע ביבליאטעק כדי צו שטודירען די דאזיגע פראַ־גע פון פארשידענע ביכער. איינמאל, ווען ער האט געענדיגט לייענען און איז ארויס אין קארידאר אנטאן דעם מאנטעל, האט דער שווייצאר איינגעלאדען איהם אריינצוקומען אין א געוויסען צימער. ווען ער איז אריינגעקומען אהין, האט ער דערזעהן דארט פאליציי, וועלכע האט איהם באזוכט. און אזוי ווי מען האט ביי איהם אין מאנטעל געפונען א פאר אונלעגאלע אויסגאבען, האט מען איהם גלייך ארעס־טירט. שפעטער האט זיך ארויסגעצייגט, אז געזוכט האט די פאליציי גאר ניט איהם, נאר עמיצען אנדערש. מיט א פאר טעג פריהער האט איינער פון די באזוכער פון ביבליאטעק אויסגעלעגט דארט אויף די טישען א פראקלאמאציע. מען האט וועגען דעם גלייך גע־געבען צו וויסען דער פאליציי און די פאליציי האט גע־הייסען די שווייצארען פון דער ביבליאטעק ארומ־זוכען די קעשענעס פון די מאנטלען פון אלע באזוכער. זונדעלע־וויטש, וועלכער איז שטענדיג געווען אזוי פארזיכטיג, האט דעם מאל צום אומגליק פארגעסען וועגען דער „טריפ'ער" ליטעראטור, וואס האט זיך צופעליג פארוואלגערט ביי איהם אין מאנטעל־קעשענע. פאר פארשפרייטען אונלעגאלע ליטעראטור האט מען אין יענע יאהרען זעהר שטרענג באשטראפט. מען האט איהם באלד אריבערגעפיהרט אין דער פעטראפאוולאווסקער פעסטונג. אבער זונדעלעוויטש איז געווען אויפ'ן זיבעטען הימעל, וואס מ'באשולדיגט איהם אין אזא „נישטיגען" פארברעכען און נישט אין באטייליגען זיך אין דער טעראריסטישער ארבייט, פאר וועלכער עס האט געקומט טויט־שטראף. ער איז געווען זיכער, אז די פאליציי האט קיין אהנונג ניט וועגען זיין אמת'ער ראלע אין דער רעוואלוציאנערער באוועגונג. און ער וואלט ווירקליך אפ־געקומען מיט א לייכטער שטראף, ווען ער וואלט ניט געווארען א קרבן פון פארראט.

צווישען די אקטיווע מיטגלידער פון דער „נאראדנאיא וואליא" איז געווען א אידישער רעוואלוציאנער פון קיעוו מיט'ן נאמען גריגארי גאלדענבערג. דער גאלדענבערג האט מיט א קורצער צייט פריהער דער'הרג'עט דעם כארקאווער גובערנאטאר פירשט קראפאטקין. אין א קורצער צייט ארום איז גאלדענבערג ארעסטירט געווארען. זיצענדיג אין טורמע האט ער א סך נאכגעטראכט און איז געקומען צום שלוס, אז דער פאליטישער טעראר איז שעדליך און אז דורך טעראר וועט

מען קיין פּאָליטישע פריהייט ניט אויסקעמפּען. די כיטרע זשאַנדארען האָבען איהם גענומען באַארבייטען, אַז ער זאָל דערצעהלען אַלעס, וואָס ער ווייס וועגען דער טעטיגקייט פון דער רעוואָלוציאָנערער אָרגאַניזאַציע. זיי האָבען איהם פאַרזיכערט, אַז זיינע חברים וועלען דערביי ניט ליידען. גאָלדענבערג האָט זיך געלאָזט איינריידען און האָט אָנגעשריבען אַ גרויסען „וידוי”, אין וועלכען ער האָט ארויסגעגעבען אַלע סודות פון דער אָרגאַניזאַציע. גאָלדענבערג האָט אין זיין „וידוי” זעהר פיל פּלאַץ אָפּגעגעבען זונדעלעוויטש'ען. ער האָט איהם געלויבט אין הימעל אריין און דערצעהלט וועגען זיין פילזייטיגער רעוואָלוציאָנערער טעטיגקייט. די זשאַנדאַרען, וועלכע האָבען פריהער קיין אַהנונג ניט געהאַט וועגען זונדעלעוויטש'עס ראָלע אין דער באַוועגונג, האָבען זיך איצט אַלעס דערוואוסט. איצט איז שוין זונדעלעוויטש אַליין און אויך זיינע פריינד געוועזען זיכער, אַז מען וועט איהם אויפהענגען.

ווען זונדעלעוויטש איז געזעסען אין פּעטראָפּאַוולאָווסקער פעסטונג, וואַרטענדיג אויפ'ן משפּט, זיינען צו איהם איינמאָל געקומען דער פּראָקוראָר דאָברזשינסקי, וועלכער האָט עס אריינגעפּלאָנטערט גאָלדענבערג'ן אין דער פּאָליצייאישער נעץ, און פאָן־פלעווע, וועלכער איז דעמאָלט געוועזען דער הויפּט פון דער פּאָליטישער געהיים־פּאָליציי, און האָבען ערקלערט, אַז גאָלדענבערג וויל ניט אַנדערש זעהן זיך מיט דעם ארעסטירטען קוויאַטקאָווסקי'ן אָדער מיט איהם, מיט זונדעלעוויטש'ען. זיי ווילען דעריבער וויסען, צי זונדעלעוויטש וועט זיך וועלען באַגעגענען מיט גאָלדענבערג'ען, אויב מען זאָל גאָלדענבערג'ס פאַרלאַנג באַווילינען. זונדעלעוויטש האָט איינגעווילינגט צו טרעפען זיך מיט גאָלדענבערג'ען. אָט וואָס זונדעלעוויטש אַליין האָט אין אַ בריף צו דייטש'ען שפּעטער דערצעהלט וועגען אָט דער באַגעגעניש:

„מיר האָט זיך געדוכט, אַז דאָס וועט זיין צוועקמעסיג צוליב דעם, וואָס איך וועל קענען אריינטראָגען אייניגע ענדערונגען אין גאָלדענבערג'ס אויסזאָגונגען. אָבער אַזוי ווי עס איז אַריבער אַ פּאָר מאָנאַטען און איך האָב מעהר גאָרנישט געהערט וועגען דער פראַגע, האָב איך באַשלאָסען, אַז זי איז אראָפּגענומען געוואָרען פון טאָגאָרדנונג. ווען מען האָט מיר געבראַכט אין צימער אויף אַ פאַרהער און איך האָב דאָרט דערזעהן גאָלדענבערג'ען, איז עס געוועזען פאַר מיר אונערוואַרטעט. דער צימער איז געוועזען זעהר אַ גרויסער און ווען מיר זיינען געשטאַנען אין איין ווינקעל, האָבען מיר געקענט ריידען אַזוי, אַז דאָברזשינסקי און פּלעווע, וועלכע זיינען ארומגעגאַנגען איבער'ן צימער, זאָלען ניט הערען אונזער געשפּרעך, ווען זיי האָבען זיך געפונען אין צווייטען ווינקעל פון צימער.

„גאָלדענבערג האָט מיר געזאָגט, אַז דאָבראָזשינסקי האָט איהם אומגליקליך געמאַכט, אַז ער האָט באַשלאָסען צו באַגעהן זעלבסט־מאָרד און אַז ער האָט אויסגעאַרבייט פאַר דעם אַ באַשטימטען פּלאַן. איך האָב איהם געראַטען יעדענפאַלס פאַר'ן משפּט דאָס ניט צו טאָן, ווייל אויפ'ן משפּט וועט ער קענען ענדערען אָדער צוריקציהען דעם אָדער יענעם טייל פון זיינע אויסזאָגונגען. עס האָט מיר אויסגע־קוקט, אַז ער שטימט איין מיט מיר, און איך בין שפּעטער געווען איבערראַשט, ווען איך האָב אין באַשולדיגונגס־אַקט דערזעהן, אַז גאָלדענבערג'ען רופט מען ניט אַרויס אויפ'ן געריכט דערפאַר, וואָס ער איז שוין טויט". . .

קוויאַטקאָווסקי האָט זיך אויך געזעהן מיט גאָלדענבערג'ען. קוויאַטקאָווסקי'ן אַליין האָט מען אויפגעהאַנגען. פאַר'ן טויט האָט ער געבעטען איבערגעבען אויף דער פריי, אַז מען זאָל גאָלדענבערג'ען ניט האַלטען פאַר קיין בייזוויליגען פאַררעטער. גאָלדענבערג איז געווען ניט נאָרמאַל און די זשאַנדאַרען האָבען איהם פּשוט אַריינ־געגאַרט אין זאַק. ווען ער האָט דערזעהן, וואָס ער האָט אָפּגעטאָן, איז ער טאַקע באַגאַנגען זעלבסטמאָרד אין טורמע־קאַמער.

זונדעלעוויטש וואָלט זיכער אויך אויפגעהאַנגען געוואָרען. נאָר עס האָט גראָד פּאַסירט, אַז נאָכדעם ווי די רעוואָלוציאָנערען האָבען אין נאָוועמבער 1879 און אין פעברואַר 1880 געמאַכט צוויי אַטענ־טאַטען אויף אַלעקסאַנדער דעם צווייטען (דעם ערשטען מאָל איז אויפגעריסען געוואָרען דעם קיסר'ס צוג לעבען מאָסקווע און דעם צווייטען מאָל דער ווינטער־פּאַלאַץ, וואו דער צאַר מיט דער פאַמיליע האָבען זיך געפונען), האָט אַלעקסאַנדער דער צווייטער באַשטימט דעם „ליבעראַלען" מיניסטער גראַף לאָריס־מעליקאָוו אַלס דיקטאַטאָר. דאָס איז גראָד אויסגעפאַלען דאַן, ווען עס איז פאָרגעקומען דער משפּט איבער זונדעלעוויטש'ען און 15 אַנדערע רעוואָלוציאָנערען. לאָריס־מעליקאָוו האָט ניט געוואָלט פייערען זיין אַריינטריט אין מאַכט דורך מאַסען־הינריכטונגען. האָט מען דעריבער נאָר צוויי פון די אָנגעקלאָגטע — קוויאַטקאָווסקי'ן און פּרעסניאַקאָוו'ען — פאַר'משפּט צום טויט (דעם ערשטען דערפאַר, וואָס ער האָט זיך באַטייליגט אין אויפרייסען דעם ווינטער־פּאַלאַץ, וואו עס זיינען אומגעקומען אַ סך סאָלדאַטען און דעם צווייטען דערפאַר, וואָס ער האָט ביים אַרעסט דער'הרג'עט אַ פּאָליציימאַן). זונדעלעוויטש'ען אָבער, וועלכער האָט פערזענליך זיך ניט באַטייליגט אין קיין מאָרד, האָט מען פאַראורטיילט צו לעבענסלענגליכער קאַטאָרגע.

נאָכדעם ווי ער איז נאָכ'ן משפּט אָפּגעזעסען אַ יאָהר אין פּעטראָ־פּאַוולאָווסקער פעסטונג שוין אַלס קאַטאָרזשניק, האָט מען איהם

אוועקגעשיקט אויפ׳ן ווייטן סיבירישן האלב־אינזל קארא, וואו עס האָט זיך געפונען איינע פון די שרעקליכסטע קאַטאָרזשנע טורמעס.

.6

אין פיר יאָהר ארום האָט מען דייטש׳ן אויך פאַרשיקט אַהין אויף קאַטאָרגע. ווען דייטש האָט אָנקומענדיג קיין קארא געטראָפען דאָרט זונדעלעוויטש׳ן, האָט ער איהם קוים דערקענט. אזוי שטאַרק האָט זיך זונדעלעוויטש געענדערט פאַר די זעקס יאָהר צייט, וואָס זיי האָבען זיך ניט געזעהן. די פאַרב פון זיין פנים איז פאַרשוואונדען. ער איז געווען בלאַס און אויסגעצעהרט. עס איז שוין ניט געווען די פריהערדיגע לעבעדיגקייט אין זיינע באוועגונגען און איבערהויפּט אין די אויגען, וועלכע האָבען אויסגעדריקט אַ טיפען אומעט. „אינער־ליך, גייסטיג איז דאָס אָבער געווען דער זעלבער אמאָליגער זונדעלע־וויטש, — שרייבט דייטש, — דער זעלטען־גוטער זונדעלעוויטש, וואָס איז געווען גרייט יעדען איינעם צו העלפען מיט וואָס ער האָט נאָר געקענט. ער איז געווען דער ליבלינג פון דער גאַנצער טורמע און אַלע פּאָליטישע ארעסטאַנטען אָהן אונטערשייד פון פּאָליטישע מיינונגען האָבען זיך צו איהם באצויגען מיט׳ן גרעסטען רעספּעקט. אַלע חברים האָבען זיך מיט זיין מיינונג שטאַרק גערעכענט און יעדען מאָל ווען מען פלעגט דאַרפען אימיצען ערוועהלען צו פיהרען אונטערהאנדלונגען מיט דער נאַטשאַלסטוואָ פלעגט מען זונדעלעוויטש׳ען ערוועהלען פאַר דעם. אָבער צוליב זיין באשיידענקייט פלעגט זונדעלעוויטש זיך שטענדיג אָפּ־זאָגען פון דעם כבוד. דערפאַר אָבער פלעגט ער זיך קיין מאָל ניט אָפּזאָגען צו טאָן די שווערסטע ארבייט, וואָס איז נויטיג געווען. ער האָט אַלעס געטאָן סיסטעמאַטיש, גרינדליך און געוויסענהאפט. ער איז געווען אַ גוטער קוכער, אַ זייף־מאַכער, אַ גערטנער, אַן איינ־בינדער און אזוי ווייטער, און קיינער האָט פון איהם קיינמאָל ניט געהערט אז ער זאָל זיך באקלאָגען אויף זיין שיקזאַל. ער האָט זיך קיינמאָל אויך ניט איבערגעוואָרפען מיט קיין שלעכט וואָרט מיט קיינעם פון די ארעסטאַנטען“.

ווען מאנכע פון די ארעסטאַנטען פלעגען אָנהויבען באקלאָגען זיך אויף זייער ביטערען שיקזאַל, וואָס זיי דאַרפען זייער גאַנצען לעבען אָפּפינסטערען אין דער שרעקליכער טורמע, פלעגט זונדעלע־וויטש געוועהנליך זאָגען: „קינדערלאך, קלאָגט ניט, עס האָט דאָך געקענט זיין נאָך ערגער. עס איז דאָך אַלץ בעסער ווי די תליה“.

ער פערזענליך האָט פאַר׳ן טויט ניט מורא געהאַט. ניט איין מאָל פלעגט ער פילאָזאָפירען פאַר די חברים: „טויט־שטראָף

איז גאָרניט אזוי שרעקליך. וואָס איז דער אונטערשייד? פריהער אָדער שפּעטער מוז דאָך אַ מענש שטאַרבען".

אויך אויף קאַטאָרגע, — דערצעהלט דייטש, — האָט זיך זונדעלעוויטש געהאַלטען פאַר אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט. ער האָט אָבער ניט אַנערקענט די מאַטעריאַליסטישע לעהרע פון קאַרל מאַרקס און פרידריך ענגעלס. ער איז בלויז איינפאַרשטאַנען געווען מיט דער פרידליכער טאַקטיק פון די דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטען. וואָס אַנבאַלאַנגט רוסלאַנד, האָט ער גע'טענה'ט, איז פאַר איהר נאָך ניט געקומען די צייט, אַז די דאָזיגע טאַקטיק זאָל דאָ קענען אָנגעווענדט ווערען. אין רוסלאַנד מוז פריהער אויסגעקעמפט ווערען פּאָליטישע פרייהייט און אויסקעמפען פּאָליטישע פרייהייט פאַר רוסלאַנד האָט מען, לויט זיין מיינונג, געקענט נאָר דורך טעראָר. אין קיין מאַסען־באַוועגונג פון פויערים און אַרבייטער האָט ער ניט געגלויבט. ער פלעגט שטענדיג דעבאַטירען וועגען דעם מיט די אַנדערע חברים. זונדעלעוויטש האָט נאָך פאַר עדוארד בערנשטיינ'ען אַרויסגעזאָגט דעם געדאַנק, אַז דער אַרבייטער־קלאַס דאַרף לעגען אַלע זיינע האָפנונגען ניט אויף אַ סאָציאַלער רעוואָלוציע, נאָר אויף שטענדיגע רעפאָרמען. ער דאַרף זוכען אַרויסצורייסען וואָס מעהר און וואָס גרעסערע רעפאָרמען פון די עקזיסטירענדע קאַפּיטאַליסטישע רעגירונגען, און דאָס קען מען ערגרייכען נאָר דורך געזעצליכע און פרידליכע אָרגאַניזאַציעס פון די אַרבייטענדע מאַסען.

אין יאָהר 1890 איז אין זונדעלעוויטש'עס לאַגע פאָרגעקומען אַן ענדערונג צום שלעכטען. צוזאַמען מיט צוועלף אַנדערע פּאָליטישע אַרעסטאַנטען האָט מען איהם פאַרשיקט אין דער אַקאַטויער טורמע, וואו די באַדינגונגען זיינען געווען אַ סך ערגער ווי אין דער קאַרער טורמע. אין אַקאַטוי האָט מען איהם אַריינגעזעצט אין איין קאַמער מיט קרימינעלע פאַרברעכער, מיט רויבער, גזלנים און אַנדערע, ביי וועמען אַ מענשענ'ס לעבען האָט קיין שום באַטרעף ניט און וועלכע קענען פאַר דער קלענסטער זאַך ערמאָרדען זייערע נאָהנטסטע מענשען. אחוץ דעם האָט מען נאָך די פּאָליטישע אַרעסטאַנטען דאָרט ספּעציעל גראָב באַהאַנדעלט. די נאַטשאַלסטוואָ פלעגט יעדען איינעם „דוצען" און פלעגט פון זיי פאָדערען, אַז זיי זאָלען שטרענג אויספאָלגען די דיסציפּלין און די רעגלען, אונטער וועלכע די קרימינעלע אַרעסטאַנטען זיינען געווען אונטערוואָרפען. אזוי, צום ביישפּיל, פלעגט יעדער פּאָליטישער אַרעסטאַנט מוזען זיך אויפשטעלען צוזאַמען מיט די קרימינעלע אַרעסטאַנטען, ווען אין קאַמער פלעגט אַריינקומען אַ באַאַמטער. טאָמער פלעגט ער דאָס ניט טאָן, פלעגט מען איהם גלייך פאַרשפּאַרען אין קאַרצער, אין אַ פינסטערען שמוציגען קעמערל פול מיט מייז און מען פלעגט איהם געבען צו עסען

בלויז ברויט מיט וואסער. אין אקאטויער טורמע האָט מען איבער־הויפּט זעהר שלעכט געגעבען עסען די ארעסטאַנטען. די שפּייז איז געווען אזא, אז עס פלעגט פּשוט עקלען פון איהר.

„ניט וועניג צרות", האָט זונדעלעוויטש שפּעטער דערצעהלט, „פלעגען מיר אויסשטעהן פון די קרימינעלע ארעסטאַנטען, איבער־הויפּט נאָך דאן ווען פּאר א פאַרברעכען פון א פּאָליטישען ארעס־טאַנט פלעגט די נאַטשאַלסטוואָ באשטראָפען די גאַנצע טורמע. די קרימינעלע ארעסטאַנטען פלעגען זיך דאן מיט די פּוסטען ארויפ־ווארפען אויף אונזער הייפעלע פּאָליטישע מיט געשרייען און זידלע־רייען: „איהר אזעלכע און אזעלכע וואָס איהר זייט, צוליב אייך דארפען מיר דאָס ליידען". די נאַטשאַלסטוואָ גופא פלעגט אויפרייצען געגען אונז די קרימינעלע ארעסטאַנטען. זי פלעגט אין אלגעמיין זיך סטארען אָנצומאכען א בייז לעבען צווישען די פּאָליטישע און קרימי־נעלע אום וואָס מעהר צו פארביטערען אונז דאָס לעבען. צום גליק פלעגען אָבער די דאָזיגע פלענער איהר ניט אלע מאָל זיך איינגעבען. מיט דער צייט האָבען זיך זאָגאר די קרימינעלע פאַרברעכער גע־נומען באציהען צו אונז מיט רעספּעקט און די געגענזייטיגע באצי־הונגען זיינען געוואָרען פיל בעסער. מיר פלעגען זיי לערנען לעזען און שרייבען און זיי פלעגען העלפען די שוואכערע פון אונז צו טאָן די קאַטאָרזשנע ארבייט.

„אין אקאטוי פלעגט מען אונז יעדען טאָג פיהרען אין די זילבער גרובען, ביי א צוויי ווערסט פון טורמע, גראָבען זילבער. די ארבייט איז געווען א שווערע. דאָך האָב איך ליב געהאַט די ארבייט, ווייל דאָס איז געווען א סך אנגענעמער ווי זיצען אין טורמע. איך פלעג דארפען שלעפּען א טאַטשקע (אזא וועגעלע אויף איין ראָד) פול מיט זילבער־ערד, וואָס אנדערע פלעגען אויסגראָבען, אויף א שטרעקע פון זעכציג־אכציג קלאַפטער. איך פלעג זיך דערביי אָפּגיסען מיט שווייס, אָבער דערפאר פלעגט מיר נאָכדעם די ארעסטאַנטסקע שפּייז שמעקען ווי עפּעס רעכטס".

זונדעלעוויטש האָט אויף קאַטאָרגע ארום און ארום פארבראכט עלף יאָהר (אריינרעכענענדיג די צייט ווען ער איז געזעסען אין פּעט־ראָפּאַוולאָווסקער פעסטונג נאָכ'ן משפּט). דערנאָך האָט מען איהם אריבערגעפיהרט אין דער „וואָלנאיאַ קאָמאַנדאַ", וועלכע האָט זיך גע־פונען ביי קארא לעבען דער קארער טורמע. דאָרט האָט ער זיך ווידער געטראָפען מיט דייטש'ן און פארבראכט מיט איהם נאָך עטליכע יאָהר.

נאָך איידער ער איז אוועק אין אקאטויער טורמע האָט זונדעלע־וויטש באדייטענד געענדערט זיין שטאַנדפּונקט וועגען טעראָר. ער האָט שוין דאן באקענט זיך מיט די ווערק פון די ערשטע רוסישע סאָציאַלדעמאָקראַטען, וועלכע פלעגען זיך רעגעלמעסיג דורך באהאַל־

טענע וועגען באקומען אין טורמע. ער האָט דאַן שוין מעהר ניט באצויגען זיך אזוי קריטיש צום מארקסיזם. ערשט אין 1896 איז דורך א מאניפעסט פון צאר זונדעלעוויטש׳עס טערמין פון קאטאָרגע פארקירצט געוואָרען ביז צוואנציג יאָהר, און אין זעלבען יאָהר האָט מען איהם ערלויבט צו באזעצען זיך אין דער שטאָט טשיטא. אויך אין טשיטא האָט ער זיך, ווי פריהער, באשעפטיגט הויפטזעכליך מיט פיזישער ארבייט. געארבייט האָט ער אויפ׳ן אייזענבאהן און א געוויסע צייט האָט ער געלעבט צוזאמען מיט די ארבייטער אין א באראק. דערנאָך האָט ער זיך אָנגעדונגען אין טשיטא צוצושטעלען וואסער אויפ׳ן וואָקזאל און פאר דעם צוועק האָט ער איינגעהאנדעלט א פערד און וואָגען און א פאס. אזוי האָט ער דאָרט געארבייט ביז דער רעוואָלוציע פון יאָהר 1905. נאָך 26 יאָהר, וואָס ער האָט פאר־בראכט אין די טורמעס און אין סיביר, האָט ער נאָך דער רעוואָלוציע ענדליך באקומען א מעגליכקייט אומצוקעהרען זיך אהיים אין אייראָ־פעאישען רוסלאנד. די רעוואָלוציע גופא פון יאָהר 1905 האָט ער דורכגעמאכט אין סיביר. אין 1906 איז ער אָנגעקומען קיין פעטער־בורג. ער איז אָבער פארבליבען דאָרט וועניגער ווי א יאָהר און איז אין גיכען אוועקגעפאָהרען קיין לאָנדאָן. דאָרט איז ער שוין פארבליבען אויף שטענדיג.

.7

אין הערבסט פון יאָהר 1907 האָב איך זיך מיט זונדעלעוויטש׳ען באקאנט אויף א לעקציע אין דער לאָנדאָנער סאָציאליסטישער פאָלקס־הויז. אין פארלויף פון די עטליכע מאָנאטען וואָס איך האָב פאר־בראכט אין לאָנדאָן, פלעג איך זיך מיט איהם זעהר אָפט טרעפען אין דעם אזוי גערופענעם „קאָמוניסטען־קלוב”, וועלכער איז געגרינדעט געוואָרען נאָך פון קארל מארקס׳ן, און איך האָב פילע מאָל מיט איהם געשמועסט וועגען באוועגונגס־ענינים. איינמאָל האָב איך אויך באזוכט זיין קוואַרטיר, וועלכע איז באשטאנען פון א קליינעם צימערעל אין דער הויז פון אן אלטער ענגלענדערין. אין צימערעל האָט זיך גע־פונען א בעט, א שטול און א קליינער טישעל. ער פלעגט אליין קאָכען ניט נאָר טיי, נאָר אויך אַנדערע מאכלים. ער האָט געפיהרט זעהר אן איינפאכען לעבען. איך בין אָנגעקומען אין לאָנדאָן אין א פאָר מאָנאטען ארום, נאָך דעם באריהמטען לאָנדאָנער צוזאמענפאָהר פון דער רוסלענדער סאָציאל־דעמאָקראטיע. איך האָב געוואוסט, אז זונדעלעוויטש האָט בייגעוואוינט אלס גאסט די מעהרסטע זיצונגען פון צוזאמענפאָהר און איך האָב איהם פאנאנדערגעפרעגט וועגען די אלע איינצעלהייטען פון צוזאמענפאָהר. כאָטש ער האָט זיך געהאל־טען פאר א סאָציאל־דעמאָקראט, האָט ער אָבער זיך באמיהט מיר צו

איבערציינגען, אז די טאַקטיק פון די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטען איז אַ פאַלשע. ער האָט קריטיקירט ניט נאָר לעניג׳ען, נאָר אויך די פיהרער פון די מענשעוויקעס, פלעכאַנאָוו׳ן און אַקסעלראָד׳ן.

זונדעלעוויטש האָט געקענט אידיש. ער פלעגט אמאָל לייענען אַ אידישע צייטונג און פלעגט אָפט באַזוכען אידישע סאָציאַליסטישע פאַרזאַמלונגען. ער פלעגט אָבער קיינמאָל ניט נעמען קיין וואָרט. קוקענדיג אויף איהם, וואָלט קיינעם גאָר ניט איינגעפאַלען צו דענקען, אז אָט דער באַשיידענער שטילער מענש איז אַן אָריגינעלער דענקער, וועלכער פאַרשטעהט גרינדליך ניט נאָר די באַוועגונג נאָר אויך מענשען. געלעבט האָט ער פון אָנפאַנג אין לאָנדאָן פון דאָס ביסעל געלט, וואָס ער האָט אָפגעשפּאָרט פון זיין שווערער ארבייט אין סיביר. שפּעטער, ווי איך האָב געהערט, האָט ער געהאַט עפּעס אַ שטעלע אין אַ געוויסער אָרגאַניזאַציע אין לאָנדאָן.

זונדעלעוויטש איז צוגעשטאַנען צו דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג מיט עטליכע און זעכציג יאָהר צוריק, ווען פאַר איינעם צו זיין אַ סאָציאַליסט האָט געמיינט ניט נאָר אָפּגעזעגענען זיך אויף אייביג מיט זיין משפחה און מיט זיינע פריינט, נאָר זעהר אָפט מיט׳ן לעבען. הונדערטער פון זונדעלעוויטש׳עס חברים זיינען אומגעקומען אויפ׳ן עשאַפאָט אָדער האָבען אויסגעהויכט זייער לעצטען אָטעם אין די פינסטערע קאַזעמאַטען, אויף קאַטאָרגע און אין סיביר. זונדעלעוויטש אליין האָט אָפּגעשמאַכט 26 יאָהר אויף קאַטאָרגע און אין סיביר. זיין נאָמען איז געווען פאַרהייליגט ביי אַלע רעוואָלוציאָנערען. ארום זיין נאָמען זיינען געשאַפען געוואָרען פילע לעגענדעס, הגם ער איז פון נאַטור געווען זעהר אַ באַשיידענער מענש, וואָס האָט זיך קיינמאָל ניט געשטופּט אין דער עפענטליכקייט און וואָס האָט ניט ליב געהאַט צו רעדען פון זיך.

די אַלע ליידען וואָס ער איז אויסגעשטאַנען אויף קאַטאָרגע און אין סיביר האָבען זיין גייסט ניט צובראָכען. ער איז ביז׳ן טויט פאַרבליבען אַ רעוואָלוציאָנער און אַ סאָציאַליסט, אַ זעלטענער אידעאַליסט, וועמעס הארץ האָט געשלאָגען מיט סימפּאַטיע פאַר אַלע אונטערדריקטע און פאַרשקלאַפטע. זונדעלעוויטש איז ניט געווען קיין טעאָרעטיקער. ער האָט אָבער פאַרמאָגט אַ שאַרפען פּאָליטישען חוש. נאָך מיט פופציג יאָהר צוריק האָט ער אין געשפּרעכען מיט פריינט און חברים געהאַלטען אין איין טענה׳ן, אַז דער סאָציאַליזם קען ניט איינגעפיהרט ווערען דורך אַ באַוואָפענטען אויפשטאַנד מיט איין קלאַפּ. שפּעטער אין לאָנדאָן פלעגט ער שטענדיג טענה׳ן, אַז אַ סאָציאַלע רעוואָלוציע אינ׳ם זין ווי לענין אָדער אפילו ווי די רוסישע מענשעוויקעס האָבען געפּרעדיגט, וואָלט געווען דער גרעסטער אומגליק פאַר דער וועלט. שוין דעמאָלט (אין יאָהר 1907) איז ער געווען ניט איינ־

שטימיג מיט דער באָלשעוויסטישער טאַקטיק פון דער רוסישער סאָ־ציאַל־דעמאָקראַטיע. ער האָט געגלויבט אַז די רוסישע סאָציאַליסטען דאַרפען אַרבייטען האַנט אין האַנט מיט די רוסישע ליבעראַלען צו דערשלאָגען זיך קודם כל פּאָליטישע פרייהייט און קעמפען נאָר פּאַר אַזוינע סאָציאַלע רעפאָרמען, וועלכע קענען דורכגעפיהרט ווערען אָהן דעם, אַז דאָס לאַנד זאָל דערביי רואינירט ווערען.

אין זיין בליק אויף דער רעוואָלוציע פון 1917 איז ער געווען נאָהענט צו פּלעכאַנאָוו'ן, ריכטיגער געזאָגט, פּלעכאַנאָוו האָט זיך אין יאָהר 1917 דערנעהנטערט צו איהם, וואָרים זונדעלעוויטש האָט נאָך מיט צעהן יאָהר פאַר דער רעוואָלוציע אַרויסגעזאָגט פילע פון די אַפּיקורסישע געדאַנקען, וועלכע פּלעכאַנאָוו האָט אין 1917 געפּרעדיגט. ווי יעדער אמת'ער רעוואָלוציאָנער און סאָציאַליסט האָט זונדעלעוויטש געהאַסט דעם באָלשעוויסטישען טעראָר און דיקטאַטור ניט ווייניגער ווי דעם צאַריזם. אַ ביטערער געגנער פון יעדער סאָרט טיראַניי, האָט ער נאָך די באָלשעוויקעס ספּעציעל ניט געקענט מוחל זיין דאָס, וואָס זיי האָבען אַזוי געשענדעט די הייליגע אידעאַלען פון פרייהייט, גלייכהייט און ברידערליכקייט, פאַר וועלכע גאַנצע דורות רעוואָלוציאָ־נערען האָבען מקריב געווען זייערע לעבענס.

ערשט מיט אייניגע מאָנאַטען פאַר זיין טויט האָט ער אין אַ בריף צו דעם שרייבער פון די שורות, וועלכער האָט דאַן רעדאַק־טירט דעם „וועקער", פּראָטעסטירט וואָרום דער „וועקער" האָט אָפּ־געדרוקט אַן אַרטיקעל פון יודזשין וו. דעבס, מיט אַ לויב־געזאַנג צו דער סאָוועט־רעגירונג. זונדעלעוויטש האָט געהאַלטען, אַז אַ סאָציאַליסטישע צייט־שריפט, וואָס לויבט די קאָמוניסטישע טיראַניי אין רוסלאַנד, פאַרראַט דערמיט די הייליגע אידעאַלען פון סאָציאַ־ליזם און מענשליכקייט.

## 8

שטיל און באַשיידען ווי ער האָט געלעבט די לעצטע פופצעהן יאָהר אין לאָנדאָן, אַזוי איז ער אויך געשטאָרבען. די צייטונגען האָבען וועגען זיין טויט ניט געשריבען. אין אַמעריקע האָט מען זיך דערוואוסט פון זונדעלעוויטש'עס טויט ערשט אין אַ פּאָר וואָכען אַרום פון אַ בריף, וואָס אייניגע פּאָליטישע פריינט זיינע האָבען ערהאַלטען פון די לאָנדאָנער רוסישע סאָציאַליסטען, ביי וועמען זונדעלעוויטש איז געווען זעהר באַליבט און געאַכטעט. וועגען די לעצטע מינוטען פון זיין לעבען האָט זיין ברודער איליאַ געשריבען אין אַ בריף צו לעוו דייטש'ן:

„געשטאָרבען איז דער ברודער פּלוצלונג, דאָנערשטאַג דעם 30טען אויגוסט (1923), עטליכע מינוטען נאָך האַלבע נאַכט, ביי מיר אין

הויז. יענע טעג בין איך גראָד געווען אין הויז איינער אַליין. יענעם אומגליקליכען דאָנערשטאָג ארום האַלב נאָך ניין אין אָווענט איז אהרן געקומען צו מיר. ער האָט זיך געזעצט און מיר האָבען געשמועסט. ער האָט גערויכערט זיינע אייגענע געמאַכטע סיגאַרעטלאָך. די לעצטע צייט, מען קען זאָגען פּאַר די לעצטע אָנדערהאַלבען־צוויי יאָהר, האָט ער שטאַרק געהוסט. איבערהויפּט פלעגט ער זיך פאַרהוסטען פון זיין פּאַפּיראָסעל, וועלכער איז באשטאַנען פון אַ שטיקעל פּאַפּיר און אַ ביסעל ביליגען טאַבאַק. אַט דער רויכערען פלעגט אַזוי אויפרעגען זיין אָטעם־סיסטעם און פלעגט ארויסרופען אַזאַ הוסט, אַז ניט ווילענדיג פלעגט מען איהם מוזען מאַכען אַ פאַרוואורף, וואָרום ער רויכערט. אָבער דאָס פלעגט איהם נאָר אויפרעגען. יענעם אָווענט האָט ער באַזונדערס שטאַרק געהוסט. „וואָס הוסטו אַזוי? — האָב איך איהם געפרעגט, — האָסט זיך פאַרקיהלט?" „יא", האָט ער געענטפערט. „דער נעכטיגער אָווענט האָט אויף מיר זעהר שלעכט געווירקט". מיט אַ טאָג פריהער איז געווען אַ שרעקליכער וועטער, אַ גאַנצען טאָג איז געווען אַ רעגען, אַ ווינט און אַ קעלט און ער איז ארומגעגאַנגען איבער'ן שטאָדט.

מיט אַ טאָג פריהער זיינען מיר געווען מיט איהם צוזאַמען אויפ'ן וואָקזאַל. דינסטאָג ביינאַכט האָט ער אויסגעקוקט ווי אַלע מאָל מונטער און האָט געשפּאַסט. מיטוואָך האָב איך איהם ניט געזעהן. איך בין שוין געוואוינט געווען צו זיינע פאַרקיהלונגען, וועלכע ער פלעגט לייכט אריבערטראָגען און ניט שענקען זיי קיין אויפמערקזאַמקייט. אויך איצט האָב איך ניט געדענקט, אַז די זאַך איז ערנסט. מיר האָבען געטרונקען טיי, האָבען געשמועסט, ווי געווענליך זיך געטאַמפּערט וועגען עפּעס אַ פראַגע. ארום עלף אַזייגער האָב איך באַמערקט, אַז ער אָטעמט עפּעס שווערער ווי אַלעמאָל. איך האָב איהם גענומען איינרעדען, אַז מען דאַרף פון דעסטוועגען רופען אַ דאָקטאָר. אַ דאָקטאָר וועט טאַקע ניט אויסהיילען זיין הוסט, אָבער דאָך וועט ער איהם געבען עפּעס וואָס זאָל פאַרלייכטערען דעם הוסט. ער פלעגט קיינמאָל ניט שענקען קיין אויפמערקזאַמקייט צו מיינע באַמערקונגען וועגען דעם, און אַזוי האָט ער אויך איצט מיר ניט געוואָלט הערען. ער האָט זיך שוין געקליבען אַוועקגעהן. איך האָב איהם גענומען איינריידען, אַז ער זאָל בלייבען נעכטיגען ביי מיר. ער האָט זיך קאַטעגאָריש ענטזאָגט און האָט ערקלערט אַז ער פיהלט זיך בעסער אין זיין אייגענער בעט. ער האָט זיך אויפגעהויבען און האָט אָנגעטאָן דעם מאַנטעל. איך בין ארויס אַוועקצוזעצען איהם אויפ'ן טראַמוויי. מיר האָבען געדאַרפט געהן בלויז אַ פּאָר מינוטען. דערזעהענדיג, אַז דער אָטעם ווערט ביי איהם ערגער, האָב איך ערקלערט, אַז איך וועל איהם ניט אָפּלאָזען אַליין און וועל געהן מיט איהם

צוזאמען. מיר זיינען געשטאנען און געווארט אויפ׳ן טראמוויי. איך האב דערזעהן, אז איהם ווערט אלץ ערגער און אז ער קען ניט איינ־שטעהן אויף די פיס. ער האט זיך צוגעזעצט אויף א קלעצעל. האב איך דעמאלט אנגעפאנגען ווידער אריינ׳טענה׳ן מיט איהם, אז עס איז אן אומזין פאר איהם צו פאהרען אהיים, ווען ער קען בלייבען נעכטיגען ביי מיר. „נו, מילא", האט ער געזאגט, „קום צוריק". מיר זיינען אוועק צוריק צו מיר אהיים. ער האט זיך קוים דערשלעפט צום הויז. אין א פיר־פינף מינוט זיינען מיר שוין געווען אין הויז. אין קארידאר האט ער זיך אפגעשטעלט און געבעטען, מען זאל איהם ארויסטראגען א שטול. ער האט זיך אנידערגעזעצט. דער אטעם איז געווען זעהר שווער. „אזוי פאסקודנע האב איך נאך קיינמאל ניט געפיהלט", האט ער באמערקט. איך בין אוועק אויבען, האב אויסגעבעטעט די בעט און געהאלפען איהם ארויפגעהן. ער האט אנגע־פאנגען אויסטאן זיך. איך האב איהם געבראכט וואסער און געזאגט, אז איך וועל געהן רופען א דאקטאר.

„מילא, פרוביר", האט ער געזאגט. „איך צווייפעל אבער צי דו וועסט איצט געפינען א דאקטאר".

דאס זיינען געווען די לעצטע ווערטער, וואס איך האב פון איהם געהערט.

„איך בין געווען איינער אליין און הגם איך האב ניט געדענקט אז דער סוף איז אזוי נאהענט, האב איך דאך געהאלטען, אז מען מוז רופען א דאקטאר. איך האב איהם געמוזט איבערלאזען אליין און פון דער נאהענטער טעלעפאן־ביידעל האב איך אנגעפאנגען טעלע־פאנירען צו באקאנטע דאקטוירים. דער טעלעפאן ארבייט ביינאכט אין לאנדאן זעהר שלעכט. פון אומעטום דארף מען לאנג ווארטען אויף אן ענטפער. יעדע מינוט האט מיר אויסגעקוקט ווי אן אייביג־קייט. קיינער פון די דאקטוירים איז ניט געווען אין הויז. איך האב געמוזט געהן צוריק אהיים. אין גאנצען בין איך אבוועזענד געווען א מינוט דרייסיג, פינף־און־דרייסיג, העכסטענס פערציג, און ווען איך בין אריין אין צימער האב איך געפונען אז אהרן איז שוין טויט.

„אויפ׳ן טיש לעבען בעטעל איז געלעגען א האלב צוזאמענגע־דרעהטער פאפיראסעל. זיין געזיכט איז געווען טיף רוהיג, ווי ביי איינעם וואס שלאפט. דער פולס האט ניט געקלאפט. איך האב איהם אנגעפאנגען רופען, רייבען איהם די הארץ, די הענט, אבער אלץ איז געווען נוצלאז. שפעטער, ווען דער דאקטאר איז אנגעקומען, האט ער קאנסטאטירט, אז ער איז טויט.

„איך און איינינע פריינט אונזערע האבען געקוקט אויף איהם אין פארלויף פון אנדערהאלבען מעת־לעת ווען ער איז געלעגען אויפ׳ן בעט און האבען אונזערע אויגען ניט געגלויבט: אזא קלארע רוהיג־

קיין אויפ׳ן פנים, אלע זיינע שטריכען זיינען געבליבען אזוי ניט פארענדערט, דער געוועהנליכער רוהיגער אויסדרוק פון זיין פנים איז אויף א האר ניט פארשוואונדען, אזוי אז עס האט זיך געדוכט, אז ער אטעמט, שלאפט און וועט אט־אט זיך אויפכאפען, אויפשטעהן פון בעט און אנפאנגען רעדען. ער האט זיך אבער ניט אויפגעכאפט. די לויה זיינע איז געווען דעם פערטען סעפטעמבער אין קרעמאטאריום, עס איז אנוועזענד געווען א פארשיידענארטיגער עולם און עס זיינען אויך געהאלטען געווארען קורצע רעדעס.

די לעצטע טעג זיינע האבען זיך מיט קיין זאך ניט אונטערשיידעט פון אלע אנדערע טעג פון זיין לעבען דא. דעם לעצטען טאג האט ער זיך געפיהלט שלעכט. ער האט געוואלט פאהרען אנקוקען דעם קאטעדזש, וואס אונזערע א פריינדין האט געדונגען פאר זיך און פאר איהר שוועסטער. ער איז צוגעגאנגען צום טראמוויי אום צו פאהרען צום וואקזאל, נאר ער האט דערפיהלט מיט אמאל א שטארקען וועהטאג אין הארצען און ער האט זיך געמוזט אומקערען צוריק אהיים. א פאר שטונדען איז ער געלעגען אויפ׳ן בעט און דער וועהטאג איז פארשוואונדען. דעם זעלבען טאג, ארום פינף אזייגער, האט א באַקאנטער סטודענט, א מעדיצינער, איהם געזעהן אין אן אפיס אין שטאדט, וואו ער איז געקומען משתדל זיין זיך צו קריגען מיטלען טאקע פאר אט דעם סטודענט. דעם סטודענט איז אהרנ׳ם אויסזעהן זעהר ניט געפעלען געווען און ער האט איהם געזאגט: „ציינגט אקארשט אייער פולס”. אהרן, וועלכער פלעגט אין אזוינע פאלען געוועהנליך אפקומען מיט א שפאס און מיט א קיבעץ אויפ׳ן רעכענונג פון דער מעדיצינישער וויסענשאפט, האט דעם מאל גראד איהם געגעבען א טאפ טאן דעם פולס. דער סטודענט האט גלייך דערזעהן אז ער איז זעהר קראנק. אהרן האט אבער ניט געוואלט געהן אפרוהען. ער האט ערקלערט אז ער האט א סך ארבייט צו טאן. צו טאן עפעס אנדערש אין דעם פאל איז געווען אונמעגליך, ווייל אהרן פלעגט אין אזוינע פאלען ארויסצייגען א שטארקע עקשנות, און אט אזוי ווי איהר זעהט האט זיך דאס אלץ געענדיגט”.

זונדעלעוויטש איז פון דער נאטור געווען א זעהר קאמפליצירטע און א זעהר באגאבטע פערזענליכקייט. די פארשאלטענע רוסישע באדינגונגען האבען איהם ניט געגעבען די מעגליכקייט צו אנטוויקלען זיינע גרויסע און פארשיידענארטיגע טאלאנטען. אין דער געשיכטע אבער פון דעם אלוועלטליכען פרייהייטס־קאמף וועט דער נאמען פון אהרן זונדעלעוויטש, דעם העלדישען רעוואלוציאנערען מארטירער, דעם מוטיגען סאציאליסטישען קעמפער און דעם זעלטענעם אידעאליסט און מענשען־פריינד, וואס איז זיין גאנצען לעבען געבליבען טריי די אידעאלען פון פרייהייט, גלייכהייט און ברידערליכקייט, אייביג לעבען.

## א. ליעסין.

# די ערשטע געהיימע פאַרזאַמלונג אין ווילנע.

### אַן ערינערונג און אַ פּאָעמע.



די ערשטע געהיימע פארזאמלונג אין ווילנע איז פאַרגעקומען אין נאָוועמבער, אָדער אפשר אין דעצעמבער, 1890, צום אָנדיינק פון א מינסקער שריפטזעצער, סווערדלאָוו, וואָס איז געשטאָרבען אין ווילנע פון שווינדזוכט.

איך האָב זיך מיט איהם באַקאַנט קורץ פאר זיין טויט און געוואכט א נאכט ביי זיין בעט. איך בין נאָך געווען זעהר יונג און קיין טובערקולאָזען גוסס ביז דעמאָלט ניט געזעהן. האָבען אויף מיר געמאכט א שוידערליכען איינדרוק זיינע יסורים — צו זעהן איהם נאָכאַנאַנד אין א קאַלטען שוויים, מיט די רויטליכע האָר צוגעקלעפּט צום בלייכען שטערען. מען האָט וועגען איהם דער־צעהלט, אַז ער איז געווען זעהר א שעהנע פערזענליכקייט, וואָס האָט לאַנג געאַרבייט אין געהיימע דרוקערייען און געהאַט אויך אַנדערע פאַרדינסטען פאַר דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג.

די פּאַרזאַמלונג איז געווען אין שניפּישאָק, ערגעץ אין א הייזעל, פאַרדוקט אין אַ הויף. דאָס איז געווען, דוכט זיך, דער שלאָסער־ווארשטאַט פון א געוויסען טעכניקער גאַלאַנדסקי, וואוהין אינטע־ליגענטע יונגע לייט פלעגען קומען זיך לערנען פיילען — אַ מין צו־גרייטונג צו „געהען אין פאָלק". איך בין אוועק אַהין פון אַנדער עק שטאָט צוזאַמען מיט ליובע יעזופאָוויטש, וואָס איז שפּעטער גע־ווען די פאַרוואַלטערין פון דער פרויען־האַנדווערקער שול אין מינסק און טעטיג אין דער דאָרטיגער באַוועגונג. אויפ'ן וועג האָבען מיר זיך אָנגעטראָפען מיט נאָך אַ פּאָר באַקאַנטע. די נאַכט איז געווען א פראָסטיגע. מיר איז אָבער געווען הייס פון גרויס אויפרעגונג. איך האָב זיך געוואונדערט אין הארצען, וואָס די מיטגעהער מיינע זיינען אַזוי רוהיג, וואָס זיי באַציהען זיך צו דעם ווי צו א געוועהנליכען קאָנספּיראַטיווען ענין.

אויפ'ן הויף, אין דער פינסטערניש, האָט אונז באַגעגענט א פּאַט־

רול און אויף שטום־לשון אריינגעוואונקען אין דער פארזאמלונג. איך האב דערזעהן א גרויסען צימער, מיט פארהאנגענע פענסטער, דונקעל באלויכטען און פול מיט מענשען. נאך א צימערל, אהן פענסטער און מיט א פאר טרעפלעך נידעריגער, איז געווען גאנץ העל באַלויכטען. דארט האט געזאדען א סאמאוואר אויף א טישעל, וואס איז אנגעלייגט געווען מיט לוסטעם ברויט, באדעקט מיט האלענדער קעז. ארום סאמאוואר, מעשה באלעבאס, האט זיך געפארעט צמח קאפעלזאן. ער האט געשניטען די ברויט און ארויפגעלייגט די קעז.

אין דונקעלהייט פון צימער איז שווער געווען פון ערשטען בליק צו דערקענען די אלע באגייסטערטע פנים׳ער וואס האבען געלויכטען עפעס מיט אן אינערער ליכטיגקייט. דאך האב איך באלד דערקענט די הויכע, אביסעל איינגעהויקערטע פיגור און דעם געבויגענעם נאז פון מענדעל ראזענבוים. איך בין צו איהם צוגעגאנגען. דערזעהענדיג מיך, האט ער זיך דערפרעהט, אזש געריבען די הענט פאר שמחה, און שטילערהייט ארויסגעמורמעלט: „גוט, וואס איהר זייט דא! גוט, וואס איהר זייט דא!" אן אנדער קבלת פנים האט מיר געגעבען קאפעלזאן, מיט וועלכען איך האב דעמאלט ניט גוט געלעבט, דערהויפט צוליב קאנספיראציע. ער האט נערוועז א ציה געטאן מיט דער מארדע, א קלאפ געטאן מיט די ברעמען און א בורטשע געטאן: „אהא, איהר זייט אויך דא!" אין מיר האט זיך אנגעצונדען דער שטיפער, און איך האב געוואלט א לאך טאן, עפעס אריינזאגען איהם. צוליב דער פייערליכקייט פון מאמענט אבער האב איך זיך איינגעהאלטען.

די שטימונג איז געווארען אלץ פארבטיגער, וואס איינגער עס איז געווארען פון עולם אין דער געהיימניספולער דונקעלהייט. אט פון אזעלכע קליינע פארזאמלונגען אין דונקעלהייט וועט אויפגעהן דאס גרויסע ליכט פאר דער וועלט — האב איך געטראכט. עס האבען זיך אנגעהויבען די רעדעס — פיר רעדעס, ווי געוועהנליך אין יענער צייט, אלע אין רוסיש. עס האבען גערעדט אלעקסאנדער קרעמער, איסאי אייזענשטאט, צמח קאפעלזאן און מענדעל ראזענבוים. קרעמער האט גערעדט אויף דער טעמע: וואס הייסט א גרויסער מענש? ער האט גערעדט צום פונקט און שטארק, אז אזעלכע מארטירער פאר א אידעע, ווי סווערדלאוו, זיינען די ריכטיגע גרויסע מענשען, און ער האט אויפגעפאדערט די אנוועזענדע נאכצופאלגען זיין ביישפיל ביז׳ן סוף, ביז אין טויט אריין. זעהר געפיהלפול האט גערעדט אויך קאַפעלזאן, אזש איך האב איהם פון טיפסטען הארצען פארגעבען זיין ברוגז׳דיגע אויפנאמע. א טיפען איינדרוק האבען אויך געמאכט די רעדעס פון אייזענשטאט׳ן און ראזענבוים׳ען. מיין עקזאלטירטקייט איז אלץ געשטיגען.

און איך האָב זיך גענומען פֿאָרשטעלען, אַז פּונקט אַזוי סומנע האָבען אויך אַמאָל אויסגעזעהן די געהיימע פֿאַרזאַמלונגען פֿון די מאַראַנען אין די דונקעלע קעלערס, באַהאַלטענדיג זיך פֿון די שפּיר־הינט פֿון דער אינקוויזיציע — די זעלבע אידישע פּנים'ער, דאָס זעלבע שטעלען זיך געגען דער גאַנצער וועלט אַרום, די זעלבע גרייט־קייט אויף מאַרטירערטום. און פּלוצלונג האָט די גאַנצע אידישע מאַרטירער־געשיכטע פֿאַר מיר אַדורך געבליצט און אַזוי צונומען, אַז איך האָב פֿאַר אויפֿרעגונג זיך אָנגעכאַפּט אָן וואַנט ניט אַ פֿאַל צו טאָן. עס האָט אויפגעשטראַלט פֿאַר מיר די נבואה פֿון ישעיה'ן, וואָס די קריסטען זעהען אין איהר זייער משיח — יעזוס'ן, און די אי־דען פֿאַרשטייען זי פֿיל טיפֿער. זיי זעהען אין איהר אַ פֿאָלק אַ משיח — „דער מאַן דער פֿאַראַכטעטער, דער מאַן פֿון וועהטאָגען און קראַנקהייטען, אַ פֿאַרלאָזענער פֿון מענשען, אַזוי ווי אַ וואָרצעל אין אַ וויסטעניש, אָהן שעהנקייט און אָנזעהן, פֿון וועמען קיינער האַלט ניט, פֿון וועמען מען פֿאַרבאָרגט דעם פּנים. דאָס איז אָבער אַלע־מענס קראַנקהייטען, וואָס ער טראָגט, אַלעמענס וועהטאָגען, וואָס ער ליידט".

די עראינערונג פֿון יענער פֿאַרזאַמלונג איז פֿאַר מיר געוועזען אַן אינספּיראַציע יאָהרען־לאַנג, און איך האָב איהר צום סוף געגעבען אויסדרוק אין דער אונטען־ציטירטער פּאָעמע:

## די ערשטע געהיימע פֿאַרזאַמלונג.

ווי געהט זיך דאָס גוט אין דער פּראָסטיגער גלות,
ווען אינערליך זינגט אין געמיט.
עס זינגען אונז מיט אין דער שטילקייט די טריט,
דער האַרט־בלייער שנייי און דאָס יונג־רויטע בלוט,
דער מונטערער אייז־טראַמוואַר,
אין פּלאַטער פֿון מאַטען פֿאָנאַר.*)

דאָך געה איך פֿאַרבייגקט, ווי אַ קינד, וואָס מען ברייגגט
אין חדר צום ערשטען מאָל פֿרום,
און אייגגעהילט שטום, מיט'ן טלית אַרום,
פֿאַררייסט ער די אויגלעך, און שרעקט זיך און דיינקט
צו זעהן ניט־געזעהענע באַלד —
הויך־הויך וואו אַ מלאך־געשטאַלט.

*) לאַמטערן.

אַט איז מען שוין דאָרט, און פאַרשטומט ווערט דאָס וואָרט —
א חדוה אַזאַ, אַ גענאָד!
עס שלאָגט דורכ'ן לאָד מיט'ן שיין אַזאַ סוד,
איך פיהל, עס איז ריכטיג אַ הייליגער אָרט,
אַ שטים, דוכט מיר, הער איך פאַר זיך:
אָ, מענש, וואַרף אַרונטער די שיך!

מען ווינקט אונז אַריין, שאָטען־אויס, שאָטען־איין,
אין ערגעץ אַ פירהויזל שנעל;
אַנטפּלעקט זיך פון שוועל אַזאַ טונקעלקייט העל,
פאַרהאַנגענע פענסטער, פאַרהוילענער שיין,
אַ דורכדרינג פון בליקען אין פלאַם,
אַ מאַסע, ווי איינג און ווי גראַם.

האָט ווער זיך געשטעלט, אַזוי סומנע באַהעלט,
און ווענדט זיך מיט איינפאַכע רייד;
ברויזט אויף אין די רייד אַזאַ אָפּגרונד פון לייד,
דער דראַנג פון דער מענשהייט, דער צער פון דער וועלט,
משיח, וואָס רייסט זיך פון קייט —
אומזיסט, ווייל דער דור איז ניט גרייט.

און אַלץ, וואָס מען רעדט, ווערט אַ טרוים, אַ געבעט,
איך הער זיי און זעה זיי און פיהל;
זיי ווייהען אום שטיל פון סופיט ביז'ן דיל,
באַריהרען נשמות, א גלעט נאָך אַ גלעט,
און צינדען זיך אָן, ווי אַ ליכט,
אויף יעדען אַנטציקטען געזיכט.

איך קוק זיך גוט איין: זאָלען טאַקע דאָס זיין
אַלץ מיינע באַקאַנטע און פריינד?
ווי וואונדערליך שיינט אויף די פּנים'ער היינט
אַזאַ תפילה־זכה'דיג לויטערער שיין,
אַ ליכטיגקייט, ווייס אַזוי, פרום,
אַזוי ווי פון קיטלען אַרום.

איך גליה אין געהיים, אין באַלויכטענעם טרוים,
און קיינעם דערקען איך ניט מער,
ווי פּלוצלונג וואָלט ווער, אין אַ וואונדער־באַגער,
פאַרטראָגען זיי וואו, אויסער צייט, אויסער רוים;

זיי גיסען צונויף זיך אין איינס,
אין עפּעס נעט־אָדאיגעס שיינס.

***

ער שטעהט אין אַזאַ אָרעאָל פאַר מיר אויף,
קיין גליד איז ניט גאַנץ אין צו׳הרג׳עטען גוף,
אַ שפּראַצונג אין מדבר, פאַרשטויבט און פאַרשמאַכט,
אַ שעפּס אַזוי שטום, וואָס מען שלעפּט און מען שלאַכט,
דאָך איז ער דער שטאַרקסטער, וואָס טראָגט אויף זיך איין
פון וועלטען פון גאַנצע דעם צער און דעם פּיין,
און אויסדערוועהלט איז ער פון גאָט, און ער ליידט
פאַר אַלעמענס זינד, און איז אייביג, ווי צייט,
אַן אויסלייזער איז ער, און איהם איז באַשערט
צו אויפריכטען נייע די הימלען און ערד.

אַזוי האָט געזעהן איהם אין טרוים אויף דער וואָר,
צוריק נאָך מיט צוויי און אַ האַלב טויזענט יאָהר,
אַ טרייסטער אַ גרויסער אין בבל ביים כבר.

האָט צוויי און א האלב טויזענד יאָהר דאָס געדויערט,
האָט אַלץ זיין פּיל־פּנים׳דיג פּנים געטרויערט,
געוואָגעלט אַלץ האָט ער, פאַרהאַסט און פאַרפלוכט,
אויף ערד די ממשלה פון הימעל געזוכט,
געכאָרכעלט „אחד” אין די הענט פון די שעכטער,
און שטענדיג געוואַרט אויף אַ וועלט אַ גערעכטער,
געזונגען אין פלאַם־טויט צו גאָט אַזוי ווייך,
און זעהונגען גרויסע געזעהן דורכ׳ן רויך,
האָט צוויי־און־אַ־האַלב־טויזענד שרעק־יאָהר גענומען,
ער זאָל צו זיין אויסדרוק זיין שטראַהליגען קומען.

ער האָט זיך פאַר מיר אַזוי הייליג און שעהן
אַנטפּלעקט אין עקסטאַז פון געהיימען המון
און קאָן אין מיין זעהונג שוין מעהר ניט פאַרגעהן.

# היסטאָרישער ווילנער דאָקומענט פון יאָהר 1892 וועגן פאַרקירצונג פון אַרבייטס־שטונדען

דיזער דאָקומענט, וועלכער איז געפונען געוואָרען אין ווילנער געוועזענעם צאַרישען מלוכה-אַרכיוו, געהערט צו דער צייט, ווען די אידישע אַרבייטער אין ליטע און ווייס-רוסלאַנד האָבען אָנגעהויבען קעמפען געגען דעם אונבאַגרעניצט-לאַנגען ארבייטס-טאָג, וואָס האָט עקזיסטירט אין די אידישע מלוכה-וואַרשטאַטען. ווי באַוואוסט, האָבען זיי אין זייער קאמף פאַר אַ 12-שעה'דיגען ארבייטסטאָג געפונען אַ לעגאַלען שטיץ-פונקט אין אַן אַלטען געזעץ, לויט וועלען דער אַר-בייטס-טאָג פאַר באַלמעלאָכעס טאָר נישט זיין מעהר ווי 12 שעה, פון 8 ביז 8.

1248    29 Сентября 1892

Его Превосходительству

Господину Виленскому Губернатору

[illegible]

Прошение

[illegible]

По Высочайшему повелению закономъ 1879 года рабочий день въ ремесленныхъ заведенияхъ ограниченъ 12ю часами. Прошло такимъ образомъ уже 13 лѣтъ и мы, я, и товарищи мои, другие рабочие ни разу не испытали на себѣ всю благотворную для нашей жизни силу этого закона. Какъ прежде, такъ и теперь работа въ мастерской продолжается отъ 7 часовъ утра до 11-12 часовъ ночи, и въ дни, предшествующие праздникамъ, хозяинъ заставляетъ насъ просиживать за работой и целые ночи. На просьбы наши и заявления о необходимости исполнить требования, выраженныя въ законѣ 1879 года хозяинъ отвѣчаетъ смѣхомъ; онъ заявляетъ намъ при каждомъ удобномъ случаѣ, что предприниматель противъ ночной работы ничего не могутъ, протоколовъ онъ не боится, а если и придется разъ другой заплатить 15 рублей штрафу, то это для него ровно никакого значения не имѣетъ. Поставленные въ столь тяжелое и безпомощное положение, я и товарищи мои обратились къ Господину Фабричному Инспектору съ просьбой заступиться за наши интересы, столь беззаконно нарушаемые хозяиномъ. Господинъ Инспекторъ выразилъ искреннее участие къ нашему положению и заявилъ, что онъ готовъ былъ бы все сдѣлать для облегчения нашей участи, но права и обязанности его не простираются на ремесленныя заведения и потому онъ совѣтуетъ намъ обратиться къ

Вашему Превосходительству, ибо только
въ рукахъ Вашего Превосходительства распро-
странить права Господина Инспектора на наши
мастерския. Если Ваше Превосходительство
сдѣлаете по этому поводу соотвѣтствующее распоря-
жение, то онъ, Господинъ Инспекторъ, не прекратитъ
своихъ преслѣдований противъ Козлина, пока не
добьется точнаго исполнения закона 1879 года.
Мы обращаемся, поэтому, къ Вашему Превосходи-
тельству съ покорнѣйшей просьбой о помощи. Только
во власти Вашего Превосходительства - прекратить
безчеловѣчный произволъ Козлина, только въ Вашихъ
рукахъ - облегчить наше тяжелое и несчастное положе-
ние. Не откажите же, Ваше Превосходительство
въ нашей мольбѣ, удѣлите и намъ малую часть сво-
ихъ безконечныхъ благодѣяний; дайте, наконецъ, и намъ
возможность почувствовать всю облегчающую силу
закона 1879 года.

Тевье Копустъ.

26 Сентября 1892 года.

איבערזעצונג:

29טען סעפּטעמבער, 1892.

זיין עקסעלענץ, דעם הערען ווילנער גובערנאַטאָר.
פונ'ם שניידער-געזעלן טוביה קאַפּוסט,
וואוינט אויף דייטשער גאַס אין קינקולקינס הויז.

## א בקשה.

לויט'ן אַלערהעכסטען באַפעל דורך אַ געזעץ פון 1879-טען יאָהר איז דער ארבייטס-טאָג אין האַנטווערקער-וואַרשטאַטען באַגרעניצט מיט 12 שעה. אויף אַזאַ אופן איז שוין אַריבער 13 יאָהר, און נישט איך, נישט מיינע חברים, די אַנדערע ארבייטער, האָבען קיינמאָל נית געפיהלט אויף זיך דעם גאַנצען וואוילטועודיקען כוח פון דעם דאָזיגען געזעץ פאַר אונזער לעבען. ווי פריהער אזוי אויך איצטער געדויערט די אַרבייט אין וואַרשטאַט פון 7 אזייגער אין דער פריה ביז 11—12 ביינאַכט, און אין די טעג, וואָס פאַר יום-טוב צווינגט אונז דער באַלעבאָס אָפּצוזיצען ביי דער אַרבייט אפילו גאַנצע נעכט. אויף אונזערע בקשות און מעלדונגען, אַז עס איז נויטיג אָפּצו-היטען די פאָדערונגען, וואָס זיינען אויסגעדריקט אין געזעץ פון 1879-טען יאָהר, ענטפערט דער באַלעבאָס מיט אַ געלעכטער; ביי יעדער גינסטיגער געלעגענהייט דערקלערט ער אונז, אַז די אַרבייטער קאָנען געגען איהם גאָר נישט אונטערנעמען. פאַר פּראָטאָקאָלען האָט ער קיין מורא נישט און אַז עס וועט אַמאָל צי צוויי אויסקומען צו באַצאָלען 15 רובעל שטראָף, האָט עס פאַר איהם קיין שום באַדייטונג נישט. אַוועקגעשטעלט אין אַזאַ שווערע הילפלאָזע לאַגע, האָב איך און מיינע חברים זיך געווענדט צום הערען פאַבריק-אינספּעקטאָר מיט אַ בקשה, ער זאָל זיך איינשטעלען פאַר אונזערע אינטערעסען, וועלכע ווערען אַזוי אומגעזעצליך געבראָכען פון באַלעבאָס. דער הער אינספּעקטאָר האָט אויסגעדריקט אַ לעבהאַפטען מיטגעפיהל צו אונ-זער לאַגע און ער האָט דערקלערט, אַז ער וואָלט געווען גרייט טאָן אַלץ,

כדי צו פאַרגרינגערען אונזער גורל, אָבער זיינע רעכט און פליכטען פאַר־שפּרייטען זיך נישט אויף תאַנטוועקער־וואַרשטאַטען, און דעריבער עצה'ט ער אונז זיך צו ווענדען צו אייער עקסעלענץ. ווארים נאָר אייער עקסע־לענץ איז בכוח צו פאַרשפּרייטען די רעכט פונ'ם הערען פאַבריק־אינספּעק־טאָר אויף אונזערע וואַרשטאַטען. אויב אייער עקסעלענץ וועט וועגן דעם מאַכען די געהעריגע פאַראָרדנונג וועט ער, דער הער אינספּעקטאָר, נישט אָפּשטעלען זיינען פאַרפאָלגונגען געגען באַלעבאָס, ביז וואַנען ער וועט זיך נישט דערשלאָגען, אַז דער געזעץ פון 1879־טען יאָהר זאָל פּינקטליך אויס־געפיהרט ווערען.

מיר ווענדען זיך דעריבער צו אייער עקסעלענץ מיט אַ הכנעה'דיגער בקשה וועגען הילף. בלויז אין דער מאַכט פון אייער עקסעלענץ ליגט עס איינצושטילען דעם אונמענשליכען ווילד־ווילען פון באַלעבאָס; נאָר אין אייערע הענט ליגט צו פאַרגרינגערען אונזער שווערע און אומגליקליכע לאַגע. זאָל־זשע אייער עקסעלענץ ניט אָפּזאָגען אונזער געבעט; טיילט אונז אויך איין אין א קליינעם טייל פון אייער אונענדליכע וואוילטאַטען, גיט אונז ענדליך אויך אַ מעלגיכקייט צו דערפיהלען דעם גאַנצען פאַרלייכטערענדיגען כוח פונ'ם געזעץ פון 1879־טען יאָהר.

טוביה קאַפּוסט.

סעפּטעמבער 26־טען, 1892.

# ל. מאַרטאָוו.

## ל. מאַרטאָוו'ס זכרונות וועגן ווילנע.*)

. . . איך וועל זאָגען אַ פּאָר ווערטער וועגען די פּערזאָנען פון דער ווילנער אָנפיהרענדיגער אָרגאַניזאַציע. בעת איך בין אריינגעטראָטען אין איהר, נאָך יוסף מיל'ס אוועקפאָהר, איז דער אנערקענטער פיהרער פון דער אָרגאַניזאַציע געווען א. קרעמער („אַלעקסאַנדער"). דער געזעצטער, עטוואָס פלעגמאַטישער כאַראַקטער און דער קלאָרער מוח, די קאָנספּיראַטיווע אויסגעהאַלטענקייט און נאָך אַנדערע מעלות פון אַ פּעהיגען אָרגאַניזאַטאָר פון אונטערערדישער אַרבייט, האָבען איהם געשאַפען די נויטיגע אויטאָריטעט פאַר דער ראָלע פון אַן אָנפיהרער. ריידען פלעגט ער אויף פאַרזאַמלונגען נישט פיל, אָבער וואָגיג. קיין טאַלענט פון אַן אַגיטאַטאָר האָט ער ניט פאַרמאָגט, און מיר דאַכט זיך, אַז זיינע פּערזענליכע נטיות האָבען איהם ניט געצויגען צו דער ראָלע פון אַן אַגיטאַטאָר. זייענדיג אַ סטודענט פונ'ם פּאָליטעכניקום אין ריגע, איז ער אין די אַכציגער יאָהרען געווען פאַרוויקעלט אין אַ פּאָליטישען פּראָצעס, אָפּגעזעסען תפיסה אין די „קרעסטי" און פון דעמאָלט אָן האָט ער געלעבט אונטער פּאָליציי־אישער השגחה אין ווילנע. אזוי האָט געלעבט ר. ל. אייזענשטאַט (יודין) אויך, וואָס איז געווען אין אונזער קרייזעל דער געבילדעטסטער טעאָרעטיקער־מאַרקסיסט. אַ געוועזענער סטודענט פון יאַראָסלאַווער ליצעאום, איז ער נאָך אין 1887טען יאָהר אריינגעפאַלען אין טורמע, איז אָפּגעזעסען זיין צייט און פאַרקליבען זיך קיין ווילנע. זייענדיג אויך שפּעטער נישט וועניג מאָל אַרעסטירט און פאַרשיקט, איז ר. ל. נאָך עד היום איינער פון די אָנפיהרער פון „בונד". זיין פרוי, ליבע לעווענסאָן, וואָס איז צום סוף פון די 90ער יאָהרען געשטאָרבען אין אַמעריקא, איז געווען אַ זעהר פּעהיגע פּראָפּאַגאַנדיסטקע, האָט געהאַט אַ גרויסען שם צווישען די אַרבייטער און האָט אריינגעטראָגען אַ ברויזענדיגע ענערגיע אין איהר שטענדיגער טעטיגקייט. זי איז געווען דער גרעסטער בעל־חזקה אויף טורמע. א געוועזענע סטודענטין פון די שווייצער אוניווערזיטעטען, האָט מען זי געכאַפּט אויפ'ן גרעניץ

*) פון ל. מאַרטאָוו'ס זכרונות פון אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט, פאַרלאַג „וואָס־טאָק", בערלין, 1923.

דורכפאָהרענדיג קיין רוסלאַנד און, געפינענדיג ביי איהר ווערא איוואַ־נאָוונא זאסוליטש׳ס קאָנספּיראַטיווע בריוו, האָט מען זי אריינגעזעצט אין אַ פּאַרוואָרפענער טורמע, וואו זי האָט אין משך פון אַנדערהאַלבען יאָהר געמוזט אויסשטעהן די גרעסטע אכזריות. דאָס האָט אונטער־געגראָבען איהר געזונט און צוטרייסעלט איהרע נערוועז. נאָכדעם ווי זי איז אָפּגעזעסען די אַנדערהאַלבען יאָהר האָט זי נאָך באַקומען נייע



ל. מאַרטאָוו.

אַנדערהאַלבען יאָהר. ניט ווענינער אַקטיוו פאַר איהר, אָבער מיט אַ ווענינער נערוועזן און מעהר לעבענסלוסטיגען כאַראַקטער, איז געווען מ. ד. סרעדניצקאַיאַ, מיט׳ן נאָמען „פּאַטי״. דאָס איז געווען אַ מענש געקנאָטען פון אָט דעם טייג, פון וועלכען עס האָבען זיך אויף אַלע שטאַפּלען פון אונזער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג פאָרמירט די אָר־

גאַניזאַטאָרינס פון די „רויטע קרייצען", די סעקרעטאַרינס פון די קאָמיטעטען, דאָס הייסט, אָט יענע פּערזאָנען, וועמען עס פלעגט אויסקומען האָבען צו טאָן מיט צעהנדליגער מענשען, קאָנען זיך באַגעהן מיט זיי, שטענדיג טראָגען אויפ'ן קאָפּ הונדערטער קאָנספּיראַטיווע מעשיות און „צורייסען זיך אויף שטיקער". די אייביג שוואַכע, אָבער תמיד באַוועגליכע מ. ד. סרעד־ניצקאַיאַ פלעגט אין איהרע אויפנעם־שעה'ן ביי זיך אין קאַבינעט (זי איז געווען אַ צאָהן־דאָקטאָרין) באַווייזען אָפּצוטאָן אַ וועלט פון קאָנספּיראַטיווע זאַכען: איבערגעבען, צונעמען און באַהאַלטען אומ־לעגאַלע ליטעראַטור, אָרגאַניזירען נייע קרייזלאַך און אויסזוכען אַנ־פיהרער פאַר זיי, אין אָווענט לויפען אויף די זיצונגען פון די קרייז־לאַך אָדער פון די פאָרשטעהער פון די קאַסעס. אויב קרעמער איז געווען דער קאָפּ פון דער אָרגאַניזאַציע, איז „פאַטי" — געווען די האַרץ.

דער דענטיסט קאָפּעלזאָן („טימאָפּיי"), וואָס האָט אויך געלעבט אונטער דער אויפזיכט, איז געווען אַן ארויסגעשיקטער פון ווארשע. שפּעטער איז ער באַוואוסט געוואָרען אין דער שווייצער עמיגראַציע אַלס „גרישין"*)... ער איז דער עיקר געווען פאַרנומען מיט קאָנ־ספּיראַטיווע ענינים פון דער אָרגאַניזאַציע — צו שטעהן אין פאַר־בינדונג מיט די איבעריגע אָרגאַניזאַציעס. די דאָזיגע באַציאונגען זיינען געווען גאַנץ רעגולערע, דערהויפּט מיט די שטעדט פון ליטע און פוילען. אויסער דעם האָט ער נאָך געהאַט צו טאָן מיט טראַנס־פּאָרטירען מענשען און ליטעראַטור. די אַנטלאָפענע פון רוסלאַנד פלעגען געוועהנליך דורך דער ווילנער גרופּען זוכען דעם „גרעניץ", אויסער דעם פלעגט נאָך קיין ווילנע אָנקומען, דעמאָלט ניט קיין גרויסע, טראַנספּאָרטען פון אויסלענדישע ליטעראַטור. אויף צו באַ־קומען דאָס פלעגען מיטהעלפען די ווילנער, וואָס האָבען געלעבט אין ווארשע און אין לאָדז און האָבען אָפּגעהיט די באַציהונגען מיט דער „מעטראָפּאָליע".

די סאַמע גרעסטע קראַפט, אין פּרט פון אָרגאַניזאַטאָרישער און פּראָפּאַגאַנדע־ארבייט, איז געווען ס. גאָזשאַנסקי, מיט'ן צונעמעניש „דער לעהרער". זיין צונעמעניש קאָן מען ניט זאָגען, אַז ער איז געווען אינגאַנצען אַ קאָנספּיראַטיווער, ווארים גאָזשאַנסקי איז טאַקע באמת געווען אַ לעהרער אין דער אידישער רעגירונגס־שול. זייענדיג, אין פאַרגלייך מיט אונז, אַ מענש אַ לעגאַלער און דערצו נאָך אַ

---

*) זיינע בריף, אַלס פאַרטיידיגער פון דעם „עקאָנאָמיזם", האָט אויס־געניצט פּלעכאַנאָוו אין דער באַוואוסטער פּאָליטישער בראָשור „וואַדעמעקוש", וואָס איז געווען געווענדט געגען דער רעדאַקציע פון „ראַבאָטשעיע דיעלאָ" (ארבייטער־זאַך).

באאמטער אויף א מלוכה־שטעלע, האָט ער שוין געמוזט זעהר שטאַרק קאָנספּירירען, כדי עס זאָל קיין זאך ניט אויפּפאַלען דער מאַכט, זיינע קאַלעגען און די עלטערען פון די תלמידים — דאָס רוב די זעלביגע באַלעבאַטים, אין וועמעס קראָם אָדער ווערקשטאַט מיר פלעגען „אונ־טערלעגען אַ פייער". אַ פעהיגער און מיט אַ גרויסען אינטערעס פאַר די אַלגעמיינע פראַגען פון טעאָריע, הגם מיט אַ שטאַרק פּאַראַדאָקסאַלען מוח, וואָס פלעגט איהם ניט זעלטען ברענגען צו סתירות, האָט גאָזשאַנסקי געזעהן, אַז עס זאָל אריינגעטראָגען ווערען אַ סיס־טעמאַטישקייט און אַן איינהייט אין דער קרייזעל־פּראָפּאַגאַנדע. מ'פלעגט תמיד זעהן אין איהם דעם פּראָפעסיאָנעלען פּעדאַגאָג. שפּעטער, אין דעם פּעריאָד פון דער אינטענסיווער עקאָנאָמישער אַגיטאַציע, האָט ער געשפּילט אַן אָנפיהרענדיגע ראָלע אין דעם אינ־וועניגסטען אָרגאַניזאַציאָנעלען קאַמף פאַר די נייע מעטאָדען פון דער אַרבייט, דורך וועלכער עס האָט געדאַרפט דורכגעהן די ווילנער באַ־וועגונג. דערנאָך האָט ער זיך, אינאיינעם מיט ל. לעווענסאָן און איניגע אַרבייטער, אַריבערגעקליבען קיין ביאַליסטאָק און האָט, אין אָט דעם גרעסטען פּראָלעטאַרישען צענטער פון ליטע, אַוועקגעלעגט דעם יסוד פאַר אַ ברייטערער אַגיטאַטאָרישער אַרבייט. באַלד האָט מען איהם אַרעסטירט און צוזאַמען מיט ל. לעווענסאָן פאַרשיקט קיין יאַקוטסק. דאָרטען האָט ער זיך אַ וואַקעל געטאָן אויפ'ן צד פון דער „מאַכאַיעווושטשינע", וואָס האָט צום סוף פון די אַכציגער יאָהרען געהערשט צווישען די פאַרשיקטע, נאָכדעם האָט ער אַ לאַנגע צייט געאַרבייט אין „בונד" (איך האָב זיך געטראָפען מיט איהם אויף דעם לאָנדאָנער פּאַרטיי־צוזאַמענפאָהר פון 1907טען יאָהר, ווען ער איז געווען איינער פון די סעקרעטאַרען פון קאָנגרעס), בעת דער מלחמה איז ער געווען אַן „אָבאָראָניעץ", און נאָך דער אָקטאָבער־איבערקע־רעניש איז ער געוואָרע אַ קאָמוניסט און איז איצט אַ קאָמיסאַר אין טולע.

דער אינגסטער מיטגליד פון דער גרופּע איז געווען רבקה ליאַס, וואָס האָט געענדיגט די ווילנער גימנאַזיע. אַלס פּראָפּאַגאַנדיסטקע איז זי געווען זעהר באַליבט ביי די אַרבייטער.

שפּעטער האָט מען שוין אין מיין צייט אריינגענומען אין דער גרופּע טאָביאַס'ן („מאַקס") און די לעהרערקע מינע וואָלק. נאָך שפּעטער צווייען, וואָס האָבען אויך געלעבט אונטער דער אויפזיכט פון דער פּאָליציי. דאָס זיינען געווען א. מוטניק („גלעב"), וועמען מ'האָט נאָך אין 1889טען יאָהר אַרויסגעשיקט פון דייטשלאַנד פאַר האָבען באַציהונגען מיט דער סאָציאַלדעמאָקראַטיע בעת'ן אויסנאַהם־צושטאַנד, און זיין פריינט וו. לעווינסאָן (קאָסאָווסקי). ביידע, דער עיקר דער לעצטער, האָבען דערנאָך געשפּילט אַן אָנפיהרענדיגע ראָלע

אין דער טעטיגקייט פון „בונד". קאָסאָווסקי איז געווען איינער פון די וויכטיגסטע טעאָרעטישע און ליטעראַרישע כוחות פון דער דאָזיגער פּאַרטיי.

ארום אָט דעם צוזאַמענבאַהעפטען קרייזעל האָבען זיך גרופּירט נאָך צעהנדליגער אינטעליגענטען, וואָס זיינען געווען מיט איהם ענג פאַרבונדען, הגם נישט אַלע פון זיי האָבען זיך רעגולער באַטייליגט אין זיין אַרבייט. קודם כל, זיינען צווישען דער יוגענט פון די מיטעל־שולען געווען אייניגע, וואָס זיינען אויף אַזויפיל געווען פּאַרטייאיש צוגעגרייט, אַז מיר פלעגען זיך קאָנען פאַרלאָזען אויף זיי נישט נאָר מיט געוויסע אומלעגאַלע אַרבייט, נאָר אָנצופיהרען אויך מיט אַר־בייטער־קרייזלאַך. צו זיי האָבען געהערט: די שילער פון דער רעאַלשול עליאַשבערג, ד. טראָפּאָווסקי (שפּעטער באַוואוסט אַלס איבערזעצער און קאָרעספּאָנדענט פון גרויסע צייטונגען), מ. לוריע (וואָס האָט געשפּילט אַ לאַנגע צייט אַן אָנגעזעהענע ראָלע אין דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי, פון וועלכע ער איז דערנאָך אַוועק) און סעליבער; די גימנאַזיסטען ב. גאָלדמאַן (וואָס איז היינט באַוואוסט אַלס גאָרעוו) און א. שטעסעל. ל. בערנשטיין (דער איבערזעצער און זשורנאַליסט אונטער דעם פּסעוודאָנים ל. באָריסאָוויטש), צעמאַכאָ־וויטש, י. ראָזענבערג, זעלדאָוו (שפּעטער, אין סוף פון די 90ער יאָהרען, אַ מיטגליד פון צ. ק. פון בונד), פּייקעס, אַן אָנגעזעהענער טוער פון דער „איסקראָוושער" אָרגאַניזאַציע און פון דער מענשעוויס־טישער פראַקציע ביז דער סאַמע אָקטאָבער־איבערקערעניש, בעת ער איז געוואָרען אַ קאָמוניסט און איז, דאַכט זיך, איצט עפּעס אַ מין מלוכה־קאָנטראָלער. אויסערדעם פלעגט בעת די קאַניקולען די אָרגאַ־ניזאַציע פאַרשטאַרקען זיך דורך די געבאָרענע ווילנער סטודענטען, וואָס דורך זיי פלעגט אונזער אָרגאַניזאַציע אויפהאַלטען די באַצי־הונגער מיט די מאַרקסיסטען פון די אוניווערזיטעט־צענטערען. פון וואַרשא פלעגען אָנפאָהרען י. וויטקינד און א. זאַלקינד; פון כאַר־קאָוו — ל. ב. פיינבערג, י. לעווין (דער שפּעטערדיגער רעדאַקטאָר פון דעם „דרום־אַרבייטער") און א. פּ. לוריע (וואָס איז דערנאָך אַריבער צו די עס־ערען, און שפּעטער צו די ענ־עסן); פון קיעוו — דער מעדיצינער י. מ. ליאַכאָווסקי. אויסער דעם האָבען נאָך אין די נאָהנטסטע פּונקטען פון ראַיאָן געאַרבייט ווילנער, וואָס פלעגען פון צייט צו צייט קומען צו אונז אין „הויפּטשטאָדט", כדי אינאיינעם באַטראַכטען וויכטיגע פראַגען. דאָס זיינען געווען די לעהרער פון די אידישע שולען א. פּאָרטנאָי, א. פּין און גאָדלעווסקי, וואָס האָבען געהאַט זייערע סיסטעמאַטישע צוזאַמענישען; „דער העכסטער", „דער מיטעלער" און „דער קליינער", און די לערערינס פּ. א. גאָרדאָן און צ. קלים. א. פּאָרטנאָי („נח") איז נאָך עד היום אַן אָנגעזעהענער

מיטגליד פון צ. ק. פון „בונד", אַפּלעבענדיג אַ סך יאָהרען אומלעגאַל. נאַדלעוווסקי און פּ. א. גאַרדאָן האָבען אין אָנהויב פון 1900טער יאָהרען אַפּולע געאַרבייט אין די איסקראָווסקע און מענשעוויסטישע אָרגאַניזאַציעס אין דרום־רוסלאַנד.

אין מיין צייט איז אין דער אָנפיהרענדיגער גרופּע נישט אריין קיין איין ארבייטער; לויט אונזערע דעמאָלטיגע אָנשויאונגען, איז אויף מיטצואַרבייטען אין דער דאָזיגער גרופּע געווען אַ תנאי, אַז מ'דאַרף קודם כל זיין טעאָרעטיש גוט אנטוויקעלט און האָבען אַ באַדייטענדיגע קאָנספּיראַטיווע ערפאַהרונג. אין פלוג, זיינען עטליכע ארבייטער, וואָס האָבען מעהר אָדער וועניגער באַפרידיגט די דאָזיגע פאָדערונג, יאָ געווען. דאָס זיינען געווען די עלטערע מיטגלידער פון די קרייזלאַך פאַר זעלבסט־אַנטוויקלונג, וואָס האָבען דורכגעמאַכט אין די דאָזיגע קרייזלעך אַ שול פון דריי יאָהר און מעהר. אָבער די דאָזיגע מיטגלידער פון די קרייזלאַך, ווי איך האָב שוין אויבען געזאָגט, פלעגען דאָס רוב אָדער ארויס פון דעם „ארבייטערשטאַנד" און ווערען באַלעבאַטים פאַר זיך, אָדער בכלל אַוועקגעהן אָן אַ זייט פון דער אַלגעמיינער ארבייטער־מאַסע, אָניט אַוועקפאָהרען קיין אויס־לאַנד (דאָס רוב קיין אַמעריקא). פון די איבעריגע, פּאָליטיש מעהר רייפע, „זקנים"־ארבייטער האָבען מיר שפּעטער — אין 1894טען יאָהר — אָרגאַניזירט אַ צענטראַלע ארבייטער־גרופּע, וואו א. קרעמער איז אריין אַלס פאָרשטעהער פון אונזער צענטער. די דאָזיגע גרופּע האָט געדאַרפט שפּילען אין דער אָרגאַניזאַציאָנעלער היעראַרכיע אַ ראָלע פון אַ נישט קיין פולבארעכטיגטער, נאָר גיכער פון אַ באַראַ־טענדיגער צווייטער אינסטאַנץ. די וויכטיגסטע מיטגלידער פון אָט דעם ארבייטער־צענטער זיינען געווען: דער עלטסטער מיטגליד פון די ארבייטער־קרייזלאַך, אַן עלטערער קצב שלמה (די פאַמיליע געדענק איך נישט), אַ מרה־שחורה'דיגער מענש, וואָס האָט האַלט געהאַט צו געוועלטיגען; די הענטשקע־מאַכערין צביה הורוויטש, וואָס איז שפּעטער געווען אַ מיטגליד פון צ. ק. פון „בונד" און איז נאָך עד היום אין דער ר. ס. ד. א. פּ.. די שניידערין צילע וואָלק און נאָך אַ צוויי־דריי ארבייטער. צביה הורוויטש מיט איהר פעסטען, גראַדען כאַראַק־טער און פּאָליטישען שכל, האָט זיך פון אַלעמען אויסגעצייכענט אין דער דאָזיגער גרופּע. אינאיינעם מיט שלמה'ן האָט זי געהאַט די גרעסטע השפּעה אין דער ארבייטער־סביבה נאָך דעם, ווי עס זיינען אַראָפּ פון סצענע די פּראָלעטאַריער, וואָס זיינען געוואָרען „מעהר באַוואוסטזיניג" פאַר זיי, אַ שטייגער, דער יואוועלירער מיכאל, די שניידערקע גוסטע, דער שטעפּער אַלטער און נאָך אייניגע אַנדערע.

אין די קרייזלעך, וואָס זיינען אריינגעפאַלען צו מיר, האָט שוין אין די ערשטע טעג צוגעצויגען מיין אויפמערקזאַמקייט אַ קליינינקער

דארינקער, נאָך גאָר יונגער, אָבער זעהר אנטוויקעלטער פּאַפּיראָסען־מאַכער, ראובן פרידמאַן. ניט קוקענדיג אויף זיין קרענקליכקייט, האָט ער דורך זיין ארבייט און לעבענס־לוסט אויסגעצייכענט זיך פון מיינע אַלע אַנדערע צוהערער. אַז איך האָב זיך באַקענט נאָהנטער מיט איהם, האָב איך געקאָנט ליכט זעהן, אַז דער דאָזיגער „אמת׳ער פּראָלעטאַריער" וואָס איז נישט פארבונדען מיט קיין שום האַנטווערק־טראַדיציעס און וואָס איז דורכגעגאַנגען דורך אַ האַרטער שול פון אַרבייט אין איינער פון די מעהר קאַפּיטאַליסטישע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען פון ווילנע — אין עדעלשטיינ׳ס טאַבאַק־פאַבריק — אַז דער דאָזיגער „פּראָלעטאַריער" איז גאָר אַן אַנדער קולטור־סאָציאַלער טיפּ, ווי דאָס רוב פון אונזערע געהילף־ארבייטער. דער פּאָליטישער און סאָציאַלער ראַדיקאַליזם איז ביי איהם געווען שאַרפער אויסגעדריקט און האָט לחלוטין נישט געהאַט אָט דעם בוך־כאַראַקטער און דעם חותם פון קרייזעל, ווי מ׳פלעגט דאָס אָפט מערקען ביי די אַנדערע תלמידים. די מאָטיוועו פון סאָציאַלען האָס האָבען זיך בולט׳ער געהערט ביי איהם, נישט אויסמישענדיג זיך מיט די פראַגען פון פערזענליכער מאָראַל, פערזענליכער פאַרפאָלקאָמונג און גוט איינאָרדנען דעם אייגענעם לעבען. אָט די טענדענץ, וואָס פלעגט איינשלינגען אַ סך גייסטיגע כחות ביי פיל פון אונזערע „קרייזלאַך־מענשען", צוגעבען זייער גאַנצען מהות אַ געוויסען סעקטען־כאַראַקטער, און ביי וועמען דאָבראָליובאָוו און פּיסאַרעוו זיינען, אין תוך, געווען באַליבטערע מחברים, ווי לאַסאַל און מאַרקס. פרידמאַנ׳ען האָט אויסגעצייכענט אויך זיין שטאַרקער באַגעהר צו פּראָזעליטיזם, וועדענדיג געטריבען פון דער גוואַלטיגער פינסטערקייט און פאַרשלאָגענקייט פון דער סביבה, אין וועלכער ער האָט געאַרבייט. די עטליכע הונדערט מיידלאַך און פרויען, וואָס זיינען געשטאַנען אויפ׳ן שוועל פון לומפען־פּראָלעטאַריאַט און פּראָסטיטוציע, וועלכע עס זיינען געוואָרען אומברחמנות׳דיג עקספּלואַטירט אין עדעלשטיינ׳ס און דורונטשאָ׳ס פאַבריק, זיינען געווען אַ זעהר ניט קיין גינציגער באָדען פאַר פּראָפּאַגאַנדע. פונדעסטוועגען האָט ר. פרידמאַן געקראָגען אַ גרופּע אָנהענגער, סיי צווישען די פרויען, סיי צווישען די פּאַפּיראָסען־מאַכער די מאַנסביל. זיי זיינען געווען ווייניגער אין צאָהל און בכלל פריווילעגירטער ווי די פרויען, וואָס עס איז נאָך דעריבער שווערער געווען צו האָבען אַ השפעה אויף זיי. זיין רעכטע האַנט ביי דער דאָזיגער אַרבייט — אברהם באַסקין, ווייניגער באַגאַבט פאַר איהם, אָבער אויך זעהר איבערגעגעבען דער זאַך — האָט געהערט אויך צו דעם זעלביגען קרייזעל. פרידמאַנ׳ס גאַנצער שטרעבען איז געווען צו ברענגען די פינסטערע מאַסע, צווישען וועלכער ער האָט זיך געפונען, צו אַ סטרייק נעגען דעם פאַבריקאַנט, וואָס האָט געשפּילט אַ

צענטראַלע ראָל פון דער אָרטיגער גרויס־בורזשואַזיע. דער דאָזיגער חלום איז מקוים געוואָרען ערשט אין אַ לאַנגע צייט אַרום, בעת פרידמאַנ׳ען גופא האָט מען, נאָך אַ שאַרפען צוזאַמענשטויס מיט דער אַדמיניסטראַציע פון פאַבריק אָפּגעזאָגט פון דער אַרבייט. אָט דאָס האָט גורם געווען, אַז ער זאָל ענדערען זיין לעבען. ער האָט באַשלאָסען אַוועקצופאָהרען קיין אויסלאַנד, כדי צו דערגאַנצען זיין בילדונג און קומען צוריק אַלס זעלבסטשטענדיגער אַגיטאַטאָר. וועגען דעם האָט ער נישט איין מאָל גערעדט מיט מיר. באַלד איז ער אַוועקגעפאָהרען קיין בערלין, געאַרבייט דאָרטען אין פּאַפּיראָסען־פאַב־ריקען, און איז אין אַ יאָהר צוויי אַרום געקומען צוריק קיין רוסלאַנד. ער האָט זיך שוין אָבער מיט קיין אַגיטאַציע ניט פאַרנומען, נאָר מיט קאָנספּיראַטיווער אַרבייט: ער האָט אַוועקגעשטעלט אין ביאַלים־טאָק אַ געהיימע דרוק פאַר דער דעמאָלטיגער עקסט־לינקער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער גרופּע „די אַרבייטער־פאָהן" (ראַבאָטשעיע זנאַמיא). אין אָט דעם דרוק טאַקע האָט מען איהם אין 1898טען יאָהר אַרעסטירט און, נאָכדעם ווי ער איז געזעסען אַ לאַנגע צייט אין פּעטראָפּאַוו־לאָווסק, האָט מען איהם פאַרשיקט קיין יאַקוטסק. שפּעטער האָט ער — דערהויפּט אין באַקו — גענומען אַן אַנטייל אין דער טעטיגקייט פון דער פּאַרטיי. איצט אַרבייט ער ביי די ווירטשאַפטליכע אָרגאַ־ניזאַציעס פון דער ראַטען־מאַכט. זיין חבר באַסקין איז אַ לאַנגע צייט געזעסען אין דער ביאַליסטאָקער טורמע, צוליב דער מעשה־גאַזשאַנסקי און די איבעריגע חברים פון 1896טען יאָהר; דעם ווייטערדיגען גורל זיינעם ווייס איך ניט.

פון די איבעריגע „תלמידים" פון מיינע ערשטע קרייזלאָך וועל איך דערמאָנען דעם יונגען בערשטעל־מאַכער מאָטלען, וואָס האָט נישט וועניג געאַרבייט אויף צו אָרגאַניזירען דעם פאַראיין פון זיין פאַך, וועלכער האָט זיך פאַרשפּרייט איבער אַ רייה שטעדט. אויסער דעם די שניידערין ראָזע סעגאַל, אַן ענערגישע, לעבעדיגע און פעהיגע מיידעל. אָבער איהר השפּעה אויף די חבר׳טעס פלעגט ווערען שוואַ־כער צוליב איהר הערשערישען כאַראַקטער און איהר נערוועזיטעט. שפּעטער האָב איך זי געטראָפען אין דער עמיגראַציע אין פּאַריז, וואו די דאָזיגע נערוועזיטעט האָט דערגרייכט די העכסטע מדרגה. דערפיהרט האָט עס די אומגליקליכע פרוי דערצו, אַז זי איז אין אַ מאָמענט פון פאַרצווייפלונג באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. די סיבות פון דער פאַרצווייפלונג ווייס איך נישט, איך ווייס נאָר אַז זי האָט, דוכט זיך, אין 1903טען יאָהר אַרויסגעוואָרפען זיך אין פּאַריז פון אַ פענסטער און איז דער׳הרג׳עט געוואָרען אויף טויט.

אין דער פּאַריזער עמיגראַציע האָב איך עטוואָס שפּעטער גע־טראָפען מיינע אַ צווייטע שילערין — די שניידערין טערעזע (איהר

פאמיליע ווייס איך ניט). צוליב איהר פארשלאָסענעם אָדער שעמעוו־דיגען כאראקטער פלעגט זי ווייניג ריידען אויף די פארזאַמלונגען פון דעם קרייזעל און ניט צוציהען צו זיך קיין אויפמערקזאמקייט, דעריי־בער איז פאר מיר געווען נאָך א גרעסערע פרייד צו קאָנסטאטירען, אז עס האָט זיך אויסגעארבייט פון איהר איינע פון יענע פראָפעסיאָ־נעלע טוערינס פון דער רעוואָלוציע, וואָס וואָרפען זיך, אמת, ניט אין די אויגען, אָבער אויף וועמען מ'קאָן זיך פארלאָזען; אָט דער מין טוערינס, וועלכע די רוסישע פרויי האָט אין אזא גרויסער צאָהל גע־געבען אלע פארטייען, וואָס פלעגען, נישט קוקענדיג אויף אלע גלגולים אין לעבען, מיט עקשנות טאָן די מארודנע און אָפט אומ־דאנקבארע געהיימע ארבייט. לעבענדיג אין פוילען, האָט טערעזע, אינאיינעם מיט אנדערע אידישע ארבייטער, וואָס האָבען נישט גע־האלטען פון דער נאציאָנאלער פראָגראם פון „בונד", געשאפען אן אָרגאניזאציע, וועלכע עס האָט זיך אָנגעשלאָסען צו דער ר. ס. ד. א. פ. צוליב דעם, ווייל קיין רוסישער פראָלעטאריאט איז אין פוילען נישט געווען, האָט זי זיך ספעציאליזירט אויף דער פראָפאגאנדע צווישען די סאָלדאטען פון די אָרטיגע גארניזאָנען. די דאָזיגע ארבייט, וועלכע איז געשטיצט געוואָרען מצד דער ס. ד. פון פוילען און ליטע, האָט געבראכט איהרע פירות אין 1905טען יאָהר, בשעת אין די גארני־זאָנען פון די פוילישע שטעדט האָט זיך ארויסגעוויזען א זעהר איינ־טענסיווע רעוואָלוציאָנערע באוועגונג. ביז סאמע 1907טען יאָהר האָבען די מיליטער־אָרגאניזאציעס פון דער ר. ס. ד. א. פ. (מענשע־וויקעס) ארויסגעוויזען אין פוילען א גרויסע לעבעדיגקייט און אקטי־וויטעט.

גלייך פון די ערשטע טעג אָן, ווי איך האָב גענומען ארבייטען אין קרייזעל, איז מיר נישט געפעלען געוואָרען איין צוהערער. דאָס איז געווען א לאנגער בחור מיט א פוילען גאנג און מיט אן אייביג גלייכגילטיגען פנים, פון וועלכען עס האָבען ארויסגעקוקט א פאר קאלטע אומאנגענעמע גרינע אויגען. אויפ'ן אָנבליק האָט ער אויסגעזעהן עלטער פאר די איבעריגע מיטגלידער פון קרייזעל — מ'האָט איהם געקאָנט שאצען ביי 25 יאָהר. צו די טעאָרעטישע און פאָליטישע פראגען, וואָס מיר פלעגען ארומריידען אין די קרייזלאך, פלעגט ער זיך באציהען אָהן קיין שום אינטערעס, און דאָס פלעגט מיך שטארק אָפּקיהלען צו דער ארבייט. דערנאָך, בעת איך האָב געפרואווט קאָנטראָלירען די קענטעניסען פון מיינע תלמידים אין עקאָנאָמישער טעאָריע, פארגעבענדיג זיי שריפטליכע פראגען איז אָדער איך פלעג ניט באקומען פון איהם אינגאנצען קיין ענטפער, אָדער עפּעס אזוינע „קאזיאָנע", וואָס פלעגט מיך דערמאָנען אויף דער באציהונג פון די גימנאזיסטען צו די לעהרער און צו זייערע „לימודים". עפעס ווי א

מיין פרעמדער אבער פלעגט מיר אויסקומען ישראל־מיכל (אזוי האט מען גערופען אט דעם לאנגען בחור) אין קרייזעל, און איך האב אפילו געפרואווט באזייטיגען איהם. אבער די חברים האבען מיר געזאגט, אז ישראל־מיכעל דער שלאסער האט א גרויסע השפעה צווישען די חברים פון זיין פאך און אז אין דער פראקטישער ארבייט איז ער גאר ניט אזא פוילער, ווי אין קרייזעל.

היינט ווי גרוים איז געווען מיין פארוואונדערונג, ווען אין א סך יאהרען ארום האט זיך דער נאמען פון מיין „קנאפען וועלער" דעם תלמיד דורכגעטראגען, קאן מען זאגען, ווי א דונער, איבער דעם גאנצען פאליטיש־דענקענדיגען רוסלאנד און אפילו איבער אייראפע. אט דער לאנגער בחור (אגב אורחא, האט מען איהם צווישען די ארבייטער אזוי טאקע גערופען) האט זיך דאס ארויסגעוויזען פאר דעם באריהמטען פראוואקאטאר קאפלינסקי'ן, וואס איז, אינאיינעם מיט אזעפ'ן און זשוטשענקע'ן, אנטפלעקט געווארען נאך דער רעוואלוציע פון 1905. א פראוואקאטאר איז קאפלינסקי געווארען שוין אין א יאהר 5 ארום נאך זיין אין מיין קרייזעל, ווען מ'האט איהם, ביי דעם אלגעמיינעם דורכפאל פון „בונד" אין 1898טען יאהר, געכאפט אין דער דרוק, וואס ער האט ארגאניזירט. אז מ'האט איהם ארויסגעלאזען, איז ער געווארען א פראפעסיאנעלער ליפעראנט פון א באזונדערען טיפ קליינע דרוק־מאשינקעס, וועלכע ער גופא האט געמאכט און פארזארגט מיט זיי א גרויסע צאהל געהיימע דרוקערייען פון פארשיידענע פארטייען.*)

היות ווי איך האב, להיפך צו דער גרעסטער צאהל מיטגלידער פון אונזער קרייזעל, נישט גערעדט קיין אידיש, האט מען מיר שפעטער אנגעהויבען איבערגעבען אזוינע ארבייטער־קרייזלעך, וואס זיינען געשטאנען לויט דער אנטוויקלונג העכער פאר דעם מיטעלען ניוואָ און האבען געקענט רוסיש. ווארים גוט קענען די רוסישע שפראך האבען נאר געהאט גליק יענע ארבייטער, וואס זיינען געגאנגען אין א מלוכה־שול אדער וואס האבען געשטאמט פון די מעהר קולטורעלע שיכטען פון דער קליין־בורזשואזער סביבה. עס איז דעריבער ניט קיין חידוש, וואס גראד פון מיינע קרייזלאך זיינען ארויס א סך פערזאנען, וואס האבען שפעטער געשפילט אן אנגעזעהענע ראלע אין דער באוועגונג.

א פרייד איז דער עיקר פאר מיר געווען דאס לערנען מיט דעם קרייזעל פון די לערען־אינגלאך די שלאסער, וואס האט זיך געבילדעט דעם ווינטער פון 1894-95טען יאהר; דאס איז געווען דער עלטערער

*) גענויע פרטים וועגען קאפלינסקי'ן האט א. וויינשטיין פארעפענטליכט אין „וועקער" אין 1921.

קלאס פון דער גוט־אוועקגעשטעלטער האנטווערקשול „טרוד”. אלע שילער זיינען געווען פעהיגע, זעהר אנטוויקעלטע און רעוואלוציאנער־געשטימטע בחורים׳לאך, מיט וועלכע מ׳האט געקאנט לערנען פונקט לויט אזא פראגראם, ווי מיט סטודענטען פון א וועלכען עס איז קרייזעל פאר זעלבסט־אנטוויקלונג. דערהויפט האבען צוויי שילער פון דעם דאזיגען קרייזעל צוגעצויגען מיין אויפמערקזאמקייט: מיכאל פראנקפורט, וועלכער האט געשטאמט פון א סאציאליסטישער פאמיליע און זיך אויסגעצייכענט מיט זיין טעארעטישען אינטערעס, און לייבע גאלדמאן, וואס מ׳האט געמוזט, צוליב זיין פלאמיגער נאטור, פאראויסזעהן, אז איהם שטעהט פאר א נישט קיין געוועהנליכע רעוואלוציאנערע קאריערע. פראנקפורט איז שפעטער פארשיקט געווארען אויף פינף יאהר קיין סיביר און האט אויסגעקויפט מיט דעם זיין אקטיווע טעטיגקייט אלס ס. ד.־ארגאניזאטאר אין דרום (דערהויפט אין ראסטאוו אויפ׳ן דאן) אין דעם גרינדונגס־פעריאד פון דער ר. ס. ד. א. פ. דעם ווייטערדיגען גורל זיינעם ווייס איך נישט. וואס איז שייך אבער לייבע גאלדמאן, איז מיין האפענונג נאך מעהר ווי פאר־ווירקליכט געווארען: שוין באלד נאך אונזער באקענט־ווערען, האט ער זיך קאמפראמעטירט אין פראפאגאנדע צווישען די סאלדאטען, איז געווארען איינער פון די ערשטע אומלעגאלע „פראפעסיאנאלען” פון אונזער פארטיי, געווען אלס דעלעגאט אויף דעם פאריזער אינ־טערנאציאנאלען קאנגרעס פון 1900טען יאהר, האט געגרינדעט די ערשטע רוסישע דרוקעריי פון דער „איסקרא”, און איז שפעטער, נאך דער דונערהדיגער רעדע אין געריכט, פארשיקט געווארען, איז אנטלאפען, געווען א מיטגליד פון דעם צ. ק. פון דער פארטיי, דערנאך באקומען קאטארגע. איז אפגעקומען דאס ביי די שרעק־ליכסטע באדינגונגען פון סטאליפינ׳ס עפאכע, און אין 1917טען יאהר האט ער ווידער באנייט זיין אקטיווע פארטיי־טעטיגקייט.

דער דריטער מיטגליד פון דעם זעלביגען קרייזעל, נחום ליפשיץ, א שטארקער, פעהיגער בחור׳ל, אן איבערגעגעבענער דער זאך, איז אין 1901טען יאהר געשטארבען אהן א צייט פון שווינדזוכט, וואס ער האט געקראגען אין טורמע און בעת ער איז געווען פארשיקט (מ׳האט איהם ארעסטירט אין 1898טען יאהר מיט גאזשאנסקי׳ן אין ביאליסטאק).

אין סוף פון 1894טען יאהר האט עפעס עמיצער פון די ארבייטער פארגעלעגט צונויפפיהרען מיך מיט איינעם אן איינבינדער, וואס געהערט נאך ניט ביז איצט צו קיין ארגאניזאציע, וועלכער ווייזט אבער ארויס א גרויסע תשוקה צו בילדונג און פיהלט מיט דער באוועגונג. איך האב זיך באקענט מיט אט דעם שעמעוודיגען בחור׳ל, אין וועמעס אויגען עס האט פונדעסטוועגען געלויכטען א געוויסע

אנטשלאָסענקייט און א גלויבען אין זיך. אין אָנפאַנג האָב איך געלערענט מיט איהם באזונדער און ס'איז פאַר מיר באלד געוואָרען קלאָר, אַז עס איז ווערט די מיה. מיין נייער תלמיד האָט געהאַט טייערע פעהיגקייטען, אַן אויסערגעוועהנליכען חשק צום לערנען און האָט דורכגעדרונגען דעם תוך פון סאָציאַליזם. דערנאָך האָב איך איהם אריינגעפיהרט אין דעם קרייזעל פון די מעהר ענטוויקעלטע אַרבייטער, וואו מיר האָבען געלייענט „דאָס פּראָגראַם פון דער פראַנ־צויזישער ארבייטער־פּאַרטיי", לאַסאַל'ס „פּראָגראַם פון די ארבייטער", ענגעלס' „די אנטשטעהונג פון דער פאַמיליע", דעם „מאַניפעסט" וכדומה. איך האָב מיט אַלע כחות רעקאָמענדירט מיין נייעם תלמיד דער צענטראַל־גרופּע, אַלס איינעם פון די אַרבייטער, אויף וועלכע מ'דאַרף אָנווענדען די אויפמערקזאַמקייט, ווייל ער האָט אין זיך אַט די נטיות, וואָס אויב מ'זאָל זיי אַנטוויקלען, קאָן ער ווערען א פיהרער פון אַן ארבייטער־אָרגאַניזאַציע. שוין אין מיין צייט איז משה דושקין — אַזוי האָט ער געהייסען — באמת געוואָרען איינער פון די סאַמע איינפלוסרייכסטע ארבייטער אין דער אָרטיגער אָרגאַניזאַציע, און נאָך שפּעטער איז מיין האָפנונג לחלוטין מקוים געוואָרען. ער איז געוועזען איינער פון די גרינדער פון דעם ערשטען אידישען אומ־לעגאַלען אָרגאַן „די ארבייטער־שטים", וואָס האָט געשפּילט די וויכ־טיגסטע ראָלע אין דער אנטשטעהונג פון „בונד", דערנאָך האָט ער זיך אין קיעוו באטייליגט אין דער גרופּע „די ארבייטער־צייטונג" (ראַבאָטשאַיאַ גאַזעטאַ), וואָס האָט צוגעגרייט די גרינדונג פון דער ר. ס. ד. א. פּ., און נאָכדעם איז ער א לאַנגע צייט געוועזען א מיטגליד פון צ. ק. פון „בונד".

פונקט אַזאַ גיכע פּאַרטיי־קאַריערע האָט דורכגעמאַכט מאַריאַ זשאַלודסקאַיאַ, א שניידערין, מיט וועמען איך האָב זיך באַקענט ביי אַן אָריגינעלען אופן. זשאַלודסקאַיאַ, וואָס האָט געשטאַמט פון א געפאַלענער בורזשואַזער פאַמיליע, האָט געאַרבייט ביי א פּוילישער־באַלעבאָסטע; אין דער דאָזיגער ווערקשטאַט האָבען געאַרבייט פּוילישע מיידלאַך, וואָס זיינען געשטאַנען אָן א זייט פון די אָרגאַניזירטע אַרבייטער, און זשאַלודסקאַיאַ האָט דעריבער נישט געהאַט קיין שום באַציהונג מיט דער אָרגאַניזירטער ארבייטערשאַפט. אָבער אויך אין איהר נשמה האָט עפּעס א ווינט פאַרטראָגען די סאָציאַלע אומצו־פרידענקייט. באטראַכט צו ווערען אויס אַרבייטערין, האָט זי זיך באַשלאָסען גרייטען זיך צום עקזאַמען אויף א געהילף־פּראָוויזאָרין, צי אויף אַן אַקושערקע, און האָט אָנגעהויבען זוכען דערצו א לעהרער. אין דער זעלביגער צייט אָבער האָט זי געוואָלט, אַז די דאָזיגע אוראָקען זאָלען בכלל ברייטער מאַכען איהר אָנשויאונגס־קרייז. איך האָב דעמאָלט געלעבט פון פּריוואַטע אוראָקען, און עפּעס א צופאַל

האָט זי צונויפגעפיהרט מיט מיר. מיך האָט פאַראינטערעסירט דאָס דאַזיגע מיידעל, וואָס האָט פאַרדינענדיג סך־הכל עפּעס א 10 רובעל א חודש, פאַרגעלעגט מיר 5 רובעל א מאָנאַט פאַר דריי אוראָקען אין וואָך. צוויי מאָל אין וואָך איז איהר קיין אנדער צייט ניט אויסגעקומען צו לערנען ווי אין די קורצע אָוועַנטען, וואָס פלעגען איהר איבערבלייבען פון דעם לאַנגען שווערען ארבייטס־טאָג. אויסער די שול־לימודים, האָט זי געוואָלט, אז איך זאָל זי באַקענען מיט די יסודות פון פּאָליטישער עקאָנאָמיע און אָנווייזען וואָס זי זאָל לייענען אינדערהיים. נאָכדעם ווי איך האָב זיך נעהנטער באַקענט מיט איהר, איז פאַר מיר געוואָרען קלאָר, אז אויב זשאָלודסקאַיאַ וועט זיך דערשלאָגען צום ציל — וועט אויסהאַלטען עקזאַמען און ארויס פון דער ווערקשטאַט — וועלען מיר פאַרלירען אַן ארבייטערין, וואָס קאָן ווערען לויט איהר טעמפּעראַמענט, כאַראַקטער און אנטוויקלונג, א זעהר נוציגע פאַר דער אָרגאַניזאַציע. איך האָב אָבער נישט געהאַט אין זיך קיין גענוג מוט אויף ארויפצופיהרען דאָס מיידעל אויף א וועג, וואָס איז געווען פאַרבונדען מיט אָפּזאָגען זיך פון איהר ענערגישען פּרואוו אויף צו קאָנען ארויסצורייסען זיך אַמאָל פון דעם פאַרשווארצטען לעבען פון א פּראָלעטאַריער. איך האָב דעריבער געוויסענהאַפט געלערענט מיט איהר לאַטיין און מאַטעמאַטיק און האָב רוהיג, אָהן אַגיטאַציע, דערקלערט איהר די מאַרקסיסטישע פּאָליטישע עקאָנאָמיע, נישט פּרואוועדיג אָנצואווענדען דאָס צו דער פּראַקטישער באַוועגונג. אָבער אין א צוויי־דריי חדשים ארום האָט מיר מיין שילערין אַליין געזאָגט, אז זי וואַרפט אוועק דעם קאַמף פאַר איהר פּערזענליכער קאַריערע און זי זאָגט זיך אָפּ פון די אוראָקען. איך געדענק נישט, צי איהר מאַטעריעלע לאַגע איז געוואָרען ערגער צי זי איז געוואָרען פאַרצווייפעלט, אַז עס זאָל איהר נאָך זיין מעגליך אין דער קורצער צייט, וואָס איז געבליבען צום עקזאַמען, דורכגעהן דאָס גאַנצע פּראָגראַם, אָבער אַזוי איז עס געווען. דעריבער איז פאַר מיר נאָך געווען א גרעסערע פרייד, ווען איך האָב זיך אין א האַלב יאָהר ארום דערוואוסט, אז מאַריאַ האָט, גלייך ווי זי האָט זיך געשטעלט אין באַציהונג מיט אונזערע ארבייטערינס, פאַרנומען אַן אָנגעזעהענעם אָרט אין דער קאַסע פון די שניידערינס און מ'האָט זי ארויסגעשטעלט אַלס קאַנדידאַטין אין א העכערען קרייזעל, וועלכען איך האָב געפיהרט. אין 1900טען יאָהר האָט מ. זשאָלודסקאַיאַ געהאַט אַ גרויסע השפּעה אין דעם צ. ק. פון „בונד", איז א לאַנגע צייט געווען אומלעגאַל און דערנאָך האָט מען זי פאַרשיקט, זי איז אנטלאָפען א. א. וו. איהר מאַן — דעמאָלט א יונגער הענטשקעמאַכער — דוד כ"ץ, אויך א מיטגליד פון דעם זעלביגען קרייזעל מיינעם, איז נאָך פריהער פאַר איהר געוואָרען א מיטגליד פון צ. ק.

פון „בונד" (געהייסען האָט ער „טאראס") און איז א לאנגע צייט געווען איינער פון די אָנפיהרער פון דער פּאַרטיי.

אין מיין קרייזעל, צו וועלכען עס האָבען אין די יאָהרען 1894-95 געהערט דושקין, זשאַלודסקאיא און כ"ץ, האָט זיך נאָך אויסגעצייכענט לויט זיין פעהיגקייט און אַלגעמיינער קולטורעלער ענטוויקלונג דער שטעפּער נאָדעל (מאַקס). איהם האָב איך שפּעטער צוגעצויגען צו ארבייטען אין דעם „קאמפּס-פּאראיין" (סאָיוז באָרבי) אין פּעטערבורג, וואוהין ער האָט זיך אריבערגעקליבען. פאר'ן באטייליגען זיך אין דעם דאָזיגען פאראיין איז ער אין 1896טען יאָהר א לאנגע צייט געזעסען אין פּעטראָפּאַוולאָווסקע. שפּעטער האָט ער א סך יאָהרען נאָכאנאנד געלעבט אין לאָנדאָן, וואו ער האָט גענומען אָנטייל אין דער ארבייט פון די עמיגראַנטען.

אונזער אָרגאניזאציע האָט געאַרבייט אויסשליסליך צווישען דעם אידישען פּראָלעטאריאט, וואָס איז געווען, ביי א זעלטענעם אויסנאַהם, אָפּגעטיילט פון די רוסישע, ליטווישע און פּוילישע ארבייטער, אזוי צו זאָגען, טעריטאָריעל: אין איין און די זעלביגע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען האָבען געאַרבייט אָדער קריסטען, אָדער אידען. אין דער דאָזיגער באַגרעניצטקייט פון דער ארבייט מיט נאַציאָנאַלע רעמלעך איז ניט געווען קיין שום אַפּריאָרי נאַציאָנאַלע אידעע: די גרינדער פון אונזער אָרגאניזאציע זיינען פּשוט געווען רוסישע מאַרקסיסטען. זיי האָט שוין די שפּראַך גופא אָפּגעטיילט פון דעם פּוילישען און פּאָלאָניזירטען טייל פון דעם פּראָלעטאריאט אַלס געגענגעוויכט צו דער אָרטיגער פּויליש-ליטווישער רעוואָלוציאָנערער אינטעליגענץ, אין וועמעס אידעאָלאָגיע דער סאָציאַליזם איז באַהעפט געוואָרען מיט די טיפע נאַציאָנאַלע רעוואָלוציאָנערע טראַדיציעס. מיר האָבען געצויגען צו פּעטערבורג און מאָסקווע, זי — צו ווארשע. דעריבער איז די פּראָפּאַגאַנדע צווישען די פּוילישע און ליטווישע ארבייטער, וואָס עס האָבען פון אָנהויב פון די 90ער יאָהרען אָנגעפיהרט אין ווילנע איינצעלנע פּערזאָנען און קרייזלעך, געגאנגען מיט א גאַנץ אַנדער וועג, ווי אונזערע. אונזער גרופּע האָט נאָר געזעהן צו שטעהן אין קאָנטאַקט מיט די אָנפיהרער פון דער דאָזיגער פּראָפּאַגאַנדע. דערצו האָט נאָך מיטגעווירקט די פולשטענדיגע אָפּגעזונדערטקייט אין דעם לעבענס-שטייגער פון דעם אידישען און דעם קריסטליכען פּראָלעטאריאט אין ליטע; אויסער דעם די סיבה, וואָס די פּוילישע רעוואָלוציאָנערען און די פּוילישע ארבייטער האָבען געהאַט דעם מזל, להיפּך צו אונז, האָבען אויף זיך שטענדיג די השגחה פון דער אָרטיגער זשאַנדאַרמעריע. דעריבער וואָלט א נאָהנטע באַציהונג געווען פאַר אונז א סכנה, אז מיר זאָלען אויך האָבען די זעלביגע אָפּטע, הגם קליינע „דורכפאַלען", וואָס עס איז געווען אַן איינפאַכע זאַך ביי די

פוילישע קרייזלאך. פארקערט, אין א יומא דפגרא, ווי דער 1טער מאי אשטייגער, פלעגן ביידע גרופן אײנאָרדנען צוזאמען ארבייטער־פאַרזאַמלונגען; אָפּטמאָל פלעגן די ארבייטער־אָנפירער פון דעם זעלביגען פאך זיך צונויפקומען, כדי צו קאָאָרדינירען די ארבייט אין דעם עקאָנאָמישען קאמף. מיט די פּראָפּאַגאַנדיסטען גופא פלעגן מיר זיך טרעפען ניט זעלטען, בייטען זיך מיט געהיימער און אינ־פאָרמיר־ליטעראַטור א. א. וו. צווישען די דאָזיגע פּראָפּאַגאַנדיסטען זיינען געווען די וויכטיגסטע: דער געוועזענער סטודענט מאַראַווסקי (געהייסען האָט ער „זאַיאַץ") און דר. דאָמאַשעוויטש, אַן אמת'ער הדרת פנים, א בלאָנדער מיט בלאָנקענדיגע ווייסע צייהנער, וואָס האָט געהאַט א גרויסע השפעה אויף דער אָרטיגער לינקער אינטע־ליגענץ און איז געווען זעהר פּאָפּולער צווישען איהר. שוין אין אונזער צייט האָבען זיי ביידע, אונטער דער השפעה פון דער דאָר־פישער נאַציאָנאַל־רעוואָלוציאָנערער ליטווישער באַוועגונג, וואָס איז געוואָרען גאַנץ שטאַרק, אָנגעהויבען טראַכטען וועגען אָפּטיילען דעם ליטווישען סאָציאַליזם פון דעם פּוילישען; שפּעטער האָבען זיי ביידע געשפּילט אַן אָנפירענדיגע ראָלע אין דער ליטווישער סאָציאַלדעמאָ־קראַטיע, און אין דער רעוואָלוציע פון 1905־טען יאָהר, איז דאָמאַ־שעוויטש, ווי מ'האָט מיר איבערגעגעבען, געווען איינער פון די צענטראַלע פּאָליטישע פיגורען אין ליטע.

ווינטער 1894-95 האָט דעם וויכטיגסטען אָרט צווישען די פּויליש־ליטווישע קרייזלעך אָנגעהויבען פאַרנעמען ס. טרוסעוויטש („סטאַניסלאַוו"), וואָס איז געקומען פון מינסק און איז שפּעטער געוואָרען באַוואוסט אונטער דעם פּסעוודאָנים „זאַלעווסקי". ער האָט שוין געהאַט הינטער זיך א גרויסען „עבר" פון טורמע. אין דער דעמאָלטיגער טעאָרעטיש שטאַרק צושוואַומענער ליטוויש־פּוילישער רעוואָלוציאָנערער סביבה, איז ער געווען דער טרעגער פון דער באַ־שטימטער מאַרקסיסטישער אידעאָלאָגיע: דעריבער איז ער אונז געוואָרען נעהנטער. טרוסעוויטש פון זיין זייט האָט זיך צוגעצויגען צו אונז, וויל ער האָט געשטרעבט אריינצוברענגען אין דער אָרטיגער פּראָפּאַגאַנדע אָט די רעאַליסטישע יסודות, אויף וועלכע עס האָט זיך אָנגעהויבען באַזירען אונזער ארבייט נאָכדעם, ווי מיר האָבען געמאַכט פאַר'ן צענטער די עקאָנאָמישע אַגיטאַציע. דעמאָלט איז טרוסעוויטש נאָך ניט געווען אויסגעמאַטערט פון דעם אונטערערדישען לעבען און פון די רדיפות. ער האָט נאָך ניט אַרויסגעוויזען אָט די קרענק־ליכע נערוועזיטעט, צוליב וועלכער עס איז שפּעטער געווען מורא'דיג שווער צו ארבייטען מיט איהם.

עס זיינען נאָך געווען אין ווילנע פאָרשטעהער פון יענער רעוואָ־לוציאָנערער פאַרטיי, וואָס איז צו יענער צייט געווען אין רוסלאַנד

די איינציגע ערנסט אָרגאניזירטע אומלעגאַלע אָרגאַניזאַציע פון א גרויסען מאסשטאב. איך מיין דאָס די פּ. פּ. ס., וואָס האָט זיך גע־גרינדעט אין סוף פון 1892טען יאָהר. איהר פאָרשטעהער אין ווילנע איז, דאכט זיך, געווען ראַדזעוויטש. אָבער אין ליטע האָט, משמעות, די פּ. פּ. ס. דעמאָלט פאַרפאָלגט מעהר ניט ווי קאָנספּיראַטיוו־אָרגאַ־ניזאַציאָנעלע צילען און האָט נישט געפּרואווט צו פיהרען די ארבייט צווישען דעם אָרטיגען פּראָלעטאַריאַט אין א ברייטער מאָס. דעריבער איז אונז נישט אויסגעקומען צו האָבען מיט איהר אויפ׳ן געביט פון דער ארבייט קיין שום באַריהרונג. אגב, האָבען מיר אויך אידעאיש ניט סימפּאַטיזירט מיט דעם פּוילישען נאַציאָנאַל־סאָציאַליזם, וואָס האָט זיך געגומען אויספורעמען. פאַרקעהרט, מיר האָבען דורך אונ־זערע חברים, וואָס האָבען געלעבט אין װאַרשע, געהאַט באַציהונגען מיט די פּוילישע מאַרקסיסטישע גרופּען, וועמעס פאָרשטעהער עס איז געווען דער אָרגאַן „ספּראַווא ראַבאָטניטשאַ״. אָט דער אָרגאַן האָט אוועקגעלעגט דעם יסוד פון דער „סאָציאַלדעמאָקראַטיע פון פּוילען און ליטע״.

## איזידאָר קאָהען.

# קלמן (דער פריקאַזטשיק) קראַפּיווניקאָוו



קלמן קראַפּיווניקאָוו, וועלכער איז באַוואוסט געווען אין ווילנע אלס קלמן דער פריקאַזטשיק, איז שוין טויט ארום 25 יאָהר, אָבער איך וועל איהם קיין מאָל ניט פאַרגעסען.

קלמן איז געווען א מענש מיט אַן אומ־רוהיגען גייסט. ווי פאַר די אויגען שטעהט ער מיר, מיט די גרויסע אויגען־גלעזער, שטענדיג פאַרהאַוועט, פאַרשמייעט, איינער פון די אַקטיוו־סטע טוער אין דער אונטערערדישער ארבייטער־באַוועגונג נאָך איידער דער „בונד" האָט זיך געגרינדעט. אלע נאַכט האָט ער געהאַלטען „טשיטאַניעס" (פאָרלעזונגען), יעדען מאָל מיט אַן אנדער גרופּע ארבייטער. די מערסטע לעקטשורס זיינען גע־האַלטען געוואָרען ביי זיין שוועסטער אין הויז, אין זאַק'ס הויף, אויף האָספּיטאַלנער גאַס (אידען האָבען דאָס גערופען „הקדש־גאַס"). אין דער זעלבער גאַס איז קלמן געווען א פריקאַזטשיק, אין גאַסעלניק'ס בוך־געשעפט, וואו אין פראָנט פון קראָם האָט א פרומער איד גע־קענט קריגען צו קויפען א סידור, א תהילים און אנדערע אידישע ספרים, און אין א הינטערשטען צימער אָבער האָט זיך געבויט און געשמידט די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג. געהיימע צוזאַמענקונפטען פון אינטעליגענטען און באַוועגונגס־טוער זיינען דאָרטען גאַנץ אָפט פאָרגעקומען און ניט ווייניג רעוואָלוציאָנערע ליטעראַטור איז פון יענעם ספרים־געשעפט פאַרשפּרייט געוואָרען איבער דעם גאַנצען ראַ־יאָן, וואו נאָר א רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג האָט זיך פאָרמירט.

די ערשטע פאַרזאַמלונג פון 5 פריקאַזטשיקעס צו גרינדען א פריקאַזטשיקעס־פאַראיין איז אין 1896 פאָרגעקומען ביי קלמן קראַ־פּיווניקאָוו אין קראָם. אַנוועזענד זיינען געווען דער שרייבער פון דיזע צייליען, מאיר וויינשטיין, ראובן (א באַקאַלע־פריקאַזטשיק), חאַצקעל (א מעבעל־פריקאַזטשיק) און קלמן. חיים יאַנקעל העלפאַנט (א. ליטוואַק) האָט געעפענט די פאַרזאַמלונג. ער האָט פאַר אונז אַנטדעקט א נייע וועלט. די אַגיטאַציעס און די רעדעס צו יענער צייט האָבען

געטראָגן א גאַנץ אַנדער כאַראַקטער ווי איצט. עס איז אַזוי פיל ניט גערעדט געוואָרען וועגען די עקאָנאָמישע פראַגען און די טעגליכע אַרבייטער פּראָבלעמען. דער הויפּט געוויכט איז געלייגט געוואָרען אויף פּאָליטישע און אַלגעמיינע וועלט־פראַגען. מיר האָבען ממש געשלונגען זיינע ווערטער. עס האָט ניט לאַנג גענומען און דער פריקאַזטשיקעס־פאַראיין איז געוואָרען אַ גוואַלדיגע רעוואָלוציאָנערע מאַכט מיט אָפּטיילונגען אין אַלע וויכטיגע שטעט פון רוסלאַנד, פּוילען און ליטע.

א געוויסען שבת בייטאָג האָט אונזער פּריקאַזטשיקעס־פאַר־איין געפייערט זיין ערשטען יעהרליכען יובילעאום אין דעם באַ־וואוסטען זאַקרעטעם וואַלד, הינטער ווילנע. אונזערע פּאַטרולען



אַ גרופּע רעוואָלוציאָנערען פון ווילנע מיט 35 יאָהר צוריק, וועלכע זיינען געוועזען אָנגעשלאָסען אָן דעם פאַראיין פון פּריקאַזטשיקעס.
דער ערשטער, פון לינקס צו רעכטס, איז מאיר וויינשטיין (יעצט אין אמעריקע) און דער דריטער מיט ברילען איז קלמן (דער פּריקאַז־טשיק) קראַפּיווניקאָוו.

זיינען אויסגעשטעלט געוואָרען אויף פאַרשידענע זייטען פון וואַלד. דער פּלאַץ פון דער פאַרזאַמלונג איז געווען אין אַ טאָל, און אַרום, אויף די בערגיגע פּלעצער, זיינען געשטאַנען אונזערע חברים מיט שטעקענס, אייזענס און אַנדערע מכשירים אין די הענט, גרייט אויף יעדען מעגליכען איבערפאַל פון דער פּאָליציי און שפּיאָנען. ביי דיזען מיטינג זיינען אָנוועזענד געווען פאַרטרעטער פון אַלע פּראָ־פעסיאָנעלע פאַראיינען, די גאַנצע אינטעליגענץ פון שטאָט. צווישען די וואָס זיינען אַנוועזענד געווען זיינען אויך געווען א. ליטוואַק, קלמן, הירשע דער מינסקער (א באַרימטער אַגיטאַטאָר צו יענער

צייט), אַרקאַדי קרעמער, אַראָן ווייטער (איז מיט יאָהרען שפּעטער דער׳הרג׳עט געוואָרען פון פּוילישע פּאָגראָמשטשיקעס), ליבער. עס זיינען געהאַלטען געוואָרען פייערדיגע רעוואָלוציאָנערע רעדעס און יונגוואַרג האָט געזונגען רעוואָלוציאָנערע לידער. עס איז אונז אָבער ניט באַשערט געווען צו ענדיגען דעם יום־טוב ביז צום סוף. אין מיטען זינגען האָט זיך דערהערט אַ הילכיגער פייף פון איינעם פון די בערגלעך. דאָס איז געווען אַ סיגנאַל, אַז מיר זאָלען זיך צוגעהן. מיר זיינען גלייך שטיל געוואָרען און איבערגעריסען די פאַרזאַמלונג אין מיטען. די עטליכע הונדערט פאַרזאַמעלטע האָבען זיך צו־שפּרייט איבער׳ן וואַלד און דער מיטינג האָט זיך געענדיגט אָהן קרבנות.

## דזשאַן מילל.

# דער ערשטער צוזאַמענפאָר פון „בונד" אין ווילנע.

(ערינערונגען)

דאָס איז געווען ענדע סעפטעמבער, אין יאָהר 1897. דער בריף־טרעגער האָט מיר דערלאַנגט א ציטונג. פון ווילנע! איך ווייס וואָס דאָס מיינט. איך פלעג דאָס קריגען אָפט — דאָס איז א שיפרירטער בריף. איך זעץ זיך גלייך אוועק צו דער ארבייט, און נאָך פיל מאַטערניש און שוויצען געפין איך אויס וואָס מען וויל פון מיר: אלעקסאַנדער קרעמער, דער דאַמאָלסדיגער פיהרער פון דער ווילנער אידישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אָרגאַניזאַציע, טיילט מיר מיט, אז דער שוין לאַנג פּראָיעקטירטער צוזאַמענפאָהר פון די אָר־גאַניזאַציעס פון פארשידענע שטעט וועט פאָרקומען אין ווילנע; אז איך דארף קומען אין אזא און אזא צייט, אויף אזא און אזא גאַס, וואו איך וועל באַגעגענען איהם און נאָך עמיצען, און פון זיי וועל איך זיך דערוויסען די איבעריגע דעטאַלען.

עס איז געווען א ווארימער, א וואונדערשעהנער פּוילישער הערבסט טאָג. איך געדענק דאָס זעהר גוט. איך בין נאָך געווען אין די יאָהרען, ווען א קליינינגקייט, אפילו א שעהנער וועטער, קען מאַ־כען דעם מענשען זיך פיהלען גליקליך. און דאָ אזא נאַכריכט! דאָס האָט דאָך נישט געהערט צו קליינינגקייטען. מיין פרייד איז געווען גרעניצלאָז, פּשוט נישט צו באַשרייבען.

די בשורה איז נישט געווען גאָר אומערוואַרטעט. איך האָב זיך געריכט אויף איהר שוין לאַנג. איך בין געווען איינער פון די, וואָס האָט די ווילנער אָנפיהרענדיגע גרופּע נישט געלאָזט לעבען, פּאָדערענדיג א גיכען צוזאַמענפאָהר.

⁂

איך האָב דאַמאָלסט געלעבט אין ווארשע, און אין קיין אַנ־דער שטאָט זיינען די אידישע אָרגאַניזירטע ארבייטער נישט גע־ווען אזוי שטארק פאַראינטערעסירט אין גרינדען א פּאַרטיי פון אידישען פּראָלעטאריאַט, ווי אין דער פּוילישער הויפּט־שטאָט.

אונזער אָרגאַניזאַציע אין ווארשע איז נאָך געווען פארהעלט־

ניסמעסיג יונג. מעהר נישט ווי דריי יאָהר ארביט איז געלעגען הינטער איהר. אָבער דערנער אויף איהר וועג האָט זי געהאַט אָהן א מאָס.

אמת, ארבייטער זיינען צוגעשטאַנען צו אונז אין מאַסען. אונזער אָרגאַניזאַציע האָט געמאַכט די גרעסטע פּאָרטשריטען. א סך פּראָפעסיאָנעלע פֿאַראיינען — אומלעגאַלע, נאַטירליך — האָבען זיך געבילדעט. אין יאָהר 1897 האָבען מיר שוין געהאַט — ניט רעכענענדיג די פּראָפעסיאָנעל־אָרגאַניזירטע ארבייטער — ארום 200 פּאָליטיש־אָרגאַניזירטע מיטגלידער.

די הענטשקע מאַכערין צביה, די שניידערקע מאַרי זשאָלודסקאַ, דער שלאָסער לעאָן גאָלדמאַן, פּסחזאָן און אנדערע — אַלע טרייע, פֿעהיגע, איבערגעגעבענע גענאָסען — זיינען געווען די פֿיהרערס פֿון דער באַוועגונג.

די ערשטע אין גאַנצען תחום זיינען מיר ארויסגעטראָטען אויף'ן וועג פֿון פֿארשפּרייטען אויפֿרופֿען מיט א פּאָליטישען אינהאַלט. אפילו די ערשטע אידישע געדרוקטע פּראָקלאַמאַציע — א מאַי־פּראָקלאַמאַציע — איז ארויס פֿון וואַרשע. איך בין געווען איהר מחבר. זי איז אויך געווען פֿאַרשפּרייט אין ווילנע.

***

יאָ, אונזער אָרגאַניזאַציאָנס־ און אויפֿקלערונגס־טעטיגקייט אין וואַרשע איז געגאַנגען זעהר גוט. און פֿון דער ווייטערדיגער ארבייט האָבען מיר געהאָפֿט צו האָבען דעם גרעסטען ערפֿאָלג.

אָבער איהר נאָכמאַלע ענטוויקלונג איז געווען שרעקליך געשטערט. אז זי איז א סך געווען געשטערט פֿון פּאָליטיש־פּאָליציי־אישע באַדינגונגען, איז זעלבסטפֿאַרשטענדליך. אָבער נישט ווייניג צרות האָט אונז אָנגעמאַכט די געגנערשאַפֿט און פֿיינטשאַפֿט פֿון דער דאַמאַלסט מעכטיגסטער פּאַרטיי נישט נאָר אין פּוילען, נאָר אין רוסלאַנד איבערהויפּט — פֿון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי (פּ. פּ. ס.).

די טענות, וואָס זי האָט געהאַט צו אונז, זיינען געווען פּאָליטישע און נאַציאָנאַלע.

מיר זיינען געווען סאָציאַל־דעמאָקראַטען נאָך אונזער פּראָגראַם נאָך און נאָך אונזער טאַקטיק; מיר זיינען געשטאַנען אויף'ן שטאַנדפּונקט, דאָס עס איז נויטיג א סאָלידאַרער קאַמף פֿון די ארבייטער פֿון א ל ע נאַציאָנען, וואָס וואוינען אין רוסלאַנד, גובר צו זיין דעם צאַרישען אבסאָלוטיזם און צו פֿאַרווירקליכען אונזערען סאָציאַליסטישע אידעאַלען; מיר האָבען שטענדיג אָנגעוויזען, אז דער נצחון פֿון דעם רוסישען פּראָלעטאַריאַט וועט אויך זיין אונזער

נצחון. אויפ'ן געביט פון דער אידישער פראַגע האָבען מיר גע־קעמפט ג ע ג ע ן אַלע אויסנאַמס־געזעצען און פ אַ ר בירגער־ליכע גלייכבאַרעכטיגונג. און מיר האָבען געטראַכט, אַז די פאָדע־רונג פון אַן אונאָפּהענגיגער פּוילישער בורזשואַזער מדינה קען נישט זיין איינע פון די ערשטע פאָדערונגען פון דער סאָציאַ־ליסטישער אַרבייטערשאַפט, און אַז זי איז גאָר נישט אויף איין וועג פון אונזער באַוועגונג.

דעריבער, נאָך דער מיינונג פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, זיינען מיר געווען — רוסיפיקאַטאָרען, אידישע נאַציאָנאַ־ליסטען, שונאים פון די פּאָליטישע און נאַציאָנאַלע שטרעבונגען פון פּוילישען פאָלק, דירעקטע און אונדירעקטע העלפערס פון דער פּוילישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע.

דער רעזולטאַט — אַן אונבאַרימהערציגע מלחמה פון דער פּוי־לישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי געגען אונז.

און פאַר אונז אַלעמען, וואָס זיינען געווען טעטיג אין וואַר־שע, איז געווען קלאָר, אַז אַ „געגען־אָפענסיווע" געגען דער פּ. פּ. ס. קען געפירט ווערען נאָר דאַן, ווען דער אָרגאַניזירטער אידישער פּראָ־לעטאַריאַט פון אַ ל ע שטעט פון תחום וועט זיין פאַראייניגט אין איין פּאַרטיי, מיט אַ קלאָרען פּראָגראַם, מיט אַן איינהייטליכער טאַקטיק. עס איז נישט געווען נאָך די כחות נאָך פון דער וואַר־שעווער אָרגאַניזאַציע אַליין אָפּצושלאָגען אַלע אַנפאַלען, וואָס די שטאַרקסטע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט געמאַכט אויף אונז. נאָך מעהר, וואָס די גאַנצע פּוילישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פון יע־נער צייט איז באַשטאַנען פון אַ קליינער, אומבאַדייטענדער גרופּקע פון אינטעליגענטען, וועלכע האָט עקזיסטירט נאָר דורך אונזער הילף.

***

די וואַרשעווער דעלעגאַציע איז אין ווילנע. איך באַגעגען זיך מיט אַלעקסאַנדער'ן און — מיר דאַכט זיך — מיט גלעב מיט־ניקאָוויטש'ן. זיי זיינען עטוואָס צוטראָגען. זיי דריקען אויס זייער מיינונג, אַז עס איז אפשר כדאי אָפּצולייגען דעם צוזאַמענפאָר. אָקאָרשט זיינען פאָרגעקומען צאָלרייכע הויז־זוכונגען. עס איז אַ גרויסע געפאַר. די מינסקער און וויטעבסקער דעלעגאַטען זיינען צוליב דעם דערוויילּ אפילו נישט אַרויסגעפאָרען. מיר האָט מען אויך וועגען דעם געשריבען. נאָר מסתמא האָט דער בריף זיך פאַרשפּעטיגט...

ווי אַ דונער האָט אונז געטראָפען!

ניין, דער צוזאַמענפאָר מוז אָפּגעהאַלטען ווערען, מיר קע־נען נישט פאָרען צוריק מיט ליידיגע הענט. דאָס איז אַן אונמעגליכע

זאַך... אונזערע הייסע פּראָטעסטען האָבען געהאָלפען. עס איז באַ־שלאָסען געוואָרען גלייך זיך צו נעמען פאַר דער ארבייט.

נישט ווייט פון טייך, אויף לוקישעק אין ווילנע; אין א שטילע, פאַרוואָרפענע ענגע געסעל; אין א קליינער, הילצערנער הייזעל, אויף א שאלקע — האָבען זיך פאַרזיכטיק, באַהאַלטענער־הייט פאַרזאַמעלט אַלע דעלעגאַטען פון די גרעסטע דאַמאלסט עק־זיסטירענדע אידישע ארבייטער־אָרגאַניזאַציעס.

דאָס צימערעל איז געווען קליין, אָבער אַן איינדרוק האָט עס געמאַכט פון א פאַרהעלטניסמעסיג גרויסען צימער — ווייל עס איז געווען כמעט פּוסט, אָהן מעבעל. א בעטעל אין איין ווינקעל, א קאָרב אין א צווייטען, א פּראָסטער, נישט צוגעדעקטער טיש אין



די הויז וואו עס איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען דער ערשטער צו־זאַמענפאָהר (גרינדונג) פון „בונד". די הויז געפינט זיך לעבען דער לוקישקער טורמע אויף דער טורעמנער גאַס (אַמאָליגע מאַקאָווסקע גאַס) אין ווילנע.

מיטען. עטליכע שטולען. זיי האָבען נישט געקלעקט פאַר אַלעמען, און איינינגע דעלעגאַטען האָבען געמוזט אָדער זיצען אויפ'ן בעט אָדער שטעהן.

אָט דאָ אין דעם צימערעל, איז אין א משך פון דריי טעג — פון 8טען ביז'ן 10טען אָקטאָבער נייעם סטיל — אָפּגעהאַלטען גע־וואָרען דער ערשטער צוזאַמענפאָר פון „בונד". דאָ איז דער „בונד" געבוירען געוואָרען. דאָ איז אַוועקגעלייגט געוואָרען א געזונטער פונדאַמענט פאַר איינע פון די מעכטיגסטע, בעסט־אָרגאַניזירטע סאָ־

ציאַליסטישע פּאַרטייען אין רוסלאַנד און אין פּוילען; פאַר אַ פּאַרטיי, וועמעס פּראָגראַם־אויסגעהאַלטענהייט, דיסציפּלין, אָרגאַניזירטקייט האָבען געדינט אַ לאַנגע צייט פאַר אַ מוסטער פאַר אַנדערע פּאַרטייען.

מעהר נישט ווי 11 מענשען זיינען זיך צוזאַמענגעפאָרען. די „קאָנספּיראַציע" האָט נישט צוגעלאָזט מעהר אָנטיילנעמער. עס זיינען געווען אַ סך אָרגאַניזאַציעס ווי אין דווינסק, סמאָרגאָן, גראָדנע, אפשר קאָוונע און ברעסט־ליטאָווסק, דער בערשטער־אַרבייטער־בונד, וואָס ביי אַנדערע באַדינגונגען וואָלטען זיי געהאַט אַ רעכט צו שיקען דעלעגאַטען. אָבער דאָס איז די ערשטע פּראָבע. מען דאַרף זיין פּאָרזיכטיג... און מעהר נישט, ווי די שטעט: ווילנע, וואַרשע, ביאַליסטאָק, מינסק און וויטעבסק, און אויך די אַרבייטער־גרופּע, וואָס האָט אַרויסגעגעבען די „אַרבייטער שטימע", האָבען געהאַט די עהרע און גליק צו נעמען אַן אָנטייל אין גרינדען דעם „אַלגעמיינעם אידישען אַרבייטער בונד אין רוסלאַנד און פּוילען".

***

דאָס איז געווען אַ מאָדנער, אַן „אַלטמאָדישער" צוזאַמענפאָר, אַ פּראָדוקט פון די דאַמאַלסדיגע רוסישע באַדינגונגען. קיינע פּאָרבאַרייטונגען. די טאָג־אָרדענונג ניט פאָנאַנדערגעשיקט צו די אָרגאַניזאַציעס. אין די קאָמיטעטען האָט מען אויסגעקליבען דעלעגאַטען, געגעבען זיי כמעט אָהן דיסקוסיעס אַ פּאָר „אינסטרוקציעס" — און דאָס אַלעס. צו וואָס נאָך דיסקוטירען? אַלץ איז אַזוי קלאָר. מען ווייסט דאָך דעם הויפּט־ציל — מען קען זאָגען דעם איינציגען ציל — פון צוזאַמענפאָר: גרינדען אַ פּאַרטיי פון אידישען פּראָלעטאַריאַט. און די פאַרהאַנדלונגען אויפ'ן צוזאַמענפאָר גופא פיהרען זיך אויך אַלט־מאָדיש. אַלעקסאַנדער האַלט אַ קורצע איינטריטס־רעדע, אַ מין איבערבליק איבער דער געשיכטע פון דער אידישער אַרבייטער באַוועגונג און איבער די אויסזיכטען פון איהר ווייטערדיגער ענטוויקלונג. ער איז נישט קיין רעדנער, ער רעדט גיך — גיך, ער כאַפּט, ווי אַ פרומער איד, וואָס דאַווענט אין איילעניש. די איבעריגע דעלעגאַטען האָבען זיך אויך נישט געסטאַרעט צו האַלטען שעהנע רעדעס. אין די באַריכטען פון די שטעט, אין די דעבאַטען וועגען דעם נאָמען פון אונזער נייער פאַראייניגטער אָרגאַניזאַציע, וועגען די באַציהונגען צו דער צוקונפטיגער רוסלענדער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבייטער פּאַרטיי, וועגען אונזערע ספּעציעלע פּאָדערונגען אַלס א י ד י ש ע אַרבייטער, וועגען דער „אַרבייטער שטימע" — פאַרלירט מען קיין איבעריקען וואָרט נישט. די רעדעס זיינען קורץ, איינפאַך, צו דער זאַך, טרוקען. שעהנע פראַזען, קליינ־

גענדיגע, אויסגעפּוצטע ווערטער — דאָס לאָזט זיך גאָר נישט הע־רען. איבערהויפּט, קיינע גרויסע פאָרמעלע דעבאַטען. כמעט אַלע רעזאָלוציעס ווערען איינשטימיג אָנגענומען.

מען שטעלט זיך אָפט די פראַגע צי האָבען די אָנטיילנעמער פון ערשטען צוזאַמענפאָר פאַרשטאַנען, וואָס פאַר אַן אומגעהויער גרויסער ראָלע די ניי־געשאַפענע אָרגאַניזאַציע וועט שפּילען, וואָס פאַר אַן איינפלוס אויף דער אידישער אַרבייטערשאַפט אין אַנדערע לענדער זי וועט שפּעטער האָבען. קיין נביאים זיינען מיר נישט געווען. געוויס נישט. אָבער די זאַכליכקייט פון די פאַרהאַנדלונגען, די ערנסטע פּנים'ער, און די פרייד, די ענדלאָזע פרייד נאָכ'ן צו־זאַמענפאָר זיינען דאָך אינטערעסאַנטע סימנים. ווי מיר האָבען געהאַט מורא, אַז ער, דער „בונד", זאָל נישט אָפּגעשוואַכט ווערן, זאָל נישט ליידען פון די קלעפּ פון דער רוסישער רעגירונג! אַז זיינע יונגע בלעטלעך און בלומען זאָלען נישט פאַרוועלקט ווערען פון די קאַלטע און בייזע ווינטען... מיר האָבען אַזוי האָלט געהאַט דעם אָקאָרשט געבוירענעם „בונד". ער איז געווען אונזער האָפ־נונג, אונזער פרייד, אונזער טרייסט. מיר זיינען געווען אַזוי שטאָלץ מיט איהם! לייענט אַלץ וואָס און ווי מיר האָבען געשריבען וועגען איהם די ערשטע צייט. צאַרטע ווערטער, פול מיט ליבע. אַזוי רעדט אַ ליבענדע מוטער וועגען איהר איין־און־איינציג קינד. מיר האָבען נישט געזעהן קיין פעלערען אין איהם, מיר האָבען נישט געוואָלט זעהן. אונזערע גענגער האָבען צוליב דעם נעקוקט קרום אויף אונז; זיי פלעגען אונז אָפט אויסלאַכען. אָבער דאָס ווייזט בלויז, אַז זיי האָבען נישט פאַרשטאַנען אונזער פּסיכאָלאָגיע. עס איז ווירקליך געווען אַ נאַטירליכער, אַ טרייער, אַן אמת'ער אויסדרוק פון אונזערע געפיהלען.

וואו זיינען זיי איצט, די גרינדער פון אונזער שעהנעם „בונד"? וואָס האָט דאָס לעבען פון זיי געמאַכט? זיינען זיי געבליבען טריי צו זייערע דאַמאַלסדיגע אידעאַלען, האָפנונגען, צו די אינטערעסען פון דעם קלאַס, צוליב וועלכען זיי האָבען געקעמפט און געליטען? און צו דער אָרגאַניזאַציע, וועלכע זיי האָבען געגרינדעט? וואָס פאַר געפיהלען לעבען זיי איצט איבער — 37 יאָהר נאָך יענע וואונ־דערבאַרע טעג?

ווער ווייסט?

37 יאָהר איז אַ טראָפּען אין דעם ברייטען ים פון דער מענש־ליכער געשיכטע, אָבער זעהר פיל אין לעבען פון אַן איינצעלנער פערזאָן. אונטער דעם אייזערנעם דרוק פון אומשטענדען וויפיל מענ־שען בייטען זיך נישט אין אַ משך פון אַזאַ צייט? וויפיל ווי־

דערשטייען זייטיגע איינפלוסען? ווער בלייבט אינגאַנצען אומ־באַרירט אין פּאָליטישע איבערצייגונגען, נייגונגען, פּאַרטיי־סימפּאַ־טיעס?

עס איז זעלבסטפאַרשטענדליך, אַז די גרינדער און די ערשטע פיהרער פון „בונד" שטעלען נישט פאַר אין דער הינזיכט קיין אויסנאַם...

*****

אָפטמאָל דאַכט זיך מיר, אַז דאָס איז געווען אַט דאָ גאָר נישט לאַנג, ווען מיר, טיילוויז פערזענליכע פריינד, טיילוויז זעהר נאָ־הענטע חברים, זיינען זיך צוזאַמענגעפאָהרען אין ווילנע מיט'ן ציל צו גרינדען די פּאַרטיי פון אידישען פּראָלעטאַריאַט, צו גרינדען דעם „בונד".

און דאָך, 37 יאָהר זיינען שוין פאַרביי. גאָר אַ קלייניגקייט! 37 יאָהר פון האַרטען קאַמף און טיפע זאָרג, פון מפּלות און פון נצחונות, פון צאָלרייכע קרבנות — קליינע, גרויסע, אָפטמאָל בלוטיגע.

אָבער נישט אומזיסט זיינען זיי געפאַלען — די קרבנות. נישט אומזיסט האָט מען אריבערגעטראָגען מאָראַלישע און נישט זעלטען פיזישע ליידען און שמערצען. עס איז נישט פאַרלאָרען געגאַנגען די אָנגעשטרענגטע אַרבייט, די אָנגעווענדעטע כוחות, די פאַרברויכטע צייט.

וואָס האָט פאַרגעשטעלט דאָס אידישע לעבען אין דער צייט פון דער גרינדונג פון „בונד"? געזעלשאַפטליך — גאָר נישט! אַ גרויסע, גרויסע וויסטעניש, טרויעריג, טרוקען, אָהן יעדען לע־בענס־צייכען.

דאָס אידישע פאָלק האָט געשלאָפען מיט אַ לעטאַרגישען שלאָף. שוואַך, האַלב־טויט, אָהן גייסטיגע אינטערעסען, אָהן וועלכע קול־טורעלע שטרעבונגען. אַ גלייכגילטיגקייט אָהן גרעניצען צו אַלץ, וואָס קומט פאָר אַרום — אפילו צו די אַכזריות'דיגע פאַרפאָל־גונגען פון דער אַנטיסעמיטישער רעגירונג און צו דעם האַס פון דער אַרומיגער קריסטליכער באַפעלקערונג.

אָבער די וויסטעניש האָט געהאַט אַ קליינעם אָאַזיס — די אי־דישע אַרבייטער באַוועגונג אין עטליכע שטעט אין ליטע און פּוילען. דער אָאַזיס איז געווען אַ קוואַל פון האָפענונג, פון לעבעדיגע כחות, פון פאָרטשריט, פון סאָציאַליזם.

דער אָאַזיס האָט געראַטעוועט דאָס אידישע פאָלק. ער האָט אַריינגעבלאָזען אין איהם אַ נשמה. ער איז מעהר און מעהר געוואָ־רען אַ פלאַץ, וואו עס האָט זיך קאָנצענטרירט און אַנטוויקעלט דער

קולטורעלער, דער פּאָליטישער, דער נאַציאָנאַלער לעבען פון אידי־שען פאָלק.

נישט אזוי גרינג איז עס פאָרגעקומען. נישט וויניג שטע־רונגען זיינען געשטאַנען אין וועג. בשעת מיר האָבען געגרינדעט דעם „בונד", האָבען מיר געוואוסט, אז די נייע אָרגאַניזאַציע, באַ־לעבענדיג דעם טויטען קערפּער פון אידישען פאָלק, וועט ארויס־רופען פיינטליכע כוחות, מיט וועלכע עס וועט אויסקומען צו פיהרען א שווערען קאַמף. און אזוי איז דאָס טאַקע געווען. אין די גאַנצע 37 יאָהר איז דער „בונד" געווען אין אידישען פאָלק אַליין, אָפּ־געזונדערט, ארומגערינגעלט פון א פאַראייניגטער פאַלאַנגע פון שונאים: פון דער גרויסער און קליינער בורזשואזיע און די אָרטאָדאָקסען, אפּי־קורסים, אַסימילאַטאָרען און נאַציאָנאַליסטען. און אפילו פון דארטען, וואו ער האָט געהאָפט צו געפינען סימפּאַטיע און פריינטשאַפט, האָט דער „בונד" סיסטעמאַטיש באַגעגענט אויב נישט פיינטשאַפט, איז גענגערשאַפט.

און טראָץ אָט די אַלע נישט גינסטיגע אומשטענדען האָט דער „בונד" ערפילט זיין מיסיע אין אידישען פאָלק. דירעקט אדער אומדירעקט האָט ער אומגעביטען זיין פיזיאָנאָמיע, ארויסגערופען און אנטוויקעלט געזעלשאַפטליכע אינטערעסען, געמאַכט איהם קולטו־רעל, געמאַכט איהם קאַמפּפעהיג.

און דער אָרגאַניזירטער אידישער פּראָלעטאַריער? איז ער נישט געווארען איינער פון די וויכטיגסטע פּאָליטישע און סאָציאַ־ליסטישע פאַקטאָרען אין איניגע לענדער?

איצט, נאָכדעם ווי דער „בונד" עקזיסטירט שוין 37 יאָהר, איז ווערט דאָס צו דערמאָנען. נאָך מעהר דערפאַר, וואָס מאַנכע געוועזענע בונדיסטען, מיט דעם אייפער פון רענעגאַטען, שטעלען זיך נישט אָפּ פאר קיינע מיטלען צו „באַווייזען", אז דער „בונדיזם" איז געווען א פעלער, א פּראָדוקט פון קליין־בורזשואזער אידעאָלאָגיע און פון אָפּאָרטוניזם.

## וועלוועל שאַטץ.

# די ווילנער בלוטיגע ערשטען מאַי דעמאָנסטראַציע אין 1902.

(באַשריבען פון וועלוועל דער זנאַקען מאליער, וועלכער האָט געטראָגען אַ פאָהן אין דער דעמאָנסטראַציע)



1902. זינט יענער צייט זיינען פארלאָפען 32 יאָהר. און ווי פריש אין זכרון פון יעדען, וואָס איז נאָר געוועזען נאָהענט צו דער אר־בייטער באַוועגונג אין ווילנע. עס האָט עפּעס אַזוינס פּאַסירט, אַז עס האָט זיך אַ טרייסעל געטאָן דער מעכטיגער רוסישער צאַ־ריזם. דאָס איז געווען דער אָנפאַנג פון 20טען יאָרהונדערט. ווי אַ כוואַליע האָט זיך אריינגעגאָסען די אייראָפּייאישע קולטור, די אויסגעקעמפטע ארבייטער־געזעצען, די ארבייטער־פארטרעטערשאַפט אין די דייטשע, ענגלישע און פראַנצויזישע פּאַרלאַמענטען, און דאָס האָט אויך געווירקט אויף רוסלאַנד, אויף די אידישע שטעט. אין ווילנע האָבען זיך באַוויזען גרויסע ווארשטאַטען און פאַבריקען אויף דעם מאָדערנעם שטייגער: מעכאַנישע שוסטערייען, זאָקען, סיגאַרעט, בוי־ארבייטער, פריקאַזטשיקעס פון האָלסייל געשעפטען, בערשטער, גאַרבאַרניעס, שלאַכט־הייזער, קצבים און וואַשאַווניקעס, דרוקער פון צייטונגען, קליינע דרוקערייען, שניידער, שוסטער, שניצער און מעבעל ארבייטער.

די אַלע אונטערנעמונגען מיט די ארבייטער האָבען צוזאַמענגע־שטעלט איין גרויסע מאַסע, אין וועלכער עס האָבען זיך אויסגע־טיילט צוויי קלאַסען: ארבייטסגעבער און ארבייטער. קרייזלעך האָ־בען זיך אָנגעהויבען פארשפּרייטען אין אַלע פאַכען. די איינלייטער זיינען געוועזען יונגע אינטעליגענטען, קינדער פון באַלעבאַטישע קרייזען, וועלכע האָבען גענאָסען זייער בילדונג אין אויסלאַנד. באַ־האַלטענערהייט, אויף בוידים־שטיבלעך און אין קעלערען, שטריינג געהיים, האָט מען געלערענט קולטור געשיכטע און פּאָליטישע עקאָ־נאָמיע. און די אַלע, וועלכע האָבען אנטייל גענומען אין די קרייז־

לעך, זיינען געווען ווי די קעמערלעך פון איין גרויסע, ארבייטענדיגע מאסע און האָבען פאָנאנדערגעטראָגען דאָס ביסעל מאָגערע וויסען צו די גרויסע מאסען. יעדע פאָסירונג אין אויסלאַנד און אין רוסלאַנד איז דיסקוטירט געוואָרען. סטרייקס, אונרוהען און געשלעגען האָבען די באַלעבאַטים ווי אַ דונער געטראָפען. איבערהויפּט די אידישע באַלעבאַטים האָבען גלייך זיך גענומען ווענדען צו דער פּאָליציי און זשאַנדאַרמעריע נאָך הילף. דער דאַמאָלדיקער גובערנאַטאָר, אויב איך האָב ניט קיין טעות, איז געווען באַראָן פאָן קלעגעלס. די רעגירונג האָט דאַן דעם גובערנאַטאָר צוריקגערופען און אויף זיין פּלאַץ געשיקט פאָן־וואַהלען. אין שטאָט, צווישען די באַלעבאַטים און אין די שוהלען, האָט מען גערעדט, אַז יעצט איז אָראָפּגעקומען דער נייער מוראַוויאָוו. דאָס האָט געמיינט דעם, וואָס האָט אונטערדריקט דעם פּוילישען אויפשטאַנד אין 1863. און אַזוי איז טאַקע געווען.

צוגלייך מיט דעם גובערנאַטאָר זיינען אריינגעקומען גאַנצע רע־גימענטען מיט קאָזאַקען און עס זיינען געמאַכט געוואָרען אויסנאַם־געזעצען, ווי פאַרשטאַרקטע אויפזיכט, מיליטער־געריכטען, ארעסטען און ארויסשיקונגען אין סיביר די פיהרער, אדער מיטגלידער פון „בונד" און פּ. פּ. ס. אין די שוהלען און אין גאַס, צווישען די הויך־פּאָלי־טיק־ריידער, האָט מען געזאָגט, אַז דעם יאָהר וועט מען דעם ערשטען מאַי ניט פייערען, ווייל דער גובערנאַטאָר וועט שוין זעהן, אַז עס זאָלען זיין גענוג קאָזאַקען און פּאָליציי. אויך האָט מען געזאָגט, אַז מען האָט געזעהן, ווי מען האָט אריינגעפיהרט אין פּאָליציי־הויף אַ גאַנצע וואָגען מיט ריטער, צום שמייסען די דעמאָנסטראַנטען, וועל־כע מען וועט ארעסטירען. טאַקע ווי מוראַוויאָוו האָט געטאָן אין זיין צייט.

און אָט ווי מיר האָבען אָרגאַניזירט דעם ערשטען מאַי, פון 1902: אין יודעמאַנסקע׳ס זאַוואולעק, אַנטקעגען דער גרויסער דרו־קעריי פון דער אלמנה והאחים ראָם, איז דאָ אַ גרויסער הויף (איך געדענק ניט דעם נומער), האָבען מיר געהאַט איינע פון יענע קרייז־לעך. אביסעל ווייטער ארונטער, אין יאַנאָווסקי׳ס הויף, דער הינטער אריינגאַנג דורך קאָמניצקער גאַס, איבער׳ן וועג אויפ׳ן דאָג לעבען ראָם׳ס דרוקעריי, איז סטאָקלינסקי׳ס מעכאַנישע שוסטעריי־פאַבריק, וואו הירש לעקערט האָט געאַרבייט. נידעריגער ארונטער־געהענדיג, דורך יאַטקעווער גאַס מיט איהרע געזונטע יאַטען קצבים; אין יאַ־נאָווסקי׳ס הויף, אין פראָנט פון דער דייטשער גאַס, די גרויסע זאָקען פאַבריק פון בלאָכ׳ען; ווייט ארויף אין צווייטען הויף, ביים ארויסגאַנג צו קאָמניצקער גאַס, ביים גרויסען מיסטקאַסטען, איז גע־ווען מנוכע׳ס גאַרקוכניע־רעסטאָראַן.

עס האָט זיך גענומען דערנעהנטערען דער ערשטער מאַי, דאָס

הייסט, דער 18טער אַפּריל, לויט׳ן נייעם סטיל. איך ווייס ניט וואָס עס האָט דאָן פּאַסירט מיט אונזערע פיהרענדע אינטעליגענטען פון אָרטיגען קאָמיטעט פון „בונד", נאָר ווי איך קאָן זיך דערמאָנען, האָבען זיי קיינע צוגרייטונגען ניט געמאַכט, ווי מיר האָבען ער־וואַרטעט, אַז דער קאָמיטעט פון „בונד" זאָל רופען צו פייערען דעם ערשטען מאַי דורך פּראָקלאַמאַציעס און דורך דעם אָרגאַן, „ווילנער קלאַסענקאַמף", וואָס איז אַרויסגעגאַנגען צו יענער צייט. נאָר וואָס עס זאָל ניט האָבען פּאַסירט, מיר, אויף אונזער קרייזעל, האָבען אַליין געמוזט מאַכען די צוגרייטונג. מיר האָבען אַרויסגע־לאָזען אַ העקטאָגראַפירטע בלעטעל און עס פּאַנאַדערגעוואָרפען, און אויך אָנגעשריבען דריי רויטע פאָהנעס. אויף איין פאָהן איז געווען אָנגעשריבען אויף רוסיש: זאָל לעבען די אַלוועלטליכע רעוואָלו־ציע; אויף דער צווייטער: עס לעבע דער אַלגעמיינער ארבייטער בונד אין ליטע, פּוילען און רוסלאַנד; און אויף דער דריטער: עס לעבע דער 8־שעה׳דיגער ארבייטס טאָג.

עס האָט זיך דערנענטערט דער טאָג. די נאַכט פריהער האָבען מיר געהאַט אַ מיטינג אין דעם גרויסען הויף, וואָס איז געוועזען די דרוקעריי פון דער אלמנה והאחים ראָם. מיר האָבען זיך פּאַנאַנדער־געטיילט מיט די פּלעצער און מיט די פאָהנעס. איך האָב מיר פאַר זיך גענומען די פאָהן, אויף וועלכער עס האָט זיך געשריבען: עס לעבע די גרויסע רוסישע רעוואָלוציע. הירשעל דער קרעמער האָט גענומען פאַר זיך אַ צווייטע און באַטוויניק דער לעהרער — די דריטע.

דאָס איז בלויז בנוגע דער צוגרייטונג פאַר דעם היסטאָרישען ערשטען מאַי, וואָס האָט געמאַכט אַזאַ רושם איבער גאַנץ רוסלאַנד. דער אַרויסטריט אויף דייטשער גאַס און די אַרעסטען און די ראָלע פון פאָן וואַהל׳ן און דער שאָס פון לעקערט׳ן אויף׳ן גובערנאַטאָר, איז ווידער אַ געשיכטע פאַר זיך.

אויף די גאַסען האָבען אָנגעהויבען אַרומפאָהרען קאָזאַקען אויסגעשטאַטעט מיט אַלע מלחמה כלי־זין. די הויפען זיינען באַ־פעהלט געוואָרען צו האַלטען פאַרמאַכט. די שטרעזער זיינען אַרויס־געגאַנגען מיט די שטעקענס פון פאַרענט פון זייערע הייזער. יעדע ווילע זיינען אָנגעקומען נייע באַפעהלען פון פּאָליציי־הויף צו דער פּאָליציי אויף די גאַסען, אַז מען זאָל זיך לאָזען צונויפקלייבען. אַלע זיינען אַרומגעגאַנגען נערוועז, אַז עפּעס וועט פּאַסירען. מען האָט געזאָגט, אַז הינטער די גרויסע, פאַרמאַכטע טויערען פון הויפּט־פּאָליציי שטעהען אויך מיליטער. עס האָט זיך דערנענטערט די צייט פון זעקס אדער זיבען אַזייגער, אויף וועלכער עס איז באַ־שטימט געוואָרען דער אַרויסטריט. אַ קוק טוענדיג אויף׳ן גאַס זיי־נען קיין גרויסע מאַסען ניט געווען, אַ חוץ די יעניגע ענטשלאָסענע,

וועלכע האבען גענומען אויף זיך די אויפגאבע און די אפפערוויליגקייט צו פייערען דעם ערשטען מאי היינט, און ניט אפלייגען, ניט קוקענדיג אויף אלע אנשרעקונגען פון דער פאליציי און דער באפעלקערונג.

— נו, הייבט אן! אראפ אויפ'ן מיטען גאס, — האט זיך דערהערט א שטימע, און ווי בליץ-שנעל איז דער באפעהל דורכגעפיהרט געווארען.

— וויקעל פאנאנדער די פאהן! — האט געזאגט צו מיר רפאל'קע דער מאלער,*) און האט מיר טאקע געהאלפען צוזאמענשטעלען די צוויי האלבע שטעקענס אין איין לאנגען שטעקען מיט דער פלאטערענדער פאהן אין דער הויך.

— עס לעבע די אלוועלטליכע רעוואלוציע! — האט זיך דערהערט א הורא-געשריי פון דער גאנצער מאסע ארומשטעהענדע.
— נידער מיט דער זעלבסטהערשונג! עס לעבע דער אכט-שעהדיגער ארבייטס טאג!

ווי א שטורעם האבען זיך ארויפגעטראגען אויף אונז די קאזאקען, פון די הויפען, וואו זיי זיינען געווען באהאלטען, און אנגעהויבען צו שחט'ען און צו שניידען רעכטס און לינקס. איך האב נאר געפיהלט ווי איך געפין זיך אין דעם פינפטען קאמער, וואס איז דאן געוועזען בארימט אלס דער שרעקענס-קאמער פון די ארעסטירטע סטרייקער אדער פאליטישע. דער קאמער איז געווען ליידיג. איך בין געוועזען דער ערשטער. נאר איין בעטלער איז געלעגען אין א ווינקעל האט מען איהם אויך צוגענומען. ס'האט ניט גענומען לאנג ווי מען האט אריינגעווארפען אויך אין קאמער באטוויניק דעם לעהרער, א צובלוטיקטען, א צו'הרג'עטען. ס'האט ווידער ניט גענומען לאנג, ווי דער קאמער איז אנגעפילט געווארען מיט צושלאגענע און צובלוטיגטע חברים. מיר האבען פארגעזעצט די דעמאנסטראציע מיט גרוים באגייסטערונג אויך אין קאמער. מיר האבען געזונגען ביז וואנען עס איז אנגעקומען דער גובערנאטאר מיט די קאזאקען און האט אונז אנגעהויבען איינציקווייז ארויסצורופען. מיר זיינען דורכגעגאנגען דורך אן אויסגעשטעלטע רייהע קאזאקען און געקראגען געשלאגען מיט נאגייקעס ביז וואנען מען איז געפאלען אין אונמאכט.

מען האט אונז צוריק אריינגעווארפען אין נומער פינף קאמער. דאס איז געוועזען די ערשטע לעקציע, ווי פאן וואהל האט עס דאן אנגערופען, צו די ווידערשפעניגע קינדער פון זייער קייזער. אט דאס האט געדויערט ביז צוועלף בייינאכט, ווען אלעם איז אנטשוויגען

*) רפאל'קע דער מאלער (זשיוואפיסעץ), דאס איז רפאל גינצבערג, א מיטגליד פון ווילנער ברענטש 367 ארבייטער רינג.—רעד.

געוואָרען, נאָך די קרעכצען פון די געפּייניגטע און די שווערע טריט פון דער וואַך אין דרויסען האָבען זיך נאָך געהערט.

פילע געדענקען נאָך וואָס יענע נאַכט האָט פּאַסירט. עס איז צו שרעקליך צו דערמאָנען. איך האָב געהערט אויך פון די פּרויען־קאַמערען זיך טראָגען היסטערישע געשרייען דורך דער גאַנצער נאַכט.

אויף מאָרגען אינדערפריה איז ווידער אָנגעקומען דער הענקער פאָן וואהל מיט זיינע קאָזאַקען. נאָך דער רייהע האָט מען אַרויס־גערופען, דעם ערשטען, אויף וויפיל איך קען זיך דערמאָנען, איינעם אַ חבר ראָזענבערג. צופעליגערווייזע איז ער געקומען מיט אַ מיסיע פון מינסק און ער איז אריינגעפאַלען אין די פּאָליצייאישע לאַפּעס. עס האָבען זיך דערהערט שרעקליכע געשרייען און אַ כאָרכלען, אַזוי ווי מען וואָלט איהם פּארשטיקט דעם האלז. דער שווישטש פון די ריטער האָט זיך געהערט איבער'ן גאַנצען קאָרידאָר פון טורמע. נאָכ'ן שמייסען האָט מען אריינגעוואָרפען יעדען אין דער קאַמער און פּטור.

עס איז געקומען צו מיין רייהע. דורך אַ רייהע קאָזאַקען האָט מען מיר גענומען אַרונטערדרייסען די קליידער פון אונטערשטען טייל קערפּער. דערביי איז געוועזען פאָן וואהל, דער פּאָליציימייסטער נאַ־זימאָוו, דער דאָקטאָר מיכאַילאָוו, דער אָקאָלאָדאָטשני נאַדזיראַטעל ציבולסקי, דער זשאַנדאַרמסקי ראָטמייסטער פּאַסטרולין און די קלע־נערע בעאַמטע. מ'האָט מיך אַרויפגעוואָרפען אויף אַ באַנק אין דער לענג און אוועקגעזעצט צוויי קאָזאַקען אויף מיר: איינער אויף די הענט און דער צווייטער אויף די פיס. צוויי קאָזאַקען אין ביידע זייטען — מיט נאַסע ריטער אין די הענט, — האָבען גענומען שמייסען איבער'ן גאַנצען טייל פון קערפּער. מיכאַילאָוו, דער דאָקטאָר, האָט באַשטימט לויט'ן פּולס וויפיל שמיץ צו געבען יעדען. מיט די אויס־געשרייען: זשידי, איך וועל אייך אַלעמען דערשיסען אדער אַרויס־טרייבען פון לאַנד! — האָט פאָן וואהל באַגלייט כמעט יעדען שמיץ.

— וואו זיינען די פאָהנען טרעגער? — האָט ער גענומען שרייען — זיי וועל איך געבען אַ באַזונדערע פּאַרציע.

פּאַסטרולין, דער זשאַנדאַרם, האָט זיי גענומען אונטער זיין אויפזיכט צו פאַרפיהרען אַ באַזונדערען פּראָצעס. די קאָזאַקען האָבען אויסגעטיילט צוויי פון די פאָהנען־טרעגער, הירשעל דעם קרעמער און באָטוויניק דעם לעהרער. זיי האָט ער געצוואונגען צו שטעהן און צוזעהן ווי מען פּאַרפּייניגט זייערע חברים.

דערמיט האָט זיך געענדיגט די צווייטע לעקציע, דורך וועלכער פאָן וואהל האָט געוואָלט דערשטיקען דעם רעוואָלוציאָנערען גייסט פון די יונגע באַגייסטערטע רעוואָלוציאָנערען אין ווילנע, אין יאָהר 1902.

## פ. קורסקי.

# הירש לעקערט.

הירש לעקערט (לויט די געריכטס־אקטען — לעקוז, אויך לייקוז און לעקער) איז געבאָרען געוואָרען אין דעם יאָהר 1880 אין האנושישאָק, ליטע, ביי זעהר אָרימע עלטערען.

גאַנץ יונג איז לעקערט אָנגעקומען אין דער לעהרע צו א שוסטער. אין דעם יאָהר 1895 איז ער אריבערגעפאָהרען קיין ווילנע, געאהבייט אין פארשידענע שוסטער־ווארשטאטען און גלייך אריינגעצויגען געוואָרען אין דער ארבייטער באוועגונג. א דאנק זיין ערנסטקייט, איבערגעבענקייט און פייערדיגען טעמפעראמענט, וואס האָט זיך ארויסגעוויזען ביי צוזאמענשטויסען מיט סטרייקברעכער און ביי קאָנפליקטען מיט אונטערנעמער, איז ער אומגעהייער פּאָפּולער און באַליבט געווארען ביי דער אידישער און פּוילישער שטאָטישער אר־בייטערשאַפט.

דעם 23טען מאי, 1900, איז לעקערט געוועזן איינע פון די הויפּט פיגורען ביים איבערפאַל אויף פּאָליציי אין ווילנע (אויף נאָווגאָראָד), כדי צו באפרייען א גרופּע פּאָליטישע ארעסטירטע. אין א פּאָר טעג ארום, ביי א פּרואוו צו באפרייען איינעם פון די ארעסטירטע חברים, א שווער פּאַרוואונדעטען, ווערט ער אליין ארעסטירט. וועגען יענעם ארעסט געפינט זיך א נאָטיץ אין אָרגאַן פון ווילנער בונדישען קאָ־מיטעט, „קלאסענקאַמף" נומ. 3, אָקטאָבער, 1900. אין דער נאָטיץ געהט א רשימה פון די ארעסטירטע און דער ערשטער פון זיי ווערט אָנגערופן הירשל (אָהן א פאַמיליענאָמען). אין נומ. 5 „קלאסענ־קאַמף" (פון יולי, 1901), געפינען מיר דעם אורטייל איבער די ארעס־טירטע פאַר דעם נאָווגאָראָדער איבערפאַל, און דאָרטען איז שוין אָנגערופען דער נאָמען לעקער. אָט דאָס זיינען די ערשטע שפּורען פון לעקערט'ן אין דער רעוואָלוציאָנערער פּרעסע.

לעקערט איז דעמאָלט אָפּגעזעסען אין ווילנער טורמע (אויף אנטאָקאָל) 9 חדשים און איז פאַר'משפּט געוואָרען אויף אָפּזיצען ווייטערע 6 חדשים אין דער פּעטערבורגער טורמע „קרעסטי", דער־נאָך ווערט ער ארויסגעשיקט אויף צוויי יאָהר אונטער פּאָליציאישער אויפזיכט אין קאַטערינאָסלאַוו.

אָנהויב אַפּריל, 1902, קומט לעקערט אומלעגאַל קיין ווילנע. ער האָט זיך פאַרביינקט נאָך דער בונדישער באַוועגונג אין ווילנע, וואו ער האָט געהאַט אַזוי פיל גוטע פריינט, און וואו עס האָט געלעבט ביי זיין אָרימער מוטער זיין יונגינקע פרוי, אַן אַרבייטערין.

דעם 1טען מאַי (18טען אַפּריל לויט׳ן רוסישען קאַלענדאַר) באַטייליגט זיך לעקערט אין דער מאַי־דעמאָנסטראַציע, אָרגאַניזירט פון „בונד" אינאיינעם מיט דער „ס. ד. פּאַרטיי פון פּוילען און ליטע".



הירש לעקערט — געב. 1880, אויפגעהאַנגען אין ווילנע אַלס קרבן פון רעוואָלוציע, דעם 28טען מאַי, 1902.

26 דעמאָנסטראַנטען זיינען אויף דער גאַס אַרעסטירט געוואָרען (לעקערט איז געבליבען אויף דער פריי). די אַרעסטירטע — 20 אידישע און 6 פּוילישע אַרבייטער — האָט מען אויפ׳ן באַפעל פון ווילנער גובערנאַטאָר פאָן־וואַהל געשמיסען.

די עקזעקוציע האָט אַרויסגערופען אַ מורא׳דיגע אויפרעגונג ביי דער אַרבייטערשאַפט, וואָס האָט זיך דערפאַר אומבאַדינגט געוואָלט

נוקס זיין אַן פּאַן־וואהל׳ן. דער ווילנער בונדישער קאָמיטעט האָט זיך ניט געקאָנט אַנטשליסען צו נעמען אויף זיך די פּאָליטישע פאַר־אַנטוואָרטליכקייט פאַר אַזאַ טעראָריסטישען נקמה־אַקט. דאָס איז גע־וועזן אויך די שטעלונג פון דעם דאָרטיגען פּוילישען סאָציאַלדעמאָקראַ־

М. Ю.
ПРОКУРОРЪ
Виленскаго
Окружнаго Суда
...Мая 28 дня 1902 г.
№ ...
г. Вильна

Секретно

Г. Прокурору Виленскаго Военно-Окружнаго Суда.

Вслѣдствіе отношенія отъ вчерашняго числа за № 9, увѣдомляю Ваше Превосходительство, что смертный приговоръ надъ осужденнымъ Виленскимъ Военно-Окружнымъ Судомъ Гиршемъ Лекухомъ приведенъ въ исполненіе сего числа въ 2 ч. 10 мин. пополуночи. Смертная казнь Лекуха была произведена въ мѣстѣ, указанномъ административнымъ начальствомъ, близъ г. Вильны, на военномъ полѣ, окруженномъ со всѣхъ сторонъ войсками, въ одномъ изъ рвовъ, недоступномъ для взора постороннихъ лицъ. Въ 2 ч. 30 мин. присутствовавшій при казни врачъ констатировалъ смерть Лекуха и трупъ послѣдняго зарытъ на мѣстѣ казни въ приготовленной для него могилѣ.

Прокуроръ Суда [signature]

И. д. Секретаря [signature]

דאָס איז די פאָטאָגראַפיע פון רעפּאָרט, וועלכען עס האָט, אַלס געהיימען דאָקומענט, איבערגעשיקט דער געריכטס-פּראָקוראָר צום פּראָ-קוראָר פון ווילנער מיליטער-קרייז-געריכט וועגען דער הינריכטונג פון הירש לעקערט.

טישען קאָמיטעט (אונטער אָנפיהרונג פון מעטשיסלאַוו יוליעוויטש קאָזלאָווסקי). ביידע קאָמיטעטען זיינען געווען איבערצייגט, אַז יעדער שריט אין דער ריכטונג פון טעראָריזם, אויך אַ „נקמה"־אַקט, וועט אין דער אָנגעליטער אַטמאָספער פון יענע טעג עפענען אַ וועג פאַר אַ כוואַליע פון אינדיווידועלע טעראָר־אַקטען, אַ טאַקטיק, וואָס וועט

צום סוף מוזען צושטערען דעם מאַסן־כאַראַקטער פון דער אַרבייטער־באַוועגונג, דעם מעכטיגען כח, אויף וועלכען עס האָט זיך באַזירט די רעוואָלוציאָנערע סאָציאַלדעמאָקראַטיע פון יענער צייט.

א גרופּע פון 6 אַרבייטער (4 אידישע און 2 פּוילישע) האָט דאַן אָהן דער צושטימונג אָבער מיט דעם וויסען פון ביידע קאָמיטעטען אַליין אָרגאַניזירט דעם נקמה־אַקט, וואָס לעקערט האָט איהם אויסגעפיהרט. דעם 18טען (5טען) מאַי ביינאַכט האָט ער געשאָסען אין פאָן־וואַהל׳ן, ווען יענער איז אַרויס פון צירק, און איהם לייכט פאַרוואונדעט. לעקערט איז אויפ׳ן אָרט אַרעסטירט געוואָרען. דעם 28טען (15טען) מאַי איז פאָרגעקומען דאָס מיליטער געריכט, וואָס האָט לעקערט׳ן פאַר׳משפט צום טויט.

די שטאָט איז אין יענע טעג געווען אין העכסטען גראַד טעראָריזירט, און די פאַרטיידיגונג פון לעקערט׳ן האָט לײדער ניט געקאָנט צוגעגרייט ווערען אויף אַ געהעריגען אופן. ווען מען באַקאַנט זיך מיט די איינצעלהייטען פון פּראָצעס, קאָן מען זיך ניט באַפרייען פון דעם פייניגענדען געדאַנק, אַז אַ בעסערע פאַרטיידיגונג וואָלט לעקערט׳ן אפשר געקאָנט אַרויסראַטעווען פון דער תליה. יורידיש איז דאָס דורכאויס מעגליך געווען. אויף דער פראַגע פון דעם פּרעזיצענדען, וואָס ער האָט באַצוועקט מיט זיין שיסען, האָט לעקערט פעסט און מוטיק געענטפערט: „. . . איהם טויטען". אַט דער ענטפער האָט דעם געריכט געגעבען די יורידישע מעגליכקייט אַרויסצוטראָגען דעם טויט־אורטייל. אַנדערע טעראָריסטען האָבען אין אַזעלכע פאַלען — אין די פריערדיגע און אין שפּעטער יאָהרען — אָפט געענטפערט: „. . . ניט טויטען איהם, נאָר צוציהען די אויפמערקזאַמקייט פון פאָלק אויף זיינע אכזריות׳דיגע טאַטען, אויף זיין פּאָליטיק א. ד. גל." — און זיי האָבען באַקומען קאַטאָרגע אַנשטאָט צו גיין אויף דער תליה. א גוטער פאַרטיידיגער וואָלט זיכער געצוואונגען לעקערט׳ן זיך צו האַלטען אויפ׳ן געריכט אַזוי, אַז דער אורטייל וואָלט געקאָנט זיין אַן אַנדערער.

דעם 10טען יוני (28טען מאַי לויט׳ן רוסישען קאַלענדאַר) איז לעקערט אומגעקומען אויף דער תליה. זיין העראָאישע האַלטונג אויפ׳ן מיליטער געריכט און אין די לעצטע מינוטען פאַר דער תליה שטעלען לעקערט׳ן אין איין רייהע מיט די גרעסטע קעמפער און מאַרטירער פון צאַרישען רוסלאַנד. צו די נעמען פון זשעליאַבאָוו און פּעראָווסקאַיאַ קאָנען מיר מיט פולען רעכט צושטעלען דעם נאָמען פון הירש לעקערט׳ן.

***

לעקערט׳ס פרוי האָט מיט איהר קליין קינד, וואָס זי האָט גע־

בוירען עטליכע וואָכען נאָך זיין טויט, עמיגרירט קיין לאָנדאָן און פון דאָרטען קיין אַמעריקע. עס איז זעהר מעגליך, אַז לעקערט'ס קינד לעבט נאָך איצט אין אַמעריקע. אַ ברודער פון לעקערט'ן לעבט נאָך אין ליטע.

***

די ווילנער עקזעקוציע און לעקערט'ס מאַרטירערישער טויט האָבען געמאַכט אַ מורא'דיגען רושם אין „בונד" און אין די דרום'דיגע אָרגאַניזאַציעס פון דער רוסלענדער ס. ד. פּאַרטיי, אין דעם ראַיאָן וואָס צייכענט זיך אויס מיט אַ גרויסער אידישער אַרבייטער מאַסע. אומעטום איז ביי די אידישע אַרבייטער אויפגעקומען אַ טעראָריסטישע שטימונג, און אין יענע טעג האָבען זיך באַוויזען די ערשטע רעוואָלווערען אין די הענט פון אַ גרעסערער צאָל אידישע אַרבייטער און אַרבייטערינס אין די פאַרשידענסטע פּונקטען פון בונדישען ראַיאָן. אין די הענט פון אייגצעלנע אַרבייטער, גאַנץ נאָהענטע צו דער אָרגאַניזאַציע, האָט מען אויך פריהער שוין געקאָנט זעהן פון צייט צו צייט אַ רעוואָלווער. דער טאָג פון לעקערט'ס טויט איז די גענויע דאַטע, ווען דער רעוואָלווער איז געוואָרען אַ חלום פון טויזענטער און טויזענטער אידישע אַרבייטער. מען האָט זיך אָנגעהויבען צו לערנען שיסען. די טעראָריסטישע שטימונג האָט אַ געוויסע צייט געהאַט פאַרכאַפּט די איינפלוסרייכסטע קרייזען פון „בונד" און האָט באַקומען אַ מערהייט אויף דער 5טער קאָנפערענץ פון „בונד" (סעפּטעמבער, 1902, אין בערדיטשעוו). ס'איז כדאי צו פאַרצייכענען, אַז צו דער מינדערהייט, וואָס האָט אויף דער קאָנפערענץ באַקעמפּט די טאַקטיק פון „אָרגאַניזירטער נקמה", האָט געהערט דער דעלעגאַט פון ווילנער בונדישען קאָמיטעט (חבר גורעוויטש).

די איניציאַטיוו אין קאַמף געגען די טעראָריסטישע שטימונג האָט גענומען אויף זיך דער אויסלענדישער קאָמיטעט פון „בונד" (דזשאָהן מילל, אַברהם מוטניק, אַרקאַדי קרעמער, וולאַדימיר קאָסאָווסקי און טימאָפיי קאָפּעלזאָן), און אין אויסלענדישען קאָמיטעט גופא איז דער איניציאַטאָר פון קאָנסעקווענטסטען קאַמף געגען יעדען מין טעראָריסטישען אָפּנייג געווען וולאַדימיר קאָסאָווסקי. אַ שטאַרקען רושם האָט דאַמאָלסט געמאַכט אין רוסלאַנד זיין אַרטיקעל געגען דעם באַשלוס פון דער 5טער קאָנפערענץ, אין נומ. 88 „לעצטע נאַכריכטען" (רוסיש), און אין איניגע חדשים שפּעטער זיין בראָשורע „טעראָריזם" (רוסיש).

די טעראָריסטישע שטימונג האָט אָנגעהאַלטען עטוואָס מעהר ווי אַ יאָהר צייט, זי איז אָפּגעשוואַכט געוואָרען אַרום יולי־אויגוסט, 1903, ווען אין דרום־רוסלאַנד האָט די באַוועגונג אומעטום אָנגענומען אַ

געוואלטיגען מאסן־כאראקטער: די מעכטיגסטע סטרייקען אין אדעס און אייניגע אנדערע ערטער, ווען עס האָבען זיך באוויזען אויף דער ארענא פון פּאָליטישען קאַמף צענדליגע טויזענטער רוסישע אַרבייטער. אבער נאָך אין יוני, 1903, האט דער 5טער צוזאמענפאָר פון „בונד" (אין ציריך) איינשטימיג אנגענומען א באשלוס געגען דער טאַקטיק פון אָרגאַניזירטער נקמה.

***

ארום לעקערט'ן האָט זיך אין פארלויף פון דער צייט באשאפען א היפּש ביסעל ליטעראַטור. דאָס ווערטפולסטע אין היגזיכט פון היסטאָרישע פּינקטליכקייט בלייבט ביז היינט צו טאָג דאָס קליין בי־כעלע, וואס דער „בונד" האָט ארויסגעלאָזען (אומלעגאל, פארשטעהט זיך) אינאיינעם מיט דער פּוילישער ס. ד. פּאַרטיי אין ווילנע גלייך נאָך לעקערט'ס טויט. דאָס ביכעלע הייסט: „הירש לעקערט און זיין פּראָצעס". אָנגעשריבען האָט עס מאַיסיי סאָאולאָוויטש גורעוויטש („מאטוועי"), דאמאלסט דער פּאָרשטעהער פון ווילנער קאָמיטעט. דאָס שענסטע און דאָס ריהרענדסטע, וואָס איז געשריבען געוואָרען איבער לעקערט'ן, טראָגט די אונטערשריפט פון חבר ליעסיניען. דאָס איז אַן אַרטיקעל אין דער „צוקונפט", זומער 1902, גלייך נאָך לעקערט'ס טויט, און איצט, 32 יאָהר שפּעטער, א וואונדערבאר ליד, אויך אין דער „צוקונפט". דאָס ליד איז ווי א דערגענצונג צו יענעם מערקווירדיגען אַרטיקעל. אויף דעמזעלביגען הויכען ניוואָ שטעהט אַן אַרטיקעל אין דער „צוקונפט", זומער 1902, גלייך נאָך לעקערט'ס 1927, אין „פאָרווערטס". צו די בעסטע שורות, וואס די אידישע סאָציאַליסטישע פּרעסע פאַרמאָגט וועגען לעקערט'ן געהערט אויך אַן אַרטיקעל פון מיכאַלעוויטש'ן אין דער „נייער פאָלקסצייטונג", ווארשע, 1927.

אין דער סאָוועטישער אידישער פּרעסע האָבען זיך אין 1922 און 1927 באוויזען אַלערהאנט זכרונות וועגען לעקערט'ן. מאנכע פון זיי האָבען א געוויסען ווערט, אָבער דאָס גאנצע מעמוארען־מאַ־טעריאל, וואס האָט זיך דערוויייל באוויזען, נויטיגט זיך נאָך אין א שטרייגגען קאָנטראָל. אויף א העכערען ניוואָ, אָבער זעהר ווייט פון אָביעקטיווקייט אין דער אָפּשאצונג פון דער באוועגונג פון יע־נער צייט, ספּעציעל פון דער היסטאָרישער באדייטונג פון „בונד", שטעהט אַן ארבייט וועגען לעקערט'ן אין רוסישען „קראסני ארכיוו", 1927.

פון די בראָשורען, וואס זיינען געווידמעט לעקערט'ס אנדיינקונג, איז ווערט צו דערמאָנען: „הירש לעקערט, צום 20טען יאָהרגאנג פון

זיין קעפינג", מאָסקווע, 1922; „הירש לעקערט, צום 25טען יאָהרצייט פון זיין מארטירערטויט", פארלאג „די וועלט", ווארשע, 1927.

איינינע פאָלקסלידער וועגען לעקערט'ס מארטירערישען טויט געפינען זיך אין שמואל לעהמאן'ס לידער־זאמלונג „ארבעט און פריי־הייט", ווארשע, 1921.

דראמעס וועגען לעקערט'ן זיינען אונז באקאנט:

לואיס ריינגאָלד: „הירש לעקערט", 1903; ה. לייוויק: „הירש לעקערט", 1927; א. קושניראָוו: „הירש לעקערט", 1927.

דאָס היסטאָרישע „רוי־מאטעריאל" ארום לעקערט'ן פארנעמט א באזונדערען פלאץ אין דער מאנוסקריפט־אָפּטיילונג פון בונדישען פארטיי־ארכיוו. צו אן ערנסטער וויסענשאפטליכער אויספאָרשונג פון'ם קאפיטעל „לעקערט" אין דער הערויאישער געשיכטע פון „בונד", א געשיכטע געשריבען מיט'ן בלוט פון אידישען ארבייטער קלאס, איז נויטיג זיך צו באקענען קודם כל מיט דער „ארבייטער שטימע", צענ־טראל־אָרגאן פון „בונד", אלע נומערען פאר 1902 און 1903; די „לעצטע נאכריכטען" (רוסיש) נומערען 70 ביז 88, 1902; רעוו. ראָסיא, רוסיש, צ. אָ. פון דער פארטיי ס"ר, נומער 7; „איסקרא", „זשיזן", „אָסוואָבאָזשדעניע", „סוואָבאָדא" און אלע אנדערע — אָהן אויסנאם — רוסלענדער רעוואָלוציאָנערע אויסגאבען פון 1902.

## אַ. ליעסין.

# הירש לעקערט.

זיי האָבען רווישלאָז, אין די שעה'ן אין די שפּעטע,
פון טורמע, ווי גנבים, איהם ארויסגענומען,
און אונטער שטאַרקער וואַך, פאַרהאַקט אין אַ קאַרעטע,
געפירט, באַגלייט פון רייטער, אין פאַראַד אין שטומען —
געפירט איהם פאָרזיכטיג, אין טויטקייט פון באַגינען,
אַז קיינער זאָל זיך אויף די גאַסען ניט געפינען.

און ביז'ן „מיליטער־פעלד", ערגעץ הינטער שטאָט,
וואו פינסטער האָט דערוואַרט איהם שוין דער עשאַפאָט.

און אויפ'ן פעלד איז אן אַרמיי געווען פארבאָרגען,
געשטאַנען אונטער ביקסען מיט'ן בליק צום תליון,
צו זעהן דעם שוסטער־יונג דעם אידישען דערוואָרגען,
צום רום צום הערליכען פון קייזער און פאָן־וואַליען;
פיר באַטאַליאָנען האָט מען שטיל צונויפגעטריבען,
ווי שטורעמען גאַנץ ווילנע וואָלט מען זיך געקליבען.

אָט קומט שוין די קאַרעטע און ער געהט אַרויס,
ווען הויך איז מזרח־הימעל ברעכט די רויטקייט אויס.

דערזעהט ער דייטליך שוין פאַר זיך דעם עשאַפאָט
און האַרט דערביי די גרוב, פאַר איהם געגראָבען פריש;
צוויאָמערט זיך זיין האַרץ, ער מאַכט צוריק אַ טראָט,
און פאַר די אויגען גיט זיך אַלעם ווילד אַ מיש —
ווי ליב דאָס לעבען שמייכעלט, ווי די וועלט איז שיין,
ווי ווייניג גוטס געזען און מוז אין גרוב שוין געהן!

נאָר איין מינוט פון שוואַכקייט, ווייטאָגדיג און שווער,
און ווידער שוין דער שטאָלצער רעוואָלוציאָנער.

ער גייט צום עשאַפאָט, צום גורל זיינעם, מונטער,
און הערט דעם פּסק אין מוט אין ווירדיגען, אין פעסטען,
און לאַכט דעם אָנבאָט פון פאַרראַט מיט האַס אַרונטער,
און נעמט מיט בליקען שפּאָטישע פאַרעכטליך מעסטען
דעם שטייפען, אָפיציעלען, פרום־צוגלאָצטען פּנים
פון טויט־צושראָקענעם ראַבינער, דעם קאַזיאָנעם.

אָט בינדט מען אים די הענט, אָט זעהט ער שוין די שטריק,
אָט קומט שוין, קומט שוין אָן דער גרויסער אויגענבליק.

ווי טוט ער זיי פאַראַכטען — זיי און זייער שטראָף!
ווי קוקען זיי אויף איהם פאַר'חידושטע, די קנעכט!
און אָט שוין פאַלט די פּעטליע אויף זיין נאָז צום סוף,
געוואָרפען פון דעם תליון אומגעלומפּערט־שלעכט;
טאָ כאַפּט ער, הענט־געבונדען, פלינק זי מיט'ן קאָפּ
און טרייסעלט זי אַליין־שוין אויפ'ן האַלז אַראָפּ.

און באַלד אין מאָרגען־גרינקייט, הויך אין תליה־קנופּ,
צעוויגט זיך עלענדיג אַ בלויער, קאַלטער טרופּ.

אָט ליגט ער שוין א בר־מינן אין גרוב פאַרשאָטען,
און איבער איהם דער חייל לויפט אין מאַרש אין גיכען;
עס האָבען טויזענדער סאָלדאַטסקע פיס געטראָטען,
און מיט דער פלאַכער ערד דעם קבר אויסגעגליכען;
און זיכער אז זיין זכר וועט שוין זיין פאַרגעסען,
צופאָרען זיך די הענקער פריהשטיק אָפּצועסען.

דאָך שפּעטער שוין אַ ווײַלע, מיט דער זון צוזאַמען,
איז לעקערט אויפגעגאַנגען אין די רויטע פלאַמען.

עס איז אין קבר איז צעטראָטענעם געבליבען
פאַרהוילען נאָר דער מת, וואָס וועט דאָך באַלד צופוילען,
ווען הויך אַריבער קבר, מיט אַ שיין אַ ליבען,
האָט אויפגעשיינט דער העלד, וואָס ווערט שוין ניט פאַרהוילען;
ער איז פון „מיליטער־פעלד" ליכטיג אויפגעשטאַנען
אין קדושה־אָרעאַל, וואָס קען שוין ניט פאַרוויאַנען.

ער האָט זיך איבער די מיליאָנען קנעכט פון צאַר דערהויבען,
און אויפגעוועקט דעם שטאָלץ און אויפגעוועקט דעם גלויבען.

אַן אָרעם געטאָ־קינד פון נידעריגסטען נידער,
אַ לעבען אַזוי קורץ, א לעבען אזוי ביטער,
וואָס האָט אין אונזער גרויקייט אויפגע'כשופ'ט ווידער
דעם איידעלסטען ראָמאַנס פון וואונדערליכען ריטער —
אַ ראַכע־נעמער פאַר'ן כבוד דעם פאַרשוועכטען
פון קלאַס, וואָס איז געווען דער שפּ'סטער נאָך נעכטען.

אַ פאָרגייער, וואָס האָט, אין ביישפּיל אין דערהויכטען,
א גרויסען קעמפער־דור מיט זיין געשטאַלט באַלויכטען.

## זרח גאנעס.

# ווילנע אין די רעוואָלוציאָנערע אָקטאָבער טעג פון 1905

(בעאַרבייט, געזאַמעלטע מאַטעריאַלען פון פאַרשיידענע דאָקומענטען און פון אנטייל-נעמער אין יענע געשעהענישען.)



די אָקטאָבער־טעג פון יאָהר 1905 — דאָס זיינען געווען טעג שטורמישע, גרויס־אַרטיגע. דעם ערשטען מאָל האָט די רע־וואָלוציע ארומגעכאַפּט דאָס גאנצע לאַנד. מיט א רעש האָבען זיך געבראָכען די פונדאַ־מענטען פון דעם אַלטען רעזשים.

אין דער געשיכטע איז אריינגעשריבען גע־וואָרען א נייער, א גלענצענדער בלאַט, דער רו־סישער פּראָלעטאַריאַט האָט אָפּגעהאַלטען זיין ערשטען גרויסען נצחון. דער פּראָלעטאַריאַט איז ארויס אויפ'ן קאַמפּס־פּלאַץ מיט זיינע אייגענע כלי־זין. ער, דער בויער, דער שעפער פון אַלע רייכטימער, האָט א געשריי געטאָן: שטעה! האַלט! און אין דעם גרויסען רוסלאַנד האָט זיך אָפּגעשטעלט יעדע ארבייט, יעדער פאַרקער. ער האָט געזאָגט צום צאַר: זעהסט וואָס איך קען! אראָפּ! ווען ניט...

דער צאַר האָט א ציטער געטאָן און ער האָט אָנגעהויבען נאָכ־צוגעבען. דעם 17טען אָקטאָבער, 1905, האָט ניקאָלאַי אונטערגע־שריבען דעם מאַניפעסט וועגען דער קאָנסטיטוציע.

***

מיר גיבען דאָ איבער א פראַגמענט פון יענע היסטאָרישע גע־שעהענישען, וועלכע זיינען פאָרגעקומען אין ווילנע און געבראַכט פיל קרבנות דעם אידישען פּראָלעטאַריאַט.

***

דעם 13טען אָקט. (אַלטער סטיל) האָט מען זיך דערוואוסט וועגען דעם באַשלוס פון אייזענבאַן־צוזאַמענפאָהר צו ערקלערען אַן אַלגעמיינעם סטרייק.

די ווילנער אייזענבאַנער האָבען אויסגעקליבען א סטרייק־ביוראָ

אויף אָנצופירען מיט דעם סטרייק. די אייזענבאַנער האָבען דאָן זיך געווענדעט צו די דרוקער, זיי זאָלען אָנטייל נעמען אין קאַמף. די דרוקער האָבען מסכים געווען צו סטרייקען, אָבער בתנאי, אַז דער ווילנער קאָמיטעט פון „בונד" וועט זיי הייסען.

זיי האָבען איינגעלאַדען אין ביוראָ אַ פאָרשטעהער פון דעם פאַראייניגטען קאָמיטעט פון „בונד" און אַ פאָרשטעהער פון פּ. ס. ד., כדי אינאיינעם צו אָרגאַניזירען אַן אַלגעמיינעם פּאָליטישען סטרייק אין ווילנע. אין אָוונט איז ביי זיי געווען אַ פאַרזאַמלונג, מען האָט געהאַלטען רעדעס א. א. וו.

דעם 14טען אינדערפריה זיינען שוין די צוגען ניט געגאַנגען אויף אייניגע ליניעס און אין. שטאָדט איז דערווייל אַרוים אַ קלאַנג, אַז ביינאַכט האָט מען אַרעסטירט דעם הויפּט־אינזשעניר באָריסאָוו און נאָך עטליכע אינזשענירען; ראובן מיצקון, וועלכער האָט געאַר־בייט אין פאַרוואַלטונג פון ב. ס. אייזענבאַן און וואו ער האָט מיט אַ טאָג פריהער געהאַלטען אַ רעדע; דעם אַדוואָקאַט עליאַשעוו א. א.

11 אזייגער אינדערפריה האָט מען באַמערקט אַן אומגעוועהנליכע באַוועגונג פון סאָלדאַטען און קאָזאַקען איבער'ן שטאָדט. אַ טייל האָט מען אויסגעריכט אויפ'ן וואָקזאַל, די איבעריגע האָבען מיט'ן פּאָליצמייסטער בראש ארומגערינגעלט די פאַרוואַלטונג פון דער פּאָ־ליעסער אייזענבאַן און ניט געלאָזען די אייזענבאַנער זיך צונויפצו־קלייבען. די לעצטע האָבען זיך דאַן געלאָזען אויפ'ן הויף פון דער ב. ס. אייזענבאַן־פאַרוואַלטונג און האָבען געמאַכט אַן אָפענעם מיטינג. מ'האָט באַשלאָסען אָפּצושטעלען אַלע צוגען און האַלטען זיך פעסט און אייניג. ווען דער מיטינג האָט זיך געענדיגט, זיינען זיך אַלע פאַרנאַנדערגעגאַנגען אהיים. אויפ'ן גאַס האָט געקאָכט. מען האָט זיך אָנגעגרייט שפּייז אויף עטליכע טעג. בכלל איז אָבער דער טאָג אין ווילנע דורכגעגאַנגען כשורה. אין אָוונט איז אין שטאָדט געווען שטאָק פינסטער, די גאַז און עלעקטריע איז געווען אָפּגעשטעלט.

שבת, דעם 15טען אָקט., האָט די בונדישע אָרגאַניזאַציע ניט גערוהט. פון פריהמאָרגען ביז שפּעט אין דער נאַכט האָט זי דורכ־געפירט מאַסען־פאַרזאַמלונגען, שוין כמעט אָפען, אָהן דער מינדסטער מורא, אין בנינים און אונטער'ן פרייען הימעל. אומעטום רעדנער, איינער אַראָפּ, דער צווייטער אַרויף. אַם מערסטען האָט גערעדט אַראָן (א. ווייטער). ער איז געווען אומעטום איינער פון די ערשטע רעדנער. אַמ איז ער אין דער אַלטער גרויסער שטאָדטישער שול מיט די פיר הונדערט־יאָהריגע קאָלאָנעס פון רויטען גראַניט. די שול איז פול מיט אַ פיל טויזענט קעפּיגען עולם פון אַלע שיכטען פון דער אידישער באַפעלקערונג. פון דער בימה טראָגען זיך הילכיג פלאַמע־

דיגע רופען צום גרעסנגעל פאר פּאָליטישער באַפרייאונג. צווישען עולם האָט זיך אָנגעהויבען טראָגען א געמורמעל, ווי פון די כוואַליעס פון ים ערב א גרויסען געוויטער.

דעם זעלבען שבת אין דער פריה האָבען די אייזענבאַנער באַקומען א דערלויבניש צו מאַכען אַן אָפענעם מיטינג, מיט דעם תנאי, אָבער, אַז דערביי זאָל זיין א באַאַמטער — א צענזאָר.

אין קלוב האָט זיך צונויפגעקליבען א ים מיט מענשען (פון דריי ביז פיר טויזענט). אידען זיינען געווען זעהר ווייניג, נאָר פונדעסטוועגען האָבען זיך דאָך געהערט געשרייען: צו וואָס האָבען זיך דאָ צונויפגעקליבען א סך „זשידעס”. נאָר דאָס איז קיין וואונדער ניט. צופיל איז די מאַסע געווען אָפּגעטיילט פון אידען, צו טיף האָט זיך איינגעוואָרצעלט דער אַנטיסעמיטיזם צווישען די באַאַמטע, אַז זיי זאָלען קאָנען שלום ווערען מיט'ן געדאַנק צו פאַראייניגען זיך מיט די אידען אין נאָמען פון דער אַלגעמיינער זאַך. דאָס האָט זיך, אַגב, ארויסגעוויזען שוין אויף די פאָריגע פאַרזאַמלונגען, בעת עס פלעגט ארויסטרעטען א אידישער רעדנער, האָט דער עולם אָנגעהויבען צו שרייען, אַז זיי דאַרפען ניט קיין אידישען רעדנער. דער מיטגליד פון ביוראָ, וועלכער האָט געעפענט די פאַרזאַמלונג, האָט אָנגעוויזען אויף דעם טרויעריגען פאַקט, האָט אויסגעדריקט די האָפנונג אַז מעהר וועלען אַזעלכע זאַכען ניט פאָרקומען, אַז די מערהייט פון דער פאַרזאַמלונג איז ניט מסכים מיט די וואָס האָבען דאָ נאָר־וואָס געשריען געגען אידען, האָט אָנגעוויזען אויף די אַלגעמיינע אינטערעסען א.א.וו.

די מאַסע איז געווען באַגייסטערט אָהן א ברעג. זי האָט פייערדיג אַפּלאָדירט די רעדנער, דעם בונדישען ווי אויך די איבעריגע. מיט שטורמישע אַפּלאָדיסמענטען האָט מען באַגעגענט די דעלעגאַטען פון די בענק, וועלכע האָבען ערקלערט, אַז אַלע בענק זיינען צוגעשטאַנען צום סטרייק, און נאָר די אָרלאָווער און די מלוכה־באַנק אַרבייטען אונטער דער שוץ פון קאָזאַקען און סאָלדאַטען.

„נידער מיט די אָרלאָווער!” האָט מען געשריען אין גאַנצען זאַל. דער מיטינג האָט זיך געענדיגט אָהן באַזונדערע אינצידענטען. די שטאָדט איז געווען פאַרפּליצט מיט סאָלדאַטען און קאָזאַקען, וועלכע האָבען געהיט אַלע מלוכה־אַנשטאַלטען, אייזענבאַן א. א. וו.

אַזיינער 5 איז פאָרגעקומען א צוזאַמענשטויס מיט די קאָזאַקען און סאָלדאַטען, וועלכע האָבען געשאָסען. קיין דער'הרג'עטע זיינען ניט געווען. אין אָוונט איז געווען א דעמאָנסטראַציע אויף ברייטע גאַס. דערביי האָט מען געבראָכען שויבען אין די אָפענע קראָמען. די קאָזאַקען האָבען פאַרנאַנדערגעטריבען דעם עולם, נאָר אָהן ווילדקייטען.

זונטאָג, דעם 16טען אָקטאָבער, האָט זיך אָנגעהויבען אַן אַלגעמיינער סטרייק; דער גאַנצער וואָכעדיגער לעבען האָט זיך אָפּגעשטעלט, נאָר די טערקישע בעקערייען זיינען געבליבען אָפען און זיינען געווען באַוואַכט פון מיליטער. די גאַסען זיינען געווען געפּאַקט מיט מענשען, די פּאַטרולען האָבען זיך אַלץ פאַרגרעסערט.

אינדערפריה איז אונטער'ן נאָמען פון פאַראייניגטען רעוואָלוציאָנערען קאָמיטעט אין אייזענבאַהן-קרייז געווען צונויפגערופען אַ גראַנדיעזער מיטינג. דער הימעל איז פון פריהמאָרגען געווען שטאַרק פאַרוואָלקענט... עס האָט געטריפט אַן אומאויפהערליך-איינגעגאָסענער רעגענדעל, דאָס האָט אָבער ניט געשטערט דעם עולם צו געהן צום מיטינג. די גאַסען זיינען פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין משונה'דיגע שווארצע מענשען-שטראָמען, וואָס האָבען זיך אַלע געצויגען אין איין ריכטונג — צום אייזענבאַן-קרייזעל. מען איז געגאַנגען פראַנק און פריי, לייענענדיג אָפען און דרייסט פרישע פּראָקלאַמאַציעס פון אַלע פּאַרטייען אויף אַלע שפּראַכען, וואָס האָבען גערופען צום אַלגעמיינעם סטרייק און צו גראַנדיעזע דעמאָנסטראַציעס. דאָס יונגוואַרג איז געגאַנגען פרעהליך, מיט ליכטיגע אויגען און שיינענדיגע פּנים'ער, ערטערווייז אונטערזינגענדיג רעוואָלוציאָנערע לידער.

אַיין גרופּע, וואָס איז געגאַנגען דורך ווילנער גאַס, האָט אַנטקעגען דעם גובערנאַטאָר'ס הויז געוואָלט מאַכען אַ דעמאָנסטראַציע. מיט אַמאָל איז ווי פון דער ערד אויסגעוואַקסען דער חבר אַראָן און האָט אויסגעשריען אין אַן ענערגישען באַפעלערישען טאָן: חברים! ניט אָרגאַניזירטערהייט און פאַר דער צייט, וועט איהר ברענגען צו אַ דורכפאַל! מיר מוזען וויסען, ווען ארויסצווייזען אונזער צאָרן און ווען געדולד. דערין איז אונזער כח!... די היציגע יוגענט האָט זיך גלייך בארוהיגט, געבענדיג איהם געדעכט. ער — אַראָן — איז עס אייגענטליך געווען דער אָרגאַניזאַטאָר פון גראַנדיעזען מיטינג און זיין גייסט האָט געשוועבט אומעטום.

אין דער פריה זיינען אייניגע וואַגאָנעס פון טראַמוויי (קאָנקע) ארויסגעפאָהרען. דער עולם, צווישען זיי קינדער, האָט זיך אויף זיי אַ וואָרף געטאָן, האָט זיי איבערגעקערט, די פערד אויסגעשפּאַנט און אויסגעריכט אין דעפּאָ.

דער לאָקאַל פון אייזענבאַן-קרייזעל איז געווען פול געפּאַקט, ענג, אַז מען האָט זיך ניט געקאָנט אַ ריהר טאָן. טויזענטער מענשען האָבען ניט געקאָנט אריין און זיינען פאַרבליבען אין דרויסען. גאַנץ בערסאָנער געסעל און אַ גרויסער טייל פון געאָרג. פּראָספּעקט איז געווען פול מיט מענשען. אַלע האָבען געוואָלט וויסען, וואָס רעדט מען דאָרטען, וואָס טוט זיך אין אייזענבאַן-קרייזעל, וואָס איז דאַ-

מאָלסט געווען דער צענטער פון רעוואָלוציאָנערען לעבען פון שטאָדט. און דאָרטען זיינען אין דערזעלבער צייט אויף דער טריבונע געהאַלטען געוואָרען רעדעס. א רעדנער אראָפּ, א רעדנער ארויף, דעם ערשטען מאָל האָט מען דערהערט די ווערטער „די גרויסע רוסלענדישע רעוואָלוציע", צום ערשטען מאָל דערהערט קאָפּ־שווינדלערישע ווערטער וועגען סאָציאַלער רעוואָלוציע, אנארכיע וכדומה.

עס האָבען גערעדט א סך, צענדליגע, אפשר הונדערטער מענשען, ווער עס האָט נאָר געהאַט כח ארויפצוכאַפּען זיך אויף דער טריבונע.

פּלוצלונג, בעת'ן מיטינג, האָט זיך איינער געוואָרפען רייסען דעם קייסער'ס בילד און אין א צווייטען ווינקעל פון זאַל האָט זיך דערהערט א שאָס... עס איז געוואָרען א טומעל, א גערודער, א מהומה, מען האָט זיך א לאָז געטאָן צו דער טיר. מאַסען מענשען האָבען געקאָנט צוטראָטען ווערען אויף טויט. מיטאמאָל האָט זיך דערהערט א מעכטיגע באַפעלערישע שטים: רוהיג, אָרדנונג, חברים און בירגער! פאַרלירט זיך ניט!

דאָס האָט זיך אראָן געשטעלט ביי דער ברייטער טיר און געמאַכט אָרדנונג און עס איז איהם געלונגען.

אז דער עולם האָט זיך אָנגעהויבען פאַנאַנדערגעהן פון מיטינג, האָט שוין עמיצער באַוויזען איבערצוגעבען וועמען מ'דאַרף, אז אויפ'ן מיטינג האָט מען צוריסען דעם קייסער'ס פּאָרטרעט און מען האָט געשאָסען, אז דער עולם פון מיטינג איז בלומרשט באַוואָפענט, און באַלד איז דער גאַנצער פּראָספּעקט מיט די דערבייאיגע גאַסען באַוואַכט געוואָרען פון מיליטער.

עס האָט זיך געפיהלט, אז עס איז נאָהענט צו א שטורם. דער עולם איז געווען אויפגערעגט און מען האָט געפיהלט, אז ביי אַזא מאַסע סאָלדאַטען און קאָזאַקען, וועלכע געפינען זיך אויפ'ן גאַס, וועט מען געוויס ניט אויסמיידען קיין בלוט־פאַרגיסונג. די אָרגאַניזאַטאָרען פון מיטינג האָבען דאָס געוואוסט. אייניגע אינגלעך האָבען גענומען ברעכען די אייזערנע שטאַכעטען פון געוועזענעם גערטענדעל־צוים, כדי זיך דערמיט אָפּצואוועהרען פון די באַוואָפענטע סאָלדאַטען און קאָזאַקען. א סך מיה האָט געקאָסט די אָנפירער פון מיטינג צו באַרוהיגען דעם המון, וואָס האָט געזעהן פאַר זיך דעם טויט פאַר די אויגען.

דאָן האָט דער פּרעזידיום פון מיטינג געשיקט א דעלעגאַציע צום גובערנאַטאָר פאָן פאָלען ער זאָל קומען צו פאָהרען. ער איז געקומען. מען האָט פון איהם געפאָדערט, אז ער זאָל אָפּציהען דאָס מיליטער פון נעאָרגיעווסקי פּראָספּעקט און מ'האָט איהם צוגעזאָגט אָפּצוהיטען די רוה. דער גובערנאַטאָר איז געווען גוואַלדיג אויפגערעגט.

די רוסען פון פּרעזידיאום: פרוי וואַסיליעווסקאַיא, אינזשעניר פּראָזאָראָוו און דער אַראטאָר סטעפּאַן האָבען אומזיסט אריינגע־טענה'ט מיט פּאַן פּאַלען'ען, אַז דער עולם איז אומבאַוואָפענט, אַז דער שאָס איז געווען אַ פּראָוואָקאַטאָרישער, ווי די מעשה מיט'ן פּאָר־טרעט, אַז דער עולם וועט זיך פרידליך צוגעהן אהיים. אומזיסט האָבען זיי איהם געבעטען, ער זאָל צונעמען דאָס מיליטער פון די גאַסען, כדי צו באַרוהיגען דאָס פּאָלק, — קיין זאַך האָט ניט גע־האָלפען. דאַן איז צוגעגאַנגען צום גובערנאַטאָר'ס קאַרעט אראָן און האָט זיך צו איהם געווענדעט מיט עטליכע קורצע, פּשוט'ע, אייגענ־אַרטיגע ווערטער, אַזוי טיף פון הארצען ארויסגעזאָגטע, ער זאָל ניט איבער'חזר'ן די געשיכטע פון 9טען יאַנואַר, — אַז פּאַן פּאַלען איז גערירט געוואָרען און האָט געמאָלדען, אַז ער איז מסכים, דער עולם זאָל דורכגעהן די גאַסען אין רוהיג־אויסגעשטעלטע רייהען, אָבער צוריקציהען דאָס מיליטער האָט ער קיין רעכט ניט אָהן דער דער־לויבניש פון גענעראַל־גובערנאַטאָר, נאָר ער גיט אָן עהרען־וואָרט, אַז מען וועט ניט שיסען. אַלענפאַלס קאָן די דעלעגאַציע מיט איהם מיטפאָהרען צום גענעראַל־גובערנאַטאָר. אַלע האָבען זיך באַרוהיגט. די דעלעגאַציע האָט זיך געזעצט אין קאַרעט מיט דעם גובערנאַטאָר.

פאַראויס איז געפאָהרען דער גובערנאַטאָר אין קאַרעט צוזאַמען מיט די אויסגעוועהלטע דעלעגאַטען פון מיטינג, אַחוץ אראָנ'ען, וועל־כער איז געגאַנגען צופוס. און נאָך זיי האָט זיך גערוקט די דעמאָנ־סטראַציע פון מאַסען טויזענטער, אפשר צענדליגער טויזענטער מאַנס־ביל מיט ווייבער, אַלט און יונג, אפילו קליינע קינדער. און ארום און אומעטום אַ גרויסע שמירה פון באַוואָפענטען מיליטער...

אַ קורצע צייט איז מען געגאַנגען בשלום אָהן פאָהנען און אָהן געזאַנג. שטיל און פייערליך האָט זי זיך געצויגען אין מיטען גאַס און אויף טראָטואַרען. די באַלקאָנען און די אָפענע פענסטער, אפילו די דעכער זיינען געווען באַזעצט מיט מענשען.

עס איז געווען אַן אויסטערליש בילד, אין וועלכען עס האָט זיך געפיהלט אַ טראַגישע געשפּאַנטקייט, וואָס האָט געשראָקען מיט עפּעס

אַ שוידערליכער דערוואַרטונג. און מיט אַמאָל, ווען די קאָפּ פון דער דעמאָנסטראַציע האָט זיך דערנעהנטערט צום ראָג זשאַנדאַרמסקע האָט עמיצער ערגעץ פון אַ באַלקאָן געגעבען אַ שאָס (ווי עס האָט זיך ארויסגעוויזען, האָט עס געשאָסען אַ זשאַנדאַרמסקער אָפיציער) און אַלס ענטפער דערויף — אַ זאַלפּ, אַ צווייטער און אַ דריטער — און אַ גיהנום איז געוואָרען די ברייטע, לאַנגע, שעהנע גאַס. מענשען זיינען געפאַלען ווי די סנאָפּעס. דער ברוק איז געוואָרען רויט פון

בלוט פון פיר דער'הרג'עטע און צענדליגער פארוואונדעטע, אלע אידען. א תל, א חורבן און א תוהו ובוהו...

א סך האבען זיך געלאזט לויפען צו די הויפען, צו די טויערען, צו די פענסטער, וואו עס זיינען געווען אויסגעשלאגען די שויבען. פיל זיינען געפאלען צו דער ערד, כדי ניט געטראפען צו ווערען פון די קוילען. די דעלעגאציע, וועלכע איז געפאהרען מיט'ן גובערנאטאר, האט געפאדערט, אז ער זאל זיך אומקערען און תיכף אפשטעלען די שיסעריי, אבער ער האט קיין זאך ניט געטאן כדי אפצושטעלען די אכזריות'דיגע הריגה.

דערזעהענדיג די דער'הרג'עטע און פארוואונדעטע, האט זיך דער עולם זעהר צוקאכט, מען האט געשאלטען מיט אלע קללות דעם



מאקס קיזבערג, געארבייט אין סירקין'ס בוכהאנדלונג. דער־הרג'עט געווארען דעם 16טען אקטאבער, 1905.



טאניא פאמעראנץ, א סטודענט־קע (בונדיסטקע), שווער פאר־וואונדעט געווארען און גע־שטארבען דעם זעלבען טאג, דעם 16טען אקט., 1905.

„ליבעראלען" גובערנאטאר פאן פאלען, וועלכער האט אזוי אפגענארט און פארראטען זיין „עהרען־ווארט".

די דער'הרג'עטע און פארוואונדעטע חברים האט מען אוועקגע־טראגען אין אידישען שפיטאל. פאראויס, אויף א פלאקען, האט מען געטראגען זייערע העמדער דורכגענעצט אין בלוט.

פאלגענדע פערזאנען זיינען דער'הרג'עט געווארען אין יענעם טאג: גרשון סלאנימטשיק, 16 יאהר אלט, א פאריקמאכער; מרדכי קיזבערג, געארבייט ביי סירקינ'ען; אלטער באיארסקי, א קאמאשען־מאכער; מאשא גאלדבערג, א קאסירערין אין א וועשעריי, 20 יאהר אלט.

זעהר שווער זיינען פאַרוואונדעט געוואָרען אברהם קיסין, גע־וועזענער מיטגליד פון האָמלער קאָמיטעט פון „בונד", געשעפטס־פיהרער ביי סירקינען; און טאַניא פּאָמעראַנץ, 25 יאָהר אַלט, אַ סטודענטקע (בונדיסטקע), וועלכע איז געקומען צו־גאַסט צו איהרע עלטערען און האָט אַקטיוו אָנטייל גענומען אין דער דעמאָנסטראַציע. זי איז געשטאָרבען דעם זעלבען טאָג אין שפּיטאָל.

דעם זעלבען טאָג איז אראָן אוועק צום גענעראל טשאַגין, זיין פאַטער'ס אַ באַקאַנטען, צום גענעראל שאַרסקי און צום שטאָדט־גאָלאָווא בערטהאָלד און האָט ביי זיי גע'פועל'ט, ס'זאָל צונויפגערופען ווערען אַן עקסטרא־זיצונג פון דער שטאָדט־דומע וועגען דער געשע־הענער טראַגעדיע.

ארום לאַנגע, שעהן־באַצירטע טישען זיינען געווען אויסגעזעצט די „פאַטערס פון שטאָט", סתם יחוס'דיגע און געלט־יחוס'דיגע פּריצים, און פאַר זיי איז געשטאַנען און האָט גערעדט אויף פּויליש און אויף רוסיש מיט הארץ, מיט פייער און מיט שטורם ח' אראָן. ער האָט גערעדט וועגען פאָלק, וועגען פעלקער און קלאַסען און זייער אייביג גערעכטען קאַמף פאַר פרייהייט, וועגען אומגעקומענע פאַר זייער אי־דעאַל, וועגען אומשולדיגע קרבנות פון מענשליכער אכזריות און בגידה... ער האָט מיט פייער, מוט און שטאָלץ געפאָדערט די „אדונים" זאָלען תיכף ומיד אוועקגיין צום גובערנאַטאָר, צום גענעראל־גוברנאַ־טאָר און פועל'ן אראָפּצונעמען די מיליטערישע שמירה פון שטאָט, רוהיג און זיכער דורכצופיהרען די לויה פון די קרבנות פון דער זעלבסטהערשונג און ער האָט שטרענג גערופען די „גלאַסנעס" אָנטייל־צו נעמען אין דער אָרגאַניזירונג פון דער טרויער־פּראָצעסיע. די פּריצים זיינען געווען דערשיטערט און זיינען איינגאַנצען ארונטער אונטער אראָנ'ס השפעה.

לויט דער בקשה פון אופּראַווע האָט דער גענעראל גובערנאַטאָר פאַן־פּרעזע אראָפּגענומען די מיליטערישע שמירה פון שטאָט און אראָן האָט אויסגעאַרבייט און איבערגעגעבען דעם גאַנצען פּלאַן פון דער אָר־גאַניזאַציע פון דער טרויער פּראָצעסיע און אַלע פּרטים. ער האָט ניט געשלאָפען די נאַכט פון 16טען אויפ'ן 17טען אָקטאָבער. געאַרבייט האָט ער, האָט מען געזאָגט, פאַר הונדערט. אומעטום איז ער געווען די נשמה. פון אַלע זייטען האָט מען זיך געווענדעט צו איהם מיט אָנפראַגעס, נאָך אינסטרוקציעס און ער האָט איטליכען אָנגעוויזען געגוי זיין פּלאַץ, זיין צייט און זיין פונקציע. אַלעמענס אויגען זיינען געווען געווענדעט צו איהם, צום „קאָפּ פון בונד און פון פאַראייניגטען קאָמיטעט". ניט בלויז דער „בונד" האָט געוואַרט אויף חבר אראָנ'ס פאַראָרדנונגען און דירעקטיוועו, נאָר אפילו אַנדערע פּאַרטייען האָבען

זיך אָפּגעהאַלטען פון אייגענער איניציאַטיוו און אָנגעשטרענגט געוואַרט, וואָס וועט „ער" זאָגען, וואָס וועט „ער" הייסען, וואָס וועט „ער" טאָן...

ביז 9 אַזייגער דעם 17טען אינדערפריה האָט אַראָן שוין געהאַט אויסגעשטעלט אין אַ מוסטערהאַפטען סדר שפּאַלערען פון די בוי־אַרבייטער, מעטאַליסטען און לעדער־נאָדעל פאַך, די פּאַרטייען מיט זייערע שוואַרץ־געפילטע פאָנען און בענדער מיט אויפשריפטען און דעם גאַנצען עולם, ווי מ'האָט געשאַצט, ביי אַ פערציג טויזענט מאַן. אַלע אָרגאַניזאַציעס פון די האַנטווערקער און אַנדערע פאַראיינען, האָבען געשיקט קרענץ. עס איז געווען אַ קראַנץ פון דער שטאָט־דומע און איהרע אַ דעלעגאַציע איז נעגאַנגען צו דער לויה. עס זיינען געווען טראַנספּאַראַנטען מיט אויפשריפטען, ווי: „נידער מיט דער זעלבסט־הערשונג", „אַ טויט די טיראַנען" א. אַ. אינגאַנצען זיינען געווען קרוב 40 קרענץ.

נאָכ'ן אויסשטעלען דעם גראַנדיעזען טרויער־צוג, האָט אַראָן געגע־בען אַ סיגנאַל און די פּראָצעסיע האָט זיך אָנגעהויבען מיט אַ קייט פון די אָרגאַניזירטע אַרבייטער פון אַלע פּאַרטייען.

שטיל־שווייגענדיג האָט זיך געצויגען די פּראָצעסיע פון אידישען שפּיטאָל (זאַוואַלנע) דורך טראָקער, יאַן גאַס, ברייטע, באַטאַנישע, הייליגע אננאַ. אין משך פון לאַנגע שעה'ן איז די קייט פון ביידע זייטען קיינמאָל ניט איבערגעריסען געוואָרען. דער עולם האָט זיך פאַרהאַלטען זעהר שטיל, ווייל אַזוי האָבען אָנגעזאָגט די אָרגאַניזאַ־טאָרען. דער קלענסטער געררויש, די קלענסטע באַוועגונג האָט זיך גע־הערט, קיינער האָט ניט אויפגעהויבען אַ העכערען קול, עס זיינען קיינע אויסרופען ניט געווען, נאָר אַז מען איז געקומען אריבער זאַרעטשער בריק, האָט זיך פּלוצלונג פון ערגעץ דערהערט אַ קנאַל — די מאַסע האָט אַ ציטער געטאָן, אויפגעשווידערט און די אייזען־פעסטע מענשען־קייט האָט זיך אַ וואַקעל געטאָן, געהאַלטען שיר ניט ביים צוריסען ווערען; די קאַטאַסטראָפע, האָט זיך געדוכט, איז געווען אומפאַר־מיידליך... אָבער דאָ איז ערשינען אַראָן און האָט אויסגעשריען שטרענגסטע דיסציפּלין! מוסטערהאַפטע האַלטונג, פאָלגט די אָרד־נערס, לטובת אונזער כלל... מיט דער דאָזיגער אינטערווענץ איז די גאַנצקייט פון דער פּראָצעסיע געראַטעוועט געוואָרען און זי איז אוועק ווייטער און קיין בייז איז מעהר ניט געשעהן.

אַזייגער 5 פאַרנאַכט איז די פּראָצעסיע אָנגעקומען אויפ'ן בית־עולם. אויפ'ן בית־עולם האָבען געהאַלטען רעדעס מענשען פון פאַר־שיידענע גרופּען, פאַראיינען און אָרגאַניזאַציעס. עס האָט אויך גערעדט אַ פאָרשטייער פון די פּויערים, ער האָט זיך געווענדעט צו דער איינ־

טעליגענץ מיט דער בקשה, אַז זי זאָל העלפען אויפוועקען „דעם רו־סישען שלאָפענדיגען בער — דעם רוסישען פויער".

דער גאַנעצער וועג צוריק איז געווען באַלויכטען מיט פאַקלען — אויך אראַנס'עם אויפטו — און דער עולם איז געקומען צוריק אין שטאָט בשלום ארום 10 אזייגער אין אָוונט.

אַז אראָן איז געגאַנגען פון דער לויה האָט ער זיך דערוואוסט, אַז אין שפּיטאָל איז פון די וואונדען געשטאָרבען אברהם קיסין, האָט ער באַשלאָסען, אויף מאָרגען, דעם 18טען, צו אָרגאַניזירען אויך די לויה. זי האָט זיך איהם ווידער איינגעגעבען, כאָטש די פּני זיינען שוין היינט, נאָך די נעכטיגע געהערטע רעדעס אויפ'ן בית־עולם, ניט געקומען.

די לויה איז געווען נאָך א סך א גרעסערע, איידער די נעכטיגע.



אברהם קיסין, געשעפטס-פירער אין סירקין'ס בוכהאַנדלונג, שווער פארוואונדעט דעם 16טען אָקט. 1905, געשטאָרבען דעם 18טען אָקטאָבער, 1905.

אויך די שילער פון אַלע ווילנער שולען זיינען געגאַנגען הינטער'ן אָרון מיט זייערע קרענץ. אויך אין דעם טאָג איז געווען די אָרדנונג אַן אויסגעצייכענטע.

אין מיטען דער פּראָצעסיע איז אָנגעקומען די דעפּעשע וועגען דעם מאַניפעסט פון 17טען אָקטאָבער, — און די לויה איז תיכף פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין א פייערליכער פּאָליטישער דעמאָנסטראַציע... דער עולם האָט שוין פאַרגעסען אָן די היילינגע מאַרטירער פון דער רעוואָלוציע, פון עולם האָט זיך די שכינה אָפּגעטאָן... א מחנה יונגע לייט האָט שוין באַוויזען אריינצוכאַפּען זיך אין דרוק אויף טראָקער גאַס, וועמען דער פאַראייניגטער סטרייק־קאָמיטעט האָט ער־

ליובט צו דרוקען די דעפעשע און האָבען עקספּראָפּריאירט א פּעקעל בלעטלעך, וואָס זיינען ווי פּייל פון בויגען אריבער פון האנט צו האנט, אלע האָבען גערעדט וועגען דעם נצחון פון דער רעוואָלוציע. אלע האָבען גערעדט צווישען זיך. מען איז געגאנגען ריידענדיג, די פּראָצעסיע האָט שוין געטראָגען א כאראקטער פון א טרוקענער צערעמאָניע, זי האָט שוין פארלוירען די נשמה...

אראָן איז זעהר אויפגערעגט געוואָרען און האָט אויסגעשריען צו א גרופּע: קאָמיקער! מיר גייען דאָך אויף א לויה! מיר באַגלייטען דאָך דעם אומגעקומענעם חבר אברהם!!

קיין אינצידענטען זיינען ניט געווען און מען איז ווי נעכטען, דעם 17טען, געקומען בשלום אויפ׳ן בית־עולם. קיין הספדים זיי־נען שוין ניט געווען, — אָן דעם, וואָס איז אוועק פאר אלעמען א קרבן, האָט מען לחלוטין גאָר פארגעסען. מען האָט געהאלטען ריין פּאָליטישע רעדעס וועגען דער באדייטונג פון מאניפעסט, מען האָט איהם קריטיקירט, מען האָט אויפגעוויזען זיין צביעות׳דיגען כאראקטער פון די פּיצלעך הנחות, וואָס דער מאניפעסט האָט גע־געבען און מען האָט גערופען צום וויטערדיגען קאמף. עס האָבען גערעדט טאלאנטפולע און הארציגע רעדנער, מענשען מיט א שעה־נעם רעוואָלוציאָנערען עבר, און עס האָבען גערעדט רעדנער פריש־געבאקענע, וואָס האָבען מיט א וואָסערע דריי־פיר טעג צוריק מודא געהאַט דעם נאָז ארויסצושטעקען און וועלען זיך צוריק באהאלטען הינטער פעסטע לאדענס. טאלאנטלאָזע און קאלטע שרייער, וואָס האָבען נאָר אָנגעמאכט א טומעל און א פּלאָנטער... מען האָט אויפגעדעקט, קריטיקירט, אָבער די אמת׳ע סיבה פון דער מפּלה האָט מען ניט געוואוסט און ניט פארשטאנען...

אראָן האָט א וואָרט ניט גערעדט, ער האָט זיך בלויז צוגע־קוקט, צוגעהערט מיט א מין מעלאנכאָליע...

ער האָט זיך דער ערשטער דערוואוסט, אז דעם זעלבען טאָג — דעם 18טען — האָט זיך פון געאָרגיעווסקע פּראָספּעקט געזאָלט אָנ־הויבען א גרויסער פּאָגראָם אויף די ווילנער אידען, נאָר אז א גלח האָט דערצו ניט דערלאָזען...

דעם 19טען, 20טען און 21טען ביז׳ן האלבען טאָג זיינען דורכ־געגאנגען אין מיטינגען, אין קאָר־שול, אין די „איינגענומענע" קלויזען, אין געזעלשאפטלעכע לאָקאלען, אין צירק און אונטער׳ן פרייען הימעל.

דעם 19טען האָבען זיך געעפענט אלע ווילנער טורמעס. די געפאנגענע זיינען ארויס און גלייך פון די „קאמערס" געקומען אויף די מיטינגען און פאר די טויזענט־קעפּיגע מאסען אויסגעגאָסען אלץ, וואָס עס האָט זיך ביי זיי אָנגעקליבען אויפ׳ן הארצען פאר דער צייט פון זייער ליידען אונטער׳ן שלאָס. אויך די ארעסטירטע

מיטגלידער פון ווילנער קאָמיטעט פון „בונד", וואָס איז דורכגעפאַלען פאַריגען שבועות, זיינען אַרויס און תיכף ווידער אין דער אַרבייט אַריין.

די ווילנער מאַסע, די אידישע, ווי די קריסטליכע, האָט אין די טעג געלעבט אויפ'ן גאַס. עס איז שווער איבערצוגעבען, וואָס מען האָט דאַן איבערגעלעבט, אין אַזעלכע מינוטען פון דער פאָלקס־באַוועגונג. באַלד זיינען אָנגעקומען דעפּעשען וועגען גרויסע, שרעק־ליכע, פּאָגראָמען און שחיטות אויף אידען, כמעט אין גאַנצען תחום. די רעדנער האָבען „זיך ניט פאַרלוירען". זיי האָבען קלאָר און דייטליך געמאָלדען, אַז זיי „אָריענטירען זיך זעהר גוט אין דער סיטואַציע" און אין דעם „סוד" פון די פּאָגראָמען. זיי האָבען אויפ־געוויזען דעם ערשטען מקור — די זעלבע רעאַקציע, וואָס וויל אין אידיש בלוט דערשטיקען די רעוואָלוציע.

די לעצטע טעג איז די נויט אין שטאָט געווען זעהר גרויס, עס האָט זיך אָנגעהויבען די טעטיגקייט פון די „שוואַרצע חברה".

דער פאַראייניגטער קאָמיטעט האָט באַשטימט צו פאַרענדיגען דעם סטרייק פרייטאָג, דעם 21טען, 12 בייטאָג. צו יענער צייט האָט זיך געדאַרפט אָנהויבען די באַוועגונג פון דער באַן, דורך ספּע־ציעלע בלעטלעך און מיטינגען האָט מען מודיע געווען וועגען ענדע פון סטרייק.

די רעוואָלוציאָנערע וואָך וואָלט, לפי ערך, אויסער די 6 קרבנות, דורכגעגאַנגען בשלום אין ווילנע, ווען עס וואָלט ניט געשעהן דער פאָלגענדער פאַקט, וועלכער האָט פאַרשאַפט אַזוי פיל עגמת נפש און צער דער גאַנצער באַפעלקערונג:

פרייטאָג, דעם 21טען אָקטאָבער, אַזייגער 3 בייטאָג, האָט איי־נער א פּראָוואָקאַטאָר אויסגעשאָסען אין א אָקאָלאָדאָטשנעם אויף זאַוואַלנע גאַס לעבען האָליץ מאַרק. פּאָליציי האָט איהם גלייך גע־וואָלט אַרעסטירען, נאָר דער עולם, וועלכער איז געגאַנגען פון די מיטינגען, נאָכ'ן פאַרענדיגען דעם סטרייק, האָט איהם אַרומגערינגעלט און האָט איהם ניט געוואָלט אַרויסגעבען, רעכענענדיג איהם פאַר א חבר. ס'איז צוגעגאַנגען אַ ראָטע סאָלדאַטען און איהם אַרעס־טירט, און ווען דער עולם האָט אַרומגערינגעלט די סאָלדאַטען און געבעטען אַז מען זאָל איהם באַפרייען, האָט דער אָפיצער געהייסען שיסען.

אויפ'ן אָרט זיינען געפאַלען 7 דער'הרג'עטע, אין דעם 1 קריסט, און 20 פאַרוואונדעטע.

עס איז שווער צו באַשרייבען דעם פחד, וואָס איז געוואָרען אין גאַס. עטליכע האָבען זיך געוואָרפען צו די סאָלדאַטען מיט קולות: „ברידער, הרג'עט אייער אָפיצער!" פון צוקאַכטקייט

האָט דער עולם, איבערהויפּט דער „קליינער בונד", גענומען רייסען אויף שטיקער די פלאַגען, וואָס זיינען געהאנגען אויף די הייזער. דער רעש, דער געפּילדער און די פּויקעריי פון די סאָלדאַטען, וואָס זיינען נאָך אָנגעגאַנגען, האָבען אָלעמען פאַרטומעלט און האָבען אָנגעוואָרפען אַ שרעק אויף דעם גאַנצען עולם. דערצו איז נאָך די



מאַקס ראָזענשטיין, בונדיסט, קרבן פון רעוואָלוציע. — דערהרג'ט געוואָרען אין ווילנע, 21טען אָקטאָבער, 1905.

אָנגעקומענע סאָלדאַטען געפאָהרען די פאָזשאַרנע קאָמאַנדע, וועלכע האָט געטריבען און געטראָטען דעם עולם.

דער בראַנדמייסטער קלוגמאַן האָט גאָר פּשוט אַרויסגעגעבען אַ באַפעל צו זיינע לייט: „מען דאַרף פאָהרען און שלאָגען די זשידעס".

די מאַסע איז געוואָרען אויפגערעגט אויף די פאָזשאַרנע.

אַלט און יונג האָבען געוואָרפען שטיינער אויף זיי. מען האָט געשריען: גיט געוועהר! עס איז געווען אַ געוואַלדיגער טומעל, וועל־כער איז געוואַקסען פון מינוט צו מינוט, אָבער אין אַ ווײַלע אַרום האָבען זיך באַוויזען פון נאָוואָגאָראָד קאָזאַקען און האָבען זיך געוואָרפען מיט רציחה אויף איינצעלנע דורכגייער, געשאָסען און געשלאָגען.

דער בראַנדמייסטער אַליין האָט דערהרג'עט 2 מענשען, דאָס זעלבע דערציילט מען אויך וועגען פּריסטאַוו; דערויף האָבען עדות געזאָגט אַלע פייערלעשער.

דעם פרייטאָג, דעם 21טען, זיינען דערהרג'עט געוואָרען פאָל־גענדע פּערזאָנען: רחל קאַלטון, 20 יאָהר אַלט; ביילע ווידזער־דושיניאַט, 21 יאָהר אַלט, אַ טאַבאַק־אַרבייטערקע; בערל ריטלער, 28 יאָהר אַלט; יודעל טאָקער, 26 יאָהר אַלט; גרשון הורוויטש, 15 יאָהר אַלט; מאַקס (מאַקאר) ראָזענשטיין, 21 יאָהר (בונדיסט), און לייב ווייסבאָרד, 30 יאָהר. עס איז אויך דערהרג'עט געוואָרען אַ קריסט, אַ פּראַוואָסלאַוונער.

שבת, דעם 22טען, זיינען ווידער געווען מיטינגען.

זונטאָג, דעם 23טען, איז פאָרגעקומען די לויה אויף וועלכער עס זיינען ווידער געווען קרענץ און פאָהנען, אָבער מענשען שוין וועניגער. אויפ'ן בית־עולם האָבען גערעדט 10 רעדנער. אַזוי ווי אין שטאָט האָט מען גערעדט וועגען אַ פּאָגראָם, האָבען די רעדנער געפונען פאַר נייטיק צו ערקלערען די באַדייטונג פון די פּאָגראָמען און האָבען גערופען צו זעלבסטשוץ.

דערמיט האָבען זיך פאַרענדיגט די רעוואָלוציאָנערע אָקטאָבער־טעג אין ווילנע.

⁂

דער פּרעסטיזש פון דער „בונדישער" אָרגאַניזאַציע אין ווילנע האָט זיך אויפגעהויבען זייער הויך. זי איז געווען די טאָן־געבע־רין און אָנפיהרערין אין אַלע אַקציעס וואָס זיינען געפיהרט געוואָרען.

דער „בונד" האָט אין יענער צייט, באַהערשט די שטאָט, אַלע זיינע פאַראָרדנונגען זיינען אויסגעפירט געוואָרען. עס פלעגט טרעפען צייטען, ווען מען פלעגט זיך וואַרפען אין דער אַרבייט, ניט האָבענדיג מורא אפילו פאַר'ן אייגענעם טויט, אויב נאָר מען האָט דאָס אומבאַדינגט געדאַרפט דורכפיהרען.

די אָרגאַניזאַציע האָט באַשלאָסען, אַז די באַלעבאַטים זאָלען אָפּצאָהלען די אַרבייטער אַ העלפט שכירות פאַר די אַלע 8 טעג פון סטרייק און דאָס האָט מען אויסגעפיהרט. אַ פּאָר טעג אין דער סטרייק־וואָך האָט מען ערלויבט צו באַקען ברויט, אָבער מיט'ן תנאי,

אז דער פּרייז זאָל ניט געהעכערט ווערען און עס איז טאַקע אַזוי געווען. און אַזוי איז געווען אין אַלע פּרטים.

***

אין יאָהר 1919 איז דורך דער קולטור־סעקציע ביי די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען אין ווילנע אָוועקגעשטעלט געוואָרען אויף



נייער איבערגעבויטער ברודער-קבר פון די געפאַלענע רעוואָלוציאָנערען אין 1905-טען יאָהר.

די קברים אַן אַלגעמיינע מצבה. אויסער די 13 געפאַלענע אין שטורמישען אָקטאָבער חודש פון 1905, ליגען נאָך אין דעם זעלבען ברודער־קבר פאָלגענדע 5 פּערזאָן: בצלאל פּאָמעראַנץ, גע'הרג'עט געוואָרען אויפ'ן פּלעצעל פון באַסיאַקעס אין נאָוועמבער, 1905; שלום קאַף (בונדיסט), אָנפיהרער פון די קוימענקערער, דער'הרג'עט געוואָרען צופעליגערהייט אין יאָהר 1906 דורך אַ באָמבע, וואָס די אַנאַרכיסטען האָבען געוואָרפען אין אַ רעסטאָראַן; אברהם דאַכאָווקער, דער'הרג'עט אין יאָהר 1919; אליעזער לאַנצמאַן, 31 יאָהר אַלט, דער פיהרער פון די שניידער, מיטגליד פון ווילנער קאָמיטעט פון „בונד", געשטאָרבען פון אַ טיפוס אין יאָהר 1914, און יעקב צווילינג, וועלכער ליגט צופעליג אין ברודער קבר און האָט ניט קיין שום שייכות צו וועלכע ניט איז געשעהענישען.

## צביון.

# די ערשטע אידישע סאָציאַליסטישע טעגליכע צייטונג אין ווילנע.



בין איך א ווילנער?

אייגענטליך, וועלכער איד איז ניט קיין ווילנער? וויינינגסטענס איז יעדער איד א שטי־קעל ווילנער. אויב ער איז ניט געבאָרען גע־וואָרען אין ווילנע האָט ער געלערענט אין וויל־נע, וויינינגסטענס אמאָל געדאַווענט פון א סידור, וואָס איז געדרוקט געוואָרען אין וויל־נע, אָדער האָט אריינגעקוקט אין א ווילנער גמרא, געלייענט א בוך צי א צייטונג פון וויל־נע. אין קורצען, יעדער איד האָט עפּעס א חלק אין ווילנע. און ווען איך וואָלט געהאַט א דעה, וואָלט איך אין פּרקי אָבות ביי דעם כל ישראל יש להם חלק בעולם הבאָ אוועקגעשטעלט כל ישראל יש להם חלק בווילנע.

וואָס איז שייך צו מיר האָב איך, דאכט זיך, גאָר א גרויסען חלק אין ווילנע. איך האָב ניט בלויז געדאַווענט פון ווילנער סידורים, געלערענט פון ווילנער גמרות, נאָר אויך געקוועטשט די באַנק פון ווילנער קלויזען, געוואָרען דאָרטען אַן אפּיקורס און אפילו א סאָציאַליסט. ווען ניט ווילנע וואָלט איך אפשר געווען היינט ערגעץ א רב, איידער א סאָציאַליסטישער שרייבער. און א שטענדיגער אידישער סאָציאַליסטישער צייטונגס־שרייבער בין איך טאקע אויך געוואָרען אין ווילנע.

איך וואָלט געקענט א סך דערצעהלען וועגען דער צייט, וואָס איך האָב געלעבט אין ווילנע. עס איז געווען דער אָנפאנג פון דער אי־דישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, איידער דער „בונד" איז נאָך געבאָרען געוואָרען. אָבער דאָס וועל איך אפשר טאָן אַן אנדערס מאָל. דאָ וויל איך בלויז דערצעהלען וועגען א שפּעטערדיגער צייט, ווען איך בין געקומען אין ווילנע אָנטיילנעמען אין דער ערשטער אידישער טעגליכער סאָציאַליסטישער צייטונג אין רוסלאַנד, וואָס דער „בונד" האָט אָנגעפאנגען ארויסגעבען.

די צייטונג אונטער דעם נאָמען „וועקער" האָט אָנגעפאַנגען ערשיינען דעם 25טען דעצעמבער, 1905, לויט דעם אַלטען רוסישען קאַלענדאַר. אין אַמעריקע איז דעמאָלט געווען דער 7טער יאַנואַר, 1906.



דער וועקער

דער וועקער

דאָס איז אַ פאָטאָגראַפיע פון דעם ערשטען נומער „וועקער", וועלכער האָט אָנגעהויבען ערשיינען אין ווילנע, דעצעמבער, 25טען, 1905.

די פאַרבערייטונגען אַרויסצוגעבען דעם „וועקער" האָבען אָנגעפאַנגען געמאַכט ווערען ווען די רוסישע רעוואָלוציע פון 1905 איז

נאָך געווען אין איהר פולען ברען און די האָפענונגען זיינען גע־ווען גרויס. ווען מען האָט אָבער די צייטונג אָנגעפאנגען ארויס־געבען איז שוין די רעוואָלוציע געווען אויף איהר וועג באַרג אַראָפּ. אין מיין שטאָט ריגע, וועלכע איז א קורצע צייט געשטאַנען אונ־טער דער פולער הערשאַפט פון דעם פאַראייניגטען קאָמיטעט פון דער לאַטווישער סאָציאַלדעמאָקראַטישער פּאַרטיי און פון דעם „בונד” און יעדער אין שטאָט האָט בלויז געפרעגט וואָס מאַקסים זאָגט, זיינען שוין דעמאָלט ארומגעריטען אין די גאַסען דראַגונער און קאָזאַקען. עס זיינען שוין אויך געמאַכט געוואָרען פּראָבען פון פּאָגראָמען. עס איז נאָך ניט געווען אַלץ פאַרלאָרען, אָבער מען האָט געפילט, אז עס געהט באַרג אַראָפּ און אז עס ווערט ערגער. מאַקסים איז שוין ערגעץ וואו געלעגען א באַהאַלטענער און די הויפּט קוואַרטיר פון דעם פאַראייניגטען סאָציאַליסטישען קאָמיטעט האָט זיך אַריבערגעקליבען ערגעץ וואו אין א הויז אָהן אַן אַדרעס.

אין ווילנע האָט עס אויסגעזעהן צו זיין בעסער. אין ווילנע איז די רעוואָלוציע ניט געווען אַזאַ גרויסע. ריגע איז א קורצע צייט געווען א פולשטענדיגע פרייע רעפּובליק, רעגירט פון דעם פאַראייניגטען סאָציאַליסטישען קאָמיטעט. אייניגע טעג איז אפילו די שטאָטישע פּאָליציי פארשוואונדען פון די גאַסען און די שטאָט איז געהיט געוואָרען פון פּאַטרולען, וואָס דער פאַראייניגטער סאָ־ציאַליסטישער קאָמיטעט האָט ארויסגעשיקט. ווילנע, האָט פון אזעלכע גרויסע פרייהייטען ניט געוואוסט אפילו אין די ערשטע האָניג טעג פון דער רעוואָלוציע. דעריבער איז אויך די רע־אקציע, וואָס האָט זיך אָנגערוקט, געווען שטאַרקער אין ריגע ווי אין ווילנע.

נאָר עס איז אויך ניט געווען פרעהליך אין ווילנע. איך האָב עס גלייך דערפיהלט ווי איך בין אָנגעקומען און האָב אויפגעזוכט די רעדאַקציע פון „וועקער”. דער אַדרעס איז געווען נומער 1 מיליאָנע גאַס. אָבער אָנשטאָט א רעדאַקציע, וואו עס זאָל קאָכען און לעבען, ווי איך האָב זיך עס פאָרגעשטעלט, האָב איך געפו־נע א פּוסטע קרעטשמע. איך האָב דאָרטען, אויסער אַן אָפּיס־מיידעל, קיינעם ניט געפונען. און ווען איך האָב די מיידעל גע־פרעגט וואו עס איז דער רעדאַקטאָר, די מיטארבייטער און אַלע אנדערע, וואָס האָבען א שייכות צו דער צייטונג, האָט זי מיר פאַרדעכטיג אָנגעקוקט און האָט מיר געענטפערט, אז זי ווייס ניט. שטוים איך מיך גלייך אָן, אז עס איז „קאָנספּיראַציע”, אז מען היט זיך. איך האָב, אמת, ניט פארשטאַנען וואָס פאַר א סודות מען באַהאַלט דאָ פאַר מיר. די צייטונג איז דאָך ניט קיין געהיימע, זי האָט א געזעצליכע ערלויבניש פון דער רעגירונג און עס איז

ניטאָ פאַר וואָס זיך צו באַהאַלטען מיט איהר און מיט איהרע מיט־ארבייטער. נאָר אויף „קאָנספּיראַציע” טאָר מען קיין קשיות ניט פרעגען. איך האָב בעסער אָנגעפאַנגען צושטעלען באַווייזען, אַז מען דאַרף זיך פאַר מיר ניט היטען און דאָס איז געווען לייכט. איך האָב גראָד ביי זיך געהאַט אַ טעלעגראַמע פון אַלעקסאַנדער'ן (אַרקאַדיע, אַדער קרעמער), אַז איך זאָל גלייך קומען אין ווילנע, ווייל מען דאַרף מיך אין דער רעדאַקציע. ווערט שוין די מיידעל אַביסעל פריינדליכער און בעט מיך, אַז איך זאָל וואַרטען אַ ווייל, זי וועט אימיצען אָפּרופען אויפ'ן טעלעפאָן. האָב איך אָפּגעוואַרט אַביסעל, און איך האָב באַקומען אַן אַדרעס וואו איך קען זיך מיט וועמען עס איז טרעפען.

אין אַ פּאָר שעה אַרום האָב איך שוין געוואוסט אַלץ. דער „וועקער” איז טאַקע געווען אַ לעגאַלע צייטונג, וואָס איז אַרויס מיט דער ערלויבניש פון דער רעגירונג, און איז אָפען און פריי פאַרקויפט געוואָרען אין די גאַסען, אָבער די רעדאַקציע איז געווען אַ געהיימע. פון אָנפאַנג איז אויך די רעדאַקציע געווען אַן אָפענע. דער רעדאַקטאָר און די מיטאַרבייטער פלעגען קומען יעדען טאָג אין דער רעדאַקציע און דאָרטען שרייבען. אָבער דאָס האָט אָנגעהאַלטען בלויז אַ קורצע צייט און דאָס אויך ווי לאַנג עס איז אָנגעגאַנגען די צוגרייטונגס־אַרבייט. ווען עס איז אָבער דער ערשטער נומער פון דער צייטונג געגאַנגען צום דרוק פלעגט שוין קיינער אין דער רעדאַקציע ניט זיין. די מיטאַרבייטער פלעגען אפילו אויסמיידען אַריינצוקומען דאָרטען אויף אַ ווייל. מען פלעגט שרייבען און צוזאַמענשטעלען די צייטונג אין געהיימע קוואַרטירען. די רעדאַקציע פלעגט זיך צונויפקומען יעדען טאָג אויף אַן אַנדער קוואַרטיר אָדער עטליכע טעג אויף איין קוואַרטיר ווען מען האָט איהר גערעכענט פאַר אַ זיכערער. די צייטונג איז נאָך געווען אַ כשר'ע אָבער די מיטאַרבייטער מיט'ן רעדאַקטאָר זיינען געווען טריפע. יעדער פון די מיטאַרבייטער האָט געהאַט אַ רעקאָרד אין דער זשאַנדאַרמעריע און אין דער געהיים פּאָליציי, און די מייסטע טאַקע אַ גאַנץ געהויבענעם רעקאָרד. אַ טערמין טורמע האָט דאַכט זיך יעדער געהאַט אויף זיין רעקאָרד, נאָר אַנדערע האָבען אויך געהאַט פאַר אַ צוגאָב עטליכע יאָהר סיביר אָדער קאַטאָרגע.

ניט נויטיג צו זאָגען, אַז עס איז געווען ניט גאַנץ באַקוועם צו אַרבייטען אונטער אַזעלכע באַדינגונגען. מען האָט זיך כסדר געפונען אונטער אַ נערוועזער אָנשטרענגונג. יעדען טאָג ווען מען איז זיך צונויפגעקומען מאַכען די צייטונג האָט מען גענצעהלט די קעפּ אויב עס פעהלט ניט ווער. און איין פריהמאָרגען, ווען מען האָט אַ צעהל געטאָן די קעפּ, האָט טאַקע איינער אויסגע־

פעהלט. דאָס איז געוועזען י. אייזענשטאַט (יודין), דער רעדאַקטאָר אונזערער. מען האָט איהם שפּעט אין דער נאַכט אַרעסטירט. אויב איך מאַך קיין טעות ניט האָט מען אין יענער נאַכט אויך אַרעס־טירט דר. צמח שאַבאַד.

אייזענשטאַט'ס אַרעסט האָט געשאַפען ביי אונז אַ גאַנץ גדריק־טע שטימונג. די פראַגע איז ניט נאָר געוועזען ווער עס קומט נעקסט, נאָר אויב מען וועט איבערהויפּט קענען אַזוי אַנגעהן מיט דער צייטונג. אָבער ווי לאַנג מען לעבט מוז מען לעבען, און אז מען האָט אַ צייטונג מוז מען האָבען אַ רעדאַקטאָר. האָבען די מיט־אַרבייטער אָפּגעהאַלטען אַ באַראַטונג און האָבען באַשלאָסען אָנ־צוטאָן דעם רעדאַקטאָר'ס קרוין אויף דר. ראָזענטאַל'ס (אַנמאַן) קאָפּ. דאָס איז אָבער געווען אַ ביסעלע צו דעמאָקראַטיש גע־האַנדעלט. אַ רעדאַקטאָר האָט געדאַרפט אָנשטעלען דער צענטראַ־לער קאָמיטעט פון „בונד" און ער האָט זיך גאַנץ ווייניג גערע־כענט דערמיט וואָס מיר אַליין האָבען אויסגעקליבען אַ רעדאַק־טאָר. ער האָט אונז טאַקע אין אַ קורצער צייט אַרום אַריינגע־שיקט פאַר אַ רעדאַקטאָר וולאַדימיר קאָסאָווסקי, נאָר ניט אָנפּרעגענ־דיג זיך ביי אונז.

עס איז אפשר נויטיג דערביי צו באַמערקען, אַז ניט אייזענ־שטאַט, ניט דר. ראָזענטאַל און ניט וולאַדימיר קאָסאָווסקי האָבען געקענט שרייבען אידיש. זיי פלעגען שרייבען רוסיש און מען פלעגט זיי איבערזעצען. עס פלעגען אויך שרייבען אויף רוסיש וולאַדי־מיר מעדעם און האָמענקולוס (זאַסלאַווסקי). מעדעם האָט פאַר דער „פאָלקסצייטונג" דעמאָלט געשריבען ווייניג, אָבער „האָמענקולוס" האָט געשריבען גאַנץ אָפּט. ער איז געוועזען אַן אויסגעצייכענטער פעליעטאָ־ניסט אָבער אידיש שרייבען האָט ער זיך קיינמאָל ניט אויסגעלערענט (ער איז איצט אין סאָוועט רוסלאַנד). מעדעם האָט זיך שוין דעמאָלט אָנגעפאַנגען לערנען אידיש און איז שפּעטער געוואָרען אַ גלענצענדער אידישער שרייבער. איך רעכען, אַז ווילנע האָט געהאַט אַ גרויסען חלק אין דעם, וואָס מעדעם איז געוואָרען אַ אידישער שרייבער.

נאָר ווי לאַנג די פּאָליציי האָט געטשעפּעט מענשען איז נאָך געווען קיין בייז ניט: אַרעסטירט מען איין רעדאַקטאָר, קען מען קריגען אַ צווייטען, בפרט אַז עס איז רעכט ווען דער רעדאַקטאָר זאָל קיין אידיש ניט קענען שרייבען. ערגער איז געוואָרען ווען מען האָט אָנגעפאַנגען זיך טשעפּען צו דער צייטונג.

אין דער ערשטער צייט האָט דער „וועקער" זיך באַנוצט מיט אַ גאַנץ גרויסער מאָס פרייהייט פון וואָרט. טיילווייז איז עס געווען צוליב דעם, וואָס מען האָט די אָקטאָבער פרייהייטען ניט אָפּגענומען אַלע מיט אַמאָל. און גראַד איז עס געווען די פרייהייט פון דער

פּרעסע, וואס האָט אנגעהאלטען אביסעל לענגער ווי די אנדערע פּריי־הייטען. און טיילווייז איז דאָס אויך געווען צוליב דעם, וואס מיר האָבען פארשטאַנען ווי אזוי צו זיין אין פריינדליכע באַציהונגען מיט'ן צענזאָר. מיר האָבען זיך געהאלטען פאר דעם כלל פון לעבען און לאָזען לעבען. ביסלעכווייז אָבער איז געווארען די האַנט פון צענ־זאָר שטרענגער. ער פלעגט אונז אָפט רופען צו זיך און זאָגען מוסר, אז מיר שטעלען איהם אין אַ גרויסער פארלעגענהייט, אז מיר כאַפּען איבער די מאָס און מיר שרייבען וואָס מען טאָר ניט. געוועהנליך פלעגען מיר זיך באַמיהען איהם צו „באַרוהיגען", קאָסט די צייטונג אזוי פיל, וועט זי קאָסטען נאָך אַ פּאָר צענדליג רובעל. ענדליך אָבער האָט מען דעם „וועקער" אָפּגעשטעלט. עס זיינען ארויס פון



וולאַדימיר מעדעם.

איהם 32 נומערען און ווען עס איז געקומען צום 33טען נומער, האָט דער צענזאָר געזאָגט, אז עס איז גענוג.

נאָר ווער זאָגט עס, אז אַ בונדיסטישע צייטונג מוז הייסען „וועקער"? איז דען „פאָלקסצייטונג" ניט קיין גוטער נאָמען? האָט מען טאַקע אין איינינע טעג ארום ארויסגעגעבען אַ נייע צייטונג אונטער'ן נאָמען „פאָלקסצייטונג". דער ערשטער נומער איז ער־שינען דעם 19טען פעברואר, 1906. ער איז צוזאַמענגעשטעלט געווארען אין מיין קווארטיר אויף סאַדאָווע גאַס.

דער נאָמען „פּאָלקסצייטונג" האָט שוין געהאַט מעהר מזל ווי דער נאָמען „וועקער". די „פּאָלקסצייטונג" האָט זיך געהאַלטען אַ סך לענגער, ווי דער „וועקער". נאָר אפשר איז דאָס ניט געווען מעהר מזל נאָר מעהר פּאָרזיכטיגקייט. מיר האָבען זיך אין דער „פּאָלקסצייטונג" פּשוט מעהר געהיט פאר דעם צענזאָר. זיינע וועכענטליכע שכירות האָט ער טאַקע געקראָגען ווי פון „וועקער", אָבער מיר פלעגען זיך מעהר היטען, אז ער זאָל ניט דארפען אונז צו אָפט רופען צו זיך און זאָגען אונז מוסר. עס איז אמת, אז ניט אַלע מאָל האָט דאָס היטען זיך געהאָלפען. פון צייט צו צייט פלעגען מיר קריגען אַן איינלאַדונג צו קומען, אָבער עס פלעגט ווי עס איז אַראָפּגעהן גלאַט.

עס פארשטעהט זיך, אז מיט ליידיגע הענד זיינען מיר קיין מאָל ניט געקומען צו אן איינלאדונג.



דרוקעריי אַרבייטער פון דער „פּאָלקסצייטונג" אין ווילנע.
ערשטע רייהע, צווייטער פון לינקס צו רעכטס — גראַזול. לעצטע רייהע, דריטער פון לינקס צו רעכטס — ט. גלאז, ביידע יעצט מיטגלידער פון ווילנער בראַנטש 367 ארבייטער רינג. צווייטע רייהע, צווייטער פון לינקס צו רעכטס — ישראל מיכל קאַפּלינסקי דער טרא-גישער פּראָוואָקאַטאָר.

און ווען מען האָט געזעהן, אַז מען לאָזט די „פאָלקסצייטונג" לעבען און אַז מען אַרעסטירט ניט די מיטאַרבייטער, האָט מען זיך אָנגענומען מיט מוט און מען האָט געדונגען אַ רעדאַקציע און מען האָט זיך איינגעשאַפט אַ סאַמאָוואַר מיט אַ שייגעץ און מיר זיינען געוואָרען מיט מענשען גלייך. מיר האָבען אפילו געקויפט אַ ווייכע קו־שעטקע פאַר דער רעדאַקציע און מיר האָבען פאַר איהר איינגעפיהרט פולע דעמאָקראַטיע — ווער עס איז געקומען פריהער דער האָט זיך אויף איהר געלייגט, ס'האָט אפילו געמעגט זיין דער רעדאַקטאָר. נאָר גאַנץ זיכער איז פאַר קיינעם ניט געווען אויף דער קושעטקע. עס פלעגען אַרום איהר גאַנץ אָפט געמאַכט ווערען רעוואָלוציעס און זי פלעגט גענומען ווערען מיט שטורעם.

די „פאָלקסצייטונג" האָט זיך געהאַלטען אַרום אַ יאָהר ביז דער צענזאָר האָט אויך איהר פאַרמאַכט. האָט מען ווידער אַמאָל פּרובירט. אויב דער צענזאָר וויל ניט קיין „פאָלקסצייטונג" דאַן זאָל עס זיין „די האָפנונג", אָבער דער צענזאָר האָט אויך „די האָפנונג" ניט געוואָלט און ער האָט אויך איהר פאַרמאַכט. און מיט איהר פאַרשווינדען איז אויך פאַרשוואונדען די האָפנונג פאַר'ן „בונד" פאַרטצוזעצען אין רוסלאַנד דאָס אַרויסגעבען פון אַ טעגליכער צייטונג.

איך דערמאָן זיך איצט אַ סך איינצעלהייטען פון יענער צייט. איך געדענק ווי שלעכט איך האָב מיך געפיהלט, ווען איך האָב דעם צענזאָר געדאַרפט „איבערבעטען" פאַר מיינעם „אַ נייער פּירוש אויף דער אַלטער הגדה", וואָס האָט זיך אָפּגעדרוקט ערב פּסח אין דער „פאָלקסצייטונג" און ווי שווער עס איז געווען איהם „אי־בערצובעטען", ווען ער האָט דורכגעלייענט ערב יום כפור אין דער „פאָלקסצייטונג" מיין „צו כל נדרי ביי סטאָליפּינ'ען אין קלויז". ער האָט קאָנפיסקירט דעם נומער און די צייטונג באַשטראָפט מיט דריי הונדערט רובעל אויסער וואָס ער האָט געקראַגען אין האַנד, אַז די שטראָף זאָל ניט זיין גרעסער.

דער צענזאָר איז געווען דער באַקאַנטער יהושע שטיינבערג, דער פּראָפעסאָר פון מעהרערע העברעאישע ביכער, וועלכער האָט זיך אין מיינע אינגעלשע יאהרען געצעהלט צווישען מיינע גרויסע מענשען. איך האָב פון זיין „מערכי לשון עבר" געלערענט דיקדוק און האָב גרויס הנאה געהאַט פון די פסוקים פון זיין „משלי יהושע". און אָט דעם מיין אַמאָליגען גרויסען, וואונדערליכען שטיינבערג האָב איך געדאַרפט געבען אין האַנד אַריין איינצושטי־לען זיין כעס געגען מיינע אַרטיקלען.

איך דערמאָן זיך היינט אַ סך זאַכען פון אונזער אַמאָליגער רעדאַקציע. איך געדענק ווי קאַסאָווסקי פלעגט זיך נעמען צו דער

ארבייט „אויפצובויען" א לייט־ארטיקעל. עס איז געווען ניט גע־שריבען, נאָר געבויט. און ניט ווי מען בויט אין אמעריקע, נאָר אין רוסלאַנד, שטאַרק, לאַנגזאַם, גרונטאָוונע. ביי אַנמאַנ'ען ווידער פלעגען זיך שיטען ארטיקלען לאַנגע, גרויסע ארטיקלען, ווי פון אר־בעל, פונקט ווי ביי ליטוואַק'ן דאָן, קורצע פעליעטאָנען. אַנמאַן פלעגט זיינע גרויסע ארטיקלען שרייבען אויף א גרויסען טיש און אויף גרויסע בלעטער פאַפיר, און ער פלעגט אָפט אָנשרייבען אזוי פיל בלעטער, אז זיי האָבען געדאַרפט פארנעמען א גאַנצע צייטונג. ליטוואַק ווידער פלעגט זיינע פעליעטאָנען שרייבען אויף א ווינקעל פון א טיש און אויף ברעקלעך פאַפיר, און ער פלעגט זיי שרייבען צוויי, דריי אויף אַמאָל. מיר האָבען אַלע געשריבען מיט גרויס חשק, יעדער האָט געוואָלט שרייבען וואס מעהר און געשריבען האָ־בען מיר מעהרסטענס פאר זיך, די לעזער האָבען מיר גאַנץ ווייניג אין זינען געהאַט. די מעהרסטע ארטיקלען זיינען פאר די לעזער געווען צו שווער. נאָר עס האָט ניט אויסגעמאַכט, וואס די לעזער האָבען די ארטיקלען ניט גוט פארשטאַנען, זיי האָבען זיך שוין אָנגעשטויסען אז עס מיינט קלאַסען־קאַמף, רעוואָלוציע און סאָציאַ־ליזם. און וואס זיי האָבען ניט דערלייענט האָבען זיי אַליין צו־געטראַכט.

נאָר עס וועט פארנעמען צופיל פּלאַץ, ווען איך זאָל אָנפאַנגען דערצעהלען די זאַכען, וואָס איך געדענק פון יענער צייט. דאָ האָב איך געוואָלט בלויז דערמאָנען, אז עס איז געווען ווילנע, וואו די ערשטע אידישע טעגליכע סאָציאַליסטישע צייטונג איז ארויסגעגעבען געוואָרען.

און דערביי וויל איך שוין אויך דערמאָנען, אז אָט אין דער ערשטער אידישער טעגליכער סאָציאַליסטישער צייטונג, וואָס איז ארויס־געגעבען געוואָרען אין ווילנע, זיינען געווען גאַנץ ווייניג ווילנער שריי־בער. אויסער ליטוואַק'ן, אייזענשטאַדט'ן און אַנמאַנ'ען (דר. ראָזענטאַל), זיינען, דאַכט זיך, קיין אַנדערע ווילנער אין דער צייטונג ניט געווען. יוסף באַסקין, א פּולבלוטיגער ווילנער, איז געוואָרען א שרייבער אין „פאָלקסצייטונג" ערשט שפּעטער. פון אָנפאַנג איז ער געווען דער קאָ־רעקטאָר פון דער צייטונג. אגב זיינען די לעצטע צוויי ניט געווען קיין אידישע שרייבער. זיי פלעגען שרייבען רוסיש.

פאַרוואָס עס זיינען ניט געווען קיין ווילנער אין דער צייטונג וועלען שוין די ווילנער מוזען אויסגעפינען. איך דאַרף אָבער זאָ־גען, אז א סך אידישע שרייבער, בפרט אידישע סאָציאַליסטישע שריי־בער, זיינען אין יענער צייט בכלל ניט געווען שטאַרק בנימצא. נאָר דער עיקר איז, אז עס איז געווען ווילנע, וואו די ערשטע אידישע טעגליכע סאָציאַליסטישע צייטונג איז ארויסגעגעבען געוואָרען.

## װלאַדימיר מעדעם.

# ערינערונגען װעגען װילנע.*)



עס האָט זיך אָנגעהויבען אַן אומעדיגע און טרויעריגע צייט. איך בין געזעסען אין װילנע, געװען אַ מיטגליד פון דער רעדאַקציע פון דער „פאָלקס־צייטונג", באַטייליגט זיך אין די זיצונגען פון צ. ק., געטאָן די טאָג־טעגליכע ארבייט, אָבער די אַרבייט איז גע־גאַנגען שלעכט. עס איז געװען ניט מיין פער־זענליכע שטימונג. עס האָט זיך אָנגעהויבען די תקופה פון דער גרויסער רעאַקציע. די רעאַקציע איז געקומען ביסלעכװייז, מען װאָלט ניט געקאָנט זאָגען גענוי, װען זי האָט זיך אָנגעהויבען, אָבער פון טאָג צו טאָג האָט זיך געשפּירט, אַז עס געהט באַרג אַראָפּ. נאָך די גרויסע ערשי־טערונגען פון די יאָהרען 1905 און 1906 האָט זיך אָנגעהויבען די גרויסע מידקייט. און מיר אַלע, װאָס זיינען געשטאַנען אויפ'ן צענ־טער פון דער באַװעגונג, האָבען דאָס געפיהלט און געזעהן פון די פאַרשידענסטע סימנים. די צייטונג האָט זיך פאַרשפּרייט אַלץ ער־גער און ערגער; אין הערבסט פלעגט מען זי דרוקען, אויב איך האָב ניט קיין טעות, סך־הכל אין 8 טויזענד עקזעמפּלאַרען. די פינאַנצען זיינען געװאָרען גאָר מאָגער, דאָס אָרגאַניזאַציאָנס־לעבען איז געװאָרען שװאַך, די צאָל מענשען, װאָס מיר האָבען געהאַט אין אונזער רשות, האָט גענומען פאַלען, די שטימונג איז געװאָרען אַ געדריקטע.

איך געדענק די לעצטע טעג פון סעפּטעמבער, װען מיר האָבען גע־דאַרפט פייערען דעם 10־יאָהריגען יובילעאום פון „בונד". עס האָט געדאַרפט אַרויסגעהן אַ יובילעאום־נומער, און מען האָט פאַר־לאַנגט, אַז איך זאָל אָנשרייבען אַ יום־טוב'דיגען אַרטיקעל. איך האָב אָבער ניט געקאָנט. איך געדענק, װי איך בין אַװעק — זיך

*) ענטנומען פון װלאַדימיר מעדעם'ס זכרונות „פון מיין לעבען", אַרויסגעגעבען פון דער װלאַדימיר מעדעם קאָמיטע, 1923.

דורכלופטערען — אין דעם בערנאַדינער גאָרטען — אַ שעהנער, שטילער גאָרטען; ער ליגט אָן אַ זייט פון די גרויסע גאַסען און זעלטען ווען עס פאַרבלאָנדזשעט דאָרטען אַ מענש. עס איז געווען אַ שעהנער הערבסט־טאָג, די בוימער זיינען געשטאַנען אויסגעסטראָ־יעט אין זייערע געלע און רויטע הערבסטליכע בגדים, די לופט איז געווען קאַלט, ריין און דורכזיכטיג, מיט אַ ליכטיגען, זילבערנעם הערבסט־גלאַנץ. איך בין געזעסען אויף אַ באַנק, און האָב זיך באַמיהט צונויפצוקלייבען מיינע געדאַנקען. איך האָב אָבער גע־פיהלט, אַז אַ יובילעאום־אַרטיקעל קען איך ניט שרייבען. מילא, איך געהער ניט צו די, וואָס פאַלען אריין אין יאוש צוליב אַ שטימונג פון אַ מאָמענט, איך בין דעמאָלט געווען ווייט פון אָנווערען מיין גלויבען; אָבער אַ יובילעאום־אַרטיקעל האָט געדאַרפט זיין אַ יום־טוב׳דיגער, און איך האָב ניט געהאַט קיין געפיהל פון יום־טוב׳דיג־קייט. און שרייבען גלאַט אַזוי, פראַזען, וואָס מ׳פיהלט נישט, דאָס איז אַ ליגען, און דערצו בין איך נישט פעהיג. בין איך געקו־מען אין דער רעדאַקציע און געזאָגט אונזער חברה, אַז איך וועל ניט שרייבען.

איך האָב געהאַט אַ נייע דירה. איך האָב זיך באַזעצט אין אַזוי גערופענע „מעבלירטע צימערען". דאָס איז געווען אַ גרויסע הויז אויף דעם קאַטעדראַלען פּלאַץ אין אַ קריסטליכער גע־גענד. אין די אונטערשטע עטאַזשען זיינען געווען גאַנצע מעב־לירטע וואוינונגען. אויפ׳ן אויבערשטען שטאָק האָט זיך געצויגען פון איין עק הויז ביז׳ן צווייטען אַ לאַנגער קאָרידאָר, און פון ביידע זיי־טען קלענערע און גרעסערע צימערען. מיין צימער איז געווען ניט שלעכט, אָבער אין אַזאַ הויז מיט מעבלירטע צימערען האָט אַלע מאָל געמוזט עפּעס זיין טרויעריגעס. עס איז אַן אָרט פאַר היימלאָזע מענשען און דאָס רוב פאַר אומגליקליכע מענשען. וויפיל מאָל האָב איך געהערט שפּעט ביינאַכט דורך די דינע ווענט דעם שטילען, האַרץ־רייסענדען געוויין פון אַ פרוי, — עפּעס אַן איינזאַמע מיידעל, וואָס האָט געוואוינט אין דעם דערבייאיגען צימער! און אַלץ, אַלץ טראָגט אויף זיך דעם שטעמפּעל פון היימלאָזיגקייט און איינזאַמקייט. דער פאַרשלאָפענער דינער מיט לאַנגע וואָנצעס און צושויבערטע האָר, וואָס ברייננגט אין דער פריה דעם סאַמאָוואַר און הייצט דעם אויוועז; די שטים פון אַ שכור׳ן אָפיצער ערגעץ אין אַ צווייטען זייט פון קאָרידאָר. פּוסטע, פינסטערע ווענט, דאָס אָרימע לעמפּעל, די טויזענדער קלייניגקייטען און נישטיגקייטען, — דאָס אַלץ וועבט זיך צו־נויף אין אַ גרויסען, גרויען וואָלקען פון טרויעריגקייט און פאַרלאָזענ־קייט. דאָס איז געווען אַן ענטשפּרעכענדער צוגאָב צו דער שווערער געזעלשאַפטליכער שטימונג.

די „פאָלקס־צייטונג" איז פאַרכאַפּט געוואָרען פון דער רעגירונג. מיר האָבען תיכף אָנגעהויבען אַרויסצוגעבען אַ צווייטע צייטונג מיט'ן נאָמען „האָפנונג". אָבער דער פרעהליכער נאָמען האָט זיך עפּעס ניט געקלעפּט צו דער לאַגע. די צייטונג האָט קוים געזשיפּעט. דער דעפיציט איז געוואַקסען און געוואַקסען, און עס איז ניט געווען פון וואַנען איהם צו דעקען. מען האָט נישט געקענט צאָהלען די מיטאַרבייטער. איך געדענקט ווי עס פלעגט אַריינקומען אין רעדאַקציע דער יונגער טאַלאַנטפולער שרייבער אָניני און זיך ממש בעטען, אַז מען זאָל איהם געבען כאָטש איין רובעל, — ער האָט צאָהן־וועהטאָג און דאַרף געהן צום דענטיסט, — און מען האָט איהם ניט געקענט באַצאָהלען. אויף די זיצונגען פון צ. ק. האָט מען זיך געבראָכען דעם קאָפּ ווי אַזוי אַרויסצוקריכען פון דער שרעקליכער לאַגע. עס איז געווען אַ פאָרשלאַג, אַז מיר זאָלען אָפּשטעלען די צייטונג. ליבער איז געווען אַ שטאַרקער אָנהענגער פון דעם דאָזיגען פאָרשלאַג. איך בין געווען געגען דעם. אויף איינע פון די זיצונגען האָב איך געמאַכט אַן אויסרעכענונג, לויט וועלכער ס'איז אויסגעקומען, אַז אפילו פון אַ ריין קאָמערציעלען שטאַנדפונקט לוינט אויך בעסער צו מאַכען נאָך אַ פּרוב און באַמיהען זיך צו פיהרען די צייטונג כאָטש אַ פּאָר חדשים ווייטער, און שפּעטער וועט מען זעהן. ליבער האָט ערקלערט, אַז איך האָב איהם איבערצייגט, — און אַזוי איז עס באַשלאָסען געוואָרען. גלייכצייטיג איז אָבער אָנגענומען געוואָרען אַ צווייטער באַשלוס. מען זאָל בייטען דעם כאַראַקטער פון דער צייטונג. זי דאַרף פאַרוואַנדעלט ווערען אין אַ קליינעם קאָפּיקענעם בלאַט, וואָס זאָל געפיהרט ווערען העכסט פּאָפּולער, פאָלקסטימליך. אפשר וועט זיך אויף אַזאַ אופן איינגעבען צוצוציהען א ברייטען קרייז לעזער. איך האָב זיך מיט'ן גאַנצען האַרצען אָנגעכאַפּט אָן דעם דאָזיגען פּלאַן. איך האָב שוין לאַנג גע'חלום'ט וועגען אַזאַ טיפּ צייטונג, וואָס זאָל קענען אַרויסגעהן פון דעם שמאָלען קרייז „אייגענע מענשען" און דערגרייכען צו די סאַמע ברייטע מאַסען לעזער. מען האָט באַשלאָסען צו מאַכען די פּראָבע. דער צ. ק. האָט באַשטימט פאַר דער צייטונג אַ קליינע רעדאַקציע פון דריי מענשען. דאָס זיינען געווען: אסתר, ליטוואַק און איך. אָבער ס'איז ניט געווען באַשערט צו פאַרווירקליכען דעם פּלאַן. דעם ערשטען טאָג, ווען מיר האָבען געדאַרפט צוטרעטען צו דער אַרבייט, בין איך געקומען אויף זאַוואַלנע גאַס, וואו עס האָט זיך געפונען אונזער רעדאַקציע. אָבער אויפ'ן וועג האָט מיך אָפּגעשטעלט אַ חבר, וואָס איז ספּעציעל אַוועקגעשטעלט געוואָרען, כדי מיך אָפּצוהיטען. „געהט ניט אין רעדאַקציע" — האָט ער מיר געזאָגט. — עס זיינען דאָרטען געווען „געסט". די געסט זיינען געווען זשאַנדאַרמען. זיי זיינען געקומען אין דער־

פריה און צוזאַמענקומען אַלעמען, וועמען זיי האָבן דאָרט געפונען. און געפונען האָבן זיי אַ היבש ביסעל מענשען. עס זיינען דאָרטען געווען מיינעביידע רעדאַקציאָנס־קאָלעגען, אסתר און ליטוואַק, צוויי מיטגלידער פון צ. ק., אַלעקסאַנדער און יונה, און נאָך עטלעכע נאָ־הענטע חברים. מען האָט זיי אַלעמען צוזאַמען און אַוועקגעפיהרט אין טורמע. מיין גליק איז געווען, וואָס איך האָב זיך צופעליג פאַר־שפעטיגט. וואָלט איך געקומען מיט אַ האַלבער שעה פריהער, וואָלט איך אויך געווען אַרעסטירט.

עס האָט זיך צונויפגעקליבען דער צ. ק. און אַרומגערעדט די לאַגע. וועגען אַרויסגעבען ווייטער אַ טעגליכע צייטונג האָט ניט געקענט זיין קיין רייד. מען האָט באַשלאָסען איבערצוגעהן צו אַ וואָכענבלאַט. דאָס איז געווען „דער מאָרגענשטערען”. אין דער נייער רעדאַקציע געהען אַריין יודין, זאַסלאַווסקי, א. ווייטער און איך. ביים אַרומריידען דעם צוזאַמענשטעל פון דער רעדאַקציע, איז צום ערשטען מאָל אַרויפגעשוואומען גאָר אַ נייע פראַגע. אַרויסגערוקט האָט זי ליבער. ער האָט גע'טענה'ט, אַז מיר האָבען צווישען זיך מענשען מיט פאַרשידענע בליקען אויף די לויפענדע פראַגען פון פאָליטישער טאַקטיק; מיר האָבען אָבער אַן אָפיציעלע שטעלונג פון אונזער אָר־גאַניזאַציע, און ס'איז נויטיג, אַז די צייטונג זאָל ווערען געפיהרט אין הסכם מיט דער דאָזיגער אָפיציעלער שטעלונג. דערצו דאַרפען מיר באַשטימען איינעם אַ שעף־רעדאַקטאָר, וועמעס פאָליטישע ליניע איז אין איינקלאַנג מיט דער ליניע פון דער מעהרהייט. די מעשה איז, וואָס אין דער „פאָלקס־צייטונג” איז אין די לעצטע חדשים דער טאָן־געבער געווען יודין. (קאָסאָווסקי איז אין זומער 1907 אַוועקגעפאָהרען אין אויסלאַנד), און יודין האָט דעמאָלט געהאַט געוויסע באָלשע־וויסטישע שטימונגען, וועלכע האָבען ניט ענטשפּראָכען דער שטעלונג פון אונזער אָרגאַניזאַציע. מיט זיין פאָרשלאַג האָט ליבער געוואָלט אויסמיידען, אַז די זעלבע לאַגע זאָל ניט באַשאַפען ווערען אין „מאָר־גענשטערען”. דער פאָרשלאַג איז געפעלען געוואָרען, און מען האָט מיך באַשטימט אַלס הויפּט רעדאַקטאָר. די נייע קאָלעגיע האָט גע־אַרבייט חבר'יש, אָבער איך געדענק איין פאַל, ווען איך האָב זיך גע־מוזט באַנוצען מיט מיין ספּעציעלער מאַכט. עס האָט זיך געהאַנ־דעלט טאַקע וועגען יודין'ס אַן אַרטיקעל; אויב איך האָב ניט קיין טעות, האָב איך זיך באַנוגענט מיט אַ רעדאַקציאָנעלער אָנמערקונג.

די רעדאַקציע האָט זיך אַריבערגעצויגען אין אַ נייער דירה — אויך אויף זאַוואַלנע גאַס, און די ערשטע טעג האָבען מיר צוליב פאָרזיכטיגקייט געהאַנדעלט פונקט אַזוי, ווי מיט קנאַפּע צוויי יאָהר צוריק, ביים אָנהויב פון אונזער לעגאַלער פרעסע: די רעדאַקציאָנס־דירה איז געווען בלויז אַן אָרט מיט אַן אַדרעס, און מיר פלעגען זיך

צונויפקלייבען ערגעץ אין אַ פּריוואַטער דירה (מעהר ניט, מיר האָבען שוין ניט געהאַט אין אונזער רשות די באַקוועמע דירות פון די פאַר־שידענע דאָקטוירים און אַדוואָקאַטען; מיר פּלעגען זיך צונויפקומען אין דעם באַשיידענעם חדר פון א. ווייטער). און פּונקט ווי דעמאָלט איז דאָס אונז זעהר גיך דערעסען געוואָרען און מיר האָבען זיך באַזעצט טאַקע אין דער אָפיציעלער דירה פון דער רעדאַקציע.

אָבער אויך דאָס האָט ניט לאַנג געדויערט. עס זיינען ארויס סך־הכל דריי נומערען. און דאַן זיינען ווידער געקומען די „געסט". געקומען זיינען זיי שפּעט ביינאַכט ארום איינס אַזייגער, און עס איז ווידער געווען אַ מזל'דיגער צופאַל, וואָס האָט מיך געראַטעוועט. מיר זיינען אַוועק מיט אַ פערטעל שעה פריהער, האָט מען קיינעם ניט געפונען. אָבער די ציטונג איז געוואָרען פאַרמאַכט. עס איז געווען קלאָר, אַז מיט'ן געדאַנק פון אַ ציטונג דאַרפען מיר זיך דערווייל געזעגענען. עס איז אויך געווען אַ וואונדער, וואָס מען האָט אונזער פרעסע געדולדעט אַזוי לאַנג, אין פּעטערבורג און אין מאָס־קווע איז די אַרבייטער־פרעסע שוין לאַנג געווען דערשטיקט. איצט איז דער „נייער קורס" ענדליך דערגאַנגען אויך ביז ווילנע. מיר האָ־בען דאָס פאַרשטאַנען און נישט געמאַכט קיין ווייטערדיגע פּראָבען. נאָך קנאַפּע צוויי יאָהר עקזיסטענץ איז אונזער לעגאַלע פרעסע אנט־שוויגען געוואָרען אויף פיר מיט אַ האַלב יאָהר.

אַנשטאָט אַ ציטונג האָבען מיר באַשלאָסען ארויסצוגעבען זאַמעל־ביכלעך. איך בין ווייטער געבליבען דער רעדאַקטאָר. דער נאָמען פון די ערשטע זאַמלונגען איז געווען „די נייע צייט", שפּע־טער, אין משך פון די ווייטערדיגע פיר יאָהר — האָבען זיך די נעמען כסדר געביטען.

דער אינהאַלט פון די דאָזיגע זאַמעל־ביכער האָט געדאַרפט ענט־שפּרעכען די נייע געזעלשאַפטליכע לאַגע. ס'איז נישט געווען קיין צייט פון גרויסע פּאָליטישע פראַגען. אויפ'ן אָרט פון דער אַמאָ־ליגער יום־טוב'דיגקייט איז געקומען די וואָך. איך האָב געהאַל־טען, אַז מען זאָל זיך מעהר אַריינטיפען אין די מעהר ניכטערע, קליי־נע פראַגען פון טאָג טעגליכען לעבען, בפרט אין די פראַגען פון אידישען לעבען. אַ באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט איז געווען גע־ווענדעט צו די פּראַגען פון דער אידישער קהלה.

שוין בעת די וואַהלען צו דער צווייטער דומא, האָבען מיר זיך אָנגעשטויסען אויף דער גרויסער מאַכט וואָס עס פאַרמאָגט אין דעם אידישען לעבען די קהל'שע רעדעל־פיהרער, — די „פּני". מיר האָבען פאַרשטאַנען — און איך פלעג וועגען דעם שרייבען אין „נאַשאַ טריבונאַ", אַז כדי צו באַקעמפען די דאָזיגע מאַכט, דאַרפען מיר אַריינטיפען זיך אין די סאַמע געדיכטע פון דעם קהלה־לעבען און זעהן

צו באַקעמפען די באַלעבאַטישע פיהרער אויפ'ן געביט פון די פּראַקטישע טאָג־טעגליכע אינטערעסען פון דעם אידישען לעבען. כדי דאָס צו טאָן, האָבען מיר געדאַרפט אַליין באַקענען זיך גענוי מיט די דאָזיגע אינטערעסען און אויפקלערען וועגען דעם די אַרבייטער־מאַסען. אין דעם „מאָרגענשטערען" האָט מיכאַלעוויטש אָנגעשריבען אַ סעריע אַרטיקלען וועגען דער אידישער קהלה. די ערשטע אַרטיקלען וועגען דעם ענין, וואָס האָבען זיך בכלל באַוויזען אין אונזער ליטעראַטור. די דאָזיגע אַרטיקלען האָבען אָבער אָנגערירט די פּראַגע בלויז אין אַלגעמיינע, פּרינציפּיעלע שטריכען. דאָס איז אָבער געווען ווייניג. מען האָט געדאַרפט באַאַרבייטען אויך דעם קאָנקרעטען, פּאַקטישען מאַטעריאַל. דאָס איז געמאַכט געוואָרען אין די ערשטע צוויי נומערען פון דער „נייער צייט". איך האָב נישט געהאַט קיין שטענדיגע קאָלעגיע פון מיטאַרבייטער. איך בין געווען איינער אַליין; דער איינציגער שטענדיגער געהילף מיינער איז געווען מיין אַלטער פריינד טעאומין, וועלכער האָט געאַרבייט אַלס איבערזעצער און האָט מיר געהאָלפען רעדאַגירען די אַרטיקלען. פלעג איך באַשטעלען פאַרשידענע אַרטיקלען דאָ ביי דעם, דאָ ביי אַ צווייטען חבר, וועלכער איז געווען גראָד אונטער דער האַנד. ס'איז געווען אין ווילנע אַן אָרטיגער טוער, וועלכער האָט זיך דעמאָלט שטאַרק אינטערעסירט אָט דוקא מיט די וואָכעדיגע פּראַגען פון אידישען לעבען. איך האָב ביי איהם באַשטעלט אַ פּאָר אַרטיקלען וועגען דער אידישער קהלה; ער האָט צונויפגעקליבען דעם מאַטעריאַל און אָנגעשריבען די אַרטיקלען. דאָס איז געווען דער איצטיגער קאָמוניסט מ. ראַפּעס, און זיין עלטערער ברודער, דר. ראַפּעס, האָט אָנגעשריבען אַ פּאָר אַרטיקלען וועגען די ספּעציעלע אידישע שטייערען. עס זיינען אָנגעקומען נאָך עטליכע אַרטיקלען פון אונזערע שרייבער, און דער געזעלשאַפטליך־פּאָליטישער טייל פון דעם זאַמעל־בוך איז געווען פּאַרטיג. דאָס איז געווען ווייניג. דער זאַמעל־בוך האָט געדאַרפט האָבען אויך אַ ליטעראַרישע אָפּטיילונג. ווילנע איז דעמאָלט געווען אַ צענטער, וואו עס האָט געשווּיבעלט און געגריבעלט מיט יונגע, טאַלענטירטע אידישע שרייבער; איך בין אָבער געווען גאַנץ ווייט פון די ליטעראַרישע קרייזען, און איך האָב געדאַרפט האָבען אַ פּאַרמיטלער, וועלכער וואָלט געקענט זאָרגען פאַר'ן ליטעראַרישען מאַטעריאַל. אַזאַ פּאַרמיטלער איז געוואָרען וואָלאַדעק. ער איז געווען אויסגעקאָכט מיט'ן ליטעראַרישען עולם. אַליין האָט ער דעמאָלט געוואוינט מיט נאָמבערג'ן און פלעגט זיך טרעפען מיט די אַלע מענשען, פלעגט ער ביי זיי נעמען ערצעהלונגען און לידער און ברייגנען דאָס צו מיר. אַזוי האָב איך באַקומען באַלד פאַר'ן ערשטען נומער אַ שעהנע ערצעהלונג פון

משה זילבורג, אַ פּאָר וואונדערבאַרע געדיכטען פון דוד איינהאָרן, אַ ליד פון וולאַדעק'ס אינגערען ברודער דניאל א. אז. וו.; דער דאָזיגער ליטעראַרישער מאַטעריאַל איז געשטאַנען אויף אַ זעהר הויכער מדרגה. איך האָב זיך דעמאָלט געווענדעט מיט אַ בריף אויך צו י. ל. פּרץ אין וואַרשע, ער זאָל אונז געבען עפּעס אַ זאַך. איך האָב דעמאָלט נאָך נישט געקענט שרייבען אויף אידיש; האָב איך איהם אָנגעשריבען אַ בריף אין רוסיש און געבעטען, ער זאָל מיר מוחל זיין וואָס איך באַנוץ די דאָזיגע שפּראַך. איינגיכען האָט זיך באַקומען אַן ענטפער פון פּרץ'ן. אייער רוסיש — האָט ער געשריבען — בין איך אייך מוחל. אָבער דאָס וואָס איהר שרייבט מיט אַזאַ אונקלאָרע האַנדשריפט, איז אַ פיל גרעסערע עולה... פּרץ אַליין האָט געשריבען אויף אַ שרייב־מאַשין. מיין האַנדשריפט איז טאַקע ניט פון די בעסטע.

אַ ביסעל האָב איך זיך אָנגעהויבען צו טרעפען מיט די ליטעראַטען, ווען עס האָט זיך געגרינדעט (צום סוף פון דעם יאָהר 1907) די ווילנער מוזיקאַליש דראַמאַטישע (דאַכט זיך אַזוי איז געווען דער נאָמען) געזעלשאַפט. דאָס איז געווען דער באַשיידענער אָנהויב פון אַ אידישער קולטור־באַוועגונג. דאָס איז געווען אַן ארבייטער געזעלשאַפט, מיט אַ גאַנץ שעהנעם ארבייטער־כאָר און מיט ליטעראַרישע אָווענטען, וואו די בעסטע אידישע שרייבער פלעגען לייענען זייערע ווערק. אַזוי האָט מען דאָרטען געלייענט וויסענבערג'ס „דער טאַטע מיט די בנים" (וויסענבערג אַליין איז נישט קיין דעקלאַמאַטאָר. עס האָט געלייענט אַ צווייטער, נאָר וויסענבערג איז געזעסען דערביי און האָט הארציג געלאַכט ביי די קאָמישע שטעלען). שלום אַש איז געקומען צופאָהרען און האָט געלייענט זיין שבתי צבי. נאָכדעם איז די גרופּע ליטעראַטען אַוועק אין דעם האָטעל קאָנטינענטאַל און געמאַכט אַ באַנקעט; איך האָב דאָרטען געהאַלטען אַ רעדע וועגען דער אידישער קולטור־אויפלעבונג — דעם „רענעסאַנס".

אָבער די פּאָליטישע באַוועגונג איז אַלץ געגאַנגען באַרג אַראָפּ. איך האָב דאָס בפירוש געפיהלט, בעת עס איז מיר אויסגעקומען אַלס מיטגליד פון צענטראַלען קאָמיטעט צו פאַרברענגען מאַנכע אָווענטען אויף דער „יאַווקע", דאָס מיינט אַ דירה, וואו עס פלעגען אָנקומען פאָרשטעהער פון אונזער בונדישער פּראָווינץ זיך טרעפען מיט אַ פאָרשטעהער פון צ. ק., דורכצורייידען זיך וועגען פאַרשידענע פּאַרטיי־ענינים. איך געדענק ניט דעם נאָמען פון דער גאַס, וואו עס איז געווען די דאָזיגע יאַווקע, אָבער איך געדענק דעם אָרט, וואו זי איז געווען, און איך וואָלט זי געקענט נאָך היינט צו טאָג געפינען. ס'איז געווען אין סאַמע געדיכטע פון די אידישע קוואַר־

טאַלען, ניט ווייט פון רודניצקי גאַס; מען האָט געדאַרפט אַריינגעהן אין הויף, זיך פאַרקירעווען אויף רעכטס אין דעם הינטערשטען ווינקעל, אַרויפקריכען אויף אַ הויכע פינסטערע טרעפּ און דורכ־געהן דורך דער שטוב פון אַ בעל־הבית; דאָרטען אין אַ קליינעם צימערעל פלעג איך זיצען און וואַרטען אויף די געסט. מיר פלע־גען זיצען אַזוי אין די קאַלטע ווינטער־אָווענטען זאַלבע־צווייט: איך און דער סעקרעטער פון צענטראַל קאָמיטעט, מיין אַלטער שול־חבר יאַשקע קאַפּלאַן, וועלכער האָט איצט געהאַט דעם קאָנספּי־ראַטיווען נאָמען האָראַצי. מיר פלעגען זיצען און וואַרטען — און עס איז געווען שטיל און טרויעריג. אַמאָל, נאָך מיט אַ יאָהר פריהער, פלעגען די מענשען פון פאַרשידענע שטעט און שטעט־לאָך קומען אין די צעהנדליגער. מיר האָבען געהאַט אַ גרויסען, ברייט־פאַרצווייגטען אַפּאַראַט. אין דעם רשות פון צ. ק. האָבען זיך געפונען צעהנדליגער „פּראָפעסיאָנאַלען״, — דאָס הייסט מענ־שען, וואָס פלעגען זיך אויסשליסליך און ספּעציעל אָפּגעבען מיט דער רעוואָלוציאָנערער ארבייט. ס'איז געווען ווי אַ מין מינים־טעריום, אַרומגערינגעלט מיט גאַנצע מחנות אַגענטען. אויף יעדער זיצונג פון צ. ק. האָט מען זיך געדאַרפט פאַרנעמען מיט'ן פאַנאַנ־דערברייטען איבער די פאַרשידענע שטעט אונזער גרויסען מענשען־מאַטעריאַל. שיער ניט אַלע טאָג פלעגען אָנקומען מעלדונגען און בקשות: דער מוז אַוועקפאָהרען פון דער שטאָט, ווייל מען קוקט איהם נאָך צו שטאַרק; דער מוז בייטען דעם נאָמען, דער קלאָגט זיך, אַז ער האָט שוין צו לאַנג פאַרבראַכט אין דעם קליינעם, אומעטיגען שטעטעל, און ער בעט, מען זאָל איהם אַריבערטראַנספּאָרטירען אויף אַן אַנדער שטעלע אין אַ גרעסערער שטאָט; דער קומט מיט אַ פראַגע, וואָס איז אויפגעשוואומען ביי זיין אָרגאַניזאַציע און דער צ. ק. דאַרף פּסקנ'ען די שאלה, א. אַז. וו., א. אַז. וו. אַ שטענדיגער טומעל, אַ שטענדיגע קאָכעניש. איצט איז אָבער געוואָרען שטיל און רוהיג. מאַנכעס מאָל פלעגט קומען אַ מענש, העכסטענס צוויי. און מאַנכעס מאָל פלעגען מיר אָפּזיצען דעם גאַנצען אָווענט, און עס פלעגט קיינער ניט קומען. ביטערע, טרויעריגע צייטען...

און אַזוי האָט זיך דאָס געלעבט אין די דאָזיגע אומעטיגע חדשים. פערזענליכע באַקאַנטע האָב איך געהאַט גאָר ווייניג. זיצען אין דער היים — אין דעם פרעמדען, ניט היימליכען „מעבלירטען צימער״ האָט זיך אויך ניט געוואָלט און איך פלעג פאַרברייגגען גאַנצע טעג אין אַ קאַפע־הויז, ביי מאַרוכעס'ן.

מאַרוכעס'עס קאַפע־הויז איז געווען איינע פון די כאַראַקטע־ריסטישע „אינסטיטוציעס״ פון ווילנע. איך האָב איהם זעהר ליב געהאַט, און איך מוז וועגען איהם דערצעהלען:

אינטערעסאַנט און כאַראַקטעריסטיש פאַר ווילנע איז דער אופן, ווי אַזוי איך האָב אויסגעפונען דעם דאָזיגן מקום־מקלט.

דאָס איז געווען נאָך אין׳ם יאָהר 1906. איך בין געווען אין גאַס צוזאַמען מיט זאַסלאַווסקי׳ן, דאַכט זיך, און נאָך אימיצען. דאָס איז געווען די לאַנגע גאַס. אָדער אפשר האָב איך אַ טעות און מען רופט זי די „ברייטע גאַס?״ איך געדענק נישט; אויף רוסיש הייסט זי „באָלשאַיאַ״ און זי איז די צענטראַלע אַרטעריע פון ווילנער לעבען. ס׳איז געווען אַ זומער־אָוונט. מיר זיינען געגאַנגען איבער דער גאַס. און פּלוצלונג האָט זיך אָנגעהויבן אַ רעגען. אָבער ניט סתם אַ געוועהנליכער רעגען, נאָר אַ „פּליוך״. עס האָט געגאָסען און געגאָסען. און ווילנע האָט אַ טבע: ווען עס הויבט אָן שטאַרק צו גיסען, ווערט דעמאָלט אַן אמת׳ע פאַר־פליייצונג. די גאַס איז אַ שמאָלע און זי גערט אַ ביסעל באַרג אַראָפּ. נאָך אַ צענדליג מינוטען פון אַ שטאַרקען רעגען פאַרוואַנ־דעלט זיך די גאַס אין אַ טייך. ס׳איז ניט קיין שפּאַס און ניט קיין גוזמא. די גאַס ווערט אַן אמת׳ער טייך; דער ברוק און די טראָ־טואַרען ווערען באַדעקט מיט וואַסער, וואָס רינט און טראָגט זיך און ברויזט. און ס׳איז גאַנץ טיף. וועגען געהן ווייטער, קאָן קיין רייד ניט זיין. זיינען מיר אַריין אין דעם ערשטען בעסטען טויער. אָבער דאָס וואַסער הויבט זיך אַלץ העכער און העכער; אין דער גאַס גופא גרייכט דאָס שוין ביז די קני, און עס דרינגט אַריין אין טויער. מען קען אויך דאָרטען ניט בלייבען. זעהען מיר אויף אַ טיר — אָט דוקא אין דעם דאָזיגען טויער — אַ שילדעל: „קאַפע־הויז״. מיר געהען אַרויף אויפ׳ן צווייטען עטאַזש און דאָרטען געפינט זיך טאַקע דאָס קאַפע־הויז. אַזוי האָב איך ענטדעקט מאַרוכעס׳ן און אין די שפּעטערדיגע צייטען בין איך דאָרטען געוואָרען אַ טאָג־טעגליכער גאַסט.

צוויי קליינע צימערלעך. אין איינעם געפינט זיך אַ ביליאַרד, אין דעם צווייטען איז דער בופעט. עס זיצט דאָרטען די בעל־הבית׳טע, עס שטעהט אַ האַלבער טוץ טישלעך און אַרום די טישלעך זיצען די געסט. מען טרינקט טיי און קאַווע. די קאַווע איז דאָרטען געווען די בעסטע אין גאַנץ ווילנע. פאַר אַ פּאָר קאָפּיקעס האָט מען געקענט באַקומען די געשמאַקסטע קאַווע, וואָס איך האָב נאָר אַמאָל געטרונקען. אין די וויענער קאַווע־הייזער האָב איך קיינ־מאָל ניט געהאַט אַזאַ הנאה פון קאַווע. און ווילנע איז דאָך געווען באַרימט מיט איהר קאַווע. ווער רעדט שוין וועגען דער וואונדער־שעהנער „באַבקע״, וואָס מען פלעגט דאָרטען דערלאַנגען.

אויף די טישען ליגען ציטונגען, און צווישען אַנדערע אויך אַ דייטשע צייטונג, דער „בערלינער טאַגעבלאַט״, וואָס איז געווען

פאר מיר א גרויסע צוציהונגס־קראפט. די מעהרסטע ליים אבער, וואס זיצען דארטען, האבען אן אנדער באשעפטיגונג: מען שפילט שאך.

דערוואקסענע, אלטע, גרויע אידען זיצען דארטען אין מיטען העלען טאג און שפילען שאך. קענטיג, אז זייערע ווייבער האר־רעווען פאר זיי. מעגען זיי שפילען. איך אליין פלעג זעלטען שפילען. אבער זיצען און קוקען און צוהערען זיך, איז געווען אן אמת'ע מחיה. א איד האט דאך א באזונדערע מאניערע ווי צו שפילען שאך. א איד האלט דאך אין איין ריידען און אין איין זינגען. אימיצער זאגט עפעס א ווערטעל. דער שפילער כאפט אונטער דאס ווערטעל און הויבט אן דאס איבערצו'חזר'ן אויף טויזענטערליי אופנים, און דוקא מיט א נגון און דוקא מיט פאר־שידענע נגונים, און דער צווייטער שפילער הויבט אן פונקט אזוי ווי דער ערשטער, פארטראכטערהייט און ניט וויסענדיג אפילו, אז ער זאגט און זינגט עפעס — נאכצוזינגען דאס ווערטעל מיט'ן נגון. קען מען צופלאצט ווערען פון געלעכטער. אבער די שפי־לער אליין זיינען נאך ניט די איינציגע טעטיגע פערזאנען. ארום יעדען טישעל, ארום יעדע פאר שפילער, זיצט און שטעהט א גאנצע מחנה צושויער. זיי שטעהען און „קיבעצען". דאס ווארט „קי־בעצען" האט אן אנדער זין אין אמעריקע, און אן אנדער זין אין אייראפע. אין אמעריקע מיינט דאס מאכען שפאס. אין איי־ראפע — צוקוקען זיך צום פרעמדען שפיל און זיך באטייליגען אין דעם מיט ווארט און עצה. און פון די דאזיגע עצות קומען ארוים שטענדיגע רייסערייען. צוויי אידען שפילען, א דריטער שטעהט איבער זייערע קעפ און נודיעט.

„ר' איד, איהר שפילט ניט גוט", — מאכט א „קיבעצער".

„לאזט מיך צורוה", רופט זיך אפ דער שפילער.

„אבער פאר וואס זיינט איהר ניט געגאנגען מיט'ן פערד אט אהער?"

„איך בעט אייך, לאזט מיך צופרידען", בייזערט זיך דער שפילער.

אויף א פאר מינוטען ווערט רוהיגער. מען מאכט א פאר גענג.

„פושער איינער, געהט ניט אהין, געהט אט אזוי", — הויבט ווידער אן דער קיבעצער.

„געהט צו אלע שווארצע יאהר, לאזט מיך שפילען!"

ווידער א מינוט שטילקייט, און ווייטער די זעלבע מעשה.

איין מאל, געדענק איך, האט איינער א קיבעצער אזוי לאנג גענודיעט, ביז וואנען דער שפילער האט פארלוירען זיין געדולד

און אַרויסגעלאָזט אַ געשמאַקען, הילכיגען דרייגאָריגען „רוסישען וואָרט". ס'איז געוואָרען טויט־שטיל אין דעם צימער. און נאָך אַ פּאָר סעקונדען שווייגען רופט זיך אָפּ איינער פון די געסט:

„אָ, פּאַניע ראַבינאָוויטש, רעדט איהר שעהן רוסיש!"

דער עולם לאַכט, און דער שפּילער וואָס האָט זיך שוין צוריק פאַרטראַכט אין די שאַך־קאָמבינאַציעס, ברומט אונטער'ן נאָז מיט אַ אידישען נגון: „אָ, פּאַניע ראַבינאָוויטש, רעדט איהר שעהן רוסיש". און אַ שעה נאָכאַנאַנד האָט זיך דאָ ביי דעם, דאָ ביים צווייטען טישעל געהערט דער אידישער נגון פון די פאַרטראַכטע שפּילערס: „אָ, פּאַניע ראַבינאָוויטש, רעדט איהר שעהן רוסיש". ביז'ן היינטיגען טאָג זעה איך נאָך פּאַר מיינע אויגען דאָס דאָ־זיגע קליינע צימערעל מיט דער אַלטער שטילער בעל־הבית'טע, מיט די אַלטע אידען ביי די טישלעך, און איך הער נאָך אַלץ דעם נגון וועגען דעם פאַן ראַבינאָוויטש, וואָס רעדט אַזוי שעהן רוסיש.

ווען איך בין געווען מיט אַ קורצער צייט צוריק אין ווילנע נאָך אַ הפסקה פון 12 יאָהר, איז איינע פון די ערשטע פראַגען מיינע געווען, צי עקזיסטירט נאָך ביי אייך דאָס קאַפע־הויז פון מאַרובעס'ן? עס עקזיסטירט אָבער שוין ניט מעהר. אַ שאָד!

## ב. וולאַדעק.

# א בליק אויף צוריק.

זינט דער וועלט־מלחמה האָט דער נאָמען ווילנע געקראָגען א טרויעריגען קלאַנג. אז אימיצער זאָגט איצט אַרויס „ווילנע" מיינט דאָס געוועהנליך צרות. און אַפילו דאָס ביסעלע נחת וואָס מיר האָ־



ב. וולאַדעק אין די יונגע יאָהרען.

ב. וולאַדעק אין 1934.

בען פון ווילנע, ווי די אידישע שולען און דער וויסענשאַפטליכער אינסטיטוט, איז אויך נאָר א גייסטיגער נחת. עס שמעקט מיט א פארזוך אייגצוהאַלטען, קאָנסערווירען, פאַרטיידיגען דאָס ביסעל וואָס איז געבליבען געגען דער אַטאַקע פון פיינדליכע אומשטענדען.

אין מיינע צייטען האָט ווילנע געקלונגען גאָר אַנדערש. דער נאָמען האָט געמיינט קאַמף, רעוואָלוציע, פאַרזאַמלונגען, באַיעוואָי אָטריאַד, געזאַנג, דעמאָנסטראַציעס. איבערהויפּט שאַרף זיינען פאַר־בליבען אין מיין זכרון די מיטינגען אויף נאָווגאָראָד און מיט מאָ־נאַטען שפּעטער די מיטינגען אין כאָר־שוהל, און אין מיטען 5 מאָ־נאַטען אין לוקישקער טורמע, וואָס זיינען אויך געווען נישט מעהר ווי אַן אויסדרוק פון טעטיגקייט און ניט אַ צוריקגאַנג. באַלד וועט ווערען דרייסיג יאָהר זינט יענעם שטורמישען פריהלינג און זומער, וואָס האָט מיך געהאַלטען אין ווילנע פון אָנפאַנג מאַרטש ביז ענדע אָקטאָבער. און דאָך איז אַלץ אַזוי פריש, ווי עס וואָלט פּאַסירט נעכטען. עס געהט דורך פאַרביי מיין געדעכעניש אַ פּראָצעסיע פון מענשען און אַ פּראָצעסיע פון מאַסען.

נישט קוקענדיג אויף איהר אייביגער אָרעמקייט, האָט אַלץ אויף דעם הינטערגרונט פון ווילנע אַ אָפּגלאַנץ פון גייסטיגער אַריסטאָ־קראַטיע און אינטעליגענץ.

וואו נעמט מען די צייט און וואו נעמט מען די פעהיגקייטען צוריק אויפצושטעלען די בילדער פון יענער ווילנע?! וואו זיינען די אַלע, צו וועמען איך האָב גערעדט אויף אַנטאָקאָליע און אויף נאָוו־גאָראָד, אין כאָר־שוהל און אין „דוואָריאַנסקאָיע סאָבראַניע", אין די געדרעהטע פאַרוואָרפענע זאַוואָלקעס און ביי דער ריזיגער לויה אין אָקטאָבער?! זיי זיינען איצט צעוואָרפען איבער דער גאַנצער וועלט און פילע פון זיי זיינען געווים איצט מיטגלידער פון ווילנער ברענטש 367 אַרבייטער רינג, וואָס אויך אין זייערע הערצער שפּיגעלט זיך אָפּ די אַמאָליגע ווילנע מיט דעם זעלבען גלאַנץ, מיט דער זעלבער פאַר־בינקייט, מיט דער זעלבער וועהמיטליכער וואָרעמקייט ווי אין מיין אייגען האַרץ.

איבער דער גאַנצער וועלט זיינען פאַרפּלאָנצט די מענשען פון יענער ווילנע, וועלכע גריסען זי און ליבען זי אייביג.

## ב. מיכאַלעוויטש.

# דער טראַגישער פּראָוואָקאַטאָר ישראל מיכל קאַפּלינסקי.*)



ישראל מיכל איז געווען איינער פון די פּיאָנערען פון דער אידישער ארבייטער־באַוועגונג אין די 90־ער יאָהרען. אליין א געוועזענער ישיבה־בחור (און אונטער־שמש ערגעץ אין א ווילנער קלויז), איז ער צוגעשטאַנען צו די ערשטע ארבייטער־קרייזלעך און האָט זיך אויסגעלערענט שלאָסעריי. ער איז געווען פון דער ארבייטער־גרופּע, וואָס האָט אין ווילנע אוועקגעשטעלט, לויט איהר אייגענער איניציאַטיוו, צום ערשטען מאָל, אן אומלעגאַלע אידישע דרוקעריי און האָט אליין דאָרט אָפּגעדרוקט דעם ערשטען נומער „ארבייטער שטימע". נאָכ'ן ערשטען בונדישען צוזאַמענפאָהר איז ישראל מיכל מיט זיין פרוי מערע איבערגעפאָהרען קיין באָברויסק, וואו זיי האָבען געארבייט אין דער גרויסער בונדישער דרוקעריי. די דרוקעריי איז דורכגעפאַלען אין 1898־טען יאָהר צוזאַמען מיט דעם גאַנצען פּערסאָנאַל. ישראל מיכל איז ארייגעפאַלען אין זובאַטאָוו'ס הענט.

וואָס דאָרט איז פאָרגעקומען צווישען דעם געניטען אָכראַניק און צווישען דעם יונגען ארעסטאַנט, איז פארבליבען אן אייביגער סוד, וועלכען ישראל מיכל האָט מיטגעטראָגען מיט זיך אין קבר. לויט אַלע וואַרשיינליכקייטען האָט ישראל מיכל באַשלאָסען „איבער־צוכיטרעווען" דעם כיטרען „אָכראַניק": ער האָט גענומען אויף זיך צו ווערען דער „אינפאָרמאַטאָר" וועגען „בונד", פארלאָזענדיג זיך דערביי אויף זיין שכל און פעהיגקייט איבערצושפּיצען און פאַרנאַרען די זשאַנדאַרמען. אָבער דער דאָזיגער איינפאַל — צו קויפען זיך די פרייהייט מיט דער כונה אָפּצונאַרען די זשאַנדאַרמען — איז שוין נישט איינמאָל געוואָרען א פאַרפירעריש ווערימעל, אויף וועלכען

*) ב. מיכאַלעוויטש — זכרונות פון אַ אידישען סאָציאַליסט, פאַרלאַג „די וועלט", וואַרשע, 1923.

עס האָבען זיך געלאָזט פאַנגען געניטערע רעוואָלוציאָנערען, ווי ישראל מיכל איז געווען. די אָכראַנע פלעגט אַזוי־אַרום אַריינאַרען אַ פריץ אין איהר נעץ. און קוים האָט זי שוין יענעם געהאַלטען אין האַנט, קוים האָט ער געגעבען נאָר לפנים זיין הסכמה צו ווערען אַ פּראָוואָ־קאַטאָר, פלעגט ער זיך שוין צאַפּלען אין דער דאָזיגער נעץ און פון איהר זיך שוין נישט קאָנען אַרויסרייסען צוריק אויף דער ריינער לופט.



ישראל מיכל קאַפּלינסקי — דער פּראָוואָקאַטאָר.

מען פלעגט דעם דאָזיגען פאַרשוין אַליין אַרומרינגלען מיט שפּיאָנען, מען פלעגט פון איהם תמיד מאָנען קרבנות, אַזוי ווי דער טייוועל די נשמה ביים בעל־דבר, וואָס פלעגט מיט איהם אַ קאָנטראַקט שליסען; מען פלעגט איהם סטראַשען מיט אַרויסגעבען איהם צו דער פּאַרטיי. אַזוי פלעגט זיך אַזאַ איינער וואַרפען צווישען צוויי פייערען, זיך ראַנגלען מיט זיין געוויסען, זיך תמיד קווינקלען און

פּלאָגען, פּלעגט נאַרען די זשאַנדאַרמען, פּלעגט אָבער אויך פאַר־ראַטען זיינע פּאַרטיי חברים, און אַלץ טיפער אַראָפּזינקען אין זומפּ פון פּראָוואָקאַציע.

דער זעלבסטערהאַלטונגס־אינסטינקט האָט אויסגעאַרבייט ביי מענשען בכלל אַ שרעקליכע שנאה און פאַראַכטונג צו פאַררעטער, צו בוגדים. עד־היום איז אין מענשליכען זכרון פאַרבליבען פאַראַכט און פאַרהאַסט די לעגענדאַרע, פּלאָגענדיגע געשטאַלט פון קריסטוסעס פאַררעטער יהודה, און די דאָזיגע פאַראַכטונג און עקעל באַגלייט אַלע זיינע נאָכאַמער און פּאָלגער ביז היינטיגען טאָג. אַפילו די, וואָס באַנוצען זיך מיט די ידיעות פון אַזעלכע לייט, באַציען זיך צו זיי נישט מיט קיין איבעריגען אָפּשיי. נישט איינמאָל איז מיר אויסגעקומען אין די טורמעס צו טרעפען זיך מיט די דאָזיגע אומ־גליקליכע לייט פון דער קרימינעלער וועלט. די גאַנצע תפיסה באַ־ציט זיך צו זיי מיט אַ פייערדיגער שנאה. מען מוז זיי שטרענג אי־זאָלירען אין אַ באַזונדער חדר, — די „הייליגע פון קלויסטער", ווי די אַרעסטאַנטען רופען זיי סאַרקאַסטיש, — זיי פיהרען באַזונדער שפּאַצירען, נישט לאָזען זיי צונויפטרעפען זיך מיט די איבעריגע אַרעסטאַנטען. זיי שטעהען שטענדיג אין געפאַהר צוריסען צו ווערען פון די אַרומיגע. זייערע אויגען קוקען תמיד אויף אייך מיט אַזוי פיל פּיין און טיפען טרויער, אַז נישט־ווילענדיג פאַרגעסט מען אָן זייער מענטשליכער שוואַכקייט און געפאַלענקייט, און איהר באַטראַכט זיי שוין ווי געוועהלטע, טראַגישע פערזאָנען, וועלכע ווערען געפּלאָגט און פיינליך באַשטראָפט פון זייער אייגענעם אינערליכען טראַגיזם.

יעדענפאַלס, וואָס איז שייך ישראל מיכלען, איז דאָס, אָהן צוויי־פעל, געווען אַ טראַגישע פערזענליכקייט. איך געדענק דעם ערשטען איינדרוק, וואָס דער דאָזיגער מענש האָט אויף מיר געמאַכט. דאָס איז געווען אין דווינסק אויף אַ פּאַרטיי־באַראַטונג אין יאָהר 1902, אַ קורצע צייט נאָך זיין באַפרייאונג פון מאָסקווער טורמע. ער איז געווען אַ הויכער, ברייט־פּלייציגער יונגערמאַן, מיט וואַסערדיגע גרויסע אויגען פון אַ פיש, אַ בלאַסער, טויטער פּנים, באַוואַקסען מיט אַ בלאָנד בערדעל. דער מענש פלעגט זעלטעןריידען. ער איז געווען אַ שטענדיגער שווייגער. פון צייט צו צייט בלויז פלעגט ער פאַר־קרימען זיינע ליפּען אויף אַ שמייכעל און סאַרקאַסטיש אַרויסריידען אַ וויץ, קיינמאָל נישט קיין פרעהליכע מינע, קיין הויכען געלעכטער.

צי זיין פרוי מערע האָט געוואוסט פון זיין סוד, בלייבט נאָך אַלץ אַ גרויסער ספק. באַקאַנט איז בלויז, אַז זי האָט אין טורמע אי־בערגעלעבט אַ שווערע נערווען־קרענק און איז נאָך נישט אינגאַנצען צו זיך געקומען, ווען איך האָב זי דאַמאַלסט געטראָפען אין דווינסק. זייערע באַקאַנטע האָבען דאָס דערקלערט מיט אַ טראַגעדיע, וואָס זי

האָט איבערגעלעבט אַלס מוטער, וועלכע האָט פאַרלאָרען איהר קינד אין טורמע. יעדענפאַלס האָט מערע זיך ערהאַלט, זי איז געוואָרען איינגאַנצען געזונט און פרעהליך. ישראל מיכל אָבער איז פאַרבליבען אַ פאַרטראַכטער, שווייגענדיגער מרה־שחורה'ניק מיט אַ זעלטענעם קרוּ־מען שמייכעל אויף זיינע ליפען.

ער האָט פאַרנומען דעם אַמט פון הויפּט־טעכניקער ביים צענטראַל־קאָמיטעט. צו יענער צייט האָט ער געהאַט אין דווינסק (וואו ער און זיין פרוי האָבען געוואוינט אונטער פּאָליציי־אויפזיכט) אַן אייגענע שלאָסעריי, וואו ער פלעגט אויסאַרבייטען פאַרשידענע טעכנישע קאָנספּיראַטיווע מכשירים, ווי אויך איינאָרדענען אומלעגאַלע דרוקע־רייען. ס'איז קלאָר ווי דער טאָג, אַז ישראל מיכל האָט זיינע נייע באַלעבאַטים זעהר וויניג ארויסגעגעבען.

לויט ווי ס'האָט זיך שפּעטער ארויסגעוויזען, האָט ישראל מיכל ארויסגעגעבען לעאָן און מערע גאָלדמאַן אין קישענעוו (די דרוקעריי פון „איסקראַ"). ער האָט אָנגעוויזען אויף דעם, אַז צביה הורוויץ וואוינט אין ווארשע (זי האָט געוואוינט אויף אַ פאַלשען פּאַס) און שפּעטער נאָך איניגע קלענערע קרייזלעך. אָבער לויט דעם אָרט, וואָס ישראל מיכל האָט פאַרנומען אין דער פּאַרטיי און לויט זיין אייגענער ארבייט, האָט ער געקאָנט אָהן אַ ערך פיל מאָל מעהר און וויכטיגערס אָנווייזען, און דערביי זאָל נאָר אויף איהם קיינמאָל קיין חשד נישט פאַלען. ס'איז גענוג צו זאָגען, אַז ישראל מיכל האָט גע־האַט אַ שייכות צו די דרוקערייען, איז געווען באַהאַוועגט אין אַלע קאָנספּיראַטיווע ענינים, און פלעגט אין די שפּעטערדיגע יאָהרען באַ־זאָרגען דעם צענטראַל־קאָמיטעט מיט דירות אויף זיצונגען. פאַר איהם איז קיין זאַך נישט געווען געהיים, און ווען ער וואָלט זיין אַ בייז־וויליגער פּראָוואָקאַטאָר, וואָלט ער געקאָנט אָנמאַכען חורבנות אין דער פּאַרטיי.

משמעות, ישראל מיכל פלעגט ארויסגעבען שוין נאָר על־פּי־נויט, ווען ס'איז שוין אונמעגליך געווען זיך ארויסצודרעהען מיט זיינע שפּיצלעך, און דערביי פלעגט ער זיך באַמיהען צו מאַכען עס וואָס וויניגער שעדליך. אַזוי איז פאָרגעקומען אַ צופאַל מיט מיר גופא. די צענטראַלע בונדישע דרוקעריי האָט זיך געפונען ביז נאָך דער רע־וואָלוציע פון יאָהר 1905 אין ווארשע אויף גזשיבאָווסקאַ 13. כדי די שכנים פון אויבערשטען שטאָק זאָלען נישט הערען דאָס קלאַפּען פון וואַליק, האָט מען אָפּגעדונגען אויך די אויבערשטע דירה, אין וועל־כער ס'האָבען געוואוינט שלום לעווין מיט זיין פרוי. נאָך דער רע־וואָלוציע האָט מען באַשלאָסען די דרוקעריי דאָרט צו ליקווידירען, און שלום לעווין האָט מיר איבערגעגעבען די דירה, וועלכע איך האָב אָפּגעדונגען, כלומר'שט פון גאַס, ביים ווירט.

איך בין נאָר־וואָס געהאַט געקומען קיין וואַרשע אויף מיין „ריינער־כתיבה”, אַלס סוחר ליבמאַן און בין נאָך דער וואַרשעווער אָכראַנע נישט געווען באַקאַנט. באַלד אָבער אויף מאָרגען, ווי איך האָב זיך איבערגעקליבען אויף דער נייער דירה, האָט אונז ביינאַכט אויפגעוועקט דער גוט־באַקאַנטער שאַרפער קלונג. זשאַנדאַרמען, פּאָ־ליציאַנטען און זעלנער רייסען זיך אַריין אין וואוינונג, מען מאַכט אַ פּראָטאָקאָל. ווייזט זיך אַרויס, אַז מען איז גאָר געקומען מיט אַ רעוויזיע צו שלום לעווין. שוין אַביסעל צו שפּעט. קענטיג, אַז די ידיעות וועגען דער דרוקעריי האָט דער פּאָליציי־דעפּאַרטמענט (די וואַרשעווער אָכראַנע האָט פון קאַפּלינסקי'ן דאַן נאָך ניט געוואוסט) באַקומען ערשט דעמאָלט, ווען זי האָט זיך שוין ליקווידירט.

לאָמיר זיך אָבער אומקערען צו דער מעשה מיט'ן אַרעסט. די וואַרשעווער אָכראַנע האָט אַרעסטירט די גאַנצע אויבענדערמאָנטע גרופּע צוזאַמען מיט די דירה־אייגענטימער (אברהם און בערטע קאַסטעלאַנסקי) און אָפּגעפיהרט זיי אין „פּאַוויאַק”. זי האָט באַלד וועגען דעם מודיע געווען אין פּאָליציי־דעפּאַרטמענט, אַז ס'איז אַרעסטירט געוואָרען דער גאַנצער צענטראַל־קאָמיטעט פון „בונד”, מיט די פאַמיליען־נעמען פון די אַרעסטירטע. צווישען זיי איז געווען ישראל מיכל קאַפּלינסקי, און דאָס האָט באַוואוינגען דעם פּאָליציי־דעפּאַרטמענט אַראָפּצושיקען אַ ספּעציעלען בעאַמטען אויפצוקלערען די גאַנצע מעשה. אַזוי ווי קאַפּ־לינסקי האָט זיך געפונען אין רשות פון ווילנער אָכראַנע, איז פון דאָרטען אָפּגעפאָהרען אַ בעאַמטער, וועלכער האָט אַרויסגערופען קאַפּ־לינסקי'ן צו זיך אויף אַ פאַרהער. משמעות, ישראל מיכל האָט איהם דערוויזען, אַז דער אַרעסט קאָן איהם קאָמפּראָמעטירען און איז פריה־צייטיק. דארום איז דאָרט באַשלאָסען געוואָרען צו באַפרייען די גאַנצע גרופּע. פאַר'ן באַפרייען האָט מען בלויז ישראל מיכלען איבערגע־שיקט אין וואַרשעווער אָכראַנע, וואו מען האָט מן הסתם מיט איהם געשלאָסען באַקאַנטשאַפט. אַלע זיינען טאַקע, נאָך זעקס וואָכען זיי־צען, באַפרייט געוואָרען. בלויז קעגען די קאַסטעלאַנסקים האָט מען פאַרפיהרט אַ געריכטליכען פּראָצעס פאַר אַרויסלאָזען די „שפּינען און פליגען”, און זיי זיינען אויך שפּעטער באַפרייט געוואָרען אויף קויציע.

כדי, אפנים, זיך אינגאַנצען ריין צו וואַשען פון יעדען חשד און איהם אַרויספיהרען אויף אַ פאַלשען וועג, האָט ישראל מיכל נאָך אין טורמע גופא און שפּעטער שוין אויף דער פריי, געוואָרפען אַ פאַרדאַכט אַזוי, כלומר'שט אומוויליג, ניט פעסט און נישט דער־רעדט, אויף איינעם פון זיינע אַרעסטירטע קאָלעגען — ראַטהויזער. קיין שום זיכערעס האָט ער געגען איהם נישט אַרויסגערוקט, ער האָט בלויז אָפּערירט מיט האַלבע רמזים און פּסיכאָלאָגישע טעמים, און איהם האָט

זיך איינגעגעבן צו שאפן אַרום דעם יונגען חבר אַזאַ פאַרדעכטיגע אַטמאָספערע, וואָס איז ערגער פון יעדער אָפענער באַשולדיגונג.

אגב אורחא, איז שוין אַזאַ ענליכע מעשה מיט קאַפּלינסקי'ן פאָרגעקומען מיט אייניגע חדשים פריהער און דווינסק. נאָך די באַריהמטע געשעהענישען פון יאַנואַר־פעברואַר, 1905, איז אין דווינסק דורכגעפאַלען דער גאַנצער קאָמיטעט פון „בונד" אויף איינער פון זיינע זיצונגען. צווישען די אַרעסטירטע איז אויך געווען ישראל־מיכל. אַלע זיינען געווען גוט באַקאַנט דער פּאָליציי און מען איז געווען זיכער, אַז דער אַרעסט וועט זיך אַזוי לייכט נישט ענדיגען. בפרט אין יענער צייט, ווען יעדע קלייניגקייט פלעגט זיך ענדיגן מיט פאַר־שיקען אדמיניסטראַטיוו אין די מרחקים. אָבער אין אַ קורצער צייט אַרום זיינען אַלע אַרעסטירטע, אומפאַרשטענדליך, באַפרייט געוואָרען. אַלע האָבען געהויבען מיט די פּלייצעס און זיך דאָך באַרוהיגט. גער פאַרשטעהע, וואָס זשאַנדאַרמען טוען! אין די אָקטאָבער טעג האָט דער דווינסקער פּאָליציימייסטער, אין אַ מאָמענט פון אָפענהאַרציגקייט, דערצעהלט איינעם אַ באַקאַנטען, אַז עמיצער פון די „בונדיסטען" מוז שטעהן אין אַ קאָנטאַקט מיט'ן פּאָליציי־דעפּאַרטמענט, אַ ראיה: בעת ער האָט אַרעסטירט דעם „קאָמיטעט", האָט מען פון פעטערבורג, דורך אַ שיפרירטער דעפעשע, געגעבען צו וויסען, מען „זאָל די סוחרים אַרויסלאָזען פון עסק." קיינער האָט דעמאָלט נישט געלייגט קיין אכט אויף דער מעשה, אַזוי ווי ס'האָט קיינעם נישט אויסגעזעהן פאַרדעכטיג די באַפרייאונג פון דער אַרעסטירטער גרופּע אין וואַרשע.

כדי שוין איינגאַנצען צו פאַרענדיגען מיט'ן ענין קאַפּלינסקי און שוין מעהר צו איהם שפּעטער ניט צוריקקעהרען, וועל איך דאָ דער־צעהלען, ווי אַזוי ער איז אויפגעדעקט געוואָרען, און זיין סוף, וואָס ער האָט געהאַט.

באַלד נאָך דער אויפגעדעקטער מעשה אַזעוו, איז ישראל מיכל געוואָרען ביי זיך שטאַרק געפאַלען. איך דערמאָן זיך: יענעם זומער בין איך געווען ביי ישראל מיכלען אין שטוב (ער האָט געאַרבייט אין דער דרוקעריי פון „פאָלקסצייטונג") און מיר האָבען פאַרפיהרט אַ געשפּרעך וועגען בורצעוו'ס אַנטפּלעקונגען. איך האָב אַזוי, גאָרנישט מיינענדיג, אַ זאָג געטאָן: נישט ביי איין פּראָוואָקאַטאָר קלאַפּט איצט דאָס האַרץ. ווער ווייסט, וועלכע נייע רעוואָלוציעס שטעהען נאָך פאָר.

ישראל מיכל'ס פאַרבלאָזער פּנים איז נאָך בלאַסער געוואָרען, זיינע ליפּען האָבען זיך פאַרדרעהט אין אַ פאַרקרימטען שמייכעל און ער האָט שטיל אַרויסגערעדט: „יאָ, קענטיג, דאָס איז אַ זיכערע קוועלע". דאָס איז געווען אַ שמייכעל פון אַ מענש, וועמעס גורל איז שוין

געווען פאַר'חתמ'עט; אַ גרימאַסע פון אַ באַנקראָטירטען, וועלכער וואַרט אַז יעדע מינוט זאָל קומען די קאַטאַסטראָפע. פאַרשטעהט זיך, אַז איך האָב דעמאָלט גאָרנישט חושד געווען און האָב נאָר באַמערקט, אַז ישראל מיכל איז אין אַ געדריקטער שטימונג.

ישראל מיכל האָט געקלערט וועגען אָפּפאָהרען קיין אַמעריקע. ער האָט זיך אָנגעפרעגט ביי זיינע באַקאַנטע, צי ער וואָלט זיך גע־קענט איינאָרדנען אין אַמעריקע. מיטאַמאָל האָט ער זיך באַזייטיגט פון דער אַרבייט און האָט דערקלערט, אַז מען שפּיאָנירט איהם נאָך. באַלד איז ער ווידער געוואָרען נאָהענט צום ווילנער קאָמיטעט. קענ־טיג, אַז ער האָט דעמאָלט איבערגעלעבט זעהר שווערע טעג. מיט אַ קורצער צייט פריהער, איידער מען האָט איהם אויפגעדעקט, איז ער געלעגען אייניגע טעג צו בעט. ביי איהם אין צימער זיינען דעמאָלט געזעסען זיין פרוי, חנה לעווין און נאָך אַ באַקאַנטע. אין דעם מאָ־מענט האָט זיך געעפענט די טיר און אין צימער האָט זיך באַוויזען אַ הויכע, פולע פיגור פון אַ רוס אין אַ גוטען פעלץ און פוטערנער היטעל. דאָס ערשיינען פון אַזאַ גאַסט האָט קיינעם פון די אַנוועזענדע ניט פאַרוואונדערט. מען איז צוגעוואוינט געווען, אַז צו ישראל מיכלען זאָלען קומען פאַרשידענע רעוואָלוציאָנערען מיט קאָנספּיראַ־טיווע באַשטעלונגען. די פרויען האָבען תיכף פאַרלאָזט דעם צימער און איבערגעלאָזען דעם חולה אויג אויף אויג מיט'ן גאַסט. שפּע־טער, אַז זיי זיינען צוריק אריין אין צימער, האָבען זיי געטראָפען ישראל מיכלען זעהר אויפגעבראַכט און ער האָט פאַר זיי געזאָגט מיט הארץ: ס'אַרא אומפאָרזיכטיגע מענשען ס'זיינען דאָ ביי די רוסישע חברים! ער האָט געהאַט צו מיר אַן עסק, האָט ער זיך נישט גע־קאָנט איינהאַלטען און איז געגאַנגען פרעגען ביים הויזוועכטער מיין אַדרעס. ווי ס'האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזען, האָט דער גאַסט נישט געהאַט קיין באַזונדערע גרונדען צו זיין פאָרזיכטיג: ער איז ספּע־ציעל אַראָפּגעשיקט געוואָרען פון פּאָליציי־דעפּאַרטמענט צו האָבען אַן ערנסטען שמועס מיט קאַפּלינסקי'ן פאַר זיינע קנאַפּע און שוואַכע ידיעות, וואָס ער שטעלט צו. דוכט זיך, צו יענער צייט איז דורכ־געפאַלען אין ווילנע אַ גרופּע טוער (אַנאַ ראָזענטאַל און אַנדערע). אויך דעם דאָזיגען אַרעסט האָט מען פאַררעכענט אויף ישראל מיכל'ס קאָנטאָ.

דערוויל איז אַנטלאָפען פון פּעטערבורג קיין פּאַריז אַן אָנגע־זעהענער בעאַמטער פון פּאָליציי־דעפּאַרטמענט, לעאָניד מענטשיקאָוו, מיט אַ גאַנץ פּעקעל קאָפּיעס פון געהיימע דאָקומענטען, צווישען זיי אויך אַ צעטעל פון פּראָוואָקאַטאָרען און „מיטאַרבייטער". פון איהם האָט דאָס בורצעוו באַקומען די סענסאַציאָנעלע אינפאָרמאַציעס. אין

א שעהנעם פריהמארגען אין יאהר 1910 האט דער אויסלענדישער קא־מיטעט פון „בונד״ באקומען פון בורצעוו׳ן א ידיעה, אז אן אנגע־זעהענער מיטגליד פון צענטראל קאמיטעט איז א פראוואקאטאר. קיין גענויע סמנים האט ער נישט געקאנט געבען. ער האט נאר גע־וואוסט, אז זיין נאמען דערמאנט עפעס אן אפטייק (דאס רוסישע ווארט קאפלי, באדייט טראפענס). מען האט זיך געבראכען דעם קאפ און נישט געקאנט וויסען, ווער דאס איז. נאך מעהר איז די זאך געווארען פארפלאנטערט ווען ער האט געגעבען א סימן, אז דאס איז א ווילנער דעלעגאט, וואס איז ארעסטירט געווארען אויף דער פארטיי־בעראטונג אין דעצעמבער, 1905, אין ווארשע. ווי שוין דערמאנט, איז אין ווארשע קיין בעראטונג נישט פארגעקומען, און דער וואס איז געקומען יענעם טאג פון ווילנע איז געוועזן גאר נח.

ענדליך האט בורצעוו אנגערופען די פאמיליע קאפלינסקי. דאס האט די מיטגלידער פון אויסלענדישען קאמיטעט געטראפען ווי מיט א קויל. אין דער גאנצער מעשה איז געווען אזוי פיל נישט פאר־שטענדליכעס און נישט גלויבליכעס. ס׳איז דארום פארבליבען צו פאדערען פון בורצעוו׳ן, ער זאל אנרופען די פערזאן פון וועמען ער האט באקומען די ידיעה און צולאזען צו איהם אויף א שמועס.

לכתחילה האט זיך בורצעוו געקווינקעלט. ער האט געמאלדען, אז יענע פערזאן וויל פארבלייבען אינקאגניטא. דער אויסלענדישער קאמיטעט איז אבער ענערגיש באשטאנען אויף זיין פאדערונג, און בורצעוו איז ענדליך אויף דעם איינגעגאנגען. ער האט בלויז געמאל־דען, אז דער, וואס וועט מיט איהם שמועסען, זאל אנגעבען זיין אמת׳ן פאמיליען־נאמען און זיין פאר איהם אינגאנצען אפענהארציג.

דער דאזיגער באדינג איז אנגענומען געווארען, און פישעל קאיגען (יונה) איז געפאהרען זיך זעהן מיט דעם געהיימניספולען אלוויסער. לעאניד מענטשיקאוו האט גלייך געמאלדען יונה׳ן, אז ער איז איהם באקאנט אלס מיטגליד פון צענטראלען קאמיטעט און ער קאן ריידען מיט איהם גאנץ אפען. מענטשיקאוו האט קאטעגאריש באשטעטיגט זיין באשולדיגונג געגען קאפלינסקי׳ן, און כדי צו פאר־טרייבען יעדען ספק, האט ער געוויזען ישראל מיכל׳ס א פאטאגראפיע צוזאמען מיט אנדערע „מיטארבייטער״ פון פאליציי־דעפארטמענט. דאס האט אלץ געמאכט קלאר, און די בשורה איז איבערגעגעבען געווארען קיין ווילנע, וואו ס׳האט זיך דעמאלט אויפגעהאלטען דער צ. ק.

אבראמאוויטש׳ן און ליבער׳ן איז איבערגעגעבען געווארען אויסצו־פארשען די זאך און האבען מיט ישראל מיכלען דעם געשפרעך. פאר דעם ענטשיידענעם געשפרעך האבען זיי שוין אנגעהויבען ישראל מיכלען נאכשפיאנירען. ליבער׳ן האט זיך אפילו איינגעגעבען ארייצובאקו־

מען זיך פון דרוקעריי צו ישראל מיכלען אין צימער, ווען קיינער פון זיין פאַמיליע איז נישט געווען אין שטוב, און דאָרטען מאכען אַ רעוויזיע. קיין שום פאַרדעכטיגעס האָט ער נישט געפונען. בלויז אין שרייבטיש, אין אַ פאַרבאָרגען קעסטעל, האָט ער געפונען אַ קאַרטעל. איך האָב די דאָזיגע קאַרטעל שפּעטער געזעהן אין אַרכיוו פון „בונד" אין זשענעווע. דאָס איז געווען אַ ריין אנזיכטס־קאַרטעל, גאָרנישט באַשריבען. אונטען גאָר, מיט דראָבנעם ציפער, איז אָנגעוויזען געוואָרען אַ דאַטום און שעה. משמעות, אויף אַזאַ פאָרזיכטיגען אופן האָט זיך געפיהרט די קאָרעספּאָנדענץ צווישען דעם אַבראַניק און ישראל מיכלען. דאָס קאַרטעל האָט אומבאַדינגט באַדייט אַ באַשטימטע צייט אויף צו טרעפען זיך.

ישראל מיכל האָט שוין דערוויל דערשפּירט, אַז דאָ איז עפּעס נישט גלאַטיג און איז געוואָרען נאָך מעהר אָנגעשטרענגטער און אויפגעשפּיצטער. אָבער אַזוי ווי די זאַך איז געווען אַ גאַנץ קלאָרע, זיינען אַבראַמאָוויטש מיט ליבער'ן צו איהם אַוועק און געזאָגט גאַנץ אָפען: דו ווערסט באַשולדיגט אין דעם און דעם, און דו דאַרפסט זיך שטעלען אין אויסלאַנד צו אַ געריכט. דערהערט אַזעלכע ווערטער, האָט ישראל מיכל אויסגעבראָכען אין אַ היסטערישען געוויין און האָט פאַרשפּראָכען פאָהרען צום געריכט. אין אמת'ן אָבער איז ער קיין אויסלאַנד ניט געפאָהרען און האָט זיך בשתיקה אַרויסגע'גנב'עט פון ווילנע.

כאַראַקטעריסטיש איז די באַציהונג פון זיין פרוי מערע צום גאַנצען ענין. זי האָט געשריבען אַ בריוו צום צ. ק. (דער דאָזיגער בריוו געפינט זיך אויך אין זשענעווער אַרכיוו). דאָרטען באַפאַלט זי זעהר שטאַרק די שונאים, וועלכע האָבען אויף איהם אויסגעטראַכט אַזאַ בלבול און ווילען איהם דאַדורך אין טורמע אַריינברייגנען. זי וואַרפט פאַרביטערט פאַר דעם צ. ק. וואָס האָט אַרומגערינגעלט איהר מאַן „מיט שפּיאָנען, וואָס פלעגען איהם נאָכשפּיאָנירען. זי דערמאָנט וועגען זיינע גרויסע פאַרדינסטען פאַר דער פאַרטיי און שווערט זיך ביי אַלץ אין דער וועלט אין דער אומשולד פון איהר מאַן.

ישראל מיכל מיט זיין פאַמיליע זיינען דעמאָלסט פאַרשוואונדען געוואָרען פון האָריזאָנט. מען האָט נישט געוואוסט וואו זיי זיינען אהינגעקומען. זייענדיג אין יאָהר 1913 אין סאַראַטאָוו, האָבען מיר ווילנער באַקאַנטע איבערגעגעבען, אַז זיי האָבען דאָרט איינינגע מאָל באַגעגענט ישראל מיכל'ס פרוי, און לויט אַלע וואַרשיינליכקייטען, וואוינט ער אין סאַראַטאָוו. די דאָזיגע השערה האָט זיך טאַקע באַשטעטיגט נאָך דער רעוואָלוציע פון יאָהר 1917.

מ. גאָלדמאַן (ליבער) איז צו יענער צייט געקומען קיין סאַראַטאָוו און האָט באַגעגענט אין גאַס קאַפּלינסקי'ן. ער האָט וועגען דעם

מודיע געווען אין מענשעוויסטישען קלוב, און ישראל מיכל איז אויפגעזוכט און ארעסטירט געוואָרען. ער האָט געהאַט אין סאַראַטאָוו זיין שלאָסער־וואַרשטאַט און איז געווען ווייט פון יעדער פּאָליטיק. ער איז אָפּגעזעסען איינינגע חדשים אין טורמע און איז באַפרייט געוואָרען צוליב זיין „אומשעדליכקייט".

נאָך דער אָקטאָבעראיבערקערעניש איז אין סאַראַטאָוו באַשטימט געוואָרען אלס נאַטשאַלניק פון דער „טשעקאַ" (אויסעראָרדענטליכע קאָמיסיע) אַ געוועזענער ארבייטער־בונדיסט (מענדעל דייטש). ער איז געווען איין צייט ישראל מיכל'ס אַ גוטער פריינד. אין יאָהר 1904 האָט דייטש געשאָסען אין דווינסק אויפ'ן פּריסטאַוו יערמין און איז פאַראורטיילט געוואָרען אויף אַ לענגערען טערמין קאַטאָרגע. ישראל מיכל האָט איהם מיטגעהאָלפען צו לויפען פון תפיסה קיין אויסלאַנד. איצט איז ער געשטאַנען אָן דער שפּיץ פון דער סאַראַ־טאָווער פּאָליטישער פּאָליציי און ער האָט זיך דערמאָנט אָן ישראל מיכלען. ער האָט באַפוילען איהם צו ארעסטירען און איבערשיקען קיין מאָסקווע. קאַפּלינסקי'ס פאַמיליע (ער האָט שוין צו יענער צייט געהאַט דערוואַקסענע קינדער) האָט זיך געבעטען רחמים ביים צ. ק. פון בונד", יענער זאָל אינטערווענירען אין דעם דאָזיגען ענין. דער צ. ק. גופא האָט באַשלאָסען, צוליב פאָרמעלע און פּאָ־ליטישע טעמים, איינצואָרדנען אַן עפענטליכען געריכט איבער קאַפּ־לינסקי'ן. א. וויינשטיין (ירחמיאל) האָט זיך געווענדעט צום אָנ־פיהרער פון דער „אַלרוסישער אויסעראָרדענטליכער קאָמיסיע" אין מאָסקווע, דזשערדזשינסקי'ן, מיט אַ בקשה, צו געבען די מעגליכקייט איינצואָרדנען איבער קאַפּלינסקי'ן אַ געריכט. דזשערדזשינסקי האָט געפרעגט וויינשטיינ'ען, צי ער איז נישט זיכער, אַז קאַפּלינסקי איז געווען אַ פּראָוואָקאַטאָר. וויינשטיין האָט געענטפערט, אַז אין דעם איז נישטאָ קיין ספק, אָבער אַ געריכט וואָלט אויפגעקלערט דעם גאַנצען ענין. דזשערדזשינסקי האָט ענדליך מסכים געווען ארויסצוגעבען קאַפּ־לינסקי'ן פאַר'ן געריכט און באַשטימט אַ צייט, ווען נאָך איהם צו קומען. וויינשטיין איז געקומען אין דער אָנגעוויזענער צייט. אָבער מיט אַ נאַכט פריהער איז שוין קאַפּלינסקי דערשאָסען געוואָרען.

ווי מען האָט מיר איבערגעגעבען, זאָל האָבען פאַרבליבען נאָך איהם אַ מאַנוסקריפּט, וואָס ענטהאַלט אין זיך זיין ודוי. ווען דער דאָזיגער כתב־יד וואָלט פאַרעפענטליכט געוואָרען, וואָלט ער אפשר פאַר אונז אביסעל באַלויכטען די פינסטערע, צופייניגטע נשמה פון דעם טראַגישען, שווייגענדיגען קאַפּלינסקי, וואָס איז אַוועק אין זיין קבר מיט'ן אייביגען שאַנדפלעק פון אַ פאַררעטער.

## שלמה קלייט.

# די אַרבייטער באַוועגונג אין ווילנע אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע.



יום־כּפּור אינדערפריה, 1915, איז דער גרינגער בריק אויפגעריסען געווארען פון די אָפּטרעטענדיגע טיילען פון דער רו־סישער ארמיי, און אין דער זעלבער צייט האָבען זיך באַוויזען אין שניפּעשאָק די אוואַנ־גאַרדען פון דער דייטשער ארמיי. אין עט־ליכע שעה צייט איז שוין גאַנץ ווילנע געווען פארנומען פון די דייטשען.

די דייטשען האָט מען אין ווילנע ערוואַרט מיט אינטערעס. די ווילנער באַפעלקערונג, וואָס באַשטייט אין דער גרעסטער צאָל פון פּאָליאַקען און אידען, האָבען געהאַט אַ גרונט צו דער ערוואַרטונג פון די דייטשען. די ערשטע, צוליב דעם, וואָס זיי האָבען געזעהן אין דעם די פאַרווירקליכונג פון זייער לאַנ־גען טרוים — די פאַראייניגונג און אומאָפּהענגיגקייט פון פּוילען, ווייל גאַליציע און פּאָזען זיינען שוין לאַנג געווען אונטער די פאַראייניגטע ארמייען פון דייטשלאַנד און עסטרייך.

די צווייטע, — פּשוט צוליב דעם האַס צו דעם דאָזיגען רע־זשים. די גוואַלדיגע פאַרפאָלגונגען, וואָס די אידען זיינען אויסגע־שטאַנען פון די צארישע סאַטראַפּען, די באַוואוסטע אידישע גרושים פון דער גאַנצער קאָוונער גובערניע, בלבולים און שפּיאָנאַזש, פּאָ־גראָמען א. אַז. וו., האָבען געבראַכט דערצו, אז די אידען זאָלען וועלען פּטור ווערען פון די רוסען.

אין די ערשטע טעג פון דער דייטשער מאַכט האָט די גאַנצע ווילנער באַפעלקערונג פריי אָפּגעאָטעמט.

נאָך פריהער, איידער די דייטשע ארמיי איז אריין, האָט זיך אין ווילנע געגרינדעט אַ שטאָטישער קאָמיטעט, וואָס האָט געדאַרפט איבערנעמען די ציווילע מאַכט. דער קאָמיטעט האָט צונויפגעשטעלט אַ מיליץ פון דער ווילנער באַפעלקערונג. אין דער מיליץ זיינען

אריין אפילו די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, „בונד" און פּ. פּ. ס., וועלכע זיינען געווען אומלעגאַל. עס האָט אָבער לאַנג ניט גע־דויערט צו זעהן, אַז די דייטשע אָקופּאַנטען זיינען ניט די, וואָס ברייגנען גליק.

די ערשטע זאַך האָבען זיי ענטוואַפענט די מיליץ, איבערלאָזענדיג אַ קליינעם טייל אין זייער דינסט, אונטער דער אָנפירונג פון די דייטשען; זיי האָבען באַגרעניצט דעם קאָנטראָל פון עסענוואַרג אין גאַנצען אין די הענט פון דער מיליטערישער מאַכט, קיין שום אַר־בייט פאַר דער שטאַטישער באַפעלקערונג ניט געשאַפען, קיין פאַר־בינדונג מיט אַנדערע שטעט ניט ערלויבט, און אין ווילנע גופא האָבען זיי ערקלערט קריגס־צושטאַנד. נאָך 10 אזייגער אין אָוונט



דער ווילנער קאָמיטעט פון „בונד" אין 1917.
זיצענדיג פון רעכטס צו לינקס. — שלמה קלייט, קאַזשעווניק, מיכאַלעוויטש, ניסן פּופּס און ציפּקין.
שטעהענדיג — רעוועקאַ עפּשטיין, ידידאַוויטש, וויערא לעווין, אידעל פראַנקפורט, עטעל טאָביאַש, און סאָניא שאַפּיראָ.

האָט זיך קיינער ניט געטאָרט באַווייזן אויף די גאַסען; זיי האָבען קאָנפיסקירט אַלע געזעלשאַפטליכע און מלוכה־געביידעס, האָבען ארויפ־געלייגט אַ שטרענגע צענזור אויפ'ן גאַנצען עפענטליכען לעבען און האָבען ארעסטירט און אוועקגעשיקט אין קאָנצענטראַציאָנס לאַגער אַלע יונגעלייט, וועלכע זיינען געווען פאַרדעכטיג אין דעזערטירען פון דער רוסישער אַרמיי. אָבער די רעאַקציע פון דעם צאַרישען רע־זשים אין דער מלחמה צייט איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז אין פאַר־גלייך מיט דעם, איז דער שטרייגנער מיליטערישער רעזשים פון די דייטשען געווען פרייהייט פאַר דער ווילנער באַפעלקערונג און האָט געלאָזען אַ ברייט פעלד פאַר אַ געזעלשאַפטליכען לעבען.

באַזונדערס איז געוואָרען לעבעדיג אין דער אַרבייטער באַוועגונג. די דייטשען האָבען ערלויבט צו אַרבייטען לעגאַל. וועלענדיג באַווייזען זייער גוטסקייט, האָבען די דייטשען אָפּגעגעבען צו דעם צענטראַל

ביורא פון די פּראָפעסיאָנעלע פאראיינען די געביידע פון אייזענבאַן־קרייזעל, וואס האָט געהערט צו דער רוסישער רעגירונג. קיין עקאָ־נאָמישע ארבייט האָבען די פּראָפעסיאָנעלע פאראיינען ניט געהאט, האָ־בען זיי זיך אָפּגעגעבען אויסשליסליך מיט הילף פאר די ארבייטער. צו דעם צוועק זיינען געגרינדעט געווארען שפּייז קיכען און קאָנסום קאָאָפּעראטיוועז.

די מעגליכקייטען דערצו זיינען גענומען געווארען אויף פאָל־גענדען אופן: די דייטשע מאכט האָט ראַציאָנירט דעם גאַנצען ערנערונגס סיסטעם. זי האט ארויסגעגעבען יעדען מענשען א גע־וויסע פּאָרציע ברויט און אַנדערע שפּייזען. די פּאָרציעס וואָס יע־דער מענש האָט באַקומען זיינען געוועזען צו ווייניג צום לעבען און צופיל צום שטארבען, און דער הונגער האָט טאַקע גענומען שפּאַנען מיט פעסטע טריט. פון די קליינע פּאָרציעס פלעגען נאָך די דייטשע בעאַמטע אראָפּ׳גנב׳ענען און דאָס אַוועקשיקען אין זייערע היימען. אזוי, אז צו יעדער פּערזאָן איז כמעט ווי גאָר נישט דערגאַנגען. די ארבייטער פּארטייען האָבען זיך דערשלאָגען צו באַקומען זייערע טיילען ווי אַ גאַנצער קאָלעקטיוו און צוטיילען דאָס צו די ארבייטער אויף אַן אָרענטליכען אופן און דורכדעם זיינען די ארבייטער ניט אריינגעפאלען אין דעם ים פון שנאָרעריי און האָבען געקאָנט אָנ־האלטען זייער אָנזעהן, אויסלעבענדיג זיך אין די אייגענע קרייזען. צו דעם צוועק אויך האָבען די ארבייטער געגרינדעט זייערע אייגענע שפּייז־קיכען.

איין קיך איז געגרינדעט געווארען אין דער געביידע פון איי־זענבאַן־קרייזעל, וואָס האָט געהערט צו די פּראָפעסיאָנעלע פאר־איינען. אזוי ווי דער אייזענבאַן־קרייזעל געפינט זיך אין לוקעשקעס, לעבען געאָרגיעווסקע פּראָספּעקט, וואו עס וואוינען מערסטענס קרים־טען, האָבען די אידישע ארבייטער געגרינדעט א צווייטע קיך אויף זאוואלנע גאס.

אין דער קיך האָבען טויזענטער ארבייטער פאַמיליעס באַקומען זייערע מיטאגען. כ׳זאָג: מיטאָגען, ווייל אויף מער ווי א מיטאָג איז ניט געווען. כאָטש אין אָנפאנג פון דער אקופּאציע האָט מען אָנגעהויבען געבען וועטשערע, וואס איז באַשטאַנען פון א גלאָז טיי מיט א שטיקעל טרוקען ברויט, האָט מען אָבער שפּעטער דאָס אָפּגעשטעלט, ווייל ס׳איז קיין מעגליכקייט ניט געווען דאָס אָנצו־האלטען. דאָס געקעכץ האָט מען באַקומען פאר א קליינער סומע, און די וואָס האָבען ניט געהאט די סומע, האָבען דאָס באַקומען אומזיסט.

די קאָנסטרוקציע פון די פּראָפעסיאָנעלע פאראיינען איז געווען אַן אינטערנאציאָנאלע. די קריסטליכע און אידישע פּראָפעסיאָנעלע

פאראיינען פלעגען אויף געמיינזאמע פארזאמלונגען אויסקלייבען די אנפירענדע קערפערשאפט, אבער אזוי ווי די קריסטליכע ארבייטער האבען געוואוינט מערסטענס אין אן אנדער טייל פון שטאט, און, דער עיקר, וואס די שפראכען האבען זיי צוטיילט, זיינען אלע אי־דישע פראפעסיאנעלע פאראיינען געווען ארגאניזירט אין א באזונ־דערער סעקציע, אונטער דעם נאמען: „קולטור סעקציע ביי די פראַ־פעסיאנעלע פאראיינען".

„די קולטור סעקציע" האט פאקטיש אנגעפירט מיט דער גאנ־צער הילף־ארבעט אויף דער אידישער ארבייטער גאס. פון איהר איז אויך געגרינדעט געווארען דער קאנסום קאאפעראטיוו, מיט אן איי־גענער בעקעריי.

וואס לייגנער עס האט געדויערט די דייטשע אקופאציע, אלץ



פרעזידיום פון קולטורעלע סעקציע ביי די פראפעסיאנעלע פאר־איינען אין ווילנע, 1918. פון רעכטס צו לינקס: פופס, רעוועקא עפשטיין, חיים וואלט, ב. מיכאלעוויטש, וויערא לעווין, שלמה קלייט און ציפקין.

גרעסער איז געווארען דער הונגער. די קרעכצען פון די הונגעריגע זיינען אזש דערגאנגען קיין אמעריקע, און אמעריקע האט זיך אפגערופען.

אבער אזוי ווי די דייטשען האבען אלץ צענטראליזירט, זיינען די הילפס־פאנדען אויך דורכגעגאנגען דורך דייטשלאנד. די ערש־טע וואס זיינען געקומען מיט הילפס־פאנדען זיינען געווען די פאר־טרעטער פון בערלינער הילפס־פאראיין. די הילף איז געקומען צו דער ווילנער צדקה־גדולה. די לעצטע האט איינגעלאדען פארטרע־טער פון אלע אידישע ארגאניזאציעס, וועלכע פארנעמען זיך מיט שטיצע, צווישען זיי אויך די אידישע קולטור סעקציע ביי די פראַ־פעסיאנעלע פאראיינען. דער שרייבער פון די שורות איז געשיקט געווארען אלס א פארטרעטער אהין.

אויף די פארזאמלונגען פון דער אידישער קולטור סעקציע האט

מען גענומען ריידען אז מיר ווערען בא׳עולה׳ט ביים פאנאנדער־טיילען די שטיצע, און ס׳איז באשלאסען געווארען צו פאדערען מעהרער. כדי די פארטרעטערשאפט זאל האבען א גרעסערען כוח אין דער פאדערונג, איז באשלאסען געווארען צו שיקען א טייל נויט־בא־דערפטיגע ארבייטער אויף דער זיצונג פון דער צדקה־גדולה.

גראד אויף יענער זיצונג איז געקומען פון בערלין דר. האנטקע, א באוואסטער ציוניסט און דער פארטרעטער פון בערלינער הילפס־פאראיין. די דייטשע אידען זיינען געווען ניט וויניג פאטריאטיש און האבען געוואלט זעהן דעם ערפאלג פון די דייטשען. זיי האבען געוואלט מאכען דעם איינדרוק אז די אידישע באפעלקערונג איז



ארבייטער-פארשטעהער אין צענט. קאמיטעט פון די ווילנער צדקה-אינסטיטוציעס, 1918. — פון רעכטס צו לינקס: קאזשעוו-ניק, ב. מיכאלעוויטש, שלמה קלייט און ניסן פופס.

צופרידען מיט׳ן אומבייט פון רוסישען קאזאק אויף דעם דייטש, און ווען האנטקע האט דערהערט די רייד פון די ארבייטער, האט דאס איהם ווייט ניט געשמעקט. די צדקה־גדולה האט דאן גענומען זוכען מיטלען ווי אזוי צו פארשטארקען איהר פרעסטיזש. צו דעם צוועק האט זי באשלאסען צו פאררופען אן אלגעמיינע פארזאמלונג פון דער אידישער באפעלקערונג אין ווילנע. מען דארף וויסען, אז פאר דער צדקה־גדולה איז דאס געווען א גרויסע רעפארם, פונקט ווי רופען א פארזאמלונג פון „פאלק".

אזא פארזאמלונג איז גערופען געווארען אין קריינגעל׳ס זאל, לע־בען ווילנער גאס. דארטען האבען די פארשטייער פון דער צדקה־

גדולה דערהערט צום ערשטען מאָל די פאָדערונג פון די ארבייטער: אז זי דאַרף זיך פאַנאַנדערלאָזען, און אַנשטאָט איהר, דאַרף ווערען איינגערופען אַ דעמאָקראַטיש געוועהלטע קהילה.

די פאָדערונג איז ניט נאָכגעגעבען געווארען, אָבער איין רעד־פאָרם איז געמאַכט געווארען: אנשטאָט די איינגע גרופע פון דער אַלטער צדקה־גדולה, איז געשאַפען געווארען אַ צענטראַלע קערפּער־שאַפט פון אַלע אָרגאַניזאַציעס אין ווילנע, מיט אַ ברייטערער פאַר־טרעטערשאַפט.

פון די אידישע ארבייטער זיינען דאָרטען געווען: דער באַ־וואוסטער בונדיסט, בייניש מיכאלעוויטש, איליא סאפיר, ניסן פּופּס און דער שרייבער פון די שורות. דורך דער דעלעגאַציע האָט זיך איינגעגעבען צו באַקומען מעהרער שטיצע און, אַ דאַנק דעם, האָט זיך געשאַפען נאָך צוויי ארבייטער שפּייז־קיכען, איינע ביי דעם פאַראיין פון האנדעלס־אַנגעשטעלטע, אויף ברייטער גאַס, און אַן אָווענט־קיך ביי דעם שניידער פאַראיין, אויף זאַוואַלנע גאַס.

כמעט אין יענער צייט איז אויך געעפענט געוואָרען פון דער אָרגאַניזירטער אידישער ארבייטערשאַפט אַ קינדער־היים, אויף אַס־טראָבראָם, וואו מען האָט געלערענט מיט די קינדער און זיי גע־געבען אַ גאַנצען טאָג עסען.

אין זומער פון 1917 האָט די דייטשע מאַכט געגעבען דער אידישער צענטראַלע פון די צדקה־אינסטיטוציעס אַן ערלויבעניש ארויסצופיהרען אידישע פאַמיליעס אין די דערפער.

אין דאָרף, און אַפילו אין די שטעטלעך ארום די דערפער, איז די לאַגע געווען אַ סך בעסער ווי אין שטאָט מיט דעם, וואָס זיי האָבען געהאַט מעהר עסען. כאָטש די דייטשען האָבען געהאַט די פולע קאָנטראָל אויף אַלץ, וואָס געהערט דעם פּאַרמער און זיי האָ־בען פון איהם די מעהרסטע פּראָדוקטען צוגענומען, האָט דער מענש פון דאָרף דאָך געהאַט פאַר זיך מעהר ווי דער שטאָטישער, און ביים שטאָטישען מענש איז געווען אַ טרוים צו זיין אין דאָרף.

די צענטראַלע האָט אויסגענוצט די ערלויבעניש (קענטיג אַז די דייטשען האָבען זיך גענומען שרעקען, אַז דער הונגער זאָל ניט ברייננגען קיין עפּידעמיעס, האָבען זיי געוואָלט שיטערער מאַכען די שטאָט), האָבען צונויפגעקליבען אַ גרויסע צאָל משפחות און זיי פאַנאַנדערגעפיהרט אין די דערפער. די דייטשען האָבען אַ חוץ דער ערלויבעניש אויך געגעבען אַ פרייען צוג זיי צו פיהרען.

**אַ פאַרטרעטערשאַפט פון דער צענטראַלע — סלעבאַנא און דער שרייבער פון די שורות — האָט געהאַט די אויפגאַבע איבערצופיהרען די פאַמיליעס אין די דערפער.**

אָוונט צייט זיינען מיר זיך צונויפגעקומען אויפ'ן וואקזאל, וואו מיר האָבען געדאַרפט איבערנאַכט פאַהרען אין פּאָנעוועזש, און דאָר־טען האָט מען אונז געדאַרפט צושפּרייטען איבער דערפער. שפּעט ביינאַכט, ווען אונזער באַהן האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ קליינער סטאַנציע, איז דאָרטען ארויפגעקומען אַ דייטשער אָפיצער מיט אַ



דער קאָמיטעט, וועלכער האָט געהאַט די אויפגאַבע איבערצופיהרען ווילנער פאַמיליעס אין די דערפער. דער צווייטער פון רעכטס צו לינקס — שלמה קליוט; דער 4טער — אינזש. אברהם קלעבאַנאָוו.

קליינעם אָטריאַד סאָלדאַטען און פאַרלאַנגט פון אונז מיר זאָלען איהם געבען אַלע מענער פון דעם צוג אויף אַרבייט. אַז מיר האָבען איהם געוויזען אונזער פּאַפּיר וואָר מיר זיינען און ערקלערט, אַז עס איז ניט מעגליך צוצונעמען די מענער פון זייערע פאַמיליעס, האָט ער דאָס ניט אָנערקענט. ער האָט דערקלערט, אַז ער איז באַאויפטראַגט געוואָרען צוצושטעלען מענער אויף צוואַנג אַרבייט. און אַזוי ווי

ער האָט ניט פון וואַנען צו נעמען, מוז ער נעמען פון אונזער צוג, צוזאָגענדיג אַז ער וועט זיי אין עטליכע טעג אַרום אַפּשיקען צו זייערע פאַמיליעס.

אַז די מענער זיינען אַרויסגעטריבען געוואָרען פון די וואַגאָנען, זיינען מיט זיי אויך אַרויס די ווייבער מיט די קינדער, דערקלערענדיג אַז זיי ווילען אויך מיטגיין. עס האָט געשיינט אַז דער גאַנצער פּלאַן פון איבערוואַנדערונג איז צוּרונען, אָבער די לעצטע מינוט, ווען דער באַהן האָט זיך גענומען ריהרען, האָבען די מענער געכאַפּט די קינדער, זיי אַריינגעוואָרפען דורך די פענסטער אין די וואַגאָנעס און זיי אַליין מיט די ווייבער זיינען אַריינגעשפּרונגען דורך די טירען אין די וואַגאָנעס. די באַהן איז אַוועק איבערלאָזענדיג דעם אָפיצער מיט די סאָלדאַטען. די זאַך איז געטאָן געוואָרען אַזוי ספּאָנטאַן, מיט אַזוי פיל אינערליכען מוט, אַז קיינער פון אונז האָט דאָס ניט געקענט באַגרייפען. קענטיג אַז דער אָפיצער אַליין האָט זיך אויך ניט געקענט פאַנאַנדערקלייבען אין דעם און ער איז געבליבען ווי פאַרגליווערט. מיר זיינען אָבער אַנטלאָפען.

גאַנץ פריה זיינען מיר אָנגעקומען אין פּאָנעוועזש. אויפ'ן באַהן האָבען געוואַרט אויף אונז דער קאָמענדאַנט פון שטאָט, אַ סך פּויערים מיט פוהרען, וואָס די דאָרטיגע מאַכט האָט מאָביליזירט פאַר אונז, און אַ גרויסער טייל פון דער אידישער באַפעלקערונג.

מיר האָבען באַלד צוטיילט די גרופּע אין קלענערע פּאַרטיעס און פאַנאַנדערגעפיהרט זיי אין די דערפער.

אין די דערפער האָבען אונז די דייטשען געעפענט און אַוועקגעגעבען די הייזער פון די פּריצים, וואָס זיינען געווען אַנטלאָפען אין רוסלאַנד, אויך זייערע גערטנער און שטיקער ערד צו בעאַרבייטען.

נאָך דער איבערגעלעבטער הונגער־צייט אין שטאָט איז דער דאָרף מיט די פרישע גרינס געווען אַן אמת'ער גן־עדן און, מיין פּערזענליכע איבערצייגונג איז, אַז ווען מיר אידען וואָלטען ניט געווען אַ שטאָטישער עלעמענט און געהאַט אַ נייגונג צו ערד אַרבייט, וואָלטען אַ סך פון די פאַמיליעס — אויב ניט גאַנצען — געקענט אויסנוצען יעמאָלט די לאַגע און בלייבען אויפ'ן דאָרף. וואָרים די ערד וואָס זיי האָבען געהאַט, האָט באַלאַנגט צו די פּריצים, און פּויערים האָבען דאָס נאָך דער רעוואָלוציע צוגענומען.

סוף זומער האָבען מיר אַ סך פון די איבערגעוואַנדערטע שוין געזעהן צוריק אין ווילנע. די סיבה: עס האָט זיי געצויגען צום שטאָטישען לעבען...

ס'איז כדאי צו באַצייכענען, אַז ניט קוקענדיג אויף דעם שטרייגען מיליטערישען רעזשים, האָבען די אַרבייטער געפיהרט אַ קאַמף מיט דער דייטשער מאַכט פאַר זייערע פאָדערונגען.

אין יענער צייט איז די הויפּט־פֿאָדערונג געווען — עסען. און אַז די דייטשען האָבען גענומען פֿאַרקלענערן די פּאָרציעס עסען, האָט די צענטראַלע ביוראָ פֿון די פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַראייניגען אָרגאַניזירט אַ דעמאָנסטראַציע פֿון פֿרויען אויף דעם לוקישקער מאַרק אנטקעגען דעם קאָמענדאַנט. דאָס איז געווען די גרעסטע דעמאָנסטראַציע בעת דער אָקופּאַציע. און כאָטש עס זיינען אַרויס באַוואָפֿענטע סאָלדאַטען און געדראָהט צו שיסען, האָט אָבער די דעמאָנסטראַציע געהאַט דעם ערוואַרטעטען ערפֿאָלג: מען האָט די פּאָרציעס עסען פֿאַרגרעסערט.

מען דאַרף געדיינקען, אַז גאַנץ ווילנע איז דעמאָלט געווען אַ



פֿאַרוואַלטונג פֿון אידישען ארבייטער קונסט פֿאַראיין, ווילנע, 1918.
ערשטע רייהע זיצען, פֿון רעכטס צו לינקס: מאַזור, שור, מיכאַלעוויטש, ציפּקין.
צווייטע רייהע, שטעהענדיג: פֿאָמעראַנץ, דוד רויכעל, רבקה עפּשטיין, קאַזשעווניק, קליוס, פּופּס, סאָניא שאַפּיראָ, יוסף לעווין (דער לעצטער).

קאָנצענטראַציאָנס־לאַגער און די באַפעלקערונג איז געווען ווי אַרעסטאַנטען, מיט וועלכע די דייטשען האָבען אַלץ געקענט טאָן.

ניט קוקענדיג אויף דעם גרויסען הונגער וואָס ווילנע האָט דעמאָלט געליטען, און די גרויסע ענערגיע וואָס מען האָט געדאַרפֿט אָפּגעבען כדי כאָטש אַביסעל צו פֿאַרלייכטערען דעם הונגער, האָבען אָבער די אידישע ארבייטער דעמאָלט ניט פֿאַרפֿעהלט קיין קולטור־ארבייט. יעדע לעגאַלע מעגליכקייט איז אויסגענוצט געוואָרען צו פֿיהרען אַ קולטור־טעטיגקייט. עס האָט זיך ווידער געעפֿענט די אָווענט שול, וואו דערוואַקסענע פֿלעגען קריגען עלעמענטאַרע בילדונג; אויך אַ פֿאָלקס־אוניווערזיטעט און דער אידישער ארבייטער קונסט פֿאַראיין. דער לעצטער האָט געהאַט זיין לאָקאַל אויף אַלעקסאַנדער בולוואַר, אין דער געביידע פֿון קאַהאַנ׳ס גימנאַזיע. דאָרטען איז אויך געווען דער פֿאָלקס־אוניווערזיטעט. די ביידע

אינסטיטוציעס האָבען פאַרנומען אַ וויכטיגען טייל אין דעם אַר־בייטער לעבען. דער לאָקאַל פון קונסט פאַראיין פלעגט זיין די היים פון די אידישע ארבייטער אין יענער צייט, ווען ביי זיך אין שטוב איז געווען אונמעגליך צו זיין, ווייל ס'איז ניט געווען קיין באהייצונג און קיין ליכט. דער ארבייטער קונסט פאַראיין פלעגט דינען אַלס צענטער פון פיזישען און גייסטיגען אָפּרוה. דער קונסט פאַראיין האָט פאַרמאָגט אַ שעהנעם כאָר, וואס פלעגט אויסנעמען אויף קאָנצערטען, פון דעם קונסט פאַראיין האָבען זיך ענטוויקעלט די ארטיסטען וואס זיינען באוואוסט געוואָרען אַלס די „ווילנער טרופּע".

עס איז אויך געמאַכט געוואָרען אַ פּרואוו צו לעגאַליזירען זיך פּאָליטיש. צו דעם צוועק האָט דער „בונד" געבעטען ערלויבניש צו עפענען אַ פּאָליטישען קלוב. די פּאָליציי האָט אָנגעפרעגט ביי הינדענבורג'ען, וועלכער איז געווען דער הויפּט־קאָמאַנדיר פון מזרח־פראָנט. האָט ער געענטפערט: אַזוי ווי ער האָט דורכגעקוקט אַלע פּאָליטישע פּאַרטייען, וואס זיינען געווען אין רוסלאַנד, און אַזוי ווי אַזאַ פּאָליטישע פּאַרטיי ווי דער „בונד" איז אין רוסלאַנד קיינ־מאָל ניט געווען, קען ער דעם „בונד" דאָס ניט ערלויבען. נאָר פונקט ווי הינדענבורג האָט נעביך ניט געוואוסט אַז דער „בונד" איז יאָ געווען אין רוסלאַנד, אַזוי האָט ער ניט געוואוסט אַז די גאַנצע ארבייט, סיי אויפ'ן פּראָפעסיאָנעלען און סיי אויפ'ן קולטורעלען גע־ביט, איז געווען אָנגעפיהרט פּאַקטיש פון „בונד". אַ חוץ דעם, האָט דער „בונד" ארויסגעלאָזען פּראָקלאַמאַציעס, געפאָדערט ניט צו געהן אויף צוואַנג ארבייט, וואָס די דייטשען האָבען געוואָלט נע־מען די גאַנצע ווילנער באַפעלקערונג. און טאַקע אַ דאַנק דעם האָבען זיי צוריקגעצויגען די פאַראָרדנונג און ניט געצוואונגען אַלעמען צו געהן, ווי זיי האָבען עס געפּלאַנעוועט, נאָר גענומען בלויז אַ טייל, וועמעס לעבענס עס זיינען געבליבען אין די וועלדער און פעלדער.

ווען די דייטשען האָבען זיך באַפעסטיגט אין ווילנע, האָבען זיי ערלויבט ארויסצוגעבען אַ אידישע צייטונג, וועלכע איז ארויס טעג־ליך אונטער דער רעדאַקציע פון דר. אַלשוואַנגער, זלמן רייזען און דן קאַפּלאַנאָוויטש. די צייטונג האָט געמוזט זיין פּראָ־דייטשלאַנד און איז געווען אונטער אַ שטריינגער צענזור, האָט ניט געטאָרט שרייבען וועגען קיין זאַך וואָס שמעקט קעגען די דייטשען, איז אָבער דאָך געווען אַ נוץ פאַר דער אידישער באַפעלקערונג. אַז די אידישע ארבייטער האָבען דאַן אויך פאַרלאַנגט ערלויבעניש פאַר זייערער אַ צייטונג, איז דער פאַרלאַנג אָנטזאָגט געוואָרען.

מיט'ן אָנקומען פון דער רוסישער רעוואָלוציע האָט כמעט גאַנץ ווילנע געוואָלט איינס: די רוסען זאָלען ארויסטרייבען די

דייטשען פון ווילנע. ווען קערענסקי האט אנגעהויבען זיין אפענ־סיווע, האט א גרויסער טייל פון דער ווילנער באפעלקערונג — און דער ארבייטער טייל אינגאנצען — צוגעקוקט מיט פרייד ווי די דייטשען פאקען זיך. עס זיינען געווען מאמענטען ווען מען האט ניט געשלאפען קיין נעכט, ווארטענדיג אויף די רוסען, אבער ס'איז געווען אומזיסט דער ווארטען. די דייטשען זיינען געבליבען. דאך האט זיך אנגעהויבען א לעבעדיגקייט. יעדע נאציאנאליטעט און פארטיי האט זיך גענומען פעסטער ארגאניזירען און יעדערע פון זיי האט געהאט באזונדערע חשבונות. אפילו אין די סאציאליסטישע רייהען איז קיין אייניהייטליכע מיינונג ניט געווען. עס זיינען זיך צונויפ־געקומען קאנפערענצען די סאציאליסטישע פארטייען פון וויל־נע: פ. פ. ס., ליטווישע, ווייס־רוסישע, „בונד". די אריענטאציעס זיינען געווען: פ. פ. ס. — אז ווילנע דארף געהערען צו פוילען; ליטווינער — צו ליטע; ווייס־רוסען — צו ווייס־רוסלאנד; דער „בונד" — אז ווילנע דארף געהערען צו רוסלאנד און פון די קאנ־פערענצען האט זיך קיין זאך ניט אויסגעלאזען.

בעת די בריסקער שלום־אונטערהאנדלונגען זיינען אנגעגאנגען, איז געקומען גענעראל האפמאן קיין ווילנע, ער האט צונויפגעשלעפט א פאר הונדערט ליטווישע פויערים — דער עיקר גלחים — האט זיי א נאמען געגעבען „צוזאמענפאהר פון ליטווישען פאלק", און דאר־טען אנגענומען א רעזאלוציע, אז ליטע וויל זיין זעלבסשטענדיג אונ־טער דעם פראטעקטאראט פון דייטשלאנד. מיט אזא רעזאלוציע האבען די דייטשען געוואלט באווייזען אין בריסק, אז רוסלאנד מוז זיך אפזאגען פון ליטע. דאס האט געטריבען אלע פארטייען צו־נויפצורופען א גרויסען מיטינג וועגען דער פראגע. אזא מיטינג איז פארגעקומען און אלע רעדנער האבען זיך ארויסגעזאגט קעגען אזא מין אוזורפאציע פון די דייטשען. דאס האט אבער שפעטער ניט געשטערט די בירגערליכע פארטייען — אויך די אידישע — אריינצוטרעטען אין דער באוואוסטער ליטווישער טאריבע, וואס האט זיך ערקלערט פאר דער רעגירונג פון ליטע.

נאכ'ן אויסברוך פון דער דייטשער רעוואלוציע איז אויך אין ווילנע געגרינדעט געווארען א סאלדאטען־ראט, וואס האט איבער־גענומען די מאכט. אבער די דייטשע בעאמטע האבען זיך ווייניג געביטען בנוגע דער באפעלקערונג. ביז דער לעצטער מינוט האבען זיי ניט פארפעהלט אויפצומאנען די „קאפ־שטייער" פון דער בא־פעלקערונג, וואס יעדער וואס האט נאר עפעס פארדינט האט גדארפט צאהלען. אויך די ארבייטער האבען זיך פעסטער ארגאניזירט און דאס גאנצע געזעלשאפטליכע לעבען איז געווארען אינטערעסאנטער. אלע אידישע פארטייען האבען זיך גענומען גרייטען צו וואהלען

פאר דער ערשטער דעמאָקראַטיש-געוועהלטער קהילה. עס האָט זיך גלייך געבילדעט אַן ארבייטער-ראַט, און דער ארבייטער-ראַט האָט שוין געשטעלט פאָדערונגען צו די דייטשען. די ערשטע פאָדערונג איז געווען ארויסלאָזען די פּאָליטישע ארעסטירטע פון די טורמעס. און נאָכדעם ווי עס איז אוועק אַ מאָנאַט און די ארעסטירטע זיינען נים באַפרייט געוואָרען, האָט דער ארבייטער-ראַט גע־פּרואווט עס אַליין טאָן.

געווען איז דאָס דעם ערשטען אָווענט פון ווייַנאַכטען (קריסט־מעס). אַ קאָמיסיע פון ארבייטער-ראַט איז אוועק אויף דער עלעק־טרישער סטאַנציע, אָפּגעשטעלט די עלעקטרי און אוועק אין לוקיש־קער טורמע. מיט דער הילף פון דייטשע סאָלדאַטען, וועלכע זיינען געווען סאָציאַליסטען, האָט די קאָמיסיע פאַרנומען די טורמע. אַזוי גיך ווי מיר האָבען געהאַט די טורמע, האָט די סטאַנציע, לויט אונ־זער באַפעהל, גענומען ארבייטען און די קאָמיסיע האָט אָנגעהויבען צו באַפרייען די ארעסטירטע. איינער פון דער קאָמיסיע איז געווען דער שרייבער פון די שורות. ווען מיר האָבען דורכגעקוקט די ביכער פון די ארעסטאַנטען און ארויסגעפיהרט זיי אין קאַנצעלאַ־ריע פון טורמע, האָבען מיר זיך אַנגעשטויסען אָן אַ גרופּע פון 15 מענשען, וועלכע זיינען געווען פאַר'משפּט צום טויט פאַר מאָרד. די ארעסטירטע האָבען ערקלערט, אַז זיי האָבען נאָר געמאַכט אַן אויפ־שטאַנד אין אַ דאָרף געגען די דייטשען און דערפאַר הייסען זיי ביי די דייטשען מערדער. ביי אונז איז טאַקע געווען אַ פראַגע, צי זיי זיינען נים פּשוט'ע מערדער. דאָך האָבען מיר זיי באַפרייט. נאָך איצט זעה איך זייערע אויגען פול מיט דאַנקבאַרקייט צו אונז.

די קאָמיסיע האָט זיך אויך איינגעשטעלט צו באַפרייען אַ פאַרדעכטיגען פּאָליאַק. ווען איך האָב איהם געפרעגט, צו וועלכער פּאַרטיי געהערט ער, האָט ער מיר געענטפערט, אַז צוערשט איז ער אַ פּאָליאַק. איך בין ווייט נים זיכער, צי איז ער נים געווען צווישען די, וואָס האָבען געמאַכט דעם ערשטען פּאָגראָם אין ווילנע. דאַרף מיר פאַרדריסען, וואָס איך בין געווען פאַר זיין באַפרייאונג?...

נאָך לאַנג פאַר דער דייטשער רעוואָלוציע האָט די דייטשע מאַכט גענומען שפּירען די אומצופרידענהייט מצד די ווילנער ארבייטער מיט איהר און זי האָט זיך גענומען צו רעפּרעסיעס. דעם ערשטען קרבן האָט זי אויסגעקליבען ב. מיכאַלעוויטש'ן, וועלכער איז באמת געווען דער קאָפּ פון דער גאַנצער אָרגאַניזירטער ארבייטערשאַפט אין ווילנע.

ב. מיכאַלעוויטש, וועמען ווילנע האָט געקענט אונטער זיין אמת'ן נאָמען, יוסף איזביצקי, איז געווען דער, וואָס האָט אָנגעפיהר און אויפ־געהאַלטען די גאַנצע באַוועגונג אין ווילנע, און די דייטשען האָבען גע־גלויבט, אַז ווען זיי נעמען איהם צו, מאַכען זיי טויט די באַוועגונג.

א באפעהל איז ארויסגעגעבען געווארען צו ארעסטירען מיכאַ־לעוויטש'ן און פארשיקען איהם אין א קאָנצענטראַציאָנס לאַגער. עס האָט זיך איהם אָבער איינגעגעבען אויסצובאהאַלטען זיך און אין א קורצער צייט ארום האָט מען גע'פועל'ט, אז מען זאָל איהם פאר־בייטען דעם לאַגער אויף ארויסשיקען קיין קרוין־פוילען. מען האָט איהם ארויסגעשיקט אין ווארשע, וואו ער איז ניט ווייניקער נוצ־ליך געווען דער דאָרטיקער באוועגונג.

נאָכ'ן בריסקער שלום האָט ווילנע באקומען אביסעל אן אנדער



איינער פון די קאָמיטעטען פון ס. ד. „בונד" אין ווילנע.
ערשטע רייהע, זיצענדיג, פון רעכטס צו לינקס: איגזש. אָקון (יעצט אין קאַנאַדע), א. ליטוואַק, אַננאַ ראָזענטאַל, י. זשעלעזני. קאָוו.
צווייטע רייהע: ל. וויינשטיין, ר. עפשטיין, י. אַראַנאָוויטש, נאָוויק, אבעליאוויטש.

אויסזעהן מיט דעם, וואס עס געווארען מעגליכער זיך צו באוועגען, כאָטש אויף זעהר א באַגרעניצטען אופן.

זינט די דייטשען זיינען אריין אין ווילנע געווען אזוי ווי א באַלאַגערטע פעסטונג, צוליב דעם וואס דער פראָנט איז געווען נאָהענט צום שטאָט און ס'איז קיינעם ניט געווען ערלויבט ארויסצו־פאָהרען אדער ארייינצופאָהרען אין שטאָט, אפילו קיין בריוו פארקער איז ניט ערלויבט געווען.

לויט דעם אָפּמאַך אין בריסק איז געווארען ערלויבט פון ווילנע זיך אומצוקעהרען קיין רוסלאַנד. די דייטשען האָבען געגעבען עראָפּלאַנען פאר די, וואס האָבען געוואָלט פאָהרען. א סך מענשען האָבען אויסגענוצט די לאַגע און זיינען אוועק אין רוסלאַנד. עס האָבען אויך גענומען אָנקומען די רוסישע סאָלדאַטען פון די דייטשע

געפאנגען־לאגערען און אויך יחידים פון רוסלאנד. אזוי האבען זיך גענומען ביטען מענשען, א זאך וואס איז די גאנצע צייט ניט געווען.

ס'געדיינקט זיך אן עפיזאד: צווישען די דורכפאהרער איז דעמאלט געקומען קיין ווילנע מאלינאווסקי, דער פארזיצער פון דער ס. ד. פראקציע אין דומע, א באוואוסטער באלשעוויק, וואס איז געווען א פראוואקאטאר. ער איז געפאהרען אין רוסלאנד צום משפט פון די באלשעוויקעס, ווען זיי זיינען שוין געווען ביי דער מאכט. נאך זיין קומען אין מאסקווע איז געווען א מעלדונג, אז מען האט איהם דערשאסען. דעמאלט, אין ווילנע, האבען מיר זיך געפרעגט: וואס לוינט איהם צו פאהרען געשאסען צו ווערען? און צי איז ניט די גאנצע מעשה, ווי מען האט פארדעכטיגט, געווען לעניג'ס איינפאל, אז ער זאל דינען אין פאליציי אכראנע, און איצט פאהרט ער ווי א געטרייער דינער פון לעניג'ען צו זיך אהיים?

צווישען די ניי־אנגעקומענע פון רוסלאנד איז אויך געווען מאקס ווינרייך, וועלכער האט א סך ביינעשטייערט דער באוועגונג. אין די לעצטע טעג פון דייטשער אקופאציע האט זיך איינגעגעבען ארויס־צולאזען א בונדישע צייטונג, וואו ווינרייך איז געווען דער רעדאקטאר.

נאך אין מיטען פון דער אקופאציע זיינען געווען א סך אידישע ארבייטער, וואס האבען געארבייט אויף די באהנען פאר די דייטשען. ווען ס'איז אויסגעבראכען די דייטשע רעוואלוציע און די דייטשען האבען זיך גענומען קלייבען אין וועג אריין, זיינען די אידישע ארבייטער אויף די באהנען געווען די, וועלכע האבען מיטגעהאלפען די ליטווישע זיי צו פארנעמען. ווען ניט דער פאל, וואלט די ליט־ווישע מלוכה נאך א לאנגע צייט ניט געהאט קיין באהנען. צוגעבענ־דיג אז דער איד ראזענבוים איז געווען דער וועלכער האט אנגעפיהרט מיט דער ליטווישער שלום־דעלעגאציע — 1919 — אין מאסקווע, און וועלכער האט שפעטער געזאגט, אז איהם איז געווען א סך לייכטער צו באקומען ווילנע פון די רוסען, ווי איינצורידען די ליטווינער זיי זאלען עס נעמען . . . מוז מען זאגען, אז אין דעם בנין פון דער ליטווישער מלוכה האבען אידען א חלק. נאר ווער רעכענט זיך דאס היינטיקע צייט מיט דעם? . . .

נאך דריי יאהר אקופאציע זיינען די דייטשען אוועק פון ווילנע ווייט ניט אזוי יום־טוב'דיג ווי זיי זיינען געקומען.

אבער, אויך נאכדעם איז פאר ווילנע קיין פרייד ניט געווען. עס האט זיך אנגעהויבען א סדרה פון ביטען די מאכט: פוילען, רוסען, ווידער פוילען, ליטווינער, „מיטל־ליטע" און ווייטער פוילען. יעדעס מאל נייע צרות, פאגראמען, הונגער, טורמע, נייע גזעלשאפט־ליכע טעטיגקייטען, אנדערע געשעהענישען... אן אונענדליכע קייט פון שווערע איבערלעבונגען פאר דער אידישער באפעלקערונג אין ווילנע.

## אַנאַ ראָזענטאַל.

# דער איצטיגער צושטאַנד פון דער אַרבייטער־באַוועגונג אין ווילנע



די ווילנער גרויסען זיך מיט רעכט מיט דעם הויכען קולטורעלען ניווא פון דער וועל־נער אידישער באפעלקערונג: מיט דער נעץ אידיש־וועלטליכע שולען, מיט דער אויסגע־צייכענטער אידיש־וועלטליכער גימנאזיע, מיט דעם וויסענשאפטליכען אינסטיטוט, מיט די ביבליאָטעקען א. אַז. וו., א. אַז. וו. אָבער מיט דעםווירטשאפטליכען מצב פון דער שטאָט ווילנע — און ספּעציעל מיט דער עקאָ־נאָמישער לאגע פון דער אידישער באפעלקערונג — האָבען זיי ווייניג גרונט צו זיין שטאָלץ.

ווילנע איז קיינמאָל ניט געווען קיין אינדוסטריעלער אָדער האַנדעלס צענטער, דער גרעסטער טייל אַרביטער, באזונדערס אידישע, האָט שטענדיג געארבייט אין ווארשטאַטען, קלענערע אָדער גרעסערע. ווילנע פאר דער וועלט־מלחמה האָט געהאט געצעהלטע גרעסערע פאַב־ריקען, אין וועלכע עס האָבען געארביים צו 100 און מעהר ארביי־טער, דאָס זיינען געווען מעטאל, טאבאק, קאָנווערטען פאבריקען, מע־כאנישע שוסטעריי פאבריקען, גארבערייען, זאקען־פאבריקען און אַנ־דערע, אָבער אויך אין די זעמשער און בערשטער ווארשטאטען, אין באקליידונג און שוסטער פאכען האָט מען ניט זעלטען געקענט טרע־פען צו עטליכע צענדליג ארבייטער אין איין ווארשטאט.

די מלחמה האָט פון דעם אַלעם געמאכט א תל. דער גרויסער רו־סישער מארק איז פאר ווילנע געשלאָסען, צום אינערליכען פוילישען מארק האָט זי אויך א קליינעם צוטריט. ס'איז א שטאָט אָהן א הינטערלאנד, וואו מען גיט זיך א ריהר שטויסט מען זיך אָן אויף א גרעניץ. די גרעניץ־באריערען פון דריי לענדער: ראטען־רוסלאנד, לעטלאנד און ליטע כאפען זי פעסט ארום און דראָהען זי צו דער־שטיקען.

דער איינציגער ברייטערער פרייער ארויסגאנג איז אין דער ריכ־

טונג ביאליסטאָק־ווארשע. אָבער אין די ראַיאָנען איז די אינדוסטריע שטענדיג געשטאַנען העכער ווי אין ווילנע, און זי איז איצטער אויך ניט אימשטאנד מיט זיי צו קאָנקורירען. דער דאָרף פון ווילנער געגענט, וועלכער דאַרף פאַרשטעלען מיט זיך דעם אָפּזאַץ־מארק פאַר דער ווילנער פּראָדוקציע, איז מורא׳דיק פּאַראַרימט; דער באָדען איז אַ גאַנץ מאָגערער, דער ערד־באַזיץ פון די פּויערים אַ נישטיגער, און די טעכניק האָט זיך זינט דער וועלט־מלחמה כמעט ניט געהויבען.

אמת, אַז אין די האָניג־חדשים פון דער פּוילישער רעפּובליק איז אין דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג אָנגענומען געוואָרען אַ באַשלוס צו פּאַרצעלירען די גרויסע מאַיאָנטעקס און פּאַרקויפען די ערד צו די פּויערים. ס׳איז אָבער געבליבען אויף׳ן פּאַפּיר, די פּריצים האָבען כסדר באַקומען הנחות; און די איינציגע, וועלכע האָבען פּראָפּיטירט פון דער טיילווייזער פּאַרצעלאַציע, זיינען געווען די העכערע מלחמה־אנטיילנעמער, וועלכע האָבען בעדאַרפט פּאָלאָניזירען די געדיכט באַזעצטע מיט ווייס־רוסישע און ליטווישע פּויערים קרעסען.

מען קען מיינען, אַז ווילנע פּראָפּיטירט פון איהר נאָהענטקייט צו די גרעניצען פון דריי מלוכות אלס טראַנזיט צענטער. און באמת אין די צייטען פון פאַר דער וועלט־מלחמה, — אין די גליקליכע צייטען פון פאַרהעלטניסמעסיגען פרייען אריינפיהר און ארויספיהר פון סחורות — האָבען די גרענעץ־שטעט פּראָספּערירט. איצטער האָט זיך די לאַגע ראַדיקאַל געענדערט. די האנדלס פאַרבינדונגען צווישען ראַטען־רוסלאַנד און פּוילען זיינען נישטיגע; לעטלאַנד האָט כמעט ניט וואָס אריינצופיהרען אָדער ארויסצופיהרען אין פּוילען, איהרע פאַרבינדונגען מיט אַנדערע לענדער געהען דורך ליטע. ליטע קאָן נאָך אַלץ ניט שלום מאַכען מיט׳ן פאַרלוסט פון ווילנע און האָט מיט פּוילען קיין שום מגע ומשא ניט. אפילו די קאָרעספּאָנדענץ פון פּוילען קיין ליטע און צוריק געהט דורך אַ פרעמדע מלוכה; די רייזע פון ווילנע קיין קאָוונע, וועלכע האָט פריהער געדויערט אַ פּאָר שעה, נעמט איצט אָפּ כמעט ניט וועניגער צייט, ווי דער לופט־פאַרקעהר צווישען אייראָפּע און אַמעריקע.

על כן פון וואַנען זשע לעבט די צוויי מאָל הונדערט טויזענד־קעפּיגע באַפעלקערונג פון ווילנע? ס׳איז באמת אַ קשיא אויף וועלכער ס׳איז ניט לייכט צו ענטפערען און פאָדערט אַן אויספירליכע און גרינטליכע אָפּהאַנדלונג. מיר וועלען דאָ אָנווייזען נאָר אויף אַ פּאָר כאַראַקטעריסטישע שטריכען.

די אידישע אַרבייטער זיינען כמעט אויסשליסליך פאַרנומען אין האַנדווערקערייַ און האַנדעל. מען אַרבייט צו פּאָר מענשען אין אַ וואַרשטאַט; אונטערנעמונגען, וועלכע פאַרנעמען צו עטליכע צענדליג ביז הונדערט אַרבייטער, קען מען אויסצעהלען אויף די פינגער;

דאָס זיינען אַ פּאָר פאַבריקען פון פוטערוואַרג־אויסאַרבייטונג, ראַדיאָ־אַפּאַראַטען, קאָנסערווען און שיך; די אַמאָליגע באַרימטע ווילנער פאַכען, ווי שטריקעריי, זעמשעריי, שניידעריי זיינען איינגעשרומפּט געוואָרען און צוברעקעלט ביז גאָר. די צאָל מייסטערלעך אָדער קוסטאַרען, וואָס אַרבייטען אַליין אָדער מיט אַ פּאָר געהילפען, וואַקסען ווי שוואָמען. אין די קאַנטאָרען און קראָמען אַרבייט מען העכסטענס צו 5—2 אָנגעשטעלטע. אין די קאָמונאַלע און מאָנאָפּאָליזירטע מלוכה אונטערנעמונגען, ווי עלעקטריע און גאַז־פאַבריקען, וואַסער־לייטונג, טאַבאַק און שוועבעל־פאַבריקען, בראָנפען מאָנאָפּאָל, האָבען די אידישע אַרבעטער קיין צוטריט ניט. באַזונדערס טראַגיש איז די לאַגע פון דער אַרבעטער יוגענט. ווען אַ יוגענטליכער פאַרלאָזט די שול, שטעלט זיך פאַר איהם מיט דער גאַנצער גרויזאַמקייט די פראַגע:



ערשטער „צוקונפט״ צוזאַמענפליה, ווילנע, 1931.

וואָס טאָן, פאַרוואָס זיך נעמען? ווילנע פאַרמאָגט נאָר איין איינציגע פאַך־שול, אָנקומען אין אַ וואַרשטאַט איז זייער שווער, פאַר'ן האַנדווערקער איז דאָס פאַרבונדען מיט פאַרגרעסערטע שטייערען און עס לוינט איהם ניט. און ווען דער יוגענטליכער האָט שוין יאָ געענדיגט די פאַך־שול, אָדער זיין לערע ביי אַ מייסטער, ווייס ער איצט ניט וואו זיך אַהינצוטאָן. ניט קיין סך בעסער איז די לאַגע פון דער אינטעליגענטער יוגענט: פון די אביטוריענטען פון די מיטעל־שולען און הויך־שולען. ס'איז אַ פּיין צו קוקען אויף דער יוגענט פול מיט ענערגיע און לעבענסקראַפט, וועלכע געפינט ניט וואו אָנצוואַווענדען איהרע כוחות.

די פּוילישע אינטעליגענץ גיט זיך ווי עס איז אן עצה מיט די

צאָהלרייכע קאָמונאַלע און מלוכה שטעלעס; די ארבייטסלאָזיגקייט צווישען די פוילישע ארבייטער איז אויך געווען גרויס, די געזעל־שאַפטליכע ארבייטען, וועלכע ווערען אָרגאַניזירט דורך דער שטאַט־פארוואלטונג, זיינען א טראָפּען אין ים און ווערען דערצו נאָך זעהר שלעכט באַצאָהלט.

אָבער אפילו צו די קלאָגעדיגע ארבייטען ווערען די אידישע אר־בייטסלאָזע אונטער פארשידענע תירוצים ניט צוגעלאָזען, און זיי זיי־נען באמת אָנגעוויזען אויף הונגער־טויט. דאָך זיינען פאַלען פון די־רעקטען הונגער־טויט א זעלטענע ערשיינונג אין ווילנע, און דאָס ער־קלערט זיך דערמיט, וואָס די אידישע אָרימקייט האָט באַוויזען זיך



י. זשעלעזניקאָוו
איינער פון די אַקטיווסטע בונדיסטישע
און אַרבייטער טוער אין ווילנע.

צוצופּאַסען צו אַזוינע לעבענסבאַדינגונגען, וועלכע קומען אויס אין פלוג אונערטרעגליך פאר א מענשליכען עקזיסטענץ.

פון דער קורצער הקדמה דאַרף קלאָהר ווערען, אז אין דער איצטיגער ווילנע קענען ארבייטער אָרגאַניזאַציעס, וואָס דאַרפען אָפּ־שפּיגלען דעם מאַטעריעלען און געזעלשאַפטליכען מהות פון דער ווילֿ־נער ארבייטערשאַפט, — איהרע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען און פּאָ־ליטישע פּאַרטייען — ניט פּראָספּערירען.

דער „בונד" האָט, ווי אין גאַנץ פוילען, אויך אין ווילנע איינ־געהאַלטען זיין העגעמאָניע אויף דער אידישער ארבייטער גאַס. דער „בונד" איז טעטיג אויף אַלע געביטען, וועלכע האָבען א שייכות צו ארבייטער אינטערעסען. דער גרעסטער טייל פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען געפינען זיך אונטער זיין איינפלוס. ער נעמט דעם אַקטיווסטען אנטייל

אין דער אָנפיהרונג מיט די אידיש־וועלטליכע שולען, האָט אַ ספּאָרט־געזעלשאַפט, אַ יוגענט־אָרגאַניזאַציע, אַ סאָציאַליסטישע פרויען־אָרגאַניזאַציע, אַ סאָציאַליסטישען קינדער־פאַרבאַנד, האָט זיינע פאָרשטייער אין דער קהילה, אין שטאָט־ראַט; אומעטום הערט זיך זיין מוטיגער און דרייסטער סאָציאַליסטישער וואָרט. אפילו די פאַרביסענסטע שונאים מוזען אנערקענען, אַז אין די עפענטליך געזעלשאַפטליכע אינסטיטוציעס איז דער „בונד" דער איינציגער אויסגעהאַלטענער פאַרטיידיגער פון די אַרבייטער אינטערעסען — ניט נאָר אידישע, נאָר אין גרעסטען טייל אויך אַלגעמיינע.

אַ באַזונדער קאַפּיטעל אין דער ווילנער אָרגאַניזאַציע פון „בונד"



10-יאָריגער יובילעי פון „צוקונפט" אין ווילנע. — אין מיטען: ב. כהן, ווירגילי און י. זשעלעזניקאָוו.

— זיין שטאָלץ און האָפענונג — איז די יוגענט־אָרגאַניזאַציע „צוקונפט". אין אַלע אַקציעס און אַרויסטרעטונגען פון דער אָרגאַניזאַציע איז זי די ערשטע אויפ'ן פּלאַץ, זי איז פול מיט רעוואָלוציאָנערער ענערגיע און דורכגעדרונגען מיט'ן אינטערנאַציאָנאַלען גייסט. זי רעאַגירט און נעמט נאָהענט צום הארצען אַלע וויכטיגע געשעהענישען פון דער אַרבייטער באַוועגונג אויף דער גאַנצער וועלט. ס'איז געווען גענוג זי אָנצוקוקען אין די פעברואַר טעג, ווען דער ווינער ספּאָרט־קלוב „מאָרגענשטערן", טיילט אויס אָנפיהרער פאַר דעם קינדער־בישען פאַשיזם. זי האָט ממש געפיבערט און געריסען זיך מיט וואָס עס איז אונטערצוהאַלטען דעם בלוטיגען געראַנגעל. די „צוקונפט" האָט אַ כאָר, אַ דראַמאַטישע סעקציע, נעמט אַן אַקטיווען אַנטייל אין ספּאָרט־קלוב „מאָרגענשטערען", טיילט אויס אָנפירער פאַר דעם קינדער־

פאַרבאַנד „סקיף". „סקיף" באַשטייט מעהרסטענטייל פון שול־קינדער אין עלטער פון 12-15 יאָהר, דאָס איז אַ געמיש פון סקאַוטיזם און געזעלשאַפטליך־פּאָליטישער אויפקלערונגס־אַרבייט. ענדליך די פּרויען־אָרגאַניזאַציע „יאַף". זי אָרגאַניזירט און פיהרט אַ פּאָליטיש־געזעל־שאַפטליכע אַרבייט צווישען די אַרבייטענדיגע פרויען, האַלט אויס צוויי טאָג־היימען פאַר קינדער אין פאַרשול־עלטער, קינדער פון מוטערס, וועלכע זיינען פאַרנומען מיט אַרבייט אויסער דער היים.

די איינציגע פּאַרטיי, מיט וועלכער דער „בונד" טרעפט זיך אויף דער אידישער אַרבייטער גאַס, איז די קאָמוניסטישע. הגם דאָס איז אַן אינטערנאַציאָנאַלע פּאַרטיי, איז אָבער איר גאַנצע אויפמערקזאַמ־קייט, לפּחות אין ווילנע, געווענדעט אויף דער אידישער גאַס; איהר אָרגאַניזאַציע איז אַ נישטיגע, נאָר די סימפּאַטיעס, וועלכע זי האָט



די קינדער פון טאָג־היים פון „יאַף" אויפ'ן נאָמען פון אַ. ליטוואַק, 1934.

צווישען דער אידישער באַפעלקערונג זיינען פאַרהעלטניסמעסיג גרע־סער ווי איהר אָרגאַניזאַציע. דאָס ערקלעהרט זיך, אויסער די אַל־געמיינע סיבות, פאַר ווילנע ספּעציעל מיט דער נאָהענטקייט פון ווילנע צו ראַטען־רוסלאַנד, די פאַרבונדענקייט מיט איהר פון דער ווילנער אידישער באַפעלקערונג; ס'איז ניטאָ כמעט אין ווילנע קיין איין פאַמיליע, וועלכע זאָל ניט האָבען איהרע פאַרשטעהער אין ראַטען־רוסלאַנד. די אויסזיכטען אויף עמיגראַציע אין רוסלאַנד שפּילען דער־ביי אויך ניט קיין קליינע ראָלע. די באַציהונגען צווישען „בונד" און די קאָמוניסטען זיינען די זעלביגע ווי אין גאַנץ פּוילען. די קאָמו־ניסטען באַמיהען זיך מיט אַלע מיטלען אַראָפּצורייסען די בונדישע

אָרגאַניזאַציע, שטערען איהרע פאַרזאַמלונגען, שפּאַלטען די פאַראיינען און לאָזען אין גאַנג די אַלע גוט־באַקאַנטע מיטלען, וועלכע זיי ווענדען אָן אין קאַמף מיט זייערע געגנער. די לעצטע צייט באַמערקט זיך אַ שטרעבונג פון די קאָמוניסטען צו דערנענטערען זיך צום „בונד" — שליסען אָן איינהייטליכען פראָנט, אָבער דאָס איז אָן אָפּשניט פון דער טאַקטיק פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין גאַנץ פּוילען.

קיין אָרגאַניזאַציע פון די לינקע פּועלי־ציון האָט ווילנע ניט, בכלל זיינען זיי אין דער גאַנצער געגענט ניט בנמצא. די רעכטע פּועלי־ציון האָבען באַדייטענדע יוגענט־אָרגאַניזאַציעס, אָבער זיי באַשטייען מייסטענס פון קליינבירגערליכע עלעמענטען און אויף דער אַרבייטערשאַפט האָבען זיי קיין השפעה ניט.

מיט די פּוילישע אַרבייטער איז דער „בונד" פאַרבונדען דורך דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, פּ. פּ. ס. קיין שטענדיגע פאַרבינדונגען עקזיסטירען ניט צווישען דער בונדישער אָרגאַניזאַציע אין ווילנע און פּ. פּ. ס. די סיבות זיינען די זעלביגע ווי פאַר'ן גאַנצען „בונד" אין פּוילען. פּ. פּ, ס. קען זיך נאָך אַלץ ניט באַפרייען פון דער רעפאָרמיסטישער אידעאָלאָגיע; אָבער געמיינזאַמע אַרויסטרעטונגען אין איינצלנע פאַלען ווערען פאַר די לעצטע יאָהרען אַלץ אָפטערע ערשיינונג אין ווילנע. שוין עטליכע יאָהר פייערט די גאַנצע ווילנער באַוואוסטזיניגע אַרבייטערשאַפט, סיי די אידישע, סיי די פּוילישע און ווייס־רוסישע, דעם 1טען מאי — מיט אַ געמיינזאַמען מאַניפעסטאַציע־צוג; פאַרשיידענע פּראָטעסט אַקציעס, ווי דעם אַלגעמיינעם סטרייק אין מערץ, 1932, געגען פאַרערגערונג פון דער סאָציאַלער פאַרזיכערונג, דער מיטגעפיהל־סטרייק מיט די עסטרייכישע סאָציאַליסטען אין פעברואר פון דעם יאָהר, און אַנדערע אַקציעס זיינען דורכגעפיהרט געוואָרען געמיינזאַם פון „בונד", פּ. פּ. ס און די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען.

די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען אין ווילנע זיינען פאָרמעל אינטערנאַציאָנאַלע, איינינע זיינען עס אויך פאַקטיש, די איבעריגע זיינען אָדער אידישע אדער פּוילישע. אַזוי, למשל, זיינען די פאַראיינען פון האַנדעלס־אָנגעשטעלטע, זעמשער, באַקליידונג, דרוקער, כמעט אין גאַנצען אידישע, די בוי־אַרבעטער, דערנערונג, גאַרבער, שוסטער האָבען געמישטע פאַראיינען. די דרוקער האָבען צוויי פאַראיינען: איינעם אַ אידישען, דעם צווייטען אַ פּוילישען. בכלל זיינען אָבער פאַראַלעלע פאַראיינען אַ זעלטענע ערשיינונג. אָן דעם קולטור־אַמט, וועלכער געפינט זיך אונטער דער השפעה פון „בונד" און שטעלט מיט זיך פאָר אָן אָפּטיילונג פון וואַרשעווער צענטראַל־ראַט, זיינען אָנגעשלאָסען: דער האַנדעלס־אָנגעשטעלטער פאַראיין, — דער גרעסטער אידישער

פאַראיין, — באַקליידָ, פאַבריקמאַכער, מיטעלמעדיציניִשער פאַראיינען, פאַרמאַצעווטען, קינאָ און טעאַטער אַנגעשטעלטע, קצבים, לעהרער.

דער קולטור־אַמט און די אַנגעשלאָסענע אָן איהם פאַראיינען זיי־נען מיטגלידער פון קרייז־ראַט, די פוילישע פאַראיינען פון קרייז־ראַט געפינען זיך אונטער דער השפעה פון פ. פ. ס. אַלע וויכ־טיגע פראגען פון ווילנער פּראָפעסיאָנעלען און פּאָליטישען לעבען ווערען באשלאָסען אויף אַ קאָנפערענץ פון די פאַראיינען מיט'ן אָנטייל פון קרייז־ראַט און קולטור־אַמט. די סאַנאַציע (רעגירונגס פּאַרטיי) האָט אויך איינִיגע פאַראיינען, אין וועלכע עס גייען אריין אידישע אר־בייטער, אָבער זייער צאָל איז אַ נישטיגע. די קאָמוניסטען האָבען איין צייט געהאַט עטליכע פאַראיינען, זיי זיינען געשלאָסען געוואָרען, אָבער זייער השפעה אויף איינִיגע פאַכען האָבען זיי איינגעהאַלטען.

פאַר אַ פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג, וועלכע איז אַזוי אויך ניט זעהר שטאַרק, איז די צעבּרעקלונג אַ מורא'דיגע און פּאַראַליזירט יעדע געמיינזאַמע ארויסטרעטונג אויף צו הויבען די ארבייטס־באַ־דינגונגען פון דער ווילנער ארבייטערשאַפט. פון צייט צו צייט קומען פאָר סטרייקס פון איינצעלנע בראַנזשעס, אפילו פון אַ גאַנצען פאַך, אָבער צוזאַמענגעמען אַלע פאַראיינען אין איין אקציע האָט זיך די לעצטע יאָהרען אין ווילנע ניט איינגעגעבען. דער קולטור־אַמט באַמיהט זיך אויך צו פיהרען קולטור ארבייט צווישען די פאַראיינס־מיטגלי־דער, אָרגאַניזירט פון צייט צו צייט פאָרלעזונגען, פאַרוויילונגס־אָוועגטען, אָבער קיין גרויסען פאַרנעם האָט די ארבייט ניט אָנגענומען.

אַזוי זעהט אויס אין איצטיגען מאָמענט די אידישע ארבייטענ־דיגע ווילנע. דער סך הכל איז ניט קיין פרעהליכער. אָבער דאָך לאָזט מען ניט אראָפּ די הענט. מ'לעבט און ס'רודעלט זיך דאָך. אויב די ארבייטערשאַפט שטראָמט ניט אַזוי שטאַרק אין די פּאָלי־טישע פּאַרטייען און אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, באַדייט דאָס נאָך ניט, אַז זי איז אָפּגעשטאַנען און ניט קאַמפּסלוסטיג; די נויט און ארבייטסלאָזיגקייט דריקען מורא'דיג, אָבער אין די דעצידירענדע היס־טאָרישע געשעהענישען וועט ווילנע — די ארבייטער ווילנע — די ווינעלע פון „בונד" — ניט פאַרראַטען איהר פאַרגאַנגענהייט.

# כראָנאָלאָגיע פון דער אידישער אַרבייטער באַוועגונג אין די יאָהרען 1876־1922.*)

## די ערשטע שפּראָצונגען

### 1876

**מאַי, 20** — געגרינדעט אין לאָנדאָן דעם ערשטען אידישען סאָציאַליסטישען פאַראיין. דער סטאַטוט איז געשריבען געוואָרען אין העברעאיש און אידיש. די גרינדער פון פאַראיין זיינען געווען: 1) א. ש. ליבערמאַן, 2) ל. וויינער, 3) א. גאָלדשטיין, 4) י. ראָזענטאל, 5) ה. סאָפער, 6) אייזיק סטאָון, 7) א. גאָלדבערג, 8) אלמן יעקב, 9) ג. לעוועקינד, 10) יעקב אַלעקסאַנדער (אַלע אַרבייטער). דער פאַראיין האָט עקזיסטירט ביז'ן 28טן דעצ., 1876.

**יולי** — דערשינען די ערשטע סאָציאַליסטישע פּראָקלאַמאַציע: „צו דער אידישער אינטעליגענטער יוגענט", געשריבען אין העברעאיש, ארויסגעגעבען פון אַ גרופּע אידישע סאָציאַליסטען אין לאָנדאָן (א. ליבערמאַן און אַנדערע).

**אויגוסט, 19** — דעם 19טען אויגוסט האָט דער פאַראיין ארויסגעלאָזען אַן אויפרוף צו די אידישע אַרבייטער אין לאָנדאָן אויף אידיש.

**אויגוסט, 26** — ס'האָט זיך געגרינדעט דער ערשטער אידישער פּראָפעסיאָנעלער פאַראיין אין לאָנדאָן.

### 1877

**מאַי** — דערשינען דער ערשטער נומער פון סאָציאַליסטישען זשורנאַל „האמת" אין ווין אויף העברעאיש. דער רעדאַקטאָר איז געווען א. ליבערמאַן. נומער 1 — מאַי, נומער 3 — סעפּטעמבער, דער לעצטער.

**אָקטאָבער** — דערשינען „אספת חכמים", אין קעניגסבערג אין העברעאיש, דער רעדאַקטאָר איז געווען מ. ווינטשעווסקי. 1877 אָקטאָבער — נומער 1, 1878 אָקטאָבער — נומער 8.

### 1880

**יוני, 15** — דערשינען אַן אויפרוף פון אַ גרופּע אידישע סאָציאַליסטען אין זשענעווע וועגען גרינדען אַ „פרייע אידישע דרוק" צו פאַרשפּרייטען סאָציאַליסטישע ליטעראַטור אין אידיש.

---

*) פון „25 יאָר זאַמלבוך", פאַרלאַג „די וועלט", וואַרשע 1922.

## פאר דער גרינדונג פון „בונד".

### 1884

די ערשטע ארבייטער-קרייזלאך אין מינסק.

### 1886

די ערשטע ארבייטער-קרייזלאך אין ווילנע.

### 1888

די ערשטע פראפעסיאנעלע קאסע פון די זאקען-מאכערינס אין ווילנע.

### 1889

ערשינען די ערשטע סאציאליסטישע בראשור אויף אידיש: דיקשטיין — „פון וואס איינער לעבט", ארויסגעגעבען אין אויסלאנד דורך דער פוילישער סאציאליסטישער פארטיי „פראלעטאריאט", איבערזעצט פון ש. ראבינאוויטש.

### 1891

די ערשטע שטרייקען פון די גאלדשמידען און אנדערע אין ווילנע.

די ערשטע מאסן-פארזאמלונג (דריי הונדערט מאן) אין ווילנע, ארויסגערופען דורכ'ן טויט פונ'ם זעצער סווערדלאוו.

### 1892

די אגיטאציע פאר א 10-שעה'דיגען ארבייטס-טאג לויט דעם אלטען געזעץ פון יעקאטערינע דער צווייטער.

די ערשטע מאי-פארזאמלונג אין ווילנע (הונדערט מאן).

די פיר רעדעס פון אידישע ארבייטער און ארבייטערינס: פאניע רעזניק — א שניידערין, געשטארבען אין 1896; מאטעל מייזעל — א יואוועלירער, וואוינט איצט אין ווילנע; בערשאווסקי — קאמאשען-שטעפער, איצט א צאהן-דאקטאר; העלענע געלפאנד — א שניידערין, איצט איז זי אין פעט-ראגראד, דער מאן — דר. דרוסקין.

### 1893

געפייערט דעם ערשטען מאי אין וואלד אין ווילנע.

אן אלגעמיינער שטרייק פון שניידער אין ווילנע (אין הערבסט) — 200 מאן.

אין 1893טען יאהר האט מען אנגעהויבען ארויסגעבען גע-שריבענע ליטעראטור אין אידיש.

דער שטרייט מיט דער אפאזיציע (1893-1894), דער איבער-גאנג פון פראפאגאנדע צו אגיטאציע אויף אידיש. אין דער שפיץ פון דער „אפאזיציע" זיינען געשטאנען: אבראם גאר-דאן (אבראם רעזניק, וואוינט איצט אין ווילנע; א. סקא-פאווקער (יואוועלירער), אין אמעריקע; דרעזעל, א שניידע-רין); ר. פרידמאן (פאפיראסען-מאכער); מיכאל לוריע; משה לוריע (געשטארבען אין 1912 אין לאזאן (שווייץ).

איינגעארדענט דעם טראנספארט פון אומלעגאלע ליטעראטור איבער'ן גרענעץ.

## 1894

אָנגעהויבן ארויסגעבען אין ווילנע יעדע וואָך געשריבענע „נייעס פון רוסלאַנד", ארויסגעגאַנגען פינף נומערן. די רעדאַקציע איז באשטאנען פון שוועץ — איצט דאָקטאָר אין שווייץ; אַלעקסאַנדער קרעמער, און מ. טאַביאש.

דערשינען די בראָשורען: 1) וועגען אַגיטאַציע (אַלעקסאַנדער קרעמער), 2) בריף צו אַגיטאַטאָרען (גאָזשאַנסקי).

אויגוסט דעם ערשטען מאָל ארויסגעשטעלט די פאָדערונג פון בירגערליכער גלייכבארעכטיגונג פאַר אידען (אויף צוויי דיסקוסיאָנס-פאַרזאַמלונגען).

## 1895

דעם ערשטען מאָל האָט מען געהאַלטען פאָליטישע רעדעס אויף מאַסאָווע פאַרזאַמלונגען אין ווילנע און וואַלד אויף די מאַי-פייערונג (צוויי פאַרזאַמלונגען צו צוויי הונדערט און פופציג מאַן).

די רעדע פון מאַרטאָוו אויף אַ פאַרזאַמלונג פון אַגיטאַטאָרען (פערציג מאַן) נאָך דער פייערונג פון ערשטען מאַי אין ווילנע (דעם ערשטען מאָל פאָרמולירט די נויטווענדיגקייט פון אַ זעלבסטשטענדיגע אידישע אַרבייטער-אָרגאַניזאַציע, געדרוקט אונטער'ן נאָמען: „די נייע עפּאָכע אין דער אידישער אַרבייטער-באַוועגונג".

אויגוסט פון 20טען אויגוסט ביז'ן 9טען סעפּטעמבער — דער אַלגעמיינער שטרייק פון וועבער אין ביאַליסטאָק (26,000 מאַן, אין דעם 3000 אידען).

די ערשטע קאָנפערענץ פון מינסקער און ווילנער סאָציאַל-דעמאָקראַטען אין מינסק. די הויפּט-פראַגע: די פאַראייניגונג פון דער אַרבייט אין פארשיידענע שטעדט.

דער ערשטער צוזאַמענפאָהר פון די בערשטער.

אַ סטרייק אויף דער טאַבאַק פאַבריק פון עדעלשטיין אין ווילנע (220 מאַן). דערשינען די בראָשור „דער ווילנער שטאָדט-מגיד", געווידמעט דעם מגיד הירש ראַבינאָוויטש (ר' יצחק אלחנן'ס זוהן), וועלכער האָט געהאַלטען אַ רעדע אין בית-המדרש געגען די „סטאַטעטשניקעס" (העקטאָגראַפירט אין 300 עקזעמפּליאַרען).

געגרינדעט געוואָרען אַ סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פאַרלאַג אין לאָנדאָן.

אָנגעהויבען פארשפרייטען העקטאָגראַפישע בראָשורען: 1) דער אַרבייטס-טאָג, (פּאַטי קרעמער), 2) וואָס דאַרף וויסען און געדענקען יעדער אַרבייטער, 3) וועגען שבירות (לנר), 4) דער שטאָדט-מגיד (לנר), 5) אַ ויכוח איבער'ן מזל. אין דעם יאָהר האָט יוזעף פילסודסקי געבראַכט ספּעציעל פאַר די ווילנער אידישע סאָציאַל-דעמאָקראַטען אַ מימיאָגראַף פון אויסלאַנד.

בעגרינדעט דער „זשארגאנישער קאמיטעט" אין ווילנע, אפ־טיילונגען זיינען געווען אין מינסק און אין ביאליסטאק. דער קאמיטעט האט עקזיסטירט פון 1895 ביז 1898. אין 1898 איז די גאנצע ארבייט פון זשארגאנישען קאמיטעט אריבער צו קלמן קראפיווניקאוו'ן. אויף הקדש גאס האט ער געעפענט א בוך־קראם אויפ'ן נאמען פון אברהם גאסעל־ניק. אין 1901 איז קלמן ארעסטירט געווארען און די קראם איז פארמאכט געווארען. קלמן האט זיך גענומען דאס לעבען אין פעטשארא (ארכאנגעלסקער גובערניע), וואוהין ער איז געווען פארשיקט.

געגרינדעט אין ווארשא א. קאטיק'ס און א. ברעסלער'ס פארלאג. דאס ערשטע בוך, וואס דער פארלאג האט ארויסגע־לאזען, איז געווען פאולאוויטש'עס „ווי מענשען האבען גע־לעבט מיט 1000 יאהר צוריק".

## 1896

| | |
|---|---|
| פעברואר | די ערשטע מאסען־ארעסטען אין ווילנע, ביאליסטאק, אדעס און אנדערע שטעדט. |
| מערץ | דערשינען אין מינסק „ארבייטער־בלעטער" (העקטאגראפירט) נומער 1—9, דער לעצטער נומער — אין 1897. |
| אפריל | די ערשטע פאנאנדערגעקלעפטע מאי־פראקלאמאציעס אין וויל־נע (געדרוקט אין אויסלאנד). |
| יולי | דעם ערשטען מאל זיינען געווען פארגעשטעלט די אידישע ארבייטער אויפ'ן אינטערנאציאנאלען סאציאליסטישען קאנ־גרעס אין לאנדאן. דעם מאנדאט האבען באקומען פלעכא־נאוו און ווערא זאסוליטש, פון ווילנע, מינסק, סמארגאן און ווארשע. |
| דעצעמבער | ערשינען דער ערשטער נומער „דער אידישער ארבייטער". ס'זיינען ארויס 17 נומערען (זשענעווא־לאנדאן), דער לעצ־טער — אין 1905. דער ערשטער נומער איז געווען גע־דרוקט (זשענעווא) אין 1000 עקזעמפליארען. דעם ערשטען מאל האט מען ארויסגעשטעלט פאליטישע פאדערונגען צום ערשטען מאי (ווילנע). |

## 1897

| | |
|---|---|
| אפריל 18 | דער ערשטער פרואוו צו ארגאניזירען דעם 1טען מאי א דעמאנסטראציע. |
| מאי | געגרינדעט געווארען דורך אידישע ארבייטער די ערשטע געהיימע אידישע דרוקעריי. |
| יוני 21 | די ערשטע דעמאנסטראציע ביים באגלייטען פארשיקטע אין ווילנע. אויפ'ן וואקזאל האבען זיך פארזאמעלט א מאן 200 ארבייטער צו באגלייטען די פארשיקטע פון ביאליסטאק קיין סיביר (גאזשאנסקי, ליובע אייזענשטאדט און אנדערע). |

אויגוסט ערשינען אין ווילנע דער ערשטער נומער „ארבייטער-שטימע" (400 עקזעמפּליאַרען). פון ערשטען נומער אָן איז די „אַרבייטער שטימע" געוואָרען דער צענטראַל-אָרגאַן פון „בונד". אין דער רעדאַקציע פון ערשטען נומער זיינען געווען: י. מ. קאַפּלינסקי, א. זעלדאָוו (סערגיי נעמאַנסקי), משה דושקאַן (מאָיסיי דער פּרעפּליאַטשיק). אויך האָבען גענומען אָן אַנטייל: א. ליטוואַק. פון צווייטען נומער זיינען אין רעדאַקציע אריין: וולאַדימיר און גליעב.

אין דער טעכנישער קאָמיסיע זיינען געווען: קאַפּלינסקי, מאָיסיי און גרישע דער סטאָליער. דאָס דרוקען דעם 1טען נומער האָט געדויערט צוויי וואָכען. די דרוקעריי איז געווען אויף באקשט און די זעצעריי אויף קוואַסנאָי פּערעאולאָק. נומער 1 — אויגוסט, 1897; לעצטער נומער 40 — סעפּטעמבער, 1905.

## נאָכ'ן גרינדן פון „בונד".

סעפּט. 27—25 דער ערשטער צוזאַמענפאָהר פון „בונד" אין ווילנע. די

אָקט. 8 (יוכ"פ) גרינדונג פון דעם אַלגעמיינעם אידישען אַרבייטער-בונד אין רוסלאַנד און פּוילען. אויפ'ן צוזאַמענפאָהר זיינען געווען פאָלגענדע פּערזאָנען: אַלעקסאַנדער קרעמער (ווילנע), וולאַדימיר לעווינסאָן (קאָסאָווסקי), ווילנע; יוסף מיל (דזשאָן, ווארשע); פּאַוועל בערמאַן (מינסק); דוד כץ (טאַראַס, ווילנע); לעאָן גאָלדמאַן (וואַרשע); צביה הורוויטש (וואַרשע); ראָזע גרינבלאַט (ביאַליסטאָק); א. מוטניק (גליעב); אברהם דער בערשטער (וואָלף אַלעקסאַנדרינסקי); הלל (ביאַליסטאָק). וועגען גרינדונג פון „בונד" איז ארויסגעלאָזט געוואָרען אַ ספּעציעלער מאַניפעסט, וועלכער איז אויך געווערן אָפּגעדרוקט אין 4-5 נומערען „אַרבייטער-שטימע". דער צוזאַמענפאָהר האָט אויסגעוועהלט אַ צענטראַל-קאָמיטעט פון אַלעקסאַנדער, גליעב, וולאַדימיר. דער צ. ק. האָט זיך באַזעצט אין מינסק.

נאָכ'ן צוזאַמענפאָהר האָט מען די „אַרבייטער-שטימע" אַריבערגעפיהרט קיין באָברויסק. אין דרוקעריי האָבען געאַרבייט: י. מ. קאַפּלינסקי, מ. ווילטער, זיין פרוי שפרה, גרישע דער סטאָליער.

## 1898

יאנואַר דער זעקסטער צוזאַמענפאָהר פון די בערשטער. די גרינדונג פון דעם „אַלגעמיינעם אידישען בערשטער-בונד אין פּוילען און ליטע".

מערץ 3—1 דער זעקסטער צוזאַמענפאָהר פון די בערשטער. די גרינדונג דעמאָקראַטישער אַרבייטער-פּאַרטיי אין מינסק. אויפ'ן צוזאַמענפאָהר זיינען געווען: ראַדטשענקאָ (פּעטראָגראַד); עדעלמאַן, קיעוו; טוטשאפּסקי, קיעוו; פּעטרושעוויטש, יעקאַטערינאָסלאַוו; גליעב (בונד); אַלעקסאַנדער (בונד); אַ דעלעגאַט פון מאָסקווע. אין צ. ק. זיינען אויסגעקליבען

גערוואָרען: ראדטשענקאָ, עדעלמאַן און אַלעקסאַנדער. דעם מאַניפעסט פון ר. ס. ד. אַ. פּ. האָט אָנגעשריבען פּיאָטר סטרואווע און איז געווען אָפּגעדרוקט אין דער באָברויסקער דרוקעריי פון „בונד".

מערץ 11 מאַסען-ארעסטען אין רוסלאַנד אין צוזאַמענהאַנג מיט'ן ער-שטען צוזאַמענפאָהר.

דער ערשטער צוזאַמענפאָהר פון גארבער-בונד.

יוני 1 אַ סטרייק פון 10,000 וועבער אין ביאַליסטאָק.

יולי 25—26 מינסק און אַנדערע שטעדט (העכער 70 פּערזאָן), פאַרנומען מאַסען-ארעסטען צווישען די בונדיסטען אין ווארשע, לאָדז, די דרוקעריי פון „בונד" אין באָברויסק מיט דעם נומער 9—10 „ארבייטער שטימע".

סעפּטעמבער דער צווייטער צוזאַמענפאָהר פון „בונד" אין קאָוונע, פאַר-געקומען די ערשטע טעג סוכות אין וואוינונג פון ל. בערנ-שטיין. דעם צוזאַמענפאָהר האָט אָרגאַניזירט טאראס. אויפ'ן צוזאַמענפאָהר זיינען געווען: טאראס, צביה (ווארשע), שיינע רייזעל סעגאל (לאָדז), אַלטער דער בערשטער און ל. בערנשטיין (קאָוונע), סערגיי נעמאַנסקי, ב. מיכאַלעוויטש און יחיאל פּעדער (ביאַליסטאָק), לעאָן גאָלדמאַן און פּאַטי, פון דער דרוקעריי — שמואל דער שוואַרצער. אין צ. ק. זיינען אויסגעקליבען געוואָרען: טאראס, אברהם דער בער-שטער, נעמאַנסקי, צביה.

דעצעמבער ס'האָט זיך געבילדעט דער אויסלענדישער קאָמיטעט פון „בונד".

## 1899

אַפּריל די צווייטע קאָנפערענץ פון „בונד" אין מינסק.

דעצעמבער דער דריטער צוזאַמענפאָהר פון „בונד" אין קאָוונע (געווען 15 מאַן). אויפ'ן צוזאַמענפאָהר זיינען געווען: טאראס (צ. ק.); דזשאהן (אויסלאַנד); צביה (לאָדז); אַלבערט זאַלקינד (מינסק); זלמן דער בערשטער; בן-ציון לעווין (ביאַליסטאָק); פּאַוועל (ביאַליסטאָק); אבראַם דער טאַטע (גארבער, בונד); ס. קליוואַנסקי (מאַקסים, קאָוונע); נח ת. זאַקאַן (ווארשע).

דער דריטער צוזאַמענפאָהר האָט באַשלאָסען צו פאַרשטאַרקען דעם פּאָליטישען מאָמענט אין דער באוועגונג דורך פּאָלי-טישע אַגיטאַציע (דעמאָנסטראַציעס און אַנדערע).

דער צווייטער צוזאַמענפאָהר פון גארבער-בונד.

## 1900

אַפּריל 28—29 די דריטע קאָנפערענץ פון „בונד" אין ווארשע.

מאַי 24 אַ פּאָר הונדערט אידישע אַרבייטער אין ווילנע, אויף נאָוואָ-גאָראָד, האָבען אָפּגעשלאָגען דריי אַרעסטירטע פון פּאָליציי-צירקעל (אליהו זייטשוק און צוויי זאָקען-מאַכער).

סוף זומער איז געבילדעט געוואָרען אַן אָרגאַניזיר-קאָמיסיע אויף צו גרינדען דעם פעדעראַטיווען גאַרבער-בונד. אין דער קאָמיסיע זיינען אריין: ראָזענטאל-אַנמאַן, אַבראַם דער טאַטע, מרדכי, בענדעט, אַנאַ ראָזענפעלד, ב. מיכאַלעוויטש.

דער דריטער צוזאַמענפאָהר פון גאַרבער-בונד.

אויגוסט — דער צ. ק. פון „בונד" האָט ארויסגעלאָזען אַן אויפרוף, אין וועלכען ער האָט געפאָדערט איבעררייסען אַלע באַציהונגען מיט זובאַטאָוו'ן.

## 1901

מערץ 2 — די ערשטע דעמאָנסטראַציע אין ביאַליסטאָק צוליב'ן טויט פון אַן ארבייטער, לייזער טומטשין.

אַפּריל — יעקב פּאָקול איז דער'הרג'עט געוואָרען אין פּאָליציי-ציירקעל אין לאָדז.

מאַי 24—27 — דער 4טער צוזאַמענפאָהר פון „בונד" אין ביאַליסטאָק (24 מאַי). אָנגענומען אַ רעזאָלוציע וועגען דער נאַציאָנאַלער פראַגע. דער צוזאַמענפאָהר איז פאָרגעקומען אויף כאַנייקעס אין דירה פון דוד דעם וועבער. אויפ'ן צוזאַמענפאָהר זיי־נען געווען: ב. לעווין (ביאַליסטאָק), אַנאַ ראָזענטאל (ביאַליסטאָק), אַבראַם דער טאַטע (גאַרבער-בונד), זלמן דער בערשטער, גאָלדמאַן-ליבער (לאָדז), וויינשטיין ירחמיאל (ווילנע), העזענצוויי (ה. מעל), י. מ. קאָפּלינסקי (דווינסק), חיים זאַקאַן (וואַרשע), אַלטער דער הויכער (בערדיטשעוו), מיצקין (זשיטאָמיר), הירש באַטווּיניק (גראָדנע), פייוועל דער שטעפּער (ווילנע), נח (צ. ק.), אַנמאַן-ראָזענטאל (צ. ק.), ניעמאַנסקי—סערגיי, באָרים צייטלין—באַטורסקי (ווי־טעבסק) און אַנדערע.

אין צ. ק. זיינען אריין: אַנמאַן, נח, שפּעטער האָט מען קאָאָפּטירט מ. דושקאַן.

אויפ'ן צוזאַמענפאָהר האָט מען אומגעביטען דעם נאָמען פון „בונד" און מען האָט איהם אָנגערופען: „דער אַלגע־מיינער אידישער אַרבייטער בונד אין ליטע, פּוילען און רוסלאַנד".

מאַי 28 — די פערטע קאָנפערענץ פון „בונד" אין ביאַליסטאָק.

יולי — ערשינען דער מאַניפעסט פון דער אומאָפּהענגיגער אידישער „ארבייטער-פּאַרטיי" (זובאַטאָווצעס) אין מינסק. די הויפּט־פיהרער פון די זובאַטאָווצעס זיינען געווען: מאַניע וויל־בושעוויטש — איצט איז זי אַ פּועלי-ציוניסטקע און גע־פינט זיך אין ארץ-ישראל; סאַשאַ טשעמערינסקי, שפּעטער ווידער געוואָרען אַ בונדיסט, איצט אַ קאָמוניסט; י. וואָלין; יוסף גאָלדבערג (לעהרער); שאַיעוויטש.

אָקטאָבער — ערשינען דער 25טער יובילעאום-נומער פון דער „אַרבייטער שטימע", געדרוקט אין וואַרשע.

דער אויסעראָרדענטליכער צוזאַמענפאָהר פון גאַרבער-בונד,

געגרינדעט דעם פעדעראַטיווען סאָציאַל-דעמאָקראַטישען גאַר-בער-בונד. דעם מאַניפעסט פון גאַרבער-בונד האָט אָנגעשרי-בען אַנמאַן, דער רעדאַקטאָר פון אָרגאַן „דער קעמפער" איז געווען ב. מיכאַלעוויטש.

געגרינדעט די ערשטע בונדישע הילפס-אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקע (ניו יאָרק).

דער ערשטער צוזאַמענפאָהר פון די אויסלענדישע גרופען פון „בונד" אין בערן געגרינדעט דעם צענטראַל-ביוראָ. דער סעקרעטאר פון 1טען צענטראַל-ביוראָ איז געווען וו. מעדעם.

## 1902

מערץ 23—28 די ביאַליסטאָקער קאָנפערענץ פון דער רוסלענדער סאָצ. דעמ. אַרב. פאַרטיי. אין דער קאָנפערענץ האָבען גענומען אַן אָנ-טייל: נעמאַנסקי, דר. קראַסנוכאַ (פעטערבורג), אָסיפ קאָגאַן יערמאַנסקי פון „יוזשני ראַבאָטשי", טשיפּולינסקי (יעקאַ-טערינאָלסאַוו), פ. דאַן („איסקראַ"), מיכאַיל קאַהאַן (גרי-נעוויטש), פון פארבאַנד פון די רוסישע סאָצ. דעמאָק. אין אויסלאַנד, אַלעקסאַנדער (בונד), נח (בונד), אַנמאַן (בונד), אַ דעלעגאַט פון נ. נאָווגאָראָד. די קאָנפערענץ האָט אויס-געקליבען אַן אָרגאַניזיר-קאָמיסיע אויף צוזאַמענצורופען דעם צווייטען צוזאַמענפאָהר: נח, דאַן, יערמאַנסקי.

אפּריל 18 די דעמאָנסטראציע פון 1טען מאַי אין וואַרשע אין די אויאַזדאָווער אַלעען („בונד", פּ. פּ. ס. און פּ. ס. ד.)

די מאַי-דעמאָנסטראַציע אין ווילנע.

אפּריל 19 דער ווילנער גובערנאַטאָר פאָן-וואַל האָט באַפוילען שמייסען די דעמאָנסטראַנטען.

מאַי 5 לעקערט'ס אָנפאַל אויף פאָן-וואַל.

מאַי 6 די דעמאָנסטראַציע אין מינסקער טעאַטער.

מאַי 26 אויפגעהאַנגען הירש לעקערט.

אויגוסט די 5טע קאָנפערענץ פון „בונד" אין בערדיטשעוו, אָנגענומען די רעזאָלוציע וועגען „אָרגאַניזירטער ראַכע".

אויגוסט 11 דער פּאָגראָם אין טשענסטאָכאָוו. אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם פּאָגראָם איז אין 29טען נומער „אַרבייטער שטימע" אָנגע-וויזען געוואָרען אויף די נויטיגקייט צו געבען אַ ווידער-שטאַנד די פּאָגראָמשטשיקעס.

דער מינסקער קאָמיטעט פון „בונד" האָט ערקלערט אַ באָי-קאָט די זובאַטאָווצעס. זומער האָבען די זובאַטאָווצעס אָנ-געהויבען זייער ארבייט אין ווילנע, נאָך אָהן ערפאָלג. דורך דער פּראָטעקציע פון מ. ווילבושעוויטש איז לעגאַלי-זירט געוואָרען דער צוזאַמענפאָהר פון די רוסישע ציוניסטען אין מינסק (1902).

נאָוועמבער דער צווייטער צוזאַמענפאָהר פון די בונדישע גרופען אין אויסלאַנד.

## 1903

| | |
|---|---|
| יאנואר 1—4 | די באַראַטונג פון „בונד" אין דווינסק (אויף ריגער גאַס ביי איכלאָווען, געווידמעט הויפּטזעכליך דער פראַגע וועגען אָנטייל אין דעם 2טען צוזאַמענפאָהר פון ר. ס. ד. אַ. פּ.) אין דער באַראַטונג האָבען גענומען אַן אָנטייל: נח, ליבער, דימיטרי, צביה (גראָדנע), ב. מיכאַלעוויטש (גאַרבער-בונד), יונה (בערדיטשעוו), וויטאַלי-יודין (ווילנע), מ. הורוויטש (מאַטוויי), ישראל מיכאל קאַפּלינסקי. |
| יאנואַר 8 | די דעמאָנסטראַציע אין טעאַטער אין וואַרשע צום אָנדענקען פון די אויפגעהאַנגענע „פּראָלעטאַריאַטצעס". |
| אַפּריל 6—7 | דער פּאָגראָם אין קישיניעוו.<br>די פּאָגראָם-שטימונג; אָרגאַניזירונג פון זעלבסט-שוץ. |
| אַפּריל 5 | אָפּגעשלאָגען פון פּאָליציי אין פּינסק ק. סאַפּיר און שאַפּיראָ. |
| יוני 1 | אַ דעמאָנסטראַציע אין לאָדז געגען די גוואַלד-טאַטען פון דער פּאָליציי. |
| יוני | דער 5טער צוזאַמענפאָהר פון „בונד" אין ציריך. אויפ'ן צוזאַמענפאָהר זיינען געווען: נח, יודין, אַלעקסאַנדער, קאַסאָווסקי, מעדעם, ליבער, יונה, אַשפּיס (מאָהיליעוו), העלענע ליפּקין (האָמעל), מאַקס ווינאָקור (בערדיטשעוו), פראַנץ (קורסקי), צביה, איסר ראבקין, טימאָפיי, י. מ. קאַפּלינסקי, שמאי (לאָדז), שלום לעווין (שלום זעצער, ווילנע) און אַנדערע.<br>דער צוזאַמענפאָהר האָט אָפּגעשאַפט די רעזאָלוציע פון דער 5טער קאָנפערענץ וועגען „אָרגאַניזירטע ראַכע". |
| יולי 6 | זובאַטאָווצעס האָבען פאַנאַנדערגעלאָזען זייער אָרגאַניזאַציע. |
| יולי תשעה-באָב | די פאַרזאַמלונג פון 5000 אַרבייטער אויפ'ן בית-עולם אין וואַרשע און די דעמאָנסטראַציע נעבען דער טורמע „פּאַוויאַק". |
| מאַי | געשטאָרבען אין ניו יאָרק ליובע אייזענשטאַט, איינע פון די ערשטע פּיאָנערען פון דער אידישער אַרבייטער-באַוועגונג אין רוסלאַנד. |
| יולי29-אויג.22 | דער צווייטער צוזאַמענפאָהר פון דער ר. ס. ד. אַ. פּ. אין בריסעל—לאָנדאָן |
| אויגוסט 18 | דער „בונד" טרעט ארויס פון דער פּאַרטיי. די דעלעגאַציע פון „בונד" אויפ'ן צווייטען צוזאַמענפאָהר איז באַשטאַנען: נח, יודין, ליבער, וולאַדימער, מעדעם, אַלעקסאַנדער. |
| אויגוסט 29<br>סעפּטעמבער 1 | דער האָמלער פּאָגראָם. דער ארויסטריט פון דער אָרגאַניזירטער זעלבסט-שוץ. |
| אָקטאָבער 18 | גע'הרג'עט דעם פּראָוואָקאַטאָר אָרנאַצקי אין פּינסק. |
| דעצעמבער | דער 1טער צוזאַמענפאָהר פון די בונדישע אָרגאַניזאַציעס אין אַמעריקע. ס'זיינען געווען פאַרטראַטען 15 אָרגאַניזאַציעס. געגרינדעט דער צענטראַל-פאַרבאַנד פון די בונדישע אָרגאַניזאַציעס אין אַמעריקע. |

## 1904

אַפּריל 18 — די מאַי-דעמאָנסטראציע אין וואַרשע אויף דער מאַרשאַלקאָווסקע גאַס („בונד", פּ. ס. ד., „פּראָלעטאַריאַט").

דער אַמסטערדאַמער אינטערנאַציאָנאַלער קאָנגרעס.

יוני — אָרגאַניזירט געוואָרען דער צפון-מערב'דיגער קאָמיטעט פון ר. ס. ד. אַ. פּ. אויף צו באַקעמפען דעם „בונד"

יולי — די מאַסען-סטרייק באַוועגונג.

סעפּטעמבער 1 — דער פּאָליטישער סטרייק אין האָמעל צום יאָהרצייט פון האָמלער פּאָגראָם.

סעפּ. 12 — די הריגות פון אַרבייטער אין ביאַליסטאָק.

סעפּט. 30 — די דעמאָנסטראציע פון „בונד", פּ. ס. ד., „פּראָלעטאַריאַט" אין וואַרשע געגען דעם קריגס-געריכט איבער די פּוילישע סאָציאַליסטען.

אָקטאָבער — פון 1טען אָקטאָבער פּראָטעסטען געגען די ביאַליסטאָקער הריגות אין גאַנצען ראַיאָן פון „בונד", לויט דער אויפפאָדערונג פון צ. ק.

## 1905

יאַנואַר — פון 11טען יאַנואַר פּאָליטישע סטרייקס און דעמאָנסטראציעס אין גאַנצען ראַיאָן פון „בונד" אין צוזאַמענהאַנג מיט'ן 9טען יאַנואַר אין פּעטערבורג.

יאַנואַר 19 — אָפּגעהאַלטען געוואָרען די 1טע אַלגעמיינע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע קאָנפערענץ אין ריגע.

פעבר. 11—17 — די 6טע קאָנפערענץ פון „בונד" אין דווינסק אין דער דירה פון ב. מיכאַלעוויטש.

מערץ 20 — אַ דעמאָנסטראציע אין וואַרשע. דער חבר מאַרגאָלין טויטליך פארוואונדעט. גע'הרג'עט געוואָרען די חבר'טע פראַניע גראַבעלסקאַ.

אַפּריל 23 — די ערשטע דעמאָנסטראציע אין קאָוונע.

אַפּריל 24—25 — דער זשיטאָמירער פּאָגראָם. דער בלוטיגער קאַמף צווישען דעם זעלבסטשוץ און די פּאָגראָמשטשיקעס. אין זשיטאָמירער פּאָגראָם זיינען אומגעקומען פון בונדישען זעלבסטשוץ די ברידער וויינשטיין און דער רוסישער סטודענט ס. ר. בלינאָוו. 11 חברים פון טשודנאָוו, וועלכע זיינען געפאָהרען קיין זשיטאָמיר, זיינען אויפ'ן וועג דער'הרג'עט געוואָרען אין שטעדטעל טראַיאַנאָוו.

קאַמפען צווישען אידישע אַרבייטער און אַלפאָנסען אין וואַרשע, אַ פּאָגראָם אויף די „הייזלאך".

מאַי 8 — אַן אַלגעמיינער סטרייק פון די בערשטער.

מאַי 16 — אַ דעמאָנסטראציע אין לאָדז.

יוני 23 — אַן אַלגעמיינער סטרייק און באַריקאַדען-קאַמף אין לאָדזש.

יוני—יולי | סטרייקען אין ראַיאָן פון „בונד" וועגען די געשעהענישען אין לאָדז, אָדעס און אַנדערע שטעדט.

יולי 30 | די ביאַליסטאָקער בלוט-באָד, דער'הרג'עט אסתר ריסקינד און גיטעל זאַקהיים.

אויגוסט 5 | אַן אַלגעמיינער סטרייק אין וואַרשע וועגען ביאַליסטאָקער געשעהענישען.

סעפּטעמבער | די אַגיטאַציע פאַר'ן באָיקאָט פון בוליגינ'ס דומע.
אין וואַרשע האָט מען אָנגעהויבען ארויסגעבען לעגאַלע ביכער אין פארלאַג „ארבייטער שטימע". דער ערשטער בוך איז געווען ליבקנעכט'ס „שפּינען און פליגען", געדרוקט אין 2000 עקזעמפּליאַרען. דער פאַרוואַלטער פון סקלאַד איז געווען א. קאָסטעליאַנסקי, סאָפּאָזשינסקע גאַס נומער 19.

אָקט. 22—13 | דער זעקסטער צוזאַמענפאָהר פון „בונד" אין ציריך, וואו עס איז ענדגילטיג פאָרמולירט געוואָרען דאָס נאַציאָנאַלע פּראָגראַם פון „בונד" אין צ. ק. זיינען אויסגעוועהלט געוואָרען: אַלעקסאַנדער, נח, יודין, יונה, ירחמיאל, אַבראַמאָוויטש; שפּעטער זיינען קאָאָפּטירט געוואָרען ליבער, וולאַדימיר, דושקאַן.

אָקטאָבער 17 | די רוסישע אָקטאָבער-קאָנסטיטוציע. פּאָגראָם-כוואַליע אין גאַנצען תחום. די בונדישע זעלבסטשוץ אין קאַמף מיט די פּאָגראָמשטשיקעס.

דעצעמבער 25 | ערשיינען די ערשטע טעגליכע צייטונג „דער וועקער" אין ווילנע.

## 1906

יאַנואַר | דער 3טער צוזאַמענפאָהר פון די בונדישע ברענטשעס אין אַמעריקע, אַנטייל גענומען 40 גרופּען.

22 מערץ-7 אַפּר. | די זיבעטע קאָנפערענץ פון „בונד" אין בערן. אויף דער קאָנפערענץ זיינען געווען: גראָסער, ליבער, נח, וויינשטיין, מעדעם, יונה, אַבראַמאָוויטש, אַלעקסאַנדער, דזשאַן, פּאַוועל, עזרא, א. ווייטער, פּ. באַגראָוו, יעווגעני גיסער, אַנאַ מ. לוריע, טאַראַס, ניעמאַנסקי, בראון, ר. לעווינ, ד. ליפּעץ (מאַקס), ד. מאַכלין, גליעב, ליטוואַק, ל. בערמאַן, פרענקעל, זאַלאָטאַריאָוו, מ. גרינפעלד, ב. מיכאַלעוויטש און אַנד.

אַפּריל | דער פאַראייניגונגס-צוזאַמענפאָהר פון ר. ס. ד. אַ. פּ. אין שטאָקהאָלם. אריינגענומען אין דער פּאַרטיי דעם „בונד", די פּ. ס. ד. און די לעטישע ס. ד.

אויג. 26—15 | דער 7טער צוזאַמענפאָהר פון „בונד" אין לעמבערג. באַשלאָסען צוריק אַריינגעהן אין דער ר. ס. ד. אַ. פּ. אויפ'ן צוזאַמענפאָהר זיינען געווען: אסתר, אַבראַמאָוויטש, אַלעקסאַנדער, אַשפּיז, בענעוואָור, באַגראָוו, גראָסער, דראַזנעס, דזשאַן, ווירגילי, זאקאַן, זאַלאָטאַריאָוו, טאַראַס, יודין, ירחמיאל, יונה, ה. לוריע, ליטוואַק, לעאָניד (אסון), ליעסין (אַמעריקע), ליבער, מיצקון, מעדעם, נח, סאַלוצקי, עזרא, פרענדלער, קאַפּלאַנסקי, ראַפּעס, ראוורעבע, בראַון (סערגיי

ריגער), שאַדאָווסקי (לאַזאַר וו. שולמאַן), שטערן, שליפער און אַנד. צוזאַמען 74 דעלעגאַטען חוץ איינגעלאַדענע געסט. פאַרשטעהער פון ר. ס. ד. אַ. פּ. זיינען געווען מאַרטינאָוו און לעאָן גאָלדמאַן; פון לעטישע ס. ד. — ריבאַק, פון גאַלי-ציאַנער „בונד": איינאייגלער, גראָססמאַן און קראַנץ. אין צ. ק. זיינען אריין: ליבער, אַבראַמאָוויטש, יודין, מעדעם, נח, יונה, ירחמיאל, קאַסאָווסקי, אַלעקסאַנדער.

דעצעמבער — געגרינדעט פאַרלאַג „די וועלט" אין ווילנע (פּראַקער גאַס נומער 15). דער פאַרוואַלטער ד. קאַפּעלזאָן (טימאָפיי).

## 1907

מאַי — דער לאָנדאָנער צוזאַמענפאָר פון ר. ס. ד. אַ. פּ.

אָקטאָבער 29 — מאַסען-אַרעסטען אין ווילנע, אַרעסטירט די רעדאַקציע און קאַנטאָר פון „האָפנונג" און אַ טייל פון צ. ק.

נאָוועמבער — באַפאַלען די רעדאַקציע פון וואָכענבלאַט „מאָרגענשטערן". דאָס בלאַט פאַרמאַכט.

## 1908

מערץ — אַ באַראַטונג אין גראָדנע וועגען דער אויפלעבונג פון דער אַרבייט. אַנוועזענד געווען: אַבראַמאָוויטש, ליבער, יודין, נח, מעדעם, וויינשטיין (רחמיאל). פון צ. ק. טערמאַן (מאָהילעוו), שאַדאָווסקי לאַזאַר (ווילנע), זלאַטאָוויצקי בערל (וויטעבסק), אייזיק (גראָדנע). דיסקוסיע וועגען לעגאַלע מעגליכקייטען און נייע פאָרמען פון דער אַרבייט.

## 1910

אָקטאָבער (סוכות) — די אַכטע קאָנפערענץ פון „בונד" אין לעמבערג. אויף דער קאָנפערענץ זיינען געווען: ב. יאַבראָוו (האָמעל), ב. קאַ-צענעלסאָן (באָברויסק), מ. ראַפעס, בענצעל צאַלעוויטש (ביאַ-ליסטאָק), קאַפּלאַן (ווילנע), ליטוואַק, ערליך, סאַשאַ טשעמע-רינסקי (לאָדז), אסתר, יודין, נח, גראָסער, דוד מייער און דוא (וואַרשע), מעדעם, קאָסאָווסקי, קורסקי-פראַנק, ליבמאַן הערש, וו. שולמאַן (לאַזאַר), מיכלע פון פּינסק. אין צ. ק. זיינען אויסגעקליבען געוואָרען: יודין, נח, יונה, וויינ-שטיין און ליטוואַק.

## 1912

פעברואַר — די אידישע קאַמפּאַניע (פּראָטעסט געגען עלילת-דם). צוגע-שטעלט דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פראַקציע פון דומע אַ פּראָטעסט מיט 6000 אונטערשריפטען. די פּ. ס. ד. האָבען זיך אָפּגעזאָגט צו נעמען אַן אָנטייל אין דער קאַמפּאַניע (אַ בריוו פון צ"ק פון פּ. ס. ד. צום צ"ק פון „בונד" פון 6טען דעצעמבער, 1912).

מערץ — מאַסען-אַרעסטען אין ווילנע (ראָזענטאַל, לגו, פּעסקין, דוד איינהאָרן, משה זילבורג און אַנדערע).

אויגוסט — די 9טע קאנפערענץ פון „בונד“ אין ווין. די הויפט-פראגע איז געווען די וואלן צו דער 4טער דומע. באשטימט געווא-רען צו שליסען א בלאק מיט די פ. פ. ס. ליעוויצע. אין צ. ק. זיינען אריין: ליבער, יודין, ראפעס, גראסער און וויינשטיין. שפעטער קאאפטירט ב. מיכאלעוויטש און ה. ערליך

דעצעמבער 19 — געשטארבען פון טיפוס אין פעטערבורג בראניסלאוו גראסער.

## 1916

מאי—יוני — די בעראטונג פון „בונד“ אין כארקאוו.

## 1917

אפריל 1—6 — די 10טע קאנפערענץ פון „בונד“ אין פעטראגראד. די ער-שטע לעגאלע קאנפערענץ פון „בונד“. אין צ. ק. זיינען אריין: ליבער, אבראמאוויטש, יודין, וויינשטיין, אסתר, מעדעם, ליטוואק, קאסאווסקי, זאלאטאריאוו, ל. בערמאן, לי-ביע, ס. טשעמערינסקי, שמאי.

נאוועמבער 6 — געשטארבען משה טערמאן אין מאהילעוו (1874—1917), איינער פון די פיאנערען פון דער אידישער ארבייטער-באוועגונג.

דעצ. 15—21 — דער 8טער צוזאמענפאהר פון „בונד“ אין פעטראגראד.

## 1918

נאוועמבער — דער אנהויב פון דער שפאלטונג פון „בונד“ אויף אוקראינע. ס'האבען זיך געבילדעט צוויי ביוראען: א לינקע — מ. ראפעס, שעסקעס, פרענקעל, שמואל בערענשטיין; א רעכטע — ליטוואק, שרה פוקס, ליפעץ, ש. כהן, עטקין.

יאנואר 9 — די צענטר. אוקראינער „ראדע“ האט איינשטימיג אנגענומען דעם געזעץ וועגען נאציאנאל-פערסאנאלער אויטאנאמיע. דעם 8טען יולי האט די רעגירונג פון העטמאן סקאראפאדסקי זי אפגעשאפט. דעם 16טען דעצעמבער האט די דירעקטאריע אין וויניצע צוריק אויפגעשטעלט דעם געזעץ וועגען דער נאציאנאל-פערסאנאלער אויטאנאמיע.

## 1919

פעברואר — די שפאלטונג פון דער קיעווער ארגאניזאציע פון „בונד“. אויף דער פארזאמלונג האבען געשטימט 97 לינקע, 79 רעכטע און 11 אפגעהאלטענע.

פעברואר 18 — די שפאלטונג פון „בונד“ אויף אוקראינע (בעראטונג פון 18טען פעברואר). אויף דער בעראטונג זיינען געווען 28 דעלעגאטען. די רעכטע האבען פארגעלעגט ווארטען ביז דער 11טער קאנפערענץ.

מערץ 16—20 — די 11טע קאנפערענץ פון „בונד“ אין מינסק. אנגענומען אין פרינציפ די ראטען-מאכט. אויף דער קאנפערענץ זיינען געווען: ליטוואק, עטקין, זשעלעזניאקאוו, פוקטאר, אלטער ראמאנאוו, יאנקעל לעווין, סוועטיצקי, אסתר, וויינשטיין,

גערציק, יודין, כאַרלאַש, אַראָנסאָן, אָקון, ג. גאָרעליק, דראָב-קין, יואל נאָוויק, ברויז, נאַכימזאָן, ש. חורוויטש, ש. קלייט, נ. פּופּס, א. ווייגשטיין און אַנדערע. אין צ"ק דורך פּראָ-פּאָרציאָנעלע וואַהלען אויסגעקליבען: יודין, אַבראַמאָוויטש, ליטוואַק, סוועטיצקי, אסתר, ווייגשטיין, העניע הארעלס, יעקב לעווין, אַלטער ראַמאַנאָוו און א. נאַכימזאָן.

יוני 24 — דערטרונקען זיך אין קיעוו שרה פּוקס.

## 1920

אַפּריל 19—12 — די 12טע קאָנפערענץ פון „בונד" אין מאָסקווע. די שפּאַל-טונג פון „בונד" אין רוסלאַנד.

אויגוסט 6—7 — די שפּאַלטונג פון „בונד" אין ווילנע. 70 געגען 43 רעכטע.

אויג. 21—16 — אַ קאָנפערענץ פון ר. ס. ד. אַ. פּ. אויף אוקראַינע און אין דערזעלבער צייט אַ באַראַטונג פון „בונד".

נאָוועמבער — אַ באַראַטונג פון „בונד" אין מאָסקווע (12 דעלעגאַטען).

## 1921

מערץ 11—5 — די אויסעראָרדענטליכע קאָנפערענץ פון „קאָמבונד" אין מינסק, אויף וועלכער דער קאָמבונד האָט זיך פאַנאַנדערגע-לאָזען און איז אריינגעגאַסען געוואָרען אין ר. ק. פּ. אויף דער קאָנפערענץ זיינען בייגעווען 118 דעלעגאַטען (73 מיט באַשטימונגס-רעכט, 45 מיט באַראַטונגס-רעכט).

## 1. — די פּרעסע פון „בונד" ביז דער ערשטער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד (1905 — 1896).

## 1896

1) דער „אידישער אַרבייטער", ארויסגעגעבען אין זשענעווע—לאָנדאָן, נומ. 17—1, 1905—1896. דער ערשטער נומער איז געווען געדרוקט אין טויזענט עקזעמפּליאַרען.

## 1897

2) „אַרבייטער שטימע", דער צענטראַל-אָרגאַן פון „בונד", געדרוקט אין רוסלאַנד, נומ. 40—1, אויגוסט—סעפּטעמבער, 1905—1897. דער ער-שטער נומער 400 עקזעמפּליאַרען.

## 1898

3) „קלאַסען-קאַמף", אָרגאַן פון ווילנער קאָמיטעט, נומ. 6—1, סעפּטעמבער 1902—1898.

4) „דער וועקער" פון בערשטער-בונד, נומער 3—1, סעפּט. 1903—1908. ער-שטער פּראָפעסיאָנעלער אָרגאַן געדרוקט אין אויסלאַנד, פון נומער 9 געדרוקט אין רוסלאַנד. דער ערשטער רעדאַקטאָר איז געווען לעאָן בערנשטיין, אין רעדאַגירען די צייטונג האָבען שפּעטער גענומען אַן אָנטייל: א. ליטוואַק, ג. פרומקין, א. וויינטער, ב. מיכאַלעוויטש.

## 1899

5) „איינינגקייט", מינסק, נומער 2—1, יוני 1899.

6) „ביאַליסטאָקער אַרבייטער", ביאַליסטאָק. דער ערשטער נומער געדרוקט אין אויסלאַנד, נומער 1—7, אפריל 1899—1902.
7) „וואַרשעווער אַרבייטער", ווארשע, נומער 1—21, יולי 1899—1905.

**1900**

8) „מינסקער אַרבייטער", מינסק, נומער 1—10, דעצעמבער 1900—1905.
9) „קאַמף", האַמעל, נומער 2, אויך אין רוסיש, נומער 1, סעפט. 1900.
10) „מינסקער פלוגבלאַט", מינסק, ערשטער נומער אין סעפטעמבער 1900.
11) „פינסקער פלוגבלאַט" (העקטאָגראַפירט), נומער 1—2, 1900.

**1901**

12) „פריוואַטהייטס-גלאָק", לאָדז, נומער 1—3, סעפטעמבער 1901—1903.
13) „דער אַרבייטער", פאַניעוועזש, נומער 1 נאָוועמבער 1901.
14) „גראָדנער פלוגבלאַט", גראָדנע. ערשטער נומער יאנואר 1901.

**1902**

15) „פאָסליעדניאַ איזוועסטיאַ" (רוסיש). ארויסגעגעבען פון אויסלענדישען קאָמיטעט, לאָנדאָן—זשענעוואַ, נומער 1—256, 1905—1902.
16) „ווילנער פלוגבלאַט". דער ערשטער נומער סעפטעמבער 1902.
17) „לאָדזער פלוגבלאַט". דער ערשטער נומער אַפריל 1902.
18) „דווינסקער פלוגבלאַט". דער ערשטער נומער פעברואַר 1902.
19) „קאָוונער פלוגבלאַט". דער ערשטער נומער סעפטעמבער 1902.

**1903**

20) „ביאַליסטאָקער פלוגבלאַט". דער ערשטער נומער יאַנואר 1903.
21) „וויטעבסקער פלוגבלאַט". דער ערשטער נומער יאנואַר 1903.
22) „בערדיטשעווער פלוגבלאַט". דער ערשטער נומער יולי 1903.
23) „האָראָדאָקער פלוגבלאַט".
24) „פלוגבלאַט פון פוילישען בערשטער-ראַיאָן", 1903.

**1904**

25) „דער בונד" — פאָפולערער אָרגאַן, ארויסגעגעבען פון צ. ק. פון „בונד". דער ערשטער נומער איז געווען געדרוקט אין 6000 עקזעמפּליאַרען, דער לעצטער אין 30 טויזענט עקז. נום. 1—12, יאנואר 1904—אָקט. 1905.
26) „וויעסטניק בונדאַ" (רוסיש), געדרוקט אין אויסלאַנד, נומער 1—5, 1904—1905.
27) „גלאָס בונדו" (פויליש), געדרוקט אין אויסלאַנד, נומ. 1—4, מאַי 1904—1905.
28) „שאַוולער פלוגבלאַט". דער ערשטער נומער יאַנואַר 1904.

**1905**

29) „לעצטע פאַסירונגען", ארויסגעגעבען פון אויסלענד. קאָמ., זשענעוואַ, נומער 1—26.

## 2. — די פרעסע פון „בונד" פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע ביז דער צווייטער (1905 — 1917).

**1905**

30) „דער וועקער", ערשטער לעגאַלער אָרגאַן, ווילנע. דער ערשטער נומער איז געווען געדרוקט אין 45,000 עקז. נום. 1—33, 25 דעצ. 1905—1906.
31) „יעווריייסקי ראַבאָטשי" (רוסיש), פעטראָגראַד. נומער 1, דעצ. 1905.

## 1906

32) „די נייע וועלט", ווילנע. נומער 1 פעברואַר.

33) „פאָלקסצייטונג", ווילנע. ארויסגעגעבען אַנשטאָט דעם פארמאַכטען „וועקער", נומער 1—434. 19 פעברואַר 1906—19 סעפּטעמבער 1907.

34) „נאַשע סלאָוואָ" (רוסיש), וואָכענבלאַט. נומער 1—9, 1906.

35) „נאַשאַ טריבונאַ" (רוסיש), ווילנע. די רעדאַקציע האָט זיך צוליב פּאָליציייאישע באַדינגונגען אַריבערגעפיהרט קיין קאָוונע; מעדעם, יודין, פ. באַגראָוו. נומער 1—12, 13 דעצעמבער 1906—1907.

36) „דער גלאָק", וואַרשע (אומלעגאַל), נומער 1—3, סעפּטעמבער—יולי.

## 1907

37) „דער טאָג", ווילנע, נומען 1, סעפּטעמבער.

38) „די האָפנונג", ווילנע, פון 1 נאָוועמבער האָט די „האָפנונג" געדאַרפט ארויסגעגעבען ווערען ווי אַ קאָפּיקענע צייטונג, אין דער רעדאַקציע פון דער נייער צייטונג זיינען אריין: ליטוואַק, מעדעם, אסתר, דעם 29טען אָקטאָבער איז די „האָפנונג" פאַרמאַכט געוואָרען און אַ גרויסער טייל פון דער רעדאַקציע און קאָנטאָר זיינען אַרעסטירט געוואָרען. נומער 1—42, 2 סעפּטעמבער—2 אָקטאָבער.

39) „דער מאָרגענשטערן", ווילנע, נומער 1—3, 16—30 נאָוועמבער. אין רעדאַקציע: מעדעם, יודין, ווייטער, באַגראָוו.

40) „נאַשע האָסלאָ" (פּויליש), אומלעגאַל. נומער 1—2.

## 1908 — 1909

41) „די שטימע פון בונד", אומלעגאַל, נומער 1—4, 1908—1911.

42) „אָטקליקי בונדאָ" (רוסיש), נומער 1—5, 1909—1911.

## 1910

43) „וואַרשעווער פלוגבלאַט", ארויסגעגעבען פון וואַרשעווער קאָמיטעט פון „בונד" (אומלעגאַל, געדרוקט אין לאָדז).

## 1911

44) „פאָלקס-שטימע", אַ זאַמעלבוך, וואַרשע, נומער 1—2.

45) „די נייע שטימע", ווילנע, נומער 1—3, פעברואַר—מערץ.

## 1912

46) „לעבענס-פראַגען", וואַרשע, אַ וואָכענבלאַט. אין רעדאַקציע, וועלכע איז געזעסען אין וויען, זיינען אַריין: מעדעם, ליטוואַק, אַבראַמאָוויטש, גראָסער, שפּעטער אַלגין. נומער 1—2. אויפ'ן צווייטען נומער איז די צייטונג פאַרמאַכט געוואָרען, אַ טייל פון דער אַדמיניסטראַציע אַרעסטירט. 8—18טען מאַי.

47) „צייט", פּעטראָגראַד. אַ וואָכענבלאַט. איין רעדאַקציע איז געווען אין ווין: מעדעם, ליטוואַק, אַבראַמאָוויטש, אַלגין; די צווייטע אין פּעטראָגראַד: ערליך, זאַסלאַווסקי און מיכאַלעוויטש. נומער 1—60, 20 דעצ. 1912—5 יולי 1914.

48) „דער שניידער", זאַמעל-ביכער, ווילנע, נומער 1—2.

49) „דאָס אידישע פאָלק", אָדעס, נומער 1—3.

50) „די אידישע פאָלקס-שטימע", נומער 1.

51) „אינפאָרמאַציאָנס-בלאַט" (אומלעגאַל), ארויסגעגעבען פון צ. ק. נומער 1 סעפּטעמבער.

## 1913

52) „די נאָדעל", זאַמעל-בוך, ווילנע, נומער 1.

53) „דער שניידער", ווילנע. רעדאַקטאָר לאַזאַר לאַנצמאַן (געשטאָרבען). נום. 1—7, 1913—1914.

## 1914

54) „אונזער צייט", פעטראָגראַד, 2 מאָל אַ וואָך, ארויסגעגעבען אַנשטאָט דער „צייט", נומער 1—7, 24 יוני—17 יולי.

55) „אינפאָרמאַציאָנס-בלעטעל" (אין רוסיש און אידיש) פון אויסלענדישען קאָמ. פון „בונד" און צ. ק. פון די אויסלענדישע גרופען, נומער 1—11, 1914—1916.

## 1916

56) „יעווריייסקיאַ וויעסטי" (רוסיש), פעטראָגראַד. ארויסגעגעבען פון ד. זאַסלאַווסקי און וו. קאָנטאָראָוויטש, בישט קיין אָפיציעלער בונדישער אָרגאַן. נומער 1—7, 9 אָקטאָבער 1916—16 פעברואַר 1917.

## 3. — די צווייטע רוסישע רעוואָלוציע.

## 1917

57) „ארבייטער שטימע", פעטראָגראַד. צענטראַלער אָרגאַן פון „בונד", נומער 1—51, 24 מערץ—8 נאָוועמבער.

58) „דער וועקער", מינסק. פון יוני אָן אַ טעגליכע צייטונג פאַר צפון-מערב'דיגען קאַנט, פון ערשטען יאַנואַר 1918 צענטראל אָרגאַן פון „בונד". צוליב פאַרשיידענע איבערקערענישען איז „דער וועקער" עטליכע מאָל אָפגעשטעלט געוואָרען און אַריבערגעטראָגען אין אַנדערע שטעדט (האָמעל, מאָסקווע און ווידער מינסק). אין פאַרשיידענע צייטען זיינען אין דער רעדאַקציע געווען: א. וויינשטיין, אסתר, ליטוואַק, וויינרייך, א. קירזש-ניץ, ב. סוועטיצקי. דער לעצטער נומער ווי אַ בונדישע צייטונג איז „דער וועקער" ארויס סוף מערץ 1921. נום. 1—173, 17 מאַי 1917—מערץ 1921.

59) „פאָלקס-צייטונג", קיעוו. פון 7טען נומער אַ טעגליכע צייטונג פאַר דרום-רוסלאַנד. אין דער רעדאַקציע זיינען געווען אין פאַרשיידענע צייטען: מ. ראַפעס, א. ליטוואַק און ש. עפשטיין. נום 1—268, 8 אויגוסט 1917—21 פעברואַר 1919; פון 22 פעברואַר (נום. 269) 1919 — אָרגאַן פון אַלגעמיינעם אידישען קאָמיטעט פון ארבייטער-בונד

60) „דער אינטערנאַציאָנאַל", יעקאַטערינאסלאַוו. אָרגאַן פון ראַיאָנעם קאָמ. פון „בונד" פאַר יעקאַטערינאָסלאַווער, כאַרקאָווער, טאַורישער און דאָנער געגענט. א וואָכענבלאַט. נום. 1—17, אויגוסט 1917—יוני, 1918.

61) „דאָס פראָפעסיאָנעלע לעבען", פעטראָגראַד. פראָפעסיאָנעלער אָרגאַן ארויס-געגעבען פון דער פראָפעסיאָנעלער קאָמיסיע ביים צ. ק. פון „בונד". די ערשטע צוויי נומערען זיינען ארויס ווי אַ ביילאַגע צו דער „ארבייטער שטימע (נום. 11—12, 18—19), פון נומער 3 א וואָכענבלאַט, 20 יולי נום. 1—16, 12 מאַי—10 אָקטאָבער.

62) „גאָלאָס בונדאַ" (רוסיש), פעטראָגראַד. נום. 1—8, 8 אויגוסט—15 אָקט.

63) „נאַשע סלאָוואָ" (רוסיש), כאַרקאָוו. פון נומער 5 אַריבערגעטראָגען אין יעקאַטערינאָסלאַוו. אָרגאַן פון ראַיאָנעם קאָמיטעט פאַר יעקאַטערינאָסלאָ-

ווער, כאַרקאָווער, טאַווריטשער און דאָנער געגענט. נומער 1—8, 8 יוני 1917—12 יאנואר 1918.

64) „נאַש גאָלאָס" (רוסיש), אָדעס. רעדאַקטאָר ג. לוריע. נומער 1—9, 8 יוני—22 אויגוסט.

65) „די נאַכריכטען פון כאַרקאָווער קאָמיטעט פון „בונד", כאַרקאָוו. נומער 1—4, 30 אַפּריל—29 יוני.

66) „זשיטאָמירער אַרבייטער-בלאַט", זשיטאָמיר. אָרגאַן פון זשיטאָמירער קאָמ. פון „בונד", נומער 1—2, 5 יולי—30 יולי.

67) „די שטימע פון בונד", מאָסקווע. אָרגאַן פון מאָסקווער קאָמיטעט, נומער 1 דעם 24 מערץ.

68) „דער אידישער אַרבייטער", ארויסגעגעבען פון באָריסאָגליעבסקער קאָמ. פון „בונד" (העקטאָגראַפירט), נומער 1 אַפּריל.

69) „סיבירסקי וויעסטניק בונדאַ", טאָמסק. אָרגאַן פון סיבירער געגענט-קאָמיטעט. רעד. ד. ראָזענבערג, נומער 1—7, סעפּטעמבער 1917— יאנואר 1918

70) „איזוועסטיאַ קאָנאָטאָפּסקאַ אָרג. בונדאַ", קאָנאָטאָפּ, נומער 1.

## 1918

71) „אונזער צייט", ריגע. אָרגאַן פון ראַיאָנ. קאָמיטעט פון „בונד" פאַר לעטלאַנד. רעד. מ. דאנסקא, נומער 1—2, 25 דעצ. 1918—15 מערץ 1919.

72) „די האָפנונג", מאָסקווע. אָרגאַן פון הויפּט-קאָמיטעט פון „בונד" פאַר גרויס-רוסלאַנד. רעדאַקטאָר ר. רײַן, אין רעדאַקציע: אַבראַמאָוויטש, רובין, הייליקמאַן. נומער 1—5, 10 אויגוסט—19 דעצעמבער.

73) „די צוקונפט", מאָסקווע, זאַמעלבוך, ארויסגעגעבען פון מאָסקווער און ראַיאָנער קאָמ. פון „בונד". נומער 1—4. 1 אַפּריל—5 יוני.

74) „דער גלאָק", אָדעס. אָרגאַן פון אָדעסער קאָמיטעט פון „בונד", ערשיינט שבת, רעד: ג. לוריע, ל. בערמאַן. נומער 1—2, 26 מערץ—7 אַפּריל.

75) „אונזער שטימע", ווילנע. רעד. ר. עפּשטיין. אָרגאַן פון „בונד" פאַר ליטע. נומער 1—99, 5 דעצעמבער 1918—18 אַפּריל 1919.

76) „יעווריייסקי ראַבאָטשי" (רוסיש). אָפיציעלער רעדאַקטאָר ב. כהן, פּעטראָגראַד. אָרגאַן פון פּעטראָגראַדער קאָמיטעט. אין רעדאַקציע זיינען געווען: ד. זאַסלאַווסקי, וו. קאָנטאָראָוויטש, ווירגילי. נומער 1—10, 15 מאַי—31 יולי

77) „ראַבאָטשי פּאָניעדעלניק", אָדעס. וואָכענבלאַט, נומער 1—26.

78) „ביולעטין פון האָמלער קאָמיטעט פון בונד און די ר. ס. ד. אַ. פּ." (רוסיש), האָמעל. נומער 1 דעם 16 דעצעמבער.

79) „דער וואָלגער אַרבייטער" סאַראַטאָוו, אָרגאַן פון וואָלגע ראַיאָן-קאָמיטעט פון „בונד", נומער 1—4, 25 מאַי—17 יולי.

## 1919

80) „צייט פראַגען", קיעוו. רעד. א. ליטוואַק. אַ בונדישע וואָכענבלאַט. נומער 1 דעם 10טען פעברואַר

81) „פרייהייט", קיעוו. רעד. ב. ספּיוואַק. נומער 1, 10 מערץ.

82) „ראַבאָטשי גאָלאָס" (רוסיש), האָמעל. אַ וואָכענבלאַט. יוני 1919—אַפּריל 1920.

83) „פאָלקס-צייטונג”, אָרגאַן פון „בונד” אויף אוקראַינע, קיעוו. נומער 1, 27 דעצעמבער. רעד. א. ליטוואַק.

## 1920

84) „די האָפנונג”, קיעוו. רעד. א. ליטוואַק. נומער 1 מערץ.

85) „אונזער שטימע”, ווילנע. ערשינען נאָך דער שפּאַלטונג. נומער 103—100, 13 אויגוסט—25 אויגוסט.

86) „נייע צייט”, אַ וואָכענבלאַט פאַר אידישע אַרבייטער אין ליטע, קאָוונע. רעד. ז. קאַלאַדני. נומער 1 — 2טען יולי.

87) „דאָס פרייע וואָרט”, אַ וואָכענבלאַט. געזעלשאַפטליך-ליטעראַרישע צייטונג, ווילנע. רעד. ז. דינמאַן. נום. 1—29, נאָוו. 1920—24 סעפּט., 1921 ; פון נומער 11 אָן אַרבייטער-צייטונג

## 1921

88) „אונזער טריבונע”, איינמאָליגע אויסגאַבע. רעד. ל. וויינשטיין. 31 דעצעמבער.

## 1922

89) „אונזער צייט”, ווילנע, וואָכענבלאַט. רעד. ר. עפּשטיין. נום. 1—24, 14 יאַנואַר—30 יוני.

90) „צייט-פראַגען”, ווילנע. אַרבייטער-בלאַט וואָכענשריפט. רעד. ל. וויינשטיין. נומער 1—12, 15 יולי.

91) „אַרבייטער-בלאַט”, ווילנע. וואָכענשריפט. נומער 1—11.

92) „אונזער געדאַנק”.

# 1. קולטורעלער, עקאָנאָמישער און געזעלשאַפט־ליכער לעבען.

## הירש אַבראַמאָוויטש.

### ווילנע די נאַציאָנאַליטעטען-שטאָט.



ווילנע איז איינע פון די מערקווירדיגסטע שטעט אויף דער וועלט אין פּרט פון נאַציאָנאַ־לען כאַראַקטער. פיר, אדער אפשר גאַנצע פינף, נאַציאָנאַליטעטען האַלטען איהר פאַר זייער קול־טורעלען, גייסטיגען צענטער און צומאָל אויך פאַר זייער הויפּטשטאָט.

דאָ האָט זיך געשאַפען צייט יאָרהונדערטער א ישוב, אין וועלכען עס זיינען פּאַרטראָטען פּאָליאַקען, אידען, ליטווינער, ווייס־רוסען און רוסען. און אויב מען זאָל נאָך צורעכענען אהער די קאַראַאימער, טאַטאַרען און דייטשען, האָבען מיר דאָ גאַנצע 8 נאַציאָנאַליטעטען. די לעצטע 3 זיינען אויך ניט פאַראיינצעלט, נאָר האָבען דאָ היס־טאָרישע ישובים. ביי די קאַראַאימער איז דאָ פאַראַן א קענאַסע (כנסה), א שול. די טאַטאַרען האָבען א מאָשעע (מעטשעט), די דייטשען — א פּאָר עוואַנגעלישע קירכען און אַן אַנפאַנגס־שול.

די דריי נאַציאָנאַליטעטען שפּילען אָבער ניט קיין גרויסע ראָלע אין לעבען פון ווילנע. זיי האָבען ניט קיין שום אַספּיראַציעס אויפ'ן באָדען פון ווילנע. דעריבער קענען זיי ניט קומען אין באַטראַכט אַלס ווירקענדער פאַקטאָר אין שטאָטישען לעבען פון ירושלים דליטא.

מען קען זאָגען, אַז ביז לאַנג ניט האָט ווילנע א דאַנק אפשר איהר עטנישער בונטקייט, געגעבען א מוסטער פון פרידליכען צוזאַמענלעבען פון פעלקער אויך אין באַגרעניצטער טעריטאָריע. ביז דער מלחמה זיינען דאָ די נאַציאָנאַלע אַנטאַגאָניזמען געווען זעהר שוואַך. אין שכנות האָט מען געלעבט, און ווי שכנים — אַמאָל ער־גער, אמאָל בעסער — איינע צו די אַנדערע זיך באַצויגען.

זיינען אָבער אָנגעקומען אויף דער וועלט נאַציאָנאַליסטישע צייַ־טען און דער שלום בית איז גאַנץ באַדייטענד צושטערט געוואָרען.

אָבער דאָך זיינען אַפילו איצט אין ווילנע ספּעציפישע באַציאונ־גען ניט אַזעלכע פאַרשאַרפטע ווי ערגעץ אַנדערשוואו. ווי פיינד־ליך מען זאָל ניט זיין געשטימט איינער צום אַנדערען, מוז דאָך יעדע עטנישע גרופּע איינזעהן ביי איהרע אַנטאַגאָניסטען פון א צווייטער גרופּע א גרויסע קולטורעלע ארבייט, וואס ווערט דאָ גע־טאָן אויפ'ן נאַציאָנאַלען באָדען. זי זעהט אויך קאָמפּאַקטע מאַסען פון דער אָדער יענער נאַציאָנאַליטעט. און ווילענדיג ניט ווילענדיג, מוז מען פאר אַזעלכע זאכען קריגען דרך ארץ.

פּאָליאַקען זיינען דאָ ניט נאָר באַלעבאַטים. זיי ציהען דאָ פון דורות לאנג זייער קולטור, ליטעראַטור. אמת, ביז'ן 19טען יאָרהונ־דערט איז עס געווען א ריין קלעריקאַלע קולטור. אָבער שוין אין אָנהויב פון 19טען יאָרהונדערט האָבען זיי דאָ די געניאַלע פּאָעטען אדאם מיצקעוויטש, סלאָוואַצקי, סיראָקאָמלאָ. מיט הונדערטער יאָה־רען צוריק האָבען זיי שוין דאָ געהאַט אַן אוניווערזיטעט, וועל־כען ס'האָט געגרינדעט דער קעניג סטעפאַן באַטארי. זיי האָבען דאָ קלויסטערס, וועלכע צייכענען זיך אויס מיט זייער ארכיטעק־טור און אויסשטאַטונג. צום ביישפּיל, דער אַנטאָקאָלער קלויסטער פון הייליגען פּעטער איז אינעווייניג איינער פון די מערקווירדיגסטע דענקמעלער פון דער רענעסאַנס עפּאָכע, מיט וואונדערבארע אָר־נאַמענטיק און סקולפּטורען. דער בערנאַרדינער קלויסטער איז אַזוי אויסגעהאַלטען אין גאָטישען סטיל דאָס זעלטען וואו קען מען געפינען אַזעלכע ריינע מוסטערען פון דער דאָזיגער מיטעלאַלטערליכער ארכי־טעקטור.

נאַפּאָלעאָן דער ערשטער, זייענדיג אין ווילנע, האָט זיך גע־וואונשען צו האָבען דעם בערנאַרדינער קלויסטער אין פּאַריז. איצ־טער זיינען אין ווילנע דאָ אויסער'ן אוניווערזיטעט, וועלכער צעהלט העכער 3 טויזענד סטודענטען, אויך א הויך־שול פאר פּאָליטישע וויסענשאַפטען (אינסטיטוט צו פאָרשען מזרח־אייראָפּע) און א האַנ־דעלס־אינסטיטוט. די פּאָליאַקען האָבען דאָ א רייהע וויסענשאַפט־ליכע געזעלשאַפטען. איינע פון זיי האָט א מוזיי פון אַלטערטימ־ליכקייטען און א בילדער גאַלעריי, פאר וועלכע עס איז אויסגעבויט א ספּעציעלער בנין לעבען גרינעם בריק. אין ווילנע געהען ארויס 8—9 טעגליכע פּוילישע צייטונגען און אַזוי פיל פאַרשידענע חודש־דיגע און וועכענטליכע זשורנאַלען, וועלכע טראָגען א פּאָליטישען, געזעלשאַפטליכען אָדער וויסענשאַפטליכען כאַראַקטער. די פּוילישע שרייבער זיינען פאַראייניגט אין א פאַרבאַנד, וואָס אָרדענט איין יעדע וואָך פאר זיינע מיטגלידער און סימפּאַטיקער רעפעראַטען. דער פאַרבאַנד איז עטליכע מאָל אריין אין קאָנטאַקט מיט אידישע שריי־

בער. ס'זיינען אפילו פאָרגעקומען עטליכע געמיינזאַמע צוזאַמענטרעפן. צו קיין דערנענטערונג איז אָבער ניט געקומען.

די ליטווינער זיינען דאָ לפי ערך ניט גרויס אין צאָל (אַ פּאָר טויזענד), אָבער זיי האַלטן, אַז נאָר זיי זיינען די אמת'ע באַלעבאַטים פון ווילנע, וועלכע האָט, לויט דער לעגענדע, געגרינדעט דער גרויספירשט געדימין. פון דאַנען האָבן די ליטווישע גרויספירשטן פאַרשפּרייט זייער הערשאַפט איבער אַ גרויסן טייל פון די איצטיגע פּוילען און רוסלאַנד, שאַפענדיג אויף דעם באַסיין פון נעמאַן און ווילִיע אַ מעכטיגע מלוכה, דעם גרויספירשטנטום ליטע. און נאָך דער „פאַרראַט" פון גרויספירשט יאַגעלאָ, וועלכער האָט חתונה געהאַט מיט דער פּוילישער קעניגין יאַדוויגאַ, האָט אָפּגעשטעלט די עקספּאַנסיע פון ליטע אויף מערב, דרום און מזרח. די הויפּטשטאָט איז אויף אַזאַ אופן אריבערגעטראָגן געוואָרן קיין קראָקע, שפּעטער קיין וואַרשע. אָבער דאָך איז ווילנע געבליבן נאָך דער צענטער פון דער ליטווישער אַריסטאָקראַטיע, פון דער ליטווישער שפּראַך. עטוואַס שפּעטער איז דער „ליטוויניזם" פון ווילנע אָפּגעשוואַכט געוואָרן. די אַריסטאָקראַטיע האָט זיך פּאָלאָניזירט (די פירשטן ראַדזיוויל, געדראַיץ א. אַ.). דער קאַטאָליציזם, וועלכן די ליטווינער האָבן אָנגענומען, האָט געשטויסן די מאַסן צום פּוילישן קלער, וועלכער האָט געפּרובט דענאַציאָנאַליזירן די ליטווינער. אָבער אין סוף פון 19טן יאָרהונדערט דערוועקט זיך ביי אַ טייל פון דער ליטווישער אינטעליגענץ דאָס ביינקשאַפט נאָך דער אייגענער שפּראַך, געשיכטע, קולטור, לעבענסשטייגער. אין ווילנע ווערן געגרינדעט געהיימע קרייזלעך מיט דעם דר. באַסאַנאָוויטש בראש. שפּעטער ווערט באַסאַנאָוויטש, וועלכער האָט שטענדיג געוואוינט אין ווילנע, פאַררעכנט אַלס דער פּאַטריאַרך פון דער נייער ליטווישער באַוועגונג, וואָס האָט געבראַכט צו אַ רעסטאַווּרירונג פון ליטע אַלס מלוכה.

נאָכ'ן 1905-טען יאָהר, ווען עס זיינען פּראָקלאַמירט געוואָרן אין רוסלאַנד געוויסע פרייהייטען, הויבן אָן אין ווילנע צו דערשיינען ליטווישע צייטונגען, זשורנאַלען, ביכער. דאָ וואוינען ליטווישע דיכטער, שרייבער, קינסטלער. ס'ווערט צווישן אַנדערע געעפענט אַ מוזיי וועלכער געהערט צו דער ליטווישער וויסענשאַפטליכער געזעלשאַפט (פּאָרזיצער באַסאַנאָוויטש). ס'גרינדען זיך אַ רייהע ליטווישע אָרגאַניזאַציעס (פּאָליטישע, קולטורעלע, געזעלשאַפטליכע א. אַ.).

צום סוף פון דער דייטשער אָקופּאַציע עפענט זיך אין ווילנע די ליטווישע טאַריבע (אַ כמו פּאַרלאַמענט), וועלכע פּראָקלאַמירט די אומאָפּהענגיגקייט פון ליטע מיט ווילנע אַלס הויפּטשטאָט. אַלעמען איז באַקאַנט די ווייטערדיגע געשיכטע פון ווילנע, וועלכע איז

אריבער אין פוילישע הענט. אָבער דאָך האַלטען זיך דאָ די ליט־וויגער פעסט. זיי גיבען ניט אויף די האָפענונג אז סוף כל סוף וועט ווילנע געהערען צו זיי און די היסטאָרישע רעכט זייערע אויף ווילנע, וואו עד היום זיינען נאָך אויפ'ן שלאָסבארג דאָ די רעשטען פון די גרויספירשטליכע פאַלאַצען (מיט'ן באַרימטען טורעם פון וועלכען די פוילישע מאכט האָט אַרונטערגענומען דעם אכטקאַנטיגען קאַפּטור, געפינענדיג אז דאָס איז אַ „מאָסקווער" צוגאָב) — וועלען צוריק־געשטעלט ווערען. די ליטווינער האָבען דאָ אַ ספּעציעלען ליטווישען קאָמיטעט, וואָס איז ניט אָפיציעל דער ליטווישער קאָנסולאַט. ער פאַרמיטעלט אין געוויסע פאַלען ביי דער קאָוונער רעגירונג ביים באַקומען אַן ערלויבעניש פאַר אַ פוילישען בירגער צו פאָהרען קיין ליטע, וועלכע איז פאַרשלאָסען כמעט מיט 7 שלעסער פאַר אַ פּאַר־זער מיט פוילען. זיי האָבען אין ווילנע אַ גימנאַזיע, עטליכע שולען, וואָוילטעטיגע געזעלשאַפטען, ביבליאָטעקען. ס'געהען אַרויס עטליכע ליטווישע צייטונגען (ניט קיין טעגליכע) און אַ פּאָר ספּעציעלע זשור־נאַלען. די קאָוונער ליטווינער מיט דער ליטווישער רעגירונג גיבען צו אַ גרויסע באַדייטונג דעם ווילנער ליטווישען ישוב און זעהען איהם צו שטיצען. די קאָוונער רעגירונג ענטזאָגט זיך ניט אפילו אויף איין מאָמענט פון ווילנע, וועלכע איז באַצייכענט אין דער ליט־ווישער קאָנסטיטוציע אַלס די הויפּטשטאָט פון ליטע.

די ווייס־רוסען האָבען דאָ זייערע אַספּיראַציעס. פון ווילנע (און עטוואָס שפּעטער אויך פון מינסק) האָט זיך אין די לעצטע פיר־צענדליג יאָהר אָנגעהויבען די מאָדערנע ווייס־רוסישע באַוועגונג. די גרעסטע טייל פון דער אַרומיגער באַפעלקערונג אין געגענד (ווילנער, נאָוואָגראָדקער און ביאַלאסטאָקער גובערניעס [וואָיעוואָדסטוועס]) באַשטעהט פון ווייס־רוסען, וועלכע זיינען גאַנצע יאָרהונדערטען גע־וואָרען פּאָלאָניזירט אָדער רוסיפיצירט. אָבער דאָך האָט זיך ניט געקענט אויסוואָרצלען דער ווייס־רוסישער פאָלקס־עלעמענט, וועלכען די ניי־ענטשטאַנענע ווייס־רוסישע אינטעליגענץ רעסטאַווירט.

פון ווילנע זיינען אַרויס די לאָזונגען צום דאָרף, „צוריק צום ווייס־רוסענטום". מען האָט אָנגעהויבען צוריק צו פּלעגען די ווייס־רוסישע שפּראַך, וועלכע איז געווען פאַרהאַסט אַלס „פּויערים־שפּראַך". מען האָט אין ווילנע געגרינדעט פאַרלאַגען, דרוקערייען, צייטונגען. מען האָט אַרויסגעגעבען לערן־ביכער. דאָ געפינען זיך אַלע פּאָליטישע גרופּירונגען פון דער ווייס־רוסישער באַוועגונג.

די ווייס־רוסען האָבען דאָ אַ גימנאַזיע, אַ סעמינאַר, אַ וויסענ־שאַפטליכע געזעלשאַפט מיט אַ מוזיי און אַז. וו. די ווייס־רוסען האַל־טען, אַז היסטאָריש איז ווילנע געווען פון 15טען יאָרהונדערט אָן אַ ווייס־רוסישע שטאָט. דער באַרימטער קאָדעקס דער „ליטווישער

סטאַטוט" פון 16טען יאָרהונדערט, איז געשריבען אין דער ווייס־רוסישער שפּראַך. דאָס דינט, לויט די ווייס־רוסישע היסטאָריקער, אַלס באַווייז, אַז ווילנע איז געווען די הויפּטשטאָט פון אַ ווייסרוסיש־ליטווישער מלוכה.

אין ווילנע גיבען אַרויס די ווייס־רוסען ציַיטונגען (וועכענטליכע זשורנאַלען א. אַז. וו.).

ביז דער מלחמה האָבען דאָ די רוסען געוועלטיגט אומבאַגרעניצט און זייערע שפּורען פיהלען זיך נאָך אפילו איצט אויך. די אָרטיגע שפּראַכען האָבען אַריינגענומען אין זיך אַפּוּלע רוסיציזמען. די עלטערע טייל פון דער אידישער אינטעליגענץ באַנוצט נאָך אויך איצט די רוסישע שפּראַך. עד היום וואוינען נאָך אין ווילנע עטליכע טויזענד רוסען. זיי האָבען דאָ זייער רעליגיעזען צענטער מיט אַן אַרציביסקופּ בראש. עס געהט נאָך דאָ אַרויס אַ רוסישע ציַיטונג. אָבער קיין שום השפּעה אויף דעם אָרטיגען לעבען האָבען זיי שוין כמעט ניט. אויסערליך לאָזען זיי זיך שטאַרק פּאָלאָניזירען.

און אָט צווישען דעם פּעקעל פעלקער וואוינען, וואו אין קאָמפּאַקטע מאַסען און וואו פּאַראיינצעלט, די אידען פון ווילנע. די אידען, וועלכע בילדען דעם קערן פון דעם אַזוינערופענעם ליטווישען אידענטום, — דער אידענטום, וועלכער איז פאַרשפּרייט כמעט איבער דער גאַנצער וועלט און וועלכער איז אומעטום דער הייוועז פון דער אידישער געזעלשאַפטליכקייט. ניט אומזיסט טראָגט ווילנע דעם בכבוד'יגען נאָמען פון ירושלים דליטא. אַזא שטאָט, פון וועלכער „ס'געהט אַרויס תורה" (תצא תורה), סיי די אַלטע, וואָס האָט קאָנסערווירט, סיי די נייע וואָס רעקאָנסטרואירט דעם אידענטום.

די גרויסע רבנים פון 18טען און 19טען יאָרהונדערט, מיט דעם ווילנער גאון בראש (ר' פּייוול אַשכּנזי, ר' שבתי בר' מאיר הכהן־ש"ך, ר' משה ריווקעס, ר' אבעלע פּאָסלאַווער, ר' אברהם דאַנציגער — מחבר פון „חיי אָדם", ר' ישראל סאַלאַנטער און פיל אַנדערע) האָבען געמאַכט באַריהמט ווילנע אין דער תלמודישער וועלט, אַלס אָרט פון תורה און חכמה. שפּעטער אביסעל וועדט ווילנע דער צענטער פון השכלה. מרדכי אהרן גינצבורג, י. ל. לעוואַנדע, יהושע שטיינבערג, מ. פּלונגיאַן, שמואל יוסף פין, קלמן שולמאַן, מתתיהו סטראַשון, בערל מיכאַלישקער, זיין זוהן מיכה יוסף לעבענסאָן און אַפּוּלע אַנדערע זיינען געווען די אַדעפּטען פון דער השכלה, וועלכע האָט זיך פון ווילנע פאַרשפּרייט איבער אַלע אַרומיגע שטעט און שטעטלאַך. ווילנע ווערט אויך אַ צענטער פאַר חבת ציון, שפּעטער — פאַר'ן ציוניזם. דאָ האָבען זיך געפונען די גרעסטע אידישע דרוקערייען מיט די באַרימטע „בית הדפוס של האלמנה והאחים

ראם", וועלכע ליווערט נאָך עד היום רעליגיעזע ליטעראַטור פאַר דער גאַנצער וועלט.

ווילנע האָט אבער אויך די ערשטע פּראָקלאַמירט דאָס רעכט פון אידיש. אין ווילנע זיינען ארויסגעגעבען געוואָרען די גרעסטע צאָל מעשה־ביכלעך. א. מ. דיק האָט אָנגעהויבען כמעט דער ערשטער צוגעוואוינען דאָס פאָלק צו לייענען אידיש.

אין די 90־ער יאָהרען ווערט ווילנע דאָס ווינקעלע פון דער ארבייטער באַוועגונג. דאָ ווערט געגרינדעט דער אידישער אַר־בייטער „בונד", וועלכער צוואַוואַקסט זיך אַזוי מעכטיג אין אָנהויב פון 20טען יאָרהונדערט און שפּילט אַזאַ קאָלאָסאַלע ראָלע אין דער געשיכטע פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג פון רוסלאַנד. ווילנע ווערט אין דער צייט פון מלחמה און אָקופּאַציע דער ערשטער צענ־טער פאַר דעם אידישען און העברעאישען שול־וועזען. ווילנע האָט אַזעלכע אנשטאַלטען פון אַלוועלטליכער באַדייטונג ווי די סטראַשון־ביבליאָטעק, אידישער וויסענשאַפטליכער אינסטיטוט (ייוואָ), היסטאָ־ריש עטנאָגראַפישער מוזיי אויפ'ן נאָמען פון ש. אנ—סקי, א רייהע סעמינאַרען, פּראָפעסיאָנעלע שולען (טעכניקום, הילף דורך ארבייט), אידישע, העברייאישע און רעליגיעזע גימנאַזיעס און שולען (ישיבות). די אַלע זאַכען דינען פאַר מוסטערען אין אַנדערע שטעט. מיר קע־נען דאָ ניט אויסרעכענען אַלץ, וואָס די אידישע ווילנע פאַרמאָגט און קען באמת שטאָלצירען.

און דעריבער איז טאַקע ווילנע טייער פאַר יעדער נאַציאָנאַ־ליטעט וואָס וואוינט דאָ. יעדערע פון זיי האָט זיך מיט וואָס צו באַווייזען, מיט וואָס צו באַריהמען, און וואָלט אויף דעם באָדען פון קולטורעלע ווערטען פאָרגעקומען א דערנענטערונג און א קאָנ־טאַקט צווישען די פיגף פעלקער, וואָלט מסתמא ניט געווען קיין האַס און קיין שנאה, ס'וואָלט געווען אַן אַלגעמיינע באַרייכערונג פון דער מענשליכער קולטור. אַזאַ נאַציאָנאַליטעטען־שטאָט ווי ווילנע וואָלט עס אַמבעסטען געדאַרפט באַווייזען דער וועלט.

## חייקל לונסקי.

# די שטראַשון ביבליאָטעק אין ווילנע



אויף אידישער גאַס, אויפ׳ן שול־הויף, לעבען דער גרויסער שוהל, שטעהט אַ צוויי־גאָרענדיג הויז. דאָס דאָזיגע הויז איז דער טעמפּעל פון גייסט, דער פּאַלאַץ פון חכמה, דער שטאָלץ פון ווילנע. צום דאָזיגען הויז ציהען זיך יונג און אַלט, גאונים און חכמים, שריפטשטעלער און וויסענשאַפטסלייט, צו שעפּען דאָרט תורה און חכמה. דאָס דאָזיגע הויז איז די ביבליאָטעק פון דער ווילנער קהלה אויפ׳ן נאָמען פון גרויסען גאון און חכם ר׳ מתתיהו שטראַשון.

ר׳ מתתיהו שטראַשון איז געבאָרען געוואָרען אין ווילנע כ״א תשרי תקע״ח (1817). זיין פאָטער, דער גרויסער גאון און חכם, יחסן און עושר ר׳ שמואל שטראַשון (בעל הגהות הרש״ש) האָט איהם מחנך געוועזן אין תורה און חכמה. אַז ר׳ מתתיהו איז נאָך געווען אַ קליין קינד האָט ער שוין ארויסגעוויזען אַזוינע גרויסע פעהיגקייטען אין זכרון און שאַרפקייט פון שכל, אַז די גרויסע גאונים ר׳ מנשה איליער און ר׳ איטשעלע וואָלאָזשינער האָבען אויף איהם נביאות געזאָגט, אַז ער וועט אויסוואַקסען אַ גרויסער גאון, און זייער נביאות איז טאַקע מקוים געוואָרען. זייענדיג אַ גרויסער מתמיד און בעל־כשרונות האָט ער גיך דערוואָרבען אַזויפיל תורה און חכמה, ווי אויך אייניגע שפּראַכען, אַז ער איז נאָך יונגערהייט געוואָרען איינער פון די גרעסטע און יעדער מאמר זיינער האָט געמאַכט אַ גרויסען רושם.

אַ דאַנק זיין גאונות און חכמה, איז ר׳ מתתיהו שטראַשון געקומען אין פאַרבינדונג מיט די גרעסטע גאונים און געלערענטע פון זיין ציים, ווי רי״צ מעקלענבורג, בעל „הכתב והקבלה" על התורה, ר׳ צבי הירש חיות, ר׳ שלמה יהודא ראַפּאַפּאָרט (שי״ר), ר׳ יום טוב ליפּמאַן צונץ, ר׳ יצחק בער לעווינזאָן (ריב״ל), פּראָפ. צבי הירש גרעץ, ווי אויך מיט קריסטליכע געלערנטע, ווי פּראָפ. ווינשע און אַנדערע.

פון דער גאַנצער וועלט פלעגט מען זיך ווענדען צו איהם, רבנים

מיט שאלות וועגען תורה, געלערנטע וועגען חכמה און שתדלנים וועגען כלל ענינים.

ער איז געווארען אזוי מפורסם אין דער גאנצער וועלט, אז מען האט איהם פארגעלעגט בערלינער רבנות, נאר זייענדיג זעהר רייך, האט ער קיין רבנות ניט געוואלט אננעמען. שפעטער, אז עס האט זיך געגרינדעט די חברה „מקיצי נרדמים", האט מען איהם געשטעלט בראש, מיט אזא פערזענליכקייט ווי ר' משה מאנטיפיארע.

אויך אין דער חברה „שומרי תורה" פון פאריז איז ער געשטאנען בראש פון רוסלאנד מיט'ן בארימטען ווארשעווער רב, ר' דובעריש



מתתיהו שטראשון (1817—1885)

מייזעלש. און אז די גרויסע חכמים ר' חיים זעליג סלאנימסקי און פינעלעס האבען זיך א סך יאהרען מתווכח געווען וועגען „עניני תקופות ומולדות" און ניט געקענט דורכקומען צווישען זיך, האבען זיי זיך צולעצט געווענדעט צו ר' מתתיהו'ן, ער זאל מכריע זיין. אויך זיין אויסערליכקייט, די הויכע פיגור מיט די שעהנע אידישע מלבושים, זיין פאטריארכאלישער אויסזעהן, האט אויף אלעמען גע־מאכט דעם טיפסטען רושם.

אין יאהר תר"ח איז ר' מתתיהו שטראשון אויסגעקליבען גע־ווארען אלס ראש פון דער ווילנער חברה „גחש"א" און אין יאהר

תרכ"ה איז ער אויך אויסגעקליבען געוואָרען אַלס פּרנס פון דער ווילנער קהלה און מיט זיין שאַרף אויג און קלוגען פאַרשטאַנד האָט ער פיל אויפגעטאָן פאַר ווילנע און געבראַכט אַלץ אין אַזאַ מוסטער־האַפטער אָרדנונג אַז מען האָט איהם אין ווילנע גערופען דער „מוצלח'־דיגער פּרנס". אַלס פּרנס האָט ר' מתתיהו אויך זעהר פיל אויפגעטאָן אין ענין רעקרוטען. ווילנע האָט דאַן געדאַרפט צושטעלען יעהרליך 58 רעקרוטען. די גבירישע קינדער פלעגען זיך פון דעם ארויסמאַכען און אָנשטאָט זיי פלעגט מען כאַפּען אָרימע און יתומים, וואָס האָבען גאָרניט געדאַרפט געהן דינען. אין שטאָדט איז פאַר־שטעהט זיך געווען גרויסע יללות און תרעומות. ר' מתתיהו האָט עס ניט געקענט צוזעהן און אין יאָהר תרל"ג האָט ער צונויפגערופען אַ גרויסע אספה און פאָרגעלעגט אָפּצושאַפען דאָס כאַפּעריי און אָנ־שטאָט מענשען זאָל מען געבען „כופר פדיון נפש", ד. ה. קויפען קוויטאַנציעס. אַזוי ווי אַ קוויטאַנציע האָט געקאָסט 800 רובעל, האָט ר' מתתיהו צונויפגעזאַמעלט 50 טויזענט רובעל און אריינגעטראָגען צו דער מאַכט, און פון ווילנע איז יענעם יאָהר קיינער ניט געגאַנגען דינען און אין שטאָדט איז געווען ששון ושמחה.*)

ר' מתתיהו שטראַשון איז אויך געווען זעהר אָנגעזעהן אין די אָפיציעלע רעגירונגס־קרייזען, וואו מען האָט זיך זעהר שטאַרק גע־רעכענט מיט זיין וואָרט און טאַט. ער איז אויך געווען אַ מיטגליד פון דער דיסקאָנט קאָמיסיע ביים „גאָסודאַרסטווענעם באַנק" און ער האָט זעהר פיל מיטגעווירקט, אַז אידען זאָלען געניסען פון מלוכה־קרעדיט. פאַר זיין וויכטיגער געזעלשאַפטליכער אַרבייט איז ר' מתתיהו באַשאָנקען געוואָרען פון דער רעגירונג מיט 2 מעדאַלען.

אויסער זיין עסקנות אין כלל־זאַכען און אין תורה וחכמה האָט זיך ר' מתתיהו שטראַשון פאַרנומען מיט נאָך אַ גרויסען ענין, וועלכען ער האָט מקדיש געווען זיין גאַנץ לעבען, דאָס איז — זאַמלען ספרים. און זאַמלען ספרים איז איינע פון די שווערסטע זאַכען. פאַראַן ספרים, וואָס זיינען ווי קאָמעטען וואָס באַווייזען זיך איינמאָל אין הונדערטער יאָהרען און ווערען גלייך פאַרשוואונדען. פאַראַן אויך אַזוינע, וואָס זיינען „בני יחידים" אויף דער גאַנצער וועלט, ארוים־געראַטעוועטע פון פאַרשיידענע אינקוויזיציעס, חרמ'ס, שרפות און גע־היטע, געבראַכטע פון גלות צו גלות, פון איין עק וועלט אין דעם אַנדער עק וועלט. פאַראַן אויך אַזוינע, וואָס זיינען מעהר ניט גע־

*) די כאַפּער זיינען צוליב דעם געבליבען אָהן אַרבייט. איינער פון זיי וואָס איז געוואָרען אַ בעטלער, האָט אַמאָל געבראַכט ר' מתתיהו'ן אַ בילעט אויף חתונה. ר' מתתיהו האָט איהם זעהר פיין באַפרידיגט און זיך אָפּגע־רופען מיט אַ וויץ: „אַט אַזוי, בעסער בעט און ניט כאַפּט".

דרוקט געװאָרען װי אײניגע צעהנדליג עקזעמפּליארען, נאָך מיט הונ־דערטער יאָהרען צוריק. אָפּט מוז מען צוליב אײן זעלטענעם ספר אָפּקױפען א גאַנצע ביבליאָטעק, אמאָל מוז מען אױספאָהרען גאַנצע מדינות, ביז מען געפינט א זעלטענעם ספר. און אָט דער דאָזיגער שװערער ארבײט האָט ר׳ מתתיהו שטראשון אָפּגעגעבען זײן גאַנץ לעבען, אױסנוצענדיג דערבײ זײן גרױסען פּארמעגען, זײן מפורסמ׳־דיגען װעלט־נאָמען, זײן קאָלאָסאַלע ענערגיע און זײן אומגעהױערען ביבליאָגראַפּישען װיסען.

און איהם האָט זיך טאַקע אײנגעגעבען אײנצושאַפען א קאָלאָ־סאַלען אוצר, װאָס קען גערעכענט װערען צװישען די גרעסטע אידישע ביבליאָטעקען אין דער װעלט.

א דאַנק זײן מורא׳דיגען זכרון, איז ער אױך געװען א געװאַל־דיגער בקי אין אַלע זײנע ספרים, װאָס זײנען בײ איהם געװען װי לעבעדיגע מענשען און מיט די אַלע „מענשען", די גאונים און גדולים פון די פאַרגאַנגענע צײטען, פלעגט ער פאַרברענגען טאָג און נאַכט.

זײן שטוב און ביבליאָטעק איז געװען א „בית ועד לחכמים". אין זײן „מנין" און בײ זײן „טיש" זײנען שטענדיג געזעסען די גרעסטע גאונים און עסקנים, װעלכע פלעגען קומען צו איהם װעגען כלל־ענינים, און צוליב זײנע גרױסע טרדות איז איהם ניט געבליבען קײן צײט צו שרײבען ספרים. פון איהם זײנען מעהר ניט פאַרבליבען הגהות אױף ש״ס מס׳ עירובין, בבא בתרא, סנהדרין, געדרוקט אין די נײע ש״ס׳ן פון דפוס ראָם; הגהות אױפ׳ן מדרש אונטער׳ן נאָמען „מתת־יה"; הערות צום „קריה נאמנה", „נתיבות עולם"; הגהות אױף ירושלמי, זרעים, מועד און אַנדערע.

ר׳ מתתיהו איז נפטר געװאָרען ו׳ טבת תרמ״ו (1885), ניט איבערלאָזענדיג קײן קינדער. נאָר אױב ער האָט ניט איבערגעלאָזט נאָך זיך קײן קינדער און חבורים, האָט ער אָבער פאַר דער װעלט איבערגעלאָזט א גרױסען אוצר ספרים, װעלכען ער האָט פאַר זײן טױט אָפּגעשריבען אין זײן צװאה דער װילנער קהלה און אױף אױס־צוהאַלטען די ביבליאָטעק האָט ער אָפּגעשריבען זײנעם א הױף אױף גלעזער־גאַס.

די ביבליאָטעק איז צום אָנהױב געװען אָפען נאָר פאַר יחידי־סגולה. אָפּיציעל פאַר׳ן עולם איז די ביבליאָטעק געעפענט געװאָרען ערשט אין סוף יאָהר 1892 (תרנ״ג) אױפ׳ן שוהל־הױף, אין בנין פון דער גרױסער שוהל, װאו עס איז אַמאָל געװען דאָס קהל־שטיבעל און איצט די „עזרת נשים" פון דער גרױסער שוהל. נאָר אַזױ װי דער בנין פון דער גרױסער שוהל איז געװען צו קלײן און ניט צוגע־פּאַסט פאַר דער ביבליאָטעק, איז דעריבער אין אײניגע יאָהר אַרום, דעם 12טען אָקטאָבער 1899 (כ׳ מרחשון תר״ס) פאַרגעקומען אין

„צדקה גדולה" אַן אסיפה וועגען בויען אַ באַזונדערען בנין פאַר דער ביבליאָטעק.

אין דער אסיפה האָבען אָנטייל גענומען די דריי גבאים פון „צדקה גדולה" ר' שמואל סאָלץ, ר' יעקב פרנס און ר' אריה ניישול, ווי אויך ר' יהושע חיים עפשטיין (איינער פון די דריי אפּוטרופּסים איבער ר' מתתיהו שטראַשונ'ס ירושה (די איבעריגע צוויי זיינען געווען: יוסף מנחם גראַדזענסקי און דוד יעבץ ברוידא), יקותיאל זלמן עליאַסאָן, יעקב בן יעקב, יצחק לייב גאָלדבערג, שמואל פייוועל פייגענזאָהן און חיים לייב מאַרקאָן. אַלס מומחה האָט אין דער אספה אָנטייל גענומען דער אַדוואָקאַט קאָוונער. נאָך אַ קורצען ישוב הדעת וועגען דער נויטיגקייט פון אַזאַ וויכטיגען אַנשטאַלט פאַר ווילנע, זיינען איינשטימיג אָנגענומען געוואָרען פאָלגענדע באַשלוסען:

1. אויסבויען אַ ספּעציעלען בנין פאַר דער ביבליאָטעק, וואָס זאָל פאַרבלייבען אַלס אייגענטום פון דער קהלה אויף אייביג.

2. אין ביבליאָטעק זאָלען אריינקומען אַלע ספרים, וואָס ר' מתתיהו שטראַשון האָט איבערגעלאָזט אַלס ירושה פאַר דער קהלה און זיי זאָלען זיך געפינען אין אַ באַזונדערע אָפּטיילונג אין ביבליאָטעק. חוץ דעם זאָלען אריינקומען אין ביבליאָטעק די אַלטע ספרים וואָס זיינען פון לאַנג אָן געווען אין דער גרויסער שוהל,*) ספרים, וואָס מען וועט אָפּזאָגען אָדער מנדב זיין, ווי אויך ספרים, וואָס די ביבליאָטעק וועט קויפען.

3. אויסוועהלען אַ קאָמיטעט פון 7 פּערזאָן, וואָס זאָלען פאַרווירקליכען דעם ענין. אין קאָמיטעט האָט מען אויסגעוועהלט: זלמן עליאַסאָן אַלס יושב ראש, מרדכי עפּשטיין (אַנשטאָט זיין פאָטער ר' יהושע חיים, וועלכער האָט זיך צוליב אַלטקייט אנטזאגט), פּ. געץ, יעקב בן יעקב, י. ל. גאָלדבערג, ח. ל. מאַרקאָן און די גבאים פון „צדקה גדולה" וואָס אַלע דריי האָבען נאָר איין שטימע, צי זיי נעמען אָנטייל אין די זיצונגען פון קאָמיטעט באַזונדער אָדער אפילו אַלע דריי צוזאַמען. אַלס קאַנדידאַטען זיינען אויסגעקליבען געוואָרען ש. פייגענזאָהן און ב. ראַטנער.

4. אויסהאַלטען די ביבליאָטעק מיט אַלע איהרע באַדערפעניששען, ווי עס פּאַסט פאַר'ן כבוד פון דער ווילנער קהלה, אויפ'ן חשבון פון „צדקה גדולה", דהיינו: דירה, באַהייצונג, שכירות, אַסעקוראַציע, מעבעל א. אַ. וו.

5. די ביבליאָטעק זאָל זיין אָפען פאַר אַלעמען אומזיסט יעדען טאָג, אפילו שבת און יו"ט (חוץ ימים נוראים), און דער קאָמיטעט זאָל באַשטימען די שעה'ן, ווען צו עפענען און שליסען איהר.

---

*) ליידער האָט מען פון דער גרויסער שוהל קיין ספרים ניט באַקומען.

די באשלוסען זיינען פארשריבען געוואָרען אין אַ פּראָטאָקאָל, אונטער וועלכען עס האָבען זיך גע'חתמ'עט די דריי גבאים פון „צדקה גדולה" און די איבעריגע אָנטייל נעמער פון דער אסיפה.

אין יאָהר 1901 איז די ביבליאָטעק אריבער אין אייגענעם בנין, וואָס איז ספּעציעל אויסגעבויט געוואָרען פאר איהר אויפ'ן שוהל־הויף. דעם פּלאַץ פאר'ן בנין האָט — לויט דעם פּראָטאָקאָל — מנדב געווען די צדקה גדולה און געלט צו בויען — 10 טויזענט רובעל — האָבען אויסגעליהען די אַפּוטרופּסים איבער דר. בנימין פינ'ס ירושה: אריה ניישול און י. ל. גאָלדבערג. דאָס געלט איז געליהען געוואָרען אויף 10 יאָהר און „צדקה גדולה" האָט דאָס געלט אויסגעצאָהלט פון די הכנסות (דירה געלט פון די קראָמען, וואָס געפינען זיך אין אונטער־שטען עטאַזש פון ביבליאָטעק אויף אידישער גאַס). *)

דעם 14טען אַפּריל 1902 (ד' חוה"מ פסח תרס"ב) איז פאָרגע־קומען דער חנוכת־הבית מיט גרויס פייערליכקייט. עס האָבען גערעדט: דער פאָרזיצער עליאַסאָן, דער ווילנער שטאָדט־מגיד הגאון ר' מאיר נח לעווין, דער ראבינער נעמזער און דער שטאָדט־חזן סיראָטא מיט'ן כאָר האָבען געזונגען „מזמור שיר חנוכת", „מה טובו", „שיר המעלות אם ד' לא יבנה בית" וכו'.

שפּעטער איז צוליב אַ מסירה געווען די ביבליאָטעק אַ קורצע צייט פאר'חתמ'עט, ביז עס האָט זיך דעם 20טען אָקטאָבער 1902 (ראש השנה תרס"ג) באקומען די אָפיציעלע דערלויבעניש פון דער רוסישער מאכט צו עפענען די ביבליאָטעק. די דערלויבעניש איז געגעבען גע־וואָרען פון ווילנער גובערנאַטאָר פאָן וואַל, אויפ'ן נאָמען פון ראבינער און די גבאים פון „צדקה גדולה", צו האלטען אין ביבליאָטעק ביכער אויף רוסיש, העברעאיש, אידיש, דייטש און אַנדערע שפּראַכען, חוץ פּויליש.**) דער קאָמיטעט, וואָס איז אויסגעקליבען געוואָרען אויף דער ערשטער אספה אין „צדקה גדולה", איז אויך פארבליבען אויף שפּעטער. אין משך פון דער צייט זיינען צום קאָמיטעט צוגעקומען נייע מיט־גלידער (באָרים גאָלדבערג, בנימין עפּשטיין, דוד ברוידא, אליהו סופר, נחום גאָרדאָן, ישראל בונימאָוויטש און אַנדערע). אין קאָמיטעט זיינען אויך תמיד אריין די ראבינערס פון שטאָדט (פון 1902 הרב מרדכי יעקב נעמזער, פון 1905 הרב יהודה לייב דר. קאַנטאָר, פון יאָהר 1912 אָן, דער געוועזענער סענאַטאָר, הרב הגאון ר' יצחק רובינשטיין,

---

*) איצט זיינען די קראָמען צוגענומען געוואָרען פאר דער ביבליאָטעק און דאָרט זיינען איינגעאָרדענט געוואָרען די ספרים „כפולים" און די „פּרעסע" ווייל אין ביבליאָטעק איז שוין קיין אָרט ניטאָ פאר זיי.

**) איצט איז דאָ אַ דערלויבניש פון דער פּוילישער מאכט און עס גע־פינען זיך אויך ביכער אין פּויליש.

וועלכער איז פאַרזיצער פון קאָמיטעט עד היום). דער איצטיגער קאָ־מיטעט באַשטעהט פון פאָלגענדע פערזאָנען: פאַרזיצער — הרב הגאון ר׳ יצחק רובינשטיין; דר. ג. גערשון, דר. א. ווירשובסקי, י. א. אסתרין; סעקרעטאר: דר. יוסף רובינשטיין, און דער קהלה פרעזידיום: א. קרוק, א. זיידשנור און י. שעסקין.

דער פערסאָנאַל פון ביבליאָטעק באַשטעהט פון אַ פאַרוואַלטער און ביבליאָטעקארען. גלייך נאָך ר׳ מתתיהו׳ס פּטירה איז אויפגענומען געוואָרען אַלס פאַרוואַלטער הרב ר׳ שמואל שטראַשון בהרב ר׳ אלעזר אב״ד זאַסקעוויץ, אַ קרוב פון גרינדער ר׳ מתתיהו, אַ מוסמך און אַ גרויסער למדן, געווען אויך מגיה אין ראָמ׳ס דרוק אויף די לומדישע ספרים (אויף פּלונגיאַנ׳ס אָרט). ער האָט צוזאַמען מיט׳ן גרויסען בקי און למדן הרב ר׳ משה שמעון אַנטאָקאָלסקי, צוזאַמענגעשטעלט דעם קאַטאַלאָג פון ר׳ מתתיהו שטראַשונ׳ס העברעאישע ספרים וועלכע האָבען באַטראָפען 5753. דער קאַטאַלאָג איז אונטער׳ן נאָמען „לקוטי שושנים״ אָפּגעדרוקט געוואָרען אין בערלין אין יאָהר 1889, מיט אַ הקדמה פון ר׳ מתתיהו׳ס פּלימעניק ר׳ דוד שטראַשון.

הרב ר׳ שמואל איז נפטר געוואָרען כ״ה תמוז 1895. זיין ממלא מקומו אַלס פאַרוואַלטער האָט דאַן פאַרנומען זיין זוהן ר׳ יצחק שטראַ־שון, וועלכער האָט נאָך פאַרביטען זיין פאָטער פון 1894 יאָהר אָן, ווייל זיין פאָטער איז די לעצטע יאָהרען געווען קראַנק. ה׳ יצחק שטראַשון, אַ מענש מיט וויסען און אָרגאַניזאַטאָרישען טאַלענט, פאַר־נעמט זיין אָרט אַלס פאַרוואַלטער עד היום.

סוף יאָהר 1895 איז אָנגעקומען אַלס ביבליאָטעקאַר דער שרייבער פון די דאָזיגע שורות, חייקל לונסקי, וועלכער פאַרנעמט זיין פּאָסטען עד היום.

אין 1930 איז אַלס ביבליאָטעקאַר אָנגעקומען דער באַוואוסטער שריפטשטעלער און ציוניסט ר׳ לוי יצחק רובינאָוו, אַ מענש מיט וויסען און אַ קענער פון פיל שפּראַכען. ער פאַרנעמט זיך ספּעציעל מיט צונויפשטעלען אַ צעטעל־קאַטאַלאָג פון די ספרים וואָס זיינען צוגעקומען נאָך שטראַשונ׳ען. ביז איצט האָט ער שוין קאַטאַלאָגירט איבער 22 טויזענט ספרים. אין יאָהר 1930 איז אויך אָנגעקומען אַלס געהילפס־ביבליאָטעקאַר א. פערלשטיין.

## קאַפּיטעל ב.

## די וויטערדיגע ענטוויקלונג פון דער ביבליאָטעק

אויסער די אויבען־דערמאָנטע קרוב 6 טויזענט ספרים און קרוב טויזענט ספרים „יודאַאיקאַ״ אין דייטש פון ר׳ מתתיהו שטראַשון, איז די ביבליאָטעק אין משך פון דער צייט באַרייכערט געוואָרען מיט נאָך

א גאנצער ריי עזבונות פון ווילנער פערזענליכקייטען, איבערהויפט פון די קאמיטעט־מיטגלידער וואס זייערע בילדער באצירען איצט די ווענט פון לייען־זאל.

דער בארימטער ציוניסטישער עסקן און נדיב ה׳ י. ל. גאלדבערג האט געשאנקען דער ביבליאטעק פיל נייע ספרים ווי „הוצאת אחיאסף" און פיל אנדערע. אין 1903 איז אין ביבליאטעק צוגעקומען אייניגע הונדערט ספרים וואס זיינען איבערגעבליבען נאך דעם באקאנטען ווילנער פרנס, דער העברעאישער שריפטשטעלער, געלערנטער און עסקן לאומי, איינער פון די גרינדער פון „חובבי ציון" און דער ערשטער היסטאריקער פון דער אידישער ווילנע אין זיין בארימטען ספר „קריה נאמנה", ווי אויך רעדאקטאר פון „הכרמל", מחבר פון „כנסת ישראל" און אנדערע וויכטיגע ספרים, ר׳ שמואל יוסף פין (א׳ דסוכות תקע"ט—



לעזע-צימער אין שטראשון׳ס ביבליאטעק.

י"א שבט תרנ"א). (1890—1818) *) צווישען די דאזיגע ספרים זיינען געוועזן א סך, וואס האבען אמאל געהערט צו ר׳ שלמה מדובנא, א טייל פון זיי גרויסע יקרי המציאות און כת"י — האט רש"י פין נאך בחייו פארקויפט דעם געוויסען פרידלאנד, וועלכער האט זיי שפעטער געשאנקען די פעטערבורגער קייזערליכער ביבליאטעק. אין זעלבען יאהר איז די ביבליאטעק אויך בארייכערט געווארען מיט נאך קרוב טויזענט ספרים פון גרויסען למדן און געלערנטען, געוועזענער לעהרער פון תלמוד אין ווילנער ראבינער־שול ר׳ יהודא בעהאק ז"ל (1820—1900), מחבר פון „עץ יהודה" און אנדערע. זיינע ספרים זיינען דאס רוב פארשריבען מיט זיינע הגהות, וועלכע האבען א גרויסען ווערט. אין 1910 זיינען צוגעקומען איבער 3600 ספרים פון געוועזענעם קאמי־

*) אריבער פון עזבון פון זיין זוהן דר. בנימין פין, נפטר געווארן כ"ז אב תרנ"ט.

טעט־מיטגליד ר' חיים לייב מארקאן (תר"ח—כ"א אלול תרס"ט, 1848—1909), וואָס איז געווען אַ גרויסער למדן און באוואוסטער משכיל, אַ געוויסע צייט געהילפס־רעדאַקטאָר פון „הכרמל". זיין ביבליאָטעק איז באשטאנען דערהויפט פון השכלה ספרים און זיי האָבען אויף אַזאַ אופן דערגאַנצט שטראַשונ'ס זאמלונג, וועלכע איז באשטאנען דערהויפט פון רבנישע ספרים. צווישען מארקאנ'ס ספרים געפינען זיך פיל מיט זיינע הגהות און ביבליאָגראַפישע ידיעות. אין 1919 זיינען צוגעקומען איבער 2 טויזענט ספרים פון דער רבנישער ליטעראַטור און חכמת ישראל פון קאָמיטעט־מיטגליד ר' דוד־בער ראַטנער (י"ז תמוז תרי"ב—א' שבט תרע"ז, 1852—1917), איינער פון די גרעסטע מלומדים ביי אידען אויפ'ן געביט פון דער רבנישער ליטעראַטור, דער מחבר פון 12 בענדער „אהבת ציון וירושלים", הערות און באורים אויפ'ן ירושלמי, ווי אויך 2 כרכים „סדר עולם רבה". ר' דוב־בער ראַטנער האָט קאָרעס־פּאָנדירט מיט די גרעסטע אידישע און קריסטליכע געלערנטע אין זיין צייט. צווישען זיינע ספרים געפינען זיך אַ טייל מיט זיינע הגהות, וועלכע האָבען אַ גרויסען ווערט.

אין 1924 זיינען צוגעקומען קרוב טויזענט רבנישע ספרים פון געוועזענעם מיטגליד פון קאָמיטעט, הרב ר' מרדכי עפּשטיין (תר"ד—י"ג תמוז תרע"ו, 1844—1916), מחבר פון ספר „שערי תודה" ב"כ, ווי אויך עטליכע הונדערט חסידישע ספרים פון ווילנער נדיב און פּרנס ר' יוסף לעווין (נפטר געוואָרען כ"ד אָדר תרע"ה). אין 1927 זיינען צוגעקומען עטליכע טויזענט ספרים — העבראַאיקאַ און יודאַ־איקאַ — פון באַרימטען ציוניסטישען עסקן און איינער פון די גרעסטע ביבליאָגראַפען, מחבר פון באַרימטען ספר „אוצר הספרים", געוועזענער טעטיגסטער מיטגליד פון ביבליאָטעק־קאָמיטעט ר' יעקב בן־יעקב (ח' אלול תרי"ח—כ"א אָדר תרפ"ו, 1858—1926). אין 1928 זיינען צוגעקומען די ספרים פון גרויסען מיוחס און באַנקיר ר' זלמן עליאַסאָן, געוועזענער פּאָרזיצער פון קאָמיטעט און פּרנס פון ווילנער קהלה (נפטר געוואָרען כ"ט שבט תרע"ט).

אין 1929 זיינען צוגעקומען קרוב טויזענט ספרים פון עזבון פון גרויסען למדן און מלומד און געוועזענעם מיטגליד פון קאָמיטעט ר' אליהו סופר (נפטר כ"ג שבט תרפ"ח) ווי אויך קליינע עזבונות פון ר' שלום מרדכי קאַצענעלבאָגען (געוו. נאָמען פון „צדקה גדולה"), אדוו. מענדעל ברוידא, העברעאישער לעהרער דוד נאַטיק, ר' גרשון קאַמענעצקי און אַנדערע.

אין 1928 האָט די ביבליאָטעק אָנגעהויבען צו באַקומען סיסטע־מאַטיש פון ווילנער אוניווערזיטעט־ביבליאָטעק די אַלע אידישע און העברעאישע ספרים, וואָס ווערען געדרוקט אין גאַנץ פּוילען — אויסער פון ווילנער און נאָוואַרעדקער וואָיעוואָדסטוועס — וואָס זיי נעמען

צו פאַר זיך*) און פון סטאַראָסטווא — אַלע ווילנער אויסגאַבען. אין משך פון דער צייט האָט די ביבליאָטעק אויך באַקומען פיל ספרים פון מחברים, נדבות פון יחידים און אויך צוגעקויפט פיל ספרים**). צוזאַמען פאַרמאָגט איצט די ביבליאָטעק אַ גרויסען אוצר פון קרוב 35 טויזענט ספרים אויף אַלע געביטען, 50% רבנים, 25% השכלה ספרים און העברעאישע, 15% אידישע ביכער און 10% יודאאיקא אין פאַרשיידענע שפּראַכען ווי רוסיש, דייטש, פּויליש, פראַנצויזיש, ענגליש און אַנדערע.

צווישען די 35 טויזענט ספרים געפינען זיך בערך 150 כתבי יד און 5 אינקאַנובולען געדרוקטע ביז 1500 יאָהר:

א) הערוך לר' נתן ב"ר יחיאל מרומא, רל"ז (בערך) 1477, 2 דרוק-בויגען.

ב) מבחר הפנינים לר' שלמה בן גבירול, מאמרי מוסר, שונצינו רמ"ה 1484, 4 דרוק-בויגען.

ג) בחינת עולם לר' ידעיה הפניני ב"ר אברהם הבדרשי, מוסר השכל שונצינו רמ"ה 1485, 4 דרוק-בויגען.

ד) הקאנון הגדול, לאבו אלהסין אבן סינא על כל חכמת הרפואה, נאפּולי רנ"ב 1492, 2 דרוק-בויגען.

ה) מחברות עמנואל ב"ר שלמה מרומא, מליצה ושירים ברישא רנ"ב 1492, 4 דרוק-בויגען.

ווייטער געפינען זיך בערך 400 ספרים, וואָס זיינען געדרוקט אין 16טען י"ה, פון זיי בערך 55 ביז'ן יאָהר 1540. חוץ די אַנגערופענע געפינען זיך נאָך פיל יקרי המציאות אוניקומס א. א.

צווישען די 35 טויזענט נומערען געפינען זיך פאַרשיידענע ספרים אויף אַלערליי געביטען ווי למשל אויסגאַבעס פון תנ"ך און מפרשים אויף תנ"ך, ש"ס'ן בבלי און ירושלמי און מפרשים אויף זיי, מדרשים און ילקוטים, הלכה און פוסקים, ספרי חקירה און פילאָזאָפיע, ספרי מוסר, ספרי דרוש, ספרי שאלות און תשובות, ספרי תכונה און חשבון, ספרי דקדוקים און קאָנקאָרדאַנציעס, ספרי רפואה, ספורים און שירים, ספרים מיט שעהנע אילוסטראַציעס. פון יעדער געביט געפינען זיך

---

*) די דאָזיגע ספרים ווערען דאָרט קאַטאַלאָגירט דורכ'ן פאַרוואַלטער פון שטראַשון-ביבליאָטעק ה' יצחק שטראַשון, לויט אַ ספּעציעלען אָפּמאַך פון דער אוניווערזיטעט ביבליאָטעק מיט דער שטראַשון ביבליאָטעק, וועלכע האָט עס געשטעלט ווי אַ תנאי ביים ארויסגעבען די ביכער. ביז איצט זיינען אריין אין ביבליאָטעק פון דער אוניווערזיטעט ביבליאָטעק איבער 3000 ביכער און פון סטאַראָסטווא קרוב 1000 ביכער.

**) לעצטענס קען מען צוליב מאַנגעל אין מיטלען ניט איינקויפען פאַר דער ביבליאָטעק אַ גאַנצע רייה פּעריאָדישע, וויסענשאַפטליכע זשורנאַלען ווי אויך די נויטיגע ביכער.

טויזענטער ספרים פון די עלטסטע דרוקען אַן און גאַנצע קאָלעקציעס פון יעדען וויכטיגען ספר ווי למשל דער הערוך פון רל"ז אַן ביז די לעצטע אויסגאַבען א. א. וו. אַזוי אַז די וויסענשאַפטלער, דיכטער און קינסטלער האָבען די מעגליכקייט אַלזייטיג און גרינטליך זיך פאַרנעמען מיט זייערע פאָרשונגס־ארבייט.

טעגליך באַזוכען די ביבליאָטעק בערך 230 פערזאָן (75% מענער און 25% פרויען). דער געדראַנג פון די לעזער איז זעהר גרויס און אַזוי ווי דער לייען־זאַל נעמט אריין ניט מעהר ווי 100 פערזאָן קומט אויס די לעזער צו זיצען 2 אויף איין שטול, ווארטען אויף דער רייה און אָפט מוז מען מיט גרויס צער שליסען אַפילו די טירען, צוליב מאַנגעל אין פלאַץ.*) לויט דער באַשעפטיגונג טיילען זיך די לעזער אויף: שילער (פון די העברעע קלאַסען) 60%, אַקאַדעמיקער און וויסענשאַפטלער 15%, ארבייטער און אָנגעשטעלטע 15%, פאַרשיידענע 10%. לויט די שפּראַכען ווערט געלייענט: העברעאיש 45%, אידיש 45%, אַנדערע 10%. לויט די מקצעות: בעלעטריסטיק 25%, וויסענ־שאַפטליכע פון אַלערליי געביטען ווי היסטאָריע א. א. 75%. די ביבליאָטעק איז אָפען טעגליך פון 10 ביז 2 און פון 5 ביז 8 אָוועגט, אויסער שבת און יום טוב. פאַר'ן לייענען ווערט קיין געצאָלט ניט גענומען און אַהיים ווערען קיין ביכער ניט ארויסגעגעבען, אויסער פאַר וויסענשאַפטלער, וועלכע באַקומען ביכער אויף אַהיים מיט דער דערלויבניש פון קאָמיטעט.

דעם בודזשעט פון דער ביבליאָטעק האָט צום אָנהויב געדעקט די „צדקה גדולה" ווי אויך פון מיטגלידער־אָפּצאָהל.**) בעת דער דייטשער אָקופּאַציע האָט די ביבליאָטעק אויסגעהאַלטען — אַ דאַנק דער השתדלות פון פאָרזיצער פון ביבליאָטעק — הרב הגאון ר' יצחק רובינשטיין, דער אַזוי גערופענער „צענטראַל קאָמיטעט". אין 1919—1920 די דעמאָקראַטישע קהלה. שפּעטער, אַז די קהלה האָט זיך פאַרמאַכט, האָט זיך די ביבליאָטעק אויסגעהאַלטען אַ דאַנק די 2000 דאָלאַר פון אַמעריקאַנער פּיפּעלס־רעליף, ווי אויך פון די 500 דאָלאַר,

---

*) ס'איז אַפילו געווען אַ פּראָיעקט צו פאַרגרעסערען דעם בנין פון ביבליאָטעק דורך צובויען אַ פליגעל, ס'איז שוין אַפילו געווען אויסגעאַרבייט אַ פּלאַן, באַשטעטיגט פון מאַגיסטראַט, נאָר ליידער צוליב מאַנגעל אין געלט איז דער ענין ניט פאַרווירקליכט געוואָרען.

**) אין יאָהר 1909, אַז די „צדקה גדולה" האָט ניט אויסגעצאָהלט די אַסיגנירטע סומען פאַר דער ביבליאָטעק און דער מצב פון דער ביבליאָטעק האָט זיך זעהר פאַרערגערט, האָט זיך אויפגעהויבען אַ גרויסער רעש אין דער דאַמאָלסדיגער ווילנער פּרעסע, ווי „פריינד", „אידישע צייטונג", „הד־הזמן" און „סעווערא־זאַפּאַדני גאָלאָס". זעה משה שאַליט, „ביבליאָטעקען אין ווילנע".

וואָס עס האָט צונעשיקט דער שריפטשטעלער און כלל־טוער ב. וואָלאַדעס. פון די דאָזיגע 500 דאָלאַר האָט מען — לויט'ן פאַרלאַנג פון מנדב — אויך געקויפט אַן אייזערנעם שראַנק צו האַלטען די זעלטענע ספרים און כתב יד'ן, ווי אויך 300 דאָלאַר דערהאַלטען צו ה' משה שאַליט. שפּעטער איז די ביבליאָטעק ווידער אויסגעהאַלטען געוואָרען דורך דער ווילנער קהלה. דער ביודזשעט באַטרעפט איבער 20 טויזענט גילדען יעהרליך און אַ דאַנק דער מיטווירקונג פון דעם א. ד. פאַר־זיצער פון קאָמיטעט פון ביבליאָטעק, געוועזענער סענאַטאָר הרב הגאון ר' יצחק רובינשטיין, ווערט די ביבליאָטעק אויסגעהאַלטען בכבוד.

אין שטראַשון ביבליאָטעק פּיהלט זיך שטענדיג דער דופּק, דער פּולס פון לעבען. יעדע ערשיינונג, יעדע געשעהעניש אין דער אידי־שער וועלט שפּיגעלט זיך גלייך אָפּ אין ביבליאָטעק. קומט, למשל, אַ וואָסער ניט איז יום טוב, זעהען מיר שוין ווי דרשנים, לעהרער, שריפטשטעלער זוכען, גריבלען זיך אין די בערג ספרים, וועגען דעם דאָזיגען יומא לפגרא. קומט אַ יובל אָדער עס שטאַרבט, חלילה, אַ שריפטשטעלער, געהט שוין אַ סדרה ווערק פון דעם דאָזיגען שריפט־שטעלער און וועגען איהם. אין די צייטען פון ביילים פּראָצעס האָט דער קאָמיטעט פון ביבליאָטעק אויף דער בקשה פון מאָסקווער ראַ־בינער מזא"ה אָפּגעשיקט קיין קיעוו צוויי זעלטענע ספרים: 1) עמק המלך להמקובל ר' נפתלי פי' על הזהר ועל כתבי האר"י ז"ל אמ"ד 1648; 2) אור ישראל לר' ישראל יפה אב"ד שקלאָוו פי' על זהר ועל כתבי האר"י ז"ל פפד"א 1702. די דאָזיגע ספרים האָבען פיגורירט אויפ'ן פּראָצעס אין קיעוו א. א. וו. די ווענט פון ביבליאָטעק האָבען געזעהן פאַרשיידענע בילדער, יעדע עפּאָכע מיט איהרע בילדער, אין דער צייט פון דער רעוואָלוציע, איבערהויפּט אין די יאָהרען 1905-06, ווען אין ווילנע האָט זיך קאָנצענטרירט די גאַנצע אידישע אינטעליגענץ פון רוסלאַנד, האָט מען געקענט זעהן, ווי ביי איין טיש זיצען זיך — יעדער אויף זיין מקום קבוע — די גדולים פון די פּאַרטייען ווי מעדעם, אַבראַמאָוויטש, אָלגין, אסתר פרומקין דר. נחמן סירקין, ש. ניגער, לאַצקי־בערטאָלדי, לייב יפה, ירמיה נאָוואַקאָווסקי, זרובבל, ק. פרומין, יצחק גרינבוים, אַלטער דרויאַנאָוו, רחל גאָלדין, דניאלי (יוסף טשערניכאָוו), ב. קאַצענעלסאָן. ביים צווייטען טיש זיצען זיך רבנים, דרשנים אין די יאַרמולקעס. לעבען זיי געלערענטע, שריפטשטעלער, ווי הלל צייטלין, יוסף אליהו טריוואוש, בערשאַדסקי, נאָמבערג, ציטראָן, בערקאָוויץ, טשערנאָוויץ, טאַוויאָוו א. א.; מיט־אַרבייטער פון די אַלע צייטונגען וואָס זיינען דאַן ארויס אין די צעהנד־ליגער אין ווילנע (ווי „הזמן", „נייער וועג", „פאָלקסצייטונג", „אידישע ווירקליכקייט", „דאָס אידישע פאָלק" א א. וו.) — און אַלע זיינען פאַרטיפט אין די בערג ספרים, וועלכע רינגלען זיי ארום, און אין

ביבליאָטעק הערשט אַ רוהיגע שטילקייט, ניטאָ קיין וכוחים, קיין מחלוקת׳ן, די ביבליאָטעק האָט זיי אַלעמען פאַראייניגט.

און איצט קען מען זעהן, ווי ביי איין טיש זיצען זיך גרופּעס עלטערע תלמידים פון פאַרשיידענע העברעאישע און אידישע סעמי־נאַרען, גימנאַזיעס און שולען, טוליענדיג זיך איינע צו די אַנדערע, סוד׳ענדיג זיך שטיל, זוכענדיג אין די ספרים וועגען דער טעמע וואָס מען האָט זיי ארויסגעגעבען; אַנטקעגען זיצט זיך אַ גרויסער גאון, ארומגערינגעלט מיט בערג שאלות ותשובות, און פון אונטער דער יאַרמולקע, וועלכע איז ביי איהם אויפ׳ן שפּיץ קאָפּ, שיינט ארויס אַ שעהנער שטערן, געקנייטשט פון פיל מחשבות, זוכענדיג אַ היתר פאַר אַן אומגליקליכער עגונה.

אויך אַ גאַנצע רייה קולטורעלע אינטערעסען פון ווילנע האָבען געפונען אַן אָפּשפּיגלונג אין ביבליאָטעק. אין 1902 האָט אין ביב־ליאָטעק געלערענט די חברה ש״ס „שערי ציון", געגרינדעט דורך ר׳ זלמן קליינשטיין, וואָס צווישען איהרע מיטגלידער זיינען געווען אַזוינע פּערזענליכקייטען ווי הרב ריינעס, יעבץ, ר׳ שלמה הכהן און זלמן גורלאַנד, וועלכע האָבען שפּעטער מיטגעווירקט צו גרינדען דעם „מזרחי". אין 1904 האָט זיך אין ביבליאָטעק געעפענט אַן אָפּטיי־לונג ארויסצוגעבען ביכער אויף אַהיים. די אָפּטיילונג איז באַשטאַנען פון די כפולים פון ביבליאָטעק און פון די ביבליאָטעקען פון דער ציוניסטישער פרויען־אָרגאַניזאַציע „בנות ציון" און פון דער ציונים־טישער יוגענט־אָרגאַניזאַציע „התחיה". ס׳איז דאַן אויסגעקליבען גע־וואָרען אַ באַזונדערער קאָמיטעט וועלכער איז באַשטאַנען פון פאָל־גענדע פּערזאָנען: בן־יעקב, באָרים גאָלדבערג, ראַשעל, גאָלדבערג, דר. גרשון, שושנה חורגין, לעאָן עפּשטיין, פּיראַזשניקאָוו, ריוועסמאַן און ב. שניידער. פאַר׳ן לייענען פלעגט מען נעמען 10 קאָפּיקעס אַ חודש, ערבות געלט 50 קאָפּיקעס.

---

די ביבליאָטעק האָט עקזיסטירט איינינע יאָהר און זיך צוגע־מאַכט צוליב דעם, וואָס זי האָט געשטערט די לעזער פון שטראַשון־ביבליאָטעק. שפּעטער, אַז עס האָט זיך געגרינדעט די ווילנער לייה־ביבליאָטעק „מפיצי השכלה", זיינען די אַלע ספרים אריבער דאָרטען, און זיי זיינען געווען דער יסוד פון דער דאָזיגער ביבליאָטעק וועלכע ווערט איצט סובסידירט פון דער קהלה.

ווען די געזעלשאַפט „ליבהאָבער פון אידישען אַלטערטום" האָט געוואָלט גרינדען אַ אידישען מוזיי, האָט זיך דער פאָרזיצער דר. וויגאָדסקי געווענדעט צום קאָמיטעט פון ביבליאָטעק, מען זאָל דער־לויבען איינצואָרדנען דעם מוזיי אין בנין פון ביבליאָטעק, נאָר דער

מוזיי האָט גלייך באַקומען אַ באַזונדערען לאָקאַל אין בנין פון דער „צדקה גדולה".

ווען ש. אַנסקי האָט געגרינדעט דעם 20טען פעברואַר 1919 די „היסטאָריש־עטנאָגראַפישע געזעלשאַפט", האָט זיך די ביוראָ און די חפצים־זאַמלונג אַ געוויסע צייט געפונען אין בנין פון דער שטראַשון ביבליאָטעק, אונטער'ן אויפזיכט פון שרייבער פון די דאָזיגע שורות.

ווען דר. רעגענסבורג האָט געגרינדעט אין יאָהר 1929 די „חברה מדעית" האָט זי זיך אויך געפונען אַ קורצע צייט אין שטראַשון־ביבליאָטעק און דאָרטען איז געוועזן איינגעאָרדענט אַ לייען־זאַל פאַר וויסענשאַפטלער (ווי אויך אַ רייה לעקציעס פון דר. מיכאל רובינשטיין, מאַגיסטער קלויזנער און אַנד.). אויך די געזעלשאַפט „דורשי האוניברסיטה העברית" האָט אין משך פון די יאָהרען 1928—1920 געזאַמלערט און געהיט אין שטראַשון־ביבליאָטעק טויזענטער ביכער פאַר דער ירושלים'ער אוניווערזיטעט־ביבליאָטעק, אויך פיל כפולים פון שטראַשון־ביבליאָטעק זיינען דאַן געשאָנקען געוואָרען פאַר'ן ירושלים'ער אוניווערזיטעט.

די ביבליאָטעק האָט אויך געהאַט אַ השפעה אויף דער אידישער געלערענטער וועלט, וועלכע האָבען זיך מיט איהר באַנוצט צו זייערע וויסענשאַפטליכע אַרבייטען, ווי: פּראָפ. כוואָלסאָן, האַרקאַווי, דובנאָוו, יעבץ, דוב ראַטנער, בן־ציון כץ, ציטראָן, שניידער, דער פאַרוואַלטער פון ראָם'ס דרוק הרה"ח רש"פ פייגענזאָן, וועלכער האָט אויסגענוצט די ביבליאָטעק צו די אויסגאַבען פון דאָזיגען גרעסטען דרוק ביי אידען ווי אויך פיל פון די יונגע וויסענשאַפטלער און שריפטשטעלער. מיט דער ביבליאָטעק האָבען זיך אויך באַנוצט די גרעסטע גאונים, ווי: ר' דוד פרידמאַן, ר' שלמה הכהן, דער „בעל חפץ חיים" ז"ל א. א., וועלכע פלעגען זיך באַנוצען מיט די אוצרות פון ביבליאָטעק צו ענטפערען אויף אַלע שווערע תורה־ענינים, וואָס מען פלעגט זיך ווענדען צו זיי פון דער גאַנצער וועלט ווי אויך פיל אַנדערע רבנים און גאונים וואָס באַנוצען זיך אויך איצט מיט דער ביבליאָטעק צו זייערע תורה־ענינים. די ביבליאָטעק האָט אויך אַ השפעה אויף די אידישע סטודענטען פון ווילנער אוניווערזיטעט, וועלכע קלייבען אויס אידישע טעמעס צו זייערע דיסערטאַציעס און באַאַרבייטען זיי אין ביבליאָטעק. *)

*) ווי איצט למשל האָבען צוויי סטודענטען פון פוילישען אוניווערזיטעט אין ווילנע באַאַרבייט אין ביבליאָטעק צו זייערע דיסערטאַציעס דעם ספר „מרכבת המשנה" פון ר' אַנשיל. דאָס איז אַ קאָנקאָרדאַנציע צום תנ"ך, פאַרטייטשט אַלע ווערטער אויף אידיש. דער ספר איז דער ערשטער און עלטסטער אידישער ספר געדרוקט אין פוילען מיט 400 יאָהר צוריק, קראָקוי, 1534, אַ גרויסער יקר המציאות.

די לעצטע צייט באַנוצען זיך מיט דער ביבליאָטעק פיל חלוצים, וועלכע מאַכען דורך זייער ציוניסטישע הכשרה און שטודירען אין ביבליאָטעק ציוניסטישע געשיכטע און סאָציאַל־עקאָנאָמישע וויסענשאַפטען, וואָס געהט אריין אין פּראָגראַם פון דער „הסתדרות". אויך פיל קריסטליכע געלערנטע באַנוצען זיך אָפט מיט דער ביבליאָטעק.

אזוי נוצען אַלע אויס די אוצרות פון שטראַשון־ביבליאָטעק און זיי שעפּען דאָרט תורה און חכמה און וועבען דעם גאָלדענעם פּאָדים פון אונזער אַלטער גרויסער קולטור. ווייטער קומען אויך אָפט אריין פאַרשיידענע געסט, וואָס דער צויבער־נאָמען פון שטראַשון־ביבליאָטעק האָט זיי צוגעצויגען און זייענדיג אין ווילנע גאָר וועגען אַנדערע ענינים, באַזוכען זיי אויך די ביבליאָטעק און ווערען נתפּעל פון דעם רייכען אוצר פון דער פּאַראָרימטער ווילנע. זעהר אינטערעסאַנט זיינען די איינשרייבונגען פון די גרעסטע אידישע פּערזענליכקייטען אין ספּעציעלען „ספר הזהב" פון ביבליאָטעק.*) די איינשרייבונגען זיינען זעהר אינטערעסאַנט און זיינען אַ קאַפּיטעל פאַר זיך. פאַראַן צווישען זיי אינטערעסאַנטע נוסחאות. אייניגע האָבען געשריבען מיט בלויז התפּעלות וועגען גרויסען נאַציאָנאַלען אוצר, פאַר אַנדערע האָט אָבער דער באַזוך אין ביבליאָטעק און דער קומען אין באַריהרונג מיט „ירושלים דליטא" געמאַכט אַזאַ גרויסען רושם אַז אין זייער נוסח פיהלט זיך אַ מין וידוי, וואָס זיי זיינען פאַרפרעמדט געוואָרען פון די גרויסע אידישע אוצרות (ווי אַלפרעד זעבלין, געוועזענער פּאָרזיצער פון דייטשען שריפטשטעלער פאַרבאַנד). אַנדערע דריקען אויס טיפע געדאַנקען וועגען אידען און אידענטום, אַנדערע זייערע וועלט־אָנשויאונגען. פאַראַן אויך זעהר שאַרפזיניגע איינשרייבונגען ווי דוד בערגעלסאָנ'ס „דאָס דאָזיגע הויז איז איינע פון די פייגען, וואָס מענשען שטעלען ארויס דעם טויט", ווי אויך טונקעלער'ס „מערקווירדיג, וויפיל פון די נייע ספרים ליגען אויף מיר ווי שטויב און ווי דער שטויב פון דער אַלטער ליטעראַטור האָט מיך אָפּגעפרישט" און אַנד. כדאי אויך אָנצואווייזען אויף די צוויי צניעות'דיגע אונטערשריפטען פון אונזערע גרעסטע אין דער לעצטער צייט:

הערמאַן קאָהען: הקטן יחזקאל בן לא"א ר' גרשון זצ"ל, אָדר תרע"ד.

הגאון בעל ה„חפץ חיים": בעזרת ה' הייתי פּה יום ג' פּרשה וירא תרפּ"ו. — ישראל מאיר הכהן.

---

*) דער „ספר הזהב" איז ספּעציעל צוגעגרייט געוואָרען לכבוד דעם קומען פון דר. חערצעל קיין ווילנע. מען האָט דערוואַרט זיין באַזוך אין ביבליאָטעק, וואו מען האָט איהם געוואָלט מכבד זיין מיט'ן ערשטען אונטערשריפט. צוליב די נגישות פון דער רוסישער מאַכט האָט ער אָבער ניט געקענט באַזוכען די ביבליאָטעק און זיך איינשרייבען אין דאָזיגען בוך.

## אינזש. אברהם קלעבאַנאָוו.

# די פּראָפעסיאָנעלע שולען ביי „הילף דורך אַרבייט” אין ווילנע.

(געוועזענע — טרודאָוואַיאַ פּאָמאָשץ — ”Pomoc Pracy”)



בלי ספק איז עס איצט די דרינגענדסטע אויפגאַבע פאַר דער געפּלאָגטער אידישער באַפעלקערונג, ווען אַלע קוואַלען פון די טראַדיציאָנעלע פּרנסות געהען אונטער. מען מוז וואָס גיכער צוטרעטען צו דער איבערשיכטונג פון דער באַפעלקערונג. ווארום די איצטיגע, און הויפּטזעכליך די קומענדיגע אָרדנונג איז באַזירט אויף אַרבייט, פיזישע, קוואַליפיצירטע (פאַכאָווע) און גייסטיגע. דער קוואַליפיצירטער און פיזישער אַרבייטער וועט שטענדיג האָבען זיין פּלאַץ, מעג עס אפילו זיין אין קריזיס־צייט, וועט ער אַלע מאָל זיין באַשעפטיגט.

דער הענדלער, קרעמער, פאַרמיטלער איז אין קריזיס פאַר'משפט צום אונטערגאַנג. דער פאַקט איז, דאכט זיך, אַזאַ אנשויליכער, אַז עס הערשט נישט קיין מיינונגס־פאַרשידענהייט אין דעם פּרט. דאָך איז עס נאָך נישט אריינגעדרונגען אין דער פּסיכיק און באַוואוסטזיין פון דאָס רוב פון דער אידישער באַפעלקערונג, הויפּטזעכליך אין מיטעלשטאַנד. דער שיכט זוכט נאָך אַלץ איליוזיעס אין דער אַלגעמיינער בילדונג. „גימנאַזיע־מאַניע” איז נאָך אַ הערשענדע קרענק ביי אידישע עלטערען, נישט קוקענדיג אויף דעם, וואָס אפילו די וואָס ענדיגען הויך־שולען האָבען אַבסאָלוט נישט קיין פאַרווענדונג אין לעבען, נישט ריידענדיג שוין וועגען די, וואָס ענדיגען הויך־שולען האָבען אבסאָלוט נישט קיין פאַרווענדונג אין לעבען, נישט ריידענדיג שוין וועגען די, וואָס ענדיגען אַ מיטעל־שול און בלייבען אין „מיטען”. מיר זעהען, אַז אפילו די פּוילישע געזעלשאַפט איז שטאַרק בעאומרוהיגט מיט דער וואַקסענדיגער צאָל פון מיטעל־שול אַבסאָלווענטען, וועלכע עס איז נישטאָ וואו אהינצוטאָן, כאָטש דער מלוכה־אַפּאַראַט ווערט דורך זיי אינגאַנצען פאַרפילט. דורך דעם

נייעם שול־געזעץ ווערט דער שטראָם פון לערען־יוגענט געווענדעט אין פּראָפעסיאָנעלע שולען. דער ציל פון דעם אַרטיקל איז צו באַקענען די אַמעריקאַנער ברידער און שוועסטער מיט איינעם פון די גרעסטע אַנשטאַלטען פאַר פּראָפעסיאָנעלער אויסבילדונג אין פּוילען און אפשר אויך אין דער גאַנצער אידישער וועלט. דער אַנשטאַלט טראָגט דעם נאָמען „הילף דורך אַרבייט" און עקזיסטירט שוין אין ווילנע 31 יאָהר. די אַמאָליגע ווילנער עסקנים האָבען געהאַט אַ חוש פאַר געזעלשאַפטליכע ענינים פון ברייטערען פאַרנעם. און מיט עטליכע און דרייסיג יאָהר צוריק, אפילו אין דער צייט פון אויפבוי פון רוסישען קאַפּיטאַליזם, וועלכער האָט אַריינגענומען אַ היבשע צאָל אידישע אַרבייטער, האָבען די ווילנער טוער מיט די באַקאַנטע עסקנים א. ניישול, י. ל. גאָלדבערג, דר. מאַקאָווער בראש שוין אָנגעהויבען משתדל צו זיין זיך, אז עס זאָל ערלויבט ווערען צו גרינדען אַ געזעלשאַפט פאַר פאַרשפּרייטען פּראָדוקטיווע באַשעפטיגונגען צווישען דער אָרימער אידישער באַפעלקערונג. יאָהרען לאַנג האָט געדויערט ביז מען האָט אין יאָהר 1903 אַרויסגע־קראָגען פון דער רוסישער רעגירונג אַ לעגאַליזירטען סטאַטוס פאַר דער געזעלשאַפט „הילף דורך אַרבייט" (טרודאָוואַיאַ פּאָמאָשץ) אין ווילנע. די דערמאָנטע עסקנים האָבען באַוואויגען דעם דר. בנימין פּין (אַ זוהן פון באַריהמטען משכיל ר' שמואל יוסף פין) צו שפּענדען זיין גאַנצען פאַרמעגען פאַר די צילען פון דער געזעלשאַפט. אויף אַ טייל פון דעם קאַפּיטאַל איז געקויפט געוואָרען אויף סובאַטש גאַס 19 אַ הויז, אין וועלכער די געזעלשאַפט האָט קאָנצענטרירט איהר טעטיגקייט. דאָ איז צוערשט געגרינדעט געוואָרען אַן אַרבייטס־הויז פאַר אַרבייטסלאָזע, נישט קוואַליפיצירטע מענער און פרויען און פאַרשידענע וואַרשטאַטען פאַר שוסטער, שניידער, באָנדאַרעס, סטאָליאַרעס. אין יאָהר 1905 בין איך אויסגעקליבען געוואָרען אין פאַרוואַלטונג פון „הילף דורך אַרבייט" און איך האָב גענומען אויף זיך די עובדה די גאַנצע אַרבייט צו רעאָרגאַניזירען און איבערפירען אויף פּראָדוקטיווע יסודות. עס ווערען געעפענט קורסען און מוסטער וואַרשטאַטען (מיט אויסלענדישע הויך קוואַליפיצירטע אינסטרוקטאָרען) פאַר דערוואַקסענע אידישע בעלי מלאכות, כדי צו באַקענען זיי מיט די נייסטע מעטאָדען און מוסטערן אין דער מלאכה. אין יאָהר 1907 זיינען געעפענט געוואָרען די ערשטע פאַך־אָפּטיילונגען פאַר יוגענט אין פאָרם פון פּראָפעסיאָנעלע שולען.

ביסלעכווייז האָט זיך „הילף דורך אַרבייט" פאַרוואַנדעלט אין אַ גרויסען אַנשטאַלט פאַר פּראָפעסיאָנעלער אויסבילדונג פון יונגען דור. אפילו אין די שווערע צייטען פון דער דייטשער אָקופּאַציע (ווען אַלע פאַך־שולען אין פּוילען זיינען געווען געשלאָסען) האָט די געזעלשאַפט נישט איבערגעריסען איהר טעטיגקייט; פאַרקערט, נאָך געמאַכט

גרעסערע אנשטרענגונגען, כדי צו עפענען נייע אפטיילונגען מיט'ן ציל אריינצונעמען וואס מעהר יוגענט, וועלכע האט נישט געהאט וואס צו טאן. עס איז געגרינדעט געווארען א דאנק דר. ס. לעווי און מיך א לאנדווירטשאפטליכע שול נישט ווייט פון ווילנע פאר 100 יונגע לייט און מיידלעך. עס זיינען געעפענט געווארען שניצעריי, טאקעריי, גראַ־ווירעריי, וואנט און דעקאראציע מאלעריי, ליטאגראפיע, מענער שניי־דעריי פאר אינגלעך, דאמען שניידעריי, וועש נייטעריי, העפטעריי, הויז־האלטונג און שפיצען אפטיילונגען פאר מיידלעך.

עס וואלט פארנומען צופיל ארט איבערצוגעבען די געשיכטע פון דער געזעלשאפט. איך וועל זיך באנוגענען מיט דעם, וואס עס שטעלט מיט זיך פאר „הילף דורך ארבייט" איצט. דאס גרויסע הויז אויף סובאטש גאס 19 איז אפען כמעט א קיילעכדיג יאהר פון 8 פריה ביז 10 אווענט, און די ארבייט ווערט נישט איבערגעריסען אפילו אויף איין שעה. עס בייט זיך נאר דער מענשען מאטעריאל אין די פאכען. פון אינדערפריה איז טעטיג די בייטאגיגע פראפעסיאנעלע שול פאר בחורים און מיידלעך מיט פאלגענדיגע אפטיילונגען: סטאלעריי, מענער שניידעריי, וועש נייטאריי, קינסטלערישע האפטעריי און מוסטער דאמען שניידעריי פאר דערוואקסענע; די שול איז קאנצעסיאנירט און האט מלוכה־רעכט (באהן הנחות, רעכט ארויסצוגעבען „טשעליאד־ניטשע" דיפלאמען, לויט'ן אינדוסטריע געזעץ און א. וו.). אין דער פראפעסיאנעלער שול ווערען אנגענומען יוגענטליכע פון 14 יאהר ביז 18, מיט א צייגעניש פון א געענדיגטער פאלקס־שול, אדער לפחות 5 קלאסען. דער קורס דויערט 3 יאהר. אין שול ווערט געלעגט די בעסטע אכט אויף אויסצובילדען פאך־לייט פון ערשטען ראנג. פון 46 שעה לימודים ווערט אפגעגעבען אויף ווארשטאט ארבייט 34—30 שעה. די איבעריגע שעה'ן זיינען פארנומען מיט טעארעטישע לימודים, ווי אידישע געשיכטע, פוילישע שפראך, בירגער־קענטעניש און הייםאט, קונדע, געאמעטריע, פאך־צייכענען, רעכענען און ספעציעלע לימודים, ווי סחורה וויסענשאפט, טעכנאלאגיע, און א. וו. די גרעסטע אויפ־מערקזאמקייט ווערט געלעגט אויף דער אנטוויקלונג פון קינסטלערישען געשמאק ביי די קומענדיגע האנטווערקער. מיט דעם צוועק ווערען דורך קינסטלער־ספעציאליסטען געפירט לעקציעס אויף צייכענען אום צוגע־וואוינען די האנטווערקער יוגענט צו פראיעקטירען די געגענשטאנדען, וועלכע ווערען פון זיי געמאכט אין די ווארשטאטען. די אויסגעצייכענטע רעזולטאטען פון די מעטאדען האבען שוין ניט איין מאל באוויזען ביי די אויסשטעלונגען, סיי ביי אלגעמיינע, סיי אייגענע, וועלכע די געזעל־שאפט „הילף דורך ארבייט" ארדענט איין פון צייט צו צייט. שטענדיג באקומט די געזעלשאפט די ערשטע פריזען. זי האט שוין 4 גאלדענע

מעדאלען און 1 „גראנד פריז" „פאר די מוסטערהאפט אוועקגעשטעלטע אונטערריכט פון מלאכה, וועלכע איז פארבונדען מיט קונסט". ווי די שול־סטאטיסטיק האט באוויזען, פארנעמען זיך אלע גענדיגטע מיט זייער פאך און האבען אלע מאל זייער דורכלעב מינימום, סיי אין לאנד, סיי אין אויסלאנד (ביי עמיגראציע).

וועגען דער אויסגעצייכענטער צוגרייטונג פון די אבסאלווענטען,



די געביידע וואו עס געפינט זיך די געזעלשאפט „הילף דורך ארבייט, ווילנע, סובאטש גאס 19.

זאגט עדות דער פאקט, וואס א היבשע צאל אידישע פראפעסיאנעלע שולען אין פוילען און אין נאהענטען אויסלאנד ווענדען זיך צו „הילף דורך ארבייט" מיט דער ביטע רעקאמענדירען זיי אינסטרוקטארען און אינסטרוקטארינס פון איהרע אבסאלווענטען. די שול איז באזארגט מיט א גרויסען אינוועטאר (מאשינען צו האלץ־באארבייטונג, ניי־

מאַשינען, פֿאַרשידענע מכשירים, און א. וו.). דער צייכען־זאַל איז איינגעאָרדענט לויט די לעצטע פֿאָדערונגען, סיי פֿון פּעדאַגאָגישען, סיי פֿון קינסטלערישען שטאַנדפּונקט. דער צייכען־זאַל האָט עטליכע טויזענט מאָדעלען, אין דעם זעהר קאָסטבאַרע מאָדעלען, מוזעאַלע גיפּסען פֿון דער קלאַסישער און מאָדערנער קונסט. ביי דער שול עקזיסטירט אַן אַלגעמיינע, ווי אויך אַ ספּעציעלע פֿאַך־ביבליאָטעק מיט איבער 5000 בענדער. אין דער פֿאַך־ביבליאָטעק געפֿינען זיך זעהר קאָסטבאַרע קינסטלערישע אויסגאַבען און זשורנאַלען. די ביבליאָטעק און דער לייען־זאַל באַדינען אַלע אָפּטיילונגען פֿון דער שול „הילף דורך ארבייט". אין די פֿרייע שעה'ן האָבען די שילער די מעגליכקייט זיך צו באַקענען מיט די נייסטע דערגרייכונגען אויפ'ן געביט פֿון האַנטווערק און פֿאַך־קונסט. ביי דער דאַמען־שניידעריי אָפּטיילונג עקזיסטירט אַ מוסטער־קינסטלערישע אַטעליע, וואָס פֿירט אויס נאָר ערשט־קלאַסיגע באַשטעלונגען פֿון טואַלעטען און אויבער־קליידער. אין דער אָפּטיילונג ווערען אָנגענומען שניידערקעס, וואָס אַרבייטען אין פֿאַך שוין עטליכע יאָהר און ווילען זיך פֿאַרפֿאָלקאָמען, סיי פֿאַכמענעריש, סיי קינסטלעריש. דער קורס דויערט איין יאָהר.

פֿון 4 אַזייגער ביי טאָג הויבען אָן צו אַרבייטען פֿאַרשידענע אָוועגט־קורסען פֿאַר דערוואַקסענע. דער ציל פֿון די אָווענט־קורסען איז צו באַזאָרגען מיט אַ פֿאַך די יעניגע, וועלכע האָבען ניט באַוויזען צוליב וועלכע עס איז סיבות זיך אויסצולערנען אַ מלאכה אין די שול־יאָהרען. די פֿאַך־קורסען האָבען אַ קורצערען טערמין אויף אויסצולערנען אַ מלאכה. דאַמען־שניידעריי, היטען־פּוצעריי, קאָרסעטען אָפּטיילונג ווערען באַזוכט יונגע מיידלעך אָדער פֿרויען. דער קורס דויערט איין יאָהר. כדי צו פֿאַרברייטערען דעם האָריזאָנט פֿון אידישע מלאכה זיינען געעפֿענט געוואָרען טריקאָטאַזש קורסען אונטער דער לייטונג פֿון אינזש. א. ביינסאָן, אַ גרויסער פֿאַכמאַן אויף טריקאָטאַזש מאַשינען. טריקאָטאַזש אויסאַרבייטונגען זיינען לעצטענס זעהר פֿאַרשפּרייט און ווערען אַ מאַסען־אַרטיקעל.

אויף נאָך איין פֿאָרם פֿון הויז־אינדוסטריע האָט די געזעלשאַפֿט „הילף דורך ארבייט" זיך אָפּגעשטעלט — אויף פֿאַרשידענע טעכנאָ־כעמישע אויסאַרבייטונגען. ביי דער געזעלשאַפֿט עקזיסטירט שוין 7 יאָהר איין־יאָהריגע טעכנאָ־כעמיש קורסען אונטער דער לייטונג פֿון באַקאַנטען פֿאַכמאַן אויף דעם געביט דר. רוטשטיין. די קורסען נעמען אַרום סיי טעאָרעטיש, סיי פּראַקטיש, די אויסאַרבייטונגען פֿון פֿאַרשידענע שפּייז־אַרטיקלען, ווי קונסט־האָניק, פּאַטאַקע, מאַרמעלאַדען, קאָנפֿעקטען, כאַלווע, א. א. וו.; טעכנאָ־כעמישע פּראָדוקטען, ווי טינט, פּאַסטע, און ד. גל.; קאָסמעטישע אַרטיקלען, ווי פּודער, אָדע־קאָלאָן,

פּראָשקעס און פּאַסטע צו רייניגען די ציינער, און א. וו. באַזונדערס ווערט געלעגט אַכט אויף אויסצולערנען זיך זייף־קאָכעריי, סיי איינ־פאַכע, סיי קאָסמעטישע.

מאַנכע פון די געענדיגטע האָבען זיך זעהר גוט איינגעאָרדענט אין עמיגראַציע לענדער, ווי אויך אויף דער פּראָווינץ. די איינאָרדנונג פון א טעכנאָ־כעמישען ווארשטאַט אויף איינעם אָדער עטליכע אויס־גערעכענטע ארטיקלען איז פאַרבונדען מיט די מינימאַלסטע קאָסטען. די רויה־שטאָפען קאָסטען אויך ניט פיל, און דעריבער פאָדערט זיך נישט אויף דער איינאָרדנונג און פיהרונג פון אזא פּראָדוקציע קיינע קאַפּיטאַלען.

„הילף דורך ארבייט" האָט שוין א טראַדיציע אין הינזיכט פון פאַרשענערען דעם קינסטלערישען געשמאַק פון אידישען האַנטווערקער. מיט דעם צוועק זיינען געעפענט געוואָרען פּעריאָדישע און שטענדיגע פאַרפאָלקאָמונגס־קורסען. צו די לעצטע געהערט די ספּעציעלע צייכען־שול, די איינציגע אידישע צייכען־שול אין פּוילען, אונטער דער ליטונג פון באַריהמטען מאַלער, פּראָפעסאָר קולעשא. די צייכען־שול באַדינט א גאַנצע ריי פאַכען, ווי פאָטאָגראַפען, ליטאָגראַפען, גראַווירער, קונסט־מאַלער און א. וו., וועלכע דאַרפען זיך פאַרפאָלקאָמען אין צייכענען. אין פּראָגראַם פון דער שול געהט אריין צייכענען פון גיפּסען, לעבעדיגע מאָדעלען, אָרנאַמענטיק, קאָמפּאָזיציע. די צייכען־שול גרייט אויך צו די אריינטרעטונג אין די אָפּטיילונגען פאַר פיינע קונסט אין די הויך־שולען, ווי אויך לערער אויף צייכענען. די צייכען־שול איז באַזאָרגט מיט צאָלרייכע סטאַטוען, ביוסטען, אָרנאַמענטען און אַנדערע מכשירים.

„הילף דורך ארבייט" האָט אויך געזאָרגט פאַר דעם, אז די האַנטווערקער יוגענט, וואָס לערנט אין פּריוואַטע ווארשטאַטען (טער־מינאָטארען) זאָלען קענען זיך קוואַליפיצירען לויט די פאָדערונגען פון אינדוסטריע געזעץ. מיט דעם צוועק איז לויט מיין איניציאַטיוו און אָנווייזונגען געעפענט געוואָרען די איינציגע אידישע פאַך דערגענצונג שול פאַר טערמינאָטארען, וועלכע האָט שוין געהאַט צוויי אָרויסלאָזען. די צייגניש פון דער דערגענצונג שול גיט די מעגליכקייט צו באַקומען דעם דיפּלאָם פון א געהילף־מייסטער.

אין הארבסט פון היינטיגען יאָהר האָבען מיר אויסגעאַרבייט אן אויספירליכע פּראָגראַם פון פאָלגענדע פאַך־קורסען, וועלכע זיינען זעהר וויכטיג פאַר דעקלאַסירטע עלעמענטען, און צו וועלכע א מער דערוואַקסענער מענש קען זיך לייכט צופּאַסען און אויסלערנען אין א קירצערער צייט, פון 6 ביז 9 חדשים. די פאַכען זיינען:

א) דאַמען פריזיר (פאַר פרויען און מענער) : 1) שערען, 2) האָר־אייזען־אַנדולאַציע, 3) וואַסער־אַנדולאַציע, 4) דעקאָלאָראַציע,

5) האָר פאַרב, 6) וואַשען. דער קורס דויערט 8—9 חדשים. ב) קינ־דער קאָנפעקציע: 1) קינסטלערישע אויספיהרונג פון קינדער־קאָנפעקציע, 2) מאָדעלירען, 3) אנטוויקלונג פון געשמאַק, 4) פוצונגען, 5) אוניפאָרמען, 6) טעאָרעטישער און פראַקטישער שניט. דער קורס דויערט 1 יאָהר. ג) מענער און דאַמען צושניידעריי: 1) שניט סיסטעמען, 2) אַנאַטאָמיע — נאָרמאַלער בוי און אומנאָרמאַלער בוי פון מענשליכען קערפער, 3) פאַסען און אויסבעסערונג נאָכ'ן פאַסען. דער קורס דויערט 6 חדשים. ד) בוי־קורסען: 1) ארכיטעקטור פאָרמען, 2) טעכנאָלאָגיע פון בוי־מאַטעריאַלען, 3) ארכיטעקטור, 4) טעכנישע צייכנונגען. דער קורס דויערט 1 יאָהר. ה) הענטשקעס נייטערי (האַנדלאַשען): 1) נייען, 2) פאַרענדיגען. ו) שילדען מאַלעריי; דער קורס דויערט 1 יאָהר. ז) גראַוויר־ערריי: 1) עלעמענטאַרע כללים פון שריפט־צייכענען, 2) גראַווירעריי אויף מעטאַלען, מעש און צין, 3) אויסקריצען שריפטען אויף מעש, אייזען און זילבער, 4) מאָנאָגראַמען, 5) קאָמפּאָזיציע. דער קורס דויערט 1 יאָהר. ח) האַנט שטריקעריי: שטריקען בלוזען, היט, שאַלקעס, רידיקולען, קינדער־קליידער, קראַגענס, סערוועטען. דער קורס דויערט 4 חדשים.

עס איז דאָך צו באַוואונדערען, וואָס גראַד אין אַ צייט ווען אַ גרויסע צאָל אידישע פאַך־שולען און קורסען האָבען זיך אין פוילען פארמאַכט און אַנדערע געפינען זיך אין אַ צושטאַנד פון גסיסה, האָט „הילף דורך ארבייט", וואָס איהר מאַטעריעלע לאַגע איז זעהר אַ שווערע, ניט בלויז ניט פאַרקירצט איהר ארבייט, נאָר פאַרגרעסערט זיך נאָך אין דער ברייט און אין דער טיף. עס מוז דאָ אונטערשטראָכען ווערען, אַז אַ גרויסען דאַנק פאַרדינט דאַביי די געזעלשאַפט יק"א, וועלכע האָט נאָך דער מלחמה שטענדיג אונטערשטיצט „הילף דורך ארבייט" און ניט געלאָזען איהר פאַלען.

ביי היינטיגען טאָג זיינען אין „הילף דורך ארבייט" פאַראַן 41 אינסטרוקטאָרען און לערער, ביי אַ צאָל שילער, אין 13 אָפּטיילונגען, איבער 500.

אייגענטליך האָט יעדע אָפּטיילונג פון די פּראָפעסיאָנעלע שולען פון „הילף דורך ארבייט" ביי אַנדערע באַדינגונגען געקענט ווערען אַ זעלבסטשטענדיגע אינסטיטוציע, וועלכע וואָלט געוויס פאַרדינט צו ווערען אַן אוטאָנאָמער אַנשטאַלט, דאָס וואָלט אָבער געוויס אריינ־געטריבען אין אומגעהויערע הוצאות, אָבער ווען די אַלע צווייגען פון דער פאַך־אויסבילדונג זיינען קאָנצענטרירט אין איין אינסטיטוציע, ווי דאָס איז אין „הילף דורך אַרבייט", ווערט דערמיט דערגרייכט די מאַקסימאַלע עקאָנאָמיע.

צווישען אַלע מיטאַרבייטער און פריינט פון „הילף דורך אַרבייט" מוז לעבען דער איינציגער און אַקטועלסטער לאָזונג דורכהאַלטען די שווערע צייט און מיטהעלפען מיט אַלע מעגליכע כוחות און מיטלען דער ווייטערדיגער נוצליכער אַרבייט פון אונזער אינסטיטוציע. בפרט ווען עס פאָדערען דאָס די ברייטסטע אידישע פאָלקס-מאַסען, וועלכע שטרעבען צו פּראָדוקטיוויזירען זיך און איבערשיכטונג.

מיר האָפען, אַז די ווילנער לאַנדסלייט אין אַמעריקע וועלען גאַנץ זיכער פאַרשטיין די פאָדערונגען פונ׳ם איצטיגען היסטאָרישען מאָמענט פונ׳ם אידישען גורל און צוהעלפען דער דאָזיגער גראַנדיעזער אַרבייט. עס וועלען זיך דאַן פאַר „הילף דורך אַרבייט" עפענען נייע האָריזאָנטען מיט נייע פּערספּעקטיוון, וואָס וועלען געבען די מעגליכקייט צו פאַר־שפּרייטען די מלאכה צווישען די שיכטען, אין וועלכע ס׳איז נאָך ניט אריינגעדרונגען דער געדאַנק אַז נאָר דורך הויך קוואַליפיצירטער מלאכה קען אויפגעבויט ווערען אַ זיכערע עקאָנאָמיק פון דער אידישער באַ־פעלקערונג. דאַן וועט ערשט קענטיג ווערען די גרויסע נאַציאָנאַל־ווירטשאַפטליכע ראָליע פון „הילף דורך אַרבייט" אין דער פאַרגאַנ־גענהייט, געגענוואַרט און צוקונפט.

## ח. פּופּקאָ.

# ווילנע — דאָס וויגעלע פון דער אידיש־וועלטליכער שול.

(20 יאָהר שול־בויאונג אין ווילנע)



ווילנע, די אַלטע ירושלים דליטא, די שטאָט מיט אַזוי פיל טראַדיציעס, מיט אַזא יחוס אויף אַלע געיטען פון אידישען לעבען און שאַפען, האָט איינגעהאַלטען איהר פּלאַץ אין דער אידישער וועלט אויך איצטער אַלס צענטער פון דער נייער אידישער קולטור — און דאָס איז אין אַ גרויסער מאָס אַ דאַנק דער ברייט־פאַרצווייגטער און וויכטיגער אידי־שער קולטור־ארבייט פון די לעצטע פּאָר צענד־ליג יאָהר, אַ דאַנק דעם גרויסען שול־בנין, וואָס איז דאָרט אויפגע־שטעלט געוואָרען.

ווילנע האָט אויסגעבויט אַ נעץ פון פאָלקס־שולען און קינדער־גערטנער מיט טויזענטער קינדער און הונדערטער לערער. אין ווילנע האָט מען געשאַפען די ערשטע אידישע לערען־ביכער און קינדער־ליטעראַטור. ווילנע איז געווען די פּיאָנערין פון מיטעל־שולען אין אידיש. ווילנע האָט די ערשטע פאַרנאַנדערגעוויקעלט דעם קאַמף פאַר דער אַנערקענונג פון דער אידיש־וועלטליכער שול מצד דער רעגירונג און זעלבסטפאַרוואַלטונג; ווילנע האָט אויפגעעפענט דעם ערשטען אידישען לערער־סעמינאַר און טעכניקום. די יונגע אידישע לערער, וואָס ווילנע האָט ארויסגעלאָזט, האָבען זיך צוזייט איבער פאַרשיידענע אידישע ישובים און זיינען אומעטום געוואָרען די אַקטיווסטע טוער פון דער נייער אידישער שול־בויאונג.

ניט ווייניג מיה און ענערגיע האָט זיך געפאָדערט ביז וואַנען דער דאָזיגער שול־בנין איז אַוועקגעשטעלט געוואָרען אויף דער נויטיגער הויך.

אונטער די קלאַנגען פון האַרמאַטען, ביי דער באַגלייטונג פון גע־יאָגטע און גע'רודפ'טע היימלאָזע, אין אַ צייט פון פולשטענדיגער

צורודערונג אין אידישען לעבען האָט זיך אָנגעהויבען בויען די אידישע שול. מיט אימפעט, געטריישאפט, ענטוזיאזם. אָהן מיטלען, אָהן דער־פארונג, נאָר ווי געשטויסען פון אַן אינערליכער קראַפט, וואָס איז יאָהרען געווען געצווימט. שוין מיט יאָהרען צוריק איז די פראַגע וועגען אַ שול אויף דער מוטער־שפּראַך פון די אידישע מאַסען גע־שטאַנען אויפ'ן סדר־היום פון דער פּראָגרעסיווער אידישער געזעלשאַפט־ליכקייט. דער אויפבוי פון דער נייער אידישער ליטעראַטור, די אַנט־וויקלונג און וואוקס פון דער אידישער ארבייטער באוועגונג האָט נאָך אין אָנהויב פון איצטיגען יאָהרהונדערט רייף געמאַכט דעם געדאַנק וועגען דער נויטוועגדיגקייט פון אַזאַ שול. אָבער צוליב די אומשטענ־דען פון צאַרישען רעזשים אין רוסלאַנד האָט דער דאָזיגער קאַמף פאַר אַ שול אין אידיש געטראָגען מעהר אַ טעאָרעטישען כאַראַקטער. די דעמיעווקער שול אין קיעוו (געגרינדעט אין 1911 יאָהר) איז געווען די ערשטע און איינציגע שול, צו יענער צייט, מיט אידיש אַלס אונטער־ריכט־שפּראַך. אין אַלע אַנדערע פאַלען, אויף וויפיל ס'איז געפיהרט געוואָרען די ארבייט אין אידיש — איז דאָס פאָרגעקומען געהיים פון דער שול־מאַכט (ווי דאָס איז געווען צ. ב. אין דער ווילנער אָווענט־שול פאַר דערוואַקסענע). ערשט אין יאָהר 1914 איז אין צאַרישען רוסלאַנד ארוים אַ געזעץ, וואָס האָט דערלויבט עפענען פריוואַטע שולען מיט דער אידישער אונטערריכט שפּראַך.

## דער אָנהויב פון דער וועלט־מלחמה.

אַ נייע פאַזע אין דער געשיכטע פון קאַמף פאַר אַ אידישער שול האָט זיך אָנגעהויבען מיט'ן אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה.

אויגוסט, 1914. נאָך די ערשטע האַרמאַטען שאָסען האָבען זיך פון די מערב'דיגע גרענעצען פון דער מלוכה אַ לאָז געטאָן קיין ווילנע, געטריבען פון שרעק און פאַרפאָלגונגען, שטראָמען היימלאָזע. מיט יעדען טאָג איז די צאָהל אַנטרונענע געשטיגען. מ'האָט געדאַרפט באַ־זאָרגען די אַלע היימלאָזע מיט אַ דאַך איבער'ן קאָפּ און מיט שפּייז. שלעכט איז געווען די לאַגע פון די אָנגעלאָפענע, אָבער נאָך ערגער איז געווען מיט זייערע קינדער, וועלכע פלעגען גאַנצע טעג פארברענגען מיט די עלטערע אין די ענגע, שמוציגע „אָבשטשעזשיציעס". דאָס האָט געצוואונגען אָנצונעמען שריט צו איזאָלירען די קינדער פון די עלטערן. מ'האָט אָנגעהויבען גרינדען ספּעציעלע קינדער היימען. די ערשטע צייט פלעגט מען די קינדער בלויז „פאַרנעמען", ווייל די הויפט אויפגאַבע פון אַנשטאַלט איז געווען — דערנערונג.

דאָך האָבען די לערער זיך געמיהט, אַז די צייט זאָל ניט געהן לאיבוד: מען האָט איינגעפיהרט פאַרשיידענע אַנטוויקלונגס־שמועסען, פאָרלעזונגען, קאָלעקטיווע שפּילען, האַנט־ארבייט און געזאַנג. פאַר

אנאַלפאַבעטען זיינען געווען ספּעציעלע גרופּעס, וואו מ'האָט געלערנט לייענען און שרייבען. געטאָן איז דאָס געווען טיילווייז געהיים, ווייל אין דער דערלויבניש פון דער רוסישער מאַכט איז געווען אַ בפירוש'ער פּונקט, אַז מ'טאָר מיט די קינדער ניט לערנען. נאָר אין גיכען האָט זיך אַרויסגעוויזען אַ נויטווענדיגקייט אויסצואַרבייטען אַ גענויע פּראָגראַם פאַר דער אַרבייט ווי אויך צו שאַפען דעם נויטיגען לערען-מאַטעריאַל אין אידיש. אַ ספּעציעלע קאָמיסיע פון שריפטשטעלער און פּעדאַגאָגען האָט געזאָלט די פראַגע באַהאַנדלען. נאָר די דייטשען האָבען זיך דערנעהנטערט צו ווילנע און פאַר דער אידישער געזעלשאַפטליכקייט האָט זיך געשטעלט אַ סך ערנסטערע און ברייטערע אויפגאַבען.

## די צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע.

אין אויגוסט 1915 האָט די רוסישע מאַכט עוואַקואירט ווילנע. צוזאַמען מיט איהר זיינען אַרויסגעפאָהרען פון שטאָדט אַלע אידישע קאַזיאָנע שולען. אפילו די לערער פון דער שטאָדטישער תלמוד-תורה זיינען אַוועקגעפאָרען און אַזאַ גרויסער יתומים-אַנשטאַלט איז געבליבען אויף הפקר. צוזאַמען מיט דער רוסישער אַרמיי האָבען פאַרלאָזט ווילנע אויך אַ גרויסע טייל פון די פאַרמעגליכע קלאַסען פון דער אידישער געזעלשאַפט און פון דער אינטעליגענץ. אויך פון די צוויי ווילנער בילדונגס-געזעלשאַפטען (אָפּטיילונג פון פּעטערבורגער חברה „מפיצי השכלה” און געזעלשאַפט פאַר „קינדער-פאַרזאָרגונג”) וועלכע האָבען ביז דער מלחמה אָנגעפיהרט אַ גאַנץ ברייטע קולטורעלע אַרבייט, זיינען פאַרבליבען גאָר קליינע הייפעלעך טוער.

די קינדער פון דער אָרעמערער אידישער באַפעלקערונג, וואָס האָט ניט פאַרלאָזט ווילנע, זיינען אַזוי אַרום געבליבען אָהן אַ וועלכער ס'איז שול. כדי ניט צו פאַרלירען קיין צייט, האָט אַ גרופּע געזעלשאַפטליכע טוער (צווישען זיי אויך דער פאָרזיצער פון ווילנער אָפּטיילונג פון „מפיצי-השכלה” — דר. צ. שאַבאַד) באַשלאָסען שאַפען אַ צייטווייליגען קאָמיטעט, קאָאָפּטירענדיג נאָך עטלעכע פּערזאָן פון די פאַרבליבענע אין שטאָדט שול-טוער און לערער און תיכף צוטרעטען צו אָרגאַניזירען די נויטיגע אַנשטאַלטען.

פאַר מיידלעך זיינען אין ווילנע געווען 2 געזעלשאַפטליכע שולען (די שול אויף באַקשט 4, פון דער געז. „קינדער פאַרזאָרגונג”, און אַ צווייטע שול אויף קאַננע גאַס). פאַר אינגלעך איז קיין שול ניט געבליבען. דערפאַר איז די גרינדונג פון אַ אינגעל-שול געווען ממש אַ ברענענדיגע נויטווענדיגקייט. ניט ווייניגער ערנסט איז געווען די לאַגע אין אַנדערע פּונקטען פון שטאָדט. אויף דער פאָרשטאָדט אַנטאָקאָליע, למשל, האָבען שוין עקזיסטירט אַ פּוילישע און ליטווישע שול.

אויך די ווייס־רוסען האָבען צו יענער צייט געעפענט אַ ווייס־רוסישע פאָלקס־שול.

ס'איז דעריבער באשלאָסען געוואָרען גרינדען די ערשטע אינגעל־שול; עפענען אַ שול אויף אַנטאָקאָל און נאָך אין אייניגע פונקטען פון שטאָדט, אָרגאַניזירען אַ פאָלקס־אוניווערזיטעט. די היימען, וועלכע זיינען לכתחילה געגרינדעט געוואָרען פאַר די קינדער פון די פליטים האָבען אָנגעהויבען אריינעמען אויך קינדער פון פאַראָרימטע ווילנער אידען. אזוי ארום זיינען זיי ביסלעכווייז פארוואַנדעלט געוואָרען אין שולען. אין יאָהר 1916 האָט שוין ווילנע פאַרמאָגט אַ נעץ פון 6 אידיש־וועלטליכע פאָלקס־שולען און איין אָווענט־שול (געגרינדעט נאָך אין יאָהר 1901 לויט דער איניציאַטיוו פון באוואוסטען בונדישען טוער דר. פ. ראָזענטאַל (פ. אנמאן). אין אָוועגט־שול איז דעם יאָהר געווען פארשריבען ביי טויזענט מאַן. אויסער דער אָוונט־שול האָבען אין שטאָדט פונקציאָנירט 2 פאָלקס־אוניווערזיטעטען: פון דער חברה „מפיצי השכלה" און דער „אוניווערזיטעט פאר אלע" אויף אַלעק־סאַנדער בולוואר 13. אויך די קינדער־שולען זיינען געווען געפּאַקט.

אין גיכען האָט זיך אָנגעהויבען אין ווילנע אַ שרעקליכער הונ־גער. די מענער פלעגט מען כאַפּען אויף צוואַנגס־ארבייט. אַ סך ארבייטער האָבען עמיגרירט קיין דייטשלאַנד צו ארבייטען אין די קוילען־גרובען. אויך די אידישע שולען האָבען געליטען דחקות און נויט.

די דייטשע אָקופּאַציע־מאכט, וועלכע האָט זיך צום אָנהויב באַ־צויגען גאַנץ טאָלעראַנט צו די אידישע שולען, האָט גאָר גיך ראַדיקאַל געביטען איהר שטעלונג.

נאָכדעם ווי ס'זיינען פארעפענטליכט געוואָרען די באוואוסטע הינדענבורג־תקנות וועגען שול־וועזען אין „אָב־אָסט" (אזוי האָט זיך אָנגערופען אויפ'ן מיליטערישען לשון דער אָקופּירטער ליטווישער געביט) האָבען זיך אַ שאָט געטאָן אויף די אידישע שולען איין גזירה נאָך דער אַנדערער. ס'ווערט פלוצלונג דורך אַ שטרענגער פאַראָרדנונג פאַרבאָטען צו לערנען רוסיש און מ'הייסט איינפיהרען דייטש און דוקא פון 1טען קלאַס אָן. די דייטשע מאכט באנוגענט זיך ניט מיט דעם. זי געהט נאָך ווייטער. זי וויל, אז אין די שולען פון די אָרטיגע נאַציאָנאַליטעטען זאָל אויך די אונטערריכט שפּראַך זיין דייטש. דאָס האָט אויפגערודערט די אָרטיגע געזעלשאַפט. די אידישע לערערשאַפט האָט גענומען אויף זיך די איניציאַטיוו זיך צונויפרעדען מיט די אַנדערע נאַציאָנאַליטעטען (פּאָליאַקען, ליטווינער, ווייס־רוסען) כדי מיט געמיינזאַמע כחות זיך ווערען געגען דעם אָנגריף פון דער דייטשער שול־מאכט.

אַ צווייטע פאַראָרדנונג איז געווען, אז זונטאָג זאָלען אין די

אידישע שולען קיין אַלגעמיינע למודים ניט געלערענט ווערען, כדי זונטאָג זאָל ווערען אַ מין צוואַנגס־רוה טאָג. אויך די דאָזיגע פאָדע־רונג האָבען די אידישע שולען ניט געקענט נאָכגעבען.

בעת די דייטשע מאכט האָט זיך איבערציינגט דורך די אָפטע רעוויזיעס, וואָס זי פלעגט מאכען אין די שולען, אַז איהרע פאַר־אָרדנונגען ווערען ניט אין גאַנצען פּינקטליך אויסגעפיהרט, האָט זי באַשלאָסען צו מאכען אַן ענדגילטיגען אַטענטאַט אויף די שולען פון אַלע נאַציאָנאַליטעטען אין ווילנע. אונטער'ן אויסרייד פון קאַמף געגען דער טיפוס־עפּידעמיע וואָס האָט געהערשט אין שטאָדט אין יענער שרעקליכער הונגער־צייט האָט מען פאַראָרדענט שליסען אַלע פאָלקס־שולען און אָוונט־שולען אויף אַ האַלב יאָהר צייט. די לערערשאַפט און די שול־טוער האָבען אָבער באַשלאָסען זיך ניט אונטערגעבען און ניט אויפהערען לערנען. דאַן האָט די שול־מאכט פאַראָרדענט מיט גוואַלד פאַרנאַנדערטרייבען די קינדער און ארעסטירען אַלע פאַרוואַלטער.

ס'איז געוואָרען אַ גרויסער טומעל אין דער פרעסע וועגען דעם פאַל. די דייטשע מאכט האָט זיך ארומגעזעהן, אַז זי האָט צו שארף גע־האַנדעלט, האָט זי געשיקט רופען פאַרשטעהער פון אַלע נאַציאָנאַלע שול־קאָמיטעטען און פאַרגעלייגט מ'זאָל אָנשטאָט געהן אין תפיסה באַ־צאָהלען שטראָף.

נאָך אַ געמיינזאַמער באַראַטונג פון אידישע און פּוילישע כלל־טוער און לערער איז באַשלאָסען געוואָרען ניט צו געהן אויף קיינע הנחות. דער ווילנער שול־וועזען האָט זיך ארויסגעוויזען פאַר אַ האַרטען נוס, וועלכען די דייטשען האָבען ניט געקענט איינבייסען. 10 טעג זיינען די לערער געזעסען אין תפיסה און די אָקופּאַציע־מאכט האָט געמוזט צוריקציהען איהר פאַראָרדנונג און דערלויבען צוריק עפענען די שולען.

דאָס איז געווען אַ גרויסער נצחון, אָבער מעהר ניט טיילוויז, ווייל די דייטשען האָבען מיט געלט די שולען לחלוטין ניט געשטיצט, און די מאַטעריעלע לאַגע פון די אַנשטאַלטען איז געווען זעהר און זעהר אַ שווערע.

דאָס האָט אָבער ניט אָפּגעשטעלט די ווייטערדיגע שול־בויאונג. די פראַגע וועגען דער ווייטערדיגער בילדונג פאַר די ארויסלאָזען, די צופעליגקייט פון פאַרשיידענע פּריוואַטע גימנאַזיעס, זייער קרעמערישער כאַראַקטער און פּעדאַגאָגישע ווערטלאָזיגקייט, דאָס אַלץ האָט גורם געווען, אַז עס זאָל ווערען אַקטועל די פראַגע וועגען אַ מיטעל־שול אין אידיש. די אונטערנעמונג איז געווען ניט פון די לייכטע. דאָך טרעט צו דער קאָמיטעט פון „מפיצי השכלה" צו דער פאַרווירקליכונג פון דעם געדאַנק. נאָך לאַנגע באַראַטונגען האָט מען זיך אָפּגעשטעלט אויפ'ן טיפּ פון אַ רעאַל־שול. צום אָנהויב

לערען־יאָהר 1918־19 איז די אידישע רעאַל־גימנאַזיע (אזוי האָט מען איהר דאַן גערופען) געעפענט געוואָרען מיט אַ צאָהל קינדער לערך 300. די גימנאַזיע איז געוואָרען זעהר פּאָפּולער ביי דער אידישער באפעלקערונג און האָט אָנגעהויבען שנעל זיך אנטוויקלען. (אין יאָהר 1922־23 האָט די רעאַל־גימנאַזיע געצעהלט 18 קלאַסען — 10 גרונט קלאַסען און 8 פּאַראַלעלע — מיט 700 קינדער).

## ס'בייט זיך ווידער די מאַכט. — ווילנע אין די איבערגאַנגס־יאָהרען 1918־1922.

אין נאָוועמבער 1918, נאָך דער מפּלה אויפ'ן פראָנט, האָט די אָקופּאַציע־מאַכט זיך אָנגעהויבען ליקווידירען. פאַר די שולען האָבען זיך געעפענט נייע פּערספּעקטיוועו. די וויטערדיגע פּאָליטישע געשעהענישען פון יענער תקופה האָבען אָבער געבראַכט פאַר דער אויסגעמאַטערטער אידישער באפעלקערונג נייע צרות און זעהר שווערע איבערלעבונגען.

די דייטשען האָבען פאַרלאָזען די שטאָדט, און נאָך עטליכע טעג פון דער צייטווייליגער פּוילישער הערשאַפט איז ווילנע אריבער צו דער ראַטען־מאַכט.

די אידישע שולען זיינען אריינגענומען געוואָרען אין דער אַלגעמיינער שול־נעץ צוגלייך מיט די שולען פון אַלע אַנדערע נאַציאָנאַליטעטען.

ס'זיינען אָנגעקומען די שרעקליכע אַפּריל־טעג פון 1919. ס'האָט זיך אין ווילנע ווידער געביטען די מאַכט. די אידישע באפעלקערונג האָט זיך געפונען אין אַ שווערען צושטאַנד.

די ערשטע מאָנאַטען האָט די אידישע געזעלשאַפטליכקייט זיך ניט געקענט ווענדען צו דער נייער מאַכט וועגען שול־פראַגען (עס איז געווען נויטיג צו אינטערווענירען וועגען אַנדערע זאַכען...) און די לאַגע פון די שולען איז מיטאַמאָל געוואָרען אַ סך ערגער, ווי אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע. קיין בילדונגס־געזעלשאַפטען, וועלכע זאָלען זיך פאַרנעמען מיט די שולען, זיינען שוין דאַן ניט געווען און ס'איז דעריבער קלאָר געוואָרען פאַר אַלעמען אַז מ'מוז שאַפען אַזאַ קערפּערשאַפט, וואָס זאָל פאַראייניגען אַלע טוער פאַר אידישער בילדונג און איבערנעמען אויף די אָנפיהרונג און זאָרג פאַר די עקזיסטירענדיגע אידיש־וועלטליכע שולען.

אויף אַ באַראַטונג פון פאָרשטעהער פון פאַרשיידענע געזעלשאַפטלאַכע און קולטורעלע אָרגאַניזאַציעס. פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, עלטערען קאָמיטעטען און לערערשאַפט, וואָס איז פאָרגעקומען דעם 17טען מאַי 1919 אונטער'ן פאָרזיץ פון ש. ניגער, איז פּראָקלאַמירט געוואָרען די גרינדונג פון צענטראַלען בילדונגס קאָמיטעט (צ. ב. ק.).

ס'איז אויסגעקליבן געוואָרען אַן עקזעקוטיווע, וועלכע האָט געדאַרפט צוטרעטען צו דער אַרבייט.

אין ערשטען קאָמיטעט זיינען אַריין: ש. אַנ—סקי, ס. מ. גורע־וויטש, ב. האַלפּערן, מ. ווינרייך, ש. ידידאָוויטש, דר. א. מאַקאָווער, ש. ניגער, ש. סטופּעל־כהן, ג. פּאַץ, ג. פּלודערמאַכער, דר. ה. קאָוואַרסקי, ד. קאַפּלאַנסקי, ש. קלייט, ז. רייזען, דר. צ. שאַבאַד, מ. שור און אַנדערע.



דר. הערץ קאָוואַרסקי, פּאָרזיצער פון צענטראַלען בילדונגס־קאָמיטעט (צ. ב. ק.) אין ווילנע.

דערווייל זיינען ווידער פאָרגעקומען גרויסע איבערקערענישען. די פּאָליאַקען פאַרלאָזען צום צווייטען מאָל ווילנע און אין יולי 1920 פאַרנעמען די שטאָדט ווידער די באָלשעוויקעס (ראַטען מאַכט).

אין אַ קורצער צייט אַרום (אויגוסט 1920) האָבען די מאַכט אין ווילנע איבערגענומען די ליטווינער. זייער הערשאַפט איבער ווילנע האָט געדויערט ניט לאַנג. אין אָקטאָבער 1920 איז ווילנע פאַרנומען

געוואָרען דורך דער אַרמיי פון פוילישען גענעראַל זשעליגאָווסקי און ס'הויבט זיך אָן אַ נייע סדרה „מיטל-ליטע", ביז מאַי 1922, ווען ווילנע איז אינקאָרפּאָרירט געוואָרען צו פוילען.

## פּעדאַגאָגיש-געזעלשאַפטליכע טעטיגקייט פון צ. ב. ק. — נייע אַנשטאַלטען.

פאַרשטענדליך, אַז די אַלע געשעהענישען האָבען זיך זעהר שווער אָפּגערופען אויף דער לאַגע פון דער אידישער באַפעלקערונג אין ווילנע און מיט דעם במילא אויך אויף די שולען.

דאָך האָט דער צ. ב. ק. גראָד אין די איבערגאַנגס-יאָהרען אַנט־וויקעלט אַ ברייטע און אינטענסיווע געזעלשאַפטליכע ארבייט: ס'זיינען פאַראיינהייטליכט געוואָרען די פּראָגראַמען אין אַלע אידיש-וועלטליכע שולען.

ס'ווערען געשאַפען אידישע לערען-ביכער אויף פאַרשיידענע געגענ־שטאַנדען; ס'ווערט איינגעשטעלט אין די שולען אַ סיסטעמאַטישע מעדיצינישע אויפזיכט פון ספּעציעל איינגעלאַדענע שול-דאָקטוירים.

ס'ווערט געפיהרט אַ ברייטע אויפקלערונגס-ארבייט צווישען די עלטערען, דורך אָרגאַניזירען פאַר זיי רעגעלמעסיגע לעקציעס און אַנ־דערע פאַראַנשטאַלטונגען.

ביי די שולען ווערען געשאַפען באַזונדערע עלטערען-קאָמיטעטען.

ס'ווערען אַרויסגעגעבען עטליכע פּעדאַגאָגישע זשורנאַלען: „די נייע שול" — פאַר לערער; „שול און היים" — פאַר עלטערען; „גרינינקע בוימעלעך" און „חבר" — פאַר שול-קינדער און יוגענט.

ס'ווערט געשאַפען אַ „קינדער אוידיטאָריע", וועלכע אָרגאַניזירט סיסטעמאַטישע פאָרלעזונגען און קינדער-פאָרשטעלונגען אין דער אויסער שול-צייט; ס'זיינען אויך געעפענט געוואָרען נייע אַנשטאַלטען.

מיט'ן וואוקס פון דער אידישער שול האָט זיך דערפיהלט, ניט נאָר אין ווילנע, נאָר אין גאַנץ פוילען, אַ מאַנגעל אין גוט קוואַליפי־צירטע לערער כחות.

די צייטווייליגע פּעדאַגאָגישע קורסען, וואָס זיינען מיט עטליכע יאָהר צוריק געגרינדעט געוואָרען אין ווילנע, האָבען ניט געקענט באַפרידיגען די נאָכפראַגע אויף לערער. נאָך אַ גאַנצע רייה בעראַטונגען איז אין אָקטאָבער 1921 געעפענט געוואָרען דער ערשטער אידישער לערער־סעמינאַר.

ס'איז אָרגאַניזירט געוואָרען אויך אַ צווייטע מיטעל-שול אין אידיש — די הומאַניסטישע גימנאַזיע.

די אידישע רעאַל-גימנאַזיע, וועלכע האָט געהאַט ביי 700 קינדער, האָט בולט באַוויזען, אַז טייל תלמידים זיינען לויט זייערע פעהיגקייטען מעהר צוגעפּאַסט צום טיפּ פון אַ הומאַניסטישער גימנאַזיע. ס'איז

דעריבער ארויסגעשוואומען דער געדאנק צו פארטיילען די עקזיסטי־רענדיגע מאַטעמאַטיש־נאַטורוויסנשאַפטלעכע גימנאַזיע לויט די נייַ־גונגען פון די קינדער.

דורכגעפיהרט איז דאָס געוואָרען אין סעפּטעמבער 1923.

## פאַרבינדונג מיט די אידישע קבוצים אין אַנדערע לענדער; פאַראייניגונג פון די שולען אין גאַנץ פּוילען.

ביז 1920—1921 האָט מען אין אויסלאַנד וויניג געוואוסט פון דער נייער אידישער שול אין ווילנע. דער צ. ב. ק. נוצט אויס דאָס באַזוכען ווילנע דורך פאַרשיידענע עסקנים פון אויסלאַנד אויף באַקענען זיי מיט די ווילנער אידישע שולען. צו אַ גאַנצע רייה אידישע אויס־לענדישע אָרגאַניזאַציעס זיינען אָנגעגעבען געוואָרען שריפטליכע מע־מאָראַנדומס.

אַזוי האָט דער צ. ב. ק. זיך געווענדעט צום פאַרבאַנד פון אוקראַי־נער אידען אין לאָנדאָן; צו דער וועלט־ הילפס־קאָנפערענץ (זיץ־אָרט פּאַריז); צום דזשאָינט דיסטריביושאָן קאָמיטעט אין אַמעריקע און נאָך צו אַ גאַנצע רייה געזעלשאַפטען און רעליפען אין ווין, בערלין, קאַנאַדע, דרום אַפריקע, ארגענטינע א. אנד. פון אַ גאַנץ באַזונדערען כאַראַקטער זיינען געווען די באַציהונגען מיט'ן פּיפּעלס רעליף און מיט'ן ווילנער רעליף אין ניו יאָרק. מיט זיי איז דער צ. ב. ק. גע־שטאַנען אין אַן אָפטער שריפטליכער פאַרבינדונג.

אַז מ'דאַרף קאָאָרדינירען די אַרבייט פון אַלע אידיש־וועלטליכע שולען אין פּוילען איז צו יענער צייט געוואָרען קלאָר פאַר אַלע טוער פון דער אידישער שול. איצטער, נאָך דער דייטשער אָקופּאַציע, איז דאָס אויך געוואָרען מעגליך דורכצופיהרען. מיט דער אַקטיווער באַ־טייליגונג פון די ווילנער שול־טוער איז צונויפגערופען געוואָרען אין יאָהר 1921 דער ערשטער שול־צוזאַמענפאָהר פון די אידיש־וועלטליכע שולען אין פּוילען און ס'איז געשאַפען געוואָרען די אידישע צענטראַלע שול אָרגאַניזאַציע אין פּוילען, אָן וועלכער דער צ. ב. ק. איז אָנגע־שלאָסען אַלס צענטער פון די ווילנער שולען.

## ווילנע אונטער דער פּוילישער מאַכט. — דער קאַמף פאַר דער רעכטליכער לאַגע פון אונזער שול.

ניט געקוקט אויף די אַלע דערגרייכונגען איז די פראַגע וועגען דער מאַטעריעלער לאַגע פון די שולען אַלץ געשטאַנען אין איהר גאַנ־צער שאַרפקייט. די אידישע שול איז שוין פאַר דער קורצער צייט פון איהר עקזיסטענץ עטליכע מאָל אנערקענט געוואָרען דורך פאַרשיי־דענע מאַכטען: 2 מאָל דורך דער ראַטען־מאַכט; 1 מאָל דורך דער

ליטווישער רעגירונג, אויך די מיטעל־ליטווישע רעגירונג האָט ארויס־געגעבען געלט־סובסידיעס פאַר די אידישע שולען.

אין דער צייט פון דער אזוי גערופענער „מיטעל־ליטע” האָט מען געפּרואווט זיך דערנעהנטערען צו די אידען. מ'האָט אפילו אומאָפיציעל פון די פּוילישע קרייזען געמאַכט פאָרשלאָגען, אז א אידישער רעפע־רענט זאָל אריינגעהן אין בילדונגס־דעפּאַרטאַמענט. וואָס ווייטער זיי־נען אָבער די צוזאָגען געוואָרען אַלץ קלענער, ביז... אין ווילנער סיים איז דורכגעגאַנגען דער באשלוס וועגען פאַראייניגען ווילנע מיט פּוילען (מערץ 1922). דאַן איז דער ווילנער אידישער שול וועזען „אויסגע־גלייכט” געוואָרען מיט'ן אידישען שול־וועזען פון גאַנץ פּוילען.

שוין גאָר אין גיכען האָט דאָס בילדונגס־מיניסטעריום אין ווארשע ארויסגעוויזען איהרע אמת'ע טענדענצען בנוגע דער אידי־שער שול. אָהן א שיער גזירות גיבען זיך א שאָט אויף אונז: מען פאָדערט, אז דער צ. ב. ק. זאָל יעדען יאָהר דאַרפען באַנייען די קאָנצעסיעס אויף צו פיהרען די שולען, דערביי איז דאָס באקומען די ערלויבניש פאַר יעדער שול פאַרבונדען מיט גרויסע שוועריגקייטען צוליב א גאַנצער רייה פאָרמאַליטעטען, וואָס ווערען דורך דער שול־מאכט געשטעלט.

לויט דער פאַראָרדנונג פון בילדונגס מיניסטער גראבסקי פאַר־לאַנגט מען, אז דער לימוד פון פּויליש זאָל איינגעפיהרט ווערען פון 1טען קלאַס אָן און ניט פון 3טען, ווי דאָס איז דאמאָלסט געווען ערלויבט פון ווילנער שול־קוראַטאָריום; אַלגעמיינע געשיכטע און געאָגראַפיע זאָל אין די אידישע שולען געלערענט ווערען אין פּויליש; די בוכפיהרונג און געשעפטס־פיהרונג פון די שולען (פּראָטאָקאָלען פון פעדאַגאָגישע ראַטען, שעהן פּלענער און אַנד.) זאָל אויך זיין אין פּויליש. צוזאַמען מיט די איבעריגע נאַציאָנאַלע מינדערהייטען (ליט־ווינער, ווייס־רוסען) און פאָרשטעהער פון אַנדערע שול־ריכטונגען האָט זיך דער צ. ב. ק. שאַרף אַנטקעגענגעשטעלט געגען די פּרוּוואווען פון צוואַנגס־פּאָלאָניזאַציע פון אונזער שול. (ווי גיך די פּוילישע געזעל־שאַפט האָט פאַרגעסען, אז סך־הכל מיט עטליכע יאָהר צוריק האָבען פאָרשטעהער פון דער פּוילישער נאַציאָנאַליטעט געקעמפט צוזאַמען מיט אונז געגען דער גערמאַניזאַציע פון די שולען אין ווילנע!).

מ'האָט באשלאָסען אָנצוקלאָגען די פאַראָרדנונג פון מיניסטער אין העכסטען מלוכה־טריבונאַל און ביז דער אנטשיידונג פון דער פראַגע ניט אויספיהרען דעם צירקוליאַר.

די שול־מאַכט האָט געדראָהט די שולען מיט רעפּרעסיעס פאַר ניט אונטערוואַרפען זיך דעם באפעהל פון מיניסטעריום.

דער צ. ב. ק. האָט געמוזט זיך וועהרען געגען די אַלע אָנגריפען און אין א געוויסען זין האָט זיך איהם איינגעגעבען דורכצוברעכען

דעם צוים פון פאַרשיידענע פאַראָרדנונגען מיט וועלכע אונזער שול איז געווען ארומגערינגעלט.

מיר האָבען אפילו צו פאַרצייכענען אין דער תקופה זעהר וויכ־טיגע דערגרייכונגען אויפ'ן רעכטליכען געביט:

דער אידישער לערער־סעמינאַר אין ווילנע האָט באַקומען מלוכה־רעכט פאַר זיינע שילער. נאָכדעם ווי דער בילדונגס־מיניסטער גראַבסקי איז אוועק אין דעמיסיע איז אויך אָפּגעשאַפט געוואָרען זיין צירקוליאַר וועגען געאָגראַפיע, געשיכטע און געזעלשאַפט־פיהרונג אין די שולען אויף פּויליש. די פאָלקס־שולען האָבען באַקומען שטענדיגע קאָנצע־סיעס.

נאָך מיט אַ פּאָר יאָהר פריהער איז דורכגעפיהרט געוואָרען אין דעם ווילנער שטאָדט־ראַט אַ באַשלוס וועגען אַ רעגולערער געלט־אונטערשטיצונג מצד דער שטאָדט פאַרוואַלטונג פאַר אַלע אידישע שולען.

דאָס איז געווען צו יענער צייט דער ערשטער פאַל ווען אַ שטאָדט־רעגירונג אין פּוילען זאָל באַשליסען געלט אַסיגנירונגען פאַר אידישע שולען. דאָס האָט אויך געשאַפען אַ פּרעצעדענט פאַר אַנדערע שטעדט (ביאַליסטאָק, וואַרשע, לאָדז, פּינסק א. אז. וו.), וואו אין פאַרשיידענע צייטען האָט זיך איינגעגעבען דורכצופיהרען עהנליכע באַשלוסען וועגען געלט־סובסידיעס פאַר אידישע שולען.

די רעכטליכע און מאַטעריעלע לאַגע פון די שולען האָט זיך ווייניג־וואָס פאַרבעסערט נאָך דער פּאָליטישער איבערקערעניש אין פּוילען (מאַי 1926), ווען צו דער מאַכט איז אָנגעקומען דער ענדעקישער פּאַרטיי געקומען דער פּילסודסקי־לאַגער.

אין די ערשטע חדשים פון איהר הערשאַפט האָט די נייע רעגי־רונג אַרויסגעגעבען אַ פאַראָרדנונג, אַז די אידישע שולען באַפרייען פון שול־צוואַנג. ד. ה. מיט אַנדערע ווערטער, אַז ס'ווערט אָנערקענט דאָס די אידישע שול איז גלייכוועדטיג צו דער מלוכה־שול.

די דאָזיגע פאַראָרדנונג איז זעהר וויכטיג געווען פאַר אונזערע שולען. אָבער ווייטער פון דעם איז די רעגירונג ניט געגאַנגען. ס'וואָלט דאָך אייגענטליך זיך געקענט שטעלען די פראַגע: אויב אונזער שול פאַרבייט פאַר די אידישע קינדער די מלוכה־שול — דאַרף זי דאָך אויסגעהאַלטען ווערען פון דער רעגירונג צוגלייך מיט די איבעריגע שולען? אָט דעם לאָגישען אויספיהר וויל אָבער די פּוילישע רעגירונג נאָך ביז היינטיגען טאָג ניט מאַכען.

## אונזער שול פאַר דער אייראָפּייאישער עפענטליכקייט.

איצטער פעהלט שוין אויך דער תירוץ, וואָס די פּוילישע שול־מאַכט פלעגט פּראָוווען אָנגעבען אין די פריהעריגע יאָהרען — אַז זי ווייס נאָך ניט, וואָס ס'שטעלט מיט זיך פאַר די אידישע שול.

פאַרקערט, די בילדונגס־אָרגאַנען זיינען זעהר גוט אינפאָרמירט און באַקאַנט מיט דער אַרבייט פון אונזערע שולען דורך די אָפטע וויזיטאַציעס, וואָס ווערט דורכגעפיהרט אין אונזערע אַנשטאַלטען.

די דריי גרויסע שול־אויסשטעלונגען אין ווילנע, וואָס דער צ. ב. ק. האָט אָרגאַניזירט אין די יאָהרען 1919, 1922 און 1930 האָבען פאַר דער ברייטער עפענטליכקייט און אויך פאַר דער פוילישער געזעלשאַפט דעמאָנסטרירט די פּעדאַגאָגישע דערגרייכונגען פון אונזערע שולען. אויך אין דער אייראָפּייאישער פּעדאַגאָגישער עפענטליכקייט האָט די אַרבייט פון אונזערע שולען געפונען אַ געהעריגע אָפּשאַצונג.

אויף די אינטערנאַציאָנאַלע פּעדאַגאָגישע אויסשטעלונגען אין לאָקאַרנאָ (שווייץ) אין 1927, אין ניצע (פראַנקרייך) און פּאַריז האָט די צענטראַלע אידישע שול־אָרגאַניזאַציע אין פוילען אָרגאַניזירט קליינע אויסשטעלונגען פון די אידישע שולען אין פוילען. אויך די ווילנער שולען זיינען דאָרט פאַרטראָטען געווען מיט אַ באַדייטענדיגער צאָהל עקספּאָנאַטען.

כאַראַקטעריסטיש איז דער פאַקט, וואָס אויף דער אויסשטעלונג אין ניצע (פראַנקרייך) אין 1932 יאָהר, אין וועלכער ס'האָבען זיך באַטייליגט העכער 30 מלוכות, האָט דאָס פּוילישע בילדונגס־מיניס־טעריום בשום אופן ניט געוואָלט מסכים זיין, אַז די קינדער־אַרבייטען פון די אידישע שולען זאָלען באַקומען אַ ווינקעל אין די זאַלען, וועלכע זיינען געווען באַשטימט פאַר די פּוילישע שולען. און די אויסשטעל־לונג פון די אידישע שולען איז אָרגאַניזירט געוואָרען אין אַ צימער ביי דער . . . ע נ ג ל י ש ע ר דעלעגאַציע. די אָפיציעלע פּוילישע פּעדאַגאָגישע וועלט מיידט אויס ברייטער זיך באַקענען מיט'ן אינהאַלט פון אונזער שול. (ס'איז אַ סך באַקוועמער אָנצוהאַלטען די פאָרשטע־לונג, אַז אידישער שול־וועזן באַטייט — חדר, אָפּגעשטאַנענקייט און די פּוילישע קאַזיאָנע שול טראָגט מיט זיך פּראָגרעס). איז אפשר טאַקע גע־רעכט געווען דער שרייבער פון ווילנער פּראָגרעסיווען וואָכענבלאַט „פּשעגלאָנד ווילענסקי", וועלכער האָט אין זומער 1923 געשריבען: „די שול־אויסשטעלונג פון די אידישע שולען קען האָבען אַ פאַרקערטע ווירקונג, ווי דאָס וואָלטען וועלען איהרע אָרגאַניזאַטאָרען". די מאַכט, דערזעהענדיג די גרויסקייט פון דער נייער אידישער שול, וועט ערשט דאַן ניט וועלען געבען איהר קיין רעכט".

## נייע רעפּרעסיעס קעגען די שולען.

וואָס ווייטער האָט זיך אַלץ מעהר פאַרשאַרפט דער קורס פון דער נאָך מאַי־רעגירונג לגבי די אידישע שולען. אין פריהלינג 1931 זיינען אונטער דער באַשולדיגונג פון אומלאָיאַליטעט פּלוצלונג געשלאָסען געוואָרען צוויי פון אונזערע בעסטע אַנשטאַלטען. די „ש. פרוג שול",

איינע פון די גרעסטע און עלטסטע פאָלק־שולען (11 קלאַסען מיט 450 קינדער), און דער אידישער לערער־סעמינאַר — דער איינציגער אנשטאַלט וואָס האָט געגרייט לערער פאַר אַלע אידיש־וועלטליכע שולען אין פּוילען (און ניט נאָר אין פּוילען).

נאָך אַן ענערגישער פּראָטעסט־קאַמפּאַניע, וואָס האָט געפונען אַן אָפּקלאַנג אויך אין דער אַמעריקאַנער אידישער פּרעסע, איז די פאַר־אָרדנונג וועגען שליסען די „ש. פרוג שול" צוריקגעצויגען געוואָרען. דער לערער־סעמינאַר איז אָבער ביז היינטיגען טאָג ניט געעפענט.

אין יאָהר 1932־33 איז פאַרמאַכט געוואָרען די אידישע גימנאַזיע, וואָס איז געגרינדעט געוואָרען דורך דער באַוואוסטער פּעדאַגאָגין אין ווילנע ס. מ. גורעוויטש. אַלס אָפיציעלער מאָטיוו צו דער דאָזיגער פאַראָרדנונג איז געווען אָנגעגעבען, אַז „דער לאָקאַל איז ניט צוגע־פּאַסט פאַר קיין שול".

## די מאַטעריעלע לאַגע פון די שולען. — דער עלטערען באַשטאַנד.

די אַלע פאַרפאָלגונגען, דער שווערער קריזיס פון די לעצטע יאָהרען, האָבען אָבער ניט אָפּגעשוואַכט דעם ווילען פון די אידישע פאָלקס־מאַסען צו קעמפען און פאַרטיידיגען די אידיש־וועלטליכע שול — די איינציגע שול, וואו זייערע קינדער קענען באַקומען אַ נאָרמאַלע בילדונג און דערציהונג. ווער זיינען די עלטערען פון אונ־זערע קינדער? ס'רוב זיינען דאָס אַרבייטער, אָרימע האַנטווערקער, קליינהענדלער, אַרבייטער אינטעליגענץ און בכלל ווייניג פאַרמעגליכע פאָלקס־מענשען. אַ סך עלטערען זיינען אַרבייטסלאָז, ס'זיינען פאַראַן אַ באַדייטענדע צאָהל קינדער־יתומים.

די דורכשניטליכע היים פון אונזער קינד — איז די היים פון נויט, פון אָרעמקייט.

פאָלגענדע טאַבעלע גיט אַ באַגריף וועגען סאָציאַלען מצב פון אונזערע עלטערען. אויף דער אַלגעמיינער צאָהל 2,200 קינדער, וואָס האָבען אין 1933 זיך געלערענט אין די צ. ב. ק. פאָלק־שולען זיינען געווען :

| | |
|---|---|
| קינדער פון לוין־אַרבייטער | 25% |
| " " אָנגעשטעלטע | 8% |
| " " באַלמעלאָכעס | 35% |
| " " קליינע הענדלער | 18% |
| " " פרייע פּראָפעסיעס | 4% |
| " " פורמאַנעס, טרעגער און אַבסאָלוט דע־קלאַסירטע | 10% |

צוליב'ן שרעקליכען קריזיס, וואָס דויערט ביי אונז אין לאַנד

און איז באזונדערס שטארק אין ווילנער געגענט, זיינען אפילו די מעהר פארמעגליכע עלטערן אויך ניט בכח אריינצוטראָגען דעם קליינעם שכר־למוד, וואָס די שול פאָדערט. איז קיין וואונדער ניט, וואָס דער אָפּצאָהל פון די קינדער איז אזוי געפאלען, אז דער שכר־למוד דעקט אין די לעצטע יאָהרען מעהר ניט ווי 10 פּראָצענט פון אונזער שול־בודזשעט. (אין יאָהר 1923 האָט דער שכר־למוד אויס־געמאכט כמעט 32 פּראָצענט און אין 1925 — אפילו 50 פּראָצענט פון בודזשעט).

ביי 45 פּראָצענט עלטערן זיינען אינגאנצען באפרייט אפילו פון דעם קליינעם אָפּצאָהל. די לעצטע יאָהרען איז זעהר אקטועל געוואָרען די פראגע וועגען פריהשטיקען פאר די קינדער. די צאָהל קינדער וואָס נויטיגען זיך אין באשפּייזונג וואקסט פון יאָהר צו יאָהר. אין אייניגע שולען אונזערע דערגרייכט די צאָהל באשפּייזטע קינדער העכער 50 פּראָצענט.

אין די פריהערדיגע יאָהרען פלעגט דער צ. ב. ק. באקומען דורך דער שול־אָרגאניזאציע גרעסערע סומען — הכנסות פון אויסלענדישע אקציעס (אמעריקאנער געלטער אין דער ערשטער רייה).

לעצטענס איז דער מקור פון הכנסה דערפיהרט געוואָרען ביז א מינימום. די זאמלונגען, וואָס ווערען דורכגעפיהרט אין ווילנע גופא, גיבען אויף אונזער מאסשטאב גאנץ באדייטענדע סומעס, אָבער אין פארגלייך צום בודזשעט זיינען זיי אזוי קליין, אז זיי דעקען ניט אין דער קלענסטער מאָס דעם פארלוסט פון די צוויי גרונט־פּאָזיציעס — שכר־למוד און הכנסות דורך דער צ. ש. א.

אין יאָהר 1932-33 איז אויסגעצאָהלט געוואָרען די לערער בלויז פאר 2½ חדשים, ד. ה. קנאפּע 20 פּראָצענט פון זייער געהאלט. מ'דארף דערביי ניט פארגעסען, אז אויך אין די פאָריגע יאָהרען האָט דער צ. ב. ק. ניט געדעקט דעם געהאלט פאר פולע 12 חדשים.

ביי אזא לאגע איז ניט געווען קיין מעגליכקייט איינצוהאלטען אלע אנשטאלטען. מ'האָט געמוזט דורכפיהרען רעדוקציעס. ס'זיינען געשלאָסען געוואָרען עטליכע קינדער־גערטנער און 2 אָווענט־שולען, ווייל ס'איז ניט געווען מיט וואָס צו צאָהלען דירה־געלט. נאָך אן אָווענט־שול, אויפן נאָמען פון מ. ווינטשעווסקי, האָט זיך געמוזט שליסען לויט א פאראָרדנונג פון דער שול־מאכט.

ביי היינטיגען טאָג געהערען צום צ. ב. ק. 7 פאָלק־שולען אין פארשיידענע פונקטען פון שטאָדט, 1 גימנאזיע, 1 קינדער ביבליאָטעק, 1 שול פאר שווער־דערציהבארע קינדער.

אין אלע אונזערע שולען זיינען באשעפטיגט איבער 100 לערער און לערערינס, אלע מיט ספּעציעלע פּעדאגאָגישע אָדער אלגעמיינע העכערע בילדונג.

די צאָהל קינדער אין אַ קלאַס מאַכט אויס אין דורכשניט 43—45. אין די גרעסערע שולען זיינען פאַראַן קלאַסען, וואו אויף איין לערער קומט אויס 57—65 קינדער.

## די ספּעציעלע שול.

אין די לעצטע יאָהרען איז אונזער שול־וועזען באַרייכערט גע־וואָרען מיט אַ נייעם צווייג פון דער מאָדערנער דערציהונג — דורך דער גרינדונג פון אַ הילפס־דאַגאָגישען אנשטאַלט. אין יאַנואַר 1932 איז געעפענט געוואָרען אַ שול פאַר גייסטיג אָפּגע־שטאַנענע קינדער. אַ סך אַזעלכע קינדער זיינען פאַראַן אין דער פּאַראַרימעטער ווילנע. דאָס אַלטע געטאָ מיט זיינע פינסטערע הויפען, די פאַרשטעדט וואו ס'וואוינט די אָרעמקייט, איז אַ פרוכטבארער באָדען פאַר גייסטיגער און פיזישער אָפּגעשטאַנענקייט. צוערשט איז געעפענט געוואָרען מעהר ניט 1 קלאַס. היינט זיינען שוין פאַראַן 3 קלאַסען.

לויט דער איניציאַטיוו פון צ. ב. ק. איז לעגאַליזירט געוואָרען אַ ספּעציעלע „געזעלשאַפט פאַר היילדערציהונג", וועלכע וועט דאַרפען זאָרגען פאַר דער שול, ווי אויך פאַר דער פאַרזאָרגונג פון אָנאָרמאַלע קינדער בכלל (גייסטיג אָפּגעשטאַנענע, קינדער מיט שפּראַך־פעהלערען און פעהלערען פון אַנדערע חושים, אויך פאַרוואָרלאָזטע).

## די קינדער־קאָלאָניע פון צענטראַלען עלטערען־קאָמיטעט.

יעדען יאָהר אָרגאַניזירט די עלטערנשאַפט פון די אידיש־וועלטליכע שולען אין ווילנע די זומער־קאָלאָניע פאַר שוואַכע קינ־דער. כמעט אָהן מיטלען פון אויסען, מיט אַן אויסערגעוועהנליכער איבערגעבענהייט ווערט די אַרבייט אַרום דער קאָלאָניע געפיהרט.

העכער 200 שול־קינדער פון ענגע און נאַסע דירות האָבען די מעגליכקייט פאַרברענגען זומער אויף דער פרישער לופט און פיזיש זיך ערהאָלען.

היינטיגען זומער 1934 האָט די קאָלאָניע פאַרענדיגט דעם 8טען יאָהר פון איהר עקזיסטענץ, און ס'איז אַן איבעריגער באַווייז פון דער איבערגעבענקייט פון אונזערע עלטערען, ווען דוקא איצט, אין דער שווערסטער צייט, האָט מען אָנגעהויבען טראַכטען וועגען אַן אייגענעם בנין פאַר דער זומער־קאָלאָניע.

## רעגירונגס־רעכט פאַר אונזער גימנאַזיע. — נייע פאַראָרדנונגען פאַר די פאָלקס־שולען.

בערך מיט צוויי יאָהר צוריק איז פאַרעפענטליכט געוואָרען אין פוילען אַ נייער שול־געזעץ וועגען „פּריוואַטע שולען" (אַזוי ווערען באַצייכענט די שולען פון נאַציאָנאַלע מינדערהייטען) און פאַר די

אידישע שולען אין דער ערשטער רייה, זיינען געשאפען געוואָרען נייע שוועריגקייטען, צוליב די הארבע פאָדערונגען און תנאים, וואָס דער דאָזיגער געזעץ זעהט פאָר.

איינע פון די פאָדערונגען איז — אז אלע אונזערע שולען דארפען ווידער אמאָל באנייען זייערע קאָנצעסיעס (די ביז־איצטיגע שטענדיגע קאָנצעסיעס, וואָס די שולען האָבען געהאט, זיינען מעהר ניט גילטיג).

א צווייטע פאָדערונג — די געזעלשאפט, אויף וועמעס נאָמען די שולען זיינען לעגאליזירט (אין געגעבענעם פאַל דער צענטראַלער ביל־דונגס־קאָמיטעט), דארף צושטעלען דער שול־מאַכט „גענוגענדיגע באַ־ווייזען", אז זי באזיצט די נויטיגע געלט־מיטלען אויף אויסצוהאלטען די שולען.

א דריטע פאָדערונג—צושטעלען באשטעטיגונגען פון דער אדמיני־סטראַטיווער מאכט, אז די לאָקאלען אין וועלכע די שולען געפינען זיך זיינען צוגעפאסט פאר דעם צוועק.

אלע לערער און פארוואלטער פון די שולען דארפען ארויסבאקומען לאָיאליטעט־און מאָראַל־צייגנישען און נאָך אנדערע.

אין סך הכל גיט דאָס אין דער פראקטיק דער אדמיניסטראציע אויף די ערטער א געלעגענהייט פאר פארשיידענע אויסטייטשונגען און מאכט אָפט דאָס באקומען די ערלויבניש אויף צו פיהרען א שול אָפהענגיג פונ'ם גוטען ווילען פון דעם אָדער יענעם אדמיניסטראַטאָר.

מען פארלאנגט פון אונז „געזיכערטע בודזשעטען", ווען אונ־זער שול ראנגעלט זיך מיט דער ביטערער נויט, ווען די לערער ארביי־טען פאר הונגער־לוינען... און ווער פאָדערט? דיזעלבע שול־מאַכט, וואָס איז אייגענטליך מחויב אליין אויסצוהאלטען אונזערע שולען.

מיר ווייסען נאָך ניט וואָס פאר א „סורפּריזען" דער נייער געזעץ וועט אין סך־הכל אונז ברייגנען (דאָס ענדגילטיגע אויספיהרען פון די תנאים, וואָס דער שול־געזעץ שטעלט, איז אָפּגעלייגט געוואָרען אויף נאָך א יאָהר, ביז זומער 1935). מיר האָבען נאָך אָבער אונזער קאמף ניט אויפגעגעבען. פאר דער צייט פון זייער עקזיסטענץ האָבען זיך אונ־זערע שולען טיף פארצווייגט און איינגעוואָרצעלט אין אידישען לעבען. ווי א שוץ־וואַנט שטעהט דער אידישער פאָלקס־מענש אין ווילנע ארום זיין שול.

טויזענטער אביטוריענטען האָבען שוין די שולען פון צ. ב. ק. צוזייהט און צושפרייט איבער דער גאָרער וועלט. אין די עלטערען־קאָמיטעטען זיינען שוין טעטיג מוטערס, פאָטערס — אליין געוועזענע שילער פון די שולען. ס'שטעהען שוין ביי דער ארבייט לערער, וואָס האָבען אליין דורכגעמאכט אונזער שול פון קינדוויוז אָן.

טויזענטער און טויזענטער איבערגעגעבענע פריינד האָבען אונ־זערע שולען אין אלע לענדער פון אידישען קבוץ.

אויף יעדער נייער גזירה ענטפערען אונזערע עלטערען און שול־טוער מיט א פארשטארקטער ארבייט.

אויף איין טייל פון דעם שול־פּראָגראַם פּייערען מיר שוין אונזער נצחון. איין וויכטיגע פּאָזיציע האָבען מיר געוואונען. אונזער אידישע גימנאַזיע האָט באקומען אין יוני 1933 ר ע כ ט פ ו ן מ ל ו כ ה־ג י מ נ א ז י ע ס.

דורך דער 15־יאָהריגער ארבייט האָט די גימנאַזיע געזעלשאַפטליך און פּעדאַגאָגיש דערוויזען (פאַר א סך איז דאָס געווען קלאָר אויך פריהער), אז מ'קען געבען מיטעלע בילדונג אין אידיש און שאַפען א אידישע מיטעל־שול, וועלכע איז גלייכווערטיג מיט די שולען פון די אומות העולם.

די גלייכבארעכטיגונג פון אונזער גימנאַזיע איז א רעזולטאַט פון אָנגעשטרענגטער פּעדאַגאָגישער ארבייט, פון אומאויפהערליכען קאַמף פון די אידישע מאַסען פאַר זייערע רעכט.

איצט דאַרף דערפילט ווערען אונזער צווייטע פאָדערונג: די אידישע פאָלק־שול מוז אויסגעהאַלטען ווערען אויפ'ן חשבון פון דער מלוכה.

***

אין דאָזיגען ארטיקעל זיינען געבראַכט געוואָרען מעהר ניט די וויכטיגערע מאָמענטען פון אונזער שול־בויאונג. דער וועג איז ניט געווען באַצירט מיט רויזען. פאַר יעדער דערגרייכונג איז אויסגע־קומען זיך שווער צו ראַנגלען.*)

20 פולע יאָהר צעהלט שוין די אידישע שול אין ווילנע. 20 יאָהר אָהן רעכט, אָהן מלוכה־מיטלען — און 20 יאָהר פון שעפערישער ארבייט. און היינט, אויפ'ן 21טען יאָהר פון איהר עקזיסטענץ, מאָנט אונזער שול שטאַרקער ווי ווען ניט איז איהר חוב ביי דער מלוכה.

ביי אַנדערע פעלקער, מיט א נאָרמאַלען מלוכה־לעבען, איז א שול אַן ענין צו וועלכען מ'קומט געוועהנליך אָהן גרויסע שוועריגקייטען און קאָמפּליצירונגען. ביי אונז אידען איז דאָס אָבער אַנדערש. א שווערער וועג, פול מיט דערנער, פיהרט צו איהר. נאָר וואָס שווערער ס'איז די דערגרייכונג, אַלץ טייערער איז זי אונז.

און די אידישע שול, וואָס איז אויסגעבויט געוואָרען מיט אַזוי פיל מסירת־נפש וועט ניט אונטערגעהן.

לאָמיר זשע אַלע ארומרינגלען די שול נאָך מיט מעהר ליבע, און הויך און מוטיג פאָדערען רעכט פאַר איהר!

---

*) ספּעציעל וועגען די אידיש־וועלטליכע שולן אין ווילנע זיינען ארויס 2 זאַמעל־ביכער: 1) „שול־פּנקס" (פינף יאָהר אַרבייט פון צ. ב. ק.), ווילנע, 1924; 2) „15 יאָהר צ. ב. ק." (איינמאָליגע אויסגאַבע פון צ. ב. ק.), ווילנע, 1933.

## אינזש. מ. שרייבער.

# דער ווילנער אידישער טעכניקום פון „אָרט".

### די צילען וואָס דער טעכניקום האָט זיך געשטעלט.



ווילנע פאַרמאָגט אַ סך וויכטיגע אידישע אינסטיטוציעס. אַ בכבוד'יגען אָרט צווישען זיי פאַרנעמט דער ווילנער אידישער טעכניקום. געגרינדעט איז ער געוואָרען אין יאָהר 1921. מעהר פון אַלעמען האָט אריינגעלעגט אַר־בייט אין איהם אינזשעניער אָקון, וועלכער איז אויך געוועזן אין די ערשטע דריי יאָהר דער דירעקטאָר. דעם ציל, וועלכען מען האָט זיך געשטעלט ביים גרינדען די שול, איז געוועזן: קומען צו הילף דער יוגענט, וועלכע האָט געמוזט צוליב פאַרשיידענע סיבות איבעררייסען איהר בילדונג אין אַ גימנאַזיע, און האָט זיך ניט געהאַט צו וואָס צו נעמען. אַזאַ עלעמענט איז שטענדיג געווען אַ צאָלרייכער באַזונדערס נאָך דער מלחמה. און ענליכען עלע־מענט שטעלען מיט זיך פאָר אויך די אבסאָלווענטען פון די פאָלקס־שולען. אין יענער צייט האָט זיך די אידישע פאָלקס־שול זעהר אנטוויקעלט און האָט געמוזט זיך פאַרטראַכטען וועגען דעם, אַז זייערע אַבסאָלווענטען זאָלען באַקומען אַ וועג צו אַ פאַך, אָבער אַזאַ, אין וועלכען עס זאָל קומען צום אויסדרוק זייער אַלגעמיינע בילדונג און ענטוויקלונג. אָט די דאָזיגע געזעלשאַפטליכע אויפגאַבע האָט זיך געשטעלט דער טעכניקום. די גרינדער פון טעכניקום האָבען געהאַלטען, אַז מיט דעם ענטשטעהן פון דער שול, באַקומט די אידישע פאָלקס־שול אַ ברייטען באַזיס און אַ פּראַקטישען ווערט.

נעמענדיג דאָס אַלץ אין אכט, האָט מען די פּראָגראַם פון טעכ־ניקום אַזוי צונויפגעשטעלט, אַז ער שטעלט מיט זיך פאָר אַ העכערען טיפּ פון טעכנישער שול. צו דער אויסאַרבייטונג פון די פּראָגראַמען און פון אַלע נויטיגע פּלענער זיינען צוגעצויגען געוואָרען די בעסטע טעכנישע קרעפטען פון דער אידישער ווילנע, ווי אויך ריין גע־זעלשאַפטליכע עלעמענטען. אַלס רעזולטאַט פון צאָלרייכע באַראַטונ־גען און אַ גרויסער צוגרייטונגס־אַרבייט, איז פעסטגעשטעלט גע־

וואָרען, אז עס מוז פון איין זייט גענומען ווערען אין אכט דאָס, וואָס א באַזונדער גרויסער טייל פון דער אידישער יוגענט עמיגרירט אין פאַרשיידענע לענדער און מען דאַרף זיי דעריבער צוגרייטען צו דער ארבייט ביי פאַרשיידענע באַדינגונגען. פון דעם דאַרף מען דרינגען, אז די פּראָגראַם פון די טעאָרעטישע לימודים דאַרף זיין א ברייטע און דער אבסאָלווענט פון טעכניקום זאָל באַקומען גרינדליכע טעאָרע-



די געביידע וואו עס געפינט זיך דער ווילנער אידישער טעכניקום אויף גראַנסקער גאַס.

טישע קענטעניש און א ברייטע טעכנישע ענטוויקלונג. פון דער אנדער זייט, נעמענדיג אין אכט, וואָס פאַר דעם אידישען טעכניקער זיינען נאָך ניט צוגעגרייט קיין רעגירונגס שטעלעס און באַקומען ארבייט וועט ער נאָר דאַן, ווען ער וועט באַזיצען א גרינדליכע פּראַקטישע צוגרייטונג, האָט מען געדאַרפט געבען די שילער א סאָלידע פּראַקטישע פּראָגראַם. פון דעם דרינגט, אז עס איז נויטיג

צו אָרגאַניזירען ביים טעכניקום גוט אוועקגעשטעלטע פאַרשיידענע וואַרשטאַטען. מען האָט געמוזט אויך נעמען אין אַכט אַ דריטע פאָדערונג: היות ווי דער טעכניקום וועט מיט זיך פאָרשטעלען אַן איינציגע אידישע שול פון דעם טיפּ אין פּוילען, וועלען קומען אין איהם שילער פון פאַרשידענע שטעט און שטעטלעך. און אַזוי ווי דער מאַטעריעלער מצב פון די אידען אין פּוילען איז זייער אַ שווערער, וועלען די עלטערען ניט קענען אויסהאַלטען די קינדער לאַנג אין דער פרעמד און מען מוז דעריבער דעם לערענדויער באַשטימען אַ מינימאַלען. אָט די אַלע פאָדערונגען ביי דער אָרגאַניזאַציע פון דער שול האָבען געצוואונגען זיך צו באַגרעניצען מיט עפּענען נאָר צוויי אָפּטיילונגען: אַ מעכאַנישע און עלעקטראָטעכנישע. דעם לערענדויער האָט מען באַשטימט אויף 2 יאָר, אָבער ביי דעם ערשטען



די ביבליאָטעק אין ווילנער אידישען טעכניקום.

ארויסלאָז האָט מען איהם פאַרלענגערט אויף אַ האַלב יאָהר און אין אַ פּאָר יאָהר ארום, ניט קענענדיג באַווייזען דעם קורס, האָט מען נעדאַרפט דעם לערענדויער באַשטימען אויף דריי יאָהר.

עס איז ניט מעגליך אין די ענגע ראַמען פון דעם אַרטיקעל אָפּצושטעלען זיך גענוי אויף דער געשיכטע פון דער אַנטוויקלונג פון טעכניקום, מיר וועלען נאָר פעסטשטעלען, אַז פון ערשטען טאָג פון זיין אַנטשטיין, האָט ער זיך כסדר אַנטוויקעלט, סיי אין באַצוג צו דער איינאָרדנונג, סיי צו די פּראָגראַמען פון די טעאָרעטישע לימודים. עס איז פאַרשטענדליך, אַז ביי די מאַטעריעלע מעגליכקייטען, וואָס עס קען פאַרמאָגען אַ אידישער אַנשטאַלט, קען

מען זיך איינשאפען פארשיידענע איינאָרדנונגען נאָך ביסלעכווייז אין פארלויף פון א ריי יאָהרען. דער טעכניקום פארנעמט איצט א היפשען לאָקאל פון 2 געביידעס: א פירגאָרענדיגע און דריי־גאָרענדיגע. ער פארנעמט 33 צימערען, צווישען וועלכע עס זיי־נען פאראן גרויסע זאלען, צייכען־צימערען און ווארשטאטען.

## די איינאָרדנונג פון טעכניקום.

חוץ די אוידיטאָריעס, צייכען־צימערען, רעקרעאציע־צימערען, האָט דער טעכניקום פאָלגענדיגע הילפס־אינסטיטוציעס:

א) א טעכנישע־ביבליאָטעק מיט א לייען־צימער. — די ביבליאָ־טעק פארמאָגט איבער 1,500 בענדער, צווישען וועלכע די גרעסטע טייל געהערט צו דער נייסטער טעכנישער ליטעראטור, אויף'ן ערשטען אָרט געהען דייטשע ביכער, דאן פוילישע, רוסישע, ענגלישע, פראנ־צויזישע און א קליינע צאָל אין אידיש.

ב) לערנביכער לאגער. — אזוי ווי די טעכנישע ליטעראטור אין אידיש איז זייער אָרעם, איז דעם טעכניקום אויסגעקומען נעמען אויף זיך דאָס ארויסגעבען אזוינע לערענביכער. די לערער האָבען גע־שריבען, און א ספעציעלע קאָמיסיע פון די שילער האָט זיי ארויסגע־געבען אויף ספעציעלע מיטלען. נעמענדיג אין אכט, וואָס א אידי־שער טעכנישער בוך האָט ניט קיין צאָלרייכע קויפער, זיינען די ביכער ארויסגעגעבען געוואָרען אין א ליטאָגראפירטער פאָרם. ביז איצט זיינען ערשינען פאָלגענדיגע ביכער:

פון אונזשעניער י. טראָק: 1) העכערע מאטעמאטיק; 2) ווידער־שטאנד פון מאטעריאלען; 3) גראפאָסטאטיק; 4) דאמף־קעסלען.

פון אינזשעניער מ. שרייבער: 5) צילינדרישע צאָן־רעדער; 6) מעכאניק, 1טער טייל; 7) מעכאניק, 2טער טייל; 8) שרויפען; 9) וואסער־טורבינעס; 10) ניטען; 11) קאָנישע און שרויפען־צאָן־רעדער; 12) פאסען; 13) קופּלונגען.

פון אינזשעניער א. קרעמער: 14) עלעקטראָטעכניק, 1טער טייל; 15) עלעקטראָטעכניק, 2טער טייל; 16) עלעקטראָטעכניק, 3טער טייל; 17) עלעקטראָטעכניק, 4טער טייל; 18) עלעקטראָטעכניק 5טער טייל.

פון אינזשעניער מ. גאָרדאָן: 19) עלעקטרישע נעצען; 20) עלעק־טרישע צענטראלעס.

פון אינזשעניער ל. ראָזענשיין: 21) כעמיע.

פון אינזשעניער ע. פין: 22) קאלקולאציע.

צוזאמען האָבען די ביכער 2,535 זייטען. דער לאגער פון די לערנביכער האָט דעם ווערט פון ארום 5,000 גילדען.

ג) אן עלעקטרישע צענטראלע: — באזאָרגט מיט א נייעם קאָמ־

פּרעסלאָזען, ליגענדיגען דיזעל אויף 15 פערד־קראַפט, גיט די סטאַ־ציע עלעקטרישע ענערגיע פאַר אַלע מאָטאָרען און באַלייכטונג פאַר׳ן גאַנצען טעכניקום. די ראָלע פון אַ מאַשיניסט אויף דער צענטראַלע פיהרען אוים די צוהערער פון עלטערען קורס לויט דער רייה אַזוי, אַז די אַרבייט געהט אַריין אין פּראָגראַם.

ד) מעכאַנישער וואַרשטאַט: — דער וואַרשטאַט באַזיצט 5 דרעה־בענק צו 1 מעטער, איין דרעהבאַנק — 3 מעטער לאַנג, איין פרעז מאַשין, איין הובעל מאַשין, איין שעפּינג, צוויי בויער מאַשינען, איין שלייף מאַשין. באַזאָרגט מיט אַלע נויטיגע געצייג און מעסט־אינסטרו־מענטען, איז דער וואַרשטאַט פּייאיג אויסצופיהרען פאַרשיידענע באַ־שטעלונגען, ביי וועלכע עס אַרבייטען די צוהערער.

ה) עלעקטראָטעכנישע לאַבאָראַטאָריע: — די איינאָרדנונג באַ־שטעהט פון אַ רייהע גלייך־שטראָם און וועקסעל־שטראָם מאָטאָרען, אומפאָרמערס, טראַנספאָרמאַטאָרען, פּרעציזיע מעסט אַפּאַראַטען, אַ פאַרטיילונגס־ברעט און אַ גאַנצע רייהע איינאָרדנונגען, צוגעפּאַסט פאַר די צוהערער אויף דורכצופיהרען די נויטיגע עקספּערימענטען. די דאָזיגע עקספּערימענטען דאַרפען קלאָהרער מאַכען די צוהערער די טעאָריע און געבען זיי די געניטקייט אין אַרבייט מיט עלעקטרישען שטראָם, מיט עלעקטרישע מאַשינען און אין געברויך פון מעסט־אַפּאַראַטען.

ו) עלעקטראָטעכנישער וואַרשטאַט 1: דער וואַרשטאַט איז באַ־זאָרגט מיט אַ סך פאַרשיידענע עלעקטרישע מאָטאָרען און מיט אַן איינ־אָרדנונג אויף צו לערנען די צוהערער דורכמאַכען די וויקלונגען פון עלעקטרישע מאָטאָרען, ווי אויך זייער אויספאַרשונג און רעמאָנט. דער וואַרשטאַט פירט אוים זעהר פאַראַנטוואָרטליכע באַשטעלונגען, ביי וועל־כע עס אַרבייטען די שילער.

ז) עלעקטראָטעכנישער וואַרשטאַט 2: דער וואַרשטאַט איז צוגע־פּאַסט צו די אַרבייטען אויף עלעקטרישע אינסטאַלאַציעס, עלעקטראָמע־כאַנישע אַרבייטען און אויף שוואַך־שטראָם, ד. ה. סיגנאַליזאַציע, טעלע־פאָן און טעלעגראַף; די צוהערער פיהרען דאָ אוים פאַרשיידענע איינ־סטאַלאַציעס וועלכע עס טרעפען זיך אין דער פּראַקטיק און באַקענען זיך מיט די אַנטשפּרעכענדיגע אַפּאַראַטען. אין דעם וואַרשטאַט איז מען שוין צוגעטראָטען צו דער אָרגאַניזאַציע פון דער ראַדיאָ־אָפּטיילונג.

ח) אַ שלאָסער־וואַרשטאַט: דער וואַרשטאַט באַשטעהט פון 30 שרויפשטאָקען, אַ קליינער דרעהבאַנק, אַ בויער־מאַשין, אַ שלייף־מאַשין, אַ שטאַמף און אַן איינאָרדנונג אויף איינקריצען אויפ׳ן געגענשטאַנד די ליניעס, לויט וועלכע מען דאַרף אים באַאַרבייטען. די צוהערער פיהרען דאָ אוים אַ היבשע פּראָגראַם פון שלאָסעריי אַרבייטען.

ט) סטאָלעריי־וואַרשטאַט: 18 אַרבייטס־טישען מיט דעם גאַנצען

קאָמפּלעקט געצייג. די צוהערער פיהרען דורך א רייהע ארבייטען געמוי לויט דער איינגעשטעלטער פראָגראם. דער ווארשטאט פיהרט אוים גרויסע און פאראנטוואָרטליכע באשטעלונגען.

י) שמידעריי־וואַרשטאַט: די צוהערער, איינגעטיילט אין גרופּען, פיהרען אוים ביי 4 פייערס מיט אן עלעקטרישען ווענטילאטאָר א באַשטימטע פּראָגראם פון ארבייטען אויף שמידען, האַרטעווען, אָפּלאָזען, לייטען און שווייסען. די טעג טרעט צו דער טעכניקום איינצושטעלען א לופט־האמער.

יא) אַ וואַרשטאַט צום שווייסען מיט אַצעטילען: באזאָרגט מיט אן אפּאראט וואָס גיט דעם אצעטילען, פאַרנעמט דער ווארשטאַט א באַזונדערען לאָקאַל, וועלכער איז צוגעפּאסט פאר שווייסען. די געהעריגע איינאָרדנונג פון לאָקאַל און א פולער קאָמפּלעקט פון אינסטרומענטען און אפּאראטען גיט א מעגליכקייט אויסצופיהרען גאַנץ קאָמפּליצירטע באשטעלונגען, אין וועלכע עס נעמען אנטייל די שילער.

יב) אַ טראַנסמיסיאָנס לאַבאָראַטאָריע: די לאַבאָראַטאָריע, וועלכע מען קען ניט געפינען אין קיין אנדער אייראָפּייאישער שול, שטעלט זיך אָעם ציל אויסצולערנען די צוהערער איינצושטעלען טראַנסמיסיעס. די איינאָרדנונג פון דעם ווארשטאַט ערמעגליכט איינצושטעלען די לאַגערען פאר די וואַהלען כמעט אין א באַליביגען אָרט: אויפ׳ן סופיט, דילען און אויף איין וואַנט, ניט באַשעדיגענדיג זיי. א גרופּע צוהערער באקומט א צייכענונג, לויט וועלכער זיי דארפען איינשטעלען א לייכטע טראַנסמיסיע, וואָס דער ווארשטאַט באַזיצט. דערביי איז די צייכענונג אזוי צונויפגעשטעלט, אז די צוהערער מוזען דורכפיהרען אַלע מעגליכע קאָמבינאַציעס אין דער לאַגע פון די וואַלען מיט פאַרשיידענע מעגליכע קאָמפּליקאַציעס, וואָס קענען זיך טרעפען אין לעבען.

יג) אַ קראַפט־מאַשינען־לאַבאָראַטאָריע: די דאָזיגע לאַבאָראַטאָריע ווערט שוין איניגע יאָהר געבויט אין די אייגענע ווארשטאַטען פון טעכניקום. עס זיינען שוין אויסגערעמאָנטירט, איבערגעמאַכט און צוגעפּאַסט צו די באַדערפעּנישען פון טעכניקום: א ווערטיקאַלע דאַמף־מאַשין אויף רידערס דאמף־פאַרטיילונג מיט א ווערטיקאַלען קעסעל, א ווערטיקאַלע דאמף־מאַשין מיט קאלבען־דאמף־פאַרטיילונג, א גליהקאָפּ ברען־מאָטאָר און א מאָטאָרציקלעט. אין דער ארבייט געפינט זיך נאָך א גאַז־אנלאַגע אויף האָלץ צו א גאַז־מאָטאָר. עס איז שוין כמעט פאַרטיג א פּראָיעקט פון פּרענסים וואסער־טורבין, וועלכען עס וועלען אויספערטיגען די ווארשטאַטען פון טעכניקום צוגלייך מיט דער גאַנצער, דערצו נויטיגער איינאָרדנונג. היי־יאָהר טרעט מען שוין צו בויען די פונדאַמענטען פאר די פאַרטיגע מאַשינעס און צום איינשטעלען זיי. די דאָזיגע לאַבאָראַטאָריע וועט דינען צו איבונגען אויף מאָנטאַזש און

אויספאָרשונג פון די מאַשינעס. ביז איצט האָבען די צוהערער געדאַרפט געהן אויף ווילנער פאַרשיידענע פאַבריקען, כדי דורכצופיהרען די אויס־פאָרשונג פון קראַפט־מאַשינעס.

יד) פיזיקאַלישע לאַבאָראַטאָריע: ביז'ן יאָהר 1934 האָט דער טעכניקום באַזיצט נאָר א פיזישען קאַבינעט מיט א ספּעציעלער אויי־דיטאָריע, וואו דער לעקטאָר האָט געוויזען די צוהערער פיזישע און כעמישע עקספּערימענטען. צום אָנהויב פון לויפענדען יאָהר איז מען צוגעטראָטען צו דער אָרגאַניזאַציע פון א פיזיקאַלישער לאַבאָראַטאָ־ריע, אין וועלכער די צוהערער וועלען זעלבשטענדיג קענען דורכפיהרען א רייהע עקספּערימענטען, איבערלאָזענדיג פאַר'ן קאַבינעט די קאָמפּלי־צירטע עקספּערימענטען. די איינאָרדנונג פון דער לאַבאָראַטאָריע איז שוין פאַרטיג; מען דאַרף בלויז פאַרענדיגען א רייהע מכשירים, וועלכע וועלען געמאַכט אין די וואַרשטאַטען פון טעכניקום און צונויפמאָנ־טירען זיי. פון אָנהויב 1935 דאַרף די לאַבאָראַטאָריע ווערען טעטיג.

טו) דאָס קאָפּירען פון צייכענונגען: אויף א ספּעציעלען אַפּאַראַט ווערט די צוהערער געלערענט, ווי מען דאַרף אויספערטיגען א קאָפּיע פון א צייכענונג. דאָ גרייט מען צו די קאָפּיעס פון ארבייטס־צייכע־נונגען פאַר אַלע וואַרשטאַטען פון טעכניקום.

## ידיעות וועגען פּראָגראַם פון טעכניקום.

כדי צו דערגענצען דאַס בילד פון טעכניקום, ווי א לערן־אַנ־שטאַלט, האַלטען מיר פאַר נויטיג צו געבען אייניגע אַלגעמיינע ציי־פערען, וועלכע דאַרפען כאַראַקטעריזירען דעם פאַרנעם פון דער אַר־בייט, וועלכען עס דאַרף דורכמאַכען א צוהערער אין פאַרלויף פון גאַנ־צען קורס.

דער פאַקטישער דויער פון לערנען איז פון 3 ביז 4 יאָהר, אָפּ־הענגיג פון די פעיאיגקייטען און ארבייטסזאַמקייט פון שילער. אין פאַרלויף פון א וואָך זיינען די צוהערער פאַרנומען 42 שעה, פון וועלכע דורכשניטליך 28 שעה ווערט אָפּגעגעבען פאַר טעאָרעטישע לעקציעס, 6 שעה אויף פּראַקטישע ארבייט אין די וואַרשטאַטען און לאַבאָראַטאָריעס און 8 שעה אויף צייכנערישע אַרבייט.

דער גאַנצער קורס נעמט אַרום 30 טעאָרעטישע לימודים.

כדי צו באַקומען א פאַררעכענונג פון יעדען געגענשטאַנד דאַרף דער צוהערער אָפּגעבען אַן עקזאַמען. מעהר קאָמפּליצירטע געגענ־שטאַנדען זיינען צוטיילט אויף טיילען לויט די האַלב יאָהרען, אין וועלכע מען לייענט זיי; דאַן מוז דער צוהערער אָפּגעבען אַן עקזאַ־מען פאַר יעדען טייל באַזונדער. פאַר'ן גאַנצען קורס קומט אויס אָפּ־צוגעבען 65 עקזאַמענס. די פּראָגראַם פון פּראַקטישע ארבייטען פאַ־דערט פון די צוהערער זיי זאָלען אויספערטיגען אין אַלע וואַרשטאַטען

און לאבאראטאריעס: אויף דער מעכאנישער אפטיילונג — 60 אר־בייטען, און אויף דער עלעקטראטעכנישער — 90 ארבייטען.

## די צוהערער פון טעכניקום.

כדי אנצוקומען אין טעכניקום פאדערט זיך א בילדונגס־צענז פון א גאנצער פאלקס־שול אדער 4 קלאסען פון א מיטעל־שול. עס קומען דאך אן אין טעכניקום א באדייטענדער פראצענט מיט א העכערער ביל־דונג. אין איצטיגען מאמענט באשטייען די צוהערער פון 72% מיט א פאלקס־שול בילדונג, 27,5% זיינען געקומען פון א מיטעל־שול און 5% פון האנטווערקער שולען. פון די, וועלכע זיינען געקומען פון מיטעל־שול האבן 48% געענדיגט 4 קלאסען, 14% — 5 קלאסען, 18% — 6 קלאסען, 8% — 7 קלאסען און 14% — די פולע מיטעל־שול (8 קלאסען).

פון וועלכע שיכטען און שולען רעקרוטירען זיך די צוהערער? אין לעצטען אויפנאם זיינען געווען 30% פון אידישע שולען, 32% — פון פוילישע און 38% — פון העברעאישע.

לויט דער באשעפטיגונג פון די עלטערען פארטיילט זיך דער איצטיגער שילער באשטאנד אזוי: קליינהענדלער 30%, סוחרים — 25%, ארבייטער — 15%, האנטווערקער — 15%, אנגעשטעלטע — 8%, פרייע פראפעסיעס — 7%.

לויט דער אפשטאמונג פארטיילען זיי זיך: פון ווילנע — 30% און פון אנדערע שטעט פון פוילען — 70%; מען דארף דערביי באמערקען, אז די 70%, זיינען אין גרעסטען טייל פון גאר ווייטע קאנטען פון פוילען. אויף א מאפע פון פוילען האבען מיר פארצייכענט אלע ערטער, פון וואנען עס קומען די צוהערער, און כמעט אלע געביטען זיינען פארטראטען, אויסער פויזנער־קאנט און אויבער שלעזיען.

די צאל צוהערער אין משך פון דער גאנצער צייט, וואס דער טעכניקום עקזיסטירט, שטעלט זיך פאר אזוי:

| | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| יאהר — | 1923 | 1924 | 1925 | 1926 | 1927 | 1928 |
| צאלען — | 104 | 130 | 136 | 162 | 182 | 188 |
| יאהר — | 1929 | 1930 | 1931 | 1932 | 1133 | 1934 |
| צאלען — | 207 | 238 | 211 | 170 | 155 | 144 |

ווי מען זעהט, איז ביז יאהר 1930 געוואקסען די צאל צוהערער, פון יאהר 1931 פאלט זי. דאס ערקלערט זיך פריהער ווי אלץ מיט דעם, וואס פון יאהר 1931 אן און ווייטער האבען זיך די צוהערער רעקרוטירט פון די יאהרגענג, וועלכע זיינען געבוירען געווארען אין

קריגס־צייט. ווי עס איז פעסטגעשטעלט געוואָרען איז די צאָל נייר געבוירענע אין די יאָהרען אין אונזער קאַנט שטאַרק געפאַלען. די ריכטיגקייט פון דער פעסטשטעלונג ווערט באַשטעטיגט מיט דעם, וואָס מיט'ן אָנהויב פון לויפענדען לערניאָהר האָט זיך שוין די צאָל צור הערער פאַרגרעסערט. חוץ דער סיבה האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָל דערווירטשאַפטליכער קריזיס.

## די אַבסאָלווענטען פון טעכניקום.

די ענגע ראַמען פון דעם אַרטיקעל צווינגען אונז זיך צו באַגרעזעצען מיט איינינע ציפערען וועגען די אַבסאָלווענטען:

פון 303 אַבסאָלווענטען, וועלכע האָבען פולשטענדיג געענדיגט די שול, זיינען 106 אין פוילען 23 אין פּאַלעסטינע, 22 אין ראַטען־פאַרבאַנד (אריינגערעכענט בירא־בידזשאַן), 18 אין פראַנקרייך און 14 — אין אַנדערע לענדער (פאַראייניגטע שטאַטען, אַרגענטינע, קובא, אַפריקע, אויסטראַליע א. א.), וועגען 90 זיינען קיינע ידיעות ניטאָ.

30 אַבסאָלווענטען לערנען זיך אין הויך־שולען פון פראַנקרייך און בעלגיע (אַ טייל פון זיי אַרבייטען גלייכצייטיג). מען דאַרף דערמאָנען, אַז די פראַנצויזישע און בעלגישע הויך־שולען נעמען אָן די אַבסאָלווענטען פון טעכניקום אויף העכערע קורסען אַזוי, אַז זיי בלייבט דאָרט צו לערנען פון 1 ביז 2 יאָהר.

ווי האָבען זיך די אַבסאָלווענטען איינגעאָרדענט? פון 213 אַבסאָלווענטען, וועגען וועלכע עס איז אונז באַוואוסט זייער וואוינאָרט, זיינען אַרבייטסלאָז 11, פאַרנומען מיט'ן לערנען זיך אין אַ הויך־שול — 17, אַרבייטען ניט לויט זייער פאַך — 11, אַרבייטען יאָ אין פאַך און פאַרנעמען ניט קיין פאַראַנטוואָרטליכע פּאָסטענס (שלאָסער, טאָקער, מאַשיניסטען ביי קלענערע מאַשינען) — 61, אַרבייטען אין זייער פאַך ביי פאַראַנטוואָרטליכע פּאָסטענס (טעכניקער, אָנפיהרער פון וואַרשטאַטען, אויפזעהערס, ווי הילף־אינזשעניערען, אינסטרוקטאָרען, מעכאַניקער און מאַשיניסטען ביי גרעסערע מאַשינען) — 75, ניט באַוואוסט זייער באַשעפטיגונג — 38.

## פּערסאָנאַל און בודזשעט פון טעכניקום.

דער פּערסאָנעל באַשטעהט פון 11 אינזשעניערען, 5 לעהרער, 5 אינסטרוקטאָרען, 2 אסיסטענטען טעכניקער (אַבסאָלווענטען פון טעכניקום) און 5 אָנגעשטעלטע.

דער מאָנאַטליכער בודזשעט פון טעכניקום באַטרעפט: לערך 5500 גילדען.

דער טעכניקום האָט רעכט פון רעגירונגס־שולען.

## ד"ר. מ. ווײַנרײַך.

# דער אידישער וויסענשאַפטליכער אינסטיטוט (ייוואָ)



### פאַרוואָס דוקא אין ווילנע?

עס איז פּשוט שווער זיך פאָרצושטעלען, אַז מיט 10 יאָהר צוריק איז נאָך אינגאַנצען ניט געווען די אינסטיטוציע וואָס רופט זיך אידישער וויסענשאַפטליכער אינסטיטוט, אדער, מיט איהר קורצען נאָמען, ייוואָ. אַזוי טיף איז די אינסטיטוציע אַריינגעוואַקסען אין אידישען לעבען, ניט נאָר אין דער שטאָט ווילנע, וואו עס איז דער צענטער פון אינסטיטוט, נאָר אין דער גאַנצער אידישער וועלט אויף ביידע זייטען אַטלאַנטיק. היינט איז פּשוט שווער צו פאַרשטעהן, ווי אַזוי אידען מיט קולטורעלע אינטערעסען האָבען זיך געקענט באַגעהן אָהן אַזאַ מין אינסטיטוציע.

ניט איין מאָל איז מיר אויסגעקומען צו הערען די פראַגע: פאַרוואָס האָט עס עפּעס דוקא ווילנע זוכה געווען צו דעם, אַז דאָרטען זאָל שטעהן דער אינסטיטוט? פאַראַן דאָך היפּש שטעט וואָס זיינען רייכער פון ווילנע אי אין דער צאָל אידען, אי אין טוער, אי אין געלט. פאַראַן דאָך אַ סך שטעט, וואָס זיינען רייכער אין בילדונגס-מעגליכקייטען. טאָ וואָס איז פאָרט מיט ווילנע דער מער?

איך מוז זאָגען, אַז ווען מיר זיינען צוגעטראָטען בויען דעם אינסטיטוט, האָבען מיר אויך אַזוי געטראַכט. די ערשטע גרעסערע באַראַטונג וועגען דעם אינסטיטוט איז טאַקע פאָרגעקומען אין בערלין. דער מיטעלפּונקט פון דעם ערשטען אָרגאַניזיר-קאָמיטעט איז אויך געווען אין בערלין, און מיר אַליין, די ערשטע מיטגלידער זיינע פון ווילנע, האָבען זיך צום מעהרסטען געשראָקען ווען מען האָט אויף אונז געוואָלט אַרויפלייגען דעם גאַנצען אינסטיטוט. מען קען זאָגען מיט'ן פולען מויל, אַז ניט ווילנע האָט אַריינגעכאַפּט דעם אינסטיטוט, נאָר מען האָט איהם אויף אונזער שטאָט אַרויפגעלייגט. אָבער איצטער, ווען מיר האָלטען שוין מיט'ן אידישען וויסענשאַפטליכען אינסטיטוט אַזוי ווייט אַז מען קען איהם פון אידישען לעבען

שוין ניט אויסמעקען, איצטער זעהען מיר אלע: ווילנע איז דער איינציגער ארט וואו דער אינסטיטוט האט געקענט דערוואקסען צו זיין איצטיגער מדרגה.

געווים איז דא אויך געווען א גליקליכער צופאל. אין ווילנע האבען זיך גראד געפונען עטליכע מענשען, וואס האבען געהאט דעם נייטיגען חשק און די גייטיגע צוגרייטונג צו שטעלען זיך בויען אזא מיר צענטראלע וויסענשאפטליכע אינסטיטוציע וואס איז ביי אידען פאר דעם נאך קיינמאל ניט געווען. אבער ניט דאס איז דער עיקר. אידישע אינטעלעקטועלע כוחות זיינען פאראן אנדערשוואו אויך, און אין א גרעסערער צאל. נאר איין זאך פארמאגט ווילנע, וואס קיין שום אנדער שטאט אין דער וועלט פארמאגט נים. אין ווילנע זיינען צונויפגעפארט אידישע טראדיציע און אידישע היינטיגקייט. נאר פון די צוויי עלעמענטען צוזאמען קאן זיך בויען א קולטורעלע אידישע צוקונפט.

די ערשטע זאך מוז זיין טראדיציע. א ריכטיגע קולטור־אינ־סטיטוציע קען מען ניט באשאפען מיט געלט אליין, אדער מיט טוער אליין, אדער מיט גוטע צילען אליין. עס דארף נאך זיין דאס וואס מען רופט „דער געניוס פון דעם פלאץ”. א ריכטיגע אידישע קולטור־אינסטיטוציע, וואס זאל פארנעמען דעם ארט פון א צענטער און זיין אזוי ווי א בריק פון דער פארגאנגענהייט צו דער צוקונפט, קען זיך ניט אנטוויקלען אין א שטאט וואו עס איז ניט געווען כאטש מיט א 300 יאהר צוריק א אידישער פאגראם.

פאר וואס עפעס דוקא פאגראם? ווייל פאגראם, אדער פאָ־גראם־שרעק זיינען די אטמאספער אין וועלכער אידען האבען געלעבט פארגאנגענע יאהרהונדערטער. נאר דארטען וואו אין די הייזער און אין די שטיינער האט זיך נאך אויפגעהיט א געדעכעניש פון יענע שרעקליכע צייטען, קענען פרייע אידען בויען אינסטיטוציעס, וואס זאלען זיין פריי און פארט אידיש.

ווילנע פארמאגט דאס אין א גרויסער מאס. אידען זיצען דא פון פיל הונדערטער יאהרען און האבען שוין דא געהאט קאלט און ווארעם. יעדער מויער אין דער אלטער ווילנע, יעדער שטיין אויפ'ן שול־הויף, אויף אידישע גאס און אויף גלעזער־גאס דערצעהלט וועגען דורות אידען, וואס האבען דא געלעבט. טראדיציע מיינט ניט דוקא נאכטאן דעם עלטערען. ברעכען, צושטערען דאס אלטע קען אויך זיין טראדיציע. אבער ווען א קיבוץ האט אין זיך טראדיציע און לעבענסקראפט בויט ער אויף נייעס; איז דאס ניטא, מאכט מען פשוט חרוב, און עס בלייבט איבער א חורבה.

אין ווילנע בלייבען ניט קיין חורבות. ווייל א חוץ טראדיציע



זלמן רייזען



ז. קאַלמאַנאָוויטש



דר. מאַקס וויינרייך



באָריס קלעצקין



ב. כהן-ווירגילי

אויספיר-ביוראָ פון אידישען וויסענשאַפטליכען אינסטיטוט אין ווילנע.

פאַרמאָגט ווילנע נאָך אַ צווייטע מעלה: אימפעט. עס איז אַ שטאָט פון אויפטוערישקייט, פון פּיאָנירישקייט.

ניט דאָס ערשטע מאָל איז ווילנע דורכ'ן ייוואָ געוואָרען אַ מין צענטער פאַר דער אידישער וועלט. פון דעם גאונ'ס צייטען אָן שטעהט ווילנע אין פאָדערגרונט פון אידישען לעבען. דורך דעם גאון איז ווילנע געוואָרען אַ מיטעלפּונקט פון לומדות, דורך איהם איז ווילנע געשטאַנען אויבנאָן אין קאַמף געגען די חסידים. אין ווילנע האָט זיך קאָנצענטרירט די גאַנצע העברעאישע השכלה פון ליטע און רייסען. די רוסישע בילדונג האָט געשטראָמט צו אידען פון דער ווילנער ראַבינער־שול, און שפּעטער פון לעהרער־אינסטיטוט. אין ווילנע האָט זיך אָנגעהויבען די אידישע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג, אין ווילנע איז געגרינדעט געוואָרען דער „בונד". ווילנע האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין דער ציוניסטישער באַוועגונג. ווען די דייטשען האָבען אין דער וועלט־מלחמה פאַרנומען די שטאָט און עס איז געוואָרען אַ מעגליכקייט צו בויען אידישע שולען, האָט ווילנע גענומען בויען ענערגישער ווי אַלע און האָט אויפגעבויט אַ שול־וועזען, וואָס איז ביז היינט אַ מוסטער ווייט איבער די גרענעצען פון פּוילען.

צייטען קומען און פאַרגייען, אָבער עס בלייבען ניט קיין חורבות אין ווילנע. עס קומען אויף נ י י ע לעבענספאָרמען, אָבער עס זיינען אויך אַ י ד י ש ע לעבענספאָרמען. אמאָל האָט זיך אידישקייט אויסגעדריקט, למשל, אין דעם, וואָס אַ מיידעל האָט ניט געטאָרט אַ קוק טאָן אויף אַ בחור און פאַרקערט, ווער רעדט נאָך שפּאַצירען צוזאַמען. היינט שפּאַצירען זיך בחורים און מיידלעך פריי איבער די גאַסען אפילו געאָרעמט, און איהר מעגט זיך פאַרלאָזען, אַז זיי שמועסען ניט דוקא וועגען תורה און מצוות. זיי שמועסען וועגען ליבע, וועגען פוטבאָל, וועגען קאָמוניזם, וועגען טעאַטער, וועגען ליטעראַטור — אָבער דאָס איז אַלץ אידיש לעבען, וואָס שפּילט זיך אָפּ צום ווייט־גרעסטען טייל אויף אידיש. נאָר גאַנץ קליינע גרופּעלעך זיינען אויף אַזויפיל פאַרפרעמדט, אַז זיי זאָלען זיך האָבען אינגאַנצען אָפּגעריסען פון דער אידישער שפּראַך.

אָט דאָס איז די סביבה, וואָס אין איהר האָבען עס גענומען אַרבייטען געצעהלטע עטליכע מענשען פאַר אַ צענטראַלער אידישער וויסענשאַפטליכער אינסטיטוציע. אויב זיי האָבען בכלל געקענט באַגליקען, איז נאָר דאָ.

## די זאַמלונגען פון ייוואָ.

ביי היינטיגען טאָג זיצט שוין דער ייוואָ אין אַן אייגענעם בנין אויף וויוואולסקיגאַס 18 (פאַר דער מלחמה האָט מען די גאַס גערופען טאַמבאָווער; עס איז אַ פּאַראַלעלע גאַס צו פּאָהולאַנקע). דער בנין האָט אַ דריי צענדליג גערוימע צימערען צום אַרבייטען. דאָס איז

אויך א פייער־זיכערער מאגאזין פאר די אלע גרויסע זאמלונגען וואס דער ייווא האט אנגעקליבען. טאג־טעגליך קומען געסט, עקס־קורסיעס און איינציגע מענשען, וואס פרעהען זיך צוזאמען מיט אונז, וואס מיר האבען שוין דערגרייכט צו אזא מדרגה. איצטער גלויבט זיך שוין פשוט ניט, אז מיט ניין א האלב יאהר צוריק האבען מיר אנגעהויבען אונזער ארבייט אין א צימער פון א פריוואטער דירה, באוואפענט מעהר ניט ווי מיט פינף פינגער. עס גלויבט זיך ניט, אז אויף די ערשטע הוצאות האבען די גרינדער גופא זיך צונויפגעלייגט צו עטליכע גילדען און אז מיר האבען זיך דערשפירט ווי ראטשילד, בשעת א גרופע אידישע ארבייטער פון א שטעטעל אין גאליציע האבען אונז צוגעשיקט 10 דאלער, און נאך 10 דאלער זיינען אריינגעקומען פון א גרופע שילער פון דער אידישער גימנאזיע אין ווילקאמיר, ליטע.

היינט האט דער אינסטיטוט א בודזשעט, וואס ביי די גרעסטע איינשפארונגען און ביי דעם גרויסען סכום פרייוויליגע ארבייט וואס ווערט געטאן אהן שום געצאהלט קען מען איהם ניט אראפקוועטשען נידעריגער ווי 9-10 טויזענט „גאלדענע” דאלער א יאהר. ווייל וויפיל מען זאל ניט קארגען, איז דער אינסטיטוט ניט איין אינסטיטוציע, נאר א גאנצע נעץ אינסטיטוציעס. און יעדער צווייג דארף האבען כאטש וויפיל ניט איז געלט, כדי ער זאל קענען אנגעהן מיט דער ארבייט.

לאמיר אנהייבען אונזער קורצען שפאציר איבער'ן אינסטיטוט, אין יענע צווייגען, וואס זייער זיץ־ארט איז אין ווילנע.

די ביבליאגראפישע צענטראלע איז דער ארט וואו דאס אידישע גייסטיגע שאפען פון דער גאנצער וועלט ווערט פארצייכענט. 61 אידישע טאגבלעטער פון 11 לענדער קומען דא אריין און 298 אנדערע אידישע צייטונגען און צייטשריפטען. אבער ניט נאר אידישע. איהר געפינט דא אויך די העברעאישע פרעסע פון ארץ־ישראל אזוי גוט ווי די ענגליש־אידישע בלעטער פון אמעריקע, אפריקע און אויסטראליע און שפאניש־אידישע פון ארגענטינע אדער פערו. א פועלי־ציוניסטישע צייטונג אין בולגאריש ליגט בשלום לעבען א פארטוגאלישען מאראנישען זשורנאל און א שפאניאלישער קאמוניסטישער צייטונג. אלץ וואס עס שטעהט אין די דאזיגע בלעטער ווערט פארצייכענט, און יעדערער ווער עס דארף עפעס וויסען קריגט ביי אונז אינפארמאציע, צי מינדליך צי דורך א בריוו. העכער 173 טויזענט פארצייכענונגען האבען מיר שוין דא אנגעקליבען.

ווען די צייטונגען און זשורנאלען ווערען איבערגעקוקט ווארפט מען זיי חלילה ניט ארויס. זיי געהען אריבער אין פרעסע־ארכיוו, און דא ווערען זיי אויפגעהיט. אין דעם פייער־זיכערען מאגאזין

שטעהען לאַנגע שערענגעס מיט פּאַליצעס און אויף זיי זיינען אויפגע־שטעלט ביי 9,000 יאָהרגענג פון פאַרשידענע פּעריאָדישע אויסגאַבעס. דאָס איז דער גרעסטער אידישער פּרעסע־אַרכיוו אין דער וועלט.

אַן אַנדער אָפּטיילונג פון אַרכיוו פאַרנעמט זיך מיט זאַמלען ניט־פּעריאָדישע דרוקזאַכען: בלעטלעך, אויפרופען, מודעות א. אז. וו. פון דעם מין קענט איהר אויך געפינען טויזענטער נומערען, און אויך דאָ לעבען זיך איין א אידיש עלעקשאָן־בלעטל פון א דעמאָקראַ־טישען קאַנדידאַט אין ניו יאָרק, אַן אומלעגאַלע בונדישע פּראָקלאַמאַ־ציע צו די אַמאָליגע רוסישע וואַהלען און היינטיגע סאָוועטישע אויפרופען.

א דריטער אָפּצווייג פון אַרכיוו, ער מאַנוסקריפּטען־אַרכיוו, גיט זיך אָפּ מיט קלייבען געשריבענע דאָקומענטען. דאָ געפינט איהר אויף



פּרעסע-אויסשטעלונג אין אידישען וויסענשאַפטליכען אינסטיטוט.

די פּאָליצעס בריוו און מאַנוסקריפּטען פון וויכטיגע אידישע שריי־בער, גאַנצע אַרכיוועז פון אידישע קהילות אין פּויזענער געגענט, אַקטען פון דער אַמאָליגער רוסישער זשאַנדאַרמעריע וועגען אידישע רעוואָלוציאָנערען. די אויגען צולויפען זיך, ווען מען נעמט אריינ־קוקען אין אינווענטאַר־בוך, וואו די אַלע אוצרות ווערען פאַרשריבען.

לעבען דעם צימער פון אַרכיוו געפינט זיך דער צימער פון דער ביבליאָטעק. אין אינסטיטוט קומען אריין ניט נאָר צייטונגען און צייטשריפטען, נאָר אויך ביכער. אַלע אידישע פאַרלעגער און מחברים שיקען צו אומזיסט זייערע אויסגאַבעס, און אויך א סך העברעאישע און פרעמד־שפּראַכיגע. חוץ דעם איז דעם אינסטיטוט געראָטען אָנ־צוקלייבען א סך עלטערע ווערטפולע ביכער אויף פאַרשידענע שפּראַ־כען. ביז אָקטאָבער 1934 זיינען געווען פאַררעגיסטרירט ביי 19,000

ביכער (ניט רעכענענדיג דובלעטען), אָבער אַ סך טויזענטער זײַנען נאָך פאַרבליבען צום פאַררעגיסטרירען. מען באַוויַיזט פּשוט ניט אָפּ־צופאַרטיגען זיך מיט דער אַרבײַט. אָבער מיר ווערען ניט נתפּעל, ווײַל צו פיל אַרבײַט און צו ווייניג צײַט איז אַ סימן פון אַ לעבעדיגער אינסטיטוציע.

אַ וויכטיגער צווײַג פון דעם ייוואָ איז דער אידישער טעאַטער־מוזיי. אָנגעהויבען האָט ער זיך מיט אַ פײַנער, אָבער באַשיידענער זאַמלונג וואָס עס האָבען איבערגעגעבען דעם אינסטיטוט די קינדער פון דער פאַרשטאָרבענער אסתּר־רחל קאַמינסקי, און לכּבוד איהר רופט זיך דאָס טאַקע קאַמינסקי־טעאַטער־מוזיי. דאָ געפינען זיך טאַקע פיל טויזענטער חפצים, וואָס זײַנען שײַך צום אידישען טעאַטער אין דער גאַנצער וועלט: פּאָרטרעטען, סקולפּטורען, פאָטאָגראַפיעס,



אויסשטעלונג פון קאַמינסקי־טעאַטער־מוזיי אין אידישען וויסענשאַפטליכען אינסטיטוט.

פּראָגראַמען, מודעות, קאָסע־ביכער, פּאַרטיטורען, געדרוקטע פּיעסעס. די גאַנצע געשיכטע פון אידישען טעאַטער, פון גאָלדפאַדענען און נאָך פריהער ביז היינטיגען טאָג, וויקעלט זיך דאָ פונאַנדער פאַר אונזערע אויגען.

אין די אַלע זאַמעל־אָפּטיילונגען צוזאַמען זײַנען אויפגעקליבען אָהן אַ גוזמא הונדערטער טויזענטער אָביעקטען. אָבער עס איז ניט קיין לאַבירינט אין וועלכען מען ווערט פאַרפאַלען. דורך דער רע־גיסטריר־סיסטעם וואָס מיר האָבען אײַנגעשטעלט קען מען צײַט דרײַ מינוט געפינען יעדער זאַך וואָס מען זוכט.

## די אויסגאַבעס פון ייוואָ.

צו דער עפענטליכקייט דערגעהט דער אינסטיטוט מעהר ווי אַלץ מיט די אויסגאַבעס וואָס ער לאָזט אַרויס. פאַר די 9 יאָהר פון זײַן

עקזיסטענץ האָט דער אינסטיטוט אָפּגעדרוקט העכער 11 טויזענט זייטען וויסענשאַפטליכע ליטעראַטור אין אידיש. מיר האָבען אַרויס־געגעבען גרויסע בענד שריפטען פון די פיר סעקציעס (וועגען די סעקציעס וועט באַלד קומען צו רייד), דער טעאַטער־מוזיי גיט אַרויס דעם „אַרכיוו פאַר דער געשיכטע פון אידישען טעאַטער און דראַמע", דער אַמעריקאַנער אָפּטייל פון אינסטיטוט האָט אַרויסגעגעבען אַ שעהנעם זשורנאַל „פּנקס". פאַראַן אויך אַ סך איינציגע ביכער וואָס דער ייוואָ האָט אָפּגעדרוקט, למשל, פּראָפעסאָר ש. דובנאָוו'ס גע־שיכטע פון חסידיזם אין 2 בענד.

פון יאַנואַר, 1931, גיט ער אַרויס דער מאָנאַטליכער זשורנאַל „ייוואָ־בלעטער", וואָס האָט שוין באַקומען אַ נאָמען אין דער אידישער און ניט־אידישער וויסענשאַפטליכער וועלט. אַ צווייטער זשור־נאַל, די „ידיעות פון אידישען וויסענשאַפטליכען אינסטיטוט", ווערט געשיקט פריי צו יעדערען וואָס פאַרלאַנגט דאָס; דאָרטען דרוקט זיך סיסטעמאַטיש אינפאָרמאַציע וועגען די טעטיגקייטען פון ייוואָ. פון 1935 ווערט געפּלאַנט נאָך אַ דריטער זשורנאַל, ספּעציעל צו לערנען ריכטיג שרייבען און ריידען אידיש.

## די פיר סעקציעס.

איצטער קומען מיר צו די פיר סעקציעס פון אינסטיטוט, וואו די אייגענטליכע וויסענשאַפטליכע אַרבייט, די פאָרש־אַרבייט, ווערט אָפּגעטאָן.

די עקאָנאָמיש־סטאַטיסטישע סעקציע פאָרשט אויס די ווירט־שאַפטליכע לאַגע פון דער אידישער באַפעלקערונג אין פאַרשידענע לענדער. די היסטאָרישע סעקציע איז פאַרנומען מיט פאָרשען אונ־זער פאַרגאַנגענהייט. די פילאָלאָגישע סעקציע אַרבייט אויף דער אידישער שפּראַך און ליטעראַטור. די פּסיכאָלאָגיש־פּעדאַגאָגישע סעקציע שטודירט די פיזישע און גייסטיגע ענטוויקלונג פון דעם אידישען קינד און די פאַרשידענע אידישע שול־סיסטעמען. נאָהענט צו איהר שטעהט דער אָפּצווייג יוגענט־פאָרשונג, וואָס אינטערעסירט זיך דער עיקר מיט דער אונטערוואַקסנדיגער אידישער יוגענט און איהרע איבערלעבונגען.

די מיטגלידער פון די אַלע סעקציעס זיינען ניט דוקא ווילנער. פאַרקערט, פון די קרוב 40 מיטגלידער זייערע זיצען שטענדיג אין ווילנע ניט מעהר ווי 6. די אַנדערע זיינען צוזאַמען איבער פאַר־שידענע לענדער פון אייראָפּע און אַמעריקע (גראַד אין אַמעריקע האָבען מיר עטליכע זעהר ריהרעוודיגע מיטגלידער), און אפילו די אָנפיהרער פון די סעקציעס וואוינען ניט אַלע אין ווילנע. און דאָס איז גוט אַזוי, ווייל דורך דעם ווערט די אַרבייט פון אינסטיטוט

ברייטער, עס ווערט אין איהם ארייננעצויגען די גאנצע אידישע וועלט. אָבער אין ווילנע, אין דעם צענטראַלען ביורא פון אינסטיטוט, לויפען זיך צונויף אַלע פעדים. מיר דאָ אין ווילנע ווייסען ווי עס ארבייט די וויסענשאַפטליכע מאַשין אין יעדער ווינקעלע. טאָמער געהט עפּעס ניט אין אָרדענונג, טאָמער ווערט ערגעץ וואו די ענערגיע אָפּגעשוואַכט, זוכען מיר דאָס באַלד צו פאַרריכטען.

## די אָרגאַניזאַציע.

אין דעם צענטראַלען ביורא פון ייוואָ האַלטען מיר אויך דעם פינגער אויפ'ן דופק פון דער גאנצער אָרגאַניזאַציאָנעלער ארבייט פאַר'ן אינסטיטוט. דאָס איז ניט קיין קלייניגקייט. דער אינסטיטוט וואָלט דאָך ניט געווען דאָס וואָס ער איז, ווען ער וואָלט געווען נאָר אַ ווילנער אָדער נאָר אַ פּוילישע אינסטיטוציע. אין 18 לענדער זיי־נען פאַראַן געזעלשאַפטען „פריינד פון אידישען וויסענשאַפטליכען אינסטיטוט", און צו די ריהרעוודיגסטע פאַררעכענען מיר, צו־גלייך מיט דער אָרגאַניזאַציע אין ליטע, גראָד צוויי אָרגאַניזאַציעס אויף דער צווייטער זייט ים: די געזעלשאַפט „פריינד פון ייוואָ" אין די פאַראייניגטע שטאַטען (אַמאָפּטייל) און אין ארגענטינע (ארג־אָפּטייל). אַהן אַ גוזמא קענען מיר זאָגען: יעדערער ווער עס גיט אַ קוק אויף דער רשימה פון די גרינדער וואָס איז אויסגעהאַנגען אין וועסטיבול פון אונזער בנין זעהט דאָס אליין — אַז עס איז ניטאָ קיין איין לאַנד מיט אַ פיל וועניג היפשער אידישער באַפעלקערונג וואָס זאָל ניט זיין באַטייליקט אין אויפשטעלען דעם ייוואָ־בנין, דאָס הויז פון דער אידישער וויסענשאַפט. 8767 בריף זיינען ארויס־געגאַנגען פון ביורא פון אינסטיטוט אין פאַרלויף פון דעם לעצטען יאָהר און 2691 בריף זיינען ארייננעקומען, ניט ארייננערעכענט די צעהנדליגער טויזענטער ציטונגען און צייטשריפטען וואָס קומען אָן דורכ'ן יאָהר. ווען מען קוקט אַזוי איבער פאַר אַ וואָך צייט די קאָרעספּאָנדענץ פון אינסטיטוט, האָט מען דעם געפיהל ווי דאָ וואָלט זיין דאָס האַרץ פון דער גאַנצער אידישער קולטורעלער וועלט. עס איז אַ גרויסע זכיה פאַר אונז ווילנער, וואָס דער אינסטיטוט שטעהט אייך אין אונזער שטאָט.

## נייע פּלענער.

ווען איך שרייב דעם ארטיקעל, מיטען אָקטאָבער, 1934, האָט זיך אָקאָרשט פאַרענדיגט אַ סעסיע פון דער צענטראַלער פאַר־וואַלטונג פון אידישען וויסענשאַפטליכען אינסטיטוט, אויף וועלכער עס זיינען בייגעווען, אַ חוץ די ווילנער טוער, אויך חברים פון אנדערע שטעט און לענדער. מיר האָבען אויסגעהערט באַריכטען

וועגען דער אָפּגעטאָגענער ארבייט און אָנגענומען אַ צאָל וויכטיגע באַשלוסען. צוויי פון זיי זיינען וויכטיג ספּעציעל.

דער אינסטיטוט וועט זיך פון איצטער אָן ניט באַנוגענען מיט פאַרבינדען צווישען זיך פאַרטיגע וויסענשאַפטסלייט, נאָר ער שפּירט זיך שוין גענוג פעסט צו נעמען אויסבילדען יונגע קרעפטען, וואָס זאָלען איבערנעמען אין דער צוקונפט אונזער וויסענשאַפטליכע ארבייט. מיר וועלען אַראָפּברענגען פאַר זיי ספּעציעלע לעקטאָרען, וואָס זאָלען מיט זיי ארבייטען; צווישען אַנדערע האָט אונז פּראָפעסאָר ש. דובנאָוו צוגעזאָגט, אַז צוליב דער ארבייט וועט ער אַראָפּקומען קיין ווילנע. מיר וועלען צאָהלען אספּיראַנטען קליינע סטיפּענדיעס (פעלאָושיפּס), כדי עס זאָל זיי זיין גרינגער צו פאַרנעמען זיך מיט דער וויסענשאַפטליכער ארבייט. אַזעלכע אספּיראַנטען וועלען מיר אריינגעמען 10—15; שפּעטער וועלען מיר אפשר האָבען אַ מעגליכקייט צו פאַרגרעסערען זייער צאָל. די אַספּיראַנטור האָבען מיר געשאַפען לכבוד דעם 70טען געבורטסטאָג פון דר. צמח שאַבאַד, און זי וועט טראָגען זיין נאָמען.

דער צווייטער באַשלוס איז נאָך אַ וויכטיגערער. אין 1935 ווערט 10 יאָהר זינט דער אינסטיטוט איז געגרינדעט געוואָרען. צוליב דער געלעגענהייט וועלען מיר אין אויגוסט 1935 איינאָרדנען אין ווילנע דעם ערשטען אַלוועלטליכען צוזאַמענפאָר פון דער אידישער וויסענשאַפט און קולטור. עס וועלען זיך צונויפפאָהרען פון אַלע לענדער אידישע וויסענשאַפטסלייט. סיי אַזעלכע וואָס שרייבען אידיש, סיי אַזעלכע וואָס ארבייטען אין אַנדערע שפּראַכען, נאָר זיי שפּירען זיך מיט אונז פאַרבונדען. עס וועלען זיך אויך צונויפפאָרען אידישע שרייבער, אידישע אַקטיאָרען, אידישע לעהרער, כדי ארומצורעדען זייערע ענינים. מיר הערען אויך, אַז עס קלייבען זיך אויף יענע טעג צו אונז צו גאַסט אַ סך מענשען, וואָס האָבען זיך גלאַט פאַרבענקט נאָך ווילנע און ווילען אַראָפּקומען אַהער פון דער פרעמד ניט אין אַ מיטען מיטוואָך, נאָר אין אַ יום־טוב. און דער יום־טוב פון ייווא וועט זיין אַ יום־טוב פון דער גאַנצער אידישער ווילנע.

מיר זיינען זיכער, אַז צווישען די געסט אויפ'ן צוזאַמענפאָר וועלען מיר אויך האָבען אַ סך פיהרער, טוער און מיטגלידער פון דעם ברענטש 367 פון ארבייטער רינג. סיי דער ארבייטער רינג אינגאַנצען, סיי אייער ברענטש 367 האָבען אַ חלק אין אויפבויען דעם אינסטיטוט. טאָ קומט איצטער געניסען פון אינסטיטוט. קומט צו פאָרען אויפ'ן צוזאַמענפאָר פון אידישער וויסענשאַפט און קולטור אין ווילנע אין אויגוסט, 1935. איהר וועט זיין אין אינסטיטוט אָנגעלייגטע געסט, נאָך מעהר: אָנגעלייגטע מיט־באַלעבאַטים.

## פאַניאַ צעמעל.

# די ענטשטעהונג פון ווילנער אידישען פרויען פאַראיין.



די וועלט־מלחמה האָט זיך געענדיגט. צור־רואינירט און צובראָכען איז געשטאַנען די אַלטע ווילנע. פאַרניכטעט פון די מלחמה פאַל־גען, אויסגעזויגען פון דער אָקופּאַציאָנס־מאַכט, האָט ווילנע דערגרייכט די העכסטע מדרגה פון נויט און דחקות. דעקלאַסירטע, הונגע־ריגע און האַלב־הונגעריגע שאָטענס האָבען זיך אַרומגעדרעהט איבער די פאַרוואָרלאָז־טע גאַסען. מענשען, וועלכע האָבען נאָך נעכטען געהאַט אַ געזיכערטע עקזיסטענץ האָבען זיך פּלוצלונג דער־זעהן אָהן אַ היינט און אָהן פּערספּעקטיווען אויף מאָרגען.

און אויב שווער איז געווען די לאַגע פון די מענער, איז נאָך פיל שווערער, אויסגאַנגסלאָזער געווען די לאַגע פון דער אידישער פרוי. ערצויגען אין די אַלטע אידישע טראַדיציעס, אַז די פרוי, טאָכטער און מוטער דאַרפען קיין אַקטיווען אַנטייל אין עקאָנאָמישען לעבען ניט נעמען און מוזען בלויז לעבען אויפ׳ן חשבון פון זייער פאָטער און מאַן — האָט פּלוצלונג דערזעהן די אידישע פרוי פאַר זיך אַן אומגעהויערען תהום. דער מאַן און פאָטער זיינען מעהר ניט מסוגל געווען צו שלעפּען דעם שווערען עקאָנאָמישען יאָך, אַליין איז זי צו גאָרניט צוגעגרייט און צוגעפּאַסט. וואו איז אַלזאָ דער אויסוועג?

צוזאַמען מיט דער עקאָנאָמישער ירידה האָבען זיך אויך שטאַרק אַ וואַקעל געטאָן די מאָראַלישע יסודות און זעהר פיל פרויען זיינען דאַן געשטאַנען ביים ברעג פון מאָראַלישען אונטערגאַנג.

אַ גרופּע געזעלשאַפטליכע טוערינס האָבען דאַמאָלס מיט זייער געזונטען חוש דערפיהלט, אַז איצט איז וויכטיג צו געבען אָפּעסען אַ הונגעריגען, אָנצוטאָן אַ בגד אַ נויטבאַדערפטיגען. זיי האָבען דער־פיהלט, אַז די הילף מוז איצט זיין אַ ממשות׳דיגע, אַ קאָנסטרוקטיווע, אַז מען מוז גרינדליך היילען די אידישע באַדענלאָזיגקייט, מאַכען דעם

אידען און הויפטזעכליך די אידישע פרוי פראדוקטיוו. דאן איז אין יאהר 1923 געווארפען געווארען דער לאָזונג: גיבע קאָנסטרוקטיווע הילף פאר דער אידישער פרוי". די איניציאטאָרם פון דער אידעע האבען גאָרנישט פארמאָגט, אויסער דעם גוטען ווילען צו העלפען און אפנים, אז דאָס איז גענוג געווען. אָנפאנג 1924 געהט פרוי ט. עפ־



טאַטיאַנאַ מאַרקאָווגאַ עפשטיין — פּאָרזיצערין פון ווילנער אידישען פרויען-פאראיין.

שטיין (די לאַנגיאָהריגע פארזיצערין פון פרויען־פאראיין) אריין אין א קאָנטאַקט מיט'ן ווארשעווער פרויען־פארבאנד. זיי דעלעגירען זייער פאָרזיצערין, פרוי רחל שטיין, וועלכע אָרגאניזירט דעם קערענדעל פון אונזער פאראיין. כדי צו רעאליזירען דעם באגריף „גיבע קאָנסטרוק־טיווע הילף פאר דער פרוי", ווערט באשלאָסען צו עפענען א רייהע פאך־קורסען. צו דעם צוועק דינגט מען א קליינעם, באשיידענעם לאָ־

קאָל און אַ גרופּע מיידלעך פאַנגען זיך אָן לערנען נייהען קליידער, וועש און הוט־פוצעריי.

צו דער זעלבער צייט פיהרט די דאָזיגע איניציאַטיוו גרופּע אויך אַ קולטורעלע טעטיגקייט צווישען דער מאַסען־פרוי. אין דעם זעלבען לאָקאַל אָרדענט מען איין אַלע פרייטאָג־צונאַכט פאָרלעזונגען, לעקציעס, לעבעדיגע צייטונגען און דערגלייכען, וואו די פאַרהאָרעוועטע מאַסען־פרוי געפינט אַן אָפּרוה אין אַן אַנגענעמער קולטורעלער סביבה.

די שטאָט איז געווען שטאַרק פאַראָרעמט. ס'איז אונמעגליך גע־ווען צו געפינען מיטלען כדי צו אנטוויקלען דעם פאַראיין, אָבער ווייזט אויס, אַז דאָס וואָס ס'איז לעבענס־נויטווענדיג, מוז עקזיסטירען און זיך אַנטוויקלען, ניט קוקענדיג אויף אַלע מכשולים.



פאַך־קורסען פאַר דערוואַקסענע ביים ווילנער אידישען פרויען־פאַראיין, אָפּטיילונג פון קאָרסעטען־אַרבייט ביי דער אַרבייט.

פאַר די 10 יאָהר פון זיין עקזיסטענץ האָט דער פרויען־פאַראיין זיך אַזוי שטאַרק אַנטוויקעלט און פאַרצווייגט זיין טעטיגקייט, אַז ער פאַרנעמט איינעם פון די אָנגעזעהענסטע ערטער אין די קולטורעלע געזעלשאַפטליכע מוסדות פון ווילנע און ווילנער פּראָווינץ. ניט פאַראַן קיין איין געזעלשאַפטליכע, פּאָליטישע און קולטורעלע פראַגע אין וועל־כער דער פרויען־פאַראיין זאָל ניט זאָגען זיין וואָגיג וואָרט.

אָבער די הויפּט־אַנטוויקלונג האָט דער פאַראיין דערגרייכט אין זיין פאַרשפּרייטען קאָנסטרוקטיווע הילף צווישען די אידישע פרויען מאַסען. ביי היינטיגען טאָג פאַרמאָגט דער ווילנער פרויען־פאַראיין אַ קאָנצעסיאָנירטע פאַך־שול פאַר שניידעריי מיט מלוכה־רעכט, פאַך

קורסען פון וועש־נייהעריי, הוט־פוצעריי, קארסעטען ארבייט, הענטשקעס און קינסטלערישע האנט־ארבייט. בסך הכל לערנען זיך אויף אלע קורסען ביז 300 תלמידות. זיי ווערבירען זיך פון די ארימסטע שיכטען פון דער אידישער באפעלקערונג. דאס זיינען אלץ פרויען און טעכ־טער פון געפאלענע בעלי־בתים, ארבייטסלאזע און דעקלאסירטע.

א גרויסע צאהל פרויען האבען שוין די שול און קורסען גענדיגט. די מערהייט איז אנשטענדיג איינגעארדענט און פיהרען אן ארבייט־זאמען, זעלבשטענדיגען לעבען. פילע האבען עמיגרירט אין פארשי־דענע לענדער און די גרויסע צאל דאנק־בריף דערוויזט זייער אנער־קענונג פאר'ן פרויען־פאראיין. די אבסאלווענטינס פון אלע פאך־קור־סען ביים פאראיין קענען זיך דעריבער גוט איינארדנען, ווייל זיי פאר־לאזען די שול שוין אלס הויך קוואליפיצירטע־ארבייטארינס. די שול און קורסען באזיצען ערשט־קלאסיגע לעהרער־כוחות און ווערען ניט פארגליווערט ביי איין מעטאדע, נאר רופען זיך וואכזאם אפ אויף יעדער נייער לערען־מעטאדע, אויף יעדער פארפאלקאמונג.

די פארוואלטונג פון פאראיין גיט די מעגליכקייט דער שילערין צו פארדינען נאך זיצענדיג אויפ'ן שול־באנק. און אפט איז דאס טאקע דער איינציגער מקור פון חיונה פאר דער גאנצער משפחה.

דער פרויען־פאראיין רייסט אבער ניט איבער דעם קאנטאקט מיט זיינע תלמידות אויך נאכ'ן ענדיגען די שול און קורסען, נאר האט יעדע געענדיגטע שילערין אויפ'ן אויג, העלפט זיי ביים איינארדנען זיך, קומט זיי שטענדיג צו הילף ביי פארשידענע שוועריגקייטען אין הינזיכט פון פאך. יעדע געענדיגטע שילערין קען שטענדיג צוריק־קומען אין שול זיך פארפאלקאמען ביי איהר פאך, פרעגען אן עצה, א. ד. גל.

חוץ דעם פארמאגט דער ווילנער פרויען־פאראיין, די איינציגע אין ווילנע און ווילנער געגענט אידישע ווירטשאפט־שול, וואו די שילע־רינס ערלערנען ראציאנאל און גרינדליך די ווירטשאפט, ווי קאכען, באקען, קאנסערווירען, כעמיש־רייניגען, הויז־בוך־פיהרונג, נייהען פאר'ן הויזליכען געברויך א. אז. וו.

מיט'ן ערעפענען די אויבענדערמאנטע שול האט דער פרויען־פאראיין געשטרעבט צו דערגרייכען צוויי צילען. ראשית האט ער גע־וואלט געווינען נאך א ברייטען צווייג פון טעטיגקייט פאר דער אידישער פרוי; והשנית האט ער געשטרעבט צוצוברעכען דעם פאראורטייל, וואס הערשט פון שטענדיג ביי אידען צו הויז־ווירטשאפט ווי צו א פאך. און אין א גרויסער מאס איז איהם דאס טאקע געלונגען צו דערגרייכען. לויט דער פאראָרדנונג פון דער שול־מאכט איז יעצט אבליגאטאריש פאר די שילערינס פון די פאלקס־שולען צו באזוכען די ווירטשאפט־שול פון פרויען־פאראיין.

דער פאַראיין באַנוגענט זיך אָבער ניט מיט׳ן געבען בלויז פאַך־אויסבילדונג זיינע תלמידות, נאָר זוכט אויך מיט אלע מעגליכקייטען צו הייבען זייער קולטורעלען ניוואָ. ביי דער שול און קורסען געפינט זיך א רייכע ביבליאָטעק פון אידישע און פוילישע ביכער. ס׳ווערט איינגעאָרדענט לעקציעס איבער ביאָלאָגיע, ליטעראטור, אידישע געשיכטע א. ד. גל. אויך אינטימע פאַמיליען־אָוונטען, וואו די פאַרוואַלטונג פאַרברענגט צוזאַמען מיט די תלמידות, ווי מיטגלידער פון איין גרויסער משפחה.

אויסער מיט קאָנסטרוקטיווע הילף פאַר דער פרוי פאַרנעמט זיך דער פרויען פאַראיין אויך אין א גרויסער מאָס מיט קינדער פאַרזאָרגונג. די פאַרוואַלטונג האָט איינגעזעהן, אז ס׳איז נאָך ווייניק צו געבען דער פרוי ארבייט, מ׳מוז איהר אויך געבען א מעגליכקייט רוהיג צו ארבייטען, ד. ה. מען מוז די מוטער באַפרייען פון איהר קליין קינד, וועלכען זי איז געצוואונגען איבערצולאָזען אויף הפקר, אָדער עס בינדט איהר צו צום שטוב און לאָזט איהר ניט געהן ארבייטען. צו דעם צוועק האָט דער פרויען פאַראיין געשאַפען א טאָג קינדערהיים, פאַר די אָרימסטע קינדער פון שטאָט, פאַר קינדער פון מארק־הענדלערקעס, פאַבריק־ארבייטערינס און דערגלייכען. אָט די קינדער, וועלכע פלעגען זיך וואַלגערען אויף די טראָטוארען פון די ענגע, שמוציגע אידישע געסלעך, אדער וועלכע פלעגען זיין פארשלאָסען אין די קאַלטע, פינסטערע קעלערם — געפינען זיך היינט אין א ליכטיגע, זוניגע קינדער־היים, וואו זיי ווערען ראַציאָנאַל ערנערט און ערצויגען.

נאָך א וויכטיגער געביט וועלכען דער פרויען־פאַראיין שענקט פיל אויפמערקזאַמקייט — איז דער פרויען־שוץ. צווישען אנדערע מהפכות, וואָס די מלחמה האָט אָנגעמאַכט האָט זי אויך שטארק דעמאָראַליזירענד געווירקט אויף די ריינקייט פון פאַמיליען־לעבען. אונפאַראַנטוואָרטליכע עלעמענטען האָבען אויסגענוצט דעם מלחמה־ווירוואַר און איבערגעלאָזט זייערע פרויען און קינדער. דער פרויען־שוץ פיהרט א פאַרצווייגטע און ערפאָלגרייכע הילפס־אקציע, כדי אויסצוגעפינען אזעלכע מענער און פאָטערס און זיי צווינגען צו העלפען זייערע פארלאָזענע פאַמיליעס. דער פרויען־שוץ גיט אויך הילף, ארבייט און שיצט דאַכלאָזע מיידלעך.

בראש פון פרויען־פאַראיין שטעהט פון ערשטען טאָג פון זיין ענטשטעהונג פרוי ט. מ. עפשטיין, א מענש, פאַר וועמען דער פרויען־פאַראיין איז געוואָרען א לעבענס־ווערק און לעבענס־אידעע. פרוי עפשטיין גיט אָפּ אלע איהרע כוחות און שעפערישען אָרגאַניזאַטאָרישען טאַלאַנט דעם פאַראיין. און זי טראָגט טאַקע אויף איהרע פּלייצעס דעם גרעסטען יאָך פון דער אחריות׳פולער ארבייט.

צוזאַמען מיט ט. מ. עפשטיין האָט יאָהרען לאַנג מיטגעארבייט

און מיטגעווירקט דער עהרען־מיטגליד פון פארוואלטונג פון פרויען־פאראיין די ניט־לאנג פארשטארבענע פרוי מרגלית יאנאוו. פרוי יאנאוו האט איהרע בעסטע כוחות אפגעגעבען דעם פאראיין. א מענש מיט אומגעהייער פיל ענערגיע, האט זי דורכגעמאכט אלע ניואנסען פון געזעלשאפטליכער טעטיגקייט.



מרגלית יאנאווא — לאנג-יאהריגע עהרען מיטגלידערין פון פארוואלטונג פון ווילנער אידישען פאראיין, געשטארבען פעב. 26, 1934.

באזונדערס האט זי זיך אויסגעצייכענט אין דער צייט פון דער אקופאציע. אנגעפאנגען האט זי איהר טעטיגקייט מיט העלפען ארעמע ישיבה־בחורים. דערנאך איז ניט געווען קיין איין צווייג פון פילאנטראפישער ארבייט, וואס פרוי יאנאוו האט אין איהר קיין טיכטיגען אנטייל ניט גענומען. וואו נאר ס'איז געווען א הונגעריגער

האָט זי איהם זאָט געמאַכט, וואו נאָר ס׳איז געווען אַ לײדענדער האָט זי זײנע לײדען געלינדערט. ווער האָט אין ווילנע ניט געקאַנט די הויכע, שלאַנקע פיגור פון פרוי יאַנאָוו, וועלכע פלעגט געהן פון הויז צו הויז מיט׳ן שטעקעלע אין האַנט און האָט אומעטום אַרײנגעטראָגען טרײסט און הילף, סײ דעם געבער, סײ דעם נעמער. שטענדיג מיט איהר לעבעדיגען הומאָר און שאַרפען וויץ. פרוי יאַנאָוו איז אָבער געווען פײן־פיהלענד און זי האָט שטאַרק געפיהלט דעם אָטעם פון דער צייט. מיט איהר געזונטען חוש האָט זי דערפיהלט, אַז געבען פאַרבײגעהענדע פילאַנטראָפּישע הילף איז נאָך ווייניג. זי האָט דערפיהלט, אַז העלפען הייסט געבען קאָנסטרוקטיווע הילף. דאַן גיט זי זיך בלב ונפש אָפּ דעם פרויען־פאַראיין, וועמען זי האָט ווי אַ טרייער זעלנער געדינט ביז איהר לעצטען אָטעם־צוג.

דער פרויען פאַראיין שאַצט אָפּ די גרויסע אבדה און בלייבט טריי איהר אָנדיינקונג דורך פאַרפילפאַכטער ענערגישער אַרבייט.

צווישען די בויער און שעפער פון ווילנער פרויען־פאַראיין מיט אַלע זיינע אַנשטאַלטען פאַרנעמט דעם חשובסטען אָרט דער אַמעריקאַנער „דזשאָינט" בכלל און הויפּטזעכליך דער דירעקטאָר פון „דזשאָינט" אין פּוילען, הער י. גיטערמאַן. דער „דזשאָינט" האָט גוט פאַרשטאַנען די צילען, אויפגאַבען און טעטיגקייט פון ווילנער פרויען פאַראיין און איהם אין אַ גרויסער מאָס געהאָלפען. איהם סובסידירט אויף איינאָרדנען זיך, רעמאָנטירען דעם לאָקאַל, קויפען נייה־מאַשינען און אַנדערע מכשירים. שווער זיך פאָרצושטעלען דאָס עקזיסטירען פון פרויען פאַראיין אָהן דער מיטהילף און מיטווירקונג פון דעם אַמעריקאַנער „דזשאָינט".

אַ גרויסען יישר כח קומט אויך דעם ווילנער „לײדיס רעליף", וועלכער האָט דעם פרויען פאַראיין אין שווערע מינוטען געהאָלפען. אויך דער פאַראייניגטער ווילנער הילפס־קאָמיטעט האָט זיך לעצטענס אָנגעפאַנגען מיט דעם פאַראיין צו אינטערעסירען און איהם צו שטיצען.

אַזוי זעהט אויס די ענטשטייאונג און געשיכטע פון ווילנער אידישען פרויען פאַראיין, וועלכער פייערט היי־יאָהר זיין 10־יאָהריגען יובל. דער פאַראיין האָט פאַר זיך נאָך אַ ברייטע פעלד פון טעטיגקייט און גרויסע אחריות׳פולע אויפגאַבען, וועלכע ער האָפט אין דער נאָהענטער צוקונפט צו פאַרווירקליכען.

## א. י. גאָלדשמידט.

# די אידישע פרעסע אין ווילנע אין די יאָהרען 1922-1914

## 1. אין ערשטען יאָהר פון דער מלחמה.

### „דער פריינד"

פ. מארגאָלין האָט געגרינדעט אַ נייע אידישע טעגליכע צייטונג, „דער פריינד". דער ערשטער נומער איז ארויס פרייטאָג, דעם 25טען יולי, 1914. אלס רעדאקטאָר־ארויסגעבער איז געווען אונטערגעשרי־בען: ח. מ. (חנה־מלכה) מארגאָלין, דעם ארויסגעבער'ס פרוי. אַ זעצעריי האָט מארגאָלין געהאַט אַן אייגענע, נאָר געדרוקט האָט ער זיינע צייטונגען אין דער פוילישער דרוקעריי „פראמיען" (ווילנע, איג־נאט. פערעאולאק, 5.)

אינווייניגסטער רעדאַקטאָר איז געווען משה שאַליט.

דער „פריינד" איז געגאַנגען פון 25־טען יולי, 1914, ביז 31־טען מערץ, 1915. ארויסגעגאַנגען זיינען סך הכל 194 נומערען.

### „דאָס פאָלק"

דאָן האָבען די ברידער נחום און לייבוש באַביצקי אָרגאַניזירט אַ מין קאָאָפּעראַטיווען צייטונג־פארלאַג, און פרייטאָג, דעם 22־טען מאַי, 1915, איז ארויס דער ערשטער נומער פון דער טעגליכער אומפּאַר־טייאישער צייטונג „דאָס פאָלק". אונטערגעשריבען: רעדאקטאָר־ארויסגעבער ל. באַביצקי; דרוקעריי פון פ. גאַרבער, ווילנע, זאַוואַלנע — „ערלויבט פון מיליטערישער צענזור".

אינווייניגסטע רעדאַקטאָרען האָבען זיך מחמת סכסוכים אַ פּאָר מאָל געביטען.

אין דער ערשטער העלפט יולי, 1915, איז, לויט אַ באַפעל פון ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש, אָפּגעשטעלט געוואָרען די גאַנצע העברעאיש־אידישע פרעסע. דאַן איז צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע אָרגאַנען פון אידישען געדרוקטען וואָרט אין ווארשע, אָדעס, ביאַליסטאָק און ווילנע פארמאַכט געוואָרען אויך „דאָס פאָלק", נאָכדעם ווי ס'זיינען ארויס פון איהם עטליכע און פערציג נומערען.

### „ווילנער טאָגעבלאַט"

אין סוף יוני האָט משה קאַרפּינאָוויטש בשותפות מיט שמואל

גריינימאַן אָנגעפאַנגען אַרויסגעבען אַ קאָפּיקענעם „ווילנער טאָגע־בלאַט" וואו זיי ביידע זיינען געווען די מיטאַרבייטער. די דאָזיגע צייַ־טונג איז אויך פאַרמאַכט געוואָרען צוזאַמען מיט'ן „פאָלק", דאַכט זיך, אויפ'ן 18־טען נומער.

די ברוטאַלע גזרה האָט געטראָפען אויך די ניט־טעגליכע אידישע פרעסע אין ווילנע — דעם מאָנאַטליכען זשורנאַל „די אידישע וועלט", דעם צוויי־וועכענטליכען קינדער־זשורנאַל „גרינינקע ביימעלעך" און „די וואָך".



די עלטסטע אידישע צייטשריפטען אין ווילנע.

## „די אידישע וועלט"

„די אידישע וועלט" איז געגרינדעט געוואָרען אין יאָהר 1912, אין פעטערבורג, און איז אַרויס דאָרט אונטער דער נאָענטסטער מיט־אַרבייט פון ש. גינזבורג, ש. דובנאָוו, י. עפרען און י. צינבערג. פון דער פעטערבורגער „אידישער וועלט" זיינען אַרויס סך־הכל 6 נומערען. פרעטענדירט אויף אַרויסגעבען דעם זשורנאַל האָבען די וואַרשעווער פאַרלאַגס־געזעלשאַפט „צענטראַל" און דער נאָר וואָס געגרינדעטער ווילנער פאַרלאַג פון ב. א. קלעצקין. אַזוי ווי קלעצקינ'ס פאַרלאַג איז געגרינדעט געוואָרען דאַן (אַ דאַנק א. ווייטער'ן) מיט זעהר דערהויבענע צוועקען פון נאַציאָנאַל־גייסטיגען רענעסאַנס, איז „די אידישע וועלט" פון די פעטערבורגער אַרויסגעבער איבערגעפירט גע־וואָרען קיין ירושלים דליטא.

פון יאנואר, 1913, האט דער זשורנאל אנגעהויבען ארויסצוגעהן אונטער'ן נאמען „די אידישע וועלט" רעגולער אלע חודש, מיט דער באטייליגונג פון דיזעלביגע מיטארבייטער. פאר רעדאקטאר־ארויסגעבער איז געווען אונטערגעשריבען ב. א. קלעצקין. פאר אינווייניגסטען רעדאקטאר איז איינגעלאדען געווארען ש. ניגער, פאר טעכנישען אויספיהרער — דער היסטאריקער־פילאלאג ז. קאלמאנאוויטש, פאר פיהרער פון אלע ענינים פון זשורנאל — נחום שטיף (בעל־דמיון).

אין משך פון יאהר 1913 זיינען ארויסגעגאנגען 12 ביכער פונ'ם זשורנאל. אין 1914 זיינען ארויס זיבען ביכער און אין יאהר 1915 — 4 ביכער.

אין יולי, 1915, איז די „אידישע וועלט" צוזאמען מיט דער גאנצער אידישער פרעסע פארמאכט געווארען אויף אלע מאל. אזוי איז אונטערגעגאנגען דער שענסטער פון די זשורנאלען, וואס מיר האבען ווען עס איז געהאט אין אידיש.

## „גרינינקע ביימעלעך"

„גרינינקע ביימעלעך", א צוויי־וועכענטליכער אילוסטרירטער זשורנאל פאר קינדער פון איגנסטען און מיטעלען עלטער, האט אנגעהויבען ארויסצוגעהן אין „ווילנער פארלאג" פון ב. א. קלעצקין אין פעברואר, 1914. פאר רעדאקטאר־ארויסגעבער איז געווען אונטערגעשריבען ב. א. קלעצקין, אינווייניגסטער רעדאקטאר איז געווען פ. היילפערין.

מיט'ן אויסברוך פון דער מלחמה אין יולי, 1914, האט זיך דער זשורנאל אפגעשטעלט אויפ'ן 10־טען נומער און האט ניט געקאנט ערשיינען אין משך פון פיר חדשים. אין דעצעמבער זיינען ערשינען די נומערען 11 און 12. אין יאהר 1915 זיינען ארויס צעהן נומערען, סך־הכל 22 נומערען צוזאמען מיט די צוועלף נומערען פון יאהר 1914. איבער דער בייזער גזרה פון ניקאלאי ניקאלאיעוויטש האט זיך דיזער זשורנאל פארמאכט.

## „די וואך"

„די וואך", א געזעלשאפטליך, עקאנאמיש און ליטעראריש וואכענבלאט, איז געווען א פריוואטע אונטערנעמונג פון ש. ניגער, ז. קאלמאנאוויטש און נחום שטיף. „די וואך" האט אנגעהויבען צו ערשיינען דעם 21־8־טען יאנואר, 1915, ביז זי איז פארמאכט געווארען אינ'ם חושכ'דיגען יולי, 1915, אויפ'ן 24־טען נומער. די רעדאקציע איז באשטאנען פון ש. ניגער, ז. קאלמאנאוויטש און נחום שטיף.

די 24 נומערען „די וואך" זיינען אן אוצר פאר דער געשיכטע פון אידישען לעבען, קאמפען און ליידען פאר'ן 1־טען האלבען יאהר פון 1915.

### „די פרילינגס־קוויטען"

„די פרילינגס־קוויטען", א ליטעראַרישע זאַמלונג לכבוד פּסח (אויסגאַבע „יוגנט", ווילנע תרע"ה, פּרייז 8 קאָפּ.).

דערמאָנענדיג דיזען זשורנאַל, האָבען מיר אויסגערעכענט אַלע פּעריאָדישע אויסגאַבען, וואָס זיינען אַרויס אין ווילנע בשעת דער מלחמה ביז דער דייטשער אָקופּאַציע.

## 2. טעגליכע צייטונגען אין ווילנע בשעת דער דייטשער אָקופּאַציע.

(18־טען סעפּטעמבער, 1915—31־טען דעצעמבער, 1918)

### „פלוג־בלאַט"

„פלוג־בלאַט" ערשיינט יעדען טאָג. נומער 1, ווילנע, מיטוואָך, דעם 13־טען אָקטאָבער, 1915. פּרייז 1 קאָפּ. רעדאַקטאָר־אַרויס־געבער ה. שוה. פון נומער 25 אָן איז דער פּרייז געהעכערט געוואָרען פון 1 קאָפּ. אויף 2 קאָפּ. דאָס בלעטעל האָט זיך אָפּגעשטעלט נאָכ־דעם, ווי ס'האָט אָנגעהויבען אַרויסגעהן די טעגליכע צייטונג „לעצ־טע נייעס".

### „לעצטע נייעס"

„לעצטע נייעס", א טעגליכע צייטונג, האָט אָנגעהויבען אַרויסגעהן דעם 30־טען יאַנואַר, 1916. אונטער דער קאָפּ־שורה איז ניט געווען אָנגעצייכענט וואָס דאָס איז פאַר א צייטונג. דער פּרייז פון נומער, 10 פּעניג. פאַראַנטוואָרטליכער רעדאַקטאָר, ד. רויכעל. דרוקעריי, זאַוואָדסקי, בערנאַרדינער 3. אַרויסגעבער פון דער צייטונג איז גע־ווען פייוועל מאַרגאָלין (געוועזענער אַרויסגעבער פון „הזמן", „אידישע צייטונג" און „דער פריינד"). די צייטונג איז געווען אָן אויסגעשפּראָ־כען אומפּאַרטייאיש־דעמאָקראַטישע.

דער אַרויסגעבער האָט איינגעלאַדען אויף מיטאַרבייט אין דער צייטונג כמעט אַלע אידישע פּראָפעסיאָנעלע ליטעראַטען און זשור־נאַליסטען, וואָס האָבען זיך דעמאָלט געפונען אין ווילנע. דוד רויכעל איז געווען דער פאַראַנטוואָרטליכער רעדאַקטאָר. אַלס אינווייניגסטער רעדאַקטאָר איז באַשטימט געוואָרען מ. שאַליט.

דעם 11־טען אויגוסט, 1917, האָט מען אָפּגעשטעלט די אַר־בייט אויפ'ן 186־טען נומער. אין פינף טעג אַרום, דעם 16־טען אויגוסט, איז אַרויס דער לויפענדיגער נומער 187.

פון נומער 283 (6־טען דעצעמבער, 1918), האָט זיך געענ־דערט די רעדאַקציע. דן קאַפּלאַנאָוויטש און זלמן רייזען זיינען אַרויסגעטראָטען פון דער צייטונג. לייב יפה, וואָס איז געקומען פון רוסלאַנד, איז געוואָרען דער אָפיציעלער רעדאַקטאָר און משה שאַליט

— דער אינוויינקסטער. ש. ל. ציטראָן איז ווידער אריין אין רע־דאקציע.

דער לעצטער נומער, 32 (פון פערטען יאָהרגאנג), איז ארויס פרייטאָג, 7־טען פעברואר, 1919.

## „אונזער שטימע"

„אונזער שטימע", א טעגליכע סאָציאַלדעמאָקראַטישע ארבייטער־צייטונג, אָרגאַן פון „בונד" פאר ליטע. איבער׳ן קעפּעל איז געווען דער אויפשריפט: פּראָלעטאריער פון אַלע לענדער, פאראייניגט זיך! — פרייז פון נומער 20 פעניג.




טעגליכע אידישע צייטונגען אין ווילנע, 1904—1918.

דער ערשטער נומער איז ארויס דאָנערשטאג, דעם 5־טען דע־צעמבער, 1918. ארויסגעגאנגען זיינען סך הכל 99 נומערען. דער לעצטער נומער איז ארויס דעם 18־טען אפּריל, 1919 — דעם לעצטען טאָג פון דער ראטענמאכט אין ווילנע.

אינוויינגסטער רעדאקטאָר, סטיליזאטאָר, לייט־ארטיקלער און טעכנישער אויספיהרער איז געווען, ביז׳ן נומער 78, דער טאלאנט־פולער פילאָלאָג און זשורנאליסט מאקס וויינרייך.

נאָכדעם ווי מאקס וויינרייך איז אוועק פון דער צייטונג האָט זיין פלאַץ פאַרנומען דער פעהיגער זשורנאליסט פּסח נאָוויק, וואָס איז

געוועזן געקומען פון אַמעריקע און האָט זיך געקליבען צוריק אוועק־צופאָהרען.

„אונזער שטימע" האָט געקעמפט מוטיג פאַר די אידעאַלען פון ניט געפעלשטען דעמאָקראַטיזם אין די אַרבייטער־רייהען, אין די אַר־בייטער־ראַטען; פאַר דער זעלבסטשטענדיגקייט און גאַנצקייט פון דער אידישער היסטאָרישער אַרבייטער־פּאַרטיי. פאַר „אונזער שטימע" האָט מען געהאַט אַפּשיי און מ'האָט מורא געהאַט זי צו פאַרמאַכען.

דאָס איז געוועזן אַן ערליכע און גוטע בונדישע צייטונג. אין דער צייטונג האָבען זיך באַטייליגט אויך א. י. גאָלדשמידט, ווירגילי— חשמונאי, ניסן פּופּס, א. פרידקין און אַנד.

די השפּעה פון „אונזער שטימע" איז בשעתה געוועזן גרויס און די אידישע אַרבייטער האָבען שטאַרק באַדויערט איהר אומגעריכטען אונטערגאַנג.

## „דער קאָמוניסט"

„דער קאָמוניסט" איז געוועזן דער אָרגאַן פון צ. ק. פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין ליטע און ווייסרוסלאַנד.

דער ערשטער נומער איז אַרויס דאָנערשטאַג, דעם 26־טען דע־צעמבער, 1918.

אינוויינינגסטער רעדאַקטאָר און טעכנישער אויספיהרער איז גע־ווען משה לונעווסקי. אין דער צייטונג האָבען זיך באַטייליגט: ש. דימענטשטיין, פּ. ליבערטע, ה. קאַפּלאַן, ב. אַרשאַנסקי (ב. עלענ־זאָן, אַר—סקי, פּ. בער) און אַנד.

אין די אָנפירענדיגע קרייזען פון אידישען קאָמיסאַריאַט איז אויפגעקומען אַן אומצופרידענקייט מיט דער צייטונג און ס'איז באַ־שטימט געוואָרען אהער אַריבערצופיהרען פון מינסק דעם „שטערן". דעם 3־טען אַפּריל, 1919, איז אַרויס דער לעצטער נומער „קאָמו־ניסט" (נ. 74), וואו די רעדאַקציע גיט איבער איהר מאַנדאַט דעם „שטערן".

## „דער שטערן"

„דער שטערן" איז געוועזן זעהר אַ גרויסע טעגליכע צייטונג, אָר־גאַן פון צ. ק. פון דער קאָמ. פּאַרטיי אין ליטע און ווייסרוסלאַנד און פונ'ם הויפּט־קאָמיטעט פון אידישען קאָמוניסטישען פאַרבאַנד. פרייטאַג, דעם 4־טען אַפּריל, 1919, איז אַרויס דער ערשטער נומער אין ווילנע (74 אין מינסק).

די רעדאַקציע איז באַשטאַנען פון ב. אַרשאַנסקי, ש. דימענטשטיין, פּ. ליבערטע און רעדאַקטאָר־סטיליזאַטאָר און טעכנישער אויספיהרער — א. קאַנטאָר.

דער נומער 86 איז געווען דער לעצטער פון דער צייטונג, וואָס איז געגאַנגען סך־הכל צוויי וואָכען (פונ'ם 4־טען אַפּריל ביז'ן 18־טען).

## „טאָג"

דער „טאָג", אַן אומפּאַרטייאישע דעמאָקראַטישע צייטונג האָט געהאַט אַלס שטענדיגע מיטאַרבייטער: ש. אַנ—סקי, א. י. גאָלד־שמידט, מאַקס ווײַנרייך, פּסח נאָוויק, שמואל ניגער, ז. סעגאַלאָ־וויטש, ד. קאַפּלאַנאָוויטש (דאַן), ז. רייזען, דר. צמח שאַבאַד א. אַנד. דער ערשטער און אינווייניגסטער רעדאַקטאָר פון „טאָג" איז געווען ש. ניגער. אָפיציעל האָט ער געהייסען: רעדאַקטאָר־קאָלעגיע. אַרויס־געבער: פאַרלאַג „פּרעסע". דרוקעריי: קליין־סטעפּאַן גאַס 23 (ב. א. קלעצקין).

דער ערשטער נומער איז אַרויס 9־טען מאַי, 1919.

לכתחילה איז די צייטונג אַרויסגעגעבען געוואָרען פון אַ קליינער גרופּע דעמאָקראַטישע טוער. איינער פון זיי, יונה שאַפּירא, האָט אונטערגעשריבען די צייטונג פון נומער 8 אָן. פון נומער 79 האָט די דאָזיגע גרופּע אָפּגענומען פון זיך יעטווידע פאַראַנטוואָרטליכ־קייט פאַר דער פינאַנסירונג פון דער צייטונג, און דער „טאָג" האָט זיך אָרגאַניזירט אויף קאָאָפּעראַטיווע יסודות. אַלס אַרויסגעבער איז אונטער דער צייטונג געווען אונטערגעשריבען „קאָאָפּעראַטיווער פאַר־לאַג" „טאָג" און פון נומער 116 איז צו דער דאָזיגער אונטערשריפט צוגעקומען די הוספה . . . „אין דער פּערזאָן פון חיים האַזאַן".

אויך אין דעם צוזאַמענשטעל פון דער רעדאַקציע זיינען פאָר־געקומען ענדערונגען. צוערשט האָט די צייטונג פאַרלאָזן ש. אַנ—סקי, וועלכער איז דעם 13־טען יוני, צוליב זיין שוואַכען געזונט, אַוועקגע־פאָהרען קיין אָטוואָצק. סוף אויגוסט האָט ווילנע פאַרלאָזט דער רע־דאַקטאָר פון „טאָג", ש. ניגער, וואָס איז אַוועקגעפאָהרען קיין אַמע־ריקע. אויך מאַקס ווײַנרייך איז שוין צו יענער צייט אין ווילנע ניט געווען. די ערשטע 37 נומערען האָט די צייטונג אונטערגע־שריבען א. קריניצא, פון נומער 38 — ש. טשאַרני (ש. ניגער), פון נומער 88 — ז. רייזען, פון נומער 107 — דער זעצער ישראל לעווין.

פון נומער (340) 145 (1־טען יולי, 1920) האָט זיך שוין באַ־וויזען אַ נייע אונטערשריפט: רעדאַקטאָר, ז. רייזען, און אַרויסגע־בער ד. קאַפּלאַנאָוויטש.

דעם 2־טען אויגוסט, 1920, האָט די רויטע אַרמיי פאַרנומען ווילנע און מיט דעם נומער (367) 172 איז פאַרמאַכט געוואָרען דער „טאָג".

צוריק האָט דער „טאָג" אָנגעהויבען אַרויסגעהן פאַר די ליטווינער — נומער (368) 173 (31־טען אויגוסט, 1920).

דעם 8־טען אָקטאָבער, 1920, איז ארויס דער לעצטער נומער (390) 195 פון דעם „טאָג".

## „אונזער טאָג"

פרייטאָג, דעם 15־טען אָקטאָבער, 1920, שוין פאַר „מיטל־ליטע" איז באַנייט געוואָרען דער „טאָג", אָבער שוין אונטער אַ נייעם נאָמען, „אונזער טאָג". פאַר רעדאַקטאָר־ארויסגעבער איז געווען אונטער־געשריבען ש. גאָרדאָן. צום 1טען יאַנואַר, 1921, איז שוין געווען ארויסגעטראָטען פון רעדאַקציע דן קאַפּלאַנאָוויטש, וואָס איז אָריבער אין'ם ניי־געעפענטען ציוניסטישען „אונזער פריינד".




טעגליכע אידישע צייטונגען אין ווילנע, 1918—1934.

פון 1־טען פעברואר זיינען אלס רעדאַקטאָרען־ארויסגעבער אונ־טערגעשריבען י. בעקער און ז. רייזען. אָנהייב מאַי איז בעקער אוועק־געפאָהרען און פון נומער 104 איז פאַר רעדאַקטאָר־ארויסגעבער אונ־טערגעשריבען ז. רייזען.

## „אונזער טאָג" פאַר אַמעריקע

„אונזער טאָג" פאַר אמעריקע איז ארויסגעגעבען געוואָרען אלס א זאַמעלבוך, ספּעציעל פאַר אַמעריקע, וואוהין ס'זיינען אוועקגע־שיקט געוואָרען (דורך די דעלעגאַטען פון „הילפס־קאָמיטעט פון די ווילנער לאַנדסלייט אין ניו יאָרק", דר. דרוסקין און דוד קאַץ) די מאַטריצען, כדי דעם מאַטעריאַל דאָרטען איבערצודרוקען פאַר'ן דאָר־

טיגען אידישען עולם. די זאמלונג איז ארויס אין ווילנע אין מערץ, 1921.

דער ציל פון דער אויסגאבע איז געווען אויפמערקזאם צו מאכען די אידישע אמעריקע, וואס זי דארף טאן פאר ווילנע.

## „אידישע צייטונג"

„אידישע צייטונג", טעגליכע צייטונג. דער ערשטער נומער איז ארויס צוגלייך מיט'ן „טאג" דעם 9טען מאי 1919. פאראנטוואָרטליכער רעדאקטאר דר. י. וויגאדסקי. פון נומער 4 — לייב יפה. ארויסגעבער: ווילנער ציוניסטישע ארגאניזאציע. אלס מיטגלידער פון דער רעדאקציע זיינען געווען אנגעוויזען: דר. י. בערגער, דר. י. וויגאדסקי, דר. ד. ייבין, ח. לעווין, ש. ל. ציטראן, דר. יוסף רעגענסבורג און משה שאליט. שעף רעדאקטאר-סטיליזאטאר — מ. שאליט. י. ח. ראזענבוים אלס טעכנישער אויספירער.

נאכדעם ווי לייב יפה איז אוועקגעפארען קיין ארץ-ישראל, איז אלס שעף-רעדאקטאר אנגענעבען געווארען דר. רעגענסבורג. באלד איז ארויס פון רעדאקציע משה שאליט און זיין שטעל האט פארנומען ש. ל. ציטראן. אין יוני 1920 איז ארויס דער לעצטער נומער (319) 124. די סיבה פונ'ם פארמאכען זיך פון דער צייטונג איז געווען א שטרייק פון די זעצער, וואס די קאנטאר האט ניט נאכגעגעבען זייערע עקאנאמישע פאדערונגען.

## „די רויטע פאן"

„די רויטע פאן" איז געווען דער ארגאן פון צ. ק. פון דער קאמוניסטישער פארטיי אין ליטע און ווייס-רוסלאנד. רעדאקטאר מ. ראפעס, ארויסגעבער צ. ק. פון דער קאמ. פארטיי פון ליטע און ווייס-רוסלאנד.

דער ערשטער נומער איז ארויס אין ווילנע דעם 1טען אווגוסט 1920. דער לעצטער נומער (20) איז ארויס דעם 24טען אווגוסט 1920, מיט עטליכע טעג פאר'ן אפטרעטען פון דער רויטער ארמיי פון ווילנע. אגב איז די צייטונג אפגעשטעלט געווארען פאר דער צייט מחמת עפעס א געלט סכסוך מיט די ארבעטער.

## „נייעס"

„נייעס" איז געווען אן אומאפהענגיגע ווילנער צייטונג, ארויסגעגעבען פון א קאלעקטיוו אין דער פערזאן פון מ. זאלצבערג. דרוקעריי צ. ציונסאן און קאמפ., טראקער 13. רעדאקטאר ארויסגעבער: מ. זאלצמאן. דאס בלעטעל איז געווען א קאאפעראטיוו פון די דרוקער (ב. ציונסאן, שמריהו פייטלער און נתן יפה) און פון די זשורנאליסטען (דוד בערעזאווסקי [דודל], מ. זאלצבערג, חיים לעווין און אברהם

קריניצאַ). דער ערשטער נומער איז אַרויס 5טען נאָוועמבער 1920. די „נייעס" האָט זיך צוגעמאַכט אויפ'ן 17טען נומער דעם 24טען נאָוועמבער 1920.

### „אונזער פריינד"

„אונזער פריינד" איז געווען אַ טעגליכע צייטונג, דער אָרגאַן פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע פאַר ווילנע־ליטע. דער ערשטער נומער איז אַרויס דעם 9טען יאַנואַר 1921. רעדאַקטאָר־אַרויסגעבער: משה כהן.

אין 1921 זיינען אַרויס 293 נומערען און אין 1922 זיינען ביז'ן 1טען יולי אַרויס 150 נומערען.

### „דער נייער מאָרגען"

„דער נייער מאָרגען" איז געווען אַ טעגליכע צייטונג. רעדאַקטאָר־אַרויסגעבער: י. קראָנענבערג, קאָאָפּעראַטיווע דרוקעריי, גדאַנסקאַ 3. דער ערשטער נומער איז אַרויס דעם 11טען מערץ 1921.

שפּעטער האָט „דער נייער מאָרגען" אָנגעהויבען אַרויסגעהן אַלס אַן אָוועגטבלאַט און די צייטונג האָט זיך פאַרמאַכט אויפ'ן 138טען נומער, דעם 25טען אַווגוסט 1921.

נאָכ'ן שליסען „דעם נייעם מאָרגען" האָט קראָנענבערג אַרויס־געגעבען 1 נומער פון אַ וואָכענבלאַט „דער אמת".

## 3. וואָכענבלעטער

אחוץ די טעגליכע צייטונגען, וואָס אַרויסגעגעבען אין ווילנע איז שטענדיג געווען פאַרבונדען מיט די גרעסטע מאַטעריעלע שוועריגקייטען, זיינען אַרויסגעגאַנגען אַ גאַנצע ריי וואָכענבלעטער, דאָס רוב אָרגאַנען פון פּאָליטישע ריכטונגען, זעלטענער — ליטעראַריש־געזעלשאַפטליכע. איך וויל זיי פאַרצייכענען אין כראָנאָלאָגישען סדר:

### „אונזער עתיד"

„אונזער עתיד" איז געווען אַ ליטעראַריש־געזעלשאַפטליכער וואָ־כענבלאַט — אָרגאַן פון די „צעירי ציון" אין ליטע. דער ערשטער נומער איז אַרויס 19טען יוני 1918. דער לעצטער נומער 19, דעם 13טען נאָוועמבער 1918. דער אָפיציעלער רעדאַקטאָר־אַרויסגעבער איז געווען מאיר שיבה און די אייגענטליכע רעדאַקציע איז באַשטאַנען פון ש. ל. ציטראָן און מ. שאַליט.

### „די וואָך"

„די וואָך" איז געווען אַ וואָכענשריפט פאַר ליטעראַטור און קול־טור־פראַגען. רעדאַקטאָרען־אַרויסגעבער: א. ווייטער און ש. ניגער.

אינגאַנצען זיינען אַרויס פיר ביכלאך (8טער יאַנואַר — 8טער פעברואַר 1919).

## „שבת־נייעס"

„שבת־נייעס" איז געווען אַן אומפּאַרטייאישער אָרגאַן, מיט אַ הומאָריסטישער אָפּטיילונג. דער ערשטער נומער איז אַרויסגעגאַנגען 14טען יולי 1919.

אויפ'ן נומער 13 (6טען סעפּטעמבער) איז „שבת־נייעס" פאַר־מאַכט געוואָרען דורך דער מאַכט. אין אַפּריל־מאַי 1922 איז ווידער



אַ ציימונג קיאָסק אין ווילנע.

געמאַכט געוואָרען אַ פּרוב צו באַנייען די „שבת־נייעס", שוין דורך אַנדערע מיטאַרבעטער, אָבער האָט געדויערט בלויז עטליכע וואָכען.

## „דער אידישער סוחר"

„דער אידישער סוחר", אָרגאַן פון ווילנער אידישען סוחרים־פאַר־באַנד. אַ וואָכענבלאַט, געווידמעט די אינטערעסען פון האַנדעל און אינדוסטריע. פאַראַנטוואָרטליכער רעדאַקטאָר: אַלבערט קאַבאַטשניק און אַרויסגעבער אַדאָלף גאָרדאָן. אינווייניגסטער רעדאַקטאָר חיים לעווין. דער ערשטער נומער איז אַרויס 12טען סעפּטעמבער 1919. דער פאַך־זשורנאַל איז געגאַנגען אַ חדשים 7—8 און איז אָפּגעשטעלט געוואָרען.

## „אונזער שטימע"

„אונזער שטימע", וועכענטליכער אָרגאַן פון ווילנער קאָמיטעט פון „בונד". דער ערשטער נומער איז אַרויס דעם 13טען אווגוסט 1920. דער לעצטער נומער איז אַרויס דעם 20טען אווגוסט. סך הכל זיינען אַרויס דריי נומערן.

## „דאָס פרייע וואָרט"

„דאָס פרייע וואָרט" איז געווען אַ געזעלשאַפטליך־ליטעראַרישע צייטונג. רעדאַקטאָר־אַרויסגעבער: זעליג ציננמאַן. דרוקעריי פון פּראָדוציר־קאָאָפּעראַטיוון, נייע גאַס 3. דער ערשטער נומער איז אַרויס 13טען נאָוועמבער 1920. פון נומער 11 (22טען יאַנואַר 1921)




אידישע צייטשריפטען אין ווילנע, 1910—1914.

איז „דאָס פרייע וואָרט" אַריבער צום סאָציאַל־דעמאָקראַטישען „בונד". ס'זיינען אַרויס 39 נומערן. די צייטונג איז פאַרמאַכט געוואָרען דורך דער מאַכט דעם 24טען סעפּטעמבער 1921.

## „דאָס פאָלק"

„דאָס פאָלק" איז געווען אַ וואָכענבלאַט, אַרויסגעגעבען פון דער אָרגאַניזאַציע „מזרחי" אין ליטע. פאַראַנטוואָרטליכער רעדאַקטאָר: שמחה שטופּלער. אינוויינינגסטער רעדאַקטאָר: ש. ל. ציטראָן. דער ערשטער נומער איז אַרויס דעם 2טען נאָוועמבער 1920. סך הכל זיינען אַרויס אַכט נומערן.

## „אַרבייטער־לעבען"

„אַרבייטער־לעבען" איז געווען אַ וועכענטליכע אידישע אַרבייטער־
צייטונג. רעדאַקטאָר־אַרויסגעבער: אַברהם שאַוועל. דרוקעריי „וויל־
נער פאַרלאַג פון ב. א. קלעצקין", ווילנע, קליין־סטעפאַן גאַס 23. דער
ערשטער נומער איז אַרויס דעם 19טען פעברואַר 1921. אַרויסגעגאַנגען
סך הכל 6 נומערען. אויפ'ן 6טען נומער איז די צייטונג אָפּגעשטעלט
געוואָרען דורך דער מאַכט. דער „זיץ־רעדאַקטאָר" א. שאַוועל, דער־
שטילער, איידעלער אידעאַליסט, איז אַרעסטירט געוואָרען, אָנגעקלאָגט
געוואָרען אין געריכט, אָפּגעזעסען אָהן אַ משפט אין די ערגסטע באַ־
דינגונגען ביי אַ יאָהר און צום סוף באַפרייט געוואָרען אויף ערבות.
סיי זיין פאַרטיידיגער, סיי דער פּראָקוראָר האָבען דערלאַנגט אַן אַפּע־
לאַציע. צום צווייטען מאָל געריכט האָט זיך שאַוועל ניט געמאָלדען.

אידישע צייטשריפטען אין ווילנע, 1915—1919.

## „ווילנער וואָך"

וואָכענבלאַט פאַר ידיעות, ליטעראַטור און פּובליציסטיק. רעדאַק־
טאָר און אַרויסגעבער — יונה שפּער. דרוקעריי פון ווילנער פּראָדוציר־
קאָאָפּעראַטיווען, נייע גאַס 3. דער ערשטער נומער איז אַרויס 3טען
דעצעמבער 1921. אַרויס סך הכל דריי נומערען.

## „אונזער צייט"

אַ וועכענטליכע אַרבעטער־צייטונג. רעדאַקטאָר־אַרויסגעבער: רבקה
עפּשטיין. די צייטונג האָט דורכגעפירט די אידעען פון סאָציאַל־

דעמאָקראַטישען „בונד". די רעדאַקציע איז באַשטאַנען פון פינף מיטגלידער: אינזש. י. אַקון (דאַגינסקי), י. כאַרלאַש (בן־בדוד, ב. ב.), א. ליטוואַק, ר. עפשטיין און דר. פ. ראָזענטאַל.

דער ערשטער נומער איז אַרויס דעם 14טען יאַנואַר 1922. אויפ'ן נומער 24 (דעם 1טען יולי 1922) איז די צייטונג פאַרמאַכט געוואָרען דורך דער מאַכט.

## 4. זשורנאַלען און זאַמעלביכער.

אידישע צייטשריפטען אין ווילנע, 1920—1922.

אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע, ווען ווילנע איז געוועזן אינגאַנצען אָפּגעריסען ניט נאָר פון דער ברייטער וועלט, נאָר אפילו פון דער נאָהענטער סביבה, איז דער איינציגער פּרוב פון אַ מין זשור־נאַל (אַחוץ דעם שוין אויבען דערמאָנטען „אונזער עתיד") געוועזן די

### „ליטעראַרישע העפטען"

ערשטער העפט: ימים נוראים. ווילנע, 1916. צווייטער העפט — 1916. אנטיילנעמער: לייב ניידוס, יוסף איזביצקי, ד. איינזאַם, א. פרידקין, ד. קאסעל, י. ח. ראָזענבוים, משה קולבאַק, זלמן רייזען, משה טייטש, ד. קאַפּלאַנאָוויטש, מ. שיבה, ש. ל. ציטראָן, מ. שאַליט. ניסן פּופּס.

## „ווילנער זאַמעלבוך"

אונטער דער רעדאַקציע פון דר. צ. שאַבאַד. ערשטער באַנד לטובת די ווילנער קינדערהיימען. ווילנע, 1916. צווייטער באַנד — ווילנע, 1918. אינווייניגסטער רעדאַקטאָר און טעכנישער אויספירער פון דער גאַנצער אַרבעט איז געווען משה שאַליט. אַרויסגעגעבן די זאַמעלביכער האָט דר. שאַבאַד אויפ'ן אייגענעם חשבון.

## „ליטע"

אַ ליטעראַריש־וויסנשאַפטליך זאַמעלבוך. די ערשטע זאַמלונג איז אַרויס אין 1919, אַרויסגעגעבן פון אוריה קאַצענעלענבאָגען און י. אַ. גאָלדשמידט. צווייטער העפט אַרויסגעגעבן דעצעמבער 1918.




אידישע צייטשריפטען אין ווילנע, 1922—1925.

רעדאַקטירט פון י. אַ. גאָלדשמידט, אַרויסגעגעבן פון מרדכי אייזיק סידער און פסח מאַרקוס.

מיט'ן אַריינקומען פון דער ערשטער ראַטענמאַכט האָט דאָס עפענטליכע לעבען פון די פּאַרטייען אויפגעלעבט. דער „בונד" האָט געשאַפען זיין טעגליכע צייטונג „אונזער שטימע". דאַן איז אויך ערשינען

## „פּאַראויס"

1טער זאַמעלהעפט. אַרויסגעגעבן פון דערהווייליגען הויפט־קאָמיטעט פון דער „פאַראייניגטער אידישער סאָציאַליסטישער אַרבעטער

פּאַרטיי פאַר ליטע און ווייס־רוסלאַנד". ווילנע, יאַנואַר 1919. דער דאָזיגער אָרגאַן האָט געפירט אַ קאַמף געגען דער דיקטאַטור פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און פאַר אַן ענדערונג אין דער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק פון דער באָלשעוויסטישער רעגירונג אין ליטע לטובת דעם פּרינציפּ פון נאַציאָנאַלער אַליינבאַשטימונג פון די פעלקער.

## „די נייע וועלט"

אַ חודש־זשורנאַל. אַרויסגעגעבן פון דעם פאָלקס־קאָמיסאַריאַט פאַר בילדונג אין ליטע. ווילנע 1919. דרוק: ב. קלעצקין.

דער דאָזיגער זשורנאַל, ווי אויך די זשורנאַלען „פאָלקס־בילדונג" און „גרינינקע ביימעלעך" זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרען לויט דער התעוררות פון א. ווייטער און ש. ניגער, וואָס האָבן געוואָלט אויסנוצען די גרויסע מעגליכקייטען פון בילדונג־קאָמיסאַריאַט פאַר אידיש־קולטורעלע אויפטועך. ניגער איז אויך געווען דער רעדאַקטאָר פון זשורנאַל. נאָר צוויי נומערן זיינען ערשינען.

## „פאָלקס בילדונג"

צוויי־וועכענטליכער זשורנאַל פאַר פראַגען פון בילדונג און קולטור. אַרויסגעגעבן פון דעם צענטראַלען בילדונגס־קאָמיסאַריאַט פאַר ליטע. דער ערשטער נומער איז אַרויס דעם 21טען מערץ, 1919, און דער צווייטער — לעצטער נומער — 4טען אַפּריל 1919.

## „גרינינקע ביימעלעך"

נומער 1 — אַפּריל 1919, אַרויסגעגעבן פון פאָלקס־קאָמיסאַריאַט פאַר בילדונג אין ליטע און ווייס־רוסלאַנד. דער פאָרמאַט — היבש גרעסער ווי קלעצקין'ס „גרינינקע ביימעלעך". מעהר ווי איין נומער איז ניט אַרויס.

## „אונזער פרייהייט"

זאַמעלבוך. ווילנע, 1919 (אַרויס אין מערץ). לייב יפה — רעדאַקטאָר.

אין דער ערשטער צייט פון דער פּוילישער אָקופּאַציע איז די לאַגע געווען ניט אַזאַ, אַז מ'זאָל קענען טראַכטען וועגען זשורנאַלען און זאַמעלביכער. ערשט מיט דער גרינדונג פון דער אידישער צענטראַלער שול־אָרגאַניזאַציע (אויף דער קולטור־באַראַטונג אין וואַרשע, סוכות התרע"ט) איז געשאַפען געוואָרען די איניציאַטיווע צו באַנייען „די גרינינקע ביימעלעך" (צום דריטען מאָל) און אָנהויבען אַרויסגעבען אַ פּעדאַגאָגישען זשורנאַל.

## „גרינינקע ביימעלעך"

צוויי־וועכענטליכער אילוסטרירטער קינדער־זשורנאַל, אַרויסגעגעבן פון דער צענטראַלער שול־אָרגאַניזאַציע אין ווילנע. פאַראַנטוואָרטליכער

רעדאַקטאָר־אַרויסגעבער ש. באַסטאָמסקי. אין רעדאַקציע זיינען אויס־געקליבען געוואָרען: ש. באַסטאָמסקי, ש. ידידאָוויטש, מ. חיימסאָן, י. פּאַט, נאָוואָגראָדסקי, דוד איינהאָרן און מ. בירנבוים. טעכנישער אויספירער דוד בערעזאָווסקי (דוד׳ל). דער ערשטער נומער איז אַרויס אין מיטען דעצעמבער 1919.

## „די נייע שול"

פּעדאַגאָגישער חודש־זשורנאַל, אַרויסגעגעבען פון דער צענטראַלער שול־אָרגאַניזאַציע אין ווילנע. די רעדאַקציאָנעלע קאָלעגיע איז צוערשט

אידישע צייטשריפטען אין ווילנע, 1925—1931.

באַשטאַנען פון דוד לובאַצקי, ג. פּלודערמאַכער, ז. רייזען. שפּעטער זיינען צוגעצויגען געוואָרען ראָזע סימכאָוויטש, ישראל גורעוויטש און י. רובין. רעדאַקטאָר־סטיליזאַטאָר און טעכנישער אויספירער ז. רייזען.

---

זומער 1920 איז די צענטראַלע שול־אָרגאַניזאַציע אין ווילנע צו־געטראָטען אַרויסגעבען אַ צווייטען קינדער־זשורנאַל,

## „דער אידישער האַנטווערקער"

יובילײ־אויסגאַבע, דאָס הייסט צום 5־יאָהריגען יובילײ (1916—1921) פון ווילנער אידישען האַנטווערקער־פאַראיין. 30טען יולי 1921. רעדאַקטאָר־סטיליזאַטאָר און טעכנישער אויספירער חיים לעווין.

## „דער חבר"

חודש־זשורנאַל פאַר עלטערע קינדער, ארויסגעגעבען דורך דער צענטראַלער שול־אָרגאַניזאַציע אין פוילען, ליטע און ווייס־רוסלאַנד. פאַראַנטוואָרטליכער רעדאַקטאָר יעקב פּאַט. אָנהויבענדיג פון נומער 11 (נאָוועמבער 1921) איז „דער חבר" ארויסגעגעבען געוואָרען דורך דער צענטראַלער שול־אָרגאַניזאַציע אין ווילנע.

## „שול און חיים"

זשורנאַל פאַר עלטערען. ארויסגעגעבען פון דער צענטראַלער שול־אָרגאַניזאַציע אין ווילנע.

## „וויטער בוך"

צום אָנדענק פון א. וויטער. ארויסגעגעבען פון דעם וויטער־פאָנד ביים פאַראיין פון די אידישע ליטעראַטען און זשורנאַליסטען אין ווילנע אונטער דער רעדאַקציע פון ש. ניגער און ז. רייזען. ווילנע, אפּריל 1920, צום ערשטען יאָהרצייט נאָך א. וויטער.

## „לעבען"

העפטען פון צייט צו צייט פאַר ליטעראַטור, קונסט און פּובליציס־טיק, אונטער דער רעדאַקציע פון משה שאַליט. דער ערשטער נומער איז ארויס אין ווילנע אין מערץ 1920.

## „אונזער הילף"

ציווי־וועכענטליכער זשורנאַל. אָרגאַן פון אידישען געגענט־קאָמי־טעט „יעקאָפּאָ", ווילנע. רעדאַקטאָר: משה שאַליט. ארויסגעבער: נתן קאָוואַרסקי. דאָס ערשטע ביכעל איז אַרויס 2טען יוני 1921.

## „פונקען"

זאַמלונג. דעצעמבער 1921. רעדאַקטאָר סטרונסקי.

## „פאַר אונזערע קינדער"

איינמאָליגע אויסגאַבע פון ווילנער אידישען צענטראַלען בילדונגס קאָמיטעט, 27טען יאַנואַר 1922. רעדאַקטאָר: י. רובין.

## „פאַר'ן אידישען אַקאַדעמיקער"

איינמאָליגע צייטונג, אַרויסגעגעבען דורך דעם פאַראיין פאַר־געגענזייטיגער הילף די אידישע סטודענטען אין ווילנער אוניווערסיטעט צו דער אַקאַדעמישער וואָך (4—10 מאַי 1922). רעדאַקטאָר: דוד בערעזאָווסקי.

## יעפים ישורין.

# די אידישע און אַלגעמיינע פּרעסע אין ווילנע היינטיגען טאָג (1934).



ווילנע איז באַוואוסט איבער דער גאַנצער וועלט אַלס אַ שטאָט פון קולטורעלע אוצרות. אין ווילנע האָבען אין אַלע צייטען עקזיסטירט וויכטיגע קולטורעל־געזעלשאַפטליכע אינסטיטוציעס. ווילנע איז אין אַלע צייטען געווען די וויגעלע פון אַלע פּראָגרעסיווע און סאָציאַליסטישע באַוועגונגען; ווילנער כלל־טוער זיינען אימער געווען דער העכסטער אויסדרוק פון אידעאַליזם און אין דראַנג פון דיזען אָנגעזעהענעם קולטורעלען לעבען אין ווילנע, האָט די פּרעסע פאַרנומען דעם אויבענאָן.

קוקט מען דורך די אַרכיוועז פון ווילנע, ענטפּלעקען זיך פּאַר אייערע אויגען גאַנצע אוצרות פון צייטונגען און זשורנאַלען, וואָס זיינען פון צייט־צו־צייט ערשינען אין ווילנע.

עס איז אָבער פון אויסערגעוועהנליכער וויכטיגקייט דער פאַקט, אַז איצט, ווען ווילנע געפינט זיך אין אַזאַ שרעקליכען געדריקטען צושטאַנד, ווען דער חורבן־ווילנע איז אַזוי שרייענד, אַז גראָדע איצט געהען אַרויס 5 אידישע טעגליכע צייטונגען, 6 פּוילישע טעגליכע צייטונגען, 1 ליטווישע צייטונג, וועלכע ערשיינט צוויי מאָל אַ וואָך, און 1 רוסישע טעגליכע צייטונג.

אויסער דעם ערשיינט אין ווילנע אַ גרויסע צאָל וועכענטליכע און מאָנאַטליכע זשורנאַלען אין דער אידישער, פּוילישער, ליטווישער און ווייס־רוסישער שפּראַכען.

אויף וויפיל אונז איז געלונגען צוזאַמענצוקלייבען די נויטיגע מאַטעריאַלען וועגען דער ווילנער פּרעסע, גיבען מיר דאָ איבער אַ רשימה פון די אַלע טעגליכע, וועכענטליכע און מאָנאַטליכע צייטשריפטען, אין אַלע שפּראַכען, וועלכע ערשיינען אין איצטיגען מאָמענט אין ווילנע.

# 1. אידישע צייטונגען און צייטשריפטען.

## „ווילנער טאָג".

דער „ווילנער טאָג" איז אַן אומאָפּהענגיגע אידישע טעגליכע צייטונג און געפינט זיך איצט אין דעם זיבעצענטען יאָהרגאַנג. אַרויסגעגעבען ווערט די צייטונג פון דעם קאָאָפּעראַטיווען פאַרלאַג „ווילנער טאָג" און ווערט געדרוקט אין דער דרוקעריי „נאָוועט און שווייליך". דער רעדאַקטאָר פון „ווילנער טאָג" איז זלמן רייזען און דער פאַראַנטוואָרטליכער רעדאַקטאָר איז שמשון כהן. דער פרייז פון דער צייטונג איז 10 גראָשען.




אידישע פּרעסע אין ווילנע סוף יאָהר 1934.

## „אָווענט קוריער".

דער „אָווענט קוריער" איז אַן אומפּאַרטייאישע טעגליכע אָווענט־צייטונג און געפינט זיך איצט אין דעם צוועלפטען יאָהרגאַנג. אַרויסגעגעבען ווערט די צייטונג פון אהרן ראָזענטאַל און זי ווערט געדרוקט אין א. ראָזענטאַל'ס דרוקעריי, קוויאַטאָווע גאַס 7. דער פאַראַנטוואָרטליכער רעדאַקטאָר פון דעם „אָווענט קוריער" איז י. יודעלעוויטש. דער פרייז פון דער צייטונג איז 10 גראָשען.

## „צייט"

די „צייט" איז אן אומפּאַרטייאישע טעגליכע צייטונג, גע־ווידמעט די אידישע נאַציאָנאַל־קולטורעלע, פּאָליטישע און עקאָנאָ־מישע אינטערעסען און געפינט זיך איצט אין 8טען יאָהרגאַנג. די ארויסגעבער פון דער צייטונג זיינען דער קאָאָפּעראַטיווער פאַר־לאַג „צייט" און זי ווערט געדרוקט אין דער דרוקעריי פון ש. רינדזונסקי, ברייטע גאַס 39. דער פאַראַנטוואָרטליכער רעדאַקטאָר פון דער „צייט" איז פּנחס ברושטיין. דער פּרייז איז 10 גראָשען.

## „ווילנער ראַדיאָ"

די „ווילנער ראַדיאָ" איז אַ טעגליכע אידישע צייטונג און געפינט זיך איצט אין דעם זעקסטען יאָהרגאַנג. ארויסגעגעבען ווערט די צייטונג פון דעם קאָאָפּעראַטיווען פאַרלאַג „ווילנער ראַדיאָ" און ווערט געדרוקט אין דער דרוקעריי פון וו. פיינגווילבער, שאַפּען־גאַס 1. דער רעדאַקטאָר פון דער צייטונג איז א. אלם און דער פאַראַנטוואָרטליכער רעדאַקטאָר איז ש. זשאַלודסקי. דער פּרייז איז 10 גראָשען.

## „ווילנער עקספּרעס"

דער „ווילנער עקספּרעס" איז אַ טעגליכע אידישע צייטונג, גע־פינט זיך אין דעם צווייטען יאָהרגאַנג און ווערט ארויסגעגעבען פון יעקב פּאַץ, ווערט געדרוקט אין דער דרוקעריי פון א. ראָזענטאַל, קוויאַטאָווא גאַס 7. דער פאַראַנטוואָרטליכער רעדאַקטאָר פון דעם „ווילנער עקספּרעס" איז יעקב פּאַץ. דער פּרייז פון דער צייטונג איז 5 גראָשען.

## „עטיודן".

„עטיודן" איז אַ מאָנאַטליכע צייטשריפט פאַר פּראָבלעמען פון קולטור און לעבען, ווערט ארויסגעגעבען פון ד. מוסקאָ און ווערט געדרוקט אין דער דרוקעריי פון ש. רינדזונסקי, ברייטע גאַס 39. די „עטיודן" ווערט רעדאַקטירט פון דר. י. גאָרדאָן, מאַגיסטער י. געזונטהייט און אהרן מארק. דער פּרייז פון די „עטיודן" איז 30 גראָשען.

## „גרינינקע ביימעלעך".

„גרינינקע ביימעלעך" איז א 2־וועכענטליכער אילוסטרירטער קינ־דער זשורנאַל, וועלכער געפינט זיך אין דעם נײַנטען (21) יאָהרגאַנג. ווערט ארויסגעגעבען פון דעם פאַרלאַג „נייע אידישע פאָלקסשול" און ווערט געדרוקט אין דער דרוקעריי „עקספּרעס", וויעלקאָ גאַס

33. רעדאקטירט ווערען די „גרינינקע ביימעלעך" פון ש. באַס־טאָמסקי.

## „דער חבר"

„דער חבר" איז אן אילוסטרירטער חודש־זשורנאַל פאר על־טערע קינדער און יוגנט, ווערט ארויסגעגעבען און רעדאקטירט פון ש. באַסטאָמסקי. דער זשורנאַל ווערט געדרוקט אין דער דרוקעריי פון פ. גארבער, זאוואלנא גאס 25. דער פרייז פון זשורנאַל איז 35 גראָשען.

## „ייווא בלעטער"

די „ייוואָ בלעטער" איז א חודש־שריפט פון אידישען וויסענ־שאפטליכען אינסטיטוט, וואָס ווערט געדרוקט אין דער דרוקעריי פון ד. קריינעס, רודניצקער גאַס 2.

## „פאָלקסגעזונט".

„פאָלקסגעזונט" איז א מאָנאטליכער אילוסטרירטער פאָפולער־וויסענשאפטליכער זשורנאַל פאר היגיענע און מעדיצין. איז דער צענטראַלער אָרגאַן פון דער געזעלשאפט צו פארהיטען דאָס געזונט פון דער אידישער באפעלקערונג „טאז־אָזע", אונטער דער רעדאקציע פון דר. צמח שאבאַד (ביז דעם יאנואר נומער 1935). געדרוקט ווערט דער „פאָלקסגעזונט" אין דער דרוקעריי פון פ. גארבער. דער זשורנאַל געפינט זיך אין דעם 12טען יאהרגאנג. דער פרייז איז 10 גראָשען.

## „באַגינען"

„באגינען" איז א מאָנאטליכע סאָציאַליסטישע צייטשריפט, ארויס־געגעבען און רעדאקטירט פון גרשון מאלאקעוויטש. געדרוקט ווערט די צייטשריפט אין דער דרוקעריי פון וויטוואָרטשאַ־האנדלאָווא, טראצ־קא 7. דער פרייז איז 20 גראָשען.

## „דאָס וואָרט"

„דאָס וואָרט" איז אן אָרטאָדאָקסיש וואָכענבלאט און געפינט זיך איצט אין דעם 11טען יאהרגאנג.

## „אונזער רוף"

„אונזער רוף" איז אן איינמאָליגע אויסגאבע פון דער הראשי של „אגודת ישראל" לגלילות המזרח בווילנא. ארויסגעגעבען כסלו תרצ"ה (1935), רעדאקטירט פון ש. שצעדראָוויצקי און געדרוקט אין „צענטראַל" דרוקעריי, ברייטע 52. פרייז 10 גראשען.

## 2. פּוילישע צייטונגען און צייטשריפטען.

### DZIENNIK WILEŃSKI

„דזיעניק ווילענסקי” איז א טעגליכע פּוילישע צייטונג, וועלכע געפינט זיך אין דעם 19־טען יאָהרגאנג, ווערט ארויסגעגעבען פון אלעקסאנדער זוויערזשינסקי, ווערט געדרוקט אין א. זוויערזשינסקי׳ס דרוק, מאָסטאָווא 1. פאראנטוואָרטליכער רעדאקטאָר סטאניסלאוו יאקיטאָוויטש. פּרייז 20 גראָשען.




פּוילישע, ליטווישע, ווייס-רוסישע און רוסישע פּרעסע אין ווילנע סוף יאָהר 1934.

### SŁOWO

„סלאָוואָ” איז א פּוילישע טעגליכע צייטונג, וועלכע געפינט זיך אין דעם 14טען יאָהרגאנג, ווערט ארויסגעגעבען פון סטאניסלאוו מאצקיעוויטש, געדרוקט ווערט די צייטונג אין דער דרוקעריי „סלאָ־וואָ”, זאמקאווא גאס 2. דער פּרייז איז 20 גראָשען.

## KURJER WILEŃSKI

### (Niezaležny Dziennik Demokratyczny)

„קוריער ווילענסקי" איז א טעגליכע פוילישע צייטונג אין דעם צוועלפטען יאָהרגאנג, ווערט ארויסגעגעבען פון דער געזעלשאפט „קוריער ווילענסקי", געדרוקט אין „זניטש" דרוקעריי, בלאקופיא 4, און דער פאראנטוואָרטליכער רעדאקטאָר איז וויטאָלד קישקים. פרייז 15 פראָשען.

## NOWINY CODZIENNE

### (Organ Chrześcijańsko-Społeczny)

„נאָוויני צאָדזיענע" איז א טעגליכע פוילישע צייטונג, געפינט זיך אין דעם 3טען יאָהרגאנג, ווערט ארויסגעגעבען פון א. הריס־קיעוויטש, געדרוקט אין דער דרוקעריי פון „צענטראל", וויעלקא 52 און דער פאראנטוואָרטליכער רעדאקטאָר איז הענריך קאסיאנאָ־וויטש. פרייז 5 גראָשען.

## GAZETA WILEŃSKA

„גאזעטא ווילענסקא" איז א טעגליכע פוילישע צייטונג, וועל־כע געפינט זיך אין דעם צווייטען יאָהרגאנג, ווערט ארויסגעגעבען פון גוסטאוו וויניק, געדרוקט אין ס. בעקיערס דרוקעריי און דער פאראנטוואָרטליכער רעדאקטאָר איז אלעקסאנדער מארקאָווסקי. פרייז 5 גראָשען.

## EXPRESS WILEŃSKI

„עקספרעס ווילענסקי" איז א טעגליכע פוילישע צייטונג, וועל־כע ווערט ארויסגעגעבען פון מארעק לאטור, וועלכער איז אויך דער פאראנטוואָרטליכער רעדאקטאָר. געדרוקט ווערט זי אין לאטור דרו־קעריי, מיצקעוויטש גאס 11־„א". פרייז 10 גראָשען.

## PRZEGLĄD WILEŃSKI

„פרזשעגליאנד ווילענסקי" איז א פוילישער זשורנאל אין דעם 18טען יאָהרגאנג, ווערט ארויסגעגעבען און רעדאקטירט פון לודוויק אבראמאָוויטש, געדרוקט אין דער דרוקעריי „לוקס", פארטאווא 7. פרייז פון נומער 25 גראָשען.

## WŁOCZĘGA

### (Organ Klubu Włóczęgów w Wilnie)

„וולאטשענגא" איז א מאָנאטליכער פוילישער זשורנאל אין דעם 3־טען יאָהרגאנג, ווערט ארויסגעגעבען פון „קלוב וולאָטשענגאָוו", געדרוקט אין „גראפיקא" דרוקעריי, טראָצקא 13 און דער פאראנט־

וואָרטליכער רעדאַקטאָר איז פּיאָטער הערמאַנאָוויטש. פּרייז 50 גראָשען.

## 3. ליטווישע צייטונגען און צייטשריפטען.

### JAUNIMO DRAUGAS

א מאָנאַטליכער ליטווישער קינדער זשורנאַל, וועלכער געפינט זיך אין דעם 9טען יאָהרגאַנג און ווערט אַרויסגעגעבען און רעדאַק־טירט פון אַנטאַנאַס יוקנעוויציוס.

### VILNIAUS RYTOJUS

אַ ליטווישע צייטונג, וועלכע ערשיינט צוויי מאָל אַ וואָך, איז יעצט אין דעם 7טען יאָהרגאַנג, ווערט אַרויסגעגעבען פון יוליוס נאָוויקאַס, וועלכער איז אויך דער פאַראַנטוואָרטליכער רעדאַקטאָר פון דער צייטונג. געדרוקט ווערט די צייטונג אין „רוך" דרוקעריי, טאַטאַרסקאַ 6.

### VILNIAUS ŽODIS

א ליטווישע צייטונג, וועלכע ערשיינט דריי מאָל אַ מאָנאַט, גע־פינט זיך אין דעם 7טען יאָהרגאַנג, ווערט אַרויסגעגעבען פון יאָנאַס לאַטוויס, וועלכער איז דער פאַראַנטוואָרטליכער רעדאַקטאָר.

### LIETUVIŠKAS BARAS

א מאָנאַטליכער ליטווישער זשורנאַל אין דעם 2טען יאָהרגאַנג, וועמעס פאַראַנטוואָרטליכער רעדאַקטאָר איז ווינסאַס אומבראַסאַס. דער זשורנאַל ווערט געדרוקט אין „רוך" דוקעריי, טאַטאַרסקאַ 6.

## 4. ווייס־רוסישע צייטונגען און צייטשריפטען.

### БЕЛАРУСКАЯ КРЫНІЦА
### (Palityćnaja, Hramadzkaja I Litaraturnaja Hazeta)

„בעלאַרוסקאַיאַ קריניצאַ" איז אַ וועכענטליכע ווייס־רוסישע צייטונג אין 11טען (19טען) יאָהרגאַנג, ווערט אַרויסגעגעבען פון א. סוטעוויץ, רעדאַקטירט פון יאַן פּאַזניאַק און געדרוקט אין פּר. סקאַ־רינים דרוקעריי, זאַוואַלנאַ 1.

### РОДНЫ КРАЙ
### (Орган Т-ва Беларускае Асьветы)

„ראָדני קראַי" איז אַ ווייס־רוסישע צייטונג, וועלכע ערשיינט 4 מאָל אַ מאָנאַט, געפינט זיך אין דעם 2טען יאָהרגאַנג, ווערט אַרויסגעגעבען פון דער „געזעלשאַפט בעלאַרוסקיע אַסוועטי", רע־

דאקטירט פון ס. סיניאוואסקי און געדרוקט אין י. לעווין'ס דרוקעריי, ניעמעצקא 22. פרייז 15 גראשען.

## НОВЫ ШЛЯХ

### (Орган Беларускіх Нацыянал-Сацыялістау)

„נאווי שליאך" איז א מאנאטליכע ווייס־רוסישע צייטשריפט, דער ארגאן פון ווייס־רוסישע נאציאנאל־סאציאליסטען, ארויסגעגעבען פון א. קאזלאיסקי, פאראנטוואָרטליכער רעדאקטאר א. קאזלאיסקי, רעדאקטירט פון א קאלעגיום און געדרוקט אין דער דרוקעריי פון פ. סקאריני, זאוואלנא 1. פרייז 25 גראשען.

## ШЛЯХ МОЛАДЗІ

א ווייס־רוסישער מאנאטליכער קינדער זשורנאל אין דעם 6טען יאהרגאנג, ווערט ארויסגעגעבען פון יאנקא באגדאנאוויטש און רעדאקטירט פון יאזעפ נאידזיוק. געדרוקט ווערט דער זשורנאל אין דער דרוקעריי אויף דעם נאמען פון פראנצישעק סקאריני, זאוואלנא 1.

## П Р А Л Е С К І

„פראלעסקי" איז א מאנאטליכער ווייס־רוסישער קינדער זשורנאל אין דעם 1טען יאהרגאנג, ווערט ארויסגעגעבען פון סט. הלאקוסקי און רעדאקטירט פון ל. וואיציקאווא.

# 5. רוסישע צייטונגען.

## НАШЕ ВРЕМЯ

### (Ежедневная независимая общественно-политическая газета)

„נאשע ווערעמיא" איז א טעגליכע אונאפהענגיגע געזעלשאפטליך־פאליטישע רוסישע צייטונג, אין זעקסטען יאהרגאנג, ארויסגעגעבען פון י. קאטליאראווסקי, רעדאקטירט פון א. א. קאטליאראווסקי און געדרוקט אין י. קאטליאראווסקי'ס דרוק, ווילענסקא 34. פרייז 30 גראשען.

## משה שאַליט.

# די נייע היסטאָריאָגראַפיע פון ווילנע.



פאַר די לעצטע 20 יאָהר (1915־1934) איז באַשאַפען געוואָרען אין ווילנע — וועגען ווילנע — א פאָלשטענדיג נייע היסטאָריאָגראַפיע, וואָס האָט ניט איהר גלייכען אין קיין שטאָט אויף דער וועלט.

מיר מיינען — א אידישע היסטאָריאָגראַפיע וועגען דער אידישער ווילנע.

דאָס איז א היסטאָריאָגראַפיע, וואָס געהט ממש צוגלייך מיט דעם אָטעם פון דער צייט. א געשיכטע, וואָס ווערט געשריבען צוגלייך מיט'ן טעמפּאָ פון די עצם געשעהענישען.

בעת די אַלטע היסטאָריאָגראַפיע — די „קריה נאמנה" און „עיר ווילנע" — האָט געהאַט צו טאָן מיט'ן רעליגיעזען שטייגער פון אידישען לעבען, מיט'ן רבנישען און לומדישען יחוס, מיט גאונים, צדיקים, און ראשי ישיבות; מיט מגידים, דיינים, פּרנסים און גבאים; מיט גבירים און אדירים, מיט שתדלנים און מנהיגים, מיט קלויזען און מצבות, — האָט די נייע היסטאָריאָגראַפיע צו טאָן מיט דעם אידישען געזעלשאַפטליכען לעבען, מיט דעם פּאָליטיש־סאָציאַלען קאַמף, מיט דעם קולטור־לעבען פון אידישע מאַסען, מיט דער אידיש־וועלטליכער שול, מיט דער גאַנצער מאָדערנער אידישער קולטור, מיט די אנשטאַלטען, אינסטיטוציעס, מוסדים און אָרגאַניזאַציעס.

די לעצטע 20 יאָהר, — דאָס זיינען די מלחמה־יאָהרען, די אָקופּאַציע־צייטען, די תקופה פון אויפגעלעבטען פּוילען. ניט נאָר דער אינהאַלט פון דער נייער היסטאָריאָגראַפיע איז לגמרי אַן אַנדערער, נאָר אויך דער גאַנצער צוגאַנג צום מאַטעריאַל און דער מעטאָד פון זאַמלען און באַשרייבען איז א דורכאויס אַנדערער. אנשטאָט די מעלות און אויפטועו פון יחידים — דאָס לעבען און ליידען פון גאַנצען כלל, דאָס קאָלעקטיווע שאַפען און בויען, די סאָציאַלע אַנטוויקלונגען און מעשים.

דער אָנהויב פון דער דאָזיגער נייער היסטאָריאָגראַפיע פון ווילנע

פאַלט צונויף שוין גלייך מיט די ערשטע גרויסע וועלט־געשעהענישען. ס'איז נאָך ניט אַריבער קיין יאָהר פון דער וועלט־מלחמה, ווי אין ווילנע, אין יאָהר 1915, האָט שוין אַ קליינע גרופּע מענשען געאַרבייט איבער אַ פּלאַן וועגען אַרויסגעבען אַ בוך, וואָס זאָל אָפּשפּיגלען דאָס נייע לעבען. און אַזוי קומט אויף דער ערשטער „ווילנער זאַמלבוך", וואָס איז ערשינען אין יולי, 1916, און איז געווען די התחלה פון דער נייער היסטאָריאָגראַפיע. אין יאַנואַר 1918 ערשיינט שוין דער צווייטער „ווילנער זאַמעלבוך".

ביידע זאַמעלביכער, גרינטליך און זאָרגעוודיג אַרויסגעגעבען, מיט אַ שלל ערנסטע און גוט־בעאַרבייטע מאַטעריאַלען, מיט ציפער, דאָקומענטען און אינדעקסען, איבער 500 זייטעןביידע, — האָבען אַרויסגערופען די באַוואונדערונג פון דער גאַנצער פּרעסע אויף פאַרשיידענע שפּראַכען. דער ערפאָלג איז געווען זעהר אַ גרויסער. דער ערשטער זאַמעלבוך איז גיך פאַרקויפט געוואָרען און איז שוין לאַנג אַ יקר־המציאות. דאָס איז געווען דער ערשטער גרוס פון אַן אָפּגעשלאָסענער וועלט, אָקופּירט פון אַלע זייטען.

אין די שווערע צייטען פון דער דייטשער אָקופּאַציע, ווען ווילנע איז געווען אַ פאַררייגעלטע פעסטונג, פאַרהונגערט און פאַרדאַרט, — איז געזעסען די קליינע גרופּע מענשען און האָט געשאַפען די מערקווירדיגע געשיכטע פון מאָדערנעם אידישען גייסט, האָט באַשריבען די ביבליאָטעקען און שולען, דעם פאָלקס־אוניווערזיטעט און קורסען, דעם טעאַטער און ליטעראַטור, די קינדערהיימען און שפּילפּלעצער, די קיכען און אַרבעטסשטובען, קאָמיטעטען און פאַראיינען; האָט שוין געשריבען זכרונות פון די פּאָר אָוועקגעגאַנגענע יאָהרען, פאַרפיקסירט פּראָטאָקאָלען, פאַרצייכענט געשעהענישען, געזאַמעלט די טאָג־טעגליכע מאַטעריאַלען, געפיהרט איבערזיכטען.

פינאַנסירט די אויסגאַבע האָט דר. צמח שאַבאַד, וועלכער איז אויך געווען מיטרעדאַקטאָר פון די זאַמעלביכער. אַלס פאַקטישען רעדאַקטאָר איז מיר דאַן אויסגעקומען חדשים־ווייז ביז שפּעט אין דער נאַכט אָפּצוזיצען מיט'ן דר. שאַבאַד און דורכצוקוקען ניט נאָר יעדען אַרטיקעל, נאָר ממש יעדע שורה. דר. שאַבאַד האָט זיך דאַן געלערענט אידיש און מיט התמדה און ערנסטקייט האָט ער עס זיך טאַקע גוט אויסגעלערענט.

געהאָלפען דער אויסגאַבע אין דער גאָר ערשטער צייט האָבען אויך: אָרגאַניזאַציאָנעל — י. ח. ראָזענבוים און רעדאַקציאָנעל — ש. ל. ציטראָן.

די הויפּט־מיטאַרבייטער פון ערשטען זאַמעלבוך זיינען געווען: משה שאַליט (ווילנער שולען, ווילנער ביבליאָטעקען, קולטור־אַנשטאַלטען א. אז. וו.; שפּעטער ערשינען אין אַ באַזונדערער בראָשור אונ־

טער'ן נאָמען „ווילנער קולטורעלע אנשטאַלטען"); דר. צמח שאַבאַד (שטערבליכקייט פון די ווילנער אידען); דר. י. וויגאָדסקי (טאָג־בוך); ש. ל. ציטראָן (ווילנער קהלה, זכרונות וועגען י. ל. פּרץ, שלום־עליכם, דר. י. ל. קאַנטאָר); דר. א. ווירשובסקי (פּסיכאָפּאַטאָלאָגיע פון די ווילנער אידען); אדוו. ש. ראָזענבוים (יורידישע הילף); י. ציפּקין (פאָלקס־קיכען, גאַסען־קיכען, ארבייטער־קיכען ביי די פּראָפעסיאָנעלע פאַר־איינען); גאָלדע פּאַץ, י. פראַנקפורט, א. בולקין (קינדערהיימען, שפּיל־פּלעצער פאַר קינדער); י. ח. ראָזענבוים, חיים טאַברים (היימלאָזע) און א גאַנצע רייהע אָרטיגע טוער וועגען פאַרשיידענע אנשטאַלטען; נעקראָ־לאָגען און כראָניק; קאָנספּעקטען און נאָטיצען.

פון די וויכטיגסטע ארטיקלען אין צווייטען זאַמעלבוך דאַרף מען דערמאָנען: דר. צ. שאַבאַד (איבערזיכט, שטערבליכקייט פון די ווילנער אידען אין די יאָהרען 1916־1917); מ. שאַליט (די באַקאַנט־מאַכונגען, — ערשטע ארבייט פון דער נייער היסטאָריאָגראַפיע אויפ'ן יסוד פון אָפיציעלע מאַטעריאַלען פון דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט און אָנהויב פון דער גאַנצער שפּעטערדיגער זאַמעלאַרבייט, לכתחילה קאָנצענטרירט אין דער היסטאָרישער קאָמיסיע פון מפיצי־השכלה, פון וועלכער איך בין געווען פאָרזיצער); מ. שאַליט (ביבליאָגראַפישע אי־בערזיכט); ז. רייזען (אידישער טעאַטער אין ווילנע — ווילנער טרופּע); חייקעל לונסקי (ווילנער קלויזען און דער שולהויף); ש. ל. ציטראָן בן־זומאָ, פון היסטאָרישען ארכיוו); א. י. גאָלדשמיט (יהושע מזח, מ. י. האָבער, ב. ט. בראַז, אליהו לעווין); מ. שאַליט (אָבעראָסט); ר. גינצבורג (דער קאַמף מיט'ן יקרות); מ. ר. סמאָרגאָנסקי (די פינאַנץ־אָפּעראַציעס און דער האַנדעל); דר א. ווירשובסקי (פּסיכאָפּאַטאָלאָ־גיע); ש. י. יאַצקאָן (ווילנע און וואַרשע); כראָניק; איינצלנע אַנ־שטאַלטען; פּאָרשטעטלעך; זכרונות א. א.

אין צוויי יאָהר ארום האָט זיך שוין אין ווילנע אָנגעהויבען צו גרייטען א ניי גרויס ווערק פון דער אידישער היסטאָריאָגראַפיע, וועל־כע איז ערשינען אין יאָהר 1922 אונטער'ן נאָמען „פּנקס פאַר דער געשיכטע פון ווילנע אין די יאָהרען פון מלחמה און אָקופּאַציע" און איז ארויסגעגעבען געוואָרען פון דער ווילנער היסטאָריש־עטנאָ־גראַפישער געזעלשאַפט אויפ'ן נאָמען פון ש. אנ—סקי ז"ל.

מיר איז אויסגעקומען אויסצואַרבייטען דעם געצויעם פּלאַן פון דעם פּנקס און צוגרייטען די גאַנצע אויסגאַבע אלס רעדאַקטאָר. צוליב געוויסע סיבות האָב איך זיך שפּעטער אָפּגעזאָגט און די אויסגאַבע איז ערשינען אונטער דער רעדאַקציע פון א קאָלעגיע (ז. רייזען, ש. ל. ציטראָן, דר. צ. שאַבאַד און דר. א. ווירשובסקי)

דער פּנקס אנטהאַלט א רייכען מאַטעריאַל און איז א ווירדיגע פאָרזעצונג פון די זאַמעלביכער אין נאָך א גרעסערען און ברייטערען

מאַסשטאַב. ער האָט אָבער דעם חסרון, וואָס ער אַנטהאַלט ניט קיין אינדעקס און דאָס באַשווערט די אָריענטאַציע אין דעם מאַטעריאַל. ער איז אויך ניט אילוסטרירט, האָט ניט קיין גענוגענדיגען ציפער־מאַטעריאַל און איז ניט אָנשוויליך, — דאָך איז עס אַ וואָגיגע און אַ וויכטיגע ווערק פון 944 שפּאַלטען גמרא־פאָרמאַט מיט 48 גרויסע אַרבייטען וועגען דעם לעבען פון די אידען אין ווילנע פאַר דעם אָנגערופענעם פעריאָד צייט.

חוץ היסטאָרישע איבערזיכטען, זכרונות און אַ רייהע אַרטיקלען וועגען די וויכטיגסטע אָרגאַניזאַציעס, מוסדות און אַנשטאַלטען, דאַרפען באַזונדערס דערמאָנט ווערען די אַרבייטען פון א. י. גאָלדשמידט (די אידישע פּרעסע אין ווילנע צייט דער מלחמה); ש. ל. ציטראָן (די העברעאישע פּרעסע); מ. לייבאָוויסקי (די קונסט אין ווילנע); א. מ. בערענשטיין (די מוזיק אין ווילנע); י. הירשאָוויסקי (ביכער, ספרים. אַרכיוועז פאַר דער צייט פון די אָקופּאַציעס); ש. שרעבערק (זכרונות פון אַ בוכהענדלער); פּ. קאָן (די אידישע סטודענטענשאַפט אין ווילנער אוניווערזיטעט); ש. באַסטאָמסקי (ווילנער אידישער לעהרער־פאַרבאַנד); ב. האַלפּערן, י. רובין, י. גורעוויטש, ח. וויסבאָרד, ל. ברודנא, ח. לונסקי וועגען אַ רייהע קולטורעלע און בילדונגס־אָרגאַניזאַציעס אין ווילנע פאַר דעם פעריאָד צייט.

וואָס איז שייך די הויפּט־מיטאַרבייטער אויף די אַנדערע געביטען, דאַרף מען דערמאָנען די אַרבייטען פון דר. י. ווינאָדסקי (ווילנע אין וועלט־קריג, צוואַנגסאַרבייט); דר. א. ווירשובסקי (פאָלקס־געזונט און מעדיצינישער לעבענסשטייגער בעת דער דייטשער אָקופּאַציע); דר. צ. שאַבאַד (איבערזיכטען, שטערבליכקייט); ח. לונסקי (הונגער און יקרות); ח. לונסקי און י. ברוידעס (באַקאַנטמאַכונגען און דעקרעטען); ה. אַבראַמאָוויטש (די דייטשען אויף די ערטער, די אַפּריל־טעג); א. י. גאָלדשמידט (זעקס וואָכען ליטע); ב. וואָלפּסאָן (מיטעל־ליטע); ענסקי (פּויליש־ליטווישע אונטערהאַנדלונגען, סוף פון מיטעל־ליטע); י. ברוידעס (אידישער האַנדעל און אינדוסטריע אין דער צייט פון אָקופּאַציע); יונה שאַפּירא (מסחר און אינדוסטריע אין דער עפּאָכע פון מיטעל־ליטע, ווילנער זעלבסאַפּאַרוואַלטונג און די אידען); י. בעקער (נאָך דער דייטשער אָקופּאַציע, רייזע־איינדרוקען); ט. פּופּס (צענטער נאָוועמבער 1918 ביז ניינצענטען אַפּריל 1919); ש. גאָרדאָן (די פּוילישע אָקופּאַציע און די אידען).

ס'זיינען ווידער אַריבער צוויי יאָהר — און ווידער אַ נייער פּנקס. דאָס מאָל אַזוי צו זאָגען אַ פאַך־פּנקס, אַ ספּעציעלער „שול־פּנקס", פינף יאָהר אַרבייט פון צענטראַלען בילדונגס־קאָמיטעט (1924־1919), אַ בוך פון 390 זייטען געווידמעט דעם שולוועזען אין ווילנע

מיט אידיש אלס אונטעררריכטס־שפּראַך. די גאַנצע מאַרטיראָלאָגיע, דאָס לעבען און שאַפען פון דער אידיש־וועלטליכער שול אין ווילנע.

צום סוף, אין יאָהר 1931, איז ערשינען דאָס לעצטע גרויסע ווערק פון דער נייער ווילנער היסטאָריאָגראַפיע, דער מאָנומענטאַלער פּנקס „אויף די חורבות פון מלחמות און מהומות" (1931־1919, הילף און אויפבוי־ארבייט), ארויסגעגעבען פון געגענט־קאָמיטעט „יעקאָפּאָ" אין ווילנע, צום ערשטען מאָל ניט נאָר ווילנע־שטאָט, נאָר די גאַנצע ווילנער געגענט. דער פּנקס איז ערשינען אונטער מיין רעדאַקציע, ביי דער מיטווירקונג פון אַ רייהע טוער און אנטהאַלט 1143 שפּאַלטען גרויסען פאָרמאַט, — באַריכטען, ארטיקלען, פאָרשונגען, מאַטעריאַלען, דאָקומענטען, ביאָגראַפישער לעקסיקאָן, ביבליאָגראַפיע, טאַבעלען, — רייך אילוסטרירט און מיט אַ גענויעם אינהאַלטס־צעטעל און אינדעקס.

חוץ די אָנגערופענע גרויסע ווערק זיינען נאָך ארויס אין ווילנע אַ רייהע קלענערע, וואָס טראָגען אויך אריין אַ געוויסען מאַטעריאַל אין דער נייער היסטאָריאָגראַפיע פון ווילנע.

אזוי זיינען ערשינען: אין יאָהר 1920 — באַריכט פון דער ווילנער קהלה; אין מערץ 1921 — „אונזער טאָג" פאַר אמעריקע; אָנהויב 1922 — דאָס ספּעציעלע העפט „פון די מלחמה־יאָהרען" פון מיין זשורנאַל „לעבען"; אין יאָהר 1925 — „אידישע ווילנע אין וואָרט און שריפט", אילוסטרירטער אַלמאַנאַך פון מאָריץ גראָססמאַן מיט די פּאָרטרעטען פון אַלע ווילנער כלל־טוער און מיט אַ רייהע ארטיקלען, צווישען זיי לייט־ארטיקלען געשריבען פון מיר, וועגען „אונזער איצטיגער לעבעדיגער ווילנע", קורצע כאַראַקטעריסטיק פון די געזעלשאַפטען און טוער, קלאַסיפיצירט לויט גרופּעס; אין יאָהר 1926 — „אין שטורם", אַ באַנד זכרונות (247 זייטען) פון דר. יעקב וויגאָדסקי וועגען די אָקופּאַציע־צייטען.

צו דער נייער היסטאָריאָגראַפיע דאַרף אויך צוגערעכענט ווערען די גאַנצע רייהע קינסטלערישע ביכער וועגען ווילנע, אָנהויבענדיג פון די דייטשע מחברים און ענדיגענדיג מיט אונזערע אייגענע שריפטשטעלער און דיכטער. נאָר וועגען די דאָזיגע אַלע ביכער האָב איך שוין אין יאָהר 1923 אָפּגעדרוקט אַ גענויערען ארטיקעל („ביכער־וועלט", ווארשע, נומ. 4—3 און 6), מיט וועלכען יעדערער, וואָס האָט דערצו אן אינטערעס, קען זיך באַקאָנען באַזונדער. ס'דאַרף נאָך צוגעגעבען ווערען דאָס ביכעל „אידישע גאַס אין ווילנע", 65 בילדער פון מ. וואָראַבייטשיק מיט אַ פאָרוואָרט פון ז. שניאור, וואָס איז ערשינען אין יאָהר 1931.

אומדירעקט מעג אויך דערמאָנט ווערען דער „מוזיקאַלישער פּנקס" פון דער היסטאָרישער עטנאָגראַפישער געזעלשאַפט אין ווילנע.

געזאמעלט פון א. מ. בערנשטיין ז״ל, ווילנע 1927, — א גרויס און וויכטיג ווערק אין זיין מין.

די דייטשע אָקופּאַנטען האָבען אין די יאָהרען 1916-1918 אַרויס־געגעבען אַ גאַנץ גרויסע און וויכטיגע ליטעראַטור וועגען ווילנע, וואָס איז אַ קאַפּיטעל פאַר זיך (אַ ריי פון די דאָזיגע ווערק זיינען דערמאָנט אין די אויבען־אָנגערופענע פארשיידענע אויסגאַבעס).

פון יאָהר 1922, ווען ווילנע איז ענדגילטיג איינגעגלידערט גע־ווארען אין באַשטאַנד פון דער פּוילישער רעפּובליק, האָבען אויך די פּאָליאַקען אָנגעהויבען ארויסצוגעבען אַ רייהע נייע ביכער וועגען ווילנע. דאָס וויכטיגסטע פון די דאָזיגע אויסגאַבעס איז די גרויסע וויסענשאַפטליכע מאָנאָגראַפיע „ווילנאָ אי זעמיאַ ווילענסקאַ״ (פּראַכט־אויסגאַבע פון יאהר 1930). אין איהר געפינט זיך, אגב, אויך אַן אַרטיקעל (פו דר. מ. העלער) וועגען ווילנע אַלס צענטער פון אידישען קולטורעלען לעבען. ביים אַרטיקעל זיינען אָנגעוויזען די אידישע מקורים און ער איז, אין גאַנצען גענומען, געשריבען אין גייסט פון דער נייער אידישער קולטור.

אין אַ פּוילישער אָפיציעלער אויסגאַבע איז עס אַ כאַראַקטערים־טישער פאַקט, וואס באַווייזט, אז די נייע אידישע ווילנע איז געוואָרען אַ ממשות׳דיגע פּאָזיציע, וועלכע מען קען שוין ניט פאַרבייגעהן און ניט אָנערקענען.

די פּאָליאַקען האָבען אויך ארויסגעגעבען אַ רייהע נייע וועג־ווייזער דורך ווילנע, צווישען זיי דעם ווערטפולען ביכעל פון פּראָפ. יוליוש קלאָס.

אַ אידישער וועגווייזער ווערט פּראָיעקטירט, אָבער צוליב מאַנגעל אין מיטלען האָט ער ביז איצט ניט געקענט ערשיינען.

אַלס לעצטען ביישטראָג צו דער נייער היסטאָריאָגראַפיע פון ווילנע קען צוגערעכענט ווערען דער באַריכט פון דער ווילנער קהלה פאַר די לעצטע פינף יאָהר (1928—1933), ערשינען אין סעפּטעמבער, 1934.

## יעקב לעשצינסקי

# חורבן ווילנא



זאָגט מען חורבן ווילנא אין א אידישען אר־טיקעל, מוז מען דאָ פארשטעהן א טאָפּעלטען חורבן: ווילנא איז בכלל רואינירט און דערפון ליידען אידען, יעדענפאלס ניט ווייניגער, אויב ניט נאָך מעהר, פון אלע אנדערע בירגער; אָבער די אידישע ווילנא האָט איהרע ספּעציעלע, אייגענע, נאָר איהרע צרות און פּלאָגען און דעריבער קאָן מען רעדען וועגען א ספּעציפישען אידישען חורבן.

ס'איז גענוג זיך דורכשפּאַצירען דורך די גאַסען און כאפּען א קוק אין די קראָמען, אין די רעסטאָראַנען, אין די קאַפּעס און מען מערקט באלד, אז די שטאָדט איז א יורד און די אידען זיינען יורדים שביורדים.

ניטאָ די אמאָליגע גרויסע הורט־סקלאַדען פון די ארטיקלען, וועלכע פלעגען אין גרויסע מענגען אויסגעארבייט ווערען אין ווילנא. גע־שטאָרבען די זאָקען־אינדוסטריע, וועלכע האָט באשעפטיגט מעהר פין דריי טויזענט ארבייטער. א גרויסער פּראָצענט פון די דאָזיגע ארבייטער זיינען געווען אידען; די פאבריקאַנטען, די אָנגעשטעלטע, די קאָמי־סיאָנערען, די עקספּאָרטער פון זאָקען און אימפּאָרטער פון באוועל, די סוחרים — דאָס אלץ זיינען געווען אידען, וועלכע האָבען אָנגעשפּאַרט מיט זייערע סחורות אין אלע עקען פון צוואַנציגער וואָרפּענעם ווייטען רוס־לאַנד. די דאָזיגע אינדוסטריע, וועלכע איז באשאַפען געוואָרען פון אידען, איז אזוי גרינדליך געשטאָרבען, אז איצט איז כמעט קיין זכר פון איהר ניט געבליבען. ניטאָ דער גרויסער רוסישער מארק; ווילנא איז אויך ניט מעהר קיין צענטער פאר דריי־פיר גובערניעס, ווי ס'איז געווען פאר דער מלחמה, נאָר א גרעסערער פונקט פאר א פאראָרימטען, פאר'דלות'טען שמאָלען פאס לאַנד, וואָס איז פארשטופּט אין א טעמפּ ווינקעל, אָהן נאָהענטע פארבינדונג מיט וועלכע ס'ניט איז גרעסערע צענטרען. די נייע־צוגעקומענע צו קאָנגרעס־פּוילען גאַליציע און פּויזען ליגען ווייט און ווערען באדינט פון לאָדז און טראַכטען אפילו ניט זוכען אין ווילנא מציאות.

און אין אַ קלענערער אָדער גרעסערער מאָס קאָן מען דאָס זעלבע זאָגן וועגן דער קאָנפעקציע־ און שוך־אינדוסטריע, וועלכע זיינען אויך געווען אידישע בראַנזשעס, וועלכע האָבן פאַר דער מלחמה גע־האַלטן אין איין וואַקסן, פאַרכאַפּנדיג אַלץ מעהר און מעהר ווייטע רוסישע מערק פון סיביר און קאַווקאַז, וועלכע האָבן געגעבן פּרנסה אַ סך הונדערטע אידישע משפּחות און געגעבן האָפענונג הונדערטע אידישע אינגלעך און מיידלעך, אַז זיי וועלען געפינען אַרבייט, אַז זיי וועלען ניט אַרומגעהן י אָ ה ר ע ן פוסט און פּאַס, אָהן יעדען שטראַהל פון האָפענונג נעמען אַמאָל אַ שער אָדער אַ האַמער אין האַנט.

און די האָלץ־אינדוסטריע און דער וואַלד־האַנדעל, און די גרויסע פּאַפּיר־פאַבריקען, און די טאַבאַק־אינדוסטריע, און די לעדער־אינדו־סטריע — אין די דאָזיגע אַלע אינדוסטריע־צווייגען זיינען אידען גע־ווען אַלס באַלעבאַטים און אָנגעשטעלטע אַלע הונדערט פּראָצענט אָדער וויינציגסטענס אויף 75—80 פּראָצענט באַשעפטיגט; אָבער אויך אי־דישע אַרבייטער זיינען געווען אין אַ גאַנץ גרויסער צאָהל פאַרנומען אין די דאָזיגע אונטערנעמונגען. און ס'איז אַ סברא, אַז אין די טאַבאַק־פאַבריקען פון ווילנא איז געווען דער ע ר ש ט ע ר אידישער שטרייק אין רוסלאַנד — דער ערשטער אידישער שטרייק, וואָס האָט אָנגעזאָגט די בשורה, אַז די אידישע אַרבייטער־באַוועגונג ווערט גע־בוירען און געהט באַנייען און איבעראַנדערשען די אידישע וועלט, געהט באַגראָבען די אַלטע אָפּגעלעבטע און דורך און דורך דורכגע־פוילטע אידישע געטאָ־וועלט און אויפבויען אויף איהרע חורבות אַ נייע, אַ שעהנערע און געהויבענערע וועלט.

ניט אַלע אויסגערעכענטע אינדוסטריע־צווייגען זיינען אינגאַנצען אונטערגעגאַנגען — זיי האָבן זיך פאַרקלענערט אויף אַ העלפט און אויף צוויי דריטעל און אויך אויף דריי פערטעל. א ו ן ז י י ו ו א ק ־ ס ע ן נ י ט — דאָס איז דאָס כאַראַקטעריסטישסטע פאַר אַלע קרעסען פון דער פּוילישער מלוכה: פאַר ווילנער קאַנט, פאַר פּינסקער געגענט, פאַר וואָהלין און אויך פאַר מזרח־גאַליציע. דאָס ביסעלע זאַפט און בלוט, וואָס די פּוילישע מלוכה פאַרמאָגט, איז קאָנצענטרירט אין די ריין־פּוילישע לענדער, אין די צענטראַלע וואָיעוואָדסטוועס. און ס'מאַכט דעם איינדרוק, ווי די דאָזיגע צענטראַלע וואָיעוואָדסטוועס זויגען אויס דאָס לעצטע ביסעל זאַפט און דעם לעצטען טראָפּען בלוט פון די קרעסען, פון די דאָזיגע שטיף־לענדער, וועלכע זיינען באַפעלקערט מיט שטיף־קינדער, ד. ה. מיט פרעמדע פעלקער, מיט ווייס־רוסען, ליטווינער, אוקראַינער און אידען. און אויב יענע אַלע דריי פעלקער האָבען אין שכנות באַפרייטע און פרייע ברידער, פיהלען זיך ביי זיך אין דער היים, כאָטש באַיאָכטע און געבונדענע, אָבער מיט האָפע־

נונגען און פערספעקטיווען, פיהלט זיך די אידישע באפעלקערונג, ווי אין א שטייג, ווי אין א תפיסה, פון וועלכער ס'איז דא נאר איין אויסלייז — אנטלויפען, זיך ארויסרייסען, עוקר זיין און א שפיי טאן אויפ'ן קאנט, וואו מען האט הונדערטע יאהרען געלעבט און געהארעוועט, געשאפען און געהאפט.

צו שוואך איז מיין פען אויף איבערגעבען די פארצווייפלונג פון די פוילישע אידען בכלל און גאנץ באזונדערס פון די אידען פון די קרעסען און גאר באזונדערס פון די ווילנער אידען. איינס נאר מוז מען זאגען — איך האב נאך נים געטראפען קיין יונגען מענשען אין ווילנער קאנט אדער אין ווילנע גופא, וועלכער זאל קוקען אויף דעם דאזיגען קאנט, ווי אויף זיין צוקונפטס היים. איין טרוים, איין געדאנק, איין האפענונג באהערשט אלע אידישע מוחות, אלע אידישע נשמות — זיך ארויסרייסען פון שטייג און אנטלויפען וואס ווייטער.

און שפאצירט מען ארום אין די קראמען ווערט מען געוואוירע אזא נייעס: ווילנא איז א יורד; קלאפען נים די מאשינעס אין די פאבריקען, האבען נים נים אידישע פאבריקאנטען, נים אידישע אנגעשטעלטע, נים אידישע ארבייטער קיין פרנסה; ס'האבען אויך נים קיין קריסטליכע ארבייטער קיין ארבייט. און אט שטעהען חורבות פון אידישע קראמען — זאלקינד'ס געשעפט מיט עטליכע צעהנדליג אידישע אנגעשטעלטע און מיט אן אייגענעם קליידער־ווארשטאט, וואו ס'האבען געארבייט מעהר פון 50 אידישע ארבייטער; גארדאנ'ס מאנופאקטור־געשעפט און א סך, א סך אנדערע זיינען אויסגעגאנגען, אויסגעהויכט זייערע נשמות ערשט צוריק מיט א יאהר דריי־פיר. זיי האבען זיך נאך דער מלחמה געפרואווט ראנגלען, זיך צוזאמענציהען און אין א קלענערען פארנעם ווייטער לעבען און ווייטער אטעמען, אבער א נייער פאקטאר, א נייער שוחט האט זיי דערקוילעט, האט זיי דערשלאגען און ענדגילטיג פארטריבען פון דער וועלט.

און איהר מערקט, אז אויפ'ן ארט פון זאלקינד'ס דעפארטמענט סטאר איז אויסגעוואקסען א פוילישע דעפארטמענט סטאר; וואס מאכט גוטע געשעפטען; און ס'האבען זיך אויך געעפענט עטליכע קריסטליכע מאנופאקטור־קראמען; און איהר מערקט פענסטער, אין וועלכע ס'זיינען אויסגעשטעלט גוטע קאסטיומען אדער גוטע שיך און לויט די נעמען זעהט איהר, אז דאס זיינען פוילישע בעסערע ווארשטאטען פאר'ן פארמעגליכען באשטעלער. און דערפון הויבט איהר אן דרינגען, אז אידען האבען דא געהאט א טאפעלטע מפלה, א צווייענדיגע ירידה: אלס ווילנער און נאך אלס אידען. דאס ביסעלע פרנסה, וואס ס'איז נאך געבליבען, ווערט ארויסגעריסען פון אידישע הענט. א נייער באלע־

באַס איז געקומען! און ער באַלעבאַטעוועט ביד חזקה און מיט אַן אייזערנעם בעזים.

פריהער איז אייגענטליך קיין באַלעבאַס אין שטאָדט ניט געווען. ס'האָט געבאַלעבאַטעוועט די רוסישע ביוראָקראַטיע, אַ פּרעמדע, אַן אַנגעפּאָהרענע, וואָס האָט געהאַט אַ סך וויכטיגערע קאָנפליקט־חשבונות מיט די פּאָליאַקען, ווי מיט די אידען. איז דער רוסישער אָפיצער, און דער דירעקטאָר פון גימנאַזיע, און דער פּאָסט־באַאַמטער, און דער גובער־נאַטאָר אַליין בכבודו ובעצמו געגאַנגען אין אידישען געשעפט, באַ־שטעלט קליידער ביים אידישען שניידער, גערופען דעם אידישען מאַלער פאַרבען די פענסטער אין קאַנצעלאַריע אָדער גימנאַזיע, באַשטעלט דעם אידישען בעל־מלאכה פאַרריכטען עפּעס אין שטוב אָדער אין קאַנ־צעלאַריע. איצט געהט גאָר אַן אַנדער סדרה! ס'געהט די נאַציאָנאַלע סדרה! און פּאָליאַקען קויפען ביי פּאָליאַקען — אַזוי ווילען זיי אין אַזוי איז אויך פאַרזאָגט געוואָרען פון די העכערע פענסטער. און אַ אידישער שניידער זעהט ניט אין די אויגען קיין פּוילישען אָפיצער; און אַ אידישער מאַלער פאַרבט ניט מעהר די דעכער פון די וואָקזאַלען און פון די גימנאַזיעס, ווי ס'איז געווען פאַר דער מלחמה; און אין אַ אידישען מאַנופאַקטור־געשעפט אָדער גאַלאַנטעריי־געשעפט זעהט מען גאָר־גאָר זעלטען אַ פּוילישען באַאַמטען — הכלל, דער בעסערער קונה, דאָס בעסערע שטיקעל ארבייט איז אַוועק פון אידישע הענט. און וואָס מעהר ס'וואַקסען פּוילישע קראָמען און וואָס מעהר ס'קומען צו פּוילישע בעלי־מלאכות, אַלץ מעהר פאַרהאַקען זיך די פענסטער און טירען פון אידישע געשעפטען, אַלץ מעהר אידישע בעלי־מלאכות זיצען אָהן ארבייט און אָהן האָפענונג צו באַקומען ארבייט און אַלץ מעהר האָט קיין זין ניט זיצען אָט דאָ אויף די ברעגען פון טייך ווילי און וואַרטען אויף נסים, און אַלץ מעהר ווערט מען פאַרכאַפּט פון פאַרצווייפלונג און יאוש, און אַלץ מעהר טרוימט מען וועגען ארויסרייסען זיך, וועגען אַנטלויפען.

אָט איז אַן אויסגעצייכענטע אילוסטראַציע צו דעם נאָר וואָס געזאָגטען.

אין ווילנע זיינען געווען איינוואוינער:

| | | אינגאַנצען | פון דעם אידען |
|---|---|---|---|
| אין | 1897 — | 154,532 | 63,996 |
| אין | 1916 — | 140,840 | 61,263 |
| אין | 1923 — | 167,454 | 56,168 |
| אין | 1931 — | 193,337 | 55,007 |

אין פּראָצענטען האָבען אידען אויסגעמאַכט:

אין 1897 — 40,9%
אין 1916 — 43,5%
אין 1923 — 33,5%
אין 1931 — 28,5%

פארגלייכט מען די צוויי ערשטע ציפער באקומט מען, אז די ניט־אידישע באפעלקערונג איז געווארען פון 1897 ביז 1931 גרעסער מיט 47,794 נפשות און די אידישע באפעלקערונג איז געווארען קלע־נער מיט כמעט 9 טויזענט נפשות. און מען זעהט פון דער טאבעלע, אז דאס איז א רעזולטאט פון דער נאך־מלחמה׳דיגער אנט־וויקלונג. פאר די אכט יאהר, פון 1923 ביז 1931, איז ביי די ניט־אידען צוגעקומען כמעט 30 טויזענט נפשות, ווען ביי אידען איז נאך ווייניגער געווארען מיט העכער טויזענט. אי דאס דארף מען געדענקען, אז אין די דאזיגע אכט יאהר איז דאך ניט געווען וואוהין צו לויפען — ווילנער אידען האבען אבער אנגעשפארט אין לענדער, וואס מען האט פריהער זייער נאמען ביי אידען גאר ניט גע־הערט — דער דלות האט געטריבען און געיאגט אין די וויטסטע און וויסטעסטע לענדער. וואלטען די טויערען פון אמעריקע געווען אפען אין די דאזיגע יאהרען, וואלט ווילנא איצט געווען נאך א סך ארימער מיט אידען.

און פאלט די צאהל אידען אין א לאנד, אדער אין א שטאדט, פאלט אויך זייער וואג — פון 43,5% אין 1916 איז דער אידישער פראצענט אראפ אויף 28,5%, אלזא זיך פארקלענערט אויף גאנצע 15 פונקטען, אדער אויף 34,5%.

און מען פיהלט אויף שריט און טריט, אז די וואג פון אידען אין ווילנא איז געפאלען: מען פיהלט עס אין דער שטאדט־פארוואלטונג; מען מערקט עס אין דער שפראך־אסימילאציע, וועלכע האט אויך אין ווילנא, אויך אין דער דאזיגער אידישער פעסטונג מיט איהרע בעסטע איבערגעגעבענסטע און איינגע׳עקשנ׳סטע פארטיידיגער, געמאכט א גרויסען שפאן פארווערטס און פארווארפען די נעץ אויף די ציגגלעך פון די קינדער.

די אידען האבען אויסגעמאכט צווישען ווילנער האנטווערקער:

אין יאהר 1902 — 66,0%
אין יאהר 1920 — 74,5%
אין יאהר 1932 — 47,7%

אט די דאזיגע דריי שורות ציפער רעדען גאנצע בערג: אין איינער פון די בעסטע פעסטונגען פון די אידישע פרנסות, אין א פעס־טונג, וואס איז געווען אין אידישע הענט גאנצע הונדערט יאהר, ווארים שוין אנהויב 19טען יאהרהונדערט האבען ווילנער אידען גע־

הערשט אין דער אָרטיגער מלאכה, אָט אין דער דאָזיגער לעצטער פּעסטונג, וואוהין ברייטע אידישע מאַסען האָבען זיך פאַר דער מלחמה געראַטעוועט, האָט מען געמאַכט אַ גאַר טיפען לאָך: פון דריי־פערטעל אויף ווייניגער פון אַ העלפט, און דער פּראָצעס איז ערשט אין סאַמע אָנהויב. פאַר דער מלחמה זיינען געווען אין ווילנע ביז 1000 אידישע זעלבסטשטענדיגע שניידער און אין 1932 — נאָך 767.

די אַלע געבראַכטע דאַטען זיינען טיפּיש — אין יעדען צווייג פון ווירטשאַפטליכען לעבען, אין יעדען ווינקעלע פון שטאָדטישען לעבען איז געפאַלען דער פּראָצענט אידען און דערמיט גופא אויך זייער וואָג און זייער השפּעה.

פון די 1000 אידישע שניידערשע ווארשטאַטען, וואָס זיינען געווען פאַר דער מלחמה, זיינען געווען מעהר פון 60 ווארשטאַטען מיט מעהר פון 10 אַרבייטער אין יעדען; ס׳זיינען געווען אַפילו וואַרשטאַטען מיט 40 אַרבייטער און מעהר. איצט איז פון די דאָזיגע גרויסע ווארשטאַטען קיין זכר ניט געבליבען. אַ ווארשטאַט מיט 5 אַרבייטער איז אַ גרויסע זעלטענהייט.

און ווידער איז דאָס אַ טיפּישע ערשיינונג — אַ סך קליינע וואַרשטאַטלעך; דער אַרבייטער־קלאַס איז צובראָקעלט, צוואוואָרפען, אָפּגעשוואַכט און אויסגעמאַטערט. די אַרבייטס־צייט ווידער, 16—17 שעה אין מעת־לעת, ווי פאַר מתן תורה, פאַר דער רוסישער ערשטער רעוואָלוציע; די פאַרדינסטען גראָשענס און באַקומט מען אַ פּלאַץ האַלט מען זיך, פּאַסט מען זיך צו, גיט מען זיך אונטער, ווארום פאַרלירט מען דעם פּלאַץ, איז מען אַ פאַר׳משפּט׳ער אויף הונגער אין בוכשטעבליכסטען זין פון וואָרט.

זאָל מיר דער לעזער מוחל זיין, וואָס פון אַן עקאָנאָמישען אַרטיקעל האָט זיך באַקומען אַ קאַפּיטעל איכה — ווער ס׳האָט געקאַנט ווילנא פריהער און קומט איצט אַהינצו, מוז זאָגען קינות...

# ווילנער געזעלשאַפטליכע אָרגאַניזאַציעס.

(סטאַטיסטיק)

לויט אַן אויספאָרשונג וואָס אַ מיטאַרבייטער פון דער ווילנער פּוילישער צייטונג „קוריער ווילענסקי" האָט געמאַכט, זיינען אין ווילנע פאַראַן די פאָלגענדע צאָל געזעלשאַפטליכע אָרגאַניזאַציעס:

פילאַנטראָפּישע: 45 פּוילישע, 72 אידישע, 3 ליטווישע, 1 ווייס־רוסישע און 1 רוסישע — צוזאַמען 122.

בילדונגס־קולטורעלע: איבער 100 פּוילישע, 30 אידישע, 8 ליט־ווישע, 10 ווייסרוסישע. 5 רוסישע — צוזאַמען איבער 153.

וויסענשאַפטליכע: 50 פּוילישע, 12 אידישע, 1 ליטווישע, 1 ווייס־רוסישע — צוזאַמען 64.

ספּאָרטישע: 35 פּוילישע, 3 אידישע — צוזאַמען 38.

פאַרוויילונגס־אָרגאַניזאַציעס (קלובען): 12 פּוילישע, 2 אידישע, 1 ווייס־רוסישע, 1 ליטווישע — צוזאַמען 16.

אַקאַדעמישע אָרגאַניזאַציעס — 50 פּוילישע, 8 אידישע, 5 ווייס־רוסישע, 1 ליטווישע, 1 אוקראַאינישע און 1 רוסישע — צוזאַמען 66.

פּראָפעסיאָנעלע און ווירטשאַפטליכע: 150 פּוילישע, 32 אידישע, 3 ליטווישע, 1 ווייס־רוסישע — צוזאַמען 186.

פאַרשיידענע געזעלשאַפטן — 50 פּוילישע, 5 אידישע, 2 ווייס־רוסישע — צוזאַמען 57.

פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען: צוזאַמען 89.

די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען זיינען די איינציגע געזעלשאַפטלי־כע אָרגאַניזאַציעס וואָס פאַראייניגען מענשען פון באַזונדערע נאַציאָנאַ־ליטעטען.

## א. י. גאָלדשמידט.

# אידישע דאָקטוירים וועלכע פּראַקטיצירען איצט אין ווילנע.

(כראָנאָלאָגיש)

### דר. יעקב וויגאָדסקי



געבאָרען אין באָברויסק אין יאָהר 1855, אין אַ סוחר'ישער פאַמיליע. זיין פאָטער, ר' יחיאל, האָט געשטאַמט פון סוחרים־פּאָדריאַטשיקעס, און זיין מוטער, ראָניע, איז געווען אַ טאָכטער פון נעסוויזשער רב, ר' גבריאל גאָלדבערג. געלערענט אין חדר און אין ישיבה ביז זיין 14טען יאָהר. נאָך דעם ווי זיינע עלטערען זיינען אריבערגע־פאָהרען קיין ווילנע איז ער אונטער דער השפּעה פון דער דאָרטיגער השכלה, נאָך אַ צוגרייטונג פון אַ יאָהר מיט דריי חדשים, אַנגעקומען אין פינפטען קלאַס פון מאַריאַמפּאָלער קלאַסישער גימנאַזיע און געענדיגט מיט אַ זיל־בערנעם מעדאַל (גאָלדענע מעדאַלען האָט מען דאַן ניט ארויסגעגעבען). אין הערבסט, 1877, איז ער אַנגעקומען אין דער מעדיקאָ־כירורגי־שער אקאדעמיע אין פּעטערבורג, און געענדיגט אין 1882. דאַן איז ער אָפּגעווען אַ יאָהר אָר־דינאַטאָר ביי פּראָפעסאָר אייכוואַלד אין דער קליניק ביי דער זעלביגער אקאדעמיע. נאָכ'ן ספּעציאַליזירען זיך אַ יאָהר אין וויען אַלס גינעקאָלאָג, האָט ער סוף 1884 זיך באַזעצט אין ווילנע אויף שטענדיג.


דר. יעקב וויגאָדסקי

די לאַגע פון די אידישע דאָקטוירים אין די 80־ער יאָהרען פון פאַריגען יאָהרהונדערט איז געווען זעהר אַ שלעכטע. די קריסטליכע דאָק־

טוירים האָבען זיך באַצויגען צו די אידישע מיט קליינשעצונג. די אידי־שע דאָקטוירים האָבען זיך געפיהלט שטאַרק אָפּהענגיג פון זייערע קריסטליכע קאָלעגען, — זיינען, צום באַדויערען, געווען עטליכע אידישע דאָקטוירים, וואָס האָבען זיך באַנומען מיט צו גרויסער הכנעה פאַר די „פּריצים" און צו וויניג געשיצט זייער פּערזענליכען כבוד.

דר. וויגאָדסקי און דר. סטעמבאָ (זעה אַרטיקעל פון דר. צמח שאבאד) זיינען געווען די ערשטע, וואָס האָבען זיך אַוועקגעשטעלט אויף אַ גלייכען פוס און ניט דערלויבט אויף איין האָר צו דערנידעריגען זייער פּערזענליכען אָדער נאַציאָנאַלען כבוד.

די אידישע דאָקטוירים האָבען זיך וואָס וויטער אַלץ מעהר פאַר־פּאָלקאָמט אין זייערע ספּעציאַליטעטען און האָבען באַלד פאַרנומען אין שטאָט אַ מכבוד'דיגען אָרט. דאָס האָט אויפגעבראַכט די פּוילישע דאָקטוירים און זיי האָבען אָנגעהויבען אַ קאַמף געגען די אידישע, ניט בלויז ניט צו דערלאָזען זיי צו דער קריסטליכער קליענטור, נאָר געטאָן אַלץ ארויסצושטופּען די אידישע דאָקטוירים אויך פון דער אידישער פּראַקטיק. אין דער ווילנער „קייזערליכער מעדיצינישער געזעלשאַפט" האָבען די פּוילישע דאָקטוירים געבילדעט די מעהרהייט און האָבען ענג געמאַכט די טריט פון די אידישע מיטגלידער, וואָס זיינען קיינמאָל ניט צוגעלאָזען געוואָרען צו דער פאַרוואַלטונג. דעריבער איז ביי די אידישע דאָקטוירים רייף געוואָרען דער געדאַנק וועגען דער נייטיגקייט פון אַן אייגענער פּראָפעסיאָנעלער אָרגאַניזאַציע, און די אָרגאַניזאַציע איז ענדגילטיק געשאַפען געוואָרען אין אָנהויב 1908, אונטער'ן נאָמען „אידישער דאָקטוירים קרייז" — דערהויפּט אַ דאַנק דער ענערגישער מיטווירקונג פון די דאָקטוירים י. וויגאָדסקי, מיכאל ראַפּעס און שילד־קרעט.

דר. וויגאָדסקי איז געווען דער ערשטער פּאַרזיצער פון קרייז און דר. שילדקרעט — דער ערשטער סעקרעטאַר. דער קרייז האָט זיך גוט אַנטוויקעלט און פאַרשטאַרקט און האָט אָנגעהויבען פיהרען אַן ענער־גישע אַקציע לטובת די יונגע אידישע דאָקטוירים, וואָס האָבען ניט געהאַט קיין צוטריט ניט בלויז צו די אוניווערסיטעטס־קליניקס פון רוסלאַנד, נאָר אפילו ניט צו די שטאָטישע שפּיטעלער. דורך דער פאַר־מיטלונג פון דר. וויגאָדסקי האָט דער ווילנער אידישער דאָקטוירים־קרייז זיך געווענדעט צו דעם באַרימטען בערלינער גענעקאָלאָג און אי־דישען געזעלשאַפטליכען טוער, פּראָפעסאָר לעאָפּאָלד לאַנדאו, מיט דער בקשה, ער זאָל נעמען אויף זיך די איניציאַטיוו צו אָרגאַניזירען דעם צוטריט פון די אידישע דאָקטוירים אין די מלוכה'שע און פּריוואַטע קליניקס פון די אידישע פּראָפעסאָרען אין דייטשלאַנד. פּראָפעסאָר לאַנ־דאו האָט זיך זעהר וואַרים אָפּגערופען, אָבער די אויסגעבראָכענע וועלט־מלחמה האָט איבערגעריסען זיין אָנגעהויבענע אַקציע.

דר. ווינגאָדסקי האָט געאַרבייט אין די שטאָטישע שפּיטאָלען „סאַ־וויטש" און „יאַקוב" און אָנהויב וועלט־מלחמה אויך אין „משמרת־חולים."

א גרויסע ראָלע האָט דר. ווינגאָדסקי געשפּילט און שפּילט נאָך עד היום אין דער אידישער געזעלשאַפטליכקייט.

שטודירענדיג נאָך אין דער פּעטערבורגער מעדיציניש־כירורגישער אקאַדעמיע, איז ער שוין געשטאַנען נאָהענט צו א רעוואָלוציאָנערען קרייזעל און איז געווען אַרעסטירט פאַר פּאָליטישער טעטיגקייט. שפּע־טער האָט ער זיך באַטייליגט אין פאַרשידענע אידישע אָרגאַניזאַציעס, באַזונדערס טיכטיג אין דער אויסגעטיילטער קאָמיסיע פון דער „צדקה־גדולה", וואָס איהר פונקציע איז געווען צו באַטראַכטען ענינים פון אָרטיגער פּאָליטיק, ווי פון אַלגעמיין־אידישער, אין שטענדיגען קאָנטאַקט מיט די קהילות פון אַנדערע שטעט, דער עיקר מיט פּעטערבורג און מאָסקווע (אויספירליך וועגען דעם, זעה דר. ווינגאָדסקי'ס בוך „אין שטורעם"). א געוויסע צייט איז ער געווען א טעטיגער מיטגליד אויך אין דער ווילנער אָרגאַניזאַציע פון דער קאָנסטיטוציאָנעל־דעמאָקראַ־טישער פּאַרטיי.

א באַזונדערס ענערגישע און אינטענסיווע געזעלשאַפטליכע טע־טיגקייט האָט דר. ווינגאָדסקי אַרויסגעוויזען זינט דער וועלט־מלחמה. אין יאָהר 1915 איז דער גרעסטער טייל אידישע געזעלשאַפטליכע טוער אַנטלאָפען פון ווילנע; געבליבען זיינען בלויז פאָלגענדע פּער־זאָנען: הרב רובינשטיין, די דאָקטוירים שב"ד, ווינגאָדסקי, גערשון, רחמילעוויטש, רעגענסבורג, אדוו. שמשון ראָזענבוים, אינזשעניער קלע־באַנאָוו, און צו זיי איז באַלד צוגעקומען דער בונדישער טוער, דער אידעאַליסט יוסף איזביצקי (ביינוש מיכאַלעוויטש). די פּאָר'יתום'ט־געבליבענע אידישע ווילנע האָט פּרייער אָפּגעאָטעמט, דערזעהענדיג ביי זיך די דאָזיגע פון אַלעמען געאַכטע פּערזענליכקייטען. יעדערער באַזונדער און אַלע צוזאַמען האָבען זיי געלינדערט די נויט און גע־מילדערט די פּיין פון דער אידישער באַפעלקערונג.

דער דייטשער אָקופּאַנט האָט אונטער כל המינים פאַרשטעלטע קאָנטריבוציעס אויסגעזויגען דאָס בלוט פון דער ווילנער באַפעלקע־רונג, באַזונדערס פון דער אידישער. אימה'דיגען הונגער און הונגער־טויט האָט דער דייטש געבראַכט אין שטאָט. דערוואַקסענע און קינדער, באַזונדערס קינדער, זיינען געפאַלען אין די ווילנער גאַסען טויטע פון הונגער. דאַן האָט דר. ווינגאָדסקי אויפגעהויבען הויך זיין שטים געגען די ווילדע הונען און זיי געוואָרפען אין פּנים ביטערע אמת'ן. די צירליך־מאַנירליכע טעווטאָנען זיינען ניט געוואוינט געווען צו הערען אַזעלכע מוטיגע רייד און, אויפגעבראַכט אויף דער „פאַרפלוכטער יודען־

ראַסע", האָבען זיי אין מערץ, 1917, אַרעסטירט דעם אַלטען דר. ווינאַדסקי.

עס איז געווען אַ שרעקליך פּראָסטיגער פּריהמאָרגען. אַלע גאַסען, וואָס פיהרען צום וואָקזאַל, זיינען געווען שטרענג אָקופּאַנטיש באַוואַכט, ווען מ'האָט געפיהרט דעם געפאַנגענעם דר. ווינאַדסקי צום באַן. אָבער ניט געקוקט אויף קיין שום באוואך־מיטלען און אויף דער ברוטאַליטעט פון די יונקערס, זיינען ווי פון דער ערד פּלוצלונג אויסגעוואקסען מאסען אידען, מענער, פרויען און קינדער, וואָס זיינען געקומען באַגלייטען זייער „פאָטער", „דעם פאָטער פון דער אידישער ווילנע" — מיט טרערען, מיט פאַרשטיקטען געוויין. די דייטשע פּאָליציי האָט געשלאָגען אויף רעכטס און אויף לינקס — און אין אַלע אידישע הייזער איז געווען אַ געיאָמער און אַ קלאָג...

די דייטשען האָבען פאַרשיקט און אינטערנירט דעם דר. ווינאַדסקי אין טשערסקער געפאַנגענען־לאַגער — דעם ערגסטען פון אַלע געפאַנגענען־לאַגערען פון דייטשלאַנד. ער איז דאָרטען אָפּגעזעסען אין די שווערסטע הונגער־תפיסות ביז דעם 10טען אַפּריל, 1918, ווען ער איז באַפרייט געוואָרען און געקומען צוריק קיין ווילנע.

דאַן איז דר. ווינאַדסקי אריינגעטראָטען אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט איהם דעלעגירט אַלס מיניסטער פאַר אידישע ענינים אין דער ערשטער ליטווישער רעגירונג („טאַריבאַ") אין ווילנע. ניט לאַנג אָבער האָט זיך געהאַלטען די „טאַריבאַ": ווילנע איז באַלד פאַרנומען געוואָרען פון די פוילישע לעגיאָנען, דאָ פון דער רויטער אַרמיי, און דאָ ווידער פון די פּאָליאַקען.

אין אָנהויב 1919 האָט ער ענערגיש געאַרבייט פאַר דער אָרגאַניזירונג פון דער ווילנער קהילה. אין יאָהר 1922 איז ער אויסגעוועהלט געוואָרען אַלס דעפּוטאַט אין ערשטען פוילישען געזעצגעבערישען סיים (פּאַרלאַמענט) און אין 1927 — אין צווייטען. איןביידע סיימען האָט ער מוטיג פאַרטיידיגט די רעכט פון די העברעאישע און אידישע שולען און געקעמפט פאַר דער עקאָנאָמישער גלייכבאַרעכטיגונג פון די אידען. נאָכדעם ווי ס'האָט רעזיגנירט דער ערשטער פאָרזיצער פון דער ווילנער קהילה, דר. צמח שב"ד, איז אויסגעוועהלט געוואָרען אַלס פאָרזיצער דר. ווינאַדסקי. אין דערזעלביגער צייט איז ער אויך געווען מיטגליד פון ווילנער שטאָטראַט. ער איז חוץ דעם געווען טעטיג אין אַ גאַנצער ריי אידישע געזעלשאַפטען, ווי, למשל, אין באַיקאָט־קאָמיטעט, אין דער אידישער היסטאָריש־עטנאָגראַפישער געזעלשאַפט א. נ. פון ש. אַנסקי ז"ל אין ווילנע, וואו ער איז עהרען־פאָרזיצער, און אין אַ סך אַנדערע, באַזונדערס אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, וואו ער שטעהט פאַר העברעאיש

און אידיש און פאַר אַ שלום צווישען פאַלעסטיניזם און גלותיזם און צווישען די פאַרשידענע גרופּירונגען.

צוגלייך מיט זיין געזעלשאַפטליך־פּאָליטישער טעטיגקייט האָט דר. וויגאָדסקי אַ סך געאַרבייט אויך אויף׳ן מעדיציניש־וויסענשאַפטליכען געביט און אין דער פּובליציסטיק. ער האָט פאַרעפענטליכט אין מעדיצינישע זשורנאַלען אין רוסיש, דייטש און פּויליש איבער הונדערט וויסענשאַפטליכע מיטטיילונגען און רעפעראַטען, אויך אַ רייהע בראָשורען. באַזונדערס דאַרף דערמאָנט ווערען זיין בראָשור „דער קינסטליכער אַבאָרט אין עבר, הווה און עתיד״ (רוסיש). ער האָט זיך באַטייליגט אין ווילנער און פּעטערבורגער רוסישע צייטונגען און זשורנאַלען מיט אַן אומגעהייערער מענגע אַרטיקלען וועגען אידישע און אַלגעמיינע געזעלשאַפטליכע, עקאָנאָמישע און פּאָליטישע פראַגען, דער עיקר וועגען דער אידען־פראַגע.

אין 1912 באַטייליגט ער זיך אין אידישע צייטונגען, אָבער ער שרייבט רוסיש און מען איבערזעצט איהם אין אידיש. אליין אידיש האָט ער אָנגעהויבען שרייבען אין 1917, זיצענדיג אין דייטשער געפענגעניש, — אַ רייהע קלענערע און גרעסערע דערצעהלונגען. פון דעמאָלט אָן האָט ער געשריבען דער עיקר אידיש. אין ווילנער, וואַרשעווער, לעמבערגער, קראָקער און לאָדזער צייטונגען, אויך אין זשורנאַלען, אין מ. שאַליט׳ס „לעבען״, און אין „פּנקס״ פון דער היסטאָריש־עטנאָגראַפישער געזעלשאַפט האָט ער פאַרעפענטליכט אַ מאַסע פּאָליטישע און עקאָנאָמישע אַרטיקלען, דער עיקר וועגען אידישער פּאָליטישער און עקאָנאָמישער גלייכבאַרעכטיגונג.

אַ באַזונדערע באַדייטונג פאַר דער געשיכטע פון די לעצטע שטורעמדיגע 20 יאָהר האָבען זיינע דריי מעמואַרען־ביכער: „אין שטורעם״ — זכרונות פון די אָקופּאַציע צייטען, ווילנע 1926; „אין גיהינום״ — זכרונות פון די דייטשע תפיסות בשעת דער וועלט־מלחמה, ווילנע, 1927, און „אין סמבטיון״ — זכרונות פון צווייטען סיים, 1922־1927, ווילנע 1931.

אין כתב־יד האָט נאָך דר. וויגאָדסקי אַ גרויס מעמואַרען־בוך „אין די יונגע יאָהרען״ — גימנאַזיסטישע און סטודענטישע.

אַ סך ביכער, בראָשורען און מאַנוסקריפּטען האָט די דייטשע פּאָליציי צוגענומען ביי איהם בעת׳ן אַרעסט אין מערץ, 1917, און זיי זיינען פאַרלאָרען געגאַנגען.

דר. וויגאָדסקי איז מונטער און ענערגיש טעטיג עד היום אויף׳ן אידישען געזעלשאַפטליכען געביט.

דאָס איז אַ שטאַרקע, מוטיגע און אייביג־יונגע פּערזענליכקייט, וואָס שטעהט ווי אַ געטרייער זעלנער אויף זיין פאַראַנטוואָרטליכען פּאָסטען.

## דר. גרשון ב"ר יעקב־זאב גרשוני (גרשון)


דר. גרשון (גריגאָרי) גרשון

געבאָרען אין גראָדנע, ט"ז בסיון תר"ק (1860) אין א מיוחס'דיגער משפּחה, וואָס האָט אין די פריהערדיגע יאָהרהונדערטע ארויסגע־געבען גרויסע פּערזענליכקייטען. צו דער דאָ־זיגער משפחה האָט אויך געהערט דער דענע־בורגער ראַבינער צבי גרשוני, דער באַוואוסטער משכיל־מיטאַרבייטער פון „המליץ" אין די 80־ער יאָהרען פון פאָריגען יאָהרהונדערט, און דער וועלט־באַריהמטער רעוואָלוציאָנער און געניאַ־לע מאָראַלישע פּערזענליכקייט, גריגאָרי (גרשון) גרשוני.

געלערענט אין חדר, וואו ער האָט אָפּגעלערענט פערטהאַלבען יאָהר און האָט ארויסגעוויזען גרויסע פעהיגקייטען. נאָכדעם איז ער אָנגעקומען אין גימנאַזיע אין יאָהר 1870 און האָט געענדיגט אין יאָהר 1879 אַלס דער בעסטער. אין גימנאַזיע איז מיט איהם פאָרגעקומען פאָלגענדיגער אינצידענט: דעם דירעקטאָר איז ניט געפעלען געוואָרען אין דעם פאַמיליע־נאָמען גרשוני די ענדונג ני, וואָס האָט, לויט זיין מיינונג, געקלונגען „צו־רוסיש", און האָט מיט עקשנות געענדערט דעם פאַמיליע־נאָמען גרשוני אויף גרשון, און אַזוי איז עס פאַרבליבען.

אין 1885 געענדיגט מאָסקווער אוניווערזיטעט, פּראַקטיצירט 7 חדשים אין א קליין שטעטעל ביי ביאַליסטאָק און אַריבער קיין גראָדנע, וואו ער איז געוואָרען פאַבריק־דאָקטאָר ביי שערעשעווסקי'ן. אין 1892 אוועק קיין אויסלאַנד און אין משך פון צוויי יאָהר זיך ספּעציאַלי־זירט און פאַרפאָלקאָמט אַלס דאָקטאָר פון הויט־ און געשלעכטס קראַנק־הייטען אין די אוניווערזיטעט קליניקעס אין וויען, בערלין און פּאַריז. אין 1894, צוריק פון אויסלאַנד, באַזעצט ער זיך אין ווילנע, באַ־קומט גלייך א שטעלע אַלס אָרדינאַטאָר אין יאַקוב־שפּיטאָל און אין 1897 אַלס אָרדינאַטאָר אין אידישען שפּיטאָל ביז 1920. די פּוילישע מאַכט האָט דאָ סקאַסירט די אָפּטיילונג פון הויט־און געשלעכט־קראַנק־הייטען און פאַרגעלייגט דר. גרשוני'ן א שטעלע אין פּוילישען שפּי־טאָל „סאַוויטש", אָבער איבער'ן אנטיסעמיטיזם פונ'ם שעף פון די ווילנער שפּיטאָלן רימשאַ, האָט דר. גרשוני קאַטעגאָריש זיך אָפּגעזאָגט פון דער גוטער שטעלע אין „סאַוויטש". זינט דאַן פאַרנעמט ער זיך בלויז מיט פּריוואַטער פּראַקטיק.

דר. גרשוני איז אַן אויסערגעוועהנליכער עניו און מיט א טיפען

הארצענס־איידעלען פערזענליכען און נאַציאָנאַלען עהרענגעפיהל, דערצו א מתמיד, וואָס זיצט כל ימיו און לערענט און לייענט. ער האָט דורכגעלייענט און דורכגעשטודירט טויזענדער און טויזענדער פון די בעסטע און פון די נייסטע ווערק פון די מעדיצינישע וויסענשאַפטען בכלל און פון זיין פאַך בפרט. ער שטעהט שטענדיג אין קאָנטאַקט מיט'ן לעצטען וואָרט פון דער וויסענשאַפט. ער האָט דורכגעפיהרט א סך מעדיצינישע דעמאָנסטראַציעס און געהאַלטען א סך וויסענשאַפט־ליכע רעפעראַטען אין דער אַלגעמיינער מעדיצינישער געזעלשאַפט, וואו ער איז עהרענמיטגליד צוגלייך מיט דר. שאַבאַד און דר. ווירשובסקי.

ער איז איינער פון די גרינדער פון דער אידישער מעדיצינישער געזעלשאַפט. אין 1807, ווען אין דער אַלגעמיינער מעדיצינישער געזעלשאַפט האָט זיך אָנגעהויבען א שטאַרקער אנטיסעמיטישער קורס אויפ'ן געביט פון מעדיצינישער טעטיגקייט, האָבען עטליכע אידישע דאָקטוירים, און ער אויך בתוכם, באַשלאָסען צו גרינדען אַן אייגענע געזעלשאַפט, וואָס איז אין 1920, לויט זיין אויסגעאַרבייטען פּראָיעקט, פארוואַנדעלט געוואָרען פון א מעדיציניש־וויסענשאַפטליכען קרייז אין א פּראָפעסיאָנעלען פאַראיין מיט א ברייטער פּראָגראַם. ביז 1923 איז דר. גרשוני געווען פאָרזיצער פון עהרענגעריכט און פון דאַן ביז 1928 — עהרענפאָרזיצער פון פאַראיין. אין אָט דעם יאָהר 1928 איז ער אויסגעקליבען געוואָרען אלס עהרען־פאָרזיצער.

אין 1895 איז ער אויסגעקליבען געוואָרען אין קאָמיטעט פון די ביליגע הייזער אין ווילנע (געגרינדעט און געשטיצט פון אק"א) און טיכטיג געאַרבייט. אז ער האָט באַמערקט אין די ביליגע הייזער ביי גרויסע מאַסען קינדער די פּאַוואָס־קראַנקהייט, האָט ער אין 1901 אָר־גאַניזירט די קוראַציע פון אָט דער קראַנקהייט. דערצו האָט ער נאָך צוגענומען אויך אַנדערע קינדער פון שטאָט. די דאַן דורך דר. קאָ־וואַרסקי געגרינדעטע געזעלשאַפט „קינדער פאַרזאָרגונג" האָט גענומען אויף זיך די גאַנצע זאָרג וועגען דעם. אין 1907 האָט ער דערוואָרבען א רענטגען־אַפּאַראַט און אָנגעהויבען באַהאַנדלען די פּאַוואָס־קראַנקע קינדער מיט רענטגען שטראַהלען. ביז דער וועלט־מלחמה האָט ער אויסגעהיילט קרוב 400 קינדער. דאָס איז געווען, אמת, בלויז א טייל פון די קראַנקע, אָבער פּאַר אַלעמען זיינען געווען זעהר ווייניג מיטלען. אין דער צייט פון דער מלחמה און אָקופּאַציע איז די צאָל פון אַזעלכע קראַנקע קינדער געוואָרען אַלץ גרעסער. האָט דר. גרשוני געפיהרט אונטערהאַנדלונגען מיט'ן „דזשאָינט", וואָס האָט איבערגע־נומען אויף זיך די אקציע אין פּוילען. ס'האָט זיך אָנגעהויבען א סיסטעמאַטישע אַרבייט אויסצוראָטען איין מאָל פאַר אַלע מאָל די פּאַוואָס־קראַנקהייט ביי אידען אין פּוילען, און די אַרבייט איז גע־קרוינט געוואָרען מיט ערפאָלג. די קראַנקהייט איז בכלל אויסגעראָט

געוואָרען. אויב עס איז נאָך עפּעס פאַרבליבען, איז עס געווען איבער מאַנגעל אין מיטלען. דאָס איז געווען איינע פון די פּרובטבאַרסטע אַרבייטען פון „דזשאָינט", וואָס עס האָט איהם אָפּגעקאָסט 70 טויזענט דאָלער.

די גאַנצע צייט זינט דער עקזיסטענץ פון „טאָז" איז דר. גרשוני איינער פון זיינע מיטגלידער. אין „טאָז" פאַר פראָווינץ — איז ער פאָרזיצער (דר. שאַבאַד איז פאָרזיצער אין „טאָז" פאַר שטאָט). ער האָט מיטגעאַרבייט אין „פאָלקס־געזונט" מיט אַ גאַנצער רייהע אַר־טיקלען.

דר. גרשוני איז איינער פון די גרינדער פון „הילף דורך אַר־בייט", צוגלייך מיט אריה ניישול, דר. מאַקאָווער ז"ל און אינזש. קלע־באַנאָוו. ער און י. ל. גאָלדבערג פון ארץ ישראל זיינען היינט־צו־טאָג די איינציגע לעבען פאַרבליבענע גרינדער פון 1903. איינער פון די נאָהענטסטע פריינד פון דר. בנימין פין (זעה אַרטיקעל פון דר. שאַ־באַד), האָט דר. גרשוני געוואוסט, ווי מיט נוצען צו פאַרברויכען אויף „הילף דורך אַרבייט" דעם קאַפּיטאַל, וואָס דער דאָזיגער מענשען־פריינד האָט איבערגעלאָזען אויף די נעמען פון י. ל. גאָלדבערג און אריה ניישול. ביז 1911 האָט דר. גרשוני געאַרבייט אין „הילף דורך אַרבייט" אַלס מיטגליד פון פאַרוואַלטונג, און זינט דאַן — עהרען־מיטגליד.

פון 1905 אָן איז דר. גרשוני מיטגליד פון פאַרוואַלטונג פון „מושב זקנים" אין ווילנע ביז איצט, פון 1915 — פאָרזיצער.

פון ערשטען ציוניסטישען קאָנגרעס אָן געהערט דר. גרשון גרשוני צו דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און איז ערשטער פאָרזיצער פון ועד העירוני. גע־הערט צו דער ריכטונג „עת לבנות" און איז טעטיג עד היום.

א שטילער טוער פאַר'ן כלל, אַ ריינער אידעאַליסט, אַ נוח לבריות — אַ ליבער מענש.



דר. צמח שאַבאַד

### דר. צמח ב"ר יוסף־זעליג שב"ד

געבאָרען אין ווילנע ז' אָדר תרכ"ד (5 פעווראַל, 1864). פון פאָטער'ס צד שטאַמט ער פון די שב"ד'ס פון 17טען יאָהרהונדערט (שב"ד — שליח בית דין), וואָס ווע־רען דערמאָנט אין שאלות ותשובות און אין הקדמות צו אַלטע ספרים, און פון דער מוטער'ס צד — אַן אייניקעל פון דעם מחבר פון „תומת ישרים" און באַרימטען ראש

ישיבה „ר׳מעלה׳ס״ ר׳ יעקב־דוד פּעסקין (ר׳ „יאַנקעלע״, ווי דאָס פאָלק האָט איהם גערופען מיט ליבע), וואָס האָט געשטאַמט פון די קדושי הוראָדנאָ (פון 17טען יאָרהונדערט).

געלערענט אין חדר ביז 11 יאָהר, דאַן אָנגעקומען פריהער אין רעאַל־שול, נאָכדעם אין גימנאַזיע, וואו ער האָט פּראָטעסטירט געגען עפּעס אַן אומגערעכטיגקייט און איז דערפאַר אויסגעשלאָסען געוואָרען. אין אַ קורצער צייט ארום זיינען זיינע עלטערן אַריבערגע־פאָהרען קיין מאָסקווע, און ער איז אָנגעקומען אין אַ דאָרטיגער גימנאַזיע, וואו ער האָט זיך באַקענט מיט איינינע זעהר וויכטיגע יונגעלייט — מיכאַאיל גאָץ, אָסיפּ מינאָר און אַנדערע, וואָס האָבען איהם אריינגעצויגען אין אַ רעוואָלוציאָנערען קרייזעל. דאָ האָט ער זיך באַקענט מיט דער ראַדיקאַלער און „נאַראָדנישער״ רוסישער לי־טעראַטור, מיט די פאַרבאָטענע ווערק פון טשערנישעווסקי, לאַוור־ראָוו און אַנדערע און איז געוואָרען געשטימט רעוואָלוציאָנער. איהם איז נמאס געוואָרען די גימנאַזיע מיט איהר דריקענדיקען רעזשים און ער איז אַרויסגעטראָטען. אָנגעקומען אין קאַזאַנער וועטערינאַרען אינסטיטוט, באַלד חרטה געקראָגען, ווידער אוועקגע־זעצט זיך איבער די גימנאַזיאַלע לימודים און אין מאַי, 1884, אין טולע אויסגעהאַלטען דעם מאַטורעלען עקזאַמען.

אין דעם אַרויסלאָז איז געוועזען אויך דער באַריהמטער רוסישער שריפטשטעלער ווערעסאַיעוו (סמידאָוויטש). יענעם זומער האָט ער זיך באַקענט מיט׳ן רוסישען דאָרף און זיינע סימפּאַטיעס צום פּשוט׳ן פאָלק זיינען נאָך מעהר פאַרשטאַרקט געוואָרען, אָבער דער גרעסטער טייל פון זיינע רעוואָלוציאָנערע חברים איז שוין דאַן געווען אַרעס־טירט און די פאַרבינדונגען מיט׳ן רעוואָלוציאָנערען קרייזעל זיינען געווען שוין בלויז אומדירעקטע.

אין סעפּטעמבער 1884 איז ער אָנגעקומען אין מאָסקווער אוני־ווערזיטעט אויפ׳ן מעדיצינישען פאַקולטעט, וואו ער האָט געלערנט מיט גרויס התמדה; אַלס פרייער צוהערער גלייכצייטיג באַזוכט אויך די לעקציעס פון פּאָליטישער עקאָנאָמיע און פילאָזאָפיע אויפ׳ן יורי־דישען פאַקולטעט און די לעקציעס, באַזונדערס פון דאַרווינישער ביאָלאָגיע, אויפ׳ן נאַטורוויסענשאַפטליכען פאַקולטעט. אויף אַזאַ אופן האָט סטודענט צמח שב״ד באַקומען אַ פילזייטיגע בילדונג און עס האָט זיך אין איהם אויפגעוועקט אַ חשק איבערצוגעבען זיינע ידיעות און געדאַנקען אויף פּאַפּיר. אין יולי 1886 האָט ער פאַר־עפענטליכט אין דער מאָסקווער ראַדיקאַלער צייטונג „רוסקי קוריער״ זיין ערשטע ליטעראַרישע אַרבייט, „יעדינסטוואָ מיראָזדאַניאַ״ (די איינהייט אין דעם וועלטגעביי). נאָכדעם האָט ער געשריבען איי־ניגע אַרטיקלען אין „רוסקאַיע באָגאַטסטוואָ״ — „די רעגולאַטאָרי־

שע אייגענשאפטען פון מענשליכען אָרגאַניזם" און אַנדערע עהנליכע. באַלד איז ער אויסגעקליבען געוואָרען אין קאָמיטעט פון דער אַלגע־מיינער „סטודענטישער קיך", וואָס האָט גע'שמ'ט ווי א „נעסט פון קראַמאָלע". איבער אַ מסירה איז די „קיך" באַלד פאַרמאַכט גע־וואָרען. דער מסור האָט באַקומען אַ פּאַטש פון סטודענט סיניאַווסקי, וואָס איז דערפאַר געוואָרען פאַרשיקט און אָפּגעגעבען אין סאָל־דאַטען. דאָס האָט אַרויסגערופען סטודענטישע אומרוהען, און דער אוניווערזיטעט איז אויף אַ געוויסער צייט פאַרמאַכט געוואָרען.

אין זיינע סטודענטישע יאָהרען, „די בעסטע צייט אין זיין לעבען", — ווי דר. שב"ד שרייבט אין זיין אויטאָביאָגראַפיע, — „איז ער געשטאַנען נאָהענט צו פאַרשידענע קרייזלאַך, רוסישע און אידישע, און גענומען דאָס בעסטע, וואָס די גייסטיגע מאָסקווע האָט דאַן גע־קענט געבען". געווען באַפריינדעט מיט זעהר אַ סך אידען און ניט־אידען, וואָס האָבען שפּעטער געשפּילט ערשט־ראַנגיגע ראָלעס אין פּאָליטישען, געזעלשאַפטליכען און קולטורעל־וויסענשאַפטליכען לעבען פון רוסלאַנד.

אין מאַי, 1889, האָט ער געענדיגט דעם אוניווערזיטעט מיט'ן טיטעל „ליעקאַר" (אַרצט), פאַרבליבען אין מאָסקווע אַרבייטען אין אַ שפּיטאָל און גרייטען זיך צום דאָקטאָר־עקזאַמען. אין יענער צייט, 1891, איז פאָרגעקומען דער גירוש מאָסקווע, וואָס האָט, פּונקט ווי די פּאָגראָמען אין 1881, אויפגעטרייסעלט דאָס גאַנצע וועלט־אידענטום. די אידישע אינטעליגענץ האָט אויפגעוואַכט פון איהר זיסען עמאַנציפּאַציע־חלום. זי האָט מיט שרעק דערזעהן, אַז די שענסטע רוסישע אינטעליגענץ האָט אָנגענומען אַ מויל מיט וואַ־סער און ניט פּראָטעסטירט קעגען דער ברוטאַליטעט פון דער צאַ־רישער רעגירונג כלפּי די אידען, — און זי האָט זיך אַ קער גע־טאָן צוריק צום פאָלק, צו זעלבסטבאַפרייאונג. אַ באַזונדערס נייע האָפענונג האָט אויפגעבליט אין די הערצער פון די אידישע אינ־טעליגענטען פון באַראָן הירש'ס פּלאַן צו קאָלאָניזירען די אידען אין אַרגענטינע. דר. שב"ד איז באַגייסטערט געוואָרען און האָט צוזאַ־מען מיט זיינע חברים לדעה זיך גענומען ענערגיש פאַר דער דאָזיגער טעריטאָריאַליסטישער אַרבייט. ער האָט זיך שריפטליך פאַר־בונדען מיט ניו יאָרק און אַרגענטינע, האָט אַפילו אַליין באַשלאָסען צו עמיגרירען, — אָבער פון דעם אַלעם איז גאָרנישט געוואָרען. גאָרנישט איז געוואָרען אויך פון זיין אָנבאָט צו געהן „דינען דעם פאָלק" מיט זיין מעדיצינישער הילף אין די הונגער־געגענטען, וואו צעהנדליגער טויזענטער פּויערים זיינען געלעגען געשוואָלענע פון הונגער, אָבער דער ענטפער איז געווען, אַז „דערווייל דאַרף מען ניט". די אמת'ע סיבה פון אָפּזאָג איז אָבער געווען, וואָס ער איז אַ

איד. דערפאַר איז איהם געלונגען צו ארבייטען מיט מסירת־נפש אין טאַמבאָווער גובערניע אָפּצושטעלען די כאָלעריע־עפּידעמיע, וואָס איז דאָרטען אויסגעבראָכען אין 1892.

ער איז ארויסגערופען געוואָרען אהין א דאַנק זיין באַקאַנטשאַפט מיט גרויסע איידעלע רוסישע פּערזענליכקייטען.

אין פרילינג 1893 האָט ער געראַטעוועט פון פלעק־טיפוס דעם באַרימטען רוסישען שריפטשטעלער טורגעניעוו׳ס א פּלימעניק, באקומען דערפאַר 1,000 רובעל און איז דערמיט אוועקגעפאָרען קיין וויען פאַרפאָלקאָמען זיך אין די דאָרטיגע לאַבאָראַטאָריעס און ביבליאָטעקען. פון דאָרטען איז ער אוועקגעפאָהרען צוריק קיין מאָסקווע, אָפּגעגעבען זיין 30־בויגענדיגע דיסערטאַציע און באקומען דעם דיפּלאָם פון דאָקטאָר מעדיצין. אין 1894 געקומען קיין ווילנע, וואו ער איז באַשטימט געוואָרען אלס אויסער־שטאַט־דאָקטאָר אָהן שכירות אַפּריהער אין סאַוויטש־שפּיטאָל און דערנאָך אין אידישען. ווען עס איז אין סוויינציאַן און נייסווינציאַן אויסגעבראָכען אַן עפּידעמיע פון כאָלערע, איז ער קאָמאַנדירט געוואָרען אהין, און עלטערע מענשען פון סווינציאַן דערצעהלען נאָך עד היום צום גוטען זיין דאָרטיגע ארבייט אלס כאָלערע־דאָקטאָר. ער האָט אין ווילנע באַלד באַקומען א פיינעם נאָמען אויך אין דער פּריוואַטער פּראַקטיק, ניט בלויז אין דער אידישער, נאָר אויך ביי דער קריסטליכער באַפעלקערונג.

אין דערזעלביגער צייט האָט זיך אָנגעהויבען אויך זיין געזעלשאַפטליכע און קולטורעלע טעטיגקייט. אין געהיימע און עפענטליכע פאַרזאַמלונגען פלעגט דר. שב״ד ארויסטרעטען מיט רעפעראַטען אויף פאַרשידענע טעמעס — וויסענשאַפטליכע, ליטעראַרישע און געזעלשאַפטליכע. ער האָט גענומען א טיכטיגען אָנטייל אין דער אויפבויאונג און אנטוויקלונג פון דער ווילנער אָווענט־שול, וואָס האָט אין משך פון גאַנצע 25 יאהר (1901—1925) געשפּילט א גרויסע קולטורעלע און געזעלשאַפטליך־פּאָליטישע ראָלע אין לעבען פון די אידישע אַרבייטענדיגע מאַסען און וואָס איז געווען דאָס ערשטע קעמערל פון דעם שפּעטער פאַרצווייגטען אידישען שול־וועזען און פון דער מאָדערנער אידישער קולטור בכלל. זיין נאָמען איז אזוי פאַרבונדען געוואָרען מיט דער אָווענט־שול, אז זי איז אָהן איהם ניט דענקבאַר געווען. אז מ׳האָט זיך דערמאָנט אָן דער אָווענט־שול, האָט מען זיך גלייך דערמאָנט אָן דר. שב״ד.

דר. שב״ד איז געווען איינער פון די גרינדער פון דער ווילנער אָפּטיילונג פון דער פּעטערבורגער געזעלשאַפט מפיצי השכלה און איהר וויצע־פּאָרזיצער און פאָרזיצער פון איהר אָנהויב ביז׳ן סוף פון איהר עקזיסטענץ, אין זומער 1919, ווען אויף איהר אונטערגאַנג איז אויפגעקומען דער צענטראַלער בילדונגס קאָמיטעט (צ. ב. ק.),

וואו דר. שב"ד שטעהט בראש ביז צום היינטיגען טאָג. אויף די צו־זאמענפאָרען פון „מפיצי השכלה" איז דר. שב"ד אלע מאָל געווען איינער פון איהרע דעלעגאטען און אונטער זיין השפעה און איני־ציאטיווו האט די ווילנער אָפּטיילונג אין 1912 געשאפען די גראנ־דיעזע ביבליאָטעק „מפיצי השכלה", וואָס איז ביי היינטיגען טאָג איינע פון די גרעסטע אין ווילנע, און בעת דער דייטשער אָקופּאַ־ציע — די אינגעל־שול „מפיצי השכלה" — די ערשטע עכט־אידישע וועלטליכע פאָלקס־שול אין ווילנע — און די פאָלקס־שול אויף אַנטאָ־קאָליע, וואָס דערמיט איז געלייגט געווארען דער גרונדשטיין פאר דעם מאָדערנעם אידישען שול־וועזען.

ער איז געווען מיטגרינדער פון „הילף דורך ארבייט", איינער פון די גרינדער און מיט־גרינדער פון דער פילאַנטראָפּישער און האלב־פּאָליטישער „בראטאָליובוואָיע אָבשטשעסטוואָ". ער פלעגט נע־מען אן אנטייל אין די פּיראָגאָווער צוזאמענפאָרען פון די רוסישע דאָקטוירים, וואָס האָבען דאן געטראָגען אויך א פּאָליטישען כאראַק־טער, און האָט דאָרטען געהאלטען רעפעראטען וועגען סטאטיסטיק פון שטערבליכקייט אין ווילנע און וועגען אנדערע מעדיצינישע פאָר־שונגען.

אין דער תקופה פון דער באפרייאונגס־באוועגונג איז ער גע־ווען דער אָרגאַניזאטאָר פון דער „אידישער דעמאָקראטישער גרופּע," וואָס האָט געהאט א געוויסע השפעה אין אידישען געזעלשאפטליכען און פּאָליטישען לעבען.

בעת עס האט אין אָקטאָבער, 1905, געהאלטען ביי א פּאָגראָם אין ווילנע, איז דר. שב"ד געווען דעלעגירט פון דער דעמאָקראטי־שער גרופּע צו דער געהיימער פאראייניגטער אָרגאַניזאציע פון בא־וואפנעטען זעלבסטשוץ פון די רעוואָלוציאָנערע פּארטייען. אין צוזא־מענהאנג דערמיט פלעגען ביי דר שב"ד'ן זיך צוזאמענקומען פאָר־שטייער פון פּאָליטישע פּארטייען, און פון די פּ. פּ. ס. איז עטליכע מאָל געווען ביי איהם יאן פּילסודסקי, א ברודער פון יוזעף פּיל־סודסקי. דר. שב"ד איז דאן געווען איינער פון די אָרגאַניזאטאָרען פון די סאַניטאַרע אָפּטיילונגען אויפ'ן פאל פון א פּאָגראָם און פון א צוזאמענשטויס בעת א נייעם גענעראַל סטרייק (נאָוו., 1905). אין רעזולטאַט פון דעם אלעם איז דר. שב"ד ארעסטירט געווארען (11 דעצ.), ער איז אָפּגעזעסען אין לוקישקער טורמע זעקס חדשים און איז פאר'משפּט געווארען ארויסצופאָרען אויף דריי יאָהר קיין אויס־לאנד, וואו ער האָט געלעבט אין דייטשלאַנד, שווייץ און ענגלאנד און דאָרטען ווייטער פארפאָלקאָמט זיך אין זיין פאַך. ער האָט באקומען אן ערלויבעניש צוריקצוקומען קיין ווילנע נאָך פאר'ן אויסגעהן פון טערמין פון זיין פארשיקונג, און דעם 7טען מאי, 1907, האָט זיך

דר. שב"ד אומגעקעהרט צוריק קיין ווילנע, וואו ער האָט באַנייט זיין מעדיציניש און געזעלשאַפטליכע טעטיגקייט.

לויט זיין איניציאַטיוו איז געשאַפען געוואָרען די „אנטי־טובער־קולאָזע ליגע", די איינציגע אָרגאַניזאַציע, וואס האָט פאַראייניגט דאָק־טוירים און געזעלשאַפטליכע טוער פון אַלע נאַציאָנאַליטעטען: רוסען, פּאָליאַקען, אידען און ליטווינער. דר. שב"ד איז געוועזן איהר וויצע־פּרעזידענט, האָט געהאַלטען פאָרטראַגען, געשריבען אַרטיקלען, צו־זאַמענגעשטעלט באַריכטען און געאַרבייט זעהר אַקטיוו. די אויס־גאַבען פון דער ליגע האָבען זיך געדרוקט אין רוסיש, פּויליש, אידיש און ליטוויש. די מלחמה האָט איבערגעריסען די טעטיגקייט פון דער „אנטי־טובערקולאָזער ליגע", ווי פון אַלע אַנדערע געזעלשאַפטען.

מיט'ן אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה האָט דר. שב"ד פריי־וויליג געאַרבייט אַלס דאָקטאָר אויפ'ן גאַליציאַנער פראָנט. אין די גאַליציאַנער אָקופּירטע שטעט האָט ער געפּרובירט פאַרבינדען זיך מיט די אָרטיגע אידישע געזעלשאַפטליכע טוער, כדי צו ברענגען הילף דער דאָרטיגער אידישער געליטענער באַפעלקערונג, אָבער עס איז איהם ניט געלונגען, ווייל די גאַליציאַנער אידען האָבען ניט געהאַט קיין צו־טרוי צו אַלע די, וואָס האָבען געהאַט אַ „שייכות" צו די אָקופּאַנטען, און דער עיקר, ווייל זיי זיינען געווען הייסע עסטרייכישע פּאַטריאָטען.

מיט'ן אָנהייב פונ'ם אָפּטרעטען פון די רוסישע חיילות איז דר. שב"ד צוריקגעקומען אהיים קיין ווילנע און ער האָט באַשלאָסען צו פאַרבלייבען דאָ, וואָס פאַר אַ שווערע צייט עס זאָל ניט קומען. זיין פאַמיליע איז אוועקגעפאָרען קיין פּעטערבורג, — און דאָ האָט זיך ערשט צעבליהט דר. שב"ד'ס קולטורעלע און געזעלשאַפטליכע טעטיגקייט.

אין משך פון דער גאַנצער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע איז דער גאַנצער יאָך פון זאָרגען געווען וועגען ראַטעווען די אויס־גייענדיגע ווילנער אידישע באַפעלקערונג געלעגען אויף די קעפּ פון עטליכע פּראָמינענטע מענשען. דר. שב"ד איז געווען איינער פון זיי. ער האָט געזאָרגט וועגען ברויט, אַ שוך און אַ קלייד פאַר די פאַראָרימטע מאַסען, וועגען מעדיצינישער הילף פאַר די קראַנקע, וועגען אַ היים פאַר די פאַרוואָרלאָזטע קרבנות פון די גירושים, וועגען אַ טראָפּען מילך פאַר די קליינע קינדער, וועגען קינדער־היימען און שולען פאַר די קינדער פון שול־עלטער, וועגען אויפזאַמלען און איינהאַלטען די היסטאָרישע דאָקומענטען פון דער פינסטער־בייזער צייט פאַר די קומענדיגע געשיכטס־פאָרשער, וועגען דרוקען היסטאָ־רישע יאָהרביכער און אַזוי ווייטער א. אז. וו., אָהן אַ שיער און אָהן אַ סוף, — פאַר'ן גוף און פאַר דער נשמה פון זיין צעמורשטען פאָלק. אומעטום און אַלע מאָל איז ער, צוזאַמען מיט זיינע עטליכע חברים,

געוועזן אויפ'ן פּלאַץ. וואו נאָר א צרה, וואו נאָר אן אומגליק, וואו נאָר א טראַגעדיע, — האָט דאָס פאָלק געהאַט נאָר איין אויסגאַנג — לויפן צו דר. שב"ד, לויפן צו דר. וויגאָדסקי, לויפן צו ראַבינער רובינשטיין, לויפן צו יוסף איזביצקי! אלע זיינען אָט די הערליכע פערזענליכקייטן געווען ביים פאָלק געאכט און געליבט און אין אלע־מען אין זיי האָט עס געזעהן זיינע רעטער, געשיקט פון גאָט! טרערען פון דערוואַרעמטע געפיהלען פלעגן זיך שטעלען אין די אויגען ביי יעדען ביים דערמאָנען די דאָזיגע נעמען.

דר. שב"ד האָט יעדען מין הילף געזעהן דורכצופיהרען אָרגאַ־ניזירט און האָט פאר יעדען מין אונטערשטיצונג געשאפן ספּעציעלע אָרגאַניזאַציעס. אויסרעכענען זיי בלויז דאַרף פאַרנעמען א היבשע צאָל זייטען. אין א באַגרעניצטער נאָטיץ איז עס אוממעגליך צו טאָן. מאסען ארבייטען וועגען זיין טעטיגקייט זיינען שוין אָנגע־שריבען און גאַנצע ביכער דאַרפען וועגען איהם געשריבען ווערען. ס'איז גענוג צו דערמאָנען זיינע „ווילנער זאַמעלביכער", דעם „פּנקס" פון דער היסטאָריש־עטנאָגראַפישער געזעלשאַפט, מ. שאַליט'ס זשור־נאל „לעבען", דר. וויגאָדסקי'ס „אין שטורעם", דעם „פּנקס" פון „יעקאָפּאָ", „אויף די חורבות פון מלחמות און מהומות", די מאסען אַרטיקלען וועגען איהם אין „ווילנער טאָג" און אין אַנדערע ווילנער און אנדער־שטאָטישע צייטונגען, וואו עס ווערט געשילדערט זיין רייך, רוהמפול לעבען פאר'ן כלל, פאר זיין פאָלק, וואָס ער וויל עס זעהן אין א נייער רענעסאַנס.

אין געגענט־קאָמיטעט צו העלפען די קרבנות פון דער מלחמה און פּאָגראָמען („יעקאָפּאָ") איז דר. שב"ד פאָרזיצער און איינער פון די טיכטיגסטע טוער פון ערשטען טאָג פון זיין גרינדונג ביז צום היינ־טיגען טאָג. אין דער געזעלשאפט צו פארשפּרייטען ארבייט צווישען אידען („אָרט"), אין דער געזעלשאַפט צו פאַרהיטען דאָס געזונט פון דער אידישער באַפעלקערונג („אָזע — „טאָז"), אין צענטראַלען בילדונגס־קאָמיטעט, — אומעטום איז ער איינער פון די ערשטע גרינדער און פאָרזיצער. ער איז געווען פאָרזיצער אין דער ערשטער דעמאָקראַטישער קהילה (1919—1920), ראַטמאַן אין ווילנער שטאָט־ראַט פון 1919 ביז 1934, סענאַטאָר פון 1928 ביז 1930, איינער פון די גרינדער פון דער היסטאָריש־עטנאָגראַפישער געזעלשאפט א. נ. פון ש. אַנסקי ז"ל אין ווילנע. ער איז איינער פון די גרינדער און פאָרזיצער פון דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, מיטגליד פון דער פאַר־וואַלטונג פון דער צענטראַלער שול־אָרגאַניזאַציע אין דער פּוילישער רעפּובליק. ער איז באַגייסטערט פאר'ן אידעאל פון פּראָדוקטיוויזירן די אידישע מאסען אויף לאַנד — אומעטום: אין ארץ ישראל און אין בירא בידזשאַן, אין אייראָפּע און אין אַמעריקע, — א פּאָלי־

טעריטאָריאַליסט. ער איז די נשמה פון דער אידישער שול־באַוועגונג און וויל זי זעהן אלס א פאָלקס־באַוועגונג. אומעטום — אויף פאַרזאַמלונגען און אין דער פרעסע, אין מאַגיסטראַט און אין סענאַט — האָט ער אַלע מאָל געקעמפט פאַר די רעכט פון דער אידישער שול, פון דער אידישער קולטור, וואו ער פאַרטרעט אַן אונאָפּהענגיגע ריכטונג.

דר. צמח שב״ד איז איינער פון די ערשטע און וויכטיגסטע אָרגאַניזיטאָרען און טיכטיגער טוער פונ׳ם אידישען וויסענשאַפטליכען אינסטיטוט (ייוו״אָ), גיט פאַר איהם אַוועק זעהר א סך צייט און ענערגיע, ווי אויך מאַטעריעלע מיטלען, נעמט א גרויסען אַנטייל אין זיינע אויסגאַבען, באַזונדערס אין די „ייוו״אָ־בלעטער״, און זיינע גרויסע פאַרדינסטען זיינען באַלוינט געוואָרען מיט טיפער דאַנקבאַרקייט מצד די אַנדערע גרויסע טוער פון „ייוו״אָ״, וואָס האָבען געגרינדעט אויף זיין נאָמען אַן אַספּיראַנטור פאַר יונגע געלערנטע און וויסענשאַפטליכע פאָרשער.

דר. שב״ד איז געוועזן רעדאַקטאָר פון א גאַנצער רייהע ווערטפולע אויסגאַבען: צוזאַמען מיט משה שאַליט — די „ווילנער זאַמעלביכער״, צוזאַמען מיט משה שאַליט און נאָכדעם מיט דר. א. ווירשובסקי, ש. ל. ציטראָן (ז״ל) און ז. רייזען — דעם דערמאָנטען „פּנקס״ פון דער היסט.־עטנ. געז., צוזאַמען מיט ה. ד. נאָמבערג (ז״ל), אדוו. ע. פינקעלשטיין (ז״ל) און אדוו. י. טשערניכאָוו — דעם „פרייען געדאַנק״, וואו ער האָט פאָרגעלייגט א רייהע פּראָיעקטען פון רעאַליזירען זיינע אידעאַלען פון פּראָדוקטיוויזאַציע און טעריטאָריאַליזאַציע. ער האָט פאַרעפענטליכט אין פאַרשידענע שפּראַכען, אויך אין אידיש, ווערטפולע מעדיצינישע ארבייטען, העכסט־אָריגינעלע פאָרשונגען. אין זעהר ערנסטע אידישע צייטשריפטען האָט ער פאַרעפענטליכט אומגעהייערע מאַסען ארטיקלען וועגען אַלע אידישע אַקטועלע סאָציאַל־פּאָליטישע און קולטור־פּראָגען, ווי אויך אויפ׳ן געביט פון געזונטשאַפטליכער מעדיצין. בלויז די רשימה פון זייערע טיטלען דאַרף פאַרנעמען א פאַר גרויסע דרוק־בויגען. אָבער ליבער פון אַט די אַרטיקלען איז איהם זיין טעטיגקייט צו פאַרשפּרייטען פּאָפּולערע וויסענשאַפטליכע ידיעות פון מעדיצין און היגיענע צווישען די ברייטע שיכטען פון פאָלק, ווייל ליבער פון אַלץ איז איהם דאָס פאָלק. פון אַלע זיינע אויסגאַבען איז די טייערסטע ביי איהם געווען דער זשורנאַל „פאָלקס געזונט״. עלף יאָהר איז דר. שב״ד געשטאַנען אויף זיין פּאָסטען אלס רע־אַקטאָר און הויפּט־מיטאַרבייטער פון „פאָלקס־געזונט״, וואו ער האָט ארויסגעוויזען א קאָלאָסאַלע מעדיצינישע ערודיציע און גרויס טאַלאַנט אין פּאָפּולאַריזירען פאַר די ברייטסטע פאָלקס־מאַסען אין אַלע פאַרוואָרפענסטע ווינקעלעך די פאַר־

שידענאַרטיקסטע צווייגען פון די מעדיצינישע וויסענשאַפטען און היגיענע. אין די עלף יאָהרגאַנג „פאָלקס־געזונט״ האָבען מיר אַן אוצר פון גלענצענדיגע פּאָפּולער־וויסענשאַפטליכע מעדיצינישע און היגיענישע ארבייטען, וואָס האָבען פאַר'ן לעזער אַ לאַנג־דויערענדיגען ווערט.

דר. שב״ד האָט צוגעצויגען צום זשורנאַל אַ גאַנצע רייהע ערנסטע מעדיצינער און היגיעניסטען און האָט אַ סך דאָקטוירים־אסימילאַטאָרען פאַר איין גאַנג פאַר אידען געמאַכט. צענדליגער ביכער און בראָשורען פון זיין פעדער האָט דר. שב״ד, חוץ דעם, פאַר־עפענטליכט און אויך צענדליגער ביכער און בראָשורען פון „אָזע־טאָז״־פאַרלאַג האָט ער רעדאַגירט. און אומעטום האָט ער געגעבען אַ שעהנעם, זאַפטיגען, מוסטערהאַפטען סטיל.

און דאָס אַלץ האָט דר. שב״ד געטאָן מיט אמת'ן מסירת נפש, מיט הארציגער ליבע צום פאָלק, וואָס שענקט איהם געגענזייטיג זיין אויפריכטיגע ליבע און טיפע פאַרעהרונג.

## דר. הערץ קאָוואַרסקי


דר. הערץ קאָוואַרסקי

געבאָרען אין סווינציאַן (ווילנער קרייז) אין מאַי, 1869. זיין פאָטער, ר' אשר, אַ סוחר אַ משכיל, און זיין מוטער, בתיה, פון דער באוואוסטער קורלענדישער אינטעליגענטער משפחה יאָעלסאָן, האָבען געוואָלט געבען זיי־ערע קינדער אַ אידישע און אַ וועלטליכע דער־ציהונג און האָבען זייער הערצ'ן צו פינף יאָהר אָפּגעגעבען אין חדר און צו צעהן יאָהר אין גימנאַזיע אין ריגע. נאָכ'ן באַקומען די רייף־צייגעניש איז ה. קאָוואַרסקי אָנגעקומען אין דאָר־פּאַטער אוניווערזיטעט אויף מעדיצין און גע־ענדיגט אין 1894. אַ קורצע צייט האָט ער געאַרבייט אין נאָוואָגאָראָד אין זיעמס־טוואָ, אַ יאָהר אין אַ פּעטערבורגער קינדער־שפּיטאַל, אַ האַלב יאָהר אין מאָסקווע אין בלומענטאַל'ס בעמיש־באַקטעריאָלאָגישען אינסטיטוט און נאָכדעם פּראַקטיצירט אין לאָסק אין פּוילען. אין 1898 ספּעציאַליזירט זיך אין ווילנע אַלס קינדער־דאָקטאָר אין שפּיטאַל „יאַקוב״, אין דער קינ־דער־אַמבולאַטאָריע, דער ערשטער אין ווילנע. באַלד זיך דערוואָרבען אויך אַ גוטע פּריוואַטע פּראַקטיק.

ביז 1905 געווען אַ מיטגליד פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע,

וואו ער האָט געהאַלטען ערנסטע רעפעראַטען, ווי למשל, „ניטשע וועגען אידען", „פיזישע דערציאונג אין אלטערטום און איצט", און געדרוקט זיך אין דער ציוניסטישער „בודושטשנאָסט".

נאָכ'ן אויסברוך פון דער רוסיש־יאפּאַנישער מלחמה איז ער מאָביליזירט געוואָרען אלס מיליטער־ארצט, האָט געאַרבייט אין כאַר־בין, דער עיקר אין טשיטאַ, וואו ער האָט אָנגעפיהרט די עוואַ־קואַציע פון די קראַנקע און פאַרוואונדעטע זעלנער; שפּעטער האָט ער וועגען דעם אַלעם אָנגעשריבען אין רוסיש א בוך פון קרוב 300 זייטען.

אין 1905, נאָך דער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה, געקומען צוריק קיין ווילנע. דאַן פאַרעפּענטליכט אַ ווערק וועגען דער ענגלישער קרענק, די ערשטע אויספאָרשונג אויף דעם געביט אין ווילנע, אויך צוויי פּאָפּולערע בראָשורען: „ווי צו דערנערען א קינד ביז 3־יעריגען עלטער" און „ווי צו פאַרהיטען זיך פון אנשטעקענדיגע קראַנקהייר־טען", אַלע אין רוסיש. געאַרבייט אין פּעטערבורגער פּאָפּולערע מעדיצינישע זשורנאַלען און געווען מיטאַרבייטער פון די ווילנער רוסישע צייטונגען: „סעווערא־זאַפּאַדנאַיע סלאָוואָ", „סעווערא־זאַפּאַדני גאָלאָס".

אוועקגעפאָהרן קיין אויסלאַנד זיך פאַרפאַלקאָמען אין זיין פאַך, און ווען ער איז צוריקגעקומען אין 1907 קיין ווילנע, איז ער א באַשולדיגטער אין אָרגאַניזירען דעם אויפשטאַנד אין טשיטאַ אין 1905, פאַרשיקט געוואָרען קיין אירקוטסק (סיביר) און נאָכ'ן באַל־דיגען באַפרייט ווערען געקומען צוריק קיין ווילנע.

דאַן האָט זיך ביי איהם אָנגעהויבען א פּרוכטבאַרע געזעל־שאַפטליך־מעדיצינישע און קולטורעלע טעטיגקייט.

ער האָט א סך געאַרבייט וויסענשאַפטליך און פאַרעפענטליכט מעדיצינישע ארבייטען אין רוסישע מעדיצינישע זשורנאַלען, אויך אין בוך־פאָרם. געהאַלטען פאָרטראָגען אין דער מעדיצינישער געזעלשאַפט וועגען מעדיצינישע פראַגען און זיך ענערגיש באַטייליגט אין אָרגאַ־ניזירען קינדער־היימען אין די „ביליגע הייזער", אויף פּאָהוליאַנקע, זאַרעטשינע, אָסטראָבראַם. מיטגעאַרבייט אויך אין „הילף דורך אַר־בייט" אויפ'ן געביט פון קינדער־פאַרזאָרגונג.

די אַלע ארבייטען זיינען אָבער געווען צוזאַמענגעוואָרפען, אָהן א פאַרבינדונג צווישען זיך, און עס האָט זיך ניט געקלעפּט. האָט דר. קאָוואַרסקי אין 1908 באַשלאָסען צו גריינדען א געזעלשאַפט פאַר דערציאונג און אונטערריכט פון קינדער, און באַלד איז אזא גע־זעלשאַפט ערלויבט געוואָרען אונטער'ן נאָמען „אָבשטשעסטוואָ פּאָפּיע־טשעניאַ אָ דיעטיאַך" — געזעלשאַפט פון קינדער־פאַרזאָרגונג. פאַר־

זיצער איז געוואָרן איהר גרינדער: דר. קאָוואַרסקי (האָראַצי אָסיפּאָ־וויטש, ווי מ׳האָט איהם דאַן גערופען).

די געזעלשאַפט איז ענטוזיאַסטיש צוגעטראָטען צו דער אַרבייט, און שוין אין הערבסט פון זעלביגען יאָהר (1908) האָט זי גע־עפענט אויף באַקשטאַ־גאַס א מיידעל־שול אין רוסיש. פאַרוואַלטער איז געוואָרען דער באַוואוסטער און טאַלאַנטפולער פּעדאַגאָג אַקים סעמיאָנאָוויטש ריוועסמאַן, א ברודער פון דעם פּאָבל־דיכטער ריוועס־מאַן, און גרונד־לעהרער יוסף קאַמענעצקי. די שול האָט זיך וואָס ווייטער אַלץ מעהר אַנטוויקעלט און איז געוואָרען זעהר פּאָפּולער אין שטאָט. אין אָנהייב פון דער דייטשער אָקופּאַציע איז די שול אַריבער צו דער אידישער לערנשפּראַך און נאָכ׳ן טויט פון דיכטער שמעון פרוג איז די שול אָנגערופען געוואָרען אויף זיין נאָמען, און ביי היינטיגען טאָג איז זי די גרעסטע אידישע שול אין ווילנע.

די געזעלשאַפט האָט געגרינדעט די ערשטע קינדער־ביבליאָטעק, וואָס טראָגט היינט דעם נאָמען פון לעהרער לאַנדוי ביים צ. ב. ק. מיט א באַזונדערער ענערגיע האָט „קינדער־פאַרזאָרגונג", ד. ה. דר. קאָוואַרסקי געאַרבייט פאַר פיזישער דערציאונג צווישען אידען, הויפּט־זעכליך צווישען קינדער. צו דעם צוועק האָט זי אָרגאַניזירט א קאַדר ערשטע אָנפיהרער פון פיזישער דערציאונג. אַלס הויפּט־אָנפיהרער איז באַשטימט געוואָרען מאַקס מאַזאָ, דער היינטיגער דירעקטאָר פון דער „ווילנער טרופּע", וואָס איז אויף די הוצאות פון דער געזעלשאַפט אַוועקגעשיקט געוואָרען צו פאַרפאָלקאָמען זיך אין פאַך פון פיזישער דערציאונג אין אויסלאַנד. די געזעלשאַפט האָט דורכגעפיהרט פאָרלעזונגען פאַר דערוואַקסענע, אָבער הויפּטזעכליך פּסיכאָלאָגיש־פּעדאַגאָגישע. אַראַנזשירט די ערשטע פאָרלעזונג פאַר קינדער אויף אידיש אין קינאָ, געגרינדעט דעם ערשטען פאַרלאַג פון קינדער־ליטעראַטור אויף אידיש (יוסף קאַמענעצקי). אין 1909 אָר־גאַניזירט די ערשטע פאָרלעזונגען פאַר דערוואַקסענע אויף אַלע צוויי־גען פון וויסענשאַפט — פריהער פאַר אינטעליגענטערע און שפּעטער פאַר׳ן ברייטען עולם, — פאַר א קליינעם אָפּצאָל.

אין אָנהייב פון דער וועלט־מלחמה איז דר. קאָוואַרסקי ווידער מאָביליזירט געוואָרען און ער האָט געאַרבייט אין ווילנער מיליטערי־שען שפּיטאָל. אין 1915 עוואַקואירט פון ווילנע קיין וויטעבסק, נאָכ־דעם קיין לעפעל, וואו ער האָט אין טראַנשייען אָרגאַניזירט שפּיטעלער פאַר מיליטער, און אין 1916 — קיין מאָסקווע אין „ווילנער מילי־טערישען שפּיטאָל". אין 1918, נאָך דער אָקטאָבער רעוואָלוציע, איז דר. קאָוואַרסקי געקומען צוריק קיין ווילנע, ווען דאָ איז נאָך גע־ווען דער דייטש. אין אָנהייב 1919 איז ער פון דער ראַטען־מאַכט געווען באַשטימט אַלס אָנפיהרער פון קרעסטליט (ליטווישער רויטער

קרייז) און אין א גאנצע רייהע שפּיטעלער, וואו ער האָט געאַרבייט ביז דעם 12טען אַפּריל, 1919, ווען עס זיינען אין ווילנע אריין די פּאָליאַקען. אין יוני, 1919, האָט ער אָרגאַניזירט דעם קינדער־שפּיטאָל פון דער קהילה אין זווערינייעץ און איז דאָרטען די גאנצע צייט עד היום פּאַרוואַלטער. אין „טאָז" האָט ער אָרגאַניזירט די שול־מעדיצין אין דער 2־יאָהריגער שוועסטער־שול און אין די איבעריגע אָפּטיילונגען.

אין 1919, נאָך ש. ניגער׳ס אָפּפאָהר, איז דר. קאָוואַרסקי גע־וואָרען פּאָרזיצער פון צ. ב. ק. צוזאמען מיט דר. צ. שב"ד׳ן. די לעצטע פּאָר יאָהר איז ער עהרען־פּאָרזיצער און דר. שב"ד — פּאָרזיצער. בלב ונפש האָט ער, פּונקט ווי דר. שב"ד, זיך אָפּגע־געבען דער ארבייט פאַר׳ן אידישען שול־וועזען, וואָס האָט זיי ביידען אָפּגעקאָסט א סך צייט, ענערגיע, געזונט און אויך געלט.

צו גלייכער צייט האָט ער געהאלטען פּאָרלעזונגען פאַר דער אידישער לעהרערשאַפט אויף פּסיכאָלאָגיש־פּעדאַגאָגישע טעמעס און געשריבען אין די אידישע צייטונגען און אין די אויסגאבען פון ציש"א און צ. ב. ק. וועגען אַקטועלע פראַגען פון אידישער קול־טור און שול־וועזען אין פּעדאַגאָגישען זשורנאַל „די נייע שול", „ווע־גען דעפּעקטיווע קינדער" און רעדאַגירט דר. ישראל רובינס „דע־פּעקטיווע קינדער אין דער אידישער ליטעראַטור".

ער האָט געאַרבייט אין דער אָרגאַניזיר־קאָמיסיע פון ייוו"אָ צו־זאמען מיט נחום שטיף, דר. מ. וויינרייך און ז. רייזען, זיך באַ־טייליגט אין אויסאַרבייטען די תקנות פון ייוו"א און ארבייט די גאנצע צייט ביז היינט אין דער פּסיכאָלאָגיש־פּעדאַגאָגישער סעקציע ביים ייוו"אָ.

ער האלט פּאָרטראַגען אין דער אידישער מעדיצינישער געזעל־שאַפט און שאַפט כסדר וויסענשאַפטליכע ווערק.

דאָ קענען דערמאָנט ווערען בלויז ווייניגע פון די דאָזיגע ווערק פון דר. קאָוואַרסקי, ווייל בלויז ווייניג געפינען זיך אויף דער האַנט: „וועגען באָדען נייגעבאָרענע" (דייטש), וויען־לייפּציג 1899; „וועגען ראַכיטיס אין ווילנע" (רוסיש); „געדאַנקען וועגען דערציאונג", אין זשורנאַל „יעווריסקי מיר", 1909; זיינע ארבייטען אין „וראַטשעבנאַיא גאַזעטאַ", 1912, „יאַהרבוך פיר קינדערהיילקונדע אונד פיזישע ער־ציהונג", און זיינע אַרבייטען אין די „ייוו"אָ־בלעטער" און אין די „שריפטען פאַר פּסיכאָלאָגיע און פּעדאַגאָגיע". אַן ערשיינונג אין דער פּסיכאָלאָגישער וויסענשאַפט איז זיין ווערק „מאַניסטיטשעסקאַיאַ פּסיכאָלאָגיאַ", בערלין, 1929.

פון די אלע טרוקענע פאַקטען און רשימות קען מען זעהן, וואָס פאַר גראַנדיעזע אַרבייט דר. הערץ קאָוואַרסקי האָט אויפגעטאָן און

טוט־אויף אויף די געביטען פון געזעלשאפטליכער מעדיצין, קולטור, שול־וועזען און וויסענשאפטען. ער שפרודעלט מיט ענערגיע און אי־ניציאטיוו, מיט איבערגעבענקייט דער געזונטמאכונג און דערציאונג פון די אידישע קינדער. דערפאר איז ווילנע פארליבט אין דעם הויכען, שלאַנקען, שעהנעם, אייביק־יונגען דר. קאָווארסקי.

## דר. אברהם ווירשובסקי



דר. ווירשובסקי

געבאָרען אין ווילנע י״ז טבת תר״ל אין א נגידישער סוחרישער פאמיליע. ביז 10 יאָהר באקומען א שטרענגע אָרטאָדאָקסישע דערצי־אונג. דאן באזוכט גימנאזיע און אין יאָהר 1896 געענדיגט מיט אן אויסצייכענונג דעם מעדיציניזשען פאקולטעט פון קאזאנער אוני־ווערזיטעט. אין יאָהר 1900 באקומען דעם טיטעל דאָקטאָר מעדיצין ביי דער פעטערבור־גער מעדיצינישער אָקאַדעמיע.

פראקטיצירט אין ווילנע, וואו ער אר־בייט פון מעריץ, 1901, ביז היינטיגען טאָג אין שטאָטישען אידישען שפיטאָל און זינט פעב־רואר, 1924, פארנעמט ער דעם פאָסטען פון שעף־דאָקטאָר. די גאנצע 34 אהר איז ער אָנ־פיהרער פון דער שטאָטישער אָפטיילונג פאר פסיכישע קראַנקהייטען. ער האָט אויך אנטייל גענומען אין די אנשטאַלטען פון געזעלשאפטליכער פסיכיאטריע, ווי דער אנשטאַלט פאַר יוגענטליכע פארברעכער, אַלקאָהאָליקער, אין קאָלאָניעס, וואָס האָ־בען אויפזיכט איבער אומהיילבארע פסיכיש־קראַנקע, און איז שטענ־דיגער מיטגליד פון פרעזידיום פון דער פסיכיאטרישער געזעלשאפט.

דר. ווירשובסקי האָט פארעפענטליכט קרוב 150 אָפהאנדלונגען איבער מעדיצינישע פראַגען אין רוסיש, פויליש, דייטש און אידיש. פון די דאָזיגע אָפהאַנדלונגען האָבען קרוב 30 ווערק א שייכות צו יודאאיק, ווי, למשל: „גט ביי אידען צוליב משוגעת", „פסיכישע עפי־דעמיעס אין דער אידישער געשיכטע", „דאָס פראָבלעם זעלבסטמאָרד ביי אידען", „שיכרות ביי אידען", „די דעמאָגראַפיע ביי אידען", „נער־ווען און פסיכישע קראַנקהייטען אין תנ"ך און תלמוד", „פסיכאָ־פאַטאָלאָגיע אין קבלה", „די פיזיאָלאָגישע באגרינדונג פון דעם איסור פון בשר וחלב", „די פסיכאָפאַטאָלאָגישע אייגענשאפטען פון די אידישע פאציענטען", „דער „פסיכאסטענישער כאראקטער פון די ליטווישע אידען", „פסיכאָפאַטאָלאָגישע טיפען אין פרצ'ס ווערק",

ווענען אַנסקי׳ס „דיבוק״, ווענען „שבתי צבי״, און אַנדערע משיחים ביי אידען א. אַז. וו. (רוסיש, פּויליש און אידיש).

מיט אייניגע פון די דאָזיגע אַרבייטען איז דר. ווירשובסקי אַרויסגעטראָטען אויף דאָקטוירים־צוזאַמענפאָהרען — רוסישע, פּוילישע און אידישע.

פון צייט צו צייט דרוקט ער אויך אַרטיקלען אויף אַלגעמיינע טעמעס — אין פאַרשידענע צייטשריפטען.

ער איז געווען פאָרזיצער פון דעם „אידישען וויסענשאַפטליך־ליטעראַרישען קרייזל״ אין ווילנע פאַר דער מלחמה. געווען איינער פון די גרינדער פון דער געזעלשאַפט „ליבהאָבער פון אידישען אַלטערטום״ אין ווילנע (1913), וואָס טראָגט איצט דעם נאָמען „אידישע היסטאָריש־עטנאָגראַפישע געזעלשאַפט א. נ. פון ש. אַנסקי ז״ל״, און איז יאָהרען לאַנג געווען איהר פאָרזיצער. צוזאַמען מיט דר. צ. שב״ד, ש. ל. ציטראָן (ז״ל), מ. שאַליט און ז. רייזען איז ער געווען רעדאַקציע־מיטגליד פון דעם היסטאָרישען „פּנקס״ פון דער היסט. עטנ. געזעלשאַפט.

שטענדיגער גבאי פון דער וועלט־באַרימטער שטראַשון־ביבליאָטעק און מיטגליד פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע.

אין 1925 איז ער אויסגעקליבען געוואָרען אַלס עהרענמיטגליד פון דער ווילנער מעדיצינישער געזעלשאַפט און אין יאָהר 1929 איז ער אויסגעצייכענט געוואָרען מיט א הויכען פּוילישען אָרדען.

## דר. זאב־וואָולף פּערלמאַן


דר. פּערלמאַן

געבאָרען אין טוקום (קורלאַנד), דעם 12טען יולי, 1871, אין א לעהרערישער פאַמיליע. זיין פאָטער, צבי־הירש, און זיין מוטער, בת־שבע, האָבען איהם געגעבען אין חדר, וואו ער האָט געלערענט תנ״ך און תלמוד און איז געווען א גוטער תלמיד. גוט צוגעגרייט דורך זיין פאָטער דעם לעהרער, איז ער אָנגעקומען אין מיטוי׳ער גימנאַזיע, זי געענדיגט אין יאָהר 1889 און אַדיין אין בערלינער אוניווערזיטעט. איין יאָהר האָט ער געהערט פילאָזאָפיע און באַזוכט די הויכשול „פאַר וויסענשאַפטען פון אידענטום״ אונטער פּראָפעסאָר שטיינטהאַל, געהערט די לעקציעס פון די פּראָפעסאָרען לאַצאַרוס און קאַסעל, — צוזאַמען מיט שמריהו לעווין, משה אליעזר אייזענשטאַט, עהרענפּרייז און ניימאַרק. נאָכ׳ן יאָהר, לויט׳ן קאַטעגאָ־

רישען ווילען פון די עלטערען, אריבער אויפ׳ן מעדיצינישען פאַ־קולטעט, וועלכען ער האָט געענדיגט אין יאהר 1896.

זייענדיג אין אוניווערזיטעט, איז ער אריינגעטראָטען אין סטו־דענטען־קרייזל, וואָס צווישען זיינע מיטגלידער זיינען געווען חיים וויצמאַן, נ. סירקין, מ. י. בערדיטשעווסקי, פאַביוס שאַך, שמריהו לעווין, דער שפּעטערדיגער פּראָפעסאָר היינריך לעווע, און וואו פאָר־זיצער איז געווען ל. מאָצקין. דאַן איז ער באקאנט געוואָרען מיט׳ן אידישען ליטעראַטור־היסטאָריקער גוסטאוו קארפּעלעס, וואָס אַ דאַנק זיין רעקאָמענדאַציע איז ער געוואָרען קאָרעספּאָנדענט פון דער „אַל־געמיינער ציישונג דער יודענטומס" (וועגען אידישע ענינים פון קור־לאַנד) און „אָסט אונד וועסט" (רעד. פון י. ל. ווינץ), וואו ער האָט פּארעפענטליכט אויך איינעגע נאָוועלען און איבערזעצונגען פון ש. פרוג. אין יענער צייט האָט ער זיך אויך באַטייליגט מיט איינעגע לידער אין דעם „לידער בוך", אויסגאַבע פון דר. ה. לעווע.

אין 1897 נאָסטריפיצירט זיך אין דאָרפּאַטער אוניווערזיטעט, גע־קומען קיין ווילנע, גלייך באַקומען ארבייט אין „משמרת־חולים", וואו עס האָבען געאַרבייט די דאָקטוירים סטעמבאָ, ראָזענקראַנץ און קאָהאַן (ז"ל) און דר. שב"ד.

אין 1902 אוועקגעפאָרען קיין בערלין שטודירען גינעקאָלאָגיע, נאָכדעם צוריק — קיין טוקום, וואו ער האָט געאַרבייט געזעלשאַפט־ליך, אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, געווען שול־דאָקטאָר אין דער קאַזיאָנער פרויען־גימנאַזיע און אין דער קאָמערץ־שול און גע־ווען זעהר אָנגענומען אין שטאָט.

אין אָנהויב 1906 זיינען פאָרגעקומען וואַהלען אין גאָס. דומע. ביי אידען איז געווען אַ לאָזונג צו געהן אין לעטלאַנד מיט די לעטען, אין ליטע מיט די ליטווינער. דאָס האָט ארויסגערופען אַ טיפע שנאה פון די דייטשע באַראָנען צו די אידען און זיי האָבען גע׳מסר׳ט פאר דער צארישער מאַכט, אַז אין טוקומער אויפשטאַנד האָבען די אידען בכלל און דער דר. פערלמאַן בפרט געהאָלפען די רעוואָלוציאָנערען, געגעבען מעדיצינישע הילף די פארוואונדעטע רעוואָלוציאָנערען. דאַן איז ביי דר. פערלמאַן דורכגעפירט געוואָרען אַ גרויסע רעוויזיע, און עס איז געקומען אַ באַפעהל פון באַלטישען גענעראַל־גובערנאַטאָר מעלער־זאַקאָמעלסקי ער זאָל אין 24 שעה אויסגעוויזען ווערען פון גאַנצען באַלטישען קאַנט, און דערצו האָט מען אריינגעשריבען אין זיינע פּאַפּירען, אַז ער „פאַרלירט אַלע רעכט פון מלוכה־דינסט".

אַז ער איז געקומען צוריק קיין ווילנע, האָט דער פּאָליציימייס־טער נאָזימאָוו איהם ערלויבט דאָ צו פּראַקטיצירען, נאָר בתנאי, ער זאָל זיך ניט מישען אין קיין שום פּאָליטישע און געזעלשאַפטליכע

ענינים, מ׳זאָל איהם בכלל אין ערגעץ ניט זעהן, — זיך האַלטען ווייט אַפילו פון די ציוניסטען.

גראָד צו יענער צייט האָט „משמרת־חולים" באַקומען פון חוה סקאָמאַראָווסקא, דער טאָכטער פון דעם באַוואוסטען משה ראָזענ־סאָן, א גרויסע נדבה אויף צו עפענען אַן אַמבולאַטאָריע. דאַן איז דר. פּערלמאַן, אלס א 10־יאָהריגער פּראַקטיקער, איינגעלאַדען גע־וואָרען אויף דער שטעלע פון אַרצט־אַדמיניסטראַטאָר, און ער האָט די אַמבולאַטאָריע אַזוי אָוועקגעשטעלט, אז אין משך פון פינף יאָהר, פון 1907 ביז 1912, האָט זי געהאַט ביז 30,000 פּאַציענטען.

אין 1912 איז אין „משמרת־חולים" פאָרגעקומען א העפטיגער קאַמף קעגען די אַלטע גבאים, וואָס האָבען געקוקט אויף די דאָק־טוירים ווי אויף א נידעריגען עלעמענט. דר. פּערלמאַן האָט גע־פיהרט דעם קאַמף צוזאַמען מיט דר. פּ. ראָזענטאַל (זעה אַרטיקעל פון דר. „שב"ד) און צוזאַמען מיט איהם איז ער אַרויסגעטראָטען פון „משמרת־חולים".

בעת דער וועלט־מלחמה איז דר. פּערלמאַן מאָביליזירט גע־וואָרען אלס מיליטער־דאָקטאָר און ער האָט געאַרבייט אין א הייל־אַנשטאַלט פאַר טובערקולאָזע אין סאַמאַרער גובערניע, צוויי יאָהר אין אַבוכאָוו־שפּיטאָל אין פּעטראָגראַד און בעת קערענסקי׳ס רעגירונג — אין שפּיטאָל פון יעלאַגין־פּאַלאַץ.

אין 1918 איז ער געקומען צוריק קיין ווילנע, און דר. אברהם מאַקאָווער (זעה אַרטיקעל פון דר. שב"ד) האָט תיכף נאָכ׳ן אָרגאַ־ניזירען „אָזע" איהם צוגעצויגען צו פיהרען די אָפּטיילונג פאַר טו־בערקולאָזע. באַלד איז דר. פּערלמאַן געוואָרען מיטגליד פון מעדיצינאַל־ראַט פון דער מעדיצינישער צענטראַלע ביי דער קהילה.

אין 1920 האָט ש. ברוידאָ, איינער פון די גרינדער פון „משמרת־חולים", אויפגעפאָדערט דעם דר. פּערלמאַן איבערצונעמען די לייטונג פון „משמרת־חולים", וואָס האָט חוץ דער אַמבולאַטאָריע געהאַט אויך א קליניק, וואָס איז בעת דער מלחמה פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין א לאַזאַרעט פאַר פאַרוואונדעטע און איז נאָכדעם פאַרמאַכט געוואָרען.

דר. פּערלמאַן האָט אָנגעהויבען אויף א נייעם שטייגער צו אָר־גאַניזירען די אַמבולאַטאָריע און די קליניק און ער פיהרט זיי אַלס שעף־דאָקטאָר און פּאָרזיצער עד היום. זיין פרוי, דר. דאָבאַ באַר־שטשעווסקאַ־פּערלמאַן, אַרבייט מיט איהם צוזאַמען אין משמרת־חולים אַלס אוראָלאָג און איז אויך שול־דאָקטאָר אין דער גימנאַזיע פון חיים עפּשטיין.

פאַר דער גאַנצער צייט פון דר. פּערלמאַן׳ס פרוכטבאַרער אַרבייט אויפ׳ן געביט פון געזעלשאַפטליכער מעדיצין האָט ער קיינמאָל ניט

אויפגעהערט שרייבען — אויף צוויי געביטען: אויפ'ן מעדיציניש־וויסענשאַפטליכען און אויפ'ן ליטעראַרישען.

אין טוקום האָט ער פאַרעפענטליכט א פּאָפּולערע בראָשור „היגיענישע אָנווייזונגען" (רוסיש). אין „ריגאַשע רונדשאַו" האָט ער געשריבען לידער, וואָס האָבען אויפגעבראַכט אויף איהם די דייטשע באַראָנען, וואָס האָבען איהם גערופען אַנאַרכיסט.

אין דייטש איז ערשינען דר. פּערלמאַנ'ס א רייהע ערנסטע מעדיצינישע ארבייטען, און, ווי א גרויסער טייל פון זיינע קאָלעגען, איז ער סוף כל סוף אריבער צו אידיש. אין „פאָלקסגעזונט" האָט ער געדרוקט אין המשכים א גרויסען ארטיקעל: „אָבערגלויבען אין מעדיצין", „איבער תעניתים". זעהר א שעהנע און וויכטיגע ארבייט איז זיין היסטאָריש־מעדיצינישע אָפּהאַנדלונג „די הייל קראַפט פון מעדיקאַמענטען" (אידיש), ווילנע, 1933, וואָס האָט באַקומען זעהר א גוטע פּרעסע. ער באַווייזט זיך פון צייט צו צייט אין די אידישע צייטונגען מיט אַן ארטיקעל, מיט לידער. באַזונדערס אינטערעסאַנט איז אָבער, וואָס ער האָט איבערזעצט אויף אידיש געטע'ס „פאַוסט" — העכסט קינסטלעריש און אין א מאָדערנער, זאַפטיגער און רייכער, שעהנער אידישער שפּראַך. די איבערזעצונג איז ביי איהם, צום באַדויערען, נאָך דערוויייל אין מאַנוסקריפּט.

אין זיינע וואַנדערונגען בעת דער וועלט־מלחמה אלס מיליטער־דאָקטאָר זיינען ביי איהם פאַרלוירען געגאַנגען א סך מאַנוסקריפּטען, דערין א דראַמע „מרים" (די חשמונאית) און „קאַנינגאַ" (בילדער פון אינדישען לעבען).

אַן אָריגינעלע פּערזענליכקייט.

## דר. אליהו גלאָבוס


דר. גלאָבוס

געבאָרען אין ווילנע אין 1872. זיי פאָטער, י' יעקב, האָט געשטאַמט פון סוחרים־חסידים, און זיין מוטער, מרים, איז געווען א טאָכטער פון דעם ווילנער משכיל בער נאַטאַנזאָן, דער ברודער פון דעם שטורעמדיגען סאַטיריקער נחמיה נאַטאַזאָן, דעם בעל „שפת אמת". געלערענט אין חדר, אין גימנאַזיע, וואָס געענדיגט אין 1892, און אָנגעקומען אויפ'ן מעדיצינישען פאַקולטעט פון כאַרקאָווער אוניווערזיטעט, וואָס געענדיגט אין 1897. אין משך פון צוויי יאָהר זיך ספּעציאַליזירט און

פאַרפאָלקאָמט אין וויען און פּאַריז אויף הויט־ און געשלעכט־קראַנקהייטען.

אין 1900 געקומען צוריק קיין ווילנע, וואו זיך פאַרנומען מיט פּריוואַטער פּראַקטיק און באַלד געוואָרען אָנפיהרער פון דער אָפּטייל ונג פאַר הויט־און וועגערישע קראַנקהייטען אין שטאָטישען „סאַוויטש" שפּיטאָל, ביז 1915, ווען אַוועקגעפאָרען קיין פּעטערבורג און געלעבט דאָרטען ביז 1919, און דאַן צוריק קיין ווילנע.

אין 1908 האָט דר. גלאָבוס געגרינדעט די ערשטע אידישע קינדער־קאָלאָניע אויף די זומערדיגע חדשים און איז געווען איהר סעקרעטאר ד. ה. איהר פאַקטישער פיהרער, פון אָט דעם יאָהר 1908 ביז 1915. די קאָלאָניע איז געווען איינגעאָרדענט אין א פּרעכטיגער געגענט ביי פּאָדבראָדז און האָט אויסגעהאַלטען אין דורכשניט 150 קינדער א זומער. זי איז געווען בכלל די ערשטע אידישע קינדער־קאָלאָניע אין רוסלאַנד. נאָכדעם האָבען זיך שוין אָרגאַניזירט קינדער־קאָלאָניעס אין ביאַליסטאָק און אין אַנדערע שטעט.

באַזונדערס שווער איז געווען צו איבערצייגען די מוטערס, אז זומער מוז מען די קינדער האַלטען אויף פרישער לופט, אויף פרייער נאַטור, אויף לאַנד אונטער אויפזיכט פון דאָקטוירים, שוועסטער, פעלדשערינס א. אז. וו אָבער דר גלאָבוס'ן איז סוף כל סוף דאָך געלונגען זיי דערין צו איבערצייגען — מיט די מאַסען פאַקטען פון דער דערהוילונג פון די קינדער.

בעת דער ערשטער ראַטען־מאַכט איז דר. גלאָבוס געווען הויפּטדאָקטאָר פון סאָוועטישען מיליטערישען שפּיטאָל און זינט דער גרינדונג פון דער קראַנקען־קאַסע אין 1922 איז ער פון אידען דער איינציגער ספּעציאַליסט אויף זיין געביט אין דער פּאָליקליניק פון דער קראַנקען־קאַסע ביז צום היינטיגען טאָג.

א מיטגליד פון דער אַלגעמיינער מעדיצינישער געזעלשאַפט און פון דער אידישער מעדיצינישער געזעלשאַפט, וואו ער האָט געהאַלטען וויסענשאַפטליכע רעפעראַטען אויף טעמעס פון זיין פאַך, בפרט וועגען דער פראַגע פון באַקעמפען די געשלעכטס־קראַנקהייטען, אָנהייבענדיג פון יאָהר 1904. פון 1919 אָן — וויצע־פּאָרזיצער פון אידישען מעדיצינישען פאַראיין און יאָהרען לאַנג פאָרזיצער פון דער ארבייטס־ביוראָ פון דעם פאַראיין. די לעצטע זעקס יאָהר, מיט א הפסקה פון איין יאָהר — פאָרזיצער פון אידישען מעדיצינישען פאַראיין ביז היינט. אין „איזבא לעקאַרסקאַ" (דאָקטוירים־קאַמער פאַר ווילנער־נאָוואָראָדקער וואָיעוואָדסטוואָ). געווען זעקס יאָהר מיטגליד פון פאַרוואַלטונג, דערין דריי יאָהר וויצע־פּרעזעס.

נאָך דער מלחמה האָט דר. גלאָבוס געהאַלטען א גאַנצע רייהע רעפעראַטען אין מעדיצינישע געזעלשאַפטען. אין 1930 האָט ער גע־

האַלטען אַ רעפעראַט אויפ'ן אינטערנאַציאָנאַלען קאָנגרעס פון דער פּאַטאָלאָגען (ספּעציאַליסטען פון הויט־קראַנקהייטען) אין קאָפּענהאַגען.

זיבען יאָהר איז ער אין דער ערשטער קאַדענץ פון ווילנער מאַגיסטראַט געווען מיטגליד פון שטאָדטראַט. אין 1919, נאָכדעם ווי די פּאָליאַקען האָבען פאַרנומען ווילנע, איז ביי דער קהילה געשאַפען געוואָרען אַ דערנעהרונגס־קאָמיטעט, וואָס האָט געהאַט די אויפגאַבע אין דער ערשטער צייט אויפצובויען ביליגע קיכען און ביליגע קראָמען פאַר דער אומבאַמיטעלטער אידישער באַפעלקערונג. איז צוליב זיין טיכטיגער ארבייט דר. גלאָבוס אויסגעוועהלט געוואָרען אלס וויצע־פאָר־זיצער פון דעם קאָמיטעט. צרות האָט ער דאָן געהאַט איבער'ן קאָפּ הן פון דער מאַכט, הן פון די מענשען, מיט וועלכע ער האָט געהאַט צו טאָן. אָבער צרות האָבען אַלע, וואָס טוען עפּעס מיט אַן אמת פאַר'ן כלל.

אָנהייבענדיג פון 1922 האָט דר. גלאָבוס געהאַלטען סיסטעמאַ־טיש פּאָפּולערע פאָרלעזונגען אויף טעמעס פון פאַרהיטען געזעל־שאַפטליכע קראַנקהייטען און פון אַלגעמיינע פראַגען וועגען געשלעכטס־לעבען. דאָס זיינען געווען אין ווילנע די ערשטע עפענטליכע ארויס־טרעטונגען אין אָט די פראַגען און זיי האָבען ארויסגערופען אַ גע־וואַלדיגען אינטערעס אין די ברייטסטע אידישע מאַסען און אַ גרויסע פּאָלעמיק אין דער גאַנצער אידישער פּרעסע.

איבער דיזעלבינע פראַגען האָט דר. גלאָבוס פאַרעפענטליכט אויך אַ רייהע פּאָפּולערע ארטיקלען אין „פאָלקסגעזונט" און אַ רייהע בראָשורען אין פאַרלאַג פון „טאָז" וועגען פאַרהיטען פון פאַוואָוס (פאַרך) ביי די קינדער.

אין יאָהר 1922-23 איז ער דריי סעמעסטערס געווען לעקטאָר אין דער געוועזענער צאַנאַרצט־שול אין ווילנע אויף רוסיש און פּויליש. אין יאָהר 1933 האָט ער געגעבען אַ קורס וועגען הויט־ און געשלעכטס־קראַנקהייטען אין דער שוועסטער־שול ביי „טאָז".

אין 1921 שטעלט זיך דר. גלאָבוס בראש פון דעם אידישען טורן־און ספּאָרט־פאַראיין „מכבי" אין ווילנע, וואו ער איז פון ערשטען טאָג אָן ביז היינט פאָרזיצער און עהרענ־פאָרזיצער.

מ כ ב י איז די איינציגע אידישע דעמאָקראַטישע און נאַ־ציאָנאַלע (אין נאַטירליכען זין) אינסטיטוציע, וואָס האָט אָפּגעשפּילט אַ געוואַלדיגע ראָלע אין דעם ענין פאַרשפּרייטען דעם געדאַנק פון דער נויטיגקייט פון פיזישער דערציאונג ביי אידען. מ'קאָן זאָגען, אַז אַלע דערגרייכונגען פון דער אידישער קולטור אין ווילנער קאָנט זיי־נען פאַרבונדען מיט'ן נאָמען מכבי. מכבי האָט געהאַט אַ רייהע אינסטרוקטאָרען־קורסען פאַר אידען. טויזענטער קינדער און יוגענט־ליכע זיינען דורכגעגאַנגען דורך מכבי. מכבי האָט אַ רייהע אָפּ־

טײלונגען אין אַלע צװײגען פֿון ספּאָרט און איז אין 1927 געװען מײסטער פֿון פֿוטבאָל אױף'ן גאַנצען װילנער קרײז. לײדער אָבער איז איבער'ן שװערען קריזיס אין װילנע די טעטיגקײט פֿון מכבי אָפּגע־שװאַכט געװאָרען. אָבער מען רעזיגנירט ניט, מען מאַכט גרױסע אָנשטרענגונגען אײנצוהאַלטען די דאָזיגע העכסט־װיכטיגע אינסטיטו־ציע. און דאָס אַלץ איז אַ דאַנק דער ענערגיע און איבערגעבענ־הײט פֿון דעם פֿיהרער, טוער און שיצער פֿון מכבי — דר. אליהו גלאָבוס, װאָס איז די נשמה פֿון מכבי.

## דר. שמואל לעװאַנדע.

געבאָרען אין גרױס־װוילײקע (װילנער קרײז) אין מערץ 1874. זײן פֿאָטער, יעקב יוסף, אַ שװעסטערקינד פֿון'ם באַריהמטען שריפֿט־שטעלער יהודה־לײב לעװאַנדע, האָט געענדיגט די װילנער ראַבינער־שול און געװען לעהרער אין די אידישע פֿאָלקס־שולען מיט רוסישער לערען־שפּראַך אין מערעטש, טראָק און אַנדערע שטעדט פֿון װילנער קרײז. זײן מוטער, ברײנע, האָט געשטאַמט פֿון דער יוריסטען־משפּחה פּאַליאַק. זײ האָבען אָפּגעגעבען זײער זוהן אין דעם רעפֿאָרמירטען חדר פֿון דעם באַװאוסטען װילנער פּעדאַגאָג ראָזינספּאָטער, װאו עס האָבען געלערענט די קינדער פֿון דער אידישער אינטעליגענץ, און צו זײן עלפֿטען יאָהר — אין קאַצענעלענבאָגענ'ס „נאַראָדנאַיע אוטשי־לישטשע". דער קלײנער לעװאַנדע האָט צוגעזעהן די מאַטעריעל זעהר געדריקטע לאַגע פֿון זײנע אינטעליגענטע עלטערען, האָט ער זיך גע־נומען אויסהאַלטען מיט אײגענע כחות, מיט דער הילף פֿון „גראָשענע אוראָקען", און געענדיגט די פֿאָלקס־שול מיט אַ לױב־ליסטע. אין הערבסט 1884 איז ער אַלײן, אָהן דעם װיסען פֿון די עלטערען, אַװעק אין גימנאַזיע, אַלײן דערלאַנגט אַ בקשה װעגען אױפֿנעהם, אױסגע־האַלטען דעם אײנטריטס־עקזאַמען, אָנגעקומען אין צוגרײטונגס־קלאַס, מיט אײגענע מיטלען געצאָהלט און געענדיגט אין 1893. אָנגעקומען אין קיעװער אוניװערזיטעט אױף נאַטור־װיסענשאַפֿט, דערנאָך אויף מעדיצין און געענדיגט אין 1899.

די ערשטע דרײ יאָהר פּראַקטיצירט אױף דער פּראָװינץ, דאַן אין קיעװ, אין פּעטערבורג, װאו ער האָט זיך ספּעציאַליזירט און פּער־פֿאָלקאָמט אין אינערליכע קראַנקהײטען און אַלס נעװראָלאָג, און נאָכ־דעם אַ קורצע צײט אין טאַמבאָװער גובערניע.

אין דער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה אין 1904 מאָביליזירט, דורכ־געמאַכט אײניגע שלאַכטען, נאָך מוקדענער שלאַכט אין פֿעברואַר 1905 — אין יאַפּאַנישער געפֿאַנגענשאַפֿט; סוף מאַי פֿון דעם יאָהר צוריק קײן רוסלאַנד, קײן אָדעס, באַזעצט זיך אין קיעװ, װאו אָנגע־

הויבען ספּעציאַליזירען זיך אין דער אוניווערזיטעטישער קליניק אין אויגען־ און אויערען־קראַנקהייטען און נאָכדעם אין מיליטערישען שפּיטאָל און אין שטאָדטישע שפּיטעלער אויף האַלז, נאָז און אויערען. איבערגעלעבט אין קיעוו דעם פירכטערליכען פּאָגראָם אין אָקטאָבער 1905; אוועק קיין דייטשלאַנד, וואו געאַרבייט אין פרייבורג און בער־לין, און אין האַרבסט 1906 באַזעצט זיך אין ווילנע.

אין זיינע סטודענטישע יאָהרען פאַרכאַפּט פון דער רעוואָלוציאָ־נערער באַוועגונג, געאַרבייט אין סטודענטישע אָרגאַניזאַציעס פאַר זעלבסט־הילף, פאַרוואַלטעט די סטודענטישע קיך און פאַרטאָן אין לאַנדסמאַנשאַפטען, אין רעוו. אָרגאַניזאַציעס, קאָנספּיראַציעס א. א. וו.

אין ווילנע פּאָפּולער אין דער פּריוואַטער פּראַקטיק. לאַנג־יאָה־ריגער אַרבייטער אין שטאָדטישען סאַוויטש־שפּיטאָל, אויך אין „משמרת חולים", וואו די אַרבייט איז געווען זעהר פאַרצווייגט. איז איינער פון די אָרגאַניזאַטאָרען פון דער געזעלשאַפט און שול „משיח אלמים" פאַר טויב־שטומע, וואָס איז פאַרמאַכט געוואָרען מיט'ן אויסברוך פון וועלט־קריג און וואָס עס איז שוין ניט געלונגען איהר אָפּצובויען צוריק.

אין אָנהויב פון וועלט־קריג מאָביליזירט אין אַנטאָקאָליער מילי־טערישען שפּיטאָל אַלס ספּעציאַליסט אויף אויערען־קראַנקהייטען אין 1915; אין 1918 אין מאָסקווע אַלס דאָקטאָר אין מיליטערישען שפּיטאָל און רויטען קרייץ.

אין הערבסט 1918 — צוריק קיין ווילנע. אין אָנהויב 1919 מיטגעאַרבייט אין „יאַקוב"־שפּיטאָל אַלס שטאָט־אָרדינאַטאָר אין זיינע ספּעציאַליטעטען. 1923—1933 געטיילט די אַרבייט צווישען „יאַקוב" שפּיטאָל און אידישען שפּיטאָל. ווען דער מאַגיסטראַט האָט דעם יאָהר קאָנצענטרירט אַלע ספּעציאַליסטען אין „יאַקוב"־שפּיטאָל, איז דר. לע־וואַנדע דאָך געבליבען אויך אויף ווייטער קאָנסולטאַנט פאַר אַלע שטאָדטישע שפּיטעלער.

דר. לעוואַנדע איז פּאָפּולער אויך מיט רעפעראַטען אויף די טעמעס פון זיינע ספּעציאַליטעטען, וואָס ער האָט געהאַלטען אין דער אַלגע־מיינער מעדיצינישער געזעלשאַפט, וואו ער איז געווען צוויי יאָהר וויצע־פּאָרזיצער, און אין אידישען דאָקטוירים־פאַראיין, וואו ער איז איצט וויצע־פּאָרזיצער. ער האַלט פון צייט צו צייט רעפעראַטען אויך אויף אַלגעמיינע טעמעס.

צוזאַמען מיט דר. קאַוואַרסקי און דר. סאָלאָנאָוויטש (ז"ל) איז דר. לעוואַנדע געווען מיטגרינדער און מיטאַרבייטער פון דער געזעל־שאַפט „קינדער־פאַרזאָרגונג". באַזונדערס האָט דר. לעוואַנדע זיך אָפּגעגעבען אין דער דאָזיגער געזעלשאַפט מיט'ן ענין פיזישע דער־ציהונג, וואָס זי האָט קודם כל איינגעפיהרט אין דער שטאָדטישער תלמוד־תורה, וועלכע איז געוואָרען די וויגעלע פון אַלע גימנאַסטישע

איבונגען אין ווילנע — דער פאָרלויפער פון „מכבי". דר. לעוואַנדע האָט געאַרבייט פאַר פיזישער דערציהונג אויך אין אַלע אַנדערע אידישע שולען און נאָך דער מלחמה צוזאַמען מיט דר. גלאָבוס פיל געטאָן פאַר דער אַנטוויקלונג פון „מכבי" אין ווילנע און פּראָווינץ. די פּוילישע מאַנשאַפטען, וואָס קומען קיין ווילנע, ווייזען נאָך אַרויס זייער אַנטיסעמיטישע באַציהונג צו מכבי: שטעלען אונטער אַ פיסעל די אידישע גימנאַסטען און פוטבאָליסטען, האַנדלען ברוטאַל געגען די אידישע מאַנשאַפטען, צו'מזיק'ען אָפט בייזוויליג די אידען, אָבער זיי כאַפּען שוין אָפּט צוריק, און שאַרף, פאַרשפּילען אָפּט מיאוס און הויבען שוין אָן צו באַקומען רעספּעקט פאַר'ן אידישען כח און טאַלענט. און דאָס זיינען די אויפטועו פון דר. לעוואַנדע, גלאָבוס און חברים.

די לעצטע דריי יאָהר נאָכ'ן טויט פון זיין פרוי האָט דר. לעוואַנדע גענומען זיך שטאַרק אינטערעסירען מיט אַרבייט פאַר יתומים־פאַר־זאָרגונג, איז אָפיציעלער סעקרעטאַר אין יתומים־קאָמיטעט און גיט זיך אָפּ דער דאָזיגער הייליגער אַרבייט מיט אַלץ מעהר האַרץ און ענערגיע.

פאַר דער מלחמה האָט ער אַ סך געאַרבייט אין רוסישע מעדי־ צינישע זשורנאַלען און נאָך דער מלחמה האָט דר שב"ד איהם מגייר געווען און צוגעצויגען צו מיטאַרבייט אין „פאָלקסגעזונט", וואו ער האָט פאַרעפענטליכט אַ גרויסע ערליכע אַרבייט „שפּראַך־פעהלערען" (אין אַ סך נומערען). אויך אין פּוילישע זשורנאַלען האָט ער גע־ שריבען אַ ריי אַרטיקלען.

אויף אַזאַ אופן געהערט אויך דר. שמואל לעוואַנדע צו דער ערליכער פּלעיאַדע פאָלקס־טוער אויף דער ווילנער אידישער גאַס.

## דר. יהושע זאַלקינדסאָן.



דר. זאַלקינדסאָן.

געבאָרען אין ווילנע אין 1875 אין אַן אינטעליגענטער פאַמיליע. זיין פאָטער, דוב־ בער ב"ר יהושע, אַ פאַרמאַצעווט, איז געווען אַ ברודער פון דעם באַריהמטען ווילנער העב־ רעאישען השכלה־דיכטער שלמה זאַלקינד און האָט געגעבען זיין זוהן אינגאַנצען אַ וועלט־ ליכע דערציהונג. דר. זאַלקינדסאָן האָט גע־ ענדיגט גימנאַזיע אין ווילנע אין 1893 און מעדיצין אין כאַרקאָווער אוניווערזיטעט אין 1898. דאַן פּראַקטיצירט פּריוואַט אין ווילנע, ספּעציאַליזירט זיך אין כירורגיע אין בערלין אין 1904 און אין ברעסלאַו אין 1907.

די גאַנצע צייט זינט 1898 ביז היינט — אָרדינאַטאָר אין אידישען שפּיטאָל, זינט עס האָט זיך געגרינדעט די קליניק פון משמרת חולים — שעף פון כירורגישער אָפּטיילונג. געאַרבייט לאַנגע יאָהרען אויך אין שפּיטאָל סאַוויטש און אין יאַקוב־שפּיטאָל.

בעת דער וועלט־מלחמה האָט ער געאַרבייט אין רויטען קרייץ און אין שפּיטאָלען אין כאַרקאָווער גובערניע.

אין דער אַלגעמיינער מעדיצינישער געזעלשאַפט איז ער געווען וויצע־פּרעזעס אין די יאָהרען 1924—1926 און אין אידישען דאָקטוירים־פאַראיין פּאָרזיצער אין 1927.

געהאַלטען פיל רעפעראַטען אויף טעמעס פון זיין פאַך אין דער אַלגעמיינער מעדיצינישער געזעלשאַפט און אין אידישען דאָקטוירים־פאַראיין.

מיט וויסענשאַפטליכע אַרבייטען האָט ער זיך באַטייליגט ס׳רוב אין רוסישע און דייטשע מעדיצינישע צייטשריפטען.

האָט אַ שם פון אַ גרויסען כירורג.

## דר. משה גירשאָוויטש.


דר. מ. גירשאָוויטש

געבאָרען אין ווילנע אין 1881 אין אַן אינטעליגענטער פאַמיליע. דער פאָטער, אהרן, האָט געענדיגט ווילנער ראַבינער־שול און איז געווען לעהרער אין די ווילנער שולען; געווען איינער פון די גרינדער פון ווילנער קאַר־שוהל, גלאַסני (ראַטמאַן) פון ווילנער שטאָדט־ראַט און בכלל פּילזייטיגער כלל־טוער. שפּעטער האָט ער באַקומען אַ ירושה און געוואָרפען די לעהרעריי. האָט אָפּגעגעבען דעם זוהן אין גימנאַזיע און אויף אידישע לימודים כמעט די גאַנצע צייט געהאַלטען פאַר איהם הויז־לעהרער.

אין 1899 האָט משה גירשאָוויטש באַקומען די רייפקייט־צייגניש (מאַטורע) און איז אין זעלביגען יאָהר אָנגעקומען אויף מעדיצין אין דאָרפּאַטער אוניווערזיטעט, און האָט געענדיגט אין 1906. ספּעציאַליזירט זיך אין בערלין און אין נויהיים אויף האַרץ־קראַנקהייטען און שטאָף־וועקסעל־קראַנקהייטען. פּראַקטיצירט אין פּעטערבורג ביז דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע. געאַרבייט אין קייזערליכען מאַריען־שפּיטאָל. בעת׳ן וועלט־קריג איז ער געווען דער איינציגער אידישער דאָקטאָר אין קייזערליכען גוואַרדייאישען פּאָלק.

1920 צוריק קיין ווילנע, וואו נאָכ'ן טויט פון דר. א. מאַקאָווער איבערגענומען אָרדינאַטור אין אידישען שפּיטאָל, וואו ער אַרבייט עד היום. אין קראַנקען־קאַסע אַרבייט ער פון איהר גרינדונג אָן ביז היינטיגען טאָג.

אָנטייל גענומען אין אידישען מעדיציניש־געזעלשאַפטליכען לעבען, געווען עטליכע קאָדענצען אין פאַרוואַלטונג פון אידישען דאָקטוירים־פאַראיין און איצט אויסגעוועהלט געוואָרען אַלס מיטגליד אין דער ערצטליכער הויפּט־קאַמער אין וואַרשע. זיך באַטייליגט אין פאַרשיי־דענע פילאַנטראָפּישע געזעלשאַפטען.

געאַרבייט זעהר פיל וויסענשאַפטליך. געלייענט רעפעראַטען אין מעדיצינישע געזעלשאַפטען און אין אידישען דאָקטוירים־פאַראיין. געווען לעקטאָר אויף די שוועסטער־קורסען פון „טאָז" — וועגען דיעטעטיק. פאַרעפענטליכט אין רוסישע, פּוילישע און דייטשע מעדי־צינישע זשורנאַלען און אין בוך־פאָרם א רייהע ערנסטע ווערק, וואָס האָבען ארויסגערופען סימפּאַטישע רעצענזיעס אפילו אין אַמעריקאַ־נישע מעדיצינישע צייטשריפטען. אין אידיש האָט ער פּובליקירט צירקאַ 30 אַרבייטען אין די זשורנאַלען „פאָלקסגעזונט" און „סאָציאַלע מעדיצין", וואָס פון זיי דאַרפען דערמאָנט ווערען די אַרבייטען: „ווי זאָל לעבען דער האַרצקראַנקער?" און „ווי לעבען צו זיין געזונט?"

דר. גירשאָוויטש האָט אויפגעהיט אַלע רעצעפּטען פון זיין לאַנג־יאָהריגער מעדיצינישער פּראַקטיק, האָט זיי סיסטעמאַטיזירט און צונויפגעשטעלט זעהר אַן אינטערעסאַנט בוך, וואָס דאַרף דינען פאַר א וועגווייזער פאַר דער יונגער גענעראַציע דאָקטוירים. ער האַלט, אַז די דערפאַהרונג פון די עלטערע דאָקטוירים טאָר ניט פאַרלאָרען געהן פאַר'ן אינגערען דור. די אויפגאַבע פון די מעדיצינישע פּראַקטיקער, ווי פון די טעאָרעטיקער, איז, לויט זיין מיינונג, צו פיהרען די אינ־גערע דורות מעדיצינער צו וויטערדיגע עטאַפּען פון פאַרפאָלקאָמענונג. ער אַליין האָט שוין אויף אַזאַ אופן באַלערענט עטליכע דורות יונגע דאָקטוירים אין אידישען שפּיטאָל אין ווילנע.

דאָס דאָזיגע ווערק האָט ער אָנגעשריבען אין פּויליש און האָט שוין פאַר א פּרואוו פאַרעפענטליכט דערווייל בלויז א קיצור פון איהם אונטער'ן נאָמען „קראַטקי זביאָר רעצעפּט" (קורצע זאַמלונג פון רעצעפּטען), וואָס איז אויפגענומען געוואָרען מיט גרויס אָנערקענונג פון דער גאַנצער פּוילישער מעדיצינישער פּרעסע. ווען ער וואָלט געהאַט אַן ארויסגעבער, וואָלט ער דאָס גאַנצע בוך איבערגעזעצט אויף אידיש. דאָס איז אָבער אין אונזער קריטישער צייט בלויז א חלום.

דער פּראַקטישער דר. גירשאָוויטש קען אויך חלום'ען.

## דר. ראָזע שאַבאַד־גאַווראָנסקאַ.

געבאָרען אין ווילנע אין 1882. איהר פאָטער, אינזשעניער איזי־דאָר (ישראל) שב״ד, איז געווען דער עלטערער ברודער פון דר. צמח שב״ד, און איהר מוטער, פאָלינע, שטאַמט פון די פּאָפּערנאָס. גע־ענדיגט גימנאַזיע אין 1899, איז ראָזע שאַבאַד אָנגעקומען אויף מעדיצין אין פרייבורג־ברעזגאַוער אוניווערזיטעט און געענדיגט אין 1908. מלוכה־עקזאַמען האָט זי אויסגעהאַלטען אין פּעטערבורגער מיליטעריש־מעדיצינישער אַקאַדעמיע אין 1910. ספּעציאַליזירט זיך אויף קינדער־קראַנקהייטען פיר יאָהר אין פּעטראָפּאַוולאָווסקער קראַנ־קענהויז אין פּעטערבורג.

די ערשטע צוויי מלחמה־יאָהרען האָט זי פאַרבראַכט אין מאָנטרע אין דער שווייץ, וואו זי איז זיך צונויפגעקומען מיט דער ס.־ר.'שער קאָלאָניע. ביי איהר אין דירה האָט אַ גאַנצען יאָהר געוואוינט וויעראַ פיגנער, און זי האָט זיך ביי וויעראַ פיגנער באַקענט מיט אַווקסענטיעוו, בונאַקאָוו, מאָיעסעיענקאָ און אַנדערע וויכטיגע רעוואָלוציאָנערע פּער־זענליכקייטען. די דאָזיגע אינטערעסאַנטע צייט איז ביי דר. ראָזע שאַבאַד איינגעקריצט טיף אין האַרצען.

אין 1916 איז זי מיט קרייז־וועגען דורך פראַנקרייך, ענגלאַנד און שטאָקהאָלם געקומען צוריק קיין פּעטראָגראַד, וואו זי איז אין אַ קורצער צייט אַרום אַרעסטירט געוואָרען איבער אַ פּראָוואָקאַטאָר פון מאָנטרע. באַפרייט איז זי געוואָרען דורך דער פעוורואַל־רעוואָ־לוציע אין 1917. דאַן אַוועק קיין קאַווקאַז, וואו זיך באַטייליגט אַלס דאָקטאָר פון רויטען קרייץ אין דער באַקעמפונג פון אַלע עפּידעמיעס, וואָס זיינען דאָרטען אויסגעבראָכען אַלס רעזולטאַט פון דער מלחמה. אין משך פון די יאָהרען 1917—1921 האָט זי דאָרטען געאַרבייט ענערגיש, מיט אמת'ער מסירת־נפש אונטער'ן לאָזונג און מיט'ן ציל „צו ראַטעווען די מוטערשאַפט און דאָס קליינוואַרג".

סוף 1921 — צוריק קיין ווילנע, וואו זיך פאַרנומען מיט פּרי־וואַטער פּראַקטיק. דאַן האָט זי געגרינדעט די ערשטע מוטער־שול פאַר קימפּעטאָרינס ביים שפּיטאָל אין זווערינִיעץ, וואָס איז ביז סוף 1933 אונטערגעשטיצט געוואָרען פון „טאָז", אָבער מחמת מאַנגעל אין מיטלען האָט „טאָז" אָפּגעשטעלט די שטיצע, און די מוטער־שול איז געבליבען אין שפּיטאָל, וואָס געהערט צו דער קהילה. אין דער זעלביגער צייט אַרבייט דר. ראָזע שאַבאַד שוין גאַנצע 12 יאָהר אין קינדער־שפּיטאָל פון דער קהילה אין זווערינִיעץ אונטער דער אָנפיה־רונג פון דר. קאָוואַרסקי. פון אָנהויב 1934 איז זי פאַרוואַלטערין פון

דער „טאָז"־אַמבולאַטאָריע פאַר קינדער און טובערקולאָזע, וואָס איז ניי־ערעפענט און נאָר־וואָס אריבערגעפיהרט געוואָרען אין בנין פון דער ווילנער קהילה.

1923—1930 געווען שול־דאָקטאָר אין גימנאַזיע פון סאָפיע גורעוויטש און געהאַלטען רעפעראַטען וועגען שול־מעדיצין פאַר עלטערען פון שול־קינדער, אויך אַ רעפעראַט אין צ. ב. ק. פאַר עלטערען וועגען ראַציאָנעלער דערנערונג פון קינדער אין עלטער פון 6 ביז 10 יאָהר. האָט אויך מיטגעאַרבייט אין „פאָלקסגעזונט".

## דר. מיכאל לעווין.



דר. מיכאל לעווין

געבאָרען אין סלאָנים אין 1883 אין אַ רעליגיעזער סוחרישער פאַמיליע. צו פינף יאָהר אין חדר, שפּעטער אין דער רוסישער אָנפאַנגס־שול פאַר אידישע קינדער מיט אַ ביילאַגע פון אַ רבי'ן אינדערהיים, וואָס האָט מיט איהם געלערענט תנ"ך און גמרא, און געענדיגט גימנאַזיע אין רעוועל, אין 1902. געלערענט מעדיצין אין אוניווערזיטעט אין בערלין, געענדיגט אין פרייבורג־באַדען אין 1907 און נאָסטריפיצירט זיך אין כאַרקאָוו.

דאַן געקומען צוריק קיין רוסלאַנד, פּראַקטיצירט פּריוואַט אין בוטען, סלאָנימער קרייז, און אין אַשמענע ביז 1912; פאַרבראַכט ווידער אַ יאָהר אין בערלין, וואו ספּעציאַליזירט זיך אויף קינדער־קראַנקהייטען, און אין 1913 צוריקגעקערט זיך קיין ווילנע. דאָ איז ער גלייך אָנגעקומען אין „משמרת־חולים", וואו ער איז געווען איינער פון די צוויי קינדער־דאָקטוירים, און דאָ געאַרבייט ביז דער מלחמה, ווען ער איז מאָביליזירט געוואָרען און האָט אָפּגעאַרבייט גאַנצע פיר יאָהר אַלס רעגימענט־דאָקטאָר אויף אַלע פראָנטען.

אין מיטען 1918 געקומען קיין ווילנע, געוואָרען שול־דאָקטאָר אין דער פאָלקס־שול אונטער'ן נאָמען פון דבורה קופערשטיין, וואו געווען ערשטער שול־דאָקטאָר נאָך פאַר דער מלחמה, און אין די יתומים־היימען „אחיעזר", „גאָלדע מאַרקס" און „יעקאָפּאָ". נאָכדעם געוואָרען דאָקטאָר אין דער אַמבולאַטאָריע פון „אָזע־טאָז". פון 1920 אַרבייט ער אין קראַנקען־קאַסע ביז היינטיגען טאָג. פון 1924 ביז 1927 געווען וואָלאָנטער־דאָקטאָר אין אידישען שפּיטאָל און פון 1טען אַפּריל 1934 געוואָרען אָרדינאַטאָר אין דער ניי־געעפענטער קינדער־אָפּטיילונג ביי אָט דעם שפּיטאָל. די גאַנצע צייט זינט זיין צוריקקער

קיין ווילנע האָט ער ווידער געאַרבייט אין „משמרת חולים" — ביז 1929.

מיטגליד אין דער אַלגעמיינער מעדיצינישער געזעלשאַפט און אין אידישען דאָקטוירים־פאַראיין פון 1913 אָן. אַ גאַנצע רייה יאָהרען געווען אין פאַרוואַלטונג פון „טאָז" און געהאַלטען וויסענשאַפטליכע רעפעראַטען אין פאַרשיידענע מעדיצינישע געזעלשאַפטען.

## דר. איסר יאַבראָוו.

געבאָרען אין סלוצק (געוו. מינסקער גוב.) אין 1884. זיין פאָטער, יעקב, איז געווען אַ אידיש־אינטעליגענטער טיפּאָגראַף, און זיין מוטער, רבקה, האָט געשטאַמט פון די באַריהמטע לוריעס פון מאָהילעוו. געלערענט ביז 12 יאָהר אין חדר, נאָכדעם — אויטאָ־דידאַקטיש אידישע און אַלגעמיינע לימודים און אָפּגעגעבען עקסטערן־עקזאַמען ביי דער באָברויסקער גימנאַזיע אין 1907. אַוועק קיין דייטשלאַנד, געלערענט מיט התמדה מעדיצין אין קעניגסבערגער אוני־ווערזיטעט און באַקומען דאָקטאָר־דיפּלאָם אין 1914 פּונקט אין דעם טאָג, ווען עס איז אויסגעבראָכען די וועלט־מלחמה. נאָכדעם אינטערנירט זיך אין קיעוו אין הערבסט פון זעלביגען יאָהר 1914 און די גאַנצע פיר מלחמה־יאָהרען געאַרבייט אין האָמעלער און סמאָלענסקער זעמסקי שפּיטאַלען, וואו ספּעציאַליזירט זיך אויף אינערליכע און קינדער־קראַנקהייטען.

אין 1919 געקומען קיין ווילנע, וואו געאַרבייט אין „אָזע" אונ־טער דער מוסטערהאַפטער אָנפיהרונג פון דר. א. מאַסקאָווער, אין דער פּראָווינציעלער אָפּטיילונג פון „אָזע" ביז 1923. געאַרבייט אויך אין קינדער־שפּיטאַל אין „זוויערינייעץ" 1921—1928, אין קראַנקען־קאַסע — פון 1921 ביז היינט.

אין די יאָהרען 1920 און 1921 געווען שול־דאָקטאָר אין די שולען פון צ. ב. ק. און אין „ר'מעלה'ס" ישיבה.

מיטגליד אין דער אַלגעמיינער מעדיצינישער געזעלשאַפט, אין אידישען דאָקטוירים־פאַראיין, איינציגע יאָהר געווען אין פאַרוואַלטונג פון אָט דעם פאַראיין און זיין ביבליאָטעקאַר ביז 1933. איצט מיט־גליד פון דעם געריכט פון דער ווילנער דאָקטוירים־קאַמער („איזבאַ לעקאַרסקאַ").

האָט געהאַלטען אַ גאַנצע רייה רעפעראַטען אויף טעמעס פון זיין פאַך אין דאָקטוירים־פאַראיין אין די אידישע שולען.

געווען טעטיג אין סטודענטישער געזעלשאַפטליכקייט אין קעניגס־בערגער אוניווערזיטעט, פאָרזיצער אין דער קראַנקען־קאַסע פון דער דאָרטיגער אידישער סטודענטענשאַפט און זעהר נאָהענט צו דער אידישער אַרבייטער־באַוועגונג אין ליטע, פוילען און רוסלאַנד.

האָט איבערגעזעצט פון רוסיש אויף פּויליש אַ סך פּאָפּולערע מעדיצינישע בראָשורען פון די פּיראָגאָווער אויסגאַבען און פאַרעפענטליכט זיי אין פאַרלאַג פון „אָזע". געווען אויך מיטאַרבייטער פון „פאָלקסגעזונט".

## דר. זאב־וואָלף בן דוד שומעליסקי.


דר. שומעליסקי

געבאָרען אין ווילנע אין 1885. געלערענט אין חדר, אין רוסישער אָנפאַנגס־שול פאַר אידישע קינדער ביז 5טען קלאַס און אין רעאַל־שול, וואָס געענדיגט אין 1905. איר 1910 באַקומען דיפּלאָם פון פיזיקאָ־מאַטעמאַטישען פאַקולטעט אין פּעטערבורגער אוניווערזיטעט, דאַן אָנגעקומען אויפ׳ן דריטען קורס מעדיצין אין מאָסקווער אוניווערזיטעט און געענדיגט אין 1913.

1914—1918 אויף מלחמה אַלס מיליטער־דאָקטאָר. דאַן צוריק קיין ווילנע, וואו גלייך אָנגעקומען אַלס וואָלאָנטיר אין אידישען שפּיטאָל און אין 1925 דאָ געוואָרען אָרדינאַטאָר עד היום.

דר. שומעליסקי האָט איינער פון די ערשטע זיך טיכטיג באַטייליגט אינ׳ם ווידעראויפבוי פון דעם ווילנער אידישען דאָקטוירים־פאַראיין, דעם איינציגען אין פּוילען, אַלס סעקרעטאַר און דערנאָך אַלס נאמן.

אין היסטאָרישן „פנקס" פון דער אידישער היסטאָריש־עטנאָגראַפישער געזעלשאַפט (רעד. דר. ווירשובסקי, ש. ל. ציטראָן ז״ל און דר. צ. שב״ד) האָט דר. שומעליסקי פאַרעפענטליכט אַ גלענצענדיגע באַארבייטען באריכט וועגען דעם אידישען דאָקטוירים־פאַראיין

ווען מען האָט אָנגעהויבען סיסטעמאַטיש אַרויסשטויסען די אידען פון זייערע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס און דערין אויך די אידישע דאָקטוירים, האָט דער אידישער דאָקטוירים־פאַראיין געגרינדעט אַן אַמבולאַטאָריע, וואו מעהר ווי זעכציג (60) אידישע דאָקטוירים האָבען באַקומען אַרבייט. די אַמבולאַטאָריע איז געגרינדעט געוואָרען אויף קאָאָפּעראַטיווע יסודות און האָט זיך אָנגעשלאָסען אָן דעם אַלגעמיינעם אידישען קאָאָפּעראַטיווען פאַרבאַנד אין פּוילען. צווישען די טיכטיגסטע טוער און אָנפיהרער פון דער אַמבולאַטאָריע (דר. גרשוני, דר. קאָוואַרסקי און דר. לערענמאַן) איז געווען אויך דר. שומעליסקי.

ליידער האָט די דאָזיגע זעהר וויכטיגע אַמבולאַטאָריע עקזיסטירט

סך־הכל זעקס יאָהר; זי איז ליקווידירט געוואָרען אין 1932 און האָט אויסגעצאָהלט אלע איהרע חובות, — א דאנק דער טיכטיגקייט פון דר. שומעליסקי.

אין „משמרת חולים" האָט דר. שומעליסקי עטליכע יאָהר אויפ־גענומען אָרימע קראנקע אָהן באלוינונג. זינט דער גרינדונג פון דער קראנקען־קאסע אין ווילנע איז ער ראיאָן־דאָקטאָר און דאָקטאָר אין דער צענטראלער פּאָליקליניק. פאר די ערשטע 10 יאָהר פון זיין ארבייט דאָ האָט ער באקומען פון דער מלוכה א גאָלדענע אויס־צייכענונג.

## דר. אלכסנדר קאַפּלאַן.



דר. א. קאַפּלאַן

געבאָרען אין קאָברין, אין יאָהר 1885. זיין פאָטער, יצחק בן הירש קאפלאן, איז גע־ווען א תלמיד פון דער ווילנער ראבינער־שול און איז אריבער אין דער שול פאר געאָמע־טערן (לאנד־מעסטער); נאָכ'ן ענדיגען די שול אלס קרייז־געאָמעטער האָט ער באקומען א מלוכה־שטעלע, אָבער בעת'ן פארשטארקטען מלוכה'שען אנטיסעמיטישען קורס אין די 80־ער יאָהרען איז זיין שטעלע ליקווידירט געווארען און ער איז געווארען פריוואטער געאָמעטער. זיין מאטעריעלע לאגע איז געוואָרען זעהר א שווערע און ער האָט געארבייט איבער אלע כחות, אום צו געבען די קינדער א נאָרמאלע ער־ציהונג. ער האָט אָפּגעגעבען אלכסנדר'ן אין דער גימנאזיע אין ביאלא־פּאָדליאסקא (שעדלעצער גוב.) און אין דער זעלביגער צייט געגעבען איהם לערנען ביי פריוואטע העברעאישע לעהרער אידישע לימודים. אלכסנדר איז געווען א מתמיד, האָט געהאט א גרויסע פּעולה אין דער העברעאישער שפּראך, וואָס ער האָט זי גוט דערלערענט, האָט געענדיגט גימנאזיע אין 1904 מיט אויס־צייכענונגען אויף אלע לימודים און באקומען א גאָלדענעם מעדאל, וואָס פלעגט דאן אידען בכלל ניט ארויסגעגעבען ווערען.

אין 1906 איז ער אָנגעקומען אין כארקאָווער אוניווערזיטעט אויפ'ן מעדיצינישען פאקולטעט. די גאנצע צייט פון זיין שטודיום האָט ער געגעבען פריוואטע לעקציעס, זיך אליין אויסגעהאלטען, גע־צאָהלט פאר זיך אין אוניווערזיטעט און נאָך געשטיצט די עלטערען, און געענדיגט אין 1911.

דאן איז ער אוועקגעפאָהרען קיין פעטערבורג און גלייך אָנגע־

קומען אַלס אַסיסטענט אין אָבוכאָוו־קראַנקענהויז אונטער דער אָנ־פיהרונג פון פּראָפ. ניעטשאַיעוו. ניט לאַנג פאַר דער וועלט־מלחמה איז ער אָנגענומען געוואָרען אַלס הויפּט־דאָקטאָר און פּאַרוואַלטער פונ׳ם קראַנקענהויז און פון דער אַמבולאַטאָריע ביי די פאַבריקען פון דער באוואוסטער געזעלשאַפט „קוזניעצאָוו” ביי דער סטאַנציע וואָל־כאָוו אונטער פּעטערבורג (היינט לענינגראַד). דאָס דאָזיגע קראַנקענ־הויז האָט באַדינט די גאַנצע אומגעהייערע פאַבריק־באַפעלקערונג, און דר. קאַפּלאַן איז געווען דאָרטען ביי אַלעמען באַליבט.

מיט׳ן אויסברוך פון דער מלחמה אין 1914 איז ער גלייך מאָבי־ליזירט געוואָרען אַלס מיליטער־דאָקטאָר און האָט געאַרבייט אין דער אַרטילעריע־בריגאַדע פון דער 9טער אַרמיי אויפ׳ן גאַנצען שטח צווישען קראָקוי און לעמבערג. נאָך אַ דורכגעמאַכטער שווערער קראַנקהייט אויפ׳ן פראָנט איז ער אין 1915 אַריבערגעפיהרט געוואָרען אַלס אָרדינאַטאָר אין פעלד־שפּיטאָל אויפ׳ן צפון־מערב׳דיגען פראָנט אין דער ריכטונג פון מינסק, וואו ער האָט אָפּגעאַרבייט ביז פריהלינג 1918, ווען עס איז פאָרגעקומען אַ דעמאָביליזאַציע. דאַן איז ער אַוועקגעפאָהרען צוריק קיין פּעטראָגראַד און גלייך באַקומען אַ שטעלע פון אָרדינאַטאָר אין דער „ראָזשדעסטווענסקאַיאַ באַראַטשנאַיאַ באָל־ניצאַ”, אין דער אָפּטיילונג פאַר אינוועניגסטע קראַנקהייטען, וואו עס זיינען געווען ווייניג דאָקטוירים. אָבער דאָס געהאַלט איז דאַ געווען אַזוי קליין, אַז איהם איז אויסגעקומען זעהר פיל צו הונגערען, און ער איז געצוואונגען געווען אין דער זעלביגער צייט אָנצונעמען נאָך איינינע שטעלעס אין שפּיטאָלען. ווען ניט, וואָלט ער געשטאָרבען פון הונגער. אין די אַלע שפּיטאָלען האָט ער זעלבסטשטענדיג גע־מאַכט וויסענשאַפטליכע פאָרשונגען, וואָס האָבען שפּעטער געדינט איהם אַלס מאַטעריאַלען פאַר וויסענשאַפטליכע אַרבייטען.

אין סוף 1919 איז ער ערנסט קראַנק געוואָרען אויף פלעק־טיפוס צוגלייך מיט נאָך זעהר אַ סך דאָקטוירים. אַ העלפט פון די קראַנק־געוואָרענע דאָקטוירים איז אויסגעשטאָרבען פון אָט דער קראַנקהייט. פאַר דר. קאַפּלאַנ׳ען אין די אויגען איז דאַן טראַגיש אומגעקומען, אַן אָנגעשטעקטער פון אַ קראַנקען פאַציענט, דער יונגער דאָקטאָר איז־ראַעלסאָן, אַ זוהן פון דעם באוואוסטען דענעבאָרגער דר. איזראַעלסאָן.

נאָכ׳ן געזונט־ווערען און נאָכ׳ן דערהאָלען זיך איז דר. קאַפּלאַן אין 1921 אַוועקגעפאָהרען פון לענינגראַד קיין ווילנע, וואו ער האָט כמעט אויפ׳ן אַנדערען טאָג באַקומען אַרבייט אין אידישען שפּיטאָל אין דער אָפּטיילונג פאַר אינערליכע קראַנקהייטען, וואו ער אַרבייט עד היום. קיין געצאָהלט האָט ער קיינמאָל ניט באַקומען און אַלעמאָל געאַרבייט גראָד אַ סך. אונטער זיין אָנפיהרונג געפינען זיך אַ סך

יונגע דאָקטוירים. אין 1930 איז דר. אַ. קאַפּלאַן געוואָרען אָפּיציעל אָרדינאַטאָר.

אין 1922 איז ער געוואָרען דאָקטאָר אין קראַנקען־קאַסע ספּע־ציעל אויף אינערליכע קראַנקהייטען.

1923 אָוועקגעפאָהרען קיין בערלין, וואו ער האָט אין פאַרשיי־דענע קליניקעס זיך ספּעציאַליזירט אויף די פאַרדייהונגס־אָרגאַנען (מאָגען־ און געדערים־קראַנקהייטען) און שטאָף־וועקסעל, און צוריק־קומענדיג קיין ווילנע האָט ער זיך פאַרנומען שוין דערהויפּט מיט מאָגען־ און געדערים־קראַנקהייטען הן אין אידישען שפּיטאָל, הן אין קראַנקען־קאַסע, וואו ער אַרבייט אויך עד היום.

דר. אַ. קאַפּלאַן איז מיטגליד אין פאַרוואַלטונג פון אידישען דאָקטוירים־פאַראיין, מיטגליד פון עהרען־געריכט און אַ געוויסע צייט פאַרוואַלטונגס־מיטגליד פון „טאָז".

ווען עס האָט זיך געגרינדעט די „איזבאַ לעקאַרסקאַ" קאָאָפּע־ראַטיווע מעדיצינישע פּאַלאַטע) איז אָט פון דער שטאָדט ווילנע גע־שיקט געוואָרען אין געריכט פון דער ערצטליכער פּאַלאַטע אַלס וויצע־פּרעזעס — דר. אַלכסנדר קאַפּלאַן.

ער האָט אַ גוטען נאָמען אין דער פּריוואַטער פּראַקטיק, ווי אין דער געזעלשאַפטליכער מעדיצין.

דר. אַ. קאַפּלאַן האָט געאַרבייט און אַרבייט אַ סך אויך אויפ'ן געביט פון מעדיצינישער וויסענשאַפט. שוין אין 1913 האָט ער אין דער רוסישער „וראַטשעבנאַיאַ גאַזעטאַ" (ערצטליכע צייטונג) פאַר־עפענטליכט אַן אַרבייט: „צו דער פראַגע וועגען דער באַדייטונג פון אוצאַראַ ביי שלשול" און אין 1917 אין דער זעלביגער צייטונג אַן אַרטיקעל וועגען ריק־טיפוס. זינט נאָך דער מלחמה איז ער אַ שטענ־דיגער זעהר אָנגענומענער מיטאַרבייטער פון די פּוילישע מעדיצינישע צייטשריפטען: „פּאָלסקאַ גאַזעטאַ לעקאַרסקאַ", „פּאַמיסטניק ווילענ־סקעגאָ טאָוואַזשיסטוואַ לעקאַרסקעגאָ", „גאַסטראָלאָגיאַ פּאָלסקאַ" און אַנדערע, וואו ער האָט צווישען אַנדערע פאַרעפענטליכט פאָלגענדיגע ערנסטע פאָרשונגס־אַרבייטען: 1) „באַמערקונגען צו דער אָפּשאַצונג פון דער מעטאָדע פון אונטערזוכען דעם מאָגען מיט דער הילף פון אַלקאָהאָלישען פּרוביר־פריהשטיק"; 2) „וועגען דערקענען דערקראַנ־קונגען פון גאַל־פּענכער און וועגען דער דיאַגנאָסטיק פון פונקציאָ־נירענדיגען לעבער"; 3) „אינסולין און לעבער־דערקראַנקונגען"; 4) „וועגען היילען דיזענטעריע מיט פּעפּטאָן"; 5) „די פּראָבלעם פון דורכלעכערען אַ געשוויר אין פאַרדייהונגס־אָרגאַן"; 6) „וועגען דער מאָדערנער לעהרע פון דיעטעטיק"; 7) „וועגען דער ראָלע פון דער־נעהרונג אין דער פראַגע פון ראַק" (אין דער דאָזיגער זעהר וויכטיגער

ארבייט האָט דר. א. קאַפּלאַן מיט א גאַנצער רייה ראיות באוויזען, אַז קאָנסערווען זיינען איינע פון די ערשטע סיבות פון קראַנק־ווערען אויף ראַק; 8) „דער צופאַל פון גאַלשטיינער ביי א 15־יאָהריגער מיידעל", און א סך אַנדערע ארטיקלען.

דר. צמח שב"ד האָט צווישען א סך אַנדערע דאָקטוירים־וויסענ־שאַפטליכע פאָרשער צוגעצויגען צו זיין ליבלינגס־זשורנאַל „פאָלקס־געזונט" אויך דעם דר. אלכסנדר קאַפּלאַן, וואָס האָט דאָרטען פאַר־עפענטליכט זעהר א סך ארטיקלען אויף טעמעס פון זיין פאַך, באזונ־דערס וועגען דערנעהרונג אונטער'ן נאָמען „היגיענע פון שפּייז". אָט די לעצטע סעריע ארטיקלען, וואָס זיינען אָנגעשריבען אי עכט וויסענ־שאַפטליך, אי העכסט פּאָפּולער אין א שעהנעם אידיש, זיינען נאָכדעם ארויס אין בוך־פאָרם אונטער דער רעדאַקציע און מיט א זעהר אויפ־מערקזאַמער הקדמה פון דר. צמח שב"ד אין פאַרלאַג פון דער געזעל־שאַפט צו פאַרהיטען דאָס געזונט פון דער אידישער באַפעלקערונג אין פּוילען — „טאָז", ווארשע 1927. אין דער „אילוסטרירטער פּאָ־פּולער־וויסענשאַפטליכער ביבליאָטעק „פאָלקסגעזונט" אין ווילנע. אין יאָהר 1934 אונטער'ן נומער 4 דערשינען דר. א. קאַפּלאַנ'ס א גרויסע בראָשור: „ווי אזוי זיך איינצוהיטען פון מאָגען־ און געדערים־קראַנק־הייטען", וואו ער דערווייזט, אַז דער גרעסטער טייל פון די דאָזיגע קראַנקהייטען קומען אויפ'ן באָדען פון קראַנק־געוואָרענע נערווען, און ער ווייזט אָן די מיטלען, וואָס מען דאַרף טאָן, כדי צו פאַרהיטען זיך פון מאָגען־ און געדערים־קראַנקהייטען.

זיינע ארבייטען האָבען ארויסגערופען וואַרימע רעצענזיעס אין דער מעדיצינישער און אין דער געזעלשאַפטליכער פּרעסע.

דר. א. קאַפּלאַן האָט, חוץ דעם אַלעם, נאָך א גרויסען אינטערעס פאַר קונסט, ליטעראַטור, מוזיק, טעאַטער. נאָך אַלס א סטודענט האָט ער געדרוקט לידער אין פּראָזע. ער האָט א סך לידער אין מאַנו־סקריפּט און מיט א געוויסער צייט צוריק האָט ער פאַרעפענטליכט אין א ווילנער אידישער צייטונג „פאַרווערטס" א פּרעכטיגע אידישע ליד.

## דר. אליהו סעדלים.

דר. אליהו סעדלים שטאַמט פון דורות רבנים: פון פאָטער'ס צד — אַן איניקעל פון ר' שמואל מאָהילעווער, און פון דער מוטער'ס צד — פון ר' הלל סאַלאַנטער. געבאָרען אין שירווינט (ווילנער קרייז, היינט קאָוונער, ליטע) אין 1886. געלערענט אין חדר, אין מלוכה'שער אָנפאַנגס־שול פאַר אידישע קינדער און געענדיגט דעם ווילנער אידישען לעהרער־אינסטיטוט אין 1907. אין 1908 האָט ער באַקומען א רייפקייט־צייגניש אין ווילנער 2טער גימנאַזיע. שטודירט מעדיצין אין לייפּציג און דאָרפּאַט, וואו באַקומען דאָקטאָר־דיפּלאָם.

אין 1915 מאָביליזירט געוואָרען און געאַרבייט אויפ'ן מערב־פראָנט פון דער רוסישער אַרמיי אין די שפּיטאָלען פון זעמסקי סאָיוז און אין שטאָדטישע שפּיטעלער. 1918 צוריק קיין ווילנע און גע־אַרבייט אין דער פרויען־אָפּטיילונג פון שפּיטאָל „יאַקוב" ביז 1923, אויך אין דער פרויען־קליניק פון דער ווילנער אידישער קהלה אין דער פאָרשטאָדט זוויערינעץ ביז'ן זעלביגען יאָהר.

1924 געפאָהרען קיין בערלין און לייפּציג, וואו ער האָט זיך ספּעציאַליזירט אין אַקושעריע און גינעקאָלאָגיע. אין סוף פון דעם זעלביגען יאָהר האָט ער זיך צוריקגעקערט קיין ווילנע, וואו ער איז געוואָרען שעף פונ'ם דערמאָנטען זוויערינצער פרויען־שפּיטאָל ביז היינטיגען טאָג.

זייענדיג נאָך אין ווילנער אידישען לעהרער־אינסטיטוט, האָט דר. סעדליס גענומען אַ טיכטיגען אָנטייל אין דער פּאַרטיי ס.־ס.

איצט איז ער פאָרזיצער פון דער אַלגעמיינער גינעקאָלאָגישער געזעלשאַפט אין ווילנע, וויצע־פאָרזיצער פון דער אַלגעמיינער מעדי־צינישער געזעלשאַפט, לאַנג־יאָהריגער וויצע־פאָרזיצער פון אידישען דאָקטוירים־פאַראיין און מיטגליד פונ'ם געריכט פון „איזבאַ לעקאַרסקאַ".

דר. סעדליס שטעהט פאַר דער אידישער קולטור און שטיצט שטאַרק דאָס אידישע שול־וועזען, צאָהלט מיטגלידס־אָפּצאָהל אין צ. ב. ק. — 150 גילדען אַ יאָהר.

געהאַלטען אַ גרויסע צאָהל רעפעראַטען אויף טעמעס פון זיין ספּעציאַליטעט אין פאַרשיידענע מעדיצינישע געזעלשאַפטען און צוזאַ־מענפאָהרען און וועגען זיי זיינען געווען סימפּאַטישע באַריכטען אין דער פראַנצויזישער, פּוילישער און דייטשער ספּעציעל־מעדיצינישער פרעסע.

ער האָט זיך געדרוקט אין פּוילישע און דייטשע מעדיצינישע זשורנאַלען: „גינאָקאָלאָגיאַ פּאָלסקאַ", „טשאַסאָפּיסמאָ לעקאַרסקיע", „אַרכיוו פיר גינאָקאָלאָגיע", „צענטראַלבלאַט פיר גינאָקאָלאָגיע" און אַנדערע, וואו ער האָט צווישען אַנדערע פאַרעפענטליכט פאָלגענדיגע וויכטיגע אַרבייטען: 1) „קייזערשניט ביי קווער־לאַגעס"; 2) „הונ־דערט פאַלען פון אינטערפּאָזיטיאָ אוטערי"; 3) „געשלעכטס־ענדע־רונג און די גוזשען אין אייער־נעסט"; 4) „צווישענגעשלעכטס־פּראָ־בלעם אין ליכט פון ביאָלאָגישע און קלינישע אויספאָרשונגען"; 5) „קייזערשניט און די שטערבליכקייט פון ניי־געבאָרענע"; 6) „קלינישע שטודיען איבער קאַסטראַציעס ביי פרויען"; 7) ענדאָ־מעטריאָזיס פון אורין־פּענכער"; 8) „אינטערסעקסואַליזם אָדער סופּ־ראַרענאַליזם"; 9) „געשלעכטס־ענדערונג און אָוואַריאַל טומאָרען".

דר. סעדליס אַרבייט־מיט אויך אין דעם אידישען „טאָז"־זשור־

נאָל „סאָציאַלע מעדיצין", וואו ער האָט פאַרעפענטליכט אַן ארבייט וועגען „רעגולירונג פון געבורטען ביי אידען".

איינינגע פון די דאָזיגע אַרבייטען האָבען אַרויסגערופען אַ גרויסע פּאַראינטערעסירונג ביי דייטשע, פראַנצויזישע, ענגלישע (אַמעריקאַנישע) און פּוילישע וויסענשאַפטלער, וואָס פיהרען מיט איהם אַ קאָרעספּאָנדענץ.

## דר. דוד יעדוואָבניק.



דר. דוד יעדוואָבניק

געבאָרען אין ווילנע אין 1889 אין אַ סוחרישער פאַמיליע. געלערענט אין חדר, נאָכדעם אין גימנאַזיע, וואו פאַר פּאָליטישע חטאים אויסגעשלאָסען פון 7טען קלאַס, און געענדיגט זעהר גוט גימנאַזיע אין פעטערבורג, אין יאָהר 1908. אין הערבסט פון זעלבען יאָהר אָנגעקומען אין בערלינער אוניווערזיטעט, געענדיגט אין 1913 און נאָסטריפיצירט זיך אין כאַרקאָוו.

אָנהויב וועלט-מלחמה מאָביליזירט געוואָרען, אַ האַלב יאָהר געאַרבייט אין רוסישען רויטען קרייץ אין ווילנע, געוואָרען הויפּטאַרצט איבער אַכט דאָקטוירים און קאָמאַנדירט צו באַקעמפען עפּידעמיעס צווישען די פּליטים אויפ'ן וועג ווילנע-וויטעבסק וואו ער האָט געאַרבייט ביז 1916. דאַן האָט ער באַקומען די אויפגאַבע צו אָרגאַניזירען אויפ'ן פראָנט ביי פּאָלאָצק אַ שפּיטאָל אויף 200 קראַנקע און פּאַרוואונדעטע, ווייל די רוסען האָבען זיך געגרייט אויפ'ן 16טען מערץ, 1916, צו אַן אָפענסיווע געגען די דייטשען. אָבער שוין ביים אָנהויב האָבען די רוסען פאַרלוירען 40,000 מאַן אין דעם גרויסען זומפּ ביי וואָראָפּאַיעווא און זיי האָבען אָפּגעשטעלט די אָפענסיווע. דאַן איז ער געוואָרען אָרדינאַטאָר אין שפּיטאָל פון רויטען קרייץ אין מינסק, וואָס האָט געהאַט 600 בעטען, און נאָכדעם — עלטסטער דאָקטאָר.

אין 1917 איז ער אָוועקגעשיקט געוואָרען קיין סאַראַטאָוו, וואו עס האָט געבושעוועט אַן עפּידעמיע פון פלעק-טיפוס, און אָנגעקומען אין שפּיטאָל א. נ. פון הייליגען סעראַפים סאַראָווער, וואו ער איז געוואָרען עלטסטער דאָקטאָר. אין 1918 איז ער אויפ'ן דאָקטוירים-צוזאַמענפאָהר אין סאַראַטאָוו אויסגעקליבען געוואָרען פאַר'ן אָנפיהרער פון די מעדיצינישע אַרבייטען פון רויטען קרייץ אויפ'ן גאַנצען פראָנט פון אַסטראַכאַן ביז טשעליאַבינסק אין 60 שפּיטעלער.

אין 1919 האָט דר. יעדוואַבניק געאַרבייט אין מאָסקווער צענ־טראַל־פּאַרוואַלטונג פון רויטען קרייץ אלס אָנפיהרער פונ'ם קאַמף געגען אינפעקציאָנעלע קראַנקהייטען.

אין 1920 איז ער אַוועקגעפאָהרען קיין בערלין, וואו ער האָט זיך ספּעציאַליזירט אויף לונגען־און־האַרץ־קראַנקהייטען, און קו־מענדיג אין 1921 צוריק קיין ווילנע, האָט ער צוזאַמען מיט נאָך צוועלף דאָקטוירים געעפענט די ערשטע אידישע פּריוואַטע קליניק „סאַניטאַס" פאַר אלע קראַנקהייטען. די דאָזיגע אידישע מעדיציני־שע אינסטיטוציע האָט געמוזט געשאַפען ווערען, ווייל די פּוילישע קליניקעס האָבען ניט אָנגענומען קיין אידישע דאָקטוירים און קיין ליט־ווישע איז נאָך ניט געעפענט געוואָרען.

אין 1922 איז ער אויסגעקליבען געוואָרען אלס ספּעציאַליסט אין לונגען־קראַנקהייטען אין קראַנקען־קאַסע, וואו ער אַרבייט עד היום. אין 1925 האָט ער זיך געשטעלט בראַש פון דעם לונגען־סאַנאַטאָריום ביי „אָזע־טאָז".

אין 1922 האָט דר. יעדוואַבניק געגרינדעט די אידישע קונסט־געזעלשאַפט צוזאַמען מיט דעם אונגאַריש־אידישען דראַמאַטורג און אַרטיסט בעלאַ דאַניעל, געעפענט די ערשטע אידישע דראַמאַ־טישע סטודיע, וואָס איז אָנגעפיהרט געוואָרען פון די אַרטיסטען אברהם מאָרעווסקי און סלאָבאָדסקי. אייניגע אַבסאָלווענטען פון אָט דער סטו־דיע שפּילען איצט אויף דער גרויסער אידישער ביהנע, ווי בליאַ־כער (ווילנע), שאַפּיראָ (בראַזיליע) און אַנדערע.

אין 1923 האָט די קונסט־געזעלשאַפט, לויט דער איניציאַטיוו פון דר. יעדוואַבניק, וואָס איז איהר פּאָרזיצער, געעפענט דעם אידישען מוזיקאַלישען אינסטיטוט, וואָס שפּילט היינט אַ גרויסע ראָלע אין דער אידישער קינסטלערישער וועלט.

איצט איז דר. יעדוואַבניק וויצע־פּאָרזיצער פון „טאָז" אין וויל־נע און מיטגליד פונ'ם אַלפּויליש־אידישען צענטראַל ראַט אין וואַרשע.

דר. יעדוואַבניק האָט פאַרעפענטליכט אַ רייהע וויסענשאַפטליך־מעדיצינישע אַרבייטען: אין בערלין, 1913, אַ בראָשור וועגען בלוט־קראַנקהייט; אין 1919, אין סאַראַטאָווער מעדיצינישען זשורנאַל, וועגען גריפּע; אין זעלבען יאָהר אין לענינגראַדער „פּראַקטישע מעדי־צין", וועגען היילען סקאָרבוט, און אין „אָזע"־זשורנאַל „סאָציאַלע מעדיצין" — אַרטיקלען וועגען לונגען־טובערקולאָז.

איצט דרוקט זיך דר. יעדוואַבניק'ס אַ סך אַרבייטען אין פּוילישען זשורנאַל „נרושניצאַ" — „קליניק פון לונגען־טובערקולאָזע".

## דר. שמואל מרגלית



דר. שמואל מרגלית

געבאָרען אין מאַליאַט (ליטע) אין 1890. זיין פאָטער, ר. לייב־יוסף מרגלית, איז געווען א זוהן פון ר' יחיאל־איסר יאַכעלסאָן (שוועס־טערקינד פון דעם אין ווילנע באַוואוסטען רעלי־גיעזען דאָקטאָר יאַכעלסאָן) און אן איניקעל פון הרב יהודה ליפשיץ, מורה הוראה אין אַנ־טאָקאָליע־ווילנע, און זיין מוטער, רחל, האָט גע־שטאַמט פון דער אידיש געלערענטער משפחה עפשטיין אין ליטע. דער פאָטער אליין איז געווען א מוסמך און א משכיל און האָט געוואָלט זעהן זיין זוהן אידיש און וועלטליך גע־בילדעט, — האָט ער איהם געגעבען אין חדר און ישיבה, וואו שמואל האָט מיט התמדה גע־לערענט תנ"ך און א סך תלמוד, נאָכדעם אויך „פאַר זיך", — און אין דער ווילנער אָנפאַנגס־שול פון דעם באַריהמטען פעדאַגאָג מיכאל וואָלפּער, דאַן אין כהן'ס גימנאַזיע אין ווילנע, וואָס ער האָט געענדיגט אין 1910.

דער רוסישער נומערוס קלאַוזוס האָט צווישען די טויזענטער אַנ־דערע אידישע יונגעלייט געטריבען אויך מרגלית'ן קיין אויסלאַנד, קיין דייטשלאַנד, וואו ער האָט שטודירט מעדיצין אין קעניגסבורג און אין בערלין, און אין 1915 האָט ער געענדיגט דעם מעדיצינישען פאַקול־טעט אין דאָרפּאַט מיט אן אויסצייכענונג. געשטודירט אויך פאַר־מאַציע און געענדיגט פּראָוויזאָר אין קיעווער אוניווערזיטעט. דאַן איז ער גלייך מאָביליזירט געוואָרען און ער האָט געאַרבייט אין די מילי־טערישע שפּיטאָלען און אין רויטען קרייץ אויפ'ן מערב פראָנט ביז 1917 און פון דעמאָלט אָן ביז 1920 — אין די מעדיצינישע אַנ־שטאַלטען פון „אָזע" אין מינסקער ראַיאָן אלס באַפולמעכטיגטער פון פעטראָגראַדער קאָמיטעט „אָזע". אין מיליטער האָט דר. מרגלית פאַר־נומען הויכע פּאָסטענס, — האָט דערגרייכט דעם ראַנג קאַפּיטאַן.

ער האָט זיך ספּעציאַליזירט אין רענטגענאָלאָגיע אין מאָסקווע, אין לענינגראַד, דערנאָך אין בערלין, און אין 1920 איז ער געקומען צוריק קיין ווילנע, וואו ער אַרבייט עד היום אלס רענטגענאָלאָג מיט אן אייגענעם קאַבינעט. 1921־1925 אָנגעפיהרט די גאַנצע אַנטי־פּאַוואוס־קאַמפּאַניע, וואָס „אָזע־טאָז" האָט אונטערנומען, א דאַנק דער גרויסער שטיצע פון אַמעריקאַנער „דזשאָינט", וואָס האָט מעגליך גע־מאַכט די גאַנצע „רענטגענאָלאָגישע איינריכטונג. זיבען יאָהר איז ער געווען פאַרוואַלטער פון דער רענטגען־אָפּטיילונג אין דער ליטווישער

קליניק און איצט פאַרוואַלטעט ער די רענטגען־אָפּטיילונג פון פיזיקאַ־לישע היילמעטאָדען ביי דער ווילנער קראַנקען־קאַסע.

גלייכצייטיג איז דר. מרגלית שטאַט־אָרדינאַטאָר אין אידישען שפּיטאָל. די גאַנצע צייט ווידער זינט ער איז געקומען קיין ווילנע, אין 1920, האָט ער אויך געאַרבייט אין „משמרת חולים״.

דר. מרגלית איז לעקטאָר אין דער שוועסטער־שול ביי „טאָז״ און לעקטאָר אין דער ווילנער צאָנאַרצטליכער שול. געווען וויצע־פּאָרזי־צער אין אידישען דאָקטוירים־פאַראיין און געהאַלטען דאָרטען א רייהע רעפעראַטען.

די אַרבייט פון רענטגענאָלאָגיע איז זעהר א שעדליכע פאַר דעם געזונט און לעבען פון׳ם דאָקטאָר, אָבער דער דאָקטאָר קלייבט אויס גראָד אָט דעם פאַך און איז זיך מוסר־נפש — פאַר דער וויסענשאַפט, פאַר׳ן כלל...

## דר. יצחק ראַפּעס


דר. יצחק ראַפּעס

שטאַמט פון א משפּחה רעוואָלוציאָנערען. זיין פאָטער, אהרן־הירש ראַפּעס, איז געווען דער עלטסטער אָנגעשטעלטער אין שטראַשון׳ס גרויסען וויין־געשעפט אין ווילנע, אייגענטליך דער פירער פון׳ם געשעפט און שפּעטער אויך מיטאייגענטימער, — א מענש א האָרעפּאַש־נער און פון ליבעראַלער געזינונג; איז גע־ווען אָנגהענגער פון א פרייער אָרדענונג אויף דער וועלט און האָט גערעדט מיט באַגייסטע־רונג וועגען העלדישע פרייהייטס־קעמפער. די מוטער, ביילע בת אברהם ש״ק, איז געווען רעליגיעז געשטימט, האָט אָבער ליב געהאַט דעם שלום־בית און מסכים געווען מיט׳ן מאַן צו געבען די קינדער א פרייע וועלטליכע דערציאונג.

דער עלטסטער זוהן, דר. מיכאל ראַפּעס (ווערט דער־מאָנט אין דר. שאַבאַד׳ס אַרטיקעל), איז געווען א האַרציגער מענש און אַן ענערגיש־טיכטיגער בונדיסט אין דעם גלאָררייכען העלדען־פּעריאָד פון „בונד״. זייער צווייטער זוהן, משה ראַפּעס, איז ביז דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע געווען א געטרייער מסירת־נפש׳דיגער בונדישער טוער און נאָך אָט דער רעוואָלוציע האָט ער זיך איבערגעגעבען מיט לייב און מיט לעבען דער קאָמוניסטישער באַוועגונג פון ראַטען־פאַרבאַנד. זייער דריטער זוהן קלמן (קלונימוס), האָט געהאַט א הייליגע נשמה פון א קעמפער־מאַר־טירער פאַר פרייהייט און איז יונגערהייט אוועק פון דער וועלט. זייער איינציגע טאָכטער, סאָניע, איז געווען א העלדען־טיפּ פון א

אידישער מיידעל פון דער ראָמאַנטישער תקופה פון דער רעוואָלוציאָנערער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, וואָס האָט געלעבט נאָר מיט אָט דער באַוועגונג און וואָס איז געווען טיף געאַכט און געליבט ביים אויפגעוואַכטען אידישען ארבייטער־פאָלק. און זייער פערטער זוהן, יצחק, האָט ניט פארשעמט זיינע רעוואָלוציאָנערע ברידער און שוועסטער.

יצחק ראַפעס איז געבאָרען געוואָרען אין ווילנע אין 1890, האָט ביז זיין 10טען יאָהר געלערענט אין חדר, נאָכדעם אין לאַזאַרעוו׳ס „נאַטשאַלנאָיע אוטשילישטשע" (שטאָטישע שול, וואָס איהר פראָגראַם איז געווען אין הויך פון פיר קלאַסען גימנאַזיע) און געענדיגט כהנ׳ס גימנאַזיע אין יאָהר 1912. אין הערבסט פון דעם יאָהר איז ער אָנגעקומען אויפ׳ן מעדיצינישען פאַקולטעט פון לייפציגער אוניווערזיטעט, וואו ער האָט שטודירט ביז׳ן אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה אין 1914, ווען געקומען צוריק קיין ווילנע און באַקומען א מיליטערישע פראָלאָנגאַציע ביז יאַנוואר 1915. דאַן איז ער אוועקגעפאָרען קיין דאָרפּאַט, וואו ער איז אָנגעקומען אויף פראָפ. ראָסטאָווצעוו׳ס פריוואַטע אוניווערזיטעטישע קורסען. היות ער האָט אין לייפציג דורכגעמאַכט פיר סעמעסטערס, האָט ער געדאַרפט אָנקומען דאָ אויפ׳ן 5טען סעמעסטער, אָבער ער האָט, לויט׳ן מנהג פון יענע מלחמה־צייטען, געוואָלט אָנקומען אויפ׳ן 6טען סעמעסטער און דעם 5טען דורכמאַכען ערשט נאָכ׳ן ענדיגען דאָס שטודיום, און דאָס איז איהם געלונגען. אין יוני האָט ער באַקומען א באַשטעטיגונג, אַז ער האָט פאַרענדיגט דעם 6טען סעמעסטער אָדער דעם 3טען קורס, וואָס עס האָט געגעבען דאָס רעכט צו ארבייטען אין מיליטערישע שפּיטאָלען און לאַזאַרעטען.

ער איז מאָביליזירט געוואָרען, און אַלס סטודענט־מעדיקער האָט ער מיט׳ן גאַנצען יוגענטליכען ענטוזיאַזם זיך אריינגעוואָרפען אין דער ארבייט צו ראַטעווען פאר׳ן לעבען די נאַרישע קרבנות פון דער אומזיניגער אַוואַנטוריסטישער וועלט־מלחמה, אָדער לכל הפחות צו לינדערען זייערע יסורים. ער האָט געארבייט אין די שפּיטאָלען פון „זעמסקי סאָיוז" אויף דער פאַרטיידיגונגס ליניע אונטער וולאָדאַווע, וואו ער האָט באַדינט צוואַנג־ארבייטער און די קריגס־געפאַנגענע, וואָס האָבען געבויט אָט די פאַרטיידיגונגס־ליניע, און האָט אָנגעפירט דעם מעדיצינישען דערנערונגס־פונקט אויף דעם מערב־פראָנט.

לויט א פאַראָרדענונג פונ׳ם בילדונגס־מיניסטער איגנאַטיעוו, האָבען אידען־פראָנט־קעמפער באַקומען דאָס רעכט אָנצוקומען אין אוניווערזיטעט אויף מעדיצין אויסער דער „פּראָצענט־נאָרמע", — דאַן איז געבראָכען געוואָרען די „פּראָצענט־נאָרמע", ווייל עס האָבען אויסגעפעלט דאָקטוירים. ראַפעס האָט אויסגענוצט אָט דאָס רעכט, און ער איז

אָנגענומען געוואָרען אויפ'ן 3טען קורס מעדיצין אין מאָסקווער אוני־ווערזיטעט (דער 6טער סעמעסטער איז איהם אַזוי אַרום פאַקטיש ניט פאַררעכענט געוואָרען). ער האָט אַבסאָלווירט אָנהויב 1917, אָבער בעת'ן ערשטען עקזאַמען זיינען אָנגעקומען די ערשטע ידיעות וועגען דעם אָנהויב פון דער פעווראַל־רעוואָלוציע, און די סטודענטען מיט ראַפעס'ן בראש האָבען געפאָדערט איבערצורייסען דעם עקזאַמען און אַלס „זאַ־אוריאַד־ווראַטשי" (אויסעראָרדענטליכע ארצטען) צו באַקומען רעכט אַלס גוט צוגעגרייטע צו פאַרענדיגען נאָך דער מלחמה, ווייל „אין דעם איצטיגען שטורעמדיגען היסטאָרישען מאָמענט קאָנען זיי בשום אופן ניט בלייבען רוהיג צווישען די ווענט פון אוניווערזיטעט און מוזען מיט'ן פאָלק ארויסגעהן אויפ'ן גאַס", וואו עס האָט געשטורעמט און געיובעלט פון היסטאָרישער פרייד. דער סענאַט פון אוניווערזיטעט האָט זייער פאָדערונג ניט נאָכגעגעבען, אָבער דער שטורם פון גאַס איז צו שטאַרק געווען און די עקזאַמענעס זיינען דאָך איבערגעריסען געוואָרען.

די סטודענטען זיינען אריבער אין רשות פון דער רעוואָלוציע, וואָס איז אַגב אין מאָסקווע דורך אָהן בלוט, איז אָבער געווען זעהר בלוטיג אין פעטראָגראַד, — און די אָנפירערשאַפט האָט אויף אַ מיטינג אין דער שטאָדטישער דומע באַשלאָסען אַוועקצושיקען זיי אויפ'ן פראָנט צום נייעם קערענסקי־אָנגריף. ראַפעס איז באַשטימט געוואָרען אין קאַוואַלעריע, און ער האָט ניט געוואוסט וואָס צו טאָן אויפ'ן פראָנט, וואָס איז שוין קיין פראָנט ניט געווען, ווייל די ארמיי איז שוין געווען אינגאַנצען דעמאָראַליזירט, דורכגעפוילט דורך און דורך. קערענסקי'ס אָנגריף איז דורכגעפאַלען, און ראַפעס צוזאַמען מיט אַ סך אַנדערע סטודענטען האָט זיך אומגעקערט צוריק קיין מאָסקווע, האָט דאָ אָפּגעגעבען די עקזאַמענס, באַקומען דעם ארצט־דיפּלאָם און געאַרבייט אין שפּיטאָלען ביז סוף 1918.

דר. יצחק ראַפעס איז אַלע מאָל געווען אַ בונדיסט־מענשעוויק אין ריינערען, שענערען, וויסענשאַפטליכען זין פון דעם וואָרט, אָהן דעם צומיש פון די פאַרשיידענע אַגרעסיזמען, פּאָליטיקאַניזמען און אַנדערע ענליכע אַטריבוטען. זיין דעביוט פון געזעלשאַפטליכער ארבייט איז געווען נאָך אויפ'ן שול־באַנק אין 1910 אין כהנ'ס גימנאַזיע אין ווילנע, וואו ער האָט צוזאַמען מיט אורי קליאַנסקי, דעם איצטיגען קאָאָפּעראַטיווען טוער, געשאַפען אַ שילער־אָרגאַניזאַציע מיט אַ לינקער ריכטונג. אַלס בונדיסט האָט ער זיך דעקלאַרירט אין 1912, ווען ער איז אריינגעטראָטען אין דער עמיגראַנטישער בונדישער גרופּע אין לייפּציג, וואָס בראש פון איהר איז געשטאַנען דער באַוואוסטער טאַלאַנטפולער זשורנאַליסט מ. נאָכימסאָן. אין מאָסקווער „סאָוויעט סטאַראָסט" (סעניאָרען־ראַט) איז ער געווען מיטגליד פון דער בונדישער גרופּע.

ווען עס האָט זיך אָנגעהויבען די רעעמיגראַציע קיין ווילנע, האָט אויך דר. ראפּעס זיך געלאָזען פער אַקס און צופוס אין וועג אהיים צוזאַמען מיט רעואל גינצבורג, — אַ מאַן מיט אַ גרויסער הומאַניטאַר־וויסענשאַפטליכער ערודיציע, וויסענשאַפטליכען, פּובליציסטישען און רעדנערישען טאַלאַנט און ועל כולם אַ הערליכע, באַצויבערענדע פּער־זענליכקייט — אַ צימערוואַלדישער אינטערנאַציאָנאַליסט. דער וועג איז געווען אַ געפערליכער און ניט איין מאָל איז זייער לעבען געווען אין סכנה פון אומקום, פּונקט ווי עס איז געווען אין סכנה פון אומקום דער אָרט פון זייער שטרעבען.

דעם 6טען יאַנואַר 1919 זיינען זיי אָנגעקומען אויסגעשעפּטע קיין ווילנע, וואוהין עס איז פאַרבאַגינען אריין די רויטע אַרמיי מיט דער „רעגירונג פון ליטע און רייסען". דר. ראפּעס האָט כמעט ניט באַוויזען זיך אָפּצורוהען, ווי ער האָט שוין אָנגעהויבען אַן ענערגישע טעטיגקייט אויפ'ן געזעלשאַפטליך־מעדיצינישען געביט. סאַניטאַר־היגיענישע און מעדיצינישע ארבייט איז געווען גענוג נאָך די חורבנות, וואָס עס האָבען אָנגעמאַכט אין ווילנע די מלחמה און די אָקופּאַציעס. די רעגי־רונג פון ליטע און רייסען האָט פאַרגעלייגט דר. ראפּעס'ן די אָנפיהרונג פון נאַרקאָמזדראַוו (קאָמיסאַריאַט פון פאָלקס געזונט), כאָטש זי האָט גוט געוואוסט, אַז ער איז אַ בונדיסט, אָבער ער האָט ניט געוואָלט פאַרנעמען קיין פּאָליטישע שטעלע, — ער האָט מסכים געווען אָנצונעמען בלויז די אַפּאָליטישע אָנפיהרונג פון דער „ביוראָ פאַר מעדיצי־נישער עקספּערטיזע" — אַן אָרגאַן צו באַשטימען דעם פּראָצענט אַר־בייטס־קראַפט־פאַרלוסט און ארבייטס־פעהיגקייט פון די מלחמה־אינ־ווּאַלידען און ארבייטס־אינוואַלידען.

דר. ראפּעס איז געווען דער אָרגאַניזאַטאָר פון דער דאָזיגער ביוראָ, אַלס דאָקטוירים־עקספּערטיזירער — די דאָקטוירים שאַבאַד, וויר־שובסקי און אַלע אנדערע אָנגעזעהענע דאָקטוירים פון שטאָדט.

מיט'ן אריינמאַרש פון די פּאָליאַקען אין ווילנע דעם 19טען אפּריל 1919 האָט זיך די דאָזיגע ביוראָ פאַר מעדיצינישער עקספּערטיזע פאַר־מאַכט, — און דר. ראפּעס איז אין יוני פון דעם יאָהר אַוועקגעפאָהרען פּראַקטיצירען אין שטעדטעל פּאָדבראָדז, וואו ער האָט פאַרבראַכט ביז יאַנואַר 1921. דאַן האָט דר. שאַבאַד איהם איינגעלאַדען פאַר אַ סעק־רעטער פון „טאָז".

אין דעם דאָזיגען אַמט פון „טאָז" האָט דר. י. ראפּעס אָפּגעאַרבייט פּונקט זיבען יאָהר — ביז יאַנואַר 1928 מיט גרויס איבערגעבענקייט און פּינקטליכקייט און אַרויסגעוויזען גרויס איניציאַטיוו. לויט זיין איניציאַטיוו איז געגרינדעט געוואָרען די קינדער־קאָלאָניע פון „טאָז" און ער האָט זיך איבערגעגעבען דער אַרבייט פאַר איהר בלב ונפש.

ער איז געווארען פארוואלטער פון דער קינדער־קאָלאָניע און האָט איהר אנטוויקעלט צו אַן אינסטיטוציע, וואָס שפּילט זעהר אַ גרויסע ראָליע אין לעבען פון אידישען שול־קינד אין ווילנע. אַט די צייט פון 1921 ביז 1928 איז געווען דער בליה־פּעריאָד פון דער קינדער־קאָלאָניע, ווען זי איז שטארק געשטיצט געווארען פון די „דזשאָינט" געלטער, וואָס זיינען דאַן אָנגעקומען בשפע.

אין 1923 זיינען פאָרגעקומען די ערשטע וואהלען אין קראַנקען־קאַסע, — איז דר. ראַפּעס דורכגעגאַנגען אויף דער ליסטע פון „בונד" אין ראַט פון קראַנקען־קאַסע, שפּעטער אין פּאַרוואַלטונג, אין פּרעזי־דיום און אין משך פון די יאָהרען 1924—1927 איז ער געווען אויך פאָרזיצער פון דער קאָמיסיע פאַר מעדיצינישער הילף, וואו ער האָט זיך גרינדליך באַקענט מיט'ן גאַנצען לעבען און ליידען פון די אַרבייטענדיגע שיכטען פון דער ווילנער באַפעלקערונג. אין יאַנואַר 1928 איז ער נאָמינירט געוואָרען פאַר אַ געצאָלטען פירער פון דער אָפּטיילונג פאַר מעדיצינישער הילף און אויף אַט דעם פּאָסטען אַרבייט ער ביז היינט. דער פּאָסטען פון אַ פאַרוואַלטער פון דער דאָזיגער אָפּטיילונג איז זעהר אַ שווערער און פאַראַנטוואָרטליכער, ווייל דאָ האָט מען צו טאָן מיט אַלע טענות ומענות, מיט אַלע נויטען און פאָדערונגען פון די צעהנדליגע טויזענטער פאַרזיכערטע אין קראַנקען־קאַסע, אין דר. ראַפּעס האָט זיך ארויסגעוויזען פאַר'ן ריכטיגען מענשען אויף דעם אָרט, וואָס רופט ארויס צו זיך די אַלגעמיינע צופרידענהייט און אַכטונג, סיי מצד קריסטען, סיי מצד אידען.

אין 1927 זיינען פאָרגעקומען די צווייטע וואַלען אין ווילנער שטאָדט־ראַט, — איז דר. ראַפּעס אויך דאָ דורכגעגאַנגען אויף דער ליסטע פון „בונד" אַלס ראַטמאַן. ביי די נייע וואַלען צום ווילנער שטאָדט־ראַט היינטיגען יאָהר 1934, איז דר. ראַפּעס ווידער דורך אַלס ראַטמאַן אויף דער זעלביגער בונדישער ליסטע.

אויפ'ן פאָרום פון ווילנער שטאָדט־ראַט קומט אויס דעם פאָרשטע־הער פון דעם אידישען האַרעפּאַשניק צו פיהרען אַ ביטערען געראַנגעל פאַר די ביטערע נויטען און פאַר די פּיצלעך רעכט פון אַט דעם אידישען אַרבייטער־וועהלער געגען דער אַנטי־פּראָלעטאַרישער און אַנטיסעמי־טישער קאָנצענטראַציע. און דר. יצחק ראַפּעס האָט זיך ארויסגעוויזען פאַר אַ מוטיגען, העלדישען, מסירת־נפש'דיגען קעמפער אין ריכטיגען און שעהנסטען זין פון דעם וואָרט. קיינמאָל פאַרפעלט ער ניט קיין זיצונג פון שטאָדט־ראַט און קיין איין זיצונג איז ניט מעגליך, גייט ניט פאַרביי אָהן זיינער אַ ראַנגעלערישער רעדע, אויף וואָס מען וואַרט אָהן זיינעם אַ בייסענדיגען וואָרט, וואָס פאַרוואונדעט טיף די שוואַרצ'ע נשמות. ער קעמפט ליידענשאַפטליך פאַר דאָס רעכט פון דער איד־

שער אָרעמקייט אויף ארבייט, אויף שטאָדטישער געזעלשאַפטליכער ארבייט, וואו דער מאַגיסטראַט האָט אַ טענדענץ, פּונקט ווי די אידישע בורזשואַזיע אין דער גאַנצער וועלט, אויסצומיידען דעם אידישען אַר־בייטער, וואָס איז אַ פּאַריאַ אין אַלוועלטליכען פּראָלעטאַריאַט. ער קעמפט פאַר אידישער גלייכבארעכטיגונג אין דער פראַגע פון סאָציאַ־לער הילף און אין דער פראַגע פון נאַציאָנאַלער קולטור. ער פאַרטיי־דיגט מיט ברען דאָס אידישע שול־וועזען און פאָדערט פון מאַגיסטראַט אַ גערעכטיגע אונטערשטיצונג פאַר די אידישע שולען, וואָס ראַנגלען זיך שוין אַ רייע יאָהרען מיט אויסערגעוויינליכער מסירת־נפש פאַר זייער קיום. אין פאַרגלייך מיט דער גאַנצער ניט־אידישער באַפעלקערונג צאָהלען אידען דעם גרעסטען פּראָצענט שטייערען, און אויף זייערע סאָציאַלע און קולטורעלע נויטען באַקומען זיי ברעקלעך. האָט דר. ראַפעס, ווי אַן אמת׳ער פאָלקס־טריבון, געוואָרפען אין פּנים די היינ־טיגע בעלי־בתים פון לעבען זייערע ביטערע אמת׳ן, און צווישען איהם און געוויסע אָנגערירטע פּאַרשוינען זיינען פאָרגעקומען העפטיגע צו־זאַמענשטויסען. באַזונדערס פאַטאַלע צוזאַמענשטויסען האָט דר. ראַפעס געהאַט מיט דר. בראָקאָווסקי, אַ מיטגליד פון דער הערשענדיגער „אומפּאַרטייאישער" פּאַרטיי, וואָס האָט אויף אַן עפענטליכער זיצונג פון שטאָדט־ראַט געזאָגט, אַז עס איז געשלאָסען געוואָרען אַ פּאַקט צווישען דעם „בונד" און ק. ד. („קריסטליכע דעמאָקראַטיע", אַ קלעריקאַלע פּאַרטיי) געגען דער סאַנאַציע. דר. ראַפעס האָט דאַן אויסגערופען מיט אויפגעבראַכטקייט:

— קלאַמסטוואָ! (שקר).

און ווען יענער האָט נאָך אַמאָל געפּרואווט איבער׳חזר׳ן דאָס זייניגע, האָט דר. ראַפעס נאָך שטאַרקער און נאָך העכער מיט אַ טאָן פון פאַראַכטונג אויסגערופען:

— קלאַמסטוואָ!

דאַן האָט דר. בראָקאָווסקי דערלאַנגט דר. ראַפעס׳ן זיין וויזיט־קאַרטע...

די גאַנצע געזעלשאַפט אין ווילנע, די אידישע און די פּוילישע, האָט געקאָכט מיט׳ן דועל צווישען דר. ראַפעס און בראָקאָווסקי. מ׳האָט פון אַלע זייטען אָנגעווענדעט אַלע מיטלען ניט צו דערלאָזען צום דועל, און ער איז ניט פאָרגעקומען. באַלד איז אָבער פאָרגעקומען אַ צוויי־טער צוזאַמענשטויס, וואָס האָט זיך געענדיגט שוין פיל ערגער. דר. בראָקאָווסקי, וואָס איז דאַן געווען הויפּט־דאָקטאָר פון אַלע ווילנער שולען, איז אַרויסגעטראָטען אין דער מאָנאַרכיסטישער „סלאָוואָ" מיט אַ ווילדער אַטאַקע געגען די אידישע שולען, אַז זיי זיינען „אַנטי־מלוכה׳ש, פּונקט ווי עס זיינען אַנטי־מלוכה׳ש דר. ראַפעס און דער

בונד". דאן האָט דר. ראַפּעס די גאַנצע פראַגע פאָרגעבראַכט אויף א זיצונג פון שטאָדט־ראַט, וואו עס איז באַשלאָסען געוואָרען אָראָפּצו־זעצען דעם דר. בראָקאָווסקי, פאר זיינע רכילות און אָנפאַלען, פון זיין אמט אלס הויפּט שול־דאָקטאָר. דער וואָיעוואָדע (גובערנאַ־טאָר) האָט דעם באַשלוס פון שטאָדט־ראַט ניט באַשטעטיגט און דער ענין איז אַוועק צום מיניסטעריום. בעת א דעבאַטע וועגען דעם ענין אין שטאָדט־ראַט האָט דר. בראָקאָווסקי ווידער געמאַכט זיינע אינסי־נואַציעס און דר. ראַפּעס האָט ווידער געוואָרפען איהם אין פּנים די ווערטער:

— שקרים! דענונציאַציעס!

דאָס האָט דר. בראָקאָווסקי ניט אויסגעהאַלטען, האָט, ווי א פּחדן, אָפּגעהיט א מאָמענט פאַר איהם א גינסטיגען און איז אָנגעפאַלען אויף דר. ראַפּעס'ן פיזיש. דר. ראַפּעס האָט זיך אָבער אין דער אומגעריכט־קייט ניט פאַרלאָרען און איהם דערלאַנגט צוריק מיט א גרויסען פראָ־צענט, אַזוי, אַז עס האָט אָפּגעהילכט אין גאַנץ שטאָדט. דאן איז וועגען דעם גאַנצען ענין אריינגעטראָגען געוואָרען אַן אינטערפּעלאַציע, און אַלע פראַקציעס, אויסער דער סאַנאַציע (פּילסודטשיקעס), האָבען אָנערקענט די גערעכטיגקייט פון דר. ראַפּעס, קאַטעגאָריש פאַר'משפּט דר. בראָקאָווסקי'ן און ער האָט ענדגילטיג, אָהן אַפּעלאַציע, פאַרלאָרען זיין פּאָסטען.

דר. ראַפּעס האָט געהאַט און האָט א גרויסע ווירקונג אויף די אָנפיהרער פון קראַנקען־קאַסע און אויף'ן שטאָדט־ראַט — מיט דער שטרענגער לאָגיק פון זיינע אַרגומענטאַציעס, מיט דער גערעכטיגקייט פון די עצם ענינים, וואָס ער פאַרטיידיגט, מיט דער טיפער ערליכקייט און אויפריכטיגקייט זיינער, מיט זיין רעדנערישען טאַלאַנט, מיט דער־שעהנקייט און הארציגקייט פון זיין עצם ריידען. אין משך פון די יאָהרען 1924—1928 האָט ער אריינגעבראַכט און איינגאָרדענט א רייע אידישע אָנגעשטעלטע אין קראַנקען־קאַסע — געגען דער שטומער טראַדיציע קיין אידען אָהין ניט אָנצונעמען, אריינגעבראַכט דעם דר. מרגלית אלס רענטגענאָלאָג אין קראַנקען־קאַסע און געראַטעוועט מאַסען מענשען. ווען דער הויפּט־דאָקטאָר פון קראַנקען־קאַסע האָט אָפּגעזאָגט פון דער שטעלע א אידישען אָנגעשטעלטען פאַר זיין ריידען צו איהם רוסיש, כאָטש ער האָט עס איהם אַליין פריהער ערלויבט, האָט דר. ראַפּעס מיט זיין שטאַרקער ווירקונג אויף'ן איינגעשפּאַרטען הויפּט־דאָקטאָר אויסגעפיהרט, אַז דער אָנגעשטעלטער איז צוגענומען געוואָרען צוריק. ווען דר. ראַפּעס געפינט א זאַך פאַר גערעכט, זעצט ער זיך אָן און רעזיגנירט ניט ביז ער פיהרט זי אויס. צו אַן אומגערעכטער זאַך נעמט ער זיך קיינמאָל ניט.

אין 1931 איז ער געוואָרען פאָרזיצער פון דער ווילנער „אידישער טעאַטער געזעלשאַפט" און האָט אָנגעהויבען קעמפען פאַר אַ קינסט-לערישען טעאַטער, פאַר אַ ריינעם, קינסטלערישען רעפּערטואַר; האָט אין שטאָדט־ראַט אויסגעקעמפט אַ יעהרליכע סובסידיע פון 10,000 גילדען פאַר'ן אידישען טעאַטער און אויסגעפיהרט, אַז דאָס געלט זאָל דער מאַגיסטראַט געבען ניט די דירעקטאָרען פון טעאַטער, וואָס האָבען איהם פאַרשוועדעוועט, נאָר דורך דער טעאַטער געזעלשאַפט, וואָס אַ דאַנק איהר שטיצע האָט די „ווילנער טרופּע" באַקומען אַ שטיקעל מעגליכקייט צו אַרבייטען אין איהר היים און ניט אייביג צו זיין נע־ונד.

דר. ראַפעס איז פאָרזיצער פון דער ווילנער אידישער ספּאָרט־אָרגאַניזאַציע „מאָרגענשטערען", וואָס איהרע מיטגלידער שטעהען אונ-טער דער השפּעה פון „בונד", אָבער אַלס אָרגאַניזאַציע איז זי אומ-פּאַרטייאיש, און ער האָט אין שטאָדט־ראַט אויסגע'פּועל'ט אויך פאַר איהר אַ סובסידיע פון 1,000 גילדען און אַמאָל אויך 1,200, בעת „מכבי" באַקומט פון 3 ביז 4 טויזענט גילדען.

דר. ראַפעס שטעהט אין גאַנצען אויפ'ן באָדען פון דער אידישער קולטור. ער איז געווען מיטגליד פון פּלענום צ. ב. ק. און טוט פאַר דער אידישער שול; איז געווען מיטגרינדער און אַקטאָר פון דעם געוועזענעם אידישען פאָלקס־אוניווערזיטעט אין ווילנע און האָט גע-האַלטען אַ סך רעפעראַטען וועגען סאָציאַלער פאַרזיכערונג און וועגען סאָציאַלער געזעצגעבונג. ער האָט זיך באַטייליגט מיט אַ רייע אַרטיק-לען אין דער בונדישער פּרעסע: אין „אונזער פאָלקס־צייטונג", „אונ-זער צייט", „אונזער געדאַנק", „אונזער שטימע", אויך אין „פנקס" פון דער היסטאָריש־עטנאָגראַפישער געזעלשאַפט („די טעטיגקייט פון „אָזע" אין ווילנע") און אין „ווילנער טאָג" („פינף יאָהר טעטיגקייט פון „טאָז"").

---

אומעטום, סיי אין קראַנקען־קאַסע, סיי אין שטאָדט־ראַט, האָט דר. ראַפעס אַלע מאָל געאַרבייט בהסכם מיט די דירעקטיוועז פון „בונד", אָבער בנוגע דער אַקטיוויקייט און דעם באַזיס פון זיין טעטיג-קייט איז ער געווען מעהר ווי „בונד", — ער האָט געטאָן זיין אַרבייט אַ סך מעהר, ברייטער און אינטענסיווער, ווי מ'האָט עס פון איהם גע-פאָדערט. ער האָט פאַרטיידיגט און פאַרטיידיגט ביז היינט ניט בלויז די אינטערעסען פון די אַרבייטער, נאָר האָט זיך אָנגענומען און נעמט זיך אָן פאַר דער גאַנצער אָרעמשאַפט, פאַר אַלע באַ'עוול'טע און גע-דריקטע — מאַסען און יחידים. מאַסען מענשען קומען צו איהם נאָך אינטערוועניץ, נאָך הילף; עס איז פשוט אוממעגליך אויסצורעכענען די אומגעהויערע צאָהל פאַרשיידענאַרטיגע אינטערווענצען פאַר טויזענ-

טער און טויזענטער מענשען און פאַר אידישע געזעלשאַפטען — אין טויזענטער ענינים פון שטייערען, פון סאָציאַלער און מעדיצינישער הילף, פון קולטור בכלל און פון שולען בפרט. דאָס אַלץ האָט ער געטאָן און טוט מחוץ דער ליניע פון „בונד", ווי זאָכען, וואָס זיינען פאַרבונדען מיט זיין פּערזאָן. ער האָט אַלץ געטאָן און טוט מעהר ווי זיין פליכט פאָדערט עס פון איהם. ער האָט זיינע פּערזענליכע אינטערעסען פאַרלאָזען, ער האָט זיין מעדיצינישע קאַריערע בפועל ממש מקריב געווען — פאַר'ן כלל, — און אין רעזולטאַט האַלט ער איצט ביים פאַרבלייבען ארבייטסלאָז. די קראַנקען־קאַסע איז רעדוצירט געוואָרען אויף 50 פּראָצענט און דר. ראַפּעס איז אויך איינער פון די געקינדיגטע אָנגעשטעלטע פון דער קראַנקען־קאַסע, וואָס זייער טערמין ענדיגט זיך דעם 10טען נאָוועמבער פונ'ם לויפענדיגען יאָהר 1934. אָבער ער איז ניט פאַרצווייפעלט, דר. ראַפּעס, ער איז פול מיט אָפּטימיזם און האָט קיין חרטה ניט, ער פיהלט זיך צופרידען, גליקליך מיט זיין ביזהעריגער טעטיגקייט.

באמת — אַ גאַנצע, שטאַרקע, מאָראַלישע פּערזענליכקייט, וואָס אויף אַזאַ זאָגט מען: ירבו כמוהו בישראל!

## דר. אַלכסנדר ליבאָ

געבוירען אין ווילנע אין 1890. זיין פאָטער, יואל ליבא, אַ קאַכעל־פאַבריקאַנט, און זיין מוטער, נעשע, האָבען געגעבען די קינדער אַ שטרענגע אידישע און וועלטליכע דערציהונג. אַלעקסאַנדער האָט געלערענט אין חדר, אין גימנאַזיע און ביז'ן 8טען קלאַס אויך העברעאיש און אַנדערע אידישע לימודים ביי די לעהרער און שריפטשטעלער דוד נאָטיק ז"ל און יוסף־אליהו טריוואַש. געקענט גוט העברעאיש און געדרוקט זיך אין „עולם קטן" און „החיים והטבע" אין די אָפּטיילונגען פאַר קינדער־שאַפונג. גימנאַזיע געענדיגט אין 1908 און מעדיצין אין דאָרפּאַטער אוניווערזיטעט אין 1913.

אַלס סטודענט געווען טעטיג אין „אידישען פאַראיין פאַר ליטעראַטור". ספּעציאַליזירט זיך אין פּעטערבורג און אין בערלין אויף נאָז, האַלז און אויערען.

בעת דער וועלט־מלחמה מאָביליזירט געוואָרען און געאַרבייט אין שפּיטאָל פון רויטען קרייץ; וואָס איז געגרינדעט געוואָרען דורך דער פּעטערסבורגער אידישער קהילה, אויך אין „אָזע" אין פּעטראָגראַד און אויפ'ן מערב־פראָנט אויף דער ליניע באַראַנאָוויטש־מינסק. אין 1918 געקומען צוריק קיין ווילנע, וואו דר. א. מאַקאָווער האָט געגרינדעט אַן אָפּטיילונג פון „אָזע" און איהם צוגעצויגען צו דער אַר־

בייט. נאָך דר מאַקאָווער'ס טויט איז דר. ליבאָ געוואָרען פּאַרוואַל־טער פון דער אַמבולאַטאָריע אויף זיין נאָמען און אָנגעפיהרט מיט ערפאָלג אין משך פון 10 יאָהר, פון 1922 ביז 1932.

די גאַנצע צייט זינט 1918 ביז היינט ארבייט דר. ליבאָ אין אי־דישען שפּיטאַל און אין קראנקען־קאַסע זינט איהר גרינדונג, וואו ער האָט צו טאָן מיט די אָרימסטע ברייטסטע שיכטען פון דער אידישער און ניט־אידישער באַפעלקערונג.

אַקטיוו זינט געקומען קיין ווילנע, זיך באַטייליגט אין די ארבי־טען פון „מכבי" און צוזאמען מיט דר. אליהו גלאָבוס און דר. אַלעק־סאַנדער ראָם פונאַנדערגעבויט די דאָזיגע ספּאָרט־אָרגאַניזאַציע און געגרינדעט ביי איהר די רודער־סעקציע.

געהאַלטען רעפעראַטען אויף טעמעס פון זיין פאַך, וועגען הי־גיענע, אָנשטעקענדיגע קראַנקהייטען און אנדערע אין פאַראיין פון די האַנדעלס־אָנגעשטעלטע, ביי די קליינהענדלער און אין אַנדערע פאַראיינען, געווען אויך פרעלעגענט אין דער שוועסטער־שול פון „טאָז".

אין „פאָלקס־געזונט" פאַרעפענטליכט א גאַנצע סעריע אַרטיקלען וועגען נאָז, אויערען און האַלז־קראַנקהייטען.

## דר. יעקב פייגענבערג.



דר. י. פייגענבערג

געבאָרען אין גראָדנע, אין יאָהר 1891, אין א סוחרישער פאַמיליע. זיין פאָטער, ר' אלישע בר. חיים־יהושע פייגענבערג, האָט גע־שטאַמט פון ר' דוד'ל דעם מירער ראש ישיבה (פון דער זעלביגער משפחה שטאַמט אויך די שריפטשטעלערין רחל פייגענבערג), און זיין מוטער פריידע — פון דער באַוואוסטער אַל־טער משפחה ב ר י ס ק פון בריסק דליטא, — און זיי האָבען דערצויגען זייער זוהן פריהער אויף תנ"ך און תלמוד און דערנאָך אויף וועלט־ליכע לימודים געענדיגט גימנאַזיע אין גראָדנע אין יאהר 1910, אוועקגעפאָהרען קיין דייטש־לאַנד, וואו ער האָט שטודירט מעדיצין אין מינכענער אוניווערזיטעט. מיט דעם אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה געמוזט איבעררייסען דעם שטודיום און צו־ריקגעקערט קיין רוסלאַנד, אָנגעקומען אין דאָרפּאַטער אוניווערזיטעט

און געענדיגט אין 1915. דאַן מאָביליזירט געוואָרען, געאַרבייט אין שטעטלעך אין ווייס־רוסלאַנד, אין שפּיטאָלען אין פּעטערבורג, אויך אין „אָזע", אין מיליטערישע שפּיטאָלען אויפ'ן רומענישען פראָנט און אין 1918 צוריק קיין ווייס־רוסלאַנד, וואו ווייטער געאַרבייט אַלס מיליטער־דאָקטאָר ביז די פּאָליאַקען האָבען סוף 1919 פאַרנומען דעם קאַנט.

אין 1920 צוריק קיין פּוילען, קיין גראָדנע, פּראַקטיצירט פּרי־וואַט אין דרוזגעניק, אין אַוגוסטאָוו און אין 1922 געקומען קיין ווילנע. דאָ איז ער גלייך אַריין אין „אָזע", וואו ער אַרבייט עד היום אין דער קינדער־אַמבולאַטאָריע א. נ. פון דר. א. מאַקאָווער און זינט צעהן יאָהר פאַרוואַלטער פון דער זויג־קינדערהיים פאַר אונטער־געוואָרפענע קינדער. זיין ספּעציאַליטעט — קינדער־קראַנקהייטען. דריטהאַלבען יאָהר האָט ער געאַרבייט אין קינדער־שפּיטאָל פון דער קהילה אין זוויערינייעץ אונטער דער אָנפיהרונג פון דר. ה. קאָוואַרסקי. די גאַנצע צייט זינט זיין קומען קיין ווילנע אַרבייט ער אויך אין משמרת חולים וואו ער גיט פאַר קראַנקע קינדער הילף אויף אַ היים. גע־אַרבייט אויך אין דער אַמבולאַטאָריע פון דאָקטוירים־פאַראיין די גאַנצע צייט פון איהר עקזיסטענץ. געווען שול־דאָקטאָר אין די גימ־נאַזיעס ווילער, „תושיה" און סאָפיע גורעוויטש.

ער איז מיטגליד פון דער ווילנער אָפּטיילונג פון דער אַלפּוילישער פּעדיאַטרישער געזעלשאַפט (געז. פון קינדער־דאָקטוירים), פון ווילנער אידישען דאָקטוירים פאַראיין פון ערשטען טאָג אָן, — איין יאָהר אויך פאַרוואַלטונגס־מיטגליד און סעקרעטאַר. איז אויך מיטגליד פון פאַרוואַלטונג פון „טאָז" און געווען מיטגליד אין פאַרוואַלטונג „מכבי".

געשטימט סאָציאַליסטיש און שטעהט פאַר דער אידישער קול־טור, פאַר דאָס אידישע שול־וועזען און זיינע קינדער לערנען זיך אין אַ אידישער שול (רעאַל־גימנאַזיע).

ער האָט געהאַלטען אַ סך רעפעראַטען אויף אידיש אין „אָזע" און אין שולען וועגען פאַרהיטען דאָס געזונט פון קינדער, וועגען דער־ציאונג און אויף אַנדערע טעמעס. האָט זיך ספּעציעל אינטערע־סירט מיט דער פראַגע וועגען איינשפּריצען קינדער געגען סקאַרלאַטין און דיפטעריט. האָט אויך פאַרעפענטליכט אַ פלוגבלאַט וועגען דעם. האָט מיטגעאַרבייט אין „פאָלקס־געזונט" און געדרוקט אַ רייהע אַר־טיקלען אין זשורנאַל „סאָציאַלע מעדיצין" וועגען דער שוועסטער־שול, וואו ער האָט געלייענט לעקציעס אויף אַלע דריי קורסען וועגען קינדער־פּלעגע און קינדער־דערנערונג.

א. י. גאָלדשמידט

## דר. אריה־לייב ווײנשטיין


דר. ווײנשטיין

א זוהן פון דעם וועלט־באַריהמטען אָפּע־רען זינגער יוסף ווײנשטײן ווינאָגראַדאָוו (ניו יאָרק). געבוירען אין ווילנע אין יאָהר 1892, געלערענט אין חדר, נאָכדעם אין גימנאַזיע, וואָס געענדיגט אין יאהר 1911, און אין 1916 געענדיגט מעדיצין אין דאָרפּאַטער אוניווערזי־טעט. פאַר אויסצייכענונג אויף מלחמה אלס מיליטער־דאָקטאָר האָט ער באַקומען פיר אָר־דענס. איבערגעלעבט דעם גאַנצען בירגער־קריג, איז ער אין יאהר 1922 צוריקגעקומען קיין ווילנע, וואו ער האָט פּראַקטיצירט א יאָהר, און נאָכדעם איז ער אַוועקגעפאָהרען קיין בער־לין, וואו ער האָט אין משך פון די יאהרען 1923־1925 זיך פארפולקאָמט אין דער שאַריטיי־קליניק און כירורגיע. זינט דאַן פּראַקטיצירט ער אין ווילנע אלס אָר־דינאַטאָר פון דער כירורגישער אָפּטיילונג אין מעדיצין שפּיטאָל און אלס אָרדינאַטאָר פון דער כירורגישער אָפּטיילונג אין דער קינדער־קליניק פון דער אידישער קהילה אין זוויערעניץ.

עטליכע יאָהר איז ער געווען מיטגליד אין פאַרוואַלטונג פון אי־דישען דאָקטוירים־פאַראיין. א טיכטיגער טוער אין דער קונסט־גע־זעלשאַפט, איז ער די גאַנצע צייט פון איהר עקזיסטענץ פאָרזיצער פון קינסטלערישען ראַט. איז אויך וויצע־פאָרזיצער פון „מכבי״ אין ווילנע.

אין די מלחמה־יאָהרען האָט ער געשריבען אין רוסישע צייטונגען אין סיביר און אין דער צייט פון בירגער־קריג רעדאַגירט א רוסישע צייטונג, האָט פאַרעפענטליכט אין רוסיש א רייהע לידער און פאַבלען.

דר. ווײנשטיין האָט אָנגעשריבען אין רוסיש אויך אייניגע דראַ־מען, וואָס פון זיי צייכענען זיך אויס „הורדוס״ און „שולמית״. די דראַמע „הורדוס״, וואָס איז נאָכדעם איבערגעזעצט געוואָרען אויף אידיש, איז פאָרגעלייענט געוואָרען אויף א ליטעראַרישען אָוונט אין ווילנער אידישען ליטעראַטען פאַראיין און האָט אַרויסגערופען זעהר אן אינטערעסאַנטע דיסקוסיע, וואָס האָט זיך אויפגעהויבען ביז גאָר א הויכער מדרגה.

## דר. אייזיק בן חיים גאָלדבורט



דר. גאָלדבורט

געבאָרען אין ווילנע אין יאהר 1893 אין א סוחר'ישער פאמיליע. זיין פאָטער איז גע־ ווען זעהר א אידיש־געלערענטער און וועלט־ ליך־געבילדעטער מאן, א הערליכער טיפּ פון א משכיל, וואס זיין הויז איז געווען אָפען פאר יוגענט און פאר מענשען מיט העכערע שטרע־ בונגען. ער האָט געהאַט אַן אייגענע רייכע ביבליאָטעק, וואו מען האָט געקענט געפינען די מערקווירדיגסטע ליטעראַרישע, פילאָזאָ־ פישע און וויסענשאַפטליכע עקזעמפּלאַרען אין העברעאיש, אידיש, רוסיש, דייטש און אנדערע שפּראַכען. ער פלעגט אויסשרייבען די בעסטע זשורנאַלען און צייטונגען און פלעגט זאָגען: „כל דכפין ייתי ויאכל — ווער עס האָט דאָרשט נאָך שעהנעס און גייסטיגס, זאָל קומען אהער,— מיין ביבליאָטעק איז פאר איהם גרייט". און חברה יוגענט האָט זיך ניט געלאָזט בעטען און האָט געשמאַק געלייענט און געפיהרט שטורעמדיגע דיסקוסיעס ביי חיים גאָלדבערג (מ'האָט ניט געוואוסט, אַז זיין פאמיליע איז גאָלדבורט) אין הויז — וועגען די נייעסטע וויסענ־ שאַפטליכע אויסגעפינסען, וועגען די לעצטע קורסען אין דער וועלט־ פּאָליטיק, וועגען רעוואָלוציע, סאָציאַליזם, ציוניזם און אַנדערע איזמען, און פאר איין גאַנג געליהען ביכער און קיינמאָל ניט אָוועקגעגעבען. דאָך איז מען דאָ אין הויז קיינמאָל ניט געווען אין כעס אויף די צו־ שלעפּער פון דער טייערער ביבליאָטעק, — פאַרקערט: די פרוי פייגע גאָלדבערג (גאָלדבורט), וואָס שטאַמט פון די משפּחות דייכעס און אָגוז, וועלכע האָבען ארויסגעגעבען א רייכע דיפּלאָמירטע אינטעליגענץ, ליטע־ ראַטען, קינסטלער, פּעדאַגאָגען און געזעלשאַפטליכע טוער, — זי איז געווען פאר די „האָלאָדראַנצעס", פאר דער הונגעריגער באָהעמיע, ווי א מוטער, האָט זיי נאָך מכבד געווען מיט פּוטער־ברויט און זיסע טיי און אָפט אויך מיט א מיטאָג. דאָס איז געווען א בית ועד פאר די עקסטערנעס, וואָס האָבען דאַן געבילדעט דעם רוב מנין ורוב בנין פון דער אידישער שטודירענדיגער יוגענט.

אין אַט אַזא אַטמאָספערע איז געוואַקסען און האָט זיך דערצויגען אייזיק גאָלדבורט. ער האָט געלערענט אין חדר, אין גימנאַזיע און אין דער צייט פון גימנאַזיע געלערענט אין דער היים ביי די בעסטע לערער העברעאיש, אידישע געשיכטע און אַנדערע אידישע לימודים. געענדיגט

גימנאַזיע אין 1912 און שטודירט מעדיצין אין גענף (שווייץ) און אין דאָרפּאַטער אוניווערזיטעט, וואָס געענדיגט אין 1916.

דר. גאָלדבורט איז, ווי אַלע יונגע דאָקטוירים, מאָביליזירט גע־וואָרען, האָט געדינט אַלס מיליטער־דאָקטאָר אין זעמסקע שפּיטאָלען, אויף די פראָנטען און צוריקקומענדיג אין 1918 אַהיים קיין ווילנע, האָט ער געפונען זיין היים חרוב ומוחרב. באַלד איז אין זיין היים געשעהן אַ שוידערליכע טראַגעדיע: אין דעם בייז־באַוואוסטען זיבעטען טאָג פּסח תרע"ט, ווען די אומפּאַרשעמטע „זון האָט שעהן געשיינט און די אַקאַציע האָט געבליהט — האָט דער שוחט גע'שוחט'ן", געשניטען אַ שניט פון אידישע קעפּ; דאָן איז דערשאָסען געוואָרען דער הייליגער א. ווייטער, דאָן זיינען אויף פאַרשיידענאַרטיגע אַכזריות'דיג־מאוימ'־דיגע אופנים אומגעבראַכט געוואָרען 64 אידישע לעבענס און דאָן האָט מען צונויפגענומען אַכט שעהנע בליהענדיגע יונגעלייט, אַוועקגעפיהרט זיי אויף ליפּאָווקע (איהר געדענקט נאָך געווים, ליבע לאַנדסלייט, ליפּאָווקע!), געהייסען זיי אַליין אויסגראָבען פאַר זיך אַ קבר און אַליין אַריינוואַרפען זיך אין אָט דעם קבר, — אַ טייוולאָנישער פּלאַן, וואָס דאַנטע'ס גיהינום ווערט בלאַס פאַר איהם, — און אָט אַזוי האָט מען זיי לעבעדיגערהייט באַגראָבען און אַביסעל אונטערגעשאָסען, עס זאָלען זייערע קולות זיך ניט הערען, — און צווישען די אַכט איז אויך געווען דר. גאָלדבורט'ס ברודער — משה נתן גאָלדבורט, אַ אידעאַליסט פון קאָפּ ביז די פיס — — —

די אַלטע מוטער פייגע גאָלדבורט איז געבליבען קלאָגען איהר אייביגע קלאָג: אויף איהר מאַן, וואָס איז אַוועק אָהן אַ צייט פון דער וועלט, אויף איהרע אַנדערע אומגעקומענע קינדער און באַזונדערס אויף איהר אומגעבראַכטען מיזיניק משה־נתן, און יאָמערט און קלאָגט אַזוי ביז היינטיגען טאָג. איהר עלטערער זון, לייב גאָלדבורט, איז אַוועק קיין ראַטען־פאַרבאַנד, האָט זיך דאָרטען פאַרגראָבען אין דער וויסענ־שאַפט און איז היינט צו טאָג פּראָפעסאָר פון פּאָליטישער עקאָנאָמיע אין לענינגראַדער אוניווערזיטעט — פּראָפ. ליעוו יעפימאָוויטש מי־ליאיעוו. און דער אינגערער זון, דר. אייזיק גאָלדבורט, איז מיט אַ טיפען פאַרבאָרגענעם צער אין הארצען פאַרבליבען אין דער היים מיט דער מוטער — — —

אין די יאָהרען 1919—1920 איז דר. גאָלדבורט געווען סעקרעטאַר פון „אָזע". זינט 1923 ביז היינט אַרבייט ער אַלס ראַיאָן־דאָקטאָר אין קראַנקען־קאַסע, וואו ער איז פאָרזיצער פון ראַט (געוויילט פון „בונד").

ער איז געווען שול־דאָקטאָר און לערער אין די שולען פון צ. ב. ק.— אין די אידישע גימנאַזיעס, וואו ער האָט געגעבען נאַטור־וויסענשאַפט,

ביאָלאָגיע און פילאָזאָפישע פּראָפּעדעווטיג (לאָגיק און פּסיכאָלאָגיע). געהאַלטען אַ רייע פאָרלעזונגען אין פאַרשיידענע אינסטיטוציעס און געגעבען אַ סיסטעמאַטישען קורס פון סאָציאַלער היגיעניע אין געוועזענעם פאָלקס־אוניווערזיטעט אין ווילנע. ער האָט אויך אָנגעפיהרט דעם סעמינאַר פון היגיענישער פּראָפּאַגאַנדע אין דער שוועסטער־שול ביי „אָזע" אין די יאָהרען 1922—1923 און געהאַלטען אַ ציקעל פאָרלעזונגען אין „מכבי" וועגען היגיעניע פון פיזישע איבונגען אין יאָהר 1922, און וועגען היגיעניע פון דרוקער אין דרוקער־פאַראיין.

דר. גאָלדבורט איז מיטגרינדער און וויצע־פּאָרזיצער פון דער ווילנער עספּעראַנטאָ געזעלשאַפט „יוניווערסאָ" און מיטגליד פון קאָמיטעט פון צ. ב. ק.

ער האָט געשריבען אַ גאַנצע רייע אַרטיקלען אין דער „נייער שול", אין „שול און היים", אין „פאָלקס־געזונט" און אין די ווילנער צייטונגען.

אין דער אויסגאַבע פון אידישען פּראָפעסיאָנעלען פאַראיין אין ווילנע איז אין 1928 אַרויס דר. גאָלדבורט'ס פּאָפּולערע בראָשור „היגיעניע פון דרוקער", אַן איינציגע אין איהר מין, און אין דער אויסגאַבע פון דער ווילנער עספּעראַנטאָ געזעלשאַפט — זיין בראָשור „די אינטערנאַציאָנאַלע הילפס־שפּראַך", וואָס האָבען אַרויסגערופען סימפּאַטישע רעצענזיעס אין דער פּרעסע.

אָבער חוץ זיין פּריוואַטער און געזעלשאַפטליכער מעדיצינישער פּראַקטיק אַלס דאָקטאָר פון אינערליכע און קינדער־קראַנקהייטען, און חוץ זיינע אַנדערע געזעלשאַפטליכע טעטיגקייטען, זיצט דר. גאָלדבורט און אַרבייט וויסענשאַפטליך אויף מעדיצינישע טעמעס און האָט שוין פאַרעפענטליכט ערנסטע אַרבייטען אין פוילישע און דייטשע זשורנאַלען.

אין דער לעצטער צייט האָט ער אָנגעשריבען און פאַרטיידיגט אין ווילנער אוניווערזיטעט אַ דיסערטאַציע וועגען „אידישער פּאַטאָלאָגיע" און האָט דעם 23טען אָקטאָבער פון דעם לויפענדיגען יאָהר 1934 דערפאַר באַקומען דעם וויסענשאַפטליכען גראַד „דאָקטאָר פון מעדיצין".

## דר. רפאל שאַדאָווסקי


דר. ר. שאַדאָווסקאַ

געבאָרען אין ווילנע אין 1897 אין אַן אינטעליגענטער פאַמיליע פון אַן אָנגעשטעלטען, וואָס האָט געלעבט געדריקט. ער האָט געלערנט אין פּערלמאַנ'ס חדר און ביי ר' מאיר קיידאַנער תנ"ך און תלמוד און קען די העברעאישע שפּראַך. אין 1915 געענדיגט כהנ'ס גימנאַזיע

אין ווילנע און אָנגעקומען אין פּעטראָגראַד אויף יורי, אָבער באַלד מאָביליזירט געוואָרען און אָפּגעדינט דריטהאַלבען יאָהר אַלס פּראָסטער סאָלדאַט, נאָר נאָך דער פעוורואַל־רעוואָלוציע דערהויבען צו אָפיצער. אין 1918 דעמאָביליזירט. איבער'ן פריהצייטיגען טויט פון'ם פאָטער — צוריק אַהיים. אין 1919 אָנגעקומען אויף מעדיצין אין ווילנער אוני־ווערזיטעט און געענדיגט אין 1925.

זיין גאַנצען שטודיום, פון גימנאַזיע ביז דאָקטאָר־דיפּלאָם, האָט דר. שאַדאָווסקי דורכגעמאַכט מיט אייגענע מיטלען, מיט דער הילף פון פּריוואַטע לעקציעס.

דאַן האָט ער געאַרבייט צוויי יאָהר אַלס אַסיסטענט אין דער אוניווערזיטעטישער קליניק פאַר אינערליכע קראַנקהייטען און פון 1927 ביז היינט — אין משמרת־חולים אַלס ספּעציאַליסט אין אינערליכע קראַנקהייטען. זינט 1928 אַרבייט ער געזעלשאַפטליך אין „טאָז", וואו ער איז מיטגליד פון פאַרוואַלטונג און פאָרזיצער פון דער קאָלאָניע־קאָמיסיע. מיטגליד פון אידישען דאָקטוירים־פאַראיין, פון דער אַל־פּוילישער „דאָקטוירים־קאַמער" און פון דער „ווילנער מעדיצינישער געזעלשאַפט". געוועזן פאַרוואַלטונגס מיטגליד פון „הילף דורך אַרבייט".

פון 1926 ביז היינט — שול־דאָקטאָר אין די ווילנער אידישע און העברעאישע פאָלקס־שולען.

געהאַלטען רעפעראַטען אין אידישען דאָקטוירים פאַראיין און אין דער ווילנער מעדיצינישער געזעלשאַפט.

מיט וויסענשאַפטליכע אַרבייטען זיך באַטייליגט אין „פּאַמיעטניק ווילענסקעגאָ טאָוואַזשישטוואַ לעקאַרסקעגאָ" און אַנדערע פּוילישע צייטשריפטען. אין „פאָלקס־געזונט" און „סאָציאַלער מעדיצין" גע־דרוקט אַרטיקלען וועגען שול־מעדיצין. וויסענשאַפטליכע אַרבייטען: „וועגען געשווירי־גער אַנטצינדונג פון גראָבען דאַרם" און „וועגען „וואַסערניר".

אין פאַרלאַג פון הירש מעץ אין ווילנע אין 1923 פאַרעפענטליכט געוואָרען א לערנבוך „אַל־געבראַ פאַר אָנפאַנגער".


דר. יהודה געניזעל

## דר. יהודה געניזעל

געבאָרען אין יוליע אין 1903, געלערענט אין פערעלמאַנ'ס חדר. געענדיגט גימנאַזיע אין 1920 און מעדיצין אין באַזעלער אוניווערזיטעט אין 1926. דיסערטאַציע פאַרטיידיגט ביי פּראָפ. ראָבערט בינג (א איד), איינעם פון די גרעסטע פּראָפעסאָרען פון נעוראָלאָגיע. אין יאָהר 1927

געבאָרען אין ווילנע אין 1903, געלערענט אין פּערעלמאַנ׳ס חדר. געענדיגט גימנאַזיע אין 1920 און מעדיצין אין באַזעלער אוניווערזיטעט אין 1926. דיסערטאַציע פּאַרטיידיגט ביי פּראָפ׳ ראָבערט בינג (אַ איד), איינעם פון די גרעסטע פּראָפעסאָרען פון נעווראָלאָגיע. אין 1927 גאַסטריפיצירט זיך און אָנגעקומען אַלס אַסיסטענט צו פּראָפ. וולאַדימשקאָ אין ווילנער אוניווערזיטעט און געאַרבייט ביז׳ן שליסען פון דער קליניק אין 1934. פון 1930 ביז היינט — אַסיסטענט פון דער געשיכטע און פילאָזאָפיע פון מעדיצין. זינט דאַן אַרבייט ער אויך אין פּסיכאָלאָגישען קאַבינעט ביים מאַגיסטראַט, וואָס עס ווערט דורכגעפיהרט די סעלעקציע (אָפּקלייב) פון די קינדער.

שטענדיגער קאָנסולטאַנט פון דער עווגענישער באַראַטונגס־שטעלע אויפ׳ן געביט פון פּסיכאָאַנאַליזע און באַרופס־באַראַטונג. פון 1927 אַרבייט ער אויך אין דער באַראַטונגס־שטעלע פאַר אַלקאָהאָליקער.

איז פּאָרזיצער פון דער אידישער געזעלשאַפט פאַר ספּעציעלער דערציאונג אין ווילנע. די געזעלשאַפט זאָרגט פאַר דער „שול פאַר דעפעקטיווע קינדער" (אָפּגעשטאַנענע), וואָס געפינט זיך אין בנין פון דער קהילה אונטער דער אָנפיהרונג פון דר. וויטאַ לעווין — אַ פעהיגער און אַלזייטיג־געבילדעטע פּעדאַגאָגין מיט אַ דערהויבענער נשמה, וואָס איז זיך ממש מוסר נפש פאַר די אומגליקליכע קינדער.

דר. גענזעל איז אויך מיטגליד פון קאָמיטעט פון „טאָז", אַרבייט אין משמרת־חולים און אַלס שול־דאָקטאָר אין די אידישע פאָלקסשולען פון די פאַרשיידענע צענטראַלעס.

ער האָט געהאַלטען רעפעראַטען: וועגען אָפּגעשטאַנענע קינדער; וועגען נערוועזע קינדער; וועגען אונטערזוכונגען פון אינדיווידועלער אַרבייט ער אויך אין דער באַראַטונגס־שטעלע פאַר אַלקאָהאָליקער.

דר. גענזעל האָט פאַרעפענטליכט אַ רייע פּאָפּולערע אַרטיקלען וועגען „געוועהנליכע היגיענע" אין דער וועכענטליכער „האַנטווערקער שטימע", ווילנע, 1933, אונטער דער רעדאַקציע פון דעם יונגען טאַלאַנטפולען נתן רודנער, וואָס זיין לעבען איז איבערגעריסען געוואָרען נאָך איידער עס האָט זיך צובליהט.

דר. יהודה גענזעל גיט גרויסע האָפנונגען.

## 2. באַריהמטע ווילנער פּערזענליכקייטען אין ליטעראַטור, פּובליציסטיק, קונסט, וויסענשאַפט.— רבנים, משכּילים. — פּריידהייטס־קעמפער. — געזעלשאַפטליכע טוער.

אברהם רייזען.

### אייזיק מאיר דיק אַלס היסטאָריקער פון דער שטאָט ווילנע.

(וועגען צוויי וויכטיגע ווערק פון אייזיק מאיר דיק)



אין א געשפּרעך מיט דעם אידישען היס־טאָריקער ש. דובנאָוו, האָט זיך מענדעלי מוכר ספרים אויסגעדריקט, אז אויך ער, מענדעלי, איז א היסטאָריקער.

און ס'איז ניט קיין גוזמא. יעדעס ווערק פון א שריפטשטעלער, וואָס קען ניט דינען אין יאָהרען ארום אויך אַלס היס־טאָרישער מאַטעריאַל, איז פון נישטיגער באַ־דייטונג.

דער קינסטלער, דער בעלעטריסט, און אפילו דער פּאָעט, איז נאָר דאַן וויכטיג און האָט א בערך אייביגע באַדייטונג, ווען אין זיינע שאַפונגען זיינען פארקערפּערט געוואָרען געשטאַלטען, אָדער איבערגעגעבען געוואָרען סיטואַציעס, וואָס ווערען אָדער אַליין גע־שיכטע, אָדער דינען אַלס מאַטעריאַל פאַר געשיכטע־שרייבער.

פון האָמער'ס איליאַדע ביז די ניבעלונגען, פון דער פינישער קאַלעוואַדאַ ביז א לירישע פאָלקס ליד — אין וואָס פאַר א שפּראַך, פון וואָס פאַר א פאָלק עס זאָל ניט זיין — לערנען מיר דאָס לעבען, די זיטען, די מנהגים פון יענע מענשען און פון יענער צייט.

ווען מען נעמט אפילו אזא, אין גרונט גענומען, לייכט פאָלקס־ליד ווי דאָס פאָלגענדע:

איך בין שוין א מיידעל אין די יאָהרען,
וואָס האָסטו מיר מיין קאָפּ פאַרדרעהט;
איך וואָלט שוין לאַנג א כלה געוואָרען,
און אפשר חתונה געהאַט.

און אויב עס גענהט דיר אין נדן —
די מאַמע וועט פאַרקויפען די שטיב,
און מיר וועלען ביידע חתונה האָבען,
ווייל איך האָב דיך אַזוי ליב.

לערנען מיר, אַז צוליב חתונה מאַכען א טאָכטער און צו געבען דער כלה נדן, האָט מען געמוזט פאַרקויפען די שטוב. שוין איצט, ביים נייעם אָרט לעבען, ווען נדן ווערט שוין ניט געגעבען, באַקומט דאָס לידעל א היסטאָרישען כאַראַקטער.

קען מען זיך שוין פאָרשטעלען, ווי גרויס און ווי וויכטיג איז דער היסטאָרישער מאַטעריאַל אין די ווערק פון אונזערע קלאַסיקער, וואָס ווען זיי האָבען געשריבען זייערע ערצעהלונגען פון דעם דאַמאַלסדיגען איצט, האָבען זיי געהאַט, ווי מען זאָגט, „אַן אויג" אויף דעם שפּעטער, אויף דער צוקונפט. צי באַוואוסטזיניג, צי אינטואיטיוו, זיינען זיי אויסען געווען צו געבען א בילד פון זייער צייט און פון זייער דור מענשען פאַר די שפּעטערדיגע דורות.

אין אָט דעם זין איז אייזיק מאיר דיק איינער פון די וויכטיגסטע שרייבער אין דער אידישער שפּראַך. פון זיינע ווערק, פון זיינע הונדערטער דערציילונגען קען דער היסטאָריקער שעפּען גאַנצע קאַפּיטלען, וואָס זיינען וויכטיג פאַר דער אידישער געשיכטע.

איבערהויפּט האָט אייזיק מאיר דיק אין זיינע ערצעהלונגען געגעבען א קולטור בילד פון דער שטאָט ווילנע, אין וועלכער ער איז געבוירען געוואָרען און האָט דאָרט אָפּגעלעבט זיין גאַנצען פּרוכטבאַרען לעבען.

צי ער רופט אָן ווילנע מיט איהר ריכטיגען נאָמען, צי ער דרעהט איבער אַמאָל דעם נאָמען און רופט זי ליוונא, — זעהען מיר די דאָזיגע וויכטיגע שטאָט ווי זי האָט אויסגעזעהן, ווי זי האָט געלעבט, געליטען און געהאָפט און אפילו געקעמפט קעגען איהרע בעלי טובות און רעדל-פיהרער.

פאַראַנען ביי איהם ערצעהלונגען, וואָס זיינען ניט נאָר מאַטעריאַל פאַר געשיכטע, נאָר זיינען געשיכטע אַליין — די געשיכטע פון דער שטאָט ווילנע מיט איבער הונדערט יאָהר צוריק.

צו די דאָזיגע ערצעהלונגען געהערט די אמת וואונדערליכע היסטאָרישע ערצעהלונג, וועלכע ער רופט מיט'ן נאָמען „דער אידישער פּאָסלאַניק", „איינע זעהר שעהנע און אינטערעסאַנטע געשיכטע, וואָס עס איז געשעהען אין דעם יאָהר 1822".

ווען ער האָט געשריבען די ערצעהלונג (וואָס ענטהאַלט 64 זייטען, גרעסערער פאָרמאַט), איז ניט באַקאַנט. געדרוקט געווען איז זי צום ערשטען מאָל שוין אין יאָהר 1880. הייסט עס, מיט קאַרגע

זעכציג יאָהר נאָך דער פּאַסירונג, וועלכע ער באַשרייבט אין דעם „אי־דישען פּאָסלאַניק". אין איין שטעלע, אין דער זעלביגער ערצעה־לונג, רעדט ער אין זיין אייגענעם נאָמען און זאָגט דאָרטען, אַז ער איז דעמאָלט אַלט געווען פינף יאָהר: „איך וואָס איך וואר דאַן קוים פינף יאָהר, האָב זוכה געווען צו זעהן איהם (דעם אידישען פּאָסלאַ־ניק.—א. ר.) געהענדיג צו דעם חיי אָדם ז"ל, וואָס ער האָט גע־וואוינט אין אונזער שכונה (נאָכבאַרשאַפט). איך האָב איהם געזעהן און ער שטעהט מיר פאַר די אויגען"...

אין דער דאָזיגער היסטאָרישער ערצעהלונג, אין וועלכער עס ווערט דערצעהלט, ווי אַזוי די ווילנער אידען זיינען פאַרפיהרט גע־וואָרען פון איינעם, וואָס איז געקומען קיין ווילנע און האָט זיך אויס־געגעבען פאַר אַ געזאַנדטען פון אַ אידישען מלך „פון טאַלג, וואָס ליגט אין אַפריקע הינטער מאָראָקאָ" — איז ניט נאָר וויכטיג די היסטאָרישע פּאַסירונג, נאָר אויך די טיפּען, וואָס ווערען געשילדערט עכט קינסט־לעריש און לעבענס־טריי, וואָס האָבען דעמאָלסט געלעבט און גע־ווירקט אין ווילנע. די אַבערגלויביגקייט, די פינסטערניש און שוין אויך די ליכטיגע שטראַלען, וואָס האָבען שוין דאַן אַריינגעדרונגען אין מאַנכע מחות...

די נייעס וועגען דער אידישער מלוכה און וועגען דעם אידישען מלך, וואָס עס איז געווען פאַרעפענטליכט אין אַ האַמבורגער דייַ־טשער ציַיטונג, האָט צוטראָגען איבער דער שטאָט ווילנע איינער אַ ר' חיים באַס, אָדער טאַבאַטשניק (ווייל ער האָט אויך אַרומגעטראָגען איבער די הייזער טאַבאַק פאַר די געהויבענע בעלי בתים צו פאַר־קויפען.—א. ר.).

דער דאָזיגער חיים באַס איז וואונדערליך געשילדערט. אייזיק מאיר דיק, דער מחבר, זאָגט עדות, אַז ער האָט איהם פערזענליך גע־קענט.

„ער שטעהט מיר נאָך עד היום פאַר די אויגען. ער איז געווען אַ משורר, אַ באַס און אַ גוטער באַס. אַ גרויסער יודע נגן. און פלעגט זינגען פאַגאַס (?—א. ר.) זעהר גוט"...

„ימים נוראים פלעגט מען איהם על פי רוב צו דינגען אין גרויסער שול. און עס וואר איהם ווירקליך וואָס צו הערען צו דעם מעריב פון דעם שבת־צו־נאַכט, וואָס פאַר די ערשטע סליחות, וואָס דער באַס שפּילט דאַן די ערשטע ראָליע, און געהט אין שפּאַן בעסער אַלס אַלע איבעריגע משוררים"... „אויך פלעגט ער זעהר אָפט פאַרדינען פון דעם וואָס ער פלעגט צו נאַרייען (מעקלערען) זינגער־לעך צו חזנים, וואָס ער פלעגט זיי זעלבסט צו מאַכען פון גאַסען־אינגלעך, קאַצען־כאַפּער, קליינע קעשעניקליך, וואָס ער פלעגט זיי באַקומען אום זומער אין די גרויסע היצען ביי איספּוסקען פון די

מילען, באַדענדיג זיך. דאָרט פלעגט ער זיי, נאַקעטערהייט נאָך, אויספּרובירען די קול'עכלעך. און ביי דעם, וואָס ער האָט דער־וויסט אַזוי איינע שטימע, ווי ער האָט געמיינט, האָט ער שוין אַוועק־געשלעפּט צו זיך. באַשטעלט אים באַלד טעג און האָט איהם אויס־געברויכט (?—א. ר.) איינע געהעריגע שטימע, און האָט איהם,



אייזיק מאיר דיק — געב. אין ווילנע, 1807; געשט. יאַנ. 24, 1893.

ווי צו זאָגען, פאַרקויפט איינעם חזן, ווי אַ זינג־פייגעלע פאַר פינף־זעקס רובעל, און דערביי וואָר געמאַכט איין מאָלצייט, און אַריין געלעבט אין גאָטס וועלט אימער פרעהליך און לוסטיג, דען עס וואָר ביי איהם אין שטוב אימער געזאַנג און קלאַנג".

נאָך בולט'ער קומט אַרויס דער דאָזיגער וואונדערליך געשיל־דערטער טיפּ, ביי זיין צווייטער פּרנסה, ביים אַרומטראָגען פאַר־קויפען טאַבאַק איבער בעלי בתי'שע הייזער.

אַט ווי ער שילדערט איהם אַלס טאַבאַק פּאַרקויפער:

„ער פּלעגט צו טראָגען מיט זיך צוויי אָדער דריי גרויסע פּעג־בירעס פול מיט טאַבאַק פון פאַרשידענע סאָרטען, איבער פאַרנעמע הייזער פון אידען און קריסטען. און אום־און־אום (אומעטום—א. ר.) וואו ער איז נאָר געקומען מיט די פּענבירעס וואר ער אַ גוטער גאַסט. דען ער וואר, ווי צו זאָגען, אַ לעבעדיגער אדרעסנער סטאַל, צוזאַ־מען מיט איינעם טעלעגראַף, דען ער האַט אַלעמען געקענט, און גע־וואוסט, וואָס עס פּאַרקאַלאָצעט זיך ביי דעם אַנדערען אין איי־נער איי. און ניט נאָר וואָס עס טוט זיך אין ווילנע. ניין, ער האָט געוואוסט, וואס עס טוט זיך כמעט אין דער גאַנצער וועלט. צוואר פאַרמישט מיט פילע ליגען און דומהייטען, דאָך געהאַט גע־נוג צו ריידען פון אַלע אומות און פון זייערע מלכים און איבער־הויפּט פון דער פּאָליטיק".

אייזיק מאיר דיק דערצעהלט ווייטער, אז זיין טאַטע איז אויך געווען זיינער אַ קונד, און אַז ער האָט איהם, נאָך אַלס קליינער אינגעל, ליב געהאַט:

„ערשטענס איבער זיין איינעהמענדע (אַנגענעמע.—א. ר.) און פריינטלעבע מינע, צווייטענס איבער זיינע באַשטענדיגע פריילעבקייט און זיין נאָכמאַכען די קליין־שטעטעלדיגע חזנים און די קינות־זאָגער מיט פאַרשידענע שטימען, און דאָס פאַרהוסטען זיך דערביי, דאָס מען זיך קראַנק לאַכען דעריבער".

דער זעלביקער חיים באַס, דערצעהלט ווייטער אייזיק מאיר דיק, האָט איהם אַמאָל אָפּגעראַטעוועט פון טאַטענ'ס שמיץ.

„עס וואר שוין די ציכט רוטע (די רוט.—א. ר.) נאָר איין צאָל ווייט פון מיינעם בלויזען ליב, האָט זיך אָפּגערופען איינע פרעה־לעבע שטימע פון פאָדער שטוב צו מיינעם פאָטער, ווי אַמאָל אַן ענגעל־גאַטעס צו אברהם, אַלס ער האָט געהאַלטען געציקט, אויסגעצווינגען זיין חלף איבער זיינעם זוהן יצחק: „טוע ניכט דעם יונגע ניט איין עטוואָס צו לייד". און דיזע שטימע וואר פאַנאַט, אַלזאָ וואר לייכט צו דערקענען צו וועמען זי געהערט"... „דיזער וואר קיין אַנדערער ווי דיזער חיים באַס . . . און איך בין אָפּגעקומען מיט אַ קוס די רוט, און אַ קוס דעם פאָטער אין האַנד. (אָ, וואו נעמע איך זי אַצינד!!)".

און אייזיק מאיר דיק זעצט פאָר זיינע עראינערונגען וועגען דעם דאָזיגען חיים באַס נאָך אין אַ מער פאַטעטישער פאָרם:

„איך האָב האָלט געהאַט צו הערען ווי ער דערצעהלט (פון דעם אידישען מלך...) פון זייערע זיגע (גבורות), פון זייערע פאָנעס, וואָס זיינען הויך ביז די וואָלקענס און פון זייער וואוקס, וואָס איז גרויס ביז די מאַקסטען" (?—א. ר.).

און דאָ ווערט שוין אייזיק מאיר דיק, ווי אַן אויפקלעהרער, נאָך מעהר הומאָריסטיש, און לאַכט אָפּ פון חיים באַס'עס גוזמאות וועגען דעם אידישען מלך און זיינע העלדען:

„זיי זיינען גרויסע צדיקים, היטען אַלע ישן, און האָבען צו צוויי מאָגענס, איינער איז אַ מילכיגער און דער צווייטער איז אַ פליישיגער, און דאָס אין אַ קידוש־גלעזעל זייערע קען זיך דערטרינקען אונזער גרעסטער מענש"...

מיט אַ רייהע אינטערעסאַנטע טיפּען פון דער ווילנע מיט איי־בער הונדערט יאָהר צוריק באַקענען מיר זיך ערשט ווען דער פּאָס־לאַניק (דער געזאַנדטער, קאָנסול—א. ר.) פון דער אידישער מלוכה קומט אָן פון פּעטערבורג קיין ווילנע.

אייזיק מאיר דיק, וואָס האָט איהם, ווי ער דערצעהלט אַליין, אַלס פינף יעהריגער אינגעל געזעהן, מאָלט איהם אַזוי:

„ער וואַר פון מיטעלער גרעסע. ניט הויך, ניט נידעריג. אָבער גאַנץ רונד און קרעפּקע געבוים. ער וואַר אַ ברונעט מיט פייעריגע אויגען" . . . „זיין באָרד וואַר שוואַרץ, ווי פּעך, רונד ווי דער האַלב מאָנד" . . . „זיין גאַנג מאַיעסטעטיש" . . . „ער וואַר גע־קליידעט האַלב אידיש, האַלב קריסטליך, אין אַ לאַנגער זיידענער קאַפּאָטע, אָהן אַ גאַרטעל, אין זיידענע זאָקען, און אין אַן אָרט שיך וואָס הייסט ציזמעס מיט בורלאַנטענע שנאָלען" . . . „זיין אויבער מאַנטעל וואַר איין שאַיעטענער פּלאַשץ, מיט עטליכע קראַגענס איי־נער איבער'ן אַנדערען. פאַר אים זיינען געגאַנגען עטליכע פּאָ־ליצייסקע" . . . „הינטען איז נאָכגעגאַנגען איין גרויסער נאַראָד פון אידען, פון קריסטען, דאָס גלייכען וואַרען טויזענדער מענשען פוןביידע זייטען גאַס און דורך די פענסטער פון די אויבערשטע גאָרענס וואַרען ארויסגעלייגט (האָבען אַרויסגעקוקט.—א. ר.) גרויסע הערשאַפּטען מענער און פרויען".

איז דאָס דען ניט אַ בילד געמאָלען פון אַ ערשטען־ראַנג קינסט־לער, דורך וועלכען איהר זעהט אַ באַגייסטערטע ווילנע, מיט איבער הונדערט יאָהר צוריק? אַ מאַסען־סצענע, וואָס איהר גלייכען איז זעלטען צו געפינען אין דער נייער אידישער ליטעראַטור?

אָבער דערהויפּט איז אייזיק מאיר דיק'ס שטאַרקייט אין מאָלען טיפּען. זייערע ריכטיגע נעמען, זאָגט ער, „וועל איך ניט אַרויס־געבען, ווייל עס לעבען נאָך זייערע קינדער".

ער מאָלט דעם נגיד רז"ג. . .

מיר נעמען ארויס די הויפּט־שטריכען פון זיין כאַראַקטער, ווי אייזיק מאיר דיק מאָלט איהם אין דער ערצעהלונג „דער אידישער פּאָסלאַניק".

„אין יענע צייט האָט געלעבט אין ווילנא איין גרויסער גביר,

וואָס האָט געהייסען רז״ג. ער וואר, ווי די ווארהייט צו זאָגען, א קנאַפּער יודע ספר, אָבער דאָך אַ מענש מיט איינעם אידישען הערצען און איין גרויסער וועלטמאַן״ . . . „דיזער מאַן האָט געשפּראָכען זעהר גוט רוסיש, פּויליש״ . . . „מען האָט געקענט זאָגען דאָס ער האָט מוצא געווען דעם ווילנער אידישען כלל מיט פּויליש און מיט רוסיש דאַן״ . . .

דורך דער לעצטער באמערקונג זעהען מיר די דאמאָלסדיגע אידישע ווילנע, וואָס אויסער אידיש (און מסתם אויך לשון קודש) האָט מען קיין אַנדערע שפּראַכען רעדען ניט געקענט.

אמת, וויטער גיט ער צו, אַז דער דאָזיגער רז״ג האָט געהאַט אַ זוהן און אַ טאָכטער: „אלזאָ הייסט עס אַ זוהן און אַן איידעם. ביידע לומדים און וועלט־מענער, שרייבער און משכילים״.

פונדעסטוועגען האָט אויך זיי — די משכילים — „פאַרשמעקט דאָס געריכט פון דעם אידישען געזאַנדעטען, און ווארען באַצויבערט פון די „זאגען״ און מופתים, וואָס ווארען דאַן דערצעהלט פון איהם, אין זייער הויז, פון אידען און קריסטען״.

און מיט גרויס שוועריגקייט האָט מען ענדליך ביי דעם אידישען געזאַנדטען גע׳פועל׳ט ער זאָל זיין דער גאַסט ביי׳ן גביר רז״ג — אויף שבת.

איז אָבער געווען נאָך אַ גביר אין ווילנע — ר׳ יר״ש. „דיזער מאַן וואר איין טיכטיגער תלמודיסט, הויך געבילדעט, מיט איינעם גרויסען קאָפּ, און מיט גרויסע שפּראַך־קענטעניש: רוסיש, דייטש, פּויליש, לייטיין און אַ גרויסער העברעער״.

דער דאָזיגער ר׳ יר״ש איז אָבער געווען „אלם״, דאָס הייסט — ווי אייזיק מאיר דיק דערקלערט עס אין אַ מאמר המוסגר — אַ מענש וואָס האָט זיך קיין עולה ניט געלאָזט טאָן, און איז דערפאַר שטענדיג געווען פאַרוויקעלט אין פּראָצעסען, מיט אידען און קריסטען...

האָט עס זיין ווייב, וואָס איז געווען שלעכט אַזוי ווי סאָקראַטעס׳עס ווייב קסאַנטיפּע, ניט געקענט פאַרטראָגען, וואָס דער אידישער געזאַנדטער איז געווען אַ גאַסט ביי דעם גביר רז״ג און ביי זיי ניט.

„וואר די מאַדאַם ר׳ יר״ש אַזוי וויט געקרענקט און געקלעמט דערפון, דאָס זי האָט ארויסגעפּלאַצט מיט איינעם וויינענדיגען און שלוכצענדיגען פּרעדיגט געגען איר מאַן:

„שעמען זאָלסט דו זיך — האָט זי געזאָגט צו איהם — דאָס דער רז״ג, וואָס האָט ניט אין זיינעם קאָפּ, וואָס דו האָסט אין דיינעם נאָגעל פון דיינעם קליינעם פינגעריל פיהרט אויס זיין וועלט שענער און בעסער אַלס דו, מיט דיינע חכמות און דיינע תקיפות. ער האָט יאָ געקענט באַווייזען, אַז דער געזאַנדטער זאָל זיין ביי איהם אויף שבת און דו ניט״...

ענדליך האָט דער גענאַנדטער צוגעזאָגט צו קומען אויך צום גביר ר׳ יר״ש. אָבער שוין ניט אויף אַ שבת, נאָר אויף אַ מיטאָג אין מיטענוואָך . . . אַ ברירה האָט מען געהאַט.

„גאַנצע דריי טעג האָט זיך דיזער גרויסער מענש (ר׳ יר״ש) גע־דרייט ארום דיזען עסק״ . . .

„נון וואר דאָרטען אין שטוב געמאַכט גרויסע הכנות. געריי־ניגט די הייזער, דעם הויף, דאָס גלייכען די גאַס, וואָס איז ניט גע־רייניגט געוואָרען פון דעם ערשטען עיפּוש אָן. ביי דיזער ראַפּאָ־ראַציע זיינען געשטאַנען דערוויילע ליידיג־געהער אום צו זעהן, ווי אזוי מען וועט זיך דאַביוועען צו אַ ברוק, און צי וועט מען געפינען דאָרטען צווישען די אַנגעשאָטענע גרוז טייוועלשע פינגער. דען עס וואר דאָרטען אמאָל געשטאַנען אַ גרויסע חורבה וואָס די שדים פלע־גען דאָרטען מאַכען חתונות און שטרייטען מיט איינאַנדער. דען יעדע שטאָט האָט איהרע זאַגען (גאַוועגדעס) און אירע פּלאַגען, און בפרט אונזער שטאָט, ווילנע״.

באַקענענדיג זיך דערוויילע אין דער זעלביגער צייט מיט דער אָבער־גלויבישער זייט פון דער אמאָליגער ווילנע, געהט נאָכדעם אייזיק מאיר דיק איבער צו אַ העלדין, די מאַדאַם ר״פּ, און אזוי ווי די אַלע טיפּען זיינען פון דאמאָלסדיגען לעבען גענומען איז באמת כדאי צו ציטירען אַ שטעל וואו די דאָזיגע העכסט אינטערעסאַנטע העלדין ווערט מיים־טערהאַפט געשילדערט דורך אייזיק מאיר דיק:

„זי האָט געשטאַמט פון איינע גרויסע פאַמיליע אוים ווילנע. אירע עלטערען וואַרען גרויסע מיוחסים, גבירים און מופלגים, גרויסע איידל לייטע. דאָס מיט רעכט האָט מען זיי געקענט רופען „יקירי ווילנע״ . . . „זי וואַר דאַן אַלט אַ יאָהר פערציג, און ביי אַלעם דעם וואַר זי נאָך דאַן העכסט שיין און בליהענד געוואַקסען, ווי איינע פּאַלמע טייטעלבוים״ . . . „העכסט געבילדעט, געשפּראָכען רוסיש, פּוי־ליש, טייטש, פראַנצויזיש. ווייט באַלעזען, און געקליידעט טייער. . . . זי וואַר זייער רייך און האָט געפיהרט איינען גרויסען שטאַט, האָט געוואוינט גרעפיש, אין צעהן־צוועלף צימערן, וואָס וואַרען אויסגע־מעבלירט מיט די טייערסטע מעבל און מיט די טייערסטע אַנטיקען. נימאָלס האָט מען איר געזעהן געהענדיג צו־פוס. אימער געפאָהרען אין איינעם טייערן פאַעטאָן אָדער דראָנסקע באַשפּאַנט מיט צוויי אָדער דריי פערד פון שענסטען קאַליבער. איר הויז וואַר באַזוכט פון די גרעסטע הערן און דאַמען אידישע, קריסטליכע. און וואַר העכסט געאַכטעט ביי אַלע גרויסע נאַטשאַלסטווע, איר מאַן וואַר אַן עסטריי־כער, אַ גרויסער פּאָדריאַטשיק, שטיין־רייך, און ביי אַלעם דעם וואַר דאָס הויז גאַנץ אידישליך, דען דער מאַן וואַר איין למדן, און דאָס גלייכען זי האָט פאַרשטאַנען זעהר שיין העברעאיש. און אָפּגעהיט

גאַנץ ריכטיג וואָס באַלאַנגט אידישע טעכטער און דאָך האָט איר ניט געפעהלט אַן בערײדע און אַן בעלײדיגער, דען אין יענע צייטען וואָס איבער אָנזער ווילנע איז נאָך געלעגען די זעלביגע עגיפּטישע פינסטער־ניש וואָס ליגט נאָך ביז אַצינד איבער אַלע אַנדערע שטעט פון ליטע, פּוילען, רייסען, וואָליניען, וואַר שוין אַ גרויסעס פאַרברעכען צו גיין ריין און שיין, און פּשיטא שוין טייץ . . ."

פאַרשטעהט זיך, אַז פּאַר אַזאַ מין דאַמע זיינען געווען אָפען אַלע טירען פון די גרעסטע נאַטשאַלסטוואָ, פלעגט מען טאַקע די זעלביגע מאַדאַם ר"פ „באַמיהען איר מיט גאַנג צו די גרעסטע נאַטשאַלסטוואָ אום ממליץ צו זיין ביי זיי אין מאַנכע קרימינעלע פּראָצעסען".

צוליב דעם וואָס דער גביר ר' יר"ש איז געווען שטענדיג פאַר־וויקעלט אין פּראָצעסען, האָט ער געמוזט אָנקומען צו דער מאַדאַם ר"פ. פאַרשטעהט זיך, אַז ער האָט שוין זי אויך געלאַדען צווישען די געסט, ביים מיטאָג פאַר'ן אידישען געזאַנדטען.

„קורץ — דערצעהלט ווייטער אייזיק מאיר דיק — זי איז גע־קומען צו דיזען מיטאָג צוגעקליבען אין פולער פּראַכט, ווי איינע פּרינצעסין אויף איינעם קעניגליכען באַל, און זי האָט דאַן ווירקליך געקענט גילטען דאַפיר, דען זי וואַר דאַן שיין, ווי אַ געטליכעס בילד גאַנץ באַשאַפען, אום צו באַצווינגען אַ קעניגליכע האַרץ. ליידער וואַר דאַן גאַנץ אומגעקערטעס פּאַל: דען קוים האָט איר דער אידי־שער געזאַנדטער דערזעהן ביי זיינעם אַריינטרעטען אין שטוב, דאָס זי זיצט זיך גאַנץ באַקוועהם אין איינעם טייערן פאָטעל, ווי איין קיניגין אויף איר טראָן אין דעם אודיענץ־זאַל, האָט ער זיך ארויס־געכאַפּט צוריק עפּעס ווי פון פייער" . . . „און די לייטע, וואָס וואַרען מיט אים טוז נאָך אים" . . .

וואָס איז געווען דער מעהר? ווייזט זיך אַרויס, אַז דער געזאַנ־דעטער פון אידישען מלך וויל ניט זיצען אין איין הויז מיט אַזאַ מין דאַמע.

און דער גביר ר' יר"ש האָט איר געמוזט הייסען געהן. ערשט דאַן האָט זיך דער געזאַנדעטער אומגעקעהרט צוריק און דער מיטאָג לכבוד איהם איז פאָרגעקומען אָהן איהר.

ערשט אין אַ טאָג אַרום ווען דער גביר ר' יר"ש וואָס האָט זיך אַרומגעזעהן, אַז ער האָט אַזוי באַליידיגט די מאַדאַם ר"פ, וואָס טוט איהם אַזוי פיל טובות ביי נאַטשאַלסטווע אין זיינע פּראָצעסען, איז ער איהר געלאָפען איבערבעטען. ערשט דער שווייצאַר לאָזט איהם צו איהר ניט אַרויף. וואָס איז? באשר דער אידישער געזאַנדעטער איז איצט ביי איהר אין צימער.

דעמאָלט האָבען זיך ערשט געעפענט די אויגען פון ר' יר"ש און ער האָט שוין דערזעהן ווער דער געזאַנדעטער איז באמת.

ביז מען איז דערגאַנגען אַז דער געזאַנדטער פון דער אידישער מלוכה איז נאָר אַ הולטיי, פאַרבעַנגט אין זיין אַכסניא מיט מיידלעך, לעבט מיט דער באַלעבאַסטע פון דער אכסניא — אַן אשת איש, און נאָכדעם איז מען שוין געוואָר געוואָרען, אַז ער איז אַ מסור, אַ פאַלש עדות זאָגער און גאַנץ ווילנע האָט זיך געשראָקען, ווייל ווי פאַר אַ הייליגען, אַ געזאַנדטער פון אַ אידישער מלוכה, האָט מען פאַר איהם אויסדערצעהלט פילע סודות.

ס'איז נאָר געוועזען אַ גליק, וואָס מען האָט דעם דאָזיגען „משיח", — ווי מאַנכע האָבען געגלויבט, אַז ער איז — פאַרשיקט קיין סיביר. ערשט דאַן איז מען געוואָר געוואָרען אַז ער איז נאָר פון קאַמענעץ פאָדאָלסק...

דער קלאַנג וועגען אַ אידישער מלוכה און אידישען מלך האָט געהאַט אַ פונק אמת. אַזוי דערקלערט אייזיק מאיר דיק אין דעם שלוס פון דער ערצעהלונג. לאָמיר עס איבערגעבען, געקירצט, מיט זיין שפּראַך:

. . . „עס האָבען זיך דאַן ווירקליך געשלאָגען איינע גרויסע איז־ראַעליטישע אַרמייע מיט דעם קייזער פון מאַראָקאָ, און האָבען דערביי זייער שטאַרק געזיגט. דיזע איזראַעליטען אָבער וואַרען קיינע עכטע יודען, נור בעדואינען. דאָס הייסט אַ שבט אַזוינער פון די ווילדע אַראַבער וואָס ציהען אום מיט זייערע סטאַדעס אין די דאָרטיגע גרויסע וויסטענייען פון טאַלג. דיזע אַראַבער זיינען קיינע מאַהומעדאַנער, דען זיי האַלטען ניט פון דעם אַלקאָראַן, נור פון תורת־משה. אָבער ניט פון משנה און ניט פון גמרא. און זעלבסט די נאַקעטע תורת־משה ווערט אויך ניט פון זיי אין איהר רעכטער ריינהייט געהאַלטען, דען זי איז ביי זיי פאַרמישט מיט עטוואָס היידנישעס און זיי זענען אַלזאָ פיל ווייטער פון אונזער אידישער אמונה, אַלס די קאַרעאימער. און זיינען זיך אַליין אויך זייער מרחיק פון אונז און האַסען אונז נאָך פיל מער אַלס מיר זיי". . . .

אָבער ניט די מעשה גופא איז דאָ וויכטיג, ווי די היסטאָרישע זייט: די געשעפטען פון די ווילנער אידען אין יענער צייט, די גבירים, די רעדעלפיהרער און טאַקע די אַלערליי מנהגים און זיטען און דער לעבענס־שטייגער פון יענער צייט, און דער גאַנצער געדאַנקען־גאַנג, דאָס בליק אויף דער וועלט און אויף לעבען און אויף אידישקייט פון יענער צייט.

אָבער דער אידישער לעבען אין ווילנע איז ניט נאָר געמאָלען אין דער ערצעהלונג „דער אידישער פּאָסלאַניק". אין אייזיק מאיר דיק'ס וויכטיגער ערצעהלונג „נאָטע גנב" איז דער העלד אויך אַ ווילנער. אַנב אורחא, שלום אַש'ס ראָמאַן מיט נאָמען „מאָטקע גנב",

איבערהויפּט די ערשטע צוויי קאַפּיטלען, דערמאָנען טאַקע אין דיק'ס נאַטקע גנב... נאַטקע גנב האָט אָבער אויף זיין געוויסען קיין מענ־שענ'ס לעבען ניט געהאַט. זיינע שטיק וואָס ער האָט אָבער אָפּגעטאָן, ווי עס ווערט דערצעהלט אין אַ מייסטערהאַפטע פאָרם און, אגב אורחא, שוין אין אַ ריינערער שפּראַך, שטעלען דעם שפּעטערדיגען „העלד" מאָטקע גנב אין הינטערגרונט, אין שאָטען.

„נאַטקע גנב" האָט אָבער מעהר אַ „פאָלקלאָריסטישען" כאַראַקטער, ווי אַ היסטאָרישען, הגם אַזאַ מין טיפּ האָט זיכער געלעבט אין ווילנע, און זיינע שטוקעס האָט ער אָפּגעטאָן אין דער סביבה פון ווילנע און אויך אין ווילנע גופא.

ניט נאָר דער היסטאָריקער, נאָר דער פאָלקלאָריסט, דער עטנאָ־גראַף און אפילו דער סאָציאָלאָג קען געפינען גענוג מאַטעריאַל אין אייזיק מאיר דיק'ס ערצעהלונגען, וואָס איז אין זיין צייט געווען באַ־רימט און באַליבט ביי אַ גרויסער צאָהל לעזער, ניט נאָר ביים פּשוט'ן פאָלק, נאָר אפילו ביי די משכילים און לומדים, הגם אייזיק מאיר דיק האָט געשריבען בלויז פאַר די אידישע פרויען, ווייל ער ווענדט זיך שטענדיג ניט צום לעזער, נאָר צו דער לעזערין.

דאָס האָט אָבער, ווי געזאָגט, ניט געשטערט אַז ניט נאָר מאַנסביל, פּשוט'ע אידען זאָלען איהם לייענען, נאָר אפילו אידישע געלערטע אין דייטשלאַנד, ווי צונץ, פּראָפעסאָר דוד ראָזין און פילע אַנדערע.

אַ גרויסער חן איז אויסגעגאָסען איבער אייזיק מאיר דיק'ס מעשה'לעך. אויסער זייער מוסר־השכל זיינען זיי זעהר אָנציהענד, שפּאַנענדיג און פילע פון זיי פאַרמאָגען אַ וואונדערליכען אייגענ־אַרטיגען הומאָר.

דער ווילנער הומאָר איז מעהר באַקאַנט אַ דאַנק זיינע פאָר־שטעהער שייקע פייפער, מאָטקע חבד. אייזיק מאיר דיק, בכלל אַן ערנסטער שרייבער, אַן אויפקלערער, האָט אָבער פאַרמאָגט דעם הומאָר פון אַ קינסטלער.

און ווילנע מעג מיט רעכט שטאָלץ זיין מיט אייזיק מאיר דיק.

הגם זיינע שאַפונגען, וואָס פילע האָבען נאָך ניט נאָר זייער היס־טאָרישען ווערט, נאָר אויך זייער ליטעראַרישען ווערט ניט פאַרלאָרען, געהערען צום גאַנצען אידישען פאָלק — אין אַלע לענדער און אין אַלע דורות.

פילעס אין זיינע ווערק דאַרף נאָך ערשט אויפגעדעקט ווערען, אויפגעקלערט און דערקלערט ווערען.

דאָס טוט שוין און ס'וועט נאָך טאָן דער ווילנער וויסענשאַפט־ליכער אינסטיטוט, וואו עס זיינען שוין געזאַמעלט געוואָרען אַלע אייזיק מאיר דיק'ס ערצעהלונגען וואָס זייער צאָהל דערגרייכט ביז פיר הונדערט.

# שמואל יוסף פין.*)

שמואל יוסף פין איז געבאָרען געוואָרען ט"ו תשרי, 1819. (געשט. י"א טבת, 1890). ער האָט זיך געלערענט אין די חדרים און ישיבות פון ווילנע, וואו ער האָט פארבראכט זיין גאנץ לעבען, געווען דאָ איינער פון די אַקטיווסטע פאָרשטעהער פון דעם קרייז משכילים, לערער פון תנ"ך און העברעאיש אין דער ראַבינער-שול, קרייז-אינספעקטאָר און „געלערענטער איד" ביים בילדונגס-קוראַטאָר, ארויסגעבער — צוזאמען מיט ליפמאַן הורוויץ — פון דעם ערשטען השכלה-אָרגאַן אין רוסלאַנד, „פרחי צפון", ארויסגעבער פון דעם וואָכענבלאַט „הכרמל" מיט ביילאַגעס אין רוסיש און דייטש, פאַרפאַסער פון א גאַנצער רייהע ווערק, דערהויפט היסטאָרישע און פילאָלאָגישע, פון דער באַקאַנטער מאָנאָגראַפיע וועגען ווילנע „קריה נאמנה", צונויפגעשטעלט מיט דער



שמואל יוסף פין

הילף פון הלל מגיד-שטיינשניידער; פון דעם ביאָגראַפישען לעקסי-קאָן „כנסת ישראל" — פון דער גאונים-עפּאָכע ביז דער לעצטער צייט און אז. וו. אויף אידיש — אגב א נענוג פאַרדייטשטען; ער האָט פאַר-פאַסט א גראַמאַטיק פון דער רוסישער שפּראַך א"ט „תלמוד לשון רוסיא" — לויט די ווערק פון די רוסישע גראַמאַטיקער וואָסטאָקאָוו און גרעטש, מיט א סך הוספות. א חוץ דעם איז זיין שייכות צו דער אידישער ליטעראַטור געווען בלויז א פאַרלעגערישע: 1863 א שותף אין דער דרוקעריי פון ראָזענקראַנץ און שריפטזעצער, האָט ער געדרוקט א סך אידישע מעשה-ביכלעך און ראָמאַנען.

*) לעקסיקאָן פון דער אידישער ליטעראַטור, פרעסע און פילאָלאָגיע פון זלמן רייזען, ווילנער פאַרלאַג פון ב. קלעצקין.

## א. ליטווין.

# מיכל גאָרדאָן, דער פאָלקס־קעמפער און פאָלקס־דיכטער.

די וואונדערליכע עפּאָכע פון „שטורם און דראַנג" אין דעם לעבען פון די רוסישע אידען, די מערקווירדיגע עפּאָכע, וואָס ווערט באַצייכענט בלויז מיט איין וואָרט „השכלה", א באַגריף, וואָס איז נאָך ביז היינט ניט קלאָר גענוג, באהאלט אין זיך א שפּרודעלדיגען קוואל פון פרישען צאַפּעלדיגען לעבען, פול מיט יוגענד־קראַפט, פול מיט לעבענס־לוסט און קאמפלוסט, מיט אונשולדיגע קינדערשע תמימות, מיט אלע יסורים און גענוסען, מיט אלע סתירות, הינרייסעניש, שטרעבונגען און שטרויכלונגען פון אַן ערוואַכטער יוגענדליכער נשמה. ווען מיר קוקען זיך צו נעהנטער צו יענער שרעקליכער און דאָך וואונדערשעהנער צייט — באַמערקען מיר אין רעכטען צענטער פון איהר סצענע, אָבער פאררוקט אין הינטערגרונד און פארשטעלט מיט א סך אַנדערע פערזאָנען, א געשטאַלט, פון וועלכער עס וועהט אויף אונז באַלד מיט אַזאַ ליבהארציגער ווארימקייט, אַז מיר קענען זיך פון איהר ניט אָפּוואונדערען, מיר מוזען, ניט ווילענדיג, געבען זיך מיה, דורכצוקריכען מיט אונזער בליק די גרויסע צאָהל פּנים'ער נעהנטערע צו אונז, שאַרפער קענטיגע, ווייל זיי זיינען גרעסער געצייכענט און וואַרפען זיך דעריבער מעהר אין די אויגען, ביז מיר קומען צו צו איהר, צו יענער פארדונקעלטער געשטאַלט, און קענען פארווײַלען אין איהר שטומער הארציגער געזעלשאַפט.

דאָס איז די געשטאַלט פון מיכל גאָרדאָן, וועלכער איז געבאָרען געוואָרען אין ווילנע ר"ח כסלו, 1823, און געשטאָרבען י"ג טבת, 1890.

מיכל גאָרדאָן איז א נאָמען, וואָס איז אונזער מאַסען־יוגענד כמעט אין גאַנצען אונבאַקאַנט, אַזוי ווי עס זיינען איהר אונבאַקאַנט די איבעריגע פאָלקסזינגער־פאָלקס־העלדען, וואָס האָבען אַזוי פיל געקעמפט און געליטען, אום ליכטיגער צו מאַכען אין די נשמות פון די אידישע מאַסען. ד ע ר נאָמען איז אָבער אפילו אין ז י י ן צייט ניט געווען גענוג באַקאַנט. ער איז געווען פארדונקעלט פון אַנדערע נעמען. ניט דערפאַר, וואָס די פּערזאָן, וועלכע האָט געטראָגען דעם

נאָמען „מיכל גאָרדאָן", האָט עס וויי'ניגער פאַרדינט, נאָר דערפאַר, וואָס זי איז געווען צו עניוות'דיג צו שטופּען זיך אין מזרח־וואַנד. שוין גאָר צו ענד פון זיין יסורים־פולען אוןווירקונגספולען לעבען, האָט איינער פון זיינע פאַרעהרער געוואָלט אָנשרייבען זיין ביאָגראַפיע און אָפּדרוקען זיין בילד אין אַ אידישען זאַמעל־בוך. מיכל גאָרדאָן האָט זיך ביי איהם געבעטען, ער זאָל עס ניט טאָן. „ווער בין איך?" — האָט ער געזאָגט, — „מען זאָל מיין ביאָגראַפיע מיט מיין בילד לאָזען דרוקען?"



מיכל גאָרדאָן, געב. 1823—געשט. 1890

מיכל גאָרדאָן, ווי אַן אמת'ער פאָלקס־העלד, האָט געלעבט און איז געשטאָרבען אָן אַ זייט פון'ם גרויסען שליאַך פון קלינגענדיגע מליצות און רעקלאַמען, מיט וועלכע אַנדערע, אַ סך ווינציגער באַ־דייטענדע פון איהם, האָבען זיך דורכגעבראָכען אַ וועג צו באַריהמט־קייט. אַלס קולטור־קעמפּער קען ער געווים געשטעלט ווערען אין איין שורה מיט אייזיק מאיר דיק, וואָס איז, אין איין צייט מיט איהם, און פּונקט אַזוי ווי ער, אַרונטער פון די הויכע לשון־קודש'דיגע מליצה־וואָלקענס צום פּשוט'ן פאָלק און גערעדט מיט איהם אין זיין, אין דעם פאָלק'ס, פּשוט'ן לשון. נאָר ער האָט ניט אָנגעצווינגען אויף זיך

די אָפיציעלע ראָלע פון א שתדלן פאר דער פאָלקס־אויפקלערונג, האָט ניט גע'חנפ'עט ניקאָלאי'ס רעגירונג, ווי דאָס האָט געטאָן דיק, ווי דאָס האָבען געטאָן אַנדערע אָפיציעלע משכילים־שתדלנים פון זיין צייט. שטיל האָט ער געווירקט, ווי א מוראַשקע אין איהר מוראַווייניק, געווירקט אָבער שטאַרק און אָהן אויפהער, געווירקט זיין גאַנצען לעבען ביז'ן סאַמע טויט. ער איז געווען אַן ערציהער פון דער אידישער יוגענט, פון די אידישע מאַסען, ניט אין פשוט'ן, נאָר אין דעם סאַמע ברייטסטען זין פונ'ם וואָרט.

מיכל גאָרדאָן האָט באַזעסען פאָלקאָם די העברעאישע שפּראַך און איז געווען אַ דיכטער פון גאָטעס גנאַדען. אָבער אין העברעאיש האָט ער נאָר געשריבען אַ ווערק, וואָס איז געווען אַ קריטיק אויף א פלפול־ספר. זיינע דיכטער־שטימונגען האָט ער געשריבען אין אידיש, אין דער זעלבער שפּראַך, וואָס אין איהר האָט ער אַגיטירט מינדליך זיינע אידעען דער יוגענד, אין דערזעלבער שפּראַך אין וועל־כער ער האָט גערעדט, געדענקט. ער האָט עס ניט געטאָן אויס פּרינ־ציפּ. זיין באַציהונג צו אידיש איז געווען דיזעלבע, וואָס דיק'ס, וואָס פון אַלע משכילים'ס אין זיין צייט. פּונקט ווי זיי האָט ער זיך באַצויגען מיט פאַראַכטונג צו „מאַמע־לשון". דאָס קען מען זעהן פון פאָלגענדער סטראָפע אין זיין באַריהמטער ליד „שטעה אויף מיין פאָלק":

דו רייד ניט אַ לשון, וואָס קיינער פאַרשטעהט,
דיין לשון איז פרעמד, פאַרמישט, פאַהדרעהט;
דאָס „לשון המדינה" איז קלאָר און ריין, —
דו רייד איהם, שרייב איהם, זאָל יעדער פאַרשטעהן.

לאָמיר איהם ניט באַשולדיגען פאַר אַזאַ באַציהונג צו דער שפּראַך, אין וועלכער ער האָט געדיכטעט זיינע לידער, וואָס פאַר זיי איז ער אין פאָלק באַריהמט, איז ער ביים פאָלק באַליבט געוואָרען. אין דעם ליגט די טראַגעדיע פון דעם אידישען אינטעליגענט, ניט בלויז פון דער משכיל'ישער פּעריאָדע. נאָך איצט זיינען דאָ באַריהמטע אידישע לי־טעראַטען, וואָס שרייבען אידיש פאַר'ן פאָלק און ריידען צווישען זיך אַן אַנדער שפּראַך. און אָט די שפּראַך האַלטען זיי פאַר דער אמת'ער אידישער שפּראַך, פאַר דער שפּראַך פון דער אידישער צוקונפט. אין אָט דעם ליגט אונזער טראַגעדיע, די טראַגעדיע פונ'ם גאַנצען אידישען פאָלק. וואָרום קיין גרעסערע טראַגעדיע, ווי פאַראַכטונג צו דער איי־גענער שפּראַך און קולטור קען ניט זיין.

דאָך, ווי פאַרעכטליך אָט די געבראַכטע סטראָפע זאָל ניט קלינ־גען, איז זי ביי מיכל גאָרדאָן מעהר ניט געווען, ווי אַ פראַזע. אַלס אמת'ער, זעהר באַגאַבטער פאָלקסדיכטער, איז ער פריהער פון אַלע

געווען אַ געזונטער נאַטור־מענש. ווערענד זיין שוואָגער, דער באַ־ריהמטער העברעאישער דיכטער יהודה ליב גאָרדאָן, האָט זיינע אי־דישע לידער אַפילו דעם נאָמען „לידער" ניט געוואָלט געבען, רופענ־דיג זיי מיט'ן פאַרעכטליכען נאָמען „שיחות חולין", ס'הייסט: „וואָ־כעדיגע שמועסען", ווערענד דיק שרייבט מיט אַ כיון „דייטשמע־ריש", וועלענדיג „פאַראיידעלען" זיין לשון און דעם לשון פונ'ם פאָלק; ווערענד וועלוועל זבאַרזשער שרייבט צו יעדען פון זיינע לי־דער אַ העברעאישע איבערזעצונג און צונזער בדאָקט ניט זעלטען אויך אַריין אין זיינע אידישע לידער העברעאישע שירים — כדי „ריין" צו מאַכען, אַזוי צו זאָגען, זייער געוויסען, וואָס זיי פאַרלאָזען די „האַרינטע" „לשון־קודש" און טוען זיך ערנידעריגען צו דער „דינסט־מויד" — זשאַרגאָן — גיט מיכל גאָרדאָן אָפּ זיינע בעסטע שטימונגען און געדאַנקען נאָר דער „דינסט", דעם „מאַמע־לשון". ער דיכטעט אויף אידיש, ניט ווי די משכילים פון זיין צייט, וואָס האָבען זיך אַראָפּגעלאָזען צום פאָלק, כדי עם צו בילדען; אויך ניט ווי די „משכילים" פון אונזער צייט, ביי וועלכע דער זשאַרגאָן איז אויך בלויז אַ געוועהר צו פאַרשפּרייטען אין פאָלק נייע אידעען. מיכל גאָר־דאָן האָט געמוזט שרייבען אידיש, ווייל אידיש האָט ער גערעדט, ווייל אין אידיש האָט ער געדענקט, ווייל מיט אידישע ווערטער האָט זיך געמוזט אַרויסרייסען דער קרעכץ פון זיין נשמה און די קרעכצען פון דעם פאָלקס הערצער, פאַר וועלכע זיין ליד איז אַ טרייער אָפּקלאַנג געווען. ווי ער האָט גערעדט און געטראַכט, אַזוי האָט ער געמוזט דיכטען. מעהר דיכטער, ווי אַ סך העברעאישע פּאָעטען פון זיין צייט, האָט ער ניט געקענט שרייבען צוליב „מליצה" און נאָר פאַר איין טייל פון פאָלק: פאַר דער באַלעבאַטישער משכיל'ישער יוגענד. ער האָט גענומען פונ'ם פאָלק און האָט געגעבען צוריק דעם פאָלק, דעם גאַנצען פאָלק. איבערהויפּט אָבער די מאַסען און דעם אָרימען באַ־לעבאַטישען שטאַנד, וואָס ער אַליין איז געווען אַ שטיק פון זיין, פון דעם פאָלק'ס בלוט און פלייש. מיכל גאָרדאָן האָט געזונגען זיינע לידער ניט ווי אַנדערע משכיל'ישע פּאָעטען פון זיין צייט, אום צו באַקומען אַ נאָמען, אָדער ערוועrבען אַ קאַריערע: פון דער צייט, ווען זיינע לידער זיינען פון זיין פעדער אַרויס ביז דער צייט. ווען זיי זיינען אַרויס פון דרוק, אונטער זיין נאָמען, זיינען אַריבער צענדליגע יאָהרען. און זוכה געווען צו זעהן זיין ביכעל לידער געדרוקט האָט ער ערשט צו דער עלטער, אַ יאָהר אונגעפער פאַר זיין טויט. פ אַ ר דעם זיינען מיכל גאָרדאָנ'ס לידער אומגעגאַנגען אין פאָלק צענדליגער יאָהרען און אַ גרויסער טייל האָט ניט געוואוסט ווער געהערען די קלעמעדיגע, בייסענדיגע און דאָך זיסע נגונים, מיט וועלכע ער האָט זיך געקוויקט. יעדע ליד, וואָס מיכל גאָרדאָן האָט אַרויסגעלאָזען,

איז געווען א פּראָטעסט געשריי אויף דעם פאָלק׳ס וואונדען פון א צארטע נשמה, וואָס איז ענג פארקניפּט מיט דער נשמה פונ׳ם פאָלק. דערפאר האָט זיך זיין ליד אזוי לייכט צוגענומען צום פאָלק, אזוי בליץ־שנעל זיך פארשפּרייט אין אלע ווינקעלעך פונ׳ם אידישען תחום, פון איין עק צום אנדערען. נאָר צונזער׳ס לידער האָבען געהאט אזא האסטיגען, גרויסען ערפאָלג. מ׳האט זיי געזונגען אין אלע שיכטען פונ׳ם פאָלק — קליין און גרויס, אלט און יונג. מיכל גאָרדאָן האָט זיינע לידער ניט געזונגען, ניט אויף חתונות, ניט אין קאָפע־הייזער אָדער רעסטאָראַנען, ניט אויף הוליאַנקעס און ניט אין לוס־טיגע קאָמפּאַניעס, ווי די איבעריגע פאָלקס־זינגער פון זיין צייט. ער האָט פארפאסט א ליד, צוגעפּאסט דערצו א ניגון, פארגעלייענט ביי זיך אין שטוב אין דעם קליינעם קרייז פון זיינע תלמידים און פריינד. און די ליד איז דעם זעלבען טאָג געווארען דער אייגענטום פונ׳ם פאָלק. מיכל גאָרדאָן האָט זיי אָפט געהערט זינגענדיג און האָט ניט געוואָגט זיך ארויסצוגעבען אַלס זייער טאַטע, ער זאָל ניט האָבען פון זיי קיין צרות און קיין חרפּה.

וואָרום מיכל גאָרדאָן איז געווען א פאָלקס־קעמפּער אין דעם בעסטען, אין דעם איידעלסטען זין פון וואָרט. זיין פּייל איז געווען שאַרף און גיפטיג. זי האָט געטראָפען אין דער פינפטער ריפּ. דער פיינד — די פינסטערניש פונ׳ם פאָלק אין דער פּערזאָן פון זיינע באוואוסטע און אונבאוואוסטע פאָרשטעהער, איז געווען שטאַרק גע־נוג, שטאַרקער פון איהם. אויפהויבען דעם קיווער פון זיין פאר־שטעלטען פנים איז געווען געפעהרליך. אין בעסטען פאַל האָט ער געקענט גילטען פאַר א גראַמען־און ווערטעל־זאָגער. דערפאר האָט מיכל גאָרדאָן זיך ניט ווייניגער געשראָקען.

ערשט צום ענד פון זיין לעבען, ווען ער האָט געזעהן, ווי עס האָ־בען זיך געיאָוועט א גאַנצע רייהע ערנסטע שרייבער, וואָס האָבען, אזוי ווי ער, אָפּגעגעבען דעם „זשאַרגאָן״ די גאַנצע אָדער א וויכטיגען טייל פון זייער פעדער — און צווישען זיי זיינען געווען אזעלכע טאַ־לאַנטען ווי „מענדעלע מוכר ספרים״ און פרוג — האָט מיכל גאָרדאָן געוואָגט געבען זיינע קינדער א טאַטען און אָפּדרוקען זיין ביכעל לי־דער אונטער זיין אייגענעם נאָמען. דאָך, אפילו דאָן האָט ער ניט זוכה געווען אנערקענט צו ווערען. איין מענש איז דאָן געווען, דער דיכטער פרוג, וואָס האָט פארשטאַנען צו שעצען דעם ווערטה פון מיכל גאָרדאָן׳ס הארצגרייפענדע ניגונים.

אָט ווי ער רופט זיך אָפּ אויף דעם ביכעל לידער, וואָס דער פאָלקס־דיכטער האָט איהם, דעם נאַציאָנאַלען דיכטער, געשיקט:

עס קאָכט, און עס זידט, און עס פּליסט ווי אַ טייך
אויס יעדער זשאַרגאָנישער שורה ביי אייך,
ניטאָ קיין צעזור און קיין משקל ביים זמר (זעמער),
דערפאַר אָבער טרערען, כאָטש שעפּ מיט אַן עמער.
דערפאַר אָבער וועהטאָג און טרויער און שמערץ,
דערצו מיט אַן אמתין אידישען קרעכץ,
פון וועלכען אַ טויטער קען לעבעדיג ווערען,
אַ שטיין — זיך צוגיסען אין ביטערע טרערען.

אָט די וואַרימע האַרציגע אנערקענונג פון דעם באַריהמטען נאַציאָנאַלען פּאָעט האָט דעם טאַלאַנטפולען פאָלקס-דיכטער ניט לאַנג געקענט טרייסטען. אין דעמזעלבען „הויזפריינד", וואו מיר באַגעגענען אָט די שעהנע סטראָפען, וואָס פרוג האָט געשריבען לכבוד מיכל גאָרדאָן, געפינען מיר טאַקע, אויפ'ן זעלביגען בלאַט, אין האַרצגרייפענדע פערזען, אַ הספד פונ'ם זעלביגען דיכטער פרוג אויפ'ן קבר פון מיכל גאָרדאָן.

שלאָף־זשע זיס אין דיין געצעלט,
ליבע, טייערע נשמה;
נעם מיט זיך אויף יענער וועלט,
כאָטש אַן איינציגע נחמה:

אַז דיין ליד, דיין אידיש ליד,
וועט נאָך לאַנגע יאָהרען קלינגען,
און וואו נאָר עס לעבט א איד,
וועט מען דיינע לידער זינגען.

דעם דיכטער'ס וואונש איז ניט מקוים געוואָרען. דאָס אידישע פאָלק איז ניט דאַנקבאַר זיינע העלדען, וואָס האָבען מיט איהם און פאַר איהם געלעבט און געליטען. ווער פון דעד אידישער יוגענט געדענקט דעם נאָמען מיכל גאָרדאָן, איינעם פון די שעהנסטע, אייגעם פון די בעסטע נעמען, וואָס די געשיכטע פון די רוסישע אידען האָט ווען עס איז פאַרמאָגט? ווער פון זיי קען זינגען זיינע האַרציגע ניגונים, געוועבט פון פלאַם און פון ליכט, וואָס טראָגען אונז איבער, ווי מיט א צויבער, אין דער וואונדערליכער וועלט פון אונזע'ע זיידעס און באָבעס, ניין! פון אונזערע טאַטעס און מאַמעס? און גאָר ניט זעלטען איז דאָס טאַקע אונזער אייגענע וועלט. וואָרום א גאַנצע רייהע פון לידער פון מיכל גאָרדאָן האָבען מעהר ווי א קולטור-היסטאָרישע באַדייטונג. זיי קענען נאָך זעהר גוט נוצען פאַר

אונז אליין. איבערהויפט זיין שפּראך, זיין אידיש איז דער מוסטער פון א ריינעם מאמע־לשון, אָהן א שפּור פון מליצה. זיין ליד איז ניט שטרענג געמאָסטען נאָכ׳ן פּאָעטישען געזעץ. דאָס פאָלקסליד איז קיינמאָל ניט איינגעצאמט, ווי דאָס ליד פון׳ם מאָדערנעם פּאָעט, אין די ענגע גרעניצען פון צעזור, פון מעטער און גראם. דאס פאָלקס־ליד איז פריי, ווי דאָס ליד פון׳ם פויגעל, ווי דער פּאטש פון דער כוואַליע, ווי דער גערויש פון׳ם וואלד, ווי דאָס ברויזען פון׳ם ווינד. אָבער פּונקט ווי דער נאַטור׳ס פרייע זינגער האָבען זייער ריטם, זייער הארמאָניע, אזוי האָט אויך דאָס אונגעקינסטעלטע פאָלקס־ליד זיין הארמאָניע און ריטם. דאָס פאָלקסליד מעסט ניט זיין טאָן אויף א האָר. עס נעמט אריין אין איין טאָן אמאָל מיט א זילבע מעהר, אמאָל אפילו מיט צוויי, מיט דריי זילבען מעהר. אָבער עס האָט אָהן א ספק זיינע געזעצען, וועלכע דעם פאָלקס־זינגער׳ס געזונטער חוש טרעט זעלטען אריבער, ווען ער איז דערצו ניט גע־צוואונגען פון דעם שטורם, וואָס ברויזט אין זיין נשמה.

## ש. ראָזענפעלד.

# יהודה ליב גאָרדאָן.



דעם 20טען דעצעמבער (נייעם סטיל) 1830 (כ"א כסלו, תקצ"א), איז אין ווילנע געבוירען געוואָרען דער גרעסטער אידישער דיכטער פון דער השכלה עפּאָכע, י. ל. גאָרדאָן, און דעם 16טען סעפּטעמבער, 1892 (כ"ד אלול, תרנ"ב), איז ער, אין פּעטערבורג, געשטאָרבען.

איין־און־זעכציג יאָהר האָט ער געלעבט, און איין־און־פערציג יאָהר פון זיי איז ער טעטיג געווען אויף דעם געביט פון השכלה, פון אידישער אויפקלערונג, וואָס איז געווען דער העכסטער אידעאַל פון זיין צייט.

און זיין טעטיגקייט איז ניט פאַרגעקומען אומבאמערקט. זיין אויפקלערונגס־ארבייט איז ניט פאַרשוואונדען אָהן רעזולטאַטען, ניט פאַר זיין דור און ניט פאַר די קומענדיגע דורות. „דער לייב פון דער געזעלשאפט" האָט מען איהם גערופען, און ער האָט דעם נאָמען בארעכטיגט.

וואָרים גרויס איז דער מענש געווען און קאָלאָסאַל זיין ווירקונג; שאַרף זיין אויג און שניידיג זיין קריטיק; וואָגיג זיין וואָרט און ברענענדיג זיין סאַטירע. זיין וויסען איז געווען וויט און ברייט פאַרצווייגט און פּונקט אַזוי פאַרצווייגט איז אויך געווען זיין אידישע לומדות. וואו זיין שטים האָט געגרייכט — אין שיר צי אין פּראָזע — דאָרט זיינען וועלטען חרוב געוואָרען און וועלטען געשאַפען געוואָרען; דאָרט זיינען מוחות באלויכטען געוואָרען, אויגען געעפענט געוואָרען און מחנות'ווייז האָט מען זיך ארום זיין וואָרט געזאַמעלט צום קאַמף פאַר אויפקלערונג, פאַר וועלטליכקייט און פאַר א מאָדערן אידיש־מענשליך לעבען.

און זיין קורץ לעבען האָט ער אין דריי פאַרשיידענע תקופות איינגעטיילט: יוגענט, מיטעל־עלטער און עלטער, אָדער: „רוח",

„קאמף" און „אנטווישונג". די ערשטע צוויי תקופות כאראקטעריזירט ער אליין:

„אז איך בין יונג געווען, דאן איז די אומשולדיגע מוזע געקומען צו מיר ווייס געקליידט, פון מלאכים באגלייט, מיט חלומות באוויהט און מיר האָבען געזונגען פון גליקליכע טעג, פון ליבע און פריינד־שאפט, פון נחת און פרייהייט און פון האָפענונגען און צוקונפט, און



יהודה ליב גאָרדאָן, געב. דעצ. 20, 1830 — געשט. סעפט. 16, 1892

די שנירלאך ריימען אויף איהר האלז האָבען אזוי געפאסט צו איהר יוגענטליך געזיכט.

„און אז איך בין עלטער געוואָרען, אז איך האָב מיין פאָלק דערזעהן מיט אַלע זיינע פעהלערן, מיט אַלע זיינע וואונדען, אין דעם קוואַל פון זיין פיין — זיינע פארפיהרערישע פיהרער און פאַלשע לעהרער — פון דאַן אָן איז מיין מוזע שווארץ ווי אַ ראָב, איז איהר מויל פול פלוך, אויפ'ן צונג ליגט איהר קינות און די ריימען־שנירלאך

אויפ׳ן האַלז פון מיין מוזע זיינען מיינע טרערן־טראָפּען אויפ׳ן אומגליק פון מיין פאָלק״.

און די דריטע תקופה איז איהם די שווערסטע געווען. אַלע זעהונגען זיינען פארשוואונדען, אַלע האָפנונגען האָבען זיך ארויס־געוויזען פאַלש. און די אידעאַלען — „זייפענבלאָזען״ איז פון זיי געוואָרען, און זיי פּלאַצען איינער נאָכ׳ן אנדערען, איינער נאָכ׳ן אנדערען...

און יעדע תקופה מיט איהרע שאַפונגען, און יעדער מין שאַפונג מיט איהר באזונדער שפּראַך און סטיל. שרייבט ער אין דער ערשטער תקופה: אידיליעס, פאָעמען אויף ביבלישע טעמען, פול מיט חקירות און פילאָזאָפיען, ווי דער שטייגער איז געווען ביים עלטערען דור דיכטער, פון וועמען ער האָט געלערענט. אָבער „אהבת דוד ומיכל״, „די ליבע צווישען דעם פאסטוך דוד און מיכל, די טאָכטער פון שאול המלך״, איז דאָס בעסטע און ריהרענדסטע, וואָס איז אויף דער טעמע געשריבען געוואָרען. ווארפט אראָפּ די „חקירות״, און עס בלייבט פאַר אייך אַ גרויסע און שטאַרקע דיכטונג, לעבעדיגע העלדען און אַן אוצר פאַר דער העברעאישער שפּראַך און ליטעראַטור. דאָס אייגענע לאָזט זיך זאָגען וועגען די שעהנע צוויי פאָעמען: „דוד וברזילי״ און „אסנת בת פוטיפרע״. העכער און שטאַרקער פון די דריי פאָעמען זיינען די אנדערע דריי גרויסע, היסטאָרישע דיכטונגען זיינע: „צדקיהו בבית־הפקידות״, במצולות ים״ און „בין שני אריות״.

אָבער מיט „צדקיהו אין ארעסט״ געהט ער שוין אריבער צו זיין דיכטונג פון דער צווייטער תקופה. די איינלייטונג צו דער פאָעמע איז אַ שניידיגע קריטיק אויף דער הערשאַפט פון רעליגיע איבער׳ן וואָכענדיגען לעבען; אויף דעם נביא׳ס אריינמישען זיך אין מלוכה־אַנגעלעגענהייטען און אויף די רבנים, וואָס ביי זיי פּרובפּערען זיך און מעהרען זיך אַזוי שטאַרק די אסורים און די פארבאָטען און די צוימען און צווימען צו צוימען, וואָס שטערט דער וועלטליכער אַנט־וויקלונג פון פאָלק און מאַכט עס אומפעהיג צו לעבען ווי אַ מענש אויף דער וועלט. אָט די אַלע טענות האָט עם דער אומגליקליכסטער אידישער מלך, צדקיהו, צו ירמיהו, דעם גרעסטען און אומגליקליכ־סטען נביא פון זיין צייט.

און אויך אין אָנהויב פון זיין טיף־נאַציאָנאַלער פאָעמע: „ביי לייבען אין די צייהן״, באקלאָגט ער זיך אויף דעם אידישען דער־ציהונגס־שטייגער אין יענער צייט, ווען די פאָעמע איז געשריבען געוואָרען; אויף דער צוועקלאָזיגקייט פון דער דערציהונג, אויף דער פארווילדערונג פון די מלמדים מיט די תלמידים, פון די רבנים מיט די קהלות — נאָך ער לעגט אריין זיינע ווערטער אין מויל פון די העלדען אין יענער תקופה, פון וועלכער די טעמע איז גענומען.

„וויפיל הונדערטער יאָהרען — שרייבט ער — האָבען לעהרער דיך געלערענט, בתי־מדרשים פאַר דיר געבויט, און וואָס האָט מען דיר אויסגעלערענט? כאַפּען ווינט, אַקערען אַ פעלז, וואַסער האַלטען אין אַ זיפּ און דרעשען שטרוי. מ'האָט דיך געלערענט, וועה, צו געהן געגען לעבען, זיך אָפּצוזונדערען אונטער צוימען און מויערען; צו זיין געשטאָרבען אויף דר'ערד, און לעבעדיג — אין הימעל; חלומ'ן אויפ'ן וואָר און ריידען אין חלום. דערפאַר איז דיין זאַפט פאַרשוואונדען, דיין גייסט — אויסגעלעדיגט, דיין קראַפט — אויסגעטריקענט און די גערערים איינגעשרומפּען. מיט ביכער־שטויב האָט מען דיך אָנגעשטאָפּט, און ווי אַ לעבעדיגע מומיע האָט מען דיך אוועקגעשטעלט פאַר די קומענדיגע דורות, א. אז. וו.".

איין אומגליק — די אומוויסענקייט. איין תרופה — די אויפקלערונג, די בילדונג, די וויסענשאַפט. מיט איין וואָרט: די השכלה.

אָבער גאָרדאָן האָט ניט אָנגעהערט צו יענע נאאיווע, וואָס האָבען גערעדט פון השכלה און פון אויפקלערונג מיט דער שפּראַך פון „קונסט פאַר קונסט". אויפקלערונג און בילדונג זיינען איהם מאַטעריעלע ווערטען, רעאַלע ניצליכקייטען, אומבאַדינגטע לעבענס־באַדערפעניששען. וואָרים ביי אַן אויפגעקלערט פאָלק „וואָלטען די פאַרשטענדיגע זיך אָפּגעגעבען מיט וויסענשאַפט, די אַרבייטס־פעהיגע — מיט מלאכה און אינדוסטריע; שטאַרקע וואָלטען געדינט אין מיליטער, און פויערים וואָלטען ביים אַקער גליקליך געוועזען". די אויפקלערונג וואָלט איהם מעגליך געמאַכט דעם געווינשטען פאַרקער מיט די שכנים אַרום. עס וואָלט איהם אויך גרינגער געמאַכט דאָס לעבען ביי זיך, טויזענט עול'ן וואָלט דאָס אויפגעקלערטע פאָלק אַראָפּגעוואָרפען פון זיך. טויזענט פאַרבאָטען און טויזענט צוימען וואָלט עס געבראָכען. און אַ נייע וועלט וואָלט עס דאַן געזעהן פאַר זיך. אַ וועלט אָהן שדים, אָהן רוחות, אָהן גלגולים, אָהן דבוקים, אָהן לעבעדיגע מתים און אָהן מכשפים. בערג גאַנצע וואָלטען זיך דאַן אַראָפּגעקייקעלט פון זיין קאָפּ. און אינאיינעם מיט זיי וואָלטען אויך פאַרשוואונדען די שאָטענס, וואָס האָבען זיך געצויגען פון די בערג און פאַרפינסטערט דעם אידענ'ס לעבען. די מרה־שחורה, וואָס איז אויסגעגאַנגען פון די מחנות: „זעהענדיגע—ניט־געזעהענע", וועט אויפהערען. און אַז מ'וועט קוקען אויפ'ן לעבען מיט אָפענע אויגען און ניכטערע קעפּ — דאַן וועלען אויפהערען די גרויסע מחנות בטלנים און ליידיג־געהער, „צדיקים" און איינקלאַך, „בעלי־שמות" און זנאַכערס, און מופתים־באַווייזער, און אָפּשפּרעכער, און קמיעות־שרייבער, און סגולות־געבער, און פדיונות־ציהער — מחנות גאַנצע, וואָס זיצען דעם פאָלק אויפ'ן קאַרק. און אויס וועט עס ווערען מיט'ן איינסטיטוט: „בעל־בתישע קינדער", „זיידענע יונגעליים", „פיינע בחורים"

— אַלע פֿאַלקען גאַנצע, וואָס זיצען אויף לאַנג־יעהריגע קעסט, טוען ניט קיין האַנט אין קאַלטע וואַסער, פֿרוכפּערען זיך נאָר און מעהרען זיך און מאַכען פֿול די וועלט אויף גאָט'ס באַראָט און אויף דער שוויגער'ס חשבון. דאַן וועט דאָס פֿאָלק פֿאַרשטעהן, וואָס אונטער'ן הימעל געפֿינט זיך און וואָס אויף דר'ערד לעבט. פֿון אַ בלינדער, בטלנ'ישער מאַסע וועט ווערען אַ פֿאַרשטענדיגער המון, פֿון דער צופֿאָהרענער „חסידאַרני" — אַ פֿאַרנינפֿטיגער קבוץ. און דער קבוץ וועט האָבען אויפֿגעקלערטע פֿיהרער, געבילדעטע רבנים, וואָס וועלען פֿאַרשטעהן, אַז זייער אויפֿגאַבע איז צו פֿאַרגרינגערן דעם עול פֿון לעבען, און ניט איהם שווערער מאַכען. און ניט בלויז אין רעליגיעזען זין, נאָר אויך אין געזעלשאַפֿטליכען. ווייל אויך די זייט פֿון אידישען לעבען איז אַ תהום פֿון בלוט און טרערען, וואָס נאָר די אויפֿקלערונג האָט די מאַכט איהם צו פֿאַרשיטען.

דער תהום — דאָס איז דאָס „קהל־שטיבעל" און די קהל'שע קאָכלעפֿעל. און ווי זעהט אויס דאָס קהל־שטיבעל?

„דיין פֿונדאַמענט — אַ פֿינסטערער שטיין, דיין געבוי — אומ־אָרדנונג. דיינע באַלקענס און די ווענט — הערצער געבראָכענע, און דער ריגעל פֿון טיר — אַ שלאַנג אַ גיפֿטיגע. דיין דאַך — הויט פֿון אָרימעלייט, דיין לופֿט — קרעכצען, טרערען — דיין טינק. פֿאַראַן דאָ אַ כשר'ע מזוזה, פֿאַראַן אויך אַ „זכר לחורבן", אַן אייל אויף אַן אייל. אָבער גאָט איז דאָ ניטאָ, זיין שכינה האָט זיך אָפּגעטאָן פֿון דאַנען. אויפֿ'ן ביישטידעל — בלוט. אין טיר — זינד. די פֿינ־סטערסטע ווילדעניש היט דיינע שוועלען, און דער ראש־הקהל — דער שותף פֿון עמלק. וואָרים ס'בלוט פֿון אונזערע ברידער, וואָס אָנגע־הערען דער קהלה, שרייט צו אונז פֿון אַלע ווינקעלאַך דיינע; די אָרימעלייט, געשאָכטענע לכבוד די נגידים, ווערען עפֿענטליך אונטער־דריקט, עפֿענען קיין מויל ניט; און אַז עס קומט צום צאָהלען, נעמט מען אָפּ ביי זיי זייערע פּרוטות די לעצטע און זייערע איינציגע זיהן".

דאָס זיינען איינצעלנע שורות פֿון גאָרדאָנ'ס גרויסער פּאָעמע „שני יוסף בן שמעון". דאָ שטראָפֿט ער מיט אייזערנע ריטער די דעמאָלטדיגע קהל'שע ווירטשאַפֿט. אַלע פֿאַלשקייטען ווערען דאָ אַרויסגעשטעלט, אַלע רציחות, אַלע רויבערייען, וואָס שמגר בן ענו, דער ראש־הקהל, ערלויבט זיך אויפֿ'ן חשבון פֿון די אָרימע אין קהל... ניט דאָ איז דאָס אָרט איבערצוגעבען, אפֿילו אין קורצען, דעם אינ־האַלט פֿון דער גרויסער פּאָעמע. און דאָס אייגענע מוז איך זאָגען אויך וועגען דער אַנדערער גרויסער פּאָעמע: „קוצו של יוד". דאָ ווערט דערצעהלט, ווי צוליב אַן אות, אַ „יוד", האָט אַ רב גע'פּסל'ט אַ גט, און אַ יונגע פֿרוי איז געבליבען אַן עגונה דאָס גאַנצע לעבען. און ניט בלויז אַ „יוד" קאָן ברענגען אַן אומגליק. רעכט איז צוליב

„א גערשטען אין פּסח'דיגער זופּ" זאָל שרה א לעבען־לאַנג אומגעהן איבער די הייזער; צוליב א „תחום־שבת" זאָל א גאַנצע אידישע פאַמיליע אונטערגעהן, א. אז. וו., א. ד. גל. דאָס אַלץ שילדערט גאָרדאָן אין די טונקעלסטע פאַרבען, אין גרעסערע און קלענערע פּאָעמען, וואָס דארף באווייזען די נויטווענדיגקייט צו רעפאָרמירען דעם „שלחן־ערוך". אָבער כדי רבנים זאָלען איינזעהן די דאָזיגע נויטווענדיגקייט, איז קודם כל נויטיג — השכלה.

אָבער אין גיכען הויבט ער אָן צו זעהן, אז ניט אַל דאָס בייז שטעקט נאָר אין דער אומוויסענקייט, און אז ניט אין דער השכלה ליגט די איינציגע רעטונג. ער באַמערקט, אז אויב צוליב א „פּינטעלע יוד" לאָזט א רב זיצען א אידישע טאָכטער, אַן עגונה, ס'גאַנצע לעבען, איז צוליב אַן איבעריגע פּאָר גילדען לאָזט א געבילדעטער ראבינער זיצען גאַנצע דרייצעהן יאָהר און ווארטען אויף חליצה... און ווייטער זעהט ער, אז אַנשטאָט „געבילדעטע אידען" באקומען זיך געבילדעטע, אָבער פון אידען איז דאָרט קיין זכר ניטאָ; אז די אויפגעקלערטע דינען צום „גאָלדענעם קאַלב" א סך פרימער, ווי די אָרטאָדאָקסיע. און אויב מ'קאָן האָפען, אז פון צווישען דער אָרטאָדאָקסיע זאָלען ארויסקומען אויפגעקלערטע, איז אָבער כלל ניט צו האָפען, אז פון צווישען די אויפגעקלערטע זאָלען ארויסקומען אידען. וואָרים ניט בלויז פון דער רעליגיע אַנטלויפען זיי, נאָר אויך פון זייער פאָלק, פון זייער שפּראַך, פון זייער קולטור און פון אַלץ, וואָס אידיש איז —

דאָן זעהט ער:

„א פּרעכטיגער פּאַלאַץ, נאָר געפּלאַצט איז ער, א שפּאַלט אויף א שפּאַלט. דער טינק פאַלט אראָפּ, דער באַלקען ברעקעלט זיך און אין די שטויב־הויפענס ווימעלט עס פון קריכיגע —

„איז די אַלטע — אויף זייערע געלעגערס דרעמלען זיך רוהיג; פאַר איינפאַלען האָבען זיי קיין מורא ניט. אָבער די יונגע, זיי שפּרינגען דורך די פענסטער, איינער נאָך איינעם".

דאָס איז דאָס אידישע הויז געמיינט, דער היכל פון דער אידישער תורה...

דעמאָלט שרייבט ער זיין באריהמט ליד: „פאַר וועמען מיה איך זיך?" (למי אני עמל?), וואו ער גיסט אויס זיין ביטער הארץ אויף אַלע דריי דורות: עלטערען, ברידער און קינדער, וואָס אַלע אָנערקענען ניט דעם דיכטער, ניט זיינע אידעאַלען, ניט זיין ארבייט.

„די עלטערען, צוגעבונדען צו גאָט און פאָלק, האַנדלען מיט סחורה און מיט מצוות גאַנצע טעג. וויסען — פאַראַכטען זיי, פון געשמאַק — וואָס ווייסען זיי? „טויט שטעקט אין ליד, אפּיקורסות אין דיכטונג. אונטער איין דאַך טאָר מען מיט'ן דיכטער ניט לעבען" — אזוי שרייען זיי.

„און די ברידער — די געלערנטע און די אויפגעקלערטע, זיי פאראכטען די אַלטע מוטער, אָנגעשפּארט אויפ'ן שטעקען: „פארלאָזט די שפּראַך, זי איז שוין צו־אַלט, פארלאָזט איהר ליטעראַטור, זי האָט ניט קיין טעם; וואַרפט עס אוועק, צו זיין לאַנד־שפּראַך זאָל יעדער זיך ווענדען"...

„און אונזערע קינדער — פון קינדהייט אָן שוין זיינען מיר זיי פרעמד. פאָרוועדטס געהען זיי, אַלץ ווייטער און ווייטער, ווער ווייסט אָבער די גרענעץ, ביז וואַנען? אפשר ביז דאָרט, פון וואַנען ס'איז ניטאָ שוין קיין אומקעהר צוריק?"

„אויפקלערונג", „אויפלעבונג", „צוזאַמענלעבען" מיט די שכנים, ווי גלייכע מיט גלייכע — אַלע האָפענונגען פארוועלקען. די פּאָגראָמען פון 1881 פארוויסטען אין די הערצער פון די אידישע אינטעליגענטען אַלע שפּראָצען פון האָפענונגען אויף אַ מענשליך לעבען אין רוסלאַנד. און אין גרויס פארצווייפלונג רופט ער צו עמיגראַציע. אוועק פון רוסלאַנד. אַלט און יונג, אָרים און רייך — אַלע פאראייניגט, די לענדער געגורט, דעם שטעקען אין האנד און — געגאַנגען!

„און אויב מיר האָבען ניט קיין אייגענע היים, אין אַן אַנדער גאַסטהויז וועלען מיר פארפאָהרען — וואו דאָס ליכט פון פרייהייט שיינט פאר אַלעמען; וואו קיין מענש און קיין פאָלק ווערט ניט באַליידיגט פאר זיין אָפּשטאַם און ניט פאר זיין גלויבען". די ריכטונג, נאַטירליך, אַמעריקע...

אין דערזעלבער צייט קומט אַרויס פּינסקער מיט זיין „אויטאָ־עמאַנציפּאַציאָן" (זעלבסט־באפרייאונג), וואו ער טענה'ט איין מיט אידען ניט צו באנוגענען זיך מעהר מיט „גאַסט־הייזער" און זיך באַמיהען אום אַן אייגען שטיקעל לאַנד, און מיט אַלגעמיינע קרעפטען אַן אייגען הויז דאָרט אויפצובויען — שרייבט גאָרדאָן זיין שיר: „גאָט'ס הערדע" (עדר אדוני). דאָ ערקלעהרט ער:

„ניט אַ פאָלק זיינען מיר, ניט אַ רעליגיעזע געמיינדע, נאָר אַ הערדע, וואו יעדע שאָף זעהט נאָר דאָס ביסעל פּאַשע, וואָס אונטער זיינע פיס; קיינעם אַרט ניט דעם צווייטענ'ס נויט; מ'נעמט זיך ניט צונויף צו אַלגעמיינער הילף — וואָס קאָן דען אַזאַ צושאָטען פאָלק אויפטאָן?"

אָבער שפּעטער, אַז עס הויבט זיך אָן די חבת־ציון באוועגונג, איז גאָרדאָן מיט איהר. ער העלפט אַלע איהרע אונטערנעמונגען. ער איז אָבער ניט אימשטאַנד איהר פיל צו העלפען. ער פארמאָגט ניט, בנוגע איהר, דעם ענטוזיאַזם, וואָס ער האָט פארמאָגט פאר דער השכלה. און ניט אין דער ריכטיגקייט פון דער עצם־אידעע צווייפעלט ער, נאָר ער צווייפעלט אין דער טיכטיגקייט פונ'ם אידישען פאָלק. ער צווייפעלט, צי אָט דער הויפען מענשען, וואָס איז „וואָך

אין הימעל און פאַר׳חלומ׳ט אויף דר׳ערד״, קאָן גאָר אפילו באַ־גרייפען די גרויס פון אַזאַ אידעע, ווי „זעלבסט־באפרייאונג״ איז. און זאָל ער זי באַגרייפען, וועט איהם פעהלען דער מוט און דער אויסדויער די אידעע צו פאַרווירקליכען. זיין גאַנצע פעהיגקייט זיך צוצופּאַסען האָט דאָך דער איד פאַרווענדט דערצו: זיך צו האַלטען אונטערטעניג, צו זוכען לייטזעליגקייט, געפעליגקייט און אביסעל סבלנות... אָבער פּאָליטיש־בירגערליך זעלבסטשטענדיג זיין — ער באַגרייפט עס אפילו ניט.

דערפאַר מיינט גאָרדאָן, אַז פריהער דאַרפען אידען אויסלייזען זייער נפש, זייער גייסט, פון פאַרשקלאַפּונג, און ערשט נאָכדעם וועט מען קאָנען טראַכטען וועגען אויסלייזען דעם קערפּער. דאַרום מוז זיך דער איד, קודם כל, באַפרייען פון די תרי״ג מאָל תרי״ג עול׳ן, וואָס די רבנים האָבען אָנגעלאָדען אויף זיי; פריהער מוזען זיי זיך צוגעוואוינען צום געדאַנק, אַז וועלטליך לעבען איז אויך אַ לעבען, און עס איז כדאי צו שטרעבען דערצו און זיך מקריב זיין דערפאַר; אַז פרייהייט פון דענקען און טאָן איז דאָס רעכט פון יעדען מענשען. דערפאַר ליגט גאָרדאָנ׳ס מאַרשרוט קיין ארץ־ישראל איבער אַמעריקע. דאָרט, אין אַמעריקע, מיינט ער, וועלען די אידען געלייטערט ווערען. דאָרט וועלען זיי זיך אויסניכטערען פון רעליגיעזער שכרות. דאָרט וועלען זיי זיך אויסלערנען צו שעצען פּאָליטישע און בירגערליכע פרייהייט — דאַן וועלען זיי צייטיג זיין פאַר דער אידעע פון פּאָליטיש־בירגערליכער, נאַציאָנאַלער זעלבסטשטענדיגקייט.

געוויס האָלט ער אויך איצט, אַז פאַר איין אויפגעקלעהרטען ניט מען צעהן ניט־אויפגעקלעהרטע, און מ׳נעמט ניט. געוויס האָלט ער אויך איצט, אַז אָהן אויפקלעהרונג מוזען און וועלען אידען אויך ווייטער בלייבען אין זייער פיזישער און גייסטיגער קנעכטשאַפט. אָבער אָפען צו פּראָפּאַגאַנדירען השכלה, אַלס הויפּט־פונקט פון אידישער כלל־אויפמערקזאַמקייט, אַלס איינציג־הייל־מיטעל געגען אַלע אידישע ליידען און נויטען — דאָס קאָן ער ניט, דאָס טוט ער ניט מעהר.

אַזוי לעבט ער דעם לעצטען צעהנדליג יאָהר פון זיין לעבען, אין פאַרצווייפלונג, ענטוישונג, מאַכטלאָזיגקייט, און דערצו עלענד. וואָרים י. ל. גאָרדאָן, לעבענדיג אין פּעטערבורג, ווייט פון דער גע־דיכטער אידישער באַפעלקערונג, האָט געהאַט פאַרגעטערער, האָט געהאַט פאַרעהרער, אָבער קיין איבערגעבענע פריינט האָט ער ניט געהאַט. אפשר אין דער פּראָווינץ — אַ צוויי־דריי, אָבער אין דער נאָהענט — קיין איינציגען ניט.

וואָרים די אידישע שטודירענדיגע יוגענט, וואָס איז געוועזען די טרעגערין פון דער אידישער אויפלעבונגס־באַוועגונג, „חבת־ציון״, און

האָט געשאַפֿען שטימונג און סימפּאַטיען אין דער אידישער גאַס, איז געוועזן אָפּגעניינגט פֿון גאָרדאָנ׳ען. ניט איז ער געוועזן זייער פֿייער־זייל, ניט זייער פֿיהרער און ניט האָט ער פֿאַרמאָגט גענוג באַגייס־טערונג פֿאַר זייער אידעאַל. זיינע גרויסע פֿאַרדינסטען פֿאַר׳ן וועקען דאָס אידישע פֿאָלק צו בירגערליכקייט, צו וועלטליכקייט און צו אַ מענשליך קולטור־לעבען, — וואָס האָט דאָך געמוזט פֿאָראויסגעהן דער אידעע פֿון דער נאַציאָנאַלער ווידערגעבורט; זיינע גרויסע פֿאַר־דינסטען פֿאַר דער אנטוויקלונג און באַלעבונג פֿון העברעאיש, וואָס איז דאָך אַן אומבאַדינגטער טייל פֿון דעם נאַציאָנאַלען ווידעראויפֿ־לעבען — דאָס האָט יענע ענטוזיאַסטישע יוגענט ניט דערשאַצט, און איהם אַליין פֿאַרלאָזט.

און אָט די ניט־געניינגטקייט צו איהם האָט איהם אויך נאָכ׳ן טויט פֿאַרפֿאָלגט. און נאָך ביז אויפֿ׳ן היינטיגען טאָג קומען פֿון צייט צו צייט אייזלען און אייזעלאַך, וואָס האַלטען עס פֿאַר אַ העל־דישקייט פֿון זייער זייט אַ בריק צו טאָן דעם טויטען ליֵיב און נאָכ־וואַרפֿען איהם אַ שטיין אין קבר אריין.

אָבער אויך די שטיינער, וואָס מ׳וועט איהם אין קבר נאָכוואַרפֿען, האָט ער פֿאָראויסגעזעהן, און פֿאָראויסגעטרייסט זיך דערמיט, וואָס כאָטש איינער וועט זיך געפֿינען, וואָס וועט אריינקוקען אין זיין בינטעל בלעטער און פֿאַרשטעהן זיין וואָרט.

און דאָס איז מקוים געוואָרען אין אַ גרעסערער מאָס; פֿיל קוקען אריין אין זיינע בלעטער, — און צושלעפּען זיין ירושה. אָבער דאָס געהערט שוין צום טאָן און ווירקען פֿון די אַנדערע — פֿון זיינע פֿרייוויליגע יורשים.

## שאול גינזבורג.

# מיינע באַגעגענישען מיט ל. לעוואַנדע.

### (אַ בלעטעל עראינערונגען)



דער באַוואוסטער רוסיש־אידישער בעלעט־ריסט לייב לעוואַנדע איז ניט געווען קיין ווילנער, ער איז געבוירען געוואָרען אין מינסק, אָבער ווילנע האָט פאַרנומען אַ באַדייטענדען אָרט אין זיין לעבענס־גאַנג; ער האָט דאָ פאַרבראַכט מעהר ווי אַ העלפט פון זיינע יאָהרען. אין ווילנע האָט ער שטודירט און געענדיגט די דאָרטיגע ראַבינער־שול; דערנאָך האָט ער זיך אומגעקערט נאָך אויף עטליכע יאָהר צוריק קיין מינסק, וואו ער האָט געאַרבייט אַלס לעהרער אין אַ קרוינישער אידישער שול. אין יאָהר 1860 איז דער 25־יאָהריגער לעוואַנדע, וואָס אָט זיך שוין ערוואָרבען אַ ליטעראַרישען נאָמען אַ דאַנק זיין ראָמאַן „די באַקאַליי־קראָם" („דעפּאָ באַקאַלייניך טאָוואַראָוו") און זיין מיטאַרבייטערשאַפט אין דעם זשורנאַל „ראַזסוועט", אַריבערגעפאָהרען ווידער קיין ווילנע. ער האָט דאָ געקראָגען די שטעל פון „אוטשאָני יעוורעי" ביים ווילנער גענעראַל־גובערנאַטאָר און איז פאַרבליבען אין ווילנע כמעט ביז זיין טויט.

ל. לעוואַנדע איז געווען זעהר צוגעבונדען צו זיין געבוירענס־שטאָדט און האָט זיך אין ווילנע אַ לאַנגע צייט געפיהלט ניט היימיש. דאָס איז צו זעהן פון זיינע פאַרעפענטליכטע בריף צו זיין אינטימען פריינד י. זאַלקינד (וועלכער האָט געשטאַמט פון ווילנע און איז געווען אַ זוהן פון דעם העברעאישען פּאָעט און לעהרער אין ווילנער ראַבינער־שול, שלמה זאַלקינד). אין די בריף צו איהם פרעגט לעוואַנדע שטענדיג פאַנאַנדער וועגען מינסק, וועגען זיינע דאָרטיגע באַקאַנטע און פריינד, און ער באַקלאָגט זיך כסדר, אַז ער פיהרט אין ווילנע זעהר אַן איינזאַם לעבען. לעוואַנדע איז אין יענער צייט געווען דורכגעדרונגען מיט אַסימיליאַטאָרישע אָנזיכטען, וואָס האָבען זיך באַזונדערס קלאָר אַרויסגעוויזען אין זיין בעסטען בעלעטריסטישען ווערק

„די ברויזענדיגע צייט” („גאָריאַטשעיע ווּרעמיאַ”). ער האָט מיט אַ געוויסען ביטול געקוקט אויף די ווילנער משכילים, אויף זייערע אַלט־פרענקישע געננ, אויף זייער פרעמדקייט צו דער רוסישער ליטעראַטור. ער האָט זיך געהאַלטען ווייט פון זיי. אָבער אויך פון די נײַ־מאָדישע אינטעליגענטען, וואָס זיינען שוין דורכגעגאַנגען אַ רוסישע שול, האָט ער געקליבען ווייניג נחת; מיט זייער גלייכגילטיגקייט צו אידישע אינטערעסען, מיט זייער פּראַקטישער שטרעבזאַמקייט האָבען זיי איהם פון זיך אָפּגעשטויסען. עס איז זעהר מעגליך, אַז אָט די גייסטיגע איינזאַמקייט, פון וועלכער לעוואנדע האָט אַזוי לאַנג געליטען, אַז זי האָט פיל מיטגעווירקט צו דער ענטוויקלונג פון דער פּסיכישער קראַנק־הייט, וואָס האָט איהם פריהצייטיג געבראַכט צום קבר. ערשט אין די לעצטע יאָהרען פון זיין לעבען, ווען די פּאָגראָמען פון אָנהויב 80ער יאָהרען האָבען אַרויסגערופען אַן איבערקעהרעניש אין זיין גאַנצער וועלט־אַנשויאונג, און ער איז צוגעשטאַנען צו דער פּאַלעסטינאָפילער באוועגונג, האָט ער זיך דערנעהנטערט צו די ווילנער „חובבי ציון” און צווישען זיי געפונען איבערגעגעבענע פריינד. אָבער עס איז שוין געווען צו שפּעט, דער טויט האָט שוין אויף איהם געלויערט.

מיט ל. לעוואנדע'ן איז מיר אויסגעקומען צוויי מאָל אין מיין לעבען צו זעהן זיך, און וועגען אָט די צוויי באַגעגענישען ווילט זיך מיר דאָ אין קורצען דערצעהלען.

אַליין אַ געבוירענער אין מינסק, פלעג איך שוין אין מיינע קינדער־יאָהרען זעהר אָפט פון עלטערע מענשען הערען ערצעהלונגען און עראינערונגען וועגען אונזער לאַנדסמאַן, דעם גרויסען שרייבער. מיט לעוואנדע'ס ווערק האָט מיך שפּעטער באַקענט מיין לעהרער, שמואל קאַצענעלענבאָגען, וועלכער איז אַריבערגעפאָהרען צו אונז קיין מינסק פון ווילנע, געווען אַ פּלימעניק פון דעם באַוואוסטען ווילנער משכיל און כלל־טוער הירש קאַצענעלענבאָגען און אויסגעבונדען מיט די פאָרשטעהער פון ווילנער אינטעליגענץ. ער האָט מיך דער ער־שטער פאַראינטערעסירט מיט דער רוסיש־אידישער ליטעראַטור, און איך פלעג זיך ניט קענען אָפּרייסען פון לעוואנדע'ס ראָמאַנען. אַ באַזונדער צויבער האָבען זיי פאַר מיר געהאַט דערפאַר, ווייל עלטערע מענשען פלעגען דערצעהלען, אַז די טעמעס פון זיינע מייסטער ער־צעהלונגען זיינען גענומען געוואָרען פון ווירקליכען מינסקער לעבען, און מען האָט געטייטעלט מיט'ן פינגער אויף פערזענליכקייטען, וואָס פיגורירען אַלס העלדען אין זיינע בעלעטריסטישע ווערק. איך בין געוואָרען לעוואנדע'ס אַ באַגייסטערטער פאַרעהרער. און עס איז קיין וואונדער ניט, אַז ווען איך, אַ 13־יאָהריגער אינגעל, בין צום ערשטען מאָל געקומען קיין ווילנע צו גאַסט צו מיינע דאָרטיגע קרובים, האָב איך ממש געברענט מיט'ן פאַרלאַנג אַ קוק צו טאָן אויף דעם

געליבטען שרייבער. מיינע ווילנער קרובים, וואָס זיינען געווען סוחרים, האָב איך ניט אויסגעזאָגט, אז איך קלייב מיך געהן צו איהם, זיי זאָלען ניט מאַכען חוזק פון מיר; איך האָב ביי זיי אפילו ניט געפרעגט זיין אדרעס. וועגען דעם האָב איך ניט געזאָרגט; איך בין געווען זיכער, אז יעדער ווילנער איד ווייסט, וואו דער באריהמטער שריפטשטעלער וואוינט. ווי גרוים איז אָבער געווען מיין חידוש און



ל. לעוואַנדע, געב. 1835 — געשט. 1888.

מיין פאַרדרוס, ווען די אידען, וואָס איך האָב אָפּגעשטעלט אין גאַס און געפרעגט וועגען לעוואַנדע'ס אדרעס, האָבען אפילו ניט געוואוסט, ווער ער איז און וואו ער געפינט זיך. מיט גרויס מיה האָב איך ענדליך געקראָגען זיין אדרעס און אויפ'ן אנדערען טאָג אין דער פריה בין איך אוועק צו לעוואַנדע'ן. במעט די גאַנצע נאַכט האָב איך ניט געשלאָפען; כ'האָב געהאַלטען אין איין צונויפשטעלען א באגריסונג,

וואס איך וועל איהם זאגען און אויסדריקען מיין באוואונדערונג פאר זיין טאלאנט. מיט א הארץ־קלאפעניש, טריט ביי טריט בין איך געגאנגען איבער דער פינסטערער טרעפ, וואס האט געפיהרט צו זיין וואוינונג. קיין גלעקעל ביי דער טיר איז ניט געווען. איך האב איניגע צייט ניט געוואוסט, וואס צו טאן, און לסוף האב איך מיך ענטשלאסען אנצוקלאפען. די טיר האט זיך געעפענט, און אויף דער שוועל האט זיך באוויזען א קורץ־געוויקסיגער, ווייניג אימפאזאנטער מענש, אנגעטאן אין אן אלטען כאלאט.

— איך וואלט וועלען זעהן דעם ה׳ לעוואנדע, — האב איך געזאגט. מיר איז אפילו ניט איינגעפאלען, אז אט די פיגור איז עס מיין פארעהרטער שרייבער, כמעט מיין אפגאט.

— איך בין לעוואנדע, — האט ער מיר געענטפערט זעהר אונ־פריינדליך, — וואס דארפט איהר?

די באגייסטערטע באגריסונג, וואס איך האב די גאנצע נאכט לאנג געגרייט, איז מיר ארויסגעפלויגען פון קאפ, און איך האב קינדיש א זאג געטאן: „איך וואלט וועלען קויפען אייערע ווערק”...

— איך פארנעהם מיך ניט מיט פארקויפען מיינע ווערק, — האט ער טרוקען געענטפערט — געהט אין א בוכהאנדלונג, דארט וועט איהר זיי קריגען.

און ער האט שוין געהאלטען ביים צומאכען די טיר, נאר דער־זעהענדיג, ווי איך שטעה דא א צוטומעלטער, אן אונגליקליכער, גרייט צו פאנאנדערוויינען זיך, איז ער געווארען ווייכער און מיך אריינגע־רופען צו זיך. דאס צימער, וואו ער האט מיך אויפגענומען, האט אויסגעזעהן זעהר אפגעלאזען, אונהיימליך. עס איז קענטיג געווען, אז דא פעהלט ניט נאר א ווייב, נאר אפילו א דינסט־מיידעל, וואס זאל זארגען וועגען זויבערקייט און געמיטליכקייט. דערוויסענדיג זיך וועגען מיין פאמיליע, האט לעוואנדע א פרעג געטאן, צי איך בין ניט פון די מינסקער גינזבורגס, און אז איך האב געזאגט, אז איך קום טאקע פון מינסק, האבן לעוואנדע'ס אויגען אנגעהויבען צו לויכטען. ער האט מיך גענומען פאנאנדערפרעגען וועגען מינסק און פארשאטען מיך מיט שאלות: וואס מאכט אונזער זיבעציגער גאס? צי לעבען נאך יענע און יענע אין מינסק און וואס טוען זיי? צי עקזיסטירט נאך בליומקינ'ס קלויז? צי שטעהט נאך שרה מאיר'ס שוהל? און וואס מאכט דער דארטיגער שמש לייבקע? א. ז. וו., א. ז. וו. עס איז געווען צו זעהן, אז ער געדענקט יעדע מינדעסטע איינצעלהייט פון זיין אמאליגען לעבען אין מינסק, אז איהם אינטערעסירט לעבעדיג אלץ, וואס קעהר זיך אן צו זיין געבוירענס־שטאדט.

לעוואנדע האט מיך פארהאלטען מעהר ווי א שעה צייט און ביים געזעגענען זיך האט ער מיך געבעטען איבערצוגעבען א הארציגען

גרוס אַלע זיינע אַמאָליגע באַקאַנטע אין מינסק. איך בין אַוועק פון איהם אַ צופרידענער; כ'בין געווען שטאָלץ מיט דעם, וואָס ער האָט גערעדט מיט מיר ניט ווי מיט אַ אינגעל, נאָר כמעט ווי מיט אַ דערוואַקסענעם. איך האָב שוין ניט מורא געהאַט צו דערצעהלען מיינע קרובים וועגען מיין באַזוך צו לעוואַנדע'ן. איך האָב געפיהלט, אַז ווען זיי וועלען זיך דערוויסען, ווי אַזוי ער האָט מיך אויפגענומען, וועלען זיי שוין פון מיר ניט אָפּלאַכען.

***

צום צווייטען מאָל האָב איך ל. לעוואַנדע'ן געזעהן מיט פיל יאָהרען שפּעטער, גאָר ביי אַנדערע אומשטענדען.

איך בין שוין געווען אַ סטודענט אין פּעטערבורגער אוניווערזיטעט. פון מיינע ווילנער באַקאַנטע, וואָס זיינען געשטאַנען נאָהענט צו לעוואַנדע'ן, האָב איך געהאַט ידיעות, דאָס ער איז גייסטיג קראַנק. דערנאָך האָב איך מיך דערוואוסט, אַז מען האָט איהם געבראַכט קיין פּעטערבורג און ער געפינט זיך אין דר. באַרי'ס פּסיכיאַטרישער קליניק. אינאיינעם מיט מיינעם אַ חבר, אַ סטודענט פון דער מעדיצינישער אַקאַדעמיע, בין איך אַהין אַוועק איהם מבקר חולה צו זיין. מען האָט איהם צו אונז ארויסגעפיהרט אין צימער פאַר באַזוכער. דערזעהענדיג איהם, בין איך ממש דערציטערט געוואָרען: ער איז געווען פּאָלשטענדיג גראָה, שרעקליך אויסגעדאַרט, און געוואָרען עפּעס קלענער, כמעט ניט צו דערקענען. לעוואַנדע האָט זיך אַנידערגעזעצט אויף אַ שטוהל, און מיר האָבען מיט איהם פאַרפיהרט אַ געשפּרעך. אָנפאַנגס האָט ער גערעדט פאָלשטענדיג קלאָר, צו דער זאַך, גאָר ווי אַ געזונטער. נאָר אין מיטען געשפּרעך האָט ער פּלוצלונג אָנגעהויבען צו שיטען מיט ווילדע, אונזיניגע דיבורים וועגען אַ מויז, מיט וועלכער ער האָט פאַריגע נאַכט געשמועסט מכח וויכטיגע אָנגעלעגענהייטען. הערען איהם ווייטער איז געווען אונערטרעגליך, און מיר האָבען אין איילעניש פאַרלאָזט די קליניק. עס איז געווען שרעקליך צו זעהן דאָס בילד פון אַ גרויסען, באַגאַבטען גייסט, וואָס איז אַזוי פאַרטונקעלט געוואָרען. איך בין אַוועק מיט אַ דריקענדען געפיהל פון קומער, וועהטאָג און באַליידיגונג פאַר דער מענשליכער ווירדע.

מיט אַ קורצער צייט שפּעטער, דעם 6טען מערץ 1888, איז לעוואַנדע געשטאָרבען. אין דער רעדאַקציע פון „וואָסכאָד" האָבען זיך צונויפגעקליבען אידישע שריפטשטעלער און געזעלשאַפטליכע טוער, כדי צו באַטראַכטען, ווי אַזוי וואָס שענער אָפּצוגעבען דעם פאַרשטאָרבענעם דעם לעצטען כבוד. איך בין דערביי געווען אַלס פאַרשטעהער פון אידישע סטודענטען, ס'האָט זיך מיר געוואָרפען אין די אויגען, וואָס דער באַוואוסטער פּאָעט י. ל. גאָרדאָן, וועלכער האָט

זיך באטייליגט אין דער בארַאטונג, האָט אַלץ גע׳טענה׳ט, אַז די צייט איז אַן אומרוהיגע, שווערע, מען דאַרף דעריבער ניט מאַכן קיין צו פיל רעש און איינאָרדנען די לויה ווי ווייט מעגליך באַשייד־דענער. די פּאָליטישע אומשטענדען אין רוסלאַנד זיינען טאַקע דאַן געווען דריקענד און שווער, אָבער צו דער באַערדיגונג פון לעוואַנדע׳ן, וועלכער איז געשטאַנען ווייט פון פּאָליטיק, האָט דאָס דאָך קיין שייכות ניט געהאַט. עס קאָן זיין, אַז גאָרדאָנ׳ס איבעריגע פּאָרזיכ־טיגקייט האָט זיך גענומען פון יענע צרות, וואָס ער איז אויסגע־שטאַנען מיט עטליכע יאָהר צוריק, ווען מען האָט איהם אויף זעקס מאָנאַטען פאַרשיקט אין אָלאָנעצקער גוב. מעגליך, אַז דאָ האָט גע־שפּילט אַ ראָליע די „קנאת סופרים”, די אייפערזיכטיגקייט, וואָס טרעפט זיך צווישען שריפטשטעלער. אַזוי צי אַזוי, אָבער גאָרדאָנ׳ס האַלטונג האָט געמאַכט אַ שווערען איינדרוק.

פון לעוואַנדע׳ס ווערק זיינען נאָר איינציגע אַרויס אין בוך־וואָרם, און זיי זיינען שוין לאַנג געוואָרען אַ גרויסע ביבליאָגראַפישע זעלטענ־הייט. זיינע מייסטע ראָמאַנען און ערצעהלונגען זיינען צוזעעט אין די אַלטע רוסיש־אידישע זשורנאַלען און צייטונגען, וואָס זיינען זעהר שווער צו באַקומען. נאָך לעוואַנדע׳ס טויט איז ענטשטאַנען אַ פּראָיעקט אַרויסצוגעבען אַלע זיינע ווערק, און עס איז אַפילו דערויף אָרגאַניזירט געוואָרען אַ ספּעציעלע קאָמיסיע פון עטליכע אָנגעזעהענע אידישע שריפטשטעלער. עס איז צו באַדויערען, וואָס פון דער זאַך איז גאָרנישט געוואָרען. לעוואַנדע איז ניט געווען פון יענע בעלע־טריסטען, ביי וועלכע די פאַנטאַזיע און די אויסגעטראַכטע טעמעס שפּילען אַ גרויסע ראָליע. ער איז געווען אַן אויפמערקזאַמער, קלו־גער באָאָבאַכטער פון דער ווירקליכקייט; זיינע סיטואַציעס און העל־דען האָט ער געשעפּט פון דעם אמת׳ן לעבען. און ווער עס וויל זיך באַקענען מיט דעם אינערליכען לעבען פון די רוסישע אידען פאַר די 40—80ער יאָהרען פון פאָריגען יאָהרהונדערט, דער קאָן זיך אָהן לעוואַנדע׳ס ווערק ניט באַגעהן; ער וועט אין זיי געפינען אַ גאַנצע אוצר מאַטעריאַל פון גרויסען היסטאָרישען ווערט.

י. קיסין.

# אליקום צונזער און זיינע לידער.

אין וואס איז באשטאנען דער כח פון צונזער'ס לידער, וואס דריי דורות
אידען האבען געזונגען אין די היימען, ביי דער ארבייט און אויף
שמחות? די אייגנארטיגע פארם פון צונזער'ס לידער
און זייער אינהאלט.



אליקום צונזער, דער פאפולערסטער און עכטסטער אידישער פאלקס-זינגער, איז געבוי־רען געווארען אין ווילנע, דעם 28טען אקטא־בער, 1840, און איז געשטארבען אין ניו יארק, דעם 22טען סעפטעמבער, 1913. מען קען זא־גען, אז קיין אנדערער פאלקס-פאעט איז ניט געווען אזוי באליבט ביי די אידישע פאלקס־מענשען אין ליטע, רוסלאנד, פוילען, גאליציע, רומעניע, ווי עס איז געווען אליקום צונזער. דריי דורות אידען פון אלע קלאסען און פון יעדען עלטער האבען געזונגען אין די היימען, ביי דער ארבייט, אויף שמחות און אלערליי פארוויילונגען צונזער'ס לידער מיט זיינע אייגענע נגונים צו זיי.

אזא גרויסער כח איז געווען אין אליקום צונזער'ס הארציגע פאלקסטימליכע געזאנגען, אז ווי פארשידען עס זיינען ניט געווען די לעבענס-ערפאהרונגען, די לעבענס-באנעמונג און די מיינונגען און אנ־זיכטען פון די אלע אידען און אידישע פרויען, וואס האבען די לידער איבערגעזונגען, האבען זיי אלעמען געהאלטען אין זייער כישוף. און דאס, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואס צונזער האט קיינמאל ניט געזונגען סתם אזוי וייל עס זינגט זיך, נאר ער האט אין יעדען געזאנג זיינעם ארייגעלייגט א מיין, האט עפעס דערביי געלערענט און געמאנט.

צונזער'ס לידער זיינען געווען לידער-משלים, לידער — פילא־זאפישע באטראכטונגען מיט א מוסר השכל. און אין פארלויף פון דריי דורות האט געקלונגען אין דער אידישער וועלט דערזעלביגער קול

פון אליקום צונזער. און אלערליי אידען, משכילים און פרומע, רבנים און פראסטע מענשען, גבירים און ארימעלייט, באלעבאטים און זייערע משרתים, ארבייטער, באלעבאסטעס, דינסטמיידלאך און כלה־מיידלאך — אלע האבען נאכגעזונגען צונזער'ס לידער־מוסר, לידער־משלים מיט דערזעלביגער אנטציקונג.



אליקום צונזער, געב. אין ווילנע, אקט. 28, 1840;
געשט. אין ניו יארק, סעפט. 22, 1913.

אין וואס איז באשטאנען דער כח, דער כישוף פון אליקום צונ־זער'ס געזאנגען?

זייער כח און זייער רייץ איז באשטאנען אין דעם, וואס זייער טאן איז געווען אזוי פאלקסטימליך און לויטער. צונזער'ס קול איז געווען די שטים פון זיין פאלק. צונזער איז געווען איינער פון פאלק,

און ער האָט געלעבט מיט׳ן פאָלק און זיינע זאָרגען און חלומות. אין אַ פאָרוואָרט צו איינעם פון די ביכלאך לידער, וואָס ער האָט פון צייט צו צייט ארויסגעגעבן, זאָגט ער אזוי: „געה־זשע, מיין ספר׳ל, געה דיר אין דער וועלט ארום, ביי אַלע כתות, זיי פול אומעטום, שטעה מיט הכנעה פאַר די אידען די פרומע, זיי ניט שטאָלץ געגען די משכילים פון דער אומה".

און צונזער׳ס באזונדערער חן איז געלעגען אין זיין פיינעם געהער, אין זיין מערקווירדיגער תמימות און לויטערקייט. ער האָט זיך גוט צוגעהערט צו זיין אייגענעם געזאַנג און האָט איהם אַליין געגעבען די עהרליכסטע, פינקטליכסטע אָפּשאצונג. זיין ליד איז געווען „פול אומעטום", ביי „אַלע אידישע כתות", און כאָטש עס איז אָפטמאָל געווען אַ שטראָף־ליד, האָט עס שטארק אויסגענומען ביי די פרומע און האָט דערביי אויף אַ האָר ניט באַליידיגט די משכילים.

און אַ באזונדערען רייץ האָט צונזער צוגעגעבען זיין ליד מיט דעם פיינעם פאָלקסטימליכען ניגון, וואָס האָט זיך ביי איהם געשאַפען גלייכצייטיג מיט׳ן טעקסט פון ליד. טעקסט און ניגון זיינען אין צונזער׳ס לידער איינס און קאָנען ניט ווערען פאנאַנדערגעטיילט. אָהן צונזער׳ס נגונים קאָן מען זיינע לידער ניט אָפּשאַצען געהעריג, ווייל מעלאָדיע און ווערטער פלעגען זיך ביי איהם אויסגיסען צוזאַמען, און איינס אָהן דעם אַנדערען איז ביי איהם געווען אוממעגליך, פונקט ווי עס איז געווען אומבאַגרייפליך פאַר די, וואָס האָבען זיינע לידער נאָכגעזונגען.

צונזער אַליין האָט געשריבען, אין אַן אריינפיהר צום ליד „דער אַלטער פאָטער":

„לעזער!
אויב איהר לייענט אין ביכעל מיינע לידער,
און די מעלאָדיע האָט מען אייך ניט איבערגעגעבען,
איז דאָס ווי אַ פאָטאָגראַפיש בילד, ליבע ברידער!
דאַכט זיך, אַלץ ריכטיג, נאָר עס פעהלט — לעבען".

אמאָליגע צייטען פלעגען פאָעטען זינגען לידער און אַקאָמפּאַנירען זיך אויף אַ מוזיקאַלישען אינסטרומענט. ווען מען האָט אויסגעפונען די קונסט פון דרוקען ביכער, און ביכער האָבען גענומען ווערען אַלץ מעהר פאַרשפּרייט, איז פאָעזיע גיך געוואָרען מעהר אַ זאַך צום לייענען, ווי צום הערען; מעהר דאָס געדרוקטע וואָרט, געדרוקטע שורות און סטראָפען, ווי ווערטער מיט געזאַנג.

ווען צונזער האָט אין די פופציגער יאָהרען פון פאָריגען יאָהרהונדערט אָנגעהויבען שרייבען און זינגען זיינע לידער, איז נאָך די

אידישע ליטעראַטור געשטאַנען פאַר איהר אָנהויב. עס איז נאָך ניט געקומען מענדעלע, דער „זיידע" פון דער אידישער ליטעראַטור. עס זיינען שוין געווען באַדייטענדע פאָלקס־דיכטער, אָבער ביכלעך זיינען אין פאָלק געווען פאַרשפּרייט ווייניג, פון קיין צייטונגען און זשור־נאַלען האָט מען נאָך ניט געוואוסט אויף דער אָרימער פינסטערער אידישער גאַס.

ווען צונזער איז געקומען מיט זיינע האַרציגע פאָלקסטימליכע געזאַנגען, איז נאָך דאָס פעלד פון אידישען ליד ניט געווען צואַקערט. און מען מוז באַוואונדערען צונזער'ס גבורה, זיין טאַלאַנט, וועלכער האָט געשאַפען אַ מין אידיש ליד, וואָס איז אַזוי אייגענאַרטיג, איינציג אין זיין מין אין דער אידישער ליטעראַטור. פאַר צונזער'ן איז פּאָעזיע געבליבען געזאַנג, און אין אינהאַלט פיהרט דער פאָלקס־זינגער צונזער זיין יחוס פון די ביבלישע משלים.

צונזער איז געווען זעהר נאָהנט צום פאָלק. ער איז אַרויס פון פאָלק און האָט קיינמאָל ניט געוואָלט זיך דערווייטערען פון איהם אָדער אויפהויבען זיך איבער איהם דער מאַטעריאַל פון זיין ליד איז קיינמאָל ניט געווען פון זיין אייגענעם לעבען, ווי אַ באַזונדערער מענש, נאָר אַלעמאָל פון כלל־זאַכען, פאָלקס־אָנגעלעגענהייטען. דאָס איז גע־ווען ביי איהם אַ באַוואוסטזיניגע ריכטונג, זיין אייגענע אויפפאַסונג פון זיין פּאָעטישער אַרבייט. ער האָט וועגען דעם געהאַט אַ גאַנצע אין איינצעלהייטען דורכגעטראַכטע טעאָריע. ער האָט געגלויבט, אַז אַ זינגער, — און דיכטונג איז פאַר איהם געווען איינס מיט געזאַנג אין דעם בוכשטעבליכען זין פון וואָרט, — דאַרף זיין אַלעמאָל אַ דינער פון פאָלק. ווי אַ סך געזעלשאַפטליכע, „בירגערליכע", „סאָ־ציאַלע" פּאָעטען, האָט ער ניט געהאַלטען פון דער טעאָריע פון „קונסט לשם קונסט", פון געזאַנג לשם געזאַנג. ער איז אין דעם געגאַנגען נאָך ווייטער פון אַלע אַנדערע.

דוד עדעלשטאַט, למשל, זאָגט אין איין ליד:

„ווי קאָן איך, ברידער, פרעהליך זינגען,  
ווען האַס און קריג איז איבעראַל?"

און טאָמער האָט ער געהערט פאָרוואורפען פון אַנדערע פּאָעטען פון זיין צייט, וואָס ער ציהט אַלץ איין סטרונע, און וואָס ער וויינט כסדר, האָט ער זיי מיט'ן כעס און וועהטאָג פון אַן אָמאָליגען פאַנאַ־טישען אַנאַרכיסט, אַן אידעאַליסטישען קעמפער פאַר'ן גליק פון דער אָרימער מענשהייט, געענטפערט:

„זינג מיט מוט? אַ דומע שקלאַפען!
רופט די טענצער, די פּאַיאַצען,
אַז זיי זאָלען אַמוזירען
אייך מיט פויקען, מיט די טאַצען".

אָבער אפילו דוד עדעלשטאַט האָט אויך אַמאָל, ווי ניט ווילענדיג, געמאַכט קליינע עקסקורסיעס אין פּערזענליכער ליריק. און יוסף באָווּר־שאָווער, אַ צווייטער ארבייטער־דיכטער און אַנארכיסט (אַנאַרכיזם איז דאַמאָלסט נאָך געווען די הערשענדע ריכטונג אין דער אַמערי־קאַנער אידישער ארבייטער־באַוועגונג), האָט זיך שוין באַוואוסטזיניג געריסען צו אַלגעמיינער פּאָעזיע.

אָבער פאַר צונזער'ן איז די פראַגע קיינמאָל אפילו קיין פראַגע ניט געווען. ער האָט קיין שום קאָמפּראָמיסען ניט געמאַכט מיט זיין געוויסען, ווי אַ פאָלקס־זינגער. אין אַ ליד „צום פעדלער", וואָס ער האָט אָנגעשריבען, שוין קומענדיג קיין אַמעריקא, שרייבט ער:

„וואָס זינגט איהר, פּאָעטען, פון בלומען, פון פויגלעך,
דאָס ליד האָט לאַנג שוין איהר צייט אָפּגעלעבט!
דאָס פּאַסט צו פאַרשלעפערען קינדער אין וויגלעך,
גיט בעסער דעם קראַנקען זיין היילונגס־רעצעפּט!
איהר זעהט, אייער פּאָלק ליגט איצט אין סכנות...
וואָס קאָן זיין דער סוף?...
גיסט צו צו דער מוזע איין טראָפּען רחמנות,
און פיהרט אויף אַ וועג די פאַרבלאָנדזשעטע שאָף".

אזוי ווייניג אויפמערקזאמקייט האָט דער הארציגער פאָלקס־זינגער צונזער געגעבען דער פאַר איהם ניי־מאָדנער „מוזע", אַז ער האָט נאָר געקאָנט ראַטען אַנדערע זינגער „צוצוגיסען(!) צו איהר אַ טראָפּען רחמנות". וואָרים אַ זינגער איז אַ פיהרער און אַ דינער. געזאַנג מוז ברענגען נוצען דעם פאָלק, האָט אליקום צונזער געגלויבט.

פון זיין טיפען גלויבען אין דער „נוצליכקייט" פון ליד האָט איהם ניט געקענט ארויסשטויסען אפילו אַ שרעקליכער אומגליק, וואָס האָט פּלוצלונג צובראָכען זיין גאַנץ לעבען און איהם געשטעלט אין דער לאַגע פון אַ איוב. אין אָנהויב פון די זיבעציגער יאָהרען זיינען ביי איהם געשטאָרבען פון כאָלערע זיין פרוי און זיינע פיר קינדער. האָט ער אפשר געפּרואווט אויסגיסען זיין ביטער הארץ אין פערזענליכע געזאַנגען? ניין. זיין ליד איז נאָר געוואָרען אביסעל פּאַרטיפּטער, פילאָזאָפיש־פּעסימיסטישער, קהלת'דיגער. ער שרייבט דעמאָלט:

„די צייט ווערט אַלט מיט יאָהרען,
און די אייביגקייט איז רק יונג".

נאָר איינמאָל האָט ער זיך ניט איינגעהאַלטען און האָט אין אַ ליד וועגען יענעם יאָהר אויסגעקרעכצט „מיט אַ פאַרשטיקטער שטים", אַז ער, דער יאָהר „תיו ריש למד אלף", האָט אַ סך קינדער „געקוילעט מיט אַ חלף", און בעט, אַז דאָס נייע יאָהר זאָל איהם ברענגען אַ טרייסט. דאָס איז די שטרענגע שטעלונג פון אַ פרומען, טיף־רעלי־גיעזען מענשען און פון אַ פאָלקס־זינגער, אַ דינער פון פאָלק. און מעהר געפינט מען ביי איהם ניט קיין שפור פון אַ וועלכען עס איז פערזענליכען לירישען אויסגוס. אַלץ איז ביי איהם נאָר פאָלק און פאָלק'ס גורל. אין זיינעם אַ ליד מיט'ן נאָמען „געפיהלען" געפינען מיר אַזאַ סטראָף.

„מיין האַרץ עלעקטרישי קראַפט האָט,
מיינע נערוון — אַ טעלעגראַפנער דראָט.
איין ברעג איז אָנגעטאָן
אויף מיין נאַציאָן,
דער צווייטער ברעג קומט מיר צום לונג;
זיי זאָל וואָס געשעהן,
איך זאָל עס הערען, זעהן
פליהט מיר אין האַרצען דער פונק".

אליקום צונזער האָט ארויסגעוויזען אַ טאַלאַנט צו פאַרפאַסען לידער מיט געזאַנג נאָך אין דער פריהער יוגענט. ער האָט געהאַט אַ פיינע שטים און אַ פיינעם געהער פאַר מעלאָדיע, און ער האָט געשריבען לאַנגע לידער אין סטראָפען, אַלעמאָל געבויט לויט איין פיינעם מוסטער, מיט'ן משל און נמשל אויפ'ן געהעריגען אָרט. פונקט אַזוי פלעגט זיך ביי איהם קאָמפאָנירען דער ניגון. ער האָט געהאַט אַ רייכען אויסוואהל פון גראַם און אַ געפיהל פאַר ריטם און פערז־מאָס, מעטער, וועלכען ער האָט געענדערט, וואַריאירט, לויט דעם זין פון דעם באַטרעפענדען טייל פון דער סטראָף. געוועהנליך האָט זיין סטראָף צוויי אָדער דריי אַזעלכע טיילען. און פונקט אַזוי האָט זיך געענדערט אויך דער ניגון, צייטענווייז מיט אויסדרוקספולע רעטשי־טאַטיוועו אין אָנהויב אָדער אינמיטען.

אליקום צונזער'ס פּראָפעסיע ביז זיינע מיטעלע יאָהרען איז געווען בדחנות, אָבער ער האָט בדחנות אויפגעהויבען אויף דער העכסטער הויך, ביז צו דער מדרגה פון פאָלקס־דיכטונג. בדחנים פאַר איהם זיינען געווען לצים, וואָס האָבען משמח געווען דעם עולם אויף חתונות און עהנליכע שמחות. אויפ'ן בדחן האָבען געקוקט קרום רבנים,

לומדים און זעהר פרומע אידען, און פון דער אנדער זייט האָבען איהם פאראכט די אויפגעקלערטע, היינטוועלטיגע אידען. אָבער אליקום צונזער האָט געוואונען אלעמענס ליבע און אכטונג. דאָס האָט אויפ־געטאָן דער כח פון זיין טאלאנט און זיין אייגענע אינערליכע עהרליכ־קייט, גאנצקייט און פאָלקסטימליכקייט. אויב אין דעם געוועהנליכען בדחן האָט געשטעקט אַ היבש ביסעל הפקרות און גראָבקייט, איז אליקום בדחן מווילנא געווען דער געגענזאַץ פון דעם אלעמען. און חוץ דעם האָט ער פארמאָגט, לויט נאָך דער צייט, בילדונג און האָט אנגעהאלטען מיט'ן גייסט פון דער צייט.

צוערשט איז ער מיטגעגאנגען מיט'ן שטראָם פון השכלה. אין יענער צייט האָט ער אָנגעשריבען (אויף אידיש און העברעאיש) זיין באריהמטע ליד „די בלום”, וואו ער דערצעהלט, ווי „קייזער אלכסנדר פון ראָסיי” (אלעקסאנדער דער צווייטער) האָט געפונען אַ האלב צו־טראָטענע, פאר'חלש'טע בלום, דאָס פאָלק ישראל, האָט עס אויפגע־הויבען, איינגעפלאנצט אין אַ וואזאָן, און זי האָט זיך ווידער פאנאנ־דערגעבליהט.

שפּעטער האָט זיך צונזער אנטוישט אין דער השכלה, און איז הינגעריסען געוואָרען מיט דער באוועגונג פון חיבת ציון. אין יענער צייט האָט ער געשאפען זיינע אלעמען באקאנטע לידער „די סאָכע”, „שיבת ציון” (ביידע אויף אידיש און העברעאיש) און אנדערע. אָט איז אַ סטראָף פון דער באריהמטער „סאָכע”:

אין סאָכע
ליגט די מזל ברכה,
דער וואָהרער גליק פון לעבען,
קיין זאַך מיר ניט פעהלט.
עס קומט דער פריהמאָרגען,
איך דאַרף ניט לייהען, באָרגען,
דער מוח דאַרף ניט זאָרגען
אויף טאָג הוצאות געלט.
עס איז צוגעגרייט אויף ווינטער
אַ זאַסיק אַ געזונטער,
איך זייה, איך שנייד גאַנץ מונטער
פריי אין גאָטעס וועלט.

אין די איבעריגע סטראָפען פארגלייכט צונזער דאָס פרייע און עהרליכע לעבען פון דעם פויער מיט'ן חושכ'דיגען לעבען פון דעם קרעמער אין דער אידישער געטאָ, און ער ענדיגט אין דער ניינטער

סטראָף מיט אַ ברכה פאַר ציון. די חובבי ציון האָבען איהם אויפ־גענומען ווי זייער פּאָעט. מען האָט אומעטום געמאַכט גרויסע פאַר־זאַמלונגען מיט צונזער׳ן, און מיט זיין נאָמען האָט גענומען קלינגען די גאַנצע אידישע וועלט אין מזרח־איירָאָפּאַ.

צונזער האָט געהאַט אַ וואונדערליכען טאַלאַנט צו מאַכען פאַר־גלייכען, צו שאַפען אַלעגאָריעס פון אַלערליי זאַכען, נאַטור־ערשיינונגען און באַגריפען. דער זייגער, דאָס אויג, דער פויגעל, זומער און ווינ־טער — אין אַלץ געפינט ער אַן אָנווייזונג אויף׳ן מענשענ׳ס לעבען, אַ פילאָזאָפישען און מאָראַלישען זין. אין איינעם פון זיינע האַר־ציגסטע לידער „דער פּראָם", ווערט ביי איהם דער פּראָם דער גאַנג פון מענשליכען לעבען. דערביי מאַכט ער צום לעבען און ריידען, ער פּערזאָניפיצירט די אַלע זאַכען. דער זומער מיט׳ן ווינטער פיהרען אַ לאַנגען און וויציגען ויכוח אין פיל סטראָפען וועגען דעם, ווער פון זיי איז נוצליכער פאַר׳ן מענשען; די לבנה דערצעהלט וועגען דעם אומרעכט און רשעות, וואָס זי זעהט זיך אָן אויף דער ערד, א. אז. וו.

אין נאָך אַ באַריהמטען ליד, „דער ניינצענטער יאָהרהונדערט", קלינגט צונזער׳ס ביטערע אַנטוישונג אין דער השכלה. ער באַ־דויערט דאָ, וואָס אידען האָבען זיך אַזוי צוגעאיילט אָפּצוזאָגען פון דער אַלטער אמונה. אָט איז דער אָנהויב:

פון אַזיע און אייראָפּע בין איך אין אכסניה פאַרקראָכען,
האָב זיך אויסגעמאַשטשעט שלאָפען אין אַ שמאָלען קאָרידאָר;
צוקאָפּען אמונה, אונטערין זייט — בטחון,
איך האָב אָפּגעדרימעלט זיבעצעהן הונדערט יאָהר..."

און אין אַן „ענטפער" צו די ביטערע פאָרוואורפען צום פאָלק, וואָס ער האָט דאָ געמאַכט, אין אַ „צווייטען טייל" פון ליד, זאָגט ער:

„...בלעטער דורך דיינע אַלטע יאָהרען,
וואָס מען האָט איבער דיר צוטאָן,
פיל מאָל ביזטו געווען פאַרשפּילט, פאַרלאָרען,
און צום סוף נעמסטו פאָרט דעם קאָן.
דאָך ביזטו אויך עטוואָס שולדיג
פאַר דיין לויפיגקייט.
דו ביזט אייביג אומגעדולדיג,
כאַפּסט רק פאַר דער צייט.
האָסט דערזעהן אַ בליאַסק אין הימעל, —
טאָגט שוין מן הסתם.
איילסט און וועקסט נאָך לייט פון דרימעל

און פאַרלעשסט דעם פלאַם.
ווער האָט דען דעם גלויבען געמאָסטען,
צו וויסען פונקט די וואָג?
און פיל וואָלט דיר דען טייער קאָסטען,
אַז סיוואָלט געברענט בייטאָג?"

דאָ האָבען מיר ווידער די שטעלונג פון יעדען פרומען אידען, וואָס וויל פאַרהיטען די גאַנצקייט פון זיין נשמה, וואָס ציטערט איבער דער אַלטער גרויסער גייסטיגער ירושה, וואָס זיין פאָלק האָט מיט אַזויפיל מסירת־נפש דורכגעטראָגען דורך אַזויפיל פינסטערע יאָהרהונדערטער.

צונזער איז געווען דער איינפאַכסטער און דער מערקווירדיג־סטער פאָלקס־דיכטער ביי אידען. וועלוועל זבארזשער, מ. וואר־שאַווסקי, אברהם גאָלדפאַדען זיינען געווען אַ סך וועלטליכער און אויך מעהר ליריקער פון צונזער'ן, אָבער קיינער איז ניט געווען אַזוי נאָהענט צום פאָלק און האָט אַזוי ניט געלעבט אין איין אָטעם מיט'ן פאָלק ווי אליקום צונזער.

# יהודה־לייב קאַנטאָר.*)

יהודה־לייב קאַנטאָר איז געבאָרען געוואָרען אין ווילנע, ו' אייר, 1849, און געשט. כ"ח אייר, 1915. זיין פאָטער איז געווען חזן אין דער „גרויסער שול". באקומען א טראַדיציאָנעלע דערציאונג אין חדר און ישיבות, האָט ער אונטער דער השפעה פון זיין מוטער, וועל־כע האָט געקענט אויסגעצייכענט העברעאיש, זיך אָנגעהויבען אָפּצו־געבען מיט דער העברעאישער השכלה־ליטעראַטור, איז אָנגעקומען אין דער ווילנער ראַבינער־שול, אריבער אין דער זשיטאָמירער, וועלכע ער האָט אויך געענדיגט 1873. דאַן איז ער אוועק קיין בערלין, וואו ער האָט שטודירט מעדיצין. אינ'ם דערמאָנטען יאָהר האָט ער אויך דעביוטירט אין דער ליטעראַטור אין „השחר" מיט א שיר א"ט „מאמינים אנחנו", וואו ס'האָבען צום ערשטען מאָל אין דער העברעאישער לי־טעראַטור געפונען אַן אָפּקלאַנג די ראַדיקאַלע און קאָסמאָפּאָליטישע שטרעבונגען פון דער דאַמאַלדיגער רוסישער אינטעליגענץ; אין דעם דאָזיגען שיר פאַרטיידיגט קאַנטאָר די אידישע יוגענט געגען די באַ־שולדיגונגען, אַז זי האָט ניט קיין גאָט אין האַרצען. אין בערלין איז קאַנטאָר אויך געווען דער פאַקטישער רעדאַקטאָר פון דער „הצפירה" און קאָרעספּאָנדענט פון „גאָלאָס מאָסקווי". געענדיגט זיין שטודיום 1879, איז ער געקומען קיין פּעטערבורג, וואו ער איז געוואָרען פאַק־טישער רעדאַקטאָר פון „רוסקי יעווריי". אייר, 1886, האָט ער גע־גרינדעט אין פּעטערבורג די ערשטע העברעאישע טעגליכע צייטונג „היום", וואָס האָט געעפענט א נייע עפּאָכע אין דער געשיכטע פון דעם העב־רעאישען וואָרט און געמאַכט קאַנטאָר'ן פאַר א פיהרער און וואָרט־זאָגער אין דער אידישער וועלט און פאַר איינעם פון די בעסטע העב־רעאישע פּעליעטאָניסטען. נאָכ'ן אונטערגאַנג פון „היום", סוף 1887, ווען „דאָס אידישע פאָלקסבלאַט" איז פון צעדערבוימען אריבער אינ־גאַנצען צו זיין שותף ישראל לעווי, איז קאַנטאָר איינגעלאַדען געוואָרען אַלס רעדאַקטאָר פון דעם דאָזיגען אין רוסלאַנד דעמאָלט איינציגען וואָכענבלאַט, וואו ער האָט אָנגעהויבען זיין ליטעראַרישע טעטיגקייט אין אידיש און אין משך פון יאָהר 1888 האָט ער אין דער צייטונג

*) לעקסיקאָן פון דער אידישער ליטעראַטור, פּרעסע און פילאָלאָגיע פון זלמן רייזען, ווילנער פאַרלאַג פון ב. קלעצקין.

געשריבען די לייט־אַרטיקלען און די פּאָליטישע איבערזיכטען אָנאָנים, ווי אויך אייניגע פעליעטאָנען א"פ משה גלעזל, וועלוועל צאַפּצעריק א. א., וואָס מאַכען איהם פאַר איינעם פון די שעפער פון דעם דאָזיגען זשאַנר אין דער אידישער פּרעסע. אין דער „ביילאַגע צום אידישען פאָלקסבלאַט", 1888, האָט ער א"פ כלב בן יפונה איבערגעזעצט פּאָרצאָס שילדערונגען „דער סאַדאַגורער צדיק און זיין הויף" און פאַרעפענטליכט א פּאַראָדיע אויף היינע'ן א"ט „א מין לאָרעליי". ווייזט אויס, אַז אין דעם לעצטען יאָהר פון „פאָלקסבלאַט" (1889), ווען דער מטורף לעווי האָט זיך שוין צעלייגט אין דער צייטונג מיט אַלע זיינע ווילדקייטען, שטות'ערייען און נבלות, איז קאַנטאָר געוואָרען וויינינער אַקטיוו אין דער צייטונג, הגם ער האָט ביז דעם סוף אונטערגעשריבען זיך אַלס רעדאַקטאָר. ער האָט אויך קיינמאָל ניט רעאַגירט אויף די משוגעת'ן פון זיין באַלעבאָס, כאָטש ש"ע האָט יע געפּרואווט איהם אויסנוצען אין שוץ פון דעם באַליידיגטען און פאַרשוועכטען אידישען וואָרט. דערפאַר געהערט איהם אָבער דער פאַרדינסט פון צוציהען צו דער אידישער ליטעראַטור זיינע נאָהענטע פריינד ש. פרוג און דוד פרישמאַן, פּונקט ווי ער האָט געמאַכט פאַר א שריפטשטעלער אין רוסיש און העברעאיש י"ל קאַצענעלענסאָנ'ען. צוליב זיין הארץ־קראַנקהייט האָט קאַנטאָר שפּעטער געמוזט פאַרלאָזען די ליטעראַטור און איז געוואָרען ראַבינער, 1890-1904 אין ליבאַווע, דערנאָך אין ווילנע, און זינט ח' אייר 1909 אין ריגע, אויפטרעטענדיג נאָר פון צייט צו צייט אין דער העברעאישער („השלח", „העולם") און אידישער פּרעסע, דערהויפּט אַלס מיטאַרבייטער פון „פריינד", וואו ער האָט געשריבען פעליעטאָנען א"פ מימיקרי און אונטער'ן אַלגעמיינעם טיטעל „א וועלט מיט וועלטעלעך", אויך אייניגע ליטעראַטור־היסטאָרישע אַרטיקלען. זיין אַרכיוו געפינט זיך אין רשות פון זיין טאָכטער, דער פרוי פון דעם באַרימטען אַרטיסט פון אידישען קאַמער־טעאַטער אין מאָסקווע וואַפּסי־מיכאָעלס.

## ה. לאַנג.

# אב. קאַהאַן — דער ווילנער

(עטליכע בעאָבאַכטונגען און פּאָרטראַכטונגען)



**אויב ניט ווילנע, איז אינגאַנצען ניט קיין חיים...**

אזא באשלום איז, דאכט זיך, אריין אינ'ם לעבען פון אב. קאהאן, כאָטש ער האָט גע־ווים אזא נדר זיך ניט געגעבען.

אין זיינע עראינערונגען („בלעטער פון מיין לעבען", ערשטער באנד), דערצעהלט ער פון זיין אָפּפאָהר פון ווילנע. ער איז נאָך געווען גאָר יונג, ערשט אריין אין די בחור'שע יאהרען. ער האָט דאן פארלאָזען ווילנע אויף אלעמאָל. געפאָהרען איז ער קיין וועליזש צו ווערען א לעהרער אין א שולע, אָבער מעהר קיין ווילנע האָט ער זיך ניט צוריקגעקעהרט. ער איז שפּעטער אינגאַנצען אוועק פון רוס־לאַנד, געריייזט קיין אַמעריקע. ניט ער און ניט זיין משפחה האָבען געקלערט, אז אז דאָס געזעגענט ער זיך מיט ווילנע אויפ'ן גאנצען לעבען; פון דעסטוועגען איז דער טאָג פון זיין אָפּפאָהרען גע־ווען „איינער פון די מערקווירדיגסטע טעג" אין דער ערפארונג פון זיין משפחה. ער דערצעהלט דערפון: „אונזער משפחה איז ניט געוואוינט געווען ארומצופאָהרען. זעלטען ווען אימיצער פון זיי האָט געהאַט א געלעגענהייט צו געברויכען דעם באהן ווייטער ווי די סטאַנציע ווילעיקא, צו וועלכער מען פלעגט צופאָהרען אין פופצען מינוט צייט. וויטעבסק האָט זיי געקלונגען ווי דער נאָמען פון א ווייטער שטאָדט. און דאָ דארף איך פאָהרען ניט נאָר אין וויטעבסק, נאָר אויך ווייטער!"... די גאנצע משפחה איז געגאנגען איהם באַ־גלייטען. „דער פאָטער, די מאַמע, די מוהמע, דער פעטער, מיט אלע קינדער — אלע האָבען מיך באגלייט ביז ווילעיקא"... „די מאַמע האָט מיר געקוקט אין די אויגען און געשוויגען"... „ענדליך איז דער צוג אָנגעקומען אין ווילעיקא; מען האָט זיך געקושט, געהאַלזט; די מאַמע האָט געוויינט; די מוהמע האָט געוויינט; די קינדער זיי־נען ארומגעשפּרונגען ארום מיר"... „דער צוג האָט זיך גענומען

ריהרען; דורכ'ן פענסטעריל האָב איך געקוקט ווי די מאמע שטעהט א בלאָסע; איך בין געווען ווי אין א הינער־פּלעט"...

אזוי איז אב. קאהאַן אוועק פון זיין היים־שטאָדט, און גע־בליבען אָהן א היים אויף אַלע מאָל.

און דאָס, דוכט מיר, כאראַקטעריזירט זיין פּערזענליכקייט מעהר ווי עפּעס אַנדערש. עס שפּיגעלט אָפּ דעם גייסט־צושטאַנד, וואָס



אב. קאהאַן אין 1883.

פיהרט זיינע טעטיגקייטען — אַלע טעטיגקייטען פון'ם באַרימטען וויל־נער לאַנדסמאַן, וועלכער איז פון די געצעהלטע גרויסע כוחות אינ'ם לע־בען פון די אידישע מאסען זייט די לעצטע פּאָר דורות פון אונזער צייט.

דער אויסדרוק „א מענש אָהן א היים" ווערט אָפט אַזוי גע־נוצט, אַז ער קען א קלונג־טאָן אָהן דעם געהעריגען טאָן, ווען מען זאָל איהם געברויכען ביים שטודירען פון דער אב. קאהאַן־פּערזענליכקייט.

אָבער, איך גלויב, אז דער אויסדרוק קען וועגען איהם זיין צוגעטראָפּען. אב. קאהאן איז היינט־צו־טאָג דער עפּעוטליכסטער מענש אינ׳ם אידי־שען לעבן פון דער גאַנצער וועלט און אין ברייטע־ברייטע קרייזען אוי־סער די אידישע גרעניצען; ס׳האָבען וועגען איהם געשריבען פאַרעהרער און קריטיקער, אויך ביטערע געגנער, די לעצטע מעהר ווי די ערשטע; און געשריבען האָט מען וועגען איהם אויף מעהר ווי איין שפּראַך; און זיין גרויסע ווערק, די „פאָרווערטס"־אינסטיטוציע, וואָס ער האָט געשאַפען אין א משך פון עטליכע צענדליג יאָהר, וואַרפט דאָך טאָג־איין, טאָג־אויס, ווייט און ברייט, שאַרפע ליכט־פּאַסען אויף זיין פּאָרטרעט; ווייניגע, אָבער, ווייסען פון זיין גייסטיג־אינטימען, זיין אינערליכען לעבען. דער פּונקט „א מענש אָהן א היים" דאַרף זיין פון די וויכ־טיגסטע שטריכען אין א כאַראַקטעריזירונג פון איהם.

דאָס הייסט, ער איז אָהן א באַשטימטען אָרט, מעהר א שווע־בענדע געשטאַלט, ניט א פּאַרטזולעטער אין א נעסט. וועלטליכקייט איז אַזוי אריין אין זיין בלוט, אז ער האָט פאַרלאָרען לאַנד און קרייז.

דוקא ער, דער ברוטאַלסטער מאָנער פון רעאַליזם אין דער ליטע־ראַטור, דער הארבער אָנטרייבער פון דער סאָציאַליסטישער באַווע־גונג צו ניכטערקייט, דער שטראָפער און באַשטראָפער פון אַלע באַ־וועגונגען, ווען זיי פאַרקירעווען זיך צו פאַרטרוימונגען אַנשטאָט צו טרעטען אויףווירקליכקייט — דוקא ער איז אָהן א באָדען...

מען שאַצט איהם געוועהנליך ווי דעם גרעסטען „אַמעריקאַניזאַ־טאָר". ער איז געווען דער בויער פון דער אידישער פּרעסע אין אַן אַמעריקאַנער סטיל. ער האָט אין איהר אריינגעפיהרט אַמעריקע מיט׳ן גאַנצען געקלאַפּ, מיט׳ן אימפּעטיגען לעבען פון דער נייער וועלט. ער איז דער שעפער פון דער אַמעריקאַניש־אידישער זשורנאַליסטיק. ער האָט בכלל געשמאָלצען די אידישע אימיגראַנטען־מאַסע צו ווערען אַמערי־קאַניזירט; ניט נאָר זיך איינצולעבען אין אַמעריקע, נאָר צו ווערען מיט איהר אינגאַנצען איינס. ער איז געווען דער אָנצינדער פון׳ם שמעלץ־אויוון, דער אריינשטופּער פון די „גרינע", אַלט און יונג, אין גרויסען אַמעריקאַנישען שמעלץ־טאָפּ אריין, און געהאַט א גליהע־דיגע הנאה ווען עס האָט זיך ענדליך געגומען באַוויזען א נייער טיפּ איד, דער איבערגעשמאָלצענער אַמעריקאַנער, איבערגעשמאָלצען אינער־ליך. און אַליין איז ער געבליבען א פאַרליבטער אין אייראָפּע.

זיינע אָפטע רייזעס קיין אייראָפּע מעגען זיך טאַקע האָבען שריי־בערשע צילען; הינטער זיי איז אַן אַנדער דראַנג, זיין פאַרליבט־קייט אין אייראָפּע.

און עס איז א פאַרליבטקייט, וואָס געהט ניט אויס. זי ווערט ניט בלאַסער, קיהלער.

אין אַמעריקע גופא פאָהרט ער ניט ארום. דער וויטסטער

פונקט, צו וועלכען ער איז אין אמעריקע אמאָל געקומען, זיינען א פּאָר שטעט פון די מיטעל־וועסטערן שטאַטען — שיקאַגאָ און סט. לואיס. פאַר איהם אַליין איז אמעריקע פּראָווינציעל, קליינשטעטעלדיג. ווען ער פאַראינטערעסירט זיך מיט געשעהענישען אין



אב. קאַהאַן׳ס מאַרמאָר ביוסט, די אַרבייט פון דעם באַוואוסטען סקולפּטאָר מאָזעס וויינער דייקאָר, וועלכער געפינט זיך אין דער קונסט גאַלעריע פון דעם אַמעריקאַנער נאַציאָנאַלען מוזעאום אין וואַשינגטאָן.

אמעריקע, איז דאָס אימער מיט א געפיהל, אז זיי זיינען „טשיקאַווע". אמעריקע איז ניט זיין היים.

ס'איז זיך צו וואונדערען. ער האָט דאָך אין אמעריקע אזוי פיל געשאַפען, געווירקט. און ניט דוקא אויפ'ן אידישען פעלד, צי

אלס אנהויבער און אויסהאָדעווער פון דער אידישער אַרבייטער באַוועגונג, צי אלס זשורנאַליסט און ערציהער פון די אידישע פאָלקסמאסען, צי אלס טעאַטער־און ליטעראַטור־קריטיקער. ער איז אויף בלעטער געשיכטע פון דער אַמעריקאַנער ליטעראַטור — פון יענער צייט, ווען וויליאַם דיען האָוועלס האָט געלעבט, און די אַמעריקאַנער ליטעראַטור האָט אָנגעהויבן ווערען אויסגעפילט מיט א מעהר קינסטלערישען און א מעהר וואָגיגען לעבענס־אינהאַלט. און פונקט אזוי איז ער אויף בלעטער געשיכטע פון דער אַמעריקאַנער (ניט־אידישער) סאָציאַליסטישער באַוועגונג — פון די צייטען פון דעניעל דע־ליאָן, ווען מ'האָט אָנגעהויבען זוכען אַמעריקאַנישע מעטאָדען צו דערגרייכען סאָציאַליסטישע שטרעבונגען. און מיט דעם אלעמען איז אַמעריקע ניט זיין היים!

זיין לעבען אין ניו יארק העכער א האַלבען יאָהרהונדערט צייט האָט זיין נשמה פון אייראָפּע ניט צוגענומען. ניו יארק איז ביי איהם ניט אויף דער אַמעריקאַנער לאַנדקאַרט. ניו יאָרק איז די וועלט, און די וועלט איז אייראָפּע, און ערגעץ אין אייראָפּע ליגט ווילנע...

ער דערצעהלט פון זיך („בלעטער פון מיין לעבען", דריטער באַנד) ווי אזוי ער האָט געפיהלט אויף זיין ערשטער רייזע פון אַמעריקע קיין אייראָפּע. ער איז אָנגעקומען אין לאָנדאָן. ס'איז איהם דאָרטען געווען ניט אהער, ניט אהין, ניט אייראָפּע, ניט אַמעריקע. „די מענשען אויף די לאָנדאָנער גאַסען זעהען אויס אַנדערש ווי די מענשען פון ניו יארק. אַנדערע פיגורען, אַן אַנדער אַלגעמיינער איינדרוק. און די גאַסען־סצענעס זיינען אויך אַנדערע"... „אַז איך בין אין אייראָפּע, אין יענער טייל פון דער וועלט, וואו איך בין געבאָרען געוואָרען און אויפגעוואַקסען — דאַס האַב איך אין לאָנדאָן ניט געפיהלט"... דערפאַר, אָבער — „גלייך ווי מיר האָבען דערגרייכט דעם פראַנצויזישען ברעג, דעם ברעג פון דער אייראָפּעאישער הויפּט־לאַנד, האָט מיר דורכגענומען א באַוואוסטזיין, אַז אויף דיזער ערד בין איך געבאָרען געוואָרען. די ערד, אויף וועלכער איך האָב איצט אַרויפגעטראָטען, איז פאַר מיר א פאָרטזעצונג פון יענער ערד, אויף וועלכער עס שטעהט פאָדברעזע און ווילנע. ווען דער צוג האָט גענומען געהן, האָב איך ניט ווילענדיג געהאַט אין זינען, אַז יעדע סעקונדע ברענגט מיך נעהענטער צו ווילנע. איך האַב דאָן ניט געהאַט קיין האָפנונג דאָרטען ווען עס איז צו זיין. דער געפיהל, אָבער, אַז איך בין אויף דערזעלבער ערד, און קום צו נעהענטער און נעהענטער, איז געווען א תענוג־געפיל"...

ווילנע איז געבליבען זיין היים.

אָבער ניט קיין פולע היים. פולשטענדיג זיך אויסלעבען מיט איהר — ניין, דאָס ניט. אָפּט נעמט ער גאָר שלאָגען די פאַר־ווילנע'־

וועטע אייראָפּע מיט בייסענדע געלעכטערס. ער געפינט אין איהר צופיל ישיבה־בחור־שעס, א באַציהונג צו דער וועלט מיט אויגען פון קלויזניקעס. ער זעהט בטלנות אין אַלע אייראָפּעאישע באַוועגונגען. ער ווערט ניט נתפעל ווען ער הערט רעדען וועגען אייראָפּעאישע קולטור. פאַר די אויגען לויפט איהם דאַן פאַרביי די אייראָפּעאישע אַלטקייט, אָפּגעשטאַנענקייט, נידעריגען לעבענס־סטאַנדאַרד, און דאַן רופט ער אויס: לאָמיר געדענקען, האַדעוועט מען זיך אין בלאָטיגע שטעטלאַך, קען מען קיין גרויסען פאַרנעם צום לעבען ניט האָבען!...

ס'געהט־אָן אַ שטענדיגער קריג אין איהם צווישען אייראָפּע און אַמעריקע. באַלד ווערט ווידער וואַך זיין פאַרליבטקייט אין אייראָפּע. ער לאַכט פון איהר, אָבער אין מיטען דערינען הויבט ער אָן זעהן אין אַ היימישען גמרא־אידען מעהר אינטעליגענץ, מעהר פאַרשטענדנים פאַר דער וועלט, ווי אין'ם וויכטיגסטען אַמעריקאַנער פּראָפעסאָר. ביידע זייטען זיינען אמת, און ביידע אמת'ען פיהרען צווישען זיך אַ מלחמה אין זיין הארצען און געדאַנקען־וועלט, און ער אַליין פיהרט אַ מלחמה מיט ביידען, אַן אונאויפהערליכע מלחמה, און אַ מלחמה־מענש קען קיין היים ניט האָבען.

דאָס געהט אויך אויף אַ נשמה־היים. ער האָט ניט קיין שטענדיגען הארץ־ און מוח־אינטערעס ביז פאַרגליווערט ווערען. ווען ער שילדערט זיך אַליין, איז ער אימער אויפריכטיג, אפילו ווען דאָס קאָן זיין אַ שניידענדיגע קריטיק אויף זיך. ער גיט זיך אַליין אָן אין זיינע אויטאָביאָגראַפישע סקיצען ווי אַן „עגאָאיסט", אַ „בעל מקנא", אַ „ניט־פאַרגינער". מיט אַזאַ נאַטור, דאַרף ער דאָך זיין אַן איינגעזעסענער, אַן אָפּהיטער פון דאָס, וואָס ער פאַרמאָגט, אַן איינגענורעטער אין די רעזולטאַטען פון זיינע טעטיגקייטען. צואוואַרפט ער זיך גראָד, און איז אָהן אַ שטענדיגען אָרט אויך פאַר זיינע שעפערישע כוחות. איז ער אריין אין דער אַמעריקאַנער ליטעראַטור, האָט איהם געצויגען צו דער „איסט־סאַיד", צו בויען דעם „פאָרווערטס"; האָט ער זיך פאַרנומען מיט'ן „פאָרווערטס", האָט איהם געטראָגען צוריק צו דער אַמעריקאַנער ליטעראַטור. ער באַקלאָגט זיך, אַז דאָס קהל'שע לעבען איז איהם ביטער, עס שלאָגט איהם ווי מיט בייטשען אָוועקצוגעהן; טרעט ער אָפּ — נעמט איהם יאָגען צו געהן צוריק.

און אויף די וואַנדער־וועגען הין־און־צוריק איז איהם אומעטיג.
מעהר ווי דאָס — אַ הארץ־עסעניש.

אַנדערש קען ער, אַפּנים, ניט זיין. אַזוי איז דער מענש אין איהם. פון זיין רעדאַקציע־צימער אין דער „פאָרווערטס"־געביידע מאַכט ער ניט קיין אָרט אויף צו באַזעצען־זיך צווישען פּאָליצעס מיט ביכער. ס'איז כמעט ווי אַ ליידיג צימער אויף אריינצוקומען פאַר אַ ווייל. ער

איז געווען ערגעץ אין דער גרויסער וועלט, און באלד וועט ער ווידער אוועקגעהן. אזוי איז אויך זיין פריוואטע וואוינונג. ניטא קיין שווע־רע מעבעל, קיין איבעריגע בילדער אויף די ווענט. דאס בוך, וואס ער לייענט אויפ׳ן מאמענט, איז איהם גענוג. סאי־ווי, דארף ער באלד ווידער זיך נעמען פאקען צו זיין ערגעץ אין דער גרויסער וועלט. וואוינט ער היינט אין אזא דירה, מארגען אין אן אנ־דערער, און איבערמארגען גאר אין א האטעל־צימער. דער עיקר איז דאך זעהן דאס לעבען, קענען מענשען מיט זייערע קאפריזען און אינטערעסען, זיין אויף רוישיגע גאסען, צוקוקען ווי מענשליך לעבען שטראמט, כוואליעט זיך, שטייגט און פאלט, און שטייגט ווידער. דערין איז אינטערעס, די גרויסע, גרויסע וועלט־דראמע — פאר איהם א געלעגענהייט מיטצולאכען און מיטצוואויינען מיט דער וועלט.

יאהרען צוריק, אויף איינער פון זיינע רייזעס איבער אייראפע, איז ער געווען אין גאליציע. זייענדיג אין לעמבערג, האט ער זיך געכאפט, אז ער איז ניט ווייט פון בראד. דאס איז געווען די גא־ליצישע גרעניץ־שטאדט לעבען רוסלאנד, וואס איז געווען זיין ערשטע שטאדט אין אויסלאנד גלייך ווי ער איז אין יאהר 1882 אוועק פון רוסלאנד. דערצעהלט ער ווי עס האט איהם גענומען ציהען צו פאה־רען קיין בראד. אריינפאהרען אין רוסלאנד, באזוכען ווילנע, האט ער ניט געקענט. האט די הארץ אין איהם געשריען: „אויב ניט ווילנע, מיין אלטע היים ווילנע, טא זאל כאטש זיין בראד!״

מ׳קען דערביי, דוכט זיך, אוועקשטעלען:

— אויב ניט ווילנע, איז אין ערגעץ ניט, איז אינגאנצען ניט קיין היים...

## ירושלים דליטא געהט מאנען ביי דער וועלט...

א פאקט פון היסטארישער באדייטונג. יאהרען וועלען אוועק, און דער פאקט וועט ווידער און ווידער ווערען אפגעפרישט. אונ־זער מארטירעריש פאלק וועט אריינגעמען דעם פאקט אין דער לאנגער געשיכטע פון ראנגלעניש צו לעבען. אין די איצטיגע טעג איז ער א סימבאל. די מיסטישע הענט, וואס פיהרען צונויף מענשען, סיטואציעס, און ערטער, און נאכדעם ווערט דערפון געשיכטע מיט דראמאטישע שפאנונג, האבען איינגעטיילט א ראלע דעם ווילנער אב. קאהאנ׳ען, וואס דערהמיט ווערט באריכערט די קרוין, וואס ווילנע טראגט — דעם אלט־אידישען צומאטערט־קעניגליכען נאמען: „ירושלים דליטא״.

קרוינען א שטאדט מיט׳ן נאמען „ירושלים״ קומט ניט בלויז צוליב איהר גייסטיגען לעבען. גייסט מוז אויך זיין. לומדות מוז זי באזיצען. זי מוז אבער אויך פארמאגען יענע גרויסע אינערליכע

קראפט, וואס שטויסט זי צו וועלען באשיצען אידיש לעבען אויף אלע דורות. מאקע לעבען, ניט בלויז טראדיציע. די שטאט מוז זיין מוטערליך. עס דארף אין איהר זיין א געטריישאפט צו אידישע האב־און־גוטס, זארג פאר'ן אידישען נפש, ווי פאר גייסטיגע ירושה.

דור נאך דור איז געגאנגען, און מיט ווילנע האבען זיך פארקערפערטביידע זאכען. דער צדיק האט געגעבען דער שטאדט איינהאלט און חן פונקט אזוי ווי דער למדן. ניט דוקא דער איינצעלנער צדיק. זיטליכקייט פון האנדלען געראכט, פון גוטע מעשים, פון צדקות איז געווען אין דער פאלקסמאסע. א בלאט ווילנער געשיכטע, ווי אב. קאהאן האט זי אויפגעשריבען („בלעטער פון מיין לעבען", ערשטער באנד) דערצעהלט עס. א פרייטאג־צו־נאכט, ווינטער:

„מיר זיצען ביים טיש ווי געוועהנליך, אבער אהן די געוועהנליכע פרייטאג־צו־נאכטיגע מאכלים. קיין פיש, קיין לאקשען, קיין פלייש, קיין צימעס! חלה מיט געבראטענע הערינג — דאס איז אלץ, וואס די מאמע האט אוועקגעשטעלט. מיר זיינען אבער ניט געווען די איינציגע, וואס האבען יענעם פרייטאג־צו־נאכט געהאט אזא וועטשערע. אין אלע אידישע הייזער איז אזוי געווען! אין די רייכסטע אזוי ווי אין די ארימסטע. און אויף מארגען אויך אזוי: אנשטאט טשאלענט מיט קוגעל — חלה מיט הערינג. קהל איז געווען געענגט אין געלט, ניט געהאט מיט וואס צוצושטעלען סאלדאטען צום „נאבאר", האבען די מורא־הוראה'ס ארויסגעלאזען אן אויפפאדערונג, אז יענע וואך זאל קיינער ניט „מאכען שבת", און דאס, וואס עס באטרעפט געוועהנליך דער שבת ביי דער פאמיליע, זאל אפגעגעבען ווערען צו קהל. און טאמער וויל איינער זאגען: „איך קען אי באצאהלען דעם פרייז, אי מאכען שבת", זאל דאס איהם ניט דערלויבט ווערען. ער טאר ניט מבייש זיין דעם ארימאן, וואס קען אויף צוויי שבתים אין איין וואך זיך ניט לאזען קאסטען"...

מיט אזא עטיק איז געווען דורכגענומען ווילנע — ניט „מבייש זיין דעם ארימאן".

דאס איז געווען די מאראל אינ'ם גאנצען אידישען לעבען מיט ווילנע אלס קרוין.

און ווילנע האט געהאט „המשך", פארטזעצונג. נייע דורות מיט נייע מאטיווען, א נייעם אויסטייטש פון לעבען מיט נייע אידעאלען, האבען אלעמאל געהאט אויף זיך אפשטראלען פון דער אלט־אידישער למדנות און צדקות. דאס נייע האט אימער כמעט זיך צונויפגעגאסען מיט דאס אלטע. זייט־ביי־זייט מיט'ן שול־הויף, מיט די בתי־מדרשים, די קלויזען, די גרויסע גמרא'ס אין די אלמערס, איז געווען אויפגעשטעלט דער לעהרער־אינסטיטוט, און עס זיינען אויפגעקומען

ביבליאָטעקען. און זייט־ביי־זייט מיט דער אַלטער צדקות זיינען אויפ־געקומען די מאָדערנע אידעאַליסטישע, די סאָציאַליסטישע באַוועגונ־גען. אזוי אויך מיט מענשען. ווילנע האָט געהאַט דעם גאון און ר׳ ישראל סאַלאַנטער׳ן, און געהאַט אהרן זונדעלעוויטש׳ן און ליי־בערמאַנ׳ען. די ירושה איז דאָ נעגאַנגען אויף אַן אייגענאַרטיגען וועג. די ערשטע אידישע סאָציאַליסטען אין ווילנע האָבען זיך אַ כאַפּ־געטאָן צום ניהיליזם מיט אַ גאַנץ באַזונדערער התלהבות. דער ניהיליזם האָט געמאָנט ליידען, זעלבסט־מאַטערניש, „ליגען אויף טשוועקעס", אָדער כאָטש „שלאָפען אויף דער הוילער ערד", און אזוי, מיט אָפּקומעניש פאַר׳ן גוף, לייטערען די נשמה, האַלטען דעם געוויסען ריין. ווען דער ווילנער רעוואָלוציאָנער אהרן זונדעלע־וויטש האָט עס געטאָן, איז ער דערמיט ניט געווען דוקא אַ ניהי־ליסט, נאָר אויך אזוי ווי אויסגעפאָלגט די מוסר־לעהרעס, און געווען ווי אַ פאָרטזעצונג פונ׳ם באַרימטען גרויסען מוסר׳ניק ר׳ ישראל סאַ־לאַנטער אין ווילנע — די מוסר־לעהרעס, אזוי ווי די ניהיליסטען, האָ־בען גערופען צו זעלבסט־מאַטערניש, פייניגונג פונ׳ם אייגענעם גוף. און אין שפּעטערע יאָהרען איז אין ווילנע געבוירען געוואָרען דער „בונד" מיט זיינע טרעגער פון מאָדערנע אידעאַלען אין דער אידישער פאָלקס־מאַסע, און מיט אַ גרייטקייט צו געהן אויף אַ נייעם „קידוש־השם". אָבער פריהער־נאָך איז ווילנע, די „ירושלים דליטא", אַרויס־געקומען דורך דעם ווילנער אַב. קאַהאַן אין אַמעריקע מיט אַ מאָנונג צו דער וועלט: זאָל די אידישע פאָלקס־מאַסע, וואו זי זאָל ניט זיין, ניט ווערען פאַרזעהן פון די נייע גייסטער אין דער וועלט.

לאָמיר יענע בלאַט געשיכטע געדענקען.

טאַקע צוליב ווילנע, וואָס סימבאָליזירט די אידישע פאָלקס־מאַסע.

אויך צוליב דער איצטיגער צייט, אין וועלכער מיר לעבען.

אין יאָהר 1891 איז דאָס געווען. אַמעריקאַנער סאָציאַליסטען האָבען געשיקט דעלעגאַטען צו דעם אינטערנאַציאָנאַלען סאָציאַ־ליסטישען קאָנגרעס, וועלכער האָט זיך דאַן צונויפגעקליבען אין בריסעל, בעלגיע. אַמעריקע האָט שוין געהאַט די פאַראייניגטע אידישע גע־ווערקשאַפטען און אידישע אָפּטיילונגען פון דער סאָציאַליסטישער אַרבייטער פאַרטיי. זיי האָבען אויסגעוועהלט אַב. קאַהאַנ׳ען פאַר זייער דעלעגאַט. ס׳האָט איהם אַ קאָך־געטאָן אין הארצען — אויפנעמען די „אידישע פראַגע" ביים קאָנגרעס!...

צום ערשטען מאָל אין דער געשיכטע פון די מאָדערנע דורות אוועקשטעלען די לאַגע פון אידישען פאָלק פאַר אַ קאָנגרעס פון כוחות, וואָס וועלען מיט דער צייט פיהרען אַלע פעלקער פון דער וועלט!...

אַז עס איז ניט געווען אַ געוועהנליכער ענין, ווי דאָס קען אויס־קוקען אין די היינטיגע צייטען, האָבען געוויזען די באַלדיגע ענטוויק־לונגען פונ׳ם פאַרזוך.

דאָס איז געווען דער „פּונקט 4״ פונ׳ם קאָנגרעס; זיין אינ־האַלט איז געווען:

„ווי זאָלען זיך די אָרגאַניזירטע אַרבייטער פון אַלע לענדער פאַרהאַלטען צו דער אידען־פראַגע?״

ביי אַ טייל סאָציאַליסטישע פיהרער פון פאַרשיידענע לענדער איז אין יענער צייט געווען אַן איינדרוק, אַז אַזאַ ערשיינונג ווי אַ אידישע אַרבייטער באַוועגונג איז „גאָרנישט מעגליך״. זיי האָ־בען געגלויבט, אַז אַ אידישער אַרבייטער איז „איבערהויפּט אַ זעל־טענהייט״. מאַנכע האָבען געמיינט, אַז „אַלע אידען זיינען באַנ־קירען, פאַבריקאַנטען, סוחרים; אַז קיין אָרימע אידען זיינען גאָר אויף דער וועלט ניטאָ״. איך ציטיר דאָ אַב. קאַהאַנ׳ס ערזי־נערונגען („בלעטער פון מיין לעבען״, דריטער באַנד). אָבער וויכטיג איז דאָ וואָס ער האָט מיט דער פראַגע פּלוצלונג זיך געפונען צווישען צוויערליי טיפּען אידען, גאַנץ וויט, גאַנץ פאַרשיידענאַרטיג איינער פון צווייטען, יעדער פון זיי ביי אַן אַנדער, ביים ווייטסטען ברעג, איינער קעגען צווייטען, מיט׳ן איינציגען "צד השוה״, מיט דער איינ־ציגער גלייכקייט ביי זיי, וואָס ביידע האָבען ניט געהאַט קיין אַהנונג, אַז עס איז דאָ אַ „ווילנע״ אויף דער וועלט, אַ דריטער צד, אַ אידישע פאָלקס־מאַסע, וואָס רייסט זיך צו אַלע ליכטיגקייטען אויף דער וועלט מיט אַן אייגענער שפּראַך און לויט אייגענע פאָלקס־באַגריפען און טראַדיציעס.

איין טיפּ — דער איד־סאָציאַליסט פון מערב־אייראָפּע. צו אַב. קאַהאַנ׳ען זיינען געקומען פּאָול זינגער און וויקטאָר אַדלער, דער ערשטער מיט גרויסע סאָציאַליסטישע געשיכטע אַרום זיך אין דייטש־לאַנד, דער צווייטער מיט פאַרעהרונג אַלס סאָציאַליסטישער פיהרער אין עסטרייך, ביידע פון די וויכטיגסטע פּערזענליכקייטען אויף יענעם קאָנגרעס און אין דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער באַווע־גונג בכלל. זיי האָבען פאַרלאַנגט פון אַב. קאַהאַנ׳ען, אַז „ווילנע״, די מזרח־אייראָפּעאישע אידישע פאָלקס־מאַסע, צי אין מזרח־אייראָפּע גופא, צי אין אַמעריקע, זאָל זיך פאַרדעקען, זאָל זיך האַלטען אין הינטערגרונט, ער, אַב. קאַהאַן, זאָל דעם „פּונקט 4״ אַראָפּנעמען פון טאָג־אָרדנונג פון קאָנגרעס. „די גאַנצע געשיכטע וועט טאָן מעהר שאָדען ווי גוטס״, האָבען זיי אַרגומענטירט; דער „פּונקט 4״ איז אַ „טאַקטלאָזיגקייט״, האָבען זיי גע׳טענה׳ט. פאַרוואָס? „די שונאים פון סאָציאַליזם באַהויפּטען, אַז דער סאָציאַליזם איז אַ אידישער פּראָדוקט; זיי ווייזען אָן, אַז קאַרל מאַרקס איז געווען אַ איד, לאַסאַל איז געווען אַ

איד, און אַט, זיי גופא, פּאול זינגער און וויקטאָר אדלער—אויך אידען". אזוי איז דער ארגומענט געגאַנגען. נאָך אַן ארגומענט: „די אַנטי־סעמיטען זאָגען, אז די גאַנצע באַוועגונג (סאָציאַליסטישע) ווערט אויפגעהאַלטען פון אידישע געלט". ווען מען זאָל אַננעמען זיין



אב. קאַהאַן אין 1934.

(קאַהאַנ'ס) פאָרשלאָג צו באַגריסען די ערשיינונג פון א אידישער ארבייטער באַוועגונג און פאַרדאַמען דעם אַנטיסעמיטיזם, וועלען די געגנער פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען טייטלען אויף איהר מיט די פינגער — „אַט זעהט איהר דאָך! דער סאָציאַליסטישער קאָנגרעס נעמט די אידען אונטער זיין שוץ! עס איז א אידישע קליזעל!"...

אויף צוויי באזונדערע שפראכען האבען דא גערעדט סאציאליס־טישע פארשטעהער, אידען, וויט פון דער אידישער פאלקס־מאסע, און א סאציאליסטישער פארשטעהער, א איד, נאהענט צו דער אי־דישער פאלקס־מאסע. און דאס איז נאך ניט געווען דער גאנצער קלעם אין וועלכען „ווילנע" איז אריין. ארום דעם ווילנער אב. קאהאן פון אמעריקע האט זיך באוויזען דער צווייטער טיפ איד — דער ראבינער פון בריסעל, וועלכער איז שפעטער געווארען דער הויפט־ראבינער אין פאריז.

ער האט דורכגעפיהרט א פלאן מיט א זשורנאליסט פון לאנדאן, אז אב. קאהאן זאל קומען צו איהם, זיין א גאסט ביי איהם, און ווי דער גייסטיגער פיהרער פון דער בריסעלער אידישער קהלה האט ער אב. קאהאנ׳ען מיט א העפליכקייט געווארענט: „די אידען האבען אזוי פיל שונאים! און איצט, אז מען הערט פון א סאציאליסטישער באַ־וועגונג ביי אידען, וועט די רעזאלוציע אויפ׳ן סאציאליסטישען קאנ־גרעס פאר די אידען אויפרייצען די אנטיסעמיטען!" זאל ער, קא־האן, האבען אין זינען די געפאר!...

די עכט־אידישע ווילנע האט זיך דא באגעגענט מיט׳ן רעפאר־מירטען אידען, וועלכער האט זיך געשראקען פאר דער וועלט, און געמיינט אז אסימילאציע מיט דער הילף פון א געבויגענעם קאפ וועט ראטעווען, זיין אן אנטרינונג.

א דראמאטישע סיטואציע, און גערענקט דא איהרע העלדען. פון איין זייט א ראבינער וויט פון דער גערינגער אידישער פאלקס־מאסע; פון דער צווייטער זייט אייראפעאישע אידען סאציאליסטען און פונקט אזוי וויט פון אידישען לעבען; אין מיטען — „ווילנע". אבער ניט געווען קיין גוטער סוף פון דער דראמאטישער סיטואציע, אין וועל־כער אב קאהאן איז דא אריין. ער האט מיט עקשנות דורכ־געזעצט, אז דער „פונקט 4" זאל אויפ׳ן קאנגרעס ווערען אויפגענומען, אבער מ׳האט דארטען געהאלטען רעדעס מיט א גייסט פון פיינד־שאפט צו אידען. ער האט גע׳טענה׳ט, געבעטען, געמאנט: „די אי־דען ווערען פארפאלגט. מען מאכט אויף זיי פאגראמען. מען באַ־ליידיגט זיי, מען אונטערדריקט זיי, מען מאכט פאר זיי אויסנאם־געזעצען, מען האט פון זיי געמאכט אן אפגעזונדערטען קלאס פון רעכטלאזע מענשען, און זיי ווילען קעמפען צוזאמען מיט אלע אנ־דערע פראלעטאריער. זיי בעטען א פלאץ אין די רייהען פון דער סאציאל העמאקראטיע. די אנטיסעמיטישע רוסישע פרעסע מאכט אן איינדרוק, אז אלע האבען אונז, אידען, פיינט, אפילו ארבייטער; פאדער איך, איהר זאלט ערקלערען פאר דער וועלט, אז דאס איז א ליגען, אז אידישע ארבייטער זיינען אייך אזוי ליב ווי קריסטלי־כע!"... איז, אבער, גאר געווארען א דעבאטע, אז פונקט ווי עס איז

דאָ און אַנטיסעמיטיזם איז אויך דאָ אַ פּילאָסעמיטיזם, אַ ספּעציעלע „אידען־פריינדשאַפט". און דערצו האָבען נאָך מאַנכע ארויסגעבראַכט, אַז מיט „פּילאָסעמיטיזם" מיינט מען „די פאַרבינדונג וואָס גרויסע אידישע באַנקירען האָבען מיט רעגירונגען, פיהרען מיט זיי געשעפ־טען, באַקומען ביי זיי קאָנצעסיעס". דער קאָנגרעס האָט שוין דערפאַר אָנגענומען אַ רעזאָלוציע, אַז מען פאַרדאַמט אי דעם אַנטיסעמיטיזם, אי דעם פּילאָסעמיטיזם. אב. קאהאן שרייבט דעריבער וועגען זיך: „איך בין אָפענטיג געוואָרען. עס האָט זיך מיר פּשוט ניט געגלויבט. איך בין געקומען מיט אַ האַרץ פול מיט אינטערנאַציאָנאַלער ליבע — — — ".

„ירושלים דליטא" איז דאָ געגאַנגען מאָנען ביי דער וועלט גלייכ־בארעכטיגונג...

און זי מאָנט נאָך איצט. און איהר גורל איז אויך איצט אויסגע־בונדען מיט אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע קאָנגרעסען. און פּאָול זינגער׳ס דייטשלאַנד און וויקטאָר אדלער׳ס עסטרייך, די אר־בייטער באַוועגונגען זייערע, זיינען אין די איצטיגע פאַשיסטישע צייַ־טען אויף דער זעלבער שיף, אויף וועלכער אב. קאהאנ׳ס ווילנע איז געווען אין אַלע צייטען. די שרעקעדיגקייט פונ׳ם ראַבינער פון דער בריסעלער קהלה האָט אויך ניט געהאָלפען. אָן אייביגער פּראָצעס. און מיט אַלע ליידען און מאַטערנישען אינ׳ם פּראָ־צעס, קען „ירושלים דליטא" נאָך אַלץ זאָגען, אַז זי קומט צו דער וועלט מיט „אַ האַרץ פול מיט אינטערנאַציאָנאַלער ליבע". אַזוי זיינען מיר. דאָס איז ביי אונז אַ ירושה. ווען מען רעדט פון ווילנע, צי פונ׳ם ווילנער אב. קאהאן, דאַרף מען דעם קאַפּיטעל דערצעהלען און איבערדערצעהלען.

## ש. ניגער.

# א. ווייטער.

(ערינערונגען וועגען דעם אידישען שריפטשטעלער, וואָס איז אומגעקומען פון די הענט פון פּוילישע לעגיאָנערען אין ווילנע)



שביעי של פּסח, 1919, איז א. ווייטער אריינגעפאַלען אין די הענט פון די פּוילישע לעגיאָנערען, ווען זיי האָבען פאַרכאַפּט ווילנע, און ער איז גלייך אויפ'ן אָרט דערשאָסען געוואָרען.

באַלד נאָך זיין אומקומען („דער'הרג'עט דורך א קויל", ווי ש. אנסקי האָט מיט זיין אייגענער האַנט אויפגעשריבען אויף א הילצערנעם ברעטעל איבער ווייטער'ס קבר אויפ'ן ווילנער בית־עולם), — האָב איך וועגען איהם פּערזענליך ניט געשריבען, ניט געקאָנט שרייבען. ס'איז געווען א רויהע וואונד. ס'איז געווען שווער זי אָפּצודעקען. איצט איז עס א האַלב־פאַרהיילטע טרויעריגע ערינערונג.

אויף ווייטער'ס קבר שטעהט איצט א מצבה — א פּאָעטישע פיגור פון אַן אָדלער מיט א פאַרוואונדעטען פליגעל . . . וויל איך פאַרצייכענען עטליכע פּרטים פון מיינע באַגעגענישען מיט אָט דעם אָדלער, וואָס איז געווען מילד, ווי א טויב, און וואָס האָט ניט איינמאָל פאַרוואונדעט זיינע פליגלען נאָך ביים לעבען...

כ'געדענק ניט אַקוראַט, ווען און וואו מיר האָבען זיך צום ערשטען מאָל באַקענט, אָבער כ'ווייס, אַז אין די לעצטע חדשים פון 1907, ווען מיר זיינען ביידע געווען אין ווילנע, האָבען מיר זיך שוין אָפט געטראָפען און זיינען געווען אמת'ע גוטע פריינט. כ'דערמאָן די דאָזיגע דאַטע, ווייל דער אָנהויב פון אונזער פריינדשאַפט, וועלכע האָט אָנגעהאַלטען ביז דער לעצטער מינוט פון זיין לעבען, איז זעהר כאַראַקטעריסטיש פאַר זיין באַציאונג צו מענשען און צו זיך אַליין.

אין יאָהר 1907 איז פאַרעפענטליכט געוואָרען זיין ערשטע דראַמאַטישע פּאָעמע „פאַרטאָג", און איך האָב אָנגעשריבען וועגען איהר

זעהר ניט קיין גינסטיגע (און ניט גאר קיין גערעכטע) רעצענזיע. כ'האב גערעדט מעהר וועגען די חסרונות ווי וועגען די מעלות. די פעלערען, אויף וועלכע איך האב אנגעוויזען, האט ער אין א שפע־טערדיגער אויסגאבע פון „פארטאג" געזוכט אויסצובעסערען, אבער




א. ווייטער (אייזיק מאיר דעוועניושסקי), געב. 1878 ; געשט. אפריל 20, 1919

עס זיינען געוועזען אויך מעלות אין זיין ערשטער דראמע, און זיי האב איך ניט אפגעשאצט ווי געהעריג איז. לויט דעם ווי עס פיהרט זיך ביי אונז אין די לעצטע יאהרען, וואלט א. ווייטער מיר גע־דארפט ווערען א שונא. ער איז מיר אבער געווארען א גוטער פריינט. באלד נאכדעם, ווי עס איז אפגעדרוקט געווארען מיין רעצענזיע, האט אונטער אונזער ביידענ'ס (און ש. גארעליק'ס) רעדאקציע אנגעהויבען ארויסצוגעהן דער זשורנאל „ליטעראַרישע מאנאטשריפ־טען".

די אידעע און די איניציאַטיוו פון'ם זשורנאַל האָט געהערט ווייטער'ן. עס איז פאָרגעקומען דאַן אַן איבערברוך אין די שטי־מונגען פון דער אידישער ראַדיקאַלער אינטעליגענץ — און אין זיינע אייגענע שטימונגען. פּאָליטיק איז געוואָרען אַ בלאָס וואָרט. דאָס נייר־אויפגעלויכטענע וואָרט איז געווען — קולטור.

מיר האָבען דערפיהלט, אַז „אויפ'ן פּאָליטישען און עקאָנאָמישען חורבן פון'ם אידישען לעבען באַווייזען זיך אָהן צווייפעל (ווי עס איז געשטאַנען אין דעם פּראָגראַם־אַרטיקעל פון דעם נייעם זשורנאַל) שפּראָצונגען פון קולטור־רענעסאַנס". די געבורטס־וועהען פון דעם אַנקומענדיגען „רענעסאַנס" האָבען מיר געוואָלט פאַרלייכטערען. מיר האָבען געגלויבט אַז מיר קאָנען עס טאָן. מיר זיינען געווען יונג, פול מיט ענטוזיאַזם. מיר האָבען געוואוסט, אַז אַ טייל פון דער אינטעליגענטער אידישער יוגענט וואַרט אויף אַן אָרגאַן, וואָס זאָל גרופּירען אַרום זיך די „בעסטע כחות" און וואָס זאָל אויסדריקען זייער גרייטקייט איבערצוגעהן פון פּאָליטיק צו גייסטיגע אינטערעסען און זייער ווילען צו פאַרבייטען די פּאַרטיי־פּראָגראַמען מיט דער ברייטערער אויפגאַבע פון קולטורעלער אויפלעבונג. דערמיט איז געווען פול די לופט. אָבער ווען ניט א. ווייטער, ווען ניט זיין איבערגעגעבענהייט און ענערגיע, וואָלט דער זשורנאַל, וועלכער האָט (ניט געקוקט אויף זיין קורצער עקזיסטענץ) געמאַכט אַ רושם אין אונזער ליטעראַרישער וועלט, — קיינמאָל נישט אַרויסגעגאַנגען.

מיר זיינען געווען פול מיט אמונה, אָבער קיין געלט האָבען מיר ניט געהאַט אַפילו אויף איין נומער פון אַ זשורנאַל. מיר האָבען אַלע דריי געשריבען פאַר אַן אָרטיגער רוסישער ציטונג. דאָס איז געווען דער קוואַל פון חיונה ביי אונז. אָבער אַפילו גאָרעליק און ווייטער, שטענדיגע מיטאַרבייטער פון דער ציטונג, האָבען קוים געהאַט אויף דער הוצאה. איז א. ווייטער געפאַלען אויף אַ פּלאַן. ער האָט געקראָגען עפּעס אַ אידען, וואָס האָט געהאַט די אַמביציע אַרויסצוגעבען אין ווילנע אַ נייע רוסישע ציטונג. האָט יענער איך געדונגען אַ וואוינונג, וועלכע ער האָט אויסגעמעבלירט ווי אַן „אמת'ע" רעדאַקציע, און אַזוי ווי מיר דריי האָבען עס געדאַרפט שאַפען די ציטונג (ווייטער איז געווען דער רעדאַקטאָר, ש. גאָרעליק האָט גע־שריבען פעליעטאָנען און איך — אונטער'ן פּסעוודאָנים ס. וולאַדימי־ראָוו — אַרטיקלען וועגען געזעלשאַפטליכע פראַגען) — זיינען מיר דערווייל באַזאָרגט געווען מיט אַ דירה פאַר די „ליטעראַרישע מאַ־נאַטסשריפטען", מיט פּאַפּיר און טינט, מיט פּאָסט־מאַרקעס און דער עיקר — מיט דער מעגליכקייט אָפּצוגעבען די גאַנצע פרייע צייט דעם זשורנאַל. אַ דאַנק דעם אוואַנס, וואָס עס האָט אונז געגע־בען דער אַרויסגעבער פון דער נייער רוסישער ציטונג (מיט דעם עכט

פראָווינציעלען נאָמען „ווען סעווערא־זאפאדני קראַי״) — איז מעגליך געווען אָפּצודרוקן אַ פּראָספּעקט און — שיקן פּופציג רובעל אַן אַוואַנס פּרץ׳ן. (מיר האָבן ניט אַנדערש געוואָלט האָבן פּאַר׳ן ערשטען נומער פּרץ׳ס אַ זאַך, און ווען מיר זאָלען איהם ניט האָבען געשיקט פאָראויס קיין האָנאָראַר, וואָלט ער נישט געגלויבט, אַז מיר ווילען דעם זשורנאַל באמת טאַקע אַרויסגעבען.) אָפּגעדרוקט און פונאַנדערגעשיקט דעם פּראָספּעקט, האָבען מיר אָנגעהויבען באַקומען אינאַיינעם מיט הייסע דערמונטערענדיגע באַגריסונגען — אַבאָנעמענטען. אָבער דאָס וואָלט נאָך אַלץ נישט געווען גענוג צו פאַרזיכערען די עקזיסטענץ פון דער נייער אויסגאַבע אפילו נאָר אויף עטליכע מאָנאַטען, ווען ניט . . . א. ווייטער. ער האָט גענומען אויף זיך צו זיין דער פּאַרוואַלטער, דער סעקרעטאַר, דער עקספּעדיטאָר און דער... פינאַנסירער פון דעם זשורנאַל. ער האָט באַקומען קרעדיט אין דער דרוקעריי פון ב. קלעצקין, וועלכער איז שפּעטער, אַ דאַנק דער ווירקונג פון א. ווייטער׳ן, געוואָרען אַליין אַ פאַרלעגער. ער איז געווען אַ בריה אויף קריגען גמילות חסדים, און ער האָט פאַקטיש באַזאָרגט די פינאַנציעלע און די גאַנצע אַדמיניסטראַטיווע זייט פון דער ריזיקאַלישער אונטערנעמונג. עס איז קיינמאָל ביי אונז אין דער קאָלעגיע ניט באַשלאָסען געוואָרען, ווער וואָס זאָל טאָן, אָבער עס איז שוין ממילא אַזוי אַרויסגעקומען, אַז די שווערערע און ניט־דאַנקבאַרע אַרבייט האָט געטאָן ווייטער. ער איז געווען מעהר ווי די איבעריגע צוויי חברים פון דער רעדאַקציע פאַרנומען אין דער רוסישער ציטונג, אָבער איהם איז קיינמאָל נישט איינגעפאַלען צו קלאָגען זיך אויף דער אמת׳ער עבודת פּרך. ער האָט געוואוסט, אַז ער טויג בעסער, ווי מיר, פאַר דער פּראַקטישער אַרבייט. האָט ער אַלץ אַליין געטאָן. אַכטונג געגעבען אויפ׳ן זאַץ, אויפ׳ן דרוקען, אויף דער קאָרעקטור, געגאַנגען אויף פּאָסט, געזעהן, אַז דער נומער זאָל אין צייט צושיקט ווערען, געפיהרט די קאָרעספּאָנדענץ, געזוכט גמילות חסדים, באַזאָרגט אַלע געשעפטליכע אַנגעלעגענהייטען. איך געדענק ניט, אַז אויף די זיצונגען פון דער רעדאַקציע זאָל ער אונז האָבען אַמאָל דערצעהלט וועגען די אַלע אַדמיניסטראַטיווע און פינאַנציעלע קאָפּדרעהענישען. אַז איך פלעג פרעגען ביי איהם, וואָס הערט זיך, פלעגט ער ענטפערען מיט זיין געוועהנליכען שמייכעל, אין וועלכען עס איז געווען עפּעס פאָטערליכעס און מוטערליכעס צוגלייך — אי שטאָלץ, אי מילדקייט.

אַלע זיינע כחות האָט ער אָפּגעגעבען די „ליטעראַרישע מאָנאַטסשריפטען״, אָבער ער האָט נישט געוואָרט, אַז דער זשורנאַל זאָל איהם פערזענליך עפּעס געבען. אפילו זיינע ריין ליטעראַרישע שטרעבונגען האָט ער ניט געזוכט צו דערגרייכען דורך די „מאָנאַטס־שריפטען״

ער האָט דאָרט ניט פאַרעפענטליכט קיין איין בעלעטריסטישע זאַך זיינע, כאָטש זיין טיפסטער וואונש איז געווען איבערצוגעהן פון זשורנאַליזם צו קינסטלערישען שאַפען. ער האָט געגעבען אַן אַר־טיקעל וועגען אידישען טעאַטער, אַן איבערזעצונג פון קנוט האַמסון, דעם אָנהויב פון אַן ארבייט וועגען אָטאָ וויינינגער, מיט וועלכען ער האָט זיך פערזענליך באַפריינדעט, ווען ער איז געווען אין יאָהר 1904 אין בערלין. פאַרוואָס האָט ער אונז ניט פאָרגעשלאָגען קיין בעלעט־ריסטישע זאַכען? פאַרוואָס האָט ער אויבענאָן געזעצט אַנדערע און אַליין — געסאַרוועדט? איז עס געווען עניוות? ניין, גיכער שטאָלץ, יענער גייסטיג־אַריסטאָקראַטישער שטאָלץ, מיט וועלכען ער האָט זיך אַזוי אויסגעצייכענט. ער איז ניט געווען זיכער, אַז מיר גלויבען אין זיין קינסטלערישען טאַלאַנט, האָט ער אונז נישט געוואָלט שטעלען פאַר אַ נסיון און באַנוגענט זיך מיט אַרטיקלען אָדער אי־בערזעצונגען.

איך וויל איהם נישט מאַכען פאַר עפּעס אַ הייליגען, אַ נזיר, וואָס פאַרבויגט זיין איך און טראַכט נאָר וועגען אַנדערע. ניין, איך וואָלט נישט וועלען, אַז עס זאָל געשאַפען ווערען אַזאַ איינ־דרוק פון ווייטער'ן. אָבער עס איז אַ פאַקט, אַז אין זיין איך איז געווען עפּעס ריטערליכס, און צוליב אָט דער פיינקייט פון זיין כאַראַקטער, צוליב דער זעלטענער טרייקייט און חבר'שאַפט האָט ער אָפט מקריב געווען זיינע אייגענע אינטערעסען.

איין קליינער פאַקט — טאַקע פון יענער צייט — וועט עס אי־לוסטרירען. דאָס איז געווען זומער 1908, ווען די „ליטעראַרישע מאָנאַטסשריפטען" האָבען אויפגעהערט ארויסצוגעהן, ווייל עס איז שוין ניט געווען מעהר וואו צו באָרגען, און די רוסישע צייטונג האָט זיך פריהער נאָך אָפּגעשטעלט. קיין געלט איז ניט געווען, — און דאָ דאַרף פאָרקומען די ערשטע אידישע שפּראַך־קאָנפערענץ אין טשערנאָוויץ. עס ווילט זיך שטאַרק זיין אויף דעם צוזאַמענפאָר. ווייטער אַליין פאַר זיך וואָלט ווי עס איז געקראָגען אויף הוצאות, אָבער ער וויל נישט פאָהרען אַליין, אָהן מיר. ער זוכט געלד פאַר אונז ביידען. ער איז גראָד דאַן אָפּגעפאָהרען קיין מינסק. באַקום איך פון איהם אַ בריוועל, וואו ער גיט מיר צו וויסען, אַז ער האָט אַ האָפענונג צו באַקומען הונדערט רובעל אַן אַוואַנס פון דעם וויל־נער „סעווערא־זאַפּאַדני גאָלאָס", וואו ער איז געווען אַמאָל אַ שטענ־דיגער מיטאַרבייטער. „דערוויסט זיך, שרייבט ער, אויב זיי גיבען, טאָ נעמט אין „הזמן" פּיל־ווייניג, 20—25 רובעל, און מאַכט זיך אַ פּאַס. קומט אַהער, איך וועל דאָ נאָך אַביסעל געלט באַקומען — און מיר פאָהרען. למע"ה טוט אַזוי, איהר מוזט פאָהרען". איך שרייב איהם צוריק און בעט זיך ביי איהם, ער זאָל פאָהרען אַליין,

ווייל ער וועט מסתמא קוים קריגען אויף הוצאות פאר זיך אליין, אבער ער האלט אין איין טענה'ן, אז איך מוז פאהרען. דער סוף איז געווען, אז פארביידען צו לאזען זיך אין וועג איז געווען אוממעגליך, איז ער אליין אויך געבליבען אין דער היים.

און דאס איז געווען ניט דער איינציגער פאל, ווען זיין חבר'שאפט איז געווען אויף אזא נאטירליכען אופן ריטערליך. איך געדענק נאך צענדליגער אזוינע פאלען. איך וויל דערמאנען נאר א פאר פון זיי. אין יאהר 1909 האט פרץ אנגעהויבען ארויסצוגעבען א וואכענשריפט. כ'ווייס ניט פארוואס ער האט ווייטער'ן ניט איינגעלאדען מיטצואורבייטען. זיי זיינען געווען זעהר באפריינדעט. אין א בריוו צו ווייטער'ן (ער איז שוין דאן געווען אין פעטערבורג, געארבייט אין „פריינד") האב איך איהם געפרעגט, וואס ער טראכט וועגען פרצ'ס פלענער, און אט וואס ער האט מיר געענטפערט: „פון פרצ'ס וואכענשריפט האב איך זיך דערוואוסט נאר פון אייער בריוו. שלעכט. ביי איהם איז עס א זאך פון דער פארצווייפלונג. הגם ער שרייבט ניט, שיק איך איהם די טעג א זאך. שיקט איהם אויך, ליבער. איהם איז קאלט, ווי פאר'ן טויט. דארפען מיר מוחל זיין אויף אונזער כבוד (ערשטענס) און (צווייטענס) שטעלען זיך אפילו אין פארלעגענהייט — און דאך שיקען".

צוליב די מענשען (און דערהויפט צוליב שרייבער), וועלכע ער האט ליב געהאט, איז ער געווען גרייט „מוחל צו זיין אויף זיין כבוד און שטעלען זיך אפילו אין פארלעגענהייט".

איך קען ניט נאך איינעם, וואס האט זיך גענומען אזוי צום הארצען די פערזענליכע לאגע און דעם שרייבערישען גורל פון זיינע פריינט און קאלעגען, ווי דאס האט געטאן א. ווייטער. ווען ער האט געארבייט אין „פריינד", האט ער ממש ניט גערוהט, וואו ער האט ניט באקומען דארט די מעגליכקייט צו דרוקען די ווערק פון די יונגע שרייבער פון יענער צייט. „האט איהר געזעהן? — שרייבט ער מיר אין 1909 פון פעטערבורג — אנכי איז שוין געווען געדרוקט. ווייסענבערג'ן געשריבען. איצט האלט איך ביי זילבורג'ן. די טעג וועט מען איהם מן הסתם בעטען ער זאל שרייבען. איך האב אבער קיין שום האפענונג ניט ווען עס איז און ווי עס איז דעם נסתר צו דרוקען אין „פריינד". ניטא באמת קיין מעגליכקייט פאר אזא צייטונג. און דאס פארדריסט שרעקליך. איך האב מורא, אז פרץ וועט איהם אויך ניט דרוקען (און בכלל דוכט זיך מיר, אז די „וואכענשריפט" וועט ניט לאנג לעבען) וואו דרוקט מען איהם?"

ווען ער האט דערפיהלט טאלאנט אין א שרייבער, איז ניט געווען קיין גרעניץ צו זיין פרייד און צו זיין באגייסטערונג. פאר מיר ליגט דער בריוו, וואס ער האט מיר געשריבען, ווען עס איז ארויס בער-

געלסאָן׳ס „ארום וואקזאל״. „איך האָב, שרייבט ער, א בשורה טובה. אומגעריכט האָב איך זיך אָנגעשטויסען אויף א באדייטענ־דען, אפשר זעהר זעהר אין זעהר באדייטענדען טאַלאַנט!... איינער ד. בערגעלסאָן. ווער איז ער? לידסקי האָט געשמאַקלאָז אָפּגעדרוקט א ביכעל: „ביים וואקזאל ערצעהלונגען (?) פון אידישען לעבען״. איך האָב דאָס גענומען לעזען על פי נויט (צוליב ביבליאָגראַפיע, וועל־כע מיר פיהרען איין) און בין נשתומם געוואָרען. אין א סך פּרטים



א. וויטער׳ס מצבה אויפ׳ן ווילנער בית-עולם.

שטייגט אָט דער בערגעלסאָן אריבער אש׳ס „שטעטעל״. א מין ותצא הארץ דשא. פון וואַנען נעמט ער זיך? אומגעריכט! קריגט דאָס ביכעל וואָס גיכער, און אויב אייך איז דאָס שווער, שרייבט מיר, וועל איך צושיקען... גאָר אן אומגעוועהנליכע זאַך. דער איד האָט עפּעס פון קופּרינ׳ען, טשעכאָוו׳ן, האמסונ׳ען, סינטעזירט

מענדעלע׳ן מיט אש׳ן, האט א שייכות צום נסתר און איז — ד. בערגעלסאן. גאר אריגינעל, גאר באדייטענד! מזל טוב, טייער־סטער!״

און פונקט אזוי אויפריכטיג ווי ער איז געווען צו אנדערע, איז ער געווען צו זיך אליין. ער האט געשטרעבט זיך אויפצוהויבען איבער זיך אליין, אבער ער האט זיך קיינמאל נישט געהאלטען העכער ווי ער איז געווען אין דער אמת׳ן. און ער איז קיינמאל ניט געווארען ברוגז, ווען אנדערע האבען איהם פריינטליך אנגעוויזען אויף די גרעניצען פון זיין קאנען. איך האב פריהער שוין דערמאנט מיין ניט גינסטיגע רעצענזיע וועגען זיין דראמאטישען ערשטלינג. דאס איז געווען דאס ערשטע, אבער ניט דאס לעצטע מאל, ווען איך בין ארויס מיט טענה׳ס קעגען איהם, און דאס האט ניט אפגעשוואכט, נאר, פארקערט, געשטארקט און געלייטערט אונזערע חבר׳שע באציהונגען. ווען ער האט אין 1910 אנגעשריבען זיין צווייטע דראמע, „אין פייער״, האט ער מיר זי צוגעשיקט אין מאנוסקריפט. איך האב איהם געשריבען, וואס עס האט (ווי מיר האט זיך געדוכט) געפעלט אין זיין שאפען. איך האב עס אפט געטאן. ער איז שטענדיג געווען מיט מיר אפענהארציג, און ווען ער איז אין דעם אדער אין יענעם פרט ניט געווען מיט מיר צופרידען — און ער איז אפט געווען ניט צופרידען, — האט ער עס מיר געזאגט. האב איך אויך, פארשטעהט זיך, נישט באהאלטען פון איהם קיין זאך און גערעדט מיט איהם, ווי עס דארף ריידען א חבר מיט א חבר. האב איך אויך אנגעריהרט די חסרונות, ווען איך האב איהם געשריבען וועגען „אין פייער״. און אט וואס ער האט מיר געענטפערט:

„...אין דעם בריוו האט איך ערווארט צו געפינען די אונטערשטע שורה. דייטליך האב איך זי ניט געפונען, נאר זי איז יא געווען אין א ניט גאר דייטליכער פארם. איך געדענק . . . איהר האט מיר געשריבען, איך זאל זיך נעמען פאר איינפאכערע זאכען. איך וויים — איהר זייט גערעכט. דאס איז די ערגסטע פגימה מיינע — איך וויל זאגען א סך מעהר, וויפיל איך בין ביכולת צו זאגען. איהר באדארפט אבער ניט מיינען, אז אין מיין ווילען זאגען שטעקט א „בכיוון״, אן אויסגערעכענטקייט. איז דאס טאקע אזוי, וואלט איך אויפגעהערט דאס צו טאן. באנארישט זיך — און חרטה געהאט. דאס איז, אבער, ביי מיר, קענטיג, אן ארגאנישער פעלער. צוליב דעם טאקע קאן איך ניט ארבייטען, און עס האט מיר אזא צייט לגמרי ניט געלונגען מיין ארבייט. ניט איך וויל שפרינגען אריבער מיין קאפ: איך זעה אריבער מיין קאפ. זעהן זעה איך, נאר ווייזען אנדערע, זיי זאלען זעהן, ווי איך זעה, קאן איך ניט״. און אין אן אנדער בריוו האט ער געשריבען: „מיין אינערליכער איך איז

פעהיגער און אינטערעסאנטער פאר מיין אויסערליכען שרייבער אין מיר."

דאָס איז געווען דער חן — און די סתירה — פון זיין פער־זענליכקייט. דאָס האָט איהם געמאַכט באריידעוודיג — און שטום, שטאָלץ — און מילד, מוטיג — און אומבאהאָלפען.

ערשט אין די לעצטע יאָהרען, ווען ער האָט זיך צום צווייטען מאָל אומגעקערט, באלד נאָך דער מערץ־רעוואלוציע, פון סיביר, ווען ער איז געקומען צוריק א מידער און א געלייטערטער, אן אויסגעפיי־ניגטער און א רייפער, — האָט ער אָנגעהויבען צו דערנעהנטערען זיך אין זיין שרייבען צו א געוויסער האַרמאָנישקייט. אין זיין לעצ־טער איינאַקטיגער דראַמע און אין זיין לעצטער דערצעהלונג איז גע־ווען שוין יענער גלייכגעוויכט פון ווילען און קאָנען, צו וועלכען ער האָט געשטרעבט זיין גאַנצען לעבען.

דער איינאַקטער („אן אומגליק") און א פראַגמענט פון דער דערצעהלונג („ביים שאמאי") זיינען ביידע געדרוקט געוואָרען אין דער „וואָך", וועלכע מיר האָבען צוזאַמען ארויסגעגעבען און רע־דאַקטירט אין אָנהויב 1919. דאָס זיינען געווען די לעצטע חדשים פון א. ווייטער'ס לעבען, חדשים, וועלכע זיינען פול געווען מיט פיין און שרעק און גרויסע האָפענונגען. ווייטער האָט געוואוינט דאַן ביי אונז אין הויז און — בעסער נישט צו דערמאָנען זיך אָן יענעם אומענדליכען מעת־לעת, ווען די אָפּטרעטענדיגע רויט־אַרמייער און די אטאַקירענדיגע פוילישע לעגיאָנערען האָבען פארביי און דורך די פענסטער פון אונזער וואוינונג געשאָסען איינע אין די אַנדערע, — בעסער ניט צו דערמאָנען זיך אָן יענע שווידערליכע שעה'ן וועלכע האָבען זיך געענדיגט דערמיט, וואָס מיר (דער פּאָעט לייב יאָפע און איך, וועלכע זיינען אַרעסטירט און שיער ניט דערשאָסען געוואָרען) האָבען דערזעהן ווייטער'ן אויפ'ן גאַס ליגענדיג א דערשאָסענער.

# יצחק אייזיק הורוויטש.



יצחק אייזיק הורוויטש איז געבוירען גע־וואָרען אין ווילנע דעם 14טען אַפּריל, 1860. זיינע עלטערען האָבען ביידע געשטאַמט פון רבנישען יחוס אָבער זיי אַליין זיינען אין דער פריהסטער יוגענד אַוועק אויף נייע מאָדערנע וועגען. זיי זיינען געווען פריי־געזאָנען און גע־בילדעט אין שפּראַכען און וועלטליכען וויסען. זייער קינד יצחק אייזיק האָבען זיי ערצויגען אין זייער גייסט. זיי האָבען איהם געשיקט אין חדר בלויז אַנדערהאַלבען יאָהר, דערנאָך האָבען זיי איהם אַריינ־געגעבען אין רוסישע שולען. ער האָט פאַרענדיגט גימנאַזיע און געשטודירט אין פּעטערבורגער אוניווערזיטעט, פריהער אין מעדי־ציניזשען פאַקולטעט און שפּעטער אין מאַטעמאַטישען פאַקולטעט. אין אַלע זיינע לימודים האָט ער זיך אויסגעצייכענט סאַי מיט זיין תפיסה, סאַי מיט זיין זכרון, סאַי מיט זיין לאָגיק.

ווען ער איז אַלט געווען 21 יאָהר איז זיין שטודיום אונ־טערבראָכען געוואָרען דורך אַן ארעסט פאַר רעוואָלוציאָנערע טע־טיגקייט. ער איז פאַרשיקט געוואָרען אין סיביר וואו ער האָט פאַרבראַכט גענויע פינף יאָהר. ווען ער איז צוריקגעקומען איז ער אַוועק שטודירען יורידישע וויסענשאַפט. נאָכדעם ווי ער האָט פאַר־ענדיגט זיין קורס איז ער געוואָרען טעטיג אין דער אונטערערדישער סאָ־ציאַליסטישער באַוועגונג צווישען די אידישע ארבייטער פון מינסק. אין 1890 איז ער ווידער ארעסטירט געוואָרען און געשטעלט גע־וואָרען אונטער שווערע קלאַגען. ער האָט דאַן עמיגרירט קיין אַמעריקע.

דאָ האָט ער פאָרגעזעצט זיין שטודיום. ער האָט באַקומען דעם טיטעל דאָקטאָר פילאָזאָף אין קאָלאָמביע אוניווערסיטעט אויפ׳ן גרונד פון אַ ווערק וועגען דער עקאָנאָמיק פון דעם רוסישען דאָרף. אין 1893 איז ער געווען אַ לעהרער אין דעם שיקאַגאָר אוניווערסיטעט אָבער ער האָט זיך דאָרטען ניט געקענט לאַנג האַלטען צוליב זיין טעטיגקייט אין די ראַדיקאַלע באַוועגונגען צווישען די פאַרמערס. ער האָט דאַן געפּרובירט פּראַקטיצירען לאָא אין ניו יאָרק, דורך

וועלכען ער האט זיך ניט געקענט ערנעהרען. מיט א שטיקעל צייט שפעטער האט ער באקומען א רעגירונגס־שטעלע אין וואשינגטאן אלס סטאטיסטיקער און כאטש ער האט די ארבייט ניט שטארק ליב געהאט האט ער די שטעלע ניט אויפגעגעבען א צייט מיט יאהרען. אין 1913 איז ער געווען דער צענטער פון א שטורמדיגען ברודער־קאמף אין דער קלאוקמאכער יוניאן. ער האט דעם קאמף פארלארען און האט געמוזט אויפגעבען זיין פארבינדונג מיט דער ארגאניזאציע.



יצחק אייזיק הורוויטש, געב. אפריל 14, 1860, אין ווילנע. געשט. יולי 9, 1924, אין ניו יארק.

פון דאמאלסט אן ביז זיין טויט, אין 1924, האט ער זיך אפגעגעבען הויפטזעכליך מיט אידישער זשורנאליסטיק. ער איז געווען פארבונדען מיט פארשידענע אידישע טעגליכע צייטונגען און פעריאדישע זשורנאלען. ער האט אויך מיטגעארבייט אין ענגלישע צייטשריפטען און פארפאסט וויכטיגע ווערק אי אויף ענגליש אי אויף אידיש. זיין לעבען איז אבער שטענדיג געווען אן ארימער. טראץ די גרויסע רעפוטאציע וואס ער האט זיך ערווארבען אלס שרייבער און די גרויסע אנערקענונג וואס ער האט געהאט אלס קענער און ארגינעלער פארשער אין פאליטישע, עקאנאמישע און סאציאלע

וויסענשאפטען איז איהם שווער געווען צו פארדינען גענוג פאר א מעהר אדער ווייניגער באקוועמען לעבען. זיינע לעצטע יאהרען זיינען פון א מאטעריעלען שטאנדפונקט געווען זעהר שווערע.

אין דער אידישער זשורנאליסטיק האט יצחק אייזיק הורוויטש פארנומען א באזונדער ארט. ער האט ניט געהאט קיין גלייכען צו זיך בשעת ער האט געלעבט און ער האט ניט איבערגעלאזען קיין יורש זיין ליידיגען פלאץ אנצופילען. ער האט זיך אויסגעצייכענט מיט דריי זאכען: ערשטענס, מיט גרינדליכע קענטעניס אין די אלע געגענשטאנדען איבער וועלכע ער האט געשריבען; צווייטענס, מיט א זעלבסטשטענדיגקייט אין דענקען און אין באציהונג צו פראבלע־מען; דריטענס, מיט א לייכטען, בא׳חנ׳טען סטיל אין שרייבען.

יצחק אייזיק איז געווען אן איבערצייגטער מארקסיסט. אלע זיינע טעארעטישע שריפטען איבער עקאנאמישע און סאציאלע וויסענ־שאפטען זיינען באזירט אויף די פרינציפען פון מארקסיסטישען סא־ציאליזם. אבער אין פראקטישע פראגען איז ער געווען ווייט פון מארקסיסטישע ארטאדאקסי. ער האט זיך אימער גערעכענט מיט די אומשטענדען און מיט די באלדיגע מעגליכקייטען. די באציהונג זיינע צו אקטועלע פראגען האט עס אונמעגליך געמאכט פאר איהם צו פארבינדען זיך מיט אירגענד וועלכער פאליטישער פארטיי. ער האט ניט געוואלט און ניט געקענט זיין געבונדען פון טעאריעס און רע־גלען און מעטאדען וואס פארטייען מוזען שאפען אלס וועגווייזער פאר די מאסען אין זייערע רייהען. ער האט צו שטארק געגלויבט אין זיין אייגענער פעהיגקייט צו באשטימען וואס צו טאן און ווי צו האנדלען אין יעדער ניי־געשאפענער לאגע. און קיינער האט ווירק־ליך ניט געקענט פאראויס זאגען וואס יצחק אייזיק׳ס שטעלונג צו א פראגע וועט זיין. עס האט ניט זעלטען פאסירט, אז ער פארטיי־דיגט א שטרענג־ארטאדאקסישע שטעלונג ווען אלע האבען ערוואר־טעט, אז ער וועט זיין ליבעראל. קיינער האט וועגען יצחק אייזיק׳ן ניט געקענט מאכען קיין כללים. בלויז איין מענש האט געקענט דעם מעכאניזם פון יצחק אייזיק׳ס דענקען, און דאס איז געווען יצחק אייזיק אליין.

און דערפאר האט יצחק אייזיק ניט געשאפען קיין שולע. ער האט געהאט א סך פארעהרער און א סך לעזער, אבער קיינע חסידים און קיינע תלמידים. מאנכע האבען זאגאר אויף איהם געקוקט ווי אויף א שטיקעל אנארכיסט, א מענש וואס פיהלט זיך א סך בא־קוועמער מיט זיינע אייגענע, אינדיווידועלע געדאנקען און מיינונגען ווי מיט פארטיי־פארבינדונגען און פארפליכטונגען.

זיין אייגענארטיגע מעטאדע פון דענקען האט איהם אויך גע־פיהרט אויף אן אייגענארטיגען וועג אין געזעלשאפטליכען און פא־

ליטישען לעבען. כאָטש ער האָט זיך מיט קיין איין באַשטימטע באַוועגונג ניט פאַרבונדען, האָט ער געהאַט סימפּאַטיעס פאַר פאַרשידענע באַוועגונגען, וועלכע האָבען איינע די אַנדערע באַקעמפט. ער האָט אין יעדער פון די באַוועגונגען אויסגעקליבען די פּונקטען וואָס האָבען צו איהם אַפּעלירט און צוריקגעוויזען די פּונקטען וואָס זיינען איהם געווען דערווידער. ער האָט געפונען גוטעס אין אָרטאָדאָקסישען מאַרקסיזם, אין רעוויזיאָניזם, אין נאַציאָנאַליזם, אין פילאָזאָפישען אַנאַרכיזם און אַזוי ווייטער.

מאַנכע פון די ווערק וואָס ער האָט געשאַפען אויף פאַרשידענע שפּראַכען וועלען פאַרבלייבען אַ באַשטענדיגע ביישטייערונג צו דער ליטעראַטור פון דער באַטרעפענדער וויסענשאַפט. אין דעם צעטעל געהען אריין זיינע ביכער אויף רוסיש און ענגליש וועגען דעם רוסישען דאָרף, זיין ענגליש ווערק וועגען אימיגראַציע אין אַמעריקע, זיינע אידישע ווערק וועגען דער ענטוויקלונג פון דער אַמעריקאַנער דעמאָקראַטי. זיינע אָפּהאַנדלונגען וועגען סאָציאַליזם און פּאָליטישע ערשיינונגען וועלכע זיינען געווען געדרוקט אין אידישע און ענגלישע צייטשריפטען אין פאַרלויף פון צענדליגע יאָהרען וועלען אויך דינען אַלס קוואַל פון „וויסען און מיינונג" פאַר דעם צוקונפטיגען פאָרשער און היסטאָריקער.

אַלס מענש איז יצחק אייזיק געווען פּונקט אַזאַ זעלטענהייט ווי אַלס שרייבער און דענקער. ער האָט זיך אויסגעצייכענט מיט זיין באַשיידענקייט, אויפריכטיגקייט און הארציגקייט. ער האָט געהאַט אַ טאַלאַנט פאַר הומאָר אָבער ער האָט דעם טאַלאַנט קיינמאָל ניט אויסגענוצט זיינע געגנער וועה צו טאָן, זיי אויסצולאַכען, פון זיי אָפּצושפּאָטען. ער איז געווען אויסערגעוועהנליך שטאַרק און איבערצייגענד אין פּאָלעמיק. זיין שטאַרקייט איז באַשטאַנען אין זיין מערקווירדיגער לאָגיק און די קלאָרקייט פון זיין דענקען. ער האָט אָבער זיינע געגנער אימער באַהאַנדעלט מיט רעספּעקט. ער האָט קיין שרייבער ניט באַטראַכט אַלס אונטער זיין ווירדע מיט איהם צו דיסקוטירען, ווי יונג און אונבאַדייטענד יענער שרייבער איז ניט געווען. ער האָט געלייענט וואָס יעדער האָט געשריבען און גענומען יעדענס מיינונג ערנסט. ער האָט געגלויבט אין דער אויפריכטיגקייט פון אַלע זיינע קאָלעגען. ער האָט קיינעם ניט מבטל געמאַכט, קיינעם ניט איגנאָרירט. יונגע שרייבער האָבען זיך געפיהלט וואַרים אין זיין געזעלשאַפט.

# פרץ (פיטער) וויערניק*)

פרץ (פיטער) וויערניק איז געבאָרען געוואָרען אין ווילנע אין 1865. זיין פאָטער, צבי־זאב, האָט געשטאַמט פון א פאַמיליע „נאמנים" (וויערניק). ער איז געווען אַן ארומפאָהרענדיגער מגיד. די מוטער — אַ הענדלערין. געלערענט צוערשט אין חדר, דערנאָך ביי פרושים.



פרץ וויערניק, רעדאקטאָר פון ניו יאָרקער „מאָרגען זשורנאַל".

צו 13 יאָהר אוועק אויף דער לעהרע צו אַ שניצער, דאן פערטהאַל־בען יאָהר געאַרבייט אין ריגע אַלס טאָקער. אַ געוויסע צייט געלערענט

*) לעקסיקאָן פון דער אידישער ליטעראַטור, פרעסע און פילאָלאָגיע פון זלמן רייזען, ווילנער פאַרלאַג פון ב. קלעצקין.

אויך אין קאָוונע און אין סמאָרגאָן ביים עלטערן ברודער, אַ חסיד. אין 1822 איז ער געקומען קיין ביאַליסטאָק, וואו די עלטערן האָבען זיך באַזעצט, דאָרט געלערענט גמרא. אונטער דער השפּעה פון לעאָן זאָלאָטקאָף, וועלכער איז דאַן געקומען פון פּאַריז, זיך אָפּגעגעבען אויך מיט וועלטליכע לימודים, רוסיש און דייטש. אין 1885 האָט ער אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע, 4 יאָהר געפּעדעלט אין שיקאַגאָ, גע־אַרבייט ביי געהילץ, ביי אָן־און אויסלאָדען סחורות אין פּאָרט און ביי אַנדערע שווערע אַרבייטען. דאַן געוועזען אַ זעצער און אַ שריי־בער אין דעם „אידישען קוריער", געשריבען קאָרעספּאָנדענצען אין פּעטערבורגער „היום". אויף דער איינלאַדונג פון זיין לאַנדסמאַן זאָלאָטקאָף — אין ניו יאָרקער „אידישען טאָגעבלאַט" (וועגען דער וועלט אויסשטעלונג אין שיקאַגאָ), אויך אין „קרן האור". ווען דער „אידישער קוריער" איז אַריבער צו שרהזאָנ'ען, איז ווירניק געוואָרען מיטרעדאַקטאָר מיט זאָלאָטקאָפ'ן, און אַז זאָלאָטקאָף האָט געגרינדעט אַ צייטונג, „דער קול", איז ווירניק געוואָרען דער איינציגער רע־דאַקטאָר. אין 1896 איז ער אַוועק פון „קוריער" און אַנדערט־האַלבען יאָהר געאַרבייט אין אַ גלאָזוואַרג־געשעפט. אין 1898 האָט ער זיך באַזעצט אין ניו יאָרק אַלס זעצער פון „אידישען טאָגע־בלאַט" און מיטאַרבייטער פון דער ענגלישער אָפּטיילונג פון דער צייטונג. ווען זיין פריינד, י. סאַפּירשטיין, האָט געגרינדעט אין יולי, 1901, דעם „מאָרגען זשורנאַל", איז ווירניק אַריבער אין דער נייער צייטונג, וואו ער שרייבט עד היום לייט־אַרטיקלען און מאמרים און פיהרט די אָפּטיילונג „בריף־קאַסטען" (וואָס ער האָט איינגעפיהרט נאָך אין „טאָגעבלאַט"), ענטפערענדיג טאָג־טעגליך אויף די פאַר־שידענסטע פראַגען פון די לעזער. זינט 1906 אויך פּאַקטישער רע־דאַקטאָר פון דעם וואָכענבלאַט „דער אַמעריקאַנער", וואָס איז דאַן אַריבער צו סאַפּירשטיינ'ען, און נאָך סאַפּירשטיינ'ס טויט, 1914, נאָ־מינעלער רעדאַקטאָר פון „מאָרגען זשורנאַל", וואו ער גיט אויך ווע־כענטליכע איבערזיכטען איבער „אונזער פּילשפּראַכיגער ליטעראַטור". האָט אַלס רעדאַקטאָר פון „מאָרגען זשורנאַל" אין משך פון 32 יאָהר אָנגעשריבען איבער 20 טויזענט לייט־אַרטיקלען אויף אַלע טעגליכע טעמעס — פּאָליטישע, געזעלשאַפטליכע, קולטורעלע און וויסענשאַפט־ליכע, פאַרטרעטענדיג דעם שטאַנדפּונקט פון אַמעריקאַניזאַציע פון איין זייט און דער אידישער אָרטאָדאָקסיע פון דער צווייטער זייט, הגם מיט אַ געוויסער אָביעקטיוויטעט און טאָלעראַנץ אויך צו די געגנערישע ריכטונגען. האָט אויך מיטגעאַרבייט אין פאַרשידענע אידיש־ענגלישע צייטשריפטען, אין די העברעאישע „העברי" און „הפסגה", און פאַר־עפענטליכט אַרום 300 אַרטיקלען, דאָס דוב ביאָגראַפיעס פון רבנים און לומדים, אויך איבער דער אידישער ליטעראַטור און איניגע אידי־

שע שריפטשטעלער, איבער אידישע שטעט, ווי קראקא, גראָדנע, ביאַ־ליסטאָקא. אנד. אין דער העברעאישער ענציקלאָפּעדיע „אוצר ישראל" באשריבען די שטאָט ברעסלאו, אין בוך־פאָרם פּארעפענטליכט: „די אלגעמיינע געשיכטע פון די אידען" (לויט דוד קאסעל'ס אידי־שער געשיכטע אין דייטש, נ. י. 1901); „די געשיכטע פון די אידען אין אמעריקע" (ניו יאָרק, 1914, ארויס אין ענגליש, 1912); 1924 פּארעפענטליכט זי אין א נייער בעארבייטונג, דערפּי־דענדיג זי ביז אונזערע טעג, אין א רייהע המשכים אין „מאָרגען זשורנאל"; די ביאָ־גראפיעס „רב סעדיא גאון" און „דער ווילנער גאון" (פּ. ג. „אינטער־נאציאָנאלע ביבליאָטעק", נ. י. 1904). נאָך ניט ארויס אין בוך־פאָרם: „חייקל הײלפּערין" (ביאָגראפיע אין העברעאיש און ענגליש); „לעאָן מאנדעלשטאם" (קאפּיטלען אויס דער קולטור געשיכטע פון די אידען אין רוסלאנד).

זיינע פּסעוודאָנימען: אבי חצרון, אבי חמל, סנדלפון — אלע אין „אידישען טאגעבלאט". געווען א מיטגליד פון דער עקזעקו־טיווע פון „דזשאָינט", פּאָרזיצער פון דעם קאָמיטעט פון די לאנדס־מאנשאפטען.

## ב. באָטווינִיק.

# חנן י. מיניקעס.

(אַ כאַראַקטער-בילד פון אַ קאָלירפולען ווילנער טיפּ)



אַט זעה איך איהם לויפען מיט זיינע ווייכע שנעלע טריט, וואָס באַריהרען קוים דעם אַספאַלט פון איסט בראָדוויי.

אַט זאָגט ער מיר עפּעס שטיל און ווייך. איך הער קוים זיין שטימע. און דערהער איך שוין זיינע סודות׳דיגע ווערטער, ווייס איך ניט וועגען וואָס ער רעדט, ווייל ער פאַנגט אָן פון אַ מיטען. זיינען אויגען זיינען צושראָקען, דער פּנים פאַרזאָרגט, און ער שעפּטשעט:

— אז מען האָט נאָך גאָרניט געטאָן. אז די בילעטען זיינען ניט פאַרנאַנדערגעשיקט, און דעם זאָל האָט מען נאָך ניט צוגעגרייט, און עס ווייזט גאָר אויף רעגען. מען זאָל כאָטש ניט צולעגען צו דער אונטערנעמונג.

אָפּגעזאָגט דאָס, אָפּגעטרויערט, איילט ער ווידער שטיל אַוועק צווישען דעם טראָטואַר און דער ברייטער גאַס. ער מיידט אויס צו געהן אויפ׳ן מיטען טראָטואַר ווייל מענשען איילען זיך און שטויסען זיך; די וועלט איז צו וואולגאַר פאַר איהם, און ער האָט דאָך קיין צייט ניט, ווייל די בילעטען זיינען נאָך ניט צושיקט, דער זאָל איז ניט צוגעגרייט, און דאָ קען נאָך זיין אַ רעגען דוקא אין דעם אָוונט פון דער אונטערנעמונג.

וועלכע אונטערנעמונג? איך ווייס ניט וועגען וועלכער אונטערנעמונג ער האָט גערעדט. אָבער וואָס מאַכט עס אויס וועלכע?

צי איז דאָס די אונטערנעמונג פאַר די מלחמה־קרבנות אָדער פאַר פּאָגראָם־קרבנות, פאַר דעם שרייבער פאַראיין אָדער פאַר אַ קראַנקען אַקטיאָר, פאַר אַ נייעם גאַסט פון אייראָפּאַ, אָדער פאַר די אָרגאַניזירטע ארבייטער פון ארץ ישראל, פאַר אַ סאַניטאַריום פון שווינדזיכטיגע אָדער פאַר דער אידישער טעאַטער אַליאַנס, פאַר דער

סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, פאַר דער ציוניסטישער פּאַרטיי, אָדער פאַר די אידישע שולען, אָדער פאַר דעם „בונד'ס" מיסיע, פאַר גערשוני'ס מיסיע, פאַר דער באַבושקאַ'ס מיסיע, — וואָס מאַכט עס אויס פאַר וואָס, און פאַר וועמען? ס'איז אַן אונטערנעמונג אין אידישען קוואַרטאַל פאַר אַ הייליגען צוועק. וואָס מאַכט עס אויס וועלכער צוועק, פאַר וועלכער הייליגקייט, אבי ס'איז דאָ עפּעס אַ הייליגקייט, און מען דאַרף זעהן אַז די בילעטען זאָלען פאַרקויפט ווערען, אַז דער זאַל זאָל זיין צוגערייט, און מען מוז זיך זאָרגען און מען מוז דאגה'ן און אויסעסען זיך אַ שטיק האַרץ אַז עס זאָל כאָטש זיין אַ שעהנער וועטער דעם אָוונט פון דער אונטערנעמונג.

ווער זאָל זיך זאָרגען וועגען דעם אַלעם אויב ניט חנן י. מיניקעס?

חנן מיניקעס, דער דאָזיגער געבוידגענער, לייכטינקער, ליבינקער אידעלע מיט די טרויעריגע אויסגע'דאגה'טע אויגען טראָגט אָט די אַלע זאָרגען אויף זיינע שמאָלע ביינערדיגע פּלייצעס. ס'איז דאָ אַ גרויסע אידישע וועלט מיט ימים לייִדען, און מען מוז עפּעס טאָן.

אַלע כלל טוער, אַלע פיהרער, אַלע ליטעראַטען און באַריהמטהייטען זיינען דאָך פאַרנומען מיט צוגרייטען זייערע רעדעס פאַר דער אונטערנעמונג, מיט אויספּלאַנעווען וואו זיי זאָלען זיצען אַז מען זאָל זיי אַרויסזעהן, מיט אויס'חשבונ'ען וואָס פאַר שניפּסלאַך זיי זאָלען דאַן טראָגען, מיט באַזאָרגען אַז זייערע הויזען זאָלען זיין אויסגעפּרעסט.

מיניקעס אָבער דאַרף ניט צוגרייטען קיין רעדע, ווייל ער וועט ניט זיין פון די רעדנער. ער דאַרף ניט פּלאַנעווען וועגען זיין בכבוד'ען אָרט, ווייל ער וועט דאָך שטיין ביים טיר אָדער מען וועט איהם אַרומשיקען אַריינצוברענגען בענקלאַך און אַרומצולויפען נאָך די קאָנצערטיסטען. וועגען דעם סוט און שניפּסעל אויסצופּרעסען דאַרף זיך מיניקעס ניט זאָרגען. ווער האָט עס צייט אָפּצוגעבען זיך מיט אַזעלכע שטות'עריינן, ווען ס'איז דאָ אַזוי פיל אידישע לייִדען אין אַלע לענדער און פאַר אַלעם מוז מען אין ניו יאָרק מאַכען אונטערנעמונגען. און די אונטערנעמונגען מוז מען אַראַנזשירען, און קיינער וויל ניט טאָן די קליינע אַרבייטען, די שוואַרצע אַרבייטען. קיינער האָט ניט קיין צייט; אַלע זיינען פאַרנומען בייטאָג אין קיבעצאַרניע און ביינאַכט אין די טעאַטערס און אויף הוליאַנקעס.

מיניקעס האָט אָבער זיינע אייגענע אינטערעסען שוין לאַנג באַזאָרגט. די אַכצעהן אָדער צוואַנציג דאָלאַר אַ וואָך, וואָס ער פאַרדינט אַלס אַשער אין טעאַטער, זיינען אויך באַזאָרגט. מיט די פאַרדינסטען זיינע באַצאָהלט ער דעם דרוקען פאַר זיינע „מיניקעס יום־טוב בלעטער". אין טעאַטער אַלס אַשער פאַרברענגט ער ניט

קיין סך צייט. די אַטמאָספּערע דאָרטען איז ניט פאַר זיין איידעלער שטילער נשמה, ניט פאַר זיינע צאַרטע נערוועןן. פטר'ט ער אָפּ זיין אַרבייט שנעל, און לויפט און זוכט כלל־אַרבייט, אַרבייט וואָס זאָל ברענגען נוצען אַלע אידען אויף דער גאַנצער וועלט.

יע, איין זאַך איז פאַר מיניקעס'ן שלעכט. מען שרייט אויף איהם. אז מען שרייט אויף איהם, מען בייזערט זיך אויף איהם,



חנן י. מיניקעס, געב. אין ווילנע, 1867 ; געשט. מערץ 30, 1932.

ווערט ער אַ פּאַרציטערטער. ענטפערען אנטקעגען קען ער ניט. ער קען ניט שרייען און קען ניט בייזערען זיך. און ווידער, זיי זיינען דאָך געטעכט, די קאָלעגען־שרייבער און כלל־טוער. וואָרים ער אַראַנזשירט דאָך אַלעס צו יעדער אונטערנעמונג, און דאָ האָט מען פאַרפעהלט אימיצען אָפּצוגעבען כבוד געגוג. דאָ איז פאַר אימיצען ניט געבליבען גענוג צייט פאַר דער רעדע, איז טאַקע מיני־

קעס שולדיג. ער וויל זיך פארענטפערען, דער צושראקענער מיני־קעס, לאזט מען איהם ניט. מען וויל איהם ניט אויסהערען.

און פארענטפערען זיך מוז ער, ווייל ער איז יעדען שרייבער א בעל־חוב. ער איז יעדען שרייבער א בעל־חוב צוליב די יום־טוב בלעטער.

פאר דריי צעהנדליג יאהר זיינען ערשינען די „מיניקעס יום־טוב בלעטער" — מיניקעס יום־טוב אין לעבען — די יום־טוב בלעטער זיינע.

ערגעץ אויף דער גרויסער וועלט האבען אידישע לעזער זיכער זיך פארגעשטעלט, אז אין ניו יארק געפינט זיך א מעכטיגער פאר־לעגער־מאגנאט, וואס לעבט אין עושר און כבוד פון די יום־טוב'דיגע דיקע שווערע זשורנאלען, אין וועלכע עס באטייליגען זיך צענדליגע שרייבער. אבער מיניקעס אליין האט דאך נעבאך געוואוסט, אז האלב פון דער אויסגאבע מוז ער צוטיילען אומזיסט. ער פלעגט אונטערטעניג אליין צוטראגען זיינע זשורנאלען צו די באריהמטע לעזער און טיילען זיי אומזיסט. מיט די אנדערע עקזעמפליארען האט ער זיך געמוזט איינבעטען ביי די צייטונגס־פארקויפער אז זיי זאלען עס האלטען אויף זייערע סטענדס, און קיין געלד דערפאר האט ער קיינמאל ניט געזעהן.

מען רעדט דא וועגען געלד? ס'איז דאך א אידעאל, א זאמ־לונג פון אידישער ליטעראטור.

ארויסגעבען די בלעטער האט ער געמוזט, געמוזט פונקט ווי ער האט געמוזט אטעמען לופט, אום צו האבען דאס ביסעלע יום־טוב פאר זיין נשמה. דאס גליק איז געווען, וואס ער האט געהאט די שטיקעל שטעלע אלס אשער אין טעאטער, האט ער מיט דאס געהאלט באצאהלט דעם דרוקער. דעם דרוקער האט מען דאך גע־מוזט באצאהלען; ער איז דאך אן ארבייטער, א יוניאן־מאן.

די קאלעגען־שרייבער אבער האט ער ניט געקענט באצאהלען פאר זייערע אלטע, שוין לאנג ערגעץ אנדערש געדרוקטע ארטיקלען.

האט זיך דער ארימער מיניקעס געפיהלט שטענדיג אלס שול־דיגער. האט ער געמוזט דעם גאנצען לעבען ארראנזשירען פאר די קאלעגען קבלת פנים'ער, בענעפיטען, זעהן אז זיי זאלען כאטש האבען א ביסעלע כבוד, און האט אנגעבויגען זיין קאפ מיט הכנעה און זיי האבען איהם געזידעלט, געשריען, געבייזערט זיך.

וואס האט ער געקענט טאן? זיי זיינען דאך טאקע גערעכט.

אט אזוי האט אפגעהאוועט דער שטילער יום־טוב'דיגער מיני־קעס אין ניו יארק פינף און דרייסיג יאהר.

פינף און דרייסיג יאהר האט שטיל מיט ווייכע טריט, מיט א

סודות׳דיגקייט ארומגעהאַוועט דער ווילנער מאָדערנער למדן־וואָוו־ניק אין דעם רעש׳דיגען וואָכעדיגען ניו יאָרק.

די אידישע מאָראַל, די אידישע קולטור, האָט געוואַנדערט פון לאַנד צו לאַנד און געלאַנדעט אין ווילנע. די קולטורעלע אידישע ווילנע האָט ארויסגעגעבען אַ רייהע פאַרבען־רייכע אידעאַלע טיפּען, אָבער דער אָריגינעלסטער פון אַלע ווילנער נשמה׳דיגע טיפּען איז געווען חנן י. מיניקעס. ער איז געווען דער מאָדערנער למדן־וואָוניק.

מיניקעס איז געבאָרען געוואָרען אַ למדן־וואָוניק. וואָלט ער געקומען אויף דער וועלט מיט אַ פופציג יאָהר פריהער, און פאַר־בליבען אין ווילנע, וואָלט ער געווען אַ רעליגיעזער למדן־וואָוניק ארום די ווילנער בתי מדרשים. ער איז אָבער געבאָרען געוואָרען אין דעם צווייטען העלפט פון דעם פאָריגען יאָהרהונדערט (אין 1857, דאַכט זיך). ווילנע האָט דאַן געשטורעמט מיט השכלה. מיניקעס האָט זיך אויפגעהאָדעוועט אין דעם גאַנג פון דער אויפ־לעבענדער מאָדערנער אידישער צייט. אין דעם אָנפאַנג פון דער אידישער רעוואָלוציאָנערער מאַסען־באַוועגונג איז ער אַוועק אין דער גרויסער וועלט אריין, געקומען קיין ניו יאָרק אין יאָהר 1897. אין ניו יאָרק האָט ער זיך באַגעגענט מיט אַלערליי קולטור־טרעגער, מיט אידישע שרייבער און כלל־טוער פון גאָר דער וועלט, און ער האָט פיך אונטערנומען צו זיין אַ טאַטע צו אַלע אידישע נויטליידענדע. געווען איז ער אָבער אַ שמש ביי דער אידישער קולטור, אַ שמש ביי יעדער אידישער קולטורעלער שמחה, ביי יעדער אידישער לויה. געלעבט הייליג, אָנגענומען אַלעם פאַר גוט און נאָר געזוכט עולם־הבא.

דעם 30טען מערץ, 1932, איז די אידישע קולטורעלע ניו יאָרק נעגאַנגען צו חנן י. מיניקעס׳ לויה.

דאָס איז געווען דער סוף פון דעם אינטערעסאַנטסטען ווילנער טיפּ, וואָס מיר האָבען דאָ אין אַמעריקא באַגעגענט.

ס׳איז פאַרגאַנגען דער לעצטער מאָדערנער למד וואָוניק — חנן י. מיניקעס, איש ווילנע.

# משה שאַליט.*)

משה שאַליט איז געבאָרען געוואָרען אין ווילנע 22טען דעצעמבער 1885. צו 3 יאָהר איז איהם געשטאָרבען דער פאָטער. האָט געלערענט אין חדר און געענדיגט א קרוניש אידישע פאָלקס־שול. זיך באַטייליגט אין דער אידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אַלס טוער, דערהויפּט אויפ'ן קולטור־געביט, פון דער גרופּע „וואָזראָזשדעניע" און פּועלי־ציון. געוועזן אייניגע מאָל אַרעסטירט און צוליב פּאָליציייאישע רעפּרעסיעס געלעבט א פּאָר יאָהר אין קעניגסבערג. זיין ליטעראַרישע טעטיגקייט האָט שאַליט אָנגעהויבען אין 1906 מיט א מאָנאָגראַפיע אין רוסיש וועגען ביל"ו (שפּעטער אַרויס פאַרקירצט אין א אידישער איבערזעצונג) און מיט רעצענזיעס וועגען ביכער איבער דער נאַציאָנאַלער פראַגע אין מ. לעמקעס ביבליאָגראַפישען זשורנאַל „קניגא". אין דעם אייגענעם יאָהר אָנגעהויבען צו שרייבען אידיש אַלס נאָהענטער מיטאַרבייטער פון דעם ציוניסטישען וואָכענבלאַט „דאָס יודישע פאָלק", אַרויסגעגעבען פון יוסף לוריא. 1909 — מיטגעאַרבייט אין דער ווילנער „אידישער צייטונג", אַרויסגעגעבען פון פ. מאַרגאָלין. זיך אויך באַטייליגט אין א גאַנצער ריי אידישע צייטשריפטען פון רוסלאַנד, פּוילען און אַמעריקע, ווי „דאָס נייע לעבען" פון דר. ח. זשיטלאָווסקי, פון וועלכען זשורנאַל ער איז א קורצע צייט געוועזן רעדאַקטאָר בעת זיין באַזוך אין אַמעריקע (1914), „דער אידישער קעמפּער", „דאָס אידישע פאָלק", „די אידישע וועלט", „ראַזסוועט", אויך אין „הזמן", „העולם" און אַנדערע העברעאישע אויסגאַבען, וואו זיינע אַרטיקלען, איבערגעזעצטע פון אידישען כתב־יד האָבען זיך געדרוקט אין משך פון יאָהרען. ער האָט רעדאַקטירט דאָס זאַמעלבוך „פאָלק און לאַנד", געווידמעט דער פילאָסאָפיש־געזעלשאַפטליכער אויפקלערונג און דער קריטיק פון דעם ציוניזם (ווילנע, 1910), צוזאַמען מיט דוד איינהאָרן — די צייטונג „דאָס פאָלקסבלאַט" 1911, צוזאַמען מיט באָרים גאָלדבערג — דעם לוח „קדימה" (1913—1914), צוזאַמען מיט דר. צ. שאַבאַד — די „ווילנער זאַמעלביכער". בשעת דער וועלט־מלחמה האָט ער מיטגעאַרבייט אין די ווילנער צייטונגען „דער פריינד", „דאָס פאָלק" (1914—1915), „לעצטע נייעס"

*) לעקסיקאָן פון דער אידישער ליטעראַטור, פּרעסע און פילאָלאָגיע פון זלמן רייזען, ווילנער פאַרלאַג פון ב. קלעצקין.

(1916—1918), „אידישע צייטונג״ (1919), געווען אַ נאָהענטער מיט־אַרבעטער פון דער צעיר־ציוניסטישען וואָכענבלאַט „אונזער עתיד״ (1918) און אַנדערע. 1920 — אַרויסגעגעבען העפטען פאַר ליטעראַ־טור, קונסט און פובליציסטיק א״ט „לעבען״. לעצטענס איז ער אַ מיטאַרבייטער פון די „ליטעראַרישע בלעטער״, „ביכער וועלט״, „אידישע וועלט״, וואו ער האָט פאַרעפענטליכט זעהר פיל רעצענזיעס און ביב־ליאָגראַפישע אַרטיקלען. האָט אויך געשריבען א״פ מ. זלמנסאָן, „דזשו״, מ. ש., ש—ט, מ. —ז. און אַנדערע. פון זיינע קריטישע אַרטיקלען איז אין בוכפאָרם אַרויס אַ זאַמלונג א״ט „ליטעראַרישע עטיודען״ — וועגען מענדעלע, שלום־עליכם, פּרץ, בערגעלסאָן, איינ־הארן, לעוואַנדע, זשיטלאָווסקי, נתן בירנבוים. אונטער זיין רעדאַקציע איז ערשינען דאָס בוך „די עקאָנאָמישע לאַגע פון די אידען אין פּוילען און די אידישע קאָאָפּעראַציע״ און דער אילוסטרירטער געזעלשאַפטליכער לוח א״ט „פון יאָר צו יאָר״. גרייט צו אַ פנקס פון „יעקאָפּאָ״ א״ט „אויף די חורבות פון מלחמות און מהומות״. אויף דעם געזעלשאַפט־ליכען געביט האָט שאַליט אַנטוויקעלט אַ ברייטע טעטיגקייט. איז בשעת דער דייטשער אָקופּאַציע אַלס פאָרשטעהער פון „חברה מפיצי השכלה״ געווען איינער פון די גרינדער (און לאַנגיאָהריגער לערער) פון דער ערשטער אידישער אידישער שול מיט דער אידישער אונטעררי[כט] שפּראַך אין ווילנע, פאַרוואַלטער פון פאָלקס־אוניווערסיטעט און לעקטאָר פון דער אידישער ליטעראַטור, פאָרזיצער פון דער היסטאָרישער קאָמיסיע ביי חמ״ה און אַזוי ווייטער. 1918 — געווען גענעראַל סעקרעטאַר פון דעם קאָמיטעט צו אָרגאַניזירען די ערשטע אידישע דעמאָקראַטישע קהלה אין ווילנע. אַלס גענעראַל סעקרעטאַר פון הילפס־קאָמיטעט פאַר די געליטענע פון דער מלחמה („יעקאָפּאָ״) האָט ער אין משך פון 10 יאָהר צייט זינט 1918 פיל מיטגעהאָלפען דער אויפבויאונג פון דער ווילנער פּראָווינץ. האָט אויך מיטגעאַרבייט אַלס מיטגליד פון פּרע־זידיום פון „אָרט״, „אָזע״ און אַנדערע. אייניגע מאָל געווען פאָרזיצער פון ווילנער ליטעראַטען פאַראיין. די לעצטע יאָהרען פאָרזיצער פון דער ווילנער היסטאָריש־עטנאָגראַפישער געזעלשאַפט א״נ פון ש. אַנ־סקי. 1928 — פאָרזיצער פון פאַרבאַנד פון די אידישע קאָאָפּע־ראַטיווע געזעלשאַפטען אין פּוילען, פאָרזיצער פון ראַט פון דער צענ־טראַלער אידישער עמיגראַציע־געזעלשאַפט „יעאַס״ אין פּוילען, מיט־גליד פון דער עקזעקוטיווע פון „עמיגדירעקט״ אין בערלין, פון ראַט פון „היקעם״ („היאַס־יק״א — עמיגדירעקט״) אין פּאַריז א״א.

# נעמען פון ווילנער, וועלכע זיינען פאַרצייכנעט אין דעם לעקסיקאָן פון דער אידישער ליטעראַטור, פרעסע, און פילאָלאָגיע, צוזאַמענגעשטעלט פון זלמן רייזען (ווילנער פאַרלאַג פון ב. קלעצקין).

אלפס, בנציון.
אנמאן, פ., פסעוודאָנים פון פנחס (פאוועל) ראָזענטאַל.
אָרלין, מרדכי (מ. אָרלינסקי).
באַסטאָמסקי, שלמה.
בולקין, אברהם.
בורגין, הערץ (שמואל).
בענקענשטאַדט, בערטע.
ברוידעס, יצחק.
ברוידעס, ראובן־אשר.
ברוכאָוו, אהרן־מיכל.
גאָלדמאַן, נחום.
גאָרדאָן, יהודה־לייב.
גאָרדאָן, מיכל
גורלאַנד, אהרן
גינזבורג, יעקב
גרשוני, צבי־הירש (גערסאַני העברי).
דיק (אייזיק (יצחק) מאיר.
האָבער, מרדכי־יעקב.
האַראָוויץ, נתן
הורוויטש, יצחק־אייזיק הלוי.
ווייטער, א., פסעוודאָנים פון אייזיק־מאיר דעוועניששסקי.
וויינשטיין, אברהם.
ווערניק (בתיה) בערטע.
ווערניק, פרץ.
ווירשובסקי, אברהם.
זאָלאָטקאָף, לעאָן.
חאָנעס, יצחק־בער.
טריוואוש, יוסף־אליהו.
יאָנאַטאַנזאָן, יהונתן.
ידידאָוויטש, נחום־שאול.
יודין, י., פסעוודאָנים פון ישעיה אייזענשטאַדט.
כהן, יהודה־לייב.
כוואָלסאָן, דניאל.
ליאָן דאָן לעווין, אברהם (אריה־לייב).
ליבער, מיכל.
ליטוואַק, א. (חיים־יעקב העלפאַנד)
לעווינסאָן־אייזענשטאַדט, ליובאַ.
מאָטקע חב"ד.
מאָרעווסקי, אברהם (א. מנקר).
מגיד, דוד (ראובן).
מגיד, חנה (צביה).
מיללער, לואיס ע. (ל. באַנדעס).
מיניקעס, חנן־יעקב.
מרמר (מאַרמאָר), קלמן־צבי.
נאָדעל, אַרנאָ.
סטאַצקי, לייב.
עליאַשאָוו, חיים (הערמאַן).
פאָרטנאָי (יקותיאל), נח.
פלודערמאַכער, גרשון.
פעסקין, שמואל.
פין, שמואל יוסף.
פעדערמאַן, אליהו.

צונזער, אליקום.
צונזער, פרץ (אלטער).
ציאָנסאָן, נחמה.
קאהאן, אברהם.
קאָוואַרסקי, הערץ.
קאַנטאָר, יהודה־לייב.
קאָפּעלזאָן, צמח.
קאציזנאָ, אלטער (שלום).
קאצענעלענבאָגען, אוריה.
קאצענעלענבאָגען, ש. י. (רש"י).
קלעצקין, באָרים.
קראפּיווניץ (קראפּיוויניקאָוו), קלמן.
קרעטשמער, אברהם.
קרעמער (אהרן), ארקאדי.

ראוויטש, גבריאל.
ראָזענטאל, אננא.
ראפּאָפּאָרט, שארל (חנא).
ראפּעס, משה.
רחמיאל (אהרן וויינשטיין).
ריוועסמאן, מרדכי (מאקס סעמיאָ־נאָוויטש).
רייכערסאָן, צבי־הירש הכהן.
רעססער, שמואל בן אליהו.
שאבאד, צמח.
שאליט, משה.
שטראשון, שמואל.
שיינער, נתן.

## ל. פאָגעלמאַן.

# מאַרק אַנטאָקאָלסקי און איליאַ גינצבורג, צוויי באַרימטע אידישע קינסטלער פון ווילנע.



אויף א הויז אין איינער פון די הויפּט־גאַסען פון ווילנע איז אין יאָהר 1906 צו־געקלאַפּט געוואָרען א מאַרמאָר־ברעטעל מיט אַן אויפשריפט, וואס האָט אָנגעזאָגט דעם דורכ־געהער, אַז

> דאָ איז געבאָרען געוואָרען
> מאַרק אַנטאָקאָלסקי

דאָס איז געווען אין פיר יאָהר אַרום נאָכדעם, ווי דער באַרימטער אידישער סקולפּטאָר איז געשטאָרבען, נאָך א לעבען פול מיט ריי־בער קינסטלערישער שאַפונג, מיט אָפּטע ליידען און אויך מיט צופּע־ליגער, זעלטענער פרייד.

שווער איז געווען דער וועג פון דעם וועלט־באַרימטען אַנטאָ־קאָלסקי. פון אַן אָרימען אידישען אינגעל אין ווילנע האָט ער זיך דערהויבען אין רוסלאַנד ביז צו דער הויך פון דעם גרעסטען און ערשטען אידישען סקולפּטאָר, וועמעס נאָמען איז באוואוסט גע־וואָרען ווייט־ווייט איבער די גרעניצען פון איין לאַנד. ניט גרינג איז עס איהם אָנגעקומען. נאָר א מענש מיט א גרויסען טאַלאַנט און מיט א זעלטענער ענערגיע קען באַזייטיגען אַזעלכע שטערונגען ווי די, וועלכע אַנטאָקאָלסקי האָט באַגעגענט אין זיין וועג צו באַרימטקייט.

שוין די היים אַליין, וואו אַנטאָקאָלסקי האָט זיך אויפגעהאָדע־וועט, איז געווען די גרעסטע שטערונג פאַר דער ענטוויקלונג פון זיין טאַלאַנט.

אַנטאָקאָלסקי איז געבאָרען געוואָרען (אין יאָהר* 1843) ביי אַן אָרימער אידישער פאַמיליע, ביי פּראָסטע עלטערען, און ער איז ביי זיי געווען איינער פון זיבען קינדער. זיין פאָטער האָט געהאַלטען א

*) לויט אייניגע קוואַלען איז ער געבאָרען געוואָרען אין יאָהר 1842.—ל. פ.

שענק, און די איינדרוקען פון זיינע קינדער־יאָהרען האָבען, נאַטיר־ליך, ניט געקענט זיין קיין גינסטיגע פאַר זיין ענטוויקלונג. די שטענ־דיגע נויט אין דער היים, די האַרטע, אונהיימליכע אומגעבונג האָט אָנגעפילט מיט אומעט זיינע קינדער־יאָהרען און האָט זיך ווי שווערע שטיינער געלייגט אויף אַנטאָקאָלסקי'ס געמיט אויף זיין גאַנצען לעבען.



מאַרק אַנטאָקאָלסקי, געב. אָקט. 21, 1843. געשט. יולי 9, 1902

„דאָס געמאַטערטע לעבען, וואָס כ'האָב דורכגעמאַכט אין מיינע קינדער־יאהרען און אין מיין יוגענד, (שרייבט שפּעטער אַנטאָקאָלסקי אין זיינעם אַ בריף צו זיין נאָהענטען פריינד, דעם באַוואוסטען רוסישען כלל־טוער וו. סטאַסאָוו) לאָזט זיך פיהלען אויך איצטער".

זיין פאָטער איז געווען אַ בייזער איד, אַ איד אַ כעסן, און אפילו אַ גרויזאַמער מענש. ער פלעגט ניט זשאַלעווען קיין קלעפּ זיינע קינדער,

און באַזונדערס דעם קליינעם מאָטלען, וועלכער איז געווען גראָד פאַר־האַסט אין זיין משפחה.

אַנטאָקאָלסקי האָט אין די שפּעטערדיגע יאָהרען אַליין, אין עטליכע פּשוט'ע און ריהרענדע ווערטער, געשילדערט אין זיינע בריף צו סטאַ־סאָוו'ן זיין טרויעריגע קינדהייט.

„אין מיין קינדהייט", שרייבט אַנטאָקאָלסקי אין איינעם פון זיינע בריף, „האָט מיך קיינער ניט געבאַלעוועט. איך בין געווען אַ פאַר־האַסט קינד. איך פלעג דעריבער פון יעדען איינעם קריגען קלעפּ. ווער עס האָט נאָר געוואָלט האָט מיך געשלאָגען, אפילו די דינערשאַפט אין שענק; און קיין שום צערטליכקייט האָב איך פון קיינעם קיינמאָל ניט געזעהן".

אין זיינעם אַ צווייטען בריף דערמאָנט ער ווידער זיין קינדהייט מיט טרויעריגע ווערטער:

„איך געדענק ניט", זאָגט ער, „קיין שום צערטליכקייט פון אי־מיצען. איך פלעג אַלס קינד דערטראָגען די אַלטע, צוריסענע קליי־דער, וואָס אימעצער אַנדערש האָט שוין אויסגענוצט און אַראָפּגע־וואָרפען פון זיך; מען פלעגט מיך רופען מיט'ן נאָמען „באַלוואַן", „ליימענע הענט" און איין מאָל האָט מען מיך שיער ניט אָפּגעגעבען אַלס געהילף צו אַ קוימענקערער. יעדער איינער פלעגט זיך שאַפען מיט מיר".

אין זיין אויטאָביאָגראַפיע האָט אַנטאָקאָלסקי, שרייבענדיג וועגען זיין אומגליקליכער קינדהייט, מיט פאַרביטערונג באַמערקט:

„ביי אונז אין דער היים פלעג איך אַרבייטען ווי אַ פערד".

אָבער אפילו אין אָט דער פינסטערער היים האָט פונדעסטוועגען אַרויסגעשיינט אַ ליכטיגער שטראַהל; און דאָס איז געווען, אַזוי ווי ביי אַנדערע קינדער, די מוטער. מיט אַ באַזונדערער וואַרימקייט און ליבע דערמאָנט אַנטאָקאָלסקי זיין מאַמען אין זיין אויטאָביאָגראַפיע און אין זיינע בריף.

„די איינציגע", זאָגט ער, „וואָס האָט מיך ניט דערנידעריגט, איז געווען מיין מאַמע. אָבער ניט פאַר דעם אַליין האָב איך זי ליב. איך האָב זי ליב הויפּטזעכליך פאַר דאָס, וואָס זי איז געווען אַ מאַמע פאַר אַלעמען. אין אָרימקייט, אין נויט, פלעגט זי שטילערהייט, בגנבה פון דעם טאַטען, זיך טיילען מיט אָרימע לייט מיט אַלץ, וואָס זי האָט נאָר געקענט. איך פלעג ביי איהר זיין דער שליח, און כ'פלעג זעהן, אַז זי לאָזט איבער פאַר זיך אַליין זעהר ווייניג. זי איז געווען ניט קיין גע־בילדעטע, אָבער אַ מענש מיט אַ מערקווירדיגען שכל. זי איז געווען זעהר אַ פרומע, אָבער זי איז געגאַנגען מיט דער צייט און איז געווען טאָלעראַנט. זי האָט געהאַט אַ קלאָרען פאַרשטאַנד און האָט פאַרמאָגט דערנערישע פעהיגקייטען. צו איהר פלעגען קומען כאָפּען אַ שמועס גע־

בילדעטע ליט פון ווילנע און זיי פלעגען מיט פארגעניגען זיך צו־הערען צו איהרע רייד. מיך האט זי זעהר ליב געהאט".

ניט איין מאל האט אנטאקאלסקי דערמאנט זיין מוטער אין זיין אויטאביאגראפיע און אין זיינע בריף, און אלע מאל צום גוטען, אלע מאל מיט דער זעלבער ליבע און באוואונדערונג.

„זי איז 86 יאהר אלט", שרייבט ער אין א בריף צו סטאסאוו'ן,



דער הויף אין ווילנע וואו מארק אנטאקאלסקי איז געבארען געווארען.

און אלע אזא חכמה, אזא גוטע; זי איז א שפינאזא; באטש זי קען ניט לייענען, אבער זי דענקט און ארגומענטירט אויסערגעוועהנליך גוט".

און צו באווייזען איהר פילאזאפישע באציהונג צום לעבען און צום טויט, ברענגט אנטאקאלסקי פאלגענדען פאקט: זי איז ערנסט קראנק געווארען, און ער איז געקומען קיין ווילנע איהר געוואר ווערען; די שכנים האבען איהר געטרייסט, האט זי זיי אזוי געענטפערט:

„איך בין שוין ארויס פון געפאהר; מיינע פרוכט האבען זיך

שוין צובליהט, אָבער איך אַליין בין ווי אַ בוים: וואָס מעהר פרוכט ער גיט, אַלץ מעהר בויגט ער זיך צו דער ערד".

די געשטאַלט פון אַנטאָקאָלסקי'ס מוטער קומט אַרויס אין זיין באַשרייבונג אַזאַ הערליכע, אַזאַ אַנציהענדע. דאָס איז די געשטאַלט פון אַן אַמאָליגער ליידענדער אידישער פרוי, וועלכע האָט חתונה געהאַט צו פופצען יאָהר, האָט אָפּגעלעבט אַ קאַטאָרזשנעם לעבען, אַ לעבען פון נויט און צרות, האָט אויסגעהאָדעוועט מיט גרויסע שוועריגקייטען זיבען קינדער, האָט געלעבט ניט נאָר פאַר זיך אַליין, נאָר אויך פאַר לייטען, און איז ביי איהר טויטען־בעט ארומגערינגעלט געווען מיט איהרע קינדער, אייניקלאַך און אוראייניקלאַך.

„ווי קען מען ניט ליב האָבען אַזאַ פּערזאָן און אַזאַ לעבען!" — רופט אויס אַנטאָקאָלסקי אין זיינעם אַ בריף.

דערפאַר אָבער שילדערט ער זיין פאָטער גאָר מיט אַנדערע פאַרבען. די מאַמע איז געווען די גוטסקייט אַליין, די ליכטיגקייט, די פרייד און דער אידעאַליזם; דער פאָטער, פאַרקערט, איז געווען, לויט אַנטאָקאָלסקי'ס באַשרייבונג, דער קוואַל פון צרות פאַר זיין פרוי און פאַר די קינדער. דער טאַטע האָט פאַרפינסטערט איהר לעבען און דאָס לעבען פון די קינדער. אַנטאָקאָלסקי האָט דעריבער ניט ליב געהאַט זיין פאָטער, און ער דערמאָנט איהם קיין איין מאָל ניט מיט אַ גוט וואָרט. דערפאַר דערמאָנט ער אָפט די ביטערע קלעפּ, מיט וועלכע זיין טאַטע פלעגט איהם מכבד זיין. איין מאָל האָט איהם דער טאַטע געשלאָגען דערפאַר, וואָס דער אינגעל האָט אויסגעמאָלט אויפ'ן אויוועץ אַ לעבעדיג בילד פון אַ וואַסער־טרעגער מיט אַ פאַס, פון וועלכער עס שטראָמט וואַסער.

דאָס איז אַגב געווען איינע פון אַנטאָקאָלסקי'ס ערשטע פּראָבעס אין מאַלעריי.

אינטערעסאַנט אָבער, אַז אין די שפּעטערדיגע יאָהרען האָט אַנטאָקאָלסקי, קענטיג, פאַרגעבען זיין פאָטער די אַלע צרות און ליידען, וואָס יענער האָט איהם פאַרשאַפט אין דער היים, און ער האָט שפּעטער אַרויסגעוויזען צום פאָטער אַ גאַנץ וואַרימע באַציהונג. ווען ער איז שוין געוואָרען אַ באַרימטער קינסטלער, האָט ער געפאָדערט פון זיין פאָטער ער זאָל פאַרמאַכען זיין שענק און ער האָט דעם פאָטער אָנגעשטעלט אַלס פאַרוואַלטער פון זיין הויז אין ווילנע, אַ הויז, וועלכע ער האָט געקראָגען ביי דער חתונה אַלס נדן פון זיין ווייב.

קיין באַזונדערע וואַרימקייט האָט ער, דוכט זיך, ניט געדאַרפט פיהלען צום פאָטער, אָבער ער האָט שפּעטער זיך דערהויבען איבער די אַלטע חשבונות און האָט געטאָן זיין פליכט אַלס זוהן.

זיינע עלטערען האָבען זיך בכלל וועניג וואָס געקימערט וועגען דער ערציהונג פון זייערע קינדער, און האָבען גאַנץ וועניג געזאָרגט

אויך וועגן צוגרייטעט זייער מאַטלען צום לעבען און צו א וועלכער ס'איז קאַריערע. דער פאַטער האָט געקוקט אויף איהם גיכער ווי אויף א מעלקעדיגער בהמה, פון וועלכער מען קען קריגען וואָס מעהר נוצען. ער האָט דעריבער אָפּגעגעבען דעם אינגעל צו פאַרשיידענע בעל־מלאכה'ס, ניט פאַרטראַכטענדיג זיך צי די אַרבייט איז צוגעפּאַסט צום קינד צי ניט. דער אינגעל פלעגט אָדער קראַנק ווערען ביי זיין בעל־הבית אדער אַנטלויפען פון דאַרטען.

ענדליך איז ער אריינגעפאַלען אין די הענט פון א גראַוויאָר און אַט די אַרבייט איז איהם שוין געווען צום הארצען. דאָרטען פלעגט זיך שוין קענען אויסדריקען זיין סקולפּטאַרישער טאַלאַנט. ביינאַכט פלעגט ער אָפּט קנעטען פאַרשיידענע פיגורען און פלעגט אויסשניצען און אויסשניידען פאַרשיידענע סטאַטועטקעס מיט א מעסערעל אָדער פּשוט מיט א טשוואָק, און אַ סך מאָל פלעגט ער אויך מאָהלען ביל־דער און פאַרטרעטען. ניט איין מאָל פלעגט ער פאַרקויפען זיין אָנ־בייסען אָדער זיין וואַרמעס און פלעגט קויפען פאַר די געלט פּאַפּיר און בלייפעדערס צום מאָלען.

די עלטערען זיינע איז זעהר ניט געפעלען געווען זיין שטענ־דיגער מאָהלען און שניצען, און זיי פלעגען איהם פאַרפאָלגען אויף יעדען שריט. זיי האָבען אָבער ניט געקענט דערשטיקען זיין ליי־דענשאַפטליכען אינטערעס צו קונסט.

קיין איין פרעהליכען, ליכטיגען איינדרוק האָט אַנטאָקאָלסקי ניט אַרויסגעטראָגען פון זיינע קינדער־יאָהרען, אויסער דעם גוטען איינדרוק פון זיין ליבליכער מוטער. אויך דאָס דאַמאַלסטדיגע אָרעמיגע לעבען אין ווילנע האָט איהם ניט פאַרשאַפט קיין פרייד. די גאַנצע טראַ־געדיע פון דער אָרימער אידישער באַפעלקערונג אין דער אַלטער רוס־לאַנד איז דורכגעגאַנגען פאַר זיינע אויגען. עס האָט דאַמאַלסט גע־הערשט דער גרויזאַמער געזעץ וועגען כאַפּען אידען אָהן פּאַספּאָרטען, וועלכע זיינען אַנטלאָפען פון מיליטער־דינסט. די קרבנות פלעגען זיין די אָרימע אידען; די רייכערע פלעגען זיך אויסקויפען פון מיליטער־דינסט מיט געלט.

אַנטאָקאָלסקי האָט אין זיינע יונגע יאָהרען בייגעוואוינט אין ווילנע אַזאַ מין האַרצרייסענדע סצענע, ווען מען האָט אַוועקגעשיקט א מחנה אַנטלאָפענע אידען מיט'ן עטאַפּ. מיט א יאָהר צוואַנציג שפּעטער האָט ער די סצענע באַשריבען אין זיינעם א בריף צו סטאַ־סאָוו'ן. ער האָט זיך אַפילו געקליבען צו פאַראייביגען די סצענע קינסט־לעריש, אָבער ער האָט ניט באַוויזען עס דורכצופיהרען אין לעבען.

שוין אין די קינדער־יאָהרען האָט אַנטאָקאָלסקי אַרויסגעוויזען א גרויסען אינטערעס צום לערנען; ער האָט אָבער ניט געהאַט קיין מעגליכקייט צו באַקומען א סיסטעמאַטישע בילדונג, און האָט בכלל

נים באַזוכט קיין שולע. ווען ער איז אַלט געווען אַ יאָהר פופצעהן, איז ער אַליין געקומען צו איינעם אַ גיטעלסאָן, אַ שילער פון דער ווילנער ראַבינער שולע, און האָט איהם געבעטען ער זאָל איהם לער־נען. אזוי ווי אייניגע אַנדערע שילער פון יענער ראַבינער שולע האָט אויך גיטעלסאָן געלערענט דעם אָרימען בחור'ל פאַרשיידענע נעגענשטאַנדען אומזיסט; ס'איז דאַמאַלסט געווען אַ גאַנץ פאַר־שפּרייטע ערשיינונג אין ווילנע, אז די שילער זאָלען לערנען אומ־זיסט אָרימע קינדער.

אַנטאָקאָלסקי האָט זיך צוגעכאַפּט צום לערנען ווי אַ דורשטיגער און האָט ממש געשלונגען איין בוך נאָכ'ן צווייטען. ער האָט זיך אויסגעלערענט אַ פּאָר שפּראַכען און האָט דאַמאַלסט אַ סך געלערענט, אַרבייטענדיג גלייכצייטיג ביים גראַוויאַר. ער האָט זיך אויך אויס־געצייכענט אין זיין אַרבייט ביים גראַוויאַר און האָט שוין דאַמאַלסט געקענט פאַרדינען עפּעס אָן אַ זייט, פון זייטיגע באַשטעלונגען. אבער געלט האָט איהם ווייניג וואָס אינטערעסירט; ער האָט געהאַט פיל העכערע אַמביציעס ווי פאַרדינען געלט: ער האָט שוין דאַמאַלסט זיך אַרומגעטראָגען מיט אַ טרוים צו ווערען אַ באַרימטער סקולפּטאָר.

אום צו ווערען אַ סקולפּטאָר, האָט ער באַשלאָסען צו פאָהרען קיין פּעטערבורג און אָנקומען אין דער דאָרטיגער קונסט־אַקאַדעמיע. וואו אָבער נעמט מען פאַר דעם די נויטיגע מיטלען?

און דער יונגער אַנטאָקאָלסקי געהט אַרום איבער ווילנער גאַסען, אַ פאַר'חלומ'טער, אַ פאַראומערטער און צוטראָגנער, און קיינער ווייס ניט פאַרוואָס איז אַזוי פאַרטראַכט און פאַרטרוימט, פאַרוואָס איז אַזוי פאַרזאָרגט און אומעדיג אָט דער דאַרער יונגער בחור'ל מיט די שווארצע, עכט־אידישע אויגען.

געוואוסט וועגען זיינע זאָרגען האָט בלויז איין מענש, אַ ווילנער אָגראָנאָם, מיט וועמען אַנטאָקאָלסקי איז געווען שטאַרק באַפריינדעט און וועלכער האָט איהם זעהר ערמוטיגט אין זיינע פּלענער. יענער אָגראָנאָם (וועמעס נאָמען איז, ליידער, ניט באַקאַנט) האָט שטאַרק בעאיינפלוסט דעם יונגען אַנטאָקאָלסקי'ן און האָט אין איהם איבער־געלאָזען אויפ'ן גאַנצען לעבען געפיהלען פון אמת'ער פריינדשאַפט און דאַנקבאַרקייט. דאָס פיהלט מען פון אַנטאָקאָלסקי'ס בריף.

די מאַמע און אָט דער אומבאַקאַנטער, געהיימניספולער אָגראָנאָם זיינען געווען, קען מען זאָגען, די ליכטיגסטע שטראַהלען אין אַנטאָקאָלסקי'ס טרויעריגער יוגענד.

און איין גליקליכע פּאַסירונג האָט שטאַרק געהאָלפען אַנטאָקאָל־סקי'ן דורכצופיהרען זיינע פּלענער. די פרוי פון דעם דאַמאַלס־דיגען ווילנער גענעראַל־גובערנאַטאָר נאַזימאָוו האָט צופעליג דער־זעהן אַנטאָקאָלסקי'ס סטאַטועטקעס און צייכנונגען און האָט זיך

שטארק פאראינטערעסירט אין איהם. זי האט איהם מקרב געווען, און האט איהם ערמוטיגט אין זיין ארבייט, און שפעטער האט זי איהם נעגעבען אויך די נויטיגע מיטלען צו פאהרען קיין פעטער־בורג אנצוקומען אין דער קונסט־אקאדעמיע.

זי האט איהם רעקאמענדירט אין פעטערבורג צו דער באראָנעסע ראדען, וועלכע איז געווען די הויף־פרייליין פון דער גרויס־פירשטין יעלענא פאוולאָווא. אנטאקאלסקי'ס פאטער האט צוגע־שטימט זיין זוהן זאל פארלאזען די היים, און ער איז אוועקגעלאָפען קיין פעטערבורג, פול מיט פרייד און מיט גרויסע האפנונגען.

דארטען איז ער אנגעקומען אין דער קונסט־אקאדעמיע, אין יאהר 1862, אונטער'ן אויפזיכט פון דעם בארימטען סקולפטאר פראפעסאר פימענאָוו.

זיבען יאהר האט אנטאקאלסקי פארבראכט אין דער אקאדע־מיע. ווי אזוי ער האט דארטען געלעבט און געארבייט און ווי אזוי מען האט זיך בכלל געפיהרט דאמאלסט אין דער קונסט־אקאדעמיע, קען מען זעהן קלאר און בולט פון זיין לעבעדיגער, בילדליכער שילדערונג פון יענער צייט אין זיין אויטאביאגראפיע.

דעם אידישען ווילנער בחור'ל האט מען אין דער אקאדעמיע אין אנפאנג אויפגענומען מיט א געמישטען געפיהל פון פרעמד־קייט און נייגעריגקייט; עפעס האט אויסגעזעהן טשיקאווע און קאמיש פאר די קריסטליכע חברים אט דער בחור'ל מיט דעם אי־דישען אקצענט און מיט דעם פארקריפעלטען רוסישען לשון. אבער ביסלעכווייז האט מען זיך צוגעוואוינט צו איהם און מען האט דער־זעהן אין איהם די סמנים פון דעם צוקונפטיגען גרויסען קינסטלער.

פימענאָוו האט באמערקט אין זיין שילער זיין גרויסען טאלאנט און האט איהם ערמוטיגט אין זיין ארבייט; אבער אט שטארבט אוועק פימענאָוו, און דער יונגער קינסטלער האט זיך דערפיהלט אהן זיין לעהרער איינזאם און עלענד ווי א יתום.

ער האט אבער געפונען א טרייסט אין זיין ארבייט און אויך אין דער פריינדשאפט פון א פאר נאהענטע חברים. באזונדער שטארק איז ער באפריינדעט געווארען מיט א צווייטען קינסטלער, אויך פון ווילנע, מיט'ן נאמען וואולף בארעל*), וועלכער איז געווען א זוהן פון יעקב בארעל, א רייכער יאוועליר אין ווילנע. די פריינדשאפט צווישען די ביידע קינסטלער בארעל און אנטאקאלסקי האט וואס ווייטער אלץ מעהר זיך פארשטארקט, און אזוי זיינען זיי ביידע פארבליבען נאהענטע אינטימע פריינד ביז'ן טאג פון בארעל'ס טויט

*) יעפים ישורין, וועלכער איז דער רעדאקטאר פון אט דעם בוך וועגען ווילנע, איז וואולף בארעל'ס א פלימעניק.—ל. פ.

(אין יאָהר 1871). זיי האָבען זיך דורכגעשריבען אין אידיש, און די בריף זייערע שפּיגלען אָפּ ביידענס איבערגעגעבענקייט און ליבע. בארעל האָט אַ סך ארויסגעהאָלפען אנטאָקאָלסקי'ן סיי מאָראַליש, סיי פינאַנציעל.



וואולף בארעל

מאַרק אנטאָקאָלסקי'ס אויטאָגראַף אין אידיש אויף אַ בילד פון זיין קונסט ארבייט געשענקט צו זיין פריינד און חבר וואולף בארעל, וואָס לייענט זיך ווי פאָלגט: „גוטען פריינד צום אָנדענקונג הערען בארעל. מאַרק אַנטאָקאָלסקי, 24 מערץ 1868 יאָהר" (ביים זייט ווערט געגעבען וו. בארעל'ס פאָטאָגראַפיע.—רעד.)

פון די פאַרשיידענע בריף, וועלכע זיינען פאַרבליבען נאָך אנטאָקאָלסקי'ן, און אויך פון די אָפּשאַצונגען וועגען איהם פון זיינע פריינד, קען מען זעהן דעם קינסטלער'ס כאַראַקטער און איבערלעבונגען.

מיר זעהען פון דעם גאַנצען ביאָגראַפישען מאַטעריאַל, וואָס איז פאַרבליבען נאָך אַנטאָקאָלסקי'ן, ווי שטאַרק עס האָט זיך גע־

ביטען זיין כאַראַקטער אין פאַרלויף פון זיין לעבען. אין די גאַר יונגע יאָהרען זיינע, אין דער ווילנער פעריאָדע, איז ער געווען זעהר א ריהרעוודיגער, באַרעדעוודיגער בחור׳ל, וועלכער פלעגט ליב האָבען אומעטום צו זיין, אין אַלץ אַריינצומישען זיך און וועגען אַלץ אַרויסצוזאָגען א מיינונג; ער פלעגט דאַמאַלסט ליב האָבען א וויצעל טאָן זיך, מאַכען שפּאַס און בכלל זיך געפינען אין גע־זעלשאַפט.

אָבער נאָך זיין לעבען אין פעטערבורג האָט זיך זיין כאַראַקטער געענדערט אויף א מערקווירדיגען אופן: ער איז געוואָרען זעהר אַן ערנסטער, א שווייגעדיגער און אַביסעל א פאַרכמורעטער. ער פלעגט מערסטענס אָדער שווער אַרבייטען אין זיין סטודיאָ, אָדער אַרומוואַנדערען איינער אַליין ערגעץ אין א פּאַרק, אָדער אויסער שטאָט, אין א וואַלד. ער איז געוואָרען מעהר אַריינגעטאָן אין זיין אַרבייט און אין זיך אַליין. און אפילו אין געזעלשאַפט פלעגט ער אויך אָפט זיצען ווי א פרעמדער. מיט זיינע ברענענדיגע שוואַר־צע אויגען פלעגט ער שטילערהייט נאָכפאָלגען פון א ווינקעל די אַנוועזענדע, אָדער ער פלעגט זיצען א פאַרטראַכטער, א פאַרטיפטער אין זיך אַליין, עפּעס א ווייטער, אַזוי ווי גאַר פון אַן אַנדער וועלט. א דאַרער, מיט א קאָפּ געדיכטע האָר, מיט דורכדרינגענדע, טיפע בליקען האָט ער דאַמאַלסט געמאַכט א שטאַרקען איינדרוק אויף נייע מענשען. זיי האָבען גלייך געפיהלט, אַז דאָס איז ניט קיין גע־וועהנליכער מענש, נאָר א קינסטלער, א טרוימער, וועלכער איז אָדער שטאַרק פאַרליבט אָדער ליידט שטאַרק אין לעבען.

און ביידע זאַכען זיינען געווען ריכטיג. ער איז טאַקע געווען שטאַרק פאַרליבט און האָט אויך א סך געליטען. פריהער פון אַלץ האָט ער ליב געהאַט ליידענשאַפטליך זיין קונסט, און צווייטענס האָט ער ליב געהאַט מוזיק. נאָך זייענדיג אין ווילנע פלעגט ער גערן באַ־זוכען קרייזען, וואו מען זינגט, און פלעגט אַליין מיט געפיהל זינגען אידישע פאָלקס־לידער; שפּעטער, אין פעטערבורג, פלעגט ער רעג־געלמעסיג באַזוכען די אָפּערע.

און דער יונגער טעמפעראַמענטפולער קינסטלער איז אויך גע־ווען פאַרליבט אין פרויען. אין זיינע יונגע יאָהרען, נאָך זייענדיג אין ווילנע, האָט ער איבערגעלעבט זיין ערשטע שטאַרקע ליבע. ער האָט זיך דאַמאַלסט פאַרליבט אין א ווילנער מיידעל פוסמאַן, וועל־כע האָט שפּעטער חתונה געהאַט מיט אַן אַנדערען. אינטערעסאַנט ווי אַזוי אַנטאָקאָלסקי האָט אויפגענומען די נייעס, אַז זיין גע־ליבטע האָט חתונה געהאַט. אין איינעם פון זיינע בריף צו זיינעם א פריינד מאַכט ער וועגען דעם פאָלגענדע כאַראַקטעריסטישע באַ־מערקונג:

„ס'איז א רחמנות אויף איהר: זי שפרינגט פון פייער אין וואסער"...

אנטאָקאָלסקי איז זיין גאנצען לעבען פארבליבען א הייסער, שטאָלצער איד, וועמען עס האָט ניט אָנגעריהרט, ניט אָפּגעפרעמדט און ניט אסימילירט ניט די פרעמדע סביבה, ניט די וועלט-באַרימט-קייט, וועלכע ער האָט דערגרייכט אין זיינע מיטעלע יאָהרען.

אויף די קנעפּ פון זיין מונדיר זיינען געווען אויסגעקריצט צוויי אידישע אותיות „מ. א." ווען מען האָט איהם געפרעגט צו וואָס דאַרף ער אַזוי אָפּישירען זיין אידישקייט, האָט ער געענטפערט:

„איך האַלט פאַר אַ כבוד דאָס, וואָס איך בין אַ איד! איך שטאָלציר דערמיט! איך וויל, אַז אַלע זאָלען וויסען, אַז איך בין אַ איד!"

מען קען אָבער ניט זאָגען, אַז ער איז געווען באַגייסטערט פון אַלץ, וואס ער האָט געזעהן אין דעם אידישען לעבען און אין דעם אידישען כאַראַקטער. פאַרקערט, ער האָט באַמערקט אויך די חסרונות פון די אידען און האָט וועגען די חסרונות גערעדט מיט וועהטאָג און שאַרפקייט פונקט אַזוי ווי ער האָט אָפט מיט שטאָלץ און באַוואונדערונג גערעדט וועגען די מעלות פון דעם אידישען כאַראַק-טער.

„ביי אונז אידען, שרייבט, צום ביישפּיל, אַנטאָקאָלסקי אין זיינעם אַ בריף צו באַרעל'ן, איז אַלץ אַ הקדמה, אַ פאָררעדע. מען רעדט אַ סך, און מען טוט ווייניג".

די אידישע טראַגעדיע האָט געמאַטערט אַנטאָקאָלסקי'ן זיין גאַנצען לעבען. ער איז בכלל געווען לויט זיין גייסט אַ איד אויף דורך און דורך. די באַליבטסטע טיפּען און טעמעס פאַר זיינע שאַפונגען זיינען געווען אידיש; די ערשטע צייט האָט ער דורכ-אויס געשאַפען פון דעם אידישען לעבען; ער איז אגב געווען און איז פאַרבליבען ביז'ן סוף אַ רעליגיעזער איד. ער האָט, צום ביי-שפּיל, קיינמאָל ניט געאַרבייט אום שבת, און פלעגט אין אַ יום-טוב אַפילו דאַוונען. ערשט שפּעטער האָט ער זיך אַ ביסעל אָפּ-געריסען פון אידישען לעבען און זיך גענומען פאַר רוסישע און אַל-מענשליכע טעמעס. פון זיינע אידישע ווערק זיינען באַרימט זיין אַרבייט „אַ איד — אַ שניידער", פאַר וועלכע ער האָט געקראָגען אַ זילבערנעם מעדאַל, „דער וכוח וועגען תלמוד", אָדער „אַ חריף" און „אַ בקי", צוויי פאַרשידענע טיפּען תלמודיסטען, אַ אידישע „הענדלערקע", „נאַטאַן דער ווייזע", „שפּינאָזאַ" און אויך זיין באַ-רימטע און באַליבטע ווערק „אינקוויזיציע", וואָס ער האָט, ליידער, ניט באַוויזען דורכצופיהרען אין אַ פולער, פאַרגרעסערטער פאָרמע, ווי ער האָט עס געפּלאַנעוועט אין פאַרלויף פון יאָהרען.

ווי מיר זעהען, האָט אַנטאָקאָלסקי געשעפּט באַגייסטערונג פאַר זיינע שאַפונגען פון דעם אידישען קוואַל און דאָס איז באַזונדער אינטערעסאַנט, ווייל ביז איהם האָט קיין איין סקולפּטאָר אין איי־ראָפּע ניט גענומען קיין טעמעס פאַר זייערע ווערק פון דעם אי־דישען נאַציאָנאַלען לעבען.



דער אידישער פילאָזאָף שפּינאָזאַ — סקולפּטור פון מ. אַנטאָקאָלסקי.

אָבער ביי אַנטאָקאָלסקי'ן, אַזוי ווי במעט ביי יעדען רוסיש־אידישען קינסטלער, איז געווען אַ כאַראַקטעריסטישע צושפּאַלטענ־קייט אין דער נשמה; ער איז געווען אין זיין גייסט אַ איד און גלייכצייטיג אַ רוס; און אָט די צווייזייטיגקייט האָט זיך געפיהלט סיי אין זיינע שאַפונגען סיי אין זיינע איבערלעבונגען.

ער האָט דעריבער געשילדערט כמעט מיט דעם זעלבען ברען עכט־אידישע און עכט־רוסישע טיפען, און ביידע סאָרטען טיפען האָבען זיך איהם איינגעגעבען מעהר ווי זיינע ווערק אויף אַלגעמיינע, אַלמענשליכע טעמעס. זיין באַרימטע סטאַטוע „איוואַן גראָזני" דריקט אויס זיין רוסישען גייסט, פּונקט אַזוי ווי זיינע אידישע ווערק דריקען אויס זיין אידישען גייסט.

ס'איז קיין צווייפעל ניט, אַז ער איז געווען שטאַרק צוגעבונדען און איבערגעגעבען צו רוסלאַנד. דאָס פיהלט זיך אין זיין בענקשאַפט נאָך רוסלאַנד, ווען ער האָט געמוזט יאָהרענלאַנג וואוינען אין אויסלאַנד.

„מיין גאַנצע נשמה, שרייבט אַנטאָקאָלסקי אין יענער צייט צו סטאַסאָוו'ן, באַלאַנגט צו דעם לאַנד, וואו איך בין געבאָרען געוואָרען און צו וועלכער איך בין צוגעוואוינט געוואָרען".

און אין אַן אַנדער בריף רייסט זיך ביי איהם אַרויס אַ פּאַטעטישער אויסגעשריי: „איך בין זייערער, איך בין פון זיי, איך בין פאַר זיי!", האָבענדיג דאָ אין זינען סיי די רוסען, סיי די אידען.

אָבער ווען ער האָט זיך שפּעטער אָפּגעריסען פון דעם אידישען לעבען, האָט ער אויפגעהערט צו שאַפען אויף אידישע טעמעס. ער גיט פאַר דעם אַליין אַן ערקלערונג אין איינעם פון זיינע בריף:

„אום צו שילדערען, זאָגט ער, אידען אַזוי ווי איך קען זיי, מוז מען לעבען צווישען זיי; מען מוז לעבען דאָרט, וואו דאָס לעבען קאָכט און זידט; שאַפען אונטער די אויגען איז אַלץ איינס ווי פאַר אַ קינסטלער צו אַרבייטען אָהן דער נאַטור, אָהן אַ מאָדעל".

אויף וויפיל אַנטאָקאָלסקי האָט געוועהטאָגט מיט אידישע פראַגען און האָט געפיהלט אין זיך דעם אידישען לעבען, קען מען זעהן פון זיינע צוויי אינטערעסאַנטע בריף צו טורגענעוו'ען. דאָרטען דריקט ער אויס זיין וועהטאָג פאַר דעם טראַגישען גורל פון דעם פאַרפאָלגטען אידישען פאָלק.

דערביי איז אינטערעסאַנט צו הערען וואָס דער באַריהמטער רוסישער שרייבער האָט איהם אויף דעם געענטפערט:

אום איינצופיהרען אויף דער וועלט גערעכטיגקייט פאַר אידען, זאָגט טורגענעוו, דאַרף מען „דערגרייכען יענע ווייטע צייט פון פרייהייט און גערעכטיגקייט, וואָס וועט קומען ניט בלויז פאַר די אידען אַליין".

ווי ווייט די אידישע פראַגע האָט געמאַטערט אַנטאָקאָלסקי'ן קען מען אויך זעהן פון דעם, וואָס ער האָט אין די שפּעטערדיגע יאָהרען זיך פאַרנומען אפילו צו שרייבען אַ גרויסען ראָמאַן פון דעם אידישען לעבען מיט'ן נאָמען „בן־איזאַק"; ער האָט באַוויזען אָנצושריי־

בען בלויז א העלפט פון דעם ראָמאַן, און אין דער העלפט פיהלט זיך דער רייכער, וויכטיגער מאַטעריאַל, וועלכען ער האָט געזאַמעלט וועגען דעם אידישען לעבען.

פון זיינע בריף און פון זיין אויטאָביאָגראַפיע זעהט מען, אז דער סקולפּטאָר אַנטאָקאָלסקי האָט געהאַט אויך א ליטעראַרישען



מעפיסטאָפעל — אַנטאָקאָלסקי׳ס סקולפטור.

טאַלאַנט; אמת, ער האָט געשריבען רוסיש מיט גרייזען און ניט מיט אן עכט־רוסישען סטיל, אבער עס האָט זיך פונדעסטוועגען גע־פיהלט אין זיינע רוסישע בריף און אין זיין אויטאָביאָגראַפיע בילדליכ־קייט און טעמפּעראַמענט פון אַן אמת׳ן שרייבער. „זיין שפּראַך, זאָגט

ווענען איהם טורגענעוו, איז ניט קיין רוסישע, אָבער אַן אייגענאַרטיגע, און עס שמעקט פון איהר מיט אַ ריח פון באַזונדערע סאָרטען בלומען".

אין פּעטערבורג איז אַנטאָקאָלסקי'ן די ערשטען צייט אויסגעקו־מען צו לעבען אַ שווערען לעבען. ער האָט געאַרבייט ביי אַ טאָקער, און פלעגט מוזען פאַרדינען זיינע לעבענסמיטלען דורך שווערער אַר־בייט. ער פלעגט אויסאַרבייטען ביליאַרד־קייקלאַך צו עטליכע קאָ־פּיקעס אַ קייקעל. פון צייט צו צייט פלעגט איהם געלינגען צו קריגען אַ באַשטעלונג פון אַ ליימענער סטאַטועטקע פאַר עטליכע רובעל.

אָבער פון דעם יאָהר 1865 האָט זיך זיין לאַגע אַ היבש ביסעל פאַרבעסערט. ער האָט דאַמאָלסט געשאַפען זיין באַוואוסטע ווערק „דער קאַרגער", און האָט פאַר דעם געקראָגען אַ זילבערנעם מעדאַל מיט אַ סטיפּענדיע פון 29 רובעל אַ חודש.

אין יענע יאָהרען האָט ער זיך באַגעגענט און באַפריינדעט מיט אַ סך באַרימטע רוסישע פּערזענליכקייטען, מיט מאָלערס, סקולפּטאָרס, שרייבער און געזעלשאַפטליכע טוער. באַזונדער נאָהענט האָט ער זיך באַפריינדעט מיט דעם באַרימטען רוסישען מאָלער רעפּין, מיט ווע־מען ער האָט זיך צוזאַמען געלערענט און האָט געוואוינט צוזאַמען עטליכע יאָהר אויף איין דירה. צוזאַמען מיט רעפּינ'ען האָט אַנ־טאָקאָלסקי געלייענט די וויכטיגסטע ביכער. אין יענער צייט האָבען זיי ביידע דורכגעשטודירט די ווערק פון דאַרווינען, באָקל'ען, פּרו־דאָנ'ען און פון אַנדערע וויסענשאַפטסלייט.

רעפּין האָט אגב שפּעטער געמאָלען פון אַנטאָקאָלסקי'ן אַן אויס־געצייכענטען פּאָרטרעט, וואָס ווערט פאַררעכענט אלס דער בעסטער פּאָרטרעט פון אַנטאָקאָלסקי'ן.

אין יענע יאָהרען האָט אַנטאָקאָלסקי זיך געפונען אין דער בעס־טער רוסישער געזעלשאַפט; די באַרימטסטע רוסישע שרייבער, קינסט־לער און פּאָליטישע טוער פון יענער צייט זיינען געווען צווישען זיינע נאָהענטע פריינד און באַקאַנטע.

זיין גרעסטען עָרפאָלג האָט ער דאַמאָלסט דערגרייכט מיט זיין סטאַטוע „איוואַן גראָזני". אמת, ער האָט געהאַט אַ סך צרות און שטערונגען ביי זיין אַרבייט איידער ער האָט דערגרייכט זיין ערפאָלג, אָבער קיין שום שטערונג האָט ניט געקענט פאַרשטעלען פאַר איהם דעם וועג צו זיין כשר־פאַרדינטען ערפאָלג.

„וואָס מעהר מען רעגט מיך אויף, וואָס מעהר מען פיהרט מיך אַרויס פון געדולד, אַלץ בעסער וועט אַרויסקומען „איוואַן גראָזני", האָט אַנטאָקאָלסקי דאַמאָלסט באַמערקט צו זיינעם אַ פריינד. און אינ־גיכען איז געקומען דער גליקליכער מאָמענט. דער קיסר אַלעקסאַנ־דער דער צווייטער איז געקומען זעהן די סטאַטוע און האָט גלייך

געהייסען קויפען א בראָנזענע קאָפּיע פאַר דעם מוזעי „ערמיטאַזש“. מיט דעם אידישען קינסטלער האָט דאמאלסט אנגעהויבען צו קלינגען איבער גאַנץ רוסלאנד, און דער אָפּקלאַנג האָט זיך דערפיהלט אויך אין אויסלאַנד.

די גרעסטע רוסישע שרייבער און טוער, ווי צום ביישפּיל טורגענעוו, סטאַסאָוו, האָבען מיט באַגייסטערונג זיך אָפּגערופען אויף דעם ווערק.

„איך האָב זיך געלייגט שלאָפען א קבצן, און בין אויפגעשטאַנען א גביר. נעכטען בין איך געווען אינגאַנצען אומבאַקאַנט, און היינט בין איך אין דער מאָדע“, האָט געשריבען אַנטאָקאָלסקי, ווען ער איז פּלוצלונג געקרוינט געוואָרען מיט דעם גרויסען ערפאָלג.

אָבער הינטער דעם גליק האָט געשפּאַנט ווי א שאָטען דאָס אומגליק. אַנטאָקאָלסקי איז ערנסט קראַנק געוואָרען, און האָט געמוזט פאַרלאָזען רוסלאַנד, און ניט אויף א קורצער צייט, נאָר אויף גאַנצע דריי צענדליג יאָהר, פון וועלכע ער האָט אכט יאָהר אָפּגעלעבט אין איטאַליע, אין רוים, און די איבעריגע פאַר צענדליג יאָהר — אין פּאַריז.

זיין לעבען האָט זיך איבערגעבראָכען. א קראַנקער, א פאַרבענקטער נאָך זיין היימלאַנד האָט ער אָפּגעלעבט אַזוי אין דער פרעמד די וויכטיגסטע, די פרוכטבאַרסטע יאָהרען פון זיין לעבען. אמת, פאַר זיין געזונט און פאַר דער טעכניק פון זיין שאַפונג איז אויסלאַנד געווען זעהר נוצליך, אָבער גייסטיג איז דאָס לעבען אין דער פרעמד פאַר איהם געווען אַן אָפּקומעניש.

א געוויסען טרייסט האָט ער געפונען אין זיין גליקליכען פאַמיליען־לעבען. אין דעם יאָהר 1872 האָט ער געהייראַט מיט זעהר א שעהנער מיידעל, געניא אַפּאַטאָווא, א טאָכטער פון א ווילנער סוחר, און ער האָט מיט איהר אָפּגעלעבט דרייסיג יאָהר אין ליבע און פרידען. גלייך נאָך דער חתונה איז ער מיט זיין פרוי אוועקגעפאָהרען קיין רוים, וואו ער האָט באַגעגענט א סך פון זיינע פריהערדיגע חברים פון דער קינסטלערישער וועלט.

דאָ, אין רוים, האָט ער געשאַפען א היבש ביסעל ווערק. דאָ האָט ער, צום ביישפּיל, אין א פּאָר יאָהר ארום אָנגעפאַנגען זיינע באַרימטע סטאַטועס „קריסטוס“ און „סאָקראַט“, וועלכע ער האָט פאַרענדיגט ערשט מיט עטליכע יאָהר שפּעטער.

אָבער פאַרבלייבען אין רוים האָט ער ניט געוואָלט, באַזונדערס נאָך דעם, ווי ער האָט באַזוכט פּאַריז, וועלכע האָט ביי איהם אין אָנפאַנג שטאַרק אויסגענומען. אין פּאַריז האָט ער אגב געהאַט א גרויסען ערפאָלג אויף דער אַלוועלטליכער קונסט־אויסשטעלונג פון יאָהר 1878, וואו ער האָט געקראָגען די העכסטע אויסצייכנונג. דאָ

האָט ער זיך געפֿיהלט פֿיל בעסער אויך צוליב דעם, וואָס ער האָט דאָ געהאַט פֿאַר זיך אַ היבשע רוסישע קאָלאָניע, וואו ער פֿלעגט זיך טרעפֿען מיט די גרעסטע רוסישע שרייבער, קינסטלער און אַנדערע אָנגעזעהענע פּערזאָנען בכלל. דאָ, צום ביישפּיל, פֿלעגט ער זיך אָפֿט באַגעגענען מיט טורגעניעוו׳ן, באָגאָליובאָוו׳ן, באַראָן גינצבורג א. אַ. און פֿון אַלע זייטען איז ער געווען אַרומגערינגעלט מיט אָנער־קענונג און פֿאַרעהרונג.

אָבער אויך ניט ווייניג ענטוישונג האָט איבערגעלאָזט אַנטאָקאָלסקי אין יענע יאָהרען. אַ באַזונדער שווערע ענטוישונג האָט איהם גע־בראַכט רוסלאַנד, דאָס לאַנד, נאָך וועלכער ער האָט אַזוי שטאַרק געבענקט. ער האָט אין פּעטערבורג אַרויסגעשטעלט אין יאָהר 1880 זיינע אַלטע און נייע ווערק אויף אַן אויסשטעלונג אין דער קונסט־אַקאַדעמיע. זיינע ווערק האָבען געהאַט אַ גרויסען ערפֿאָלג צווישען קינסטלער און מבינים בכלל; ער האָט געקראָגען דעם טיטול פּראָ־פֿעסאָר פֿון דער קונסט־אַקאַדעמיע; אָבער די רעאַקציאָנערע רוסישע פּרעסע האָט דאַמאַלסט שאַרף אַדונטערגעריסען זיינע ווערק, און בלויז צוליב דעם אַליין, וואָס ער איז אַ איד. אַזאַ באַציהונג האָט איהם פֿאַרשאַפֿט ליידען; און אום צו פֿאַרגעסען דעם וועהטאָג האָט ער, אומקערענדיג זיך אין פּאַריז, זיך ווידער אַריינגעוואָרפֿען אין דער אַרבייט מיט לייב און לעבען.

ער האָט אַגב געמוזט אַ סך אַרבייטען, ווייל דאָס פּאַריזער לעבען האָט געפֿאָדערט גרויסע הוצאות, וועלכע אַנטאָקאָלסקי האָט געמוזט דעקען דורך פֿאַרשידענע באַשטעלונגען, וועלכע זיינען איהם געווען ניט זעהר צום האַרצען.

דאָס טומעלדיגע לעבען אין פּאַריז און אויך די פּאַריזער קונסט איז איהם שפּעטער געוואָרען איבערדריסיג: „פּאַריז, שרייבט ער, איז ניט פֿאַר מיר. געוויס, מען קען דאָ אַלץ קריגען, אָבער דאָ הערשט מעהר פֿאָרמע איידער אינהאַלט, און וויניגער פֿון אַלץ פֿיהלט זיך דאָ האַרציגע איינפֿאַכקייט". איהם האָט געמאַטערט אָט די פּאַריזער אינערליכע פּוסטקייט, די גייסטלאָזיגקייט, וואָס איז פֿאַרדעקט מיט אַ שעהנעם שלייער פֿון אַ גוטער אויסערליכער טעכניק; און איהם האָט אַלץ געצויגען צוריק אַהיים, צו דער וויטער רוסלאַנד.

אָבער זיין היימלאַנד האָט איהם אינגיכען, שוין אַ צווייטען מאָל, באַהאַנדעלט ווי אַ שטיף־קינד, און נאָך ערגער ווי צום ערש־טען מאָל. ווען ער האָט אין יאָהר 1893 ווידעראַמאָל אַרויסגע־שטעלט אין פּעטערבורג זיינע נייע ווערק, האָט די אַנטיסעמיטישע פּרעסע אויפגענומען זיין אויסשטעלונג פּשוט אויף אַ כוליגאַנישען אופן. זי האָט דעם קינסטלער געזידעלט מיט די געמיינסטע ווער־טער. זי האָט איהם, צום ביישפּיל, באַשולדיגט אין דעם, אַז ער

קריגט אויסצייכנונגען צוליב די אידישע באנקירען; זיי האבען זיך צושריען, אז ער איז א „בילינער קאריערִיסט", א „קריכער", א „גרויס-האלטער", א „זשידאוופסקער פייגלינג", א „נאכאל" א. אז. וו.

די צייט איז דאמאלסט געווען אזא רעאקציאנערע, אז מען האט אפילו ניט געוואגט עפענטליך צו פארטיידיגען דעם באליידיג-טען אידישען קינסטלער. בלויז זיין פריינד וולאדימיר סטאסאוו האט געהאט מוט ארויסצוטרעטען אפען מיט א הייסער פארטיידיגונג.

דער קראנקער אנטאקאלסקי האט מיט ענטוישונג און וועהטאג ווידער פארלאזען פעטערבורג; פאר'ן אוועקפאהר האט ער אפגע-דרוקט אין דער רוסיש-אידישער צייטונג „נאוואסטי" א כאראקטע-ריסטישען בריף, וועלכען ער פארענדיגט מיט פאלגענדע ווערטער:

„שוין פיל יאהרען לאכען אוים מענשען פון א געוויסער ריכ-טונג מיינע ווערק; זיי מאכען חוזק פון מיר און פון מיין פאלק, זיי קלערען אוים אויף מיר בלבולים און ביי יעדער געלעגענהייט באשולדיגען זיי מיר אין פארשיידענע אויסגעטראכטע מעשיות... דערביי אבער באמערקען זיי אליין ניט, אז מיט זייערע באשול-דיגונגען געגען מיר באשולדיגען זיי גלייכצייטיג זעקס קונסט-אקאדע-מיעס פון פארשיידענע לענדער, וואו איך האב דעם כבוד צו בא-לאנגען אלס מיטגליד, און אויך א דזשורי פון צוויי אינטערנאציא-נאלע אויסשטעלונגען, וועלכע האבען מיך באעהרט מיט זייערע אויס-צייכנונגען".

מיט פארביטערונג האט דער קינסטלער פארלאזען דאס לאנד, צו וועלכען איהם האט אזוי שטארק געצויגען אין פארלויף פון די יאהרען, ווען ער האט געלעבט אין דער פרעמד.

און איין צרה שלעפט די צווייטע. עס האט זיך דאמאלסט אנגעפאנגען פאר איהם א סדרה פון דורכפאלען און צרות. זיין באליבטע סטאטוע „ניט פון ד ע ר וועלט" האט זיך ביים ארוי-בערפיהרען צובראכען, און ער האט ניט געהאט קיין מעגליכקייט זי צו פאררי כטען. דאס האט איהם פארשאפט א סך הארצוועה-טאג.

די מאטעריעלע נויט האט דאמאלסט אויך אנגעהויבען צו קלא-פען ביי איהם אין טיר, און ער האט געמוזט אנפאנגען פארשיידענע אונטערנעמונגען אום צו פארבעסערען זיך די לאגע.

ערשט אין עטליכע יאהר ארום האט צו איהם ווידער א שיין געטאן די זון: ער האט געקראגען עטליכע וויכטיגע און אינטערע-סאנטע באשטעלונגען, וואס האבען געהאט א קינסטלערישע באדיי-טונג (א סטאטוע „די בארמהערציגע שוועסטער", פאר בולגאריע, סטאטועס פון אלעקסאנדער דעם צווייטען און דעם דריטען, און א מאנומענט פאר „יעקאטערינע די צווייטע", פאר ווילנע). אין יענער

צייט האָט ער געקראַגען פון דער פּאַריזער אַלוועלטליכער אויסשטע־לונג די העכסטע אויסצייכנונג פאַר זיינע ווערק, און זיין שטימונג האָט זיך נעדאַרפט דעריבער שטאַרק הויבען.

לײדער האָט איהם דאַמאַלסט זיין קראַנקהייט אָנגעהויבען צו מאַטערען אַלץ מעהר און מעהר, און זיין שטימונג איז צוליב דעם געוואָרען אַלץ געדריקטער, אַלץ טרויעריגער. ניט אומזיסט האָט ער זיך דאַמאַלסט אַרומגעטראַגען מיט דעם פּלאַן צו שאַפען אַ גאַנצע סע־ריע ווערק מיט'ן נאָמען „די אַלוועלטליכע טראַגעדיע": טראַגישע טעמעס זיינען דאַמאַלסט געווען נאָהענט צו זיין האַרצען.

וואָס וויטער אַלץ טרויעריגער און פּעסימיסטישער איז ער גע־וואָרען: „איך בין אַן איבעריגער אויף דער וועלט", האָט ער זיך באַקלאָגט פאַר זיינע פריינד. ער איז מיד געוואָרען פון לעבען.

כאַראַקטעריסטיש איז אויך דאָס, וואָס גראָד אין יענער צייט האָט ער זיך ווידער גענומען צו זיין באַליבטען ווערק „די אינקווי־זיציע", איבער וועלכער ער האָט געאַרבייט נאָך מיט אַ פערציג יאָהר צוריק, נאָך זייענדיג אין פּעטערבורג. איצט האָט ער עס געוואָלט איבערמאַכען, און מיט אַ גרויסען פאַרנעם. איהם איז עס אָבער ניט געלונגען דורכצופיהרען אין לעבען.

זיין לעצטע ווערק איז געווען ווי אַ סימבאָל און ווי אַן אָנ־זאָג פון דעם קומענדיגען סוף, פון דעם נאָהענטען טראַגישען שלום פון זיין לעבען. ער האָט פאַרענדיגט מיט אַ מערקווירדיגען ווערק, — מיט אַ גרופּע וואָס רופט זיך: „זיי האָבען שלום געמאַכט". די גרופּע שטעלט פאַר צוויי טויטע שונאים, וועלכע ליגען אַרומגע־נומען אין זייער לעצטען קאַמף צווישען זיך.

ווענען האָט ער דאָ געוואָלט פאָרשטעלען אַלס זיין לעצטען שונא: די גיפטיגע אַנטיסעמיטען, וועלכע האָבען געגען איהם שטענדיג געהעצט און פאַרקירצט זיינע יאָהרען, אָדער זיין בייזע, גרויזאַמע מאָגען־קראַנקהייט, וועלכע האָט איהם אויפגעפרעסען לע־בעדיגערהייט און האָט איהם דערפיהרט צו זיין פריהצייטיגען טויט? ווער ווייס...

אָבער „זיי האָבען שלום געמאַכט", ער, דער האַרציגער אַנטאָ־קאָלסקי, און זיין בייזער מלאך־המות, וועלכער האָט איבער איהם ענדליך געזיגט אין דעם יאָהר 1902, ווען דער גרויסער קינסטלער האָט אויסגעהויכט זיין לעצטען אָטעם, אין דער פרעמד, אין אויס־לאַנד, וויט פון זיין היימלאַנד, וואָס איז געווען צו איהם פיינדליך ווי אַ בייזע שטיף־מוטער.

אַ יאָהר פאַר'ן טויט איז אַנטאָקאָלסקי אַזוי פאַראָרימט גע־וואָרען, אַז ער האָט געמוזט אויספאַרקויפען זיינע אַלע קאָלעקציעס אויף אַן „אָקשאָן".

אגב ניט איין קינסטלער האָט געהאַט אזא טרויעריגען גורל. טורגענעוו האָט אויך איבערגעלעבט דאָס זעלבע צום סוף פון זיין לעבען. אויך ער האָט צו דער עלטער געליטען נויט אין דער פרעמד, וואו ער האָט פארענדיגט זיין לעבען.

נאָך אַנטאָקאָלסקי׳ס טויט האָט זיך אנגעפאנגען א קאמף צווי־שען צוויי שטעט פאר זיין קערפּער. סיי ווילנע, סיי פּעטערבורג האָט געוואלט האָבען דעם קבר ביי זיך. אויסגעפיהרט האָט פּע־טערבורג.

פּעטערבורג האָט אויפגענומען דעם טויטען אידישען קינסטלער מיט א גרויסען פּארנעם, מיט אַ ריזיגער, איינדרוקספולער לויה, מיט א סך רעדעס, בלומען און דעלעגאציעס. א מחנה מענשען האָט איהם באגלייט צו זיין אייביגער רוה אויף דעם אידישען בית־עולם. אזוי האָט מען איהם נאָכ׳ן טויט באלוינט פאר די אלע קריוודעס און ליידען פון זיין גאנצען לעבען.

א פארשפּעטיגטע באלוינונג פאר א באליידיגטען און פארפאָלגטען אידישען קינסטלער.

---

# איליאַ גינצבורג, דער באַרימטער סקולפּטאָר.

מיט איהם מעג ווילנע שטאָלצירען. צווישען די באַרימטע רוסישע סקולפּטאָרען פּאַרנעמט ער, איליא גינצבורג, זעהר אַן אָנגע־זעהענעם אָרט; ער איז געבאָרען געוואָרען אין ווילנע (אין יאָהר 1860) און האָט דאָרטען אויך פאַרבראַכט זיינע קינדער יאָהרען ביז א יאָהר צעהן.

צוויי גרויסע אידישע סקולפּטאָרען האָט פאַרמאָגט די אַלטע רוס־לאַנד, — דעם באַרימטען אַנטאָקאָלסקי׳ן און זיין תלמיד גינצבורג; און ביידע זיינען זיי ווילנער. איז דאָס ניט א מערקווירדיגער צופאַל?

און אַט דער צופאַל רופט ארויס נאָך מעהר אינטערעס, ווען מיר דערמאָנען זיך, אַז די אמאָליגע ווילנע איז געווען א שטאָט, וואָס האָט, דוכט זיך, געקענט וועניגער פון אַלץ וועקען און ענטוויקלען די פאַנטאזיע און דעם טאַלאַנט פון א סקולפּטאָר.

אין גאנץ ווילנע, דערצעהלט איליא גינצבורג אין זיינע עראינע־רונגען, זיינען אין יענע יאָהרען געשטאַנען בלויז די „באָלוואַנעס״ פון גראף טישקעוויטש׳עס הויז; קיין אַנדערע סטאַטועס האָט מען ניט געקענט געפינען אין דער גאַנצער שטאָט. פון וואַנען עס האָט דאָר־טען געקענט אויסוואַקסען דער אינטערעס צו סקולפּטור ביי די ביידע ווילנער קינסטלער, איז פשוט א רעטעניש.

און נאָך גרעסער ווערט די רעטעניש, ווען מען באַקענט זיך

נעהנטער מיט די אומגינסטיגע אומשטענדען, אין וועלכע איליא גינצ־בורג האט זיך געהאדעוועט אין זיינע קינדער־יאהרען. ווייניגער פון אלץ, דוכט זיך, האט געדארפט פון איהם אויסוואקסען א סקולפטאר און א קינסטלער בכלל.

זיין פאטער איז געשטארבען, ווען דער אינגעל איז אלט געווען קוים דריי יאהר. זיין גאנצע משפחה איז באשטאנען פון פרומע לייט,



איליא גינצבורג אין זיין ארבייט-צימער אין 1923.

ביי וועלכע פיגורען, סטאטועס און אנדערע אזעלכע קונסט-ווערק זיינען געווען פארעכענט פאר טרייפענע זאכען, פאר געצקעס, וועלכע מען טאר גאר אין א אידיש הויז ניט אריינלאזען.

זיין טאטע איז געווען א רב און א מחבר פון רעליגיעזע ספרים; דער זיידע איז אויך געווען אן אנגעזעהענער איד אין ווילנע, א קלוגער איד, א למדן, צו וועלכען מען פלעגט קומען פרעגען עצות און שאלות.

דעם קליינעם אליה'ן האט די מאמע זיך געקליבען צו מאכען מיט דער צייט פאר א רב. זיין עלטערער ברודער האט אויך זיך געשניטען אויף א רב, כאטש שטילערהייט האט ער גע'חלומ'ט צו קריגען העכערע בילדונג: די אפיקורסישע אידעען פון דער השכלה האבען שוין איהם אנגעשטעקט.

געהאדעוועט האט ער זיך אין ארימקייט; זיין מוטער, די אלמנה, איז געבליבען מיט א געזינד פון אכט קינדער; אויסער אליה'ן זיינען געוועזן ביי איהר נאך פיר זיהן און דריי טעכטער. אבער ניט קוקענדיג אויף דער שווערער מאטעריעלער לאגע, האט מען, ווי עס פיהרט זיך ביי אידען, אוועקגעגעבען דעם אינגעל צו א רבי'ן. דער אינגעל האט גראד ארויסגעוויזען גרויסע פעהיגקייטען, און עס האט שוין געהאלטען דערביי, אז דער אינגעל זאל זיך דערדינען צו דעם גרויסען כבוד צו לערנען אין שול צוזאמען מיט דערוואקסענע.

אבער דא האט פלוצלינג די מאמע באמערקט, אז איהר אליה מייסטרעוועט עפעס אלץ מיט א מעסערל און מיט טשוועקעס, און ווען זי האט דערזעהן ביי איהם די קליינע אויסגעשניצטע פיגורקעס, געביידעס און פארשיידענע אנדערע זאכען, איז איהר פינסטער גע־ווארען אין די אויגען: סטייטש, אנשטאט צו זיצען איבער דער גמרא פארנעמט ער זיך גאר מיט אזעלכע „נארישקייטען", מיט מאכען „געצקעס". און די מאמע האט ארויסגעווארפען אויפ'ן גאס זיינע אלע שניצערייען צוזאמען מיט זיינע אינסטרומענטען. זי האט זינט יענער צייט אנגעהויבען צו פארפאלגען דעם קינד'ס עסק'ן זיך מיט מעסערלאך און טשוועקעס. און דער קליינער סקולפטארעל האט אנ־געהויבען צו ארבייטען שטילערהייט, בגנבה, די מאמע זאל זיך ניט דערוויסען.

אבער א געוויסע ערמוטיגונג אין זיין היים האט ער יא געקראגען. זיינע שוועסטער, וועלכע האבען שוין געלייענט דייטשע ביכלאך און געהערט וועגען קונסט, האבען זייער ברודערל ערמוטיגט אין זיין ארבעט: ווער וויים, האבען זיי געטראכט, אפשר שניידט ער זיך פאר א קינסטלער.

און ערמוטיגט האט איהם אויך אן אלטער גראוויאר גריליכעס, וועמעס זוהן האט זיך געלערענט קונסט אין אן אקאדעמיע. פון איהם אגב, פון דעם גריליכעס, האט דער אינגעל צום ערשטען מאל דערהערט דעם נאמען „אנטאקאלסקי", א נאמען, וואס האט שפעטער געשפילט זעהר א גרויסע ראלע אין גינצבורג'ס לעבען. גריליכעס האט געהאט א קראם פון שטעמפלען און פון אנדערע גראוויר־זאכען, און דער אינגעל איז געווארען ביי איהם אן אפטער אריינגעהער.

אין דעם יאהר 1870, ווען גינצבורג איז אלט געוועזן צעהן יאהר,

איז פאַרגעקומען אַ וויכטיגער איבערברוך אין זיין לעבען, אַן איבער־ברוך, וואָס האָט אַ שטוים געטאָן זיין לעבען אין אַ נייער ריכטונג.

זיין מאַמע איז אוועקגעפאָהרען קיין פעטערבורג צוליב געשעפט, און גראָד דאַמאָלסט איז געקומען קיין ווילנע אַנטאָקאָלסקי. גריליכעס האָט אין זיין קראָם באַוויזען אַנטאָקאָלסקי'ן גינצבורג'ס שניצערייען, און אַנטאָקאָלסקי האָט זיך גלייך שטאַרק פאַראינטערעסירט מיט דעם טאַלאַנטפולען אינגעל.

ביידע, דער אַלטער גריליכעס און דער יונגער אַנטאָקאָלסקי, האָבען זיך גענומען צו דעם אינגעל. גריליכעס איז געווען אַן אינטערעסאַנ־טער איד מיט אַ לאַנגער ווייסער באָרד, וועגען וועלכער מען פלעגט דערצעהלען, אַז זי ציהט זיך וויט אונטער די קליידער צוליב איהר אויסערגעוועהנליכער לענג; און אַנטאָקאָלסקי איז געווען אַן עכטער טיפ פון אַ יונגען קינסטלער; אַנגעטאָן ווי אַ פראַנט, אין אַ ברייטער פעלערינע, וואָס איז געווען אַרויפגעוואָרפען אויף די פלייצעס אויף אַ נאַכלעסיגען קינסטלערישען שטייגער, מיט שעהנע הענטשקעס אויף די הענט און אין אַ ברייטער קינסטלערישער הוט. זיין ווייסער, גרויסער שטערן איז געווען אַרומגערינגעלט מיט אַ וואַלד קורטשאַווע האָר, און זיינע טיפע שוואַרצע אויגען האָבען אַרויסגעקוקט שאַרף, מיט ערנסטקייט און מיט אַ געוויסער שטרענגקייט; זיין פּנים האָט געעטעמט מיט ענערגיע און כאַראַקטער.

אויף דעם יונגען גינצבורג'ן האָט אַנטאָקאָלסקי געמאַכט אַ טיפען איינדרוק. און פלוצלינג לייגט איהם פאָר דער באַריהמטער סקולפּטאָר ער זאָל מיט איהם פאָהרען צוזאַמען קיין פעטערבורג. דער אינגעל האָט פון פרייד ניט געוואוסט וואָס צו ענטפערען. ער איז אַנטלאָפען אַהיים ווי אַן אונטערגעשאָסענער און האָט זיך דאָרטען צעוויינט פון פרייד. אויך די שוועסטער זיינען געווען צופרידען, וואָס אויב ניט זיי אַליין, וועט כאָטש זייער ברודערל געלינגען אַרויסצורייסען זיך פון ווילנע אין דער גרויסער וועלט אַריין און עפּעס דערגרייכען.

אַפילו אויף דעם עלטערען ברודער, דעם צוקינפטיגען רב, האָט אויך אַנטאָקאָלסקי'ס פאָרשלאַג געמאַכט אַ שטאַרקען איינדרוק. אַנ־טאָקאָלסקי'ס נאָמען איז שוין דאַמאָלסט געווען באַוואוסט, און וויבאַלד אַזאַ קינסטלער האָט זיך פאַראינטערעסירט אין דעם אינגעל, איז דאָך אַ סימן, אַז ס'איז עפּעס פאַראַן אין איהם.

ניט אַזוי אָבער האָט אויפגענומען די נייעס די מאַמע. זי האָט פון פעטערבורג געענטפערט, אַז זי וויל אַפילו ניט הערען פון אַזאַ זאַך: עס איז ניט גוט, זאָגט זי, פאַר אַ פרומען אידען אַפילו צו וואוינען אין דעם גוי'אישען פעטערבורג. און זי האָט פאַרבאָטען איהר אינגעל צו פאָהרען. און דאָ דאַרף שוין אַנטאָקאָלסקי אוועק־פאָהרען פון ווילנע אין דריי טעג אַרום. אַלע זיינען אין הויז פאַר־

צווייפעלט, און מעהר פון אַלעמען, נאַטירליך, דער אינגעל אַליין. ער האַלט ממש ביים צוזאַמענברעכען.

וואָס טוט מען? איז באַשלאָסען געוואָרען צו ווענדען זיך צו דעם אַלטען פרומען זיידען, וועלכער האָט גע׳שמ׳ט אין ווילנע פאַר א חכם א איד. האָט מען גענומען דעם אינגעל׳ס שניצערייען און מען איז אַוועק צום זיידען. דער זיידע, א איד פון 75 יאָהר, האָט ארומ־געקוקט מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט די ארבייט. די באָבע האָט פאַרבראָכען די הענט: „אַי, וועה צו מיר! געצקעס! ס׳איז דאָך א זינד!” דער זיידע אָבער האָט זיך געשטעלט אויף דער זייט פון זיין אייניקעל און האָט געזאָגט מען זאָל איהם יאָ לאָזען פאָהרען קיין פעטערבורג.

און אין א פּאָר טעג ארום איז דער קליינער אליה אַוועקגעפאָהרען מיט אַנטאָקאָלסקי׳ן קיין פעטערבורג. אַלע אין דער היים האָבען איהם מקנא געווען: שוין דאָס אַליין, וואָס ער אַנטלויפט פון דעם דלות אין שטוב, איז דאָך שוין אויך געווען פאַר איהם אַן אויסלייז און א גליק. איין ברודער איז שוין פריהער אַנטלאָפען פון דער היים און איז געוואָרען אין אויסלאַנד אַן ארבייטער, — א יואַוועליר.

מען קען זיך פאָרשטעלען וואָס דער אינגעל האָט איבערגעלעבט אויף זיין ערשטער רייזע קיין פעטערבורג. פון דער היימישער ווילנער סביבה איז ער איצט געפאָהרען צו דעם וויכטיגסטען צענטער פון רוסלאַנד, צו דער גרויסער שטאָדט, וואו דאָס לעבען ברויזט און קאָכט, און א פיבער פון דערוואַרטונג און פון האָפנונג האָט ארומגעכאַפּט דעם ווילנער אינגעל, וועלכען דער באַריהמטער סקולפּטאָר האָט געפיהרט צו זיין גליק.

אַנטאָקאָלסקי האָט געבראַכט דעם אינגעל אין פעטערבורג צו דער מאַמען, וועלכע איז איינגעשטאַנען ביי דעם שמש פון דער גרוי־סער שול. די מאַמע האָט זיך געהאַלטען ביי איהר באַשלוס אָפּצו־שיקען איהם צוריק אַהיים, קיין ווילנע. עס האָבען זיך איינגעשטעלט פאַר׳ן אינגעל דער רב און אַנדערע אָנגעזעהענע באַלעבאַטים און ענדליך האָט מען איהר איינגערעדט זי זאָל איבערלאָזען איהר זוהן אויף א געוויסע צייט ביי אַנטאָקאָלסקי׳ן אויף פּראָבע.

אַזוי האָט זיך אָנגעהויבען דאָס נייע לעבען פון דעם ווילנער אינגעל אין פעטערבורג. די גרויסע רוסישע שטאָדט האָט געמאַכט א שטאַרקען איינדרוק אויף דעם פּראָווינציעלען אינגעל. די גרויסע סטאַטועס, די געבייידעס מיט די גרויסע שילדען, די בריקען, ווי אויך די ברייטע, לאַנגע גאַסען האָבען איהם באַצויבערט. ער האָט קיינמאָל אין זיין לעבען ניט געזעהן אַזאַ ברייטען פאַרנעם, אַזאַ רחבות.

אמת, אין פעטערבורג איז איהם אויסגעקומען די ערשטע צייט איבערצולעבען א סך שווערע מאָמענטען. די קינדער אין גאַס פלעגען

זיך מיט איהם רייצען און אויסלאַכען איהם פאַר זיינע לאַנגע האָר, פאַר זיין לאַנגער קאַפּאָטע און פאַר זיין עכט־אידישען אויסזעהן בכלל. אָבער דאָס איז געווען בלויז אַ קליינינקייט, אַ נאַרישקייט אין פאַר־גלייך מיט די נייע אַנגענעמע איינדרוקען, וועלכע ער האָט באַקומען אין דעם נייעם פּלאַץ.

ביי אַנטאָקאָלסקי'ן האָט ער געפּרואווט פון ליים קאָפּירען די אַרבייט פון זיין גרויסען לעהרער. אַנטאָקאָלסקי האָט דאַמאָלסט גראָד געאַרבייט איבער זיין בארימטען ווערק „איוואַן גראָזני", און דער קליינער תלמיד האָט זיך גענומען קאָפּירען דאָס ווערק. אַנטאָקאָלסקי האָט שטאַרק געלויבט זיין אַרבייט, און ער האָט איהם אוועקגעפיהרט צו דעם באַוואוסטען אידישען פילאַנטראָפּ און כלל־טוער באַראָן גינצ־בורג, וועלכער האָט גלייך באַשטימט אַ סטיפּענדיע, אַ רעגעלמעסיגע שטיצע פאַר דעם יונגען קינסטלער.

ווען גינצבורג'ס מוטער האָט דערהערט וועגען דער סטיפּענדיע, וואָס באַראָן גינצבורג האָט באַשטימט פאַר איהר זוהן, האָט זי זיך צואויינט פון האַרצוועהטאָג: „מיינער אַ זוהן זאָל גאָר דאַרפען אָנ־קומען צו צדקה", האָט זי גע'טענה'ט מיט פאַרדרוס. פאַר'ן אוועק־פאָהר פון פּעטערבורג האָט די מאַמע געבעטען אַנטאָקאָלסקי'ן ער זאָל זעהן אַכטונג געבען אויפ'ן אינגעל ער זאָל דאַווענען און לערנען גמרא.

אַזוי איז דער אינגעל געבליבען ביי אַנטאָקאָלסקי'ן אין דירה, און האָט געגעסען ביי אַ שכן, אַ אידישען שניידער סאַגאַלאָוו.

ביי אַנטאָקאָלסקי'ן און דורך איהם האָט זיך גינצבורג באַקענט מיט די גרעסטע רוסישע קינסטלער און כלל־טוער פון יענער צייט. ער האָט זיך געטראָפען מיט רעפּינ'ען, טורגעניעוו'ן, סעראָוו'ן, סאַוויצקי'ן, סטאַסאָוו'ן און אַנדערע אַזעלכע באַרימטע פּערזענליכקייטען פון דער ליטעראַרישער און קינסטלערישער וועלט. סאַוויצקי'ס פרוי האָט זיך גענומען לערנען איהם רוסיש.

אין אָט די ליטעראַרישע און קינסטלערישע קרייזען האָט גינצ־בורג פאַרבראַכט דערנאָך צענדליגער יאָהרען פון זיין לעבען. ער איז געשטאַנען נאָהענט צו די וויכטיגסטע רוסישע כלל־טוער און קינסט־לער, וועלכע זיינען געווען באַרימט איבער'ן גאַנצען לאַנד און אויך אין אויסלאַנד. דאָ, ביי אַנטאָקאָלסקי'ן, האָט ער זיך געטראָפען מיט קינסטלער פון אַלע עקען לאַנד, פון אַלערליי פעלקער. דאָ פלעגט ער זיך באַגעגענען מיט דעם באַרימטען אוקראַאינישען מאַלער רעפּין, מיט דעם פּוילישען קינסטלער סעמיראַדסקי, מיט דעם רוס מאַקסימאָוו און מיט אַנדערע אַזעלכע באַרימטקייטען.

אָבער גלייכצייטיג האָט ער אַליין זיך ענטוויקעלט אין אַ וויכ־

טיגע קינסטלערישע קראַפט און איז ביסלאַכווייז אויסגעוואַקסען אין אַ באַרימטען סקולפּטאָר.

גינצבורג'ס עראינערונגען גיבען איבער מערקווירדיגע איינצעל־הייטען וועגען די אַלע גרויסע פּערזענליכקייטען, מיט וועלכע איהם איז אויסגעקומען צו טרעפען זיך.

ער דערצעהלט, צום ביישפּיל, וועגען דעם גרויסען ערפאָלג, וואָס אַנטאָקאָלסקי'ס „איוואַן גראָזני" האָט געהאַט אין רוסלאַנד. דער קיסר אַלעקסאַנדער דער צווייטער איז אַליין ארויף אין אַנטאָקאָלסקי'ס סטודיאָ אויף דעם פּערטען שטאָק אָנצוקוקען דאָס ווערק און ער האָט גלייך געהייסען אָפּצוקויפען עס פאַר דעם מוזעאום; אַנטאָקאָלסקי האָט דאמאָלסט געקראָגען דעם טיטול „אַקאַדעמיקער".

גינצבורג'ן האָט אַנטאָקאָלסקי ליב געהאַט ווי אַן אייגען קינד. אָפיציעל איז גינצבורג געווען פאררעכענט פאַר אַנטאָקאָלסקי'ס תלמיד, אָבער פּאַקטיש האָט ער געאַרבייט ביי אַ סך קינסטלער אין דער אַקאַדעמיע; מען האָט איהם אַלע דאָרטען גערופען „דער קליינער עליאָס".

אין זיינע עראינערונגען דערצעהלט גינצבורג אויך אַן אינטערע־סאַנטען פאַל מיט דעם באַרימטען מאָלער רעפּין. רעפּין האָט זיך געקליבען חתונה האָבען. אַ שטונדע פאַר דער חתונה, אָנגעטאָן אין אַ פראַק און ווייסע הענטשקעס, איז רעפּין געשטאַנען און געמאָלען אַ בילד; ער האָט שוין געדאַרפט געהן אין קלויסטער צו דער חתונה, און ער איז אַלץ געשטאַנען און געמאָלען. ווען ס'איז שוין גע־וואָרען שפּעט און ער האָט געמוזט וואַרפען די אַרבייט, האָט רעפּין מיט פאַרדרוס ארויסגערעדט: „איך מוז געהן צו דער חתונה; שאַדע, אין איין שטונדע צייט וואָלט איך דאָך געקענט פאַרענדיגען די אַרבייט".

די אַלע קינסטלער, דערצעהלט גינצבורג, זיינען געווען מערק־ווירדיגע אַרבייטער, וועלכע זיינען געווען איבערגעגעבען צו זייער קונסט מיט לייב און לעבען.

ווען אַנטאָקאָלסקי איז קראַנק געוואָרען, האָט ער באַשלאָסען צו פאָהרען קיין איטאַליע, אָבער איבערלאָזען גינצבורג'ן אַליין האָט ער ניט געוואָלט. האָט ער גענומען דעם אינגעל מיט זיך אויף זיין רייזע. דאָרטען, אין איטאַליע, האָט דער יונגער קינסטלער ארייג־געזאַפּט אין זיך אַ סך נייע איינדרוקען, וועלכע האָבען באאיינפלוסט זיין קינסטלערישע פאַנטאַזיע.

אויפ'ן וועג צוריק קיין פּעטערבורג האָט זיך גינצבורג אָפּגע־שטעלט אין ווילנע, און זיינע עראינערונגען פון יענעם באַזוך אין ווילנע זיינען זעהר ריהרענד. זיין היים איז צופאַלען געוואָרען. זיין גאַנצע משפחה איז צווייהט און צושפּרייט געוואָרען. דער זיידע

איז פאַר דער צייט געשטאָרבען. די מוטער און שוועסטער זיינען אַרויסגעפאָהרען פון ווילנע, און ס'איז געוואָרען אַ תּל פון דער גינצבורג־משפּחה אין ווילנע.

ער גיט אָבער איבער אַ ריהרענדען בילד פון דעם זיידענס טויט, וואָס די באָבע האָט פאַר איהם געשילדערט.

אין איין פריהמאָרגען האָט דער זיידע פּלוצלינג ערקלערט, אַז היינט שטאַרבט ער. ער האָט אָנגעטאָן פרישע וועש, האָט געהייסען אָנצינדען ליכט און האָט זיך אָוועקגעלעגט אין בעט וואַרטען אויף דעם מלאך־המות. ער האָט צונויפגערופען צום בעט די קינדער און אייניקלאך און האָט זיי געבענשט. די באָבע האָט אויפגעראַמט די שטוב אַזוי ווי ערב יום־כּפּור, און אין דעם זעלבען טאָג האָט דער זיידע אויסגעהויכט זיין לעצטען אָטעם.

די באָבע האָט אַ לאַנגע צייט נאָך דעם זיידענס טויט געגרייט צום טיש פאַר צוויי'ען, פאַר זיך און פאַר דעם פאַרשטאָרבענעם מאַן; זי איז געווען צוגעוואוינט דערצו פאַר די לעצטע 60 יאָהר, וועלכע זיי האָבען געלעבט צוזאַמען, און איצט האָט זי זיך ניט געקענט אָפּגעוואוינען דערפון.

אַ טרויעריגער האָט דער דרייצעהן־יאָהריגער אינגעל זיך צוריקגעקערט קיין פּעטערבורג פון זיין אַלטער היים. אין פּעטערבורג האָט ער ווידער מיט דער גאַנצער ענערגיע זיך אַריינגעוואָרפען אין דער אַרבייט און אין לערנען די רוסישע שפּראַך.

פאַר איהם האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ ניי לעבען, פול מיט קינסטלערישער שאַפונג, וואָס האָט איהם אינגאַנצען איינגעשלונגען.

צו אַכצעהן יאָהר האָט ער פאַרענדיגט אַ רעאַל־שולע און איז אָנגעקומען אין דער קונסט־אַקאַדעמיע, וועלכע ער האָט אויך פאַרענדיגט אין אַכט יאָהר אַרום. אין דער אַקאַדעמיע האָט ער פאַר זיין אַרבייט געקראָגען צוויי זילבערנע מעדאַלען, און שפּעטער אויך אַ גאָלדענעם מעדאַל פאַר זיין אַרבייט „ירמיה'ס געוויין".

ער איז אַרויס פון דער אַקאַדעמיע מיט דעם טיטול „קינסטלער פון ערשטען גראַד". דערמיט אָבער האָט זיך זיין בילדונג ניט פאַרענדיגט. באַראָן גינצבורג, וועלכער האָט פון אָנפאַנג אָן אַרויסגעוויזען אַ נאָהענטען אינטערעס אין דעם קינסטלער, האָט איהם אָוועקגעשיקט אויף זיין חשבון קיין אויסלאַנד אויף אַ יאָהר צייט צו פאַרפאָלקאָמען זיין שטודיום. ווען ער איז געקומען פון זיין רייזע צוריק קיין פּעטערבורג, האָט ער זיך פאַרנומען מיט אַ רייהע נייע וויכטיגע שאַפונגען.

צענדלינגער פאַרשיידענאַרטיגע אינדיווידועלע סטאַטועטקעס און גרופּען־סצענעס זיינען געשילדערט געוואָרען פון גינצבורג'ן אין יענער צייט. די גרעסטע פּערזענליכקייטען פון יענער צייט זיינען פאַר־

אייביגט געוואָרען פון דעם קינסטלער. א גאַנצע גאַלעריע באַרימטע געלעהרטע, קינסטלער, שרייבער, מוזיקער, כלל־טוער, אַקטיאָרען און פּאָליטישע טוער איז אויסגעקריצט געוואָרען פון גינצבורג׳ס טאַלאַנט־פולער האַנט. ווי לעבעדיגע שטעהען אויף פאַר אונז אין גינצבורג׳ס גאַלעריע טאָלסטאָי, טשאַיקאָווסקי, רעפּין, רובינשטיין, רימסקי־קאָר־סאַקאָוו, מענדעלעיעוו, שאַליאַפּין, אַנטאָקאָלסקי, מיליוקאָוו, ווערע־



איליאַ גינצבורג׳ס סקולפּטור „פעווראַל 1917".

שטשאַגין, סטאַסאָוו און אַנדערע אַזעלכע באַרימטע פיגורען פון דעם רוסישען לעבען.

א באַזונדער שטאַרקען איינדרוק מאַכט גינצבורג׳ס מצבה אויף אַנטאָקאָלסקי׳ס קבר אויף דעם פּעטערבורגער אידישען בית־עולם. די מצבה שטעלט פאָר בלויז דעם קאָפּ פון דעם פאַרשטאָרבענעם קינסט־לער. עס עטעמט מיט אידישען גייסט און מיט קינסטלערישקייט פון

אנטאקאלסקי׳ס קאפּ אויף דער מצבה. די מצבה באלאנגט צו גינצ־בורג׳ס בעסטע שאפונגען.

מיט א באזונדערער ליבע האט גינצבורג זיך באצויגען צו קינ־דער, און קינדער פארנעמען א גרויסען פלאץ צווישען זיינע ווערק. טיפען פון קינדער און סצענקעס פון קינדער־לעבען זיינען ביי איהם אין די צעהנדליגער; און די מערסטע פון זיי זיינען פול מיט הומאר און קינדערשען חן.

אט שטעהט פאר אונז א פיגורקע פון א אינגעל, וועלכער שפילט מוזיק אויף א סטרונע, וואס ער האלט אין מויל. דאס איז מסתמא א צוקינפטיגער מוזיקאנט. און אט קלייבט זיך א אינגעל אריינצו־געהן אין וואסער ביים באדען זיך. זיין גאנצער קערפּערל דריקט אוים וואקעלדיגקייט און צופרידענהייט. און אט איז א סצענקע ווי אזוי א מוטער נעמט ארוים א שפּלינטער פון פינגער ביי איהר קינד. ביים קינד זיינען אלע פינגערלאך פון דער האנט צושפּרייט פונקט אזוי ווי אין יעדען פינגערל, ניט אין איינעם, וואלט געווען געזעסען א שפּלינטער.

און אט זיינען א פאר אנדערע קאמישע סצענקעס פון קינדער־לעבען: א סצענקע אין א באד ווי צוויי קינדער גיסען אפּ איינער דעם צווייטען מיט וואסער; א סצענקע אין א שולע ווי איין אינגעל זאגט אונטער א צווייטען הינטער דער פּלייצע דעם ענטפער אויף דעם לעהרער׳ס פראגע; א סצענקע, ווי א מאמע דערצעהלט איהר קינד א מעשה׳לע; א סצענקע, ווי א קליין קינד שרעקט איבער זיין מאמען: „א וואלף געהט!״; א סצענקע, ווי א דאקטאר הערט אוים דאס הארץ ביי א קינד, און א סך אנדערע אזעלכע כאראקטעריסטישע בילדלאך פון קינדער־לעבען. א טיפע ווארימקייט, א ריהרענדע צארט־קייט פיהלט זיך אין די אלע גינצבורג׳ס שאפונגען.

די מערסטע ווערק זיינע געפינען זיך אין פארשיידענע מוזעאומס אין רוסלאנד און אויך אין אנדערע לענדער. גינצבורג איז אנער־קענט ניט נאר אין רוסלאנד, נאר אויך אויף דער גאנצער וועלט. זיינע ווערק זיינען געוויזען געווארען אויף פארשיידענע אויסשטע־לונגען אין פראנקרייך, אין בעלגיע, אין אמעריקע און אין אנדערע לענדער, און ער האט פאר זיי געקראגען ניט איין גאלדענעם און זיל־בערנעם מעדאל.

גינצבורג איז אין פארלויף פון זיין לעבען געווען זעהר א פרוכט־בארער קינסטלער: זיינע ווערק דערגרייכען א גרויסע צאהל; זיין גאלעריע פון פארשיידענע פערזאנען באשטעהט אמוועניגסטענס פון פיר־פינף צענדליג פיגורען; און די סצענעס און גרופען פון דער קינדער־וועלט זיינען ביי איהם אויך פאראן אין די צענדליגער.

גינצבורג ווערט פאררעכענט פאר א רעאליסטישען קינסטלער;

ער האָט באַארבייט טעמעס הויפּטזעכליך פון דעם רעאַלען לעבען; אָבער עס פעהלען ביי איהם אויך ניט קיין ראָמאַנטישע און אַפילו סימבאָלישע טעמעס. מען קען, צום ביישפּיל, ניט פאררעכענען זיין דאָן־קיכאָט פאר אַן עכט־רעאַליסטישער שאַפונג; און מען קען אויך זיינע פארשיידענע רעאַליסטישע סטאַטועס ניט האַלטען בלויז פאר קאָפּיעס פון דער רעאַלער ווירקליכקייט: זיי זיינען אָפט די פאר־קערפּערונג, דער סימבאָל פון געוויסע אידעען.

גינצבורג׳ס פּערזענליכקייט האָט שטענדיג געאָטעמט מיט אידעאַ־ליזם, מיט גייסטיגען אינהאַלט און גוטמוטיגקייט.

מיר איז אויסגעקומען אַ פּאָר מאָל צו באַזוכען גינצבורג׳ס סטודיאָ אין דער פּעטערבורגער קונסט־אַקאַדעמיע, און יעדען מאָל האָט ער געמאַכט אויף מיר דעם איינדרוק פון אַן עכטען קינסטלער, וועלכער לעבט בלויז מיט גייסטיגע אינטערעסען, מיט אינטערעסען פון דער קונסט. זיין דאַרע, ניט קיין הויכע פיגור האָט אויסגעזעהן אַזוי ניט ערדיש, אַזוי גייסטיג צווישען זיינע צענדליגער גרויסע פיגורען פון בראָנז, ליים און גיפּס, צווישען וועלכע ער האָט געאַרבייט. מיט זיין כאַראַקטעריסטישען אידישען פּנים, מיט די אידישע אויגען זיינע האָט ער געמאַכט אויף מיר דעם איינדרוק פון אַן עכט־אידישען אינ־טעליגענט, פון אַ למדן, אָדער אפילו פון אַ תלמיד־חכם.

איך האָב ארומגעשפּאַצירט פארביי די אַלע סטאַטועס, און יעדען מאָל האָט מיך פארפאָלגט דער זעלבער געדאַנק: אָט דער איד פון געטאָ האָט עס געשאַפען די אַלע גרויסע קונסט־ווערק, און זיי, די רוסען, האָבען איהם פאררעכענט פאר זייער באַרימטען רוסישען סקולפּטאָר, פאר דעם אויסדרוק פון זייער רוסישען „געני״.

דער ווילנער איד, דער זוהן פון אַ רב און דער אייניקעל פון אַ ווילנער למדן און שטאָדט־חכם, האָט דערהויבען די רוסישע קונסט אַזוי, אַז ביז דעם היינטיגען טאָג שטאָלצירט מיט איהם ניט נאָר די אידישע ווילנע אַליין, נאָר אויך די רייכע רוסישע קונסט.

# אברהם אייזענבערג, דער ווילנער סקולפּטאָר.

אברהם אייזענבערג איז געבאָרען געוואָרען דעם 14טען יאַנואַר, 1879, אין ווילנע. זיין פאָטער איז געווען א סוחר. געלערענט האָט ער זיך אין חדר, רעאַל שול און אין דער קונסט־שול פון ווארשע. שפּעטער געענדיגט די קונסט־אַקאַדעמיע אין פּאַריז.



אברהם אייזענבערג

אברהם אייזענבערג איז אן עכט־אידישער קינסטלער. זיינע אַר־ בייטען צייכענען זיך אויס מיט זעלטענער אידישער אייגענאַרטיגקייט. צווישען זיינע פּאָפּולערע ווערק געפינען זיך: „די אידישע לויה", „כלי־זמרים", „בין השמשות" און „ביי דער גמרא". אייזענבערג איז אויך א פּאָרטרעטען־מייסטער. זיין „פּרץ" ווערט באַטראַכט פאַר דעם

געלונגענסטען פּאָרטרעט וואָס עס איז געמאַכט געוואָרען פון אונזער גרויסען פאַרשטאָרבענעם שריפטשטעלער. זיין טאַלאַנט האָט באַגייסטערט א סך קונסט־קריטיקער פון איירָאָפּע.

אין צייט פון פוילישען באָיקאָט אויף אידען, אין 1910, איז א. אייזענבערג געווען אַן אַנגעזעהענער מיטגליד פון דער ווארשעווער קונסט־אַקאַדעמיע, אָבער אויס פּראָטעסט צום באָיקאָט, האָט ער פאַר־



„דער משכיל", פון אברהם אייזענבערג.

לאָזען די אַקאַדעמיע, ארויסגענומען אַלע זיינע ווערק און אַליין אַראַנזשירט אַן אויסשטעלונג פאַר זיך און פאַר זיינע אידישע קאָלעגען, מינקאָווסקי און וויינלעס. די אויסשטעלונג איז געמאַכט געוואָרען אין דער גאַלעריע לוקסומבורג אין ווארשע. די אייזענבערג אויסשטעלונג איז געווען א פּאַטש אין פּנים די קריסטליכע קינסטלער. אָבער וויכטיגער איז דאָס, וואָס צו זיינע אויסשטעלונגען זיינען געקו־



„אַ לויה אין אַ קליין שטעטל" — אברהם אייזענבערג.

מען אידען, וועלכע האָבען פריהער אַזוינע קונסט־אויסשטעלונגען קיינמאָל ניט באַזוכט.

נאָך זיין חתונה מיט דער אַקטריסע נעמי, פון דער „ווילנער טרופּע", ווערט ער צוזאַמען מיט זיין ברודער אויף אַ געוויסער צייט דירעקטאָר פון דער „ווילנער טרופּע", איז דער ערשטער צו אַנגאַזשירען אַ ספּעציעלען רעזשיסער (דר. מ. וויינבערט) און אַ מאָלער (האַנעמאַן) אַלס דעקאָראַטאָר.

אייזענבערג האָט איבערזעצט זודערמאַן'ס פּיעסען „היימאַט",



„די דריי קלעזמער", פון אברהם אייזענבערג.

„דאָס גליק אין ווינקעל" און „סדום'ס אונטערגאַנג". איינינע פּיעסען פון די פּוילישע דראַמאַטורגען באַלוצקי און זאַפּאָלסקאַ, דימאָוו'ס „יאָשקע מוזיקאַנט" און „דער אייביגער וואַנדערער".

זייט 1924 האָט זיך אייזענבערג באַזעצט אין אַמעריקאַ, וואו ער האָט אַלס סקולפּטאָר געמאַכט ביוסטען פון איינינע טעאַטער מענשען.

# אברהם גריליכעס.

אברהם גריליכעס, דער באוואוסטער גראווירער, איז א זוהן פון דעם ווילנער בראווירער אוועניר גריליכעס. ער איז געבארען געוואָרען אין ווילנא אין 1852. זיין בילדונג האט ער באקומען אין די ווילנער ראבינער און „ריסאָוואלני" שולען. דורך די באמיהונגען פון דעם בארימטען קינסטלער מ. אנטאָקאָלסקי, איז ער אין 1869 אָנגעקומען אין דער פעטערבורגער קונסט אקאדעמיע אין דער מעדאליאר־גראווירער אָפּטיילונג. אייגענטליך האָט אין יענער צייט אזא אָפּטיילונג גאר ניט עקזיסטירט, ווייל די אקאדעמיע האט ניט געהאט אזעלכע שילער און האט ספּעציעל געעפענט אזא קלאס פאר דעם יונגען גריליכעס'ען און האט אלס לעהרער פון דיזען קלאס באשטימט דעם באוואוסטען גראווירער פון דעם „מאָנעטני דוואָר" — ברוסניצין.

שוין דעם ערשטען יאהר האט ער אויף אן אויסשטעלונג אין דער קונסט אקאדעמיע באקומען א זילבערנעם מעדאל פאר א בילד, וואס ער האט אויסגעקריצט אויף שטאל. אין די ווייטערדיגע יאהרען האט ער באקומען עטליכע מעדאלען און געלט באלוינונגען פאר זיין ארבייט וואס איז געווען אויף אויסשטעלונגען. אייניגע פון זיינע זאכען זיינען אָנגענומען געוואָרען אין דעם מוזעי פון דער קונסט־אקאדעמיע. נאך דעם ווי ער האט פארענדיגט זיין שטודיום אין דער קונסט אקאדעמיע האט ער באקומען א שטעלע אין פעטערבורגער מאָנעטני דוואָר און אין א קורצער צייט ארום האט ער באקומען דעם טיטעל פון 1־טען קלאס פרייען קינסטלער.

זיינע וויכטיגסטע ארבייטען זיינען געווען א מעדאל אין פארבינדונג מיט דעם 40־יאהריגען יובילעאום פון פראפעסאר גרובער, 50 יאהריגען יובילעאום פון דעם אקאדעמיקער קאקשאראוו, יובילייפון פרינץ נ. מ. לייכטענבערגסקי, מעדאל און רובעל אין פארבינדונג מיט דעם מאנומענט פאר דעם קייסער אלעקסאנדער דעם 2־טען אין מאסקווע, מעדאל וואס די פראנצויזישע געזעלשאפט האט איבערגעגעבען צום פרעזידענט פון פראנקרייך — פעליקס פאר, מעדאל אין אנדענקונג פון דער באהן קאטאסטראפע מיט דער קייזערליכער פאמיליע (זיי זיינען אלע ניצול געוואָרען) אין 1888, די געזיכט זייט פון די פאלגענדע מטבעות — רובעל, 50 קאפּיקעס און 25 קאפּיקעס, אימפעריאל און האלבען אימפעריאל, אלע פארטרעטען פון

אַלעקסאַנדער דעם 3טען אויף די קאַפּיטולער מעדאַלען, אויסצייכענונג־מעדאַל פון פּעטערבורגער אוניווערזיטעט און פילע אנדערע. חוץ דעם האָט ער געמאַכט די פאָלגענדע אויסקריצונגען אויף שטיינער: בילד פון באַראָן גאַראַצי אָסיפּאָוויטש גינצבורג אויף כרוסטאַל (טאָפּאַז), פאַר וואָס ער האָט געקראָגען אויף דער פּאַריזער וועלט אויסשטעלונג אין 1889 א גאָלדענעם מעדאַל, בילד פון גרויספירסטין אַלעקסאַנדרא געאָרגיעוונא אויף אָניקס, וועלכען עס האָט אָפּגעקויפט גרויספירסט פּאַוועל אַלעקסאַנדראָוויטש, בילד פון ניקאָלאַי דעם 2־טען, וועלכע ער אַליין האָט אָפּגעקויפט; בילד פון דער דענישער קעניגין לואיז אויף אָניקס, וועלכע עס האָט אָפּגעקויפט די קייזערינע אַלעקסאַנדרא פיאָדאָראָוונע. אין 1910 איז ער געוועזן דער הויפּט מעדאַליאָר פון פּעטערבורגער „מאָנעטני דוואָר". אַלע זיינע אויסקריצונגען געפינען זיך אין שטעמפּלען אין דעם פּעטערבורגער מאָנעטני דוואָר און אין קונסט־מוזיי — „ערמיטאַזש".

## מ. אַשעראָוויטש.

# קאַטשאַלאָוו — דער „ווילנער" אינ'ם מאָסקווער קונסט־טעאַטער.



עס איז שוין באַלד צוועלף יאָהר זינט איך בין מיט איהם באַקענט געוואָרען. דאָס איז געווען נאָך דאָן, ווען דער מאָסקווער קונסט־טעאַטער איז דאָס ערשטע מאָל געקומען קיין אַמעריקע; איך האָב זיך דאַמאָלסט באַקענט מיט די מערסטע פון די אָנגעזעהענע שוישפּילער אין דער טרופּע, אָבער קיינער האָט ניט געמאַכט אַזא טיפען איינדרוק אויף מיר ווי ער — וואַסילי איוואַנאָוויטש קאַטשאַלאָוו.

איך האָב איהם ליב געקראָגען אַלס א מענשען נאָך איידער איך האָב איהם אָנגעהויבען ליב האָבען אַלס א גרויסען אַקטיאָר.

ער איז מיר געוואָרען נאָהענט צום הארצען נאָך איידער איך האָב איהם געזעהן אויף דער בינע, און נאָך ביז היינטיגען טאָג דערמאָן איך מיט פאַרגעניגען די מאָמענטען, וואָס מיר האָבעןביידע פאַרבראַכט אין ניו יאָרק.

און דאָס מערקווירדיגסטע דערביי איז וואָס ער, וואַסילי איוואַנאָוויטש קאַטשאַלאָוו, איז אין דער נאַטור דוקא ניט פון די גאָר צוגעלאָזענע מענשען; עס פעהלט איהם די פעהיגקייט ארויסצואווייזען די אַזוי־גערופענע „ברייט רוסישע" פרייד ווען ער דערזעהט אַן אַלטען באַקאַנטען, אָדער א גוטען פריינד; ער איז ניט פון די, וואָס וואַרפען זיך ארויף אויף אייך מיט דעם באַקאַנטען „אָך, טייערינקער, וואָס מאַכט איהר עפּעס און ווי לעבט זיך אייך?" ער ווייזט ניט ארויס קיין געמאַכטע, אָדער — איך וואָלט געזאָגט — קיין אַקטיאָרישע באַגייסטערונג אין באַציהונגען צווישען מענש און מענש; ער איז צוריקגעצויגען, ראַפינירט, גאַלאַנט און פריצ'יש־מאַנירליך אין לעבען, פּונקט ווי ער איז אין די מערסטע ראָלען זיינע אויף דער בינע. מ'פיהלט אָבער אין איהם די אויפריכטיגקייט, די שטילע, סימפּאַטישע אויפריכטיגקייט פון אַן עהרליכען מענשען, וואָס רופט ארויס די שעהנסטע געפיהלען און דעם גרעסטען צוטרויען.

צווישען די שוישפּילער פון'ם מאָסקווער קונסט־טעאַטער, וואָס איז נאָך ביז היינטיגען טאָג געבליבען דער בעסטער טעאַטער אויף דער גאַנצער וועלט, איז קאַטשאַלאָוו דער אמת'ער ווילנער. ער האָט אין זיך אַריינגעזאַפּט דעם גייסט פון דער שטאָט, וואו ער איז געבוירען געוואָרען, דעם גייסט פון דער לומדישער „ירושלים דליטא".



וואַסילי איוואַנאָוויטש קאַטשאַלאָוו

וואו ער האָט זיינע יונגע יאָהרען פאַרבראַכט, און ער איז נאָך ביז היינטיגען טאָג — וואָלט איך געזאָגט — געבליבען דער „ליטוואַק" אינ'ם מאָסקווער קונסט־טעאַטער.

ער געהט צו צו אַ ראָלע ניט נאָר ווי אַ גרויסער אַקטיאָר, נאָר ווי אַ גרויסער למדן; ער צוקאָכט זיך ניט, נאָר ער פאַרטיפט זיך; ער מאַכט ניט קיין טומעל אַרום די אויסערליכע עפעקטען פון דעם

מענשען, וואס ער שטעלט פאר אויף דער בינע, נאר ער זוכט און געפינט וועגען און מיטלען ווי אזוי צו דערגרונטעווען דעם פלאנ־טער פון זיין נשמה. בלויז אויסערליך איז ער דער „סאמעטענער", דער גלאטער, אינערליך אבער איז ער דער גריבלער, דער אנאליטיקער, דער למדן, וואס וויל שטענדיג דוקא „ארויסרייסען בערג" און עפעס מחדש זיין; איהם איז אין א ראלע שטענדיג עפעס קשה, אפילו דאן וועם אנדערע זאגען איהם, אז אלעס איז דא קלאר און דייטליך און אז ער שפילט די ראלע אויסגעצייכענט גוט; ער איז קיינמאל ניט צופרידען איננאנצען מיט זיינע אייגענע קינסטלערישע שאַ־פונגען אויף דער בינע. און דערפאר שטודירט ער שטענדיג, דער־פאר ארבייט ער איבער זיך שטענדיג, דערפאר איז ביי איהם טעאַ־טער מעהר ווי א קונסט, און מ'קען זאגען, אז אין סטאניסלאווסקי'ס טרופע איז ער, וואסילי איוואנאוויטש קאטשאלאוו, דער גרויסער רו־סישער שוישפילער, וואס איז געבארען געווארען אין ווילנע, שטענ־דיג געווען און איז נאך איצט אויך געבליבען דער ו ו י ל נ ע ר נ א ו ן ־ א ק ט י א ר פון דער רוסישער בינע.

און ער האט אינ'ם מאסקווער קונסט־טעאטער אריינגעטראגען דעם „נוסח־ווילנע" — אויסערליכע געלאסענקייט און אינערליכע פאר־טיפונג. סטאניסלאווסקי'ס מעטאדע, וואס פרעדיגט „טעאטער פון איבערלעבונגען" האט ער תופס געווען אויף זיין אייגענעם ליטווישען שטייגער און זי ניט נאר אויסגעטייטשט, נאר טאקע אויך פארקער־פערט אין זיין שפילען אזוי, אז ס'איז ארויסגעקומען א געלונגענע קאמבינאציע פון איבערלעבונגען און טעאטראלישקייט.

אפילו אויף דער רוסישער בינע איז שווער צו געפינען נאך אן אקטיאר, וואס זאל אזויפיל לערנען און שטודירען ווי קאטשאלאוו. ער לייענט זעהר א סך, ער האט ליב ליטעראטור, ער איז גוט באַ־קאנט מיט געשיכטע, און ניט נאר מיט דער געשיכטע פון רוס־לאנד, נאר אויך מיט דער געשיכטע פון אנדערע לענדער. ביי זיך אין הויז אין מאסקווע האט ער א גרויסע ביבליאטעק און ווען מ'קומט אריין צו איהם און מ'זעהט ווי ער זיצט ביים טיש, מיט א פאר גרויסע ברילען אויף דער נאז, ארומגערינגעלט מיט ביכער און שטארק פארטיפט אין לייענען, וועט מען בשום אופן ניט זאגען, אז דאס איז אן אקטיאר, נאר מ'וועט מיינען, אז דאס איז אודאי א געלערנטער, וואס איז שטענדיג פארטאן אין פארשען.

איך האב איהם איינמאל געטראפען אין אזא מאמענט. ער איז דאן געווען ניט געזונט און ער האט מיר דערצעהלט, אז ער איז שוין לאנג אין גאס ניט געווען, ווייל דער דאקטאר האט איהם גע־הייסען זיין אין דער היים. מיר זיינען דאן ביידע לאנג געזעסען ביי

א גלעזעל טיי און האָבען גערעדט וועגען טעאַטער אין רוסלאַנד און אויך וועגען טעאַטער אין אַמעריקע. מיר האָבען אויך גערעדט וועגען די מעמוּאַרען, וואָס איינינע עלטערע רוסישע אַקטיאָרען האָ־בען אַרויסגעגעבען, און ווען איך האָב דערמאָנט די זכרונות פון דעם רוסישען שוישפּילער פּאַוועל אָרלעניעוו, האָט קאַטשאַלאָוו געמאַכט אַזאַ באַמערקונג:

— ער האָט זיי ניט געדאַרפט אָנשרייבען, און אויב ער האָט זיי שוין יאָ אָנגעשריבען, האָט ער זיי ניט געדאַרפט אַרויסגעבען, ווייל זיי מאַכען אַ שלעכטען איינדרוק און קיין כבוד גיבען זיי איהם ניט צו, ווייל אין יעדען קאַפּיטעל האַלט ער אין איין דער־צעהלען וואו און ווי אַזוי ער האָט געטרונקען אַ סך בראַנפען...

וועגען אָרלעניעוו'ן דעם שוישפּילער און וועגען זיינע פאַר־דינסטען פאַר דער רוסישער בינע האָט ער גערעדט מיט'ן גרעסטען רעספּעקט; ער האָט איהם שטאַרק געליבט, דערביי האָט ער אָבער צוגעגעבען, אַז ער איז געווען דער לעצטער פון יענעם טיפּ רוסישע אַקטיאָרען, וועלכע האָבען צופיל געהאַלטען פון דער טראַדיציע, אַז אַן אַקטיאָר מוז דוקא הוליען אַ סך און טרינקען אַ סך.

— צו וואָס האָט ער דאָס געדאַרפט דערצעהלען דער וועלט?

— האָט קאַטשאַלאָוו געזאָגט. — און זעהט וואָס פאַר אַן איינדרוק דאָס האָט געמאַכט! ביי אַ סך מענשען וועט אויסקומען, אַז דאָס זיינען גאָר ניט קיין זכרונות פון אַ שוישפּילער, נאָר זכרונות פון אַן אַלקאָהאָליקער...

ווען איך האָב איהם געזאָגט, אַז ער אַליין וואָלט אויך געדאַרפט אָנשרייבען זיינע מעמוּאַרען, האָט ער געענטפערט זעהר באַשיידען:

— יאָ, מ'וואָלט דאָס אפשר געדאַרפט טאָן, אָבער מ'וועט דאָס דאַרפען אָנשרייבען אַנדערש, אינגאַנצען אַנדערש.

אין מאָסקווע זיינען דאַן אַרומגעגאַנגען פאַרשידענערליי קלאַנגען אין פאַרבינדונג מיט קאַטשאַלאָוו'ס קראַנקהייט; מ'האָט דערצעהלט געשיכטעס, אַז ער האָט געקראָגען בלוטפאַרגיפטונג און מ'האָט איהם אויף אַן עראָפּלאַן אַוועקגעפיהרט קיין בערלין צו אַ באַריהמטען פּראָ־פעסאָר; מ'האָט אויך געזאָגט, אַז מ'האָט איהם ניט אַוועקגעפיהרט קיין בערלין, נאָר זיין לאַגע איז זעהר אַ געפעהרליכע; גאַנץ מאָס־קווע האָט זיך אינטערעסירט מיט איהם; אַלע האָבען געוואָלט וויסען וואָס ער מאַכט, וואָס ער טוט, און ווען ס'איז באַקאַנט גע־וואָרען, אַז אין מאָסקווער קונסט־טעאַטער האָט מען געמוזט בייטען דעם רעפּערטואַר איבער דעם וואָס קאַטשאַלאָוו קען איצט ניט שפּי־לען, איז דער טומעל געוואָרען נאָך גרעסער און מענשען האָבען געהאַלטען אין איין אָפּרופען אויפ'ן טעלעפאָן דעם טעאַטער. עס איז

זעלטען צו זעהן אַזאַ אינטערעס צו אַ קינסטלער, אַזאַ ליבע צו אַ שוישפּילער ווי די ליבהאָבער פון טעאַטער אין מאָסקווע האָבען דאַן אַרויסגעוויזען צו קאַטשאַלאָוו'ן. און ער, קאַטשאַלאָוו אַליין, איז דאַן געווען די פאַרקערפּערונג פון באַשיידענקייט, און אויסנוצענדיג די מערקווירדיגע אייגענשאַפט וואָס ער האָט צו פאַרברענגען מיט זיך אַליין, איז ער גאַנצע טעג און נעכט געווען אין דער היים און דער גרעסטער פאַרגעניגען זיינער איז געווען — לייענען ביכער.

צווישען די ביכער, וואָס איך האָב דאַמאָלט געזעהן ביי איהם אויפ'ן טיש, איז אויך געווען איין בוך אַ אידישער.

דאָס האָט מיך שטאַרק געוואונדערט, ווייל איך ווייס דאָך, אַז קאַטשאַלאָוו דער קריסט קען ניט קיין אידיש און פאַרשטעהט איבּ־גאַנצען נים די שפּראַך. שפּעטער אָבער איז קלאָר געוואָרען ווי ס'קומט צו איהם אַ אידישער בוך. דאָס איז געווען אַ זאַמעלבוך וואָס די ווילנער לאַנדסלייט אין אַמעריקע, דער ווילנער בּרענטש 367 אַרבּייטער רינג, האָט אַרויסגעגעבען אין יאָהר 1929, צו דער געלעגענהייט פון זיין 20־יאָהריגען יובּילעואַם. אין יענעם אידישען זאַמעלבוך האָבען די ווילנער אָפּגעדרוקט אַ בּילד פון זייער לאַנדס־מאַן וואַסילי איוואַנאָוויטש קאַטשאַלאָוו מיט אייניגע איינצעלהייטען פון זיין קאַריערע אַלס שוישפּילער פונ'ם מאָסקווער קונסט־טעאַטער. זיי האָבען איהם דעם בוך צוגעשיקט קיין מאָסקווע, און פון דאַן אָן האַלט ער איהם ביי זיך אויפ'ן טיש און פון צייט צו צייט קוקט ער אַהין אַריין, כאָטש ער פאַרשטעהט ניט אַ וואָרט וואָס דאָרט שטעהט. עס איז איהם אָבער אַנגענעם אין יענעם בוך אַריינצוקוקען, ווייל ער ווייסט, אַז דאָס איז אַ זאַמלונג פון אַרטיקלען וועגען זיין געבורטס־שטאָט ווילנע.

ער האָט ליב די שטאָדט, ווייל מיט איהר איז פאַרבונדען זיין יוגענד און אויך דער אָנפאַנג פון זיין קאַריערע אַלס שוישפּילער. רעדט ער טאַקע אָפט וועגען ווילנע מיט וועמען ער קען נאָר, און ער האָט אויך ליב צו הערען ווי אַנדערע ריידען וועגען ווילנע.

ער האָט אין יענער שטאָט געלערענט אין גימנאַזיע, און כאָטש ער איז געווען דער זוהן פון אַ פּראַוואָסלאַווענעם גלח, איז ער דאָך דערצויגען געוואָרען אַזוי, אַז ער האָט קיינמאָל ניט געמאַכט קיין אונטערשיד צווישען קריסט און איד; אַזאַ גייסט האָט געהערשט ביי זיינע עלטערען אין הויז; זיין פאָטער אַליין, דער פּראַוואָסלאַווגער גלח, האָט אין ווילנע געהאַט אַ סך אידישע פריינד, ער פלעגט אַמאָל אַריינקומען אין די היימען פון אָרימע אידישע פאַמיליעס, וועלכע האָבען געוואוינט ניט ווייט און ער פלעגט זיי אַרויסהעלפען מיט וואָס ער האָט נאָר געקענט און מעהר ווי מיט אַלע אַנדערע האָט

ער זיך אינטערעסירט מיט איינעם אַן אָרימען שניידער, וועלכער האָט געהייסען שמוקלער.

צו איהם, צו יענעם אָרימען שניידער, האָט זיך קאַטשאַלאָוו'ס פּאַטער, דער גלח, באַצויגען זעהר גוט; ער האָט אָפּט גערעדט וועגען שמוקלער'ס אָרענטליכקייט און אויך וועגען זיין אָרימקייט, און ווען שמוקלער איז קראַנק געוואָרען, איז דער גלח אָפּט געקומען זעהן וואָס ער מאַכט. און איינמאָל איז געשעהן אַזאַ פאַל:

קאַטשאַלאָוו'ס פּאַטער איז געגאַנגען אין גאַס און האָט דערזעהן אַ אידישע לויה.

— ווער איז געשטאָרבען? — האָט ער געפרעגט.

— שמוקלער. — האָט מען איהם געענטפערט.

דער גלח איז געבליבען שטעהן אַ פאַרזאָרגטער. ער האָט שטאַרק באַדויערט וואָס דער אָרימער אידישער שניידער איז געשטאָרבען און ער איז פון דער וויטענס נאָכגעגאַנגען דער לויה. ער האָט אָבער געוואָלט, אַז זיין ווייב, די גלח'טע, זאָל אויך אַרויסגעהן צו דער לויה, ווייל ער האָט געוואוסט, אַז זי האָט אויך זעהר שטאַרק גע־האַלטען פון דעם אָרימען אָרענטליכען שניידער, האָט ער צוגערופען אַ קליין אינגעלע, אַ קריסטליך אינגעלע, און האָט איהם געהייסען לויפען זאָגען דער גלח'טע, אַז מ'טראָגט שמוקלער'ן.

„סקאַזשי מאַטושקיע, — האָט ער איהם געזאָגט אויף רוסיש, — טשטאָ שמוקלעראַ ניעסוט".

דאָס אינגעלע האָט אָבער פאַרגעסען דעם נאָמען, אָדער ער האָט איהם גלאַט ניט געקענט אַרויסריידען, און אָנשטאָט צו זאָגען דער גלח'טע „שמוקלעראַ ניעסוט", האָט ער געזאָגט: „פּאָקאָיניקאַ ניעסוט" (מ'טראָגט אַ טויטען). און די גלח'טע, מיינענדיג, אַז דאָס איז אודאי אַ פּראַוואָסלאַווגע לויה, האָט געהייסען מ'זאָל קלינגען מיט די גלעקער אין קלויסטער, און ס'איז אויסגעקומען אַזוי, אַז ביי דער לויה פון אַן אָרימען אידישען שניידער אין ווילנע האָט מען געקלונגען אין קלויסטער און אַז געהייסען האָט דאָס ניט קיין אַנדערער ווי דער גלח אליין.

אין דער ווילנער גימנאַזיע האָט קאַטשאַלאָוו געהאַט אַ סך אידישע חברים, און איינער פון זיינע בעסטע און ליבסטע חברים איז געווען באָריס גאָלדמאַן, אַ ברודער פון דעם באַרימטען בונדיס־טישען טעאָרעטיקער און פירער מאַרק ליבער. מיט איהם, מיט גאָלד־מאַנ'ען, וועלכער הייסט איצטער גאָריעוו און איז אַ פּראָפעסאָר פון אַ אוניווערסיטעט אין מאָסקווע, איז קאַטשאַלאָוו, אין דער ווילנער גימנאַזיע, געווען באַפריינדעט מעהר ווי מיט די אַלע אַנדערע שילער אין קלאַס, און אַט די פריינדשאַפט זייערע האָט אָנגעהאַלטען אויך

שפּעטער, ווען זיי זיינען שוין ביידע געווען סטודענטען אין אוני־ווערסיטעט.

אין די צייטען ווען ס'האָט אין רוסלאַנד נאָך געהערשט דער צאַר האָט מען גאָלדמאַנ'ען שטאַרק פאַרפאָלגט אַלס רעוואָלוציאָ־נערען טוער, און ווען ער האָט איינמאָל אַ לענגערע צייט געלעבט אין מאָסקווע אויף אַ פאַלשען פּאַספּאָרט און איז שטענדיג געווען אין דער מורא מ'זאָל איהם נאָך ניט אַרעסטירען, האָט קאַטשאַלאָוו איהם אריינגענומען צו זיך אין הויז, און דאָס האָט גאָלדמאַנ'ען גע־ראַטעוועט, ווייל ווער האָט דאָס גאָר געקענט איינפאַלען, אַז קאַ־טשאַלאָוו, דער אַרטיסט פונ'ם מאָסקווער קונסט־טעאַטער, באַהאַלט ביי זיך אין הויז אַ רעוואָלוציאָנער!

די פריינדשאַפט, וואָס איז געשלאָסען געוואָרען אין ווילנע, האָט ניט געקענט אָפּגעמעקט ווערען אַפילו דאַן ווען דאָס לעבען האָט די צוויי מענשען צושיקט אויף צוויי באַזונדערע וועגען און אויסגעדרעהט אַזוי, אַז איינער איז געוואָרען אַ באַריהמטער אַקטיאָר, וואָס שפּילט פאַר צאַרען, און דער אַנדערער — אַ רעוואָלוציאָנער, וואָס ווערט פאַרפאָלגט פון צאַרען.

גאָלדמאַן, קען מען זאָגען, האָט אַביסעל געהאַט אַ חלק אין דעם וואָס קאַטשאַלאָוו איז געוואָרען אַן אַקטיאָר; ער איז געווען צווישען די ערשטע, וואָס האָבען איהם אונטערגעגעבען מוט, צווישען די ער־שטע, וואָס האָבען געגלויבט, אַז ער האָט טאַלאַנט פאַר דער ביהנע.

דאָס איז געווען נאָך מיט פערציג יאָהר צוריק. אַ אידישער אַרבייטער פון מינסק, אַ מיטגליד פון אַ רעוואָלוציאָנערען „קרוזשאָק", איז געקומען קיין ווילנע צו גאָלדמאַנ'ען, ער זאָל פאַר איהם געפינען איינעם, וואָס קען דעקלאַמירען און זינגען, ווייל דער מינסקער רעוואָ־לוציאָנערער „קרוזשאָק" מאַכט אַן אָוועט, וואו מ'וועט רעכענען פּופּצעהן קאָפּיקעס איינטריטס־געלט. אויף אַזאַ'ן אָוועט מוז מען האָבען אַ „קראַפט", און דערצו נאָך אַזאַ „קראַפט", וואָס זאָל זיין אַן אייגענער מענש, אַ פריינד פון אַרבייטער, און זאָל וועלען אויפטרעטען אויף אַן אָוועט, וואָס איז אומלעגאַל און וואו די פּאָליציי קען קומען און נאָך אַרעסטירען אַלעמען. אין מינסק קען מען אַזאַ „קראַפט" ניט קריגען צווישען די אייגענע מענשען. אפשר איז אין ווילנע פאַראַן אַזעלכער?

האָט גאָלדמאַן געבעטען קאַטשאַלאָוו'ן, ער זאָל פאָהרען קיין מינסק אויפטרעטען אויף דעם אָוועט פון דעם אידישען רעוואָלוציאָ־נערען „קרוזשאָק". „דו ביזט דאָך אַ מייסטער אין דעם, — האָט ער איהם געזאָגט. — דו קענסט גוט דעקלאַמירען, דו קענסט אויך שעהן

זינגען, װעסטו דאָרטען דעקלאַמירען און זינגען, און דערמיט װעסטו אַרויסהעלפען דעם קרוזשאָק״.

און קאַטשאַלאָװ איז אַװעקגעפאָהרען קיין מינסק און דאָרטען, אויף אַן אָװענט פון אידישע רעװאָלוציאָנערע אַרבייטער און אינטע־ליגענטען, האָט ער געמאַכט זיין ערשטען אויפטריט אַלס אַקטיאָר.

„איך האָב אויף יענעם אָװענט שטאַרק אויסגענומען, — האָט מיר קאַטשאַלאָװ איינמאָל דערצעהלט אין אַ פריװאַטען געשפּרעך. — מ׳האָט מיר אַפּלאָדירט און מ׳האָט מיך געבעטען, אַז איך זאָל דעקלאַמירען נאָך און נאָך. און דאַן, אין יענעם מאָמענט, האָב איך באַקומען מוט און האָב אָנגעהויבען גלויבען, אַז אפשר האָב איך טאַקע טאַלאַנט פאַר דער ביהנע״.

נאָכדעם איז שוין קאַטשאַלאָװ אויפגעטראָטען אין װילנע אויך, און אַלץ אויף געהיימע, אומלעגאַלע פאַרזאַמלונגען פון אידישע סאָ־ציאַליסטען, און אומעטום האָט מען איהם אונטערגעגעבען מוט, אומעטום האָט מען איהם געזאָגט, אַז ער װעט אַמאָל זיין אַ גרויסער אַקטיאָר אויף דער רוסישער ביהנע.

און מעהר װי אַלע אַנדערע האָט איהם אונטערגעגעבען מוט גאָלדמאַן.

— דו ביזט געבאָרען געװאָרען צו זיין אַן אַקטיאָר, — האָט איהם גאָלדמאַן געזאָגט.

שפּעטער, װען קאַטשאַלאָװ איז שוין געװען אין פּעטערבורגער אוניװערסיטעט, װאו ער האָט געשטודירט יוריספּרודענץ, האָט ער זיך באַטייליגט אין די סטודענטישע אַמאַטאָרישע פאָרשטעלונגען, און אין יעדער ראָלע, װאָס ער האָט געשפּילט, האָט ער זיך אויסגעצייכענט מעהר װי אַלע אַנדערע אַמאַטאָרען.

רעזשיסירט יענע פאָרשטעלונגען האָט דער באַריהמטער רוסישער אַקטיאָר װלאַדימיר ניקאָלאַיעװיטש דאַװידאָװ; ער האָט די יונגע סטודענטען פונ׳ם פּעטערבורגער אוניװערסיטעט געלערענט װי אַזוי צו שפּילען טעאַטער, און פּונקט װי גאָלדמאַן, האָט ער אויך דערזעהן אינ׳ם יונגען סטודענט קאַטשאַלאָװ אַ ניט געװעהנליכען טאַלאַנט פאַר דער ביהנע און ער האָט איהם אויך געזאָגט, אַז ער איז געבאָרען געװאָרען צו זיין אַן אַקטיאָר.

— אייער שטודירען אויף אַדװאָקאַט, — האָט ער איהם געזאָגט, — איז אַרויסגעװאָרפען; איהר װעט ניט זיין קיין אַדװאָקאַט, נאָר אַן אַקטיאָר. די רוסישע ביהנע דאַרף האָבען אַזעלכע װי איהר.

און דאָ װיל איך איבערגעבען אַ פאַל, װאָס קאַטשאַלאָװ האָט מיר אַמאָל דערצעהלט אין אַ פריװאַטען געשפּרעך, רײדענדיג װעגען זיינע סטודענטישע יאָהרען אין פּעטערבורג — אַ פאַל, װאָס איז ביז

איצט נאך אין ערגעץ ניט איבערגעגעבען געווארען, כאטש ער איז פארבונדען אויף זעהר א כאראקטעריסטישען אופן מיט די קאריערעס פון צוויי גרויסע רוסישע קינסטלער, וועלכע זיינען איצט באריהמט איבער דער גאנצער וועלט:

אין יענער צייט פלעגען די פעטערבורגער סטודענטען איין מאל אין יאהר גיבען אן אווענט, אויף וועלכען עס פלעגען געוועהנליך אויפ־טרעטען די גרעסטע ארטיסטען פון די פעטערבורגער טעאטערס. אויף יענע אווענטען האט געדארפט אויפטרעטען דער בארימטער רוסישער אקטיאר מאמאנט דאלסקי, וועלכער איז דאן געווען א גרויסער ליבלינג ביים פובליקום, ער האט נאר געבעטען, אז אין דער באשטימטער צייט זאל מען קומען נאך איהם, וויל ער קען נאך פארגעסען.

ווען דער זאל איז שוין געווען געפאקט און מ'האט געדארפט אנ־הויבען די פראגראמע, האט מען געשיקט איינעם א יונגען סטודענט און איהם אנגעזאגט, ער זאל נעמען א קארעטע און ברענגען דאלסקי'ן. דער יונגער סטודענט האט זיך געפיהלט שטארק געשמייכעלט דערפון וואס מ'האט איהם אויסגעקליבען פאר אזא וויכטיגער שליחות, אבער דאס הארץ האט איהם דאך זעהר שטארק געקלאפט. א קלייניגקייט עפעס — ריידען מיט דאלסקי'ן!

אבער ווען דער יונגער סטודענט איז אריינגעקומען צום גרויסען ארטיסט אין הויז אריין, האט זיך ארויסגעוויזען, אז ס'איז גאר נישטא צו וועמען צו ריידען...

דאלסקי איז דאן געווען גאנץ היבשלעך שכור און ער האט גאר ניט געוואלט הערען וואס דער סטודענטעל רעדט צו איהם.

— וואס דרעהט איהר מיר א קאפ מיט עפעס אן אווענט? — האט ער געזאגט, לאכענדיג שטארק דערביי. — איך געה ניט!

—אבער, הער דאלסקי, — האט דער סטודענט זיך געבעטען ביי איהם — איך קען ניט קומען צוריק אהן אייך. דער זאל איז גע־פאקט, אלעווארטען אויף אייך, אלע זיינען געקומען אייך זעהן, אייך הערען.

— און איך שפיי אויף זיי פון דער העכסטער הויכקייט! — האט דאלסקי געענטפערט — איך געה ניט!

דער סטודענט איז געווען זעהר פארצווייפעלט, און אננעמענדיג זיך מיט מוט האט ער געזאגט:

— הער דאלסקי, ס'וועט אייך גאר ניט העלפען; אהן אייך וועל איך פון דאנען ניט אוועק!

האט דאלסקי אויסגעשאסען א געלעכטער.

— א מאדנער סטודענט! אן עקשן א ווילדער! אבער הערט וואס איך רייד צו אייך, הער סטודענט: איך געה ניט!

אין דער גרעסטער פארלעגענהייט איז דער סטודענט געשטאנען

פאַר דעם גרויסען רוסישען אַרטיסט, וואָס האָט זיך קוים אויף די פיס געהאַלטען; ער האָט ניט געוואוסט וואָס ער זאָל טאָן און וואָס פאַר אַן עצה ער זאָל זיך געבען; אַלע מאָל האָט ער געפּרואווט עפּעס אָנהויבען ריידען, אָבער דער גרויסער אַרטיסט האָט איהם איבערגע־שלאָגען:

— צו וואָס די רייד? — האָט ער געזאָגט, — בראָנפען טרינקט איהר? איז — נעמט אַביסעל!..

און מיט אַמאָל האָט ער זיך געגעבען אַ כאַפּ און מ׳האָט געקענט זעהן, אַז ס׳איז איהם איינגעפאַלען אַ געדאַנק.

— ווייסט איהר גאָר וואָס, הער סטודענט, איך האָב פאַר אייך אַן אַרטיסט! ער וועט מיך פאַרטרעטען דאָרט ביי אייך אויפ׳ן אָווענט... אָבער ער וועט ניט פאַרלייענען, נאָר זינגען... ער איז אַ זינגער, כאַ־כאַ־כאַ־! און אַ שטימע האָט ער — איינס אין דער וועלט! איהר וועט שוין הערען...

און טאַקע באַלד האָט דאַלסקי גענומען שרייען אויפ׳ן קול:

— העי, פעדקאַ, קום אריין אַהער, פעדקאַ!

פון אַן אַנדער צימער איז אריינגעקומען אַ הויכער יונג, אַ בלאָנ־דער, און דאַלסקי האָט איהם פאָרגעשטעלט:

— דאָס איז פעדקאַ, אַ וואוילער יונג, אַ טייערער מענש, טרינקט בראָנפען, אַז ס׳איז אַ פאַרגעניגען צו קוקען, און זינגען זינגט ער — מאַמעלעך מיינע!.. און ער וועט ביי אייך אויפטרעטען פאַר מיר!...

ניט לאָזענדיג דעם סטודענט ארויסריידען אַ וואָרט, האָט דאַלסקי גלייך גענומען קאָמאַנדעווען:

— העי, פעדקאַ, טו זיך אָן אַ פראַק — אַזוי מיט דער גאַנצער פאַרמע, מיט׳ן קנאַק, און געה מיט׳ן סטודענט!

עס האָט קיין סך ניט געדויערט און באַלד איז שוין פעדקאַ געוועזען אָנגעטאָן אין אַ פראַק, און שטעהענדיג פאַר׳ן שפּיגעל אַן אויסגעפּוצטער האָט ער מיט זיין באַסאָווער שטימע געברומט ווי פון צווישען די ציין:

„ליודי גיבנוט זאַ מעטאַל,
זאַ מעטאַל.
סאַטאַנאַ טאַם פּראַוויט באַל
פּראַוויט באַל".

— און איצט, פעדקאַ, געה מיט׳ן סטודענט און וויז זיי דאָר־טען וואָס דו קענסט!...

ניט האָבענדיג קיין אַנדער ברירה, איז דער סטודענט אַוועק מיט פעדקאַ׳ן, און זיצענדיג אין דער קאַרעטע האָבען די צוויי צווישען זיך קיין וואָרט ניט ארויסגערעדט; דעם סטודענט איז אויפ׳ן האַר־צען געוועזען זעהר ביטער, און געטראַכט האָט ער, אַז ער וועט ניט

קענען ווייזען דאס פנים פאר זיינע חברים, ווייל וואס פאר א פנים וועט ער טאקע האבען? מ'האט איהם געשיקט ברענגען דעם גרויסען אקטיאר דאלסקי, און ער פירט מיט זיך עפעס א פעדקא!

און פעדקא'ן איז ניט אנגעגאנגען וואס דער סטודענט טראכט; ער האט זיך אויף איהם במעט ניט אומגעקוקט; האלטענדיג איין האנט אויף דעם שטייף אנגעקראכמאלעטען העמד, האט ער פאר זיך, אויף זיין באסאווער שטימע, געברומט:

„ליודי גיבנוט זא מעטאל,

זא מעטאל.

סאטאנא טאם פראוויט באל,

פראוויט באל".

און זינגענדיג האט ער אלע מאל וואויל-יונגעריש געגעבען א ווארף ארוים פונ'ם מויל א שפיי, וואס האט געטראפען גאנץ ווייט...

הינטער די קוליסען איז געווארען א טומעל ווען דער סטודענט האט אנשטאט דאלסקי'ן גאר געבראכט „עפעס א פעדקא". אלע זיי־נען ווי פארלארענע ארומגעלאפען אהין און אהער און האבען זיך קיין עצה ניט געקענט געבען.

— וואס וועט זיין? — האבען סטודענטען זיך געקאכט. — מ'וועט דאך אונז צורייסען אויף שטיקלעך. מיר האבען אנאנסירט, אז אויפטרעטען וועט דאלסקי, און ער האט אונז געשיקט עפעס א פעדקא! וואס וועט זיין?!

און פעדקא רייסט זיך:

— לאזט מיך זינגען! סטודענטען, לאזט מיך ארויס אויף דער בינע!

מ'האט איהם אבער ניט געלאזט, און מ'האט דערווייל פארגע־שטעלט די אנדערע ארטיסטען, וואס זיינען געווען אנאנסירט. ערשט שפעטער, ווען מ'האט, סוף כל סוף, דאך געבראכט דאלסקי'ן, וועל־כער האט זיך שוין אביסעל געהאט אויסגעניכטערט, האט „פעדקא" געקראגען א געלעגענהייט אויפצוטרעטען. פארגעשטעלט פאר'ן פוב־ליקום האט איהם ניט קיין אנדערער ווי דאלסקי אליין. ער האט גע־זאגט, אז ער שטעלט פאר איינעם א זינגער, וועלכער איז נאך איג־גאנצען אומבאקאנט, ער איז אבער זיכער, אז ס'וועט קומען א צייט ווען אט דער יונגער זינגער וועט זיין בארימט ניט נאר אין רוס־לאנד, נאר איבער דער גאנצער וועלט...

און אזוי איז טאקע געווען: יענער אומבאקאנטער בלאנדער יונגערמאן, וועלכער איז דאן געווען ניט מעהר ווי „עפעס א פעדקא", איז שפעטער טאקע בארימט געווארען ניט נאר אין רוסלאנד, נאר איבער דער גאנצער וועלט, און דאס איז ניט קיין אנדערער ווי פיאדאר שאליאפין...

און דער יונגער סטודענט, וועלכער האָט איהם געפיהרט צום סטודענטישען אָוונט, טראַכטענדיג אַז ער וועט ניט קענען ווייזען דאָס פּנים פאַר די חברים, ווייל אָנשטאָט ברענגען דאָלסקי'ן, ברענגט ער גאָר „עפּעס א פעדקא", איז געוועזן ניט קיין אַנדערער ווי וואסילי קאטשאלאָוו...

ביידע זיינען דאַן געוועזן אינגאַנצען אומבאַקאַנט, קיינער האָט פון זיי ניט געוואוסט. און שפּעטער זיינען זיי ביידע געוואָרען באַרימט ניט נאָר אין רוסלאַנד, נאָר אויך איבער גאַנץ אייראָפּע, און אויך אין אַמעריקע.

ווען קאטשאלאָוו האָט געהאַט ניט מעהר ווי אַ זעקס חדשים צו ענדיגען דעם אוניווערזיטעט, האָט ער אויפגעגעבען דאָס לערנען און איז געוואָרען אַ פּראָפעסאָנעלער אַקטיאָר. עס איז איהם ניט געוועזן גרינג צו מאַכען אַזאַ שריט, ווייל אין דער זעלבער צייט וואָס ס'האָט איהם געצויגען צו דער בינע, האָט ער אויך זעהר שטאַרק ליב געהאַט דאָס לערנען; טרוימענדיג וועגען אַ קאַריערע אלס אַן אַקטיאָר, האָט ער אויך געטראַכט וועגען אַ קאַריערע אלס אַ פּראָפעסאָר.

די ליבע אַליין צו שטודירען און אויך לערנען אַנדערע איז ביי קאטשאלאָוו'ן געבליבען נאָך ביז היינטיגען טאָג. און אין דער זעלבער צייט וואָס ער איז דורך און דורך טעאַטער, איז ער אויף דער בינע, אין יעדער ראָלע, וואָס ער שפּילט, אויך דער למדן, דער פּראָפעסאָר. ער באַנוגענט זיך ניט בלויז מיט שפּילען — ער פּ א ר־ ט י י ט ש ט, ער מאַכט קלאָר זאַכען.

„איך קען זאָגען, — האָט ער מיך איינמאָל פאַרזיכערט, רייךענדיג מיט מיר וועגען דעם אָנפאַנג פון זיין קאַריערע אלס שוישפּילער. — איך קען זאָגען, אַז ניט דער צילינדער־הוט און ניט דער גלאַנץ פון'ם אַקטיאָרען־לעבען האָבען מיך געצויגען צו דער בינע. אַרומטראָגענדיג זיך מיט'ן טרוים צו ווערען אַ שוישפּילער, האָב איך אויך געטראַכט וועגען די גרויסע מעגליכקייטען וואָס דער טעאַטער גיט צו לערנען אַנדערע און זיי באַקענען מיט די ווערק פון די גרויסע מייסטער אין דער ליטעראַטור. פאַר מיר איז די בינע אַלע מאָל געוועזן און איז נאָך איצט אויך אַ קאַפעדרע, וואו מ'האַלט אַ לעקציע. און אַזוי דאַרף יעדער שוישפּילער קוקען אויף דער בינע — אַ קאַפעדרע! עס איז ניט מעהר, ווען אַ פּראָפעסאָר שטעהט אויף אַ קאַפעדרע און האַלט אַ לעקציע וועגען אַ וויכטיגען ענין, באַנוצט ער אָפט אַזעלכע שווערע און טרוקענע ווערטער, וואָס מאַכען דעם וויכטיגען ענין שרעקליך לאַנגווייליג. און ווען אַ גוטער אַקטיאָר איז אויף זיין קאַפעדרע, אויף דער ביהנע, נעמט ער יעדער שטריכעלע פון אַ מענשען'ס כאַראַקטער און אַנאַליזירט עס אַזוי מיט האַנדלונג, מיט

קינסטלערישער אויסטייטשונג, אַז ס'ווערט נאָהענט און אינטערע־סאַנט פאַר יעדען איינעם".

פאַרברענגען מיט קאַטשאַלאָוו'ן איז אַלע מאָל אַ פאַרגעניגען, ווייל ער איז ניט נאָר אַ גרויסער קינסטלער, נאָר אויך זעהר אַן אינ־טערעסאַנטער מענש. מ'קען מיט איהם ריידען וועגען אַלץ אין דער וועלט — וועגען ליטעראַטור, וועגען קונסט, וועגען טעאַטער, וועגען געשיכטע, וועגען מענשען, און די מיינונגען, וואָס ער זאָגט אַרויס און די באַמערקונגען, וואָס ער מאַכט, זיינען אַלע מאָל ניט נאָר שעהן אַרויסגעבראַכט, נאָר אויך ערנסט פאַרטראַכטע און טיפע.

בלויז וועגען פאָליטיק האָט ער ניט ליב צו ריידען, ווייל ער האַלט, אַז דאָס איז ניט זיין געביט און אַז ער קען זיך אין דעם ניט פונאַנ־דערקלייבען.

רעדט ער טאַקע ניט וועגען דעם.

זיין געביט איז — דער מענש.

דער מענש ווי דער קינסטלער זעהט איהם און ווי דער קינסטלער פאַרשטעהט איהם.

פאַרשטעהן הייסט — פאַרגעבען. ווען מ'פאַרגיט, קען מען ניט פיינט האָבען. און דערמיט דערקלערט זיך דער פאַקט וואָס קאַ־טשאַלאָוו האָט ליב מענשען און וואָס ער שפּילט אויף דער בינע מענשען אַזוי, אַז אַנדערע זאָלען זיי אויך ליב האָבען.

אַזוי איז ער אין זיין „איוואַן קאַראַמאַזאָוו". אַזוי איז ער אין זיין „איוואַנאָוו", אין „גאַיעוו" פון טשעכאָוו'ס „קאַרשענגאַר־טען", אין אַ סך אַנדערע ראָלען, וואָס ער האָט געשפּילט. און אַזוי איז ער אויך אפילו אין דער ראָלע פונ'ם טייפעל אין לעאָניד אַנדרעיעוו'ס „אַנאַטעמאַ".

ער האָט אפילו דעם טייפעל פאַרמענשליכט.

וועגען אַקטיאָרען, פון וועמען ער האַלט ניט, מיידט ער אויס צו ריידען, ווייל ער האָט ניט ליב צו ריידען שלעכטס אויף אַ מענשען. דערפאַר אָבער רעדט ער זעהר גערן וועגען אַקטיאָרען, וואָס געפעלען איהם יאָ.

ווען דער מאָסקווער קונסט־טעאַטער איז געווען דאָ אין אַמעריקע און די קריטיקער האָבען מעהרסטענטיילס שטאַרק געלויבט קאַטשאַ־לאָוו'ן און מאָסקווינ'ען און זיך ניט אָפּגעשטעלט קיין סך אויף דעם גרויסען טאַלאַנט פונ'ם אַקטיאָר לעאָנידאָוו, וועלכער האָט גראָד ניט געשפּילט אַזוי אָפט ווי די ערשטע צוויי, האָט זיך קאַטשאַ־לאָוו שטאַרק געערגערט דערפון. ער האָט מיט מיר דאַן אַ סך גערעדט וועגען לעאָנידאָוו'ן און וועגען די ראָלען וואָס ער האָט געשאַפען אין מאָסקווער קונסט־טעאַטער, און דערביי האָט ער געזאָגט:

— אזעלכע אַקטיאָרען ווי לעאָנידאָוו ווערען געבאָרען איין מאָל אין הונדערט יאָהר.

ווענען זיך אַליין אלס אַקטיאָר האָט ער ניט ליב צו ריידען, און ווען אַן אַנדערער הויבט מיט איהם אָן ריידען וועגען דעם, ווען אַן אַנדערער זאָגט איהם ווי גוט ער איז געווען אין דער, אָדער אין יענער ראָלע, פאַרדרעהט ער באַלד דעם געשפּרעך אין אַן אַנדער זייט און הויבט אָן ריידען וועגען עפּעס אַנדערש.

מיר האָבען איינמאָל פאַרבראַכט צוזאַמען אין א געזעלשאַפט. אַלע זיינען דאָן געווען פרעהליך און האָבען א סך געטרונקען, און דער אַקטיאָר איוואַן לאַזאַריעוו, וועלכער איז שוין דאַן געהאַט אוועק פון סטאַניסלאַווסקי'ס טרופּע, האָט זיך אַביסעל צופיל צו־לאָזט מיט קאָמפּלימענטען פאַר קאַטשאַלאָוו'ן. און דאָס איז קאַ־טשאַלאָוו'ן געווען ניט אָנגענעם, און ער האָט אויף א גוטמוטיגען שטייגער אויסגעדרעהט אזוי, אַז ס'זאָל הייסען, אַז דאָס איז ניט מעהר ווי א שפּאַס.

קאַטשאַלאָוו אַליין איז דאַן געווען זעהר גוט אויפגעלעגט; וואָס מעהר ער האָט געטרונקען ביים עסען, אַלץ ריידעוודיגער איז ער געוואָרען, און גערעדט האָט ער דאַן אזוי אינטערעסאַנט און אזוי שעהן, אַז אַלע האָבען זיך געמוזט צוהערען צו איהם. ער האָט דערצעהלט אינטערעסאַנטע עפּיזאָדען פון זיין באַקאַנטשאַפט מיט טשעכאָוו'ן, מיט גאָרקי'ן, און מיט אַנדערע רוסישע שרייבער, און ווען ער האָט דערמאָנט גאָרקי'ס פּיעסע „נאַ דניע" און דעם גרויסען ערפאָלג וואָס זי האָט געהאַט אויף דער בינע, האָט ער דערצעהלט, אַז ווען טשעכאָוו האָט געזעהן גאָרקי'ס „נאַ דניע" און מ'האָט איהם געפרעגט וואָס פאַר א מיינונג ער האָט וועגען דעם שטיק, האָט ער געענטפערט:

— דאָס איז ניט קיין פּיעסע, נאָר א מיטינג פון מענשען, וואָס זאָגען חכמות...

קאַטשאַלאָוו האָט זעהר ליב פּאָעזיע. פון די אַלטע פּאָ־עטען האָט ער מעהר ווי אַלע אַנדערע ליב פּושקינ'ען, און פון די נייע — בלאָק'ן און יעסענינ'ען. ער קען א סך פון זייערע ווערק אויף אויסענווייניג, און ס'איז שווער צו געפינען איינעם וואָס זאָל פאָרלייענען פּאָעזיע אזוי מייסטערהאַפט אזוי ווי קאַטשאַלאָוו. די ווערק פון די דיכטער, וואָס ער האָט ליב, קלינגען נאָך שעהנער ווי זיי זיינען ווען קאַטשאַלאָוו לייענט זיי פאָר. עס וואַקסען אויס פאַר די אויגען בילדער, וואָס מ'האָט פריהער ביים לייענען גאָר ניט געזעהן.

ער האָט דאַן, אויף יענעם אָוונט, וואו מיר האָבען צוזאַמען פאַרבראַכט, פאָרגעלייענט בלאָק'ס גרויסע פּאָעמע „צוועלף", האָט

מען ניט נאָר געזעהן, נאָר אויך געפיהלט דעם גאַנצען כאַאָס, וואָס דער דיכטער האָט געשילדערט אין יענעם ווערק.

„ביי איהם אין האַלז שפּילט אַן אָרקעסטער אַ גאַנצער", — האָט אַמאָל געשריבען וועגען קאַטשאַלאָוו'ן אַ באַרימטער טעאַטער־קענער. און אין יענעם אָווענט, ווען ער האָט פאַרגעלייענט בלאָק'ס פּאָעמע „צוועלף" האָט מען דאָס געקענט זעהן. אַ גאַנצער אָרקעסטער האָט דאַמאָלסט געשפּילט ביי איהם אין האַלז.

די רעוואָלוציע אין רוסלאַנד האָט אַ סך רוסישע קינסטלער פון'ם אַלטען דור, שרייבער און אַקטיאָרען, אַזוי איבערגעבראָכען, אַז זיי האָבען שוין מעהר ניט געקענט זיין דאָס וואָס זיי זיינען געווען פריהער. קאַטשאַלאָוו אָבער איז געבליבען צווישען די, וואָס וואַקסען קינסט־לעריש אויך איצט, און דער נייער רוסלאַנד. ער שפּילט אין דעם נייעם רעפּערטואַר, ער טייטשט אויס קינסטלעריש דעם נייעם רוסי־שען מענשען, און צווישען די עלטערע און אויך צווישען די אינגערע גרויסע רוסישע אַקטיאָרען, פאַרנעמט קאַטשאַלאָוו „דער ווילנער" נאָך אַלץ דעם אויבענאָן. אין מאָסקווע האָט מען איהם ניט נאָר ליב, נאָר מ'פאַרגעטערט איהם איינפאַך. און אַלע מאָל ווען ער טרעט אויף, איז ביי די ליבהאָבער פון טעאַטער אַן אמת'ער יום־טוב.

## זלמן זילבערצווייג.

# די „ווילנער טרופע".



בעת ווילנע איז אין דער צייט פון דער וועלט־מלחמה באזעצט געווארען פון דייטשען מיליטער, איז ביי א קליינעם קרייז ליבהאָבער פון אידישען טעאטער (וועלכער איז דורך די רוסען, בעת דער מלחמה, פאַלשטענדיג פאַר־ווערט געווארען), אנטשטאנען דער געדאנק צו גרינדען אין ווילנע א שטענדיגען אידיש־דראמאטישען טעאטער. צו דעם צוועק האָ־בען איינינע מיטגלידער פון דעם דאָזיגען קרייזעל (ל. שוסטער [קאדיסאָן], פריער א טעטיגער מיטגליד און רעזשיסער אין דער קאָוונער אידישער דראמאטישער געזעלשאפט, יעקב שערמאן, א מיטגליד פון א אידישער דראמאטישער געזעל־שאפט אין ליבאווע און א. אָרליוק [אזרא]) צונויפגערופען א קליי־נע פארזאמלונג פון ליטעראטען און פריינט פון דער אידישער בינע, וועלכע זיינען באלד צוגעטראָטען פארווירקליכען דעם פלאן. און הגם אין אָנהייב זיינען געמאכט געוואָרען שוועריגקייטען מצד דער מאכט (צוליב די באמיהונגען פון אנדערע קרייזען צו באקומען אן ערלויבניש אויף א אידיש טעאטער לויט'ן אַלטען שטייגער), איז דאָך סוף כל סוף, א דאנק איינינע מיטגלידער פון אידישען הילפס־קאָמיטעט (בפרט דר. יעקב ווינאָדסקי און דר. אָלשוואנגער), גע־לונגען צו באקומען אן ערלויבניש צו שפּילען, וועלכע איז גענע־בען געוואָרען אויפ'ן נאָמען פון פראָפעסיאָנעלען אקטיאָר מתתיהו קאָוואלסקי.

אין ווילנע זיינען צו יענער צייט, א חוץ קאָוואלסקי'ן, ניט גע־בליבען קיין פּראָפעסיאָנעלע אידישע אקטיארען. די טרופּע איז דע־ריבער צונויפגעשטעלט געוואָרען פון די „ליבהאָבער" — פרויען: סאָניא עלמית, פרידא בלומענטאל, ר. ריווקין־ריווקינא, פ. קאלען; מענער: ל. קאדיסאָן, אל. אָרליוק (אזרא), שלום טאנין, נח נאכבוש, ש. שניאור, א. לערער, י. שערמאן (המכבי) און פון די אַקטריסעס פון דער רוסישער בינע: יהודית לאַרעס און פּאָליא וואלטער. דער

איינציגער אקטיאָר פון דער אידישער בינע איז געווען מתתיהו קאָ־וואַלסקי. שפּעטער זיינען צו דער טרופּע צוגעקומען דער אקטיאָר פון רוסישען טעאַטער אליהו שטיין און די „ליבהאָבערין" עלא מאַריאַן (המכבי, א. שטיין, מאַריאַן, ריווקין־ריווקינא און ב. קאַלען זיינען שפּעטער, צוליב פאַרשידענע סיבות, אוועק פון דער טרופּע).

די גרופּע האָט זיך אָרגאַניזירט אויף קאָאָפּעראַטיווע יסודות: יעדער אַנטיילנעמער האָט באַקומען אַ געוויסע צאָל „מאַרקען".

די אָנפיהרונג פון טעאַטער איז געלעגען אין די הענט פון אַן אַזוי גערופענעם „לייטענדען אָרגאַן", וואָס זיין צוזאַמענשטעל פלעגט זיך אָפט בייטען. דער „לייטענדער אָרגאַן" פלעגט אויסגעקליבען ווערען פון אַן אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון אַלע מיטגלידער פון דער טרופּע. די ערשטע צייט זיינען אין איהם אריין קאָוואַלסקי, קאַדי־סאָן, שניאור, אזרא און דער געשעפטספיהרער פון דער טרופּע, מ. מאַזאָ.

די ניי־אָרגאַניזירטע גרופּע האָט זיך אַ נאָמען געגעבען „פאַריין פון אידישע דראַמאַטישע אַרטיסטען אין ווילנע אונטער דער לייטונג פון מ. קאָוואַלסקי (פאַ"דא)".

די ערשטע פאָרשטעלונג האָט די טרופּע געגעבען פרייטאָג, דעם 18טען פעברואַר, 1916, אין בנין פון צירק־טעאַטער אויף לוקישקעס. אויפגעפירט איז געוואָרען שלום אַש'ס קאָמעדיע „דער לאַנדסמאַן" (רעזשי — ל. קאַדיסאָן).

די פּרעסע, סיי די אידישע, סיי די דייטשע, האָט זיך וואַרים אָפּ־גערופען וועגען דער פאָרשטעלונג און באַלד געגעבען איהר שטיצע פאַר'ן דאָזיגען טעאַטער

צו דער צווייטער פאָרשטעלונג איז געשפּילט געוואָרען פּרץ הירש־ביין'ס „אַ פאַרוואָרפען ווינקעל" (רעזשי — ל. קאַדיסאָן). דערנאָך זיינען אין משך פון ווינטער סעזאָן 1916 אויפגעפיהרט געוואָרען ה. ד. נאָמבערג'ס „משפּחה", שלום אַש'ס „גאָט פון נקמה", דוד פּינ־סקי'ס „יענקעל דער שמיד", מאַרק אַרנשטיין'ס „דאָס ווילנער בעל־הבית'ל", שלום אַש'ס „יחוס", דוד פּינסקי'ס „די מוטער" און מ. ריוועסמאַן'ס קאָמעדיע „די גליקען" (אַלע: רעזשי — ל. קאַדיסאָן).

די טרופּע האָט אויך איינגעאָרדענט אַ פּורים־אָווענט, אויף וועלכען עס זיינען אויפגעפיהרט געוואָרען די איינאַקטיגע קאָמעדיעס און פאַרסען „דער טעות" (קאַדיסאָן'ס בעאַרבייטונג פון בעל'ס „הער־קולעס"), „די שמעטערלינגען" פון נ. ל. און „די ערשטע פּאַציענ־טען", פון מ. ריוועסמאַן.

אין יענער צייט זיינען צוגעשטאַנען צו דער טרופּע בן־ציון קיט און שמואל שעפּטעל.

דעם ערשטען סעזאָן (1916) האָט די טרופּע געשפּילט אין צירק־

בנין אויף לוקישקעס, פריהער פרייטאָג און שבת, דערנאָך שבת און זונטאָג אָוונט. אָבער הגם די טרופּע פלעגט באַקומען דעם צירק־בנין אומזיסט (כדי אויסצומיידען א רעקוויזיציע פון בנין מצד דעם מיליטער) און האָט נאָר געדאַרפט באַצאָהלען פאַר באַהייצען, זיינען פאַרט די הוצאות געווען גרעסער ווי די הכנסות, אַזוי, אַז סוף ווינטער האָט מען שוין געשפּילט בלויז שבת אין אָוונט (אויסער טיילמאָל א פאַרשטעלונג אין מיטענוואָך, וואָס איז געווען פאַרקויפט צו צדקה־חברות).

צוליב דעם באַשרענקטען באַזוכער־קרייז, האָט מען געמוזט אָפט בייטען דעם רעפּערטואַר און דאָס האָט געשטערט צו אַן ערנסט פאַרטיפען זיך אין די אויפפיהרונגען. א חוץ דעם האָט זיך דער־פיהלט א דוחק אין פּיעסען און מען האָט זיך גענומען אויפפיהרען קלענערע זאכען: שלום אש׳ס „מיט׳ן שטראָם", פּינסקי׳ס „די גליקס־פאַרגעסענע", „מירבאָ׳ס „דער גנב", אַרענשטיין׳ס „דאָס אייביגע ליד", מאַנושעוויטש׳עס מוזיקאַלישע שטיק: „די רייכע ירושה" און אייניגע פאַרשטעלונגען פאַר קינדער: א דראַמאַטיזאַציע פון שלום־עליכם׳ס „גימנאַזיע" און פּרץ׳ס „א דין־תורה מיט׳ן ווינד" (אַלע רעזשיסירט פון ל. קאַדיסאָן), וואָס האָט שיער ניט דערפיהרט די טרופּע צו א קריזיס.

זוכענדיג א מאַטעריעלע רעטונג, האָט מען דעם 26טען מאַי, 1916, אויפגעפיהרט גאָרדין׳ס „גאָט, מענש און טייוועל" (רעזשי — ל. קאַדיסאָן), און הגם די מאַטעריעלע לאַגע האָט זיך מיט דער אויפפיהרונג ניט געבעסערט, האָט אָבער די טרופּע אין משך פון זומער, 1916, באַקומענדיג געצאָהלט א גאַראַנטירטע סומע פון א פּריוואַטער פּערזאָן, כסדר אויפגעפיהרט גאָרדינען: „דער אומבאַקאַנ־טער", „די שבועה", „קרייצער סאָנאַטאַ" און (מיט פּרוי יהודית שערמאַן) „כאַסיע די יתומה" (אַלע: — רעזשי — ל. קאַדיסאָן).

שפּעטער זיינען געשפּילט געוואָרען די איינאַקטערס „טעאָדאָלינ־דע" פון מ. ב. שווייצאַר, „דער דאַמענשניידער", פון נ. ל., א דראַמאַטיזאַציע פון „דער חולה מסוכן", פון ז. וועגדראַף, די־מאָוו׳ס „דער אייביגער וואַנדערער" און „שמע ישראל" און לודוויג פולדא׳ס קאָמעדיע „יוגענד פרוינדע", א״נ „שול־חברים" (איבערזעצט פון קאַדיסאָן, מאַזאַ און אזרא, אַלע — רעזשיסירט דורך ל. קאַ־דיסאָן).

פאַרענדיגט דעם סעזאָן אין צירק־בנין האָט די טרופּע מיט לעאָן קאָברין׳ס דראַמע „יאַנקעל בוילע" (רעזשי — ל. קאַדיסאָן), וועלכע איז דאָ אויפגעפיהרט געוואָרען, און „דער דאָרפס־יונג" און געהאַט א גרויסען ערפאָלג.

איצט האָט די דייטשע מאַכט גענומען ערנסט זיך רעכענען

מיט דער טרופע און איהר איבערגעגעבען דעם שטאָט־טעאַטער, וואו מען האָט אָנגעהויבען שפּילען דעם 10טען נאָוועמבער, 1916. א וואָך שפּעטער איז דאָ אויפגעפיהרט געווארען פּרץ הירשביין'ס „די פּוסטע קרעטשמע" און נאָכדעם טשיריקאָוו'ס „די אידען", קאַדיסאָן'ס איבערזעצונגען פון קריסטיענסען'ס קאָמעדיע „דאלי" און הענרי נאָ־טאַנסאָן'ס דראמע „הינטער מויערען", איינציגע איין־אַקטערס (אַלע — רעזשי: ל. קאַדיסאָן) און סעמיאָן יושקעוויטש'עס „מיזערערא" (רעזשי: אזרא און קאַדיסאָן), וועלכע האָט געהאַט א באַזונדערס גרויסען ערפאָלג און איז שטארק געליבט געווארען פון דער דייטשער פּרעסע.

דעם 24טען פעברואר, 1917, איז געפייערט געווארען דער ערשטער יאָהרטאָג פון דער טרופע, ביי וועלכען א רייהע ווילנער קולטורעלע איסטיטוציעס האָבען געהאַלטען באַגריסונגען. געשפּילט האָט מען שלום עליכם'ס „מענשען", שניצלער'ס „א פּרימאַרגען נאָך אַנאַטאָל'ס חתונה" און פּרץ'ס מאָנאָלאָג „דער משוגענער בטלן".

די טרופּע איז דערווייל פּאָפּולער געווארען אויף דער פּראָווינץ און עס האָבען אָנגעהויבען קומען איינלאַדונגען פאר גאַסטראָלען. אויפ־פיהרענדיג נאָך שלום אש'ס „די יורשים" (רעזשי — ל. קאַדיסאָן), ארציבאַשעוו'ס „איפערזוכט" (רעזשי — א. שטיין) און זודערמאַן'ס „א געשלעג פון שמעטערלינגען" (איב. מ. מאַזאָ, רעזשי — ל. קאַדיסאָן), איז די טרופּע אין מאי, 1917, ארויסגעפאָהרען אויף דער פּראָווינץ און געגעבען א רייהע פאָרשטעלונגען אין קאָוונע, סובאלק, גראָדנע און ביאַליסטאָק, אומעטום מיט ערפאָלג.

אין די גרעסערע שטעט האָבען זיך געפונען נאַציאָנאַל־געשטימטע אידישע אָפיצירען און בעאַמטע פון דער דייטשער און עסטרייכישער אַרמיי, וועלכע האָבען די טרופּע געשטיצט אין יעדער הינזיכט. אידיש־דייטשע קינסטלער און שריפטשטעלער, ווי דער קונסט־מאָלער הערמאַן שטרוק, דער דיכטער אַרנאָלד צווייג א. א., האָבען וועגען דער טרופּע געשריבען באַגייסטערטע ארטיקלען אין דער דייטשער פּרעסע אין דייטשלאַנד, דער דייטשער שריפטשטעלער הער־בערט אוילענבורג האָט פאַרעפענטליכט אין דער דייטשער „די פאָ־סישע צייטונג" א גרויסען לויב־ארטיקעל וועגען דער טרופּע און אין דער אילוסטרירטער ביילאַגע פון דער זעלבער צייטונג זיינען געגעבען געווארען א רייהע בילדער פון די שוישפּילער מיט אן אר־טיקעל פון האַנס גאָסלאַר, אין וועלכען ער שטעלט די טרופּע אין איין רייהע מיט די טרופּעס פון גרויסע אייראָפּייאישע טעאַטערס. א דאַנק דעם זיינען די מיטגלידער פון דער טרופּע באַפרייט גע־

ווארען פון דער דאמאלט פּראקטיצירטער צוואנגס־ארבייט אין די דייטש־באזעצטע געביטען.

די דאָזיגע אנערקענונג און די ווארימע אויפנאַמע מצד דער אידישער אינטעליגענץ אין דער פּראָווינץ האָט דערמוטיגט די טרו־פּע, וועלכע נעמט באַלד אָן די איינלאַדונג צו גאַסטראָלירען (סוכות, 1917) אין ווארשעווער עליזעאום־טעאַטער (אַ דאַנק דער ווארעמער רעקאָמענדאַציע פון אסתר רחל קאַמינסקי, וועלכע האָט געזעהן די טרופּע בעת איהרע גאַסטראָלען איבער דער פּראָווינץ).

די טרופּע, וועלכע איז דאָ, אויפ׳ן פּאָרשלאָג פון ה. ד. נאָמ־בערג, עטאַבלירט געווארען אלס „ווילנער טרופּע", איז פון דער ווארשעווער אידישער פּרעסע אויפגענומען געוואָרען מיט באַגייסטע־רונג. געשפּילט האָט מען דעם אַלטען רעפּערטואַר, אין וועלכען ס׳איז אויך אויפגעטראָטען די שוישפּילערין לאה נעמי, וועלכע איז שוין פּארבליבען אין דער טרופּע. דאָ איז אויך אריין אין דער טרופּע דער רעזשיסער דוד הערמאַן, וועלכע האָט באַלד אויפ־געפיהרט פּרץ הירשביין׳ס „די נבלה".

פון ווארשע פּאָהרט די טרופּע קיין לאָדז, וואו זי שפּילט מיט אַ גרויסען ערפאָלג. צו דער געלעגענהייט ווערט אויך ארויסגעגעבען אַ ספּעציעל זאמעלהעפט, „די ווילנער אין לאָדז" (לאָדז, מערץ, 1918), מיט איבערגעדרוקטע רעצענזיעס פון דער פּרעסע און ספּעציעל גע־שריבענע ארטיקלען. נאָך גאַסטראָלען אין נאָך איינינע שטעט פון פּוילען, פאָהרט די טרופּע אויף אָפּרוה קיין קאַזשימיערזש, וואו עס טרעטען אריין אין דער טרופּע די אָנפאַנגער נאַרוויד, שידלאָ, בעלא בעלערינא, מרים ווײַדע און מרים שיק. געבענדיג איינינע פּאָרשטע־לונגען אין לובלין, פּאָהרט די טרופּע צוריק קיין לאָדז, וואו זי פיהרט אויף טאָלסטאָי׳ס „די מאַכט פון פינסטערניש" (רעזשי — ל. קאַדיסאָן) און אַנדרעיעוו׳ס „די טעג פון אונזער לעבען" (רעזשי — א. אזרא און ל. קאַדיסאָן).

דערווייל איז אויסגעבראָכען די דייטשע רעוואָלוציע און די דייטשע ארמיי האָט אָנגעהויבען פּאַרלאָזען די אָקופּירטע געביטען. צוליב מורא צו ווערען אָפּגעריסען פון ווילנע, בפרט אָבער צוליב חלוקי־דעות אין דער טרופּע גופא, זיינען אזרא און עלמית אַפּגע־פּאָהרען קיין ווילנע, וואו זיי האָבען געגרינדעט דאָס דאָרטיגע אי־דישע מלוכה־טעאַטער. די „ווילנער טרופּע" ווידער איז אַפּגע־פּאָהרען קיין ווארשע, וואו ס׳זיינען צו איהר צוגעקומען מרים אר־לעסקא, אייכען (דעמבסקי) און יעקב גערטלער און אַנדערע. פון א. אייזענבערג׳ן איז אין קאַמינסקי׳ס טעאַטער אויפגעפיהרט געווארען הויפּטמאַן׳ס „הענשעל פּורמאַן" (איבערז. ה. ד. נאָמבערג, רעזשי — דר. מ. ווייכערט). דאָ טרעט אריין אין דער טרופּע דער רוסיש־

אידישער אַקטיאָר לעאָניד סניעגאָוו, וועלכער פיהרט אויף און שפּילט אין סטרינדבערג'ס „דער פאַטער", סורגוטשאָוו'ס „הערבסט־פידלען" (איב. ל. קאַדיסאָן), טשעכאָוו'ס „אָנקעל וואניא" און גאָרקי'ס „אויפ'ן אָפּגרונד" (איב. מ. מאַזאַ און ל. קאַדיסאָן). שפּעטער באַטייליגט זיך אויך אין די פּיעסען די רוסיש־אידישע אַקטריסע אסתר אָרזשעווסקאַיאַ. ביידע פאַרלאָזען באַלד די טרופּע.

די טרופּע געהט איצט איבער אויף קאָאָפּעראַטיווע יסודות, אין עליזעאום־טעאַטער און אונטער דער רעזשי פון דוד הערמאַן ווערען אויפגעפיהרט הירשביין'ס „דער תקיעת־כף" (אין וועלכער עס באַטייליגט זיך אויך דער ניי־צוגעקומענער הערץ גראָסבארד) און שניצלער'ס „ליבעליי". דערנאָך ווערען אויפגעפיהרט, אונטער דער רעזשי פון ל. קאַדיסאָן, וויַיטער'ס „דער שטומער", יושקעוויטש'עס „אין שטאָט" (איב. ל. קאַדיסאָן), מאַקס דרייער'ס „ווינטער־שלאָף" (איב. ל. קאַדיסאָן) און פּ. בימקאָ'ס „גנבים" אין וועלכער עס באַטייליגט זיך די ניי־צוגעקומענע קלאַראַ סעגאַלאָוויטש.

אזרא מיט זיין טרופּע (אזראַ, עלמית, אברהם טייטעלבוים, שלמה קאָן, יוסף בולאָוו, ח. שערמאַן [יהודית] א. אַ.) האָבן געשפּילט אין ווילנע ביז אַפּריל, 1919, ווען דאָס פּוילישע מיליטער האָט פאַרנומען די שטאָט. סוף 1919 האָט אין ווילנע זיך געגרינדעט אַ אידישע טעאַטער־געזעלשאַפט, וועלכע האָט אָרגאַניזירט אַ טרופּע מיט עלמית, ראָזאַ בירנבוים, אזראַ, לייזער זשעלאָזאָ און אייניגע אָרטיגע „ליבהאָבער". דאָ איז אין משך פון אייניגע חדשים אויפגעפיהרט געווארען (אונטער מ. עלקין'ס רעזשי) „די וואַנט", פון ז. סעגאַלאָוויטש, א. וויַיטער'ס „אין פייער" און „אַן אומגליק" און (אונטער אזראַ'ס רעזשי) די פאָרשטעלונג פאַר קינדער: אָסקאַר וואַיילד'ס „דער גליקליכער פּרינץ", מאָליער'ס „זשאָרזש דאַנדען" און נאָמבערג'ס „די משפּחה".

אין זומער, 1920, פאַרבעט די ווילנער טעאַטער געזעלשאַפט אַלס רעזשיסער דוד הערמאַנ'ען און די אַקטיארען פון דער „ווילנער טרופּע": שניאור, נאָרוויד, שידלאָ און גערטנער. אָבער, צוליב דער באָלשעוויסטישער אינוואַזיע, איז צו קיין נייער אויפפיהרונג ניט געקומען. שניאור, זשעלאַזאָ און בירנבוים זיינען צוריק געקומען קיין ווארשע און די לעצטע צוויי זיינען ווידער אריין אין דער דאָרטיגער „ווילנער טרופּע", בעת נאָרוויד, שידלאָ און גערטנער זיינען, נאָכ'ן צוריקטרעטען פון באָלשעוויסטישען מיליטער, אַוועקגעפאָהרען קיין מאָסקווע. אזראַ און עלמית זיינען אַוועק קיין קאָוונע, וואו זיי שפּילען אַ קורצע צייט און פאָהרען פון דאָרט קיין בערלין, וואו זיי גרינדען דאָס „אידישע קינסטלער טעאַטער".

די טעאַטער־געזעלשאַפט אין ווילנע האָט דערוויַיל אויפגעהערט

צו עקזיסטירען. דוד הערמאַן איז צוריק אַריינגעטראָטען אין דער וואַרשעווער „ווילנער טרופּע" און באַלד נאָך איהם די אַקטיאָרען אַברהם מאָרעווסקי, א. שטיין, חוה בראַז, יוסף בולאָוו, יוסף קאַמיען און דער „ליבהאָבער" יעקב וויסליץ. די טרופּע פיהרט איצט אויף דימאָוו'ס „שמע ישראל", אַנדרעיעוו'ס „דער וואָס קריגט די פּעטש" (איב. א. מאָרעווסקי), „דאָס נייע געטאָ" פון דר. הערצל און „יאָהאַנעס-פייערען", פון הערמאַן זודערמאַן (איב. זלמן זילבערצווייג. אַלע פּיעסען רעזשיסירט דורך א. מאָרעווסקי).

אין טאָג פון די שלושים נאָך ש. אַנסקי (9טען דעצעמבער, 1920) ווערט אויפגעפיהרט זיין פּיעסע „דער דיבוק" (רעזשי — דוד הערמאַן). די דאָזיגע אויפפיהרונג איז געווען א ריזיגער ערפאָלג. די פּיעסע איז געשפּילט געוואָרען הונדערטער מאָל ביי פולע הייזער און איז באַזוכט געוואָרען אויך פון דער פּוילישער אינטעליגענץ און אפילו פון דער אידישער אָרטאָדאָקסישער באַפעלקערונג. אין דער אויפפיהרונג האָבען זיך אויך באַטייליגט דער ניי-צוגעקומענער א. סלאָבאָדסקי און דער „ליבהאָבער" יצחק קאָוונער (קאַדיסאָן).

דעם 27טען מערץ, 1921, האָט די טרופּע אויפגעפיהרט שלום אַש'ס „אַמנון און תמר" און „דער זינדיגער" (רעזשי — מ. עלקין). דעם 14טען אַפּריל, 1921, האָט די טרופּע איינגעאָרדענט א קאָלעקטיווע פאָרלעזונג מיט מוזיק-באַגלייטונג פון ז. סעגאַלאָוויטש'עס „די וואַנט". דעם 29טען נאָוועמבער, 1921, איז אויפגעפיהרט געוואָרען אַנסקי-קאַציזנעס „טאָג און נאַכט" (רעזשי — ל. קאַדיסאָן).

דעם 3טען פעברואַר, 1922, האָט ל. קאַדיסאָן אויפגעפיהרט שלום עליכם'ס קאָמעדיע „שווער צו זיין א איד", און דעם 23טען פעברואַר, 1922, איז אויפגעפיהרט געוואָרען גוצקאָוו'ס „אוריאל אַקאָסטאַ" (איב. און רעזשיסירט — אַברהם מאָרעווסקי). שפּעטער האָט מען נאָך אויפגעפיהרט לייוויק'ס „שמאַטעס" (רעזשי — ל. קאַדיסאָן, יצחק קאַצענעלזאָן'ס „קאַריקאַטורען" (רעזשי — א. שטיין) און מען האָט זיך געגרייט אויפצופיהרען פּרץ'ס „ביינאַכט אויפ'ן אַלטען מאַרק" (אין דער בעאַרבייטונג פון דר. יצחק שיפּער), אָבער אינמיטען איז די טרופּע אַרויסגעפאָהרען אויף גאַסטראָלען אין לאָדז און איבער א רייהע אַנדערע שטעט פון פּוילען. צוריקגעקעהרט אין וואַרשע, האָט די טרופּע נאָך געשפּילט אין קאַמינסקי'ס טעאַטער, און לאָזט זיך באַלד ווידער אַוועק אויף א טורנעע איבער גאַליציע און פון דאָרט קיין וויען, וואו זי שפּילט זעקס חדשים אין ראָלאַנד טעאַטער און פאָהרט ווידער גאַסטראָלירען איבער גאַליציען. דאָ נעהען איבער א טייל מיטגלידער צו אזרא'ן און דער פאַרבליבענער טייל פאָהרט קיין רומעניע.

די געזעלשאַפט, וועלכע אזרא האָט געגרינדעט אין בערלין (הער-



די ווילנער טרופּע פאָטאָגראַפירט אין וויען אין 1922.

די ערשטע רייהע פון אויבען, פון רעכטס צו לינקס: וויסליץ, חנה קאַדיסאָן, י. בולאָוו, ארלעסקא, לאַרעס (זי איז געשטאָרבען).

צווייטע רייהע: קאָן, לייב קאַדיסאָן, פּאָלאַ וואלטער, מאזאה (די-רעקטאָר), ליובא קאַדיסאָן און נאַכבוש.

דריטע רייהע: קאָוואלסקי, קאמען, בוזגאן.

פערטע רייהע: שעפּטעל, טאַנין, בראז, שטיין.

מאַן שטרוס, דר. ס. גראַנעמאַן, האַנס גאָסלער, אַרנאָלד צוויג א. אַ.), צו וועלכער עס זיינען אויך צוגעצויגען געוואָרען די רעזשיסערס און אַקטיאָרען העברי גאַלען און זשאַן גאַטאָפּט, האָט געדונגען אַ טעאַ־טער אויף קאָמענדאַנטען שטראַסע אין בערלין און האָט באַפּולמעכטיגט אזרא'ן צונויפצושטעלען אַ טרופּע, צו וועלכער עס זיינען פאַרבעטען געוואָרען: דוד הערמאַן, שניאור, זשעלאַזאָ, ראַזאַ בירנבוים (וועל־כע זיינען ארויס פון דער „ווילנער טרופּע"), בעלאַ בעלערינאַ, פּרי־דאַ בלומענטאַל, הערץ גראָסבאַרד, משה פעדער, דוד האַמבורגער א. אַ.

די טרופּע, וועלכע איז טיילמאָל אָנגעגאַנגען אלס „ווילנער טרופּע", האָט אָנגעהויבען שפּילען אין בערלין אין סעפּטעמבער, 1921, און האָט אין משך פון אכט חדשים אויפגעפיהרט הירשביין'ס „די פּוסטע קרעטשמע", אנסקי'ס „דער דיבוק" און נאָך איינינע פּיעסען פון הירשביין, פּינסקי א. אַ.

נאָך בערלין האָט די טרופּע געמאַכט אַ גרעסערען טורנעע איבער דייטשלאַנד (לייפּציג, האַמבורג, קעלן, פראַנקפורט, כעמניץ א. אַ.), האָלאַנד, בעלגיע, פראַנקרייך און ענגלאַנד, וואו זי האָט געשפּילט ביז פעברואַר, 1923.

אין מאַי, 1923, ווערט די טרופּע רעאָרגאַניזירט און עס טרע־טען אין איהר אריין: נח נאַכבוש, שלום טאַנין, מ. קאָוואַלסקי, פּאָלאַ וואַלטער, לאה נעמי, מרים ווײַדע, וואָלף זילבערבערג, בעטי דאַלסקאַ, משה פעדער א. אַ. פאַרברענגענדיג עטליכע חדשים אין האַרצבורג אויף איינצושטודירען נייעם רעפּערטואַר, פאָהרט די טרופּע קיין האָלאַנד און בעלגיע, און פון דאָרט ווערט זי פאַרבעטען דורך באָרים טאָמאַשעווסקי קיין אַמעריקע.

כדי צו דערגאַנצען די טרופּע, פון וועלכער עס זיינען ארויס זילבערבערג און דאַלסקאַ, ווערען ספּעציעל פאַר אַמעריקע, צוגעצויגען שניאור, זשעלאַזאַ און בעלערינאַ.

קיין אַמעריקע איז די „ווילנער טרופּע" געקומען אין פאָלגענדיגען באַשטאַנד: אזרא, בעלערינאַ, בלייפער, יוסף גרינבערג, ווײַדע, ווי־טאַלינאַ, וואַלטער, זשעלאַזאַ, טאַנין, לובאָצקי, נעמי, נאַכבוש, עלמית, פעדער, קאָוואַלסקי, און שניאור. דעם 29טען יאַנואַר, 1924, האָט די טרופּע אָנגעהויבען שפּילען אין ניו יאָרק אין נאָראַ בעיס טעאַטער (אויף בראָדוויי און 44טע סטריט). דער רעפּערטואַר איז באַ־שטאַנען פון די אין אייראָפּע שוין געשפּילטע פּיעסען.

עטליכע חדשים שפּעטער האָט די טרופּע זיך געלאָזט אויף אַ טורנעע איבער אַמעריקע. נאָכדעם ווי עס טרעטען ארויס שניאור און בעלערינאַ און עס קומען צו לייב און חנה קאַדיסאָן און ר. וועגדאָרף, מאַכט די טרופּע אַ צווייטען טורנעע איבער אַמעריקע, בעת וועלכען זי שפּילט זעקס חדשים אין לאָס אַנדזשעלעס, שפּעטער

ווידער איבער דער פּראָווינץ, אין ניו יאָרק און אין שיקאַגאָ, וואו, צוליב, יוניאָן־באַדינגונגען, טרעט זי אַריין אין גליקמאַן'ס טעאַטער צו שפּילען נאָר צוויי מאָל אין וואָך. דאָ ווערט אויפגעפיהרט „דער לופט־מענש" פון ס. יושקעוויטש (איב. און רעזשי — ל. קאַדיסאָן), לעאָן זאָלאָטקאָף'ס פּיעסע „דער ביטערער טראָפּען" און אברהם גאָלדפאַדען'ס „ביידע קוני־לעמעל" (ביידע רעזשי — ל. קאַדיסאָן).

נאָך גאַסטראָלען אין קליוולאַנד און דעטראָיט, קערט די טרופּע צוריק קיין ניו יאָרק, וואו אזרא נעמט איבער די דירעקציע פון דער טרופּע און עפענט מיט איהר דעם ניו יאָרקער ליפּצין־טעאַטער (פאַר דעם סעזאָן 1926-27). דאָס פּערסאָנאַל באַשטייט פון: אזרא, וואָל־טער, ווענדאָרף, לובאַצקי, טאַנין, פּעדער, לייב און חנה קאַדיסאָן, נעמי, שיגאָרין און פון די מיטגלידער פון דער אידישער אַקטיאָרען־יוניאָן אין אַמעריקע: עני שאַפּיראָ, יצחק בליפעלד, משה זילבער־שטיין און איציק הערשקאָוויטש (סופלער).

דאָס טעאַטער ווערט געעפענט דעם 3טען סעפּטעמבער, 1926, מיט אַל. טאָלסטאָי'ס און פּאַוועל שטשעגלאָוו'ס פּיעסע „ראַספּוטין און די צאַריצא" (איב. און בעאַרבייט מ. אַשעראָוויטש, רעזשי — ד. ס. מאַנקע, דעקאָראַציעס — פּאַשקאָ). דעם 22טען סעפּטעמבער, 1926, ווערט אויפגעפיהרט קאַדעלבורג'ס קאָמעדיע „דער שווארצער פלעק" (איב. ל. קאַדיסאָן, רעזשי — י. שיגאָרין און ל. קאַדיסאָן), דעם 22טען אָקטאָבער, 1926, — לואי מילער'ס דראַמע „אָהן אַ הארץ" (רעזשי — ל. קאַדיסאָן, אונטער דער אויפזיכט פון דעם מחבר) און, נאָכדעם ווי אזרא און עלמית ציהען זיך צוריק פון דער טרופּע, טרעט דאָרט אויף דזשעניע וואַליער אין איהר רעפּערטואַר. שפּעטער ווערען נאָך געשפּילט איינינע גאָרדין־פּיעסען (אין וועלכע עס באַטייליגען זיך אויך ווערא לובאָווא) און די טרופּע פאָהרט ארויס איבער דער פּראָווינץ.

פאַר'ן סעזאָן 1928-29 אָרגאַניזירט זיך די טרופּע קאָאָפּעראַ־טיוו מיט פאָלגענדיגען פּערסאָנאַל: ראָזא בירנבוים, בערגרין, ווענ־דראָף, זשעלאָזא, העלען זשעליגסקאַ, משה טיימאַן, נעמי, נעראָס־לאַווסקאַ, נאַכבוש, לייב און חנה קאַדיסאָן און די מיטגלידער פון „קונסט־רינג": קאָלקער, קאָהן, און זי נעמט איבער דאָס איני־טימע טעאַטער אין בראָנקס, וועלכען זי עפענט דעם 12טען אָקטאָבער, 1928, מיט ב. עפּעלבוים'ס „גרואַנגעל, אַ שפּיל אין דריי אַקטען און זיבען בילדער" (רעזשי — יעקב מעסטעל און יעקב בן־עמי, דעקאָראַציעס — מ. זאָלאָטאַראָוו, מוזיק — א. עלשטיין), שפּעטער ווערט געשפּילט דעפּערטואַר און דעם 13טען דעצעמבער, 1928, ווערט אויפגעפיהרט חנא גאָטעספעלד'ס קאָמעדיע „פּרנסה" (רעזשי — ל. קאַדיסאָן), וואָס ווערט געשפּילט ביז סוף סעזאָן.

זומער, 1929, שפּילט די טרופּע איבער די ניו יאָרקער אידישע טעאַטערס און אין דער פּראָווינץ.

דעם סעזאָן 30־1929 שפּילט די טרופּע אין בראָנקסער אמע־ריקאַ־טעאַטער מיט פאָלגענדיגען פּערסאָנאַל: יוסף בולאָוו, באַרזעל, בירנבוים, וואַנדראַף, טיימאַן, נעמי, נעראָסלאַווסקאַ, נאַכבוש, פּעדער, ליבע, חנה און ליובאַ קאַדיסאָן. דעם 1טען נאָוועמבער, 1929, ווערט דאָ אויפגעפיהרט פראַנטשישעק לאַנגער'ס פּיעסען „פּעריפעריע" און „מאָרד" (איב. — ליובאַ קאַדיסאָן), דעם 10טען דעצעמבער, 1929 — א. קאַציזנע'ס פּיעסע „דער דוכוס" אין יוסף בולאָוו'ס בעאַר־בייטונג און „דער גר־צדק" (דעק. — ל. קאַדיסאָן), דעם 31טען יאַ־נואַר, 1930 — לודוויג פולדאַ'ס קאָמעדיע „יוגענד פרוינדע" און „אַלטע בחורים", און דעם 28טען פעברואַר, 1930 — א רעוויו פון פאָלקס לידער און סצענעס און „דער רעגענבויגען" (אַלע רעזשי — י. בולאָוו). נאָכדעם ווערט די טרופּע פאַקטיש צופאַלען.

זומער, 1923, איז דער אייראָפּייאישער טייל פון דער „ווילנער טרופּע" (ליבע, חנה און ליובאַ קאַדיסאָן, א. שטיין, י. בולאָוו, י. טאַרלאָ, א. סאַמבערג, העלענאַ גאָטליב, י. וויסליץ, מ. אָרלעסקאַ, י. קאַמיען, י. לאַרעס, ח. שניאור, ח. בראַז א. אַ.) אָנגעקומען אין רו־מעניע, וואו זיי שפּילען פון 1טען יולי ביז דעם 9טען סעפּטעמבער, 1923, אונטער דער דירעקציע פון י. גאָלדענבערג אין בוקאַרעסטער גאַרטען זשיגניצע. דאָ האָט סאַמבערג אויפגעפיהרט שלום אַש'ס „מאָטקע גנב" און שלום עליכם'ס „דאָס גרויסע געווינס". דערנאָך האָט די טרופּע ביז סוף דעצעמבער גאַסטראָלירט אין גאַלאַץ, יאַסי, טשערנאָוויץ, בעלץ און קעשענעוו און איז בערך פעברואַר, 1924, אויף דער איינלאַדונג פון טשערנאָוויצער אידישען טעאַטער־פאַראיין, וואָס האָט זיך אונטערגענומען צו שטיצען די טרופּע, צוריקגעקו־מען אויף א לענגערען גאַסטראָל אין טשערנאָוויץ, וואו עס איז אויפ־געפיהרט געוואָרען ה. בערגער'ס קאָמעדיע „דער מבול" (איב. זלמן זילבערצווייג, רעזשי — א. סאַמבערג און ל. קאַדיסאָן, דעק. — קאַ־דיסאָן). אָבער צוליב די אויסגעבראָכענע אַנטיסעמיטישע אומרוהען איז דער טרופּע פאַרווערט געוואָרען צו שפּילען. „די טרופּע האָט זיך — לויט חיים געלער — אַרומגעדרעהט וואָכענלאַנג אין טשערנאָ־וויץ אָהן אַרבייט. עטליכע מיטגלידער האָבען זיך באַצייטענס אַרומ־געזעהן און אַוועק אין דער וויטער וועלט. דער רעשט האָט זיך געלאָזט אין די קלענערע פּראָווינץ־שטעט, וואו מען האָט נאָך ניט דערשמעקט דעם פאַרבאָט".

זומער, 1924, קערט צוריק די טרופּע (פון וועלכער ס'זיינען אַרויסגעטראָטען ליבע און חנה קאַדיסאָן) קיין בוקאַרעסט, וואו זי שפּילט ביז דעם 14טען סעפּטעמבער, 1924, אין זשיגניצע. דאָ האָט

אויך סאמבערג אויפגעפיהרט מאָליער׳ס „דער קארגער" (איב. א. איינהאָרן) און פארלאָזט די טרופע. צוליב דעם שוואכען מאטע־ריעלען ערפאָלג ציהט זיך גאָלדענבערג צוריק פון דער דירעקציע איבער דער טרופע און נאָכדעם ווי בולאָוו, ליובא קאדיסאָן און ח. שניאור טרעטען ארויס פון דער טרופע, פאהרען די איבריגע אויף דער פּראָווינץ, אָבער באלד קומען צוריק בולאָוו און ליובא קאדיסאָן און די טרופע הייבט אָן ווידער שפּילען אין בוקארעסט אין צענטראַל־טעאַטער (דיר. סאנדוי). דאָ פיהרט אויף דער צוגעקומענער רעזשיסער בעלאַ דאניעל דוד פּינסקי׳ס „דוד המלך און זיינע ווייבער" און מאָליער׳ס „זשאָרזש דאנדען", און דערנאָך, צוזאמען מיט בולאָוו, א רעווי־פּראָגראם. דאניעל פארלאָזט די טרופע און בולאָוו פיהרט אויף זיינע און י. שטערענבערג׳ס בעאַרבייטונג פון א. דימאָוו׳ס „דער זינגער פון זיין טרויער" (דעק. — רובין און באראָן לעוועגדאל), וועלכע האָט אן אויסערגעוועהנליכען ערפאָלג.

דער סעזאָן איז פארענדיגט געווארען מיט א. שטיין׳ס און י. שטערענבערג׳ס אויפפיהרונג פון ל. נ. טאָלסטאָי׳ס „דער לעבעדיגער מת".

זומער, 1925, איז די טרופע ארומגעפאָהרען איבער דער פּראָ־ווינץ מיט דימאָוו׳ס פּאָפּולער געווארענער פּיעסע „דער זינגער פון זיין טרויער".

צום סעזאָן 1925-26 האָט אין בוקארעסט זיך געגרינדעט א גע־זעלשאפט אויפצוהאַלטען די „ווילנער טרופע", וועלכע האָט בעדארפט, צוליב לאָקאלע טעמים, ענדערען איהר נאָמען אויף „דראמע און קאָ־מעדיע". אלס קינסטלערישער לייטער איז אנגאזשירט געווארען דער דיכטער יעקב שטערענבערג. עס זיינען אויך צוגעקומען די אקטיארען שמחה נאטאן, נעמי לעוועגטאל־נאטאן און ש. אירים. גע־עפענט דעם סעזאָן האָט מען מיט א. קאַציזנע׳ס פּיעסע „דער דוכוס", אויפגעפיהרט דורכ׳ן מחבר (דעקאָראציעס — ארטור קאָלניק). דער־נאָך האָט שטערענבערג אויפגעפיהרט גאָגאָל׳ס „חתונה" (דעק. — באַ־ראָן לעוועגדאל) און א. שטיין — יעווריעאינאָוו׳ס „דער עיקר" (איב. ש. אירים). אָבער די גרויסע קאָסטען פון די אויפפיהרונגען און דער שוואכער באזוך פיהרען צו א באנקראָט פון דער געזעלשאפט. די טרופע ווערט ווידער זעלבסטשטענדיק און קעהרט צוריק צו איהר פירמע „ווילנער טרופע". דאָ פיהרט אויף י. בולאָוו זיין בעאַרביי־טונג פון זשולאַווסקי און אַש׳ס „שבתאי צבי" (דעק. — מאַקסים, מוזיק — שווארצמאַן) און די טרופע לאָזט זיך ווידער איבער דער פּראָווינץ, באזוכענדיג צום ערשטען מאָל טראַנסילוואַניע, וואו זי באגעגענט זיך מיט איסורים פון די אידישע כלי־קודש צו באזוכען איהרע פאָרשטעלונגען. נאָכדעם ווי יוסף בולאָוו און ליובא קאַדיסאָן

פאָהרען אָפּ קיין אַמעריקע, קעהרען זיך צוריק די מיטגלידער קיין בוקארעסט, וואו זיי שפּילען א קורצע צייט און פאָהרען פון דאָרט קיין טשערנאָוויץ, וואו א. שטיין פיהרט אויף ל. אנדרעיעוו׳ס פּיעסע „דער געדאַנק״ (איב. — נתן זילבערצווייג). אין אפּריל, 1926, ווערט דאָ אויפגעפיהרט די פּיעסע „דער דעטעקטיוו״ פון ראמולוס וואינעסקו (איב. דר. שלמה ביקל), וועלכע רופט ארויס א סקאנדאל צוליב דעם וואָס איהר מחבר איז דער פאָרשטעהער פון דער אָרטיגער געהיים־פּאָליציי. שטיין און אַנדערע מיטגלידער טרעטען ארויס פון דער טרופּע און די איבעריגע קעהרען צוריק קיין פּוילען, וואו זיי שפּילען צוערשט איבער דער גאַליציאַנישער פּראָווינץ, דערנאָך אין לעמבערג אין זאַל פון אוקראַאינישען טעאַטער.

די טרופּע איז דעמאָלט באַשטאַנען פון מרים אָרלעסקאָ, חוה אייזען, בראקארזש, דוד הערמאַן, רחל האָלצער, האבער, יעקב און יוכבד וויסליץ, וויינשטאַק, מ. מאזאה, אברהם מאָרעווסקי, נעמי און שמחה נאַטאַן, י. קאמיען און נאַדיא קארעני. אויפגעפיהרט האָט מען: דעם 12טען אויגוסט, 1927, „דער „נסיון, דראַמאַטיש מעשה־לע אין 4 אַקטען פון יעקב פּרעגער, רעזשי — דוד הערמאַן״, אין אָקטאָבער, 1927 — „יהודית און הולפרנוס״ (רעזשי ד. הערמאַן), שפּעטער „די אונטער וועלט (פּעריפעריע), דראַמע אין 4 אַקטען פון פראַנטשישעק לאַנגער (רעזשי — יעזשי וואַלדען, דעק. — פּריץ קליינמאַן, קאָמפּ. — מ. האָניגשטאָק)״ און וויספּיאַנסקי׳ס „ריכטער״.

פון לעמבערג פאָהרט די טרופּע קיין קראָקע און פון דאַנען קומט זי אין ווארשע, וואו זי הייבט אָן שפּילען דעם 22טען מערץ אין עליזעאום־טעאַטער מיט פאָלגענדיגען פּערסאָנאַל: מרים אָר־לעסקא, דוד בירנבוים, העלענא גאָטליב, אסתר גאָלדענבערג, זלמן הירשפעלד, יעקב וויסליץ, רות טאָרן, דוד ליכט, יעקב מאַנסדראָף, נעמי און שמחה נאַטאַן, א. סאַמבערג, יוסף און דינה קאַמיען, יעקב קורלענדער, בת־שבע קרעמער, אסתר ראַפּעל, פּערל רות און שמואל שעפטעל. דעם 2טען מאי, 1928, ווערט דאָ אויפגעפיהרט „קידוש השם״ פון שלום אַש, צונויפגעשטעלט פאַר דער בינע אין 25 בילדער און רעזשיסירט דורך מיכאל וויכערט, דעקאָראַציעס און קאָסטיומען פון וו. וויינטרויב, מוזיק פון הענעך קאָהן, טענץ און פּלאַסטיק בעארבייט דורך די שוועסטער ראָם, כאָראַלע און מאַסן־סצענעס — פּאָלקס כאָר פון מ. שניאור״.

דעם 14טען אויגוסט, 1928, איז דאָ אויפגעפיהרט געוואָרען „די ווייבערישע קניפּלעך — אַן אַלטע אידישע קאָמעדיע אין 3 אַקטען מיט א פּראָלאָג, מיט מוזיק און געזאַנג פון לודוויג (לייבוש) לעווינזאָן (לעוויזאָן), אינסצעניזאציע און רעזשי — דוד הערמאַן,

דעקאָראַציעס און קאָסטיומען — וו. וויינטרויב, מוזיק — בעאר־בייט פון קומאַק".

אָקטאָבער, 1928, איז דאָ אויפגעפיהרט געוואָרען פּרץ'ס „ביי־נאכט אויפ'ן אַלטען מארק, אינסצעניזאציע און רעזשי — דוד הער־מאַן, דעק. — וו. וויינטרויב, מוזיק — יוסף קאַמינסקי, טענץ — לאה ראָטבוים".

סעפּטעמבער, 1928, גאסטראָלירט אברהם טייטעלבוים און פיהרט אויף די „תאווה אונטער די אולם-בוימער פון יודזשין אָ'ניעל, אידיש — אברהם טייטעלבוים, דעק. י. שליוניק".

אין נאָוועמבער, 1928, פאָהרט ארויס די טרופּע אויף א קורצען גאסטראָל איבער איינינע שטעט פון פּוילען און שפּילט אויך, צום ערשטען מאָל זייט דער גרינדונג פון דער טרופּע, אין ווילנע, וואו די געזעלשאפט „פריינט פון אידישען טעאטער אין ווילנע" גיבען ארויס דעם 4טען דעצעמבער, 1928, לכבוד דער טרופּע, א ספּעציעל פלוג-בלאט „אונזער בינע".

דעם 18טען דעצעמבער, 1928, הייבט אָן די טרופּע צוריק שפּילען אין ווארשע און אין דעצעמבער, 1928, ווערט דאָ אויפגעפיהרט „דער כשוף-קרייז, שפּיל אין 4 אַקטען (5 בילדער) נאָך דעם כינעזישען פון קלאַבונד, אידיש — משה לייב האַלפּערן, רעזשי — אברהם טיי־טעלבוים, דעק. — וו. וויינטרויב."

דעם 6טען פעברואר, 1929, ווערט אויפגעפיהרט וו. קאַטאַיעוו'ס „מאַן ווייב און רעוואָלוציע (די קוואדראַטור פון ראָד), אידיש מ. מ. רעזשי — דוד הערמאַן" און אין פעברואר — „שיילאָק (דער סוחר פון ווענעדיק), ספּעקטאַקל אין 4 אַקטען פון וויליאם שעקספּיר, איבער־זעצט פון ישראל שטערן און מארק ראַקאָווסקי, אינסצעניזאציע און רעזשי — מיכאל וויכערט, דעק. און קאָסט. — וו. וויינטרויב, מוזיק — ה. קאָהן, טענץ און פּלאַסטיק — ד'אַגע".

דאָ טרעט ארויס פון דער טרופּע א. סאַמבערג און עס טרעטען צוריק אריין יוסף קאַמיען און דינה קאַמיען (קעניג). צוליב די הויכע שטייערען און אַנדערע מניעות פאַרלאָזט די טרופּע דעם 9טען מאי, 1929, ווארשע און פאָהרט אויף א טורנעע איבער קראָקע, לאָדז, ראַדאָם, לובלין, גאַליצישע פּראָווינץ און ביאַליסטאָק, וואו עס ווערט דעם 10טען נאָוועמבער, 1929, אויפגעפיהרט „אידען-שטאָט, דראַמע אין 3 אַקטען מיט א פּראָלאָג פון אהרן צייטלין, אינסצעניזאציע און רעזשי — דר. מיכאל וויכערט, דעקאָראַציעס און קאָסטיומען — וו. וויינטרויב, מוזיק און כאָרן — הענאָך קאָהן, פּלאַסטישע בע־ארבייטונג — לאה ראָטבוים."

בעת די ווייטערדיגע גאסטראָלען שפּילט די טרופּע ווידער אין לאָמזשע, באַראַנאָוויטש, ווילנע, גראָדנע און ביאַליסטאָק, צוגריי־

טענדיג די אויפפיהרונג פון ליפשיץ'ס „הערשעלע אָסטראָפּאָלער" און לייוויק'ס „דער גולם".

---

די אויבענדערמאָנטע געשיכטע פון דער „ווילנער טרופּע" דער־גרייכט ביז צום יאָהר 1930.

ליידער האָב איך נאָך נישט צוגעגרייט אַזאַ אויספיהרליכע אָפּ־האַנדלונג וועגען דער ווייטערדיגער טעטיגקייט פון דער „ווילנער טרופּע".

בקצור וויל איך נאָר דאָ פאַרצייכענען, אַז זי האָט כסדר גע־ביטען איהר פּערסאָנאַל. פון די אַלטע גרינדער און ערשטע כחות זיינען כמעט אַלע אוועק. עס פלעגען כסדר צו און אָפּפליסען נייע אַקטיאָרישע כחות. דער רעפּערטואַר איז אויך געוואָרען אַ גאַנץ אַנדערער — אַוועק אויף אַ סאָציאַל־פּאָליטישער ליניע.

אין משך פון 1930-34 זיינען אויפגעפיהרט געוואָרען משה ליפשיץ'ס קאָמעדיע „הערשעלע אָסטראָפּאָליער", ה. לייוויק'ס „גולם", שטשעגלאָוו'ס און טאָלסטאָי'ס „ראַספּוטין און די צאַריצע", קאַ־טאַיעוו'ס „אַ מיליאָן צרות", לעמפעל'ס „דער בונט אין אויסבעסערונגס־הויז", טרעטיאַקאָוו'ס „שריי כינע", קאַטאַיעוו'ס „בלומען־וועג", און טאָלסטאָי'ס „גוואַלט געלט". צו די פריערדיגע רעזשיסאָרען זיינען צוגעקומען מאַרק אַרנשטיין און יעקב ראָטבוים.

די טרופּע האָט נאָך וואַנדערונגען איבער דער פּוילישער פּראָ־ווינץ זיך אין 1933 באַזעצט אין וואַרשע, אָבער נאָך אַ סעזאָן האָט זי ווידער גענומען וואַנדערען איבער דער פּוילישער פּראָווינץ. אין 1934 האָט זי גאַסטראָלירט אין מערב־אייראָפּע און איז סוף 1934 ווידער צוריקגעקומען אין פּוילען, וואו זי האָט צוערשט געשפּילט אין ווילנע און האָט איצט ווידער אויפגעשלאָגען איהר געצעלט אין וואַרשע.

# אברהם מאָרעווסקי.*)

אברהם מאָרעווסקי (מנקר) איז געבאָרען געוואָרען דעם 8־טען מערץ, 1886, אין ווילנע, ביי באַלעבאַטישע עלטערען, שוך סוחרים, האָט זיך געלערענט אין חדרים. זיין וועלטליכע בילדונג האָט ער געקראָגען ביי פּריוואַטע פּעדאַגאָגען, שפּעטער ביי לעהרער פון ווילנער רעאַל שול.

קיין התמדה אין לערנען נישט ארויסגעוויזען און ביי א לייערנ־



אברהם מאָרעווסקי

שאַפטליכער צוגעבונדענקייט צו דער רוסישער שפּראַך, אַלגעמיינע ליטעראַטור און אַלגעמיינע געשיכטע, נישט געקאָנט דערגרייכען עפּעס אין נאַטור־געשיכטע און מאַטעמאַטיק.

גאַנץ פריה באַהערשט פון א שטרעבען צו טעאַטער, האָט מאָ־

*) לעקסיקאָן פון אידישען טעאַטער, פון זלמן זילבערצווייג.

רעווסקי פלייסיג באזוכט די פאָרשטעלונגען אין רוסישען טעאַטער און אויסגעדריקט זיינע מיינונגען אין קריטיקען, וועלכע ער האָט נע־שריבען פאר זיך.

1903 — געשטרעבט אָנצוקומען אין דאָרפּאטער גימנאַזיע, אָבער דורכגעפאלען אויף באַטאַניק.

1904 — זיך עקזאמינירט אין פערנוי אויפ'ן אַטעסטאַט פון א פּאַרמאַצעווט־שילער און צוליב „וואוינרעכט" געוואָרען אין 1907 א געהילף־פּראָוויזאָר, נאָר פּאַרט נישט באַקומען קיין וואוינרעכט.

1907־1910 — געלערענט אין פּעטערבורג אין דער „טעאַטער־שול אויפ'ן נאָמען פון „א. ס. סואָווארין" און זי געענדיגט מיט'ן דיפּלאָם פון „אַרטיסט פון ליטעראַריש־קינסטלערישען טעאַטער".

בעת'ן פאַרענדיגען אין 1910 די דראַמאַטישע שול אין פּעטער־בורג, געהאַט די געלעגענהייט אַרויסצוטרעטען אין דער אַנוועזענהייט פון לעצטען רוסישען צאַר ניקאָלאַי און דעם דיכטער, גרויספירשט ק. פּ. אין 1910־11 געשפּילט אלס רוסישער אַקטיאָר אין דער טרו־פּע פון ביעלאיעוו אין גראָדנע, דערנאָך אין אַנדערע רוסישע טרופּעס, ביז אין 1918, ווען ער געהט איבער צו דער אידישער ביהנע, דע־ביוטירענדיג אין ווילנע אין ליפּאָווסקי'ס טרופּע אלס „יחיאל" אין פּרץ הירשביין'ס „דער לעצטער". קורץ דערויף פיהרט ער דאָ אויף ז. זילבערצווייג'ס איבערזעצונג פון א. דיומאַס „קין". 1919 — אַנגאַזשירט געוואָרען אין דער דראַמאַטישער טרופּע פון קאָמפּאַ־ניעעץ אין לאָדזש.

באַלד דערויף טרעט מאָרעווסקי אריין אין דער „ווילנער טרופּע" אין וואַרשע און נאָכ'ן אויפפיהרען דאָרט אייניגע פּיעסעס פון זיין רעפּערטואַר, טרעט ער אויף דעם 9־טען דעצעמבער, 1920, אלס „דער מיראָפּאָליער צדיק" אין אַנ—סקי'ס „דער דבוק", אין וועלכען ער רופט אַרויס אַן אונגעהייערע אויפמערקזאַמקייט און ווערט אין דער ראָלע פּאָפּולער איבער דער וועלט.

זומער, 1921, גאַסטראָלירט מאָרעווסקי אין ווילנער העליאָס־טעאַטער און פיהרט דאָ אויף אַנ—סקי'ס „דער דבוק" אין 4 אַקטען.

הערבסט, 1921, ווערט מאָרעווסקי אַנגאַזשירט קיין בערלין צו פאַרפילמען דעם „דבוק", אָבער אינמיטען ווערט די אַרבייט איבערגע־ריסען. פעברואַר, 1922, ווערט מאָרעווסקי ווידער אַנגאַזשירט אין דער „ווילנער טרופּע", וואו ער פיהרט אויף זיין איבערזעצונג פון גוצקאָוו'ס „אוריאל אַקאָסטאַ", און נאָכ'ן שפּילען מיט דער טרופּע איבער פּוילען און גאַליציע, פאָהרט מאָרעווסקי קיין אויסלאַנד, וואו ער טרעט צו איבערזעצען אין פערזען וויליאַם שעקספּיר'ס „שיילאָק" וואָס ער פאַרענדיגט אין 1926.

אין אָקטאָבער, 1922, שפּילט מאָרעווסקי מיט דער „ווילנער טרופּע" אין ווין און פּאַראינטערעסירט מיט זיין פּאַרקערפּערען דעם „צדיק" מאַקס ריינהאַרד'ן, מיט וועמען ס'ווערען געפיהרט ערפאָלגרייכע פאַרהאַנדלונגען.

מאַי, 1923, ווערט מאָרעווסקי אַנגאַזשירט אין בערלין אַלס קינסטלערישער בייראַט צום פילם „דאָס אַלטע געזעץ" אין וועלכען ער שפּילט די ראָלע „דער אַלטער רב", צוזאַמען מיט העברי פּאָרטען, ערנסט דויטש א. אַ. אַנגאַזשירט געוואָרען אין „אופא" פאַר'ן פילם „דער טורם פון שווייגען".

צוריקגעקומען אין פּוילען, גאַסטראָלירט אין וואַרשעווער „צענטראַל טעאַטער", דערנאָך פאָהרט ער אַרויס אַ קורצע צייט איבער דער פּוילישער פּראָווינץ מיט רעפּעראַטען און רעציטאַציעס.

אין סעפּטעמבער, 1925, אָנגעהויבען צו רעזשיסירען צוזאַמען מיט ביענאַנסקי'ן, אין דער פּוילישער פילם־געזעלשאַפט „מערקור" אַ סצענאַריע פון אַנ—סקי'ס „דבוק", אָבער צוליב'ן אַרעסט פון פינאַנס־דירעקטאָר פון דער געזעלשאַפט, ווערט דער פּלאַן נישט רעאַליזירט.

אָקטאָבער־נאָוועמבער, 1925, גאַסטראָלירט אין לאָדזש, דערנאָך געשפּילט אין ווילנע. נאָך אַ לייננגערע הפסקה פאָהרט ער אַרויס איבער קרוין־פּוילען מיט אַ רעפּעראַט „טעאַטער און אידען".

סוף אויגוסט, 1926, ווערט ער אַנגאַזשירט אין ריגע צו אַראַנזשירען דאָס אידישע מעוטיש־טעאַטער.

יוני, 1927, טרעט מאָרעווסקי צוריק אַריין אין דער „ווילנער טרופּע" אין גאַליציען. אייניגע חדשים שפּעטער נעמט ער איבער די לייטונג פון „קראָקאָווער אידישען טעאַטער", אָבער ער ציהט זיך באַלד צוריק.

פעברואַר, 1928, ווערט ער אַנגאַזשירט קיין אַרגענטינע, וואו ער שפּילט 3 חדשים. פון דאָרט ווערט ער אַנגאַזשירט אין מאָריס שוואַרץ'ס אידישען קונסט טעאַטער אין ניו יאָרק, וואו ער טרעט אויף אין „דער וואָס קריגט פּעטש", „מרדכי מאַזע" אין „שמאַטעס", „דער מיראָפּאָליער צדיק" אין „דבוק", אַלס „פּירס" אין בולגאַקאָוו'ס אויפפיהרונג פון אש'עס „קדוש השם" און אין שוואַרץ'ס אויפפיהרונג פון „גאָט, מענש און טייוועל" אַלס „חאַצקעל דראַכמע".

ווינטער, 1929, ווערט ער אַנגאַזשירט אין שיקאַגאָ אַלס רעזשיסער פון דער אָרטיגער „אידיש־ליטעראַריש דראַמאַטישער געזעלשאַפט".

מערץ, 1930, צוריקגעקומען קיין ניו יאָרק, און אין מאַי, 1930, פאַרלאָזען אַמעריקע.

אויגוסט, 1930, אַריינגעטראָטען אין וואַרשעווער טעאַטער „נאָ־

וואָשטש", באַלד אָבער לאָזט זיך מאָרעווסקי ווידער איבער דער פּראָווינץ מיט רעפעראַטען „איירָאָפּע און אַמעריקע" און „שעקספּיר אין ליכט פון אידישען געוויסען".

אין סעפּטעמבער, 1931, טרעט ער אַריין אין וואַרשעווער אידי־שען דראַמאַטישען טעאַטער און דערנאָך פאָהרט ער אַרויס, צום ערש־טען מאָל, אויף א גאַסט־טורנע מיט אַן אייגענער טרופּע איבער פּוילען, באַזוכענדיג אין משך פון 60 טעג 55 שטעט. צוליב אַנטי־אידישע עקסצעסען מוזען די פאָרשטעלונגען איבערגעריסען ווערען.

אין 1931 גאַסטראָלירט ער אין ווילנער פאָלקס־טעאַטער, סוף פעברואר, 1932, אָרגאַניזירט ער דעם דראַמאַטישען קלאַס ביים אי־דישען מוזיקאַלישען אינסטיטוט אין ווילנע.

מאָרעווסקי האָט די לעצטע יאָהרען פאַרעפענטליכט אין פאַר־שידענסטע אידישע פּעריאָדישע אויסגאַבען פון איירָאָפּע און אמע־ריקע זעהר פיל אַרטיקלען און עסייען איבער טעאַטער. אין דער לעצ־טער צייט האָט ער אָנגעהויבען פאַרעפענטליכען פּובליציסטישע אַר־טיקלען און עסייען אויף אַלגעמיינע געזעלשאַפטליכע און טאָג־פראַגען.

# אַלעקסאַנדער אַזראַ (אָרליוק*).

אַלעקסאַנדער אזראַ איז געבאָרען געוואָרען אין ווילנע אין 1892 ביי עלטערען — פּארוואַלטער פון הייזער. שפּעטער האָט דער פאָטער פאַרוואַלטעט אַ האָטעל.

געלערענט ביז 13 יאָהר אין חדר (דערנאָך אין דער היים, באַזונדערס העברעאיש), געענדיגט די שטאָטישע שול און געלערענט אין רעגירונגס־שולן.



אַלעקסאַנדער אַזראַ

צו דער בינע האָט ער ארויסגעוויזען אַ חשק נאָך אַלס קינד, געלערענט צוזאַמען אין חדר מיט סאָניע עלמית'ס ברודער, און זיי ביידע פלעגען מאַכען „צירק־פאָרשטעלונגען" פאַר קינדער, שפּעטער

*) לעקסיקאָן פון אידישען טעאַטער פון זלמן זילבערצווייג.

גענומען אנטייל אין די דראמאטישע קרייזן פון „בונד" אונטער דער ליטונג פון י. פיראזשניקאָוו.

אין עלטער פון 13 יאָהר מאכט אזרא דעם ערשטען עפענט־ליכען ארויסטריט צוזאמען מיט עלטערע בעלי־מלאכות אלס „יהודה" אין „מכירת יוסף". ער ווערט באמערקט פון אקטיאָר בערטאנאָוו, וועלכער נעמט איהם אריין אין א רוסישען וואָדעוויל. ער באטייליגט זיך אויך אין די גאסטראָל־פאָרשטעלונגען פון בן־עמי׳ן.

צו 16 יאָהר געוואָרען אריינגעצויגען אין דער ארבייטער־באווע־גונג, געזעסען ארעסטירט אין לוקאשקער טורמע, און דאן אנטלאָפען קיין קיעוו, וואו ער טרעט אריין אין דער דאָרטיגער „קונסט־שול", אין דער אָפטיילונג פון מאלעריי, באזוכענדיג גלייכצייטיג א רעאל־שול אויף א סטיפענדיע פון באראָן גינצבורג, און באטייליגט זיך אלס סטאטיסט און שפעטער אין קליינע ראָלען אין סאָלאָווצאָוו־טעאטער. טרעט אריין אין יורידישען פאקולטעט פון קיעווער האנ־דעלס־אינסטיטוט, וואו ער לערענט דריי פערטעל יאָהר, דערנאָך דינט ער א יאָהר אין מיליטער און שטעלט דאָרט רוסישע פאָרשטעלונגען.

נאָכ׳ן מיליטער־דינסט פאָהרט אזרא צוריק קיין ווילנע, וואו עס איז דאן אנטשטאנען א ליטעראַריש־דראמאטישער קרייז. פרץ הירשביין איז דעמאָלט אין ווילנע, און פיהרט אויף זיינע פיעסען און שפילט אליין מיט. אזרא באטייליגט זיך אין די דאָזיגע פאָר־שטעלונגען צוזאמען מיט נאכבוש, שניאור, עלמית, ריווקינא און בלומענטאל, און פאָהרט ארום איבער דער ליטווישער פראָווינץ.

אין דער מלחמה־צייט, בעת דער דייטשער אָקופּאציע, האָט ער געשאפען אין ווילנע א קרייז פון אידישע אינטעליגענטען, פאר וועל־כע ער פלעגט מיט „ליבהאָבער" אויפפיהרען איינאקטערס אויף אידיש און דעקלאמירען. דערוויילע איז געשען א צופאל: דער באזיצער פון דאָרטיגען צירק, גורעוויטש, מורא־האָבענדיג, אז מ׳וועט רעקווי־זירען דעם צירק, גיט ער איהם איבער דעם דראמאטישען קרייז.

אזרא אָרגאניזירט די ערשטע פאָרשטעלונג, אויף וועלכער עס איז אויפגעפיהרט געוואָרען אש׳ס „דער לאנדסמאן". די גרופּע האָט זיך געשטעלט די אויפגאבע איבערצורייסען פולשטענדיג מיט׳ן אלטען רעפּערטואַר, און זיך גענומען סטאניסלאווסקי׳ס טרופּע אלס פאָר־בילד. די דאָזיגע גרופּע איז עס געוואָרען די שפעטער בארימטע „ווילנער טרופּע", וועלכע האָט פון ווילנע גאסטראָלירט איבער פאר־שידענע שטעט, ביז זי איז געקומען אין ווארשע, און דערנאָך גע־פאָהרען קיין לאָדזש.

אין 1918 פאָהרט אזרא צוזאמען מיט סאָניע עלמית, מיט וועל־כער ער האָט חתונה, קיין ווילנע, וואו ער שפילט מיט א טרופּע

א סעזאָן, און דערנאָך, שוין אונטער די באָלשעוויקעס, ווען עס ווערט אָרגאַניזירט א „אידיש־מלוכה־טעאטער", ווערט אזרא דער אָנפיהרער פון דעם דאָזיגען טעאטער, און שפּעטער פון אידישען טעאטער, אונטער דער פאָרשטעהערשאַפט פון דר. וויגאָדסקי און דר. שאבאד. פון ווילנע פאָהרען אזרא, עלמית, זשעלאזא און בירנבוים איבער פּוי־לען מיט קינסטלערישע אָווענטען. ווען די פּאָליאקען קומען ווידער אריין אין ווילנע, פאָהרט אזרא אָפּ קיין קאָוונע און אָרגאַניזירט דאָרט א דראמאטישען קרייז מיט ליבהאָבער און אקטיאָרען, מיט וועלכע ער שפּילט איבער דער פּראָווינץ, און פאָהרט פון דאָרט אָפּ קיין בערלין.

אין 1920 שאַפט ער אין בערלין א „אידישע טעאטער־געזעל־שאַפט" מיט דר. גראָנעמאַן, בארט, לעאָ ווינץ, הערמאַן שטרוק און אַרנאָלד צווייג אָן דער שפּיץ, און כדי פאַר זיי צו דעמאָנסטרירען די מעגליכקייט פון שפּילען אידיש קינסטלעריש־טעאטער, אָרדענט ער איין אין בערלין א ריי קינסטלערישע אָווענטען.

דער פּלאַן נעמט אויס: מיט דער הילף פון דער געזעלשאַפט, פילם־רעזשיסער הענרי גאַלען, און ריינהארד'ס אקטיאָר דזשאַן גאָטאָוו, ווערט דעם 1־טען סעפּטעמבער, 1921, געעפענט מיט פּרץ הירש־ביין'ס „פוסטע קרעטשמע" דאָס אידישע קינסטלערישע טעאטער אין בערלין אויף דער קאָמענדאַנטען־שטראַסע. די פאָרשטעלונגען האָבען געמאכט א רושם און זיינען באזוכט געווארען אויך פון א ניט־אידיש פּובליקום. אָבער די געשעפטען געהען אוועק שלעכט, און אזרא מאכט מיט דער טרופּע א טורנעע איבער דייטשלאַנד, שפּי־לענדיג מיט א באזונדערען דערפאָלג אין לייפּציג. דער בעלגישער דראמאטורג זשאַן פאַבריציוס פאַרבעט דאַן די טרופּע קיין האָלאַנד, וואו דער ערפאָלג איז נאָך גרעסער, פון דאָרט פאָהרט אזרא מיט דער טרופּע קיין בעלגיע, דערנאָך קיין פּאַריז, וואו עס ווערט צום ערשטען מאָל געשפּילט אידיש אין עלעגאַנטען טעאטער שאַנס־עליזע, און שפּעטער אין לאָנדאָן אין קינגסוויי־טעאטער.

ווען אזרא קומט אין בערלין, ווערט אויפגעלעבט די טעטיגקייט פון דער „אידישער טעאטער געזעלשאַפט" מיט'ן צוועק ווידער צו פאַראייניגען די גאנצע „ווילנער טרופּע". צוליב דעם קלאַפּ פון דער דייטשער וואַליוטע איז זיך אָבער די געזעלשאַפט צופאַלען, און אזרא מאכט ווידער מיט דער ניי־צוזאַמענגעשטעלטער טרופּע א טורנעע אי־בער האָלאַנד און לאָנדאָן. דאָ ווערט ער אנגאַזשירט פון טאָמאַ־שעווסקי'ן צו קומען מיט דער טרופּע קיין אמעריקע.

אין ניו יארק הויבען זיי אָן שפּילען אויף בראָדוויי, אָבער צוליב

אן אינערליכען סכסוך געהט די טרופּע איבער אין „נעשאַנעל", נאָר דער קאָנטראַקט ווערט אנולירט דורך דער יוניאָן.

אזרא פאָהרט דאַן מיט א טורנעע איבער אמעריקע און קאנאדע און בעת א צווייטען טורנעע שפּילט ער 7 חדשים אין קאַליפאָרניע.

אין 1925 שפּילט ער מיט דער „ווילנער טרופּע" אין שיקאגאָ, נאָר צוליב יוניאָן־געזעצען מוז די טרופּע אריינטרעטען אין דארטיגען סטאַבילען אידישען טעאַטער צו שפּילען נאָר צוויי טעג א וואָך.

אזרא ווערט דאַן אליין דירעקטאָר פון דער טרופּע, און מיט אייניגע מיטגלידער פון דער „ווילנער טרופּע" און אייניגע יוניאָן־מיטגלידער הויבט ער אָן אין סעפּטעמבער, 1926, שפּילען אין ניו יאָרק אין ליפּצין־טעאַטער, אָבער די פאָרשטעלונגען האָבען ניט קיין דערפאָלג, און אזרא טרעט אָפּ פון דער דירעקציע. זייט 7־1926 פאָהרט אזרא ארום מיט זיין פרוי אויף קינסטלערישע אָווענטען, אָדער שפּילט איינצעלנע פאָרשטעלונגען מיט פארשידענע טרופּעס.

אין 1929 איז אזרא אָפּגעפאָהרען קיין בעלגיע, וואו ער גרינדעט אין אנטווערפּען א נייע „ווילנער טרופּע".

# יוסף בולאָוו (בולקין.*)

יוסף בולאָוו איז געבאָרען געוואָרען אין ווילנע אין 1899. זיין פאָטער איז געווען אַ סוחר. ער האָט באַקומען אַ אידיש־אייראָפּעאי־שע דערציאונג. נאָך אַלס קינד אַרויסגעוויזען אַ פעהיגקייט צו אימי־טירען זיין רבי׳ן און די סביבה.

אין עלטער פון 13 יאָהר שוין געשפּילט מיט „ליבהאָבער". אין 1919 געוואָרען אַ פּראָפעסיאָנעלער אַקטיאָר אין ווילנע, און נאָכ׳ן



יוסף בולאָוו

שפּילען אַ קורצע צייט אין לאָדזשער דראַמאַטישען טעאַטער ביי קאָמפּאַניעצ׳ן טרעט ער אריין אין דער „ווילנער טרופּע" אין וואַרשע. ווען די טרופּע צוטיילט זיך, בלייבט בולאָוו מיט׳ן טייל וואָס גע־

*) לעקסיקאָן פון אידישען טעאַטער פון זלמן זילבערצווייג.

פינט זיך אונטער דער לייטונג פון מאַזאַה, און זייענדיג אין רומעניע פירט ער אויף „שבתי צבי", אַן אייגענע בעאַרבייטונג פון אַש'ס „שבתאי צבי" און זשולאַווסקי'ס „דער סוף פון משיח", און אַ גאַנץ נייע אויפפיהרונג פון דימאָוו'ס „דער זינגער פון זיין טרויער" (יאָשקע מוזיקאַנט), בעאַרבייט פון יעקב שטיינבערג, וואָס גייט 150 מאָל אין רומעניע.

אין רומעניע האָט בולאָוו חתונה מיט ליובאַ קאַדיסאָן און ווערט אין 1926 פאַרבעטען מיט איהר דורך שוואַרצ'ען קיין אַמעריקע, וואו ער טרעט אויף אין אידישען קונסט־טעאַטער אלס „פּרץ" אין „לא תחמוד". אין 1927-29 איז בולאָוו דער רעזשיסער פון דער „אידיש ליטעראַריש־דראַמאַטישער געזעלשאַפט" אין שיקאַגאָ, וואו ער באַטייליגט זיך אויך אין די פאַרשטעלונגען און פיהרט דאָרט אויף צ"אַ זיין איבערזעצונג און בעאַרבייטונג „אַ שפּיל אָהן אַ נאָמען" (נאָך העבעלס „דער בריליאַנט"). בולאָוו איז אויך רעזשיסער פון אַ דאָרטיגער ענגלישער ליבהאָבער־טרופּע.

1929-30 — רעזשיסער און אַקטיאָר אין דער „ווילנער טרופּע" אין בראָנקס, ניו יאָרק, וואו ער האָט אין נאָוועמבער, 1929, אויפגעפיהרט א"נ „גר־צדק", זיין בעאַרבייטונג פון קאַציזנאַ'ס פּיעסע „דוכוס".

אין 1934 — איז בולאָוו דער דירעקטאָר פון אידישען פאָלקס־טעאַטער אין ניו יאָרק, וואו ער טרעט אויף אין די וויכטיגסטע הויפּט־ראָלען.

## יוסף פ. קאַץ.

# ווילנער באַרימטע אידישע מוזיקער און אַרטיסטען.



„הכל תלוי במזל, אפילו ספר תורה שבהיכל", זאָגען ערגעץ די חכמים. אין יעדען אָרון קודש, אפילו פון אַ קליין אָרים שולכעל, געפינען זיך עטליכע ספרי־תורות. געוועהנ־ליך איז איינס אדער צוויי פון די „רייניג־קייטען" די אַריסטאָקראַטיע, די מיוחסים. מען באַצירט זיי מיט זיידענע אָדער סאַמעטענע מענ־טעלעך געשטיקט מיט גאָלד, מען טוט זיי אָן קרוינען פון געשמידטען זילבער און אַנדערע צירונג און באַפּוצונגען; מען נעמט זיי אַרויס צום לייענען יעדען שבת און יום טוב. דער חזן און דער רב זיינען די ערשטע אָפּצודריקען אַ גאַטספאָרכטיגען קוש אויף דעם מענטעלע פון מזל'־דיגען ספר תורה, אַלע מתפּללים הויבען זיך אויף פון זייערע פּלעצער, שטעהען אויף זייערע פיס און באַגלייטען די תורה מיט בליקען פון יראת הכבוד בשעת דער חזן אין דער שפּיץ פון אַ פּראָצעסיע פון פיינע באַלעבאַטים מאַרשירט מיט דער תורה ביז צו דעם באַלעמער און לעגט זי פאָרזיכטיג און מיט כבוד אַוועק אויף דעם שלחן וואו מען פאַנגט איהר ערשט אָן אָפּצוגעבען כבוד.

און אָט איז אַ צווייטעס בילד:

פאַראַן אין זעלבען אָרון קודש נאָך ספרים, אויך הייליגע, מיט הייליגען אינהאַלט, אויך געשריבען פון אַ סופר, אַ פרומען אידען, אויך אויף פּאַרמעט, געשריבען מיט כוונה און יראת שמים, שטעהען אָבער די אַנדערע תורות אין אָרון קודש פאַרגעסענע, פאַרנאַכלעסיגטע, מיט אָפּגעבליאַקעוועטע מענטעלעך, אָהן קרוינען, אָהן באַפּוצונגען און וואַרטען נעבעך אַ גאַנץ קיילעכדיג יאָהר, ביז שמחת תורה, צו די הקפות, ווען דער גבאי פון שוהל דערבאַרימט זיך פונקט אויף אַזאַ פאַרגעסענעם און פאַרנאַכלעסיגטען באַלמעלאָכע, אַ שוסטער, אַ קאַוואַל אָדער אַ בעל־עגלה און רופט איהם אריין אַזאַ תורה'לע צו געהן מיט איהר אַרום דעם באַלעמער צו די הקפות און דינסט־מיידלעך טוען אַ וויש מיט צוויי שאַרסטקע, אָנגעבלאָזענע פינגער איבער דעם אָרימע־מענטעלע פון אָרימען תורה'לע, קושען דאַן די הייליג־געוואָרענע פון

באַריהרונג מיט דער „רייניגקייט" פינגער און ווינשעווען צו איהר טרעגער: „דערלעבט איבער אַ יאָהר".

שטעדט, אידישע שטעדט מיט גרויסע אידישע באַפעלקערונגען, ווייזט אויס, זיינען אויך אָפּהענגיג אין מזל, ווי די ספרים אין אָרון קודש, להבדיל.

ווילנע, „ירושלים דליטא", איז דאָס געווען די מזל'דיגע שטאָדט אין דער אַלטער היים, פון דער אַלטער רוסלאַנד. אין ווילנע האָט זיך קאָנצענטרירט תורה, חכמה און השכלה; ווילנע איז געווען דער מרכז רוחני, דער גייסטיגער צענטער פון גאַנצען גלות־אידענטום. און טאַקע דערפאַר, ווייזט אויס, האָט ווילנע געקראָגען דעם פיל־באַדייטענדען נאָמען „ירושלים דליטא". דאָס איז אַן אָנצוהערעניש, אַז זינט עס איז חרוב געוואָרען דאָס בית המקדש און דאָס ליכט פון אידישער תורה, חכמה, השכלה און געלערזאַמקייט איז אויסגעלאָשען געוואָרען אין ירושלים, האָט עס מיט דורות שפּעטער אויפגעלויכטען נאָכאַמאָל, אויפ'ס'ניי, — אמת, אין אַ נייער, מאָדערנער פאָרמע, — אין ווילנע, די שטאָדט וואו אַפילו דער ווילנער גאון איז אויך געווען אַ ווילנער.

וואַרשע, אָדעס, באַרדיטשעוו, מינסק, פּינסק, וואָלאָזשין און אַנדערע באַקאַנטע, גרויסע אידישע שטעט, — אייניגע פון זיי זיינען אַפילו פּאַראייביגט געוואָרען אין דער אידישער ליטעראַטור פון אַזעלכע מייסטערס ווי מענדעלי, שלום עליכם און פּרץ, — אָבער אַלע באַ־קאַנטע שטעדט, דער „תחום" וואו די צאַרען האָבען פאַרשפּאַרט די אידען, זיינען געווען ווי מילבען אין פאַרגלייך מיט אַ ריז נעגען ווילנע אויף דעם געביט פון גייסטיגקייט, געלערזאַמקייט, קולטורעלער טעטיג־קייט און אויפקלערונג, סיי ריין־אידישער און סיי אַלגעמיינער.

דער ווילנער אידישער לערער־אינסטיטוט, כאָטש אַן אינסטיטוציע פון דער פינסטערער, אידען־פרעסערישער אַלטער צאַרישער רעגירונג אין אַלטען רוסלאַנד, האָט זעהר פיל בייגעשטייערט צו דער אַלגעמיינער בילדונג און אויפקלערונג פון דער אידישער יוגענט אין די קליינע שטעטלעך פון דער אָפּגעשלאָסענער „טשערטאַ אָסיעדלאָסטי" — דער תחום פון די עטליכע גובערניעס, די גרויסע גהעטאָ וואו די צאַרישע מיניסטאָרען האָבען פאַרשפּאַרט די רעכט־באַרויבטע אידען צו וואוינען. די גראַדואירטע אידישע לערער פון ווילנער אינסטיטוט זיינען געשיקט געוואָרען אין „יעווריסקיע נאַראָדניע אוטשילישטשי" (אידישע פאָלקס־שולען) פון די קליינע, אָרימע, פאַר'חושכ'טע, אומוויסענדע שטעטלעך וואו זיי האָבען פאַרשפּרייט די ערשטע שטראַהלען פון ליכט. זיי זיינען געווען די ערשטע פאַקעל־טרעגער פון אויפקלערונג פאַר די נאָך־וויסען־לעכצענדע אידישע קינדער אין יענע פאַרוואָרפענע שטעטלעך. אונטער זייער איינפלוס האָבען אידישע אינגלעך און מיידלעך געמאַכט זייער באַקאַנטשאַפט מיט די גרויסע רוסישע שרייבער; אָנגעפאַנגען

לייענען די ווערק פון גאָגאָל, טורגעניעוו, דאָסטאָיעווסקי און די פּאָעזיע פון נעקראַסאָוו, פּושקין און לערמאָנטאָוו. זיי, די אידישע לעהרער פון ווילנער אינסטיטוט, האָבען — ניט אַלע און ניט אַלעמאָל באַוואוסטזיניג — פאַרזעעט די קערנער פון פּראָטעסט, ווידערשטאַנד און קאַמף געגען רעאַקציע אין די מוחות פון די יונגע קינדער וועלכע זיינען שפּעטער געוואָרען סאָלדאַטען אין די רייהען פון קעמפּפער־רעוואָלוציאָנערען, אין „בונד״ און אין אַנדערע רעוואָלוציאָנערע אָר־גאַניזאַציעס.

אָבער מיר זיינען, דאַכט זיך, אַוועק אַ קאַפּיטשקע פון אָנגעצייר־כענטען וועג. דער אַרטיקעל האָט געזאָלט זיין געווידמעט די ווילנער־געבוירענע מוזיקער און אַרטיסטען. אַלזאָ, עס איז נאָך ניט צו שפּעט. קיין צופיל באַרימטקייטען אויף דעם מוזיקאַלישען געביט האָט ווילנע ניט ארויסגעגעבען און עס וואָלט ניט געווען גענוג מאַטעריאַל צו שרייבען אַן אַרטיקעל, און דערפאַר די הקדמה, פאַר וועלכער מיר זיינען מוכן ומזומן צו נעמען אויף זיך די שטראָף פון די שטרענגע ווילנער קריטיקער; דער שרייבער איז, צו זיין באַדויערען, ניט קיין ווילנער...

## חזן יואל דוד לעווענשטיין־סטראַשונסקי, „דער ווילנער בעל־הבית׳ל״.

אין דעם רייסטער פון ווילנע׳ס באַרימטע פּערזענליכקייטען זיינען אויך אריינגעשריבען די נעמען פון אַ האַלבען מנין מוזיקער וועלכע האָבען זיך געמאַכט באַרימט אויף פאַרשיידענע געביטען פון דער מוזיקאַלישער קונסט. דער ערשטער פון דיזער קליינער גרופּע איז באַרימט אין דער אידישער אָרטאָדאָקסישער וועלט, אַ לעגענדאַרישע פּערזענליכקייט, ווייט אַוועק פון אונזער דור, אַ חזן ארום וועמעס לעבען דאָס פאָלק האָט ארומגעוועבט שעהנע, ראָמאַנטישע לעגענדעס, חזן יואל דוד לעווענשטיין־סטראַשונסקי, באַקאַנט אונטער דעם טשי־קאַווען נאָמען „דער ווילנער באַלעבעסעל״.

דער „ווילנער באַלעבעסעל״ איז געבאָרען געוואָרען אין ליבאַו, קורלאַנד, אין 1816, און ווען ער איז אַלט געוואָרען 10 יאָהר איז זיין פאָטער, ר׳ צבי־הירש הלוי, געווען באַקאַנט אַלס „דער ליבויער חזן״, אויפגענומען געוואָרען אַלס שטאָדט־חזן אין ווילנע, וואו ער האָט זיך באַזעצט מיט זיין פאַמיליע. דער קליינער יואל דוד, דער שפּע־טערדיגער „באַלעבעסעל״, האָט שוין ארויסגעצייגט מערקווירדיגע מוזי־קאַלישע פעהיגקייטען ווען ער איז אַלט געווען 5 יאָהר; האָט שוין דעמאָלט באַצויבערט מענשען, מבינים, מיט זיין זיסען זינגען און פידעל־שפּילען.

אין אַ געוויסען שבת, נאָך דעם לייענען, ווען דאָס איינגעלע איז

אלט געווען עלף יאָהר, האָט איהם זיין פאָטער אוועקגעשטעלט אויף א בענקעל ביי דעם עמוד און איהם געהייסען זאָגען „יקום פורקן" און „אב הרחמים". דער קליינינקער בעל תפילה האָט זיך באַלד אוועקגעלאָזט אין דער וועלט פון פאַנטאַזיע און אימפּראָוויזאַציע, זיך צולאָזט אויף אַלע כלים און ווען ער האָט „אָפּגעזאָגט" די צוויי תפילות בעפאָר מוסף איז דער ווילנער עולם אין דער גרויסער געפּאַק-



חזן יואל דוד לעווענשטיין-סטראַשונסקי, „דער ווילנער בעל-הבית'ל".

טער שוהל געבליבען פאַרגאַפט, ווי פאַר'כישוף'ט און אויף דעם פאַר-לאַנג פון גאַנצען עולם און פון די גבאים האָט ער שוין געמוזט אויך דאַווענען דעם גאַנצען מוסף, און דער איינדרוק פון זיין דאַווענען איז געווען אזוי גרוים אַז מען האָט דאָס קליינע חזנ'דעל ממש אויף די הענט געטראָגען.

עס איז דערגאַנגען אזוי ווייט, אַז דער דאַמאָלסדיגער ווילנער גביר און בעל-צדקה, ר' מרדכי ריינעס (מרדכי סטראַשון) האָט באַ-

שלאָסען צו נעמען יואל דוד'ן פאַר אַן איידעם, איהם געבען זיין עלטערע טאָכטער, חנה'לע, פאַר אַ ווייב. ווען ער איז אַלט געוואָרען 13 יאָהר האָט ער חתונה געהאַט מיט סטראַשונ'ס טאָכטער און די ווילנער האָבען איהם מיט ליבע געדופען „דער באַלעבעסעל", און אַזוי איז ער פאַראייביגט געוואָרען ביי דער גאַנצער אידישער וועלט, אונ־טער דעם נאָמען „דער ווילנער באַלעבעסעל".

אַלעס וואָלט געווען גוט, האָט עס אָבער פאַרדראָסען דעם שטן־מקטרג, וועלכער, כידוע, קען ניט פאַרליידען, קאָן ניט רוהען ווען ער זעהט אַ כשר'ן, פרומען אידען, נאָך דערצו אַ שליח־צבור, אָנגענומען ביי גאָט און ביי לייטען. האָט זיך דער שטן פאַרלעגט אויף דעם אָרימען באַלעבעסעל איהם אָראָפּצופיהרען פון דרך הישר. האָט ער איהם באַקענט פריהער מיט דעם פוילישען אָפּערע־קאָמפּאָ־זיטאָר, מאָניושקאָ, און דורך איהם מיט אַ פוילישער גראַפין, אַ מערק־ווירדיגע שעהנהייט און אַ קינסטלערישע זינגערין און דער חזן איז נכשל געוואָרען...

די גראַפין האָט זיך אויסגעלאַכט פון זיין פייערדיגער, ריינער ליבע. דער באַלעבעסעל האָט פאַרלוירען דעם באָדען פון אונטער זיינע פיס; פאַרלוירען זיין היים, זיין ווייב, זיין שטעלע און אויך זיין פאַרשטאַנד — ער איז משוגע געוואָרען.

און די לעגענדע דערצעהלט ווייטער: ער האָט צוריקגעקראָגען זיין פאַרשטאַנד קורץ בעפאָר זיין טויט און שוין כמעט אויף זיין טויטען־בעט האָט ער געזאָגט (געזונגען) אַ געוויסע תפילה, אַ מין ווידוי, און טויזענטער מענשען, וועלכע זיינען געשטאַנען אַרום הויז און געוואַרט אויף יציאת־נשמה, האָבען זיך באַגאָסען מיט הייסע, זודיגע טרערען.

## לעאָפּאָלד גאָדאָווסקי.

די אַנדערע ווילנער מוזיקער זיינען פון אַ גאַנץ אַנדער סאָרט. דאָס זיינען מענשען פון אונזער אייגענער צייט. צוויי פון זיי זיינען באַרימטע אוניווערסאַל־אַנערקענטע אַרטיסטען מיט אַן אינטערנאַציאָ־נאַלער רעפּוטאַציע.

דער ערשטער פון די צוויי, דאָס הייסט — דער עלטערער, איז לעאָפּאָלד גאָדאָווסקי, גרויסער מאָדערנער קאָמפּאָזיטאָר, בריליאַנטענער פּיאַניסט־ווירטואָז און מייסטער־לעהרער. גאָדאָווסקי איז געבוירען געוואָרען אין ווילנע דעם 3טען פעברואַר, 1870. און עס איז טאַקע געווען אין ווילנע וואו גאָדאָווסקי האָט געגעבען זיין ערשטען קאָנ־צערט ווען ער איז אַלט געווען 9 יאָהר.

אין 1883, ווען גאָדאָווסקי איז אָנגעקומען אַלס סטודענט אין דער בערלינער „האָכשולע פון מוזיק", אַ בחור'ל פון 13 יאָהר, האָט ער

שוין געהאַט זיינע אייגענע פעסטגעשטעלטע מיינונגען וועגן דעם ווי מען דאַרף לערנען די קונסט פון פיאַנאַ־שפילען. ער האָט געפונען אַז דאָס לערנען, די סיסטעמע פון אונטעררריכט אין דער באַרימטער שולע איז זעהר אַ טרוקענע, אַ טעמפּע און ניט פּראָגרעסיווע; אַ שאַבלאָנע, און נאָכדעם ווי ער האָט זיך דאָרט אָפּגענודיעט אייניגע



לעאָפּאָלד גאָדאָווסקי, געב. אין ווילנע, פעב. 3, 1870.

מאָנאַטען האָט ער זיך ארויסגעלאָזט אויף אַ קאָנצערט־טור קיין אַמע־ריקא. ער איז דאַן אַלט געווען 14 יאָהר.

אָבער דער יונגער פּיאַניסט האָט אויף קיין איינציגער מינוט ניט אויפגעהערט טראַכטען וועגן ווייטער שטודירען; ער האָט געוואָלט אָנקומען אַלס שילער צו דעם באַרימטען אונגאַרישען מוזיקאַלישען גאון — פראַנץ ליסט, וועלכער האָט דעמאָלט געוואוינט אין ווייסאַר, דייטשלאַנד. מען קען זיך פאָרשטעלען די ביטערע ענטוישונג פון

דעם אמביציעזען יונגען קינסטלער, ווען ער האָט אָנקומענדיג קיין אייראָפּא אויסגעפונען אַז ליסט איז ערשט געשטאָרבען.

א יאָהר שפּעטער איז גאָדאָווסקי פאַרגעשטעלט געוואָרען פאַר דעם פראַנצויזישען מייסטער, קאַמיל סען־סען, וועלכער, האָבענדיג געהערט דעם 14־יאָהריגען קינסטלער שפּילענדיג זיינע אייגענע קאָמ־פּאָזיציעס, האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן איהם ווי אָן אבן־טוב און האָט גענומען א פערזענליכען אינטערעס אין זיין מוזיקאַלישער דערציהונג. סען־סענס איז אָבער געווען א „וואַנדערלוסט"־קינסטלער און האָט אָפט קאָנצערטירט אין אויסלאַנד און גאָדאָווסקי האָט געהאַט ווייניג נוצען פון זיין גרויסען לעהרער. אַזוי אַרום קומט אויס אַז דער איצטיגער וועלט־באַרימטער פּיאַניסט־קאָמפּאָזיטאָר, לעאָפּאָלד גאָדאָוו־סקי, איז וואָס די רוסען רופען א „סאַמאָאוטשקע"; געווען זיין איינענער רבי.

עס וואָלט פאַרנומען צופיל פּלאַץ ווען מיר זאָלען זיך אָפּשטעלען באַשרייבען אין איינצעלהייטען וועגען גאָדאָווסקי'ס גרויסע דערגריי־כונגען אַלס קאָמפּאָזיטאָר, פּיאַניסט און אַלס מייסטער־לעהרער, און וועגען זיינע ריזיגע ערפאָלגען אַלס קאָנצערטיסט אין אַלע מוזיקאַלישע צענטערס פון אייראָפּא, אַמעריקא, אין אָריענט און זאָגאַר אין אפריקע, אויסטראַליע און אין אַזיע. גאָדאָווסקי איז היינט־צו־טאָג איינער פון די עטליכע גאָר גרויסע לעבעדיגע מוזיקער.

## יאַשאַ חפץ.

נאָך א וועלט־באַרימטער קינסטלער, וועמעס וויגעלע איז גע־שטאַנען אין ווילנע, איז יאשא חפץ.

חפץ איז געבוירען געוואָרען אין ווילנע דעם 2טען פעברואַר, 1901.

יאשא'ס קליינינקע הענטעלעך האָבען זיך געצויגען צום פידעלע ווען ער איז נאָך געווען א בייבי, בעפאָר ער האָט נאָך געקענט פּלאַפּ־לען די ערשטע זילבען פון „מא", „פּא". דער ערשטער געגענשטאַנד, וואָס האָט זיך פאַרגעשטעלט פאַר דעם קינד'ס אויגעלעך, איז וואהר־שיינליך געווען א פידעלע. דער פאָטער איז געווען א פידלער, און ווען יאשא איז אַלט געוואָרען דריי יאָהר האָט איהם זיין פאָטער גע־נומען לערנען שפּילען פידעל. צו 5 יאָהר איז יאשא אָנגעקומען אין דער ווילנער רעגירונגס מוזיק־שול, וואו זיין לעהרער איז געווען מאַלקין. די גאַנצע מאַלקין־פאַמיליע אין ווילנע איז געווען מוזיקאַליש.

וועלען מיר זיך דאָ ניט אָפּשטעלען אויף דער קאַריערע פון יאשא חפץ אַלס אינטערנאַציאָנאַלער קינסטלער. מיר ווילען בלויז זאָגען, אַז חפץ איז איינער פון דער קליינער גרופּע וועלט־באַרימטע פידעל־שפּילער, א גרופּע וועמעס צאָהל מען קען איבערצעהלען אויף די פינגער פון איין האַנד — אַלע, אגב, אידען. וואו, אויף וועלכען אָרט

חפץ שטעהט צווישען אַט דער גרופּע נעמען מיר זיך ניט אונטער צו אורטיילען און עס איז נאָך אַלעמען אַ זאַך פון אינדיווידועלער אויפּ־פאַסונג און פּערזענליכען געשמאַק. אין איין זאַך זיינען אַלע קריטי־קער איינשטימיג וועגען חפץ׳עס שפּילען: ער באַזיצט די בריליאַנ־טענסטע, פּליסיגסטע, פּעהלערלאָזסטע, פּאַלקאָמענע טעכניק. „ער



יאַשע חפץ, געב. אין ווילנע, פעב. 2, 1901.

מאַכט קיינמאָל ניט קיין טעות", האָבען די ענגלישע קריטיקער גע־זאָגט וועגען איהם.

## יוסף ווינאָגראַדאָוו.

דער פּערטער ווילנער פון דער מוזיקאַלישער וועלט איז אַ געווע־זענער גרויסער אָפּערע זינגער, יוסף ווינאָגראַדאָוו.

ווינאָגראַדאָוו איז געבוירען געוואָרען ביי אָרימע עלטערען אין

1868. זיין פאָטער, אַ איד אַ מנגן, איז געווען אַ קירזשנער און פלעגט זיך אָפט צוכאַפּען „צום ברעטעל" — צום עמוד.

דער קליינער יוסף האָט אָנגעפאַנגען אַלס אַ משורר'ל ביי די באַרימטע ווילנער חזנים, פריהער ביי חזן פיינזילבער און שפּעטער אין כאָר שוהל, ביי קאַנטאָר מיכיילאָווסקי. ווינאָגראַדאָוו האָט באַגעגענט פיל שטערונגען אויף זיין וועג צו זיין אַרטיסטישער קאַריערע:



יוסף ווינאָגראַדאָוו, געב. אין ווילנע אין 1868.

קנאה־שנאה מצד ניט־אידישע קאָלעגען; צרות, הונגער, פאַרפאָלגונגען פון רוסישער פּאָליציי, ווען ער האָט געהונגערט און געשטרעבט צו לערנען אין מאָסקווע, ניט האָבענדיג קיין „פּראַוואָ־זשיטעלסטוואָ" (וואוינרעכט) אין דער „הייליגער" שטאָט פון די אַלטע רוסישע צאַרען. אָבער ווינאָגראַדאָוו, מיט דער התמדה און חשק צום לערנען פון אַ ליטוואַק — און אַ ווילנער דערצו — האָט זיך דערשלאָגען צו זיין

ציל: געוואָרען איינער פון די פּראָמינענטסטע אָפּערע־באַריטאָנען אין רוסלאַנד און אויף להכעיס די שונאים געזונגען נאָכדעם אין די גרויסע אָפּערע־טעאַטערס פון אַלע עכט־רוסישע שטעדט.

דאָס מערקווירדיגסטע אין ווינאָגראַדאָוו׳ס מוזיקאַלישער קאַריערע איז זיין „צוריקקום" צו זיין שטאַם: נאָכדעם ווי ער האָט אָפּגעגעבען דער רוסישער אָפּערע זיינע בעסטע יאָהרען, זינגענדיג רוסישע און איטאַליענישע אָפּערעס, איז ער געקומען קיין אמעריקא און געוואָרען א חזן. אָבער ניט גלאַט אזוי זיך א חזן, נאָר טאַקע א פרומער, גאָטס־פאָרכטיגער חזן, א חזן א ירא שמים, מיט התלהבות און רעספּעקט צו זיין חזנות. דער שרייבער האָט געהאַט א געלעגענהייט צו הערען ווינאָגראַדאָוו׳ן דאַוונען ראש־השנה און יום כפור מיט עטליכע יאָהר צוריק אין א בראָנזווילער טעאַטער, און זיין דאַוונען, זיין נוסח, זיין פּערעלדיגע ווילנער, ליטווישע עברי, זיין „זאָגען" האָט געמאַכט א מערקווירדיגען, איבערראַשענדען איינדרוק. מיר האָט זיך דעמאָלט געטראַכט: א ווילנער בלייבט א ווילנער אַלעמאָל. אָט שטעהט א איד א געגאָלטער, אָהן באָרד און פאות, אפילו די וואָנצעס אָפּגעגאָלט; א איד, וואָס איז אַלע יאָהרען געווען צווישען גויים, געזונגען אויף אַלע שבעים לשונות, אָבער ניט אויף אידיש, — און אָט איז ער צוריקגעקומען צו זיין פאָלק און „לעגט אַוועק" א דאַוונען, א „מלכיות", „זכרונות" און „שופרות", אזוי ווי א חזן וועלכער איז אַלע זיינע יאָהרען געשטאַנען ביי דעם עמוד — א ווילנער...

## יוסף רומשינסקי — דער פאָטער פון דער מאָדערנער אידישער אָפּערעטע.

און אָט איז נאָך א ווילנער מוזיקער, דער פּאָפּולערסטער אידישער מוזיקער אויף דער אידישער גאַס אין אַלגעמיין און „אויף דער עווענױ" ספּעציעל. ער איז דער פאָטער פון דער מאָדערנער אידישער אָפּערעטע אין ניו יאָרק, א שטראָמענדער קוואַל פון שעהנע, לייכטע מעלאָדיעס וועלכע אַלע זינגען נאָך און ברומען אונטער. איהר שטויסט זיך שוין מסתמא אָן, אז מיר מיינען רומשינסקי׳ן. אָבער וועגען איהם וועט מסתמא שרייבען א „ספּעץ" אין טעאַטער־אַנגעלעגענהייטען, א טעאַטראַל, און ער וועט מאַכען א בעסערען „דזשאַב" (שטיקעל אַרבייט) ווי דער שרייבער פון דיזען אַרטיקעל.

## י. פיראָזשניקאָוו.

דער לעצטער אין דער גרופּע פון די ווילנער מוזיקער איז דער פאַרשטאָרבענער פיראָזשניקאָוו. מיר האָבען איהם געלאָזט צום לעצט ניט ווייל ער איז געווען ווינציגער וויכטיג פון די פריהער דערמאָנטע; מיר האָבען פשוט געוואָלט אָפּשיידען דעם טויטען פון די לעבעדיגע. „זאָל ער זיין ווייט אָפּגעשיידט", זאָגט מען אויף אידיש ווען מען

רעדט פון א טויטען אין פארגלייך מיט לעבעדיגע, און מיר ווילען די לעבעדיגע ווילנער מוזיקער מיט אונז נאָך פאר לאַנגע, לאַנגע יאָהרען.

פּיראָזשניקאָוו איז אפילו ניט געווען קיין ווילנער געבוירענער, האָט אָבער געלעבט און געארבייט אויף דעם מוזיקאַלישען געביט, פארשפּרייט די לעהרע פון מוזיק אין ווילנע און אמעריקע פילע יאָהרען.



י. פּיראָזשניקאָוו, געשט. אין ניו יארק, 4טען יוני, 1933, אין עלטער פון 74 יאָהר.

פּיראָזשניקאָוו, ווי באקאנט, איז געווען א קינסטלערישער שפּילער אויף דער ענגלישער קאָנצערטינא. ער האָט דורך זיין אייגענער ער־פינדונג פארבעסערט און פארברייטערט די מעגליכקייטען פון דעם אינסטרומענט. ער האָט געשאפען א מעטאָדע ווי צו שפּילען אויף דער קאָנצערטינא און האָט זי אַזוי פּאָפּולאַרירט, אז דער רוסישער אנטיסעמיטישער בילדונגס־מיניסטער האָט געהייסען איינפיהרען פּיראָזשניקאָוו'ס קאָנצערטינא־אָרקעסטערס אין אַלע רוסישע לעהרער־אינסטיטוטען.

פּיראָזשניקאָוו איז איין צייט געווען מיליטערישער קאַפּעלמייסטער און לעהרער אין דעם ווילנער לעהרער־אינסטיטוט.

אין 1912 איז פּיראָזשניקאָוו געקומען קיין אַמעריקא, און מען קען זאָגען אַז ער איז דאָ געווען דער פּיאָנער, כמעט דער ערשטער, וועלכער האָט גענלעגט דעם ווינקעלשטיין פון אידישער מוזיקאַלישער טעטיגקייט. ער האָט פאַרזעעט די קערנער, פון וואָס עס איז אויס־געוואַקסען דאָס וואָס איז איצט באַקאַנט אַלס די גרויסע אידישע כאָרען אין ניו יאָרק און אומגעגענד.

חוץ זיין מוזיקאַלישקייט איז פּיראָזשניקאָוו גלאַט געווען אַ גע־בילדעטער, אינטעליגענטער און באַלעזענער מענש און אַ איד אַ למדן און אַ פיינער שרייבער — און דאָס איז שוין גאָר אַ זעלטענע ערשיי־נונג צווישען מוזיקער. בלויז ווילנער קענען באַווייזען אַזאַ פּיל־זייטיגקייט און חריפות.

## מיכאַאיל איוואַנאָוויטש מיכאַילאָוו (משה זילבערשטיין).

מ. מיכאַילאָוו איז געווען איינער פון די גאָר באַרימטע אָפּערע זינגער אין רוסלאַנד און האָט אין זיין צייט פאַרנומען אַ בכבוד'יגען פּלאַץ אין דער רוסישער מוזיקאַלישער וועלט. אין די יאָהרען 1884־1886 האָט ער געזונגען אין דער קייזערליכער אָפּערע אין פּעטערבורג און איז באַטראַכט געוואָרען אַלס אַ ליבלינג פון רוסישען קייזער.

געבאָרען געוואָרען איז ער אין ווילנע אין יאָהר 1858. זיין פאָטער איז געווען אַן אָרימער ארבייטער — אַ מולער. אַלס קינד האָט ער געזונגען אַלס אַ באַהעלפער ביי ווילנער חזנים.

ער האָט געהאַט אַן אויסערגעוועהנליך שטאַרקע און זאַפטיגע טענאָר שטימע מיט לירישע, דראַמאַטישע און קאָלאַראַטור־אייגענ־שאַפטען.

נאָכדעם ווי ער האָט זיך ערוואָרבען אַ גרויסע רעפּוטאַציע אַלס טענאָר־זינגער האָט ער זיך גע'שמד'ט. עס איז אינטערעסאַנט, אַז פון דעם מאָמענט אָן ווי ער האָט זיך גע'שמד'ט האָט זיין רעפּוטאַציע אָנ־געהויבען פאַלען און ער איז אַזוי שטופּענווייז אַרונטער פון דער סצענע.

נאָכדעם ווי ער האָט פאַרלאָזען די אָפּערע־סצענע האָט ער גע־עפענט אַ מוזיקאַלישע שולע און האָט געלערענט געזאַנג.

---

אנערקענונג: דער ביאָגראַפישער מאַטעריאַל וועגען „ווילנער באַלע־סעל" איז גענומען פון „קולטור־טרעגער פון אידישער ליטורגיע", מיט דער געפעליגער ערלויבניש פון דעם מחבר, קאַנטאָר אליהו זאַלודקאָווסקי, פון ניו יאָרק.

## וויליאַם עדלין.

# יוסף רומשינסקי.



די אַלטע היים פון אידישען גלות־לעבען האָט אהער קיין אַמעריקע אריינגעשיקט א היבשע צאָל פון איהרע טאַלאַנטפולסטע קינדער אין דעם פאַרגאַנגענעם האַלבען יאָרהונדערט; און א היבשען בייטראַג דערצו האָט געמאַכט די אַלטע ליטווישע שטאָט ווילנע — די שטאָט פונ׳ם באַרימטען גאון אין אַכטצענטען יאָרהונדערט און פון דער באַרימטער טעאַטער טרופּע אין היינטיגען, צוואַנציגסטען, יאָרהונדערט.

איך דערמאָן דעם ווילנער גאון אין איין אָטעם מיט דער ווילנער טרופּע, ווייל דער קאָנטראַסט איז כאַראַקטעריסטיש פאַר ווילנע. אין דעם שפּיגעלט זיך אָפּ די פאַרשיידענאַרטיגקייט פון דער קולטור, וואָס האָט געשפּראָצט אין יענעם ווינקעל פון דער אַלטער וועלט.

ס׳איז דעריבער קיין חידוש ניט, וואָס צווישען די ווילנער לאַנדס־לייט אין אַמעריקע געפינען זיך אזוי פיל שעפערישע כוחות. וועגען איינע פון די כוחות וויל איך דאָ ריידען. דאָס איז דער באַרימטער קאָמפּאָזיטאָר און דיריגענט, דער מוזיקאַלישער דירעקטאָר פון אידישען טעאַטער, יוסף רומשינסקי.

יוסף רומשינסקי איז דאָ אין אַמעריקע מעהר ווי דרייסיג יאָר און ס׳איז שוין א פערטעל יאָרהונדערט אז ער איז טעטיג ביים אידישען טעאַטער. במעט די גאַנצע צייט האָט זיך שטאַרק געפיהלט זיין האַנט ארום איין טייל פון אידישען טעאַטער — די אָפּערעטע, די מוזיקאַלישע פּיעסע; און אויף אָט דעם געביט האָט ער זיך איינגעפונדעוועט מיט טיפע וואָרצלען אינ׳ם אידישען קולטור לעבען פון אַמעריקע.

רומשינסקי איז א ווילנער געבוירענער און טאַקע אין יענער אַלטער אידישער שטאָט האָט ער נאָך אַלס 7—8 יאָריג קינד אָנגעהויבען קומען אין באַרירונג מיט דער מוזיקאַלישער קונסט. ביים דיריגענט פון ווילנער שטאָט־חזן האָט ער געקראָגען זיין ערשטע אונטערריכט אין מוזיק און א יאָר שפּעטער האָט מען איהם גערופען „יאָשקע דער נאָטען־פּרעסער”. דערנאָך, פאַר עטליכע יאָהר נאָכאַנאַנד, איז ער

אַרומגעפאָרען מיט פארשיידענע חזנים, און אין גאַנצען איז ער אַלט געוועזן 13 יאָר ווען ער האָט אַלס כאָריסט געמאַכט זיין ערשטע באַקאַנטשאַפט מיט אידישען טעאַטער. דאָס איז געווען אין גראָדנע, בעת דאָרט האָט גאַסטראָלירט די באַוואוסטע קאַמינסקי טרופּע.

ווי מען קען פון דעם זעהן, איז די מוזיקאַלישע זריעה איינגעפלאַנצט געוואָרען אין יוסף רומשינסקי'ס נשמה אינ'ם אָנהויב פון זיין לעבען; און א מוזיקער איז ער שוין פארבליבען אַלע זיינע יאָהרען. נאָך אַלס יונגער בחור'ל האָט ער געהאָלפע אָרגאַניזירען דעם לאָדזער



יוסף רומשינסקי

„הזמיר", ביי וועלכער אָרגאַניזאַציע ער איז אויך געווען דיריגענט און האָט פארטיפט זיין מוזיקאַלישע בילדונג אין די אָראַטאָריעס פון די וועלט בארימטע קלאַסיקער. איז ער טאַקע געווען א יונגערמאַן מיט א גוטער מוזיקאַלישער דערציהונג ווען ער איז אין 1904 געקומען אינ'ם לאַנד פון אידישע חלומות — אַמעריקע!

די ערשטע עטליכע יאָר אין דער נייער וועלט איז זיין „קאַמף אום דאַזיין" געווען א שווערליכער. אָבער ביסלאַכווייז האָט מען אין די אידישע טעאַטער קרייזען אָנגעהויבען אנערקענען זיין טאַלאַנט און איינזעהן זיין גרויסע נוצליכקייט פאַר'ן טעאַטער. דער ערשטער פון

די וויכטיגסטע און באַרימטסטע טעאַטער־דירעקטאָרען, וואָס האָט איהם צו זיך צוגעצויגען, איז געווען דער גרויסער יאַקאָב פּ. אַדלער. ער האָט דעם יונגען רומשינסקי געגעבען די געלעגענהייט צו שרייבען די מוזיק־באַגלייטונג פאַר יעקב גאָרדינ'ס אינטערעסאַנטע פּיעסע „אלישע בן אבויה". דאָס איז געווען אין יאָר 1908. פון דעמאָלט אָן האָט רומשינסקי שוין געהאַט אַ גרעסערען צוטריט צום אידישען טעאַטער. ער האָט זיך אַלץ מעהר און מעהר צוגעקוקט צו דער סביבה, אין וועלכער ער געפינט זיך. ער איז געווען אָן אומערמידליכער קאָמפּאָזיטאָר און אויך אַ גוטער באָאָבאַכטער. ער האָט גוט געמערקט אין וואָס פאַר אַ פּרימיטיווען צושטאַנד אידישע טעאַטער־מוזיק האָט זיך געפונען און האָט גע'חלומ'ט צו מאַכען באַדייטענדע רעפאָרמען. ער האָט גוט געוואוסט ווי באַשרייַנקט עס זיינען די מיטלען אין אידישען טעאַטער און האָט געוואַרט אויף אַ פּאַסענדע געלעגענהייט. אָט די געלעגענהייט איז געקומען ווען אין אייראָפּע האָט געבושעוועט די וועלט־מלחמה און דאָ אין אַמעריקע האָט מען אָנגעהויבען פּראָפיטירען פון יענער שרעקליכער בלוט־באָד.

דאָס איז געווען אין דעם טעאַטער סעזאָן פון 1916—1917, ווען דער באַרימטער דירעקטאָר און שוישפּילער, באָריס טאָמאַשעווסקי, האָט אויפגעפיהרט אין זיין נייעם טעאַטער אויף סעקאָנד עווענוי „דאָס צעבראָכענע פידעלע", פאַר וועלכע רומשינסקי האָט פאַרפאַסט די מוזיק.

פאַר דעם ערשטען מאָל האָט מען אין אַ אידישען טעאַטער געזעהן אַ פאַרהעלטניסמעסיג גרויסען אָרקעסטער, וועלכער איז דיריגירט געוואָרען פון אַן עכטען מוזיקער, וואָס האָט געזוכט אַרויסצוציהען פון די סטרונעס, ווינט און מעש אינסטרומענטען מעלאָדיען, וואָס זיינען אין איינקלאַנג מעהר אָדער ווייניגער מיט דער האַנדלונג אויף דער ביהנע. ביי יענער אָפּערעטע איז געלעגט געוואָרען דער גרונדשטיין פון רומשינסקי'ס שאַפונג אַלס אָפּערעטען־קאָמפּאָזיטאָר און טעאַטער־דיריגענט.

פון דאַן אָן האָט יוסף רומשינסקי אָנגעהויבען ווערען אַ וויכטיגער פאַקטאָר אין דער אידישער טעאַטער־וועלט פון אַמעריקע. ער האָט געשאַפען מוזיק פאַר אַלערליי פּיעסען, האָט זיך אויסגעצייכענט כמעט אַלעמאָל מיט זיין פאַרנעם און מיט זיין טעאַטראַלישקייט. קיין פאַנטאַזיע האָט איהם ניט געפעלט און ער האָט אין זיין מוזיק אַריינגעגעבען אַ סך קאָליר פון קלאַנגען. ער האָט זיך ניט באַשריינקט צו אויסשליסליכע אידישע מעלאָדיען, כאָטש ער האָט געמאַכט אַ גרויסען געברויך פון די אידישע פאָלקס־מעלאָדיען אין זיינע קאָמפּאָזיציעס. איהם זיינען ניט געווען פרעמד די אייגענשאַפטען פון די פאַרשיידענע מוזיקאַלישע אינסטרומענטען און ער האָט ניט מורא געהאַט צו מאַכען

דעם פאָלקסטען געברויך פון זיי. דאָס האָט געלעגט א גאַנץ באַשטימטען שטעמפּעל אויף די מוזיקאַלישע פּיעסען, וואָס זיינען אַרויס פון זיינע הענט. מען האָט אָנגעהויבען קוקען אין אידישען טעאַטער אויף דער מוזיק מיט גאַנץ אַנדערע אויגען. מען האָט זיך אָנגעהויבען מעהר צוהערען צו דעם וואָס די פידלען זאָגען, וואָס די בלאָז־אינסטרו־מענטען דערצעהלען, וואָס דער גאַנצער אָרקעסטער זוכט אויסצודריקען. מען האָט זיך מעהר אָנגעהויבען איינהערען צו דער באַגלייטונג פון א געזונגענער ליד. דער געשמאַק פון די טעאַטער באַזוכער איז ביס־לאַכוויוז געוואָרען א פיינערער און די ראָלע פון א אידישען קאָמפּאָ־זיטאָר און דיריגענט איז, אין אידישען טעאַטער, געוואָרען א פיל מעהר וויכטיגע ווי ווען עס איז פריהער.

אונטער דעם איינפלוס פון רומשינסקי'ן האָט די אָפּערעטע אויף דער אידישער ביהנע אָנגעהויבען באַקומען א לייטישען פּנים. איבער־הויפּט נאָכדעם ווי רומשינסקי האָט זיך פאַרבונדען מיט יעקב קאַליך און מאָלי פּיקאָן איז די אידישע מוזיקאַלישע קאָמעדיע געוואָרען ניט וויניגער אינטערעסאַנט ווי די אָפּערעטע אויף בראָדוויי. דער גרויסער שוישפּילערישער און זינגענדיגער טאַלאַנט פון מאָלי פּיקאָן איז געווען א נייע אינספּיראַציע פאַר דעם קאָמפּאָזיטאָר, וועלכער האָט איצט גע־האַט א באַרעכטיגונג פאַר אַריינטראָגען מעהר סטיל אין זיין מוזי־קאַלישער שאַפונג, מעהר איינהייטליכקייט אין דעם כאַראַקטער פון דער מוזיק, פיינערע מעלאָדישע ניואַנסען און, אין דער זעלבער צייט, נאָך מעהר טעאַטראַלישקייט ווי ווען פריהער. דער פיינסטער ביישפּיל פון דעם איז די אָפּערעטע „צאַרעוויטש פּיאָדאָר".

צום באַדויערען האָט די אידישע אינטעליגענץ געקוקט קרום אויף דער אָפּערעטע אַלס א טעאַטער קונסט. דאָס איז הויפּטזעכליך דערפאַר, וואָס ביז רומשינסקי איז געוואָרען אַן איינפלוס אין אידישען טעאַטער האָט זיך די אָפּערעטע געפונען אין א זעהר פּרימיטיווען צו־שטאַנד און דער קאָמפּאָזיטאָר איז געוויינליך געווען א ניט־קיין־געשולטער מוזיקער, אָהן אירגענד וועלכער ערנסטער באַציהונג צו זיין אייגענער קונסט. עס איז דער גרויסער פאַרדינסט פון יוסף רומשינסקי, וואָס ער האָט פון דער אידישער אָפּערעטע פאַרטריבען דעם מוזיקאַ־לישען עם־הארץ און אָפּגעריינייגט א וועג פאַר די בעסערע, אינטעלי־גענטערע און ערנסטערע קאָמפּאָזיטאָרס, וואָס באַמיהען זיך צו שאַפען עפּעס רעכטס. דערפאַר ווערט ער שטאַרק געאַכטעט ניט נאָר פון ברייטען פּובליקום, נאָר אויך פון די מוזיקער, וואָס זיינען די לעצטע יאָרען גרופּירט אַרום דער אידישער ביהנע, און פון די בעסערע טעאַטער באַזוכער.

רומשינסקי ווערט איצט מיט רעכט באַטראַכט פאַר איינעם פון

די וויכטיגסטע פערזענליכקייטען אין דער אידישער טעאטער־וועלט. ער איז נאָך אין אָנהויב פון די פופציגער יאָרען, ווען ביי אַן אמת טאַלאַנטפולען מענש ווערען רייף די שעפערישע כוחות און מען קען דעריבער נאָך ערוואַרטען אַ סך גרויסע זאַכען פון זיין מוזיקאַלישער פעדער. אָבער, יעדענפאַלס, דאָס וואָס יוסף רומשינסקי האָט שוין ביז אַהער אויפגעטאָן אויף דעם געביט פון דער אָפּערעטע באַרעכטיגט איהם צו אַ זעהר געהויבענעם אָרט אין דער געשיכטע פון אידישען טעאַטער.

זיין אָרט איז פאַקטיש אַ געזיכערטער. זיין אויפטו אַלס מוזיקער האָט געלאָזען טיפע וואָרצלען אין דער עוואָלוציע פון אידישען טעאַטער. עס זיינען דעריבער דאָ גוטע אורזאַכען פאַר די ווילנער לאַנדסלייט צו שטאָלצירען מיט דעם נאָמען פון יוסף רומשינסקי.

# נעמען פון ווילנער, וועלכע זיינען פאַרצייכענט אין דעם לעקסיקאָן פון אידישען טעאַטער.

אין דעם לעקסיקאָן פון אידישען טעאַטער, וועמעס מאַטעריאַלען זיינען געזאַמעלט און רעדאַקטירט געוואָרען פון זלמן זילבערצווייג, מיט דער נאָהענטער מיטאַרבייטערשאַפט פון יעקב מעסטעל, אַרויסגעגעבען אונטער דער השגחה פון דער אידישער אַקטיאָרען יוניאָן אין אַמע־ריקע, זיינען פאַרצייכענט פילע נעמען פון מענשען, וואָס זיינען גע־באָרען געוואָרען אין ווילנע. ביז יעצט זיינען אַרויס פון דרוק צוויי בענדער, דער ערשטער מיט די נעמען פון „א״ ביז „ט״, און דער צווייטער פון „ט״ ביז „פ״.

צוליב דעם באַגרענצטען פּלאַץ אין דיזען בוך, ווערען נאָר אי־בערגעגעבען די נעמען פון די פאַרצייכענטע געבאָרענע ווילנער, אויס־לאָזענדיג זייערע ביאָגראַפיעס.

די רעדאַקציע פון דיזען בוך, דריקט אויס אַ האַרציגען דאַנק צו פריינד זלמן זילבערצווייג פאַר דער ערלויבניס צו באַנוצען זיך מיט די מאַטעריאַלען פון דעם לעקסיקאָן פון אידישען טעאַטער.

## די פאָלגענדע נעמען זיינען דאָרטען פאַרצייכענט:

אזראַ, אַלעקסאַנדער (אָרליוק), געב. אין 1892
אייזענבערג, אברהם, געב. יאַנואר 14, 1879.
איינהאָרן, באַשע, געב. 1878 — געשט. יולי, 1918.
אַלעקסאַנדראָוו, אהרן, געב. נאָוועמבער, 1903.
אָרליוק, שמעון, געב. אין 1894.
בוזגאַן, חבל, געב. דעצעמבער 24, 1897.
בולאָוו, יוסף (בולקין), געב. אין 1899.
בולקין, אברהם, געב. אָקטאָבער 31, 1894.
בליאכאר, שבתי, געב. יולי, 1904.
בן-גור, א. א., געב. 1870.
בערטאָנאָוו, יהושע (בירטון), געב. מערץ 16, 1881.
ברוידעס, יצחק, געב. 1880.
גינזבורג, יעקב, געב. סעפּטעמבער 10, 1882, געשט. אפּריל 8, 1925.
דושמאַן, לעאָן, געב. אַפּריל 12, 1886.
דיק, אייזיק (יצחק) מאיר, געב. 1807, געשט. יאנואר 24, 1893.
ווידאָוו, סאָניאַ, געב. אפּריל 23, 1899.
וויטאַלין, פרידא (לאַפּין), געב. יוני 5, 1886.

ווייטער, א. (אייזיק-מאיר דעווענישסקי), געב. יוני, 1878, געשט. אפ-ריל, 21, 1919.

וויינרייך, מאקס דר. (מאיר), געב. אפריל 22, 1894. (געב. געווארען אין גאָלדינגען, קורלאַנד, אָבער זייט פילע יאָהרען אַ איינוואָהנער אין ווילנע און ווערט באַטראַכט פאַר אַ ווילנער).

ווינאָגראַדאָוו, יוסף (וויינשטיין), געב. אין 1868.

וויערניק, בתיה, געב. מערץ 21, 1884.

זאָלאָטקאָף, לעאָן, געב. מאי 15, 1866.

זאסלאַווסקא, בערטאַ (באַסיע לעווין), געב. סעפטעמבער 28, 1891.

חאַשקעס, משה, געב. 1830, געשט. דעצעמבער 15, 1906.

יאַראָסלאַווסקא, זלאַטע.

יולין, יהודה (עטמאַן), געב. אין 1888.

לארעס, יהודית (רבקה כאנענזאָהן), געב. 1882, געשט. יולי 14, 1926.

לובאָצקי, יעקב, געב. דעצעמבער 15, 1892.

לעווין, אברהם, געב. אָקטאָבער 26, 1898.

לעווין, לוסי, געב. יולי 4, 1906.

מאָרעווסקי, אברהם (מנקר), געב. מערץ 8, 1886.

מגיד, חנה (צביה דאָרמאַן), געב. נאָוועמבער 7, 1865.

מיללער, לואיס ע. ל. (באַנדעס), געבאָרען אפריל 30, 1866, גע-שטאָרבען מאַי, 22, 1927.

מרמר, קאָרל (קלמן-צבי), געב. אָקטאָבער 10, 1879.

נאמיאָט, אַראָן, געב. פעברואר 15, 1903.

נערה (רבקה מאָצין-ראקאָוו), געב. נאָוועמבער 3, 1909.

עלמית ס. (סאָניא לובאצקי), געב. אין 1896.

עפשטיין, בנימין, געב. דעצעמבער 1, 1899.

# פּראָפעסאָר דניאל כוואָלסאָן.*)

דניאל כוואָלסאָן איז געבאָרען געוואָרען אין ווילנע אין 1819 אין אן אָרעמער פאמיליע. זיין מוטער האָט געלאטעט זעק און מפרנס געווען דאָס געזינד, דער פאָטער איז געזעסען און געלערענט אין קלויז. ביז 18 יאָהר געלערענט אין דער ישיבה ביי דעם באוואוס־טען גאון ר' ישראל גינצבורג, הערנאָך חתונה געהאט קיין מיכאַילי־שאק, זיך אָנגעהויבען אָפצוגעבען מיט זעלבסטבילדונג, באקומען א



פּראָפעסאָר דניאל כוואָלסאָן
געב. 1819 — געשט. 1910.

שם פאר אן „אפּיקורס" און איז אנטלאָפען צופוס קיין אויסלאנד. א דאנק דער שטיצע פון א. גייגער דורכגעמאכט דעם קורס פון גימ־נאזיע, אריין אין ברעסלוי'ער אוניווערזיטעט, 1850 באקומען דעם טיטעל דאָקטאָר פילאָזאָפיע פאר זיין דיסערטאציע „די סאַדיער און דער סאַ־

*) לעקסיקאָן פון דער אידישער ליטעראַטור, פּרעסע און פילאָלאָגיע, פון זלמן רייזען, ווילנער פארלאג פון ב. קלעצקין.

דיזם", מיט וועלכער ער האט אנגעהויבען זיין קאריערע אלס סעמיטאלאג־אריענטאליסט, אויף דעם געביט. מיט דער צייט פארנומען זעהר אן אנגעזעהענעם ארט. 1855 האט זיך יוסף (אזוי איז געווען זיין אידישער נאמען) כוואלסאן גע'שמד'ט און איז געווארען פראפעסאר פון העברעאישער, סירישער און כשד'ישער ליטעראטור אויף'ן מזרח־פאקולטעט פון פעטערבורגער אוניווערזיטעט. 1858־1884 געלערענט העברעאיש און ביבלישע ארכעאלאגיע אין דער פראוואסלאווישער אקאדעמיע און אין דער רוימיש־קאטוילישער. 1910 אויסגעוועהלט אלס עהרענמיטגליד פון דער אקאדעמיע פאר וויסענשאפטען אין פעטערבורג. א ליבהאבער און פריינד פון דער אידישער שפראך און אנערקענער פון איהר וויכטיגקייט אלס מיטעל צו פארשפרייטען בילדונג צווישען פאלק, האט כוואלסאן זי געראטעוועט פון דער גרויסער סכנה, וואס האט אויף איהר געלויערט: איינער פון עקסטע אידישע רוסיפיקאטארען, מאקסים גוראוויטש אין אדעס, האט אין 1862 דערלאנגט דעם אדעסער גענעראל־גובערנאטאר א פארשלאג צו פארווערען דרוקען אין אידיש וועלכע עס איז ביכער, כדי דורך דעם צווינגען די אידען זיך צו באנוצען מיט דער רוסישער שפראך. דער גענעראל־גובערנאטאר האט דעם פארשלאג איבערגעשיקט דעם מיניסטער פאר אינוויינינגסטע ענינים, און היות ווי דאן איז אויך ארויס א פארבאט צו דרוקען אין רוסלאנד ביכער אין ליטוויש און אוקראיניש, האט די גזירה אויף אידיש געהאלטען אין אויסגעפיהרט ווערען, בפרט אז די רבנים־קאמיסיע, וואס איז יענע צייט געזעסען אין פעטערבורג, האט גארנישט געהאט דאגעגען, אויסנעמענדיג בלויז, אז די גזירה זאל ניט חל זיין אויף רעליגיעזע ספרים אין אידיש. עס האט נאר געפעהלט די הסכמה פון דעם בילדונגסמיניסטעריום, צו וועלכען עס האבען ביז 1864 געהערט אלע דרוקענינים. דער דעמאלטיגער בילדונגס־מיניסטער אבראם נאראוו, כוואלסאן'ס טויפפאטער, האט געפונען פאר נויטיג אנצופרעגען דעם „קאמיטעט פון די געלערענטע" ביים מיניסטעריום, פון וועלכען כוואלסאן איז געווען א מיטגליד, און כוואלסאן האט, אהן א שום השתדלות מצד אידען, דורך דעם בילדונגס מיניסטער, אויף וועמען ער האט געהאט א גרויסע השפעה, געענטפערט, אז „נאך אין דער ערשטער העלפט פון 16־טען יאהרהונדערט האבען אידען אנגעהויבען צו דרוקען ביכער אויף אידיש" און אז „א פארבאט צו דרוקען אויף אידיש וועט ניט דערגרייכען דעם ציל — אידען וועלען ריידען אידיש". א דאנק דעם איז די געפלאנטע גזירה בטל געווארען.

כוואלסאן איז אויך געווען דער איניציאטאר פון ארויסגעבען א צייטונג פאר אידען אויף אידיש אדער העברעאיש און עס איז

זיכער זיין השפעה, וואס אויף דער בקשה פון א. ראבינאוויטש און טארנאפאל אין 1858, וועגן דערלויבען זיי ארויסצוגעבען א צייט־שריפט אויף רוסיש, האט זיך באקומען א תשובה מיט דער חתימה פון קייזער אלעקסאנדער דעם 2־טען, אז מ'זאל בעסער ארויסגעבען א צייטונג פאר אידען אויף אידיש אדער העברעאיש.

די דערמאנטע אדעסער משכילים האבען דעם פארשלאג ניט אנגענומען, און ער איז פארווירקליכט געווארען דורך צעדערבוימען, וועלכער האט אנגעהויבען ארויסצוגעבען דעם „המליץ" מיט דעם אידישען „קול מבשר".

כוואלסאן, דער איניציאטאר פון דער זאך, איז אויך שפעטער געטריי געבליבען דעם „קול מבשר" און האט אלס מיטגליד פון קאמיטעט פון דער „חברה הפיצי השכלה" אין פעטערבורג געווירקט, אז מ'זאל די צייטונג אויסנוצען צו פארשפרייטען וויסענשאפט צווישען פאלק. ער האט אויך ניט געהאלטען מיט דער מערהייט פון קאמיטעט, אז מ'דארף די שפראך פון „קול מבשר" פארטייטשען.

# יהושע שטיינבערג.*)

יהושע שטיינבערג, לערער און געלערנטער, איז געבאָרען גע־וואָרען אין ווילנע, ארום 1830, און איז געשטאָרבען אין ווילנע אין 1908.

נאָך דעם ווי ער האָט געענדיגט ווילנער ראבינער שולע, איז ער געוואָרען א קאַזיאָנער רב אין ביאַליסטאָק, נאָכהער אין 1860-1866



יהושע (יעווסעי נאָומאָוויטש) שטיינבערג.
געב. 1830 — געשט. 1908.

אין ווילנע. זיינע דרשות וועגען דער תורה האָבען ארויסגערופען אינ־טערעס אין די אָרטיגע פּראָגרעסיווע קרייזען. שטיינבערג האָט זיך אינטערעסירט מיט דער פּראַגע פון שול ערציהונג. דורך זיינע

*) Еврейская Энциклопедия Общества для Научных Еврейских Изданий и Издательства Брокгауз-Эфрон.

שתדלנות האָט מען אין ווילנע געעפענט אין יאָהר 1863 עטליכע אידישע שולען. אין 1867 איז ער באַשטימט געוואָרען אַלס לערער פון דער אידישער און כאַלדעאישער שפראַכען אין ראַבינער שולע און נאָכדעם ווען די ראַבינער שולע איז פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין אַ לערער אינסטיטוט, האָט שטיינבערג פאַרנומען די שטעלע אַלס אינספעקטאָר (ביז 1904).

שטיינבערג האָט אין דערזעלבער צייט אויסגעפירט די פליכטען אַלס צענזאָר פון אידישע ביכער. רעווידירענדיג אין 1887 די וואָלאָזשינער ישיבה איז שטיינבערג באַשטאַנען אויף דער נויטווענ־דיגקייט צו לערנען די רוסישע שפראַך אין דער ישיבה. ער האָט זיך ערוואָרבען אַ נאָמען מיט זיינע וויסענשאַפטליכע אַרבייטען, הויפּטזעכליך אין לעקסיקאָגראַפיע און אויספאָרשונגען פון דער אידישער שפראַך. שטיינבערג האָט צוזאַמענגעשטעלט: אידישען־כאַלדעאישען עטימאָלאָגישען ווערטערבוך (1878)**; פאָלשטענדיגען רוסיש־העברעאישען ווערטערבוך (1880)***; פאַרפערטיגט אין רו־סיש־אידיש־דייטש (1888); האָט פאַרפערטיגט אַ אידישע גראַמאַטיקע (1884); פאָלשטענדיגען קורס אידישע גראַמאַטיק (1871).

**) Еврейский и Халдейский этимологический словарь к книгам Ветхого Завета. 1878.

***) Словарь древне-еврейскаго и русскаго языков. 1880.

פ. וויערניק.

# דער ווילנער גאון.



ר׳ אליהו בר׳ שלמה זלמן, וועלכער איז באוואוסט אין אידישער היסטאָריע אַלס דער ווילנער גאון, איז געבאָרען געוואָרען אין ווילנע פסח אין יאָהר ת״פ (1720) און איז געשטאָרבען אין זיין געבורטס־שטאָט חול המועד סוכות תקנ״ה (1797). ער האָט געשטאַמט פון צוויי ווילנער גדולים, דער רבי ר׳ משה קרעמער און דער באוואוסטער למדן ר׳ משה רבקש (דער „באר הגולה״, וועלכער איז שפּעטער אַוועק נאָך אַמשטדם) וועלכע האָבען זיך משדך געווען צווישען זיך ארום דעם מיטען פון 17טען יאָהרהונדערט, און האָט מיט דער אויסנאַמע פון א קורצער צייט וואָס ער איז אוועק „אָפּריכטען גלות״ געוואוינט זיין גאַנצען לעבען אין ווילנע. ער איז דערמיט אין אָפּשטאַמונג און אין טראַדיציע געווען אן עכטער ווילנער, דער גרעסטער קאָפּ־מענש וואָס די אַלטע אידישע קהלה האָט פּראָדוצירט.

ער איז געוואָרען באריהמט אלס וואונדער־קינד און איז שפּעטער אנערקענט געוואָרען אלס דער גרעסטער תלמודישער געלערנטער פון ווילנע און פון ליטא, אין א דור אין וועלכען עס איז אין יענער געגענד אויפגעוואַקסען אַזא ריז אויף דעם געביט ווי דער „שאגת אריה״, וועלכער האָט איהם געקענט, נאָר ער איז שפּעטער אוועק נאָך מעץ (עלזאס), און ווען פוילישע אידען ווי דער „אורים ותומים״, אין האמבורג־אַלטונא און דער „נודע ביהודה״ אין פּראַג, און עטליכע אנדערע זיינען געווען אנערקענט אין דער גרויסער אידישער וועלט אלס די גדולי הדור.

די באריהמטהייט פון די אינגערע יאָהרען ווערט אָבער אין אמת׳ן אין אזא פאַל צוגערעכענט צו די שפּעטערע גרויסקייט, וואָס מיינט אז אַפילו א מאַן מיט די אויסעראָרדענטליכע פעהיגקייטען פון „גאון״ איז אויך אויפגעוואַקסען לאנגזאם און איז אנערקענט געוואָרען אלס ווירקליך גרויס ערשט אין דעם סוף פון זיין לעבען, צוליב אומשטענדען וועלכע האָבען געהאַט צו טאָן מעהר מיט דער

צייט און דעם פלאץ ווי מיט זיין פערזענליכקייט אליין, וועגען וועלכער ווייניג צווייפלען אז זי איז געווען א מערקווירדיגע.

דער פרייער און אויפגעקלערטער גייסט פון 18טען יאהרהונדערט, וועלכער האט קולמינירט אין דער אמעריקאנישער און דערנאך אין דער פראנצויזישער רעוואלוציע, האט געווארפען שוואכע שטראהלען אין דער וויטער ווילנע, און האט בייגעטראגען דעם



דער ווילנער גאון. געב. 1טען טאג פסח, 1720. געשט. 3טען טאג חול המועד סוכות, 1797.

ליבעראלען שטריך צו זיין כאראקטער אין וועלכען עס האט זיך געזעהן א נייגונג צו וויסענשאפט און דערמיט צו דער גרויסער, אפענער אויסען־וועלט. אבער די פאראנטווארטליכקייט פאר דער חסידות־באוועגונג און פאר דער ראלע וואס ער האט געשפילט אלס איהר געגנער, האט געהאט צו טאן מיט די דריי גרויסע דעמפאטען פון דער צווייטער העלפט פון זיין לעבען, די רוסישע קייי־

זערינע, דער עסטרייכישער קייזער און דער קעניג פון פרייסען, — גענויער גערעדט, מיט זייער פארשווערונג צוצוטיילען פוילען, וואס איז אין יענער צייט דורכגעפיהרט געווארען.

דער לעצטער קעניג פון פוילען, סטאניסלאוו פאניאטאווסקי, ועמען זיין געליבטע יעקאטערינא פון רוסלאנד האט ארויפגעזעצט אויפ'ן טראן אלס פארבערייטונג פאר דער צורייסונג, האט איבער פוילען אין גאנצען געהאט א קנאפע דעה. ער האט מיטגעהאלפען אין דער ארבייט פון אויפלעזונג אונטער דער מאסקע פון „רע־פארם", און איינע פון זיינען ערשטע און וויכטיגסטע שריט איז געווען (אין 1764) בטל צו מאכען די היסטארישע ארגאניזאציע פון אידישער זעלבסט־פארוואלטונג, דעם „ועד ארבע ארצות" וואס איז געווען אן אויטאנאמישע אידישע רעגירונג פאר קרוב צוויי הונדערט יאהר. די מאכט פון „ועד" איז געווען גרוס איבער אי־דען, וואו יעדע באזונדערע מאכט איז געווען טיראניש דערפאר וואס די אלגעמיינע רעגירונגס־מאכט איז געווען שוואך.

דער גרינדער פון חסידות איז געשטארבען פיר יאהר פריהער, אבער די באוועגונג האט זיך ערשט אנגעהויבען צו פארשפרייטען ווען די לאנדעס־ארגאניזאציע, וועלכע האט איהר געקענט שטערען, איז פארשוואונדען. דערצו איז אין די קומענדע צוועלף־פופצעהן יאהר פארגעקומען אין ווילנע אליין א גרויסע מחלוקה, „דעם רב'ס קריג", מיט דעם וואיעוואד אדער גובערנאטאר אויף דער זייט פון קהל און דעם בישאף (וועלכער האט געהאט אין יענער צייט א גרויסע מאכט) אויף דער זייט פון רב. צום סוף האט קהל געוואונען, דער רב, ר' שמואל אביגדור האט זיך צוריק־געצויגען אונטער'ן שוץ פון בישאף, און ווילנע איז געבליבען אהן א רב ביז אונזער איצטיגער צייט.

ווי ווייט מען ווייסט איז דער גאון געווען נייטראל אין יענער מחלוקה, אבער ווען דער נייער הפקר־צושטאנד האט געגעבען חסידות די נויטיגע פרייהייט וואס האט פריהער געפעהלט, און זי האט זיך אנגעהויבען צו פארשפרייטען אין ליטא און אפילו אין ווילנע גופא, איז דער גאון געווען דער איינציגער גייסטיגער פארשטעהער ארום וועמען די געגנער האבען זיך געקענט גרופירען, כאטש ער איז געווען א מאן פון שטודיר־צימער, ניט באוואוסט אלס רעדנער אדער ארגאניזירער, א שוואכער שרייבער און אזוי ווייט פון פראפאגאנדע ווי מזרח פון מערב.

נעגאטיווע מעלות, דאס הייסט וואס ער איז ניט געווען, האבען פיל ביינעטראגען ער זאל אויסגעקליבען ווערען אלס דער נאמינעלער פיהרער פון א מלחמה וואס אנדערע האבען מייסטענס געפיהרט אין זיין נאמען. עס איז איבערגעבליבען פון די שטרענגע צייטען

פון „ועד" א פּאַראורטייל געגען גרויסע רבנים, געגען די הארבע פּוסקים, וועלכע האָבען אין זייערע שווערע ספרים ארויפגעלייגט איסורים און באשרענקונגען. דער „גאון" איז געוועזען אנערקענט אַלס דער גרעסטער למדן אין ווילנע און אין ליטא, אָבער קיין רב און קיין מחבר; דער פאַסענדער פיהרער אפילו פאר די מאַסען, פון וועמען ער איז געוועזען זעהר ווייט.

אזוי איז דאָס געקומען, אז מקורבים האָבען געקעמפּט אין זיין נאָמען, און עס איז זיי אויך געלונגען צו פאַרצאַמען דעם וועג פאר די חסידות'ע פיהרער, דער עיקר פאר דעם באריהמטען „רב", ר' שניאור זלמן לאַדיער, וועלכער האָט געזוכט צו איהם צוצו־



דער קבר פון ווילנער גאון אויף דעם אַלטען ווילנער בית-עולם.

קומען און וואָלט העכסט וואַרשיינליך געקענט ברייגגען צו א שלום, ווען זיי וואָלטען זיך ביידע דורכגערעדט. יענער איז געוועזען א פּראַקטישער וועלט־מענש, וועלכער האָט פיל געדייזט און אַגיטירט פאר חסידות, און איז אפילו געזעסען אין פעטראָ־פּאַוולאָווסקי פעס־טונג צוליב מסירות וואָס מתנגדים האָבען שפּעטער אויף איהם געמאַכט. נאָר דער גאון איז בעאיינפלוסט געוואָרען ער זאָל זיך ניט צוהערען צו די טענות פון אַנדערען צד, און פון דער אַנדערער זייט האָט מען אויף איהם, דעם קלאָהרען דענקער און בעל־פשט, אויך אָנגעהויבען אויסצוקלערען וואונדער געשיכטעס מיט מופתים וואָס ער זאָל האָבען באוויזען, אפילו די באשאפונג פון א „גולם" האָט מען אויף איהם אויסגעטראַכט, אלס ענטפער אויף די נסים ונפלאות וואָס חסידים פלעגען דערצעהלען פון זייערע רביים.

אלס א דענקער און א פאָרשער פון אלץ, וואָס האָט אַ שייכות מיט אידישע לומדים, אויך אלס מענש מיט טיפע געפיהלען וועגען רעליגיעזע ענינים און מעטאפיזישע פראָבלעמען, איז געווען אונ־פארמיידליך ער זאָל אויך זיין פאראינטערעסירט אין קבלה, און עס זיינען פון איהם אויך פאראן פירושים, אדער ריכטיגער גע־זאָגט, הגהות אָדער ראַנד־באַמערקונגען אויף טיילען פון זוהר. נאָך די שפורען פון א סיסטעם וואָס זיין גרעסטער תלמיד, ר' חיים פון וואָלאָזשין, האָט געפרובירט אויסארבייטען אין „נפש החיים" אלס א סאָרט אַנטי־חסידישע קבלה, קריגט ווייניג אנערקענונג פון פאַכ־מענער.

ער האָט אין גאַנצען איבערגעלאָזען ווייניג שריפטען, און דער גרעסטער טייל פון זיי איז געשריבען געוואָרען פון זיינע תלמידים. זיין גרויסקייט אלס מחבר ליגט אין דער טיפקייט פון זיינע קורצע באמערקונגען אָדער הגהות, אין וועלכע עס ווערט מיט דער ענדע־רונג פון א וואָרט אָדער פון עטליכע אותיות פארענטפערט א שווערע קשיא אָדער באזייטיגט א מיספארשטענדניש. ער איז א וואונדערבארער טעקסט־קריטיקער פון תלמוד, און א סך פון זיינע איינפעלע ווייזען אמת'ע געניאליטעט אָדער גאונות.

זיין פערזענליכקייט האָט בעאיינפלוסט יונגע און מיטעל־יעה־ריגע ערשט־קלאסיגע לומדים צו ווערען זיינע תלמידים, און ער איז דערמיט געוואָרען אן אויבער־ראש ישיבה, דער גייסטרייכער רבי פון א קרייז מענער וועלכע זיינען אליין געווען פיהרער אין זייערע קרייזען. זיין סיסטעם פון לערנען איז שפעטער איינגעפיהרט גע־וואָרען אין דער באריהמטער ישיבה פון וואָלאָזשין וואָס זיין אויבען־דערמאָנטער תלמיד האָט דאָרטען געגרינדעט (מיט דער הילף פון דעם אייגענטימער פון יענער שטעטעל, גראף טישקעוויץ) ארום 1803. שפעטער איז אָבער אין יענער ישיבה אויך אריינגעקו־מען דער פלפול, און זי איז געוואָרען ווייניג אנדערש אין דיזער באציהונג פון די אנדערע ישיבות.

ער איז געווען א וואונדערבארער בעל תנ"ך, און עס איז פאַ־ראן אויף זיין נאָמען א ווערק „איל משולש" אויף געאָמעטריע. אָבער זיין גרויסקייט אלס איד איז געבויט געוואָרען אויף זיין לומדות און זיין פרומקייט, אויף זיינע מדות טובות און זיין איינ־פלוס אויף באריהמטע אָנהענגער. אין די אינגערע יאהרען האָט ער אָפט געליטען נויט, אָבער אויף דער עלטער האָט ער געלעבט אין הרחבה. דער קריסטליכער היסטאָריקער פון אידען פון ליטא, בער־שאדסקי, האָט געפונען אין ארכיוו א מסירה פון א אידען אויף ווילנער קהל אז זיי גיבען „עליא גאָאָן" צוויי טויזענד גילדען א

יאָהר, וואָס איז פאַר יענע צייטען געווען אַ גרויסע סומע. ער ליגט אויף דעם אַלטען בית עולם וואו מען האָט שוין פון מעהר ווי הונדערט יאָהר קיינעם ניט מקבר געווען.

אַלס אַ פּאַסענדער שלום צו דער קורצער איבערזיכט פון זיין לעבען, ערלויב איך זיך צו דערמאָנען, וואָס איך האָב געטאָן ביי אַן אנדער געלעגענהייט, אַ פאַרגלייך צווישען איהם און אַ באַריהמטען מאַן, וועלכער איז אויפגעוואַקסען אַרום אַ האַלבען יאָהר־הונדערט שפּעטער אין דער ליטע און האָט אויך געלעבט אַ לייג־געריע צייט אין ווילנע. ר׳ ישראל סאַלאַנטער (1810-1884) איז אין זיין צייט אויך געווען אנערקענט אַלס דער גרעסטער למדן אין ליטא, אויב ניט אין גאַנץ רוסלאַנד, איז אויך געווען אַ באַריהמטער בעל־מדות, אַרום וועמען עס זיינען נאָך פאַר׳ן לעבען אויסגעוואַקסען אַלערליי שעהנע מעשה׳לעך און אַנעקדאָטען. ער איז אויך געווען אַ פּריוואַטער מענש, קיין רב און קיין מחבר פון ספרים. נאָר דערמיט הערט די עהנליכקייט אויף. ר׳ ישראל איז געווען אַ רעדנער און רייזענדער, ער האָט אָנגעהויבען צו אָרגאַניזירען די מוסר שטיבלעך און האָט זיך אויף זיין אופן באַשעפטיגט מיט אַלער־ליי אידישע פּראָבלעמען. ער איז געווען אין פּאַריז און עס איז גאָר אַמאָל געמאַכט געוואָרען דער פאַרזוך איהם צו ברייגגען נאָך אַמעריקע. אָבער ער האָט ניט געקראָגען דעם טיטעל „גאון״; אפילו היינט, ווען די באַצייכענונג איז געמאַכט געוואָרען זעהר ביליג, ווייסען אַלע וועמען מען מיינט ווען מען זאָגט „דער גאון״, וואָס איז געווען אויסצייכענונג אין דער אידישער וועלט פאַר אַ מאַן, וועלכער איז נפטר געוואָרען מיט פיר דורות צוריק, און וועמענס נאָמען עס ווערט געהערט אומעטום וואו עס געפינען זיך ליטווישע און רוסישע אידען וואָס זיינען זייט זיין צייט פאַרשפּרייט געוואָרען איבער דער גאַנצער וועלט.

מ. איווענסקי.

# די אַמאָליגע ווילנער רבנים און משכילים.

(שטריכען)



שוין מיט עטליכע הונדערט יאָהר צוריק האָט מען אָנגעפאַנגען צו רופען ווילנע ירושלים דליטא. ירושלים פון דער קעניגרייך ליטא. מען פלעגט ענדערען דעם פסוק פון תנ"ך און מען פלעגט זאָגען „מציון תצא תורה ודבר ד' מירושלים דליטא". גאָט'ס וואָרט קומט פון ירושלים דליטא, וואָס מיינט ווילנע.

ווילנע איז זעהר פיל באַריהמט גע־וואָרען מיט דעם גרויסען ווילנער גאון, אָבער איידער דער גאון איז געוועזן אין ווילנע איז שוין ווילנע געוואָרען אַ שטאָדט פון גרויסע רבנים און לומדים. פאַר דעם לעצטען יאָהרהונדערט איז ווילנע געוואָרען די שטאָדט פון השכלה. גאָר ניט לאַנג האָט זיך אין ווילנע אָנגעפאַנגען די אידישע ארבייטער באַוועגונג. ווילנע איז געוועזן די וויגעלע פון בונד.

וועגען ווילנע זיינען דאָ פילע ביכער. רבי שמואל יוסף פין האָט געשריבען אַ גאַנץ דיקען בוך וועגען ווילנע, „קריה נאמנה" (די טרייע שטאָדט). הלוי נח מגיד שטיינשניידער האָט געשריבען „עיר ווילנא" (די שטאָדט ווילנע). זיין זוהן מגיד האָט געשריבען פילע ארטיקלען און אָפּהאַנדלונגען וועגען ווילנע אין העברעאיש, רוסיש און אידיש. דאָ ניט לאַנג האָט איינער ווייסבארד (דוד לבני) אָנגעשריבען אַ בוך אין צוויי טייל, „ירושלים דליטא", וועגען ווילנע. חייקעל לונסקי האָט געשריבען וועגען ווילנע פון די מלחמה־יאָהרען. הונדערטער ביכער, ארטיקלען, בראָשורען, פאָעמען און פאַמפלעטען זיינען געשריבען געוואָרען וועגען ווילנע, וועגען פאַרשידענע פאַזען פון ווילנער אידישען לעבען.

עס פאַרשטעהט זיך, אַז צו שרייבען אויספירליך וועגען ווילנע קען מען ניט אין אַ קורצען אַרטיקעל. אין די שטריכען פון ירושלים דליטא, וואָס ווערען דאָ געגעבען, איז מיין אויפגאַבע זעהר אַ באַ־

שיידענע. אין די שטריכען זיינען דאָ קאמפּעלירט געוואָרען אנעקדאָטען, מעשה־לעך און קורצע כאַראַקטעריסטיקס פון ווילנער באַרימטע מענשען. איך פּאַרמעסט זיך ניט צו שרייבען א וויסענשאפטליכע אָפּהאַנדלונג וועגען ווילנע, נאָר א קאָמפּילאַציע פון לייכטע זאַכען.

* * *

דער ערשטער גרויסער רב אין ווילנע איז געווען רבי מנחם מאָניש. געגוי ווען ער האָט געלעבט, קען מען ניט פעסטשטעלען. זיין מצבה אויף דעם אַלטען ווילנער בית עולם איז פאַרמעקט און ספּעציעל דער יאָהר פון זיין טויט איז ניט דייטליך. זיכער איז, אז ער איז געווען אין ווילנע רב מיט אַרום דריי הונדערט און פערציג יאָהר צוריק.

געקומען איז רבי מנחם מאָניש פון פּראַג. פּראַג איז געווען א באַריהמטע שטאָט פון רבנים. מען דערצעהלט דאָך אויף דעם מהר"ל פון פּראַג די געשיכטע מיט'ן גולם. דער פאַקט אז רבי מנחם מאָניש האָט פאַרלאָזען פּראַג און געקומען אין ווילנע צייגט די וויכטיגקייט פון ווילנער רבנות שוין מיט דריי הונדערט און פופציג יאָהר צוריק. דער פאָטער פון מנחם איז געוועזן דער באַריהמטער רב פון קראָקע, לעמבערג (לבוב) און פּראַג רבי יצחק חיות.

איינער א אידישער באַריהמטער געלערנטער פון יענער צייט, רבי יוסף דילמידיגא היש"ר, איז געווען דאָקטאָר פון פירשט ראַדזיוויל. דילמידיגא האָט באַזוכט ווילנע. ער האָט זיך באַפריינדעט אויך מיט קאַראַאימעס (אידישע סעקטע, וואָס גלויבען ניט אין תלמוד). זיין מיינונג וועגען דעם לעבען פון ליטע איז ניט זעהר שמייכעלהאַפט. ער האָט געשריבען, אז דאָרטען הערשט פון איין זייט טיראַניי און פון צווייטען זייט אומוויסענהייט. אויף דילמידיגא האָבען אַנדערע רבנים צוגעמורמעלט.

נאָך רבי מנחם מאָניש איז געווען רב אין ווילנע רבי משה לימא. אַמאָליגע רבנים פלעגען זיך רופען נאָך דעם וויכטיגסטען ספר, וואָס זיי האָבען געשריבען. רבי משה לימא איז געווען א תלמיד פון „פּני יהושע", דאָס הייסט א תלמיד פון יהושע דעם רב פון קראָקע, וואָס האָט געשריבען „פּני יהושע" און רבי משה לימא אַליין האָט געהייסען „חלקת מחוקק", דאָס איז געווען דער נאָמען פון זיין וויכטיגסטען ספר.

ווי גרויס רבי משה לימא איז געווען, קען מען זעהן פון דעם, וואָס איינער האָט אויף איהם געשריבען: „ממשה עד משה לא קם כמשה", פון משה רבנו ביז רבי משה לימא איז ניט געווען אזא ווי משה. אָט דאָס ווערטעל פלעגט מען זאָגען אויף דעם גרויסען גאון דער רמב"ם (רבי משה מימון).

די חברים פון רבי משה לימא, אָדער זיינע דיינים זיינען געווען דער ש"ך, דער מהרש"ק, דער „שער אפרים" און דער „בית־הלל".

דאָס זיינען געווען די רבנים וואָס האָבן אָט די דאָזיגע ספרים גע־שריבען. רבי משה לימא איז געשטאָרבען אין בריסק.

א גרויסער גאון איז אין יענע צייטען געווען רבי שבתי כ"ץ, דער מחבר פון דעם ש"ך. אויסער זיינען קענטניסע אין תלמיד איז ער געווען א געלערענטער. ער פלעגט קאָרעספּאָנדירען מיט קריסטליכע געלערנטע און דוקא אין לשון קודש. איין בריף צו איינעם וואלענטניי ווידריך איז געפונען געוואָרען אין לייפּציגער ביבליאָטעק. דער בריף איז דאַטירט 3טער פעברואר, 1660.

רבי שבתי ש"ך איז פון ווילנע אוועק. ער איז געשטאָרבען אין העלישו. ער איז דאָרטען געווען רב איניגע יאָהר.

אין דעם יאָהר ת"ח (1648) זיינען געווען שרעקליכע פּאָגראָמען אויף אידען אין פּוילען. די קאָזאַקען זיינען באַפאַלען אידען מיט אַן אומגעהויערער אכזריות. די פּאָגראָמען האָבן ניט אויסגעמיטען אויך ווילנע. פון ווילנע זיינען פילע אידען אנטלאָפען. ווילנע האָט א פּאָר מאָל געליטען פון די פּאָגראָמען אין ת"ח און תט"ו (1656). גרויסע גבירים, רבנים און חשובים האָבן גענומען דעם וואַנדערשטעקען. רבי משה רבקש, דער „מאור הגולה", איז געווען צווישען די וואַנדערער. ער איז מיטגעגאַנגען מיט די מאַסען. ער האָט מיט זיי געליטען אין אַלע זייערע שרעקליכע עינויים.

דער „מאור הגולה", אַזוי האָט זיך גערופען רבי משה רבקש, באַשרייבט אין ריהרענדע ווערטער זיינע וואַנדערונג יסורים. ער איז געווען אין גלות עטליכע יאָהר און האָט זיך צוריק אומגעקערט אין ווילנע.

רבי משה רבקש איז קענטיג געווען א ווילנער איידים. זיין פרוי'ס נאָמען איז געווען רבקה. זיין ספר איז א ספר וואָס איז הייליג ביי רבנים. ער איז געשטאָרבען אין ווילנע אין יאָהר תל"א לפ"ק. עס איז אַן ערך צוויי הונדערט און זעכציג יאָהר צוריק. זיין זון רבי פתחיה און זיין פלימעניק רבי דוד'ל לידער זיינען געווען זעהר באַריהמט.

פאַר איניגע דורות זיינען אין ווילנע געווען גרויסע רבנים, פרנסים און מופלגים. עס איז אָבער געקומען דערצו, אַז דער קהל האָט באַשלאָסען, אַז אין ווילנע זאָל זיך קיינער ניט טאָרען רופען מיט'ן נאָמען רב. אין ווילנע זיינען דאָ מו"צ (מורי צדק), מ"מ (מגידי מישרים), אָבער ניט קיין רבנים. אפילו דער ווילנער גאון איז ניט געווען באַוואוסט מיט'ן נאָמען ווילנער רב.

דער לעצטער רב אין ווילנע איז געווען רבי שמואל דער זון פון רבי אביגדור. מיט'ן נאָמען פון דעם לעצטען ווילנער רב, וועלכער האָט געלעבט אין די צייטען פון ווילנער גאון, איז פאַרבונדען א שטיק אידישער לעבען פון יענער צייט. די אומשטענדען אונטער וועלכע קהל האָט באַשלאָסען אַז מעהר קיין רבנים זאָלען אין ווילנע ניט זיין

זיינען זעהר דראמאטיש. אויך היינטיגע צייטען קומען פאר אזעלכע פאסירונגען. עס איז אן אלטע געשיכטע וואס בלייבט אימער ניי.

צו פארשטעהן אט די אומשטענדען מוזען מיר זיך אין איניגע ווערטער באקענען מיט דעם צושטאנד פון אידען אין פוילען און ליטע אין די צייטען פאר׳ן גאון.

אין יאהר 1569 האט זיך ליטע אין גאנצען פאראייניגט מיט פוילען. אלע ליטווישע שטעדט זיינען געווען אונטערוואָרפען פוילישע געזעצען.

פוילען האט געגעבען די אידישע געמיינדעס פולע אַטאָנאָמיע. דער קהל איז געווען מעכטיג אין אינערליכען לעבען פון די אידען אין פוילען. דער קהל האט געדארפט מאָנען פאדאטקעס און קהל האט געהאט רעכט צו רעגולירען פארשידענע געלט מחלוקות און אפילו זיך אריינמישען אין פערזענליכען לעבען פון די איינוואוינער. קהל האט געהאט הארבע שטראָפען פאר די וועלכע עס האבען ניט געפאָלגט. קהל האט געהאט די קונע, א שאנד־קלאָץ, און אפילו דעם חרם פאר ווידערשפעניגע.

אין קהל זיינען געזעסען די פרנסים, די טאָן־געבער פון שטאָדט. אין קהל איז געזעסען אויך דער רב. וואָס דער רב האט גע׳פסק׳ענט האט קהל זיך געמוזט אונטערוואַרפען. וואָס קהל האט געוואָלט, האט דער רב געמוזט פאָלגען און וועה איז געווען דעם רב, וועלכער האט זיך געשטעלט געגען קהל.

מען זאָגט „קהל איז קיין גזלן ניט", אמאָל איז אָבער קהל ערגער ווי א גזלן. דער לעצטער רב אין ווילנע איז געווען רבי שמואל, אַן איידים פון דעם באוואוסטען ווילנער רב יסוד רבי יהודה ספרא ודיינא, דער גרינדער פון דער שוהל יסוד.

מיט גרוים פאראד איז רבי שמואל געוואָרען רב אין ווילנע. אין דעם כתב רבנות, וואָס מען האט איהם געגעבען, שרייבט מען „בוצינא קדישא" (די הייליגע ליכט), „פטיש החזק" (דער שטארקער האמער) און נאָך אומגעהויערע שבחים. „תחתונים עולצים ועליונים ששו", אונטערשטע זיינען צופרידען און אויבערשטע פרייען זיך. איז דאָך גוט, אַ? טאָ הערט זשע וואָס ער האט פאסירט. עס האט אויס־געבראָכען אין גיכען אַ שטארקע מחלוקת צווישען רב און קהל.

אָנגעפאנגען האט זיך די מחלוקת, ווי אלע מחלוקות הויבען זיך אָן, מיט נארישקייטען. די רביצין האט זיך געהאלטען גרוים. זי גיט ניט אָפּ געהעריג כבוד צו די ווייבער פון די פרנסים. די ווייבער האבען זיך צוקריגט און אין גיכען האט זיך די מחלוקת צוברענט. עס זיינען געוואָרען צוויי צדדים, וועלכע האבען זיך באַקעמפט מיט די שרעק־ליכסטע מיטלען. די מחלוקת האט געפיהרט צו טרויעריגע רעזולטאטען.

די מחלוקת, וואָס איז געפיהרט געוואָרען פון ביידע צדדים גאַנץ ביטער, איז דערגאַנגען צו נאַטשאַלסטווא. ווילנע איז געווען דאַמאָלסט אונטערוואָרפען דעם וואָיעוואָדא ראַדזיוויל און דעם בישאָף מאַסאַלסקי. ראַדזיוויל האָט געהאַלטען מיט קהל — נאַטשאַלסטווא פאַר נאַטשאַל־סטווא — און דער בישאָף האָט געהאַלטען מיט'ן רב — איין גייסטליכער פאַר'ן צווייטען.

דער רב האָט זיך באַזעצט אין אַנטאָקאָליע, אונטער דער יורידיקציע פון בישאָף. ער האָט פשוט מורא געהאַט צו וואוינען אין שטאָדט.

די אָנהענגער פון רב, זיינען אַרעסטירט געוואָרען. מען האָט זיי געפיהרט אין קייטען. מען האָט געמאַכט אויף זיי בלבולים. אונטער אַ חרם איז געפאַסט געוואָרען אַ בעשלוס ניט מעהר אָנצושטעלען קיין רב אין ווילנע. די מאַכט פון קהל איז אָבער ניט גרעסער געוואָרען. פאַרקערט, נאָך דער מחלוקת האָט די מאַכט אָנגעפאַנגען צו זינקען.

נאָכ'ן באַשלוס האָט זיך רבי שמואל געטאָן זייניגע. ער פלעגט זיך אונטערשרייבען אב"ד, אב בית דין. זיין מאַכט האָט ער פאַרלאָרען. צי איינער איז אַ קעניג אָדער אַ רב להבדיל, קען ער דאָך ניט טאָן וואָס ער וויל. אויך „אַ רב איז אַבסאָלוט, ווען ער דעם ווילען פון קהל טוט". אין דעם יאָהר תקנ"א (נקאת), אַן ערך הונדערט מיט פינף און פערציג יאָהר צוריק, איז געשטאָרבען דער לעצטער רב פון ווילנע. זיין מצבה איז אָנגעפילט מיט די גרעסטע שבחים. „אחרי מות קדושים אמור".

* * *

אין די צייטען פון לעצטען ווילנער רב האָט געלעבט אין ווילנע דער ווילנער גאון. ער איז געבאָרען געוואָרען אין יאָהר ת"פ (1720) און געשטאָרבען אין תקנ"ח (1798). דער גאון האָט קיינמאָל קיין רבנות שטעלע ניט פאַרנומען. ער איז אָבער געווען גרעסער ווי אַ רב.

דעם גאון האָט מען גערופען חסיד. דעם חסיד'ס קלויז אין ווילנע איז דעם גאונ'ס קלויז. דער גאון האָט פיל געקעמפט נעגען „חסידים". אָבער דאָס זיינען געווען חסידים פון אַן אַנדער טייג. דער נאָמען חסיד פון גאון האָט אַ גאַנץ אַנדער באַדייטונג. עס מיינט אַן אויסערגעוויינליכער פרומער מענש.

דער גאון איז געווען אַ ניט געקרוינטער הויפּט פון לענדער, וואו אידען האָבען געוואוינט. אַזאַ גאון ווי רבי יונתן פראַגער האָט זיך צו איהם געווענדעט וועגען דער ביטערער מחלוקה, וואָס ער האָט גע־האַט מיט אַן אַנדער גאון, רבי יעקב עמדין.

נאָך אין די צייטען וואָס עס האָט עקזיסטירט די ווילנער רבנות איז דער בית דין באַשטאַנען פון 12 דיינים. דער ערשטער האָט זיך

גערופען מיט'ן נאָמען ראב"ד, ראש בית דין. דער צווייטער — סו"ד (ספרא ודיינא), און דער דריטער — מ"מ (מגיד מישרים). מו"צ (מורה צדק), ד"ץ (דיין צדק). דער מו"צ (מורה צדק) אָדער מורה הוראָה, ווי מען רופט אַזאַ אין ווילנע, איז געווען אָנשטאָט אַ רב. דערנאָך האָט רער שטאָדט מגיד פאַרנומען אַ רב'ס פּלאַץ.

דער ערשטער מו"צ אין ווילנע איז געווען רבי אברהם שמעון („קריה נאמנה" פּאַראַגראַף 82), וואָס מען האָט גערופען דער גרויסער רבי שמעון. רבי שמעון האָט געלערענט ביי בי יונת'ל פּראַגער און האָט זיך שטאַרק אָנגענומען פאַר זיין רבין אין דעם קריג מיט רבי יעקב עמדין.

אַז אַ איד פלעגט קומען פרעגען אַ שאלה ביי רבי שמעון, פלעגט ער זיך מיט איהם פאַנאַנדערריידען וועגען פרנסה, וועגען לערנען איבערהויפּט. דער איד פלעגט אַוועק מיט אַ גרינגערער הארץ און מיט מעהר האָפנונג, ווען ער פלעגט פאַרלאָזען רבי שמעון.

דער פלימעניק פון רבי שמעון מו"ץ, אָדער דעם גרויסען רבי שמעון, איז געווען רבי אליהו הינדעס („קריה נאמנה" פּאַראַגראַף 116), רבי אליהו בר' מרדכי. ער איז געווען אַ מיטגליד אין גאון'ס קאַבינעט, אין גאון'ס בית דין. ער איז געווען סו"ד (ספרא ודיינא), דער צווייטער נאָכ'ן מו"ץ (מורה צדק).

ווי באַוואוסט, האָט דער גאון פיל גע'רודפ'ט די חסידים, די נייע סעקטע, וואָס איז אַנטשטאַנען ביי אידען אין לעבען פון בעל שם טוב (דער בעל שם טוב האָט געלעבט פון 1698 ביז 1758). אין ווילנע האָט זיך אויך געיאַוועט אַ קליינע גרופּע חסידים. די ווילנער חסידים האָבען געדאַוונט אין אַ באַזונדער קלייזעל, „דער קארלינער מנין". אַן דער שפּיצע פון די קאַרלינער זיינען געשטאַנען צוויי גרויסע ווילנער לומדים, רבי איסר און דער ווילנער שטאָדט מגיד רבי חיים.

אינטערעסאַנט איז אַז דער ערשטער צו ברייננען די מיסטישע לעהרע די „קבלה" אין ווילנע איז געווען איינער אַ דאָקטאָר מיט'ן נאָמען יקותיאל גאָרדאָן. דר. גאָרדאָן האָט שטודירט אין איטאַליען און האָט זיך דאָרטען בעקענט מיט'ן „מקובל" און פּאָעט משה חיים לוצאַטאָ. לוצאַטאָ האָט געהאַט אַ גרויסען איינפלוס אויף דר. גאָרדאָן.

די חסידים האָט מען אין ווילנע גערופען „חשודים", מענשען, וועלכע מען דאַרף חושד זיין און מען האָט טאַקע די חסידים חושד געווען אין אַלע עבירות, וואָס מען קען הערען און געדענקען. מען האָט זיי חושד געווען, אַז זיי היטען ניט אָפּ טהרת המשפחה און זיינען ניט שטאַרק מקפיד אין פאַמיליען טרייעס. מען האָט געזאָגט, אַז חסידים לעבען מיט שיקסעס און מאַכען די גרעסטע אָרגיעס.

דער גאון האָט די חסידים געלעגט אין חרם. דער חרם איז

אויך אונטערגעשריבען פון רבי אליהו הינדעס (רבי אליהו בר' מרדכי), דער ספרא ודיינא.

דער שיקזאל האָט רבי אליהו הינדעס אָפּגעטאָן אַ שפּיצעל. זיין אייגענער באַליבטער זוהן רבי זלמן רעליעס איז געוואָרען אַ לעבעוויצער חסיד. רבי אליהו האָט געריסען קריעה און איז געזעסען צוויי וואָכען שבעה נאָך זיין זוהן, איין וואָך נאָכ'ן גוף און איין וואָך נאָך דער נשמה פון זיין זון דעם חסיד. רבי זלמן רעליעס איז אויף דער עלטער אוועק אין ארץ ישראל. ער איז דאָרטען באַוואוסט געוואָרען אַלס רבי זלמן לידער.

נאָך דעם גאונ'ס טויט הויבט אָן צו שפּילען אין אידישען לעבען די ערשטע פידעל דער שטאָט מגיד, מ"מ. אין ווילנע האָט זיך אויך ביסלעכווייז אָנגעהויבען צו פאַר'גנב'ענען דער גייסט פון בערלינער אויפקלערונג, דער גייסט פון השכלה.

ווילנע איז אַריבער אונטער דעם רשות פון רוסלאַנד און זי איז געוואָרען אַ גובערנסקי שטאָדט. רוסלאַנד האָט פון איין זייט אונטער־דריקט אידען און פון דער צווייטער זייט האָט זי געזוכט אידען צו רוסיפיצירען, מאַכען זיי פאַר רוסען.

דעם גאונ'ס תלמיד רבי חיים האָט געגרינדעט די באַריהמטע וואָלאָזשינער ישיבה. דעם גאונ'ס תלמיד רבי מנשה פון איליע איז געווען פון די ערשטע אידישע משכילים. ער איז אפילו אין אַ געוויסען זין געווען דער ערשטער אידישיסט. דער רב קאַצענעלענבויגען פון ווילנע האָט געסטראַשעט, אז ער וועט פאַרברענען רבי מנשה'ס ספר, אויב ער וועט ניט אַרויסנעמען אייניגע אפּיקורסישע געדאַנקען.

די ערשטע מאָדערנע שולע האָט זיך געגרינדעט אין ווילנע אין די ערשטע יאָהרען פון 19טען יאָהרהונדערט, אַרום דעם יאָהר 1810. דער גרינדער פון דער שולע איז געווען נפתלי הירץ שולמאַן, אַ שפּראַכען־קענער און אַ משכיל. אויב איך האָב קיין טעות ניט, איז ער געווען אַן אָנקעל צו דעם באַריהמטען העברעאישען שרייבער קלמן שולמאַן, וועלכער האָט זיין גאַנצען לעבען פאַרבראַכט אין ווילנע.

אין דעם יאָהר 1841 האָט זיך געגרינדעט אין ווילנע די ערשטע פּריוואַט שולע. די גרינדער זיינען געווען די באַריהמטע העברעאישע שרייבער מרדכי אהרן גינסבורג און זאַלקינד. ווילנע ווערט אַ שטאָדט פון השכלה.

מרדכי אהרן גינסבורג (געלעבט 1846—1796) איז געבאָרען געוואָרען אין שטעדטעל סאַלאַנט. זיינע ביכער זיינען איבער פאַרשידענע טעמעס. ער האָט געשריבען וועגען דער אַנטדעקונג פון אַמעריקע, וועגען נאַפּאָליאָנען און די פראַנצויזען און וועגען פילע אַנדערע נוצ־ליכע ידיעות.

נאָך א וויכטיגער אידישער משכיל אין ווילנע איז געווען דער פּאָעט אברהם דוב לעבענזאָן. ער איז געבאָרען געוואָרען אין ווילנע אין יאָהר 1794 און געלעבט ביז דעם יאָהר 1878. לעבענזאָן איז געווען אן איידים אין מיכיילישאק און ווילנער אידען האָבען איהם גע־רופען בערקע מיכיילישקער. בערקע מיכיילישקער איז געווען פאַר־רעכענט פאַר א גרויסען אפּיקורס.

נאָך דעם טויט פון מרדכי אהרן גינסבורג האָט לעבענזאָן געהאַט א שאַרפען צוזאַמענשטויס מיט דעם ווילנער שטאָדט מגיד. דער ווילנער שטאָדט מגיד, רבי וועלוועלע, האָט דאָס גערדאַרפט מספּיד זיין מרדכי אהרן גינסבורג. אין זיין הספד האָט דער מגיד גערעדט וועגען אלץ אין דער וועלט, נאָר ניט וועגען דעם טויט פון מרדכי אהרן גינס־



אברהם בער לעבענ־זאָן (1794—1878).



מיכה יוסף לעבענ־זאָן (1828—1852).

בורג. ער האָט בלויז פאַרענדיגט אין א וויינענדיגער שטימע מיט די ווערטער: „און מרדכי אהרן גינסבורג איז אויך געשטאָרבען". לעבענסאָן איז מיט כעס ארויף אויף דער בימה און האָט דערמאָנט א פּסוק אין תנ"ך, „ויבוא הנער המגיד", איצט פאַרשטיי איך פאַר־וואָס דער מגיד איז א נאַר. דער מגיד פון תנ"ך איז א נאַר, וואָס ער האָט געזאָגט „וגם שאול ויונתן בנו מתו", און אויך שאול און זיין זון יונתן זיינען געשטאָרבען, ווען דאָס איז געווען דער עיקר. נער המגיד, דער עיקר איז גינסבורג! — האָט לעבענזאָן אויסגעשריען, אָנווייזענדיג דורכ'ן וואָרט־שפּיל אז רבי וועלוועלע איז א נאַר.

רבי וועלוועלע האָט זיך ניט פאַרלאָרען און געענטפערט מיט א משל וועגען א באַריהמטען ליטווישען בדחן, וואָס האָט ביי דייטשען ניט אויסגענומען. „איך בין ניט געוויינט צו דייטשע חתונות. אויף

דער צווייטער חתונה וועל איך זיין בעסער. איהר פארשטייט דאך וואס איך מיין, פאני לעבענזאן!"

אברהם דוב לעבענזאן, ווי די ווילנער אידען האבען איהם גערופען בערקע מיכיילישקער און איז באוואוסט אין דער העברעאישער ליטעראטור אלס אד"ם הכהן, האט געהאט זעהר א גראטענעם זון מיט אן ערשט קלאסיגען פאעטישען טאלאנט, מיכה יוסף לעבענזאן. מיכה יוסף האט ניט לאנג געלעבט. ער איז געשטארבען פון שווינדזוכט. זיינע שירים האבען ביז היינטיגען טאג ניט פארלארען זייער ווערדע. מיכה יוסף ווערט באטראכט פון די גרעסטע העברעאישע פאעטען.



שמואל יוסף פין.

אין יאהר 1847 האט זיך אין ווילנע געעפענט די באריהמטע ראבינער שולע. דער אינספעקטאר איז געווען הירש קאצענעלענבויגען. ער איז געבארען געווארען אין יאהר 1796 און געלעבט ביז 1868. אין זיינע יונגע יאהרען איז ער געווען פון די וואויל לערנער. ער האט געשריבען א ספר „נתיבות עולם", אויף וועלכע עס זיינען דא הסכמות פון די גאונים שמואל קאצענעלענבויגען און רבי אבעלע פאסוועלער, ווי אויך פון דעם מורה הוראה רבי בצלאל און דעם באריהמטען מתתיהו שטראשון.

צווישען די לערער פון דער ראבינער שולע זיינען אויך געווען אידל שערעשעווסקי, דער פאעט שלמה זאלקינד, דער גרויסער למדן רבי מרדכי פלונגיאן און דער באוואוסטער געלערנטער רבי שמואל יוסף פין, „אוטשאני יעווריי", ווי ער האט געהאט דעם טיטול.

שמואל יוסף פין איז געבארען געווארען אין הוראדנע אין יאהר תקע"ח (1818) און געשטארבען אין ווילנע אין יאהר 1891. זיינע

בעסטע יאָהרען האָט ער פאַרבראַכט אין ווילנע און איז דאָריבער א ווילנער דורך און דורך.

אין ווילנע האָט שמואל יוסף פין ארויסגעגעבען די צייטשריפט „פּרחי צפון" און דערנאָך „הכרמל". פין איז געווען אי א רייכער אי א געלערנטער. ער האָט פאַרמאָגט א דרוק און א ציגעלניע. דער באַריהמטער וויצלינג רבי אייזעלע סלאָנימער פלעגט זאָגען: „ביי פין'ען זיינען די יוצרות פאַרביטען. ווין העברעאיש איז הארט ווי ציגעל און זיינע ציגעל זיינען ווייך ווי פוטער. פין איז דער היסטאָריקער פון ווילנע. ער האָט אָנגעשריבען דעם באַריהמטען בוך „קריה נאמנה" וועגען ווילנע.

פון ראַבינער שולע זיינען אַרוים שרייבער און געלערנטע, ווי יהודה ליב קאַנטאָר, וועלכער האָט אָנגעשריבען אין העברעאיש די ערשטע סאָציאַליסטישע געדיכט „מאמינים אנחנו" (מיר גלויבען), לעוואַנדא, זונדעלעוויטש, אהרן ליבערמאַן און נאָך באַריהמטע אידען. פון ראַבינער שולע זיינען אָבער אויך אַרוים משומדים און פאַררעטער.

צווישען די ווילנער באַריהמטע אידען זיינען דאָ: קלמן שולמאַן, א העברעאישער שרייבער פון גרויסער באַדייטונג; בן יעקב, א וויכטיגער ביבליאָגראַף; אליקום צונזער, דר. מאַנדעלקערן, מיכל גאָרדאָן, דער מדקדק רייכערסאָן, טוגענהאָלד, אייזיק מאיר דיק, די גרויסע ראשי ישיבות רבי מרדכי מעלצער און רבי ישראל סאַלאַנטער, שמואל און זיין באַריהמטער זון מתתיהו שטראַשון און נאָך גרויסע באַריהמטקייטען. אויך דער העברעאישער פּאָעט י. ל. גאָרדאָן איז א ווילנער.

קלמן שולמאַן, רבי שמואל יוסף פין און מתתיהו שטראַשון זיינען ראָוועסניקעס. זיי זיינען געבוירען געוואָרען אין איין יאָהר, אין יאָהר 1818. זיי האָבען דערלעבט א שעהנע עלטער. רבי מתתיהו שטראַשון איז געשטאָרבען אין יאָהר 1886, רבי שמואל יוסף פין — אין יאָהר 1891 און קלמן שולמאַן אין יאָהר 1900. זיי זיינען דער שטאָלץ פון ווילנע. זיי זיינען אַלע געשטאָרבען אין ווילנע און דאָרטען געלעבט. שולמאַן האָט באַרייכערט די העברעאישע ליטעראַטור מיט זעהר ניצליכע ביכער. פין איז געווען א גרויסער פילאָלאָג און היסטאָריקער, מתתיהו שטראַשון האָט קיין ביכער ניט געשריבען, נאָר באַמערקונגען, „הערות" צו אנדערע ביכער. (א בוך פון מתתיהו שטראַשון וואָס איז אַרויס, איז ניט פון די בעסטע, וואָס ער האָט געשאַפען.) זיינע באַמערקונגען צו אנדערע ביכער זיינען געניאַל. אויך זיין פאָטער, רבי שמואל שטראַשון, האָט געשריבען באַמערקונגען צום ש"ס. אויך דעם פאָטער'ס באַמערקונגען זיינען געניאַל. מתתיהו איז ניט קיין ווילנער אייגענטליך. ער איז געבוירען געוואָרען אין דאָרף שטראַשון. אז אייזיק מאיר דיק

פלעגט ווערען אין כעס אויף שטראַשונ'ען פלעגט ער אויסשרייען: „וואָס איז מיט דיר דער יחוס? שטראַשון איז אַ דאָרף און מאַטעס איז דער נאָמען פון אַ פּויער." מתתיהו שטראַשון איז אָבער גע־ווען פון די גאונים פון זיין צייט. זיין באַריהמטע ביבליאָטעק איז אַ צירונג פאַר ווילנע.

עס ווערט איצט 150 יאָהר זינט מאָנטעפיאָרע איז געבוירען גע־וואָרען און הונדערט יאָהר זינט ער איז געשטאָרבען. עס איז כדאי צו באַמערקען, אַז מאָנטעפיאָרע איז געווען אין ווילנע אין יאָהר 1846. ער איז דאָרטען אויפגענומען געוואָרען מיט קייזערליכען פּאַ־ראַד. „זשידאָווסקי קראָל" (אידישער קיסר) האָט איהם גערופען דער פּוילישער המון. מאָנטעפיאָרע האָט דערנענטערט די פרומע רבנים צו די פרייע משכּילים. דער שטאָט־מגיד איז געפאָהרען אין איין קאַרעטע מיט בערקע מיכאַילישקער (אדם הכהן). ווילנע האָט געמאַכט אַ שטאַרקען איינדרוק אויף מאָנטעפיאָרע'ן.

אַ ווילנער, וועלכער איז אויך באַריהמט געוואָרען ביי גויים, איז פּראָפעסאָר כוואָלסאָן, אַ אידישער תלמודיסט, וועלכער האָט זיך אָבער גע'שמד'ט. כוואָלסאָן האָט גע'שמד'טערהייט פיל געטאָן פאַר אידען. דער קאָוונער רב רבי יצחק אלחנן האָט זיך מיט איהם קאָרעספּאָנדירט. ער האָט איהם איין מאָל געבעטען ער זאָל זיך איינשטעלען פאַר אידען און געענדיגט מיט די ווערטער „כי לכך נוצרת". עס איז אַ פּסוק פון דאַוונען, וואָס איז אַ וואָרט שפּיל און מיינט, ערשטענס, צוליב דעם ביזטו באַשאַפען געוואָרען און אויך צוליב דעם ביזטו געוואָרען אַ קריסט. אויף דעם האָט כוואָלסאָן געענטפערט מיט אַן אַנדער וואָרט שפּיל: „ועכשיו שנוצרתי כאילו לא נוצרתי", וואָס מיינט אויך, אַז איצט אַז איך בין אַ קריסט איז גלייך ווי איך וואָלט קיין קריסט ניט געווען.

כוואָלסאָן איז געווען אַ פריינט פון קלמן שולמאַן. שולמאַן האָט איהם אַמאָל געפרעגט, פאַרוואָס ער האָט זיך גע'שמד'ט. „פון איבער־צייגונג", האָט כוואָלסאָן געענטפערט. „וואָס, דו ביזט איבערצייגט, אַז קריסטענטום שטעהט העכער פאַר אידישקייט?", האָט שולמאַן נאַאיוו געפרעגט. „אַ, דאָס ניט, אָבער איך בין איבערצייגט, אַז צו זיין אַ פּראָפעסאָר אין אַ רוסישען אוניווערזיטעט איז בעסער ווי צו זיין אַ ראש ישיבה", האָט כוואָלסאָן קאַלטבלוטיג געענטפערט.

אַ צווייטער באַריהמטער משומד פון ווילנע איז געווען יוליאַן קליאַטשקאָ. ער איז געבאָרען געוואָרען אין ווילנע אין יאָהר 1825. יונגערהייט האָט ער געשריבען העברעאישע שירים. ער האָט פאַרפאַסט אַ העברעאישען ביכעל „הדודאים". דער קליאַטשקאָ האָט זיך דערנאָך גע'שמד'ט און געוואָרען אַ גרויסער פּוילישער שרייבער און פּאַטריאָט.

א מאָדנער טיפּ אין ווילנע איז געווען משה'קע ראָזענסאָן. ער איז געווען א גביר. ער האָט געהאַט פילע הויפען אין ווילנע און האָט זיך ארומגעטראָגען מיט אַן אידעע צו פאראייניגען אַלע רעליגיעס. די ווילנער אידען האָבען איהם גערופען מיסיאָנער. ראָזענסאָן האָט ארויסגעגעבען פילע ביכלעך אין העברעאיש און קיינער האָט זיי אין האַנט ניט געוואָלט נעמען. עס איז מערקווירדיג — האָט געזאָגט ראָזענסאָן — איך לאָז איבער מיינע ביכער שיין איינגעבונדען אין קיך, אָרימע לייט זאָלען זיי גנב'ענען, גנב'ענען זיי גאָר זילבערנע לייכטער און די ביכער טשעפּען זיי ניט.



יאַנקעל באַרעל

ווילנע האָט געהאַט גרויסע סקולפּטאָרס, ווי אַנטאָקאָלסקי, אליהו גינסבורג און אויך קינסטלער ווי גריליכעס.

וועגען גריליכעס דערציילט ווייסבארד אַן אינטערעסאַנטע מעשה'לע אין „ירושלים דליטא".

אין ווילנע האָט געוואוינט אויף טייטשער גאַס א בכבוד'יגער איד רבי יעקב באַרעל*). באַרעל האָט געהאַלטען א געשעפט פון גאָלד און זילבער זאַכען.

אָט ווי ווייסבארד באַשרייבט ר' יעקב באַריל (ירושלים דליטא, ערשטער טייל, זייט 118):

„רבי יעקב באַרעל האָט געהאַט א גרויסען נאָמען אין ווילנע. ער איז געווען זעהר פרום. ער פלעגט דאַווענען און לערנען א בלאַט גמרא יעדען טאָג אין חסיד'ס מנין (דעם גאונ'ס קלויז). ר' יעקב באַרעל איז געווען א הדרת פנים מיט א שעהנער ווייסער באָרד,

*) יעפים ישורין, וועלכער איז דער רעדאַקטאָר פון דעם בוך „ווילנע", איז יעקב באַרעל'ס אַן אייניקעל.

וואס פלעגט דערלאנגען זיין פולען בויך." „געהאלטען האט ער זיין גאלד געשעפט אויף טייטשער גאס, ניט ווייט פון חסיד'ס מנין."

„ר' יענקיל איז געווען א קינסטלער אין זיין פאך. ער פלעגט האנדלען מיט דער אריסטאקראטיע. יעדער גביר וואס האט געדארפט געבען א שעהנע מתנה פאר א חתן, א גרויסער שררה, א פריץ, א נאטשאלניק וואס פלעגט וועלן שענקען א מתנה א „פרימא דאנא", פלעגען זיך ווענדען צו רבי יענקלען. איינמאל איז דער גובערנאטאר מיט זיין פרוי אריין צו רבי יענקלען אין געשעפט און האבען ביי איהם געקויפט פילע טייערע זאכען און האבען ביי איהם באשטעלט א גוטען רינגעלע, געזעצט אין טייערע שטיינער, א מתנה דער קייסערינע אליין. דעם גובערנאטאר'ס פרוי איז געווען פון דער קייזערליכער פאמיליע. איין מאל קומט פלוצלונג צו ר' יעקב בארעל דער גובערנאטאר אליין און פרעגט מיט האסט: „זאג מיר וואו האסטו גענומען דעם רינגעלע, וועלכען איך האב ביי דיר געקויפט מיט א פאר וואכען צוריק?" בארעל איז בלייך געווארען פאר שרעק. פארשידענע געדאנקען האבען זיך איהם געפלאנטערט אין קאפ. וואס מיינט דאס?

עס האט זיך ארויסגעשטעלט, אז דאס איז דער רינגעלע וואס דער גובערנאטאר האט געקויפט און דאס אוועקגעשיקט צו דער קייסערינע. דער רינגעלע איז געווען אזוי קונציג אויסגעארבייט. אין מיניאטור זיינען געווען אויסגעקריצט אן אדלער, עס זיינען געווען די איניציאלען פון דער קיסערינע און דער גאנצער קיסערליכער פאמיליע. דער קיסערין איז דאס רינגעלע זעהר געפעלען געווארען און זי האט זיך געוואלט באקענען מיט'ן מייסטער פון רינגעלע.

בארעל האט דערציילט, אז דעם רינגעלע האט אויסגעארבייט א פרוש פון חסיד מנין (דעם גאונ'ס קלויז). דער גובערנאטאר איז אוועק אין באגלייטונג פון בארעל אין קלויז צו נעמען דעם מייסטער און פירען איהם אין פעטערבורג. די שרעק וואס די קלויזניקעס האבען איבערגעלעבט, ווען זיי האבען דערזעהן דעם גובערנאטאר, קען מען זיך פארשטעלען. דער מייסטער האט אפילו ניט פארשטאנען איין ווארט אין רוסיש. מען האט איהם גערופען דער לייזעווער פרוש. ער האט געלערנט אויסער גמרא אויך מוסר ספרים. און דער פרוש האט גע־דארפט פארען אין פעטערבורג זיך פארשטעלען פאר'ן קיסר.

קורץ, דער פרוש איז געפארען אין פעטערבורג. ער האט געקראגען פון קיסר א מתנה 100 רובעל. ער האט זיך פלייסיג אנגעפאנגען צו לערנען רוסיש און האט געקראגען א שטעלע מיט דער הילף פון אנטא־קאלסקי אין דעם פעטערבורגער מינט. ער האט דארטען געארבייט און דערנאך זיין זוהן. דער פאטער און דער זוהן האבען געקראגען פילע מעדאליען פאר זייער קונסט.

דער לערער אינסטיטוט, וואס איז געגרינדעט געווארען אין ווילנע נאך דעם ווי די ראבינער שולע האט זיך געגרינדעט, האט פארטגעזעצט די ארבייט פון ראבינער שולע. דער אינספעקטאר פון אינסטיטוט איז געווען שטיינבערג, אן איידים פון אד״ם הכהן, בערקע מיכיילישקער. שטיינבערג איז דער מחבר פון א ווערטערבוך, פון וועלכע פילע קלויז־ניקעס האבען געלערענט רוסיש. א באריהמטער שילער פון אינסטיטוט איז אב. קאהאן.

נאך א ווילנער, וואס האט געשפילט א ראליע אין אמעריקע, איז רבי יעקב יוסף חריף, דער ווילנער שטאדט מגיד, וועלכער איז געווארען דער רב הכולל פון ניו יארק. ער האט געלעבט אין ניו יארק 14 יאהר. אין יאהר 1888 האבען איהם צענדליגע טויזענט אידען מקבל פנים געווען. אין יאהר 1902 איז רבי יעקב יוסף געשטארבען. אויף זיין לויה זיינען געווען ארום הונדערט טויזענט מענשען. עס האט שיר ניט אויסגעבראכען א פאגראם. די לויה איז יעדענפאלס א היסטארישע. ביי זיין לעבען איז רבי יעקב יוסף ניט זעהר שיין באהאנדעלט געווארען פון די פרומע אידען אין ניו יארק.

א באריהמטער שטאדט מגיד אין ווילנע איז אויך געווען רבי צבי ראבינאוויטש, דער זון פון רבי יצחק אלחנן. מיט זיין נאמען איז פארבונדען דער אנפאנג פון דער סאציאליסטישער באוועגונג אין ווילנע.

אין יאהר 1895 האט אויסגעבראכען די באריהמטע סטאטשקע פון עדעלשטיין אין ווילנע. דער שטאדט מגיד איז געווען אויף דער זייט פון די באלעבאטים און האט שטארק גע׳מוסר׳ט די ארבייטער. די ארבייטער האבען איהם אויסגעפייפט אין דער באריהמטער היס־טארישער אידישער שול, אין דער שול פון ירושלים דליטא.

דער פייף פון די אידישע ארבייטער אין דער שול פון ירושלים דליטא איז געווען אן אנזאג אויף א נייער עפאכע, אן עפאכע פון קאמף און אויפלעבונג פון אידישע ארבייטער. דער בונד איז געבארען גע־ווארען. ירושלים דליטא האט געקראגען אן אנדער פנים.

## מ. ווילנער.

# צבי־ניסן גאָלאָמב ע״ה.

אין טיפען עלטער איז אין ווילנע, סוף דעם 15טען אויגוסט, 1934, געשטאָרבען איינער פון די ווילנער ערשטע משכילים און העברעאיש־אידישע שרייבער — צבי ניסן גאָלאָמב.

געבוירען אין יאָהר 1853, אין א קליין שטעטעל ניין מייל פון ווילנע, ביי פרומע עלטערען, לערנענדיג שפעטער אין אלערליי ישיבות, איז ער אונטער דעם איינפלוס פון מ. ל. ליליענבלום'ס „חטאת נעורים" און אנדערע, דעמאָלטדיגע השכלה־ביכלעך, גע־וואָרען א משכיל. אלס סגולה, ווי עס איז דעמאָלט אָנגענומען געווען, צו ראטעווען איהם פון דער השכלה — האָבען איהם די עלטערען חתונה געמאכט צו זיבעצען יאָהר. א פאָר יאָהר נאָך דער חתונה, איז ער מיט זיין ווייב און קינד אריבערגעפאָהרען קיין ווילנע און איז געווען איינער פון די צעהן קאָרעקטאָרען — בעל־מגיהות — אין ראָם'ס גרויסער דרוקעריי. אין יענער צייט האָבען זיך געדרוקט אין ראָם'ס דרוקעריי די אידישע ערצעהלונגען פון דעם שוין דאַן באַריהמטען שרייבער אייזיק מאיר דיק. די מאנו־סקריפטען פון דעם באַריהמטען פאָלקס־שרייבער אייזיק מאיר דיק זיינען געווען געשריבען מיט א שווערען כתב, דער צענזאָר, וואס האָט, ווי דער געזעץ האָט דאַן געפאָדערט, געמוזט יעדע ערצעה־לונג לייענען, איידער זי געהט אין דרוק אריין, האָט דיק'ס כתב ניט געקענט לייענען, האָט יעדען מאנוסקריפט צבי ניסן גאָלאָמב גענומען אהיים אויף ביי נאכט איבערצושרייבען. אונטער דעם איינפלוס פון אייזיק מאיר דיק'ס מעשיות, האָט צבי ניסן גאָ־לאָמב אליין אָנגעהויבען צו שרייבען אלערליי מעשה־ביכלעך, אָרי־גינעלע, היסטאָרישע און איבערזעצטע.

ניט באַזיצענדיג דעם טאלאַנט פון אייזיק מאיר דיק — דער לעצטער איז געווען — קענען זיין ווילען צו זיין עס — אויך א קינסטלער, איז צבי ניסן גאָלאָמב געווען בלויז אויפקלע־רער, און אמאָל בלויז פאָלקס־לעהרער, דערציהער. אזוי האָט ער צווישען זיינע פילע באַלערנדע ביכלעך אויך איבערזעצט א פרק פון דעם רמב"ם'ס גרויס ווערק „יד החזקה" — וועגען גוטע מדות

און היגיעגישער פיהרונג. אויך האָט ער אין 1881 פאַרעפענט־ליכט אין א דעמאָלטיגער אידישער צייטונג, „הישראלי,” א גרע־סערע אָפּהאנדלונג מיט׳ן טיטעל „דאַמען־רעכט” — דאָס ערשטע אין דער ליטעראַטור אין אידיש — פאַר דער עמאַנציפּאַציע פון דער פרוי „נאָך דער תלמודישער סיסטעם און נאָך דער נייער ציווי־



צבי-ניסן גאָלאָמב — געב. לעבען ווילנע, דעצ. 4, 1853; געשט. אויג. 15, 1934.

ליזאַציאָן”... די דאָזיגע אָפּהאַנדלונג איז אין 1890 ערשינען אין בוך־פאָרם און מיט א העברעאישען טיטעל „משפט הבנות”.

ניט האָבענדיג געגוג פּרנסה פון קאָרעקטאָרשאַפט אין דער דרוי־קעריי, האָט ער אין דער פרייער צייט געגעבען העברעאישע שטונדען. פון זיינעם א רייכען תלמיד האָט ער זיך אויסגעלערענט שפּילען פידעל און די טעאָריע פון מוזיק, און שפּעטער שוין אַליין געווען א לעהרער

פון מוזיק. האָט ער שוין געשריבן ווערק איבער מוזיק, אַלס די ערשטע פּראָבע צו געבן די טעאָריע פון האַרמאָניע. איינס פון די דאָזיגע מוזיקאַלישע ווערק זיינע האָט געטראָגן דעם טיטל „מנצח בנגינות" — „געזאַנג מייסטער". נאָך איינס פון דעם מין האָט שוין געהאַט אַ געהויבענערען טיטל — „זמרת יה", „האַרמאָניע־לעהרע", מיט קאָמפּאָזיציעס פון דעם ווילנער באַלעבעסיל.

ער איז געווען דער ערשטער זאַמלער פון פאָלקס־לידער און פאָלקס־נגונים — חסידישע און סקאָרבאָווע. ער האָט אויך דער ערשטער, ווי זלמן רייזען דערצעהלט אין זיין באַריהמטען לעקסיקאָן, געגעבען, אין זיין „זמרת יה", אַ מוסטער פון דער טיפּישסטער אידי־שער גאַמע (פריגישער שטייגער מיט אַ געהעכערטער טערציע).

אַלס אויפקלערער אין פאַרשיידענע געביטען, האָט ער אויך אויפ'ן עקאָנאָמישען פעלד געפּרואווט דינען די אידישע מאַסען און ער האָט, שוין אין יאָהר 1906, פאַרעפענטליכט אַ ביכעל „די בורזשואַזיע, אָדער די געלט־סומאַטאָכע", באַאורטיילונג און איבערבליק פון עקאָ־נאָמישען שטאַנדפּונקט און פאַקטען פון לעבען, איבער די גוואַלדיגע באַהערשונג פון דאָס געלט אויף די מאַטעריעלע און גייסטיגע דער־נעהרונגס־אויסאַרבייטונג".

זיין ליטעראַרישע, אויפקלערונגס און פאָלקס־ערציהערישע טעטיג־קייט, אין אַלע געביטען, הגם אומעטום בלויז פּיאָנער און ווי אַ פּיאָנער אויך דאָס רוב דילעטאַנטיש, האָט ער דאָך באַרייכערט די אידישע און אויך די העברעאישע ליטעראַטור מיט גאָר וויכטיגע ווערק.

ס'האָט איהם אָבער ניט באַפרייט פון צו פאַרנעמען זיך זיין גאַנץ לעבען מיט לעהרעריי, מיט געבען העברעאישע שעה'ן. ער האָט אָפּגעלעבט אַן אָרעם לעבען, אין דחקות און אין נויט.

דאָס האָט אָבער ניט פאַרדונקעלט זיין ליכטיגען געמיט. די אָרעמקייט האָט ער אָװעקגעמאַכט מיט אַ וויץ. און אַזוי איז ער געווען ביז דעם לעצטען טאָג פון זיין ליכטיגען לעבען, וואָס ער האָט געווידמעט דעם אידישען פאָלק.

צו דעם צעטעל פון ווילנער נעמען, פון משכילים, אויפקלערער און פאָלקס־שרייבער פון די פאַרגאַנגענע דורות, — וואָס האָבען אונז איבערגעלאָזען גרויסע, גייסטיגע ירושות, — איז צוגעקומען נאָך אַ נאָמען, וואָס וועט זיך ליכטיגען ביז אין די ווייטסטע דורות אריין, ניט נאָר אין ווילנע, נאָר אומעטום וואו עס געפינען זיך אידישע מאַסען —

דאָס איז דער נאָמען פון דעם באַשיידענעם עהרליכען פאָלקס־מענשען און פאָלקס־שרייבער — צבי ניסן גאָלאָמב.

## וויקטאָר טשערנאָוו.

# אָסיפּ סאלאָמאָנאָוויטש מינאָר — באַרימטער רוסיש־אידישער רעוואָלוציאָנער.



1

ווילנע איז איינע פון די שטעט, וואס ווע־רען א נאטירליכער צענטער פון גייסטיגער און רעוואָלוציאָנערער טעטיגקייט פאר דער גאנצער ארומיגער געגענט. ווי א מאגנעט ציהען זיי צו אַלע אַקטיווע קרעפטען פון ארום. זיי גיבען אָבער אַליין אויך ארויס גרויסע פּאָליטישע טוער, אָנגעזעהענע רעוואָלוציאָנערען, וועלכע מאכען אזעלכע שטעט פאר צענטערס פון זייער אַרבייט, אָדער פארשפּרייטען זייער טעטיגקייט אויף א גאנץ לאנד. איינער פון די אָנגעזעהענסטע צווישען די רעוואָלוציאָנערע טוער, וועלכע די שטאָט ווילנע האָט ארויסגעגעבען, איז געווען אָסיפּ סאלאָמאָנאָוויטש מינאָר.

געבאָרען געוואָרען איז מינאָר אין דעם היסטאָרישען יאָהר 1861, ווען מען האָט אין רוסלאנד באפרייט די פּויערים און אָפּגעשאפט לייב־אייגענטום. שוין אין גימנאזיע האָט ער זיך שטארק אינ־טערעסירט מיט די דעמאָלטיגע רעוואָלוציאָנערע ריכטונגען. אריינ־געטראָטען אַקטיוו אין דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באוועגונג איז ער זייענדיג א סטודענט אין מאָסקווער אוניווערזיטעט. די באַ־ריהמטע רוסישע רעוואָלוציאָנערע פּארטיי „נאראָדנאיא וואָליא“ האָט דעמאָלט דערגרייכט דעם העכסטען פּונקט פון איהר העלדישען קאמף מיט דער צארישער רעגירונג, און אינגיכען איז זי צושמעטערט גע־וואָרען.

דער דאָזיגער העכסטער פּונקט פון דער טעטיגקייט פון דער „נאראָדנאיא וואָליא“ איז געווען דאָס יאָהר 1883, און באלד איז די פּארטיי גיך פארניכטעט געוואָרען. אין אָקטאָבער פון יענעם יאָהר זיינען אין מאָסקווע פּאָרגעקומען מאסען־ארעסטען צווישען סטו־דענטען. צווישען די אַרעסטירטע „נאראָדאָוואָלצעס“־סטודענטען זיי־נען געווען מיכאאיל ראפּאאילאָוויטש גאָץ און אָסיפּ סאלאָמאָנאָוויטש

מינאָר, וועלכע זיינען מיט אַ פּאָר צעהנדליג יאָהר שפּעטער געווען אָנגעזעהענע פיהרער פון דער נייער רוסישער רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי „סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען". מען האָט ביי זיי דעמאָלט געפונען נאָר עטליכע אומלעגאַלע צייטונגען, אַביסעל שריפט און אַ טייל פון אַ קליינער פּרעס־מאַשין.

מינאָר איז אָפּגעזעסען צוויי מאָנאַטען אין טורמע. אין פעברואר פון יאָהר 1884 האָט מען איהם אַרויסגעלאָזען אונטער פּאָליציי־אויפזיכט ביז'ן אורטייל. אין אָקטאָבער פון יאָהר 1884 איז געקומען דער אורטייל: מען האָט איהם פאַרשיקט קיין טולא. דאָס איז געווען אַן אינדוסטריעלע שטאָט מיט אַ סך אַרבייטער, מיט פאַבריקען פון די באַריהמטע סאַמאָוואַרען און פון געווער. דער יונגער מינאָר האָט דאָ באַלד אָנגעהויבען אַ טעטיגקייט אין אַרבייטער־קרייזען. ער האָט דאָ אָבער געמוזט זיין מעהר אַ לעהרער, איי־



אָסיפּ סאָלאָמאָנאָוויטש מינאָר.

דער אַ פּראָפּאַגאַנדיסט, און ער האָט זיך באַלד אָרומגעזעהן, אַז ער האָט זיך נאָך אַליין ניט גענוג געלערנט.

ער איז אַוועקגעפאָהרען קיין יאַראָסלאַוול און איז דאָרטען אָנגעקומען אין אַ הויך־שול שטודירען אויף אַדוואָקאַט. אָבער אויך דאָ איז ער באַלד אַריינגעפאַלען אין אַ קרייז פון סטודענטען־נאַראָדאָוואָלצעס, וואָס האָבען פּראָפּאַגאַנדירט צווישען די אָרטיגע פאַבריק־אַרבייטער און אָפיצערען. אין יולי פון יאָהר 1885 זיצט ער שוין אין יאַראָסלאַווער טורמע. דאָס מאָל איז ער אָפּגעזעסען דריטהאַלבען יאָהר פאַר'ן אורטייל. עס זיינען אָנגעקומען גרויזאַמע צייטען. די „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" איז געווען צוקלאַפּט, און די צאַרישע פּאָליציי האָט אויסגעלאָזען איהר גאַנצען צאָרן אויף די, וואָס זיינען אַריינגעפאַלען אין איהרע לאַפּעס.

פון דער גרופּע פון 15 אַרעסטירטע סטודענטען, צווישען וועלכע עס איז געווען מינאָר, זיינען כמעט אַ העלפט באַלד אומגעקומען. ער אַליין האָט דערפיהלט, אַז ער געהט אַרונטער פון זינען. ער האָט גענומען פאָדערען מען זאָל איהם אַריינזעצען אין אַ קאַמער מיט נאָך עמיצען. ענדליך האָט מען איהם אין דער באַריהמטער מאָסקווער טורמע „בוטירקי" אַריינגעזעצט מיט נאָך אַרעסטירטע. דער יונגערמאַן, וואָס האָט נאָך גאָר ניט באַוויזען כמעט צו באַקענען זיך מיט'ן לעבען, איז שוין דעמאָלט געווען גענוג ערפאַהרען אין ליידען. אויפ'ן פּאָרטרעט זיינעם פון „בוטירקי" פון יאָהר 1888 זעהען מיר שוין מאַרטירער־קנייטשען אויף זיין שטערן.

ווען מינאָר'ס פאָטער האָט אָנגעפרעגט ביים פּראָקוראָר וועגען זיין זוהן'ס אורטייל, האָט ער באַקומען אַ קורצען ענטפער: „צעהן יאָהר פאַרשיקונג אין סרעדנע־קאָלימסק, אין מזרח־סיביר".

מען האָט זיך געגרייט אין ווייטען וועג. די יונגע רעוואָלוציאָנערען האָבען אַ פּאָר מאָל זיך געשטעלט אַנטקעגען די טורמע־באַאַמטע. איינמאָל, ווען זיי האָבען זיך דערוואוסט, אַז מען וויל זיי שיקען קיין סיביר באַזונדער, האָבען זיי געמאַכט אַ „בונט". מען האָט אַרויסגערופען סאָלדאַטען, אָבער די זאַך איז אָפּגעגאַנגען דאָס מאָל אָהן ערנסטע רעזולטאַטען. דער סוף איז געווען, אַז מען האָט די אַרעסטירטע נאָכגעגעבען און זיי געשיקט צוזאַמען. אָבער שפּעטער, ווען זיי זיינען שוין געווען ווייט אין מזרח־סיביר, איז פאָרגעקומען די „יאַקוטער שחיטה", וואָס האָט אויפגעטרייסעלט די גאַנצע ציוויליזירטע וועלט.

טויזענטער ווערסט האָט מען זיך געשלעפּט איבער די סיבירער וויסטענישען צופוס און אויף שלעכטע פוהרען. די וועגען זיינען געווען שוידערליכע. ענדליך האָט מען זיך שוין דערשלעפּט ביז יאַ־

קוטסק אין מזרח־סיביר. דאָ האָבען זיי געהאָפּט צו בלייבען איבער ווינטער, און אין פריהלינג זיך שלעפּען נאָך דריי טויזענט ווערסט פון יאַקוטסק ביז סרעדנע־קאָלימסק, א טעריטאָריע, וואָס איז כמעט אינגאַנצען ניט געווען באַוואוינט פון מענשען. פּלוצלונג איז אָנגעקומען אַ ידיעה, אז מען וועט טרייבען ווייטער, ניט לאָזען אָפּכאַפּען דעם אָטעם. מען וועט מוזען אין ווינטער, אין די שרעקליכע סיבירער פּרעסט, אָהן וואַרימע קליידער זיך שלעפּען ווייטער ביז סרעדנע־קאָלימסק. דאָס האָט געמיינט פּשוט אומברענגען די מענשען, א סך פון וועלכע זיינען שוין אזוי אויך געווען ערנסט קראַנק.

דאָ האָט זיך אנגעהויבען אַן אַלגעמיינער פּראָטעסט. מען האָט זיך געשוואָרען, אז מען וועט מיט גוטען ניט געהן. דאָס איז געווען א זעלבסטמאָרד־באַשלוס, ווייל די יונגע רעוואָלוציאָנערען האָבען געוואוסט, אז דער גובערנאַטאָר אָסטאַשקין און דער פּאָליציימייסטער אָליאָסאָוו זיינען ווילד געוואָרען פון צאָרן, ווען זיי האָבען דערהערט וועגען די פּראָטעסטען פון די אַרעסטירטע, און אַז מען האָט שוין פאַנאַנדערגעטיילט צווישען דער אָפּטיילונג סאָלדאַטען קוילען און מען האָט זיי געגעבען גענוג שנאַפּס, צוצוגעבען זיי קוראַזש פאַר דער שחיטה.

די שוידערליכע יאַקוטער שחיטה איז פאָרגעקומען. די צווישעטע סאָלדאַטען, מעהרסטענס פון די אָרטיגע האַלב־ווילדע פעלקער, האָבען געשאָסען אָהן אויפהער אין די אומבאַוואָפּענטע אַרעסטירטע, און איינער פון די אָפיצערען האָט זיי דערנאָך קוים איינגענומען און אָפּגעשטעלט זייער בלוטיגע אַרבייט. דערנאָך האָט מען די לעבען־געבליבענע פאַרוואונדעטע גע'משפּט און פאַרמשפּט צו הענגען. דער נאָך האָט דער געריכט איבערגעביטען דעם טויט־אורטייל פאַר פיר, און פאַר די איבעריגע האָט ער אויסגעווירקט אַנדערע שווערע שטראָפען — קאַטאָרגע אויף פיר יאָהר, אויף צוואַנציג יאָהר, אויפ'ן גאַנצען לעבען. מינאָר איז פאַראורטיילט געוואָרען צו קאַטאָרגע אויפ'ן גאַנצען לעבען.

די הינריכטונגען זיינען געווען שוידערליך. איינער פון די קרבנות, קאַגאַן־בערנשטיין, איז געווען שווער פאַרוואונדעט, האָט מען איהם אויף אַ טראָג־בעטעל געבראַכט צו דער תליה. די שרעקליכע סצענעס האָבען זיך ביי די לעבען־געבליבענע אויף אייביג איינגעקריצט אין מוח. איינע פון זיי, יעווגעניע גורוויטש, האָט זיך אינדערפריה געפּרואווט אויפהענגען, און די חברים האָבען זי קוים געראַטעוועט. אפילו אויף די טורמע־וועכטער האָט דאָס אַלץ געהאַט אַ מורא'דיגע ווירקונג. איינער פון זיי איז געקומען צולויפען צו די לעבען־געבליבענע אַרעסטירטע אַ ווינענדיגער און איז געפאַלען אין חלשות.

נאָך די שווידערליכע איבערלעבענישען אין יאַקוטסק האָט זיך אָנגעהויבען דער לאַנגער וועג קיין ווילויסק. אין זיינע ערינערונגען גיט מינאָר איבער איין שרעקליכען פאַקט. ביי איינער פון די פאַר־שיקטע, א. נ. שעכטער, איז אין יאַקוטער טורמע געבאָרען געוואָרען אַ קינד. אומזיסט האָט די מוטער געבעטען, מען זאָל זי איבערשיקען קיין ווילויסק נאָכ'ן ווינטער, ווען עס וועט ווערען וואַרימער. מען



אַ גרופּע סאָציאַליסטען-רעוואָלוציאָנערען ביים מאַרסעלער סאָציאַ-ליסטישען קאָנגרעס.
זיצענדיג פון רעכטס צו לינקס: וויקטאָר טשערנאָוו און רוסאַנאָוו.
שטעהענדיג פון רעכטס צו לינקס: 1טער — סטאָלינסקי; 2טער — א. ס. מינאָר; 3טער — סוכאמלין; 5טער — שרעדער (מאַיאָר פון פּעטערבורג אין קערענסקי'ס צייט).

האָט זי מיט'ן צוויי־מאָנאַט אַלטען עופה'לע אוועקגעשיקט באַלד, און די באַדינגונגען זיינען געווען אַזוי שרעקליך, אַז נאָך איידער זיי זיינען אָנגעקומען צו דער ערשטער סטאַנציע נאָך יאַקוטסק, איז דאָס קינד פאַרפראָר'ען געוואָרען אויף טויט ביי דער מוטער אויף די הענט. דאָ דאַרף מען צוגעבען, אַז א. נ. שעכטער איז געווען מינאָר'ס פרוי, און דאָס אומגליקליכע קינד איז געווען מינאָר'ס ערשטע טאָכטער.

עס האָט אויסגעזעהן, אַז די אַלע מענשען וועלען מוזען אומ־קומען. צוערשט האָט געוואַרט אויף זיי די טרויעריג־באַריהמטע ווילויסקער טורמע, וועלכע מען האָט אין יאָהר 1863 אויפגעבויט ספּעציעל פאַר'ן באַריהמטען רוסישען רעוואָלוציאָנערען שריפטשטע־לער און קריטיקער נ. ג. טשערנישעווסקי. דערנאָך האָט מען זיי

געוואָלט ברענגען אין דער ניט ווענינער באריהמטער אקאטויער קאטאָרזשנער טורמע, וועלכע איז באשריבען געוואָרען אין דעם באַ־ריהמטען בוך „וו מירע אָטווערזשעניך" (אין דער וועלט פון פאַר־שטויסענע) פון מעלשין־יאַקובאָוויטש, מיט וועלכען מינאָר איז דאָ געווען צוזאַמען אויף קאַטאָרגע.

די „יאַקוטער שחיטה" האָט אָבער אויפגעשטורעמט די גאַנצע ציוויליזירטע וועלט. אין ענגלישען פּאַרלאַמענט האָט מען אַפילו אריינגעבראַכט אַן אָנפראַגע וועגען די גרוילטאַטען אין רוסישע טורמעס. די צאַרישע רעגירונג האָט דעריבער באַשלאָסען צו ווערען וויכער. מען האָט פאַרקלענערט די שטראָפען און די טערמינען פון פאַרשיקונג. מינאָר איז איינגאַנצען אָפּגעווען אין סיביר 10 יאָהר. אין אויגוסט פון יאָהר 1898 איז מינאָר געקומען צוריק אין אייראָפּעאישען רוסלאַנד.

.2

די ערשטע שטאָט, וואו ער האָט זיך געזאָלט באַזעצען אונטער דער אויפזיכט פון פּאָליציי, איז געווען ווילנע. דאָרטען האָט איצט געוואוינט זיין פאָטער, דער באַוואוסטער מאָסקווער רב, וועלכער איז ארויסגעשיקט געוואָרען פון מאָסקווע, ווייל ער האָט ניט אָנגע־פרעגט ביים נייעם גענעראַל־גובערנאַטאָר, דעם ווילדען אַנטיסעמיט גרויספירשט סערגעי, צי ער דאַרף האָבען נאָך אַן ערלויבעניש צו עפענען אַ נייע שול. דאָס בויען די שול האָט זיך פאַרצויגען לענ־גער, ווי מען האָט געמיינט, און סערגעי האָט געהאַלטען, אַז די אַלטע ערלויבעניש איז ניט געווען געננג.

מינאָר'ס אָנקומען איז פאַר ווילנע געווען אַ געשעהעניש. ער און זיינע חברים, רעוואָלוציאָנערען, וואָס זיינען יאָהרען־לאַנג געווען פאַרשיקט אין סיביר, אויף קאַטאָרגע, האָבען זיך געפיהלט, ווי זייער יוגענט וואָלט זיך צו זיי אומגעקערט. מיט 15 יאָהר צוריק, ווען זיי זיינען נאָך געווען כמעט אינגלאַך און זיינען ערשט אריין אין לעבען, האָט מען זיי פון לעבען אוועקגעריסען. די נאַטירליכע יאָהרען פון דער יוגענט זיינען אוועק. אָבער דער דראַנג פון דער יוגענט איז געבליבען. און איצט, קומענדיג קיין ווילנע אין דעם רייפען עלטער פון 37 יאָהר, האָט מינאָר ווידער אָנגעהויבען לעבען. ווי אַ זייגער, וואָס האָט זיך אָפּגעשטעלט, און וועלכען מען האָט ווידער אָנגעדרעהט, הויבט אָן געהן פון דער מינוט, אויף וועלכער ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, אַזוי האָט איצט מינאָר מיט יוגענטליכען ברען זיך אריינגעוואָרפען אין פאַרקער מיט די אָרטיגע „לעבעדיגע כחות", מיט דער אינטעליגענץ, דער שטודירענדיגער יוגענט, די אַרבייטער.

יעדער איינער, וואָס האָט איהם דעמאָלט געקענט אין ווילנע, גיט איבער, ווי שטאַרק עס האָט איהם דעמאָלט געצויגען צו דער יוגענט, און די יוגענט צו איהם. ער איז געווען אַזוי מערקווירדיג אויפמערקזאַם און פריינדליך צו יעדען יונגענמאַן, וואָס פלעגט קומען צו איהם, און אַזוי איינפאַך אין זיין באַנעמונג. אויסער דעם האָט איהם מיט דער יוגענט פאַרבונדען אַ יוגענטליכער גייסטיגער צושטאַנד. ער האָט זיך ניט געקאָנט אָפּשטעלען אויף אַ וועלכער עס איז פאַרטיגער תורה. ער איז געווען שטענדיג אומרוהיג און ניט פעסט אין זיינע מיינונגען און אָנזיכטען. צוזאַמען מיט דער יוגענט האָט מינאָר דעמאָלט שטענדיג עפּעס געזוכט, האָט שטענדיג עפּעס אַנטדעקט. מיט'ן ברען פון אַ ניי־באַקערטען פלעגט איהם מיטרייסען יעדע זאַך. ער פלעגט איבערכאַפּען די מאָס, זיך אומקערען צוריק, ליידען פון שטענדיגע ווידערשפּרוכען, פון דעם, וואָס עפּעס שטימט קיינמאָל ניט איינם מיט'ן אַנדערען. און מיט צאָרן פלעגט ער זיך אָפּזאָגען היינט פון דעם, אין וואָס ער האָט נעכטען שיער ניט געגלויבט. ער האָט זיך אויפגערעגט, געטומעלט, פלעגט ווערען אויפגעבראַכט אָדער אריינפאַלען אין באַגייסטערונג אָדער ווערען פאַרצווייפעלט. אָבער פריהער פון אַלץ האָט ער געלעבט, געלעבט מיט יעדען נערוו זיינעם.

די ווילנער פּאָליציי האָט גענומען שטאַרק אַכטונג געבען אויף איהם. דער אומרוהיגער מינאָר האָט איהר ניט געלאָזען שלאָפען. ווען עס וואָלט דעמאָלט אין דער שפּיץ פון די ווילנער זשאַנדאַרען געשטאַנען אַן ענערגישער קאַריעריסט, וואָלט ער מסתמא באַלד אויסגעשפּרייט אַ נעץ פאַר דעם פייערדיגען רעוואָלוציאָנער. אָבער אין יענער צייט, אין סוף פון די ניינציגער יאָהרען פון פאָריגען יאָהרהונדערט, איז די צאַרישע רעגירונג געווען אַזוי זיכער און אַזוי פויל. און די ווילנער „בלויע מונדירען", די זשאַנדאַרען, זיינען אויך געווען אַזוי. דעריבער האָבען זיי באַצייטענס באַשלאָסען פּטור צו ווערען פון דעם מענשען, וואָס באַאומרוהיגט זיי אַזוי. מינאָר'ס ערשטער באַזוך אין ווילנע האָט זיך דעריבער לאַנג ניט פאַרצויגען. די אָרטיגע פּאָליציי האָט געליטען פון איהם נאָר אַרום אַ יאָהר צייט. די איבעריגע צייט פון זיין טערמין פון פּאָליציי־אויפזיכט האָט שוין מינאָר געמוזט פאַרברענגען נאָך ווייטער אין דער פּראָווינץ, אין פאַרוואָרפענעם שטעטעל סלוצק.

ווען דער טערמין פון פּאָליציי־אויפזיכט האָט זיך געענדיגט, איז מינאָר אריינגעפאַלען אין קישינעוו. דאָ האָט ער ווידער גענומען פיהרען אַ קאָכעדיג לעבען, ווי אין ווילנע, און די פּאָליציי און שפּיאָנען זיינען ווידער געוואָרען אומרוהיג צוליב איהם. אָבער מינאָר האָט שוין איצט ניט געוואַרט, אַז די פּאָליציי זאָל איהם

כאַפּען אין איהר נעץ. ווי נאָר ער האָט דערפיהלט, אַז די געפאַהר פון אַרעסט איז נאָהענט, איז ער אַריבער די גרענעץ.

נאָך זייענדיג אין קישינעוו, האָט מינאָר געהערט וועגען נייע רעוואָלוציאָנערע גרופּען, וועגען נייע אידעען און אַ געענדערטער פּראָגראַם און טאַקטיק, וואָס זיינען מעהר איינקלאַנג מיט די נייע באַדינגונגען. מינאָר האָט זיך ניט געהאַלטען פאַר אַ מענשען, וואָס קען אַליין לייזען די אַלע פראַגען פאַר זיך און פאַר אַנדערע. פון זיין פריהער יוגענט אָן איז ער געוואָרפען געוואָרען פון איין טורמע אין אַ צווייטע, און ער האָט ניט באַקומען די געהעריגע טעאָרעטישע צוגרייטונג. האָט ער געפיהלט אַ באַדערפעניש צו זיין אין אויסלאַנד, אין איינעם פון די דאָרטיגע רוסישע עמיגראַנטישע צענטערס, וואו עס ווערען אַרויסגעגעבען רעוואָלוציאָנערע סאָציאַ־ליסטישע צייטשריפטען און וואו נייע טעאָרעטישע אַנזיכטען און פּראָגראַמען ווערען אויסגעאַרבייט.

דערצו האָט נאָך מינאָר געוואוסט, אַז אין איינער פון אָט די גייסטיגע לאַבאָראַטאָריעס, ביי די „עס־ער׳ען" (פּאַרטיי סאָציאַליס־טען־רעוואָלוציאָנערען), וואָס זיינען איהם געווען גייסטיג נעהנטער, איז זעהר טעטיג מיכאַאיל ראַפאַאילאָוויטש גאָץ, זיין יוגענט־חבר, מיט וועלכען ער איז געווען צוזאַמען ניט נאָר אויף דער פריי, נאָר אויך אין טורמע און אין סיביר.

סוף יאָהר 1902 איז שוין מינאָר אין בערלין, וואו ער האָט זיך געטראָפען מיט גאָצ׳ען און האָט זיך באַקענט מיט גערשוני׳ן און אַזעפ׳ן. (גערשוני איז געווען דער אָרגאַניזאַטאָר פון דער באַ־ריהמטער טעראָריסטישער „קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע" פון דער פּאַרטיי סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען. אַזעף, וועלכער איז אויך געווען איינער פון די אָרגאַניזאַטאָרען פון די עס־ער׳ישע טעראָריסטישע אַקטען, האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזען פאַר אַ פּראָוואָקאַטאָר).

.3

אין זומער פון יאָהר 1903 איז מינאָר געקומען אין זשענעווע, וואו ער איז באַלד אַריינגעפאַלען אויף אַ צוזאַמענפאָהר פון אַ נאָך־וואָס געגרינדעטער „אַגראַר־סאָציאַליסטישער ליגע" און אַ גרינדונגס־פאַרזאַמלונג פון דער אויסלענדישער אָרגאַניזאַציע פון דער פּאַרטיי סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען. מינאָר איז אַריינגעטראָטען אין ביידע אָרגאַניזאַציעס און האָט זיך באַלד אַריינגעוואָרפען אין דער אַרבייט. לויט זיין כאַראַקטער און טעמפּעראַמענט פון אַ קעמפּע־רישען פּאָפּולאַריזאַטאָר און פּראָפּאַגאַנדיסט, האָט מען אויך באַ־שטימט זיין אָרט אין דער אָרגאַניזאַציע; ער איז געוואָרען הויפּט־רעדאַקטאָר פון דער קעמפּערישער צייטשריפט פאַר אַגיטאַציע „נאַ־

ראָדנאָיע דיעלאָ". ער טוט אָבער אויך אָרגאַניזאַציאָנעלע און אַדמיניסטראַטיווע אַרבייט, און ער ווערט אַ מיטגליד פון דעם אויסלענדישן קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערען.

אָבער אויסער זיינע פאַרשיידענע טעטיגקייטן אין דער פּאַרטיי, איז מינאָר׳ס הויז שטענדיג געווען פול מיט מענשען און מיט לעבען. זיין הויז איז שטענדיג געווען אָפען פאַר אַלעמען, די טיר האָט זיך קיינמאָל ניט צוגעמאַכט, דער סאַמאָוואַר איז שטענדיג געשטאַנען אויפ׳ן טיש, און עס איז אויך שטענדיג געווען עפּעס צוצובייסען. אין מינאָר׳ס הויז פלעגט שטענדיג זיין יונגוואַרג, און מינאָר איז שטענדיג געווען מיט זיי באַשעפטיגט. ער פלעגט פיהרען מיט זיי שטענדיגע דיסקוסיעס, פלעגט זיי לערנען און זעהר אָפט מוסר׳ן און שטראָפען. מיט זיין מאַסיווער פיגור האָט ער שטאַרק דערמאָנט אַן אַלטען אידישען נביא. ער פלעגט אויך שטענדיג זיין באַשעפטיגט מיט העלפען דער יונגוואַרג, — דעם האָט מען געדאַרפט קריגען אַ וואוינונג, אַ צווייטען — געפינען אַרבייט, אַ דריטען — געפינען דעם וועג צו זיך אַליין. און מינאָר האָט אויף דעם אַלעמען געפונען צייט און כחות. מיט ליבשאַפט פלעגט מען אין שפּאַס זאָגען: „אונזער יוגענט מיט אָסיפּ סאָלאָמאָנאָוויטשען אין דער שפּיץ".

אַ פולשטענדיגער קאָנטראַסט צו איהם אין אויסערליכען אויסזעהן און אין טעמפּעראַמענט איז געווען זיין פרוי, אַנאַסטאַסיאַ נאַאומאָוונאַ. ער אַ גרויסער מאַסיווער מאַן, און זי אַ קליינע שוואַכע פרוי. ער פלעגט זיך שטענדיג קאָכען, היצען זיך, אַרויסגעהן פון די כלים, בושעווען, ניט וויסען קיין מאָס. און זי פלעגט זיין שטיל, רוהיג, און פון די אויגען פלעגט שטראָמען אַ גלייכע ליכטיגקייט און גוטסקייט. אַ מערקווירדיגער קאָנטראַסט, און מערקווירדיג האַרמאָניש איז געווען זייער לעבען צוזאַמען. זיי האָבען עפּעס ווי איינער דעם אַנדערען דערגאַנצט. עס איז שווער צו גלויבען, אַז אויפ׳ן גורל פון דער קליינער שוואַכער פרוי, וואָס האָט שטענדיג געוואָלט בלייבען אומבאַמערקט, זיינען אויסגעפאַלען אַזויפיל נסיונות און אומגליקען, וואָס וואָלטען געקענט סטייען פאַר אַ צעהנדליג מענשען.

אַלע האָבען, אגב, געוואוסט, אַז אונטער מינאָר׳ס אויסערליכער שטרענגקייט און אונטער זיינע אָנגעכמורעטע ברעמען איז שטענדיג געווען אַ מיטפיהלענדיגער בליק און אַ גוטמוטיגער שמייכעל. דער סאָציאַליסט־רעוואָלוציאָנער ע. לאַזאַרעוו האָט געזאָגט: „אין אונזער סביבה האָבען אַלע געוואוסט, אַז ווען אָסיפּ סאָלאָמאָנאָוויטש שרייט און זידעלט זיך, איז דאָס אַ גוטער סימן. ווייל מיט מענשען, צו

וועלכע ער האָט ניט געפיהלט קיין שום אכטונג, האָט ער וואָס ווענינער גערעדט און האָט זיך מיט זיי אין קיין שום דיסקוסיעס ניט אריינגעלאָזען".

דעריבער, ווען די יונגוואַרג פלעגט זיך אין עפּעס פארשולדיגען, פלעגט זי ניט פאראיבעל האָבען אויף מינאָר'ן, ווען פון א ליבען, אויפמערקזאמען אָפּעקון פלעגט ער זיך פארוואנדלען אין א מורא'-דיגען שטרענגען שטראָפער. ערשטענס, פלעגט דער שטורעם לאנג ניט אָנהאַלטען, און באַלד פלעגט ווידער ווערען קלאָר דער הימעל, און די זון פלעגט ווידער שיינען. צווייטענס, פלעגען דאָס זיין ניט קיין דונערען און בליצען, וואָס געהען פון אויבען ארונטער, נאָר אַן אומצופרידענהייט פון אַן עלטערען ברודער. און דריטענס, פלעגט דאָך זיין נאָהנט די ליבע גוטע אַנאסטאסיא נאאומאָוונא, וועלכע איז געווען שטענדיג גרייט צו טרייסטען און ערמוטיגען דעם, אויף וועמעס קאָפּ עס זיינען געפאַלען איהר מאַנ'ס דונערען.

מינאָר'ס שטענדיגע פארבינדונג מיט דער יוגענט האָט געהאָט אַן אומגעהויערען ווערט פאַר דער פארטיי. ער איז געווען פאַר אונז, פאַר די יונגע און „גרינע" פארטיי־מיטגלידער, א באווייז, אַז אין דער שפּיץ פון דער פארטיי שטעהען ניט קיין שטרענגע קאָמאַנ־דירען, רעוואָלוציאָנערע גענעראַלען, וואָס ווילען נאָר הערשען.

אינטערעסאַנט זיינען אויך געווען די באציהונגען צווישען מינאָר'ן און זיין אַלטען יוגענט־חבר מיכאַאיל ראפאאילאָוויטש גאָץ. זיי האָבען ליב געהאַט, געשעצט און געאַכט איינער דעם אַנדערען. זיי האָבען זיך אָבער שטענדיג געקריגט, און באַלד זיך איבערגעבעטען און זיך ווידער געקריגט. דאָס איז געלעגען אין דעם אונטערשייד צווישען זייערע כאראַקטערען.

גאָץ איז פאַר מיר אַלעמאָל געווען און איז געבליבען א מוסטער פון אַן אמת'ן רעוואָלוציאָנער. די זעלביגע מיינונג האָט אויך געהאַט גריגאָרי גערשוני. גאָץ איז געווען ווענינער באַקאַנט און פּאָפּולער אין די ברייטע קרייזען פון דער פארטיי. ער איז געווען א ליבער און באַצויבערענדער חבר, אָבער ער האָט קיינמאָל ניט געהאַט קיין צייט זיך צו ערלויבען די פרייד פון א חבר'שען פארקער. דאָס איז געווען א טיף ערנסטע נאַטור. ער האָט שטענדיג געפיהלט די גרויסע פאראַנטוואָרטליכקייט פון דער גרעסטער אויפגאַבע, וואָס די מענש־ליכע געשיכטע האָט ארויפגעוואָרפען אויף אונזערע שוואַכע מענש־ליכע פּלייצעס. מיט זיין לעבעדיגען און שטרענגען שכל, מיט זיין אויסערגעוועהנליכער ריינקייט און אומאייגענוציגקייט אין דינען דער פארטיי האָט ער געמוזט שטאַרק געפעלען אפילו אַזעלכע שטאָלצע און „דעמאָנישע" נאַטורען, ווי באָריס סאַווינקאָוו.

גאָץ האָט געקאָנט מקריב זיין זיך ביז צום לעצטען, און ער האָט דאָס שטענדיג געטאָן. און אין קיין זאַך האָט ער זיך אַליין קיינמאָל ניט גערוקט פאָראויס, נאָר האָט שטענדיג פריי געמאַכט דעם וועג פאַר יעדען איינעם, וואָס האָט נאָר אַרויסגעוויזען וועלכע עס איז פעהיגקייטען, אין שרייבען צי אין ריידען. און אַליין פלעגט ער נעמען אויף זיך די שווערסטע, די אומדאַנקבאַרסטע „שוואַרצע אַרבייט".

מינאָר פלעגט זיך שטענדיג וואַרפען אַהין און אַהער. גאָץ האָט אַלעמאָל קלאָר געוואוסט, וואוהין ער געהט, און ער האָט קיינמאָל ניט געמאַכט קיין פאַלשע שריט. ער האָט קיינמאָל ניט צואוואָרפען זיין ענערגיע אין אַלע ריכטונגען, נאָר האָט זי אַלעמאָל אָנגעווענדט אויף דער נויטיגסטער זאַך מיט מערקווירדיגער סיסטעמאַטישקייט און אויסגעהאַלטענקייט.

מינאָר און גאָץ זיינען געווען עהרליך אין איין זאַך. די לאַנגע יאָהרען, וואָס זיי האָבען פאַרבראַכט אין טורמעס און אין סיביר, וואו זייערע יונגע כחות זיינען געווען פאַרשטיקט, האָבען אין זיי שפּעטער אַרויסגערופען אַן אומגעהויערען אימפּעט, אַ דורשט צו לעבען, וואָס מעהר אויפצוטאָן. גאָץ האָט אַ מינוט ניט גערוהט. אָבער מינאָר איז געווען אַ דעמאָקראַט ביז'ן מאַרך פון די ביינער. וועגען אַלצדינג האָט ער געמוזט מיט אַלעמען ריידען, באַראַטען זיך, דיסקוטירען. ער איז געווען אַן אמת'ער סלאַוו, אַ רוס אין נאַטור. גאָץ, פאַרקערט, איז געווען מעהר איינגעשלאָסען און האָט ניט געהאַלטען פון דער רוסישער צואוואָרפענקייט און פון צופיל פלוידערען. יעדער טוער האָט געדאַרפט זיין שטרענג פאַראַנטוואָרטליך פאַר זיין אַרבייט, דערפאַר אָבער האָט ער אויך געדאַרפט האָבען דאָס רעכט אויף אייגענער איניציאַטיוו און קאָנען אַליין אַנטשיידען.

דאָ פלעגען צווישען די צוויי חברים פאָרקומען נאָכאַנאַנד צוזאַמענשטויסען, און זעהר אָפט פלעגט זיך מוזען אַריינמישען אַ דריטע פּערזאָן, אום ווי עס איז שלום צו מאַכען צווישען זיי. מיר איז אויך זעהר אָפט אויסגעקומען צו זיין אַזאַ מין דריטע פּערזאָן. מינאָר פלעגט אַמאָל זיך צוהיצען און שרייען, אַז אין גאָצ'ן איז פאַראַן עפּעס דיקטאַטאָרישעס, אַז ער איז „אַ מאַראַט אין דער נשמה". אַט דעם צונאָמען „מאַראַט" האָט אין שפּאַס אָנגענומען גערשוני, און ער פלעגט אין קאָנספּיראַטיווע מיטטיילונגען לאָזען וויסען: „ניט איבער מאַראַט'ען" דאָס און דאָס.

דער אָנגעוועהטאָגטסטער פונקט פאַר מינאָר'ן איז געווען דאָס, וואָס גאָץ איז געווען דער איינציגער מענש אין אויסלאַנד, וואָס האָט געוואוסט אַלע פּראַקטישע אָנגעלעגענהייטען פון דער טעראָריסטישער „קאַמפּס-אָרגאַניזאַציע" פון דער פּאַרטיי. מינאָר האָט געפאָדערט, אַז די אַלע ענינים זאָלען דורכגעהן דורך דעם גאַנצען

אויסלענדישען קאָמיטעט. אָבער די „קאמפס־אָרגאַניזאַציע" איז אויך אין רוסלאַנד גופא געווען שטרענג אָפּגעזונדערט־קאָנספּיראַטיוו. בפרט נאָך אין אויסלאַנד, וואו מענשען זיינען געוואוינט צו פריי־הייט און קאָנען זיך ניט אַזוי שטאַרק היטען מיט זייערע רייד און באוועגונגען, האָבען די געשעפטען פון דער „באַיעוואיא אָרגאַניזאַציא", פון דער „קאמפס־אָרגאַניזאַציע", געוויס געמוזט געהאַלטען ווערען וואָס קאָנספּיראַטיווער.

גאָץ איז געווען דער שטרענגסטער קאָנספּיראַטאָר. אָבער אויב פאַר מינאָר'ן האָט אויסגעצייכענט געפּאַסט דער נאָמען „סאָלדאַט פון דער רעוואָלוציע", האָט מען גאָצ'ן בשום אופן ניט געקענט אָנרופען „גענעראַל". דאָס איז איהם געווען דורכאויס פרעמד. גיכער וואָלט מען איהם געקאָנט אָנרופען „אודאַרניק", „רעקאָרד־מאַכער", „שלאָג־לער" פון דער רעוואָלוציע.

מינאָר, מיט זיינע טומעלדיגע פּראָטעסטען, איז געוויס געווען אומגערעכט. אָבער די געשעהענישען האָבען שפּעטער געוויזען, אַז אויך מיר, און אויך גערשוני, זיינען געווען אומגערעכט. מיר זיינען געווען גערעכט נאָר טעאָרעטיש, אָבער די ווירקליכקייט האָט אויפגע־וויזען עפּעס אַנדערש. מיר האָבען זיך אויסגעהיט פון בייזע פליגען, אָבער מיר האָבען ביי זיך געהאַלטען אַ קעמעל. דאָס איז געווען דער טרויעריג־באַריהמטער פּראָוואָקאַטאָר אַזעף, וועלכער איז אריינגעדרונגען אין סאַמע האַרץ פון דער „קאמפס־אָרגאַניזאַציע".

מיר האָבען דאָס ניט פאַרדעכטיגט, און מיר האָבען אַריבער־געטראָגען אויף אַזעפ'ן די גאַנצע ליבע, וועלכע עס האָבען פאַרדינט אַזויפיל אמת'ע העלדען פון דער אָרגאַניזאַציע. אונז האָט זיך גע־דאַכט, אַז אַזעף, כאָטש אויף אַן אַנדער שטייגער, איז אַ ווירדיגער נאָכפאָלגער פון גערשוני'ן אַליין. גערשוני איז געווען אַ העלדיש־ראָמאַנטישער טיפּ, און אַזעף — אַ רעאַליסטישער, פּראַקטישער מענש. עס האָט זיך אונז דעמאָלט געדאַכט, אַז אויב גערשוני איז מאָראַליש און עסטעטיש שעהנער, איז אָבער אַזעף פלינקער און ריהרעוודיגער. אָבער ווייטער איז אַזעף פאַר אונז געווען איינער פון דער גאַנצער ברידערליכער גרופּע, וואָס איז געווען פאַרבונדען אויף אייביג, אויף לעבען און טויט. באַלמאשאָוו, סאַזאָנאָוו, קאַליאַיעוו, שווייצער, פּאָ־קאָטילאָוו, קאַרפּאָוויטש, — זיי זיינען געווען איינס מיט סאַווינקאָוו'ן, מיט אַזעפ'ן, און זיינען געווען היסטאָרישע נאָכפאָלגער פון גערשוני'ן.

וויפיל אומרוהיגע טעג און שעה'ן אונזער גרופּע האָט דאָס דע־מאָלט איבערגעלעבט! פון גערשוני'ס צייטען איז געווען ביי אונז אָפּגעמאַכט, אַז פון די „באַיעוויקעס", פון די טעראָריסטען אונזערע אין רוסלאַנד, זאָלען נאָכאַנאַנד אָנקומען כאָטש קורצע נאָכריכטען,

מעג דאָס זיין אַ קאַרטעל מיט אַ פּאָר אומבאַדייטענדע ווערטער. דאָס בילד אויפֿ'ן קאַרטעל קאָן אויך איבערגעבען, ווי דער חבר געהט אָן מיט דער אַרבייט, און צי ער איז אין געפאַהר. אויב אויפֿ'ן קאַרטעל איז אַ פרוי, הייסט עס, אַז עס איז אַ צרה, מען שפּיאָנירט, אָדער עס קומען פּאָר אַרעסטען. אויב עס איז אַ מאַן, איז אַלץ גוט. אויב מען האָט איינגעאָרדענט אַ גרויסע טעראָריסטישע אונטערנעמונג, האָט מען געשיקט אַ קאַרטעל מיט'ן פּאָרטרעט פון אַ באַוואוסטען שריפט־שטעלער. און אויב דאָס איז מאַקסים גאָרקי, מיינט דאָס, אַז דער טעראָריסטישער אַקט איז שוין צוגעגרייט, און די צייט איז שוין באַשטימט.

וויפיל אויפרעגונג מיר האָבען דאָס געהאַט פון אָט די אַלע קאַרטעלעך! מיר האָבען אַזוי מורא געהאַט פאַר קאַרטעלעך מיט באַ־ריהמטע שעהנהייטען. באַזונדערס פיל עגמת נפש האָט אונז פאַר־שאַפט דער מערקווירדיג שעהנער פּנים פון דער באַוואוסטער גע־ליבטער פון בעלגישען קעניג לעאָפּאָלד. דאָס איז געווען אין סוף פון יאָהר 1905. זי איז אָנגעקומען פון סאַראַטאָוו, וואו מען האָט שיער ניט געכאַפּט די „באַבושקאַ" ברעשקאָווסקאַיאַ'ן, פון טשער־ניגאָווער גובערניע, וואו סאַווינקאָוו איז אַ צייט געווען אין געפאַהר, און פון ניזשני־נאָווגאָראָד, וואו די טעראָריסטען זיינען זיך צונויפ־געפאָהרען אויף אַ ספּעציעלער באַראַטונג, אָבער זיי האָבען געמוזט זיך צולויפען, ווייל מען האָט זיי נאָכגעשפּיאָנירט.

פון דער אַנדער זייט, פלעגט די שפּאַנונג זיין אומגעהויער, ווען מיר פלעגען קריגען אַ קאַרטעל מיט טשעכאָוו'ען, לעאָניד אַנדרעיעוו'ן און באַזונדערס מיט גאָרקי'ן. מינאָר האָט געוואוסט, ווען עס ער־שיינט די זשענעווער צייטונג „טריביון", וועלכע פלעגט אַרויסגעהן עטליכע מאָל אַ טאָג. ער פלעגט אַ כאַפּ טאָן די צייטונג, און דאָ, אויפ'ן גאַס פלעגט ער דורכלויפען די טעלעגראַמעס פון אויסלאַנד, צי איז ניטאָ עפּעס וועגען אַ טעראָריסטישען אַקט אין רוסלאַנד. די נערוועז זיינען געווען שרעקליך אָנגעשטרענגט, מען האָט ניט געקאָנט אַרבייטען, די געדאַנקען זיינען געפלויגען אַהין, וואו אונזערע חברים זיינען געגאַנגען אויפ'ן שאַרף פון אַ מעסער, און מיר האָבען געקאָנט ערוואַרטען אַן אומגעהויערען זיג אָדער נאָך אַ גרעסערע נידערלאַגע.

און אַמאָל פלעגט אונז גאָרקי אַזוי גרויזאַם אָפּנאַרען! אַזוי איז ער אונז אָנגעקומען אַ פּאָר טעג פאַר דעם, ווען אין אַ פּעטער־בורגער האָטעל איז אומגעקומען אונזער ליבער, צאַרטער חבר פּאָקאַ־טילאָוו, ווען ער האָט אָנגעלאָדען אַ באָמבע, און די באָמבע האָט אויפגעריסען. דאָס האָט אויף לאַנג אָפּגעהאַלטען די הינריכטונג פון מיניסטער פּלעווע, וועמען די פּאַרטיי האָט פאַר'משפּט צום טויט.

ארום יענער צייט זיינען ארויסגעקומען מיינונגס־פארשיידענהייטען מיט דער יוגענט, און דאָס האָט שווערער פון אונז אַלעמען געווירקט אויף מינאָר'ן. עס האָט זיך צונויפגעקליבען אין זשענעווע אַ קרייז פון 20—25 יונגעלייט, מעהרסטענס פון יונגע ארבייטער פון מערב־ראַיאָן, הויפּטזעכליך פון ביאַליסטאָק, וועלכע האָבען זיך איינגאַנצען באַפרייט פון מינאָר'ס איינפלוס. באַלד האָבען זיך צווישען זיי באַוויזען פיהרער: יעוועגני לאַזינסקי, וועלכער האָט געפּרעדיגט, אַז ארבייטער זאָלען זיך אָפּרייסען פון דער אינטעליגענץ, טראַאיצקי, וועלכער איז דערנאָך געוואָרען דער וואָרט־פיהרער פון די מאַקסימאַ־ליסטען, ל. א. סאָקאָלאָוו, וועלכע איז שפּעטער געוואָרען באַריהמט מיט זיין אָנטייל אין מאָסקווער אויפשטאַנד און ביים אויפרייס פון סטאָליפּינ'ס דאַטשע, ביי פּעטערבורג.

די גרופּע האָט זיך אָנגעשטעקט מיט די אידעען פון אַנאַרכאָ־סינדיקאַליזם און האָט אָנגענומען די „מאַקסימאַליסטישע" מעטאָדען פון פּאַרכאַפּען פאַבריקען אין מאָמענט פון אַ רעוואָלוציע און האָט געהאַלטען, אַז דער בעסטער מיטעל צו דערנעהנטערען די רעוואָלוציע זיינען עקספּראָפּריאַציעס און „עקאָנאָמישער טעראָר" אין שטאָדט און דאָרף. אַ טייל פון אָט דער יוגענט האָט זיך גרופּירט ארום דער „באַבושקאַ", וועלכע האָט זיך ניט שטארק פאַנאַנדערגעקליבען אין פּונקטען פון פּראָגראַם און האָט געהאַלטען, אַז „דאָס לעבען, די פּראַקטיק אַליין" וועט אין יעדען מאָמענט שוין אונטערזאָגען די בעסטע טאַקטיק. ווען די „באַבושקאַ" האָט געמוזט אָפּפאָהרען אויף אַ פּראָפּאַגאַנדע־טור אין אַמעריקע, איז די יוגענט־גרופּע געוואָרען אינגאַנצען אומאָפּהענגיג. זי האָט אויף אַ קאָנפערענץ אָנגענומען אַ מאַקסימאַליסטישע רעזאָלוציע, האָט עס אָפּגעדרוקט אין דער פאָרם פון אַ פלוג־בלעטער, און די פּאָסט האָט עס צוטראָגען איבער גאַנץ רוסלאַנד.

איך געדענק נאָך ווי איצט, ווי שרעקליך אויפגערעגט עס איז דעמאָלט געווען מינאָר. ער האָט געשריען, געשטורעמט געגען אונז אַלעמען, וואָס מיר נעמען אויף אַזאַ געשעהעניש אַזוי גלייכגילטיג. מיר האָבען איהם געזוכט צו באַרוהיגען. עס איז טאַקע טרויעריג, וואָס אין דער פּארטיי איז פאָרגעקומען אַזאַ שפּאַלטונג אויף „פּאַטערס" און „זיהן", אָבער מען דאַרף דאָס ניט נעמען אַזוי טראַגיש. אפשר איז דאָס ניט מעהר, ווי די ברויזענדע יוגענט, וואָס וועט דערנאָך קומען צו זיך און ווערען נאָרמאַל. און טאָמער ניט, וועלען דאָך די יונגעלייט אין רוסלאַנד זיך באַלד אָנשטויסען אויף עלטערע, ערפאַה־רענערע. מיר האָבען אָבער דעם היים־בלוטיגען מינאָר ניט געקאָנט איינשטילען.

„מען מוז אוועקוואַרפען אָט דעם דיקהויטיגען אָפּטימיזם", — האָט ער געליאַרעמט. און ער האָט אָנגעוויזען, אַז די יונגעלייט

וועלען אין רוסלאַנד ניט אָנטרעפען קיין גענוגענדע געגען־ווירקונג. אונזערע מענשען וועלען זיין אַרעסטירט, און אַ פּאָר יונגע חברה־לייט וועלען פאַרכאַפּען דעם שטעמפּעל פון אונזערען אַ קאָמיטעט, און וועלען אָנמאַכען גרויסע צרות אין נאָמען פון אונזער פּאַרטיי. אַט לייענט מען דאָך איצט אין רוסלאַנד זייער רעזאָלוציע, און מען מיינט, אַז דאָס איז אַ רעזאָלוציע פון דער זשענעוועד פּאַרטיי־גרופּע. אַלע ווייסען דאָך, אַז אין זשענעווע געפינען זיך גאָץ, וואָלכאָווסקי, שישקאָ, טשערנאָוו. מען וועט דאָך מיינען, אַז מיר האַלטען, אַז מיט אונטערצינדען און איבערפּאַלען קאָן מען לייזען אַלע פראַגען. מען מוז באַלד פאַרעפענטליכען אַ געגען־רעזאָלוציע, אונטערגעשריבען פון אַלע אויסלענדישע פּאַרטיי־פיהרער. „אויב איהר וועט דאָס ניט טאָן, וועל איך אַליין אונטערשרייבען אַזאַ רעזאָלוציע און דאָס פּאַנאַנדער־שיקען איבער רוסלאַנד", — האָט מינאָר געסטראַשעט.

דער סוף איז געווען, אַז מינאָר האָט אונז פּאָרט פּאַנאַנדערגע־טרייסעלט, און איך האָב זיך אָוועקגעזעצט און אָנגעשריבען אַ רעזאָ־לוציע, וועלכע 16 פּאַרטיי־פיהרער האָבען אונטערגעשריבען. צווישען די אונטערגעשריבענע זיינען געווען אונזערע „אַלטע" — וואָלכאָווסקי, באַכאַנאָווסקי, דאַבראַוואָלסקי, מינאָר און זיין פרוי (שישקאָ און גאָץ זיינען דעמאָלט געווען קראַנק און האָבען זיך געפונען ניט אין זשע־נעווע, און לאַזאַרעוו איז אויך געווען אָוועקגעפאָהרען), און די „מיטעליעהריגע" — איך און מיין פרוי, ביליט, וואָס איז שפּעטער פאַרוואונדעט געוואָרען ביים אויפרייס פון אונזערער אַ לאַבאָראַטאָריע, סעוואַסטיאָנאָוו, וועלכע איז דערנאָך אומגעקומען אין אַ טעראָריסטישען אַקט, און אַנדערע.

אין אַ צייט אַרום, ווען די יונגע מאַקסימאַליסטען זיינען זיך פּאַנאַנדערגעפאָהרען איבער רוסלאַנד, האָבען אָנגעהויבען קומען צו אונז זייערע פּראָקלאַמאַציעס מיט אַזעלכע אויפרופען, ווי: „שלאָג די פּריצים, די קולאַקעס־פּויערים, די פּאָליציי־בעאַמטע, שלאָג זיי אַלעמען אָהן רחמנות!" מינאָר האָט דאָס אונז אַלעמען געוויזען און האָט זיך געהיצט: „נו, אָט זעהט איהר! צי האָבען זיי דאָ מיט אונזער נאָמען ערצויגען רעוואָלוציאָנערען, אָדער גאָר רויטע פּאָגראָמ־שטשיקעס?" און מיר האָבען געמוזט צוגעבען, אַז דער היציגער מינאָר האָט אָפּטמאָל געקאָנט פאָראויסזעהן זאַכען פּונקט אַזוי קלאָר, ווי די קאַלטבלוטיגערע חברים זיינען.

אַזוי איז אָנגעגאַנגען אונזער פּאַרטיי־לעבען אין פעסטער אייניג־קייט, כאָטש ניט אָהן שאַרפע מיינונגס־פאַרשיידענהייטען און רייבונ־גען, ביז די צאַרישע רעגירונג האָט פאַרעפענטליכט דעם מאַניפעסט פון 17טען אָקטאָבער, 1905, וועגען אַ קאָנסטיטוציע.

.4

איך געדענק, ווי מינאָר האָט מיט זיין כאַראַקטעריסטישער היציג־קייט און איינזייטיגקייט אויפגענומען די נאַכריכט וועגן דעם צאַרישן מאַניפעסט. צוערשט האָט ער אפילו ניט געוואָלט הערען וועגן דעם, אַז מיר זיינען געקומען צו עפּעס אַן אומגעהויערען איבערברוך. דער גאַנצער מאַניפעסט, האָט ער זיך געקאָכט, איז איין אומגעהויערע פּראָוואָקאַציע. די צאַרישע רעגירונג האָט ניט געקאָנט באַזיגען די רעוואָלוציע, וועלכע באַהאַלט זיך הינטער דעם נעבעל־פאַרהאַנג פון דעם מיטגעפיהל פון די פאָלקס־מאַסען. וויל די רעגירונג ארויסציהען די רעוואָלוציע אויף דער אויבערפלאַך, אין דער עפענטליכקייט, אום זי צו קאָנען לייכט פאַרניכטען. דעריבער דאַרפען מיר ווייטער אָנ־פיהרען אונזער אַרבייט, ווי עס וואָלט גאָרניט ניט געשעהן.

די פּאָליטישע געשעהענישען האָבען געוויזען, אַז אַזאַ מין אָפּ־שאַצונג איז ניט ריכטיג. און מינאָר וואָלט אַזוי ווייט ניט געגאַנגען, ווען עמיצער פון אונז, און באַזונדערס אַזעף, וואָלט ניט ערקלערט, אַז דער צאַרישער מאַניפעסט מאַכט אַ סוף צום גאַנצען רעוואָלוציאָ־נערען קאַמף, און אַז מען קאָן ווייטער אָנפיהרען אַ פרידליכע אַרבייט. אום אָנצוהאַלטען אַ גלייכע ליניע, דאַרף מען אַמאָל אַריבערבויגען דעם שטעקען אַביסעל ווייטער אין דער פאַרקערטער ריכטונג. אויף דעם איז געווען אַ ספּעציאַליסט מינאָר, וועלכער האָט אַלעמאָל גע־קאָנט אין דער היץ פון דיסקוסיע אַריבערטרעטען אַלע גרענעצען.

די פּאַרטיי האָט זיך אינגאַנצען איבערגעבויט און האָט אַלע פרייע קרעפטען אַריבערגוואָרפען קיין רוסלאַנד. מען האָט אָנגע־הויבען אין רוסלאַנד די פיבערהאַפטע טעטיגקייט פון אַרויסגעבען ביכער און צייטונגען, און מען האָט דאָ אויסגענוצט אַלע אומלעגאַלע, האַלב־לעגאַלע און לעגאַלע מיטלען. די גרענעצען צווישען לעגאַלען און אומלעגאַלען זיינען אויף אַ צייט אָפּגעווישט געוואָרען. די מעהרסטע מיטגלידער פון צענטראַל־קאָמיטעט און די טוער, וואָס זיינען געווען נאָהענט צום צענטראַל־קאָמיטעט, זיינען געווען פאָרזיכטיג גענוג ניט צו לעגאַליזירען זיך, ניט צו וואוינען אין רוסלאַנד אויף זייערע ריכטיגע נעמען. זיי זיינען אפילו אָפּטמאָל אַרויסגעטראָטען אין דער עפענטליכקייט, אָבער זיי זיינען געווען גרייט צו יעדער מינוט זיך אַרונטערלאָזען צוריק „אונטער דער ערד". דאָס האָט זיי טאַקע געראַטעוועט פון אַ פּאָליציייאישען פּאָגראָם, וועלכער איז געקומען באַלד ווי נאָר די רעגירונג איז געקומען צו זיך.

צווישען אָט די טוער איז אויך געווען מינאָר. דער צענטראַל־קאָמיטעט האָט איהם באַשטימט פאַר זיין ראיאָן־פאַרטרעטער אין קאַווקאַז. ער האָט זיך דאָרטען צוזאַמענגעלעבט מיט די אָרטיגע

טוער און האָט זיך אפילו שוין צופיל דורכגעדרונגען מיט די „קאַווקאַזער" שטימונגען. אויפ'ן צווייטען פּאַרטיי־צוזאַמענפאָהר זיינען די „באַבושקאַ" יעקאַטערינאַ ברעשקאָווסקאַיאַ, גריגאָרי גערשוני און וו. מ. טשערנאָוו אַרויסגעטראָטען געגען צוואַוואָרפען זיך אין דער רעוואָלוציאָנערער טעטיגקייט און באַזונדערס געגען עקספּראָפּריאַציעס. מינאָר איז געווען מיט זייער אַרויסטריט זעהר אומצופרידען. ער האָט ניט געקאָנט פאַרשטעהן, ווי אַזוי מען קאָן דאָס אין אַ רעוואָלוציאָנערער צייט זיך רעכענען מיט אַזעלכע קליינינגקייטען, אַריינקוקען אין אַ געזעץ־בוך וועגען יעדען שריט. אַז מען קערט איבער אַ קאַרעטע אָדער אַן אָמניבוס צו מאַכען אַ באַריקאַדע, איז דאָך דאָס אויך עמיצענס אייגענטום. אָבער צי קאָן מען זיך רעכענען מיט אַזעלכע זאַכען? אויב אַזוי, וועט מען דאָך אפילו קיין באַריקאַדען ניט קאָנען מאַכען.

מיר האָבען צווישען זיך געשפּאַסט, וואָס מינאָר, וועלכער האָט פּערזענליך ניט געקאָנט אָנריהרען אַ פליג, איז פּלוצלונג געוואָרען אַזאַ מורא'דיגער רעוואָלוציאָנער. עס איז געווען אַ מאָמענט, ווען דער צענטראַל־קאָמיטעט איז געווען אומרוהיג, טאָמער וועט מינאָר צופיל פאַרכאַפּט ווערען פון „קאַווקאַזער" שטימונגען און טעמפּעראַמענט און וועט אָפּטאָן עפּעס אַזוינס, וואָס די פּאַרטיי ערלויבט ניט. עס האָט זיך אָבער שפּעטער אַרויסגעוויזען, אַז דער אַלטער רעוואָלוציאָנער האָט ניט פאַרלאָרען זיין פּאַרזיכטיגקייט. דער צענטראַל־קאָמיטעט האָט זיך איבערצייגט, אַז ער האָט געמעגט האָבען צוטרוי צו מינאָר'ן.

מען האָט דעריבער מינאָר'ן געגעבען אַ נייע אויפגאַבע: צוריק אויפשטעלען די פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע פון דעם מערב־ראַיאָן. דורך סמאָלענסק איז מינאָר אַריבערגעפאָהרען קיין מינסק, קאָוונע און ווילנע. ערשט ניט לאַנג צוריק, מיט אַ וואָסערע זיבען יאָהר פריהער, איז ער געקומען אין ווילנע, אום דאָ פאַרטצוזעצען זיין איבערגעריסענע יוגענט. די צוקינפטיגע וועגען פון סאָציאַליזם און רעוואָלוציע אין רוסלאַנד זיינען געווען פאַר איהם פאַרהילט אין נעבעל. ער האָט דעמאָלט געדאַרפט ווידער זיך פאַרוואָרצלען אין לעבען, זיך פאַנאַנדערקלייבען אין לעבענס־ערשיינונגען און זוכען טאַפּענדיג אַ וועג. איצט איז ער געקומען אַהער ניט נאָר רייף אין יאָהרען, נאָר ער האָט אויך געהאַט אַ פאַרענדיגטע פאַרשטעלונג וועגען דער צוקינפטיגער אַנטוויקלונג פון רוסלאַנד און וועגען דעם אַנטשפּרעכענדיגען קאַמף פון דער פּאַרטיי.

ווען ער איז צום ערשטען מאָל געקומען אַהער, האָט ער געוועקט ביי מענשען די אומרוהיגקייט פון געדאַנק, אַן אומבאַשטימטע שטרעבונג צו טעטיגקייט און העלדישקייט. איצט איז ער געקומען ווי אַן

ערפאַהרענער פּאָליטישער פיהרער, וואָס קאָן דורכפיהרען די פּאַרטיי־שיף דורך געפעהרליכע וואסערען, פאַרביי אונטערוואסערדיגע פעלזען, קעסעל־גרובען און פלאַכע זאַמדיגע ערטער.

מינאָר׳ס ארבייט איז געגאַנגען גלענצענד, מיט א גרויסען ער־פאָלג. עס איז צונויפגערופען געוואָרען א צוזאַמענפאָהר פון ראַיאָן, מען האָט איינגעשטעלט די פּאַרטיי־טעטיגקייט. מען האָט באַשטימט א ראַיאָן־קאָמיטעט און געגרינדעט א צייטונג פאַר׳ן ראַיאָן. ווען מינאָר האָט דורכגעפיהרט זיין אויפגאַבע, האָט ער זיך אומגעקערט קיין מאָסקווע אָפּצוגעבען א באַריכט. מען האָט איהם געגעבען א נייע ארבייט, דורכצוקאָנטראָלירען די ארבייט פון די פּאַרטיי־אָרגאַ־ניזאַציעס אין אוקראַינע. פון דאָרטען האָט ער געזאָלט אָפּפאָהרען גלייך קיין אויסלאַנד, וואו דער צענטראַל־קאָמיטעט האָט אָרגאַניזירט א פּאַרטיי־קאָנפערענץ אין לאָנדאָן.

.5

דער צוזאַמענפאָהר האָט באַשלאָסען צו פאַרשטאַרקען די פּאַרטיי אין רוסלאַנד פאַר א נייעם אָנגריף אויף דער רעגירונג. דער צענ־טראַל־קאָמיטעט האָט זיך גענומען ווידער אויפשטעלען די הויפּט־אָרגאַניזאַציעס פון ראַיאָנען, פון וועלכע די פּאַרטיי איז הויפּטזעכליך באַשטאַנען, און פריהער פון אַלץ פון דעם ראַיאָן ביים טייך וואָלגאַ. פון דאָרטען האָט זיך גראָד צונויפגעקליבען א גרופּע טוער אין אויס־לאַנד, און, ווי אומעטום, וואו די יוגענט האָט אָנגעהויבען עפּעס א נייע טעטיגקייט, איז דאָ אינמיטען באַלד געווען מינאָר. די גרופּע און מינאָר אַליין האָבען באַלד געבעטען דעם צענטראַל־קאָמיטעט, מען זאָל זיי אַריבערשיקען קיין רוסלאַנד אויף ארבייט. נאָך א סך דעבאַטען האָט דער צענטראַל־קאָמיטעט ערפילט זייער בקשה און האָט באַשטימט מינאָר׳ן פאַר זיין באַפולמעכטיגטען אין דער וואָלגאַ־געגענט.

מינאָר האָט דאָ ווידער אַמאָל באַוויזען, אַז ער האָט א האַרץ פון אַן אמת׳ן רעוואָלוציאָנער. די אונטערנעמונג אַליין איז געווען א העלדישע משוגעת. ערשטענס, האָט וועגען דער גאַנצער אונטער־נעמונג געוואוסט דער פּראָוואָקאַטאָר אַזעף. צווייטענס, איז אין דער גרופּע אַריין איינע טאַטיאַנאַ צייטלין, וועלכע, ווי מען האָט שפּעטער אויסגעפונען, האָט געדינט דער צאַרישער געהיים־פּאָליציי. די גרופּע איז געווען פאַר׳משפּט פון אָנהויב אָן, און זי איז געפאָהרען אַנטקעגען די אויסגעשפּרייטע אָרימס פון דער צאַרישער פּאָליציי.

מינאָר האָט אַליין דערנאָך דערצעהלט וועגען דער דראַמאַטישער סצענע, ווי ער האָט זיך געזעגענט מיט אַזעפ׳ן. זיי האָבען פריהער געהאַט א געשפּרעך וועגען די „בלבולים", וואָס בורצעוו האָט דעמאָלט

געמאַכט אויף אַזעפ׳ן, אַז ער, אַזעף, איז אַ פּראָוואָקאַטאָר. אַזעף האָט געערדט וועגן דעם מיט אויפרעגונג, מיט טרערן אין די אויגן. זיי זיינען ביידע אָפּגעזעסן אין קאַפע ביז שפּעט ביינאַכט. דערביי האָט אַזעף „מיט אַן אויסדרוק פון לײַדן אויפ׳ן פּנים" אַלץ געוואָלט אָפּריידן מינאָר׳ן פון פאָהרען קיין רוסלאַנד, ווייל מען וועט איהם דאָרטען געוויס כאַפּען און אויפהענגען.

מינאָר האָט זיך אויף דעם אַזש צולאַכט און האָט געענטפערט, ווי עס פּאַסט פאַר אַ „סאָלדאַט פון דער רעוואָלוציע": „ניט דו דאַרפסט ריידען אַזוי. וויפיל מאָל האָסטו ריזיקירט מיט׳ן לעבען, און דאָך האָסטו זיך ניט אָפּגעשטעלט פאַר קיין שום געפאַהר. ווען עס איז וועט דאָך דאָס מוזען געשעהן. ניין, דאָס איז שוין באַשלאָסען. מאַרגען פאָהר איך. אומזיסט רעדסטו מיך אָפּ".

אַזעף האָט זיך ניט איינגעשטילט. ער האָט באַגלייט מינאָר׳ן אַהיים, האָט דעם גאַנצען וועג איינגע׳טענה׳ט מיט איהם. ער איז געשטאַנען מיט מינאָר׳ן ביים טיר, געהאַלטען זיין האַנט, זיך געבעטען ביי איהם, ער זאָל ניט פאָהרען. ענדליך האָט ער איהם אַ קוש געטאָן און איז גיך אַוועק. דערמאָנענדיג דאָס אין אַ פּופצעהן יאָהר אַרום, האָט מינאָר דאָס געקאָנט ערקלערען נאָר מיט איין זאַך: „אין דער חיה אַזעפ׳ן האָט דעמאָלט אויף איין מאָמענט גובר געווען דער מענש". ווער ווייס?

מינאָר איז אַריבער די גרענעץ, און דעם 20טען דעצעמבער, 1908, איז ער שוין געווען אין סאַראַטאָוו. אויפ׳ן וועג האָט ער זיך דערוואוסט, אַז מען האָט ענדגילטיג באַוויזען, אַז אַזעף איז אַ פאַררעטער, און אַז דער צענטראַל־קאָמיטעט האָט שוין פאַרעפענטליכט אַ מעלדונג וועגען דעם. אַ דערשלאָגענער, האָט ער זיך מיט לייב און לעבען אַריינגעוואָרפען אין דער אַרבייט. מען האָט אָרגאַניזירט אַ צוזאַמענפאָהר פון דער געגענט, מען האָט באַשטימט אַ ראַיאָן־קאָמיטעט, מען האָט איינגעשטעלט אַ דרוקעריי, געגרינדעט אַ צייטונג און צוגעגרייט אַ טעראָריסטישען אַקט אין קאַזאַן. און דעם 2טען יאַנואַר, 1909, זיינען פאָגעקומען מאַסען־אַרעסטען, און די פּאָליציי האָט מיטאַמאָל צוריסען דעם גאַנצען געוועב, וואָס איז מיט פיל מיה געשאַפען געוואָרען. מינאָר איז אַריינגעפאַלען אין דער סאַראַטאָווער טורמע, די שרעקליכסטע טורמע פון יענער צייט.

דאָס איז געווען אַ צייט, ווען די רעאַקציע האָט געזיגט, און זי האָט געבושעוועט און זיך גרויזאַם נוקם געווען אָן די רעוואָלוציאָנערען, וואָס זיינען אַריינגעפאַלען אין די פּאָליציייאישע לאַפּעס. מינאָר האָט דאָס שוין איינמאָל דורכגעמאַכט אין יאַקוטסק. איצט, אין סאַראַטאָוו, איז דאָס געווען נאָך פיל ערגער. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז פון די 14 מאָנאַטען, וואָס מינאָר האָט דאָרטען פאַר־

בראכט, איז ער 192 טעג און נעכט אפגעזעסען אין א פינסטערען קארצער. ער האט דורכגעלעבט אומבאשרייבליכע יסורים און איז געווען אויפ׳ן גרענעץ פון משוגעת. עס האבען איהם גענומען מא־טערען שרעקליכע זעהונגען. דערצו האט מען געקאנט ערווארטען דאס ערגסטע. עס האט אויסגעזעהן, אז עס וועט מקוים ווערען אזעפ׳ס שרעקליכע נבואה: „מען וועט דיך כאפען און אויפהענגען״.

אין מערץ פון יאהר 1910 האט א קריגס־געריכט פאר׳משפט מינאר׳ן צו 8 יאהר קאטארגע. דער אלטער „סאלדאט פון דער רעוואלוציע״ האט אלצדינג אריבערגעטראגען. באלד ווי ער איז ארויס פון דער שרעקליכער טורמע, איז ער שוין ווידער געווען דער פריהער־דיגער מינאר, — האט אויפגעמונטערט די חברים, געקאכט און גע־היצט זיך.

מינאר האט נאך געמוזט דורכמאכען זעהר א סך אין צארישען רוסלאנד. די רעוואלוציע פון פעברואר פון יאהר 1917 האט איהם באפרייט. ער איז באלד אפגעפאהרען פון סיביר קיין מאסקווע, צו א צוזאמענפאהר פון דער פארטיי.

די פארטיי איז איצט געוואקסען ווי אויף הייוועז. עס זיינען פארגעקומען וואהלען, און מינאר איז מיט א ריזיגער מערהייט ערוועהלט געווארען פארזיצער פון דער מאסקווער דומע. „גאלאווא״ (מעיאר) איז ערוועהלט געווארען א צווייטער סאציאליסט־רעוואלוציאנער, וו. רודנעוו. אין פעטערבורג האט מען אויסגעקליבען פאר „גאלאווא״ דעם אידישען סאציאליסט־רעוואלוציאנער שריידער. די אנטיסעמיטען האבען געשריען, אז אידען האבען פארכאפט די רוסישע הויפט־שטאט, אבער ווער האט זיך דאס צוגעהערט צו זייערע געשרייען?

מינאר האט זיך באזעצט אין מאסקווע, וואו ער האט, אויסער דער ארבייט אין דער דומע, נאך ארויסגעגעבען א גרויסע פארטיי־צייטונג „טרוד״. ער איז אויך געווען א מיטגליד פון צענטראל־א צוזאמענפאהר פון דער פארטיי.

איך האב זיך נאכאמאל באגעגענט מיט מינאר׳ן שוין נאך דער באלשעוויסטישער איבערקערעניש, אויפ׳ן פארטיי־צוזאמענפאהר און אין דער גרינדונגס־פארזאמלונג, וועלכע די באלשעוויקעס האבען צוטריבען. פון דער פארטיי האט זיך דעמאלט אפגעשפאלטען א „לינקער פליגעל״, וועלכער איז דערנאך אוועק מיט די באלשעוויקעס. דעמאלט, און שפעטער, אין דער צייט פון דעם בירגער־קריג, האט מינאר געזוכט צו פאראייניגען די פארשידענע ריכטונגען אין דער פארטיי. אבער דאס איז געווען אונמעגליך. מינאר האט שטארק געליטען, צוזעהענדיג די נידערלאגעס פון דער פארטיי. אומזיסט האט ער געזוכט אן אויסוועג. מיר האבען פאר איהם געפונען אן אויס־וועג — ארויסצופאהרען קיין אויסלאנד.

### .6

מינאָר איז געשיקט געוואָרען מיט אַ פּאַרטיי־אויפגאַבע קיין אַמעריקע. ער איז ווידער אַוועק אין גלות, און דאָרטען, אין דער ווייטער פראַנקרייך, האָט ער צוגעמאַכט די אויגען. ווען ער איז דעמאָלט ארויסגעפאָהרען פון רוסלאַנד, האָט ער נאָך ניט געוואוסט, אַז דאָס איז אויף שטענדיג. ער האָט אויך ניט געוואוסט, אַז ער וועט אין דעם שטורעם פון בירגער־קריג פאַרלירען זיינע צוויי זיהן.

עס איז פּיינליך צו ריידען וועגען מינאָר'ן אין דער לעצטער, עמיגראַנטישער צייט פון זיין לעבען. ער איז דאָ די גאַנצע צייט געווען, ווי אַ פּיש אויף דער יבשה. אויך דאָ האָט פון צייט צו צייט אויפגעברויזט זיין רעוואָלוציאָנערער טעמפּעראַמענט, אָבער ער האָט דאָ ניט געקאָנט געפינען קיין ווירדיגע אָנווענדונג. די גרויע ווירק־ליכקייט פון עמיגראַנטישען לעבען, די צופאַלונג, וואָס איז אָנגע־גאַנגען אין דער פּאַרטיי, דאָס אַלץ האָט זעהר שווער געווירקט אויף דעם אַלטען רעוואָלוציאָנער.

די איינציגע ליכטיגע מאָמענטען אין זיין איצטיגען שווערען לעבען זיינען געווען נאָך די ערפאָלגען פון דעם פּאָליטישען רויטען קרייז, וועלכען ער האָט אָנגעפיהרט, און וועלכער האָט געשאַפען הילף פאַר די סאָציאַליסטען, וואָס מאַטערען זיך אין סאָוועטישע טורמעס און אין סאָוועטישער פאַרשיקונג. אַזוי זיינען פאַרבייגעגאַנגען די לעצטע יאָהרען פון דעם „סאָלדאַט פון דער רעוואָלוציע", וועלכער האָט פון לעבען אַזוי ווייניג גענומען און האָט איהם אַזויפיל געגעבען. זיין טויט איז געווען אַ שווערער און פּיינליכער. ער האָט פאַרדינט אַ בעסערען גורל, ווי ווערען באַגראָבען אין אַן איינזאַמען קבר אין אַ פרעמדען לאַנד.

דאָס איז געווען דאָס לעבען פון דעם מענשען, וועלכער האָט צוויי מאָל געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין דעם רעוואָלוציאָנערען און געזעלשאַפטליכען לעבען פון ווילנע, וועלכער האָט באַרייכערט ווילנע מיט זיינע וואונדערליכע אייגענשאַפטען, מיט זיין מערקווירדיגען טעמ־פּעראַמענט, זיין רעוואָלוציאָנערען מוט און אויסערגעוועהנליכער איבער־געבענהייט צו דער זאַך פון דער באַפרייאונג פון די אַרבייטער און פון דער מענשהייט.

# וולאַדימיר יאָכעלסאָן׳ס ערינערונגען וועגען דער פעטראָפּאַוולאָווסקער פעסטונג.

וולאַדימיר יאָכעלסאָן, דער באַריםטער אידיש-רוסישער רעוואָלוציאָנער איז געבאָרען געוואָרען אין ווילנע אין יאָהר 1855. ער האָט זיך געלערנט אין א חדר און נאָכהער האָט ער אויסגעהאַלטען עקזאמען אין פינפטען קלאס פון אַ רעאַל-גימנאַזיע, וועלכע האָט זיך דאַן געעפענט אין ווילנע. אַלס שילער פון דער רעאַל-גימנאַזיע איז ער געוואָרען אַ מיטגליד פון אַ ווילנער קרייזעל, וואָס איז דאמאלסט אָנגעפיהרט געוואָרען פון דעם באַריהמטען אהרן זונדעלעוויטש און אַנדערע רעוואָלוציאָנערען.

אין יאָהר 1875, ווען ער איז געווען 19 יאָהר אַלט, האָט ער אָנגע-הויבען פיהרען אַן אונלעגאלען לעבען און פון דאמאלסט אָן איז זיין גאַנצער לעבען געווען געווידמעט דער סאָציאַליסטישער און רעוואָלוציאָ-נערער באַוועגונג. מיר גיבען דאָ איבער אַ קאַפּיטעל פון זיינע ערינערונגען וועלכע באַציהט זיך אויף דער צייט, וואס ער איז געווען פארשפּאַרט אין דער צאַרישער פּעטראָפּאַוולאָווסקער פעסטונג. אין דיזער פעסטונג האָט ער פאַרבראַכט צוויי יאָהר און צוויי מאָנאַטען און פון דאָרטען האָט מען איהם פאַרשיקט אויף צעהן יאָהר אין די ווייטסטע געגענדען פון מזרח-סיביר.—רעד.

באַלד נאָכדעם, ווי די רוסישע רעוואָלוציאנערען האָבען גע־טויט דעם צאַר אַלעקסאַנדער דעם צווייטען, דעם 1טען מערץ, 1881, און די צאַרישע רעגירונג האָט שטאַרקער ווי ווען עס איז פריער גענו־מען בושעווען אין לאַנד און האָט איינעם נאָכ׳ן אנדערע ארעס־טירט די פיהרער און טוער פון דער רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי „נאַ־ראָדנאַיאַ וואָליאַ”, האָב איך געמוזט פאַרלאָזען רוסלאַנד.

די באַרימטע פּאַרטיי „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ” (דער ווילען פון פאָלק) האָט זיך געגרינדעט אין יאהר 1879, נאָכדעם ווי רוסישע סאָציאַליסטען האָבען איינגעזעהן, אז כל זמן מען וועט ניט צווינ־גען די צאַרישע רעגירונג צו געבען דעם לאַנד אַ קאָנסטיטוציע, פּאָליטישע פרייהייט און דעמאָקראַטישע רעכט, וועט מען אין רוס־לאַנד ניט קאָנען פיהרען קיין שום אויפקלערונג צווישען פאָלק און קיין קאַמף פאַר סאָציאַליזם. די פיהרער פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ” האָבען זיך מעהר פון אַלץ אָפּגעגעבען מיט טעראָריסטישע אַקטען אויפ׳ן צאַר און זיינע טשינאָווניקעס. מען האָט גערעכענט מיט דעם אָנצואווארפען אַן אימה אויף דער מעכטיגער צאַרישער רעגירונג און זי צווינגען נאָכצוגעבען.

עטליכע יאהר איז אָנגעגאנגען דער העלדישער קאמף פון א הייר־

פעל יונגע רוסישע אידעאַליסטען געגען דער שרעקליכער רוסישער רעגירונג, פאר וועלכער די גאנצע וועלט האָט געציטערט. מיט א סך פון די רעוואָלוציאָנערע אטענטאטען אויף הויכע צארישע בע־אמטע און אויפ'ן צאר אליין האָט געקלונגען די גאנצע וועלט. ענד־ליך אָבער האָט דער געגען־טעראָר פון דער צארישער רעגירונג צו־שמעטערט די פּארטיי „נאַראָדנאַיאַ וואָליא", און אויף רוסלאנד איז



וולאַדימיר יאָבעלסאָן

אָנגעקומען א צייט פון דער פינסטערסטער רעאַקציע, וואָס האָט אָנגעהאלטען א פּאָר צעהנדליג יאָהר.

שפּעטער איז די רוסישע רעוואָלוציאָנערע באוועגונג געווארען א מאסען־באוועגונג. נאָך דער פּארלאָרענער מלחמה מיט יאפּאַן, און אונטער דעם דרוק פון דער רעוואָלוציאָנערער באוועגונג און פון באנייטען טעראָר פון דער פּאַרטיי סאָציאַליסטען רעוואָלוציאָנערען, וועלכע האָט איבערגענומען די רעוואָלוציאָנערע ירושה פון דער „נאַ־ראָדנאַיאַ וואָליא", האָט די צארישע רעגירונג אין יאהר 1905 גע־געבען א שטיקעל קאָנסטיטוציע, וואָס האָט אָבער זעהר ווייניג בא־פרידיגט די געזעלשאפט און די רוסישע פאָלקס־מאסען.

דאָס איז געווען די צייט פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע. די רעוואָלוציע איז דורכגעפאַלען, און די צאַרישע רעגירונג האָט זיך אין די נעקסטע עטליכע יאָהר געפיהלט נאָך פעסטער, ווי ווען עס איז פריהער. ערשט אין צוועלף יאָהר אַרום, אין פעברואַר, 1917, נאָך די מפּלות פון דער וועלט־מלחמה און א שרעקליכער קאָררופּציע און אומפעהיגקייט אין די רייהען פון דער רעגירונג, איז געקומען די צווייטע און זיגרייכע רוסישע רעוואָלוציע, וועלכע האָט די צאַרישע רעגירונג אינגאַנצען אָפּגעווישט פון דער ערד.

די צייט פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" און איהר געוואַגטען קאַמף געגען דער פינסטערער צאַרישער מאַכט איז געווען די העלדישסטע צייט אין דער גאַנצער געשיכטע פון רוסישען פאָלק, און דער קאַמף פון א הייפעל יונגע רוסישע אידעאַליסטען געגען דער צאַרישער זעלבסטהערשאַפט, וועט אויף אייביג בלייבען איינער פון די מערקווירדיגסטע קאַפּיטלען אין דער געשיכטע פון דער מענשהייט.

### צוריק אין רוסלאַנד.

אין יאָהר 1884, ווען די פּאַרטיי „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" איז געווען אין גאַנצען פאַרניכטעט פון דעם שרעקליכען צאַרישען טעראָר געגען רעוואָלוציאָנערען, האָב איך באַשלאָסען זיך אומצוקערען קיין רוסלאַנד און פאָרטזעצען מיין איבערגעריסענע רעוואָלוציאָנערע טעטיגקייט.

דער פרעמדער פּאַספּאָרט, אויף וועלכען איך בין געפאָהרען קיין אויסלאַנד, איז געווען א גוטער, איך האָב אָבער מורא געהאַט, אז אין שטעטעל ווערזשבאַלאָווא, ביי דער רוסיש־פּרייסישער גרעניץ, וועט מען מיך אפשר דערקענען, האָב איך באַשלאָסען צו קומען אין א פּונקט צו נאָרד פון ווערזשבאַלאָווא. איך האָב שוין פאַרגעסען דעם נאָמען פון יענעם שטעטעל אָדער דאָרף. דאָס איז געווען מיין גרויסער טעות.

אָנקומענדיג אַהין, האָב איך געוויזען מיין פּאַספּאָרט, וועלכער איז געווען אויפ'ן נאָמען פון א רוסישען אונטערטאַן, וואָס איז מיט א קורצער צייט פאַר דעם געשטאָרבען אין אויסלאַנד. אַלץ וואָלט אָפּגעגאַנגען גוט, ווען דעם אויפזעהער פון דער טאַמאָזשנע (קאַסטאָם הויז) וואָלט ניט איינגעפאַלען צו לאָזען מיך אַרומזוכען.

מיינע קעשענעס זיינען געווען פול מיט אויסלענדישע רעוואָלוציאָנערע שריפטען, וועלכע איך האָב געוואָלט אריינשמוגלען קיין רוסלאַנד. מען האָט מיך באַלד אַרעסטירט. מען האָט מיך אריינ־

געזעצט אין אַ באַזונדערען קליינעם הייזעל, וואָס איז באַשטאַנען פון צוויי צימערען. אין ערשטען צימער האָט מען אוועקגעשטעלט אַ סאָלדאַט פון דער גרעניץ־וואַך, ער זאָל מיך היטען.

פון דעם פענסטער, וואָס איז אַרויסגעקומען צו דער גרעניץ, האָב איך אָנגעהויבען שטודירען די אַרומיגע געגענט. אַרום אַ פופציג טריט פון הויז איז געלאָפען אַ קליין גרעניץ־טייכעל. איך האָב שטילערהייד געעפענט דעם פענסטער, בין אַרויסגעשפּרונגען און האָב זיך געלאָזט לויפען צום טייכעל, אום זיך אַריבערצוכאַפּען קיין דייטשלאַנד.

עס פאַרשטעהט זיך, אַז דאָס איז געווען איינפאַכע משוגעת. איידער איך וואָלט באַוויזען צו דערלויפען ביז צום טייכעל, וואָלט מען מיך דערשאָסען. אָבער דאָ האָט זיך אַרויסגעוויזען נאָך אַ זאַך, וועלכע איך האָב גאָר נישט פאָראויסגעזעהן. די געגענט ביי די זייטען פון וועג איז געווען זעהר זומפּיג. איך בין געבליבען שטעקען ביז צו דער ברוסט אין זומפּ.

ווען די סאָלדאַטען פון דער וואַך האָבען מיך געכאַפּט, האָבען זיי זיך געוואָלט מיט מיר גוט אָפּרעכענען, אָבער דאָ איז אַרויס־געלאָפען דער אויפזעהער פון דער טאַמאָזשנע און האָט מיך אַרויס־געראַטעוועט פון זייערע הענט. ער האָט מיר באַלד געגעבען אַנדערע קליידער איבערצוטאָן, און ער האָט מיך אַוועקגעשיקט אין נאָהענט־סטען שטעטעל, צוזאַמען מיט אַ רעפּאָרט וועגען דער געשעהעניש. מען האָט מיך געפיהרט אין אַ וועגעלע, און ביי די זייטען זיינען געריטען אויף פערד צוויי סאָלדאַטען פון דער גרעניץ־וואַך.

אין שטעטעל, וואו מיר זיינען אָנגעקומען, איז געווען אַ סטאַנ־ציע פון דער אייזענבאַהן. דאָרטען האָט מען מיך איבערגעגעבען צו די אָרטיגע זשאַנדאַרען. מען האָט מיך גענומען אויף אַ פאַר־הער, און דער זשאַנדאַרען אָפיצער האָט מיך האַלב־ערנסט, האַלב־שפּאַסיג געפרעגט, פאַרוואָס איך האָב געמאַכט אַ פּאַרזוך צו אַנטלוי־פען. אויף דער דאָזיגער פראַגע האָב איך נאָר געקענט ענטפערען מיט אַ שמייכעל.

איך האָב איבערגענעכטיגט אין דער זשאַנדאַרען־פאַרוואַלטונג, און אויף מאָרגען, באַלד אינדערפריה, האָט מען מיך, אונטער אַ וואַך פון דריי זשאַנדאַרען אָפּגעשיקט קיין פּעטערבורג. די זשאַנדאַרען האָבען פאַרנומען פאַר אונז פלעצער אין אַ וואַגאָן דריטע קלאַס, און זיי האָבען גוט אכטונג געגעבען, אַז איך זאָל מיט קיינעם זיך ניט איבעררייידען. איך בין געווען אַזוי אויסגעמאַטערט פון אַלץ, וואָס איז מיט מיר געשעהן, אַז איך האָב זיך אוועקגעלייגט אויף דער האַרטער באַנק און בין באַלד איינגעשלאָפען.

אין פּעטערבורג האָט מען מיך אָפּגעפיהרט אין דער זשאַנדאַרען־פּאַרוואַלטונג, וואָס האָט זיך געפונען ביי דעם סאַמפּסאָניעווסקי'ן בריק. פון דאָרטען האָט מען מיך באַלד אין אַ פאַרמאַכטער קאַרעטע און אין דער באַגלייטונג פון אַן אָפיצער און צוויי זשאַנדאַרען אַוועקגע־פיהרט אין פּעטראָפּאַוולאָווסקער פעסטונג.

די מויערען פון דער פעסטונג האָבען זיך הינטער מיר פאַר־מאַכט אויף זעהר אַ לאַנגע צייט, אויף צוויי יאָהר און צוויי מאָ־נאַטען. עס האָט זיך אָנגעהויבען פאַר מיר דאָס שרעקליכע, איינ־טאָניגע לעבען פון אַ געפאַנגענעם, אַ פאַרשפּאַרטען אין איינעם פון די צוויי טרויעריג־באַרימטע צאַרישע פעסטונגען אין פּעטערבורג (די צווייטע האָט זיך גערופען שליסעלבורג) וואו די צאַרישע רע־גירונג האָט געהאַלטען לעבעדיג־באַגראָבען איהרע קריגס־געפאַנגענע, די רוסישע רעוואָלוציאָנערען.

אינעווייניג אין פעסטונג זיינען מיר צוגעפאָהרען צום הויז פון קאָמענדאַנט, וועלכער האָט איבערגעגעבען אַ זשאַנדאַרען־אָפיצער אַ באַפעהל צו פאַרשפּאַרען מיך אין „טרובעצקאָי באַסטיאָן" (אַ באַס־טיאָן איז איינער פון פיר טורמעס פון אַ פינף־עקיגער פעסטונג). ווען מיר זיינען אריינגעפאָרען אין באַסטיאָן, האָט דער אָפיצער אי־בערגעלאָזען ביים אריינגאַנג די זשאַנדאַרען און האָט מיך אריינגע־פיהרט אין וואַך־הויז. די סאָלדאַטען האָבען זיך אַ וואַרף געטאָן צו די ביקסען, אום צו סאַלוטירען דעם אָפיצער.

מען האָט מיך דורכגעפיהרט דורך צוויי רייהען סאָלדאַטען און איבערגעגעבען צום אָפיצער, וואָס איז געווען דער קאָמאַנדיר פון דעם קאַראַול. ער האָט מיך אריינגעפיהרט אין אַ קליינעם צימער, וואו עס האָבען געוואַרט אויף מיר אַ מיליטערישער פעלדשער (נוירם) און צוויי זשאַנדאַרען־אונטעראָפיצערען. איך האָב זיך געמוזט אויס־טאָן און דורכמאַכען די ערנידעריגענדע צערעמאָניע פון ווערען ארומ־געזוכט און גענוי באַטראַכט, — די דאָזיגע באַליידיגענדע צערע־מאָניע איז גוט באַקאַנט יעדען פעסטונג־ארעסטאַנט. דאָס האָט מען געוואָלט זיין דורכאויס זיכער, אַז איך נעם מיט זיך גאָרנישט ניט מיט אין מיין קאַמער.

מיינע קליידער האָט מען צונויפגעדרעהט אין אַ פּעקעל, און מיר האָט מען געגעבען אָנטאָן אַ בלויען ארעסטאַנטען־כאַלאַט, אַ העמד און אונטערהויזען פון גראָבען לייווענט און גרויסע לעדער־נע שטעקשיך. דאָס פּעקעל קליידער, אָבער אָהן די זאַכען, וואָס זיי־נען געווען אין די קעשענעס, פלעגט מען ברענגען אין קאַמער יעדען מאָל, ווען מען פלעגט מיך ארויספיהרען אויף אַ שפּאַציר אין הויף. דעמאָלט האָב איך געמעגט טראָגען מיינע קליידער.

שפּאַצירען פלעגט מען אַרויסנעמען אויף אַ האַלבער שעה יעדען טאָג אין זומער, און אין די קורצע ווינטערדיגע טעג — אַ טאָג איבער אַ טאָג אויף אַ פערטעל שעה, אום אַלע אַרעסטירטע זאָלען האָבען די געלעגענהייט צו שפּאַצירען.

כמעט אַלע קאַמערען זיינען דעמאָלט געווען פאַרנומען. אין „טרובעצקאָי באַסטיאָן" זיינען געווען 70 קאַמערען. צוערשט האָט מען מיך אַריינגעזעצט אין אַ קאַמער אויפ'ן אונטערשטען קאָרידאָר, וואו עס איז געווען פייכט. איך בין דאָרטען אָפּגעזעסען זעקס מאָנאַטען, און באַלד האָט זיך ביי מיר אַנטוויקעלט די שרעקליכע קראַנקהייט סקווירווי. פון די יאַסלעס איז געגאַנגען בלוט, די ציין האָבען זיך גענומען שאָקלען און אַרויספאַלען. דאָ האָב איך פאַרלאָרען כמעט אַלע מיינע ציין. אויסערדעם, פלעג איך דאָ שרעקליך פריהרען. דער קאַמער האָט געהאַלטען ניין טריט אין דער לענג און זעקס אין דער ברייט. אונטער'ן הויכען האַלב־רונדען סופיט איז געווען אַ קליינער פענסטער מיט אַן אייזערנער גראַטע, און די וואַנט צום קאָרידאָר פלעגט מען אָנהייצען פון דרויסען, אָבער דאָס איז ניט געווען גענוג אָנצואוואַרימען דעם קאַמער. די פּאָדלאָגע איז געווען פון קאַלטע רויטע ציגעל. אַ טייל וואַנט, אַ פּאָר יאַרד דיק, איז אונטער'ן פענסטער געווען אַריינגעבויגען אויף אינווייניג. דאָס בעטעל און לעבען דעם אַן אייזערנע ברעט, פאַר אַ טיש, זיינען געווען צוגעשמידט צו דער לינקער וואַנט.

אין דרויסען, אַ פּאָר יאַרד פון פענסטער, האָט זיך אויפגעהויבען אַ וואַנט, וואָס האָט פאַרשטעלט דעם הימעל, און אין פאַרוואָלקענטע טעג איז אין קאַמער געווען זעהר שווער צו לעזען. ביינאַכט האָט געברענט אַ קליין עלעקטריש לעמפּעל אין סופיט, און איך האָב זיך אָפּטמאָל געמוזט אוועקשטעלען מיט די פיס אויפ'ן בעט, אום צו קאָנען לייענען, כאָטש דאָס איז געווען פאַרבאָטען. אין באַסטיאָן איז געווען אַן אַלטער מיליטערישער דאָקטאָר, אין אַ יוניפאָרם פון אַ גענעראַל, — אַ מענש, אויף וועלכען די בעאַמטע פון פעסטונג האָבען זיך דורכאויס געקאָנט פאַרלאָזען. כמעט יעדען טאָג פלעגט ער אַריינקומען אין קאַמער און פרעגען:

— נו, וואָס מאַכען מיר עפּעס היינט?

ער האָט ניט געזשאַלעוועט קיין פאַרשידענע פּראָשקעס און אַנדערע רפואות, וועלכע דער מיליטערישער פעלדשער פלעגט אויף זיין פאַראָרדענונג ברענגען. די רפואות פלעגט מען איבערלאָזען ביים אונטעראָפיצער אין קאָרידאָר.

ענדליך האָט מען מיך אַריבערגעפיהרט אויפ'ן צווייטען שטאָק, און איך האָב שוין פון פענסטער געקאָנט אַרויסזעהן אַ שטיקעל הי־

מעל. וואָס פאַר א גליק דאָס איז פאַר מיר דעמאָלט געווען! אויפ'ן צווייטען שטאָק איז געווען טרוקענער, אָבער איך האָב דאָ אויך שטארק געליטען פון קעלט. איך האָב געבעטען דעם דאָקטאָר, מען זאָל מיר ארויסגעבען מיינע ווארימע וועש, און ער האָט צוגעזאָגט, אַז ער וועט דאָס זעהן פאַר מיר פועל'ען. ער האָט אָבער צוגעגעבען, אַז ער קאָן ניט גאַראַנטירען, אַז מען וועט דאָס ערלויבען. מען האָט דאָס מיר אָבער ערלויבט, און איך האָב זיך געפיהלט העכסט גליקליך. ווי ווייניג עס האָט זיך דאָס דעמאָלט געפאָדערט צו פיהלען זיך גליקליך.

ווען איך בין נאָך געזעסען אויפ'ן אונטערשטען קאָרידאָר, האָט מיין אויפמערקזאמקייט געצויגען איין קאַמער הארט ביים טרעפ, וואָס האָט געפיהרט צום העכערען עטאַזש. ווען מען פלעגט מיך ארויספיהרען שפּאַצירען, פלעגט מען מיך אַלע מאָל פיהרען פאַרביי יענעם קאַמער. אויסער דעם געוועהנליכען שלאָס אין דער טיר, איז נאָך דאָ געהאנגען אויף דער טיר א צווייטער גרויסער שלאָס.

איך האָב אַלץ ניט געקאָנט דערגעהן, ווער עס זיצט דאָרטען, ביז וואַנען מען האָט אין קאַמער לעבען מיינעם אריינגעזעצט אונזער פּאַרטיי־חבר קוזען. איך האָב זיך צוזאַמענגערעדט מיט איהם דורך קלאַפּען אין וואַנט, און ער האָט מיר געלאָזט וויסען, אַז אונטער דעם דאָפּעלטען שלאָס זיצט הערמאַן אַלעקסאַנדראָוויטש לאָפּאַטין.

(הערמאַן לאָפּאַטין איז געווען איינער פון די אָנגעזעהענסטע רוסישע רעוואָלוציאָנערען און איינער פון די פעהיגסטע אָרגאַניזאַטאָרען אין דער בארימטער פּארטיי „נאַראָדנאיא וואָליא". ער איז געווען א פריינד פון קאַרל מאַרקס. צוזאַמען מיט נאָך א רוסישען סאָציאַליסט, דעם עקאָנאָמיסט ניקאָלאַי אָן, האָט ער איבערזעצט אויף רוסיש דעם ערשטען באַנד פון מאַרקס'עס גרויסען ווערק „קאַפּיטאַל". אין יאָהר 1883 איז לאָפּאַטין ארעסטירט געוואָרען, און מען האָט איהם פאַר'משפּט צו אייביגע טורמע. ער איז אָפּגעזעסען צוואַנציג יאָהר אין די פעסטונגען פּעטראָפּאַוולאָווסקאיא און שליסעלבורג).

ווי אַזוי מען רעדט זיך צונויף דורך קלאַפּען אין וואַנט, האָב איך געוואוסט נאָך איידער מען האָט מיך ארעסטירט. מען האָט געדאַרפט איינטיילען דעם אלף־בית אין זעקס רייהען מיט פינף בוכשטאַבען אין יעדער רייהע. מען האָט געקלאַפּט אויף אַמאָל צוויי ציפערען פאַר יעדען בוכשטאַב, — דעם נומער פון דער רייהע און דעם נומער פון בוכשטאַב אין דער רייהע. צום ביישפּיל, איין קלאַפּ און באַלד דערנאָך צוויי קלעפּ. האָט דאָס געמיינט דעם בוכשטאַב „ב".

איך האָב זיך אויסגעלערענט אַזוי פלינק צו ארבייטען, אַז איך האָב געוואוסט אויף אויסווייניג ווי צו קלאַפּען און ווי אויפצוכאַפּען

דאָס קלאַפּען פון אנדערע. עס פאַרשטעהט זיך, אז די אדמיניס־טראציע פון דער פעסטונג האָט אויך געוואוסט וועגען אונזער סיס־טעם פון דורכריידען זיך דורך קלאַפּען, און מיר האָבען געמוזט זיין זעהר פאָרזיכטיג אין אַלץ, וואָס מיר האָבען געזאָגט, אום מען זאָל זיך ניט אונטערהערען און ניט דערוויסען זיך עפּעס.

מיך האָט מען ניט איינמאָל געסטראַשעט, אז מען וועט מיך פאַר מיין קלאַפּען אין וואַנט אריבערפיהרען אויפ׳ן אונטערשטען שטאָק אָדער גאָר אין קאַרצער. איינמאָל האָט צו מיר פון א דער־בייאיגען קאַמער געקומען קלאַפּען א פּראָוואָקאַטאָר. איך האָב באַלד פאַרשטאַנען, ווער ער איז, פון דעם, ווי אזוי ער האָט געקלאַפּט, — הויך, גאָר ניט מורא האָבענדיג, — און פון דעם, וואָס ער האָט צו מיר געקלאַפּט. איך האָב איהם אויפגעהערט ענטפערען.

איינמאָל איז דער אויפזעהער פון באַסטיאָן אריינגעקומען צו מיר אין קאַמער און האָט מיר ערקלערט, אַז מען האָט מיר ערלויבט זיך צו זעהן מיט מיין כלה, און ער האָט מיך געפרעגט, צי איך וויל זיך באַנוצען מיט דער ערלויבניש. איך האָב באַלד פאַרשטאַנען, אז דאָס איז איינע פון יענע גוטהאַרציגע פרויען אָדער מיידלאַך, וואָס האָבען געוואָלט מיט עפּעס העלפען די אַרעסטירטע אין פעסטונג.

אויף ווי ווייט איך געדענק, פלעגט מען זיך זעהן מיט אזעלכע געסט איינמאָל א וואָך, און דאָס פלעגט פאַרקומען אומגעפער אזוי: דער אַרעסטירטער פלעגט שטעהן ביי א פענסטערעל מיט א גראַטע, און אנטקעגען, הינטער א צווייטער גראַטע, פלעגט שטעהן דער גאַסט. אין קאָרידאָר, צווישען די צוויי גראַטעס, פלעגט געהן הין און צוריק דער זשאַנדאַרן־אָפיצער, וועלכער האָט אויף אַזאַ אַרט געקאָנט הערען אַלץ, וואָס מען האָט גערעדט.

מיין „כלה" איז געווען זעהר א פלינקע. אָנרופענדיג כלומר׳שט קרובים, האָט זי מיר געגעבען אָנצוהערענישען וועגען א סך פער־זאָנען פון דער פאַרטיי, וואָס זיינען געווען פריי אָדער אין טורמע. אויסער דעם פלעגט זי מיר ברענגען פאַרשידענע זאַכען און עסענ־וואַרג. איידער מען פלעגט מיר דאָס איבערגעבען, פלעגט מען דאָס גוט דורכקוקען, צו זעהן אויב עס זיינען דאָרטען ניט פאַרהאַנען קיין צעטעלעך. אַלע געבעקס פלעגט מען צושניידען.

מען קען זיך פאָרשטעלען מיין לאַגע, אז איך האָב אפילו ניט געקאָנט דעם נאָמען און פאַמיליען־נאָמען פון מיין „כלה". אָבער ענדליך האָט מען דאָס אויך איינגעאָרדענט. איינמאָל, ווען איך האָב שפּאַצירט אין הויף, האָב איך אין הויף געפונען א צונויפגע־געדרעהט פּאַפּירעל, און איך האָב עס גיך באַהאַלטען אונטער׳ן העמד. דער קליינער הויף איז געווען דער דרויסנדיגער טייל פון דעם פיל־

עקיגען פּלאַץ, אויף וועלכען עס האָט זיך געפונען דער טורעם מיט די ארעסטאַנטען־צימערען. אויף איין זייט איז געווען א פארשלאָסענער טויער, ביי וועלכען סאָלדאטען זיינען געשטאַנען אויף דער וואַך. איבער'ן טויער איז געווען די וואוינונג פון דעם אויפזעהער איבער דער פעסטונג, וועלכער האָט געהאַט א טאָכטער. מיין „כלה" האָט זיך מיט איהר באַקענט, און יענע האָט דאָס ארונטערגעוואָרפען מיר דאָס צעטעלע, ווען איהר פאָטער איז ניט געווען אין דער היים.

ענדליך האָט מען מיך ארויסגערופען אויף א פארהער פאר דער קאָמיסיע, וועלכע האָט געדאַרפט אנטשיידען אין מיין פּראָצעס. אזוי ווי מען האָט איהם, ווי די מעהרסטע פּאָליטישע פּראָצעסען, אין קיין געריכטען ניט איבערגעגעבען, נאָר דעם צאַר'ס טשינאָווניקעס זיינען געווען די ריכטער.

מען האָט מיך ארויסגעפירט פון דעם „טרובעצקאָי באסטיאָן" דורך עפּעס אַן אונטערערדישען טונעל אין עפּעס א צווייטען באַסטיאָן. ביי א גרינעם טיש זיינען געזעסען דער דירעקטאָר פון דעם פּאָליציי־דעפּארטמענט, דורנאָווא, א זשאַנדאַרען־פּאָלקאָווניק, וואָס האָט שוין עטליכע טעג פריהער מיך אויסגעפרעגט, א פּראָקוראָר און נאָך עטליכע בעאַמטע.

די קלאַגע געגען מיר איז געווען אַז איך האָב געוואוסט וועגען די צוגרייטונגען צום אַטענטאַט אויפ'ן צאַר, וואָס איז דורכגעפיהרט געוואָרען דעם 1טען מערץ, 1881. איך האָב די באַשולדיגונגען גע־לייקענט און מען האָט מיך אָפּגעפיהרט צוריק אין מיין קאַמער. אין עטליכע טעג ארום האָט מען מיר איבערגעגעבען מיין אורטייל. אויפ'ן אַלערהעכסטען באַפעהל פון צאַר, האָט מען מיך פארשיקט אויף צעהן יאָהר אין די ווייטסטע געגענטען פון מזרח־סיביר.

## פנחס קאָן.

# די ווילנער אידישע רעוואָלוציאָנערין איידעל פּומפּיאַנסקי — איינע פון די„193".

(לויט געהיימע מאַטעריאַלען פון דער ווילנער זשאַנדאַרמעריע).

1.



אין דעם אַרטיקעל וויל איך אויפ'ן גרונד פון מאַטעריאַלען פון דער רוסישער זשאַנדאַרמעריע, וואָס האָבען זיך אויפגעהיט אין מלוכה־שען אַרכיוו אין ווילנע און זיינען איצט געוואָרען צוגענגליך פאַר'ן פאָרשער, דערצעהלען וועגען איינער פון די ערשטע אידישע רעוואָלוציאָנע־רינס אין רוסלאַנד — דער ווילנערין איידעל פּומפּיאַנסקי.

זי געהערט צו די „פאַרגעסענע" און אין די צאָהלרייכע אויסגאַבעס צו דער געשיכטע פון דער אידישער רעוואָ־לוציאָנערער באַוועגונג אין רוסלאַנד, וואָס זיינען ערשינען נאָך דער מלחמה, וועט איהר אומזיסט זוכען איהר נאָמען. אויך אין ווילנע האָט זיך מיר ניט איינגעגעבען צו באַקומען וועגען איהר וועלכע ניט איז ידיעות. בלויז פון אַלטע רעוואָלוציאָנערע צייטשריפטען איז אונז ביז איצט עפּעס באַקאַנט געווען וועגען איהר, אָבער זעהר ווייניג. ווי אַ יונג מיידעל איז זי שוין געווען צווישען די, וואָס זיינען אָנגע־קלאָגט געוואָרען אין באַריהמטען „פּראָצעס פון די 193". דער דאָ־זיגער פּראָצעס פאַר „פיהרען רעוואָלוציאָנערע פּראָפּאַגאַנדע אין דער אימפּעריע", וואָס איז פאָרגעקומען אין דער באַזונדערער אָפּטיילונג פון רוסישען סענאַט צו משפּט'ן מלוכה־פאַרברעכענס און האָט גע־דויערט מעהר ווי אַ פערטעל יאָהר (פון 18טען אָקטאָבער 1877 ביז'ן 23טען יאַנואַר 1878) איז, ווי באַקאַנט, געווען אַ ווענדפּונקט אין דע־רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. די שטרענגע שטראָפען פאַר די פאַר'משפּט'ע און דאָס אָפּרעכענען זיך אויף אַן אַדמיניסטראַטיווען אופן אפילו מיט די באַפרייטע, האָט אַ שטויס געטאָן די רוסישע רעוואָלוציאָנערען אויף אַ ראַדיקאַלען און מעהר „רעאַליסטישען" וועג. אַ סך פון די „193" האָבען טאַקע באַלד באַקומען אַ גרויסען נאָמען

אין רוסלאַנד, װי זשעליאַבאָװ, פּעראָװסקאַיאַ, יאַקימאָװאַ, גראַטשעװ־סקי, סאַבלין.

אין באַשולדיגונגס־אַקט געגען די „193" דערצעהלט זיך װעגען פּומפּיאַנסקי׳ן אָט־װאָס: דעם 13טען פעברואַר 1875 האָט מען אין פּעטערבורג ביי איהר, „ביי דער װילנער מיעשטשאַנקע (שטאָדט־איינ־װאױנערין) אײדעל פּומפּיאַנסקי", אין װאױנונג דורכגעפיהרט אַ רע־װיזיע. בשעת דער רעװיזיע איז גראַד אָנגעקומען אַ געװיסער משה (מאָאיסיי) נעסטעראָװסקי, אַ סטודענט פון דער פּעטערבורגער מעדי־ציניש־כירורגישער אַקאַדעמיע. די אַגענטען האָבען שוין, פאַרשטעהט



אײדעל פּומפּיאַנסקי

זיך, בודק געװען אויך דעם גאַסט און ביי איהם געפונען אַ קאָמפּראָ־מעטירענדען בריף אין רוסיש אונטערגעשריבען „דער עלפטער". נעס־טעראָװסקי האָט ערקלערט, אַז דעם בריף האָט ער באַקומען פון זיין חבר, דעם סטודענט פון דער זעלבער אַקאַדעמיע, זובקאָװ, כדי איבער־צוגעבען פּומפּיאַנסקי׳ן. װאָס איז שייך זיינע באַציהונגען מיט פּומ־פּיאַנסקי׳ן, האָט נעסטעראָװסקי גע׳טענה׳ט, אַז ער קען זי זעהר װייניג; און האָט איהר געזעהן סך־הכל אַ צװיי מאָל ביי דער שװעסטער פון זיין פריינד יצחק (איסאַק) פּאַװלאָװסקי. פּומפּיאַנסקי האָט זיך אויך

ניט מודה געווען אין אָנגעהערען צו א „פאַרברעכערישער גרופּע". זי האָט לכתחילה ערקלערט, אַז דעם קאָמפּראָמעטירענדען בריף האָט זובקאָוו איהר געבעטען איבערגעבען יצחק פּאַוולאָווסקי'ן. שפּעטער אָבער האָט זי געענדערט איהרע ערקלערונגען און אָנגעגעבען, אַז דער בריף איז גאָר געווען באַשטימט פאַר אַ געוויסער צווייניעוואַ. לויט'ן באַשולדיגונגס־אַקט איז פּומפּיאַנסקי אָנגעקלאָגט געוואָרען אין „אָרגאַניזירען און אַנטייל נעמען אין דער ארבייט פון א ניט־לעגאַלער אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט זיך געשטעלט פאַר א ציל אין דער ווייטער אָדער נאָהענטער צוקונפט אומצואוואַרפען און צו ענדערען די מלוכה־אָרדנונג אין רוסלאַנד".

אויפ'ן פּראָצעס האָבען פילע באַשולדיגטע פּראָטעסטירט געגען די מעטאָדען פון געריכט. צווישען די פּראָטעסטירער זיינען אויך געווען פּומפּיאַנסקי, משה (מאָאיסיי) ראַבינאָוויטש און יצחק פּאַוולאָווסקי.

אין פּראָצעס פון די „193" איז פּומפּיאַנסקי באַפרייט געוואָרען. מען האָט איהר אָבער, ווייזט אויס, פּונקט ווי אַנדערע באַפרייטע, ארויסגעשיקט פון פּעטערבורג אויף אַן אַדמיניסטראַטיווען אופן. מיר באַגעגענען זי ווידער, אין א קורצער צייט ארום, ביי דער ארבייט אין אָדעס.

דאָ איז איהר אָבער ניט לאַנג באַשערט געווען צו געניסען פון דער פרייהייט. אין אָדעס איז דעמאָלט אָנגעקומען אלס גענעראַל־גובערנאַטאָר דער באַוואוסטער טאָטלעבען, וועלכער האָט זיך קונה־שם געווען מיט זיינע רדיפות אויף די רעוואָלוציאָנערען אין דרום־רוסלאַנד. ער האָט זיך באַלד גענומען אָפּרייניגען די שטאָדט פון די קראַמאָלישע טוער און צווישען די, וואָס ער האָט געלאָזט ארעסטירען און ארויסשיקען פון אָדעס איז געווען אויך פּומפּיאַנסקי. טאָטלעבען האָט זי ארויסגעשיקט אין איהר היים־שטאָדט ווילנע.

.2

אָנהויב אָקטאָבער 1878 האָט מען פּומפּיאַנסקי'ן מיט'ן פּאָליציי־עטאַפּ געבראַכט קיין ווילנע. לויט א פאַראָרדענונג פון ווילנער גובערנאַטאָר איז פאַר איהר באַשטימט געוואָרען צו וואוינען דער שטח פון פינפטען פּאָליציי־אוטשאַסטאָק (ראַיאָן פון סובאָטש־גאַס). די פּאָליציי האָט, פאַרשטעהט זיך, געדאַרפט האָבען איבער איהר השגחה. וועגען דעם, אַז פּומפּיאַנסקי האָט זיך שוין איינגעאָרדענט אין ווילנע, האָט דער פאַרטרעטער פון ווילנער פּאָליציי־מייסטער מאַיאָר וולאַסאָוו געמאָלדען, דעם 9טען אָקטאָבער, דער ווילנער־גובערניאַלער זשאַנדאַרמעריע־פאַרוואַלטונג.

מיט אַמאָל, דעם 4טען נאָוועמבער, 1878, האָט דער שעף פון דער ווילנער גובערניאַלער זשאַנדאַרמעריע־פאַרוואַלטונג, אַלעקסאַנדער־

מיכאַילאָוויטש לאַסיעוו, באַקומען פון פּעטערבורג אַ שיפרירטע דעפּעשע מיט אַזאַ אינהאַלט:

„נעכטען אָדער היינט וועט אַרויספאָהרען אַן אומבאַקאַנטע פּער־זאָן, וועמען עס וועט אָפּוואַרטען אין ווילנע, אין זאַל פון ערשטען און צווייטען קלאַס, ביים קיאָסק, וואו מען פאַרקויפט ביכער, אַ געוויסע פרוי וולאַדימיראָווא, וועלכע וועט האַלטען אין דער לינקער האַנט אַ ווייס טיכעל. דאָס איז אַן אָפּגערעדטער צייכען. די פערזאָן פאָהרט פון פּעטערבורג מיט'ן אָוונט־צוג. נאָך אַ פאַרשטענדיגונג מיט'ן גענעראַל־גובערנאַטאָרביידע שטרענג רעווידירען, אַרעסטירען, אויס־פאָרשען ווער זיי זיינען און מודיע זיין טעלעגראַפיש". אויף דער דעפּעשע איז געווען גע'חתמ'עט בכבודו ובעצמו דער ראש פון דער זשאַנדאַרמעריע־פאַרוואַלטונג אין רוסלאַנד, דער שעף פון דער אַזוי־גערופענער „דריטער אָפּטיילונג", שולץ.

די ווילנער זשאַנדאַרמעריע, וואָס האָט שוין אַ צייט ניט געהאַט קיין רעכט שטיקעל „אַרבייט", איז געבראַכט געוואָרען אין באַוועגונג. לאַסיעוו האָט גלייך אָנפאַרטרויט דעם ענ'ין איינעם פון זיינע נאָהענט־סטע מיטאַרבייטער, דעם זשאַנדאַרמען־מאַיאָר איוואַנאָוו, און איהם באַפוילען זיך צו פאַרשטענדיגען מיט'ן גענעראַל־גובערנאַטאָר און אָנ־צונעמען אַלע מיטלען כדי צו פאַרהאַלטען די צוויי פערזאָן און דורכ־צופיהרען אַן אויספאָרשונג. צו העלפען איוואַנאָוו'ן אין דער אַרבייט איז צוגעטיילט געוואָרען דער ווילנער פּאָליציי־מייסטער.

לויט די ידיעות, וואָס זיינען תיכף צונויפגעזאַמעלט געוואָרען, איז אין ווילנע טאַקע געווען באַוואוסט אַ געוויסע וולאַדימיראָווא, אַ זינ־גערין אין אַ קאַפע־שאַנטאַן. מען האָט אַלזאָ ערוואַרט, אַז די דאָזיגע זינגערין וועט קומען אויפ'ן וואָקזאַל באַגעגענען די געהיימניספולע פערזאָן. דער צוג פון פּעטערבורג איז געוויינליך אָנגעקומען קיין ווילנע נאָך 9 אַזייגער אין אָוונט. גלייך דעם ערשטען אָוונט (דעם 4טען נאָוועמבער) איז איוואַנאָוו אַוועק אויפ'ן וואָקזאַל צוזאַמען מיט דעם פּאָליציי־מייסטער. ביידע, מן הסתם איבערגעטאָן אין ציווילע מלבושים, האָבען זיך אַוועקגעשטעלט אויפ'ן באַשטימטען אָרט, כדי צו זעהן, וואָס וועט דאָ פאָרקומען. דער צוג איז אָנגעקומען און זיי האָבען אָבער ניט געזעהן ניט די וולאַדימיראָווא און ניט קיין פאַרדעכטיגען פּאַסאַזשיר. דערפאַר האָבען זיי באַמערקט אויפ'ן וואָקזאַל איידעל פּומ־פּיאַנסקי'ן, וועלכע האָט קענטיג אויף אימיצען געוואַרט. די אויס־שפּיר־שררות זיינען אין ערשטען מאָמענט געווען צוטומעלט. זיי האָבען זיך אָבער געכאַפּט, אַז דעם זעלבען אָוונט איז פאַרגעקומען וולאַדימיראָווא'ס בענעפיס, צוליב וואָס זי האָט אַליין ניט געקענט קומען אויפ'ן וואָקזאַל און האָט מן הסתם געשיקט פּומפּיאַנסקי'ן צו באַגעגענען דעם אורח, וועלכער איז אָבער היינט נאָך ניט געקומען.

מען האָט, אַלזאָ, געמוזט אָפּוואַרטען ביז׳ן צווייטען טאָג.

צומאָרגענס, דעם 5טען נאָוועמבער, האַלב ניין אַזייגער אין אָוונט, זיינען די זעלבע צוויי שררות ווידער אַוועק אויפ׳ן וואָקזאַל צום אָנקומען פון פּעטערבורגער צוג. וולאַדימיראָווא איז אויך דאָס מאָל ניט געקומען און פּונקט ווי נעכטען איז געווען פּומפּיאַנסקי. זי איז געשטאַנען אויף דעם באַשטימטען אָרט. אויך יעצט האָט זי קיין ווייס טיכעל אין האַנט ניט געהאַלטען און קיינער פון די פּאַסאַזשירען איז צו איהר ניט צוגעגאַנגען. דאָך זיינען איצט די אויספּיקער שוין געווען זיכערער אין פּומפּיאַנסקי׳ס שייכות צום ענין, ווייל אין משך פון טאָג האָט שוין די זשאַנדאַרמעריע געהאַט צונויפגעזאַמעלט נענויערע ידיעות וועגעןביידע פרויען, וואָס זיינען געקומען אין באַטראַכט. עס האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז די זינגעריין וולאַדימיראָווא האָט מען אומזיסט חושד געווען, מחמת זי איז גאַנץ ווייט פון אַזעלכע זאַכען. דערפאַר איז מען אָבער דערגאַנגען, אַז פּומפּיאַנסקי האָט אין ווילנע באַקומען בריף „פּאָסט רעסטאַנט" אויפ׳ן נאָמען וולאַדימיראָווא.

לאָסיעוו האָט תיכף אָוועקגעשיקט צום שעף פון דער „דריטער אָפּטיילונג" אַזאַ שיפרירטע דעפּעשע: „דעם פערטען און פינפטען נאָוועמבער איז די אומבאַקאַנטע פּערזאָן פון פּעטערבורג דורך ווילנע ניט דורכגעפאָהרען. אָפּגעוואַרט איהר אויפ׳ן וואָקזאַל האָט ניט וולאַדימיראָווא, נאָר פּומפּיאַנסקי, וואָס וועגען איהר אויספיהליך מיט דער פּאָסט".

דעם זעלבען אָוונט איז פּומפּיאַנסקי אַרעסטירט געוואָרען.

אין איהר וואוינונג האָט מען קיין פאַרדעכטיגע זאַכען ניט אַנטדעקט. דעם בריף פון פּעטערבורג מיט דער ידיעה וועגען אומבאַקאַנטען רעוואָלוציאָנער, וועלכער דאַרף פאַרבייפאָהרען ווילנע, וואָס די זשאַנדאַרמעריע איז באַזונדערס געווען באַמיהט אַריינצובאַקומען אין איהרע הענט, האָט מען ניט געפונען. ביי פּומפּיאַנסקי׳ן גופא האָט מען געפונען עטליכע רוסישע בריף, אין וועלכע עס זיינען געווען אַ סך ניט־דערזאָגענישען...

פון וועמען זי האָט באַקומען די בריף האָט פּומפּיאַנסקי ניט געוואָלט אויסזאָגען און זי האָט געמאָלדען, אַז זי האָט בכלל ניט בדעה צו געבען וועלכע ניט איז ערקלערונגען. דערווייל האָט מען זי איינגעזעצט אין תפיסה און פאַרפיהרט געגען איהר אַן אויספאָרשונג, וועלכע עס האָט איבערגענומען דער אויבען־דערמאָנטער זשאַנדאַרמען־מאַיאָר איוואַנאָוו.

3.

די אויספאָרשונג איז אָנגעפיהרט געוואָרען אין אַ זעהר שנעלען טעמפּ.

פּומפּיאַנסקי׳ס ערקלערונגען זיינען געווען זעהר קאַרגע. איהר געפינען זיך אויפ׳ן וואָקזאַל אין די צוויי קריטישע אָוועגטען האָט זי ערקלערט דערמיט, וואָס זי האָט באַקומען אַ בריף אַז דעם 4טען אָדער 5טען נאָוועמבער וועט פאַרבייפאָהרען ווילנע איהרער אַן אַמאָליגער באַקאַנטער, מיט וועלכען זי האָט זיך געוואָלט זעהן. אויף די ווייטער־דיגע פראַגען פון די אויספאָרשער, ווער דער באַקאַנטער איז און וואָס איז דער צוועק פון זיין נסיעה, האָט זי מעהר ניט געוואָלט ענטפערען. בכלל האָט זיך פּומפּיאַנסקי בשעת דער אויספאָרשונג געהאַלטען פעסט און דרייסט. אָפטמאָל האָט זי איבערגעריסען דעם פאַרהער אין מיטען און זיך אָפּגעזאָגט ווייטער צו געבען תשובות. אין די פאַרהער־פּראָ־טאָקאָלען איז וועגען דעם פאַראַן פאַרשיידענע ידיעות. איינמאָל, למשל, איז פּראָטאָקאָלירט געוואָרען, אַז פּומפּיאַנסקי האָט זיך בשעת׳ן פאַרהער ערלויבט צו ערקלערען „אויפ׳ן קול״, אַז זי איז איבערצייגט אין דער נויטווענדיגקייט פון אַ סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערער איבערקע־רעניש אין רוסלאַנד. אַן אַנדער מאָל ווידער לייענען מיר אין אַ פּראָ־טאָקאָל, אַז פּומפּיאַנסקי „האָט זיך אָפּגעזאָגט צו געבען ערקלערונגען איצט און האָט אויך געבעטען להבא זי מעהר ניט צו פאַרהערען״.

לויט די פאַרהערען פון דער אויספאָרשונג, וואָס שטיצען זיך צום טייל אויף די תשובות פון פּומפּיאַנסקי׳ן גופא און צום טייל אויף אָנגעזאַמעלטע ידיעות פון דער זשאַנדאַרמעריע, איז איהר לעבענסגאַנג ביז צום אַרעסט אין ווילנע געווען אַזוי:

איידעל פּומפּיאַנסקי איז געבוירען געוואָרען אין ווילנע אין יאָהר 1854. (בשעת דער אויספאָרשונג איז זי אַלט געווען 24 יאָהר). זי איז געווען אַ בת־יחידה. איהר מוטער איז אָפּגעשטאָרבען און דער פאָטער, וואָלף האָט ער געהייסען (דערפון, ווייזט אויס, שטאַמט איהר פאָטער׳ס נאָמען אין פּסעוודאָנים „וואָלאָדימיראָוואַ״), האָט צוזאַמען מיט איהר ברודער אין יאָהר 1818 געוואוינט אין ביאַליסטאָק. מיט דער משפחה האָט איידעל קיין שום באַציהונגען ניט אונטערגעהאַלטען. ווי אַ נייַנצעהן יאָהריגע מיידעל איז זי אין יאָהר 1873 אַוועק קיין פּעטערבורג און איז אָנגעקומען אויף אַקושערסקע קורסען ביים קאַלינקין־שפּיטאָל. אין דער רוסישער הויפּט־שטאָדט האָט זי זיך געח׳בר׳ט מיט יונגעלייט, וואָס האָבען אָנגעהערט צו דער „רעוואָלוציאָנערער פּראָפּאַגאַנדע״, האָט זיך אויך אָנגעשטעקט מיט רעוואָלוציאָנערע אידעעז און גענומען אַ טעטיגען אַנטייל אין דער קאָנספּיראַטיווער אַרבייט. אָנהויב 1875 איז די פּעטערבורגער פּאָליציי געפאַלען אויף די שפּורען פון פּומפּיאַנסקי׳ס אַרבייט און מען האָט איהר צום ערשטען מאָל אַרעסטירט. ווי לאַנג זי איז דעמאָלט געזעסען איז אומבאַוואוסט. אין 1876 איז זי געווען אין אָדעס אין רשות פון דער אָרטיגער זשאַנ־

דאַרמעריע. עס איז אָנצונעמען, אַז פּומפּיאַנסקי איז די גאַנצע צייט ביז׳ן פּסק־דין אין פּראָצעס פון די „193״, ד. ה. אַן ערך דריי יאָהר, געזעסען אין תּפיסה. נאָך איהר באַפרייאונג, אין אָנהויב 1878, איז פּומפּיאַנסקי אַוועק קיין אָדעס, וואו זי האָט ווייטער געפיהרט די רעוואָלוציאָנערע ארבייט, ביז זי איז ווידער אריינגעפאַלען אין די הענט פון דער פּאָליציי פאַר אנטייל נעמען אין די אומרוהען צוליב דעם ארעסט פון פּאָליטישען פאַרברעכער קאָוואַלסקי. צוליב דעם לעצטען האָט מען טאַקע פּומפּיאַנסקי׳ן אין 1878 ארויסגעשיקט פון אָדעס אין איהר היימשטאָדט ווילנע אונטער פּאָליציייאישער השגחה. אין ווילנע איז זי אויך ניט געזעסען מיט פאַרלעגטע הענט און אין אַ קורצער צייט אָנגעקניפּט באַציהונגען מיט דער אידישער יוגענט, וואָס איז שוין פריהער געווען באַטייליגט אין אָרגאַניזירען דעם ווילנער אומ־לעגאַלען קרייזעל פון יאָהר 1876.

פון דער אויספאָרשונג האָט די ווילנער זשאַנדאַרמעריע קיין גרויס נחת ניט געהאַט. פּומפּיאַנסקי האָט ניט אָנגעוויזען אויף קיינעם פון איהרע חברים און האָט בכלל ניט אָנגערופען קיין נעמען. אַ דאַנק דעם טאַקע איז קיינער מעהר ניט פאַרהאַלטען געוואָרען אין שייכות מיט פּומפּיאַנסקי׳ס ענין.

די אויספאָרשונג איז שנעל געגאַנגען צו ענדע און האָט געדויערט בסך־הכל עטליכע וואָכען. קיין קאָנקרעטע חטאים האָט מען פּומ־פּיאַנסקי׳ן סוף־כל־סוף ניט געקאָנט פאָרוואַרפען. דאָך האָט לאָסיעוו איינגעפונען, אַז „היות אין ווילנע געפינט זיך דער אידישער לעהרער־אינסטיטוט, וועמענס שילער עס קענען דורך באַקאַנטשאַפט מיט פּומ־פּיאַנסקי׳ן און איהר פאַרמיטלונג לייכט אָנקניפּען באַציהונגען מיט פּאָליטיש ניט־וואוילדענקענדיגע פּערזאָנען, איז דעריבער פּומפּיאַנסקי׳ס פאַרבלייבען אין ווילנע, וואו זי האָט אַ ברייט פעלד פאַר פאַרברעכערישע מעשים צווישען איהרע גלויבענס־ברידער, זעהר שעדליך״. אַלס פּועל־יוצא דערפון איז לאָסיעוו געקומען צום אויספיהר, אַז מען דאַרף פּומ־פּיאַנסקי׳ן ארויסשיקען פון ווילנע אויף אַן אַדמיניסטראַטיווען אופן. דערצו איז אָבער נויטיג געווען אויך די צושטימונג פון דער אַדמי־ניסטראַטיווער מאַכט. באַקומענדיג דערויף לייכט די הסכמה פון דער ווילנער גובערניאַלער מאַכט, האָט לאָסיעוו — נאָך אין מיטען נאָוועמ־בער, ד. ה. נאָך איידער די אויספאָרשונג געגען פּומפּיאַנסקי׳ן איז גע־ווען פאַרענדיגט, — זיך געווענדעט וועגען דעם ענין צו דער „דריטער אָפּטיילונג״. דער ווילנער גענעראַל־גובערנאַטאָר איז פון זיין זייט אויך ארויסגעטראָטען מיט אַן עהנליכען פאָרשלאַג אין אינערען־מיניסטעריום.

פון דער „דריטער אָפּטיילונג״ איז לאַנג ניט אָנגעקומען קיין תשובה

און פּאָמפּיאַנסקי איז דערװײַל געזעסן אין תּפיסה. זי איז געװען א שװאַכע אין געזונט און דאָס זיצען האָט אױף איהר זעהר שלעכט געװירקט. פון אױסענװײניג האָט קײנער לטובת פּאָמפּיאַנסקי׳ן ניט אינטערװענירט, כדי גיכער קלאָר מאַכען איהר לאַגע. אָנהױב דעצעמבער האָט פּאָמפּיאַנסקי באַקומען צוגעשיקט 15 רובעל פון א געװיסער אַלעק־סאַנדראַ דילעװאַ, א צוהערערין פון די מעדיצינישע קורסען אין פּעטער־בורג, װעלכע האָט אױך אָנגעגעבען איהר אַרױסשיק־אַדרעס. פּאָמ־פּיאַנסקי האָט זעהר געװאָלט ענטפערען דער דאָזיגער פרײַנדין. דער בריף פאַר איהר, װאָס פּאָמפּיאַנסקי האָט איבערגעגעבען דער מאַכט, האָט אָבער געװאַנדערט צו דער פרײַנדין אַזש דורך דער „דריטער אָפּטײלונג״.

דער אײנציגער װאָס האָט זיך „אינטערעסירט״ מיט פּאָמפּיאַנסקי׳ס גורל איז געװען דער... װילנער גובערנאַטאָר, װעלכער האָט כּסדר אָנ־געפרעגט לאָסיעװ׳ן, צי די תּשובה פון דער „דריטער אָפּטײלונג״ איז שױן אָנגעקומען. אָנהױב יאַנואַר 1879 האָט לאָסיעװ נאָך אַמאָל זיך געװענדעט קײן פּעטערבורג װעגען צואײַלען דעם ענין פּאָמפּיאַנסקי, און דערבײ אָנגעװיזען, אַז זי זיצט שױן אין תּפיסה זײט אָנהױב נאָװעמבער־און געפינט זיך „אין א קרענקליכען צושטאַנד״. דערױף האָט זיך באַקומען א תּשובה פון דער „דריטער אָפּטײלונג״ ערשט אָנהױב מערץ, אַז דער דעפיניטיװער באַשלוס בנוגע פּאָמפּיאַנסקי׳ן איז דערװײַל גע־בליבען שטעקען, מחמת דאָס אינערן־מיניסטעריום האָט נאָך ניט אָנ־גענומען קײן שטעלונג צום ענין.

די לאַנג ערװאַרטעטע תּשובה פון פּעטערבורג איז אָנגעקומען קײן װילנע דעם 28טען מערץ 1879. זי איז דאַטירט דעם 25טען מערץ און אין איהר איז די „דריטע אָפּטײלונג״ מודיע לאָסיעװ׳ן, אַז דער אינערן־מיניסטער האָט אין פאַרשטענדיגונג מיט׳ן הױפּט־שעף פון דער „דריטער אָפּטײלונג״ אַרױסגעגעבען א פאַראָרדענונג „אַרױס־צושיקען די מיעשטשאַנקע אײדעל פּאָמפּיאַנסקי אין װאָלאָגדער גו־בערניע, װאו זי זאָל זיך געפינען אונטער א שטרענגער השגחה פון דער פּאָליצײ״. לאָסיעװ האָט באַלד װעגען דעם מודיע געװען דעם װילנער גענעראַל־גובערנאַטאָר און דעם גובערנאַטאָר.

אין די אַקטען פון אונזער „דיעלאָ״ איז מעהר קײן ידיעות אין דעם ענין ניטאָ. פון אַנדערע קװעלען װײסען מיר אױך שױן גאָרנישט מעהר װעגען פּאָמפּיאַנסקי׳ן. איהר שפּור איז פון דעם מאָמענט אָן אינגאַנצען פאַרשװאונדען. עס איז אָבער ניטאָ קײן שום ספק, אַז דער באַשלוס װעגען פאַרשיקען פּאָמפּיאַנסקי׳ן אין װאָלאָגדער גובערניע איז אױסגעפיהרט געװאָרען.

# יאָסיף דעמענטיעוויטש לוקאַשעוויטש.*)

יאָסיף דעמענטיעוויטש לוקאשעוויטש איז געבאָרען געוואָרען אין א פארמעגליכער פּריצישער פאמיליע לעבען ווילנע, אין יאָהר 1863. זיין זיידע איז געוועזן א פּראָפעסאָר פון ווילנער אוניווערזיטעט און האָט איבערגעלאָזען נאָך זיך א גרויסע וויסענשאפטליכע ביבליאָטעק; זיין מוטער, זעהר א געבילדעטע פרוי, האָט געהאט א גרויסע ווירקונג אויף איהר זוהן'ס ענטוויקלונג, און אין דעם עלטער פון 10-12 יאָהר האָט ער שוין געלעזען פאָפולערע וויסענשאפט־ביכער. די ווילנער גימנאזיע האָט ער געענדיגט זייענדיג אין גאנצען 19 יאָהר אַלט.

ערשט אויף דעם 3־טען קורס פון נאטור־וויסענשאפטליכען פאַקולטעט אין פּעטערבורגער אוניווערזיטעט האָט ער זיך אָנגעשלאָסען אַן דער רעוואָלוציאָנערער באוועגונג, נעמענדיג אַן אַקטיווען אַנטייל אין דער אָרגאַניזאציע וואָס איז געגרינדעט געוואָרען פון איליאַנאַ און שעווירעאָוו. זייענדיג אַן אויסגעצייכענטער כעמיקער האָט ער זיך אונטערגענומען צוצופערטיגען דינאמיט און באָמבעס פאַר אַן אַטענטאַט אויף אַלעקסאַנדער דעם 3־טען. ווען דעם 1טען מאַרט, 1897, האָט זיך דיזער אַטענטאַט ניט איינגעגעבען און האָט געפיהרט צו צאָלרייכע אַרעסטען, איז לוקאַשעוויטש אויך אַרעסטירט געוואָרען, אויף אָנווייזונגען פון שפּיאָנען, מיט צוויי מאָנאַטען פריהער ווי ער האָט געזאָלט פאַרענדיגען דעם אוניווערזיטעט. דער משפּט איבער איהם און זיינע חברים איז פאָרגעקומען אין אָנפאַנג פון מאַי, 1887, און לוקאַשעוויטש איז פאַר'משפּט געוואָרען היינגעריכטעט צו ווערען. דער אורטייל איז שפּעטער פאַרביטען געוואָרען אויף לעבענסלענגליכע קאַטאָרגע און איינגעשפּאַרט צו ווערען אין שליסעלבורג פעסטונג. אין 18 יאָהר אַרום איז ער באַפרייט געוואָרען פון שליסעלבורגער פעסטונג, נאָך דעם מאַניפעסט פון 17טען אָקטאָבער, 1905. זייענדיג איינגעשפּאַרט אין שליסעלבורג, וואו די פאַרהאַפטעטע האָבען געהאַט שוועריגקייטען צו זעהן זיך איינער מיט דעם אַנדערען און צו קומען אין באַריהרונג, האָט לוקאַשעוויטש די ערשטע יאָהרען עקשנות־דיג געאַרבייט אין זיין קאַמער, אויסשרייבענדיג איין העפט נאָכ'ן אַנדערען. זייענדיג אַן אויסגעצייכענטער מאַהלער, האָט ער, ניט האָבענ־

*) Альбом Борцов за Свободу. Часть I. Нагасаки. Типография "Воли". Октябрь 1907 г.

דיג קיין פארבען און פענזעלס, געשאפען אייגענע פארבען פון רויע מערען, גראז, סאזשע און האט געמאָלען געאָלאָגישע אטלאסען; פענ־זעלס האט ער געמאכט פון זיינע אייגענע האר. ווען דער שליסעל־בורגער רעזשים האט זיך אביסעל פארלייכטערט, האט לוקאשעוויטש, צוזאמען מיט מאראזאָוו׳ן, אָרגאניזירט א כעמישע לאבאראטאָריע און



יאָסיף דעמענטיעוויטש לוקאשעוויטש

זיי האבען אויף אן אייגענארטיגען אופן עשאפען מעליכקייטען צו דע־מאָנסטרירען אלגעמיינע וויסענשאפטלעכע לעקציעס.

דער טיפער נאטוראליסט־פילאָזאָף לוקאשעוויטש איז געווען גלייכ־צייטיג אן אויסגעצייכענטער פאָפולאריזאטאר און זיינע פארשידענ־ארטיגע לעקציעס האבען געבראכט פיל נוצען און גייסטיגען פארגעני־גען אין די רייהען פון די פארהאפטעטע אין דער שליסעלבורגער פעסטונג. אין די שליסעלבורגער האנד־געשריבענע זשורנאלען האט

ער זיך אויך אויסגעצייכענט אַלס שאַרפזיניגער פּובליציסט און קאַ־ריקאַטוריסט. אַלס אַן ערפאַהרענער באָטאַניקער — האָט ער פיל מיט־געהאָלפען צו ענטוויקלען דעם וויסען פון דער ערד־באַארבייטונג אין דער שליסעלבורגער פעסטונג.

לוקאַשעוויטש איז אָנגעקומען אין שליסעלבורג זייענדיג א 23־יאָהריגער בחור. הויך געוואַקסען, אַטלעטיש געבויט, רייצענד שעהן ווי אַ פרוי און מיט א ווייכער פרויען נשמה — איז ער געווען אַן אויסגעצייכענטער חבר, היים באַליבט ביי פילע.

אָט דער אויסערגעוועהנליך באַגאַבטער מענש מיט טיפער חכמה, מיט געלערזאַמקייט אויף דעם געביט פון עקספּערימענטאַלע און געזעל־שאַפטליכע וויסענשאַפטען, האָט פאַרבראַכט זיינע בעסטע יאָהרען פון לעבען אין געפענגנים און מען קען מיט זיכערקייט זאָגען, אַז די רעגירונג פון דעם רוסישען צאַר האָט צוגענומען פון רוסלאַנד אין דעם געשטאַלט פון לוקאַשעוויטש'ן א מעכטיגע, געבילדעטע מאַכט.

## אַרקאַדי (אהרן) קרעמער.*)

ארקאדי קרעמער איז געבאָרען געוואָרען אין אלט-סווענציאַן, ווילנער גוב. דעם 27-טען אויגוסט, 1865. זיין פאָטער, יוסף, א מלמד און א לעהרער פון דער קרוינישער פאָלקס-שול, האָט איהם געגעבען א קנאַפּע אידישע ערציהונג, געלערענט מיט איהם בלויז עברי און דאַווענען, אָפּגעגעבען איהם אין דער סווענציאַנער קרייז-שול און נאָכ'ן ענדיגען זי איהם אַוועקגעשיקט קיין ווילנע, וואו ער איז אין 1877 אריין אין דער רעאַל שול.



אַרקאַדי (אהרן) קרעמער
אין די יונגע יאָהרען.

שוין אַלס שילער פון דער רעאַל שול האָט קרעמער אָנגעהויבען זיין געזעלשאַפטליכע טעטיגקייט, לערנענדיג מיט אָרימע בחורים וועלטליכע לימודים. אין 1884-1885 שטודירט אין פּעטערבורגער טעכנאָלאָגישען אינסטיטוט, וואו געהערט צו אַ סאָציאַליסטישען סטו-דענטענקרייז, דאַן א יאָהר צייט געדינט אַלס פריוויליגער אין מילי-

*) לעקסיקאָן פון דער אידישער ליטעראַטור, פּרעסע און פילאָלאָגיע פון זלמן רייזען, ווילנער פאַרלאַג פון ב. קלעצקין.

טער אין ריגע, דערנאָך שטודירט אין ריגער פּאָליטעכניקום. אלס מיטגליד פון סאָציאלדעמאָקראטישער אָרגאַניזאַציע אָנגעפירט א פּראָפּאַגאַנדע־קרייז פון סאָלדאַטן־סאַפּיארען. ארום 1888 ארעסטירט געוואָרען און אָפּגעשיקט קיין ווארשע, וואו אָפּגעזעסען 8 חדשים אין ציטאַדעל, דאַן ארויסגעלאָזט געוואָרען אויף דער פריי ביז'ן פּסק־דין פון געריכט, אוועק קיין ווילנע, וואו זיך באקענט מיט ליִב יאָגי־כעס, און ווען יענער איז אין עטליכע חדשים ארום אוועק קיין אויסלאַנד, האָט ער איבערגענעבען קרעמער'ן זיין ארבייט — אָנ־צופיהרען א גאַנצע רייהע פּראָפּאַגאַנדע־קרייזלעך צווישען די אידי־שע ארבייטער. אין 1891 אָפּגעזעסען לויט'ן פּסק־דין אין פּעטער־בורגער תּפיסה „קרעסטי". ווידער צוריקגעקומען קיין ווילנע און צו־זאַמען מיט יודינ'ען, גאָזשאַנסקי'ן, קאָפּעלזאָנ'ען און אַנדערע אָנגע־פיהרט די אַרבייט פון דער אָרגאַניזאַציע פון די ווילנער ס"ד.

אַרום 1892־1893 האָט זיך אין דער אָרגאַניזאַציע אָנגעהוי־בען א הייסע דיסקוסיע וועגען אריבערפיהרען די פּראָפּאַגאַנדע אין די אידישע ארבייטער־קרייזלעך פון רוסיש אויף אידיש אין צוזאַמענ־האַנג מיט דער שטרעבונג אריינצודרינגען מיט די סאָציאַליסטישע אידייען אין דער ברייטערער מאַסע אָנשטאָט די ענגע אָפּגעשלאָ־סענע קרייזלעך. די דיסקוסיע האָט זיך לאַנג געצויגען און צוליב דער געגנערשאַפט פון די אַרבייטער (דער א"ג אָפּאָזיציע מיט אברהם גאָרדאָן־רעזמשיק בראש), וועלכע האָבען פאַרטיידיגט דעם פּרינציפּ פון ענגער קרייזל־אַרבייט, האָט מען ניט געקענט דורכקומען. אלס פּועל יוצא פון דער דיסקוסיע זיינען אָנגעשריבען געוואָרען צוויי בראָשורען: איינע, „א בריוו צו די אַגיטאַטאָרען", פון גאָזשאַנ־סקי, די צווייטע, „וועגען אַגיטאַציע", פון קרעמער'ן.

דער אָנפירענדיגער אָרגאַן פון דער אָרגאַניזאַציע אין דער פּער־זאָן פון די אינטעליגענטען און אַרבייטער האָט אקצעפּטירט בלויז די ערשטע בראָשור, איינגעפינענדיג קרעמער'ס פאַר א צו אַלגעמיינע און ניט צוגעפּאַסטע צו די אָרטיגע פאַרהעלטנישען. צופעליג איז אָבער די בראָשור קרעמער'ס איבערגעלייענט געוואָרען פון א רו־סישען סאָציאַלדעמאָקראט, וועלכער איז פון מאָסקווע געקומען קיין ווילנע נאָך אומלעגאַלער ליטעראַטור, און אזוי ווי די פראַגע וועגען פּראָפּאַגאַנדע און אַגיטאַציע איז געווען דאַן א ברענענדיגע פאַר גאַנץ רוסלאַנד און איז דיסקוטירט געוואָרען אין אַלע רוסלענדישע סאָ־ציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס, האָט ער מיטגענומען א קאָפּיע קיין מאָסקווע און פון דאָרט איז זי העקטאָגראַפירטערהייט פאַרשפּריט געוואָרען, ביז זי איז אויך פאַרעפענטליכט געוואָרען פון דער גרופּע „אָסוואָבאָזשדעניע טרודאַ" אין זשענעווע, אַרום 1894, מיט א נאָכ־וואָרט פון פּ. אַקסעלראָד, וועלכער האָט קריטיקירט קרעמער'ס אויס־

פיהרען. דאָך באַצייכענט די דאָזיגע בראָשור א וויכטיגע דאַטע פון דער געשיכטע פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין רוסלאַנד.

צוליב דעם נצחון פון דעם שטאַנדפונקט פון גאָזשאַנסקי און קרעמער זיינען די ארבייטער פון די פראָפּאַגאַנדע־קרייזלעך, ד. ה. די מעהר אַנטוויקעלטע, אוועק פון דער באַוועגונג, און עס האָט זיך אָנגעהויבען א גאַנץ נייע באַוועגונג מיט נייע מענשען. די פּראָ־פּאַגאַנדע קרייזלעך האָבען זיך נאָך געפיהרט, אָבער די פּראָפּאַגאַנ־דיסטען זיינען גלייכצייטיג אויך געווען אַגיטאַטאָרען צווישען דער מאַסע, און וויבאַלד די דאָזיגע אַגיטאַציע האָט זיך שוין געמוזט פיהרען אויף אידיש, האָבען אויך די אַגיטאַטאָרען געמוזט צוגע־גרייט ווערען אויף אידיש. אזוי האָט די אידישע שפּראַך אָנגע־הויבען צו פאַרנעמען אַן אָרט אין דער אידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין רוסלאַנד. צו יענער צייט האָט קרעמער, צוזאַמען מיט שוועץ (איצט אַ דאָקטאָר אין דער שווייץ) און מאַקס טאָביאַש ארויסגעגעבען אין ווילנע אַ געשריבענעם אָרגאַן „נייעס פון רוס־לאַנד" (אַרום 1895, ארויס 5 נומערען), די ערשטע רעוואָלוציאָנערע אידישע צייטשריפט אין רוסלאַנד, ניט רעכענענדיג דעם פּרואוו פון דער „נאַראָדנאַיא וואָליא" ארויסצוגעבען אויף אידיש איהר אָרגאַן, „דער אַרבייטער". דערווייל איז רייף געוואָרען די „אויפגאַבע צו קאָנסאָלידירען און צענטראַליזירען די צואוואַקסענע אידישע ארביי־טער באַוועגונג פון ווילנע און אַנדערע אידישע שטעט און קרעמער איז געווען דער הויפּט־אָרגאַניזאַטאָר און פיהרער פון דעם צוזאַ־מענפאָהר פון די אידישע סאָציאַלדעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציעס, וואָס איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין ווילנע, סעפּט. 25—27, 1897, און אויף וועלכען עס איז געגרינדעט געוואָרען „דער אידישער ארבעטער בונד פון רוסלאַנד, פּוילען און ליטע". אריין אין צ. ק. פון דער ניי־געגרינדעטער פּאַרטיי, צוזאַמען מיט א. מוטניק (גלעב), וו. קאָסאָוו־סקי (וולאַדימיר) און צביה. צוליב אומגינסטיגע פּאָליציי־באַדינ־גונגען אין ווילנע, איז דער צ. ק. אריבער אין מינסק. צו דער צייט האָט קרעמער אויך גענומען דעם טעטיגסטען אַנטייל אין אָר־גאַניזירען דעם צוזאַמענפאָהר פון די רוסלענדישע סאָציאַל־דעמאָ־קראַטישע אָרגאַניזאַציעס, די א"ג „פאַרבאַנדען צום קאַמף פאַר דער באַפרייאונג פון ארבייטער־קלאַס", געפאָהרען צוליב דעם קיין קיעוו, פּעטערבורג און אַנדערע שטעט, און אויף דעם צוזאַמענפאָהר, וואָס איז אָפּגעהאַלטען געווארען דעם 15—18־טען מערץ, 1898, אין מינסק. אויסגעוועהלט געווארען צוזאַמען מיט א. מוטניק אלס פּאַר־שטעהער פון „בונד" אין צ. ק., דער ניי־געגרינדעטער פּאַרטיי, אין וועלכער דער „בונד" איז אריין אַלס אויטאָנאָמע אָרגאַניזאַציע. בשעת דעם גרויסען דורכפאַל פון „בונד" אין 1898, אָפּגעזעסען צוזאַמען

מיט די איבעריגע מיטגלידער פון צ. ק. איבער 20 חדשים אין די מאָסקווער „קרעסטי", און זובאַטאָוו, וועלכער האָט פון קרעמער'ן זעהר געהאַלטען, האָט געפּרואווט איהם געווינען פאַר זיינע פּלענער צו פאַרוואַנדלען דעם „בונד" אין א בלויז אַן עקאָנאָמישער לעגאַלער אָרגאַניזאַציע. דאַן, באַפרייט אונטער פּאָליציי־אויפזיכט, איז קרעמער אַנטלאָפען קיין אויסלאַנד.

אין זשענעווע איז ער אריין אין אויסלענדישען קאָמיטעט פון „בונד". פאַר'ן אנטייל אין דער אנטי־צאַרישער מאַניפעסטאַציע (בעת וועלכער מ'האָט פון דער רוסישער אמבאַסאַדע אראָפּגעריסען דעם צוויי־קעפּיגען אָדלער און אריינגעוואָרפען אין וואַסער) ארויסגעשיקט געוואָרען פון זשענעווע צו דער פראַנצויזישער גרענעץ, דאַן אין אויפטראַג פון אויסלענדישען קאָמיטעט פון „בונד", ארום 1901—1902, אָרגאַניזירט די איבערפירונג פון דער פּאַרטיי־דרוקעריי קיין לאָנדאָן, וואו עס איז געווען א גינסטיגערע סביבה מיט אַן אנטוויקעלטער אידישער ארבייטער־באַוועגונג, אָבער אין א יאָהר־אנדערהאַלבען ארום צוריק זיך אומגעקערט קיין זשענעווע צוליב דער נאָענטקייט צו די בונדישע גרופּעס אין מערב־איירָאפּע.

אין 1903, צוזאַמען מיט מכבי'ן, א סטודענט פון בערן, וועלכער איז געווען טעטיג אין „בונד" אויך אַלס איבערזעצער אויף אידיש, צוזאַמען מיט ראַזא לעווין און אנדערע, געשיקט געוואָרען קיין אַמעריקע צו זאַמלען געלט פאַר'ן „בונד". אין „צוקונפט" פאַרעפענטליכט א פּאָר אַרטיקלען אַלס ענטפער אויף דער ארויסטרעטונג אין דעם דאָזיגען זשורנאַל געגען דער נאַציאָנאַלער פּראָגראַם פון „בונד". סוף 1903 צוריקגעקומען קיין לאָנדאָן, זיך באַטייליגט אין דער קאָנפערענץ מיט דער רסדא"פ אין ביאַליסטאָק, וועלכע איז פּאָליצייאיש דורכגעפאַלען, נאָר קרעמער'ן איז געלונגען צו אַנטלויפען קיין לאָנדאָן.

די געשעהענישען פון אָנהויב 1905 אין רוסלאַנד האָבען איהם געטראָפען אין בערלין, וואוהין ער איז געשיקט געוואָרען אָנצופיהרען די בונדישע גרופּע, און לויט'ן באַשלוס, אַז א היבשער טייל סטודענטען דאַרפען זיך פונאנדערפאָהרען איבער רוסלאַנד, איז ער אויך אַוועק אהינצו (דאַן איז עס די דרוקעריי פון „בונד" ווידער אריבער קיין זשענעווע).

אין רוסלאַנד איז קרעמער ווידער אריין אין צ. ק., וועלכער האָט זיך געפונען אין דווינסק, דערנאָך אריבער קיין מינסק און צוּלעצט קיין ווילנע. נאָך דער פאַראייניגונג פון „בונד" מיט דער רסדא"פ דעלעגירט געוואָרען פון „בונד" און צ. ק. פון דער רסדא"פ. געווען אויך א מיטגליד פון אַלגעמיינעם צ. ק. פון דער רסדא"פ ביז'ן לאָנדאָנער צוזאַמענפאָהר, 1907. דאָרט זיך אָפּגעזאָגט אריינ־

צוגעהן אין אַלגעמיינעם צ. ק. 1908 ארעסטירט געווארען אין ווילנע, אין 6 חדשים ארום באַפרייט. צוליב פּערזענליכע סיבות ארוים פון צ. ק., זיך פאַרנומען מיט פּריוואַטע לעקציעס. אין 1912 אוועק קיין פראַנקרייך, שטודירט אין טולוזער עלעקטראָטעכנישען אינסטיטוט. נאָכ'ן ענדיגען אין 1914 געדינט אלס אינזשעניר, אויף די פראַנצויזישע אייזענבאַהנען. אין 1920 אריבערגעפיהרט געוואָרען אויף דער פּאַריזער אונטערערדישער אייזענבאַהן. אין 1921 צוריקגעקומען קיין ווילנע, וואו ער איז געווען לעהרער פון מאַטעמאַטיק אין אידישען לעהרער־סעמינאַר. די לעצטע יאָהרען לעהרער פון עלעקטראָטעכניק אין דעם אידישען טעכניקום פון דער געזעלשאַפט „אָרט" — דעם איינציגען טעכניקום אין דער וועלט (א חוץ ראַטענפאַרבאַנד) מיט דער אידישער אונטערריכט־שפּראַך.

ביז דעם גרויסען בונדישען ארעסט איז ער געווען די צענטראַלע פיגור פון דער אידישער ארבייטער באַוועגונג, איהר פּיאָנער און טאָנגעבער, וואָס זיין פּערזענליכקייט איז געווען ארומגעוועבט מיט לעגענדעס און אַנעקדאָטען. א מענש מיט א שאַרפען מוח, מיט א גרויסער קראַפט פון קריטישען אַנאַליז, איז קרעמער אלס רעדנער אויפגעטרעטען זעלטען, האָט אויך זעהר ווייניג געשריבען. אין כתב־יד — א גרויס ווערק, „עלעקטראָטעכניק", וואָס ענטהאַלט די לעקציעס זיינע אין ווילנער טעכניקום, וועלכע ווערען באַנוצט פון די סטודענטען אין העקטאָגראַפירטער פאָרם. באַטייליגט זיך אין דער אידישער קולטור־געזעלשאַפטליכער ארבייט אלס מיטגליד פון דער אָרגאַניזירער־קאָמיסיע פון אידישען וויסענשאַפטליכען אינסטיטוט ראַטמאַן פון דער ווילנער קהלה א. אנד.

# שאַרל ראַפּאָפּאָרט.*)

שאַרל ראַפּאָפּאָרט איז געבאָרען געוואָרען אין דוקשט, ווילנער געגענט, אין 1865. אלס איינגעל האָט ער זיך אַרויסגעוויזען פאַר אַן עילוי און זיין פאָטער, אַליין אַ איד אַ למדן, האָט געהאָפט צו מאַכען פון זיין גראָטענעם בן־יחיד אַ רב, אָבער די העברעאישע השכלה־ליטעראַטור האָט איהם „אַראָפּגעפיהרט פון דרך הישר" און צו 14 יאהר איז ער אַנטלאָפען קיין ווילנע, וואו ער האָט, לעבענדיג אין גרויס דחקות, זיך צוגעגרייט צום עקזאַמען. אַריין אין 5־טען קלאַס גימנאַזיע, זיך אָנגעהויבען פיל אָפּצוגעבען מיט דער רוסישער און דייטשער ליטעראַטור, געשיכטע, פּאָליטישע עקאָנאָמיע, פילאָזאָפיע. באַקומען אַ גרויסע השפעה אויף די חברים, געגרינדעט צווישען זיי קרייזלעך פאַר זעלבסט־ענטוויקלונג, אויך געשאַפען אַ גרופּע צו באַזאָרגען מיט לעהרער די ישיבה־בחורים, וואָס האָבען זיך געריסען צו בילדונג און פלעגט אוועקגעבען זיי דעם גרעסטען טייל פון זיינע גאַנץ היבשע פאַרדינסטען אלס איינער פון די בעסטע פּריוואַט־לעהרער אין ווילנע.

זינט 1883 אַריין אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, איז געווען איינער פון די פיהרער פון דער ראַדיקאַלער פּראָפּאַגאַנדע אין ווילנע צוזאַמען מיט דעמבאָ, ליובע אַקסעלראָד (אָרטאָדאָקס), לייב יאָגיכעס א"אַ. צוליב זיין אַנטייל אין דער דורכגעפאַלענער פאַרשווערונג אויף אַלעקסאַנדער דעם דריטען, מערץ, 1887, פון וועלכער די הויפּט־העלדען זיינען געווען אַלעקסאַנדער אוליאַנאָוו (לענינ'ס עלטערער ברודער), יוזעף לוקאַשעוויטש א"אַ, איז ער אַנטלאָפען קיין פּאַריז, וואו ער האָט זיך אין 1899 נאַטוראַליזירט אלס פראַנצויז.

צוערשט אַ הייסער געגנער פון מאַרקסיזם, איז ראַפּאָפּאָרט געווען איינער פון די גרינדער, צוזאַמען מיט זיינע פריינד דר. חיים זשיטלאָווסקי און מענדעל ראָזענבוים, זיין ערשטע פרוי פאַני ראַטנער א"א — פון דעם „פאַרבאַנד פון די רוסישע ס"ר" (1893) און אַרויסגעבער פון זיין אָרגאַן „רוסקי ראַבאָטשי", אָבער ווען דער „פאַרבאַנד" האָט זיך אַריינגעגאָסען אין דער שפּעטער געגרינדעטער ס"ר־פּאַרטיי, איז ער צוליב פערזענליכע רייבונגען מיט איינינע רעוואָלוציאָנערען, גע־

*) לעקסיקאָן פון דער אידישער ליטעראַטור, פּרעסע און פילאָלאָגיע פון זלמן רייזען, ווילנער פאַרלאַג פון ב. קלעצקין.

בליבען מחוץ דער פּאַרטיי. שפּעטער געוואָרען א הייסער אָנהענגער פון היסטאָרישען מאַטעריאַליזם און איינער פון די טיכטיגסטע טוער אין דער פאַראייניגטער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי פון פראַנקרייך. אין 1899—1901 מיטגעאַרבייט אין דער „סאָציאַליסטישער רעוויו" און אין מילעראַנ'ס „פּעטיט רעפּובליק". צוליב מילעראַנ'ס אָננעמען א מי־ניסטער־שטעלע, אַלס געגנער פון רעפאָרמיסטישען סאָציאַליזם, איז ער זיך צוגעגאַנגען אין 1901 מיט זיין פריינד זשאָרעס און זינט דאַן, צוזאַמען מיט זשול געד און לאַפאַרג'ען געשטאַנען בראש פון דעם מאַרקסיזם אין פראַנקרייך און אין אינטערנאַציאָנאַל.

די לעצטע יאָהרען איז ער דער פיהרער פון די פראַנצויזישע קאָמוניסטען. ער האָט מיטגעאַרבייט אין דער „איסקרא", און „נייע צייט" און אין פילע אַנדערע סאָציאַליסטישע צייטשריפטען, רעדאַק־טירט די „הומאַניטע" פון שטראַסבורג, מיטגעאַרבייט אין דעם הויפּט־אָרגאַן פון די פראַנצויזישע סאָציאַליסטען און דערנאָך קאָמוניס־טען, „הומאַניטע" פון פּאַריז, רעדאַקטירט א קאָמוניסטישע טעגליכע צייטונג אין ליל. ער איז דער בעסטער ביאָגראַף פון זשאַן זשאָרעס און אויטאָר פון א רייהע ווערק (אין פראַנצויזיש).

האַפּאָפּאָרט האָט זיך פון צייט צו צייט אויך באַטייליגט אין אי־דישע סאָציאַליסטישע אויסגאַבען, ווי „צוקונפט", „נייע וועלט", און איז לעצטענס א נאָהענטער מיטאַרבייטער פון דעם אידישען קאָמו־ניסטישען אָרגאַן אין פּאַריז, דעם וואָכענבלאַט „די אַרבייטער שטימע".

# י. יודין (ישעיה אייזענשטאַדט.*)

י. יודין (אייזענשטאַדט) איז געבאָרען געוואָרען אין ווילנע דעם 9־טען פעברואַר, 1867. זיין פאָטער איז געווען אַ איד אַ למדן, אַ גבאי און בעל־קריאה אין דער קלויז אויף גאַרבער־גאַס, געגרינדעט פון זיין פאָטער. איז ניט געווען פרעמד אויך פון וועלטליכער ביל־דונג. זיין מוטער, געבוירענע פערלמאַן, פון מינסק, פון אַ מיוחס־



י. יודין (ישעיה אייזענשטאַדט)

דיגער משפחה, האָט באַקומען אַ וועלטליכע בילדונג, האָט אָבער גע־לייענט כמעט נאָר אידישע ראָמאַנען, וואָס אַ מוכר ספרים פלעגט אַלע וואָך אַריינבריינגען. ביז 8 יאָהר געלערענט אין חדר, מיט'ן פאָטער דורכגענאַנגען די עלעמענטאַרע כללים פון חשבון, דאַן אָנ־

*) לעקסיקאָן פון דער אידישער ליטעראַטור, פרעסע און פילאָלאָגיע פון זלמן רייזען, ווילנער פאַרלאַג פון ב. קלעצקין.

געקומען אין דער פאָלקסשול ביים אידישען לעהרער־אינסטיטוט און נאָכ'ן ענדיגען זי אין 1880 אָנגעקומען אין צווייטען קלאַס גימ־נאזיע. ביז'ן 6טען קלאַס געווען איינער פון די פלייסיגסטע תלמידים, צוליב דער פארערגערטער לאַגע פון די עלטערען צו 15-16 יאהר אָנגעהויבען געבען שטונדען צו קענען קויפען ביכער, אַבאָנירען צייט־טונגען און אז. וו. אלס שילער פון 6טען קלאַס אריין אין אַן אונ־לעגאלען קרייזעל פאר זעלבסטבילדונג, וואו מען האָט שטודירט די „בריוו" מארטאָוו־לאַווראָוו, געלייענט מיכאַילאָווסקי'ן, פיסארעוו'ן און אַנדערע.

אונטער דער אָנפיהרונג פון דעם באוואוסטען „נאראָדאָוואָ־ליעץ" דעמבאָ (ער איז אומגעקומען אין 1889 אין ציריך ביים אויספּרואווען היינטער דער שטאָט אַ באָמבע, גרייטענדיג זיך צו אַ טעראָריסטישען אַקט אין רוסלאַנד), וועלכער פלעגט צושטעלען די מיטגלידער פון קרייזעל אויך די דעמאָלדיגע רוסיש־רעוואָלוציאָ־נערע ליטעראַטור; די מיטגלידער פון דעם קרייז האָבען אויך צונויפ־געזאַמעלט געלט, פארזעצט אפילו די זייגערלעך פאר דעם אַטענטאַט אויף אַלעקסאַנדער דעם 1טען, מערץ, 1887. אין דעם דאָזיגען קרייז האָט זיך באַפעסטיגט די סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערע וועלט־אַנשויאונג.

געענדיגט אין 1887 די גימנאַזיע, איז יודין אין דעם טרויעריגען יאָהר פון דעליאַנאָוו'ס צירקולארען, וועלכע האָבען שטארק באַגרע־ניצט דעם צוטריט פון אידען אין אוניווערזיטעט, אָנגענומען געווא־רען אין יורידישען ליצעי אין יאראָסלאַוול, אָבער אין גיכען ארעס־טירט געווארען צוזאַמען מיט אַנדערע מיטגלידער פון אַן אונלעגאלען קרייז, אָפּגעזעסען 11 חדשים אין טורמע און דאַן פאר'משפט גע־ווארען אויף אַ האַלב יאָהר תפיסה, וועלכע ער איז אָפּגעקומען אין „קרעסטי" אין פעטערבורג. זומער, 1889, צוריקגעקומען קיין ווילנע, דעמאָלט שוין ענטוישט אין דער אידעאָלאָגיע פון דער „נאראָדנאיא וואָליא", אָנגעפיהרט אַ פּראָפּאַגאַנדע ארבייט צווישען די אידישע ארבייטער אלס סאָציאַל־דעמאָקראַט, איינער פון די פּיאָנערן פון דער אידישער ארבייטער באוועגונג, געווען דער טעאָרעטיקער פון מארק־סיזם אין דעם סאָציאַליסטישען קרייזעל, פון וועלכען עס איז שפּע־טער ארויסגעוואקסען דער „בונד".

סוף 1893 איז ער אָפּגעפאָהרען צוזאַמען מיט זיין פרוי, ליובא לעווינסאָן, קיין בערלין, וואו ער האָט שטודירט די דייטשע ארבייטער־באוועגונג, דערהויפּט אָבער זיך פארנומען מיט טראַנספּאָרטירען קיין אויסלאַנד אונלעגאַלע ליטעראַטור. אין אַנדערטהאַלבען יאָהר ארום צוריקגעקומען קיין ווילנע אין דעם פּעריאָד פון דעם ענטשיידענדיגען איבערגאַנג פון קרייזלעך־פּראָפּאַגאַנדע צו מאַסען־אַגיטאַציע, לויט אַ

באשלוס פון דער אָרגאַניזאַציע געשיקט געוואָרען צו ארבייטען אין אָדעם (די פּרוי — קיין ביאַליסטאָק), וואו זיך פאַרבונדען מיט אי־דישע ארבייטער פון פאַרשידענע פאַכען און אָנגעפיהרט דעם ערשטען מאַסענשטרייק פון די דאָרטיגע אידישע טאַבאַק־ארבייטער; בשעת דעם דאָזיגען שטרייק, פעברואר 1896, ארעסטירט (מיט דעם שטרייק־קאָמיטעט), געזעסען ביז יולי, 1897, און דאַן פאַרשיקט געוואָרען אויף פינף יאָהר קיין ווייליוסק, יאַקוטער קאַנט.

נאָכ'ן צוריקקומען פון סיביר, 1902, זיך א קורצע צייט אויפגע־האַלטען אין מינסק, קאָאָפּטירט געוואָרען אין צ"ק פון „בונד" (שפּע־טער אויף אַלע צוזאַמענפאָהרען פון דער פּאַרטיי אויסגעוועהלט גע־וואָרען אין צ"ק), דאַן זיך באַזעצט אין ווילנע, אָנגעפיהרט די קאָנ־ספּיראַטיווע פּאַרטיי־ארבייט, א"פ וויטאַלי. צוליב פּרנסה געשריבען אין דעם ווילנער טאַגבלאַט „סעווערא־זאַפּאַדנאַיע סלאָוואָ" לייט־אר־טיקלען אָהן אונטערשריפט אָדער אונטער די איניציאַלען.

נאָך דער רעוואָלוציע פון אָקטאָבער, 1905, ווען דער „בונד" איז אין א געוויסער מאָס לעגאַליזירט געוואָרען און עס האָט אָנגע־הויבען ארויסגעהן דער לעגאַלער אָרגאַן פון דער פּאַרטיי, „דער וועקער", איז ער געווען שעף־רעדאַקטאָר פון דער צייטונג, אָבער האָט באַוויזען ארויסצולאָזען נאָר א 9־10 נומערען, ארעסטירט געוואָרען, אָפּגעזעסען 5 חדשים און געזאָלט פאַרשיקט ווערען אין די ווייטע מקומות פון צפון־רוסלאַנד, צוליב זיין קראַנקהייט ארויסגעשיקט גע־וואָרען קיין אויסלאַנד. אינגיכען אומלעגאַל צוריקגעקומען קיין רוס־לאַנד, צוזאַמען מיט מעדעם'ען און זאַסלאַווסקי'ן זיך באַזעצט אין קאָוונע און ארויסגעגעבען דאָס וואָכענבלאַט „נאַשאַ טריבונאַ", וואו ער האָט געשריבען ארטיקלען, אויך א"פ וו. י. טאַלין. נאָכ'ן 13־טען נומער געמוזט צוליב פּאָליציי־טעמים פאַרלאָזען קאָוונע, מיט מעדעם'ען צוריקגעפאָהרען קיין ווילנע אלס רעדאַקטאָר פון דער „פאָלקסצייטונג" און שפּעטער פון „דער האָפנונג" (אַנשטאָט דעם פאַרמאַכטען „וועקער"), וואו כמעט א טאָג איבער א טאָג געשריבען די לייטארטיקלען, נאָכדעם ווי די מאַכט האָט אין הערבסט, 1907, פאַרמאַכט אויך די דאָזיגע צייטונגען, אַריבערגעפאָהרען צוזאַמען מיט די איבעריגע מיט־גלידער פון צ"ק קיין וואַרשע, געוואוינט אין אָטוואָצק, ארומגעפאָהרען אָפט איבער די בונדישע אָרגאַניזאַציעס, געשריבען אין די דאַמאַלס־דיגע אונלעגאַלע אויסגאַבען פון דער פּאַרטיי („שטימע פון בונד" און אַנד.), ווי אויך אין איהרע לעגאַלע זמ"ב. אין 1912 צוזאַמען מיט אסתר'ן און מ. ראַפעס אָפּגעפאָהרען קיין אָדעס צו פיהרען די וואהלקאַמפּאַניע צו דער 4־טער דומע, און הגם אַלע דריי זיינען געווען אונלעגאַל, האָט זיך דאָך איינגעגעבען ארויסצוגעבען א רוסישע און

א אידישע צייטונג, אָבער א טאָג פאַר די וואהלען האָט מען זיי ארעסטירט, און י—ן האָט מען דערקענט אָן דער פאָטאָגראַפיע, וואָס האָט זיך געפונען אין דער אָדעסער אָכראַנע זינט זיין ערשטען ארעסט פון 1896. געבראַכט קיין ווילנע, איז ער פאַר'משפט געווארען צו פארשיקט ווערען אויף 4 יאהר אין נאַרימער קאַנט, אָבער צוליב קראַנקהייט (נאָך אין די יונגע יאָהרען א לאַנגע צייט קראַנק געווען אויף די לונגען) איז נארים איהם פארביטען געווארען אויף אסטראַכאַנער גובערניע.

די ערשטע 2 יאָהר געלעבט אין טשאַרני־יאַר, זינט אָנהויב 1916 אין אסטראַכאַן, וואו אָנגעפיהרט א גרויסען קאָנסום־קאָאָפעראַטיוו און רעדאקטירט דעם אָרגאַן „אַסטראַכאַנסקי קאָאָפעראַטאָר". נאָך דער מערץ רעוואָלוציע גענומען א גרויסען אנטייל אין דער אָרטיגער באַוועגונג אלס צווייטער פאָרזיצער פון גובערניאַלען אויספירקאָמיטעט און פאָרזיצער פון קאָמיטעט ביורא. זינט אפריל, 1917, נאָך דער קאָנפערענץ פון „בונד" אין פּט"ב, צוריק אריין אין דער פאַרטיי־ארבייט, צוזאַמען מיט די איבעריגע מיטגלידער פון צ"ק געלעבט כסדר אין מינסק, וואו אויך געאַרבייט אלס פאָרזיצער אין דעם קאָנסום־קאָאָפעראַטיוו „אייניגקייט", דערנאָך אין האָמעל און צולעצט אין מאָסקווע.

נאָך דער שפּאַלטונג פון „בונד", אויף זיין לעצטער קאָנפערענץ אין מאָסקווע, ווען א טייל פון דער פּאַרטיי איז אריבער צו דער רק"פּ, געבליבען אין מאָסקווע, געווען א מיטגליד פון אָרטיגען סאָוועט אלס דעלעגאַט פון א כעמישער פאבריק, געדינט ביי דער ראַטענמאַכט צוערשטע אין רעוואָלוציאָנערען ארכיוו, שפּעטער אין „אינסטיטוט פון מארקס און ענגעלס", געאַרבייט גלייכצייטיג אין סאָציאַלדעמאָקראַטישען „בונד" און דער ר. ס. ד. א. פּ. (מענשעוויקעס), עטליכע מאָל געווען ארעסטירט — דאָס לעצטע מאָל אין נאָוועמבער, 1921, און נאָכדעם ווי צוזאַמען מיט אנדערע ארעסטירטע חברים דורכגעמאַכט א הונגער־שטרייק, אין יאַנואַר, 1922, ארויסגעשיקט געווארען קיין אויסלאַנד. האָט געלעבט אין בערלין אלס מיטגליד פון דער אויסלענדישער דעלעגאַציע פון דער ר. ס. ד. א. פּ. און פון ס. ד. „בונד". יעצט לעבט ער אין פּאַריז.

# דר. שמואל פעסקין.*)

דר. שמואל פעסקין איז געבאָרען געוואָרען אין ווילנע אין 1871, אלס זוהן פון אן אָנגעזעהענעם אייזען סוחר, אן אייניקעל פון דעם ראש ישיבה אין ראמיילעס קלויז, ר' יעקב פעסקין. ביז א יאהר 15 געלערענט אין חדר, דאן אָנגעקומען אין דער ווילנער רעאל־שול און נאָכ'ן פארענדיגען זי שטודירט אויף אינזשעניער אין בעלגיע,



דר. שמואל פעסקין

שפעטער אוועק קיין אמעריקע, שטודירט מעדיצין און פראקטיצירט אין ניו יארק אלס אָנגעזעהענער אויגען־דאָקטאָר.

נאָך אין דער יוגענט איז ער צוגעשטאנען צו דער רעוואלו־

---

*) לעקסיקאָן פון דער אידישער ליטעראַטור, פרעסע און פילאָלאָגיע פון זלמן רייזען, ווילנער פארלאַג פון ב. קלעצקין.

ציאָנערער באַוועגונג א דאַנק דער השפעה פון זיין עלטערען ברודער, דעם באַקאַנטען סאָציאַליסט ישראל פעסקין (אויך זיין אינגערער ברו־טער, יעקב פעסקין, איז זינט יאָהרען א טוער פון „בונד", לעצטענס אין פּאַריז), איז ער אין אמעריקע געווען איינער פון די פיהרער פון דער אידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. אין 1899, צוזאַמען מיט נ. סטאָון און ס. און אַ. אינגערמאַן, געגרינדעט די אַרבייטער־בילדונגסשול, וואו מ'פלעגט לערנען מיט אַרבייטער פּאָליטישע עקאָ־נאָמיע, געשיכטע פון דער אַרבייטער באַוועגונג, נאַטורוויסענשאַפט, סאָציאַליזם און אַז. וו. (די שול האָט עקזיסטירט עטליכע יאָהר און איז שפּעטער פון יעקב גאָרדינ'ען, דר. הימאָוויטש און אַנדערע רעאָר־גאַניזירט געוואָרען אין אַן „עדיוקיישאָנעל ליג").

אַרום יענער צייט איז דר. פעסקין איינגעלאַדען געוואָרען פון די אידישע סאָציאַל דעמאָקראַטען קיין ענגלאַנד דורכצופיהרען פאַר זיי אַן אַגיטאַציאָנס טור איבער'ן לאַנד; אין ענגלאַנד האָט ער זיך באַ־קענט מיט דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג און צוריקקומענדיג קיין ניו יאָרק, האָט ער פיל אַגיטירט פאַר קאָאָפּעראַציע צווישען די אידישע אַרבייטער, און זינט אויגוסט, 1902, געפיהרט אין „פאָרווערטס" א ספּעציעלע וועכענטליכע אָפּטיילונג: „די קאָאָפּעראַטיווע וועלט"; א חוץ דער מיטאַרבייט אין „פאָרווערטס" געווען אויך רעדאַקטאָר פון „צייט־גייסט", א וואָכענבלאַט פון מעהר ערנסטען כאַראַקטער, וואָס דער „פאָרווערטס" האָט אַרויסגעגעבען זינט דעם 1טען סעפּט., 1905, ביז יוני, 1908 (צוערשט אונטער דער רעדאַקציע פון אַב. קאַהאַן, וועלכער האָט אָבער ניט געהאַט קיין מעגליכקייט זיך אָפּצוגעבען מיט דער צייטשריפט).

דר. פעסקין האָט גענומען אויך אַן אַקטיווען אַנטייל אין דער יוניאָניסטישער באַוועגונג און איז א געוויסע צייט געווען איינער פון די וועניגע פאָרשטעהער פון דער אידישער סאָציאַליסטישער אינ־טעליגענץ — אָנהענגער פון דעם אינדוסטריעלען יוניאָניזם, וועלכער האָט געפיהרט א קאַמף געגען דעם ריינעם פּראָפעסיאָנעלען יוניאַ־ניזם פון דער אַמעריקאַנער אַרבייטער פעדעראַציע. ער האָט פאַר־עפענטליכט איינציגע בראָשורען, ווי: „סטרייקס און זייער ניצליכקייט פאַר די אַרבייטער" (פ"נ „אינטערנאַציאָנאַלע ביבליאָטעק"); „וואָס ווילען די סאָציאַליסטען?" איבערז. פון ווילהעלם בראַקער.

דר. פעסקין איז יעצט א שטענדיגער מיטאַרבייטער אין „פאָר־ווערטס", וואו ער פיהרט אַן אָפּטיילונג, „פראַגען וועגען געזונד", אין וועלכער ער ענטפערט אויף בריף פון לעזער וועגען מעדיצינישע ענינים.

# נח פּאָרטנאָי.*)

נח (יקותיאל) פּאָרטנאָי איז געבאָרען געוואָרען אין פּאָדברעזיע, לעבען ווילנע, אין 1872, אלס א זוהן פון א קרעמער. באַקומען די ערשטע דערציהונג אין חדר, האָט ער אין 1892 געענדיגט דעם אידישען לעהרער אינסטיטוט אין ווילנע. 3 יאהר געווען א לעהרער אין א קרוינישער שול, צוערשט אין ווילנע, דערנאָך אין קאָוונע.



נח פּאָרטנאָי

דאָרט אָנגעהויבען זיין סאָציאַליסטישע טעטיגקייט אונטער דעם פּסעוודאָנים נח. געווען איינער פון די פּיאָנערען פון דעם אידישען סאָציאַליזם. אָנגעפיקרט אויך דעם אונלעגאלען קרייז פון מעטאל־אַרבייטער פּאָליאַקען. געשטאַנען אין פאַרבינדונגען מיט דעם פּוילישען

*) לעקסיקאָן פון דער אידישער ליטעראַטור, פּרעסע און פילאָלאָגיע פון זלמן רייזען, ווילנער פאַרלאַג פון ב. קלעצקין.

רעוואָלוציאָנער קולטשיצקי און אַנדערע, צוזאַמען מיט איהם אין 1896 אַרעסטירט געוואָרען, אָפּגעזעסען 2 יאָהר אין פּעטערבורג אין דער תּפיסה „קרעסטי", דאַן פאַרשיקט געוואָרען אויף 5 יאָהר קיין אילומסק, קיִרענסקער געגענט, מזרח־סיביר, פון וואַנען ער איז אַרום 1900 אַנטלאָפען אויף אַ פאַלשען פּאַס קיין וואַרשע און זיך געשטעלט אין דינסט פון „בונד" אַלס מיטגליד פון צ"ק און אין איז עד־היום איי־נער פון די פיהרער פון דער פּאַרטיי.

אויך אונטער דעם פּסעוודאָנים יוזעף, האָט ער ביז 1908 געפיהרט אַן אומלעגאַלע עקזיסטענץ, געוואוינט אין דווינסק, מינסק, ווילנע, ביאַליסטאָק, לאָדז, וואַרשע, וואו ער האָט זיך אין 1908 באַזעצט אויף שטענדיג.

געזעסען אין די טורמעס פון ווילנע, קאָוונע, פּעטערבורג, וואַרשע. זינט 1901 רעדאַקטירט די אומלעגאַלע בונדישע פּרעסע, „די אר־בייטער שטימע" און דעם „בונד". דערנאָך זיך באַטייליגט אין דער לעגאַלער בונדישער פּרעסע, צ"אַ פאַרעפענטליכט אין „לעבענס־פראַ־גען", 1916, א"פּ יוזעף, אַ סעריע אַרטיקלען וועגען די פּראָפּאַר־איינען, וועגען די וואַהלען צו די שטאַטראַטען און אַז. וו.

# אַננאַ ראָזענטאַל.*)

אַננאַ ראָזענטאַל איז געבאָרען געוואָרען דעם 1טען אָקטאָבער, 1872, אין וואלקאוויסק, גראָדנער גובערניע, אין דער פאַמיליע העל־לער, וועלכע פיהרט איהר יחוס פון תוספות־יום־טוב. פון 6 יאָהר אָן פארבראכט איהר יוגענד אין א הויף ניט ווייט פון גראָדנע, וואס איהר פאָטער, א פארמעגליכער סוחר און א איד א משכיל, האָט ארענדירט. באַקומען דאָרט איהר ערשטע בילדונג. שפּעטער אויס־געהאַלטען דעם עקזאַמען אַלס הויזלערערין אין ווילנער בילדונגס־קוראַטאָריום, שטודירט נאַטורוויסענשאַפט אין בערלינער אוניווערזי־טעט, אָבער דעם שטודיום ניט פאַרענדיגט.



אַננאַ ראָזענטאַל.

אין 1893—1894 אריינגעצויגען געוואָרען אין ווילנע אין דער חובבי־ציוניסטישער באַוועגונג, דאַן אריבער צו דער אידישער אר־בייטער־באַוועגונג, אין וועלכער זי איז טעטיג פון 1896 ביז דעם היינטיגען טאָג, כמעט אָהן אן איבעררייס אלס מיטגליד פון „בונד“, אין 1917 אויך פון צ. ק. פון דער פּאַרטיי אין רוסלאַנד. א סך זיך אָפּגעגעבען די ערשטע יאהרען מיט ארויסגעבען פּאָפּולער־וויסענ־

*) לעקסיקאָן פון דער אידישער ליטעראַטור, פּרעסע און פילאָלאָגיע פון זלמן רייזען, ווילנער פאַרלאַג פון ב. קלעצקין.

שאַפּטליכע און פּאָליטישע ליטעראַטור פאַר אַרבייטער אויף אידיש, געווען אַ מיטגליד פון די „זשאַרגאָנישע קאָמיטעטען" צוזאַמען מיט איהר מאַן פּנחס ראָזענטאַל־אַנמאַן (חתונה געהאַט מיט איהם אין 1899), געווען עטליכע מאָל אַרעסטירט, דריי מאָל פאַרשיקט. אין מערץ, 1904 גענומען אַן אַנטייל אין באַוואַפענטען אויפשטאַנד פון די פּאָליטישע פאַרשיקטע אין יאַקוטסק („ראָמאַנאָוּוקע"), פאַר־משפּט צו 12 יאָהר קאַטאָרגע, נאָוועמבער, 1905, צוזאַמען מיט אַלע „ראָמאַנאָוּוקער". אַמנעסטירט, צוריקגעקומען קיין ווילנע, אַלס מיטגליד פון ווילנער קאָמיטעט פון „בונד" געווען אַקטיוו אין דעם קאַמף פאַר אידיש אין דער ווילנער אָפּטיילונג פון דער „חברה מפיצי השכלה", געווען מיטגרינדערין פון דער ביבליאָטעק פון דער חמ"ה אין ווילנע, וועלכע איז איצט איינע פון די באַדייטענדסטע אידישע ביבליאָטעקען אין פּוילען. אין 1914—1915 באַטייליגט זיך אין גרינדען די ערשטע אידישע קינדערהיימען אין ווילנע פאַר די קינ־דער פון די הײמלאָזע. אין 1915—1917 אין פּעטערבורג גענומען אַן אָנטייל אין דער פּעדאַגאָגישער אַרבייט פון „אָזע", אין 1919—1920 זיך באַטייליגט אין ביבליאָטעק אַרבייט פון דער קולטור־ליגע, דאַן צוריקגעקומען קיין ווילנע. זינט 1921 מיטגליד פון דעם אידי־שען צענטראַלען בילדונגס־קאָמיטעט אין ווילנע און זינט 1925 — פון דער ציש"אָ אין פּוילען און פון דער ביבליאָגראַפישער צענטראַלע פון ייוו"אָ.

לויט דער פּראָפעסיע אַ צאָנדאָקטאָרין, איז אננאַ ראָזענטאַל דערהויפּט טעטיג אַלס לעהרערין און טוערין פאַר אויסערשול־אַרבייט. אין 1921—1927 געוואָרען פאַרוואַלטערין פון דער אָוונטשול אַ"נ י"ל פּרץ אין ווילנע (געאַרבייט אין דער שול אויף אידיש נאָך פאַר דער מלחמה). פון צייט צו צייט זיך באַטייליגט אין דער בונדישער פּרעסע מיט קליינע אַרטיקלען אויף אַקטועלע פראַגען און מיט קאָ־רעספּאָנדענצען. צוזאַמען מיט פּאַוועל ראָזענטאַל אַרויסגעגעבען אַ בראָשור וועגען „קעטער־סיסטעם און די אידישע ביבליאָטעקען".

# רחמיאל־אהרן וויינשטיין.*)

רחמיאל־אהרן וויינשטיין איז געבאָרען געוואָרען אין ווילנע אין 1877, אלס זוהן פון יצחק וויינשטיין. באַקומען די ערשטע דערציהונג אין א קרוינישׂ אידישער אָנפאַנגשול, האָט ער אין 1897 געענדיגט דעם אידישען לעהרער־אינסטיטוט אין ווילנע און איז געוואָרען לעהרער פון אַ קרוינישׂ אידישער פאָלקסשול אין אשמענע. אין א פּאָר יאָהר ארום אריבער אויף ענליכער שטעלע אין וואַרשע.

נאָך אלס 15־יעהריגער אינגעל איז ער אריין אין דעם רעוואָלוציאָנערען קרייזעל, וואָס האָט עקזיסטירט ביים לעהרער־אינסטיטוט, האָט געאַרבייט אין די ווילנער ארבייטער־קרייזלעך. זינט דער גרינדונג פון „בונד" פאַרבונדען געווען מיט דער דאָזיגער פּאַרטיי. אין 1898 אריין אין איהר וואַרשעווער אָרגאַניזאַציע, שפּעטער קאָאָפּטירט געוואָרען אין אָרטיגען קאָמיטעט. אין 1900, אלס פאָרשטעהער פון ווילנע, זיך באַטייליגט אין דער דריטער קאָנפערענץ פון „בונד" (וואַרשע, 10־טען אפּריל). אין 1904, אויפ׳ן פערטען צוזאַמענפאָהר פון „בונד", אין ביאַליסטאָק, אויסגעוועהלט אין צ. ק. און זינט דאַן פארבליבען אַ שטענדיגער מיטגליד פון צ. ק. אלס פאָרשטעהער פון „בונד" גענומען אַנטייל אויך אין די פאַרשידענע צוזאַמענפאָהרען פון רסדא"פּ (אין לאָנדאָן, 1907, פּאַריז, טעמערפאָרס, העלסינגפאָרס). געווען אָרגאַניזאַטאָר פון דער באַראַטונג פון די נאַציאָנאַלע ס"ד גרופּעס אָנהויב 1912 און פון דעם וואַל־בלאָק פון „בונד" און פּפּ"ס אין וואַרשע בעת דער וואַל־קאַמפּאַניע צו דער 4טער דומע.

וויינשטיין איז ניט איינמאָל אויסגעשטאַנען רעפּרעסיעס פון דער צאַרישער מאכט. אין 1914—1917 פאַרשיקט געוואָרען אין סיביר, פון וואַנען צוריקגעקומען נאָך דער פעברואַר־רעוואָלוציע קיין לענינגראַד, אויף דער 10־טער קאָנפערענץ פון „בונד", אפּריל 1917, אויסגעוועהלט אלס פּאָרזיצער פון צ. ק. זיך באַזעצט אין מינסק, וואו צוזאַמען מיט זיין פרוי׳ס עלטערער שוועסטער, אסתר פרומקין, אָנגעפיהרט די פּאַרטיי־אַרבייט אין ווייס־רוסלאַנד.

אין משך פון לאַנגע יאָהרען איז ער געווען איינער פון די אָנפיהרער פון „בונד", אָנגעזעהענסטער פּראַקטיקער פון דער אָרגאַניזאַציע, היטער פון די טאַקטישע פּרינציפּען פון „בונד", האָט ער

---

*) לעקסיקאָן פון דער אידישער ליטעראַטור, פּרעסע און פילאָלאָגיע פון זלמן רייזען, ווילנער פאַרלאַג פון ב. קלעצקין.

בשעת דער מלחמה פֿאַרנומען אַ צענטריסטישע פּאָזיציע. נאָך דער פֿעברואַר רעוואָלוציע געשטאַנען אויף דעם רעכטן פֿליגל פֿון דער פּאַרטיי, בשעת דער אָקטאָבער רעוואָלוציע האָט ווײַנשטיין אונטער־שטיצט די פֿאָדערונג וואָס דער „וויקזשעל" האָט אַרויסגערוקט וועגן בילדן אַן אײנהייטלעכע סאָציאַליסטישע רעגירונג פֿון די פֿאָלקס־סאָציאַליסטן ביז די באָלשעוויקעס אַרײַנגערעכנט. אַ דאַנק זײַן גרויסן אײַנפֿלוס אין מינסק אויסגעמידן אין די אָקטאָבער־טעג אַ באַוואָפֿנטן צוזאַמענשטויס צווישן די מענשעוויקעס און באָלשע־וויקעס. נאָך דער דײַטשער רעוואָלוציע געוואָרן אַן אָנהענגער פֿון דער ראַטנמאַכט. ביסלעכווײַז דורכגעמאַכט די רעוואָלוציע אויף לינקס, אויף דער 11טער קאָנפֿערענץ פֿון „בונד" אין מינסק, מערץ, 1919. אין אַ געוויסער מאָס געראַטעוועט די פּאַרטיי פֿון אַ שפּאַל־טונג, ביז ער האָט צוזאַמען מיט אַנדערע חברים אין 1921 גע־שאַפֿן דעם „קאָמבונד" אין ווײַסרוסלאַנד און דערנאָך מיט׳ן „קאָמ־בונד" זיך אַרײַנגעגאָסן אין ק״פּ.

צו יענער צײַט געווען שיר ניט דער באַלעבאָס פֿון דער ווײַס־רוסלענדישער ראַטענרעפּובליק אויפֿ׳ן פּאָליטישן און וויסענשאַפֿט־לעכן געביט. אין 1920 מיטגליד פֿון ווײַס־רוסלענדישן קריגס־רעוואָלוציאָנערן קאָמיטעט; אין 1921, נאָכ׳ן אַרײַנטריט פֿון „בונד" אין רק״פּ פֿון ווײַס־רוסלאַנד, מיטגליד פֿון פּרעזידיום צא״ק און פֿאַר־טרעטער פֿון פּאָרזיצער פֿון דעם ראַט פֿון די פֿאָלקס־קאָמיסאַרן פֿון ווײַס־רוסלאַנד, מיטגליד פֿון צ״ב פֿון ק״פּ פֿון ווײַס־רוסלאַנד, דער־נאָך אויך פֿון צ״ק און גענענקאָמיטעט פֿון דער קירגיזישער רע־פּובליק. אין 1923 פֿאָרזיצער פֿון ראַט פֿאַר אַרבייט און שוץ פֿון דער קירגיזישער רעפּובליק. זינט 1923 מיטגליד פֿון דער קאָלעגיע פֿון דעם פֿאָלקסקאָמיסאַריאַט פֿאַר פֿינאַנצן פֿון פסס״ר. נעמט אויך אַ גרויסן אָנטייל אין דער אידישער קאָלאָניזאַציע אַרבייט, לויט׳ן באַשלוס פֿון „געזערד". מערץ, 1927, אויסגעוועהלט צו־זאַמען מיט דעם רוסישן וויסענשאַפֿטלער לאַפּיראָסקאָבלאָ אַלס דע־לעגאַטן פֿון „געזערד" קיין אַמעריקע, אָבער ער האָט ניט באַקומען קיין ערלויבניש פֿון די שטאַטן אַרײַנצופֿאָהרען קיין אַמעריקע; נאָוו. 1928 באַשטימט אַלס ממלא־מקום פֿון דעם באַאורלויבטען פֿאָר־זיצער פֿון „קאָמערד" סמידאָוויטש.

רחמיאל׳ס ליטעראַרישע טעטיגקייט איז געווען אַ גאַנץ קנאַפּע, בלויז פֿון צײַט צו צײַט האָט ער פֿאַרעפֿנטליכט אין די בונדישע אויסגאַבען אַרטיקלען, דערהויפּט וועגן אָרגאַניזאַציאָנעלע פֿראַגען און דער פּראָפֿעסיאָנעלער באַוועגונג.

# מיכל ליבער.*)

מיכעל ליבער איז געבאָרען געוואָרען אין ווילנע אַרום 1880. זיין פאָטער, יצחק גאָלדמאַן (1905-1839), א באוואוסטער העברע־אישער דיכטער, האָט איהם קיין אידישע דערציהונג ניט געגעבען. ער האָט באַזוכט די גימנאַזיע אין ווילנע און איז פריה אריין אין דער סאָציאַליסטישער באוועגונג און געווען טעטיג אלס פּראָפּע־


מיכל ליבער

סיאָנעלער טוער אין „בונד” אונטער דעם פּסעוודאָנים אָשר, שפּע־טער אויך אונטער דעם פּסעוודאָנים איסאַקאָוו, בער, מאַרק.

א מענש פון א פייערדיגען טעמפּעראַמענט, זעלטענער ענערגיע און איבערגעבענהייט צו דער רעוואָלוציאָנערער ארבייט, א גלענצענ־דער רעדנער אין רוסיש און אין אידיש, האָט ער געשפּילט אַן

*) לעקסיקאָן פון דער אידישער ליטעראַטור, פּרעסע און פילאָלאָגיע פון זלמן רייזען, ווילנער פאַרלאַג פון ב. קלעצקין.

אָנפיהרענדיגע ראָלע אין דער פּאַרטיי, באַזונדערס זינט 1905. געווען מיטגליד פון צ"ק, זיך באַטייליגט זינט 1903 אין די צוזאַמענפאָהרען פון דער פּאַרטיי און אַלס פאָרשטעהער פון „בונד" — אויך פון דער ר. ס. ד. אַ. פּ. געווען הויפּט־דעבאַטאַנט פאַר דער אידישער קול־טור־נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע אין די בשעתם באַריהמטע דיסקוסיעס מיט די „בונדפרעסער", ווי סטאַלפּנער און אַנדערע, הגם אין דער אידיש־נאַציאָנאַלער פראַגע איז ער געווען אַ נייטראַליסט.

סוף 1906 האָט ער אַלס דעלעגאַט פון „בונד" באַזוכט אַמע־ריקע און איז אויפגעטרעטען אויף פאַרזאַמלונגען לטובת דער רוסישער רעוואָלוציע, געהאַלטען לעקציעס וועגען דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. דעם 28־טען יאַנואַר, 1907, אַרויסגעטראָטען אין אַ דעבאַטע מיט דאַניעלי־טשערניכאָוו, דעם דעלעגאַט פון ס"ס. בשעת דער רעאַקציע, צוזאַמען מיט אַבראַמאָוויטש'ן, נח און ירחמיאל וויינשטיין, געווען פאַר אַריבערטראָגען דעם שווערפּונקט פון דער באַוועגונג אין לעגאַלע אָרגאַניזאַציעס, אויפטרעטענדיג אין דער דאָזיגער פראַגע געגען יודינ'ען, אַ. ליטוואַק'ן און אַנדערע. אין 1910 פאַרשיקט אַדמיניסטראַטיוו קיין וואָלאָגדע, אַנטלאָפען קיין אויסלאַנד, אַלס פאָרשטעהער פון „בונד" זיך באַטייליגט אויף דער קאָנפערענץ פון דער ר. ס. ד. אַ. פּ. אין ווין, אויגוסט, 1912, אויף וועלכער צ"אַ ער האָט געהאַלטען אַ רעפע־ראַט וועגען דער אַנטוויקלונג פון דער אָרגאַניזאַציע און דער אַר־בעט פון דער פּאַרטיי. בשעת דער מלחמה איז ער געווען פאַר־שיקט קיין בוזולוק, סאַמאַרער גוב., אונטער אויפזיכט פון פּאָליציי, דאָך געשפּילט אַן אָנפיהרענדיגע ראָלע אין דער דאָזיגער רוסישער שטאָט.

נאָך דער מערץ רעוואָלוציע איז ער געקומען קיין פּעטער־בורג און זיך אַרויסגערוקט אויפ'ן ערשטען פּלאַץ אַלס ערשט־קלאַ־סיגע פּאָליטישע פיגור, אַלס פאָרשטעהער פון „בונד" אין אַרבייטער־ראַט, צוזאַמען מיט'ן ס"ר גאָץ און דעם ס"ד דאַן־גורוויטש גע־ווען דער פיהרער פון דער אַנטיבאָלשעוויסטישער קאָנסאָלידאַציע, גע־שיקט געוואָרען פון דער צייטווייליגער רעגירונג צו פיהרען די אונ־טערהאַנדלונגען מיט דעם פיהרער פון דעם אויפשטאַנד געגען קע־רענסקי'ן, גענעראַל קאָרנילאָוו.

אַ געוויסע צייט האָט ער געאַרבייט אין אַ סאָוועטישען אַנ־שטאַלט אין סאַראַטאָוו, דערנאָך איז ער געווען אַרעסטירט, וואו אין מאָסקווער טורמע האָט ער אָנגעשריבען זיינע זכרונות, שפּעטער איז ער פאַרשיקט געוואָרען קיין טורקעסטאַן.

## ר. אַבראַמאָוויטש.

# א. ליטוואַק

(אַ פּאָר שטריכען צו דער כאַראַקטעריסטיק פון זיין פּערזענליכקייט)



איינער פון די מערקווירדיגסטע און אינ־טערעסאנטסטע „ווילנער", מיט וועלכען איך האָב זיך ווען עס איז באַגעגענט, איז אָהן שום ספק — חיים יעקל ליטוואַק

דער זוהן פון אַן אָרימען ווילנער פורמאַן, אַ הינקעדיגער, קורצזיכטיגער, ניט קיין שעה־נער — איז ליטוואַק געוואָרען, דורך זיין איי־גענעם כוח, דורך דער מאַכט פון זיין פּערזענ־ליכקייט און זיין טאַלאַנט, איינער פון די גלענ־צענדסטע אידישע פּובליציסטען און זשורנאַליסטען, איינער פון די פעהיגסטע און אינטערעסאַנטסטע פּאָליטיקער, איינער פון די אָנגעזע־הענסטע פיהרער פון דער אידישער אַרבייטער באַוועגונג, איינער פון די פאַרדינסטפולסטע טוער פון דער מאָדערנער אידישער קולטור.

ניט דאָ איז דער אָרט צו כאַראַקטעריזירען ליטוואַק'ס פּאָלי־טישע אָדער ליטעראַרישע טעטיגקייט. איך וויל נאָר געבען איניגע שטריכען צו דער כאַראַקטעריסטיק פון ליטוואַק'ס פּערזענליכקייט.

יעדער אויפריכטיגער און אמת'ער שרייבער ליגט אַריין אין זיינע ווערק אַ שטיקעל פון זיין נשמה, אַ ברוכשטיל פון זיין איי־גענער ביאָגראַפיע. אַ באַרימטער ליטעראַטור־קריטיקער האָט אַמאָל געזאָגט, אַז אין תוך שילדערען גרויסע דיכטער אייגענטליך נאָר זיך אַליין. און ליטוואַק האָט געוויס געגעבען אַ קאַפּיטעלע פון אייגענער כאַראַקטעריסטיק, ווען ער האָט איינמאָל געשריבען וועגען דער פיל־פעלטיגקייט און איגעוויניגסטער סתירות'דיגקייט פון דער מענשליכער נשמה.

וואָס האָט געקאָנט זיין פילפעלטיגער און סתירות'פולער, איידער ליטוואַק אַליין?

ליטוואַק קומט אַרויס פון אידישען „המון". ער איז אַ „פּלע־בעער", אַ מענש, וואָס איז ניט געווען צוגעוואוינט און האָט זיך זיין לעבען לאַנג נישט געקאָנט צוגעוואוינען נישט צו אַ גוטען קלייד,

נישט צו א קאמפארטאבלען צימער, נישט צו דער גאנצער אויסענ־ווייניגסטער קולטור, וואס די רוסישע אינטעליגענציע האט מיט אזוי פיל פאראכטונג אנגערופען די „פריזער־קולטור". די קולטור פון א וואויל־איינגעארדענטען, זויבערען, רעגעלמעסיגען לעבענסשטייגער איז איהם געווען און געבליבען פרעמד. זיינע קנעפלעך זיינען שטענ־דיג געווען אפגעריסען; זיין שניפס — שטענדיג קרום אויסגעבונדען; זיינע שטיוועל שלעכט געפוצט; זיין הוט צוקוועטשט; זיינע קעשע־נעס פול אנגעשטאפט מיט צייטונגען און פאפירלעך. און אט די דאזיגע אויסערליכע אומארדנונג איז געווען ביי ליטוואק'ן נישט קיין



א. ליטוואק, געב. אין ווילנע 1874 —
געשט. אין ניו יארק, סעפט. 20, 1932.

געמאכטע, נישט קיין „מאלערישע", ווי ביי די קינסטלער אויף פארי־זער מאנפארנאס, וואס לויפען ארום בכיון מיט גרויסע אויפפאלענדע היט, מיט גרויסע פלאטערדיגע שניפסען און פאר וועלכע די דאזיגע „אומארדנונג" איז א מין קינסטלערישע „יוניפארם", מיט וועלכער זיי קאקעטירען. ניין, ליטוואק האט נישט קאקעטירט מיט זיין אומ־ציוויליזירטער דערשיינונג: דאס איז פשוט געווען זיין נאטור, די סביבה פון זיין ווילנער פראלעטארישער יוגענט, וועלכע ער האט שטענדיג ארומגעטראגען מיט זיך. אבער אין דער זעלביגער צייט איז אין דעם „אומציוויליזירטען" ליטוואק געווען א צוויטער, גאר

און אנדערער ליטוואק: איינער פון די פיינסטע און איידעלסטע ליב־האָבער פון צאַרטער שעהנקייט, פון האַרמאָניע, פון ראַפינירטער קולטור. אין דעם נישט־עסטעטישען שאָלעכץ פון א ווילנער פור־מאַנ׳ס זוהן האָט געלעבט די נשמה פון א זעלטען ראַפינירטען, דורך און דורך פאַראיידעלטען עסטעט, וואָס האָט געהאַט אַ מערקווירדיג־קלאָרען און זיכערען חוש פאַר יעדען סאַמע פיינסטען ניואַנס פון שעהנקייט און שעהנהייטס־קולטור.

אָבער ליטוואַק׳ס קאָמפּליצירטע פּערזענליכקייט האָט זיך נישט אויסגעשעפּט מיט דער דאָזיגער פּשוט׳ער אַנטיטעזע: פּלעבעער־עסטעט. נאָך פיל מעהר פאַרשידענע נשמות האָבען געלעבט אין איהם.

יעדער, וואָס האָט איהם געקענט, וואָס האָט איהם געהערט ריי־דענדיג, וואָס האָט געלעזען זיינע שריפטען, — ווייס, וואָס פאַר אַ שאַרפער, געפערליכער, שטעכעדיגער און בייזער פּאָלעמיסט, קריטיקער און געגנער ליטוואַק האָט געקאָנט זיין. עס איז שטענדיג געווען אַנ־גענעמער צו האָבען ליטוואַק׳ן אַלס פריינט, איידער אַלס געגנער און שונא.

זיין שאַרפע פעדער, זיין שאַרפע, בייזע צונג, זיין בויגעווודיגער גייסט, וואָס האָט שטענדיג פאַרמאָגט אויסצוגעפינען ביי אייך דעם שוואַכסטען פּונקט און אריינשטעקען אהין דעם געשליפענעם שפּיץ פון זיין קריטיק־מעסער, האָט קיינמאָל נישט געוואוסט קיין רחמנות אויפ׳ן געגנער און האָט קיינעם נישט געשאָנעוועט. די אינעווייניג־סטע ערליכקייט פון זיין פּאָליטישער אָדער געזעלשאַפטליכער איבער־צייגונג, זיין שטאַרקער טעמפעראַמענט פון א קעמפער האָט איהם נישט געלאָזען צו מאַכען קאָמפּראָמיסען אין קאַמף, צו שאָנעווען דעם געגנער, צו בלייבען שולדיג אַן ענטפער. נישט אומזיסט האָט ער זיך גענומען דעם פּסעוודאָנים: „א מוק״: אַט אַזוי ווי א מוק, א קאָמאַר, אין א זומערדיגען אָוונט, האָט ער שטענדיג געפונען ביי דעם געגנער דוקא די עמפּפינדליכסטע שטעלע, כדי אריינצור־שטעכען אהין מיט זיין שאַרפען שטאַכעל. און אָט דער זעלביגער שטעכעדיגער, שפּיציגער, שאַרפער, אומברחמנות׳דיגער ליטוואַק האָט געהאַט אַ ווייכע, איידעלע, צאַרטע, סענטימענטאַלע נשמה און האָט ניט געקענט אריבערטראָגען זעהענדיג אימיצען ליידען אָדער וויינען. דאָס וועט באַשטעטיגען יעדער איינער, וואָס האָט איהם פּערזענליך געקענט, וואָס האָט זיך מיט איהם באַגעגענט פּריוואַט, וואָס האָט גע־זעהן, ווי צאַרט און אינטים ליטוואַק האָט געפיהרט פריינטשאַפט מיט קליינע קינדער, מיט וואָס פאַר א ליבע און פריינדשאַפט קינדער און פרויען האָבען זיך באַצויגען צו ליטוואַק׳ן. נישט געווען א קינ־

דער־לידעלע, וואָס ער זאָל נישט קענען אויסווייניג; נישט געווען א סענטימענטאַלער ראָמאַנס, וואָס ליטוואַק זאָל נישט קענען סיי די ווערטער, סיי דעם מאָטיוו נישט געווען א פאַר׳חלום׳טע מעשה׳לע, וואָס ליטוואַק זאָל עס נישט קאָנען דערצעהלען מיט דעם גאַנצען ראָמאַנטיזם פון א טרוימער.

און נאָך צוויי ליטוואַקס האָט מען געקאָנט זעהן, ווען מען האָט זיך צו איהם צוגעקוקט: איינער איז געווען ליטוואַק דער פּאָליטיקער, דער האַרטער, פעסטער, פאַרברענטער, ראַדיקאַלער סאָציאַליסט, מיט א ניכטערען פּאָליטישען קאָפּ, מיט א שאַרפען חוש פאַר פּאָליטישער מאַכט און מאַכט־באַציהונגען, מיט א רעאַליסטישען באַגריף וועגען פּאָליטישען קאַמף און פּאָליטישען קאָמפּראָמיס. ער האָט טיף פאַרשטאַנען די אינערע מעכאַניק פון פּאָליטישען קאַמף, דעם אינעווייגסטען געביי פון סאָציאַלע קאַמפען און קלאַסען־באַציהונגען. האָט מען געלייענט זיינע פּאָליטישע לייט־אַרטיקלען און אויפרופען, האָט מען געזעהן פאַר זיך א האַרטגעזאָטענעם, עקשנות׳דיגען, אומברחמנות׳דיגען קלאַסען־פּאָליטיקער. און דאַן האָט זיך ווידער אין זיינע ליטעראַריש־פּובליציסטישע אַרטיקלען אַנטפּלעקט גאָר אַן אַנדערער ליטוואַק: ליטוואַק דער קולטור־טוער; ליטוואַק דער דיכטער; ליטוואַק דער פאַר׳חלום׳טער פּאָעט; ליטוואַק דער פיינער פּסיכאָלאָג, וואָס האָט הינטער די קלאַסען־באַציהונגען און פּאָליטישע קאַמפען גע־שטרעבט צו דערקענען די אייביגע ווערטען פון דער מענשליכער נשמה, פון דעם מענשליכען שאַפען.

ליטוואַק, דער פאַראַכטער פון אויסענווייניגער קולטור און דער פייערדיגער ליבהאָבער פון אינעווייניגסטער שעהנקייט; ליטוואַק דער שטעכעדיגער האַסער און דער סענטימענטאַלער, ווייכהאַרציגער ליבהאָבער; ליטוואַק דער האַרטער פּאָליטיקער און קלאַסען־קעמפער און ליטוואַק דער דיכטער און טרוימער — דאָס זיינען נאָר אייניגע פון די ליטוואַקס, וואָס האָבען געלעבט אין דעם פאַרקריפּעלטען קערפּער פון חיים־יעקב העלפאַנד, דעם זוהן פון א ווילנער פורמאַן. עס זיי־נען אָבער נאָך פיל, פיל מעהר נשמות געווען אין ליטוואַק׳ן...

היינריך היינע האָט אמאָל געפּרואווט אַנטקעגענשטעלען די צוויי באַזונדערע טיפּען פון מענשליכען כאַראַקטער, דעם האַרמאָנישען, לע־בענספריידיגען, קלאַסישען גריך, וואָס נעמט אָן דאָס לעבען אָהן ספקות און קריטיק און פאַרשיינט איהם מיט קונסט, — און דעם סקעפּטישען, איראָנישען, אונהאַרמאָנישען איד, וואָס גריבעלט און טראַכט, וואָס קריטיקירט און אונטערזוכט דאָס לעבען, וואָס צערייסט זיך אַליין און זיין אייגענע נשמה מיט אויפדעקען אינעווייניגסטע סתירות. אויך

מען זאָל אננעמען היינע׳ס כאַראַקטעריסטיק איז ליטוואַק געווען אַ איד, און מעדעם אַ גריך.

די מאָדערנע פּסיכאָלאָגיע האָט אַ טיפערען צוגאַנג צו דער מענשליכער נשמה, ווי היינע. אפשר וואָלט די אינעווייניגסטע ביאָ־גראַפיע פון ליטוואַק׳ן, די אַנטוויקלונגס־געשיכטע פון זיינע פעהיג־קייטען און פּסיכאָלאָגישע פאַרשידענהייטען געווען אַן אינטערעסאַנטע אויפגאַבע פאַר אַ מאָדערנעם פּסיכאָלאָג און אָנהענגער פון אַלפרעד אדלער.

אַ קריפּעל, וואָס פילט זיך, צוליב זיין קראַנקער פוס, פיזיש מינערווערטיג לגבי זיינע חברים אין גאַס; דער זוהן פון אַ קבצן, וואָס פיהלט זיך סאָציאַל מינערווערטיג לגבי די גוט־אָנגעטאָנענע און זויבערע קינדערלעך פון די רייכע עלטערען; אַ קינד פון רעכט־לאָזע אידישע עלטערען, וואָס פיהלט זיך נאַציאָנאַל מינערווערטיג לגבי די, אַלמעכטיגע „גוי׳אים״, — אָט די דאָזיגע דרייפאַכע מינערווערטיג־קייט האָט די באַגאַבטע און פעהיגע נשמה פון דעם קליינעם חיים־יעקל געשטרעבט גובר צו זיין, אויסגלייכען, „קאָמפּענסירען״ דורך אַ באַזונדערס רייכע און שטאַרקע אַנטוויקלונג פון יענע פעהיגקייטען, וואָס ער האָט אין זיך געפיהלט. ער קען ניט לויפען אַזוי געשווינד ווי די אַנדערע אינגלעך, אָבער די קינדער, וואָס לאַכען איהם אויס צוליב זיין פוס, ווערען פאַרשטומט און פאַרשעמט אין חדר, ווען חיים־יעקל ווייזט אַרויס די געשווינדקייט און די פלינקייט פון זיין קאָפּ, פון זיין פאַרשטאַנד. און דער אינערליכער געפיל, אַז ער איז פאַרט קערפּערליך מינערווערטיג לגבי די אַנדערע קינדער, צווינגט איהם צו „איבערקאָמפּענסירען״ זיין גייסטיגע איבערגעלעגענהייט, שטופּט איהם צו לאָזען די אַנדערע פיהלען, אַז גייסטיג איז ער דער שטאַרקערער, דער קליגערער, דער געשייטערער. ער איז שאַרף, שטע־כיג, שפּיציג, אומברחמנות׳דיג אין שטרייט.

די רייכע קינדער נעמען זיך איבער געגען דעם אָרימען זוהן פון אַן אָרימען פורמאַן, — ער האָט אָבער אַנטדעקט אַן אַנדער תורה, אַן אַנדער אויסוועג, וואָס גיט איהם און מיליאָנען אַנדערע סאָציאַל־אונטערדריקטע — דעם אויסוועג אויסצוגלייכען, אויסצולעשען די סאָ־ציאַלע מינערווערטיגקייט: דאָס איז די לערע וועגען דער סאָציאַלער גלייכקייט, די לערע וועגען סאָציאַלען קאַמף, די לערע וועגען דעם אַז דער אונטערדריקטער קלאַס איז מאָראַליש און סאָציאַל בילכער פאַר דעם אונטערדריקער, דעם עקספּלואַטאַטאָר. די תורה פון מאַרקסיזם און סאָציאַליזם, דער גלויבען אין סאָציאַלער רעוואָלוציע — איז גע־וואָרען דער וועג, אויף וועלכען די פאַרוואונדעטע און באַליידיגטע נשמה פון חיים־יעקל׳ן האָט געפונען די אויסלייזונג פון סאָציאַלער

קנעכטשאפט, דעם וועג צו פארוואנדלען זיך פון א באזיגטען אין א צו־קינפטיגען זיגער.

אבער אויך דאס געפיל פון נאציאנאלער מינערווערטיגקייט, די טיפע אונטערדריקונג און דערנידערונג פון דעם רעכטלאזען איד אין צארישען רוסלאנד איז „איבערקאמפענסירט" געווארען אין ליטוואק'ס נשמה דורך רעוואלוציאנערען נאציאנאליזם, דורך דעם שטאלצען גע־דאנק פון דער גלייכווערטיגקייט און הויכווערטיגקייט פון אידישקייט, פון אידישער קולטור, פון אידישער נאציאנאלער באוועגונג, וואס איז ענג דורכגעפלאכטען און פארבונדען מיט דעם סאציאלען אידעאל פון אלגעמיינער גלייכקייט און פרייהייט.

אט אזוי איז ליטוואק'ס פיזישער מוט, זיין פיזישע מינערווער־טיגקייט צוזאמענגענומען מיט דער סאציאלער און נאציאנאלער מי־נערווערטיגקייט פון אן אידישען פראלעטארישען קינד אין אמאליגער ווילנע, געווארען דער מקור אט פאר יענער סתירות־פולער און קאמ־פליצירטער פילגעשטאלטיגקייט פון ליטוואק'ס גאנצער פערזענליכקייט.

דאס וואס איך האב דא אנגעמערקט זיינען נאר א פאר שטריכען. אנפילען דעם טרוקענעם סקעלעט מיט לעבעדיגען פלייש און בלוט, אנשרייבען אן אמת'ע ביאגראפיע פון ליטוואק'ס אינעווייניגסטען מהות — דאס איז אן אינטערעסאנטע אויפגאבע פאר דער צוקונפט.

ליטוואק האט פארדינט א ביאגראפיע: ער איז איינער פון די אינטערעסאנטסטע, גלעצענדסטע און טאלאנטפולסטע זיהן פון דעם אידישען ארבייטער פאלק, איינער פון די אינטערעסאנטסטע און סימפאטישסטע געשטאלטען, וואס זיינען וועז ניט איז אויפגעוואקסען אויפ'ן באדען פון „ירושלים דליטא".

# משה ראַפּעס.*)

משה ראַפּעס איז געבאָרען געוואָרען אין ווילנע, דעם 3טען נאָוועמבער, 1883, אין אַ פאַמיליע פון וויין־סוחרים, באַקומען די ערשטע דערציהונג אין חדר, דערנאָך באַזוכט אַ רוסישע אָנפאַנגס־שול און אַלס עקסטערן אָפּגעגעבען עקזאַמען אויף 5 קלאַסען גימנאַזיע, אָבער פריה אַריינגעצויגען געוואָרען אין דער בונדישער באַוועגונג און זיך איינגאַנצען אָפּגעגעבען דער פּאַרטיי־אַרבייט.

אַרום 1903, אין דעם פּראָצעס פון משה גורעוויטש, צום ערשטען מאָל אַרעסטירט, איז ער 6 חדשים אָפּגעזעסען אין 14־טען נומער אין ווילנע, באַפרייט געוואָרען אויף ערבות פון 1,000 רובל. שפּעטער געווען איינער פון די אָרגאַניזאַטאָרען פון דעם לעקערט־אַטענטאַט אויפ'ן ווילנער גובערנאַטאָר פאָן־וואַל. אין 1906 געווען טעטיג אין האָמעל, דערנאָך דערהויפּט אין ווילנע, זיך באַטייליגט צ"אַ אויף דער 8־טער קאָנפערענץ פון „בונד" אין לעמבערג. אין 1910, געווען דעלעגאַט פון ווילנע אויף דער באַראַטונג פון „מפיצי השכלה" אין פּעטערבורג 1911. אויף דער 9־טער קאָנפערענץ פון „בונד", אין 1912, אַריין אין צ"ק, שפּעטער פאַרשיקט געוואָרען אין די צפון־גובערניעס, פון וואַנען אַנטלאָפען קיין פּעטערבורג און געאַרבייט אין דער פּאַרטיי א"פ ל. ווייסענבערג. יאַנואַר 1916 אָנגעפיהרט די בונדישע דעלעגאַציע אויף דער באַראַטונג פון „אָרט"; פאַקטיש צוזאַמענגעשטעלט דעם באַריכט פון דער דאָזיגער באַראַטונג (פּעטערבורג, 1916). אַלס מיטגליד פון צ"ק צוזאַמען מיט ערליך'ן געווען טעטיג צווישען די אַרבייטער פון די מיליטעריש־אינדוסטריעלע קאָמיטעטען, אָנפירענדיג די רעוואָלוציאָנערע אַרבייט אין פּעטערבורג.

בשעת דער מלחמה, אין 1916, איז ראַפּעס אַרעסטירט געוואָרען, אָבער די פעברואַר רעוואָלוציע האָט איהם באַפרייט און אַלס פאַרשטעהער (סעקרעטאַר) פון צ"ק פון „בונד" זיך באַטייליגט אין דעם אויספירקאָם פון פּעטערבורגער סאָוועט ביים פאַרמירען די ערשטע צייטווייליגע רעגירונג. צו יענער צייט פאַרנומען אין דער פּאַרטיי אַ רעכטע פּאָזיציע. געווען פאַר אַן אַלגעמיינעם אידישען צוזאַ־

*) לעקסיקאָן פון דער אידישער ליטעראַטור, פּרעסע און פילאָלאָגיע פון זלמן רייזען, ווילנער פאַרלאַג פון ב. קלעצקין.

מענשאָהר, דערנאָך געשיקט געוואָרען פון צ"ק אַנצופיהרען די פּאַר־טיי־טעטיגקייט אין אוקראַינע, געשפּילט די אַקטיווסטע ראָלע אין די געשעהענישען פון דער אוקראַינישער רעוואָלוציע און דעם גאַנצען ערשטען פּעריאָד איהרען. ביז דער דייטשער רעוואָלוציע אַרויס־געטרעטען אין רעדעס און אַרטיקלען געגען די באָלשעוויקעס אַלס פיהרער פון „בונד". נאָך דער דייטשער רעוואָלוציע האָט זיך אָנ־געהויבען די עוואָלוציע פון ראַפּעס'ן אויף לינקס און ער האָט גע־שפּילט א גרויסע ראָלע ביי דער שפּאַלטונג פון „בונד" אין אוקראַי־נע. צוזאַמען מיט די לינקע פיהרער פון די „פאַראייניגטע" געפיהרט אונטערהאַנדלונגען וועגען גרינדען א אידישע קאָמוניסטישע פּאַר־טיי דורך פאַראייניגען די קאָמוניזירענדיגע עלעמענטען פון „בונד", י"ס און ס"ס.

אָנהויב מערץ, 1919, האָט ראַפּעס געבילדעט דעם „קאָמבונד", וועלכער האָט זיך אין מאַי, 1919, צונויפגעגאָסען מיט דעם קאָמו־ניסטישען פליגעל פון די „פאַראייניגטע" אין דעם „אידישען קאָמו־ניסטישען פאַרבאַנד". ער האָט גע'חתמ'עט דעם דעקרעט וועגען פאַרמאַכען די אידישע בורזשואזע געזעלשאַפטליכע אינסטיטוציעס, אין וועלכע ער האָט פריהער אַליין געשפּילט אַן אָנגעזעהענע ראָלע. סוף אויגוסט, 1919, האָט דער „קאָמפאַרבאַנד" זיך אריינגעגאָסען אין דער ק"פּ, און זינט דאַן האָט אויפגעהערט די טעטיגקייט פון ראַפּעס'ן אַלס פון א ספּעציעלען אידישען טוער.

בשעת דער סאָוועטיש־פּוילישער מלחמה, זומער 1920, איז ער געשיקט געוואָרען פון דער צענטראַלער מאַכט אין מאָסקווע קיין ווילנע אַלס פאָרזיצער פון דער סאָוועטיש־ליטווישער ליקווידאַציע־קאָמיסיע און האָט דורכגעפיהרט די עוואַקואַציע פון ווילנע, סוף אויגוסט, 1920, דערנאָך געווען אויף'ן פראָנט א קאָמיסאַר פון דער רויטער אַרמיי, שפּעטער איינער פון די וויכטיגסטע פיהרער פון אַר־בייטער־ראַט אין מאָסקווע. לעצטענס — לייטער פון דעם קינסטלע־רישען אָפּטייל פון „סאָוועקינא" אין מאָסקווע.

זיין עלטערער ברודער מיכאַאיל ראַפּעס (געב. 1876), פון באַרוף א דאָקטאָר מעדיצין, לאַנגע יאָהרען אָנגעשטעלט ביי דער זעמסטווע, א סימפּאַטיקער פון „בונד".

זיין אינגערער ברודער, יצחק ראַפּעס (געב. 1890), דאָקטאָר מעדיצין, איניגע יאָהרען געווען טעטיג אַלס סעקרעטאַר פון „אָזע" אין ווילנע, לעצטענס איינער פון די פיהרער פון „בונד" אין ווילנע, ראַטמאַן פון שטאָטראַט, דירעקטאָר פון א דעפּאַרטמענט אין דער ווילנער קראַנקענקאַסע.

# ליובא אייזענשטאַדט־לעווינסאָן.*)

ליובע אייענשטאדט-לעווינסאָן איז געבאָרען געוואָרען אין ווילנע אין 1886 אין א רייכער פאמיליע. באקומען א גוטע דערציהונג, האָט שפּעטער שטודירט אין אויסלאנד, אונטער דער ווירקונג פון ווערא זאסוליטש צוגעשטאנען צו דער רעוואָלוציאָנערער באוועגונג,



ליובא אייזענשטאדט-לעווינסאָן

זיך פארנומען מיט טראנספּאָרטירען אונלעגאַלע ליטעראטור. ארום 1892 ארעסטירט געוואָרען אויף דער גרעניץ.

א מערקווירדיגע, שטארקע פערזענליכקייט, האָט זי אָבער וויניג געגלויבט אין זיך און, זיצענדיג אין טורמע, האָט זי געפּרואווט זיך פאר'סמ'ען מיט די פליישפּאַרציעס, וואָס זי פלעגט איבערלאָזען פון

*) לעקסיקאָן פון דער אידישער ליטעראַטור, פּרעסע און פילאָלאָגיע פון זלמן רייזען, ווילנער פארלאג פון ב. קלעצקין.

די מיטאָגען און דערנאָך געלאָזט פוילען אויף דער זון. געוועזן גע־פעהרליך קראַנק, זיך דאַן געפּרואווט דערשטיקען מיט אַ שלייף, ליגענ־דיג אין בעט, אָבער די וואַך האָט דערהערט איהר כאָרכלען און זי אָפּגעראַטעוועט. געקומען ארום 1893 אין ווילנע, איז זי אריין אין דעם קרייזעל פון די פּיאָנערען פון דער אידישער ארבייטער־באַווע־גונג, געווען איינע פון די ערשטע פאַר אַריבערגעהן צו דער אַגי־טאַציע אויף אידיש, צוזאַמען מיט אַ. קרעמער אויסגעאַרבעט די פּראָגראַם פאַר דער אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט שפּעטער געגרינדעט דעם „בונד“. אָנגעשריבען אַ פּאָר בראָשורען, הגם ניט באַהערשט גענוג די אידישע שפּראַך.

סוף 1893 איז זי מיט איהר מאַן אייזענשטאַט (יודין) אוועק־געפאָהרען קיין בערלין, אין אַנדערטהאַלבען יאָהר ארום צוריקגעקו־מען, ארעסטירט געוואָרען צוזאַמען מיט גאַזשאַנסקי׳ן אין ביאַליסטאָק, און 4 יאָהר געווען פאַרשיקט אין סיביר מיט איהר מאַן.

נאָכ׳ן צוריקקומען איז זי אַוועקגעפאָהרען קיין ניו יאָרק, וואו זי איז אינגיכען (אין 1903) געשטאָרבען (אפשר באַגאַנגען זעלבסט־מאָרד: מ׳האָט זי געפונען אַ טויטע אין וואַנע).

## יעפים ישורין.

# ווילנער פרייהייטס קעמפער.

די שטאָט ווילנע, וועלכע ווערט באַטראַכט אַלס די וויגעלע פון דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, האָט אָהן ספק אַרויס־געגעבען אַ גרויסע צאָהל רעוואָלוציאָנערען־טוער פון אַלע פּאַרטייען, ריכטונגען און גרופּען פון דער רוסישער רעוואָלוציע. אַ גרויסע צאָהל פון יענע טוער זיינען געווען באַוואוסט אויסערהאַלב ווילנע, האָבען פאַרנומען וויכטיגע פּאָזיציעס אַלס סאָלדאַטען פון דער רו־סישער רעוואָלוציע, האָבען זיך ערוואָרבען גרויסע רעפּוטאַציעס אַלס אָנגעזעהענע רעוואָלוציאָנערען, ווי אהרן זונדעלעוויטש, וולאַדימיר יאָכעלסאָן, א. ס. מינאָר, לוקאַשעוויטש, אַרקאַדי קרעמער, י. יודין, נח פּאָרטנאָי, מ. ליבער, א. ליטוואַק און אַנדערע.

נאָר אַ גרויסע צאָהל ווילנער רעוואָלוציאָנערען זיינען אָבער נאָר געווען באַקאַנט צו די אָרטיגע רעוואָלוציאָנערע קרייזען. זייערע טעטיגקייטען, זייער איבערגעבענע אַרבייט אין דער רעוואָלוציאָ־נערער באַוועגונג איז ניט געווען באַוואוסט אָדער באַקאַנט צו דער גרויסער וועלט. דיזע רעוואָלוציאָנערען האָבען אָבער זעהר פיל בייר־געטראָגען צו דעם ערפאָלג פון די פּאַרטייען צו וועלכע זיי האָבען באַלאַנגט און וועמען זיי האָבען אַזוי טריי געדינט.

די אַרכיוועז פון דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג זיינען דער איינציגער קוואַל פון וועלכען מען קען שעפּען די נויטיגע מאַ־טעריאַלען מיר האָבען זיך באַנוצט מיט אַ סאָוועטישע אויסגאַבע:
Деятели революционного движения в России, Био-библиографический словарь, Издательства Всесоюзного Общества Политических Каторжан и Ссыльно-Поселенцев, Москва, 1927. 1929-1931.

וואַרשיינליך איז דאָס ניט דער איינציגער קוואַל פון וועלכען מען האָט געקענט אַרויסקריגען נעמען פון ווילנער רעוואָלוציאָנערען, אָבער ווי קליין די צאָל נעמען זאָל ניט זיין, איז דאָס אינטערעסאַנט און וויכטיג.

די מאַטעריאַלען זיינען באַדייטענד פאַרקירצט געוואָרען אָדער ריכ־טיגער געזאָגט, רעדוצירט צו אַ מינימום, צוליב מאַנגעל אין פּלאַץ.

אָגוז, יאָסעל רובינאָוויטש — א זייגערמאַכער. אין 1876 געשטעלט אונטער פּאָליציי אויפזיכט.

אָגוז, שמערעל יאַנקעלעוויטש — עקאָנאָם פון ווילנער תלמוד תורה. אין 1876 געשטעלט אונטער פּאָליציי אויפזיכט.

אַבראַמאָוו, סערגעי אַלעקסאַנדראָוויטש — א לערער אין ווילנער לוטעראַנישער שולע. באַשולדיגט אז ער האָט אין 1875 באַלאַנגט צו א רעוואָלוציאָנערען קרייזעל.

אַבראַמאָוויטש, אַלעקסאַנדער אַלעקסאַנדראָוויטש (שעפּסעל) — פּאַרטיי נאָמען „סאָלאָמאָן", סאָציאַלדעמאָקראַט, אַרעסטירט אין 1906, 1907 און 1909, ווען ער איז פאַרשיקט געוואָרען.

אַבראַמאָוויטש, קאָפּעל — שילער אין דאַבינער שולע. אַרעס־טירט און פּראָצעסירט אין 1876. באַקומען 6 חדשים טורמע.

אַדלער, לייבע — אין 1876 באַשולדיגט געוואָרען אין באַלאַנ־גען צו א רעוואָלוציאָנערען קרייזעל.

אוואַריס (שוואַרץ), יאָסעל — א שלאָסער, פּראָפּאַגאַנדירט אין די 90ער יאָהרען, אַנטלאָפען פון אַרעסט, געאַרבייט אין יעקאַטערינאָסלאַוו און קרעמענטשוג.

אַנטאָקאָלסקי, יאָסיף סאָלאָמאָנאָוויטש — גימנאַזיסט, סטודענט וואַרשעווער אוניווערזיטעט, פון וועלכען אויסגעשלאָסען. אַרעסטירט אין 1893, פאַרשיקט אין סיביר אויף 5 יאָהר. ווידער אַרעסטירט אין 1901, באַקומען 6 חדשים טורמע.

אָקושקאָ, וויקענטי וויקענטיעוויטש — געענדיגט ווילנער רעאַל שולע, אין 1875 געוואָרען אונלעגאַל.

אָקסעלראָד, ליובאָוו איסאַקאָוונאַ — פּסעוודאָנים „אָרטאָדאָקס". צו 15 יאָהר געוואָרען אַקטיוו אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. געאַרבייט אין פאַרשידענע שטעט, האָט זיך אַרויסגעדרעהט פון דער פּאָליציי.

באַראַן, סאָפיאַ מאָאיסעיעוונאַ — שילערין פון אַקושערען קור־סען, געענדיגט קיעווער גימנאַזיע. אַרעסטירט 1899, געשטעלט אונ־טער פּאָליציי אויפזיכט.

באַרעל, מייער (מיראָן) — אַרעסטירט אין 1876, באַלאַנגט צו דאָווידאָוויטש'עס קרייזעל. געזעסען 6 חדשים אין טורמע.

בענדער, אַקים מיראָנאָוויטש — געענדיגט ווילנער גימנאַזיע און פּעטערבורגער אוניווערסיטעט. אַרעסטירט אין 1899 און 1900.

בערקאָווסקי, יאָסעל־דוד גערשאָנאָוויטש — ליטאָגראַפער, אַרעס־טירט אין 1897. געזעסען 3 חדשים אין אָדעס, נאָכהער אין ווילנע. געשטעלט 2 יאָהר פּאָליציי אויפזיכט.

בראָידאָ, נחום ראַכמעלעוויטש — שילער ווילנער לערער אינ־

סטיטוט, באַלאַנגט אין 1875 צו דאַווידאָוויטש׳עס קרייזעל. געווען אונטער פּאָליציי אויפזיכט. אין 1879 אַדמיניסטראַטיוו אַרויסגע־שיקט פון קיעוו נאָך ווילנע.

בראַמסאָן, וולאַדימיר — ביז 1905 באַלאַנגט צו דער ווילנער סאָציאַלדעמאָקראַטישער יוגענט, נאכהער געווען מיטגליד פון דער סאָציאַלדעמאָקראַטישער גרופּע.

גאָבסט, אַראָן־יאַנקעל־איזראַעל — אונטער־אָפיצער, פּראָפּאַגאַנדירט צווישען סאָלדאַטען. אין 1873 געגרינדעט אַ קרייזעל אין פּעטער־בורג. אין 1878 אָנגעפירט אַ סטרייק. אין 1879 אַרעסטירט אונ־טער׳ן נאָמען טעמריוק, געפונען פּיראָקסילין, וועלכער איז געווען אָנגעגרייט פאַר׳ן אַטענטאַט אויף אַלעקסאַנדער דעם 2טען. פאַר־משפּט געוואָרען אין מיליטער געריכט צו טויט־שטראָף און אויפגע־האנגען געוואָרען אין 1879 אין קיעוו.

גאָלדאָווסקי, בנימין חאַאימאָוויטש — שילער זעמלעמערען קור־סען אין קיעוו, אויסגעשלאָסען געוואָרען אין 1879. אנטלאָפען פון פּאָליציי נאָך אויסלאַנד.

גאַלפּערן (געלפּערן), דאַוויד טאָדרעסאָוויטש — אַ זעצער. גע־זעסען 8 חדשים אין טורמע פאַר באַלאַנגען צו אבראַמאָוויטש׳ס קרייזעל. אין 1891 אַוועק נאָך אַמעריקע.

גערשאָווסקי, יאַקאָוו — אַ קאַמאַשען שטעפּער, געווען איינער פון די רעדנער אויף דער 1טען־מאַי פייערונג אין ווילנע אין 1892.

גאָרדאָן, לעוו אָסיפּאָוויטש — „פּאָטשאָטני גראַזשדאַנין״, סעק־רעטאַר פּעטעדבורגער אידישער געמיינדע און געז. צו פאַרשפּרייטען בילדונג צווישען אידען. אַרעסטירט אין 1879 דורך אַ מסירה. פאַרשפּאַרט אין ליטווישען שלאָס. פאַרשיקט אין אָלאָנעצקער גוב. באַפרייט געוואָרען און געשטעלט אונטער פּאָליציי אויפזיכט.

דאַווידאָוויטש (דאַווידאָוו), לייבע (לעאָן) מאָוושאָוויטש — שילער ווילנער ראַבינער שולע. אין 1870 באַלאַנגט צו אַ רעוואָלוציאָנערען קרייזעל פון זונדעלעוויטש. אין 1875 אַליין אָרגאַניזירט רעוואָלו־ציאָנערע קרייזלעך אין ווילנע, יעלץ, דווינסק, וויטעבסק, מינסק און גראָדנע. געלעבט אונטער דעם נאָמען לעווין און סאַנדלער. אין 1875 און 1876 אַרויסגעדרעהט זיך פון אַרעסטען, האָט זיך אָנגע־שלאָסען אָן דעם אַטריאַד פון טשערניאַיעוו און באַטייליגט זיך אין דער סערביש־טערקישער קריג. נאָך דער מלחמה געאַרבייט אין קיעוו. אום צו באַפרייען אַ רעוואָלוציאָנער פון דער טשיגירינסקער־טורמע — אַריין אין מיליטער דינסט אונטער דעם נאָמען קיבריק, האָט אַגיטירט צווישען סאָלדאַטען און דורך אַ געמאַכטען פייער באַ־פרייט דעם רעוואָלוציאָנער פון טורמע. געוואָרען אַ מיליטערישער

פעלדשער אין קאזאן. אין 1880 געוואָרען א אידישער נאַציאָנאַ־ליסט צוליב די פאָגראָמען אויף אידען. געשטאָרבען אין אדעס אין 1898.

וואָדאָגינסקי, חיים מענדעלעוויטש — געענדיגט ווילנער רעאל שולע און מאָסקווער טעכנישע שולע. באַלאַנגט צו א רעוואָלוציאָ־נערען קרייזעל פון סטודענטען־טעכניקער. געזעסען 10 חדשים אין טורמע נאָכהער ארויסגעשיקט נאָך ווילנע. געזעסען 4 חדשים אין טראָקער טורמע. געווען נאָכהער אונטער פאָליציי אויפזיכט.

וואָלאָצקי — א זעצער, איינער פון די פיאָנערען פון דער ווילנער ארבייטער באַוועגונג. באטייליגט זיך אין ווילנער קרייזלעך און שטרייק קאַסעס. אין 1891 געאַרבייט אין מינסק. אין 1892 צוריק אין ווילנע און געשטאָרבען דעם זעלבען יאָהר פון טיפוס.

וואָלפסאָן, מאָיסעי עליאשעוויטש — ארעסטירט אין 1876 און פאַרשיקט אין וויאַטקער גובערניע גון וואנען אנטלאָפען נאָך אויס־לאַנד.

ויגילעוו, באָריס דמיטראָוויטש („סטעפאַן") — געענדיגט וויל־נער 2טע גימנאַזיע. געווען דער פאָפולערסטער אגיטאַטאָר. ארעס־טירט אין 1904, 1905 און 1906, אנטלאָפען עטליכע מאָל פון פאָליציי צירקעל. אין 1907 עמיגרירט נאָך גאַליציען, געוואָרען א באָלשעוויק און סאָוועטישער קאָנסול אין ווארשע.

וויטקינד, יאַקאָוו (מאָיסעי) מאָיסעיעוויטש — געענדיגט ווילנער 2טע גימנאַזיע און אריינגעטראָטען אין מאָסקווער אוניווערסיטעט פון וואנען ער איז אויסגעשלאָסען געוואָרען אין 1891 און ארויסגעשיקט געוואָרען אין ווילנע. אין 1893 אריינגעטראָטען אין ווארשעווער אוניווערסיטעט, ארעסטירט און פאַרשפאַרט געוואָרען אין 10טען פאַוויליאָן. אין 1896 האָט מען איהם פאר׳משפט אויף 3 יאָהר סיביר, אָבער ער איז פון ווילנע אנטלאָפען.

ווילטער, מאַרק (גאָוסעי־מאָרדוך) — בונדיסט, געאַרבייט אין בונדישער דרוקעריי וועלכע איז געווען אויף זיין דירה, נאָכהער ארי־בער צו קאַפלינסקי׳ן. געלעבט אין בערהדיטשעוו אונטער דעם נאָ־מען פרידמאַן. אין 1899 אנטלאָפען נאָך שווייץ, וואו ער האָט געאַרבייט אין דער ס״ד דרוקעריי.

וויקער — שילער פון ווילנער ראבינער שולע. פראָפאַגאַנדירט אין דער ראבינער שולע.

ויינעל, הירש פינחאָסאָוויטש — שילער ווילנער לערער אינ־סטיטוט. ארעסטירט אין 1876, פארשיקט אין ארכאנגעלסקער גו־בערניע אונטער פאָליציי אויפזיכט.

וויינער, יאַנקעל לייזעראָוויטש — דאנטיסט. אין 1903 און

1904 דורכגעמאַכט אַביסקעס און געווען אַרעסטירט. געשטעלט גע־וואָרען אונטער פּאָליציי אויפזיכט.

ווײנער, לעוו (לעאָן) סעמיאָנאָוויטש (שמולעוויטש). — שילער ווילנער לערער אינסטיטוט. געהאַט אַן אַביסק אין 1875 אָבער ער האָט זיך אויסבאַהאַלטען. אויסגעשלאָסען געוואָרען פון אינסטיטוט. אין 1876 געווען איינער פון די גרינדער פון דער „געזעלשאַפט פון אידישע סאָציאַליסטען" אָרגאַניזירט פון א. ליבערמאַן אין לאָנדאָן.

ווײנער, שאַיע שעמעלעוויטש — ברודער פון לעוו ווײנער, באַלאַנגט צו דאַווידאָוויטש'עס קרייזעל און געשטעלט אונטער פּאָליציי אויפזיכט.

ווײנשטיין, ירמיהו חאַאימאָוויטש — שילער פון ווילנער לערער אינסטיטוט. באַלאַנגט צו דאַווידאָוויטש'עס קרייזעל און געשטעלט אונטער פּאָליציי אויפזיכט.

ווײנשטיין, מאָיסעי חאַאימאָוויטש — בוכהאַלטער. אין 1876 באַלאַנגט צו א רעוואָלוציאָנערען קרייזעל אין ווילנע. אַרעסטירט אין 1876 און געזעסען א מאָנאַט אין טורמע.

וואָראָנאָווסקי, אויסטין אויסטינאָוויטש — אַן אַדעלמאַן. געענדיגט ווילנער מיליטערישע גימנאַזיע און אָנגעקומען אין ניקאָלאַיעווער מיליטער־אינזשענערען שולע. אין 1872 געווען אונטער פּאָליציי־אויפזיכט. אַרעסטירט געוואָרען אין 1875 אין ווילנע און געזעסען אין ווילנער טורמע. פאַרשיקט געוואָרען אין וואָלאָגאַדסקער גובערניע און נאָכהער אין סיביר. געשטאָרבען אין 1913.

זאַוואַדסקי, אַלעקסאַנדער אַנטאָנאָוויטש — אַן אַדעלמאַן. גע־ענדיגט וואַרשעווער גימנאַזיע. געווען סטודענט אין וואַרשעווער אוניווערסיטעט, נאָכהער אין מעדיצינישע־כירורגישער אַקאַדעמיע. אַרעס־טירט אין 1878 און פאַרשפאַרט אין 10טען פּאַוויליאָן. פאַרשיקט אין סיביר.

זאַגורסקי, הענריעטאַ אָסיפּאָוונאַ — אין 1877 אונטער פּאָליציי־אויפזיכט. אין 1880 אין ווילנע אין דעם קרייזעל פון די שוועסטער דירמאָנט (עס־ערען).

זאַק, אַבעל חאַימאָוויטש — באַלאַנגט צו דאַווידאָוויטש'עס קריי־זעל. געווען אין 1875 אונטער פּאָליציי אויפזיכט.

זאַקרזשעווסקי, טערעזאַ קאָנסטאַנטינאָוונאַ — באַלאַנגט אין 1875 צו זונדעלעוויטש'עס קרייזעל. געווען אונטער פּאָליציי אויפ־זיכט. אין 1878־1879 באַלאַנגט צו א פּוילישען קרייזעל אין פּע־טערבורג.

זאַקרזשעווסקי, מיכאַלינאַ קאָנסטאַנטינאָוונאַ — באַלאַנגט צו א

ווילנער קרייזעל, געווען אונטער פּאָליציי־אויפזיכט, נאָכהער באַלאַנגט אין פּעטערבורג צו אַ פּוילישען קרייזעל.

זונדעלעוויטש, מיראָן איסאַקאָוויטש — ברודער פון אהרן זונדעלעוויטש. באַלאַנגט צו זיין ברודער׳ס קרייזעל. אַרעסטירט געוואָרען אין 1876. געשטעלט אונטער פּאָליציי אויפזיכט.

זעידלער, עדוואַרד לודוויגאָוויטש — שילער פון יעלעצקער טעכנישער אייזענבאַן שולע. אין 1876 באַלאַנגט צום קרייזעל פון זונדעלעוויטש. געשטעלט אונטער פּאָליציי אויפזיכט.

זנאַטשינסקי, קאָנסטאַנטין איוואַנאָוויטש — האָט באַלאַנגט צו אַ קרייזעל געפירט פון וויטאָרט און ווגראָווסקי אין ווילנע. געווען אונטער פּאָליציי אויפזיכט.

זעמאָצקי, יאָסיף פראַנצעוויטש — געענדיגט ווילנער גימנאַזיע און אָנגעקומען אין מעדיציניש־כירורגישער אַקאַדעמיע. אַרעסטירט אין 1879. געזעסען אין ליטווישען שלאָס. ארויסגעשיקט נאָך ווילנע אונטער פּאָליציי אויפזיכט. אין 1883 געענדיגט דאָקטאָר־מעדיצין און געוואָרען פּראָפעסאָר פון כירורגיע.

חאַבאַס, יאָסעל חאַצקעלעוויטש — באַזוכט ווילנער ראַבינער שולע. באַלאַנגט צו אַ רעוואָלוציאָנערען קרייזעל אין ווילנע. אין 1879 געענדיגט דאָקטאָר. אין 1900 געוואָרען מיליטער דאָקטאָר.

טריוואָש (טרייוויס), יאָסעל — באַלאַנגט אין 1875 צו אַ ווילנער רעוואָלוציאָנערען קרייזעל. אין 1876 געווען אונטער פּאָליציי־אויפזיכט.

לאַנצמאַן, זוסעל — אין 1876 באַלאַנגט צו אַ רעוואָלוציאָנערען קרייזעל אין ווילנע, געווען אונטער פּאָליציי אויפזיכט.

ליפשיץ (איסאַק), לייבאָוויטש — באַלאַנגט אין 1876 צו אַ רעוואָלוציאָנערען קרייזעל אין ווילנע. געווען אונטער פּאָליציי אויפזיכט.

נאָטעק, ראָזאַ יודעלעוונאַ — אין 1876 באַלאַנגט צו אַ רעוו. קרייזעל, ארויסגעשיקט אַדמיניסטראַטיוו פון ווילנע.

נאָוואַצקי, באָלעסלאַוו אָסיפּאָוויטש — אין 1877 געשטעלט אונטער פּאָליציי אויפזיכט. געזעסען אין ווילנער טורמע.

סאַיעט, גערמאַן שאַיעוויטש — אין 1875 באַלאַנגט צו אַ רעוו. קרייזעל אין ווילנע. אין 1876 געשטעלט אונטער פּאָליציי אויפזיכט.

סאַוויצקי, איוואַן לעאָפּאָלדאָוויטש — געענדיגט ווילנער גימנאַזיע. אָנגעקומען אין טעכנאָלאָגישען אינסטיטוט, פון וועלכען ער איז אויסגעשלאָסען געוואָרען. אַרעסטירט אין 1875 און ארויסגעשיקט געוואָרען אין אַרכאַנגעלסקער גובערניע.

סאָלאָווייטשוק (סאָלאָווייטשיק), איסאַק לייבאָוויטש — באַזוכט

ווילנער ראבינער שולע, סטודענט פון פיזיש־מאטעמאטישען פאקול־טעט און נאָכהער פון מעדיציניש־כירורגישער אקאדעמיע. האָט געהאט געהיימע פאַרזאמלונגען אויף זיין קוואַרטיר.

סאָקאָלאָוו, פאַוועל דמיטריעוויטש — באַזוכט ווילנער גימנאזיע, ארויס פון 5טען קלאס. אין 1877 אריינגעזעצט אין טורמע פאַר לעזען פאַרבאָטענע ביכער. געשטאָרבען אין 1878.

עפשטיין (קלעמענץ), אננא מאָרדוכאָוונא — אין 1871-1872 באַלאַנגט צו א רעוואָלוציאָנערען קרייזעל אין ווילנע.

עפשטיין, אָסיפּ מאָרדוכאָוויטש — ברודער פון אננא עפשטיין. אין 1878 באלאנגט צו א רעוואָלוציאָנערען קרייזעל אין ווילנע.

עפשטיין, מיראָן (מייער) מאָרדוכאָוויטש — ברודער פון אננא עפשטיין. באַזוכט ווילנער פּראגימנאזיע. אין 1875 באַלאַנגט צו א רעוואָלוציאָנערען קרייזעל אין ווילנע.

עפראָן, איסאַק אַבראַמאָוויטש — ברודער פון יאָסעל עפראָן. ארעסטירט אין 1876. געזעסען 13 מאָנאַטען אין טורמע. אין 1877 געוואָרען מעלאַנכאָליש און באַפרייט געוואָרען. נאָכהער פאַרשיקט אין סיביר, פון וואַנען אַנטלאָפען מיט זיין ברודער יאָסעל.

עפראָן, יאָסעל אַבראַמאָוויטש — אין 1874 באלאנגט צו א רעוואָלוציאָנערען קרייזעל אין בערלין. אין 1876 ארעסטירט אין מאָסקווע אַנשטאַט זיין ברודער. דעם זעלבען יאָהר נאָך אַמאָל ארעס־טירט און אָפּגעזעסען אכט־און־א־האַלב מאָנאַטען אין טורמע. ארויס־געשיקט אין ווילנע, פון וואַנען אַנטלאָפען.

עפראָן, שעפּשעל־קאַלמאַנאָוויטש — באַזוכט ווילנער ראבינער שולע. אין 1871-1875 לערער פון אידישער שולע און מיטארביי־טער פון „ווילענסקי וויעסטניק". באלאנגט צו א רעוו. קרייזעל.

ערמאַנס, יאָסיף דאַווידאָוויטש — א וואַלנא־אפּרעדעליאושטשיסיא אין טראָיאיצקען פּאָלק. האָט פאַרשפּרייט פאַרבאָטענע ביכער.

פּאָספּעלאָוו, ניקאָלאַי פּאַוולאָוויטש — געענדיגט ווילנער גימנאזיע, אנגעקומען אין וואַרשעווער וועטערינאַר אינסטיטוט, ארעסטירט אין 1878. איז געזעסען אין אַלעקסאַנדער ציטאַדעל אין וואַרשע. ארויס־געשיקט אין סיביר. אין 1881 אַנטלאָפען פון דאָרטען און ווידער ארעסטירט אין 1882. ענדע 1882 געשטאָרבען אין טאָמסקער טורמע.

פּעסקאָווסקי, חיה — אין 1879 אדמיניסטראַטיוו ארויסגעשיקט פון פּעטערבורג אין פאַרבינדונג מיט אַן אונלעגאַלער דרוקעריי.

קאָיראַנסקי, איסאַק — אַן אדוואָקאַט. אין 1873 ארויסגעשיקט פון פּעטערבורג נאָך ווילנע. איז געוועזן פאַרבונדען מיט א געהיימער דרוקעריי.

קאַראַנסקי, אַראָן — אין 1879 ארויסגעשיקט פון פעטערבורג נאָך ווילנע, וואו ער האָט באַלאַנגט צו אַ רעוו. קרייזעל.

קאַראַנסקי, לייזער (לאַזאַר) גערמאַנאָוויטש — סטודענט, אַרעס־טירט אין 1879, געזעסן 6 מאָנאַטען אין טורמע.

קאַראַנסקי, מאָיסעי סאַוועליעוויטש — אַדמיניסטראַטיוו אַרויסגע־שיקט פון פעטערבורג נאָך ווילנע. איז געווען פאַרבונדען מיט אַ געהיימער דרוקעריי.

קאַראַנסקי, סאַלאָמאָן (שליאָם) חיימאָוויטש — באַזוכט ווילנער גימנאַזיע. אין 1875 באַלאַנגט צו אַ רעוואָלוציאָנערען קרייזעל אין ווילנע. אין 1879 אונטער פּאָליציי אויפזיכט. ארויסגעשיקט אין קאַינסק, טאָמסקער גוב. אַריבערגעפירט אין יעניסייסק. צוריק באַזעצט זיך אין ווילנע אין 1897.

קאַץ, מייער מאָווּשאָוויטש — באַזוכט ווילנער גימנאַזיע. אין 1870 באַלאַנגט צו אַ רעוואָלוציאָנערען קרייזעל.

קלאַטשקאָ, אַרי־בענצעל דאַווידאָוויטש — אין 1875-1876 באַ־לאַנגט צו אַ רעוו. קרייזעל. אַרעסטירט אין 1876 און געשטעלט אונטער פּאָליציי אויפזיכט.

קליאַטשקאָ סאַמואיל (סעמיאָן) לוואָוויטש — סטודענט פון מע־דיצינישען פאַקולטעט אין מאָסקווע. אין 1871-72 הויפּט פון מאָס־קווער קרייזעל פון טשאַיקאָווצעס. אַרעסטירט אין 1872 און גע־שטעלט אונטער פּאָליציי אויפזיכט. אין 1873 אַוועקגעפאָהרען אין אויסלאַנד. ארויסגעשיקט פון פּאַריז אין 1879. באַזעצט זיך אין וויען. אין 1890 געווען אין אַמעריקע. געשטאָרבען אין וויען אין 1914.

קלעמבאַצקאַיאַ, רעוועקאַ — אין 1875 באַלאַנגט צו אַ רעוואָ־לוציאָנערען קרייזעל אין ווילנע (דאַווידאָוויטש'עס)

קעוויס — באַלאַנגט צו אַ רעוואָלוציאָנערען קרייזעל אין ווילנע אין 1876.

קעוועס (געבאָרענע רואווינאָוו) דעבאָראַ — אין 1879 אַדמי־ניסטראַטיוו ארויסגעשיקט פון פעטערבורג נאָך ווילנע. געווען פאַר־בונדען מיט אַ געהיימער דרוקעריי. באַלאַנגט צו אַ ווילנער רעוואָ־לוציאָנערען קרייזעל.

קעוועס, מייער־זעלמאָן אַבראַמאָוויטש — אין 1879 ארויסגע־שיקט פון פעטערבורג נאָך ווילנע. געווען אונטער פּאָליציי אויפ־זיכט. פאַרבונדען מיט אַ געהיימער דרוקעריי. אין 1879 ארויס־געשיקט אין אַרכאַנגעלסקער גובערניע

קעסטעלמאַן, לאה יאַנקעלעווּנאַ — אַרעסטירט אין ווילנע אין 1875.

קרעמער, גיטליאַ (גיטע) איצקאָווגאַ — אין 1875 באַלאַנגט צו א רעוואָלוציאָנערען קרייזעל. געשטעלט געווארען אונטער פּאָליציי־אויפזיכט.

ראַבינאָוויטש, נאַאום — שילער פון ווילנער ראַבינער שולע. אין 1875 באַלאַנגט צו א רעוואָלוציאָנערען קרייזעל.

ראַוויטש, יאָסעל לייבאָוויטש (לוואָוויטש) — באַלאַנגט צו א רעוואָלוציאָנערען קרייזעל אין ווילנע. אויסגעשלאָסען פון ווילנער פּראָגימנאַזיע. אַנגעקומען אין מאָסקווער אוניווערסיטעט. אין 1891 אויסגעשלאָסען פון אוניווערסיטעט. אַנגעקומען אין קאַזאַנער אוני־ווערסיטעט. געשטעלט אונטער פּאָליציי אויפזיכט. געענדיגט אלס דאָקטאָר אין 1894.

ראַוויטש, סאָפיאַ לייבאָווגאַ — שוועסטער פון י. ל. ראַוויטש. אין 1875 באַלאַנגט צו א רעוואָלוציאָנערען קרייזעל אין ווילנע. געשטעלט אונטער פּאָליציי אויפזיכט.

ראָס, יאָסעל יאָכעלעוויטש — א שרייבער פון ווילנער קרייז אינזשענערען אופּראַווליעניע. האָט באַזוכט ווילנער ראַבינער שולע. אין 1875 באַלאַנגט צו א רעוואָלוציאָנערען קרייזעל. אונטער פּאָליציי אויפזיכט.

רימאַן, אַבראַם עליאַשעוויטש — אין 1875 באַלאַנגט צו א רעוואָלוציאָנערען קרייזעל אין ווילנע. ארעסטירט געווארען אין 1876 געזעסען א מאָנאַט אין טורמע, נאָכהער אונטער פּאָליציי אויפזיכט.

שטעימאַן, מאָוושאַ־יאַנקעל שימעלעוויטש — א שוסטער. באַ־לאַנגט צו א רעוואָלוציאָנערען קרייזעל פון יאָסעלעוויטש.

שוואַבסקי — באַשעפטיגט זיך מיט צייכענען. געוואוינט אין ווילנע מיט יעפים גראָץ. אין פעב. 1879 געהאַט אַן אָביסק.

שקלאָווער — שילער פון ווילנער פּראָגימנאַזיע. אין 1879 באַ־לאַנגט צו א רעוואָלוציאָנערען קרייזעל אין ווילנע פון יאָסעלעוויטש.

---

אויסער די אָנגעגעבענע נעמען געפינט זיך א גרויסע צאָל נעמען פון ווילנער רעוואָלוציאָנערען אין די ארטיקלען פון ט. מ. קאָפּעלזאָן, דזשאָן מילל, א. ליעסין, ל. מארטאָוו, איזידאָר קאָהען, וועלוועל שאַץ, פּ. קורסקי, זרח נאַנעס, צביון, וולאַדימיר מעדעם, ב. מיכאַלעוויטש און שלמה קלייט.

דר. צמח שאַבאַד.

# די אידישע דאָקטוירים אין ווילנע אַנהויבענדיג פון דער צווייטער העלפט פון נייַנצענטען יאָרהונדערט.*)



די עלטסטע אידישע דאָקטוירים אין ווילנע, וועלכע איך געדענק פון מיין קינדהייט, זיינען געווען טראַכטענבערג און פּרוישטעטער.

מענדעל טראַכטענבערג (געבוירען 1799, גע־שטאָרבען 1890), האָט געענדיגט אין 1835 די אַמאָליגע ווילנער מעדיצינישע אַקאַדעמיע, וואָס איז געווען אַ המשך פון דעם מעדיצינישען פאַ־קולטעט פון דעם ווילנער אוניווערזיטעט, וועל־כען די רוסען האָבען פאַרמאַכט נאָכ'ן פּוילישען אויפשטאַנד אין יאָהר 1831. אויך די דאָזיגע אַקאַדע־מיע האָט די רעגירונג אין יאָהר 1842 פאַרמאַכט. טראַכטענ־בערג איז אַ לאַנגע צייט געווען דער איינציגער אידישער דאָקטאָר אין שטאָט און האָט געהאַט אַ גרויסע פּראַקטיק סיי ביי אידען, סיי ביי קריסטען (רוסען און פּאָליאַקען). ער איז שטענדיג געווען עלע־גאַנט אָנגעטאָן, דער האַרטער ווייסער קראַגען האָט שטייף אונטער־געהאַלטען זיין האַלז, און דער גאַנצער פּנים מיט די קליינע, גרויע באַקענבאַרדען האָבען אויסגעזעהן שטאָלץ, „גאָר ניט ווי אַ איד". טראַכטענבערג האָט גערעדט אַ גוטען, זאַפטיגען אידיש, צופּאַסענ־דיג זיך צום „פּאָלק", האָט אָבער אויך גע־קענט די אָרטיגע און פרעמדע שפּראַכען. ער איז געווען רייך, געהאַט אַן אייגענעם הויז און פלעגט ארויספאָהרען אין אַן אייגענער דראָזש־קע. טראַכטענבערג איז געווען זעהר אַ תקיף ביי „נאַטשאַלסטוואָ", איז געווען אָנגענומען פאר אַ מיטגליד אין אדעל־קלוב (דוואָריאַנסקי קלוב) און האָט שפּעטער בעקומען דעם טיטול „ווירקליכער מלוכה־ראַט" (דייסטוויטעלני סטאַטסקי סאָוויעטניק) און אויך „דוואָריאַנ־סטוואָ" פאַר זיך און פאַר זיינע קינדס־



דר. טראַכטענבערג

*) דער אַרטיקעל איז געשריבען און דערהאַלטען געוואָרען מיט עטליכע מאָנאַטען פאַר דר. צ. שאַבאַד'ס טויט.—רעד.

קינדער, דאָס הייסט, איינגעשריבען אין די ביכער (רעגאַליען) פון די אַדעל־לייט. מען דערצעהלט, אַז בעת טראַכטענבערג האָט אויס־געבויט זיין הויז אויף סוביטשער גאַס, האָט די גאַס זיך גערופען „הונט גאַס” (סאַבאַטשיאַ אוליצאַ), ווייל די רוסען האָבען ניט גע־וואָלט לאָזען דעם פּוילישען נאָמען „סובאָטש”. טראַכטענבערג'ן האָט ניט געפּאַסט אַזאַ נאָמען און ער האָט גע'פּועל'ט ביים גענעראַל גו־בערנאַטאָר מען זאָל דער גאַס אַ נאָמען געבען „יתומים־גאַס” („סי־ראָטסקאַיאַ”), ווייל דאָרטען האָט זיך שוין געפונען דאָס הויז פאַר אונטערגעוואָרפענע קינדער.

ס'איז מיר ניט באַקאַנט טראַכטענבערג זאָל נעמען וועלכען עס איז וויכטיגען אַנטייל אין דעם דאַמאָלסדיגען אידישען לעבען, חוץ דעם, וואָס ער איז אַ לאַנגע צייט געווען שעף־דאָקטאָר אין אידישען שפּי־טאָל. זעהר באַליבט ביי די אידישע אָרימע מאַסען איז ער משמעות ניט געווען. אויך אין הלכות פאָדערונג פון האָנאָראַר איז ער אויך ניט געווען זעהר ליבעראַל. מען דערצעהלט, אַז ער פלעגט זאָגען, אַז אויף צו ווערען רייך דאַרף מען ניט זיין גראַד אַ דאָקטאָר: „איך וואָלט האַנדלען מיט ציבעלע, וואָלט איך אויך געווען רייך”.

פאַרקערט, זעהר באַליבט ביי דער אָרימער באַפעלקערונג איז געווען דער אַנדערער דאָקטאָר, וועלכען איך געדענק, — פרוישטעט־טער.

וואָלף פרוישטעטער איז געבוירען געוואָרען אין 1829, געענדיגט פּעטערבורגער מעדיקאָ־כירורגישע אַקאַדעמיע אין 1857, געווען אָר־דינאַטאָר אין אידישען שפּיטאָל און געשטאָרבען אין 1876. דאָס איז געווען אַ באַשיידענער מענטש מיט שוואַרצע באַקענבאַרדען, וועלכער פלעגט אַלע מאָל געהן צופוס מיט אַ שטעקען מיט אַ שעהנער העלפאַנט־ביינערנעם קעפּעל און זיך באַנוגענט מיט אַ קליינעם האָנאָראַר. דער עולם פלעגט זיך פונדעסטוועגען צו איהם באַציהען מיט גרויס אַכטונג (ווי בכלל צו דאָק־טוירים) און זיך צוהערען מיט יראת־הכבוד צו יעדען וואָרט, וואָס ער פלעגט זאָגען. איך גע־דענק, ווי ער איז אַמאָל געקומען צו מיין רבי'ן, וואָס איז עפּעס, געהענדיג שפּעט אין אָוונט נאָך אַ סיום, אַריינגעפאַלען אין אַפּטרעט און איז דערפון קראַנק געוואָרען. ריכטענדיג זיך אויפ'ן דאָקטאָר, האָט מען דעם טיש באַדעקט מיט אַ ווייסען טישטוך, צו־געגרייט פּאַפּיר, אַ טינט־און־פען און



דר. וו. פרוישטעטער

צוואַנציג קאָפּיקעס האָנאָראַר. בעת דעם רבינ'ס מוטער האָט געפּרעגט דעם דאָקטאָר, צי לוינט אָנצוגעבען אין געריכט אויפ'ן באַלעבאָס פון הויז פאר דעם, וואָס ער האָט געלאָזען אָפען די גרוב ביינאַכט, האָט ער געענטפערט: עט, עס לוינט ניט; עס וועט דאָך זיין „אַ ד . . . ר געשעפט".

פּרווישטעטער האָט געלאָזען אַ זוהן (אַן אַפּטייקער) און אַ טאָכטער, וואָס איז געווען צוויי מאָל פאַרהייראַט און האָט די גאַנצע צייט גע־לעבט אין ווילנע.

טראַכטענבערג'ס צוויי זיהן זיינען געווען גרויסע גאַרנישטען. איינער פון זיי האָט זיך גע'שמד'ט און געוואָרען ערגעץ־וואו אַ „סמאָטריטעל" אין מאָסקווע. פון זיינע דריי טעכטער האָט איינע חתונה געהאַט פאַר'ן פּראָפעסאָר פאַלקענהיים אין קעניגסבערג, די אַנ־דערע, פאַר'ן אַפּטייקער שערעשעווסקי (דער ערשטער געעפענט אין ווילנע אַן אינסטיטוט פאר קינסטליכע מינעראַל־וואַסער), און די דריטע — פאַר'ן דאָקטאָר אַנאַטאָלי בלאָך.

אַנאַטאָלי בלאָך, אַ זוהן פון אַ באַקאַנטער אידישער פאַמיליע, האָט לאַנג פּראַקטיצירט אין ווילנע, געווען אָרדינאַטאָר אין קריסטליכען שפּיטאָל „סאַוויטש" און געטראָגן אַ „קאַזיאָנע" היטעל מיט אַ קאָ־קאַרדע. אין געזעלשאַפטליכען לעבען פון שטאָט האָט ער קיין באַדיי־טענדע ראָליע ניט געשפּילט.


דר. סטעמבאַ

אַ פּראָמינענטע פּערזענליכקייט איז געווען דאָקטאָר לאַזאַר סטעמבאָ (געבוירען אין 1857, געשטאָרבען אין 1905). אַ זוהן פון אָרימע על־טערען, האָט ער געענדיגט די ווילנער ראַבינער־שול, דערנאָך שטודירט מעדיצין אין בערלין, און אין 1878 אָפּגעגעבען עקזאַמען אין פּעטערבורג. ער האָט געהאַט אַ קאָלאָסאַלע מע־דיצינישע פּראַקטיק אין שטאָט און אין גאַנצען געגענט. ער איז געווען הויז־דאָקטאָר ביי פיל פריצים און הויכע בעאַמטע, ווי דער שול־קוראַטאָר סערגעיעווסקי, ביים אַרכיערײ, א. א. סטעמבאָ איז געווען זעהר אַ קלוגער, פעהיגער און אָנגעזעהענער פּראַקטיקער, געשריבען פיל וויסענשאַפטליכע אַרטיקלען, דער עיקר וועגען נערווען־קראַנקהייטען, אין די אויסלענדישע זשורנאַלען, אַזוי אַז זיין נאָמען איז באַקאַנט אין דער מעדיצינישער ליטעראַטור. יעטווידער מעדיצינישע נייעס פלעגט סטעמבאַ דער ערש־טער תיכף איינפיהרען אין זיין פּראַקטיק און עס אָנווענדען אין

לעבען: עלעקטרישע באהאנדלונג, רענטגען־שטראַלען, דיפטעריט־סע־רום א. ד. גל. סטעמבא איז געווען אָרדינאַטאָר אין אידישען שפּי־טאָל, ראַטמאַן אין שטאָט־ראַט, אַקטיווער מיטגליד אין דער מעדיציני־שער געזעלשאַפט, אין וועלכער ער פלעגט זיך אָפט טיילען מיט זיין גרויסער געניטקייט.

סטעמבא איז ניט גענוג געווען אָפּגעשאַצט פון די ווילנער קאָ־לעגען און אויך ניט דורך די טויזענטער פאַציענטער, ביי וועלכע ער האָט אין לעבען געהאַט אזא גרויסע הצלחה. די לויה נאָך זיין טויט איז געווען לפי ערך א באשיידענע, ניט אנטשפּרעכענדיג זיי־נע גרויסע פאַרדינסטען פאַר דער באַפעלקערונג. אויך זיינע צוויי זיהן האָבען דעם נפטר קיין כבוד ניט געמאכט. דער עלטערער, א פעהיגער יונגערמאַן, האָט לכתחילה געשפּילט א געוויסע ראָליע אין דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באוועגונג, אָבער שפּעטער האָט זיך ארויס־געוויזען, אז ער איז נאָהענט געשטאַנען צום פּאָליציי־דעפּאַרטמענט. דער אינגערער, א טויגעניכטס, האָט זיך פאַרקויפט דער רוסישער שוואַרץ־מאָה'דיגער פּרעסע. בעת דעם ביאַליסטאָקער פּראָצעס האָט ער געלאָזען פאַרעפענטליכען אז ער האָט כלומר'שט געהערט פון זיין פאָטער „דעם ראַביניסט", אז אידען געברויכען טאָקע אויף פסח קריסטליך בלוט.


דר. סאמועלסאָן

א גאַנץ אומבאַדייטענדע פּערזענליכקייט איז געווען דאָקטאָר לודוויג סאַמועלסאָן, וועלכער האָט 30 יאהר נאָכאַנאַנד פאַרנומען דעם פּאָס־טען פון א שעף־דאָקטאָר אין אידישען שפּיטאָל. פיל סימפּאַטישער איז געווען דער שפּעטער־דיגער שעף־דאָקטאָר לעוו גערשון (אן עלטערער ברודער פון אונזער גרי־גאָרי גערשון), א ליבער מענש אין זיינע באַצי־הונגען הן צו קראַנקע, הן צו די קאָלעגען (געבוי־בוירען אין 1836, גע־שטאָרבען אין 1897).


דר. ל. גערשון.

נאָך לעוו גערשונען איז שעף־דאָקטאָר געווען ווילהעלם זאַלקינד (געבוירען אין יאָהר 1859, געשטאָרבען אין 1924), אַן אלטער תושב (דער פאָטער איז געווען א באַקאַנ־טער אפּטייקער, דער זיידע, שלמה זאַלקינד,



דר. זאַלקינד

א באַריהמטער העברעאישער השכלה־דיכטער און לעהרער אין ראַבינער שול). דר. זאַלקינד האָט געענדיגט די מעדיצינישע אַקאַדעמיע אין פּעטערבורג און האָט אָנגעשריבען אַן אינטערע־סאַנטע דיסערטאַציע — די ערשטע אין דעם מין — וועגען דער סאַניטאַרער לאַגע פון דער שטאָט ווילנע.

פון די אָרדינאַטאָרען פון דעם אידישען שפּיטאָל פון יענער צייט דאַרף נאָך דערמאָנט ווערען אַדאָלף קאָהאַן (דעם געוועזענעם ווילנער „קאַזיאָני" ראַבינער'ס שעפּטעל קלאַטשקאָ'ס איידעם), זעהר א סימפּאַטישער מענש און אין שטאָט א באַליבטער דאָקטאָר, מיט גרויס פּראַק־טיק ווי אַ כירורג און אויך ספּעציאַליסט אויף נאָז, האַלז און אויערען קראַנקהייטען (געבוירען 1859 אין קעשענעוו, געשטאָרבען אָרעם און פאַרוואָגעלט ערגעץ־וואו אין קרים בעת דער מלחמה, אין 1919).

דאָ דאַרף באַמערקט ווערען, אַז אין די 80־90־ער יאָהרען איז פאָרגעקומען א גרויסער שינוי אין די פאַרהעלטנישען פון די אידישע דאָקטוירים אין ווילנע. ביז דער צייט פלעגט די באַפעלקערונג זיך קורירען דער עיקר ביי די קריסטליכע (דער עיקר פּוילישע) דאָקטוי־רים און אויך ביי די פעלדשאַרעם. חוץ דעם פלעגט כמעט יעדער דאָקטאָר האָבען „זיין" פעלדשער („זשידעק"), צו וועלכען דער חולה פלעגט אַפריהער אריינפאַלען, און ער, דער פעלדשער, פלעגט שוין לויט זיין איינענעם איינזעהן שיקען צו דעם אָדער יענעם דאָקטאָר. מיט'ן אָנקומען אין ווילנע פון א רייהע יונגע אידישע דאָקטוירים, וואָס זיינען גוט געווען צוגעגרייט אין זייער פאַך, דאָס רוב אין אויסלאַנד, האָט זיך די זאַך פיל געביטען. אַזוינע דאָקטוירים ווי די דער־מאָנטע סטעמבאַ, קאָהאַן, ווינאָדסקי (אַקו־שעריע), לעוו גערשון (הויט־קראַנקהייטען) און אנדערע האָבען צוגעצויגען צו זיך אויך די קריסטליכע פּראַקטיק און אוועקגעשטעלט די מעדיצין אין ווילנער געגענט אויף א מאָדער־נער הויך. אגב פלעגט דאַן די רוסישע באַ־פעלקערונג (בעאַמטע און מיליטער־לייט) זיך אויך גערנער קורירען ביי אידישע דאָקטוירים



דר. א. קאָהען


דר. איליא בלאך

איידער ביי פוילישע. ס'זיינען געקומען נאך גוט אויסגעבילדעטע אקושערן, ווי. דר. איליא בלאך, געבוירען 1860, געשטארבען 1920), עמנואל כהן (איצט אין ירושלים) און אנדערע, קינדער דאקטוירים — ה. קאוואַרסקי, אברהם מאקאָווער, רענטגענאלאָגען, יעקב דילאן (איצט פראפעסאר אין מאסקווע און א. וואַנטער, אויגען־דאקטוירים — גארפיין (געבוירען 1862, געשטארבען 1930, גר. ראם (געבוירען 1863, געשטארבען 1930), גר. ראם (געבוירען 1863, דאקטוירים האט געגעבען די באקאנטע פאמי־ליע ראם (די עלטסטע אידישע דרוקעריי): גע־ראסים ראם, דער אלמנה דבורה ראם'ס זוהן, צוויי ברידער — איטע ראם'ס זיהן — און אלעקסאנדער, מאנע ראם'ס זוהן, וואס פיהרט נאך ביז היינט צו טאג זיין (די ערשטע אידישע) לאבאראטאריע פאר מעדיצינישע אנאליזען.

דער פעהיגסטער פון זיי איז געווען געראסים (גריגאָרי דאווי־דאָוויטש) ראם (געבוירען 1854), א גוטער כירורג און געזעלשאפטליך־פאליטישער טוער. ער האט געהערט צו דעם לינקען פליגעל פון דער „קאדעטישער" פארטיי, גענומען אן אקטיווען אנטייל אין אידישען געזעלשאפטליכען לעבען, געהאט גרויסע פארבינדונגען, נאך פאר דער מלחמה און בעת דער אקופאציע איז ער געווען מיטגליד פון א געהיימער פאליטישער ארגאניזאציע, וואס איז באשטאנען פון די ראדיקאלע פארשטייער פון די ארטיגע נאציאנאליטעטען: פאליאקען, ווייס־רוסען, ליטווינער און אידען. אנגעהוי־בען פון אן אנגעזעהענער קאריערע אין ווילנע, האט ער — א קראנקער, אין פארגעסענקייט, פארבראכט זיינע לעצטע יאהרען אפריהער אין ליטע און דערנאך אין לענינגראד (געשטאר־בען אין 1932).


דר. אלעקסאנדער ראם

דא דארפען דערמאנט ווערען: מיכאל ווי־גאָרסקי (געבוירען 1863, געשטארבען 1911), וואס איז געקומען פון באברויסק, וואו ער האט געהאט א גרויסע פראקטיק און פארנומען א בכבוד'יגען ארט אין דער געזעלשאפט און די נאהענטע צוויי חברים, דוד ראזענקראנץ (געבוירען אין 1854, געשטארבען אין 1927), איינער פון די יורשים פון באקאנטען


דר. גריגאָרי ראָם

אידישען הדוק „ראָזענקראַנץ און שריפטזועצער", און בנימין פין (געבוירען 1859), וועלכער האָט פאַרנומען גאָר אַ באַזונדערען אָרט אין אידישען געזעלשאַפטליכען לעבען — אַ זוהן פון דעם באַקאַנטען אידישען געלערנטען, היסטאָריקער און רעדאַקטאָר, שמואל יוסף פין. אַ בן־יחיד ביי זיינע עלטערען, האָט דר. פין (ניט קיין גרויסער מתמיד) שפּעט, לויט זיינע יאָהרען, געענדיגט דאָקטאָר. אין ווילנע האָט ער געהאַט ניט קיין גרויסע, נאָר אַ רייכע פּראַקטיק, ווי ער פלעגט וויצלענדיג זיך זאָגען, ניט אַ דאַנק זיינע קענטענישען אין מעדיצין, נאָר צוליב זיין שעהנעם ארויספאָהר מיט אַ קוטשער אין אַ צילינדער. מאַטעריעל פאַרזאָרגט, פלעגט זיך פין אויך וויניג יאָגען נאָך פאַרדינסטען. ער איז געווען לויט'ן כאַראַקטער אַ סיבאַריט, פלעגט ליב האָבען שעה'נווייז פאַרברייגגען ביי זיך אָדער ביי פריינד־פּאַציענטען ביי אַ בוך אָדער אין שמועסען. פין איז געבליבען אַ בחור און געהאַט פיל פריינד, אפילו אין דער קריסטליכער געזעלשאַפט. ער איז געווען איינער פון די וויצע־גבאים אין דער רעפאָרמירטער צדקה־גדולה און אויך ראַטמאַן אין שטאָטראַט. ליגענדיג אויפ'ן קראַנקען־בעט האָט פין באַצייטענס געשריבען אַ צואה, לויט וועלכער זיין גאַנצע ירושה (בערך 100.000 ר.) זאָל דינען דער פּראָדוקטיוויזאַציע פון דער אידישער יוגענט. נאָך זיין טויט (1901) איז טאַקע געעפענט געוואָרען די באַקאַנטע „הילף דורך ארבייט", וואָס עקזיסטירט נאָך עד היום שוין העכער 30 יאָהר, און ארויסגעלאָזען אידישע יונגע פּראָפעסיאָנאַלען אויף אַלע געביטען פון מלאכה, קונסט און טעכניק.


דר. ראָזענקראַנץ

זעהר פיל מיטגעהאָלפען דעם ערפאָלג פון אָט דעם אַנשטאַלט, דער עיקר אין די ערשטע יאָהרען, האָט דער דאַמאָלסט יונגער דאָקטאָר אברהם ברי אברהם מאַקאָווער. געבוירען אין ווילנע, אין 1869, אין אַ באַלעבאַטישער פאַמיליע, האָט ער דאָ געענדיגט גימנאַזיע, שטודירט מעדיצין אין כאַרקאָוו, פון דאַנען אויסגעשלאָסען געוואָרען פאַר זיין אַנטייל אין די סטודענטישע „אומרוהען", געענדיגט דאָקטאָר אין ווירצבורג און דערנאָך זיך ספּעציאַליזירט אין בערלין אויף קינדער־קראַנק־

הייטען. אַ קלוגער, סימפּאַטישער און ענערגישער מענש, מיט אַ ברייטען געזעלשאַפטליכען חוש, איז א. מאַקאָווער אויסגעקליבען גע־וואָרען אַלס סעקרעטאַר (ניט באַצאָלטער) אין „הילף דורך ארבייט" און געווען דאָ „די נשמה" פון דער דאָזיגער געזעלשאַפט, אַריינ־טראָגענדיג אין דער אַרבייט פיל ענערגיע און איניציאַטיווע. קומענ־דיג אין באַרירונג דורך זיין מעדיצינישער פּראַקטיק מיט די אָרימסטע אידישע שיכטען, האָט זיך מאַקאָווער פאַראינטערעסירט מיט די וואוינונגען פון אָט דעם טייל פון דער באַפעלקערונג. אָן שום הילף מן הצד האָט ער גאַנץ וויסענשאַפטליך אונטערזוכט, לויט אַ באַ־שטימטער פּראָגראַם (אנקעטע־בויגענס) 200 אַזוינע וואוינונגען. זיין רעפעראַט האָט ער געהאַלטען אויף דעם פּיראָגאָווער צוזאַמענפאָהר אין פּעטערבורג אין 1912 און האָט ביי דעם עולם זעהר אויסגענומען. צום באַדויערען איז דער דאָזיגער פּאָרטראַג ניט אָפּגעדרוקט געוואָרען אין זיין גאַנצען פאַרנעם און געבליבען ניט אויסגענוצט דורך די שפּעטערדיגע פאָרשער אויף דעם געביט. בכל אופן זיינען די אויס־פיהרען מאַקאָווער'ס געווען שוידערליכע. די אַנטי־היגיענישקייט פון די אָרעמע אידישע וואוינונגען (פינסטערע, ענגע, פייכטע) האָט איבער־געשטיגען די ערגסטע ידיעות וואָס זיינען אין דעם פּרט באַקאַנט אין דער סטאַטיסטישער ליטעראַטור. דערביי האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז דער אָרעמאַן צאָלט פאַר אַ קוואַדראַט־מעטער פון אַזאַ דירה פיל טייי־ערער, ווי מען צאָלט אין די בעל־עטאַזשען פון די שענסטע וואוי־נונגען אין שטאָט.

זעהר וויכטיג זיינען אויך געווען מאַקאָווער'ס פאָרשונגען — די ערשטע אין ווילנע — איבער דעם פיזישען צושטאַנד פון די תלמידים פון דער באַקאַנטער דאַמאָלסדיגער כהניס גימנאַזיע (מיט מלוכה־רעכט) און זיינע פאַרגלייכונגען מיט ידיעות פון אַנדערע מחברים.

דער פאָלקסטימליכער גייסט, מיט וועלכען מאַקאָווער איז געווען דורכגעדרונגען, האָט איהם געשטויסען אויך זיך צו פאַרנעמען מיט דער סאַניטאַר־היגיענישער און פּאָפּולאַריזאַטאָרישער אַרבייט צווישען דער אידישער באַפעלקערונג. אומקערענדיג זיך נאָך דער מלחמה קיין ווילנע, האָט ער געגרינדעט די געזעלשאַפט „אָזע", וועלכער ער איז געווען איבערגעגעבען מיט לייב און נשמה ביז דעם לעצטען טאָג פון זיין לעבען. מאַקאָווער איז געשטאָרבען אין 1920, אין מיטען פון זיין אַרבייט און געלאָזען נאָך זיך אינסטיטוציעס, אין וועלכע זיין נאָמען איז פאַראייביגט.

בעת דער דייטשער אָקופּאַציע, 1916, זיינען געשטאָרבען אין ווילנע דר. לאַפּידעס און דר. עפּשטיין. טוביה לאַפּידעס, אַ געבוירענער ווילנער תושב (אין 1869), אַ באַשיידענער, מיושב'דיגער מענש, איז געווען, אַ דאַנק זיינע גרויסע פּאַכמענישע קענטעניש, אַ לענגערע


דר. עפּשטיין

ציים דירעקטאָר אין דער אַקושער־שול ביים שפּיטאָל „יאַקוב"; אַזאַ פּאָסטען האָט אַ איד זעלטען ווען זוכה געווען צו פאַרנעמען. דר. יוסף עפּשטיין האָט זיך באַזעצט אין ווילנע קומענדיג פון אַ קליין שטעדטעל (סמאַרגאָן) און איז געווען זעהר פּאָפּולער אין די ציוניסטישע קרייזען, אַ דאַנק זיין איבערגעגעבענער ארבייט אויפ'ן שול־געביט. בעת דער דייטשער אָקופּאַציע האָט ער געגרינדעט אין ווילנע אַ העברעאישע גימנאַזיע, וועלכע טראָגט נאָך עד היום זיין נאָמען. געשטאָרבען איז ער אין 1916, פון טיפוס.

אַ גרויסען פאַרלוסט האָט געהאַט די ווילנער געזעלשאַפטליכקייט מיט'ן טויט פון דר. יוסף רעגענסבורג (געשטאָרבען אין 1930). אַ זוהן פון אַ רב אין קורלאַנד, איז רעגענסבורג געווען אַ גרויסער תלמודיסט (געהאַט סמיכות אויף רבנות), שטודירט פילאָזאָפיע און מעדיצין אין דייטשלאַנד (באַקומען אַ צווייאיגען דאָקטאָר־טיטעל), געווען פּיליטיג געבילדעט און זיך ספּעציאַליזירט אויף נערווען־קראַנקהייטען. ער איז געווען אַ גוטער רעדנער און זיינע לעקציעס אויף פאַרשידענע געביטען — פּאָפּולערע און ספּעציעלע — פלעגען צוציהען אַ גרויסען קאָנטינגענט צוהערער. באַהערשענדיג פּאָלקאָם דייטש און העברעאיש, האָט ער זיך אויסגעלערענט אויך אידיש, וואָס האָט נאָך מעהרער איהם געמאַכט פּאָפּולער צווישען די ברייטע שיכטען. פיל צייט פלעגט ער אָפּגעבען וויסענשאַפטליכער ארבייט, געהאַט ביי זיך אַ ווערטפולע ביבליאָטעק, וואָס האָט געזאָלט נאָך זיין טויט איבערגעגעבען ווערען אין ירושלים'ער אוניווערזיטעט.

אַ היבשער טייל אידישע דאָקטוירים, וואָס האָבען געענדיגט די מיליטער־מעדיצינישע אַקאַדעמיע אין פּעטערבורג און אין די רוסענצייטען לכתחילה געדינט אין מיליטער, האָבען זיך אָפּגעזאָגט פון זייערע שטעלעס און זיך באַזעצט פּראַקטיצירען אין ווילנע. דהיינו: ק. ראָגאָוו (געבוירען אין איוויע, געשטאָרבען אין 1911); ז. זשוק, אַן אַלטער ווילנער תושב (געשטאָרבען אין 1912); פּאַכמאַן (געבוירען אין 1842, געשטאָרבען אין 1911) און אַנדערע. דאָ זיינען ניט אריינגערעכענט די דאָקטוירים, וואָס דער גרעסטער טייל זייערער איז גערופען געוואָרען אין מיליטער בעת דעם רוסיש־יאַפּאַנישען קריג און בעת דער לעצטער וועלט־מלחמה. אַ טייל פון זיי איז נאָך דער מלחמה צוריקגעקומען קיין ווילנע, אַ טייל איז געבליבען אין רוסלאַנד. פון אַט די לעצטע דאַרף דערמאָנט ווערען העניק סאָלאָנאָוויטש (געשט.


דר. איינהאָרן.

אין 1934), וואָס איז געווען פּאַרוואַלטער פון די „בילינע היגיענישע וואוינונגען" פון יק"א אויף סוביטשער גאַס און אויך זעהר פיל געאַרבייט אין ווילנע אויפ'ן געביט פון קינדער־פאַרזאָרגונג און אויפקלערונג דורך פּאָפּולערע לעקציעס אויף „היגיענע"). איינער פון די ווילנער דאָקטוירים, וועלכע זיינען מאָביליזירט געוואָרען אין יאָהר 1914, דער יונגער סימפּאַטישער פּוזיריסקי, איז גע'הרג'ט געוואָרען אויפ'ן פראָנט אין מזרח־פּרייסען בעת דער מפּלה פון רוסישען גענעראַל רענענקאַמף. גר. ראַטנער, געשטאַמט פון א יחוס'דיגער פאַמיליע (געשטאָרבען 1917). קסאַיניק (געשטאָרבען אין 1917) און אַנדערע.

אַנדערע אידישע דאָקטוירים ווידער פלעגען קומען קיין ווילנע שוין נאָכ'ן ענדיגען זייער מיליטער־דינסט און דאָ אויסלעבען זייערע לעצטע יאהרען. איינער פון זיי איז געווען מרדכי מיטאַווער, אַן אַלטער בחור (געבוירען אין 1936) אין טשין פון גענעראַל, אַן ארעמען ווילנער מלמד'ס א זוהן. ביז'ן טויט האָט דר. מיטאַווער באַקומען פּענסיע פון דער מלוכה און אין 1927 איז ער איינזאַם געשטאָרבען אין מושב־זקנים. אַן אָריגינעלער מענש איז געווען איינהאָרן (דעם באַקאַנטען דיכטער'ס, דוד איינהאָרן'ס פאָטער). ער האָט אוועקגעוואָרפען זיין מיליטערדינסט און האָט יום ולילה געלערענט אין די ישיבות אָדער אין גאון'ס קלויז. א קרענקליכער איז ער געשטאָרבען אין אָרעמקייט, ווייט פון געזעלשאַפטליכען לעבען.


דר. פּאָטשטער

פון דער אינגערער גענעראַציע געשטאָרבענע אידישע דאָקטוירים זיינען געווען: דער באַשוידענער מ. שקאָט (געשטאָרבען אין יאָהר 1913, פון פלעק־טיפוס); לעייב חייט געבוירען אין 1887, געשטאָרבען אין 1925), א טיכטיגער שול־דאָקטאָר, וואָס זיינע פאָרשונגען איבער דעם פיזישען צושטאַנד פון די אידישע שול־קינדער אין די פאָלקס־שולען זיינען נאָך איצט אַן אינטערעסאַנטער דאָקומענט צו דער אידישער דעמאָגראַפיע; ש. פּאָטשטער (געבוירען 1867, געשטאָרבען 1923), דער ע־שטער איד, וואָס איז געווען סאַניטאַר־דאָקטאָר אין ווילנער מאַגיסטראַט און פיל אויפגעטאָן אויף



דר. ראָזענטאַל (אָנמאָן)

דעם דאָזיגען געביט; אָסקאַר שאַפּיראָ (געבוי־רען 1868, געשטאָרבען 1927), אַן איבערגעגע־בענער מיטאַרבייטער אין דער אַנטיטובערקולאָ־זער ליגע, און אַנדערע.

צווישען די ווילנער אידישע דאָקטוירים, וואָס האָבען געשפּילט אַ וויכטיגע פּאָ־ליטישע ראָלע, דער עיקר אין דער רעוואָלו־ציאָנערער באַוועגונג, איז באַקאַנט דר. פּאַוועל ראָזענטאַל (געבוירען געוואָרען אין ווילנע, אין 1972, געשטאָרבען אין 1924). פון די סטודענטישע יאָהרען נעמט ער אַ גרויסען אָנ־טייל אין „בונד" (פּסעוודאָנים אָנמאָן). אַר־בייט אין כאַרקאָוו, ביאַליסטאָק און ווילנע, איז איינער פון די ערשטע שעפער פון דער סאָציא־ליסטישער „זשאַרגאָנישער" ליטעראַטור, פאַר־פאַסט עטליכע ביכער וועגען דער געשיכטע און פּראַקטיק פון רע־וואָלוציעס, ווערט עטליכע מאָל אַרעסטירט און דערנאָך פאַרשיקט (צו־זאַמען מיט זיין פרוי, אננא ראָזענטאַל) אין סיביר אויף קאַטאָרגע, מאַכט דאָרטען דורך די באַריהמטע „ראָמאַנאָווסקע" טראַגעדיע, וואו ער שטעלט אין סכנה זיין לעבען, און קומט ענדליך אין ווילנע. דאָ עפענט ער אַ לאַבאָראַטאָריע פאַר מעדיצינישע אַנאַליזען און גיט זיך אָפּ לעגאַלער, פּאָליטיש־בונדישער און אויך קולטורעל־געזעל־שאַפטליכער אַרבייט.

פון די פרויען־דאָקטוירים זיינען פאַר דער צייט אָוועק פון דער וועלט, די טאַלאַנטפולע וועראַ גרשון (גע־בוירען 1890, געשטאָרבען 1927), אַן אויסגעצ־ייכענטע אויגען־דאָקטאָרין, און פּאַולינאַ בראָדסקי (געבוירען 1888, געשטאָרבען 1931), וואָס האָט דורך איהר איבערגעגעבענער אַר־בייט אין „אָזע־טאָז", אַלס ערשטע פּאַרוואַל־טערין פון דער מוסטערהאַפטער קאָנסול־טאַציע פאַר מוטערס און פון קינדערהיים פאַר אונטערגעוואָרפענע קינדער און יתומים, פיל אויפגעטאָן אויף'ן געביט פון קינדער־שוץ און פאַר פאַרקלענערונג פון דער קינדער־שטערב־ליכקייט ביי אידען אין ווילנע.



דר. געצאָוו

מיט אַ יאָהר צוריק, אין 1933 איז גע־

געשטאָרבען אין ווילנע אין מיטען דער ארבייט אין אידישען שפּיטאָל גריגאָרי געצאָוו (געבוירען אין 1880), א טאַלאַנטירטער מענש און אקושער. זיין געזעלשאַפטליכע ארבייט אין די מעדיצינישע וויסענ־שאַפטליכע און פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס האָט זעהר שטארק מיט־געווירקט, אז דער נאָמען פון אידישען דאָקטאָר זאָל זיין געאַכטעט אין אַלע קרייזען, אויך אין ניט־אידישע. אונטער זיין פּאַכמענישער השפעה האָבען זיך אויסגעבילדעט א רייהע פרויען־דאָקטוירים און אקו־שערען, וואָס פּראַקטיצירען אין שטאָט און אין דער פּראָווינץ.

מאַכענדיג א סך־הכל פון דער דאָזיגער קורצער איבערזיכט, קען מען קומען צום אויספיהר, אז ניט קוקענדיג אויף די שווערע באַ־דינגונגען, אין וועלכע עס קומט אוים צו לעבען דער אידישער פּראָ־פיסאָנעלער אינטעליגענץ — צוליב א רייהע פּאָליטישע און עקאָנאָמישע סיבות — שטעהען די אידישע דאָקטוירים אין ווילנע אויף דער געהעריגער גייסטיגער הויך. ניט איינער פון זיי גיט אפּ זיינע כוחות און קענטענישען אויף געזעלשאַפטליכער ארבייט און פאַרנעמט אין שטאָט א בכבוד'יגען אָרט. ס'איז צו ווינשען, אז דער אידישער דאָקטאָר זאָל ניט בלייבען ביי זיין ענגער ספּעציאַליטעט, זיך ניט פאַרוואַנדלען אין „א בעל־מלאכה" און אינטעליגענטען קאַריעריסט, נאָר געדענקען, אז די מעדיצינישע פּראָפעסיע גופא פאָדערט צו שטיין נאָהענט צו די פאָלקס־מאַסען, און טיף אַריינדרינגען אין זייערע אייגענטימליכקייטען און נויטען. נאָר אזא געזעלשאַפטליכער דאָקטאָר קען באמת אנטשפּרעכען זיין מאָראַלישען באַרוף, ווארים אָהן סאָ־ציאַלער מעדיצין קען ניט פאַרקלענערט ווערען ניט די קרענקווערינקייט, ניט די שטאַרביגקייט פון דער באַפעלקערונג. און גראַד די אידישע באַפעלקערונג וואָס איז דאָס רוב אָנגעוויזען אויף זעלבסטהילף, נויי־טיגט זיך צום מערסטען אין איהר קאַמף פאַר'ן קיום אין דעם אַנ־טייל אויך פון די אידישע דאָקטוירים אין געזעלשאַפטליכען לעבען, כדי דער נייער דור זאָל אויסוואַקסען גייסטיג און פיזיש געזונט, כדי ער זאָל לעבען אין פרייע פּאָליטיש־סאָציאַלע באַדינגונגען.

## ש. דובנאָוו.

# דר. צ. שאַבאַד — דער אידישער דעמאָקראַט.*)



דעמאָקראַטיע איז היינט גאָר ניט אין דער מאָדע. מען אטאַקירט זי פון ביידע זייטען: פון עקסטרעם־רעכטס און עקסטרעם־לינקס. אין דרייפערטעל טעריטאָריע פון אייראָפּע הערשט דיקטאַטור אָדער פאַשיזם פון אַלע קאָלירען. מען זאָגט זיך אָפּ פון דער שענסטער ירושה, וואָס דאָס 19טע יאָרהונדערט האָט אונז איבערגעלאָזט: פון פאָלקס־הערשאַפט, וואָס איז אויסגעקעמפט געוואָרען דורך אַלע רעוואָלוציעס געגען דער מאָנאַרכיסטישער זעלבסטהערשאַפט. די נייע מאָנאַרכען רופען זיך היינט „פיהרער”. צוזאַמען מיט דער דעמאָקראַטיע וואַרפט מען אַרויס אויך הומאַניזם און אַלערליי מינים פרייהייט. דער הומאַניסטישער, באַפרייענדער נאַציאָנאַליזם ווערט פאַרוואַנדעלט אין אַ זאָאָלאָגישען נאַציאָנאַליזם פון האַס צו אַנדערע פעלקער.

אָט פאַרוואָס זיינען אונז, די טרעגער פון הומאַניסטישע אידעאַלען, אַזוי טייער יענע מענשען, וואָס האָבען זיך ניט אונטערגעגעבען דער מגפה פון דער נאָכקריגס־צייט און האַלטען נאָך אויף דער עלטער מיט שטאָלץ יענע ליכטיגע פאָהן, אויף וועלכער עס שיינען די לאָזונגען פון דער גרויסער „דעקלאַראַציע פון מענשענרעכט”, פון עכטער דעמאָקראַטיע און הומאַניסטישען פּראָגרעסיווען נאַציאָנאַליזם, וואָס שטרעבט צו פאַרברידערונג פון פעלקער.

איינער פון זיי איז אין אונזער קרייז דער באַקאַנטער ווילנער דאָקטאָר און כלל־טוער צמח שאַבאַד, וועמעס 70־יאָהריגען יובילעי מיר האָבען ניט לאַנג געפייערט. איך קען דר. שאַבאַד'ן שוין דרייסיג יאָהר, פון דער צייט ווען די ערשטע רוסישע רעוואָלוציע אין 1905 האָט אונז געגעבען די מעגליכקייט אָפען צו קעמפען פאַר אונזערע אידעאַלען. אַן אויסגעצייכענטער פּראַקטיקער און טעאָרעטיקער אין מעדיצין, דער פּאָפּולערסטער אַרצט אין ווילנער קאַנט, האָט ער שטענדיג געאַרבייט אין אַלערליי געזעלשאַפטליכע אָרגאַניזאַציעס, אָר־

*) פּראָפעסאָר ש. דובנאָוו'ס אַרטיקעל איז געשריבען און דערהאַלטען געוואָרען אַ פּאָר מאָנאַטען פאַר דר. צ. שאַבאַד'ס טויט.—רעד.

טיגע און אַ סך אַלגעמיין־אידישע. ווענן זיינע פאַרדינסטען אין דער צייט פון מלחמה און דייטשער אָקופּאַציע דערצעהלען די ווילנער „פּנקסים" פון יענער צייט. מיט מסירת נפש האָבען דאַן די ווילנער עסקנים בראש מיט דר. שאַבאַד און דר. וויגאָדסקי געקעמפט געגען הונגער, טויט און דעם דאָפּעלטען דייטש־פּוילישען אַנטיסעמיטיזם. שפּעטער, אַלס מיטגליד פון פּוילישען פּאַרלאַמענט, איז דר. שאַבאַד געבליבען געטריי זיינע דעמאָקראַטישע און נאַציאָנאַלע אידעאַלען.

לויט זיינע פּאָליטישע איבערצייגונגען איז דר. שאַבאַד געשטאַנען אויפ'ן לינקען פליגעל פון דער „אידישער פאָלקספּאַרטיי" אין רוסלאַנד („פאָלקיסטיש־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי" אין פּוילען). זיין נאַציאָנאַליזם איז פריי פון יעדען שאָוויניזם און איז ריין־הומאַניסטיש. אַלס אָנהענגער פון אידישער קולטור־אווטאָנאָמיע, האָט ער אומעטום געפיהרט אַ קאַמף פאַר די רעכט פון דער אידישער שפּראַך און פאַר דער אידישער וועלטליכער שול. איינער פון זיינע גרעסטע פאַרדינסטען איז דער אידישער וויסענשאַפטליכער אינסטיטוט אין ווילנע (איוו"א), וואס ער האָט געגרינדעט צוזאַמען מיט זיין שוויגערזאָן, דעם פילאָלאָג און ליטעראַטור־היסטאָריקער, דר. וויינרייך. זייערע באַמיהונגען האָבען מיר צו פאַרדאַנקען, וואָס אין אַ קורצער צייט פון קיום צעהן יאָהר האָט דער איוו"אָ דערגרייכט צו דער מדרגה פון אַ וויסענשאַפטליכער וועלט־אינסטיטוציע, וואָס האָט פאַרבינדונגען מיט פיל אַקאַדעמישע אינסטיטוציעס אין פאַרשידענע לענדער.

אכט און צוואַנציג יאָהר בין איך ניט געווען אין ווילנע, און אַז איך האָב היינטיגען זומער ווידער באַזוכט די אַלטע שטאָט, וואָס איז אַזוי אָרעם אין גשמיות און אַזוי רייך אין רוחניות, האָב איך געפונען מיין אַלטען פריינד שאַבאַד, ווי שטענדיג, אויף זיין פּאָסטען — ריכטיגער, אויף אַלע זיינע פּאָסטענס, אַרבייטענדיג פון פריה ביז שפּעט אין אָוונט. ס'איז מיר געווען זעהר אנגענעם צווישען די ווענט פון איוו"א־הויז הערען אַ באַגריסונג דוקא פון איהם, דעם פאַרזיצער, דעם פּאַטריאַרך פון אונזערע קולטור־אַרבייטען. ס'איז געווען אַ פרייד צו זעהן אָט דעם מענשען, וואָס איז געבליבען אַן עכטער אידישער דעמאָקראַט, ענג פאַרבונדען מיט אונזערע פאָלקס־מאַסען, מיט זייער שפּראַך, פאַרנומען מיט זייערע זאָרגען און נויטען — אַ מוסטער פאַר אונזער קומענדיגער פאָלקס־אינטעליגענץ.

כל זמן עס וועלען נאָך ביי אונז זיין אַזעלכע איידעלע אידעאַליסטען, באַהויכט פונ'ם גייסט פון דער גרויסער פרייהייט־תקופה, האָבען מיר ניט וואָס מורא צו האָבען פאַר אַ ירידה אינ'ם אידישען לעבען. הלואי זאָל דער קומענדיגער דור אונז געבען וואָס מעהר אַזעלכע מענשען!

# חייקעל לונסקי.*)

חייקעל לונסקי איז געבאָרען געוואָרען ב׳ תמוז, 1881, אין סלאָ־נים, גראָדנער גובערניע. זיין פאָטער, א מלמד, האָט געשטאַמט פון קעניגסבערגער ר׳ לייבעלע דעם בעל־הפּרדס. פון 4 יאָהר אָן גע־לערענט אין חדר, דערנאָך אין די ישיבות פון סלאָנים און לידע, דאַן געקומען קיין ווילנע, וואו צוויי יאָהר משמש געווען אין דער אַלטער קלויז. זינט 1895 ביבליאָטעקאַר פון דער שטראַשון־ביבליאָטעק. אין ווילנע געלייענט השכלה־ביכלעך, געאַרבייט אין ציוניסטישע אגודות, געגרינדעט גמילת־חסדים, חברות צום לערנען אין די קלויזען. זינט 1919 סעקרעטאַר פון דער אידישער היסטאָריש־עטנאָגראַפישער גע־זעלשאַפט אין ווילנע.



חייקעל לונסקי

האָט געשריבען שירים אין לשון־קודש (צוויי געדרוקט אין „לוח א״י" פון א. מ. לונץ, 1905), ארויסגעגעבן א ספר „תולדות ר׳ מרדכי ווייעזל" — א קורצע ביאָגראַפיע פון סלאָנימער רב, דעם זיידען פון ל—ס פאַרשטאָרבענער פרוי, און די „ווילנער זאַמעלביכער" פון ד״ר צ. שאַבאַד פאַרעפענטליכט אַן אַרטיקעל „ווילנער קלויזען און דער שולהויף". אין „פנקס" א״ר פון ז. רייזען — „דער הונגער און יקרות אין ווילנע אין דער צייט פון דער אָקופּאַציע" און צו־

*) לעקסיקאָן פון דער אידישער ליטעראַטור, פּרעסע און פילאָלאָגיע, פון זלמן רייזען, ווילנער פאַרלאַג פון ב. קלעצקין.

זאמען מיט י. ברוידעס א רשימה פון די באקאנטמאכונגען פון די אָקופּאַנטען אין ווילנע. א גרויסען רושם האָט געמאַכט זיין ביכעל „פון ווילנער געטאָ", „בילדער און געשטאַלטען געשריבען אין שווערע צייטען" (פּ"ג פון פאַראיין פון די אידישע ליטעראַטען און זשורנאַ־ליסטען אין ווילנע, 1920, מיט א הקדמה פון ה. ייבין; דאָס זעלבע אויך אין העברעאיש א"ט „מהגיטא הוילנאי" — אין דעם זעלבען פּ"ג), וואו אין א פּרימיטיווען סטיל פון א פּאָלקסטימליכען פּנקס־שרייבער געשילדערט די גוסס'ע מענשען פון ווילנער שולהויף, פון ווילנער משכילים, פון דער ווילנער אידישער גאַס אויפ'ן פּאָן פון דער שרעקליכער אָקופּאַציע־צייט. א חוץ דעם פאַרעפענטליכט זכרונות וועגען אנ—סקי און א. ווייטער (אין מ. שאַליט'ס „לעבען", אין ווילנער „טאָג") און אין אָרטאָדאָקסישען וואָכענבלאַט „דאָס וואָרט", ווילנע 1925 — א סעריע אַרטיקלען וועגען יסו"ד, דעם לעצטען ווילנער רב ר' שמואל, חיי־אָדם, ר' אבאלע פּאָסוואָלער, ר' אייזעלע סלאָנימער א"א, אין א באַזונדערער אויסגאַבע „לעגענדעס וועגען וויל־נער גאון" (ווילנע, 1925). זיך פאַרנומען מיט ביבליאָגראַפישער אַר־בייט, מיט צונויפשטעלען א קאַטאַלאָג פון דער שטראַשון ביבליאָטעק אין סדר א"ב לויט די ענינים, מחברים און טיטלען פון די ספרים, צונויפגעשטעלט א רשימה פון די ביכלעך און כתבי־יד פון א. מ. דיק, געזאַמעלט טויזענטער ביכער פאַר דער העברעאישער אוניווערסיטעט־ביבליאָטעק אין ירושלים, געמאַכט אויסצוגען פון אידישע טעקסטען אויס אַלטע ספרים, שו"ת א. א., פון וועלכע פאַרעפענטליכט די טעקסטען פון מהרי"ל און פון איסערלין, געזאַמעלט פון מענשען און ספרים ווילנער לעגענדעס א"א.

# באָריס קלעצקין.*)

באָריס קלעצקין איז געבוירען געוואָרען אין האָראָדישטש, נאָוואָ־רעדקער דיסטריקט, אין אַ משפחה, וואָס פיהרט איהר יחוס פון דעם „טורי־זהב” איבער אַ קייט פון צעהן דורות רבנים. אויך זיין פאָ־טער, אהרן, האָט געהאַט סמיכה אויף רבנות, אָבער פארנומען האָט ער זיך מיט וואַלד־האַנדעל. צו 10 יאָהר איז קלעצקין מיט די על־טערען אריבער קיין ווילנע. באַקומען אַ אידישע טראַדיציאָנעלע דערציאונג און אַלגעמיינע בילדונג ביי פּריוואַטע לעהרערס, איז קלעצ־קין יונגערהייט צוזאַמען מיט א. ליטוואַק'ן אַריין אין די ערשטע אי־דישע אַרבייטער־קרייזלעך אין ווילנע, געווען איינער פון די גרינדער



באָריס קלעצקין

פון די א”ג „זשאַרגאָנישע קאָמיטעטען” צו פאַרשפּרייטען גוטע ליטע־ראַטור צווישען אידישע אַרבייטער, גרינדען אידישע אַרבייטער־ביבליאָ־טעקען אין דער פּראָווינץ און אַרויסגעבען פּאָפּולער־וויסענשאַפטליכע און בעלעטריסטישע ביכער אין אידיש; געווען איינער פון די אָר־גאַניזאַטאָרען און פּראַקטיקער פון דער לעגאַלער פאַרלעגעריי און פאַר־שפּרייטונג פון די ערשטע אידישע אַרבייטער־אויסגאַבען, אָרגאַניזירט די בוכהאַנדלונג פון אברהם גאַסעלניק, אויסנוצענדיג דערצו אַ פאַר־טיגע קאָנצעסיע, וואָס איז אין יענע יאָהרען געווען זעהר שווער צו

---

*) לעקסיקאָן פון דער אידישער ליטעראַטור, פּרעסע און פילאָלאָגיע פון זלמן רייזען, ווילנער פאַרלאַג פון ב. קלעצקין.

באקומען; אט די קראם איז געווארען א גאנצער צענטער פון דעם נייעם אידישען בוך, פון וואנען עס האט זיך פארשפרייט אלדאס מעהר אדער וויינינגער אינטערעסאנטע, וואס איז ארויס אויף אידיש אין רוסלאנד אדער אין אמעריקע. צוליב דעם פאטער'ס געשעפטען פלעגט קלעצקינ'ען אויסקומען ארומצופאהרען איבער די שטעטלעך פון ווילנער גובערניע, פלעגט ער דארט פארשפרייטען די נייע ביכלעך, זוכען אנהענגער, אגיטירען. אין די יאהרען 1896—1899 און שפעטער איז קלעצקין געווען ענג פארבונדען מיט אלע אונטערנעמונגען, וואס זייער צוועק איז געווען ארויסצוגעבען און פארשפרייטען לעגאלע אידישע ליטעראטור פאר ארבייטער. נאך דער ערשטער רוסישער רעוואלוציע האט קלעצקין מיטגעהאלפען אוועקצושטעלען און ארגאניזירען די לעגאלע פרעסע („וועקער", „פאלקס-צייטונג") און דעם פארלאג פון „בונד" („די וועלט"), פון וועלכער פארטיי ער איז געווען אן אקטיווער מיטגליד זינט איר גרינדונג. ארום 1910 האט ער געגרינדעט דעם „ווילנער פארלאג פון ב. א. קלעצקין", באשטימענדיג אלס אנפיהרער איינעם פון די איניציאטארען פון דער אונטערנעמונג, זיין נאהענטען פריינד א. ווייטער, וועלכער האט צוליב דעם געמאכט דאן דעם גרויסען שריט זיך צו לעגאליזירען, איז אבער געווארען ארעסטירט און פארשיקט קיין סיביר, און די אנפיהרונג האבען איבערגענומען ש. ניגער, נחום שטיף, ז. קאלמאנאוויטש. דער פ"ג האט איבערגענומען דעם חודש זשורנאל „אידישע וועלט", וועלכער איז זינט יאנואר, 1913, ערשינען שוין אין ווילנע מיט קלעצקינ'ען אלס אפיציעלען רעדאקטאר-ארויסגעבער (פאקטישער רעדאקטאר איז געווען צוערשט דוד בערגעלסאן, דאן ש. ניגער), האט ארויסגעגעבען דעם „פנקס" — די גרויסע כארטיע פון דער מאדערנער אידישער פילאלאגיע, געגרינדעט דעם ערשטען אידישען קינדער-זשורנאל „די גרינינקע ביימעלעך" און בּיסלעכווייז אנגעהויבען צו שפּילען א גרויסע ראלע ניט נאר אין דער אידישער פארלאג-טעטיגקייט, נאר אויך אין דער גאנצער אידישער, גענויער געזאגט, — אידישיסטישער קולטור-באוועגונג, גרופּירענדיג ארום זיך די בעסטע פארשטייער פון דער אידישער ליטעראטור און שטרעבענדיג זי אויפצוהייבן אויף א העכערער מדרגה. די ערשטע אויסגאבן פון דער פ"ג קלעצקין זיינען געווען: שלום אש'ס „מעשה'לעך פון חומש", „מערי", „שלמה נגיד", „דראמען", דוד איינהארנ'ס „מיינע לידער", א. ווייטער'ס „דער שטומער", בעל-מחשבות'עס „געקליבענע שריפטען", און אנדערע ביכער. דער אויסברוך פון דער וועלט-מלחמה האט איבערגעריסען די טעטיגקייט פון פארלאג, וועלכע האט געהאלטען אין איין וואקסען; עס זיינען אבער געמאכט געווארען אלע אנשטרענגונגען איינצוהאלטען די דערמאנטע זשורנאלען, ווי אויך דאס

ניי־געגרינדעטע וואָכענבלאַט, „די וואָך”, אָבער דער פאַרבאָט פון ני־ קאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש'ן אויף אידיש האָט געמאַכט אויך דערצו אַ סוף און נאָך דער עוואַקואַציע פון ווילנע דורך די רוסען איז קלעצ־ קין אַוועק קיין רוסלאַנד, האָט צוליב זיינע געשעפטען געלעבט אין פאַרשידענע שטעט, ווי פעטערבורג, מאָסקווע, קיעוו, אַרויסגעגעבען אויך אין די דאָזיגע שטעט אַ ־ייהע ביכער, דערהויפּט קינדער־ביכלעך און לערנביכער, אַ סך פון זיי געדרוקט אומלעגאַל צוליב דעם אויבענ־ דערמאָנטען פאַרבאָט, געווען אויך דער פאַרלעגער פון די פעריאָדישע זמ"ה, וואָס זיינען אַרויס אין פעטערבורג א"ר פון ש. ניגער. בעת אַ גרופּע אידישע כלל־טוער האָבען אָרגאַניזירט אַ גרויסע אידישע צייטונג, „פעטראָגראַדער טאַגעבלאַט”, וואָס האָט געזאָלט פאַראייניגען אַלע ריכטונגען מיט אַ פּאָזיטיווער באַציאונג צו אידישער קולטור, איז קלעצקין איינגעלאַדען געוואָרען אַלס הויפּטפאַרוואַלטער, אָבער די צייטונג איז צוליב אינווייניגסטע חלוקי־דעות אינגיכען צופאַלען, אַריבער אין רשות פון ציוניסטען א"ר פון יצחק גרינבוים. נאָך דער מערץ רעוואָלוציע געלעבט אין באברויסק אַלס אייגענטימער און פיהר־ רער פון פאַבריקען און קאַפּיטאַליסטישע אונטערנעמונגען, געווען אויסגעוועהלט אין קאָמיטעט פון „בונד”, אויך מיטגליד פון אויספיהר־ קאָמיטעט פון די פראָפ. פאַראיינען, 1919 צוריקגעקומען קיין ווילנע, וואו ער באַנייט די טעטיגקייט פון זיין פאַרלאַג, 1925 אַריבערגע־ טראָגען די צענטראַלע פון פאַרלאַג קיין וואַרשע און פאַרוואַנדלט איהם אין איינעם פון די גרעסטע אידישע פאַרלאַגען, וואָס קאָנצענטרירט ביי היינטיגען טאָג אַ גאַנצע רייהע וויכטיגסטע ווערק פון דער אידישער און אַלגעמיינער ליטעראַטור. גיט אויך אַרויס די וואָכענשריפט „ליטעראַרישע בלעטער” א"ר פון נחמן מייזעל, דאָס קוואַרטאַל־בוך „אידיש טעאַטער” א"ר פון דר. מיכאל ווייכערט, די „פילאָלאָגישע שריפטען” פון אידישען וויסענשאַפטליכען אינסטיטוט. אין אַפּריל, 1928, באַנייט „די אידישע וועלט” אַלס חודש־שריפט פאַר ליטעראַטור, קריטיק, קונסט און קולטור א"ר פון נ. מייזעל, פּרץ הירשביין, י. י. זינגער.

## זלמן רייזען.

# דר. צמח שאַבאַד

(נעקראָלאָג)



זונטאָג, דעם 20טען יאַנואַר, 1935, 12 אזייגער בייטאָג, איז איבער ווילנע אראָפּגע־פאַלען די שרעקליכע ידיעה:

דר. צמח שאַבאַד איז געשטאָרבען.

דער רושם לאָזט זיך ניט באַשרייבען. מען דאַרף פיהלען און וויסען, וואָס דר. שאַבאַד איז געווען פאַר ווילנע, כדי צו באַגרייפען די מאָס פון דעם אומגליק. דאָ איז ניט בלויז גע־שטאָרבען דער באַריהמטסטער אידישער מעדי־צינער, דער איבערגעגעבענסטער אידישער כלל־טוער, דער אַקטיווסטער בויער און טוער פון דער אידישער נאַציאָנאַל־קולטורעלער באַלעבאַ־טישקייט דאָ אין ווילנע, דער וויסענשאַפט־מאַן און פובליציסט, דער פּאָליטיקער און קעמפער פאַר די רעכט פון דער אידישער באַפעלקערונג אויף אַלע געביטען פון אידישען לעבען, — דאָ האָט זיך אָפּגעטאָן דער שטאָלץ פון דער אידישער ווילנע, איהר באמת „גאָלדענע פאָן", דער „רוח החיים", דער באַוועגענדיגער גייסט פון איהר אייגענעם נוסח, דעם שוין באַריהמט געוואָרענעם „נוסח ווילנע", אַן אייגענאַרטיגע שטרעמונג אין דעם צעריסענעם און צעשפּליטערטען קולטור־געזעל־שאַפטליכען לעבען פון דעם אידישען קיבוץ אין פּוילען.

דר. צמח שאַבאַד האָט געהערט צו אַ באַשטימטער פּאָליטיש־געזעלשאַפטליכער ריכטונג אין אידישען לעבען. ער איז געווען איינער פון די פיהרער פון דעם פאָלקיזם (פאָלקס־פּאַרטיי). אין זיין קולטור־אַרבייט איז ער געווען פאַרבונדען מיט דער אידישיסטישער באַוועגונג. אָבער דערין איז באַשטאַנען די גרויסקייט און אייגנציגאַרטיגקייט פון זיין פערזענליכקייט, וואָס ער האָט אַרויסגערופען טיפסטע אַכטונג און ליבשאַפט צו איהם אפילו ביי זיינע פּאַרטיי־געגנער.

די לויה פון דר. שאַבאַד איז געווען די גראַנדיעזסטע טרויער־מאַניפעסטאַציע, וואָס ווילנע האָט ווען עס איז געזעהן.

שוין אין די פריהמאָרגען שעה'ן (די לויה איז געווען באַשטימט אויף צוועלף אזייגער מאָנטאָג) האָט זיך אָנגעהויבען ציהען אַן עולם צו געזעגענען זיך מיט דר. שאַבאַד אין זיין וואוינונג. עס זיינען גע־קומען מענשען פון פאָלק, פאַרמאַטערטע האַרעפּאַשניקעס, אידענעס פון מאַרק, פּראָלעטאַריער (צווישען זיי אויך עטליכע פּוילישע אַרבייטער), כלי־קודש, צווישען זיי הרב ר' חיים עוזר גראָדזענסקי, לעהרער, דאָק־טוירים, שריפטשטעלער, אינטעליגענץ, האַנטווערקער, סוחרים.



ד״ר. צמח שאַבאַד, געב. פעב. 5, 1864. געשט. יאַנואַר 20, 1935.

ביי אַ טויטער שטילקייט האָט געהאַלטען אַ רעדע וועגען גרויסען נפטר דר. א. גלאָבוס אין נאָמען פון ווילנער אידישען דאָקטוירים פאַר־איין. דער באַקאַנטער דאָקטאָר, וואָס איז שוין איבער דרייסיג יאָהר באַפריינדעט מיט שאַבאַד'ן, האָט אונטערגעשטראָכען, אַז שאַבאַד איז געווען ניט פשוט אַ מענש, פשוט אַ דאָקטאָר, — שאַבאַד איז געווען אַ גאַנצע עפּאָכע, אַ גאַנצע שטיק געשיכטע פון דעם נייעם אידישען לעבען, פון דער נייער אידישער קולטור. עס איז דאָ אַ מיינונג — זאָגט דר. גלאָבוס — אַז יעדען מענשען קען מען פאַרטרעטען מיט אַן

אַנדערען. מיט דעם בין איך אין דעם דאָזיגען פאַל ניט מסכים. דר. שאַבאַד'ן קען מען ניט פאַרטרעטען און זיין אָרט בלייבט ליידיג.

נאָך דער רעדע פון גענעראַל־סעקרעטאַר פון אַל־פּוילישען „טאָז", דר. וואולמאַן (פון וואַרשע), וועלכער זעהט אין דר. שאַבאַד'ן דעם סימבאָל פון אידישען פיזיש־גייסטיגען רענעסאַנס, — ווערט דער אָרון

ד"ר
צמח שאַבאַד
געשטאָרבן
זונטאָג דעם 20־טן יאַנואַר 1935 — ט"ז שבט תרצ"ה $11^{45}$ פֿרי
אין טיפֿסטן צער זיינען מיר מודיע דעם מודיע דער ווילנער באַפעלקערונג

ווילנער יידישע קהלה
יידישע פראַקציע פון שטאָט־ראַט
דעמאָקראַטישע פאָלקס־פּאַרטיי
יידישער דאָקטוירים־פאַראיין
פען־קלוב
יידישער ליטעראַטן־פאַראיין
יידישער זשורנאַליסטן־סינדיקאַט
רעד. „פאָלקסגעזונט"
„ווילנער טאָג"
„צייט"
„אָוונט־קוריער"
„ווילנער ראַדיאָ"
„ווילנער עקספּרעס"
„גרינינקע ביימעלעך"
„חבר"

יידישער געגנט־קאָמיטעט „יעקאָפּאָ"
געזעלשאַפט „טאָז"
געזעלשאַפט „אָרט"
עמיגראַציע־געזעלשאַפט „יעאַס"
„משמרת חולים"
יתומים־קאָמיטעט
ווילנער יידישער סוחרים־פאַרבאַנד
„ „ קליינהענדלער־פאַרב
„ „ האַנטווערקער־פאַרב
„ „ פאַבריקאַנטן־פאַרב
צענטראַלע יידישע פאָלקס־באַנק
יידישע באַנק
סוחרים און פאַבריקאַנטן באַנק
פריינט־פאַראיין

ייד. וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט
צענטראַלער בילדונגס־קאָמיטעט
שול־אָרג. פאַר ווילנער פּראָווינץ
ווילנער ייד. בילדונגס־געזעלשאַפט
געז. פריינד פון דער ייד. רעאַל־גימנ.
אומאָפּהענגיקער שול־פאַרבאַנד
צענטר. עלטערן־קאָמ. ביים צ.ב.ק.
געזעלשאַפט פאַר ספּעצ. דערציאונג
ווילנער טעכניקום
„הילף דורך אַרבעט"
שוועסטער־שול „טאָז"
ביבליאָטעק „מפיצי־השכלה"
קונסט־געזעלשאַפט
טעאַטער־געזעלשאַפט

Zawiadomienie o zgonie D-ra Cemacha SZABADA

פלאַקאַטען אויסגעקלעפּט אין ווילנע אָנזאָגענדיג וועגען דר. שאַבאַד'ס טויט.

ארויסגעטראָגען דורך די ספּעציעל־באַשטימטע פאָרשטעהער פון די ווילנער אידישע קולטור־אינסטיטוציעס.

לויט פאָרזיכטיגע שאַצונגען האָבען דר. שאַבאַד'ס אָרון באַגלייט 30 טויזענט מענשען. די גאַנצע קאָמוניקאַציע אויף דער צייט פון דער לויה איז אָפּגעשטעלט. אַלע אידישע קראָמען אויף די גאַסען, דורך וועלכע דער לויה־צוג געהט דורך, זיינען פאַרמאַכט. אין די אידישע

שולען זיינען אָפּגעשטעלט די לימודים, און די תלמידים מיט זייערע שול־פאָנען געהען אין שפּיץ פון דער לויה.

אין צוג האָבען אַנטייל גענומען פאָרשטעהער פון דער פּוילישער אינטעליגענץ, דער רעקטאָר פון ווילנער אוניווערסיטעט, געוועזענע־מיניסטער סטאַניעוויטש, דעקאן פון אַדוואָקאטען־ראַט, כעמט אַלע פּראָפעסאָרען פון מעדיצינישען פאַקולטעט בראש מיט'ן דעקאן פּראָפעסאָר מיכיידא, וועלכער האָט אפּעריִרט און געהיילט דר. שאַבאַד'ן



די ערשטע ערען וואַך — אַ פּאָר שעה נאָך דר. צמח שאַבאַד'ס טויט.
שטעהען פון לינקס צו רעכטס: ב. ווירגילי-כהן, אינזש. קלעבאַנאָוו,
הירש מאַץ, ירמיה שאַפּיראָ, אַננאַ ראָזענטאַל און קאַפּלאַן-קאַפּלאַנסקי.

אין זיין שווערער מחלה (גאנגרענע אויפ'ן באָדען פון סקלעראָז). עס זיינען אויך געווען רעפּרעזענטירט די זעלבסטפאַרוואַלטונג, די מאַכט און אַנדערע.

אויך די נאַציאָנאַלע מינדערהייטען האָבען געהאַט פאָרשטעהער אין דעם טרויער־צוג נאָך דעם, וואס האָט אַלע זיינע יאָהרען די בעסטע כוחות זיינע אַוועקגעגעבען אויף צו שאַפען ברידערליכע באַציהונגען

צווישען פאָלק און פאָלק אויפ׳ן יסוד פון גלייכבאַרעכטיגונג און פולער נאַציאָנאַלער פרייהייט פאַר אַלע. עס זיינען מיטגעגאַנגען אַ גאַנצע רייהע אָנגעזעהענע ליטווישע און ווייס־רוסישע טוער און פּאָליטיקער.

אויפ׳ן בית־עולם האָט דער גראַנדיעזער צוג געגרייכט שוין געגען פאַרנאַכט. עס איז שווער איבערצוגעבען די שטימונג פון טרויער און געדריקטקייט וואָס האָט באַהערשט די טויזענטער און טויזענטער אויף דעם אָרט פון דר. שאַבאַד׳ס אייביגער רוה אין דעם בין השמשות פון דעם אויסגעהענדיגען ווינטער־טאָג, אונטער די טרויער־רעדעס ביים אָפענעם קבר, געהאַלטען פון דעם פאָרזיצער פון דער אידישער קהילה אין ווילנע דר. יעקב ווינאַדסקי — אין נאָמען פון די ווילנער אידען, פון משה שאַליט — אין נאָמען פון די הילפס־אָרגאַניזאַציעס, פון זלמן



די לויה פון דר. צמח שאַבאַד

רייזען — אין נאָמען פון די קולטור־אָרגאַניזאַציעס, פון אינזשענער ספּירא (דעם פיהרער פון די ווילנער ציוניסטען) — אין נאָמען פון דער פאַמיליע. עס פאַלען די רידלען ערד, אויפריהרענדיג אַזוי טיף יעדערענס אָפענע וואונד.

* * *

עס איז ניט גענוג צו קענען די לעבענס־געשיכטע פון דעם נפטר, כדי אָפּצושאַצען זיין באַדייטונג אין אונזער קולטור־געזעלשאַפטליכען לעבען. מען האָט איהם אַליין געמוזט קענען און זעהן ביי זיין אומ־ערמידליכער פיל פאַרצווייגטער אַרבייט. איבער אַלע זיינע פאַר־שיידענאַרטיגע טעטיגקייטען אין דינסט פון די אידישע פאָלקס־מאַסען און דער אידישער קולטור האָט געלויכטען דער צויבער פון זיין גרויסער

פערזענליכקייט, אַזאַ פּאָלקאַמע, אַזאַ גאַנצע, אַזאַ תמימות'דיגע און האַרמאָנישע. דעם דאָזיגען צויבער האָט געמוזט דערפיהלען יעדער איינער, וואָס האָט זיך געפונען אין זיין סביבה, פריינד צי פאַרטייגעגנער, איד, פּאָליאַק, ווייס-רוס אָדער ליטווינער.

אָבער צום טיפסטען האָבען זיין ווארעמע מענשליכקייט געפיהלט די אידישע פאָלקס-מאַסען, וואָס זיי האָט ער אַזוי געטריי געדינט אין משך פון אַ האַלבען יאָהרהונדערט.

פאַר זיינע אומצעהליגע פריינד און פאַרעהרער אין דער גאַנצער



דער פרישער קבר פון דר. צ. שאַבאַד מיט די בענדער פון די פיל-צאָליגע קרענץ.

וועלט איז ניטאָ קיין טרייסט אין דעם וואָס ער האָט דערלעבט די מענשליכע עלטער. ביי זיינע קנאַפּע 71 יאָהר איז ער געווען אַזוי יונג אין גייסט, דער טעטיגסטער צווישען אונז, דער אַקטיווסטער און געטרייסטער. ער האָט געטראָגען זיין שעהנע עלטער מיט יענער חשיבות און ווירדע, וואָס איז דער קנין פון די אויסדערוועהלטע. אויף איהם איז מקוים געוואָרען אין דער פולער מאָס דער פסוק: „זקני תלמידי חכמים כל מה שמזקינים דעתם ניתוספת עליהם" — אַלטע חכמים וואָס זיי ווערען עלטער, אַלץ מעהר וואַקסט זייער וויסען. און צוזאַמען מיט די יאָהרען איז געוואַקסען די לויטערקייט פון זייער גאַנצע-

פּערזענליכקייט, זיך אויסגעקריסטאַליזירט מיט אַלע איהרע חנ'ען. און אויך זיין טעטיגקייט איז ניט געמינערט געוואָרען. שווין קראַנקערהייט אין די שווערסטע יסורים האָט ער געשריבען זיין לעצטע ארבייט פאַר דעם אָרגאַן פון די נעאָ־טעריטאָריאַליסטען „פריילאַנד".

אין זיין פּערזענליכקייט, פול מיט אַזאַ ריינעם אידעאַליזם, האָט דר. שאַבאַד פאַראייניגט דעם עכטען הומאַניזם פון דער פאָלקיסטישער, פאָלקספריינדליכער רוסישער אינטעליגענץ מיט אַן אויפריכטיגער ליב־שאַפט צו דער אידישער סביבה. ער איז געווען דער קלאַסישער פאַר־




ווילנער פּוילישע און רוסישע צייטונגען וועגען דר. צ. שאַבאַד'ס טויט.

טרעטער פון דער דאַאיגקייט, פון דער איינגעוואָרצעלטקייט אין דער היימישער ערד, דערפאַר דער רעפּרעזענטאַטיווסטער אויסדריקער פון דעם אידישען פאָלקיזם.

עהרליך מיט זיך ווי מיט אַנדערע, האָט דר. שאַבאַד ניט געקענט גאָר ארויסווייזען קיין ווידערשפּרוך צווישען ווערטער און מעשים. ערשט אַלס פופציג־יעהריגער זיך אויסגעלערענט שרייבען אידיש, האָט ער זיך באַצויגען צו דער שפּראַך מיט דעם גאַנצען ערנסט, וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש געווען פאַר זיין וועזען, זיך געגריבעלט אין יעדען אידישען אויסדרוק, זיך אינטערעסירט מיט דער אידישער אָרטאָגראַפיע

און פילאָלאָגיע, געלייענט (און געקויפט) אידישע ביכער, און אַלס דער בעסטער שריפטשטעלער ביי אונז וועגן פראַגען פון מעדיצין מעהר ווי ווער עס איז אַנדערש, אויפגעטאָן פאַר דער שאַפונג פון אַ אידישער מעדיצינער טערמינאָלאָגיע.

באַגייסטערט מיט דער אידעע פון דער אידישער לאַנדווירטשאַפט, האָט ער געוויזען אַ ביישפּיל דורך צוציהען צו אַגריקולטור די נאָהענט־סטע מיטגלידער פון זיין משפחה.

קעמפענדיג פאַר די רעכט פון דער אידישער באַפעלקערונג און דער אידישער קולטור, איז ער אַלע מאָל געווען דער ערשטער אויפ'ן




ווילנער און ניו־יאָרקער אידישע צייטונגען וועגען דר. שאַבאַד'ס טויט.

פּלאַץ, זיך אַלע מאָל דער ערשטער אָפּגערופען דורך אַרטיקלען אין דער פרעסע און רעדעס אויף פאַרזאַמלונגען, דורך פערזענליכען אנטייל אין כל־ערליי דעלעגאַציעס, וועגען רעכט פאַר די אידישע שולען, דורך ברייטהאַרציגער ביישטייערונג, דורך שטענדיגער אינטענסיווער באַטיי־ליגונג אין אַלע געזעלשאַפטליכע און קולטורעלע אָרגאַניזאַציעס.

ער האָט פאַרקערפּערט די שעהנסטע טראַדיציעס פון דער אידישער ווילנע, וועלכע ער האָט אַזוי ליב געהאַט, און מיט איהם זיינען מיר געווען זיכערער, פעסטער, האָפענדיגער אין אונזער קאַמף פאַר די דאָזיגע טראַדיציעס און פאַר דעם נייעם וואָס איז דאָ אויפגעבויט געוואָרען ביי זיין אַקטיווסטען אנטייל. ער האָט געוועקט אַכטונג און

צוטרוי צו ווילנע, דעם אידישען קולטור־צענטער, וואָס לעבט איצט איבער אַזעלכע שווערע צייטען, און ווילנע האָט איהם צוריק געצאָהלט מיט גרויסער ליבשאַפט, מיט אומבאַגרענעצטער פאַרעהרונג. דאָס האָבען מיר געזעהן פאַראַיאָהרען בשעת זיין יובילעי, צו זיין 70־טען געבורטס־טאָג; דאָס האָבען מיר געזעהן איצטער, אין די טעג פון דעם גרויסען פאָלקס־טרויער. דאָס פאָלק וואָס האָט איהם אין די צעהנדליגער טויזענטער באַגלייט צו זיין אייביגער רוה, וואָס האָט פאַרגאָסען רייכע, עהרליכע טרערען ביי זיין קבר, האָט געפיהלט וועמען עס האָט פאַרלוירען. אָבער אויך די אידישע געזעלשאַפטליכקייט און די אידישע קולטור־באַוועגונג אין דער גאַנצער וועלט גיט זיך אָפּ א חשבון אין דער אבידה.

דאָס איז געקומען צום אויסדרוק אין דער כוואַליע פון טרויער און מיטגעפיהל וואָס האָט א פלייץ געטאָן פון דער גאַנצער אידישער וועלט, אין דער פאָרם פון קאָנדאָלענץ־טעלעגראַמען, בריוו, ארטיקלען אין דער פרעסע. די צענטראַלע אידישע וועלט אָרגאַניזאַציעס, די קולטור־קערפּערשאַפטען פון איירעָפּע און אַמעריקע, די אידישע ליטעראַטען און זשורנאַליסטען־פאַראיינען, אומצעהליגע יחידים האָבען זיך אָפּגערופען אויף דעם גרויסען פאָלקס־אומגליק.

# 3. איינדרוקען, געדאַנקען און ערינערונגען וועגען ווילנע.

## אַב. קאַהאַן.

### דער בריף וואָס איז ניט אָנגעקומען.

דער בריף איז געשריבען געוואָרען אין ווילנע און דער שרייבער איז געווען אַ ווילנער. ער האָט אָבער זיין ליבע שטאָט ניט געהאַט געזעהן אכט־און־דרייסיג יאָהר. דאָס איז געווען זיין ערשטער באַזוך זינט ער האָט איהר פאַרלאָזען.

אין אַ האָטעל צימער ביינאַכט, אין סעפּטעמבער, 1919, איז דאָס געווען.

דיזע שורות ווערען געשריבען אין ניו יאָרק מיט פופצען יאָהר שפּעטער — אין דעצעמבער, 1934. די טעמע איז יענע נאַכט און יענער בריף.

דער שרייבער איז דער זעלבער.

***

די ערשטע צייט נאָך מיין אוועקפאָרען האָט די בענקעניש מיך פאַרפאָלגט בוכשטעבליך אָהן אַן אויפהער.

דירעקט פון ווילנע בין איך געפאָרען אין וויטעבסקער גובערניע, וואו איך בין פאַרבליבען ביי אַ האַלב יאָהר. מיין נעקסטע רייזע איז געווען פאַרבונדען מיט אַ פּלאַן זיך צו באַזעצען אין דער שוויץ אויף אַ געוויסער צייט. ערשט אויף דער דאָזיגער רייזע איז ענטוויקעלט געוואָרען דער געדאַנק וועגען אַמעריקע, וואו איך בין געקומען מיט אומגעפעהר צעהן וואָכען שפּעטער — דעם 6טען יוני, 1882.

דאָ, אין דעם ווייטען, ווייטען לאַנד, וואו אַלץ איז מיר געווען פרעמד און אומפריינדליך, דאָ האָט זיך די היים־וועה געלאָזט פיהלען מיט אַ נייער שאַרפקייט. די ערשטע „גרינע" וואָכען האָב איך בוכשטעבליך יעדע נאַכט געזעהן ווילנע אין חלום, און ביי טאָג האָט דאָס נאָגעניש ניט אָפּגעלאָזען אויף איין מינוט. אַזוי ווי אַ שרעקליכער צאָהן־וועהטאָג וואָלט זיך אין מיין נשמה באַזעצט. צי איך האָב דייטליך געטראַכט וועגען מיין היים, צי ניט, די בענקשאַפט האָט מיר געפייניגט און געפייניגט.

עס זיינען געווען מאָמענטען, ווען מיר האָט זיך געדוכט, אַז איך וועל די יסורים ניט אויסהאַלטען. עס האָט זיך מיר געוואָלט וויינען, שרייען מיט פאַרצווייפעלטע קולות.

עהנליכע ערפאַהרונגען לעבט דורך יעדער אימיגראַנט, אָבער ניט אַלע אין דעם זעלבען גראַד און אין דער זעלבער פאָרמע. איינער פון מיינע לאַנדסלייט פלעגט מיך מוסר'ן, אז איך „טראַכט צופיל



אַב. קאַהאַן.

דאָס בילד איז גענומען געוואָרען אין וואַרשע, פיר אָדער פינף טעג פאַר דעם אָווענט וועגען וועלכען עס ווערט דערצעהלט אין דעם אַר-טיקעל, דאָס הייסט אָנהויב סעפּטעמבער, 1919. ס'איז פאָטאָגראַפירט געוואָרען פון דעם אידישען שריפטשטעלער און קונסט-פאָטאָגראַפער א. קאַציזנע.

וועגען דעם", אָבער ער אַליין האָט אויך געליטען, הגם ניט אזוי פיל ווי איך.

ביסלעכווייז האָט דער געפיהל זיין קראַפט נאַטירליך פאַרלאָרען. אָבער אינגאַנצען פאַרשוואונדען איז ער קיין מאָל ניט. נאָך ווילנע האָב איך אין די אכט־און־דרייסיג יאָהר קיין מאָל ניט אויפגעהערט

צו בענקען, און דער באַגעהר איהר צו באַזוכען איז ביי מיר געווען אַן אייביגער טרוים, אַן אייביגע ליידענשאַפט.

***

פון אַמעריקע האָב איך איירָאָפּע באַזוכט פילע מאָל, אָבער ערשט אין 1918, נאָך דער מלחמה, זיינען פאַר מיר אָפען געוואָרען די טויערען פון ווילנע און, ווען ביים ענדע פון יענעם יאָהר בין איך אַריבערגעפאהרען דעם אַטלאַנטישען ים, איז מיין הויפּט געדאַנק געווען, אַז איצט וועל איך ענדליך זיין אין ווילנע.

איך האָב צוערשט געהאַט צו פאַרברענגען אייניגע מאָנאַטען אין פּאַריז, דערנאָך אין עסטרייך, אין אונגאַרען, וואו בעלא קוהן'ס באָלשעוויקעס האָבען דאַן געוועלטיגט, און אין דייטשלאַנד. אומעטום האָב איך געהאַט אומפאַרגעסליכע ערפאַהרונגען און באַגעגענישען; אָבער די גאַנצע צייט איז דער צענטער פון אַלע מיינע געדאַנקען און פון אַלע מיינע געפיהלען געווען פאַרנומען מיט דער ערוואַרטונג אין קורצען צו זיין אין ווילנע.

פון בודאַפּעסט האָב איך זיך אומגעקערט קיין וויען. פון דאָרטען בין איך געפאָהרען קיין בערלין, פון בערלין קיין ווארשע און פון ווארשע קיין ווילנע.

***

וועגען יענעם באַזוך, דעם ערשטען אין אכט-און-דרייסיג יאָהר, האָב איך צום „פאָרווערטס" געשיקט עטליכע בריף. און אַלע, אויסער איינעם, זיינען אָנגעקומען און זיי זיינען ערשינען. אָבער דער איינער איז גראָד געווען דער טייערסטער ביי מיר. אַט וועגען דעם וועל איך דאָ רערצעהלען פאַר מיינע לאַנדסלייט.

***

די ערשטע צוויי טעג, וואס איך האָב פאַרבראַכט אין ווילנע, האָט וועגען שרייבען קיין רייד ניט געקענט זיין. איך בין געווען אין אַ פיבער; אַרומגעלאָפען אין פאַרשידענע גאַסען, הויפען, ווינקלען — פריהער פון אַלץ נאַטירליך אין די הויפען, וואו מיר האָבען געוואוינט, וואו מיין מומע האָט געוואוינט, וואו עס זיינען געווען מיינע חדרים, די קלויזען, וואו מיין פאָטער, מיין זיידע, מיין פעטער פלעגען דאַווענען, דער פּלאַץ וואו איך האָב שפּעטער שטודירט, די פּלעצער וואו מיר פלעגען שפּאַצירען, וואו איך האָב געהאַט ערפאַהרונגען, וועלכע האָבען איבערגעלאָזט איינדרוקען.

איך זיץ און שמועס מיט אימיצען און פּלוצלונג דערמאָן איך זיך: יענעם און יענעם אָרט האָב איך נאָך ניט געזעהן. איך האָב קיין געדולד ניט אָפּצולעגען. איך כאַפּ גלייך אַן איזוואָזטשיק און פאָהר אַריבער.

פון מיינע אמאליגע פריינט און באקאנטע האב איך באגעגנט פערצען פערזאן. איינינע פון זיי זיינען צו מיר געקומען. זיי האבען זיך דערוואוסט וועגען מיין וויזיט. אנדערע האב איך אליין באזוכט און איינעם האב איך געהענדיג אויפ'ן גאס דערקענט.

א קליינינקייט, אכט־און־דרייסיג יאהר! און דאך איז עס יא א קליינינקייט; אזוי ווי נעכטען וואלט איך אוועקגעפאהרען.

***

די שטאט האט זיך אין מיינע אויגען גארניט געענדערט. אמת, זי איז אויסגעוואקסען, פארגרעסערט געווארען, אבער נאר אין די וויטערדיגע טיילען, ווי פאהולאנקא, צום ביישפיל, דער געגענד פון זאקרעטער'ס וואלד, ביי נאוואגראד אדער ביי סקאפעלערנע. דארטען זיינען צוגעקומען נייע גאסען, עס זיינען פארבויט געווארען נייע שטרעקעס. די הויפט טייל פון ווילנע אבער, די אלטע ווילנע, מ י י ן ווילנע איז פונקט די זעלבע ווי איך האב איהר איבערגעלאזען. עס איז ניט קיין אמעריקאנער שטאט, וואס האלט זיך שטענדיג אין ענדערען אזוי, אז ווען איהר פארט אוועק אויף א פאר יאהר דערקענט איהר ניט די גאסען וואו איהר זייט אויסגעוואקסען.

איך זאג, אז די נייע גאסען זיינען אלע געווען ביי די ברעגען פון דער אלטער שטאט — דארטען וואו אין מיין צייט זיינע געווען פוסטע פעלדער אדער גערטנער. עס איז אבער געווען אן אויסנאם. איין גאס איז צוגעקומען אין רעכטען מיטען פון שטאט און גראד אין דעם געגענד וואו איך האב פארבראכט מיינע קינדער יאהרען. זייענדיג אין אמעריקע האב איך וועגען איהר געהערט. נייע אימיגראנטען פון ווילנע האבען מיר דערצעהלט, אז מען האט דורכגעשניטען א גאס מיט דעם נאמען שאפענאוואסקאיא. איך האב אבער ניט פינקטליך פארשטאנען וואו. איך האב אין געדאנק זיך פארגעשטעלט וואו דאס איז און אין אלגעמיין איז דאס געווען ריכטיג. עס איז אבער געווען א געוויסער טעות און דאס האט מיך איצט צוטומעלט.

פאסירט האט דאס גראד ביי מיין ארויסקומען פון וואקזאל. איך האב גענומען אן איזוואזטשיק און איהם געהייסען פאהרען אין דעם פאלאס האטעל, וועלכען מען האט מיר רעקאמענדירט נאך אין ווארשע. דערביי האב איך איהם געבעטען ער זאל אויסרופען די נעמען פון די גאסען, וועלכע מיר פאהרען דורך. (איך האב געוואוסט, אז אונטער דער פוילישער רעגירונג האבען זיך מייסטע פון די נעמען געענדערט).

מיר זיינען ניט אפגעפאהרען קיין מינוט ווי ער האט אויסגערופען „שאפענסקא אוליצא״. איך בין איבערראשט געווארען, ווא־

רים לויט מיין באַגריף איז די שאַפענער גאַס געווען אַ ביסעל ווייטער. צוליב דעם האָב איך שוין ניט דערקענט די דערבייאיגע גאַסען, וועלכע איך וואָלט געוויס דערקענט אויפ'ן שטעל.

געפאָהרען איז דער איזוואָזטשיק שנעל. מיר האָט פראָסט גענומען שווינדלען פאַר די אויגען. אַלץ איז צומישט געוואָרען. איך האָב ניט געוואוסט וואו איך געפין זיך דאָ.

ענדליך אָבער איז ער אַרויסגעקומען אין אַ געגענד, וועלכע איך האָב גלייך דערקענט. דאָס איז געווען דער רעכטער צענטער פון מיין אַלטער ווילנע. איך האָב דערזעהן די „פּראַוואָסלאַוונע" רוסישע קירכע, דעם „סאָבאָר", וואו אין „טאַבעלניאיע דני" (קייזערליכע יום טובים) פלעגען פאָרקומען פּאַראַדנע צערעמאָניעס מיט איינדרוקספולע גלאָקען־קלינגערייי. איך האָב דערזעהן דעם נעווסקי פּראָספּעקט, וואו אָפּיצערען און די יונגע אינטעליגענץ — גימנאַזיסטען, רעאַליסטען און מיר, אינסטיטוטשיקעס — פלעגען שפּאַצירען מיט גימנאַזיסטקעס; איך האָב דערקענט דעם אַלטען רוסישען טעאַטער, אין וועלכען איך האָב געזעהן באַריהמטע רוסישע פּיעסען. איך האָב דערקענט דעם אָנהויב פון דער קורצער שמאָלער און צודרעהטער רודניצקער גאַס, וועלכע ציהט זיך ביז דעם „מערקעל", וואו איך בין אויסגעהאָדעוועט געוואָרען.

דאָן האָט זיך דער איזוואָזטשיק אָפּגעשטעלט. דאָ איז געווען דער פּאַלאַס האָטעל. איין מינוט גאַנג פון דאָרטען, ביי צוויי ניו יאָרקער בלאָק, געפינט זיך כאָמינסקי'ס הויף, וואו מיין מומע האָט געוואוינט. דאָרטען פלעג איך זיך שפּילען מיט אינגלעך אַזוי אָפט ווי אין זשירמונסקי'ס הויף, וואו מיינע עלטערן האָבען געוואוינט, אָדער אויפ'ן „מערקעל".

***

די נייע געביידעס האָבען מיך אַבסאָלוט ניט אינטערעסירט. ניט זיי בין איך געקומען זעהן. זיי זיינען מיר געווען פרעמד און ביי זיך אין הארצען האָב איך ניט געהאַט קיין פריינדליכען געפיהל צו זיי. זיי האָבען געשטערט מיין יום טוב.

יונגע פריינט האָבען מיך געפיהרט וויזען אַ זיבען־עטאַזשיגע געביידע אין דעם פּאָהולאַנקער געגענד. אין מיין צייט האָט מען אין ווילנע פון אַזאַ מויער ניט געוואוסט. אַלזאָ האָבען מיינע באַגלייטער מיר די מויער געוויזען מיט שטאָלץ, עפּעס אַזוי ווי זיי וואָלטען ערוואַרט אַז איך זאָל זיך פרעהען מיט איהר. איך האָב זיי אָבער ערקלערט, אַז דער מויער קען אויף מיר ניט מאַכען קיין איינדרוק, וואָרים אין ניו יאָרק זיינען פּאַראַן העכערע, אַז מיך אינטערעסירען די קליינע, אַלטע מויערלעך פון רודניצקער גאַס, סטעפּאַן גאַס, יאַט־

קאווער גאַס, גלעזער גאַס, אָדער אראָפּ־שלאָס גאַס, למשל, — אָט יענע קליינע פּאַרצייטיגע און ניט איבעריג־ציכטיגע געביידעס און הויפֿען, וועלכע זיינען געווען מיין ווילנע.

ניט באַקאַנט ווערען, נאָר ד ע ר ק ע נ ע ן בין איך געקומען...

דעם געפיהל פון איינעם וואָס באַזוכט זיין אַמאָליגע היים נאָך דעם ווי ער האָט איהר אַ סך יאָהרען ניט געזעהן — אין אַלגעמיין זיך פאָרשטעלען אַזאַ געפיהל קען יעדער. זיין אמת'ן טעם אָבער, דאָס וויים נאָר דער, וואָס האָט אַזאַ ערפאַהרונג אַליין געהאַט.

די ערשטע צוויי טעג בין איך אַלזאָ כמעט שטענדיג געווען פאַרנומען מיט ארומלויפען, קוקען און דערקענען. דאָס האַרץ האָט ניט אויפגעהערט צו קלאַפּען און צו גליהען.

***

בלויז עטליכע מאָנאַטען פאַר מיין באַזוך איז נאָך געווען מלחמה צייט. די ערשטע מלחמה מאָנאַטען איז ווילנע נאָך געווען אונטער דער צאַרישער הערשאַפט; דערנאָך איז זי „אָקופּירט" געוואָרען פון די דייטשען, שפּעטער פון די באָלשעוויקעס און דאַן, נאָך שפּעטער — עטליכע וואָכען פאַר מיין קומען — האָבען די פּאָליאַקען די שטאָט פאַרנומען און עס איז פאָרגעקומען די שחיטה, ווען מען האָט אויסגעהרג'ט עטליכע און זעכציג אידען, צווישען זיי דעם אידישען דיכטער א. וויטער. פיר יאָהר איז ווילנע געווען אָפּגעשניטען פון דער וועלט.

ווען דער עולם האָט זיך דערוואוסט, דורך דעם „ווילנער טאָג", אַז עס איז געקומען אימיצער פון אמעריקע, און נאָך אַזאַ, וואָס זיין נאָמען איז ביי די אידען פון אמעריקע באַקאַנט, איז דאָס געווען אַ סענסאַציע. דער פּאַלאַס האָטעל איז גאַנצענע טעג געווען באַלאַגערט מיט מענשען וואָס זיינע געקומען בעטען איך זאָל איבערגעבען זייערע גרוסען צו קרובים אין ניו יאָרק, פילאַדעלפיע, באָסטאָן, שיקאַגאָ, און ווידער איינשטעלען די איבערגעריסענע פאַרבינדונגען. די צאָל פון אַזעלכע איז געווען אַזוי גרויס, אַז מען האָט געמוזט האַלטען אַן „אָטשערעד", אריינלאָזען נאָך דער רייהע נאָך.

צווישען די באַזוכער האָבען זיך געפונען אייניגע פון די דערמאָנטע פערצען, וועלכע האָבען זיך אינטערעסירט מיט מיר גופא. עס קומט, צום ביישפּיל, אריין אַ שלאַנקער מאַן מיט אַ יונגען פּנים אָבער מיט גרויע האָר. איך בעט ביי איהם דעם אדרעס פון די פריינט, וואָס ער האָט אין אַמעריקע.

„ניין", ענטפערט ער מיט אַ שעמעוודיגען שמייכעל. „ניט וועגען דעם בין איך געקומען. איהר זייט אַמאָל געווען מיין לעהרער".

און איידער ער האָט צייט מיר צו זאָגען ווער ער איז, כאַפּ איך איהם אָן פאַרביידע הענט און רוף אויס זיין נאָמען.

„איהר און אייער אינגערער ברודערל זיינען געווען מיינע שי־לער. אייער פאָטער האָט געהאַט אַ געשעפט אין זאַרעטשע ניט ווייט פון דער געטשקע".

איך בעט איהם זיצען און פילע מינוטען שמועסען מיר אין אַ פלאַקער פון ערינערונגען.

אָדער עס קומט אַריין אַ פרוי, אַביסעל עלטער פון מיר, און גלייך דערקען איך אין איהר די טאָכטער פון אַ פאַמיליע, וואָס האָט גע־וואוינט אויף „פלאַשטשאַדקע" אין דעם זעלבען הויף וואו מיינע על־טערן האָבען געהאַט זייער דירה די לעצטע פאָר יאָהר פאַר מיין זע־געגען זיך מיט זיי.

פון מיינע קרובים זיינען זעהר ווייניג געבליבען און בלויז איי־נער פון זיי איז געווען פון מיינע אַמאָליגע יאָהרען. אין זיין שטוב האָב איך איצט פילע אנגענעמע שטונדען פאַרבראַכט.

יעדע באַגעגעניש אַזעלכע, יעדע דערקענונג איז געווען באַגלייט מיט אַ שטורם פון געפיהלען, וועלכע מען מוז אַליין דורכלעבען אום וועגען זיי אַ גענויעם באַגריף צו האָבען.

***

אַרום עלף אַ זייגער ביינאַכט, ביים סוף פון דעם צווייטען טאָג, האָב איך זיך גענומען פאַר מיין ערשטער קאָרעספּאָנדענץ צום „פאָרווערטס".

איך בין געזעסען און געשריבען, געשריבען און געשריבען. איך האָב ניט באַמערקט ווי עס גהען די שטונדען און ווי אויפ'ן טיש קלייבט זיך אָן אַ באַרג מיט פאַרשריבענע בלעטלעך.

דאָס הארץ איז געווען אַזוי פול, אַז פון צייט צו צייט האָב איך זיך געמוזט אָפּשטעלען, זיך צו באַרוהיגען און צו ברענגען די געדאַנקען אין אָרדנונג.

אין אַ געוויסען מאָמענט האָב איך באַמערקט אַז אויף דרויסען הויבט שוין אָן צו טאָגען. איך בין אויפגעשטאַנען און צוגעגאַנגען צו איינעם פון די צוויי פענסטער וואָס דער צימער האָט געהאַט.

איך שטעה און קוק דורך דעם שוואַכען גרויען שיין.

פונקט אנטקעגען איז דער אַלטער טעאַטער. פון דער רעכטער זייט איז דער „סאַבאָר" און דער נעווסקי פּראָספּעקט. לעבען דעם סאַבאָר פאַנגט זיך אָן סואָוועצער גאַס און צו דער רעכטער האַנט ציהט זיך די גאַס, וואָס פיהרט צו דער אָסטראַ־בראַמאַ, וואו פרומע אידען געהען ניט, ווייל דאָרטען מוז מען אַראָפּנעמען די היטעל. לינקס פון דעם פּאַלאַס האָטעל ציהט זיך טייטשע גאַס, און דאָ באַלד, עטליכע

צענדליגע טריט פון דעם פענסטער, דורך וועלכען איך קוק איצט, איז כאמינסקי'ס הויף, וואו איך בין נעכטען געגאנגען זעהן מיין מומע'ס אמאליגע וואוינונג און וואו אן אלטע פרוי האט מיך נאך א קורצען געשפרעך געפרעגט, צי איך בין ניט „שיינע שרה'ס זוהן". זי האט געטראפען. און ווען זי האט מיר געזאגט, אז זי איז „איינע פון די צוויי שוועסטער, דעם בראנזניק'ס פלימעניצעס", האב איך איהר אויך דערקענט. איך האב איהר איבערגעלאזען אין כאמינסקי'ס הויף, און דארטען האט זי נאך איצט אויך געוואוינט. בלויז פאר 38 יאהרען איז איהר היים געווען אויף דער אנטקעגענדיגער זייט פון דעם הויף (ביי איהר פעטער) און איצט — אין מיין מומע'ס אמאליגער דירה.

אונטען, לעבען דעם פאלאס האטעל, שטעהט א דראזשקע. דער איזוואזטשיק זיצט איינגעקארטשעט און דרעמעלט. א גאנצע נאכט ווארט ער אויף א מעגליכען קונד.

איך שטעה און קוק — רעכטס, לינקס, פאראויס.

„אט איז דאך דאס." — זאג איך צו זיך. — „אזוי איז דאס געווען, און אזוי איז דאס! אט איז דאך דאס!"

די פיר ווערטער האבען זיך אין מיין מוח איבערגעזאגט ווידער און ווידער, ביז איך האב זיי ארויסגעשעפטשעט.

„אט איז דאך דאס!"

עס ווערט מיר שווער אויפ'ן הארצען. טרערען שטיקען מיך.

אין וואס מיין געפיהל איז אין דיזען מאמענט באשטאנען, וואלט מיר ניט געווען לייכט פינקטליך צו ערקלערען אפילו דאן, און היינט אודאי ניט. אין אלגעמיין אבער האט איך געוואוסט: צווישען מיין אלטער ווילנע און דאס, וואס איך זעה איצט דורכ'ן פענסטער, איז נישטא קיין שום אונטערשיד; די מענשען פון מיין ווילנע זיינען אבער ניטא. ניטא דער טאטע, ניטא די מאמע, די מומע, דער פעטער, ווייטערע קרובים, פריינט, חברים, סתם באקאנטע, הונדערטער אנדערע פערזאנען, וועלכע זיינען געווען א טייל פון ווילנע. זיי זיינען ניטא!...

דאס אלץ וואס איך זעה איצט דורכ'ן פענסטער איז בלויז דער שאלעכץ פון מיין ווילנע. דער נוס איז א פוסטער.

א שרעקליכע בענקשאפט, א הארץ־קלעמענדער עלענד איז מיך באפאלען.

איך בין געגאנגען נעמען א טרונק וואסער זיך צו בארוהיגען. און אויפ'ן וועג איז מיין בליק געפאלען אויפ'ן שפיגעל.

איך האב דערזעהן מיינע גרויע האר, איך האב געזעהן אז מיינע אויגען זיינען רויט פון טרערען.

איך האָב זיך צוואווײנט מיט אַ פאַרשטיקטען קול.

איך האָב גענומען אַ טרונק. איך האָב אויסגעוואַשען די אויגען. עס איז מיר גרינגער געוואָרען.

איך האָב זיך אומגעקערט צום פענסטער: אָט איז דער סאָבאָר וואו מען האָט אונז, שילער פון דעם ווילנער לעהרער־אינסטיטוט, און אויך די שילער פון די צוויי גימנאַזיעס און פון דער רעאַל־שול געפיהרט שווערען טרייהייט צו דעם נייעם קייזער, אַלעקסאַנדער דעם דריטען. מיט אַ טאָג פריהער איז זיין פאָטער, אַלעקסאַנדער דער צווייטער, געפאַלען פון אַ רעוואָלוציאָנערע באָמבע.

***

איך האָב זיך ווידער געזעצט ביים שרייב־טיש. עס איז אַרויסגעקומען אַן אַרטיקעל פון אומגעפער צוועלף קאָלומס.

ווי אַזוי שיקט מען דאָס אָבער אַוועק? מיט דער ווילנער פאָסט האָט מען נאָך דאַן ניט געקענט זיין זיכער. די פוילישע מלוכה איז נאָך דאָרטען געווען אַ נייע מאַכט, און דער רעגירונגס־אַפּאַראַט פון גאַנץ פוילען איז נאָך ניט געווען גוט אָרגאַניזירט. שפּעטער איז געוואָרען אַנדערש און די פוילישע פאָסט איז געוואָרען אַזוי גוט ווי אַלע אַנדערע. דאַן אָבער פלעגען פילע בריף דאָרטען פאַרלאָרען געהן. שיקען אַלזאָ דורך פאָסט אַ קאָרעספּאָנדענץ וואָס ענטהאַלט אַ שטיק פון מיין נשמה, האָב איך דעריבער ניט געוואָלט. איז מיין פּלאַן געווען צו שרייבען נאָך קאָרעספּאָנדענצען און זיי אַלע האַלטען ביז איך וועל קומען צוריק קיין פּאַריז, וואו די פאָסט איז געווען אַ זיכערע און אַ פּינקטליכע, ווי אימער.

***

דער דאַמאַלסדיגער מעיאָר פון ווילנע איז געווען אַ ברודער פון פּילסודסקי׳ן, דער פּרעזידענט פון דער פוילישער רעפּובליק. איך האָב איהם באַזוכט אין שטאָט־ראַט (סיטי האָל). איך געדענק שוין ניט מיט וועלכען צוועק.

זיין רוסיש איז ניט געווען אַ האָר ערגער ווי זיין פּויליש, פיליכט נאָך בעסער. זייער פאַמיליע איז טאַקע אַ ווילנער, און די צוויי ברידער האָבען באַקומען אַ רוסישע ערציהונג. ער האָט מיך אויפגענומען פריינדליך און מיר האָבען געהאַט אַן אַנגענעמען געשפּרעך. ער האָט פאַר מיר פאָרגעשטעלט אייניגע פון די אַנדערע בעאַמטע און אַ פּאָר פוילישע אָפיצערען, וועלכע האָבען אויך גערעדט גוט רוסיש. אין פאַרלויף פון אונזער שמועס האָט ער זיך דערמאָנט אַז אין דער געביידע פון דעם שטאָט־ראַט געפינט זיך גראָד אַן אַמעריקאַנער אָפיצער. ער האָט איהם געשיקט איינלאַדען צו זיך אין צימער און ער האָט אונז באַקאַנט.

מיר האָבען זיך צורעדט. עס האָט זיך ארויסגעצייגט, אז ער פאָהרט מאָרגען אָפּ דירעקט קיין פּאריז. האָב איך איהם דערצעהלט וועגען מיין קאָרעספּאָנדענץ און ער האָט מיר אָנגעבאָטען איהר מיטצונעמען און ארויפליגען אויף דער פּאריזער פּאָסט. איך בין גע־ ווען אויפ׳ן זיבעטען הימעל. עס איז געווען צו ערווארטען אז אין א צען, העכסטענס צוועלף טעג ארום, וועט מיין קאָרעספּאָנדענץ זיין אין דער „פאָרווערטס״־רעדאַקציע.

ליידער אָבער איז די ערווארטונג ניט פארווירקליכט געוואָרען. דער בריף איז קיין מאָל ניט אָנגעקומען. שפּעטער האָב איך גע־ פּרופט אויסגעפינען ווער דער אָפּיצער איז, און וואו ער געפינט זיך, אָבער זיין נאָמען האָב איך פארגעסען און מיינע אונטערזוכונגען האָבען ניט געבראַכט קיין רעזולטאטען.

מעהר קיין קאָרעספּאָנדענצען פון ווילנע האָב איך דאָן ניט גע־ שריבען. איך בין געווען צופיל פארנומען און צו שטארק פארטיפט אין מיינע דורכלעבונגען. דערצו נאָך האָב איך, ארומלויפענדיג אין אַן אָסיענדיגען רעגען, זיך פארקיהלט און עטליכע טעג בין איך אָפּ־ געלעגען אין בעט.

ערשט קומענדיג אין פּאריז, האָב איך אויפגעשריבען א רייהע קאָרעספּאָנדענצען וועגען מיינע ווילנער ערפאהרונגען און איינדרוקען.

אָבער יענע נאַכט, די שטימונג אין וועלכער איך האָב געשריבען דעם ארטיקעל אין פּאַלאַס האָטעל, האָב איך נאָך קיין מאָל ניט אי־ בערגעגעבען. עס איז געווען אַ מין היילינטום ביי מיר, וועלכען איך האָב זיך געקליבען צו שילדערען און אלץ אָפּגעלייגט. איך טו דאָס איצט צום ערשטען מאָל, ספּעציעל פאר דעם ווילנער זאמעלבוך, וואָס אונזערע לאַנדסלייט פון „ארבייטער רינג״ האָבען באַשלאָסען ארויסצוגעבען לכבוד דעם 25טען יאָהרעספּעסט פון זייער בּרענטש 367.

## מ. ווינאָגראַד.



### אב. קאַהאַן
(אַ פּאָעטישער פּאָרטרעט)

אַן אָדלער־נאָז, אַ לייבען־שטערען,
דער קאָפּ אַ האָריגער מאַגנעט;
געשטאַלטער ווילען, פעסטער קערן;
אַ גרויער, שטורמיגער ברונעט! —
מיט ווייסע וואָנסען, נעט פאַרשווירען,
און אויגען בלוילעך־גרוי און קליין,
וואָס דרינגען דורך די דיקע מוי׳רען
פון וואָס איז „יאָ" און וואָס איז „ניין" —
און כאַפּען אויף (דורך דינע ברילען)
דעם קלענסטען שטריך פון מענש און צילען.

דער קערפּער קרעפטיג, הויך געוואַקסען,
די האַלטונג ווירדיג, אימפּאָזאַנט;
דער גייסט אַ ראָד אַרום די אַקסען
פון וועלט־ערפאַרונג און טאַלאַנט,
אויף וועגען וייטע און רעאַלע,
אין וואַלד פון מענשליכען פּראָגרעס,
וואו דאָס געניאַלע און טריוויאַלע
ערשיינט צוזאַמען אין דעם נס
וואָס רופט זיך מענש, וואָס רופט זיך לעבען,
אין פּלאָנטער פון אַ גאָט׳ס געוועבען...

די שטימונג וועקסלענדיג און פאַרביג:
געמיטליך, פייערליך, פאַרקלערט,
און האַסטיג, נעבעלהאַפט און האַרביג;
פאַרקלעמט און אומעטיג, באַשווערט. —
מאָמענטען צערטליכע און שאַרפע:
אַ קינסטלער, קעמפער און באַשיצער;
דאָס קול אַ דונער און אַ האַרפע —
אַ יונגער, העלדישער פּאַטריצער!...

## שלום אַש.

# איינדריקע וועגען ווילנע



וועֶר האָט געזאָגט, אַז ליטע איז אַן אָרים לאַנד? אָרים אפשר אין ברויט, נאָר דאָס רייכסטע לאַנד אין קאָלירען. ליטא האָט דעם שענסטען הימעל, וואָס איך האָב געזעהן און דעם קלאָרסטען גרין פון פעלדער און וועלדער. דער הימעל אין דער ליטא איז רייך מיט די קלאָרסטע הימליש־ווייסע זילבער שיינענדיגע וואָלקענדלעך. און אין די וואָלקענדלעך קוקען ארויס צו דיר פון צווישען דעם געדיכטען גרין פון די הימעל קראַצענדיגע בערג וועלדער. איז דאָס די הערליכסטע בילד, וואָס דאָס אויג קען זעהן. ליטא האָט די שעהנסטע זונען־אונטערגאַנגען. עס דאַכט זיך, אַז דער הימעל איבער ליטא איז ניט אַ געוועלבטער, פעסט־איינגעמויערטער, נאָר אַ שווימענדער, אַ געגליווערטער בלוי־ווייסער טייך הייננט איבער ליטא, און די ווייס־רייך זילבערנע וואָלקענדלעך וואַשען זיך אין דעם בלוי־געגליווערטען טייך. און פארנאַכט, ווען די זון צוגיסט זיך, ווי אַ גע'שחט'ענער גאָלדענער בער, און פליסט זיינע בלוט־פייערדיגע שטראָמען איבער דעם הימעל, צינדט ער אונטער די בלוי־ווייסע וואָלקענדלעך. דענסטמאָל דאַכט זיך, אַז דער גאַנצער הימעל איבער ליטא איז צולאָזען געוואָרען. דער פארגליווערטער טייך האָט זיך אויפגעלעזען, און ער הויבט אָן שווימען איבער די קעפּ. דענסטמאָל האָסטו אַ געפיהל, אַז נישט קיין הימעל הענגט איבער דיין קאָפּ, נאָר אַ טייך, און אָט באַלד וועט דער טייך אַראָפּפאַלען איבער דיין קאָפּ. נאָר די איינציגע זאַך, וואָס האַלט איהם אין דער הויך, זיינען די פייערדיגע גאָלד־פלאַמענדיגע שנירען פון דער זון, וועלכע האָבען זיך ווי אַ געוועב אויסגעשפּרייט איבער'ן הימעל און האַלטען דעם טייך אָנגעשמידט אין דער הויך מיט זייערע פלאַמענדיגע שטראַהלען...

און אַזוי ווי דער הימעל, אַזוי די ערד. די ערד איז ניט קיין פעסטע, ניט קיין טיף איינגעוואָרצעלטע, נאָר עס דאַכט זיך, אַז זי האַלט זיך נאָך אין באַוועגען. די ערד איז איין גרינער, פארגליווערטער טייך, וועלכער גיסט זיינע וועללען גרינס — ווי אַ שטורמ־

דיגער ים — אמאָל הייבט ער זיך אין דער הויך, און בילדעט, דאַכט זיך, איבער נאַכט בערג און היילען און גראָבט אויס גריבער און טאָלען. גאַנצע וועלדער בוימער קריכען איבער די בערג. פילע פון זיי האָבען זיך שוין אַרויפגעכאַפּט אויף די בערג, און זיי שטעהען די וועלדער אויף די בערג. עס האַלטען זיך אַרומגענומען די בוימער מיט זייערע צווייגען, טוליען זיך איינס צום אַנדערען און האַלטען זיך פעסט אַרום, ווי זיי וואָלטען מורא געהאַט, אַז זיי זאָלען ניט אַראָפּפאַלען פון די בערג. און אַנדערע ביימער האַלטען נאָך אין קריכען אויף די בערג. זיי זיינען אויף דעם וועג צום באַרג. זיי געהען, זיי געהען אין דער הויך און קענען נישט דערגרייכען... און אַנ־דערע, איינצעלנע ביימער, אָדער מנינים גאַנצע האָבען זיך צוזאַמענגעגע־נומען, ווי זיך אַוועקגעשטעלט אין אַ טאָל, און שטעהען און וואַרטען...

די ווילִיע האָט זיך אויסגעקליבען איהר וועג דורך דעם שעהנ־סטען טייל פון דער ליטא. זי האָט אויסגעבעט איהר קאַרעטע צווישען וועלדער, בערג און גרינע טאָלען. קיין איין זאַמדיגען ברעג, נאָר גרינע וועלדער, און גרינע בערג און אויס אַ גרוב, בעט זיך אויס אַ נייע קאַרעטע — ביז ער האָט אָן מיט זיין נאָז אין אַ וואַלדיגען באַרג, אָבער ער מיידט איהם ניט אויס, נאָר מיט זיין עגבערנדע נאָז גראָבט ער זיך אריין אין באַרג אריין און האָט ניט קיין מורא — ער וועט זיך שוין אויסקירעווען אַ וועג, צווישען באַרג און וואַלד — און געהן דאָרטען, וואוהין ער וויל...

ווילנע אַליין האָט זיך אויסגעקליבען דעם שעהנסטען און גרינ־סטען טאָל, צווישען די ערקוויקענדע בערג־וועלדער אין גאַנץ ליטא. און האָט זיך דאָרט באַזעצט. און קוקסט פון דערוויטענס אויף ווילנע, פון וועלכען עס שטאַרען אַרויס די גרינע קופּאָלען פון קיר־כען, און עס פינקלען זיך אָפּ אין דער זון די גאָלדענע טורעמס פון די צערקוועס, און עס שיינען די רויטע ציגעל־דעכער פון די הייזער, צווישען דעם טונקעלען גרינס פון די וועלדער און סעדער אַרוים — דאַכט זיך דיר, אַז ווילנע איז אַ ווייטע, ווייטע לעגענדאַ־רישע שטאָדט פון אַלטען ווייטען אָריענט. עפּעס אַ קינדער־שטאָדט פון אַ קינדער־ביכעל אַרויס, וואוהין אַ מידער וואַנדערער געהט, צו געפינען רוה און פרידען. אין דער שטאָדט וואוינט אַ גוטער אַלטער קעניג, וואָס רעגירט איבער דער שטאָדט מיט גרויס חסד, וועלכער פאַרמאָגט אַ טאָכטער, די שעהנסטע פּרינצעסין, נאָר אַ כשוף־מאַכער האָט זי פאַר׳כשוף׳ט און פאַרוואַנדעלט זי אין אַ בלויען פויגעל, און זי זיצט אין אַ שטייג, — און דער וואַנדלער ווייסט דעם שפּרוך, ווי אַזוי די פּרינצעסין אויפצולעזען פונ׳ם כשוף, און זי צוריק פאַרוואַנדלען אין אַ מענשען געשטאַלט — פאַר דעם וועט דער קעניג זיין טאָכטער דעם וואַנדלער פאַר אַ ווייב געבען, און ער

וועט רעגירען אויפ'ן קעניג'ס אָרט, און מיר דאַכט זיך, אַז איך בין דער וואַנדלער,—צי וועל איך נאָר קענען דעם ריכטיגען שפּרוך זאָגען?

און זעהט ווילנע פון דער ווייטענס אויס ווי אַ לעגענדאַרישע שטאָדט, — איז זי דאָס אין דער נאָהענט. איהרע געסלעך זייי־נען קליינע, שמאָלע און קרומע, און איהרע הייזער שטעהען איבער־געווירט איינס אויפ'ן אַנדערען, צוגענייגט איינס צום אַנדערען — ווי זיי וואָלטען צוזאַמענגעוואַקסען. ווילנע באַשטעהט שוין ניט פון איינצעלנע הייזער, — נאָר ווילנע איז אין גאַנצען צונויפגע־וואַקסען. דער רויטער ציגעל־קאָליר פון די הייזער גיט ווילנע אַן אייגענעם קאָליר, און אַן אייגענעם כאַראַקטער. איך האָב ליב די שמאָלע, ענגע געסלעך, וואו די מענשען זיצען איינגעקאָרטשעט, אונ־טער די נידריגע געוועלבען פון זייערע קראָמען.

ווילנע, ווי גאַנץ ליטע, מאַכט דעם איינדרוק ווי אַ שטאָדט אין קליינעם פאָרמאַט. גאַנץ ליטע איז אַ לאַנד אין קליינעם פאָר־מאַט. דער הימעל, דאַכט זיך, איבער ליטע, איז ניט אַזוי גרויס, און מען האָט גאָר ניט אַזוי מורא פאַר איהם, און די ערד איז ניט אַזוי ברייט. מען קען זי אַרומנעמען מיט איין בליק. און די מענ־שען אין דער ליטע וואַקסען קליין, קלענער ווי אַלע אַנדערע מענ־שען, און די פערד, להבדיל, אין דער ליטע, וואַקסען קלענער ווי אַלע אַנדערע פערד. האָט איהר געזעהן אַ פערד איינגעשפּאַנט צו אַ וואָגען אין דער ליטא? עס איז ניט קיין פערד און קיין וואָגען, נאָר עס זעהט אויס ווי אַ קינדערש פערדעל איינגעשפּאַנט צו אַ קינדער־וועגעלע. און אַפילו זייערע וועלדער זיינען קלענערע ווי אַנדערע וועלדער, און זייערע וואַסערען זיינען קלענער ווי אַנדערע וואַסערען. אַלעס אין דער ליטא איז אין אַ פאַרקלענערטען פאָר־מאַט. מענשען וואוינען אין קליינע, נידריגע הייזלעך, און מען עסט אויף קליינע, קליינע טעלערלעך — און דורך דעם מאַכט ווילנע אַן איינדרוק ווי אַ גרויסע שטאָדט אין אַ קליינעם פאָרמאַט.

לענגער ווי אין אַלע אַנדערע לענדער אין אייראָפּא האָט זיך אויפגעהאַלטען אין דער ליטא דער געצענדינסט. מענשען האָבען געדינט צו נאַטירליכע געטער פון די וועלדער און די ווילדע וואַסערען. — לענגער ווי אין אַלע אַנדערע לענדער. און פאַרנאַכט אַז עס קומט, ווען די זון זעצט זיך, און די בערג אַרום ווילנע צינדען זיך אָן אין הערליכען גלאַנץ פון זונען שיין, און הויבען אָן צו יאָגען די ווינטען פון די געדיכטע וועלדער, הערט זיך דאַמאָלס איבער ווילנע דאָס קלאָגען פון ווינד אין די וועלדער, דאָס שטילע רוישען פון וואַלד וואַסערען, דאָס קרעכצען פון די פעלדער־זאַנגען, און עס דאַכט זיך, אַז די ווילדע געטער קלאָגען פון די וועלדער אַרויס און זייער גע־וויין הערט זיך אין דער שטאָדט ווילנע.

## אברהם רייזען.

# ווילנע.

א געזאַנג.

שטאָט — ווילנע! איך רוף־אָן דיין נאָמען,
און ווי נאָר דיין נאָמען דערמאָנט —
געפיהלען זיי ברויזען, ווי שטראָמען
און ס'מוטיגט און ס'וועקט און עס מאָנט...

איך זעה אין געדאַנק מיך שפּאַצירען,
דורך גאַסען, דאָ ברייט און דאָ שמאָל,
אַזוי ווי איך וואָלט דאַן שטודירען
די טעג פון דעם ווייטען אַמאָל.

און עכאָס פון קאַמף האָט געקלונגען, —
איך הער זיי נאָך אויך דאָ אַצונד;
כ'זעה מאַסען, וואָס האָבען געזונגען
די היילינע „שבועה" פון „בונד".

כ'זעה אָרעמע הויפען, אין טיפען —
געצעלטען אין שאָטען צעשטעלט;
איך האָב דאָרט דערהערט און באַגריפען
דעם רוף, וואָס זיי שיקען דער וועלט.

געזעהן דאָרט די „דרוקען", „פאַרלאַגען"
פון „פונק" און פון „מיך" און פון „ראָם",
וואָס „האָבען" ווי בליצען־זיגזאַגען
באַלויכטען דאָס לעבן ביז תהום...

געזעהן דאָרט אויף איטליכען פּנים
די גוטסקייט מיט צער, ווי געקריצט;
און גייסט, וואָס אין קאַמף מיט די שונאים —
האָט אָפט אונזער לעבען געשיצט...

די שולכלעך, וואו ס'לויכט קוים אַ פייער,
וואו ס'קלינגט קוים דער ניגון אין לופט;
און ליד פון די נייע, באַפרייער,
וואָס מוטיגט, וואָס וועקט און וואָס רופט.

און נעמען פון ווילנער משכילים,
ביי וועמען נאָר בילדונג איז גליק...

און רייד פון די אײדעלע תמימים,
פון פין און פון שולמאַן, און דיק.

און ס'קלינגען פון נעמען די קלאַנגען
פון קעמפער — מיט פרייהייטס פאַרלאַנג,
וואָס זיינען אַנטקעגען געגאַנגען
דעם הערשער — אין מוטיגען גאַנג.

דיין שוסטער, וואָס האָט זיך דערוואָרבען
אַ נאָמען, וואָס קלינגט אין דער וועלט —
געפאַלען פאַר פרייהייט אַ קרבן —
הירש לעקערט — פון ווילנע דער העלד.

געזעהן אין דיר, הויפטשטאָט פון ליטע,
דעם צענטער פון אידישער וועלט,
וואו פרעמדקייט וואָלט האָבען די שליטה —
פאַראייניגט דיין גייסט און באַזעלט.

דיין נעץ פון די וועלטליכע שולען
און פעסטונג פון אידישען וואָרט.
דאָס זיינען די קוואַלען, וואָס פולען
מיט זין און מיט פרייד יעדער אָרט.

די פאָרשער פון שריפטען — אַרכיוועז,
וואָס ראַנגלען ביי דיר זיך מיט נויט,
באַנייען די וויטסטע ישובים,
וואָס זיינען אין לענדער צושפּרייט.

וואָס לעבען אין דחקות, ניט זיכער,
און נעכטיקען ניט וואו געטאָגט —
די בויען פּאַלאַצען פאַר ביכער,
פאַר אוצרות, וואָס ס'פאָלק נאָר פאַרמאָגט.

די קעמפער, וואָס האָבען צושפּרייט זיך
ביז דאַנען — אַריבער דעם ים,
און דאָ אין דעם לאַנד, וואו באַנייט זיך —
געשטיצט און באַוואָהרט זייער שטאַם...

וואָס האָבען דאָ „צווייגען" באַפעסטיגט,
און אַרבייטען אַלע אין „רינג";
צו איינעם אַ „צווייג" דאָ — דעם גרעסטען —
דאָס ליד וועגען ווילנע איך זינג.

## ש. ניגער:

# ווילנע.

(איינדרוקען און געדאַנקען)

## 1

די אַלטע ווילנע . . .

אז מען זאָל זי זעהן, מוז מען זיך מטריח זיין צו איהר אין שטוב אריין. זי איז א שטוביגע, א היימישע. זי טרעט ניט אָפּ פון דעם ביסעל מטלטלין, פון די רעשטלעך, וואָס זיינען איהר געבליבען פון דער אַלטער איינגעפונדעוועטער בעל־הבית'שקייט. מען מוז געהן דורך לאַנגע, טונקעלע, פאַרשטויבטע קאָרידאָרען, ביז מען טרעפט צו איהר טיר...

די ווירטשאַפט פון דער אַלטער ווילנע האָט זיך געקלי־בען און איז געוואקסען אין משך פון הונדערטער יאָהרען. דורות האָבען געארבייט אויף איהר, געארבייט מיט זייערע הענט, מיט זייער מארך, מיט זייער גאַנצען וועזען. א ספר צו א ספר, א בילד צו א בילד, איין שטיקעל ציהרונג צו דעם אַנדערען, איין ירושה־בעכער צום צווייטען — און עס איז געוואָרען ענג אין די גרויסע חדרים. די ווענט, וועלכע האָבען זיך אָנגעזעהן און אָנגעהערט אזוי פיל, זיינען אזוי ווי באוואקסען געוואורען מיט בילדער, מיט אויסגענייטע „מזרח'ס", מיט אויסגעהאַפטענע, ניט היגע, ארץ־ישראל־דיגע פּירות. עס מאכען זיך קוים צו די הויכע אַלמערס. עס קרעכצען פון פולקייט די אַלטע קאָמאָדען. עס איז ניט צו ריהרען פון אָרט די שווערע געשמידטע קאָפערס... א גרויסע, א רייכע, און אָן איינגעפונדעוועטע בעל־הבית'ישקייט!

קיין גרויסע שרפות זיינען לאַנג ניט געוועזען (דעם גאון'ס ברכה!). דעם צאר'ס דינער, וואָס האָבען זיך געוועזען אהין פאַרקליבען, האָבען אכטונג געגעבען, אז יונגוואַרג זאָל ניט אראָפּ פון וועג, דאָס אַלטע האָבען זיי ניט געטשעפּעט: זאָל עס שימלען! מען האָט געקאָנט דאַווענען און שרייבען ספרים און מאכען מזרח'ס, וויפיל מען האָט געוואָלט, אבי מען האָט אָפּגעהיט צו זאָגען „הנותן תשועה". די

פוילישע לעגיאָנען, וועלכע זיינען געקומען דערנאָך, האָבען אויך געזוכט ניט קיין אַלטע שמאַטעס", נאָר „מזומן", — און ווילנער אי־דישע בעל־הבית'ישקייט איז נאָך איצט אויך עפּעס ווערטה!

אין די שולען, אין די ביבליאָטעקען אין די אַלטע פאַמיליענ־שרענק קאָן מען נאָך געפינען אַ היבש ביסעל אַלטווארג, טייערע אנטיקען. היינט די ווילנער אידישע בית־עולם'ס! אַ סך פון זיי זיינען צוטרעטען געוואָרען מיט די פיס פון די אַמאָליגע פּראַנ־צויזישע, נאַפּאָלעאָנישע, און שפּעטערדיגע רוסישע, דייטשע, פּוילישע פערד און חיה רעה'ס... אָבער אויפ'ן טויט האָבען מענשען און אַנדערע חיות ניט קיין שליטה. דעם טויט קען מען ניט טויטען. דער יחוס פון די ווילנער אידישע בית־חיים'ס איז גאַנץ. זיין פאַרמעגען קאָן קיינער ביי איהם נישט אוועקנעמען. און זיין פאַר־מעגען איז גרויס און וואונדערליך! לייענט די „בעדערקעס", די „פיהרערס" פון דער געשטאָרבענער, אָבער נישט טויטער, ווילנע — לייענט שטיינשניידער'ס „עיר ווילנא" אָדער ש. י. פין'ס „קריה נאמנה" — וועט איהר זעהן די אוצרות, וואָס ווילנע האָט פאַר־באָרגען אין דער שטילער ערד פון איהרע בית־עלמינס.

אָבער ניט נאָר אין די שטומע אוהל'ס, ניט נאָר אונטער די איינגעבויגענע און האַלב־פאַרמעקטע מצבות, ניט נאָר אונטער די פרישע בערגליך ערד פון די נאָר וואָס אומגעקומענע, — אויך אין די שטילע הייזער פון די אַלטע ווילנער אידישע פאַמיליעס, אין די אַלטע ווילנער צדקה־חברות, קלויזען און בתי מדרשים, וועט איהר געפינען, ווי געזאָגט, סמנים פון ווילנער איינגעפונדעוועט־קייט און יחוס'דיגקייט. וואוהין איהר וועט נישט אריינקומען, צי אין גאון'ס קלויז, צי אין סטראַשון'ס ביבליאָטעק, צי אין ראָם'ס דרוק, צי ערגעץ וואו אין אַ „דורכהויף" פון דעם אַמאָליגען געטאָ — אומעטום וועט איהר פיהלען די געבענשטע ענגקייט, די ליבע פאַר־שטויבטקייט פון אַן אַלטער און רייכער בעל־הביתישקייט...

אַן אַלטע בעל־הבית'טע איז די אַלטע אידישע ווילנע!!

ווי אַלע אַלטע בעל־הבית'טעס, האָט זי קיין גוסט ניט צו נייע זאַכען. אויף וואָס דאַרף זי זיי? אויף די פּאָלי־צעס און אין די שאַפּעס און אין די טונקעלע הינטער־צימערען זיינען דאָ נאָך גענוג כלי־בית, גענוג קליידער. עס שאַדט ניט, וואָס עס פעהלט וואו אַ ווענטעל, אַ פיסעל, אַן אויערל, עס שאַדט ניט, וואָס דאָס זיידענס איז אַביסעל אָפּגעבלאַקירט, אָפּ־געטראָגען, וואָס דאָס זילבער איז אַביסעל צובויגען און אָפּגעניצט, אַבי עס האָט דעם אַלטען חן... פאַר נייע זאַכען איז, אגב, קיין פּלאַץ ניטאָ: עס איז אומעטום פאַרשטעלט, פאַרלייגט... פּרובט, אויף טשיקאַוועס, אַריינברענגען אין סטראַשון'ס ביבליאָטעק אייערע

נייע ביכער מיט אַלע אייערע צייטונגען און זשורנאַלען — ניטאָ וואו צו שטעלען! מען וואָלט געקאָנט אַרויסקלייבען זיך פון ענגען שול־הויף און אויסבויען גאָר אַ באַזונדער געביי פאַר דער רייכ־סטער אידישער ביבליאָטעק אין ליטא. אָבער . . . אַן אַלטע בעל־הבית'טע קלייבט זיך ניט אין נייע דירות, אַן אַלטע בעל־הבית'טע בויט זיך ניט . . . דאָס טוען אויפגעקומענע!

אַן אַלטע בעל־הבית'טע, און בפרט נאָך אַ בעל־הבית'טע אַ יורד'טע, האָט ניט קיין מזומן געלד. איהר עשירות ליגט אין חפצים, אין אַנטיקען: זי האָט אַביסעל קליינגעלט אויף פאַר־ריכטען אַן אַלטע זאַך, אויף הוצאות קטנות, אָבער ניט אויף גרעסערע אויפטוען...

א יורד'טע איז די אַלטע ווילנער בעל־הבית'טע...

אין די שטילע פאַרטונקעלטע הייזער, אין די אַלטע קאַמאָדען און אַלמערס, אין די פאַמיליען־אַרכיוועז שיינט נאָך אַרוים פון אונטער דער שטוב איהר שטומער, האַלב־פאַרגליווערטער שטאָלץ: אין סטראַשון'ס ביבליאָטעק, אין אידיש וויסנשאַפטליכען אינסטיטוט, אין מוזיי פון דער היסטאָריש־עטנאָגראַפישער געזעלשאַפט, אויף די בית־עלמין'ס לעבט זי נאָך איהר רייכען און שטומען לעבן. אויפ'ן שול־הויף איז זי נאָך גאָר ברייט אין דער דעה: דאָרט טרעפט, אַז זי הייבט אָן ריידען גאָר פּלוצלונג הויך אויפ'ן קול, און אין איהר שטים הערט זיך איהר אַלטע תקיפות. זי רעדט אויף דער בייזער שפּראַך פון קללות און חרמות (באַלד נאָך דער מלחמה האָט זי מיט גרויס פּאַראַד, מיט שוואַרצע ליכט און שופר־בלאָזען אַריינגעלייגט אין חרם די, וואָס האָבען געהאַלטען געהיימע ברייז־ליך און די, וואָס האָבען ספּעקולירט מיט ברויט), אָבער דאָס איז נאָר דאָרט, אויפ'ן שול־הויף, וועלכער געפינט זיך אין דער ענגער און אָרימער אידישער גאַס.

ביים עק פון דער אידישער גאַס, האַרט לעבען טויער, וואָס פיהרט צום אַלטען שולהויף, ציהט זיך די דייטשע גאַס — און דאָס איז די גאַס פון ווילנער אידישער וועלטליכקייט און עולם־הזה, די גאַס פון אידישען האַנדעל און וואַנדעל. דאָ זיינען פאַראַן שוין גאָר שוואַכע, בלאַסע שפּורען פון דער אַלטער, ראָמאַנטישער, ירושלים דליטא. דאָ געוועלטיגט שוין די נייע, פּראָזאַאישע, ווילנע. די אַלטע בעל־הבית'טע, די גרויסע יחסנ'טע, שלייכט זיך דאָ דורך, ווי אַ שאָטען, שטיל און שרעקעדיג, אָבער זי פיהלט זיך דאָ אויך.

2

ווילנע איז נאָך אַלץ אַן אַלטע בעל־הבית'טע. זי איז נאָך אַלץ די גרויסע זאַמלערין פון ירושות, די טייערע וועכטערין פון

היסטאָרישע פּאַרמעגענס. קיינער ווייס ניט אַזוי גוט, ווי זי, אַז אין אַ באַלעבאַטישקייט קאָן אַלץ צוניצקומען.

דאָס איז אַמאָל געווען מיין רושם פון ווילנע, און שפּעטער, אומקערענדיג זיך צוריק אַהין, נאָך צוועלף יאָהר אַמעריקע, איז דער איינדרוק פון ירושה׳דיגער איינגעפונדעוועטקייט שטאַרקער געוואָרען.

איך זעה פאַר זיך אַלץ נאָך אַ שטאָט, וואָס ענדערט זיך ניט, כאָטש זי איז אַזוי אָפט אויפגעציטערט געוואָרען פון אינעווייניג און צוטרייסעלט — פון דרויסען. איך קוק אויף איהר אַראָפּ פון שלאָסבאַרג. איך קוק אין איהר אַריין, בלאָנדזשענדיג איבער׳ן אַלטען שוהל־הויף און זעה, ווי אומבאַריהרליך זי איז אין איהר שטענדיגער ריהרעוודיגקייט, ווי ניט־נאָכגעביג — אין איהר אייביג מוזען זיך צופּאַסען צו נייע אומשטענדען.

איך געה איבער די פרישע אַספאַלט־טראָטואַרען, וועלכע פאַרבייטען די אַמאָליגע האַלב־צובראָכענע ברעטער ביי די זייטען פון די ענגע מיטעלאַלטערליכע גאַסען. איך זעה ניט די פאַרצייטיגע אומריינקייט: די אַלטינקע האָט זיך צוגעפּוצט, צוגעפאַרבט זיך לכבוד דער יונגער און אַמביציעזער מאַכט: אָבער ס׳איז די אַלטע ווילנע. כ׳געפין אַלץ אויף דעם זעלבינען פּלאַץ, אויף וועלכען ס׳איז געווען אַמאָל.

פּרובט אין ניו יאָרק ניט באַזוכען אַ געגענט עטליכע יאָהר נאָכאַנאַנד, וועט איהר זי ניט דערקענען. אפילו אין בערלין, וואו אַלץ איז אין אָרדנונג, וואו די ביזאַהעריגע רעוואָלוציעס אפילו זיינען געווען געמיטליך, — האָב איך געפונען גאַסען, גאַנצע קוואַרטאַלען, וועלכע זעהען אויס אַנדערש ווי אַמאָל. אַזאַ שטיק ליבע פּראָווינץ ווי קאָוונע, האָט אָנגעהויבען צו שפּילען די ראָלע פון אַ רעזידענץ־שטאָט, און עס קומען־אויף אין איהר נייע געביידעס, וועלכע ענדערען איהר אויסזעהן. נאָר ווילנע אַליין גיט אונז צו פיהלען, אַז ס׳איז ניטאָ קיין נייעס אונטער דער זון. נאָר זי אַליין רוימט אונז איין אין אויער אַ סוד, אַז ס׳איז, אין תוך גענומען, אַלץ איינס ווער עס זיצט אין סטראַשון׳ס ביבליאָטעק און זאַמעלט מאַטעריאַל — דער „חפץ חיים“, אַן אַלטער משכיל, אָדער דאָס טוט אַ יונגער סטודענט פון ווילנער אוניווערזיטעט, וועלכער גרייט־צו אַן אַרבייט וועגען דער אַנטוויקלונג פון דער אידישער אַרבייטער־באַוועגונג. נאָר ווילנע אַליין ווייס, אַז אַלץ, אַפילו די צוקונפט, מוז סוף כל סוף אַריינפאַלען אין די הענט פון היסטאָריקער...

זיץ איך אין אַ אידישער גימנאַזיע, וועלכע איז געווען אַמאָל אַ רוסישע, און הער ווי אַ שוואַרץ־חנ׳עוודיג מיידעלע, קוים דרייצעהן יאָהר אַלט, לייענט פאַר אַ קאָמפּאָזיציע וועגען אידישן פאָלק־

לאַר און הער, ווי אַ אינגעל, נאָך פאר בר־מצוה, דערצעהלט, וואָס ער ווייס וועגען בעש"ט, און ווי אַן אַנדער בחור'ל מיט אַלטע אויגען ווייזט חריפות אין נאַטור־וויסענשאַפט, — זיץ איך און פאַר מיינע אויגען שוועבען די שאָטענס פון גאון'ס קלויז, פון ראַמיילעס ישיבה... מען לערנט נייע, גאָר נייע זאַכען, אָבער ס'איז דאָס אַלטע זיצען און לערנען, ס'איז די אַלטע התמדה, ס'איז דעם ליטוואַק'ס אייביגע ליבע צו תורה און צו חכמה.

איך שפּאַציר איבער די צימערן פון דעם אַזוי שנעל אויסגעוואַקסענעם אידישען וויסענשאַפטליכען אינסטיטוט און הער, ווי דער נייער, מאָדערנער, פאָרשונגס־גייסט זאָגט: — זאַמעלט זיך, זאַמעלט זיך, איהר אַלטע שמות. עס וועט קומען אַ צייט און אונטער אייער שטומער צונג, איהר אַלטע שמות, וועט אונטערגעלייגט ווערען אַ שם־המפורש, איהר וועט באַקומען לשון און איהר וועט די קומענדיגע דורות אָנפאַרטרויען דעם סוד פון די פאַרגאַנגענע, דעם סוד פון אומפאַרגאַנגליכקייט... זאַמעלט זיך, זאַמעלט זיך, שמות, שאָטענס! קומט אַהער פון אַלע עקען וועלט. דאָ וועט איהר אויפגעהיט ווערען. דאָ וועט איהר געפינען רוה. דאָ וועט איהר זיין שטיל און אייביג, ווי די בערגלעך אַרום שטאָט...

איך געה איבער די גאַסען, די געסליך, די „דורכהויפען". אַ סך פון זיי האָבען נייע נעמען (עס זיינען דאָ אויך אידישע נעמען: דעם גאון'ס גאַס, סטראַשון'ס גאַס). איך קוק אויף די שילדען: נייע אותיות, שוין ניט קיין רוסישע — פּוילישע... איך טרעף אַן סאָלדאַטען, אָפיצערען, פּאָליציי. זיי זיינען אַלע שוין ניט אין רוסישע, נאָר אין פּוילישע אוניפאָרמס... איך גיב אַ טראַכט: וויפיל מאָל האָבען זיך געענדערט אין משך פון די לעצטע צוואַנציג יאָהר די נעמען פון די גאַסען, די ווערטער אויף די שילדען, וויפיל מאָל האָבען זיך געביטען די מאַכטהאָבער און ווי אַנטאַגאָניסטיש זיי זיינען אַלע געווען, — זיי אַלע: די רוסען, די דייטשען, די באָלשעוויקעס, די ליטווינער, די פּאָליאַקען — און ווי טריי ווילנע איז געבליבען, ניט קוקענדיג אויף דעם אַלעמען, צו זיך אַליין!

נייע נעמען פון גאַסען, נייע שילדען, אַ נייע מאַכט, אַ נייער דור: דאָך געפין איך אַן אַפּטייק, אָדער אַ פּאַפּיר־געשעפט, אָדער די וואוינונגען פון פּריינט פּונקט דאָרט, וואו זיי זיינען געווען מיט צען, מיט צוואַנציג יאָהר צוריק. די אידענעס מיט די קאָשיקעס שטעהען, איינגעוויקעלטע אין אַלטע שמאַטעס, דאָרט, וואו זיי זיינען געשטאַנען אַמאָל. און אָט געה איך פאַרביי אַ פּלאַץ, וואו מען קויפט און מען פאַרקויפט אַלטע מעבעל. דוכט זיך מיר, אַז איך דערקען דאָס שרייב־טישעל, וואָס איך האָב אַמאָל דאָ איינגעהאַנ־

דעלט — איך זעה די אמאָליגע טינט־פלעקען און דאָס האַלב־צובראָ־כענע, נאָך אַלץ ניט פאַרריכטע טישקעסטעל...

מענשען עלטערען זיך דאָ, ניט זאַכען... א דור געהט אוועק, א דור קומט, איין רעגירונג פאַרבייט די אַנדערע, איין מלוכה איז גובר די צווייטע — און ווילנע בלייבט אויף איהר אָרט...

אָט שטעהט א קלויסטער אָהן גלאָקען (ווער האָט זיי אַרויס־גענומען אין די יאָהרען פון קריג? די רוסען? די דייטשען?) — א שטומער קלויסטער. ער שטעהט און שטומט, אָבער ער שטעהט אויף זיין אָרט...

ניט נאָר די אידישע ווילנע קאָן ניט און וויל ניט פאַרטריי־בען די שאָטענס פון אמאָל: ניט נאָר ירושלים דליטא שטעלט מיט זיך פאָר א לעבעדיגען מוזיי, אַן אייביגע אויסשטעלונג פון אַנ־טיקען. וואו נאָר איך קער זיך און ווענד זיך, זעה איך פאַרצייי־טיגע אַרכיטעקטור, זעה איך אַלטע, ווען אפילו איבערגעפאַרבטע, הייזער.

איך געה אָהן א הויף פאַרביי דעם אַלטען קאַטוילישען קלויסטער פון אָסטראָבראַם — און מיר דוכט זיך, אַז איך האָב דעם הוט אַראָפּגענומען נאָך מיט פינף־און־צוואַנציג יאָהר צוריק, ווען איך בין צום ערשטען מאָל דאָ פאַרבייגעגאַנגען; מיר דוכט זיך, אַז פון דאַן אָן געפין איך זיך דאָ און קיין שום זאַך איז אין משך פון דעם פערטעל יאָהרהונדערט ניט געשעהן...

דאָס איז, פאַרשטעהט זיך, אַן אילוזיע: אָהן א שיעור גרויסע געשעהענישען זיינען דורכגעלאָפען פאַר דער צייט; א סך פון זיי האָבען זיך, ווי דונערן, געקייקעלט איבער די אַלטע, שמאָלע ווילנער געסליך; א סך פון זיי האָבען געטראָגען מיט זיך הונגער און האָפע־נונג, טויט און בשורות פון נייעם לעבען... ווילנע ווייס עס, אָבער ס'איז אַן אייגענאַרטיג וויסען. ניט דער וויסען פון דער יוגענט, וועלכע פאַרגעסט דאָס נעכטיגע, ווען עס פאַסירט עפּעס נייעס. ווילנער וויסען, איז דאָס וויסען פון א פּנקס, וואו די אַלטע, געלגעוואָרענע בלעטער ווערען ניט אויסגעריסען, ווען מען שרייבט־צו נייע שורות; פאַרקערט, זיי ווערען נאָך חשוב'ער.

ווילנע עפענט זיך פאַר אונז ווי א פּנקס, ווי א לעבעדיגע כראָניק...

אָט געה איך פאַרביי דער רעסטאַווירטער קירך, וואו פעטער דער גרויסער זאָל האָבען געטויפט זיין באַרימטען „אַראַפּ". איך געה אביסעל ווייטער, און — שוין אין אַן אַנדער גאַס — דערצעהלט מיר א טאַפּעל אויפ'ן וואַנט פון אַלטען מויער, אַז דאָרט האָט גענעכטיגט נאַפּאָלעאָן דער ערשטער. היינט די פאַרצייטיגע מאָ־נאַסטירען, די קלויסטערס, וואָס לויערען און טונקלען זיך אין אזוי פיל ווילנער ווינקלען... געוועזענע נעסטען פון פראַנציסקאַנער, דאָ־

מיניקאַנער, רעשטליך פון אַלטע, נאָך ניט פאַרשוואונדענע וועלטען... און אָט דאָרטען, צווישען הויכע, איינגעבויגענע מויערען, איז אין שטיין פאַרגליווערט געוואָרען (און לעבען געבליבען), דוכט זיך מיר, דער מיטעלאַלטער אַליין...

3

א מיטעל־אַלטערליכע — און דאָך איינע פון די מאָדערנסטע אי־דישע שטעט.

פון די פענסטער, פון די טונקעלע הויפען קוקט אַרויס שטי־לע טראַדיציע — און רעוואָלוציע לויערט אין די ווינקלען... אַלטע חפצים — און נייע מאָדערנע אידעען...

אַלע מאָדערנע באַוועגונגען אינ'ם אידישען לעבען — אזוי זאָגט מען — האָבען זיך אָנגעהויבען אין ווילנע. אַלע נייע רעוואָלוציאָנערע אידעען זיינען געבוירען געוואָרען אין ווילנער קעלערס, אין ווילנער קעפ... פון דאַנען האָבען זיך געשפרייט איבער ליטע, רייסען, פוילען, די שטראַהלען פון השכלה־ליכט; דאָ זיינען געווען די ערשטע סאָ־ציאַליסטישע קרייזליך; דאָ זיינען אויפגעקומען ווערטפולע אינסטיטו־ציעס און א סך פיהרענדיגע פערזענליכקייטען פון דער נייער אידישער קולטור...

דאָ זיינען אויפגעגאַנגען די אַלע ניי־פאַרזייעטע קערענדליך. אָבער דאָס איז דערפאַר, ווייל דאָ איז אַ פעטער און אַ גוט צו־אַקערטער באָדען... דער גייסט פון באַנייאונג איז אָפט ניט מעהר ווי אַ גלגול פון דער נשמה פון היסטאָרישער טראַדיציע..

ווער נאָר עס האָט געוועלטיגט איבער ווילנע, איז דורכגעדרונגען געווען מיט אַ געפיהל פון דרך־ארץ פאַר איהר היסטאָרישער חשיבות, פאַר איהר היסטאָרישען באַוואוסטזיין. די דייטשע אקופּאַנטען האָ־בען אין בילדער און ביכער פאַראייביגט איהרע דענקמעלער, איהרע אַלטערטימליכקייטען. איצט טוען עס די פּאָליאַקען (ערשט דאָ ניט לאַנג האָבען זיי אַרויסגעגעבען אַ פּראַכטפולע אילוסטרירטע מאָנאָ־גראַפיע וועגען ווילנע, איהר געגענוואַרט און פאַרגאַנגענהייט). און אַפילו מיר, אידען, וואָס מיר זיינען אַזוי געוואוינט צו געשיכטע, אַז מיר ווערען שוין פון איהר ניט נתפעל, — אפילו מיר אידען האָבען מיט ווילנע און איהר אַלטען יחוס זיך זעהר פיל אָפּגעגעבען. עס זיינען דאָ (אויף העברעאיש און אויך אויף אידיש) ביכער און זאַמעלביכער וועגען אָט דעם גייסטיגען אידישען צענטער. היסטאָ־ריקער האָבען געזאַמעלט מאַטעריאַל וועגען איהם. פּאָעטען האָבען איהם באַזונגען, מאַלער האָבען איהם געמאָלען...

ווילנע וואַרט ניט, אַנדערע זאָלען זיך דערמאָנען אָן איהר. זי פיהרט אַליין איהר ספר הזכרונות. קיין אידישע שטאָט האָט

ניט געשריבען אזוי פיל וועגען זיך אליין, ווי ירושלים דליטא. זי באנוגענט זיך ניט מיט מאכען געשיכטע. זי שרייבט די געשיכטע פון איהר לעבען. זי פארצייכענט יעדען שריט, וואס זי מאכט. זי רופט זיך אפ מיט א בראניק, מיט א מגילה, מיט א באריכט, מיט א סך־הכל, מיט א שטיק „יוסיפון" אויף יעדען אויפטו און אויף יעדער טרויער־געשעהעניש אין איהר לעבען. פון יעדער זאך בלייבט ביי איהר א שריפטליכער אדער א געדרוקטער דאקומענט...

אין די יאהרען פון דער דייטשער אקופאציע האט דר. צ. שאבאד ארויסגעגעבען „ווילנער זאמעלביכער", פול מיט אויספיהרליכע געשיכטליכע מאנאגראפיעס, פול מיט ווערטפולע עראינערונגען. דער „ווילנער פנקס", וואס איז ארויס אין יאהר 1922, דער פנקס פון די ווילנער אידישע שולען (1924), און די פריוואטע, אזוי צו זאגען, פנקס'ן, פון דר. וויגאדסקי, חייקעל לונסקי און אנדערע זיינען אויך רייך אין פאקטען, אין דאקומענטען, אין היסטארישע אפהאנדלונגען, אין איבערבליקען און סטאטיסטיק פון דעם אמאליגען, ווי אויך דעם איצטיגען אידישען לעבען אין ירושלים דליטא. דאס איז, אגב, ריכטיג אויך וועגען די אמאליגע (העברעאישע) ווילנע־מאנאגראפיעס, וועלכע עס האבען געשריבען פין, שטיינשניידער און אנדערע... ווילנע לאזט זיך נישט אב'פטר'ן מיט שיהי־פיהי: א ווילנער גאון איז — א גאון, א ווילנער ש"ס איז — מיט אלע נויטיגע פירושים און הגהות, א ווילנער וויסענשאפטליכער אינסטיטוט — איז א מאדערנער ש"ס מיט מאדערנע פירושים און הגהות. הכלל, ווילנע אז זי זאגט עפעס, איז געזאגט...

מיט א פאר יאהר צוריק איז פארעפענטליכט געווארען א בוך מיט'ן נאמען: „אויף די חורבות פון מלחמות און מהומות", פנקס פון געגענט־קאמיטעט „יעקאפא" אין ווילנע (1919־1931), אונטער דער רעדאקציע פון משה שאליט, ווילנע 1931, 1164 עמודים. א מאנומענטאל בוך פון גאנצע פופציג דרוק־בויגען, פול מיט באריכטען, ארטיקלען, טאבעלען, זכרונות, בילדער, פארטרעטען, ביבליאגראפיע — און וואס ניט? אפילו אן אינדעקס איז דא (אזא זעלטענע זאך אין אידישע אויסגאבען) און א גאנצער ביאגראפישער לעקסיקאן. דאס איז א זאמעלבוך, וואס האט מעהר ווי א ריין־לאקאלע באדייטונג, נישט געקוקט אויף דעם ארטיגען כאראקטער פון די טעטיגקייטען און די פאסירונגען, וועלכע ווערען אין איהם אפגעשפיגעלט. דא זיי־נען אויפגעזאמעלט באריכטען, כראניקעס, מעמוארען, ציפער, בילדער און כל'ערליי דאקומענטען, וועלכע זיינען וויכטיג פאר דער געשיכטע, פאר דער פסיכאלאגיע פון דער אידישער געזעלשאפטליכקייט און כא־ראקטעריסטיש פאר דעם גאנצען אידישען לעבען אין די מלחמה און נאך־מלחמה יאהרען.

אין יאהר 1929 האט דער ווילנער ארבייטער רינג ברענטש 367 ארויסגעגעבען א זאמעלבוך לכבוד דער שטאט ווילנע,*) און אין דעם זאמעלבוך האט זיך געפיהלט אונזער אלעמענס בענקשאפט נאך ווילנע און איהרע טראדיציעס — פון תורה, פון השכלה, פון דערציהונג, פון ליטעראטור, פון אלערליי געזעלשאפטליכע באוועגונגען, פון קונסט, פון צדקה, פון וויסענשאפט. די דאזיגע בענקשאפט פילט אן די הערצער פון די געוועזענע ווילנער. ביי די, וואס זיינען געבליבען ווילנער, איז פאראן נים נאר א בענקעניש נאכ'ן גייסט פון ירושלים דליטא, נאר דער גייסט גופא. און ווען מען האט ביי א דר. שאבאד און א גרשון פלודערמאכער געבעטען „עפעס" פאר'ן זאמעלבוך, האבען זיי עס, ווי עס פאסט פאר ווילנער, גענומען ערנסט און טאקע אנגעשריבען וויכטיגע ארבייטען, פול מיט פאקטען און דאטען, — איינער וועגען „ווילנע אמאל און איצט" און דער צווייטער וועגען „דעם קולטור־לעבען פון דער שטאט ווילנע".

אבער די, וואס ווילען האבען א פולען באגריף פון ווילנע, וועלען זיך, זעלבסטפארשטענדליך, נישט באנוגענען מיט ארטיקלען. זיי וועלען זיך ווענדען צו די ביכער, וואס זיינען געשריבען געווארען וועגען אט דער זעלטענער שטאט: עס איז, ווי געזאגט, דא א גאנצע ליטעראטור וועגען איהר. און נים נאר סתם אזוי ליטעראטור — פאעזיע. ווילנע איז באזונגען, נים נאר באשריבען געווארען. א. ליעסין, שניאור, דוד איינהארן, משה קולבאק און אנדערע האבען פון ווילנע געמאכט א טעמע פאר לידער...

א ספר איז יעדער שטיין, א פארמעט — יעדע וואנט...

האט משה קולבאק געזאגט וועגען ווילנע. מען קען עס זאגען אנדערש: וועגען יעדען שטיין איהרען איז דא א ספר, וועגען יעדער וואנט — א פארמעט... וועגען קיין אידישער קהלה, א חוץ ירושלים, פארשטעהט זיך, איז אזויפיל נישט געשריבען געווארען, ווי וועגען ירושלים דליטא. עס האבען זי אריינגעשטעלט אין די כראניקעס די שרייבער, וועלכע זיינען אין איהר געבוירען געווארען; עס האבען זי דערמאנט, די, וועלכע האבען נאר א קורצע צייט אין איהר געלעבט. און זייער צאל איז דאך אזוי גרויס! וואו איז נאך פאראן א אידישע שטאט, וואס זאל האבען ארויסגעגעבען אזויפיל שעפערישע פערזענליכקייטען? און אין זייערע אלעמענס ביאגראפיעס אדער אויטאביאגראפיעס רעדט זיך וועגען דער שטאט, וואו זיי זיינען געבוירען אדער אויפגעצויגען געווארען... ווילנע איז גרויס און בארימט געווארען דורך איהרע גרויסע און בארימטע מענשען.

*) „דער ווילנער", א זאמעלבוך געווידמעט דער שטאט ווילנע, רעדאקטירט פון יעפים ישורין, ארויסגעגעבען צום 20־יאריגען יובילעאום פון ווילנער ברענטש 367 א. ר.

און אפשר האָט זי זיי געהאָלפען גרוים און באַרימט ווערען? אפשר איז טאַקע דאָ עפּעס אין איהר לופט, וואָס מאַכט איהר ראוי צו זיין אַ פּלאַץ פון וויכטיגע אויפטואונגען?

זי האָט געווים נישט געקאָנט מאַכען איהרע איינוואוינער באַ־גאַבטער, טאַלאַנטפולער, ווי זיי זיינען. דאָס קאָן קיין שטאָט ניט: באַגאַבונג, טאַלאַנט איז אַ מתנה פון גאָט, פון דער נאַטור. אָבער דערציהונג, סביבה, טראַדיציע שפּילט אויך אַ ראָלע. און אין דער סביבה, ווי אויך אין דער טראַדיציע פון דער שטאָט פון דעם גאון, פון דעם בעל־הביתי'ל, פון אַנטאָקאָלסקי'ן איז זיכער פאַראַן עפּעס, וואָס ווירקט אויף דער דערציהונג, אויף דעם וואוקס, אויף דער אַרבייט פון די, וואָס לעבען דאָרט אַ לענגערע צייט. עס ווערט דערצויגען, קולטיווירט, אויב ניט זייער טאַלאַנט, איז זייער כאַראַקטער, זייער ווילען עפּעס אויפצוטאָן.

עס איז אפשר ניט קיין צופאַל, וואָס דער נאָמען פון אונזער ליטווישען ירושלים הויבט זיך אָן מיט וויל? אַזוי ווי עס עקזיסטירען שטעט, וואו עס בליהט די פאַנטאַזיע, זענען אפשר דאָ אויך ערטער וועלכע וועקען און שמידען דעם מענשליכען ווילען? איז אפשר ווילנע אַזאַ אָרט?

„וויל נאָר, וועסטו אויך זיין אַ גאון" — אַזוי רופט זיך דאָס קאַפּיטעל ווילנער עראינערונגען פון יוסף רומשינסקי, (אינ'ם דער־מאָנטען אַרבייטער רינג־זאַמעלבוך), — און עס איז זעהר אָן אינטע־רעסאַנט קאַפּיטעל. ה' רומשינסקי דערצעהלט־איבער דאָס באַקאַנטע מעשה'לע, וואָס ער האָט געהערט פון זיין פאָטער וועגען דעם ווילנער גאון: „דער ווילנער גאון, האָט איהם זיין פאָטער דערצעהלט, איז געגאַנגען דאַווענען, זיינען איהם נאָכגעלאָפען אינגלעך און געשריען, „דער ווילנער גאון, דער ווילנער גאון!" האָט ער זיי געענטפערט: קינדערליך, וויל נאָר, וועסטו אויך זיין אַ גאון".

וויל נאָר! — אָט דאָ ליגט דער שליסעל צו דער שטאָט ווילנע און איהר גרויסקייט. ווילנע איז ווילען. דער ווילנער גאון האָט געדאַרפט הייסען: דער ווילנער מתמיד. ווילנער גאונות דאָס איז התמדה אָדער (וואָס איז די זעלביגע זאַך) — ווילענס־קראַפט... „די נשמה פון דער אידישער ווילנע", זאָגט דר. א. גינזבורג, אין אַן אַרטיקעל מיט דעם זעלביגען נאָמען — איז „אַן ערנסטע נשמה, אַן אַסקעטישע נשמה, די נשמה פון דעם לערנער, די נשמה פון דעם, וואָס מאַטערט זיך אויף דער תורה. — — —"

4

דאָס איז די ווילנער נשמה — די ווילנער טראַדיציע.

דאָס איז אַ טראַדיציע פון אָנהויבען נייע זאַכען, נישט

נאָר פון אָפּהיטען און אויפהאַלטען דאָס, וואָס איז געבליבען פון פריהעריגע דורות. דאָס איז אַ טראַדיציע פון וועקען, נישט פון איינשלעפערען — אַ פּיאָנערן־טראַדיציע.

פּיאָנערען זיינען געוועהנליך פּערזאָנען, וועלכע לעבען דערמיט, וואָס קומט און דאַרף ערשט קומען: פּיאָנערען טראַכטען וועגען דער צוקונפט, נישט וועגען דער פאַרגענגענהייט. מענשען פון טראַדיציע זיינען, פאַרקערט, צוגעבונדען צום אַמאָל; אַלץ, וואָס איז ניי, שרעקט זיי. אָבער ווילנע פאַרמאָגט די קונסט צו פאַראייניגען אין זיך דעם היסטאָרישען גייסט פון דער ירושה, דעם גייסט פון זאַמלען און אויפהיטען מיט דעם פּיאָנערען־גייסט. אין ווילנע באַגעגענט זיך די פאַרגאַנגענהייט מיט דער צוקונפט — אָהן אַ צוזאַמענשטויס.

אין ווילנע זיינען תורה און השכלה געווען אַ צווילינג — אָהן אַ „ויתרוצצו".

אפילו די רעוואָלוציע האָט זיך אויף דער ווילנער אידישער גאַס אָנגעהויבען פון בויען, נישט פון ברעכען, — פון בויען אידישע ביבליאָטעקען, אָווענט־קורסען, ביכער־פאַרלאַגען, „קאַסעס".

ווילנע אָבער בויט נישט פאַר זיך אַליין נאָר. אין ווילנע הויבט זיך עס אָן, אָבער פון דאָרט ווערט עס אויסגעשפּרייט איבער דער גאַנצער אידישער וועלט. די ווילנער טראַדיציע האָט אַ נאַציאָנאַלע, נישט נאָר אַ לאָקאַלע באַדייטונג.

און דאָס איז ריכטיג אויך וועגען דעם ווילנער. ער האָט ליב זיין שטאָט, ער איז צו איהר צוגעבונדען, אָבער ער איז נישט געבונדען פון איהר. וואוהין אַ ווילנער קומט, דאָרט איז ווילנע. וואו עטליכע ווילנער (און סתם ליטוואַקעס) קומען זיך צונויף, ווערט דאָרט עפּעס געבויט, געשאַפען, ווערט דאָרט עפּעס אָנגעהויבען.

ווילנער האָבען פיינט צו לאָזען אַ זאַך אין מיטען; זיי, אַז זיי נעמען זיך פאַר עפּעס, ווערען זיי נישט מיד, ביז זיי קומען צו אַ תכלית, אָבער די הויפּט־קראַפט זייערע ליגט דאָך — אין אָנהויבען. עס איז נישטאָ קיין איין גרויסע זאַך אין דער אידישער געשיכטע פון די לעצטע הונדערט פופציג יאָהר, וואָס ווילנער זאָלען נישט זיין צווישען איהרע פונדאַמענט־לייגער...

די, וואָס האָבען אַרויסגעגעבען דעם יובילעאום־זאַמעלבוך „דער ווילנער", זיינען אפשר טאַקע גערעכט געווען, וואָס זיי האָבען געלאָזט אויסמאָלען אויפ'ן שער־בלאַט אַ מענשען מיט אַ פּאַקעל אין דער שטאַרקער מוסקולהאַפּטער האַנט. די מוסקולען בין איך מוחל, אָבער דער פאַקעל, וואָס דער ווילנער הויבט אויף איבער דער טעמע איז: „דער ווילנער" —

גאנצער וועלט, איז אן אמת'ער, נישט נאָר אַ סימבאָלישער פּאַקעל...
„איך זעה איהם", לייענען מיר אין אַ ליד פון א. ליעסין, וואָס זיין

איך זעה איהם פאר זיך, ווי אַמאָל, אַ פארטראַכטען;
ער שטעהט אויפ'ן דאָג אין די ווילנער פּאַרנאַכטען.
ער קוקט אזוי ל י ט ע ד י ג, ארעם און בלאַס,
ווי אויבען דער הימעל, ווי אונטען די גאַס — — — — — — —

אָרעם און בלאַס שטעהט ער אין די ווילנער פאַרנאַכטען, אָבער
„אַט צינדט זיך אַ פייערעל אַן ערגעץ־וואו" —

און ווייטער, אויף אַנדערע דאָגען, און ווייטער
עס שטעהט אויף דער וואַך אַלץ א יונג אַ פּאַרשייטער,
און פייערליך, פייערליך, אזוי פיל,
זיי צינדען זיך אָן אין דער שטיל.
זיי גיסען זיך איינס מיט'ן צווייטען צוזאמען,
די פייערליך ווערען פארצערענדע פלאמען.
אַט רייסען זיי דורך זיך שוין אָפּענערהייט,
באַלייכטען די נאַכט אזוי רויט, אזוי רויט.
זיי שפרינגען פון בוידעס, זיי שפּרינגען פון קעלער,
באַלויכטען שוין אַלע עטאַזשען אלץ העלער.
זיי שפרינגען פון ווילנע און מינסק און סמאָרגאָן,
זיי צינדען די מלוכה די ריזיגע אָן.
אַט פלאַקערט גאַנץ רוסלאַנד און ברענט שוין צוזאַמען.
אַט שטעהט שוין די וועלט אַ פאַרכאַפּטע אין פלאַמען.

אַט דאָס איז דער ווילנער און אַט דאָס איז ווילנע. עס הויבט
זיך אָן אָרעם און בלאַס, עס „צינדט זיך אַ פייערעל אָן ערגעץ־וואו",
אָבער אַט דאָס פייערעל ברענט אזוי לאַנג און אזוי הייס און אזוי
עקשנות'דיג, ביז עס שטעהט שוין „אַ וועלט אַ פארכאַפּטע אין פלאַ־
מען".

ווילנער — וויל נאָר!

דאָס איז די לעבעדיגע טראַדיציע, דאָס איז דער לעבענס כח
פון ווילנע.

אַ שטאָט פון טראַדיציעס, אַ שטאָט פון פּיאָנערען.



## ז. שניאור.

# אויפ׳ן שלאָסבאַרג

(פון דער פּאָעמע „ווילנע", וואָס דער באַרימטער דיכטער האָט אָריגינעל געשריבען אין העברעאיש. ער האָט געמאַכט די איבערזעצונג ספּעציעל פאַר דעם בוך).

1

כ׳האָב ליב געהאַט, ווילנע, דיין אָנבליק
פון ליכטיגסטען זעה־פּונקט — דער שלאָסבאַרג:
געביידעס און טורעמס געהורבעט
אין גאָלדענעם שטויב און אין בלויקייט.
איז ד אָ ס ניט דער שטויב פון לעגענדען,
וואָס שוועבט אין דיין לופט און צוגעהט ניט?
איז ד אָ ס ניט דער בלוילעכער רויכעל
פון פּאָטאָצקים [1] פאַרברענטען קערפּער?
אָדער דאָס רייטען אין נעפּעל
די באַנדעס כמעלניצקים — דיך ראַבעווען?
אָדער די פערד באָנאָפּאַרטאַס [2]
פּאַרען אין פראָסט ביים אַנטלויפען,

2

פאַרנאַכטליך — פון אויבען געזעהען
קאַטוילישע פרומע פּראָצעסיעס
וואָס ציהען ביים ברעג פון דער ווילִיע,
אין שוואַרצען און ווייסען געשליינגעל; —
אַ שטיק מיטעלאַלטער פאַרבלאָנקעט,
מיט פאָהנען־געפלאַטער און ווייריך.
דער כאָר, אַזוי זיס מעלאַנכאָליש,
קלינגט גרויזאַם דעם אידישען אויער.
מען האָט אונז באַרויבט די הנאָה
שוין לאַנג... און ניט מיר זענען שולדיג — :
אונזער בלוט האָט אויף אייביג דערשראָקען
דאָס הייליגע זינגען פון קרייצפאָהרער,
און ס׳האַרץ האָט, ווי מעסער, צעשטאָכען
דער בליאַסק פון געהוידעטע צלמים.

## 3

אינ׳ם פליך פון שלאָסבאַרג דאָרט שטאַרען
ווילד־שטייניגע ווענט פון אַ חורבה,
פון טעמפּעל פּערונס[3]... איהם צו בויען
האָט מען אָנגעזאָגט געדימינען[4] אין חלום.
דאָרט האָט מען פאַרברענט, מיט גרויס פּאָמפּע,
די ביינער פון ליטווישע קניאַזען;
מיט נאַקעטע טענץ און מיט אָפּפער —
אַ וואַרע געמאַכט די פאַרשטאָרבענע;
און ס׳האָט פון „טיעליאטניק״[5]) געענטפערט
אַ רעווען פון קעלבער — קרבנות.
אָבער פאַלד איבער פאַלד האָבען זיך אָנגעהויפּט
די טויטע, פאַרגאַנגענע צייטען;
פאַרווישט יעדער סליאַד פון׳ם אָפּגאָט,
באַגראָבען די אַלטע מנהגים.
און ביים רעשט פון פאַרזונקענעם טעמפּעל,
אויפ׳ן א ו י ב ע ר ש ט ע ן פאַלד, שפּילען אינגלעך
„קראָקעט״... עס צעבליהען זיך בעקלעך
אין געלאַף און געקוויטש און געלעכטער.
זעהט דאָס אויס, פאַר׳ן אויג פון אַ טרוימער,
ווי זאַפּטיגע האָפּען, וואָס קלעטערען
און שפּייזען זיך מיט פוילניש פון געטער,
מיט אַש פון געוועזענע תאַוות;
און ווי סערנעס וואָס שפּרינגען און בוקען־זיך
ביים ראַנד פון פאַרלאָשענע קראַטערס.

## 4

איך לעכץ נאָך דאָס שטעטעלע טראָקי[6])
צווישען די בערג דיינע, ווילנע!
מיט אָזערעס זיבען אַרומגעזוימט
שפּיגעלט עס זיך, קען זיך ניט אָנשפּיגלען.
דאָרט וואוינען די שטיף־ברידער אונזערע —
קאַראַאימען מיט ברוינע געזיכטער;
עפּעס אידען ניט אידען... מיט אויגען
בולט׳ע, טאָטעריש־שוואַרצע,
קוקען זיי אָן אונז, און מאַכען
אַן אָנשטעל, אַז מיר זענען „פּרעמדע״.
אַ ליבליכקייט פון „רות״ — אונזער גר׳טע

ליגט אויסגעגאָסען אויף זייערע טעכטער,
אָבער ד י זענ' ניט ליבליך, ווי יענע
מואָב'יטקע, צו בועז'עס אייניקלעך [7])...
עס שוועבען די פסוקים פון תהילים
אויף זייערע בלוט־פולע ליפּען,
און ס'זוכען די איילבערטען־אויגען
נאָר שקצים — די בלאָנדע ליטוואַקעס.

5

אין קאַראַאימישער שול ווערט געדאַוונט
גאָר מאָדנע, מיט ספרדי'שער עברי;
ס'געבעט הערט זיך אָן ווי אַ קלאָג־ליד —
האָפּערדיג־שטאָלץ אויף איהר אָרימקייט.
זי נאָגט מיט איינטאָניגע פּתח'ן,
מיט אַן אויסשפּראַך געציקעלט־געפּאָנפּעט —:
אַ קול פון אַ גליד, וואָס איז אָפּגעטרענט
פון „עמך"... און צוקט נאָך עד־היום.
ניט לעבען ניט אָפּשטאַרבען קען דאָס,
און צאַפּעלט... ווער זאָל דאָס פאַרהיילען?
אַ געדאַנקעל בליצט דורך און דערפרעהט דיך.
גלייכט אוים דיר דיין אידישען רוקען:
אויב אָפּגעטרענטע דיאַוועט נאָך ס'ביינדעל —
ווי שטאַרק איז דאָס לעבען אין ק ע ר פּ ע ר?
אויב אָפּגעהאַקטע שפּראָצט נאָך דאָס צווייגעל —
ניט אומזיסט האָפּט דער אוראַלטער ווײנשטאָק!

## ערקלעהרונגען.

[1]) פּאָטאָצקי — גר־צדק. פאַרברענט געוואָרען דורך דער קאַטוילישער אינקוויזיציע אויפ'ן שייטערהויפען פאַר אָננעמען דעם אידישען גלויבען.

[2]) נאַפּאָלעאָן־באָנאָפּאַרטא. אַנטלאָפען דורך ווילנע נאָכ'ן אונטערגאַנג פון זיין אַרמיי אין רוסלאַנד, אין 1812.

[3]) דער זון־גאָט פון די אַמאָליגע ליטווינער.

[4]) געדימין — אַ ליטווישער קעניג.

[5]) „טיליאַטניק" — אַ סקווער אונטער'ן „שלאָסבאַרג". אַמאָל האָט מען דאָרט געפיטערט די קרבנות פאַר „פּערונס" מזבח. אַצינד — אַ שפּאַציר־גאָרטען.

[6]) אַ קאַראַאימיש שטעדטעל ניט ווייט פון ווילנע. „איך הער דיך ווי אין טראָק" שטאַמט אויך פון ווילנער געגענט אין באַצוג צו טראָקי...

[7]) בועז'עס־אייניקלעך מיינט — אידען. „רות", ווי באַקאַנט, האָט צום צווייטען מאָל חתונה געהאַט מיט בועז'ן — נעמי'ס קרוב.

## דוד איינהאָרן.

# ירושלים דליטא.



1

אז ירושלים איז חרוב געווארען און די אידען האָבען אנשטאָט דער מלוכה פון מאַכט אויסגערופען די מלוכה פון גייסט, האָט זיך אויפגעהויבען פונ'ם רויך און אש א צווייטע ירושלים און גענומען קיניגען איבער די הימלען פון דער וועלט.

די גייסטיגע מעטראָפּאָליע, די ירושלים של מעלה.

פון דאַן אָן באגלייט די דאָזיגע שטאָדט די אידען אויף זייער וואנדער וועג איבער דער ערד און דאָרט, וואו אידען שפּרייטען אויס זייער געצעלט און נעמען ווייטער וועבען דעם פאָדים פון זייער גייסטיגער קולטור, אין יענע הימלען לייכט אויף די צווייטע ירושלים.

אָט פאַר וואָס ווילנע האָט געהייסען ירושלים דליטא.

2

ווער עס האָט געהאַט א זעהערישע אויג און איז ארום שפּאַ־צירען אין א פּרייטאָג אָדער שבת צונאַכט אויף דער אידישער גאַס, אָדער יאַטקעווער גאַס, אָדער גלעזער גאַס, דער האָט געקאָנט זעהן טיף אין דעם שמאָלען פּאַס הימעל, וואָס האָט געלויכטען צווישען די גרויע אלטע מויערען, א וואונדערבארע שטאָדט מיט בלויע טורמעס און פורפורנע פּאַלאַצען. מען האָט זי אייגענטליך גאַר־נישט בעדארפט זוכען אין הימעל. זי האָט ארויסגעשטראַהלט אויס די אויגען פון יעדער מארק־אידענע, וואָס האָט פאַרקויפט פאַר'ן שול־הויף באָב ווי מאַנדלען; געזויערטע עפּעל, ווי פלעשער וויין; אנטאַניואַווקעס, ווי אַפּעלסינען, און קאָמים ארבעס, ווי מן פון הימעל.

מאַנדלען, פלעשער וויין, אַפּעלסינען, מן פון הימעל, — אלץ פרוכטען, וואָס האָבען ארום ווילנע ניט געוואַקסען.

דער דאָזיגער גייסטיגער גלאַנץ האָט זיך אויסגעשפּרייט אין אלע ווינקעלעך פון ווילנער אידישען לעבען.

איז דאָס געוועזן דער קאַמינאַר, וואָס איז פאַרנאַכט נאָך האַלב־

אויסגעשמירט אין סאַזשע געגאַנגען אין דער קאַמינאַרסקער שול לערנען אַ שטיקעל עין יעקב.

אָדער דער קצב, וואָס האָט אויסגעטאָן דעם פּאַרטוך און אָראָפּ־געכאַפּט זיך אין דער קצב׳שער קלויז כאַפּען אַ פּרק משניות, אָדער דער משכיל מיט שילער׳ען און קאַנט׳ען אין איין קעשענע און דעם תנ״ך אין צווייטען, וואָס איז אַוועק פיהרען אַ פילאָזאָפישען שמועס אין מאַרוכעס׳עס קאַפּיינע, אָדער דער בונדיסט, וואָס האָט זיך פאַר־גראָבען אין די קעלערען פון דער אידישער גאַס און אויסגערופען דעם נייעם משיח, דעם אידישען אַרבייטער, און געלערענט מיט די בעלי־מלאכות קאַרל מאַרקס׳ען.

פון גאון׳ס קלויז ביז׳ן בונדיסטישען קרייזעל, האָט זיך געצויגען איין ליכטיגער פּאָדים, איין שטראַהל פון ירושלים של מעלה.

3

דער באַוואוסטזיין, אַז ווילנע איז דער גייסטיגער צענטער איז געלעגען טיף ביי יעדען ווילנער אידען.

פּרנסה זוכען איז מען געפאָהרען אין לאָדז, אין וואַרשע, אין אַדעס, אין קיעוו; ווילנע האָט קיין פּרנסה ניט געהאַט. אין ווילנע איז מען געפאָהרען זיך לערנען.

— געקומען זיך לערנען? — האָט מיר די אַלטע קרעמערקע אין אַ ווינטערדיגען פאַרנאַכט געפרעגט, אַפּוועגענדיג מיר אַ פונט פרישען, שמעקעדיגען ראַזעווען ברויט און אַ האַלב פערטעל פּוטער. — עס איז ניט לייכט, מיין קינד, צו לערנען, — האָט זי מיך שוין אָנגעקוקט איבער די שפּאַקולען מיט איהרע ווילנער מאַמישע אוי־גען, און צוגעלייגט אומזיסט אַ שטיק ווייסען קעז.

— נאַ, מיין זוהן, אויב עס איז ניטאָ קיין מעהל איז ניטאָ קיין תורה.

תורה האָט ניט געהייסען ביי דער דאָזיגער אַלטער קרעמערקע טאַקע תורה. עס איז ביי איהר געווען אַלץ איינס צי דער יונגער מאַן איז געקומען הונגערען אין ווילנע בכדי צו מאַכען אַן עקזאַמען אויף אַכט קלאַסען גימנאַזיע, אָדער ער איז אַ ישיבה בחור אין ר׳ מאַלע׳ס ישיבה, אָדער ער איז גלאַט געקומען אין ווילנע, ווייל אין זיין שטעדטעל האָבען אויסגעפעהלט ביכער. עס זיינען אין ווילנע געווען גענוג יונגע לייט, וואָס זיינען געקומען צוליב שטראַשון׳ס און סירקין׳ס ביבליאָטעק.

4

ווילנע איז געווען די איינציגע שטאָדט וואו אידישקייט און וועלטליכקייט זיינען ניט געקומען אין אַזאַ ווילדען קאָנפליקט, ווי אין פּוילען אָדער אַנדערע שטעדט.

— איך קאָן ניט באַגרייפֿען די ווילנער — האָט מיר איינמאָל אַ פּוילישער אידישער סוחר אין וואַרשע געזאָגט — שטעלט זיך פֿאָר, איך קום אַריין שבת אין ווילנע צו אַ סוחר אין שטוב, און וואָס זעה איך?! ער זיצט איבער מסכתא שבת און רויכערט אַ פּאַפּיראָס.

— איינס צווישען די ביידע, — האָב איהם געזאָגט, — ביי אונז אין פּוילען איז, אדער מען לערענט גמרא, אדער מען רויכערט אַ פּאַפּיראָס. איצט הערט נאָר, וואָס דער ווילנער ליטוואַק האָט מיר געענטפֿערט:

— איך לערען ניט פֿאַר עולם הבא נאָר פֿאַר פֿאַרגעניגען. איך האָב פֿון ביידען הנאה, סיי פֿון דער גמרא, סיי פֿון שבת, סיי פֿון פּאַפּיראָס.

און דאָס איז ניט קיין וויץ. אַזעלכע אידען האָט מען געקענט אַ סך טרעפֿען אין ווילנע. פֿאַר די אידען איז דאָס שוין ניט געווען קיין פֿרומקייט נאָר גייסטיגע גימנאַסטיק. עס איז ניט קיין צופֿאַל, וואָס דער ווילנער פֿרומער מגיד אלפּס האָט געקאָנט אָנשרייבען אַ ראָמאַן פֿון צוויי פֿאַרליבטע אין זיבען טיילען אין שמר'ס סטיל פֿול מיט מוסר און פֿרומקייט.

און דער אַלטער אַפּיקורס מז"ח האָט אָנגעשריבען אַ ש"ס תחינות, איבער וועלכע טויזענדער ווייבער האָבען פֿאַרגאָסען באַכען טרערען. נאָר אין ווילנע האָט געקענט אויסוואַקסען אַזאַ אינטערע־סאַנטע פּערזענליכקייט ווי א. ליטוואַק — אַ בעל עגלה'ס אַ זוהן, אַ מתמיד אין ר' מאַלעס ישיבה, און אַ געבילדעטער מענש און אַ רעוואָלוציאָנער, וואָס די גאַנצע זשאַנדאַרמעריע פֿון תחום המושב האָט זיך נאָך איהם געיאָגט און ניט געקאָנט כאַפּען.

ווער עס איז אַריינגעגאַנגען אין אַ ווינטערדיגען פֿרייטאָג צו־נאַכט אין שטראַשונ'ס ביבליאָטעק האָט געקאָנט זעהן אַרום די לאַנגע טישען אַ קליין־שטעדטעלדיגען רב, וואָס האָט עפּעס געזוכט אין אַן אַלטען ספֿר, און לעבען איהם אַ יונגען אַרבייטער פֿאַרטיפֿט אין דער „ערפֿורטער פּראָגראַם".

5

דער דאָזיגער באַוואוסטזיין האָט דעם ווילנער אידען אָנגע־פּילט מיט אַ גאַנץ באַזונדערען שטאָלץ. עס איז ניט קיין צופֿאַל, וואָס ווילנע איז געווען די געבורט־שטאָדט פֿון דער אידישער סאָציאַ־ליסטישער באַוועגונג און דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. דער ווילנער איד האָט זיך געפֿיהלט צו באַליידיגט אין זיין שטאָלצען באַוואוסטזיין פֿון דער רוסישער מאַכט. איך וועל קיינמאָל ניט פֿאַרגעסען יענעם טאָג. עס איז געווען אין 1905. אַ אידישער יונגער מאַן האָט געוואָרפֿען אַ באָמבע אין הויף פֿון גובערנאַטאָר'ס

הויז און דער'הרג'עט עטליכע פּאָליציי־באַאַמטע פּאַרוואונדעטדיג דעם וויצע־גובערנאַטאָר. אין שטאָדט האָט מען זיך געגרייט אויף אַ פּאָגראָם. אַ גרופּע פון 40 אידישע יונגע לייט האָבען באַזעצט דעם איינגאַנג פון גלעזער־גאַס וואָס געהט ארויס צו דער ברייטער גאַס אנטקעגען שטאָדט־טעאַטער. אַ רייכער פרומער אידישער בעל־הבית האָט אונז דאָרט אָפּגעגעבען זיין וואוינונג. עס איז געווען אַן אַלטע אידישע הויז מיט מנורות און אידישע מזרח'ס, איבער דער טיר איז געווען אויסגעמאָלט אַ שוואַרצע ראַם און אינעווייניג „זכר לחורבן". מיר זיינען אַלע פערציג געזעסען אין דער גרויסער סאַליע, דעם בעל־הבית'ס צוויי שעהנע טעכטער זיינען געווען סאַניטאַרקעס ביי אונז. און ווען מיר זיינען געזעסען מיט די רעוואָלווערען אויף די קניע און געזונגען רעוואָלוציאָנערע לידער איז דער אַלטער אריין אין אַ יאַרמולקע און אונז איינגעלאַדען צום טיש. פּערציג פּערזאָן האָט ער גענומען אויף זיך אויסצוהאַלטען, און מען האָט ניט געמערקט קיין שום שרעק און קיין שום פרעמדקייט צו אונז. נאָר אין ווילנע האָט געקענט געבוירען ווערען אַ לעקערט, וועלכער זאָל ניט קענען איבערטראָגען די באַליידיגונג פון תליון'ס שמיץ.

עס איז געווען דער באַליידיגטער גייסט, וועלכער האָט געברענט געגען דער ברוטאַלער פיזישער מאַכט אין ווילנע.

6

איך בין שוין לאַנג אין ווילנע ניט געווען — 22 יאָהר. נאָר זעהר אָפט ביינאַכט, ווען די פרעמדע וועלט ווערט מיר צו ענג און די ברייטע וועלט צו פרעמד, בלאָנזשע איך אין חלום צווישען די ענגע ווילנער אידישע געסלאַך. אָרים זיינען זיי אַלע מאָל געווען, אָבער אינטים און וואַרים, פונקט ווי זיי וואָלטען ניט געלעגען אין דער קאַלטער ליטע. איך שלייך דאַן פאַרביי די אַלטע פאַרוואַקסענע קלויסטער־ווענט, וואָס רינגלען ארום דעם געטאָ. לאָז זיך אַראָפּ צו דער ווילייע, וואו עס ליגט דעם גר צדק'ס בוים, ווי אַ מענש, וואָס האָט אויסגעשפּרייט די הענד און די פיס און זיך געטוליעט צו דער ערד. פון דאָרט לאָז איך מיר צו דער וואָיענאָיע פּאָליע און זוך דעם אָרט, וואו מען האָט באַהאַלטען לעקערט'ן. איך געה איבער'ן גרינעם ביק און באַזוך די לוקעשקער געפענגעניש, וואו איך האָב אַזוי היים און יוגענדליך אין דער ענגער תפיסה־קאַמער גע'חלומ'ט פון אַ צייט, ווען אַ וואָלף וועט וואוינען צוזאַמען מיט אַ שעפּס. איך זוך אומזיסט די קרעמערקע, יענע גוטע אידענע, וואָס פלעגט אין טורמע פּאַרקויפען פּראָדוקטען און ריידענדיג כלומרשט צו דער טאָכטער מיר איבערגעגעבען אַלערליי ידיעות פון דער פריי. פון דאָרטען וואַנדער איך אַריבער צו דעם באַרג פון אידישען בית עולם,

וואו מיינע עלטערען ליגען. און ענדליך לאָז איך מיר איבער גאסען און געסלעך און קום אויף שאַפּענ'ער גאַס. דאָרט האָט געוואוינט אַ איד אַ מקובל, וואָס האָט אויף מיר אַ טיפען איינדרוק געמאַכט. ער איז געווען דער קאָרעקטאָר פון תלמוד אין ראָמ'ס דרוקעריי. אַ איד אַן איינזאַמער, מיט אומגעהייערע אידישע קענטעונישען. עס איז געווען אַ זומערדיגער פרייטאָג נאָכמיטאָג. דער איד האָט גע־וואוינט אויף שאַפּענאָווסקע אין אַ סאַלקע אויפ'ן פינפטען שטאָק. די פענסטער פון זיין סאַלקע זיינען ארוים אין אַ גרויסען אַלטען גאָרטען. דער טיש איז שוין ביי איהם געווען שבת'דיג געגרייט. איך בין גראַדע געקומען צו איהם אַריינקוקען אין ר' חיים וויטאַל'ס „עץ חיים", וואו עס ווערט דערמאָנט וועגען יוסף דילא ריינע. דער דאָזיגער לעגענדאַרער בעל־מקובל, וואָס האָט געוואָלט פאַר דער צייט אַראָפּברענגען משיח'ן, האָט מיר מורא'דיג אינטערעסירט.

— זעה, דו זאָלסט ניט האָבען יוסף דילא ריינעס סוף, — האָט מיר דער קאָרעקטאָר געזאָגט. — אויך איהר בונדיסטען ווילט משיח'ן אַראָפּברענגען פאַר דער צייט.

— מיר ווילען אָבער ניט מטריח זיין דעם הימעל, ווי דילא ריינע האָט דאָס געטאָן, — האָב איך איהם געענטפערט.

— עס מאַכט ניט אוים, — האָט ער געזאָגט. — ווער עס וויל באַקעמפען די סטרא אחרא, דער איז שוין במילא מטריח דעם הימעל אויף זיין זייט.

פּלוצלונג זיינען אַריינגעלאָפען עטליכע פויגעלאך דורכ'ן פענס־טער און גענומען פּיקען די אויסגעשאָטענע ברעקלאך חלה, וואָס זיינען געלעגען ביי איהם אויפ'ן טישטוך.

אויף מיין פאַרוואונדערונג, ווי קומט דאָס צו אַזאַ אידען אַזאַ ליבע צו דער נאַטור, האָט ער מיר געזאָגט:

— זאָלען זיי אויך הנאה האָבען! זיי האָבען דאָך אַ שייכות צו שיר השירים.

— אָבער זיי זיינען דאָך טרפ'נע פויגלען, — האָב איך זיך ניט איינגעהאַלטען.

— יאָ, — האָט ער געזאָגט, — טרפ'נע פויגלען טאָר מען ניט עסען, אָבער געבען עסען מעג מען.

ארויסגעהענדיג האָט ער מיר געזאָגט:

— פאַרגעס ניט, אַז דאָס וואָס דו ווילסט טאָן האָט שוין ישעיה הנביא פאַראויסגעזאָגט און דער ארי ז"ל האָט געפּרואווט.

איך האָב דאָס ניט פאַרגעסען.

אין ווילנע האָט זיך דער פאָדים צווישען ישעיה הנביא ביז קאַרל מאַרקס'ן ניט איבערגעריסען.

## מאני לייב.



# אַ פאָלקס־ליד וועגן ווילנער אידען.*)

איבער ניעזשין הענגט אַ כמאַרע
און אַ גרויסע שליאָטע;
פאָרט אין שטאָט אַ באַלעגאָלע,
זינקט די בויד אין בלאָטע.

זיצט אין בויד אַ איד אַ פרעמדער,
קומט פון אַלדי וויטען;
— וואָס זשע פירט אַ איד קיין ניעזשין?
— סחורה, וואָס פאַר לייטען.

אַזש פון ליטע, אַזש פון ווילנע
פירט דער איד זיין סחורה;
תורה איז די בעסטע סחורה, —
פירט דער איד זיין תורה.

אַזש פון ווילנע ביז אוקריינע
איז אַ איד פאַרקראָכען,
און זיין זיידענע קאַפּאָטע
איז איהם אויסגעקראָכען.

און זיין זיידענע קאַפּאָטע
איז איהם אָפּגעריבען;
און דער ווילנער גרויסער דלות
אין דער פרעמד פאַרטריבען...

תורה איז די בעסטע סחורה —
ניט מיט גאָלד צו וועגען,
אידען, ניעזשינער פראָסטאַקעס,
האָבען אַ פאַרמעגען:

*) דאָס ליד איז אַ מתנה פריינט יעפים ישורין, רעדאַקטאָר פון דיזען בוך, פאַר געבען מיר דעם געדאַנק צו שרייבען לידער וועגען ווילנע.

זאַטען ברויט אין פולע שפּייכלער,
פעטע שאָף און רינדער;
נאָר זיי האָבען ניט קיין תורה,
ניט פאַר זיך און קינדער.

— בלייבט דער ווילנער איד אין ניעזשין
ניעזשין דאַרף זיין סחורה.
זיצט דער ווילנער איד מיט קינדער
און ער לערענט תורה.

קלינגט זיין לערנען איבער ניעזשין,
איבער אַלע שטיבער;
אידען, ניעזשינער פּראָסטאַקעס,
נעמען זיך אַזש איבער:

— א געזונט זיי אין די ביינער
אַלע די ליטוואַקעס,
וואָס זיי לערנען זייער תורה
ניעזשינער פּראָסטאַקעס!

## דר. א. גינזבורג

# מיין ווילנע — תורה לשמה



איינגענטליך מעגען די ווילנער לאנדסלייט האָבען צו מיר טענות פאַרוואָס איך רוף זיך ווילנער. זיי מעגען מיר אפילו באשולדיגען אין פשוט'ע באריהמעריי, ווייל געבאָרען גע־וואָרען בין איך גאָר ערגעץ אין א קליין שטעדטעל פון קאָוונער גובערניע. קיין וויל־נער נכתב בין איך קיינמאָל ניט געווען, — אַזאַ יחסן בין איך ניט...

מיין איינציגע פאַרענטפערונג איז, אַז א מ ת ' ע ווילנער געפינען זיך אין ווילנע פאַרהעלטניסמעסיג גאַנץ ווייניג... נאָך מעהר, א גרויסער טייל פון די ב ע ס ע ר ע ווילנער, וואָס האָבען געהאָלפען געבען ווילנע איהר גרויסען נאָמען, זיינען געקומען קיין ווילנע פון אַרום ווילנע. אפילו דער ווילנער בעריל מיכאַילעשקער איז געקומען פון מיכאַילישאָק...

אין גאַנצען האָב איך פאַרבראַכט אין ווילנע בלויז אַכט יאָהר פון מיין לעבען. איך בין אַהין אָנגעקומען ביים סוף פון מיין עלפטען יאָהר און בין פון דאָרטען אָפּגעפאָהרען צום סוף פון מיין ניינצעהנטען יאָהר.

אכט יאָהר איז א גאַנץ קורצע צייט אין דעם לעבען פון א מענ־שען, אָבער די אַכט יאָהר, וואָס איך בין געווען אין ווילנע, האָבען אַוועקגעלעגט זייער חתימה אויף מיר. זיי האָבען פון מיר געמאַכט, גוט צו שלעכט, דאָס וואָס איך בין. אין דעם דאָזיגען זין בין איך אַן אמת'ער ווילנער.

*
**

אַכט יאָהר איז א גאַנץ קורצע צייט, אָבער אין פאַרלויף פון די דאָזיגע אַכט יאָהר האָב איך זיך אין ווילנע באַקענט מיט דריי גאַנץ פאַרשיידענע וועלטען, וואָס מיט זייער גאַנצער פאַרשיידענקייט האָבען זיי דאָך געהאַט אין זיך עטוואָס געמיינשאַפטליכעס.

די ערשטע וועלט, מיט וועלכער איך האָב זיך באַקענט אין ווילנע, איז געווען די פּאַרצייטיגע אמת־פרומע אידישע וועלט. איינער פון די

פארשטעהער פון יענער פרומער וועלט איז געווען דער ראש־ישיבה פון גרויס־שניפישקער בית־המדרש, וואו איך האב געלערענט. זיין נאמען, אויב מיין זכרון נארט מיר ניט, איז געווען ר׳ בינוש. איך געדענק איהם נאך ווי היינט, ווי ער פלעגט שטעהן הינטער׳ן גרויסען קאכ־לאווען אויוועזן, ניט ווייט פון מיר, ווייל ער האט ניט געוואלט זיצען ביים מזרח־וואנט, און דאווענען מיט גרויס התלהבות. זיין התפעלות פלעגט פארוואנדעלט ווערען אין אן אמת־טיפען רעליגיעזען עקסטאז, ווען ער פלעגט קומען צום „שמע ישראל". מיט די אויגען פארמאכט פלעגט ער זיך דאן פארנאנדערשאקלען און פארנאנדערזינגען, גאר פארגעסענדיג, וואו ער געפינט זיך אין דער וועלט. און דאס זינגען, — אזוי האט זיך מיר דאמאלס אויסגעדוכט, — איז געווען אזוי וואונדער־שעהן, אזוי באצויבערענד, אז איך אליין פלעג פיהלען א מין היילינגען ציטער. און אזוי פלעגט ער זינגען ביז ער פלעגט קומען צום „אחד", וועלכער פלעגט ביי איהם ארויסקומען אזוי ווי מיט טויזענט „אלעפען", טויזענט „חית׳ן" און טויזענט „דאלעד׳ן".

אחוץ זיין גרויסע לומדות איז ר׳ בינוש אויך געווען א חקרן, וואס האט ליב געהאט ארייַנצוקוקען אין „כוזרי", „מורה נבוכים" און „עיקרים". ווער ווייס, אפשר האט איהם זיין חקרנות געפיהרט צו ספיקות און ער האט מיט זיין זינגען ביים „אחד" געוואלט פון זיך פארטרייבען די ספיקות...

גרויס ווי זיין לומדות איז געווען, איז זיין ביטערער דלות געווען נאך גרעסער. דערצו איז ער געווען א מענש א קראנקער, אן אמת׳ער חלוש. אבער דאס אלץ האט איהם ניט געשטערט שטענדיג צו לער־נען אליין און לערנען מיט אנדערע. ער האט געלערנט אין ארימ־קייט אין דחקות און אין צער, — ער האט געלערענט תורה לשמה.

די צווייטע וועלט מיט וועלכער איך האב זיך באקאנט אין ווילנע איז געווען די וועלט פון השכלה.

מיט די אלטע גרויסע משכילים פון ווילנע, ווי שמואל יוסף פין און קלמן שולמאן, האב איך קיינמאל ניט געהאט די געלעגענהייט זיך צו באקענען. איך בין נאך געווען צו יונג, א אינגעל פון דרייצעהן־פערצעהן יאהר. ווי האב איך געקענט קומען צו זיי?

דער ערשטער משכיל מיט וועלכען איך האב זיך באקענט איז טאקע געווען מיין ערשטער לעהרער פון העברעאישען „דקדוק" און פון רוסישער גראמאטיק. זיין נאמען האב איך פארגעסען, אבער זיין אויסזעהן געדענק איך. א קליינער, דארער, אויסגעמאטערטער אידעל מיט א גרויסען הארב, מיט א קרענקליכען פנים, פלעגט ער טראגען אן אפגעריבענעם אבער קורצען רעקעל מיט אפגעריבענע אבער לאנגע הויזען, — א סימן פון השכלה...

געווען איז ער, אויב איך האָב קיין טעות ניט, אַ לעהרער אין דער ווילנער תּלמוד־תּורה. ווי גרוים אָדער קליין זיינע שכירות זיינען געווען, ווייס איך ניט. זיי האָבען אָבער געמוזט זיין קליין געווען, געווען, ווייל ער האָט געלעבט אין ניט קיין קלענערער אָרימקייט און דחקות, ווי דער אויבען־דערמאָנטער ר׳ בינוש. ניט קוקענדיג אויף דעם, האָט ער ניט געזוכט קיין פּריוואַטע צאָהלענדע תּלמידים, וואָס ער וואָלט געקענט קריגען. אָנשטאָט דעם האָט ער זיין לעדיגע צייט אָפּגעגעבען צו געבען אוּמזיסטע אוראָקען צו אָרעמע קלויז־ניקעס. ער פלעגט זיי ארויפנעמען צו זיך אין זיין ענגען צימערעל ערגעץ אויף „קליין־שניפּישאָק" און פלעגט זוכען צו מאַכען פון זיי געבילדעטע מענשען...

ער, ווי ר׳ בינוש, האָט געלערענט תּורה, זיין תּורה, אין אָרעמ־קייט, אין דחקות און אין צער — ער האָט געלערענט תּורה לשמה.

די דריטע וועלט מיט וועלכער איך האָב זיך באַקענט אין ווילנע איז געווען די וועלט פון סאָציאַליזם. וועגען מיינע רביים פון סאָ־ציאַליזם וויל איך דאָ ניט ריידען. די אורזאַך איז אַ גאַנץ פּשוט׳ע. זיי אַלע לעבען נאָך, און זאָלען זיי נאָך לאַנג לעבען, און וועגען לעבעדיגע מענשען איז מיר שווערליך צו זאָגען שבחים, אוים מורא, אַז דאָס זאָל ניט אויסקומען ווי חניפה.

וואָס איך וויל דאָ בלויז זאָגען איז, אַז אויך זיי, מיינע רביים פון סאָציאַליזם, וועלכע האָבען שפּעטער געגרינדעט דעם „בונד", זיינען געווען מענשען, וואָס האָבען געלערענט תּורה, זייער תּורה, לשמה. זיי האָבען ריזיקירט מיט אַלץ, אַבי צו פאַרשפּרייטען די אַלט־אַלטע און אייביג נייע לעהרען פון סאָציאַלער און אינדיווידועלער גערעכטיגקייט. די אַלטע לעהרען אין נייע פאָרמען, — אין די פאָר־מען פון דעם מאָדערנעם סאָציאַליזם. און אויך זיי, ווי ר׳ בינוש און ווי יענער הויקערדיגער תּלמוד־תּורה לעהרער, האָבען געלערענט און פאַרשפּרייט תּורה, זייער תּורה, אין אָרעמקייט, אין דחקות און גאַנץ אָפט אונטער גרויסע געפאַהרען.

זיי אַלע, פאַרשיידען ווי זייער קוק אויפ׳ן לעבען זאָל ניט געווען זיין, האָבען גאָרנישט פאַרלאַנגט פאַר זייער אַרבייט, גאָרנישט געפאָ־דערט פאַר זיך. די וועלט קומט זיי גאָרנישט. זיי קומען דער וועלט אַלץ.

***

מיין ווילנע, די ווילנע וואָס איך האָב געקענט, מיט אַלע איהרע פאַרשיידענע דריי וועלטען, איז סוף כל סוף געווען בלויז איין וועלט, — די וועלט פון לערנען תּורה לשמה.

איך האָף, אַז זי, ווילנע, האָט זיך ניט געענדערט.

## ב. י. ביאַלאָסטאָצקי.



### ווילנע.

דיין נאָמען, ווילנע, קומט צו מיר פון טיפעניש פון יאָרען,
ווען איך האָב ווייט פון דיר געטרוימט פון דיין געשטאַלט, —
איך ווייס, ביסט אָרעם, איך ווייס, ביסט אַלט,
נאָר ווי אַ מאַמע ברייננסטו מיר — ניט אונטערגאַנג, ניט אָרון,
נאָר טאָג פון מיין געבאָרען.

די שטאָט, די גאַסען פון מיין איצט, אין כוואַליעדיגען ברומען, —
אין מיטען קאָך מיר דאַכט: איך שאַר זיך ביי אַ צוים,
אַ היים אין ליטא, בית־עולם־בוים, —
אַ הימעל־ראַנד, וואָס האָט ווי אַ פּרוכת זיך צענומען,
מיט יעדן גרוס וואָס איז צו אונז פון דיר געקומען.

אַ שטעטל ביי אַ טראַקט, וואו ס'בייטען זיך די שעה'ן, —
אַנ'אורח געהט — שלום! — עליכם שלום!
פון וואַנען? אָ, וואונדערליכער חלום!
דער זיידע גלעט די באָרד, די אויגען טוקען זיך אין גראָען, —
דער אורח איז געווען, געזעהן דעם אוהל פונ'ם גאון.

לעגענדעס, איינס און צוויי, אַ שיכט אויף שיכטען, —
— דער ווילנער גאון מיט אַ זאַק אויף זיינע פּלייצעס,
— דער ווילנער גאון פירט אַ פערד פאַרבלאָנדזשעטען ביי לייצעס,
— דער ווילנער גאון אין אַ וואַלד, אַ פינסטערען־געדיכטען,
— דער גאון איז אַוועק אויף וועגען גלות אָפּצוריכטען.

אַ שטעטל ביי אַ טראַקט, וואו ס'הערט זיך סווישטש פון בייטשען,—
עס קייקלען רעדער זיך אַוועק אויף שווערע אַקסען.
דער זיידע איז שוין טויט, די אייניקלעך — שוין אויסגעוואַקסען,
די באָבע קרעכצט וואָס יונגוואַרג געהט אַרום, ווי גאַנצע דייטשען,—
די ווערטער אַלט־פאַרוואָרצעלטע, נאָר נייע טייטשען.

און ווידער איז אין שטעטעלע אַ נאָמען אויפגעגאַנגען,
געקומען מיט דער שניידיגקייט פון בליץ.
— הירשעל, הירשקע! אין האַרצען גיט אַ קריץ,
— דערציויל, דערציויל! — אין ווילנע איז מען אין אַ מאַרש געגאַנגען,
אין ווילנע האָט מען לעקערט'ן געהאנגען.

די מאַמעס סוד'ען זיך, די קינדער הערען מיט די אויגען;
— די ווילנער יונגען געהען געגען ניקאָלאַיען,
— די שניידער, שוסטער, זאָגען אַז מען דאַרף די גאַנצע
וועלט באַפרייען, — — — —
אַריבער שטעטלעך ליטווישע, אַריבער פלויטען איינגעבויגען,
האָט זיך צושפרייט אַ רעגענבויגען.

עס רוישט דער ים געזאַלצענער, עס לויפען נייע יאָהרען,
געשטאַלט האָט זיך געביטען אויף געשטאַלט, —
איך וויים, ביסט אָרעם, איך וויים, ביסט אַלט,
נאָר ווי אַ מאַמע ברייגגסטו מיר — ניט אונטערגאַנג, ניט אָרון,
נאָר טאָג פון מיין געבאָרען.

## ש. מענדעלסאָן.

# ווילנע האַלט פעסט איהרע פּאָזיציעס.



אין דעם היסטאָרישען קאַמף צווישען חסידות און מתנגדות האָט ווילנע געשפּילט די ראָל פון דער פעסטונג פון מתנגדים. ראַציאָנאַליזם, עקשנות, אויסדויער, גייסטיגע דיסציפּלין זיינען די הויפּט־סמנים, די וויכטיגסטע אייגענשאַפטען פון דער דאָזיגער שטאָדט. אויף וויפיל פּוילען האָט אין אונזער גייסטיג און פּאָליטיש לעבען אריינגעבראַכט אימפּעט, טעמפּעראַמענט, באַגייסטערונג, אויף אַזוי פיל האָט ווילנע אַלעמאָל צעמענטירט מיט שכל און ווילען.

יאָהרהונדערטער זיינען פאַרביי. אונזער לעבען האָט אָנגענומען נייע פאָרמען. ס׳איז געבוירען געוואָרען די אידישע ארבייטער־באַוועגונג, ס׳האָט זיך אַנטוויקעלט די אידישע ליטעראַטור, דאָס אידישע מאָדערנע שול־וועזען, אידיש טעאַטער, — ווילנע האָט איינגעהיט איהר פּאָזיציע.

פּרץ, אַש, וויסענבערג, נאָמבערג, אָפּאַטאָשו האָבען געבראַכט דעם שטורעמדיגען אָנזאָג פון אַ נייער ליטעראַטור. זייער קומען האָט געטראָגען אין זיך אַ האַסטיגקייט. זייער דערשיינען איז געווען פול מיט פּאַטאָס. איבער זיי האָט געשיינט אַ ראָמאַנטישע גלאָריע. פון פאַרשיידענע ווינקלען האָט זיך זייער וואָרט אריינגעריסען אין אידישען לעבען, ווי אַן אָנגעשוואָלענע כוואַליע, וואָס שלאָגט דרייסט און עטוואָס ווילד אָן די ברעגעס.

ווילנע האָט געבראַכט צילבאַוואוסטקייט, אָרגאַניזירטקייט. אַ סטיכיע האָט זיך באַוויזען, — ווילנע האָט איהר געצוימט, געגעבען אַ ריכטונג, אַ וועג.

די אידישע ליטעראַטור איז אַ באַשטאַנד־טייל פון דער רענעסאַנס־באַוועגונג פון די אידישע האַרעפּאַשנע מאַסען. ס׳האָבען זיך געעפענט קוואַלען, וועלכע זיינען גאַנצע יאָהרהונדערטער געווען פאַרשטאָפּט, אַ שפע האָט זיך באַוויזען, פון אומעטום האָט עס געשפּאָרט מיט שעפערישקייט, פאַרנעם, אויסוואוקס.

ס'האבען אנגעהויבען בליהען אלט פארדארטע און פארלאזענע גערטנער. די פרייד פון פריהלינג האט פאר'שיכור'ט. ווילנע האט געבראכט ניכטערקייט. דארט האט מען געזוכט די פארמלאזע, צוגאַסענע טייכען אריינצוברענגען אין גרענעצען פון ברעגעס.

דאס אידישע וועלטליכע שול-וועזען איז כמעט גלייכצייטיג גע־בוירען געווארען אין פארשיידענע טיילען פון פוילען (קרוין־פוילען, ווילנער געגענט, וואלין), און דאך — ווי פארשיידען איז געווען דער וועג!

סטיכיש, אהן שום ארגאניזאציאנעלער פארבינדונג, האבען ווי שוואמען נאך א רעגען זיך געבויט אידישע שולען אין קרוין־פוילען. יעדעס שטעדטעלע האט געמאכט שבת פאר זיך. ס'איז רייף געווארען די באדערפניש צו האבען אן אייגענע שול, אריינגיסען אין איהר אן אייגענעם אינהאלט — האבען זיך די אידישע ארבייטער און הארע־פאשנע מאסען גענומען צו דער ארבייט, געטראגען ציגעל נאך ציגעל און געבויט די גייסטיגע היים פאר'ן אידישען מאסען־קינד. ס'האט נאך נישט עקזיסטירט דער באגריף „שול־וועזען", אלס גאנצער בנין, אלס א געשלאסענע סיסטעם. די מלחמה האט נאך געבושעוועט, די פארבינדונג איז געווען זעהר פארשווערט, אויף די ווארשעווער שולען איז נאך געלעגען דער הייסער אטעם פון י. ל. פרץ, דעם שעפער פון אונזער מאדערנער שול.

ווילנע האט געבויט מיט א פ ל א ן אין האנט. ס'איז אין דער ארבייט געווען א געוויסע אינזשענערישע אויסגערעכענטקייט. אין פוילען האט נאך געהערשט די פאנטאסטישקייט פון באגייסטערטע אנהויבער, ווילנע האט שוין פארמאגט די באזאכטקייט פון דערפאה־רענע, עלטערע מענשען. אפשר פארקלענערט דאס דעם שוואונג, דעם אדלער־פליה, אבער דערפאר איז אזא ארבייט טיפער איינגעגראבען אין דער ערד.

ווילנע האט געבראכט די פאדערונג פון מלוכה'שער אנערקענונג פון אונזער שול־באוועגונג. דער דאזיגער פרינציפ האט אין פוילען געלעבט ווי א פרינציפיעלע פאליטישע פאדערונג, ווילנע האט איהר צוגעגעבען רעאליטעט, אקטועלקייט.

י. ל. פרץ, פרץ הירשביין — צוויי נעמען, וועלכע זיינען פאר־בונדען מיט גרויסצוגיגע פרואוון צו שאפען דאס נייע, קינסטלערישע אידישע טעאטער. אנגעגליהטע לאזונגען, דרייסטער פארנעם. איך דערמאן זיך די עפאכע 1912—1908, ווען די פראגע פון א דראַ־מאטיש אידיש טעאטער איז נישט אראפ פון טאג־ארדנונג. צעהנד־ליגער שרייבער, ארבייטער־טוער האבען געשליידערט שפיציגע פיילען אין דעם אידישען שונד־טעאטער, זיי האבען אנטוויקעלט גרויסע, רייכע פראגראמען פאר דעם נייעם טעאטער. זיי האבען אנגעצונדען

די הערצער פון טויזנטער, טויזנטער צוהערער. ס'האָט ארומגע־בלאָנדזשעט אַ שעהנע, פאַרביגע פּערספּעקטיוו. אַלע פּרואוון זי צו רעאַליזירען זיינען צורונען געוואָרען, אויסגעלאָזען זיך מיט גאָרנישט. ווילנע האָט איינגעזאַפּט אין זיך די די אידעע און זי רעאַליזירט — געשאַפען די „ווילנער טרופּע", וועלכע באדייט אַ היסטאָרישען איבער־ברוך אין דער געשיכטע פון אידישען טעאַטער.

ווילנע איז דער ז א מ ל ע ר פון דער אידישער קולטור. כדי צו פאַרמאָגען דעם געדולד, אויסדויער פאַר זאמלען, צונויפקלייבען געשאַפענע ווערטען דאַרף מען זיין פריי פון יעדען מין סקעפּטיציזם, נישט פאַרמאָגען קיין ספקות, זיך דורכדרינגען מיט האַרטען ערנסט. אָט די גייסטיגע כאַראַקטער־שטריכען פאַרמאָגט ווילנע. נישט צופע־ליג האָבען מיר דאָרט דעם אידישען וויסענשאַפטליכען אינסטיטוט, די סטראַשון־ביבליאָטעק א. א. וו.

ס'איז אפשר נישט קיין צופעליגקייט, וואָס די פּאַרטיי פון מוס־טערהאַפטער אָרגאַניזאַציע, פון שטאַרקען פּאָליטישען כאַראַקטער — דער „בונד" — איז געגרינדעט געוואָרען אין ווילנע. די געשטאַלטען פון אַרקאַדי קרעמער, נח, וולאַדימיר קאָסאָווסקי פאַרקערפּערען אין זיך די עקשנות, אויסגעהאַלטענקייט, פּראַקטישקייט און רעאַליזם פון „בונד".

ווילנע נעמט אויף דערשיינונגען מיט אַ גרויסער זעלבסטפאַר־שטענדליכקייט, ווי שוואַרץ ברויט, אָהן וועלכען מען קען זיך נישט באַגעהן.

צי ליגט עפּעס אַ ספּעציעלער סוד אין דער דאָזיגער שטאָדט? צי דאַרף מען איהם זוכען אין די לעגענדען פון דער גרינדונג פון דער שטאָדט, אַזוי ווי די לעגענדען וועגען דער גרינדונג פון אַלטען רוים האָט געזאָלט צוגעבען אַ ספּעציעלע גלאָריע דער דאָזיגער וועלט־שטאָדט? — ניין, סיבות זיינען פאַראַן אַ סך, און קודם כל אין דער געאָגראַפישער און פּאָליטישער לאַגע פון ווילנע. נישט דאָ איז דער אָרט פאַנאַנדערצואוויקלען גענוי די דאָזיגע אומשטענדען.

ווילנע און וואַרשע דערגענצען זיך.

דאָס, וואָס איך האָב געזאָגט וועגען ווילנע, דאַרף בשום אופן נישט פאַרשטאַנען ווערען, ווי אַ יום־טוב רעדע לכבוד די ווילנער.

ווילנע האָט אַן אייגענעם וועג פון אנטוויקלונג, פּונקט ווי די גייסטיגע און פּאָליטישע באַוועגונגען האָבען אַ געוויסע פאָרם, וועלכע זיי נעמען אָן אין פּוילישען לעבען. די פראַגע איז נישט, וועלכער דרך איז בעסער און שעהנער. פאַר מיר איז בלויז קלאָר, אַז זיי זיינען פאַרשיידען, אָבער נישט געגענזעצליך.

שרה רייזען.

## אַ געזאַנג צו ווילנע.

ס'איז גוט אַזוי, וואָס דער געדאַנק
ער דאַרף קיין שיפען און קיין באַנען
און פליהט און פליהט אָהן אויפהער
אַלץ פון דאַנען

צו דיר, אָ, ווילנע, אַלטע, יונגע,
אייביג יונגע, נייע —
צו דיר, אָ, ווילנע,
שטאָט און היימאַט דו געטרייע.

אויף דיינע לאַוועס
פון האָלץ און פון שטיין,
ווי רואיג, געמיטליך
אויף זיי איז צו געהן.

דורך היימישע גאַסען
עס שפּאַנט מיין געדאַנק
אָ שטילער, אָ, שטילער,
נישט אייל זיך אין גאַנג.

פּאָהוליאַנקע און ווילנער,
און באַלד גרינער בריק —
געדאַנק, אָ געטרייער,
נישט אייל שנעל צוריק...

און לוקישקער מאַרק
איז מיט כל טוב פאַרשטעלט.
און אַלץ אַזוי ביליג,
נאָר טייער איז געלט.

קענסט אַלעם דאָ קויפען,
קאַרטאָפעל און קעז —
אַפילו וואַזאָנעס
פון דופטיגען בעז.

אָ, מיין געדאַנק,
ברייגסט מיר געזאַנג!

זאָל דויערן לענגער
דורך ווילנע דער גאַנג.

און אָט איז דער האָליך־מאַרק,
אַלץ ליב און באַקאַנט.
וואָס מאַכט איהר, געטרייע,
ווי געהט עס אין לאַנד?

וואָס מאַכט רחל לאה,
און חנה, און נאָך?
אין דאגות פּרנסה —
מען לעבט אָפּ די וואָך?

די ווייבער פון האָליך־מאַרק
באַקלאָגען זיך ניט —
פאַר אַלץ דאַנקט מען גאָט אָפּ
אין שטילען געמיט.

אַ וועגעלע האָליך
האָט אַ פּויער געבראַכט.
באַקוקען די קונים
זיין סחורה פאַרטראַכט.

האָליך מוז מען קויפען
סיי זומער, סיי ווינטער,
ווי זאָלען זיך טריקענען —
און ווערען ווי צינטער.

דער פּויער פון האָליך
איז אַ יחסן ביי זיך.
פאַרקויפען זיין סחורה
ער וויל גאָר ניט גיך.

אין ווילנע געשלעפּט זיך
פאַר צענדליגער מיילען,
צו וואָס זאָל ער איצטער
זיך יאָגען און איילען?

דאָס געלט דאַרף ער ניטיג
דעם שטייער באַצאָלען —
אַן אַכטעלע קאָרן
אין מיהל פיהרען מאָלען.

אויפ'ן געלט איז פֿאַרהאַן
הונדערטער לעכער,
ווי האָר אויפ'ן קאָפּ,
ווי שטרוי אויף די דעכער...

זעה איך דעם פּויער
מיט זאָרג אין געמיט...
און לאָז זיך געהן ווייטער
נישט מיט איילינגע טריט...

גאַס אויס און גאַס איין,
גאַס איין און גאַס אויס,
און אָט איז דער שול הויף
און דעם גאונ'ס קלויז.

דבורה אסתר'ס שולכעל
און די אידישע גאַס.
קינדערלעך טרעף איך,
פֿאַרצערטע און בלאַס.

און אָט איז דער דורכהויף,
מיט קליידער און אייזען,
אַנטיקען פֿון אַלטוואַרג,
מען קען דאָ באַווייזען!

אַ גומענער קראַגען,
אַ צוריסענער הוט.
ס'איז אַלץ דאָ אַ סחורה,
אַלץ איז דאָ גוט.

שוכוואַרג צוטריקענט,
צוקרימט און צודרעהט,
קויפען דאָ מאַמעס —
אַן אַלטע העמד און אַ קלייד...

ביי אָפּענע קלייטען
סוחרים שטייען און וואַרטען
אויף אַ גוטען קונה,
אויף דעם לאַנג געגאַרטען...

אַט האָב איך געטראָפען
מיין שוסטער, ווי ליב.
שעה'ען לאנג פארברענגען
איך פלעג אין זיין שטיב.

ס'איז ליב געווען מיר הערען
זיינע קלוגע רייד,
אויף די שווערסטע פראַגען
זיין פשוט'ן באַשייד.

*
**

און די אַלע וועמען כ'ליב,
קומען מיר אַנטקעגען —
אָ, געטרייע, זאָגט: ווי לעבט איהר —
וויל איך יעדען פרעגען.

אַלע, אַלע, ברודער, שוועסטער
זעה איך ווי זיי געהען,
און מיין בענקשאַפט ווערט אנטשוויגען
כ'קען זיך ווידער פרעהען.

און ווידער געקומען
צו סטראַשון'ס ביבליאָטעק.
אָ, ווילנע געטרייע,
כ'בין פון דיר נישט אַוועק.

שנעלער מיין פאַנטאַזיע,
שפאַן איבער ווילנע ווידער,
און ווי אַ געררום פון ווייטען
דערטראָג איהר אַט די לידער.

פשוט'ע און האַרציג,
ווי גרוסען צו אַ מאַמען —
שיקען מיר דיר, ווילנע,
דורך די ווייטע ימ'ען.

אין ליד פאַרוועבט איז ליבע.
זי ווערט דאָ נישט אַנטשוויגען.
אַזוי ווי אין יעדען האַרצען,
בלייבט זינגען מאַמעס ניגון.

ניו יאָרק, אָקטאָבער, 1934

## דר. שמריהו לעווין.

# מיינע יום־טוב׳דיגע טעג אין ווילנע.



אין מיין פערזענליכען לעבען זיינען דאָס געוועזן מערקווירדיגע יאהרען. נאָר קנאַפּע צוויי יאָהר האָב איך צוגעבראכט אין ווילנע. ווען איך וואָלט אָבער די צוויי יאָהר געוואָלט געבען אזוי פיל פּלאַץ אין מיינע געשריבענע זכרונות, וויפיל זיי פאַרדינען, דאָס הייסט, אזוי פיל פּלאַץ, וויפיל זיי פאַרנעמען אין מיין זכרון, וואָלט איך געמוזט וועגען זיי אליין אָנשרייבען ביכער. און ווען איך וואָלט געקענט איבערגעבען געטריי אלץ, וואָס איך האָב דורכגעפיהלט און דורכגעלעבט אין די צוויי יאָהר, וואָלטען די ביכער געמוזט געשריבען ווערען ניט אין פּראָזע.

אויסער די אַלגעמיינע געפיקסטע ימים־טובים האָט יעדער פון אונז זיינע אייגענע ימים־טובים אין לעבען. אָפטמאָל זיינען זיי קורצע, אָפטמאָל קירצערע, זעלטען אָבער ציהען זיי זיך יאָהרען־לאַנג. מיין יום־טוב איז געוועזן ווילנע און ער האָט זיך געצויגען גאַנצע צוויי יאָהר — פאַר א יום־טוב אַן אויסערגעוועהנליך לאַנגע צייט. און נאָך עטוואָס. ווען יעדער פון אונז זאָל מאַכען דעם חשבון פון זיינע טעג, וועט ער איינזעהן, אז אונזער צייט איז גאָר ניט מעור אחד, אז אויך זי האָט איהר שאַלאכץ און איהר קערן, און גאַנץ אָפט מוזען מיר אָפּשיילען א גאַנצע צייל פון טעג איידער מיר קומען צו א קערענדיגען טאָג. די אָפּגעשיילטע טעג זיינען די פסולת פון לעבען, און מיר וואַרפען זיי ארויס פון אונזער חשבון.

מיר אַליין איז נאָך ביז ווילנע אויסגעקומען צו בייטען עטליכע מאָל מיין סביבה, און יעדעס מאָל האָט די צופּאַסונג צו דער סביבה אויפגעפרעסען ביי מיר אי כחות, אי צייט, ארויסגעוואָרפענע כחות, ארויסגעוואָרפענע צייט, ווייל זיי זיינען פאַרשווענדעט געוואָרען נאָר אויף הכנות. די צוויי יאָהר אין ווילנע זיינען געוועזן יאָהרען אָהן איינפאַל. איך געדענק ניט, אז איין טאָג פון זיי איז ביי מיר אויסגענעבען געוואָרען לבטלה. פון ערשטען מאָמענט אַן האָב איך זיך

געפיהלט איינם מיט דער סביבה און מיט איהרע מענשען. איך האָב זיך ניט געברויכט צוצופּאַסען צו איהר, ווייל איך האָב זיך אין איהר גלייך אריינגעפּאַסט, און מיר איז פאָרגעקומען, אז איך בין שטענדיג געווען איינגעוואַקסען מיט איהר. דעריבער געדענק איך מיין ווילנער פּעריאָדע ווי איינע פון די לענגסטע אין מיין לעבען, ניט אַבטענדיג דערויף, וואָס זי איז געווען ניט לענגער פאר מיין וואַרשעווער אָדער גראָדנער און קירצער ווי א העלפט פון מיין יעקאַטערינאָסלאַווער פּעריאָדע.

איך האָב מיר געפיהלט אין ווילנע — איך געפין קיין פּאַסענ־דערען אויסדרוק ניט — ווי א פיש אין וואַסער. איך האָב ליב געהאַט די ווילנער לאַנדשאַפט, וועלכע ווערט ניט אומזיסט אָנגערופען די ליטווישע שווייץ. איך האָב ליב געהאַט די ווילנער שלעסער, וועלכע האָבען עדות געזאָגט פון א שטאָלצער פאַרגאַנגענהייט. איך האָב אפילו ליב געהאַט די ווילנער שמאָלע גאַסען מיט די גרוי־אַלטע בנינים, וועלכע האָבען אריבערגעטראָגען דעם צושויער אין די מיטעל־אַלטערליכע דורות. נאָר מעהר ווי אַלץ האָב איך ליב געהאַט דעם ווילנער שול־הויף, אָנגעפּיקעוועטע מיט אַלטע קלויזען, וואו די ווענט זיינען אָנגעזאַפּט מיט דעם שוויים פון לערנען, און וואו אן אַטמאָ־ספערע פון הייליגער מסורה שוועבט איבער אַלעם, איבער די גמרא'ס און די אנדערע גראָב־בייכיגע ספרים, איבער די בענק און די שטענ־דערס, מאַסיוו געבויט ווי פאַר דער אייביגקייט, איבער די קופּערנע לייכטער, מנורות און האַנדפאַסען, גרינליך געוואָרען פון אַלטקייט, און איבער די הויכע פונדאַמענטאַלע אויווענס, וואו די שכינה אליין האָט ליב געהאַט צו באַהאַלטען זיך אין די לאַנגע ווינטער־נעכט און צוהערען זיך, ווי אידען לערנען תורה לשמה. שטונדען־לאַנג האָב איך געקענט ארומגעהן איבער דעם ווילנער שול־הויף, פון קלויז צו קלויז און צוהערען זיך צו דעם אַלטען גמרא־נגון, וועלכער דערצעהלט מעשיות פון אַלטע צייטען. דעם זעלבען טעם פיהלט וואהרשיינליך אן ענגלענדער, צום ביישפּיל, ווען ער שפּאַצירט ארום צווישען די קאָלעדזשעס פון זיין אָקספאָרד. דער ווילנער שול־הויף מיט זיינע קלויזען איז געווען דער אָקספאָרד פון א גלות־פאָלק.

## מיינע נייע פריינד.

איך בין אויך געווען גליקליך מיט דעם ענגען קרייז פון מיינע פריינד, מיט וועלכע מיר איז אויסגעקומען אויסצופיהרען די פּראַק־טישע אויפגאַבען פון מיין טעטיגקייט. דעם ערשטען פּלאַץ אין דער גרופּע האָט פאַרנומען יצחק לייב גאָלדבערג. ער האָט אייגענטליך געהערט צו דער סוחר'ישער וועלט און איז אַליין געווען א פיל באַשעפ־טיגטער סוחר. ער האָט אָבער פאַרשטאַנען צו גרינדען א הויז, וואָס

איז געווען דער מיטעלפונקט פון דער אידישער גייסטיגקייט אין ווילנע, א ריכטיגער „בית ועד לחכמים". זיין פרוי, ראשעל מיכאַי-לאָווגא, איז געווען די פיהרערין פון דער אָרגאַניזאַציע „יהודיה", וועלכע האָט געגרינדעט מאָדערנע העברעאישע שולען פאַר מיידלאך, און זי האָט געפיהרט אַן אָפענע הויז. אין גאָלדבערג'ס הויז האָט יעדער געמעגט קומען, ווען ער האָט נאָר געוואָלט, און ער האָט דאָרט שטענדיג געפונען אי עסען, אי טרינקען, אי געגוג געסט צו כאַפּען א שמועס. יצחק לייב גאָלדבערג האָט באַזעסען א מערקווירדיגע אייגענ-שאַפט. ער האָט געקענט אויספילען אַלע לעבער פון זיין צייט מיט ניצליכער ארבייט. נאָך מעהר, ער האָט געקענט שפּאַלטען זיין צייט און אָפּטאָן אין איין טאָג ארבייט פון פינף טעג. אין אַלע קהל'שע ענינים האָט ער זיך באַטייליגט, קיין וויכטיגע אַסיפה ניט אויסגע-לאָזען. אָבער מעהר ווי אַלץ האָט ער זיך אָפּגעגעבען מיט דער ציוניסטישער באַוועגונג און איז יאָהרען לאַנג געווען איהר אייגענט-ליכער פיהרער. דערביי איז ער שטענדיג געבליבען באַשיידען, שטענ-דיג געשטאַנען אין שאָטען. און האָט נאָך געפונען צייט צו לייענען די נייעסטע ליטעראַרישע ערשיינונגען סיי אין העברעאיש, סיי אין אַנדערע שפּראַכען. איז עפּעס ארויס א ניי בוך, וואָס האָט געמאַכט א רושם, האָט מען געוואוסט, ביי יצחק לייב גאָלדבערג'ן קען מען דאָס בוך געפינען. ער האָט עס שוין דורכגעלייענט.

זיין הויפּט שטיצע אין דער פּראַקטישער ארבייט איז געווען זיין אינגערער ברודער, באַרים גאָלדבערג, פון בערוף א כעמיקער. אויך ער האָט זיך אויסגעצייכענט דורך אַן אוננאַטירליכער ארבייטס-קראַפט. מען האָט געקענט אויף איהם אָנוואַרפען ארבייט וויפיל מען וויל, ער האָט זיך ניט געקלאָגט, אז ס'איז צופיל, און זיין ברודער האָט טאַקע געוואָרפען אויף איהם ארבייט אָהן א שיעור און אָהן רחמנות. דער דריטער איז געווען ארקאַדי ניישול. אויך ער האָט געהערט צו דער סוחר'ישער וועלט, אָבער דאָס זיינען געווען מערק-ווירדיגע סוחרים; זיי האָבען פאַרגעשטעלט א טיפּ, וועלכער איז אין דער לעצטער צייט פאַרשוואונדען פון אידישען לעבען. די סוחר'עריי האָט זיי געדינט נאָר אַלס א מיטעל, כדי צו קענען פריי דינען די כלל-אינטערעסען פון דער געמיינדע און פון אידישען פאָלק. ניישול, א געוועזענער „בן משה", איז געבליבען טריי דער לעהרע פון זיין מייסטער „אחד העם" אויך נאָכדעם ווי פון דעם פאַרבאַנד איז קיין סמן ניט געבליבען. צום זעלבען קרייז האָבען געהערט נאָך איינינע פון די אַמאָליגע „בני משה". און מיר פלעגען זיי אָפט צוציהען צו אונזערע אינטימע באַראַטונגען. אָבער די דריי דער-מאָנטע זיינען געווען מיינע הויפּט באַראַטער און די אָרגאַניזאַטאָרען פון אַלע אונזערע פּראַקטישע אונטערנעמונגען.

אין אונזער אינטעלעקטועלען קרייז, וועלכער איז נים געווען קיין ריין־ציוניסטישער, האָט דעם ערשטען פּלאַץ פאַרנומען שמעון דובנאָוו. ער אַליין איז אויך נים געווען קיין ציוניסט. ער האָט געהאַלטען פון דער שאַפונג פון אַ קולטורעלען צענטער אין ארץ־ישראל, וועלכער זאָל שפּייזען מיט גייסטיגקייט די גאַנצע אידישע וועלט. אָבער דערין האָט ער געזעהן נאָר איינע פון די אויפגאַבען פון דעם אידישען פאָלק. דעם שווערפּונקט פון דער אידישער פראַגע האָט ער געזעהן אין דעם גלות־אויטאָנאָמיזם, וועלכען ער האָט באַגרינדעט און פאַרטיידיגט אַלס היסטאָריקער אין זיינע ווערק און אַלס גלענצענדער פּובליציסט אין דער פּעריאָדישער פּרעסע. ער האָט געגלויבט אין דער מעגליכקייט פון אַ זעלבסטשטענדיג קולטורעלער אידישער ענטוויקלונג אין די גלות־לענדער און אַם מייסטען פאָרמולירט די נאַציאָנאַלע גלייכבאַרעכטיגונג פון דעם אידישען פאָלק אין מזרח אייראָפּע.

רעדענדיג וועגען די פאַרשיידענע טיפּען מענשען, האָט נאָך איינער פון די אַלטע אידישע דענקער באַמערקט: די וועלט קען נים אויסקומען אָהן אַ פּאַרפיום־מאַכער און אָהן אַ גאַרבער. וואויל איז דעם פּאַרפיום־מאַכער — צו איהם לויפען אַלע. וועה איז דעם גאַרבער — פון איהם אַנטלויפען אַלע. ביז היינט בין איך דאַנקבאַר דעם גורל, וואָס האָט מיך אַזוי נאָהענט צוזאַמענגעפיהרט מיט שמעון דובנאָוו, מיט דעם גייסטיגען פּאַרפיום־מאַכער, פון וועלכען יעדער האָט זיך געקענט אָננעמען נאָר איידעלקייט און לויטערע געזינונג. גאַנצע טעג איז ער געזעסען על התורה ועל העבודה, און אין זיין אַרבייטס־צימער האָט געהערשט די אַטמאָספערע פון אַ טעמפּעל. אויף דער וואַך איז געשטאַנען זיין אידא יעפימאָווגא, אַ טיפּישע אשה צנועה, וועלכע האָט אָפּגעהיט דעם טעמפּעל פון איהר מאַן פון יעדער זייטיגער שטערונג. דובנאָוו און איך זיינען גלייך פון מיין אָנקומען אין ווילנע געוואָרען זעהר באַפריינדעט און אונזערע פאַמיליען נאָהענט צו איינאַנדער. אפילו מיין קליינע אניא איז געוואָרען די חבר׳טע פון דובנאָוו׳ס ערוואַקסענע קינדער. זי האָט שטענדיג ליב געהאַט אין איהר קינדהייט צו זוכען חבר׳טעס צווישען ערוואַקסענע. כמעט אַלע פרייע אָווענדען פלעגען מיר פאַרברענגען צוזאַמען, אָדער ביי דובנאָוו׳ן אָדער ביי מיר.

פון די פילע געסט, וועלכע האָבען געהערט צום אינטעלעקטועלען קרייז און פלעגען אָפט קומען צו מיר אין הויז, וויל איך זיך אָפּשטעלען אויף איינינע און זיי קורץ שילדערען — אויף יהושע שטיינבערג, דר. יהודה לייב קאַנטאָר און פייוועל געץ.

יהושע שטיינבערג, איינער פון די לעצטע מאַהיקאַנער פון דער ווילנער אויפקלעהרונגס־עפּאָכע, איז שוין געווען אַ מאַן פון עטליכע

און זיבעציג, ווען איך האָב זיך מיט איהם צוערשט באגעגענט. ער האָט זיך אָבער נאָך געהאַלטען גראַד און פעסט ווי די שרשים פון דער העברעאישער שפּראַך, מיט וועלכער ער האָט זיך באַשעפטיגט לעבענס-לאַנג. ער איז געווען פאַרבונדען אַלס לעהרער נאָך מיט דער אַלטער ראַבינער-שולע און צעהנדליגע יאָהרען אַלס אינספּעקטאָר פון אידישען לעהרער-אינסטיטוט און האָט זיך ערוואָרבען אַ נאָמען אין דער געלערענטער וועלט דורך זיינע העברעאישע ווערטער-ביכער און אַנדערע ווערק. ער איז געווען אַן אויסגעשפּראָכענער באַאַמטער, און האָבענדיג צו טאָן שטענדיג מיט גראַמאַטיקאַלע פאָרמען, איז ער אויך אַליין געוואָרען אַ טרוקענער פאָרמאַליסט און געקוקט אויף גאָט'ס וועלט דורך דקדוק-ברילען, זעלטען וואו די פּראָפעסיע האָט אַזוי אָפּגעשטעמפּעלט דעם מענשען, ווי דאָס איז געווען דער פאַל מיט יהושע שטיינבערג. אַן ערך צו זיבעציג יאָהר האָט ער חתונה געהאַט — צום דריטען אָדער צום פערטען מאָל — דוקא מיט אַ יונגער פרוי פון עטליכע און צוואַנציג, און דאָס האָט ניט ארויס-גערופען קיין סענסאַציע. דוקא אין דער אַלטער אידישער וועלט זיינען אַזוינע חתונות געווען ניט קיין אויסערגעוועהנליכע ערשיינונג. זיין יונגע פרוי איז געווען אַ קורלענדערין און האָט נאָר שלעכט באהערשט די רוסישע שפּראַך. אין רוסיש הייסט סתם העברעאיש „אַלט-העברעאיש". איין מאָל, ווען אין מיין הויז האָט זיך פאַר-זאַמעלט אַ גרויסע געזעלשאַפט, האָט די יונגע פרוי שטיינבערג מיט אַמאָל אויסגערופען אין רוסיש: וואו איז מיין אַלט-העברעאישער מאַן? זי האָט דערביי ניט געוואָלט מאַכען קיין וויץ. דער עולם האָט זיך צולאַכט, און מעהר ווי אַלע האָט געלאַכט דער אַלטער שטיינבערג. גאַנץ אָפט האָט מען געקענט אַנטרעפען דעם אַלט-העברעאישען מאַן, ווי ער געהט שפּאַצירען מיט זיין זיין יונגער פרוי און פיהרט פאַר'ן האַנט אַ רייצענדעס קינד, זיין קליין טאָכטערל.

מיט דר. יהודה לייב קאַנטאָר בין איך פערזענליך באַקאַנט גע-וואָרען ערשט אין ווילנע — ער איז אין מיין צייט אויסגעקליבען געוואָרען אַלס ווילנער ראַבינער — און ער האָט געמאַכט אויף מיר דעם איינדרוק פון אַ טראַגישער פיגור. אַ איד אַ למדן נאָך פון די יוגענד-יאָהרען און פון וויי‍טער אייראָפּעאישער בילדונג. אַן עלעגאַנ-טער סטיליסט אין דריי שפּראַכען: העברעאיש, אידיש און רוסיש, אַ מיטאַרבייטער און אַ גרינדער פון וואָכען-בלעטער און טעגליכע צייטונגען, אַ פיינער, געשליפענער פובליציסט אין דעם משך פון עטליכע צעהנדליג יאָהר — האָט ער זיך צום סוף געמוזט ארומזעהן, אַז אייגענטליך האָט ער זיין לעבען צוברעקעלט. דאָס איז געקומען דערפון, ווייל ער איז צו קיין באַוועגונג ערנסט ניט צוגעשטאַנען און האָט לייכט געשוועבט איבער די פאַרשיידענע באַוועגונגען. אויך

דוד פרישמאַן, צום ביישפּיל — אַן אינטימער פריינד פון קאַנטאָר'ן — האָט נאָר געשוועבט איבער די באַוועגונגען פון דער אידישער וועלט און איז צו קיינער פון זיי ניט צוגעשטאַנען מיט לײַדענשאַפט. אָבער פרישמאַן האָט זיך באַנוגענט מיט זיין קונסט און האָט געזוכט צו ווירקען אויפ'ן עולם אויסשליסליך אַלס קינסטלער. דר. קאַנטאָר, אָבער, האָט געהאַט די אַמביציע אַנערקענט צו זיין אַלס אַ כלל־טוער, און די אַנערקענונג האָט איהם דער עולם ניט געקענט געבען. השפּעה קומט דורך איבערצייגונגס־קראַפט, און איבערצייגונגס־קראַפט איז ניט קיין מתנה פון הימעל. זי קומט פון לײַדענשאַפטליכער טרייהייט, מיט וועלכער איינער דינט זיין אידעאַל. זי מוז פאַרדינט ווערען. דער עולם האָט זיך דעריבער באַצויגען צו דר. קאַנטאָר ווי צו אַ תכשיט, ווי צו אַ צירונג און האָט זיך מעהר געצאַצקעט מיט זיין סטיל ווי גערעכענט מיט זיינע מיינונגען. דר. קאַנטאָר איז געווען איינער פון די עסטעטישע סקעפּטיקער, וועלכער האָט ניט געגלויבט, אַז פון דער אידיש־נאַציאָנאַלער באַוועגונג קען אויסוואַקסען עטוואָס ערנסטעס. אין ווילנע האָט ער איינגעזעהן זיין טעות, עס איז שוין אָבער געווען צו שפּעט, און ער האָט געליטען דערפון.

דער דריטער, פייוועל געץ, וואָלט אין פראַנקפורט, צום ביישפּיל, געקענט באַטראַכט ווערען אַלס אַ טיפּ. אין רוסלאַנד — נאָר אַלס אַן עקזעמפּליאַר. איך, ווענינגסטענס, האָב קיין צווייטען, גלייך צו איהם, אין רוסלאַנד ניט אָנגעטראָפען. קאָנסערוואַטיוו אין זיין אידיש־קייט און אין זיין פּאָליטישער וועלט־אַנשויאונג ביז צו די ביינער, האָט ער געציטערט פאַר יעדער באַוועגונג. ער איז געווען איבער־צייגט, אַז וואָלטען נאָר אידען געהאַט גענוג „מליצי יושר", וועלכע זאָלען צייגען פאַר דער וועלט די ליכט־שטראַהלען פון דער אידישער עטיק, וואָלט מען מעהר דערגרייכט ווי דורך באַוועגונגען. און ער האָט גענומען אויף זיך די אויפגאַבע פון אַזאַ „מליץ־יושר". ער האָט פּאָלעמיזירט מיט לעוו טאָלסטאָי וועגען זיין, טאָלסטאָי'ס, שטעלונג צום אידענטום און צום קריסטענטום. ער האָט געפיהרט אַ ברייטע קאָרעספּאָנדענץ מיט דעם באַריהמטען פילאָזאָף און אידען־פריינד וולאַדימיר סאָלאָוויאָוו וועגען דאָס אידישע פּראָבלעם. ער האָט געדרוקט אַפּאָלאָגעטישע שריפטען מיט הסכמות פון משיטשעריין, קאָראָלענקאָ און אַנדערע און האָט געגלויבט באמונה שלמה, אַז דאָס איז דער ריכטיגער וועג צו פאַרבעסערען די אידישע לאַגע. די בונדיסטען און די אַנדערע אידישע סאָציאַליסטען זיינען געווען פאַר איהם איינפאַך אַ שרעק; און אַפילו די פאָדערונגען פון דעם „פאַר־באַנד פאַר אידישער פולבאַרעכטיגונג" זיינען פאַר איהם צופיל. אָנ־געשטעלט איז ער געווען פון בילדונגס־מיניסטעריום אַלס „געלערענטער איד" פון ווילנער בילדונגס־ראַיאָן, און האָט געלעבט אין איין ציטער־

ניש נים צו פאַרלירען זיין שטעלע. אזוי ווי די צייט איז געווען אַ שטורמישע און די אידישע וועלט האָט זיך מיטבאַוועגט, איז געווען פשוט אַ רחמנות צו קוקען אויף דעם מענשען, ווי ער טרייסעלט זיך. אָפּטמאָל פלעגט ער באַזוכען דובנאָוו'ן און נאָך עפּטער האָט ער מיך באַזוכט. ער האָט געוואָלט ווירקען אויף די פאַרטייען צו זיין באַשיידען אין זייערע פאָדערונגען. צו זיין זכות מוז געזאָגט ווערען, אַז דאָס איז געווען זיין ערנסטע איבערצייגונג.

פון די סאָציאַליסטישע קרייזען האָבען איינצעלנע פאַרקעהרט אין איינינע פון אונזערע הייזער. אָבער נאָר געזעלשאַפטליך. קיין פאַרבינדונג צווישען אָרגאַניזאַציעס און אָרגאַניזאַציעס האָט ניט עקזיסטירט. ערשט ווען דער פּאָליטישער שטורם האָט זיך שטאַרק צושפּילט, זיינען די פאַרשיידענע אידישע אָרגאַניזאַציעס געקומען נעהנטער צו איינאַנאַנדער.

## מיין טעטיגקייט.

מיינע פאַרלעזונגען און „טהרת הקדש" האָבען צוגעצויגען צו זיך פון אָנהויב אָן אַ גרויסען עולם. זיי זיינען געווען באַשטימט הויפּטזעכליך פאַר דער יוגענד. אָבער אויך עלטערע עלעמענטען האָבען זיך געמעלדעט צו זיי אין אַ גרעסערער צאָהל. די שוהל האָט געקאָנט אריינגעמען העכסטענס 15 הונדערט צוהערער איןביידע אָפּטיילונגען. עס פלעגען זיך גאַנץ אָפט אָבער אריינשפּאַרען מעהר ווי צוויי טויזעד, געפּאַקט ווי הערינג אין אַ פאַס. דער פּלאַץ איז געוואָרען אונזיכער אין פאַל פון אַ שרפה, און די פּאָליציי האָט געמוזט זאָרגען פאַר אָרדנונג ביים אריינגאַנג. ווער וויים, פון וואָס פאַר אַ שרפה די פּאָליציי האָט אונז געוואָלט איינהיטען. מיין פינף-יעהריגער נסיון אַלס לעהרער אין יעקאַטערינאָסלאַוו האָט מיר פיל ארויסגעהאָלפען. איך האָב שוין געהאַט אַ פאַרטיגען סקעלעט פאַר מיינע פאַרלעזונגען און אויך גענוג צייט אויסצואַרבייטען זיי אין אַלע איינצעלהייטען. איך בין געווען גליקליך צו זעהן ווי דער עולם שטרענגט אָן זיין אויפמערקזאַמקייט, כדי ניט צו פאַרלירען אַ וואָרט פון דעם פאָרטראַג; און אויב דער עולם איז מיר געווען דאַנקבאַר, בין איך איהם געווען ניט ווייניגער דאַנקבאַר. דאָס איז געווען מיין עולם, צו וועלכען איך האָב געהאַט אַ פרייען צוטריט, און וועלכער האָט מיך פאַרשטאַנען אויף'ן וואונק. דער געשיכטע פון אידישען פאָלק האָב איך אָפּגעגעבען גאָר אַ קליינעם פּלאַץ אין מיינע פאַר-לעזונגען. דעם גרעסטען חלק פון זיי האָב איך געווידמעט דער ענטוויקלונגס-געשיכטע פון דער אידישער קולטור. צום ביישפּיל, איך האָב וועגען „הלכות עבדים" געהאַלטען גאַנצע זעקס פאַרלעזונגען, צייגענדיג די ענטוויקלונג פון די אידישע געזעצען בנוגע קנעכטשאַפט

פון די עלטסטע צייטען ביז צו דעם רמב"ם, אין פארגלייך מיט די גריכיש־רוימישע געזעצען וועגען דעם זעלבען ענין. אזוי האָב איך געטאָן אויך מיט „הלכות צדקה", מיט די אידישע אגראר־געזעצען, און אפילו מיט „הלכות מלחמה". איך האָב געזוכט ארייננצופיהרען די אידישע יוגענד אין דער אידישער גייסטיגער וועלט און געזעהן, אז זי זאָל באקומען א באגריף פון די פארשיידענע עפּאָכען, דורך וועלכע דער גייסט איז דורכגעגאנגען אויף זיין ענטוויקלונגס־וועג. זעלבסטפארשטענדליך האָב איך ניט פארפעהלט צו רעדען וועגען דעם משיח־געדאנק אין דער אידישער געשיכטע. אויסער די סיסטעמאטישע קורסען, וועלכע זיינען אָפּגעהאלטען געוואָרען יעדען שבת אָוונד, פלעגט מיר אויסקומען פון צייט צו צייט אויך צו האלטען א פּרעדיגט, וועלכער האָט אָבער אויך געטראָגען דעם כאראקטער פון א געוועהנליכען פאָרטראָג. דער „טהרת הקדש" עולם האָט זיך אין פּרעדיגטען ניט געגוויטיגט. איך האָב מיך געמוזט גוט צוגרייטען און פאָרזיכטיגער זיין אין מיינע ערקלערונגען ווי אין יעקאַטערינאָסלאַוו, צום ביישפּיל; צופיל לומדים האָבען זיך געפונען צווישען א ווילנער עולם. צווישען מיינע צוהערער האָבען זיך אָפּט געפונען מענער ווי דובנאָוו, שטיינבערג אָדער קאַנטאָר. איינער פון זיי איז שוין אויך גענוג, אז דער רעדנער זאָל זיך נעהמען אין אכט. איך האָב זיך שטענדיג גוט געפיהלט, ווען איך האָב געוואוסט, אז צווישען מיינע צוהערער זיינען דאָ מענשען, פאר וועלכע מען מוז האָבען עקסטרא דרך ארץ. די גרעסערע אחריות, וואָס דאָס לעגט ארויף אויף דעם רעדנער, האָב איך שטענדיג געטראָגען מיט פארגעניגען.

פון אייניגע זייטען האָט מען פארזוכט צו מאכען פּראָפּאגאנדע געגען דעם באזוך פון מיינע פאָרלעזונגען. מ'האָט געפונען, אז מיין ריכטונג איז צו שאָוויניסטיש. עס איז שווער פאר מיר אויפצוטרעטען אלס אַן עדות אין מיין אייגענער זאך. איך גלויב אָבער, אז דער פאָרוואורף איז ניט געווען בארעכטיגט. און ער האָט אויך ניט געהאָלפען. די שוהל איז געבליבען געפּאקט. ווייטער האָב איך זיך אין ווילנע ניט געהאט אויף וועמען צו באקלאָגען, אפילו נישט אויף מיינע איידעלע געגנער. ס'איז געווען ווילנע, וואו איידעלע באציהונג אפילו צום געגנער איז געלעגען אין בלוט פון דעם אידישען מענשען. טאָמער האָט זיך ביי איינעם ארויסגעוויזען דער היפך, איז דאָס געווען דער בעסטער סימן, אז ער איז ניט קיין ווילנער.



## נחום יוד.

# ווילנע.

די וועלט־באַרימטע, אַלטע שטאָט!
ניט שלעסער, און ניט בריקעו,
ניט גערטענער פון רוזעו,
און ניט די מערק און די פאַבריקעו, —
נאָר גרויסע שוהלעו, אַלטע קלויזעו
און לערנער חריפים, גרויסע לייט
דיין רום פאַרזיגעלט האָבעו
אין דער אייביגקייט.

דורך מיטעל־אַלטערדיגע פלאַמעו
טוט זיך דיין יחוס שפינעו.
נאָר ניט די מאַכט פון די טיראַנעו,
און ניט דיין גוי'שקע אָסטראבראמע
דיך האָבעו צו דיין רום געבראַכט...
נאָר דיינע געסלעך אַלטע, קרומע,
וואו אונזער רייגער גייסט דער פרומער
האָט אין דער פינסטערניש געוואַכט.

אָ, ווילנע, אונזער מוטער־שטאָט!
פיל שטורעמס זיינען איבער דיר אַריבער,
נאָר אונזער גייסט איז אין דיר גאַנץ פאַרבליבעו.
ניט אַלץ ווערט אָפּגעמעקט אין גאַנג פון לעבעו...
און ס'וועט אַ וואונדערליכער שיין
אַרום דיין נאָמען שוועבעו
ביז אין דער אייביגקייט אַריין.

## י. באַסקין.

# מיינע ווילנער „אוניווערזיטעטען".



כדי צו קענען דעם נביא דארף מען פאָהרען אין זיין געבורטס־שטאָדט. כדי צו האָבען אַ באגריף וועגען דעם לעבען פון דער אידישער יוגענט מיט יאָהרען צוריק, וואָס האָט פאַרבראכט אין די ישיבות פון ליטע, און איבערהויפט פון ווילנע, דארף מען אליין דאָס אלעס האָבען דורכגעלעבט.

פאַר דעם טיפען פסיכאָלאָג, פאַר דעם פאָרשער פון דער מענשליכער נאַטור איז דער לעבען פון אָט דער יוגענט אַ גאַנץ באַדייטענדע טעמע. ניט אומזיסט האָט איינער פון די גרעסטע אידישע שרייבער, פּרץ סמאָלענסקין, דעם דאָזיגען לעבען דעמאָלט אַזוי קלאָר און אַזוי פארבענרייך געשילדערט אין זיין באַריהמטען ראָמאַן „התועה בדרכי החיים".

ווילנע איז שטענדיג געווען די צוציהונגס־קראַפט פאַר די אָרימע אידישע קינדער פון די קלענערע שטעדטלאך. זיי האָבען וועגען ווילנע פאַנטאַזירט נאָך גאָר אין זייערע קינדערשע יאָהרען. וועלכער אינגעל האָט דאָס ניט געהאַלטען אַ סדור אָדער אַ מחזור, אויף וועלכען ס'איז געווען געדרוקט אויף'ן שער־בלאַט: „דפוס האלמנה והאחים ראָם ב'ווילנא" (דרוקעריי פון די ברידער און דער אַלמנה ראָם אין ווילנע)? וועלכער אינגעל האָט דאָס ניט געקוקט מיט אַ ציטער אין האַרצען אויף דער הערליכער בילד פון דעם ווילנער גאון, אַ בילד, וואָס האָט באַצירט יעדע אידישע הויז?!

די פראַגע ווי אַזוי מען וועט לעבען אין ווילנע, וואו מען וועט נעכטיגען, וואו מען וועט עסען, איז ניט געווען קיין ברענענדע. מען האָט זיך געטראַכט: אָט, מען וועט קומען צווישען אידען און מען וועט שוין געפינען אַן עצה.

און אַזוי בין איך אָנגעקומען אין ווילנע נאָך אַ גאַנץ יונגער אינגעל, נאָך איידער איך בין בר מצוה געוואָרען, מיט אַ קאַרגען רובעל אין קעשענע. גע'חלום'ט האָב איך אַריינצוקומען אין דער באַריהמטער „ראַמיילעס שוהל", איינע פון די עלטסטע שוהלען אין ווילנע,

וואָס איז געגרינדעט געוואָרען מיט אריבער 110 יאָהר צוריק: אָבער צוליב מיין עלטער, אָדער אפשר צוליב אנדערע אורזאכען וועלכע איך קען זיך איצט ניט דערמאָנען, בין איך אריינגעטראָטען אין רב יואל׳ס ישיבה. רב יואל האָט גענומען א פערזענליכען אינטערעס אין זיינע תלמידים. ער פלעגט זיי פשוט נעמען פאר דער האנט און פיהרען זיי אין די הייזער בעטען פאר זיי א „טאָג". ער האָט זיך געקימערט וועגען זייער טאָג־טעגליכען לעבען. און אזוי ווי איך האָב ניט געהאַט קיין באקאנטע, וואו איך זאָל קענען געהן באשטעלען א „טאָג" פאר מיר, פארשטעה איך היינט, אז דאָס איז געווען די נאַטירליכע אורזאַך ווארום רב יואל׳ס ישיבה האָט מיך אזוי צוגעצויגען.

די מייסטע אינגלאך אין דער ישיבה זיינען געווען אין עלטער פון 12 ביז 13 יאָהר, און געלעבט האָט מען אין איין קיבוץ, געטיילט זיך איינער מיט דעם אנדערען מיט דעם שטיקעל ברויט. פילע פון די קינדער פלעגען קריגען שטיצע פון זייערע עלטערען. שבת פלעגען מיר גאנץ אָפט ארויסגעהן מיט א קאָשעק איבע די הייזער זאמלען ברויט, שטיקלאך חלה און די „זאמלונג" האָט געהערט צו דער קאָמונע, צום כלל. מען האָט דאָס אריינגעוואָרפען אין איין קעסעל און יעדער איינער, וועלכער האָט געוואָלט, פלעגט צוגעהן צום קעסטעל און ארויסנעמען א שטיקעל פארדאַרטע ברויט אָדער חלה. זופ פלעגט מען קריגען אמאָל פון די גוט־הארציגע פרויען, וואָס פלעגען קומען א באשטימטען טאָג און יעדע איינע פון זיי האָט מיטגעבראכט א טעפעל זופ און דערפון האָבען מיר זיך אלע געקוויקט.

איך פערזענליך האָב געהאַט א ספּעציעלען גליק. מען האָט מיך באשטימט אלס אַן ארויסהעלפער צו דעם ראש ישיבה. אנדערע קינדער, וועלכע זיינען געווען ניט אזוי גערעכטען און פלעגען ניט קענען נאָכקומען דעם „שיעור", פלעגען קומען צום ארויסהעלפער בעטען ער זאָל מיט זיי איינקנעלען די אָדער יענע בלאַט גמרא. האָט מען מיר דערפאר א נאָמען געגעבען „דער איליער ראש ישיבה".

נאָך א זייטיגען פארדינסטעל פלעג איך גאנץ אָפט אריינכאפּען דורך די שבת פארטאָגיגע למודים. רב יואל פלעגט אויסקלייבען עטליכע אינגלאך, פלעגט זיי אויפוועקען ארום 4—5 אזייגער שבת פארטאָג, ווינטער־צייט, און פלעגט מיט זיי אָנפאנגען לערנען. יעדער איינער, וועלכער פלעגט שטעלען ספעציעלע פראגען און קענען זיי אויך אליין פארענטפערען, פלעגט קריגען א ספּעציעלע „נאגראדע" — א בולקעלע. דאָס איז שוין געווען נאָך א הכנסה, וואָס האָט געהאָלפען אויפצוהאַלטען די נשמה פון דעם ישיבה־בחור. אָבער אזוי ווי חברה האָט זיך א נעם געטאָן צו פרעגען צופיל קשיות האָט זיך רב יואל דערשראָקען און ער האָט דעם גאנצען עסק אויפגעגעבען. עס האָט זיך איהם פשוט ניט געלוינט, ווייל די בולקעלאך פלעגען

קאָסטען עטליכע גראָשען און קיין גרויסער גביר איז ער אַליין אויך ניט געווען.

ס'איז איבעריג צו זאָגען, אַז די גאַנצע נשמה און דאָס האַרץ מיינס איז געלעגען אין ראַמיילעס קלויז, ווייל דאָרטען זיינען די לימודים געווען העכערע; דאָרט האָט מען געלערענט אויך רוסיש, דאָרט איז אויך איינגעפיהרט געוואָרען אַ ספּעציעלער העברעאישער קלאַס. עס האָט לאַנג ניט גענומען — נאָכדעם ווי איך בין אָפּגעווען אין ווילנע איין זמן — און איך האָב זיך אריבערגעפּעקעלט אין ראַמיילעס קלויז.

דאָרט איז אויך געווען אַ ספּעציעלע „דאָרמיטאָרי", אַ קלאַס וואו אַלע בחורים פלעגען שלאָפען. דאָ האָבען שוין די איינגלעך געהאַט אַ בעטעל מיט אַ שעניק צו־קאָפּענס און ס'איז געווען אַ סך בעסער ווי וואַלגערען זיך אויף די האַרטע בענק פון די פאַרשיידענע שוהלכלאַך. חוץ דעם איז דאָרט געווען אַ מעגליכקייט פאַר די אָרימע קינדער צו פאַרדינען אַ פּאָר גראָשען. ס'האָט זיך דאָרט געשאַפען אַ מין „קאָנטראַקטינג ביזנעס" — צו שיקען די ישיבה־בחורים צו אַ מנין פאַרדינען אַ פּאָר גראָשען אויף אַ „גאַנג". האָט אימיצער גע־דאַרפט האָבען יאָהרצייט אָדער פּראַווען אַ מנין ביי זיך אין הויז, פלעגט ער זיך ווענדען צו ראַמיילעס קלויז, צו דעם „טשיעף־קאָנט־ראַק־טאָר", און יענער פלעגט שוין באַזאָרגען פאַר איהם אַ צעהן בחורים צו קומען צו איהם אין הויז דאַוונען. דעם פּרייז פלעגט ער באַ־שטימען מיט דעם קאָנטראַקטאָר און מיר פלעגען דאַרפען אָננעמען דעם פּרייז, וואָס מען האָט פאַר אונז באַשטימט. אויף הייִנטיגער שפּראַך וואָלט מען גערופען אַזאַ ביזנעס אַ „רעקעט־סיסטעם". אָבער מיר חברה זיינען געווען צופרידען, וואָס מען פלעגט קענען אין פאַר־לויף פון דער וואָך קריגען עטליכע גראָשען און דערפאַר קויפען אַמאָל פאַר אַ קאָפּיקע אַ שטיקעל הערינג, אָדער זיך ערלויבען דעם לוקסוס אויסצוגעבען 5 קאָפּיקעס פאַר אַ פלייִשיגען מאָלצייט. ספּעציעלע הילף פלעגען אויך קריגען די מעהר נויטבאַדערפטיגע ישיבה־בחורים דורך אַ ספּעציעלער קאָמיטע, וועלכע פלעגען קריגען איין מאָל אַ וואָך צעהנדליגע פונט ברויט און מען פלעגט דאָס צוטיילען יעדען איי־נעם פון 3 ביז 5 פונט ברויט אַ וואָך.

איך געדענק נאָך הייִנט מיט וואָס פאַר אַ זשעדנע אויגען די בחורים פלעגען אָנקוקען דעם אַלטען ר' ראובן, דעם שמש, וועלכער פלעגט מיט אַ גרויסען מעסער זיך אוועקשטעלען שניידען דאָס ברויט יעדען מיטוואָך, און מעסטען מיט אַ מאַטעמאַטישער פּינקטליכקייט, אַז די וואָגשאָל זאָל, חלילה, ניט אריבערוועגען אויף דער אָדער יענער זייט. און וועה איז געווען צו דעם, וואָס האָט זיך מיט עפּעס פאַר־זינדיגט. יענער פלעגט שוין די פּאָרציע ברויט די וואָך ניט קריגען.

איך בין געווען איינער פון די, וועלכער האָט זיך איינמאָל פאַרזינדיגט. און פאַרזינדיגט האָב איך זיך ניט חלילה, ווייל איך האָב שלעכט געלערנט דעם שיעור, נאָר פשוט צוליב דעם, וואָס איך האָב אונטער'ן שטענדער געהאַלטען א „טריף־פסול" און אריינגעקוקט אהין מיט איין אויג און די צווייטע אויג געהאַלטען אויף דער גמרא, וואָס איז גע־לעגען אויפ'ן שטענדער. דער „גזלן", ר' ראובן, האָט דאָס מיך גע־כאַפּט ביי דעם פאַרברעכען.

אייגענטליך איז שוין קיין נייעס ניט געווען, דאָס ישיבה־בחורים פון יענער צייט פלעגען גאַנץ אָפט אריינ'גנב'ענען צו זיך אין די בעטלאַך אָט די טרפה'נע ביכלאַך און לעזען זיי ביינאַכט אויף דעם געלעגער, ווען אַלע ארום פלעגען שוין שלאָפען, אָדער מען האָט גע־דענקט אַז זיי שלאָפען. מען פלעגט גאַנץ געשמאַק לייענען די ווערק פון סמאָלענסקין, מאפו, ליליענבלום און אַנדערע. די ישיבה־בחורים, די וועלכע זיינען ארומגעכאַפּט געוואָרען פון אָט דעם השכלה־איינ־פלוס, פלעגען זיך צוכאַפּען צו די דאָזיגע ווערק מיט זייער גאַנצען יוגענטליכען ברען און מען פלעגט איינפאַך איינשלינגען יעדען ביכעל, וואָס מען פלעגט קענען ערגעץ־וואו קריגען. און עס האָבען זיך שוין געפונען א סך גוטע לייט אויסער דער ישיבה, וועלכע פלעגען שוין זאָרגען דערפאַר, אַז וואָס מעהר ביכלעך זאָלען פאַרשפּרייט ווערען צווישען די ישיבה־בחורים.

און אויב דאָס לעזען פון „טריף־פסול" ביכלאַך האָט זיך גע־נומען פאַרשפּרייטען צווישען דער שטודירענדער אידישער יוגענט און האָט פילע פון אונז געמאַכט פאַר אמת'ע אפיקורסים, אַזוי ווייט אַז מען פלעגט אמאָל אפילו זיך דערלויבען צו פאַרפעהלען א דאַווענען, האָט דער געדאַנק, דער ווילען צו לערנען די רוסישע שפּראַך אריבער־געשטיגען אַלע אַנדערע באַגעהרען. יעדער איינער האָט געוואָלט אריבערריאָגען דעם צווייטען סיי אין זיין קלאַס און סיי אין אַלגעמיינע קענטענישען. פילע מאָל פלעגט מען הערען ווי א בחור'ל שטעהט אויף אין מיטען דער נאַכט און געהט ארום איבער'ן צימער און חזר'ט גראַמאַטיק. אייניגע פון זיי האָבען געפונען א שפּאָגעל־נייעם וועג זיך צו לערנען רוסיש, און דאָס איז געווען דורך אויסלערנען אויף אויסווענדיג שטיינבערג'ס ווערטער־בוך, וואָס איז געווען זעהר פּאָפּולער צווישען אַלע ישיבה־בחורים.

איך האָב פריהער דערמאָנט וועגען פאַרשיידענע עלעמענטען, וועלכע פלעגען פון דרויסען פון דער ישיבה קומען צו־הילף די ישיבה־בחורים, צושטעלענדיג זיי פאַרבאָטענע, אפיקורסישע ליטעראַטור. אין דער זעלבער צייט האָבען מיר אָבער אויך גענומען באַמערקען אַנדערע שטרעבונגען, וועלכע זיינען אריינגעדרונגען אין דער ישיבה דורך

עטליכע זייטיגע מענשען. מיר פלעגען אָפט באַמערקען ווי געוויסע בחורים, דערוואַקסענע, אין עלטער פון 16—17 יאָהר, פלעגען פאַר־שוואונדען ווערען און ווען זיי פלעגען זיך אומקערען צוריק האָבען זייערע פנים׳ער אויסגעדריקט עפּעס מאָדנע געפיהלען. מיר האָבען מיט אונזער יוגענטליכען שכל ניט געקענט אַריינדרינגען אין דער טיפעניש פון זייערע נשמות, אָבער דורך עטליכע ישיבה־בחורים איז פאַר מיר אַנטפּלעקט געוואָרען דער גרויסער סוד פון אָט די באהאַל־טענע פּלעצער. איינער פון די עלטערע בחורים האָט מיט מיר אָנגע־הויבען צו רעדען וועגען יצירה, וועגען געטליכקייט, וועגען שפּינאָזא׳ן. און מיט אַמאָל, צווישען איינעם פון אָט די געשפּרעכען, האָט מיר דער ישיבה־בחור פאָרגעשלאָגען אַז איך זאָל מיט איהם אַרויסגעהן אין גאַס. מורא צו האָבען איז ניט געווען פאַר וואָס, און מיר זיינען אַריינגעקומען צו אַ בלעכער אין הויז, וואָס איז געווען אָנגעפּילט מיט אַ דיקען רויך, דער גאַז־לעמפּעל האָט קוים־קוים געצאַנקט און מען האָט כמעט ניט געקענט זעהן קיין פּנים׳ער. אָבער ביים טישעל האָב איך דערזעהן אַן „אינסטיטוטשיק", אַ שילער פון ווילנער לעהרער־אינסטיטוט. זיין אוניפאָרם האָט מיך אַביסעל איבערראַשט. עפּעס האָט ער מיר אויסגעזעהן ווי אַ נאַטשאַלניק. אָבער זיין שמייכעל־דיגער פּנים האָט מיר געמאַכט גלייך ווערען צו איהם פריינדליך, כאָטש ער האָט געטראָגען מעשענע קנעפּ. איך האָב זיך מיט איהם גלייך באַקאַנט. ער האָט פון זיין קעשענע אַרויסגעשלעפּט אַ פּעקעל פּאַפּירען, אין וועלכע ס׳איז געווען איינגעוויקעלט רעשטלאַך פון קאָטלעטען, ברויט, בולקע, און האָט דאָס איבערגעגעבען מיין באַ־קאַנטען ישיבה־בחור. יענער האָט מיך איינגעלאַדען איך זאָל מיט איהם זיך טיילען פון דעם מאכלייט. מיר האָבען זיך אויף דעם מאכלייט אַרויפגעוואָרפען ווי הונגעריגע וועלף, ווייל ווער האָט דאָס ווען־ניט־איז געזעהן אַ שטיקעל פלייש פאַר וואָכען און וואָכען? עס האָט געשמעקט אַזוי גוט, אַז אונז האָט זיך געדוכט, אַז דאָס איז זיכער אַ טייל פון דעם שור הבור. איבעריג צו זאָגען, אַז מיר האָבען זיך ניט געוואַשען צום עסען. אָבער עס האָט דאָך ביי אונז עפּעס אַ טיאָכקע געטאָן אין האַרצען. דער בחור׳ל האָט דערנאָך גענומען צו אונז רעדען וועגען וויסענשאַפט, וועגען געשיכטע, וועגען זאַכען, וואָס זיינען אונז געווען אין גאַנצען פרעמד. אָבער ער האָט גערעדט אַזוי איינפאַך, אַזוי עלעמענטאַר, אַז מיר האָבען געקענט באַגרייפען יעדען אויסדרוק זיינעם.

דער איינדרוק פון אָט אַזעלכע באַגעגענישען איז געווען אַזאַ אומגעהויערער, אַזאַ טיפער, אַז ס׳האָט געמוזט לאָזען וואָרצלען אין דער נשמה און אין האַרצען פון אַזעלכע יוגענדליכע עלעמענטען ווי מיר, וועלכע זיינען געווען אַזוי עמפּינדליך צו אַלץ וואָס עס קומט פאָר.

אזעלכע באגעגענישען פלעגען פארקומען גאנץ אפט, נאר די פער־זאנען פלעגען זיין אנדערע.

ראמיילעס שוהל האט געהאט 5 קלאסען. עס האט ניט גע־נומען לאנג און איך בין אנגעקומען אין דעם פינפטען קלאס. איך האב אבער ניט פארענדיגט מיין טערמין דארט. פאסירט האט אט־וואס:

עס איז געקומען דער טאג פון פארהערען. מיך האט מען אוועק־געזעצט אויף איין ביינקעל מיט זעהר א הויכען בחור, און מען האט אנגעפאנגען מיט דעם הויכען. ער איז געווען אפשר דריי מאל אזוי גרויס ווי איך, אבער ער האט דעם שיעור ניט געוואוסט. רופט זיך אפ צו מיר דער רבי: „ווייז איהם וואס דו קענסט". איך האב שוין דערווייל געהאט א געלעגענהייט דורכצולויפען מיט די אויגען די רש"י און תוספות און איך האב שוין געוואוסט דעם גאנצען אינהאלט פון דער קאמפליצירטער פראגע, און ווען איך האב ריכטיג געענט־פערט, האט דער רבי מיך באפוילען איך זאל געבען דעם גרויסען בחור א גוטען פאטש. איך האב קיין אנדער ברירה ניט געהאט און איהם געגעבען א פאטש, אבער איך האב איהם ניט געגעבען אזא פאטש ווי דער רבי האט ערווארטעט פון מיר, און דערפאר האב איך אליין באקומען אלס באלוינונג — א פאר פייערדיגע פעטש פון רבי'ן. דאס האט געמאכט א סוף צו מיין לערנען אין רב מיילע'ס שוהל. מיין ווירדע האט דערפון אזוי שטארק געליטען, אז איך האב בא־שלאסען אריבערצוגעהן אין דער קצב'ישער שוהל, וועלכע איז גע־גרינדעט געווארען פון קצבים און פאר קצבים. אבער צוזאמען מיט דער שוהל פאר מתפלל זיין האבען זיי אויך געמאכט א פלאץ פאר ישיבה־בחורים, וואו מען זאל קענען לערנען תורה טאג און נאכט. און זיי האבען זיך געפיהלט גליקליך, אט די פשוט'ע מענשען, וואס מיט זייער שטיצע וועלען זיי קענען אויפהאלטען תלמידי חכמים. שבת פארטאג פלעגט אין דער קצב'ישער שוהל ווערען אן אמת'ע שמחה. אלע ישיבה־בחורים פלעגען דארפען אויפשטעהן פריה לער־נען תורה, און די קצבים פלעגען אנברענגען די בעסטע מאכלים פאר די לערנער, און מען האט געפראוועט די סעודה אויף דעם שעהנסטען און בעסטען אופן.

די אטמאספערע אין דער קצב'ישער שוהל איז געווען א שווערערע, ניט אזא פרייע און באוועגליכע ווי אין ראמיילעס שוהל. עס האט זיך געדוכט, אז די בחורים זיינען גאר פון אן אנדער טיפ מענשען, מיט שווערערע געמיטער; ס'האט געפעהלט די פרעהליכקייט, איך וואלט געזאגט, די לייכטזיניגקייט, וואס עס האט זיך געשפירט אין ראמיילעס שוהל. דארט זיינען געווען דריי ראש ישיבות. דער גרעסטער גאון און חריף פון זיי איז געווען רב אלי איטשע אין דעם

דריטען שיעור. אָבער זיינע בחורים זיינען ניט געווען פון די פעהיג־סטע און ענטוויקעלטסטע. דער העברעער טיפּ ישיבה־בחור האָט בעסער אויסגעקליבען דעם צווייטען שיעור, וואו רב יהושיע כלב איז געווען דער ראש ישיבה. ער איז געווען א רייכער מענש און ער פלעגט לייענען דעם שיעור אומזיסט, אָהן געצאָהלט. ער איז געווען אַן אַריסטאָקראַט מיט אמת־איידעלע און ריין־אידישליכע געזיכטס־ציגע, און זיינע צוהערער פלעגען איהם ממש פאַרגעטערען.

דערפאַר וואָס די שיעורים פלעגען געהאַלטען ווערען ניט אין שוהל גופא, האָבען מיר געהאַט מעהר פרייהייט ווי אין ראַמיילעס שוהל. אַנשטאָט צו זיצען ביי דער בלאַט גמרא, פלעגט מען זיך גאַנץ אָפט אריינכאַפּען אין סטראַשונ׳ס ביבליאָטעק פון שול־הויף און אריינכאַפּען דאָרט אביסעל וועלטליכע וויסענשאַפט.

אין דער ישיבה האָבען מיר זיך צום ערשטען מאָל אָנגעטראָפען מיט קלמן קראַפּיווניקאָוו, וועלכער איז שפּעטער געוואָרען זעהר טעטיג אין „בונד" און איז געשטאָרבען אין סיביר.

מיר האָבען געגרינדעט א גרופּע פון דריי, וועלכע האָט זיך אָפּ־געגעבען הויפּטזעכליך מיט העברעאישע ליטעראַטור. מיר האָבען געשלאָסען, אַזוי צו זאָגען, א בונד און געשוואָרען טרייהייט צו דער העברעאישער ליטעראַטור. מיר אַלע זיינען געווען אין דעם עלטער צווישען 15 און 16 יאָהר. יעדער איינער פון אונז איז געווען זעהר שטאַרק אריינגעטאָן אין דער העברעאישער ליטעראַטור. אָבער די אויסערליכע קרעפטען, די אויסערליכע ווירקונגען פון דער צייט האָבען אויף יעדען איינעם פון אונז גענומען זיך לאָזען פיהלען גאַנץ שטאַרק.

אונזער באַנגעניש מיט די סטודענטען־קרייזען זיינען געוואָרען נאָך פיל אָפטער ווי אין די צייטען פון ראַמיילעס שוהל. נייע לידער האָבען זיך גענומען טראָגען אין די גאַסען. עפּעס האָט מען גענומען רעדען וועגען רעוואָלוציאָנערע טעטיגקייט צווישען די אידישע מאַסען. דאָ און דאָרט האָט מען גערעדט וועגען אַן ארעסט, וועגען א דורכפאַל פון א געוויסער ראַדיקאַלער אונטערנעמונג און יעדע פאַסירונג פון דעם כאַראַקטער האָט איבערגעלאָזען א טיפען רושם אויף א באַדייטענדען טייל פון אונזערע פריינט און איבערהויפּט אויף אונזער קליינער גרופּע. אַליין ניט באַמערקענדיג האָט זיך דער ענטוזיאַזם אונזערער פאַר דער העברעאישער ליטעראַטור גענומען אָפּקיהלען און דער דראַנג נאָך וויסענשאַפט און איבערהויפּט צו בעקענען זיך מיט דער נייער רוסישער ליטעראַטור האָט אונז אַלעמען ארומגעכאַפּט. גאַנצע נעכט זיינען מיר אָפּגעלעגען אויף די שעניקעס און געלייענט באַהאַלטענערהייט פילע פון די נייעסטע ליטעראַטען און פּובליציסטען, ווי פּיסאַרעוו, שעלגונאָוו און אַנדערע. דאָס האָט צו־

טרייסעלט אונזער גלייכגעוויכט און האָט ארויסגערופען אַן אמת'ע רעוואָלוציע אין אונזערע מוחות און געפיהלען.

דאָס איז געווען אין יאָהר 1896. אונזערע אָפטע צוזאַמענ־קונפטען מיט דער שטודירענדער יוגענט האָט אונז ביסלאכוויז גע־נומען עפענען די אויגען אויף אַנדערע פּראָבלעמען און אונזערע יוגענדליכע מוחות פלעגען זיך גאַנץ אָפט אריינטראכטען אין די נייע ווערטער, אין די נייע מעלאָדיען, וואָס אונז פלעגט אויסקומען צו הערען אַמאָל אין די שטילע געסלאַך אָדער אויף פאַרזאַמלונגען, וואו מען פלעגט אונז ברענגען און רעדען צו אונז מיט דער אבזיכט אונז צו לערנען און אויפקלערען. ביסלאכוויז האָבען אָנגעהויבען אריינ־דרינגען אין אונזערע הערצער אָט די נייע ווערטער, די נייע פראָ־בלעמען, וועגען וועלכע מיר האָבען גאָר ניט גע'חלומ'ט און ניט געטראכט.

און זיצענדיג ביים שיעור פלעגט גאַנץ אָפט אין מוח זיך דרעהען און פלאָנטערען אַזעלכע ווערטער ווי „עקספּלואַטאַציע", „לוין אר־בייטער", „צאַריזם" — אַלץ זאַכען, וועגען וועלכע מיר האָבען אַ גאַנץ קנאַפּען באַגריף געהאַט אָבער וועלכע האָבען אונז ניט געלאָזען צו־רוה.

נאָך אַ יאָהר זיין אין דער קצב'ישער שוהל האָט זיך ביי אונז געשטעלט די שווערסטע פּראָבלעם, וואָס מיר האָבען אַלס יונגע קינדער דורכגעלעבט און געדאַרפט לייזען: „וואָס וועט זיין מאָרגען? וואו וועלען מיר געהן? צי וועלען מיר פאַרבלייבען אין דער ישיבה אויף לאַנג?"

דער ערשטער צו לייזען די פּראָבלעם איז געווען קלמן קראַפּיווּ־ניקאָוו. ער איז פלוצים פאַרשוואונדען געוואָרען פון אונזער האָרי־זאָנט. ער איז פאַרשוואונדען און ניט געקומען צוריק. ערשט אין אַ מאָנאַטען זעקס ארום — דאָס איז געווען אין אָנפאַנג 1897 — האָב איך איהם ווידער געטראָפען. ער האָט מיר די ערשטע זאַך געשטעלט די פראַגע, צי גלויב איך אין גאָט? זיין פראַגע האָט מיך איבערראַשט. זי איז געווען אונערוואַרטעט פאַר מיר. אָבער איך בין געווען אָנגעלאָדען מיט די באַווייזע, וואָס דער מחבר פון „חובת הלבבות" ברענגט אין זיין בוך צו באַווייזען די עקזיסטענץ פון אַ גאָט, און איך האָב נאַטירליך אויסגעשאָטען מיין גאַנצע תורה אויף איין פּוס. צי איך האָב איהם איבערצייגט, ווייס איך ניט. ער איז ווידער פאַרשוואונדען געוואָרען. אָבער פון יענער צייט אָן בין איך געקומען צום שלוס, אַז מיין פּלאַץ איז ניט מעהר אין דער ישיבה.

די פראַגע האָט מיך ניט געלאָזט רוהען. אויף מיין געלעגער און אויפ'ן גאַס האָט מיר געגעבערט אין קאָפּ איין פראַגע: וואָס טאָן? וואוהין געהן? דעם לעצטען שטוים צו מיין אנטשיידונג האָט

מיר געגעבען דער דריטער חבר פון דער גרופע, וועלכער איז אויך דעמאָלט פארשוואונדען געוואָרען. בלייבענדיג איינזאם, אָפּגעטיילט פון די אַנדערע סיי אין מיין באַגריף, סיי אין מיינע געפיהלען, האָב איך דעמאָלט באשלאָסען צו פאַרלאָזען די ישיבה אויף אייביג און זוכען אַ נייעם וועג, אַ נייע וועלט אויף דעם ברייטען וועג פון מיין לעבען.

העכער 38 יאָהר זיינען אוועק פון יענער צייט. מיר זיינען ווייט אוועק פון יענעם לעבען און פון יענע באַגריפען, און דאָך זיינען יענע יאָהרען אזוי טיף איינגעוואָרצעלט אין הארצען און אזוי טייער, צוזאַמען מיט די אַלע שמערצען און מיט די אַלע ליידען, וועלכע מיר, די ישיבה־בחורים, האָבען זיך אָנגעליטען.

דאָס זיינען געווען די יאָהרען פון צוגרייטען, פון אויסלייטערען די נשמה און פאַרהאַרטעווען דעם קערפּער, אום צו האָבען מוט און כח פאַר דעם גרויסען קאַמף, וואָס אַ טייל פון אונז איז פאַרגעשטאַנען אין דער צוקונפט.

ביטערע יאָהרען, פול מיט שמערצען און ליידען, און דאָך — ווי זיס עס זיינען די עראינערונגען וועגען זיי!

## א. ל. וואָלפסאָן.*)

# ווילנע.

מוזיק פון
אַלעקסאַנדער אָלשאַנעצקי



א. ל. וואָלפסאָן



א. אָלשאַנעצקי

ווילנע, שטאָט פון גייסט און תמימות,
ווילנע, אידישליך פאַרטראַכט ;
וואו עס מורמלען פול מיט סודות
שטילע תפילות דורך דער נאַכט.

ווילנע, קוואַל פון פלפול־ספרים,
טיף־פאַרטראַכטע, חלום־שטאָט ;
וואו עס האָבען דורות פרומע
זיך באַהעפט מיט גייסט און גאָט.

ווילנע, ווילנע אונזער מעקא,
אונזער בענקשאפט און באַגעהר ;
אַך, ווי אָפט עס רופט דיין נאָמען
פון מיין אויג אַרויס אַ טרער.

ווילנער געסלעך, ווילנער טייכען,
ווילנער וועלדלעך, באַרג און טאָל.
עפּעס נאָיעט, עפּעס בענקט זיך
נאָך די צייטען פון אַמאָל.

אָפטמאָל זעה איך דיך אין חלום,
היים געליבטע ווילנע מיין.
זעה דעם אַלטען בית המדרש
מיט זיין מאַטען חלב־שיין.

*) איך ווידמע דאָס ליד „ווילנע” יעפּים ישורי׳נען אלס אויסדרוק פון דאַנק דערפאַר, וואָס ער האָט מיך אָנגעשטעקט מיט זיין גלוטיגער ליבע צו זיין געבורטס-שטאָט.—א. ל. וו.

זעה דעם וועלדעלע זאַקרעטער,
אין זיין שאָטען איינגעהילט,
וואו עס האָבען לעהרער בראַווע,
אונזער וויסען־דורשט געשטילט.

ווילנע, ווילנע אונזער מעקא,
אונזער בענקשאַפט און באַגעהר;
אַך, ווי אָפט עס רופט דיין נאָמען
פון מיין אויג אַרויס אַ טרער.

ווילנער געסלעך, ווילנער טייכען,
ווילנער וועלדלעך, באַרג און טאָל.
עפּעס נאָיעט, עפּעס בענקט זיך
נאָך די צייטען פון אַמאָל.

נייע האָריזאָנטען האָבען,
זיך פאַר אונזער גייסט אנטפּלעקט;
דאָרטען האָט דער ווילנער „בונד" אונז
מיט זיין פייער אָנגעשטעקט.

ווילנע האָט די ערשטע פעדים,
פון דער פרייהייטס־פאָהן געוועבט,
און די ליבע קינדער איהרע
מיט אַ שטאָלצען גייסט באַלעבט.

ווילנע, ווילנע אונזער מעקא,
אונזער בענקשאַפט און באַגעהר;
אַך, ווי אָפט עס רופט דיין נאָמען
פון מיין אויג אַרויס אַ טרער.

ווילנער געסלעך, ווילנער טייכען,
ווילנער וועלדלעך, באַרג און טאָל.
עפּעס נאָיעט, עפּעס בענקט זיך
נאָך די צייטען פון אַמאָל.

## יוסף רומשינסקי.

# די מוזיקאַלישע ווילנע.



קיין איד אין דער וועלט זינגט ניט אזוי־פיל וויפיל עס זינגט א ווילנער איד.

א ווילנער איד דאַרף ניט זוכען קיין געלעגענהייט ווען צו זינגען, עס זינגט זיך איהם אין צרות און אין פריידען (מעהרער אין צרות ווי אין פריידען). דריקט אוים א ווילנער איד זיין שטימונג מיט א ניגון, מיט אַן עכט ווילנער ניגון. מיט דעם מיין איך צו זאָגען, אַז דאָס איז א ניגון וואָס קריצט זיך איין אין אייער זכרון. ווי אַלט איהר זאָלט ניט זיין און ווי גרוים איהר זאָלט ניט זיין קענט איהר דעם צויבער ניגון ניט פאַרגעסען. א ווילנער איד דאַרף ניט האָבען קיין נאָטען און קיין ליריקס (ווערטער). ער מאַכט זיין אייגענע מוזיק און ווערטער און פאַסט צו די מוזיק מיט די ווערטער צו זיין לאַגע און סיטואַציע אין וועלכער ער געפינט זיך. למשל: ווען איך בין געווען א אינ־געלע פון אכט יאָהר, איז דאַן מיין מאַמע געשטאָרבען. געשטאָרבען איז זי ניט אין דער היים נאָר אין הקדש (אזוי רופט מען אין ווילנע א האָספיטאַל). עס איז געווען ווינטער. 4 פאַרטאָג הער איך א טומעל, מען קומט, מען געהט און מען וויינט אין דער שטיל. פאַר שרעק האָב איך אויך גענומען שטאַרק וויינען. מעהר פאַר שרעק, ווייל איך האָב בעת מעשה ניט באַגריפען די לאַגע.

זאָגט דער פעטער אהרן צו מיר: — „יאָשקעלע מיינער, יאָש־קעלע, שטיל זיי, הער אויף וויינען".

ענטפערט דער טאַטע מיינער מיט א שרעקליך אומעטיגען ניגון: „זאָל ער וויינען, זאָל ער — ער האָט וואָס צו וויינען, האָט ער. ווייל זיין טייערע מאַמע איז געשטאָרבען, איז זי"

עס געהט מיר נאָך איצט אריבער א קעלט איבער מיין קערפּער ווען איך דערמאָן זיך אָן יענע טענער, און פאַרגעסען וועל איך זיי קיינמאָל ניט; מיין גאַנצען לעבען וועל איך געדענקען יענע טרויעריגע „סימפאָניע". אין מיין ליד „אוי וועה מאַמעלע", וואָס איך

האָב אָנגעשריבען אין 1910, זיינען פאראַן טענער פון מיין טאַטענס טרויעריגען ניגון „זאָל ער ווייגען, זאָל ער".

און ווידער פאַרקערט, אין פרייד, ווען מיין טאַטע פלעגט מיך וועלען נעמען צו אַ שמחה׳לע, פלעגט ער אויסזינגען אונגעפעהר: „יאָשקעלע, יאָשקעלע! יאָשקע מאַך זיך פערטיג, מיר געהען צו אַ שמחה׳לע, מיר געהען צו אַ שמחה׳לע". און אַז דער פעטער אהרן פלעגט וועלען געבען אַן עצה מיין טאַטען, אַז מען דאַרף מיך אָנשמייסען, פלעגט ער עס אויך אויסזינגען מיט אַ ניגון, פאַרבייסענדיג די ליפּען: „אוי, משה, משה! (מיינענדיג מיין טאַטען) דאַרף מען איהם פּיצקענען, דאַרף מען איהם פּיצקענען!"... און זיך ווענדענדיג צו מיר מיט שטאַרקערע טענער: „אוי, יאָשקע, וועט מען פּיצקענען; אוי, יאָשקע, וועט מען באַראַבאַנעווען!"...

איך געדענק, נאָך אַלס קינד, פלעג איך הערען ריידען פון פּראָפעסאָר „עבען". מען פלעגט זאָגען, אַז עבען שפּילט ביים גענעראַל גובערנאַטאָר אין דוואָרעץ, און אַז ער האָט שוין געשפּילט פאַר׳ן קייסער אויך. אַז עבען צולאָזט זיך אויף זיין פידעלע, פלעגט זאָגען די באָבע גיטעל, קען ער מאַכען פון גרעסטען משומד אַ פרומען איד. און טאַקע דערפאַר וואָס ער שפּילט פאַר גוים, פאַר די רייכע גרויסע מענשען, טאַקע צוליב זיין זכות זיינען די גוים פון ווילנע בעסער צו אידען ווי אין אנדערע שטעט. פּראָפעסאָר עבען איז געווען דער שטאָלץ פון דעם דאַמאַלסדיגען ווילנער אידענטום. ווי איך האָב שפּעטער אויסגעפונען איז עבען געווען ווייט פון צו זיין אַ גרויסער אַרטיסט, אָבער אַ גוטער אָרקעסטער פידלער איז ער געווען. ער פלעגט שפּילען שעהן אַ סאָלאָ. ער פלעגט זיך האַלטען מיט ווירדע. ער האָט געהאַט באַקען-בערד, ווי פראַנץ יאָזעף, פלעגט טראָגען אַלע מאָל אַ צילינדער הוט, מעשה פּראָפעסאָר, און די קריסטליכע וועלט פלעגט איהם פאַרגעבען זיין שלעכטען רוסיש וואָס ער פלעגט ריידען.

פּראָפעסאָר עבען פלעגט שפּילען ביי יעדער גרויסער געלעגענהייט, אין טעאַטער, אויף בעלער, אומעטום איז ער געווען. פּראָפעסאָר עבען פלעגט שפּילען פאַר דער קריסטליכער וועלט מעהר ווי פאַר דער אידישער און טאַקע דערפאַר האָט מיט איהם שטאַרק זיך איבערגענומען די אידישע ווילנע. שפּעטער איז אויפגעוואַקסען די פאַמיליע „סטופּעל". די סטופּעלס פלעגען שפּילען איבעראַל, אויף חתונות, אויף בעלער, אין די גערטנער. די סטופּעלס זיינען געווען מעהר פּאָפּולער ביי די ווילנער אידען ווי פּראָפעסאָר עבען איז געווען, ווייל די סטופּעלס פלעגען שפּילען אויף אידישע חתונות אויך. אויב איך האָב ניט קיין טעות עקזיסטירט נאָך די פאַמיליע סטופּעלס איצט אויך. די סטופּעלס פאַמיליע איז באַשטאַנען פון ברידער, אָנקעלס, טאַטעס, קינדער און אייניקלעך. מען וואָלט געקענט

צוזאַמענשטעלן אַן אָרקעסטער פון דער פאַמיליע סטופעל אַליין. זיי האָבן שוין געהאַט אפילו אייגענע דיריגענטן. איינער פון די ברי־דער סטופעל, „צאַלקע דער פּלייטיסט", איז שפּעטער געוואָרן אַ טיכטיגער אָפּערעטן דיריגענט. אויך האָבן זיי געהאַט אין זייער אָרקעסטער פרעמדע, ניט נאָר פון דער אייגענער פאַמיליע. אונזער יאָשאַ חפץ'ס טאַטע האָט אויך באַלאַנגט אין סטופעל'ס אָרקעסטער. ער איז אַ פידלער — איצט אין אַמעריקע.

איך געדענק אַלס קינד פלעגט מען מיך מיטנעמען אין „באָטאַ־נישען גאָרטען". דאָרט פלעגט שפּילן אַ וואָיענער אָרקעסטער (אַ מיליטער אָרקעסטער). ווען דער דיריגענט פלעגט אַמאָל אַוועק־גען, פלעגט זיך אַוועקשטעלן אַ דיקער סאָלדאַט, שוין אין די מי־טעלע יאָהרען, מיט אַ קאָרנעט אין האַנט און פלעגט דיריגירען דעם אָרקעסטער שפּילענדיג גלייכצייטיג אויך אויפ'ן קאָרנעט. ער איז דאַן אויסגעקומען אין מיינע קינדערשע אויגען אַלס דער גרעסטער מענש אין דער וועלט. מען פלעגט זאָגען, אַז ער איז אַ איד און הייסט סטרונסקי. מיין עלטערער ברודער, איציק, פלעגט זאָגען צו מיר: „דו זעהסט, יאַשקעלע, זיינע פּאַסקעס אויף די הענט? דאָס הייסט, אַז ער האָט דעם טיטול „פעלדפּעבעל". און די אידישע ווילנע האָט שטאָלצירט מיט איהר אידישען מוזיקאַלישען פעלדפעבעל סטרונסקי.

ווען איך האָב געלערענט אין פונטס נאַראָדנאַיע אוטשילישטשע (אַ פאָלקס שולע), איז דער לעהרער אויף רוסיש אויך געווען גלייכ־צייטיג דער לעהרער פון געזאַנג, אַ געוויסער ראַפּוועג. ער האָט געהאַט אַ באַס שטימע און געקענט אַביסעל נאָטען. אין יענער צייט האָט מען פון אַלע קלאַסען פון גאַנץ ווילנע געמאַכט איין גרויסען כאָר. מען האָט געוועהנליך אויסגעקליבען די בעסטע זינגער און מען האָט צוזאַמענגעשטעלט סאָפּראַנאָס און אַלטאָס, דאָס הייסט יונגע שטי־מעלעך און טענאָרען מיט באַסען, גרעסערע, האָט מען גענומען פון אוטשיטעלסקי אינסטיטוט (דער ווילנער לעהרער אינסטיטוט, טאַקע וואו אונזער אַב. קאַהאַן האָט געלערנט) און דער גרויסער כאָר האָט געגעבען קאָנצערט ביי דעם דאַמאָלסדיגען גענעראַל גובערנאַטאָר קאָ־באַנאָוו. ווי שטאָלץ האָט זיך דאַן געפיהלט מיין לעהרער ראַפּוועג, אַז מען האָט פון זיין קלאַס מיך אויסגעקליבען פאַר דעם סאָליסט פון אַ געוויסען ליד. די פּראָבען האָבען מיר געמאַכט אין דעם או־טשיטעלסקי אינסטיטוט אין דעם אַקטאָוואַי זאַל — דער געזאַנגס־לעהרער איז דאַן געווען אַ געוויסער ציאָנסאָהן, אַ איד. ער האָט געענדיגט פּעטערבורגער קאָנסערוואַטאָריום און האָט געהאַט אַ שעהנע באַס שטימע. איינמאָל נאָך אַ פּראָבע האָט מיך ציאָנסאָהן אָנגענומען ביי דער האַנט און אַריינגעפיהרט צו דעם דאַמאָלסדיגען זאַוועדו־

יושטשי (אויפזעהער) פון אינסטיטוט, אליהו טראַצקי, וועלכער האָט געוואוינט אונטען אין הויף, און שטעלט מיך פאַר פאַר זיין טאָכ־טער, א פּיאַניסטקע און א זינגערין. זי איז טאַקע געווען מיין ערשטע פּיאַנאָ לעהרערין.

אין זעלבען לעהרער אינסטיטוט איז אויך געווען אלס לעהרער פון מוזיק (ספּעציעל אויף קאָנצערטינאָ), א איד פּיראָזשניקאָוו, ער האָט געהאַט אין ווילנע א דרוק. מיט יאָהרען שפּעטער איז ער אַרי־בערגעפאָהרען קיין אמעריקע. דאָן אין אמעריקע האָט ער געשרי־בען ארטיקלען פאַר׳ן „פאָרווערטס" איבער מוזיק.

ווילנע האָט דאַן געהאַט א זעהר גוטע מוזיק שולע אונטער דעם נאָמען „טרעסקינס מוזיקאַלנאַיע אוטשילישטשע", וועלכע איז דאַן געווען אויף טראָקער גאַס, דער דירעקטאָר איז דאַן געווען מאַלקין, וועלכער איז אין אמעריקע און האָט דאָ א מוזיק שולע.

ווי מיר זעהען, זיינען די ווילנער אידען אויף דעם מוזיקאַלישען באָדען געווען גוט פאַרטראַטען נאָך מיט פערציג יאָהר צוריק. פון ווילנע האָט געשטאַמט דער באַרימטער אין יענער צייט טענאָר פון פּעטערבורגער אָפּערע מיכאַילאָוו, א זוהן פון א ווילנער מוליער, און אויך דער באוואוסטער באַריטאָן, „דער גרעסטער ריגאָלעטאָ" אין יענער צייט, יוסף ווינאָגראַדאָוו, א זוהן פון א ווילנער קירזשנער.

שוין אין יענע יאָהרען האָט ווילנע ארויסגעגעבען אזא פּיאַנאָ קינסטלער ווי גאָדאָווסקי, וועלכער ווערט פאַררעכענט נאָך איצט צווי־שען די גרעסטע קינסטלער אין דער וועלט.

איך וויל דאָ ניט אויסרעכענען גענויער וויפיל קינסטלער ווילנע האָט ארויסגעגעבען אויף דעם מוזיקאַלישען געביט, ווייל אויף דעם דאַרף מען האָבען א ספּעציעלען אַרטיקעל, בעסער געזאָגט א רייהע ארטיקלען. דיריגענטען אין דער אָפּערע, גרויסע פידלער, פּיאַניסטען וואָס שטאַמען פון ווילנע זיינען צושפּרייט איבער דער וועלט. איך וויל דאָ נאָר זאָגען, אז די מוזיקאַלישע ווילנע איז א נאַטירליכע ערשיינונג.

ווי שוין געזאָגט, א ווילנער איד זינגט סיי אין לײדען און סיי אין פריידען. ער זינגט צו א לויה און צו א שמחה, און דער ניגון איז, דאַכט זיך, דער זעלבער. עס איז אן עכט ווילנער ניגון, וועלכער פאַרלאָזט אייך ניט ווי אַלט איהר זאָלט ניט זיין און ווי גרויס איהר זאָלט ניט זיין, איז דער ווילנער ניגון מיט אייך. ער פאַרפאָלגט אייך, און טאַקע דאָס איז דער סוד וואָס דאָס ווילנער וואָרט און דער וויל־נער ניגון האָבען זיך אזוי צושפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט.

## טוביה גלאַז.

# דער ווילנער „יאַט."

(זכרונות)



ר' בערל איז געווען אַן אַלטער תושב אין ראַמיילעס הויף, אויף דער אידישער גאַס, געגענאיבער דעם שוהל־הויף; ער איז געווען אַ איד אַ טרוד, שווער געאַרבייט אויף אַ לעבען צו מאַכען. אָבער ניט אַכטענדיג אויף דעם טעגליכען עול, האָט עס איהם דאָך ניט געשטערט צו לערנען יעדען טאָג אַ פּרק משניות. און יעדען שבת פאַרטאָג, ווען ס'איז נאָך געווען שטאָק־פינסטער, פלעגט ר' בערל געהן אין דער חברה חיי־אָדם, אויפ'ן שוהל־הויף, און דאָרט לערנען מיט אַ טיש אידען „חיי־אָדם", אונטער דער השגחה פון ר' הירשעלע'ן, וועלכער האָט גע'שמ'ט איבער גאַנץ ווילנע מיט זיין לומדות און גרוים חכמה.

ר' בערל'ס גרעסטער נחת־רוח אויף זיינע עלטערע יאָהרען איז געווען זיין בן־זקונים, זיין מוזיניקעל, לייזערל, וועלכער איז געווען אַ גרויסער מתמיד; און ר' הירשעלע, ווי אויך ר' אליהו פינחס, דער ראש־ישיבה פון דער קאַצאָווישער קלויז, האָבען נביאות געזאָגט, אַז לייזערל וועט אויסוואַקסען אַ גדול בישראל, און טאַטע־מאַמע האָבען געקליבען נחת און געלייגט גרויס האָפנונג אויף זייער זוהן, לייזערל.

אָבער לאַנג האָט דער דאָזיגער נחת ניט געדויערט — צו זיין זעכצעהנטען יאָהר איז לייזערל פאַרכאַפּט געוואָרען פון דער גרויסער און מעכטיגער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, און ווי פון אַ מעכטיגער כוואַליע געטראָגען האָט זיך לייזערל דער דאָזיגער באַוועגונג איבערגעגעבען, און מיט'ן גאַנצען אימפּעט פון אַ ישיבה־בחור, פאַר וועמען אַ נייע נבואה האָט זיך אַנטפּלעקט, האָט זיך לייזערל אריינגעוואָרפען אין דער בונדיסטישער באַוועגונג, און קיין זאַך איז איהם שווער ניט געווען: געלעזען, פאַרגעלעזען, גערעדט, אַגיטירט, פאַרשפּרייט פּראָקלאַמאַציעס, היבשליך פאַרנומען אויף דער בירזשע אויף זאַלקינד'ס לאַווע אָדער אויף זאַוואַלנער גאַס; היינט די סכאָדקעס, פאַרזאַמלונגען — ער האָט אַלץ נאָכגעפאָלגט און מיטגעווירקט בלב ונפש.

ר' בערל פלעגט זעהר אָפט מוסר'ן זיין בן־זקונים און איהם

אויפוואַרפען, הלמאי ער האָט פאַרלאָזען די תורת־אלהים. איהם האָט עס וועה געטאָן צוזעהענדיג ווי זיין זוהנדעלע, אויף וועמען ער האָט אַזוי פיל האָפענונגען געלעגט, האָט מיט אַמאָל פאַרביטען די גמרא אויף אַפּיקורסישע ביכער, אויף ספרים חיצונים, אויף סאָציאַליס־טישער ליטעראַטור.

— ווער זיינען דאָס די דאָזיגע לומדים, — פלעגט ר׳ בערל זאָגען מיט סאַרקאַזם, — די חכמי הסאָציאַליזם, אָט דער קאַוטסקי, דער פּלעכאַנאָוו, זיי זיינען דאָך פשוט׳ע גויים; און אַפילו דער „לנו", טאָקע אַן אמת׳ער אידישער נאָמען, לנו, אָבער פּאַרט לא לנו... אַן אַפּיקורס גמור און אַ מורד במלכות...

לייזערל פלעגט זיין טאַטענ׳ס מוסר מקבל באהבה זיין... ער האָט געוואוסט, אַז זיין טאַטע איז אַן ערנסטער און אַ קלוגער מענש, און האָט געהאָפט צו איבערצייגען זיין פאָטער, אַז איהם האָט זיך אַ נייע וועלט מיט אַ גרויסער צוקונפט אנטפּלעקט, פאַר וועלכער עס איז כדאי זיך מוסר־נפש צו זיין, און אין זיינע דיסקוסיעס מיט זיין פאָטער האָט ער איהם געזוכט צו איבערקערען אויף זיין זייט און באַוויזען מיט גרויס חריפות, אַז סאָציאַליזם איז געפּרעדיגט גע־וואָרען פון עמוס און מיכה און אַז די הויפּט־פּרינציפּען פון דעם סאָציאַליזם זיינען דורכגעוועבט אין דער הייליגער תורה.

מיט דער צייט האָט דער אַלטער טאַטע זיך גענומען פאַראינטערע־סירען מיט זיין זוהנ׳ס נייער תורה, כמעט געוואָרען איבערצייגט, אַז זיין לייזערל געהט אויפ׳ן דרך הישר, און די ויכוחים האָבען אָנגע־הויבען פאַרלירען זייער שאַרפקייט, ביז — ביז דער ווילנער „בונד" האָט צוגעקראָגען אין זיינע רייהען אַ נייעם חבר, איינעם פון אַלטען דור.

און ניט קוקענדיג אויף זיין טיפען עלטער, האָט ר׳ בערל ליעב זיך ניט געשעמט צו רופען מיט׳ן נאָמען „יאַט", ווי אַלע בונדיסטען פלעגען איינער דעם אַנדערען רופען צו יענער צייט. ר׳ בערל פלעגט זאָגען, אַז דער וואָרט „יאַט" איז בגימטריא כ׳, צוואַנציג — און אויב גאָט האָט געשטראָפט פרעה׳ן מיט עשר־מכות, וועלען די סאָציאַ־ליסטען באַשטראָפען ניקאָלאַיקען מיט זיינע משרתים טאָפּעלט, מיט צוואַנציג מכות אויף זייערע קעפּ...

און ווען דער „בונד" האָט אַרויסגעשטעלט געג. ליבערט׳ען אַלס דעפּוטאַט צו דער רוסישער דומע, האָט ר׳ בערל שטאַרק אַגיטירט פאַר איהם צווישען זיינע שוהל־אידען — און האָט אויך געקראָגען אַ סך צוהערער. פון אָנהויב האָט זיך דער עולם עפּעס גע׳חידוש׳ט, ווי קומט עס צו ר׳ בערל׳ן צו אַגיטירען גאָר פאַר אַזא אחר, פאַר אַ בונדיסט, אָבער ר׳ בערל האָט געוואונען פּאָזיציע נאָך פּאָזיציע און האָט איבערצייגט זיינע צוהערער, די קלויז־אידען, אַז נאָר פאַר ליבערט׳ן זאָל און מוז אַ איד שטימען.

ר' בערל'ס הויז איז געוואָרען אַן אמת'ע היים פאַר פיל דורכ־וואַנדערענדע „יאַטען", וועלכע האָבען זיך געדאַרפט אויסבאַהאַלטען פון די מחבלים, פון דער פּאָליציי, און אַז אַ „יאַט" האָט איבערגע־נעכטיגט, האָט ער שוין אויך געקראָגען צוצובייסען, אַ פּאָר גראָשען אין קעשענע, און אויך אַ פּעסעל צו קאָנען גיהן ווייטער און ניט געשטערט ווערען פון דער פּאָליציי. ר' בערל'ס הויז האָט אויך געדינט פאַר אַ פּלאַץ אָפּצוזעצען אַ טראַנספּאָרט פּראָקלאַמאַציעס, ווי אויך געוועהר...

***

אין די פינסטערע טעג, ווען פּאָגראָמען האָבען זיך גענומען פאַרשפּרייטען איבער רוסלאַנד, האָט זיך אויך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג איבער ווילנע, אַז גרויסע באַנדעס כוליגאַנעס קומען אָן דורך לילי־פּואַווקע און שניפּעשאָק. אידען האָבען אָנגעפילט די שוהלען און מתפלל געווען צו גאָט. אָבער ר' בערל איז אין שוהל ניט געגאַנגען, ער האָט ניט געוואָלט שטאַרבען ווי אַ שעפּעלע, ער האָט צוזאַמען מיט זיין לייזערל'ען, וועלכער איז געווען אַ מיטגליד פון באָיעוואָי אָטריאַד, וואָך געהאַלטען אין אַ האָטעל איבער אַסטערבראַם, אויפ'ן וועג צו ליליפּואַווקע, וואו די באָיעוויע אָטריאַדען פון „בונד", „איסקראַ", „עס־ער" און פּועלי־ציון זיינען געווען, און יעדער איינער איז געווען באַוואָפנט מיט ברויניגנס און אַנדערע מינים רעוואָל־ווערען, ווי אויך מיט קאַלטע געוועהר, גרייט צו באַגעגענען די כולי־גאַנעס. לייזערל איז געזעסען ביים טעלעפאָן, געשטאַנען אין שטענ־דיגער פאַרבינדונג מיט די אָטריאַדען פון די אַנדערע געגענטען פון שטאָדט, און טאַטע און זוהן זיינען געזעסען צוזאַמען, פּלעגען זיך בייטען אַלע צוויי שעה — אַזוי גאַנצע נעכט פאַר איבער אַ וואָך צייט.

געהענדיג אַ געוויסען שבת פאַרטאָג, הינטער נאָוואָגאָראָד, צו אַ געוויסען פּונקט אין אַ טיפען וואַלד, וועלכער האָט זיך געצויגען צו לאַנדוואָראָווע, וואו דער באָיעוואָי אָטריאַד פון „בונד" האָט פּראַק־טיצירט צו שיסען אין ציל, האָט ווירגילי, דער הויפּט פונ'ם אָטריאַד, אויך אַ געוועזענער ישיבה־בחור און אַ למדן, מיר דערצעהלט פילע וויצען, אַנעקדאָטען און שעהנע מעשה'לאַך, וואָס ער האָט געהערט ביי פאַרשיידענע געלעגענהייטען ר' בערל'ען דערצעהלען, און צום סוף האָט ער ענטוזיאַסטיש צוגעגעבען: „אַן אַלטער מאַן, אָט דער ר' בערל, אָבער ער איז אַן אמת־געטרייער חבר און איינער פון די איבער־געבענסטע קעמפער. איך בין זיכער, אַז ווען דער היסטאָריקער פון דער רוסישער רעוואָלוציע וועט שרייבען וועגען איהרע העלדען, וועט זיכער אויך פאַרשריבען ווערען דער נאָמען פון דעם אַלטען ווילנער „יאַט" — ר' בערל".

# עלילת־דם פראָצעס פון דוד בלאָנדעס.

אין 1900 איז די אידישע וועלט אויפגערודערט געוואָרען מיט א בלוט־בלבול אויף א ווילנער פעלדשער, דוד בלאָנדעס, וועלכער האָט געוואוינט אויף דער טאָטערשער (טאטארסקאיא) גאס.

די בארימטע אדוואָקאטען אָסקאר גרוזענבערג, וו. ד. ספאסאָוויטש און פּ. ג. מיראָנאָוו האָבען פארטיידיגט דעם אומשולדיגען קרבן פון די בלוט־שואים פון אידישען פאָלק.

פון 15־21טען דעצעמבער, 1900, איז ער גע'משפט געוואָרען אין ווילנער „אָקרוזשנאָי סוד". ער איז געפונען געוואָרען שולדיג, אָבער



דוד בלאָנדעס.

אָהן אבזיכט צו טויטען זיין קריסטליכע דינסט גרודווינסקאיא. ער איז פאר'משפט געוואָרען צו 1 יאהר און 4 מאָנאטען טורמע.

אויף אַן אַפּיל איז ער א צווייטען מאָל גע'משפט געוואָרען, פון 28־טען יאנואר ביז 1טען פעברואר, 1902, און איז ריינגעוואשען געוואָרען. אָבער אויך נאָך דער באפרייאונג האָבען ניט אויפגעהערט זיינע ליידען. וואוינענדיג אין א קריסטליכער געגענט האָט בלאָנדעס פארלוירען זיין פּראקטיק. פונדעסטוועגען, כל זמן די כוחות האָבען נאָך געטראָגען, האָט ער זיך ווי עס איז דורכגעשלאָגען. איצט איז ער אַלט און שוואַך, קראַנק און עלענד.

# י. ל. פּרץ, ש. אַנ—סקי, מענדעלע מוכר ספרים, בעל־מחשבות און דוד איינהאָרן אין ווילנע.




1. פּראָגראַם פון אַן אָוונט מיט י. ל. פּרץ, 18טען פעב., 1912, אין זאַל פילהאַרמאָניע, אַראַנזשירט פון דער געז. „תורה תמימה".

2. פּראָגראַם פון אַן אָוונט מיט ש. אַנ—סקי, דעצעמבער 19, 1912, אין שטאָט זאַל, אַראַנזשירט פון דער געז. „הילף דורך ארבייט".

3. פאָטאָגראַפיע פון אַ באַזוך פון מענדעלע מוכר ספרים אין ווילנע, אויף וועלכער עס געפינען זיך דוד איינהאָרן, משה זילבורג, פאַלק האַלפּערין, א. ליטוואק, מענדעלע, דן קאַפּלאַנאָוויטש, ז. קאַלמאַנאָוויטש, דבורה באַראָן, זרובבל, ליפּמאַן און בן אביגדור.

4. אַ מיטגליד-קאַרד פון דער ווילנער אידישער געזעלשאַפט פאַר מוזיק, געזאַנג און דראַמאַטישער קונסט, מיט דער אונטערשריפט פון דעם דיכטער איינהאָרן, וועלכער איז אין 1910 געווען דער סעקרעטאַר פון דער געזעלשאַפט.

5. פּראָגראַם פון אַן אָוונט מיט בעל-מחשבות (דר. עליאַשעוו) אין אייזענבאַהן קרייזעל, אַראַנזשירט פון דער ווילנער אידישער מוזיקאַליש-דראַמאַטישער געזאַנג געזעלשאַפט.

# די באַרימטע ווילנער דרוקעריי „האלמנה והאחים ראָם.“

די דרוקעריי „האלמנה והאחים ראָם“, באַרימט איבער דער גאַנצער אידישער וועלט, איז געגרינדעט געוואָרען אין 1789, פון אַ בוכהענדלער, יוסף ראָם, מיט דער ערלויבניס פון קעניג סטאַניסלאוס אוגוסט. אין 1791 איז דאָרטען אָפּגעדרוקט געוואָרען דער ערשטער בוך, „צואת החסיד המפורסם מהור״ר זוסקינד“. אין 1799 איז די דרוקעריי אריבערגעפיהרט געוואָרען קיין ווילנע. אין 1803 איז דער אייגענטימער, ברוך ראָם, געשטאָרבען און דאָס געשעפט איז אַריבער צו זיין זוהן מנחם. אין 1806 האָט אַ גראָדנער דרוקעריי און אייניגע ווילנער דרוקערייען זיך פאַראייניגט מיט דער ראָם דרוקעריי. אין 1836 האָט די רוסישע רעגירונג פארמאכט אלע אידישע דרוקערייען, אויסער איינער אין קיעוו און די ראָם דרוקעריי אין ווילנע. אין 1841 האָט אַ פייער אָנגעמאכט גרויס שאָדען אין דער ראָם דרוקעריי. דעם זעלבען יאָהר איז געשטארבען מנחם ראָם און דאָס געשעפט איז אריבער צו זיין זוהן יוסף-ראובן, וועלכער איז געשטאָרבען אין 1858, און די דרוקעריי איז איבערגענומען געוואָרען פון זיינע זיהן, מיט דוד ראָם אַלס הויפּט געשעפט פאַרוואַלטער. דוד ראָם איז געשטאָרבען אין 1860. זינט דאַן איז די דרוקעריי באַוואוסט אונטער דעם נאָמען „דרוקעריי האלמנה והאחים ראָם“.



טשערנע-איטע האַרקאַווי, מוטער פון דבורה ראָם, און שוועסטער פון באוואוסטען משכיל און געלערענטען — מתתיהו שטראַשון — (פון זאַמלונגען פון אידישען וויסענשאַפטליכען אינסטיטוט).



מאַנע (מנחם) ראָם, זוהן פון יוסף ראובן ראָם, איינער פון די „אחים“ אין דער פירמע „האלמנה והאחים ראָם“. — (פון זאמלונגען פון אידישען וויסענשאַפטליכען אינסטיטוט).



דבורה ראָם, שעף פון דרוק פירמע, „האלמנה והאחים ראָם“, וואָס האָט צענדליגער יאָרען פארזאָרגט אידען מיט רעליגיעזע ספרים. — (פון זאמלונגען פון אידישען וויסענשאַפטליכען אינסטיטוט).

## 4. אינטערעסאַנטע טיפּען פון דער אידישער ווילנע.

### שרה רייזען.

## דבורה אסתר.



ווער איז זי געווען? א אידישע אָרימע פאָלקס־פרוי מיט א גרויסען גייסט. זי איז ניט געבליבען גלייכגילטיג צו דער אָרומיגער נויט און האָט זי געוואָלט לינדערען. א. ליטווין (ש. הורוויץ) אין דעם בוך „אידישע נשמות" רופט אָן דבורה אסתר'ן „פאָלקס־העלדין". מיט איהר וואונדערליכען לעבען—אַלץ פאַר יענעם—האָט זי דעם נאָמען פאַרדינט. נאָך אַלס יונג מיידעל האָט זי אָרומגעטראָגען קוכען אין די שענקען. און אפילו ווען זי האָט פאַרדינט בלויז צוויי גילדען א וואָך, האָט זי שוין פון דעם געלט געהאָלפען אָרימע. צו 17 יאהר האָט זי חתונה געהאַט. איהר מאַן איז געווען א זעגער — א בעל מלאכה. קיין קינדער האָבען זיי נישט געהאַט, און פון דעם אָפּגעשפּאָרטען געלט, וואָס פלעגט ביי זיי בלייבען נאָך זייער קליי־נער הוצאה, האָבען זיי באַשלאָסען צו מאַכען א גמילת חסד.

פלעגט קומען א אידענע זונטאָג פאַרטאָג צו דבורה אסתר'ן:

— דבורה אסתר'קע, ראַטעוועט, מיר זיצען אָהן ברויט. — וועט שוין דבורה אסתר ניט לאָזען זיצען מענשען אָהן ברויט.

און די אידענע וויל א קליינע הלואה, — איינגאַנצען א רובעל, — וועט זי נעמען א קאָשיק, וועט נעמען עפּעל, רעטאַך, פיש, און וועט פאַרדינען די קינדער אויף ברויט.

באָרגט אויס דבורה אסתר דער אידענע דעם רובעל ביז פרייי־טאָג, אז יענע זאָל קענען א גאַנצע וואָך האַנדלען. פרייטאָג קומט די אָרימע אידענע צו דבורה אסתר'ן:

— דבורה אסתר'קע, געזונט זאָלט איהר זיין. איהר האָט גע־ראַטעוועט א געזיינט פון הונגער. א גאַנצע וואָך פאַרדינט אויף ברויט און א שבת געמאַכט כיד המלך.

פלעגט דבורה אסתר צונעמען צוריק דעם גמילת חסד ביז זונ־

טאָג פריה. זונטאג פריה פלעגט זי ווידער באַרגען דער אלמנה אַ גמילת חסד ביז פרייטאָג.

האָבען זיך דערוואוסט די אָרימע ווייבער, אַז דבורה אסתר באָרגט געלט אויף האנדלען אָהן פּראָצענט, פלעגט מען אָפּשלאָגען די טירען.

אַמאָל פלעגט טרעפען, אַז אַן אָרימע אלמנה פלעגט באָרגען אַ הלואה ביי דבורה אסתר'ן און פרייטאָג האָט זי דורך אַ סיבה דעם רובעל נישט געקענט באַצאָלען. פלעגט דבורה אסתר צו אַזאַ אלמנה זיין זעהר גנעדיג און פלעגט באָרגען דער אידענע נאָך אַ רובעל.

— נישקשה, גאָט וועט העלפען, וועסט באַצאָלען.



דבורה-אסתר געלפער (1817—1907)

און זי האָט גענומען פאַרלייען גרעסערע סומעס אויף אויסצאָלען. זי פלעגט זיך זעצען אין מארק לעבען די יאַטקעס אויף אַ בענקעלע און די ווייבער פלעגען איהר צוטראָגען דעם וואוכער. זי האָט געהאַט אַ דריי־גאָרענדיקע קעשענע. אין איין טייל איז געלעגען דער וואוכער, אין אַ צווייטען — געלט פאַר קראַנקע, און דער דריטער אָפּטיילונג — געלט אויף חתונה מאַכען אָרימע כלות.

מען דערצעהלט ווי זי פלעגט זיך אָוועקזעצען אויף איהר בענ־קעלע און וואַרטען אַז די ווייבער זאָלען איהר ברענגען דעם וואוכער. אָבער בעטען פלעגט זי קיינמאָל נים. און אַמאָל פלעגט זי זיך דער־

וויסען, אז אן אָרימע קימפּעטאָרין האָט ניט אויף א דאָקטאָר, פּלעגט דבורה אסתר מיט אזא מין המצאה זיך ווענדען צו די ווייבער, וועלכע פלעגען פאָרבייגעהן:

— ווייבעלעך, קויפט פאַר א קאָפּיקע א דאָקטאָר! — און קיינער געהט נישט דורך נישט ענטפערענדיג דבורה אסתר'ן מיט דער קאָפּיקע. און א קאָפּיקע צו א קאָפּיקע און דבורה אסתר'ס רי־מענע קעשענע ווערט שווער, און די אָרימע געווינערין וועט האָבען א דאָקטאָר, א פונט פוטער און א וועגעל האָלץ. דבורה אסתר וועט עס איהר ברענגען שטיל, אָהן טומעל און גאוה.

און אז אן אָרימע אלמנה דאַרף חתונה מאַכען א טאָכטער און עס פעהלט אוים אויף נדן, אָדער אויף צו פּראַווען די חתונה, זיצט שוין דבורה אסתר אויף איהר בענקעלע און רופט צו די ווייבער:

— ווייבער, קויפט א חתן, א קאָפּיקע א חתן. — און באַלד ווערט דבורה אסתר'ס דריי־גאָרענדיגע קעשענע פול און שווער און עס וועט זיין שוין אויף דער חתונה און אויף נדן און בעטגעוואַנט.

און אז מען דאַרף דעקען א דאַך צו א שול, פאַרקויפט דבורה אסתר די ווייבער פאַר א קאָפּיקע א דאַך.

און די ווייבער קויפען. וואָס דבורה אסתר לייגט זיי פאָר פלעגען זיי קויפען. זי האָט די אָרימע ווייבער ספר תורה'ס פאַרקויפט פאַר א קאָפּיקע: קויפט ווייבעלעך א ספר תורה! — האָט מען געשריבען א ספר תורה. און שפּעטער, אז איהר אייגענער קאַ־פּיטאַל איז געוואָרען צו קליין, האָט זיך דבורה אסתר געווענדעט צו שטאָטישע באַלעבאַטים, אז זיי זאָלען ווערען מיטגלידער פון איהר גמילת חסד. און דבורה אסתר האָט נישט געקראָגען אָפּגעזאָגט. זי האָט אויסגעבויט א שול פון אָט די קאָפּיקעס, וואו דער גמילת חסד פלעגט ווערען ארויסגעגעבען און ווערט נאָך עד היום ארויסגעגעבען.

דבורה אסתר האָט נישט געקענט שרייבען, און ווען דער אומ־גאַנגס־קאַפּיטאַל פון גמילת חסד איז געוואָרען גרויס, האָט דבורה אסתר זיך גענומען לערנען שרייבען. דער דאָ־ניט־לאַנג פאַרשטאָר־בענער ווילנער שריפטשטעלער בודזאן דערצעהלט אין זיינע מעמוּ־ארען, ווי אזוי ער האָט געלערענט שרייבען דבורה אסתר'ן, וועלכע איז שוין דאַן געוועזען ניט יונג און ס'איז פאַר איהר געוועזען א גרויסע אָנשטרענגונג, אָבער זי האָט די אַלע שוועריגקייטען מנצח געוועזען. זי האָט געזעהן, אז זי מוז פאַרשרייבען דעם וואוכער, דער גמילת חסד זאָל זיך פיהרען פּינקטליך. מען דערצעהלט, אז זי אַליין האָט געלעבט זעהר אָרים. פון איהר אָפּגעשפּאָרטען געלט, וואָס זי פלעגט פאַרדינען פלעגט זי אויסהאַלטען קלויזניקעס, פּרושים, וואָס פלעגען זיצען און לערנען. עס איז שוין געוועזען נאָך איהר מאַנ'ס טויט, ווען דער גמילת חסד האָט זיך צוּוואַקסען אין די טויזענטער און

דבורה אסתר'ן איז אויסגעקומען איהם אָפּגעבען איהר גאַנצע צייט, האָבען קוים די מיטגלידער פון גמילת חסד ביי איהר גע'פּועל'ט, אַז זי זאָל נעמען פאַר זיך צום לעבען צוויי רובעל מיט פופציג קאָפּיקעס א וואָך. אָבער פון דעם געלט פלעגט זי אויך אָפּגעבען פאַר אָרימע. איינמאָל האָט זי זיך דערוואוסט, אַז עס פעהלט אַ טאָג אַ קלויזניק. האָט זי באַשלאָסען: זי וועט ניט קאָכען קיין פלייש און אָפּגעבען דעם קלויזניק דאָס געלט אויף דעם טאָג, וואָס איהם פעהלט. איהר



דבורה אסתר'ס קבר אויף דעם ווילנער בית עולם.

גאַנצע עקזיסטענץ האָט זי געוואָלט דערפיהרען צו דער מדרגה פון לעבען בלויז פאַר יענעם.

ווילנע האָט דבורה אסתר'ן ליב געהאַט און זי געהאַלטען חשוב. מען דערצעהלט, ווי יונג און אַלט האָט געקענט די קליינינטשקע שעהנע אַלטיטשקע און האָבען איהר אַרויסגעוויזען גרויס כבוד. דער גמילת חסד, וואָס טראָגט עד היום איהר נאָמען, האָט שוין פאַר דער מלחמה געהאַט אַ פאָנד פון 25 טויזענט רובעל. די הלואות פלעגען נעמען נאָר די, וואָס האָבען זיך געפונען אין אַ נויט. ניט איינער, נאָר אַ סך זיינען אפילו געפאָהרען קיין אַמעריקע מיט אַ הלואה פון דבורה אסתר'ס גמילת חסד. און אויך איצט עקזיסטירט דער דאָזיגער

גמילות חסד — אין דבורה אסתר׳ס שוהלבעל גיט מען די הלוואות. די נעמער פון די הלוואות זיינען איצט אָרימע קרעמער, בעל מלאכות, די ווייבער, וואָס האנדלען אין מארק, וואָס געהען מיט די קאָשיקעס.

צו 90 יאָהר איז דבורה אסתר געשטאָרבען. אָבער דער אָנדענק וועגען איהר איז הייליג און לעבעדיג צווישען דער ווילנער אָרימער באפעלקערונג. די אָרימע ווייבער קומען צו דבורה אסתר׳ס קבר און גיסען אויס זייער צער. א סך געדענקען נאָך איהר, ווי זי פלעגט זיי העלפען אין זייערע נויטען, און ווי א לעגענדע און אומ־פארגעסליך וועט בלייבען די דאָזיגע מערקווירדיגע שעהנע פרויען־געשטאלט, וואָס האָט געקענט זיין א מאַמע פאר אָרימע און עלענדע און האָט פאר זיי אָפגעלעבט איהר לעבען. און אזוי וועט זיין איהר נאָמען פאר די ווייטסטע דורות — די אידישע פאָלקס־העלדין דבורה אסתר.

## א. ליטווין.

# פאָרטרעטען פון דער אַמאָליגער ווילנע.



עס איז געווען א גלענצענדע אידעע פון דער ווילנער לאנדסמאנשאפט אין ניו יארק ארויסצוגעבען צום 25-טען יובילעאום פון דעם ווילנער ברענטש 367 ארבייטער רינג, א זאמעלבוך ניט בלויז לכבוד דער אָרגאניזאציע נאָר, דער עיקר, צו שאפען א היס-טאָרישען און קולטור-היסטאָרישען מאָנומענט פאר זייער אַלטער היים. דער זאמעלבוך וועט זיין פון אומגעהייערען אינטערעס ניט בלויז פאר ווילנער אידען, וואו זיי זאָלען ניט זיין, נאָר פאר אַלע אידען. ווארים יעדער איד ווייס, וואס פאַר א גרויסע ראָלע ווילנע האָט געשפּילט אינ'ם לעבען פון די רוסישע אידען. איבערהויפּט פאר דעם לעצטען יאָרהונדערט, זינט עס האָט זיך אָנגע-הויבען די עפּאָכע פון אונזער רענעסאנס — די עפּאָכע פון די דריי מעכטיגע באוועגונגען: די השכלה, ציוניזם, סאָציאַליזם אין אלע זייערע שאַטירונגען.

וועגען ווילנע איבערהויפּט האָבען מיר זעהר ווינציג היסטאָרישען און קולטור-היסטאָרישען מאַטעריאַל. דער ביכעל „קריה נאמנה" פון שמואל יוסף פין, איז בלויז א מין ראשי תבות'דיגער קצור העניינים, אַ כטיפּה מן הים פון דעם, וואָס עס דאַרף און קען געזאָגט ווערען וועגען ווילנע. דאָס איז נאָך ניט געשיכטע, נאָר בלויז אַ וואונק אויף מאַטע-ריאַל צו געשיכטע. דער ליבער חייקעל לונסקי האָט מיט עטליכע יאָהר צוריק אַרויסגעגעבען אַ בוצליכען ביכעל וועגען ווילנע. דאָ און דאָרט געפינען מיר, אַזוי צו זאָגען, עפּיזאָדישע קורצע אָפּהאַנדלונגען וועגען ווילנע. איך אַליין, אַ מינסקער איד, ד. ה. אַ שכן פון ווילנע (ווילנע און מינסק האָבען זיך אַמאָל גערעכענט ווי אַ שטוב מיט אַ קאַמער), וואוי-נענדיג אין ווילנע אין אַ משך פון 6-7 יאָהר — צווישען 1906 און 1913 — האָב, באַזעצענדיג זיך אין ווילנע, זיך פאַרגעסען, אַז איך בין אַ מינסקער, און, כאָטש מעהר פון 20 יאָהר אַז איך בין פון ווילנע, האַלט איך זיך ביז היינטיגען טאָג פאר א ווילנער לאנדסמאן. אזא צויבער האָט ווילנע געהאָט אויף יעדען, וואָס האָט ווילנע באזוכט און געוואוינט דאָרט אַ קורצע צייט.

פאר וואס דאָס איז אזוי געווען, האָב איך מיר אַליין און אַנדערע געזוכט צו דערקלערען אין דער מאָסע טיפּען, בילדער און אַרטיקלען, וואָס איך האָב געשריבען פון און וועגען ווילנע. די טיפּען און בילדער אַליין פאַרנעמען אַ גאַנצען באַנד פון מיינע „אידישע נשמות", אַ טייל פון וועלכע

איך האָב מיט פאַרגעניגען ערלויבט דער רעדאַקציע פונ'ם זאַמעלבוך צו באַנוצען אין דעם דאָזיגען בוך.

אין די „אידישע נשמות" מיינע געהען אַריין בלויז די טיפּען און בילדער פון ווילנע. א חוץ זיי האָב איך אָבער געשריבען וועגען ווילנע א מאַסע אַרטיקלען, וואו איך האָב געזוכט צו באַווייזען די פּיזיק-געאָגראַפישע, עקאָנאָמישע און פּאָליטישע סבות, דורך וועלכע ווילנע האָט זוכה געווען צו זיין דאָס, וואָס זי איז געווען, און אַ דאַנק זיי אויסצואיבען איהר גרויסע השפּעה אויפ'ן גייסטיגען לעבען פון די רוסישע אידען.

אָט די באַדינגונגען, אין אַלגעמיין, עקזיסטירען נאָך איצט אויך און וועלען נאָך שפּילען אַ גרעסערע ראָלע, ווען די איצטיגע צורודערניש וועט זיך איינשטעלען און די לאַגע וועט ווערען א נאָרמאַלע. לאָמיר האָפען, אז זי וועט ווערען אַ נאָרמאַלע; זי וועט, פריער, צי שפּעטער, מוזען ווערען אַ נאָרמאַלע. די באַדינגונגען, וועלכע האָבען אויפגעהויבען ווילנע צו דער „ירושלים דליטא", עקזיסטירען נאָך איצט און וועלען עקזיסטירען.

ווילנע איז איצט אַ יורדת, ווילנע איז אָרים, חרוב. ווילנע איז געשטאָרבען — אַזוי דאַכט זיך. אָבער — עס לעבע ווילנע! ווילנע וועט און מוז אויפלעבען.

אַזוי איז מיין פעסטע האָפנונג, און מיט אָט די ווערטער באַגריס איך די ווילנער לאַנדסליט — די אַרויסגעבער פון דעם זאַמעלבוך, וואָס ליגט איצט פאַר די לעזער.

---

# גראַף פּאָטאָצקי דער „גר צדק".

גאָר א באַזונדער געפיהל האָט מיך דורכגענומען, ווען איך בין געקומען נעהענטער צו איליע. דאָס שטעטעל „איליע" איז באַקאַנט אין גאַנצען תחום. איהר נאָמען איז פאַרבונדען מיט דער ריהרענדער לעגענדע פונ'ם „גר צדק". ס'איז איבריגענס, מעהר אַ היסטאָרישער פאַקט, ווי א לעגענדע.

די מעשה מיט'ן „גר צדק" איז איינע פון די שרעקליכסטע מאָמענטען אין דער געשיכטע פון די רוסישע אידען זי איז אויך איינע פון די מערקווירדיגסטע און העכסט כאַראַקטעריסטישע אין דער היסטאָריע פון דער אידישער און פוילישער קולטור. די באַדייטונג פון דער דאָזיגער געשעהעניש איז נאָך ניט גענוג אָפּגעשאצט, ניט פון דער אידישער, ניט פון דער פוילישער זייט. זי וואַרט ערשט אויף איהר היסטאָריקער. די צייט אויפצוהויבען דעם פאָרהאַנג אויף דער טראַגעדיע פונ'ם „גר צדק" איז נאָך ניט געקומען. מיט א דעמערונגס-נעבעל פון לעגענדע איז אָט די שרעקליכע קולטור-ראָלע און סאָציאַלע דראַמע פאַרצווייגען. די מאַטעריאַלען דאַרפען ערשט געקליבען ווערען: פון די אידישע בית עלמינס, פון די שוהלען, פון די אַלטע פנקס'ען, פון מעשיות, וואָס אַלטע לייט דערצעהלען זיך — דאַרף דער מאַטעריאַל געקליבען ווערען; אין ד

טיף און גראָב געמויערטע סקליעפּעס פון די נאָך איצט לעבעדיגע גרויסע מיוחסים פונ'ם העכסטען פּוילישען אדעל — די גראַפען פּאָטאָצקים, דאַרפען זיי געזוכט, און פון דאָרט אַרויסגעבראַכט ווע־רען. דאַן דאַרף ערשט קומען דער ריכטיגער היסטאָריקער פון רוסישען און פּוילישען געטאָ (ער איז נאָך ביז איצט ניטאָ), וואָס זאָל קענען מיט זיין ברייטער נשמה, מיט זיין טיף פיהלענד הארץ, אריינדרינגען אין דער נשמה פון דער גר צדק לעגענדע. דאַן דאַרף קומען דער דיכטער, ס'דאַרף קומען דער דראַמאַטורג, און אויב דער ערשטער וועט אַ געטליכען פייער באַזיצען און דער צווייטער וועט זיין דער אמת'ער, פון גאָט געבענשטער אויסדערוועהלטער, וועט די פּאָעמע פון „גר צדק" זיין שטאַרקער פון בייראָנ'ס און די דראַמע פון „גר צדק" וועט זיין טיפער פון אַלע שעקספּיר'ס דראַ־מעס. און קיין סענסאַציע אין דער וועלט האָט ניט געמאַכט אַזוי ציטערען און שוידערען אַ מענשענס האַרץ, ווי עס וועט ציטערען און שוידערען איבער דער פינסטערניש פון יענער צייט, אין וועלכער עס האָט זיך געקענט אָפּשפּילען יענע שרעקליכע ווירקליכקייט־לעגענדע, וואָס הייסט „מעשה פון גר־צדק", וועט ציטערען און שוי־דערען איבער די ווילדע שרעקען פון יענער פינסטערער צייט, אי־בער די יסורים פון יענע בלאָנדזשענדע ליכט־פונקען, וואָס האָבען אומזיסט געמיהט זיך דורכשניידען אָט די דיקע פינסטערניש.

אַזוינע געדאַנקען פילען אָן מיין נשמה, דריקען מיין האַרץ און דריקען עס אַלץ מעהר, וואָס נעהענטער איך קום צו אליע, צו דעם פּלאַץ, וואו עס האָט זיך אָפּגעשפּילט דער פאַר־לעצטער אַקט פון דעם גר־צדק'ס טראַגעדיע. (דער לעצטער האָט זיך אָפּ־געשפּילט אין ווילנע). עס שווימען מיר אַרויף אויף די געדאַנ־קען די עטליכע בלעטלעך פון דער לעגענדע, וואָס איך האָב מיט גרויס מיה און מאַטערניש געקראָגען איבערשרייבען ביי אַ ווילנער אידען. דער איינציגער עקזעמפּליאַר געשריבען אין אידיש. גע־שריבען (ריכטיגער — איבערגעשריבען) אין אָנהויב פון נייגצענטען יאָהרהונדערט אין אַ וואונדערשענער געצאַצקעטער האַנדשריפט.

„דיזע געשיכטע — דערצעהלט די לעגענדע — (איך שרייב מיט דעם לשון און אויסלעגעניש פונ'ם מאַנוסקריפּט) איז איין הויבט פון דאָס דערציילונג, וואָס האָט געטראָפען זיך מיטע דעם הייליגען מאַן גר צדק. עש וואהר טרעפין ביי איין ראייכין פירשט איין זוהן, וואָס ער וואהר פון זיין געבאָרינהייט זוויייער שיינעם געשטאַלט און אויך זוויייער קלוגהייט אונד פאַרשטאַנדיגקהייט מיט איהם. דען האָט איהם דער פאָטער געגעבען לערנען אין די הויבטשולין: און האָט געזוכט פאַר איהם איין גוטין חבר, דען ער זאָהל האָבען מיט וועמען זיך צו באַזינען אונד אויך יעדע זאַך קלאָר דורכצוריידען..."

דער יונגער פירשט איז געווען — פאטאָצקי, און זיין חבר — זאַרעמבא. ביידע האָבען ניט געהוליעט, ווי אַנדערע יונגע פּריצים, נאָר האָבען אויך געלערענט און געטראַכט. די חברים פאַרלאַנגען פונ'ם הויפטמאַן, דעם פירשט פאטאָצקי, ער זאָל זיי שיקען קיין פאַריז זיך פאַרפאָלקאָמענען. „אַזוי ווי דער הויבטמאַן האָט געזעהן דאָס גרויס גילושטיקייט ווי זויי האָבין צום לערנען, דעננאָך האָט ער צוגיפאַלען געטאָן זויי און האָט זיי ביידען גע־שיקט נאָך פּריז... דען ניכט זויי זאָלין דערגרויסט ווערין אין נאָמען: און זאָלין זוייער לערנונג זווייער געשיקט זיין. ערשטען אין אַלערליי שפּראַך: און ווידער אין אויפקלערט פון דער וועלט און ווישענ־שאַפט פון יעדין גלויבין: דען דער הויבט־אַריינלוייג פון דעם זוהן פון הויבטמאַן איז אַלעס נור געוועזין אין פּארטראַגונג פון דעם אויפקלעהר. וואָשערע גלויבין איז וואהרהאַפטיג".

אין פאַריז, ווי דער דאָזיגער מאַנוסקריפּט דערציילט, זיינען די חברים „אַלעש גילעגין אין דען אויפקלעהר פון אַלערליי גלויי־בונגען". ביי זיי איז געוואָרען אַ קשיא: פאַרוואָס באַהאַלט מען פון זיי דעם תנ"ך? פאַרוואָס קריגען זיי ערגיץ ניט צו לעזען וועגען אידישען גלויבען?

צופעליג זיינען זיי באַקענט געוואָרען מיט אַן אַלטען אידען און האָבען איהם געבעטען, ער זאָל מיט זיי לערנען תנ"ך. פון פאַריז פאָהרען זיי קיין בערלין, פון בערלין נאָך רוים. דאָרט ווערט דער יונגער פאטאָצקי באַקאַנט מיט דער הינטער־קוליסען־זייט פונ'ם קאַ־טאָליציזם. די איינפאַכקייט פונ'ם אידישען גלויבען, די פאַרפאָלגונגען פונ'ם אידישען פאָלק ציהען איהם שטאַרק אַי צום מאַרטירער־פאָלק, אַי צו זיין גלויבען. ענדליך באַשליסט ער: פאָהרט אַוועק קיין האָלאַנד און דאָרט פאַרבינדט ער, דער יונגער מאַגנאַט, דער יורש פון גיטער, טיטולען, אוצרות און כבוד, זיין שיקזאַל אויף אייביג מיט דעם שיקזאַל פונ'ם פאָלק, וואָס איז געיאָגט און פאַראַכטעט.

טיף ריהרענד און ביבליש איינפאַך איז די מעשה מיט'ן „גר צדק", ווי זי איז געשילדערט אין דער אידישער פאָלקס־לעגענדע. לויט איין נוסח איז דאָ געווען עפּעס עהנליכעס אויף אַ ראָמאַן, וואָס האָט אָבער ניט די הויפּטראָלע געשפּילט אין דעם גר צדק'ס באַ־קעהרונג צום אידענטום. זיין רבי אין אַמסטערדאַם האָט אַ יונגע און שעהנע טאָכטער געהאַט. דער גראַף פאטאָצקי, שוין אַלס איד, אַלס גר צדק, האָט זי פאַר אַ כלה געוואָלט. דער רב האָט זי איהם צוגעזאָגט צו געבען, ווען ער וועט גוט קענען לערנען.

דער גר צדק לאָזט זיך אַוועק צוריק אין פּוילען: דאָרט ביי די באַריהמטע פּוילישע רבנים מעהר זיך אינ'ם תלמוד צו פאַר־פאָלקאָמענען. אָדער האָט איהם אפשר געצויגען די בענקשאַפט

נאָך דער היים? האָבען איהם געצויגען די ליטווישע פעלדער און וועלדער? ווי נאָר דער באַקעהרטער גראַף קומט צוריק אין פוילען ווערט די „מעשה מיט'ן גר צדק" קאַרגער אין שילדערונגען. פאַרוואָס האָט ער זיך אויסגעקליבען איליע, וואו עס איז דעמאָלט קיין ישיבה ניט געווען? וואו דער עולם איז פּראָסט געווען, וואו ער האָט געמוזט לערנען באַהאַלטענערהייט גאַנצע טעג און נעכט, איינער אַליין אין בית המדרש?

און אומזיסט האָב איך פינף־און־דרייסיג וויאָרסט אויף גרעב־ליעם זיך געטרייסעלט, דורך בלאָטעס צופּוס געקראָכען, און א שפּור, כאָטש א ווייטען א נעפּעלדיגען שפּור, אין דער שטעטעל גע־זוכט וועגען דעם לעבען פון'ם גר צדק דאָרטען, איידער מ'האָט איהם גע'מסר'ט און געכאַפּט.

איליע איז א ווייט, אָפּגעלעגען שטעטל אין ווילנער גובערניע. ליגט פינף און דרייסיג וויאָרסט פון דער סטאַנציע מאָלאָדעטשנאָ (אויף ליבאַווע־ראָמענער באַהן־ליניע) און זעקס און דרייסיג וויאָרסט פון דער שטעטעל ווילייקע, דורך וועלכע עס געהט דורך די נייע מאָסקווע־ווינדאַויער אייזענבאַהן. נאָר די בעלי עגלות פאָהרען נאָך איצט מיט די שווערע בוידען פונקט ווי מיט הונדערטער יאָהר צוריק, נאָך סחורה קיין מינסק, א שטרעקע פון א פופציג וויאָרסט. איהר קענט נאָך דאָ איצט געפינען אַלטע לייט, וואָס זיינען זייער לעבען לאַנג פון שטעטעל ניט ארויס. ניט די באַהנען, ניט די אויטאָמאָ־בילען, ניט די רוסישע רעוואָלוציע, ניט די רעאַקציע האָבען דאָ אַן איינדרוק געמאַכט. איליער אידען לעבען אויף זייער אַלט־פרענקישען שטייגער, ווי אין די צייטען פון „גר צדק". די שטעטעל האָט אין גאַנצען הונדערט געזינדען. אויף די 100 געזינדען איז דאָ 50 קראָמען. פונדעסטוועגען לעבט מען זיך דורך נישט קשה. אביסעל לעבט מען פון פריץ, אביסעל פון גוי. איבערהויפּט — פון פויער. צוויי מאָל א וואָך איז א מארק. אויפ'ן מארק פאָהרען זיך אויף א סך פויערען פון דער אומגעגענד. לייזט זיך אין יעדער שטוב. די לעצטע יאָהרען לעבט מען נאָך בעסער. עס פאַלט אונטער דער אמעריקאַנער דאָלער. די גאַנצע יוגענד איז אין אמעריקע. אין איין ניו יאָרק, זאָגען מיר היגע אידען, איז דריי איליעס פאַראַן. אַלטע לייט זאָגען, אז קיינמאָל האָט נאָך איליע אַזוי גוט ניט געלעבט. וואו האָט אמאָל, — זאָגט דער זקן יעקב אפרים, דער קהל'שער שרייב־בער, — א איליער באַלעבאָס געוואוסט פון טיי? היינט האָט יעדער א סאַמאָוואַר, און אין יעדער שטוב טרינקט מען אַלע טאָג טיי. קיין גרעסערע השגה פון וואוילטאָג האָט ניט א איליער איד, ווי טרינקען אַלע טאָג טיי פון פרישען סאַמאָוואַר.

צום קהל'שען שרייבער יעקב אפרים בין איך געקומען בעטען:

ער זאָל מיר ווייזן דעם פּנקס. איך האָב געוואָלט דאָרטען געפינען עפּעס א שפּור פון דעם גר צדק'ס טראַגעדיע. נאָר דער אַלטער האָט מורא געהאַט צו ווייזן מיר דעם פּנקס. ער האָט מיך פאַר־זיכערט, אַז אין פּנקס איז גאָרנישט ניטאָ וועגן גר צדק. אַליין האָט ער געוואוסט נאָך ווייניגער, ווי אין „מעשה גר צדק" איז פאַר־שריבען.

איך האָב מיך געלאָזען צו אַן אַנדערען, בערע זלמנ'ס. ער איז א „באַרעדטער מענש", האָט מען מיר איהם נאָך אין מאַלאַדעטשנאַ פאַרלויבט. ער האָט ליב צו פאַרברענגען. נאָר אָט דער אַלטער האָט אויך אזוי ווייניג געוואוסט צו דערצעהלען פון „גר צדק", ווי דער ערשטער. נאָר פון די „יאָשקעס" האָט ער צוגעגעבען אַ פּאָר שטריכען. די „יאָשקעס" — אזוי הייסען די אייניקלעך פון יענעם שניידער, וואָס האָט דעם „גר צדק" גע'מסר'ט. גע'מסר'ט האָט ער איהם דערפאַר, וואָס דער גר צדק האָט זיין אינגעל פאַר'ן אויער אָנגעדרעהט. דער פאַקט איז אַ שרעקליכער, אַ שענדליכער. אידען זיינען ניט זשעדנע געווען אין אייגענע מוסרים, שפּיאָנען, פּראָוואָקאַטאָרען, אָבער די מסירה פון אַ אידען אויפ'ן „גר צדק" — אַזאַ שענדליכען פאַקט האָט די אידישע היסטאָריע ביז יענעם טאָג ניט געוואוסט. וואָס האָט אַ איד געקענט האָבען צום „גר צדק", וואָס איז נאָר געזעסען אין אַ ווינקעל פון בית המדרש און טאָג און נאַכט געלערענט?

די לעגענדע וועגען די „יאָשקעס" וואַרפט אביסעל ליכט אויף דער דאָזיגער געשעהעניש. דעם שניידער'ס אינגעל — אזוי ווערט דערצעהלט — האָט געשטיפט אין בית המדרש און געשטערט דעם „גר צדק" לערנען. ער האָט פריהער געבעטען מיט גוטען, ער זאָל ניט קונדס'ן אין אַ הייליגען אָרט, און זאָל בעסער געהן אויפ'ן הויף שפּילען. דער אינגעל איז אָבער געווען אַ צולאָזענער און האָט דוקא געטאָן דעם „גר צדק" אויף צו להכעיס, און געזידעלט איהם. דאָס האָט דעם „גר צדק" אזוי באַנומען, אַז ער האָט איהם אָנגעדרעהט פאַר'ן אויער און אַרויסגעטריבען פון בית המדרש. דערביי האָט ער געזאָלט זיך אויסדריקען, אַז אַן אמת אידיש קינד קען ניט זיין אזוי פּרעך. מסתמא וועט ער זיך שמד'ען. דעם טאַטען, דעם שניידער, האָט דאָס אזוי אַריינגעבראַכט אין כעס, אַז ער איז אוועק־געלאָפען אין הויף און — גע'מסר'ט.

אין איליע — האָט מיך פאַרזיכערט דער אַלטער בערע זלמנ'ס — זאָגט מען אויף זיכער, אַז דער אינגעל האָט זיך שפּעטער מיט אַן אמת גע'שמד'ט.

אַז דער „גר צדק" האָט זיך דערוואוסט פון דער מסירה איז ער אַנטלאָפען אין „סטאַרינקע", אַ קרעטשים אַכט וויאָרסט פון איליע.

אבער דער קרעטשמער, פון שרעק פאר׳ן פריץ, האט איהם ארויסגע־געבען. בשעת מ׳האט איהם געפיהרט פון דאנען, א געשמידטען אין קייטען, האט ער, דער „גר צדק" — זאגט די לעגענדע — געשאלטען דעם מוסר, אז זיינע קינדער, אייניקלעך און אור־אייניקלעך ביז צעהן דורות, זאלען ניט זיין גלייך צו אלע מענשען און קיינער פון זיי זאל ניט שטארבען מיט זיין נאטירליכען טויט.

די משפחה פון דעם מוסר איז ניט אויסגעשטארבען. פאר־קעהרט: נאך איצט איז האלב שטעטעל פון די „יאשקעס". נאר ווי דער אלטער האט מיך פארזיכערט, איז אין יעדער געזינד פון זיי דער — טויב, דער שטום, דער הינקעדיג, און זעלטען ווער פון זיי



דער קבר פון דעם „גר צדק" אויפ׳ן אלטען אידישען בית-עלמין אין ווילנע.

שטארבט מיט׳ן נאטירליכען טויט. פארשאלטען איז אויך פון דע־מאלט אן די קרעטשים. קיין איין קרעטשמער לעבט ניט אויס דארט די יאהרען.

אין מיטען געשפרעך וועגען די „יאשקעס" איז אריין אין שטוב א אינגעל פון א שכן עפעס לייהען. דער אלטער בערע זלמנ׳ס האט מיר א קוועטש געטאן די האנד און א מאך געטאן מיט׳ן קאפ, איך זאל אויפהערען צו ריידען. ערשט נאכדעם, ווי דער אינגעל איז אוועק, האט ער מיר דערקלערט, אז ער האט ניט געוואלט ריידען, וואָרים דער אינגעל איז פון די „יאשקעס".

— מ׳זאגט, האט ער צוגעגעבען, אז איצט איז שוין פארפאל די צעהן דורות און די קללה פון די „יאשקעס" איז אראפ.

— דאנקען גאט, האט צוגעגעבען די ווייב.

אויף די „יאַשקעס" ליגט קיין'ם צייכען. וואוהין איינער פון זיי זאָל ניט קומען, ווייס מען איהם, און דאָס פאָלק קוקט אויף איהם מיט מורא און פאַרדאַכט.

פונדעסטוועגען האָט זיך אין דעם טאָן פון בערע זלמנ'ס געהערט א צופרידענהייט און פאַרגעבונג, ווען ער האָט מיר מיטגעטיילט, אַז, לויט ווי מ'האָט אויסגערעכענט, האָט זיך שוין איצט געענדיגט דער טערמין פון די צעהן דורות, דורך וועלכע, לויט דער קללה פונ'ם „גר צדק" די „יאַשקעס" זיינען פאַרשאָלטען.

דער „גר צדק" איז פאַרברענט געוואָרען אין ווילנא. לויט די לעגענדע דערצעהלט, האָט זיין מוטער, די אַלטע גרעפין, געקראַנקען, מיט גרויס מיה און מאַטערניש, פון פּאַבסט, צי פון פּוילישען קעניג, אַן אונטערגעשריבענע פּאַפּיר, אַז מ'זאָל איהם לאָזען לעבען. נאָר זי האָט מיט אייניגע מינוט פאַרשפּעטיגט. דער בלוטיגער דעקרעט איז אויסגעפיהרט געוואָרען. אין יענעם טאָג, דערצעהלען ווילנער אידען, איז געוועזען א מורא'דיגער שטורם. א בת קול איז ארויס פון הימעל און האָט געזאָגט: וואויל צו דיר, אברהם בן אברהם! דיין ליכטיגע נשמה איז גלייך אוועק צו איהר מקור, צו די הייליגע אבות און אברהם אבינו האָט איהר אין זיין שויס צוגענומען.

א איד האָט זיך פאַרשטעלט פאַר א גוי, (עס לעבען נאָך, זאָגט מען, אין ווילנע זיינע אוראייניקלעך) און מיט מסירת נפש איז איהם געלונגען צו ראַטעווען אביסעל אַש פונ'ם פאַרברענטען גר צדק. מיט הייליגער מורא און ליבשאַפט האָבען אידען דעם הויפען אַש אין א זיבערען אָרט, מיט גרויס פּאָרזיכטיגקייט און געהיימליכקייט, אויפ'ן אַלטען בית עולם מקבר געוועזען. אויף דעם אָרט איז א בוים אויסגעוואַקסען; א מאָדנעם אויסזעהן האָט אָט דער בוים; זיינע צווייגען, די אויבערשטע און די אונטערשטע, זעהען אויס ווי א מענש מיט הענד און מיט פיס. אין אַלגעמיין קוקט אויס ווי א טרייע מוטער האָט זיך איבערגעבויגען איבער דעם קבר פון איהר ליב קינד און היט איהם אָפּ, דעם טייערען קבר, טאָג און נאַכט, אַז קיין בייז אויג און קיין שלעכטע האַנד זאָל איהם ניט שאַדען. קריסטליכע טוריסטען, וואָס קומען אין ווילנע, באַזוכען דעם קבר און באַוואונדערען דעם בוים. נאָר אידען האַלטען איהם טייער און הייליג. קומט א תשעה באב, צי עשרת ימי תשובה, און אין יעדער צרה און אַנגסט, וואָס טרעפט זיך א אידען, קומט מען אהער אויפ'ן אַלטען בית עלמין, און אויפ'ן קבר, וואו עס ליגט דער אַש פונ'ם „קדוש", אַזוי ווי אויפ'ן קבר פונ'ם גאון, גיסט מען אויס די הארץ און מ'בעט, ער זאָל א „מליץ יושר" זיין פאַר די געפּלאָגטע און געפּייניגטע ווענמען ער האָט אַזוי הייס געליבט און פאַר וועמען ער האָט זיך פאַר א קרבן מקריב געוועזען.

# דער „ווילנער באַלעבעסל".

## (די לעגענדע פון אַ אידישען מוזיקאַלישען געני)

זעכציג יאָהר איז אוועק זינט ער איז געשטאָרבען, און זיין אָנ־דענקען לעבט צווישען די ווילנער אידען, אזוי ווי ער וואָלט ערשט נעכטען זיך געשיידען פון זיי. און כאָטש זיין אָנדענקען איז פריש, האָט אלעס וואָס מען דערצעהלט וועגען איהם אַ כאראקטער פון אַן אַלטער, אַלטער לעגענדע. הערט איהר זיך אָבער איין אין דער לעגענדע, באמערקט איהר, אַז די לעגענדע איז אייגענטליך קיין לע־גענדע ניט, יעדער שטריך אין איהר איז אזוי טריי דער פערזאָן, און דער צייט, און דער סביבה, אין וועלכער ער, דער העלד פון זיי, דער „ווילנער באַלעבעסל" האָט געלעבט, אַז איהר איבערצייגט זיך לייכט, דאָס די אונגלויבליכע מעשה איז אַן אמת'ע, איז געווען אַ ווירקליכקייט. און ווען די ווירקליכקייט שיינט לעגענדאריש, איז דאָס דערפאר, וואָס זי איז אַ ראָמאַנטישע און אַ טראַגישע, אַ קלעמענדע און אַ הארצגרייפענדע, ווי איהר באַגעגענט זעלטען אין די סאמע פאַנטאַסטישע אויסגעקלערטע מעשיות און ראָמאַנען. די טראַגעדיע פון'ם „ווילנער באַלעבעסל" דאַרף נאָך ערשט געשריבען ווערען, און זי וועט געשריבען ווערען. וואָרים זי איז זעהר עהנליך צו דער טראַגעדיע פון'ם אידישען פאָלק, און קיין ראָמאַן, און קיין היסטאָרישע אונטערזוכונג איז ניט פעהיג אזוי טיף צו כאַראַקטע־ריזירען דעם מאָמענט פון דער אידישער גייסטיגער ערוואכונג, אין בעגין פון דער השכלה־עפּאָכע, ווי די דראַמאַטישע פערזאָן פון דעם „ווילנער באַלעבעסל".

דער גיהנום פון די גייסטיגע יסורים, וואָס די ערוואכטע איד־שע יוגענד האָט געהאַט אויסצושטעהן אין יענער שרעקליכער און דאָך טיף אינטערעסאנטער צייט, ענטדעקט זיך פאַר אונז, ווען מיר עפענען די צוויי טראַגעדיעס, די דענקמעלער פון יענער צייט: דער „פּוילישער איינגעל" פון לינעצקי און ליליענבלום'ס „חטאות נעורים". אָבער פון די טיפסטע נשמה־יסורים, פון דער הארץ־טראַגעדיע, פון יענע ערשטע שוואַלבען פון דער השכלה, האָבען מיר נאָך קיין דענקמאָל ניט, און אָט דער דענקמאָל וועט זיין די געשריבענע דראַמע פון דעם „ווילנער באַלעבעסל'ס" טראַגישען לעבען און די ערהאַל־טונג און פארשפּרייטונג פון זיינע זיסע נגונים, וואָס האָבען גע־ווירקט מיט אזא צויבער אויף די הערצער פון זיין דור.

רב יואל דוד לעווענשטיין — אזוי האָט זיך גערופען מיט זיין נאָמען דער „ווילנער באַלעבעסל" — איז געווען אַ חזנ'ס אַ זוהן. זיין פאָטער האָט געהייסען ר' הירש ליפּאיער (ליבאָוועד אידען רופען ליבאָווע — ליפּאי) און איז געווען ווילנער שטאָט־חזן. די אידען פון באַלטישען געגענד האָבען, נאָך אַ צייט, איידער עס האָט זיך

אָנגעהויבען די השכלה אין דער ליטע, געהאַט אַ שטרעבונג צו ביל־דונג. בשעת דער פאָטער לעוואַנשטיין איז אַריבער אויף חזנות פון ליבאו קיין ווילנע, איז דער קליינער יואל אַלט געווען זעקס יאָהר. נאָך אין דער פריהער קינדהייט האָט ער אַרויסגעוויזען שטאַרקע סמנים פון אַ אונגעוועהנליכען טאַלאַנט, און דער פאָטער האָט פיל געזאָרגט פאַר זיין ערציהונג. מיט נאָהענט פון אַ הונדערט יאָהר צוריק האָט דער ווילנער חזן שוין געהאַלטען צו זיין זוהן ניט בלויז די טייערסטע מלמדים, נאָר אויך לעהרער אויף פויליש און דייטש. אויך לעהרער אויף פידעל און קלאַוויר. צו עלף יאָהר האָט דער קליינער יואל דוד שוין געדאַווענט אין ווילנער גרויסער שוהל פאַר'ן עמוד אויף אַ בענקעלע. זיין דאַווענען האָט געמאַכט אַזאַ רושם, אַז רייכע יודעל'ס, די ווייב פון מאַטע סטראַשון, איינער פון די גרעסטע ווילנער מיוחסים, גבאים און גבירים, האָט באַשלאָסען דעמ־זעלבען שבת אין דער ווייבערשער שוהל, אַז דער קליינער חזן מוז ווערען איהר איידים. באַלד טאַקע האָט מען געשריבען מיט מזל תנאים. צו דרייצעהן יאָהר איז ער שוין געווען אַ באַלעבעסל. אין אַ יאָהר אַרום איז געשטאָרבען זיין פאָטער, און דער פערצען־יאָהריגער יואל דוד איז געוואָרען אויף זיין פאָטער'ס פּלאַץ אויבער־חזן אין דער גרויסער שוהל פון דער גרעסטער אידישער קהילה אין ליטע. דאָס איז געווען אַן אונערהערטע זאַך. די גבאים פון דער גרויסער שוהל האָבען געוואָלט וויינינגסטענס דעם „כתב חזנות" אָפּהאַלטען אויף עטליכע יאָהר, ביז דער נייער חזן וועט האָבען אַ „חתימת זקן" — אַ שפּור פון אַ באָרד. נאָר דאָ האָט שיער ניט אויסגעבראָכען אַ רעוואָלוציע פונ'ם המון, וועלכער האָט מורא גע־האַט, מען זאָל דעם אַנטיקעל ניט אויסכאַפּען אין אַן אַנדער שטאָט, און האָט זיך איינגעשפּאַרט: ניין, דוקא שוין אַ „כתב חזנות און טאַקע מיט פולע געהאַלט... פיר רובל אַ וואָך, וואָס איז דעמאָלט, איבריגענס, געווען גאַנץ פיינע שכירות פאַר אַ חזן.

דער המון האָט אויסגעפיהרט. די גבאים האָבען נאָר מיט מיה אויסגעקעמפּט ביי דער מאַסע כאָטש „מוספים" פאַר דעם חזן שני, ר' ליבעלע קאַנטאָר, דעם ראַבינער און דאָקטאָר קאַנטאָר'ס אַ זיידע, לאָזענדיג פאַר דעם פערצעהן יאָהריגען אויבער־חזן „כל נדרי" — דער שפּיץ יחוס פון אַלע תפילות.

דער „באַלעבעסל" האָט געהאַט אויף אַלעמען, אָהן אַן אויס־נאַם, און מעהר פון אַלעמען אויף דער אידישער מאַסע, אַ באַצווי־בערענדע ווירקונג. נאָך איצט זאָגען ווילנער באַלעבאַטים, אַז עס זיי־נען נאָך ניט געבאָרען געוואָרען די נאָטען, וואָס מ'זאָל קענען מיט זיי פאַרצייכענען דעם באַלעבעסל'ס „נגונים". אַז ער פלעגט זיך שטעלען זאָגען „ותערב" אָדער „ברח דודי", פון פסח'דיגען פיוט,

— דערצעהלט מיר ציונסאָן, איינער פון די ווילנער זקנים-משכילים, וואָס געדענקט נאָך דעם „באַלעבעסל״ און זיינע נגונים, — פלעגט די גאַנצע פּאָדלאָגע פון בית המדרש פאַרגאָסען ווערען מיט טרער־רען. נאָר „ותערב״, „מן המצר״, „הלל״, „מקדש מלך״ (אין קבלת שבת) און „ומפני חטאנו״ זיינען בכלל פון די ריהרענדע שטיקער אין דער אידישער שוהל־מוזיק. דער „ווילנער באַלעבעסל״ האָט נאָר געדאַרפט עפענען זיין מויל אפילו אין „אדון עולם״, די גאַנץ געוועהנליכע שלום-תפילה פון יעדען שבת׳דיגען דאַווענען, און ביים ענטציקטען עולם האָבען זיך שטראָמען טרערען געגאָסען, געגאָסען.

נאָר ניט אידען אליין. קריסטען פון פאַרשידענע נאַציאָנען, קלאַסען און ראַנגען פלעגען אַ יום־טוב, אַ שבת, באַזונדערס ביי „כל נדרי״ אָנפילען די אידישע שוהל און טיף אין דער נשמה באַ־גייסטערט ווערען פון דעם אידישען נאַכטיגאַל׳ס ריהרענדע נגונים. דער באַריהמטער פּוילישער קאָמפּאָזיטאָר מאָניושקאָ, דאַמאַלסדיגער פּראָפעסאָר פון וואַרשעווער קאָנסערוואַטאָריום האָט איהם אמאָל גע־הערט און איז צוגעשמידט געוואָרען צום יונגען אידישען חזן. ער האָט איהם באַזוכט, געלאַדען צו זיך, געגעבען איהם אַליין לעקציעס אין מוזיק און געמיהט זיך אויף איהם צו ווירקען, ער זאָל לאָזען די חזנות, זאָל פאָהרען קיין אויסלאַנד ענטוויקלען און פאַרפּאָל־קאָמען זיין טאַלאַנט. ער האָט איהם פאָרגעזאָגט, אַז איהם שטעהט פאָר אַ גלענצענדע צוקונפט, אַז מיט זיין נאָמען וועט קלינגען די וועלט.

אין דער צאַרטער, ווייכער, מעלאַנכאָליש־געשטימטער נשמה איז ענטשטאַנען אַ קאַמף. דאָס איז געווען אַ קאַמף צווישען דער ענגער, פאַרשטיקטער וועלט פונ׳ם אידישען געטאָ און דער ברייטער פרייער וועלט אַרום, וואָס האָט איהם גערופען, געצויגען צו זיך. דער קאַמף איז געווען אַ דאָפּעלטער: צווישען איהם און דער סביבה, אין וועל־כער ער האָט געלעבט, און צווישען דער אַלטער וועלט־אַנשויאונג פון דעם אידישען עלוי און דער נייער — פון אַ אייראָפּעאישען קינסטלער. מאָניושקאָ׳ן האָט געקאָסט פיל מיה, ביז איהם איז געלונגען איינצורעדען דעם באַלעבעסל׳ס שווער און שוויגער, זיי זאָלען איהם אָפּלאָזען אין וואַרשע אויף אַ קאָנצערט. אין אמת׳ן איז געווען געפּלאַנעוועט, אַז לעווענשטיין זאָל לאָזען די חזנות, און מיט דער הילף פון זיינע אידישע און קריסטליכע גוטע פריינד, אַוועק אין אויסלאַנד און אַנקומען אין בער־לינער קאָנסערוואַטאָריום. די מיטלען האָט ער געדאַרפט באַקומען דורך אַ קאָנצערט, וואָס מאָניושקאָ האָט פאַר איהם צוגעגרייט אין וואַרשע.

אום דער יונגער יואל דוד זאָל ניט געשטרויכעלט ווערען, האָט מען איהם געשיקט אַרומגערינגעלט מיט אַ סוויטע פון פרומע,

עהרליכע אידען. באזונדערס האָט געדארפט אויף איהם אכטונג געבען שייקע פייפער — זיין באַס. נאָר די אַלע פּאָרזיכטס־מיטלען האָבען ווייניג געהאָלפען. דער „באַלעבעסל" איז אין ווארשע דאָך געשטרויכעלט געוואָרען.

זיין אויפהאַלטען זיך אין ווארשע איז באַדעקט מיט אַ נעבעל פון לעגענדען. וויפיל מענשען איך האָב ניט געפרעגט, סיי די זקנים, וואָס האָבען איהם אַליין געקענט, סיי די אידען, וואָס ווייסען גוט די גאַנצע ווילנער היסטאָריע פון פאָריגען יאָהרהונדערט, האָט קיינער ניט געוואוסט צו זאָגען עפּעס באַשטימטעס. באַקאַנט איז נאָר, אַז מיט זיין קאָנצערט אין ווארשע האָט דער „באַלעבעסל" געמאַכט אַ געוואַלדיגען רושם. די גאַנצע פּוילישע אַריסטאָקראַטיע און די גרעסטע לייט פון די רוסישע מיליטער־בעאמטע — פון דער אידישער באַפעלקערונג רעדט מען שוין ניט — האָבען איהם אויף די הענד געטראָגען. מ'האָט איהם מיט בלומען פארוואָרפען. אַ יונגע טאָכטער פונ'ם גראַף פּאַסקעוויטש, איינער פון די גרעסטע פּוילישע מיוחסים, איז נאָכ'ן קאָנצערט צו איהם צוגעגאַנגען, איהם אויפגעהויבען די געדיכטע, קרויזע שוואַרצע האָר, און פאַר'ן גאַנצען טויזענט־קעפּיגען עולם איהם אַ קוש געטאָן.

אַ לעגענדע דערצעהלט, אַז נאָך פריהער, פאַר'ן קאָנצערט, באַלד ווי דער „ווילנער באַלעבעסל" איז אָנגעקומען אין ווארשע, איז ער געגאַנגען אַליין שפּאַצירען איבער די ווארשעווער גאַסען. ער איז געגאַנגען פארביי אַ רייכען פּאַלאַץ און האָט דערהערט שפּילענדיג פּיאַנאָ. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, זיך צוגעהאָרכט, דערנאָך איז ער צוגעגאַנגען צום שווייצער און געפרעגט: ווער שפּילט דאָס? „דעם גראַף פּאַסקעוויטש'עס טאָכטער" — האָט דער שווייצער געענטפערט. „גאָה מעלד", — האָט געזאָגט דער „באַלעבעסל", אַז איינער וויל אַריין און דער שפּילערין עפּעס זאָגען. דער שווייצער האָט, נאַטירליך, באַקוקט מיט באַוואונדערונג דעם מאָדנעם זשידאָק פון קאָפּ ביז די פיס און איז, פּונדעסטוועגען, אַוועק איבערגעבען די שליחות. לעווענשטיין איז געבעטען געוואָרען אַרויפצוקומען אין הויז. די פּוילישע געזעלשאַפט, וואָס האָט אויבען פארבראַכט מיט דער יונגער פּאַניענקע, האָט זיך פון אָנהויב פארוואונדערט: וואָס קען דאָס זיין פאַר אַ זשידאָק? נאָך באַלד איז באַשלאָסען געוואָרען, אַז דאָס האָט מסתמא גאָט זיי צוגעשיקט אַ אידעל אויף צו מאַכען שפּאַס. יואל דוד איז אַריין און האָט פארלאַנגט צו זעהן די פּאַניענקע אַליין. דאָס האָט נאָך פרעהליכער געשטימט די קאָמפּאַניע פון די פּוילישע אַדעליגע יונגע לייט. זיין בקשה האָט מען ערפילט. צו איהם איז אַרוים די שפּילערין און פרעגט איהם, וואָס פארלאַנגט ער? ער האָט איהר ערקלעהרט, אַז געהענדיג

פארביי האָט ער איהר געהערט שפּילען און באַמערקט אייניגע פעה־לערען, וויל ער איהר אויף זיי אויפמערקזאַם מאַכען. די גאַנצע חברה האָט אויסגעשאָסען אין א געלעכטער און האָט באַלד גענומען אויסטראַכטען עפּעס אַ שטוקע, וואָס אָפּצוטאָן דעם עזות׳דיגען, משו־גענעם זשידאָק. נאָר די פּאַניענקע איז געוואָרען רויט און האָט איהם פון העפליכקייט וועגען געפרעגט: וואָסערע פעהלערען? ער האָט געבעטען ערלויבנים צו זעצען זיך ביי דער פּיאַנאָ, וועט ער איהר ווייזען. אָט דאָ איז די שטימונג פון די יונגע לייט נאָך פרעהליכער געוואָרען. מ׳האָט איהם געלאָזט שפּילען, און חברה האָט באַשלאָסען טאַקע דאָ, בשעת מעשה, ביים שפּילען אָפּטאָן איהם א שפּיצעל.

אָבער דער „באַלעבעסל״ האָט נאָר געדאַרפט באַריהרען די קלאַווישען און די גאַנצע געזעלשאַפט איז, ווי פאַר׳כשופ׳ט, צו די ערטער צוגעשמידט געוואָרען, און די פּאַניענקע איז אין אונמאַכט געפאַלען. פון דעמאָלט אָן איז דער „באַלעבעסל״ אָן אָפּטער איינ־געהער ביים גראַף פּאַסקעוויטש געוואָרען, און שטונדען לאַנג פלעגט ער מיט דער פּאַניענקע אין מוזיקאַלישע געשפּרעכען, אָדער אין שפּי־לען פאַרברענגען. ער פלעגט דאָס טאָן אָפּ׳גנב׳ענדיג זיך פון זיינע באַגלייטער, געהיים.

דער קלאַנג איז נאָך ווילנע געקומען, אז עפּעס איז מיט׳ן „באַ־לעבעסל״ ניט גלאַט. מ׳האָט איהם געשריבען ער זאָל צוריק אַהיים קומען. אָבער ער האָט זיך ניט געאיילט... מ׳ווייס ניט גענוי, וואָס צווישען איהם און פּאַסקעוויטש׳עס טאָכטער איז פאָרגעקומען. נאָר פלוצלונג האָט ער אויפגעהערט צו באַזוכען דעם גראַף. איין דעה וויל האָבען, אז צווישען דעם אידישען חזן און דער גרעפין, וועל־כע איז געווען זעהר שעהן און גראַציעז און האָט באַזעסען א נשמה פון א קינסטלערין, האָט זיך אָנגעפאַנגען א ראָמאַן. איהרע על־טערען און אַרומיגע האָבען דאָס באַמערקט, מ׳האָט זיך באַמיהט צו פאַר׳מיאוס׳ן דעם „זשיד״ ביי דער יונגער גרעפין. דערמיט האָט זיך פאַראייניגט די קנאה פון די קריסטליכע אַדטיסטען און, פיליכט נאָך מעהר, די אונרוהיגקייט פון די עלטערן און אייבער־זוכט פון די אַריסטאָקראַטישע בעלנים אויף דער האַנד און הארץ פון פּאַסקעוויטש׳עס טאָכטער. דער „באַלעבעסל״ האָט באַמערקט אַן ענדערונג אין דער האַלטונג צו איהם פון די אַרומיגע, איז ער גענוג שטאָלץ געווען אום צו שוינען זיין ווערדע. ער האָט אויפגעהערט צו באַזוכען פּאַסקעוויטש׳עס הויז. דער קוש פון דער יונגער גרעפין דעם „באַלעבעסל״ אויפ׳ן קאָנצערט איז פיליכט געווען א דעמאָנ־סטראַציע געגען די פאָראורטיילען און דער באַליידיגענדער האַלטונג פון איהר געזעלשאַפט צו דעם געניאַלען אידישען קינסטלער. פּי־

ליכט איז דאָס אויך געווען אַן אויסברוך פון צערטליכער ליבע, וועלכע איהר פאַמיליע און זיינע אָרומיגע האָבען געוואָלט דער־שטיקען.

נאָך דעם האָט זיך אָנגעהויבען דעם „ווילנער באַלעבעסל'ס" טראַגעדיע, וועלכע ער האָט באַהאַלטען טיף אין זיין צאַרטער קינסט־לערישער נשמה, פון פרעמדע מענשען. אין וואַרשע איז ער אַרויס־געטראַטען עטליכע מאָל. מ'האָט איהם מיט בלומען פאַרוואָרפען, מיט פרעזענטען פאַרשאָטען. די גרעסטע מאַגנאַטען האָבען איהם צו זיך געלאַדען און גרויס כבוד איהם אָפּגעגעבען. זיין איבערגע־געבענער פריינד און לעהרער מאָניושקאָ האָט פאַרבערייטונגען גע־מאַכט איהם נאָך אויסלאַנד אויסצופיהרען. די גאַנצע פרעסע און געזעלשאַפט איז פול געווען מיט די וואונדערליכסטע מעשיות וועגען דעם באַצויבערענדען טאַלאַנט פון דעם יונגען ווילנער אידישען חזן. מ'האָט איהם פאָרגעזאָגט וועלטבאַריהמטקייט, עשירות, גדולה, אונשטערבליכקייט.

נאָר אינמיטען אָט די אַלע רוישיגע געשפּרעכען אַרום זיין פּערזאָן, איז דער „ווילנער באַלעבעסל" פּלוצלונג, אַנשטאָט אין אויסלאַנד — צוריק נאָך ווילנע געפאָהרען. און דאָ זיינען אויך די מעשיות ניט קלאָר. א טייל זאָגען, אַז שווער און שוויגער צוזאַמען מיט די ווילנער גבאים, וועלכע האָבען ניט געוואָלט אָנווערען אַזאַ טייערע כלי, האָבען אָנגעווענדעט אַלערליי מיטלען איהם אָפּצוהאַלטען פון אויסלאַנד. אַנדערע זאָגען, אַז ער אַליין האָט ביי זיך ניט גע־קאָנט באַשליסען, און דערוויל נאָכגעגעבען. ווידער אַנדערע מיי־נען, אַז דער רעש'דיגער „קבלת פנים" אין וואַרשע, צו וועלכען דער שטילער, פאַרטראַכטער, פרומער חזן איז ניט געוואוינט געווען, צו־זאַמען מיט דעם אונגעוועהנליכען ראָמאַן, האָבען צו שטאַרק אויף זיין האַרץ און נשמה געווירקט, און זיין גייסט האָט ניט געקאָנט אויסהאַלטען דעם קאַמף צווישען צוויי וועלטען, וועלכע האָבען איינע די אַנדערע אין זיין שוואַכען בוזעם געשטורעמט.

דער „באַלעבעסל" איז געבליבען חזן אין ווילנע. אָבער אינגאַנצען אומקעהרען זיך צו דער אַלטער וועלט האָט ער שוין ניט געקענט. צו ענג איז איהם געוואָרען, אי אין דער היים, אי אין שוהל. גראָד זיינען איהם מיט א קורצער צייט פריהער זיינע צוויי קינדער, וועלכע ער האָט ווי א צערטליכער פאָטער היים געליבט, גע־שטאָרבען. זיין ווייב איז איהם פריהער קיין פאָר ניט געווען. איצט איז זי איהם געוואָרען אין גאַנצען פרעמד. ער האָט זיך געוואָלט מיט איהר גט'ן, דאָס האָט געבראַכט צו גוואַלדיגע מחלוקת און סקאַנ־דאַלען. מ'זאָגט, אַז שווער און שוויגער האָבען דעם דאַמאַלסדיגען גובערנאַטאָר אַריינגעמישט. ער האָט פאַררופען דעם „באַלעבעסל"

צו זיך און איהם מיט זיין גובערנאטאָר־מאכט געדראָהט. נאָר לע־
ווענשטיין איז שטאָלץ געווען. ער האָט דעם גובערנאטאָר אפילו
אויסהערען ניט געוואָלט. „דו ביזט איינער אין א גובערניע", האָט
איהם דער שטאָלצער קינסטלער געענטפערט. „און איך — אין
צוואַנציג, און אפשר מעהר. איך האָב פאר דיר קיין מורא ניט".

א טייל גבירים און אנדערע שטאָט־מענשען האָבען געהאלטען
זיין צד, צווישען זיי אויך דער אין יענער צייט גרעסטער ווילנער
גביר — דער באריהמטער יודעל אָפּאַטאָוו. דער גט איז געשעהן.
אָבער דער „באַלעבעסל" האָט שוין פון זיין פרייהייט ניט געקענט
פּראָפיטירען. זיין שטילע, צארטע נשמה האָט ניט אויסגעהאלטען
און ער איז אריינגעפאלען אין א מעלאנכאָליע. דער זעלבער גביר
אָפּאַטאָוו האָט איהם נאָכהער געהאלטען ביי זיך. שטאָט האָט אָנ־
געווענדט אלע מיטלען איהם צו ראטעווען. נאָר עס האָט גאָר
נישט געהאָלפען. איינזאם פלעגט דער „באַלעבעסל" זיצען ביי
זיך אין צימער אָדער געהן ערגעץ אין זייטיגע געסלעך אליין. ציי־
טענווייז פלעגט ער זיך פארטראַכטען און אָנהויבען ברומען זיינע
ליבלינגס־נגונים, דאַן איז אין א מאָמענט שוואַרץ געוואָרען די
גאס ארום זיין הויז פון מענשען, און די שטיינער פלעגען פאר־
גאָסען ווערען מיט טרערען. אמאָל פלעגט ער שטיל, אזוי ווי פאר
זיך, זיצענדיג אין וואנע, א זינג טאָן דעם באוואוסטען פיוט „משוי
ממים" און, ווי צוגעצויגען פון א מאגנעט, זיינען שוין צעהנדליגער
מענשען הינטער די ווענט צופאלען געוואָרען פון געוויין.

זעלטען פלעגט טרעפען אין זיין קראנקהייט איינצעלנע ליכ־
טיגע מאָמענטען. דאַן האָט מען מיט אלע מיטלען זיך געסטאַ־
רעט אריינצובאַקומען איהם אין שוהל. נאָך איהם איז נאָכ־
געגאַנגען א „קדר", ד. ה. א טאָטער מיט א געפלאָכטענעם בייטש.
זיינע פריינד האָבען געגלויבט, אז דער טאָטער מיט זיין שפּרוך
און בייטש האָבען די מאכט אָפּצואָוועדען פון'ם קראנקען די
„מרה שחורה". כדי אינמיטען דאווענען זאָל איהם ניט באפאלען
די „מרה שחורה", איז ביים עמוד געבען איהם געשטאַנען דער
קדר מיט'ן בייטש. אין די ליכטיגע מאָמענטען, באזוכענדיג זיינע
פריינד און באַקאַנטע, פלעגט ער דאָרט אזוי ווי אויפכאַפּען זיך
און א זינג טאָן. דאַן האָבען זיך שוין ארום יענער שטוב אויפגע־
מאכט טיר און פענסטער, און מענשען זיינען געשטאַנען אויף די
קעפּ כאַפּען עפּעס א טאָן זיינעם. נאָר ווען ער האָט באמערקט די
אויפמערקזאמקייט פון די ארומיגע, פלעגט ער גלייך אויפהערען און
קיין מאכט אין דער וועלט האָט איהם ניט געקענט צווינגען, אדער
אפילו דורך געבעט ווירקען, ווייטער צו זינגען.

ווילנער האָבען איהם ליב געהאַט, ווי א טאַטע און מאַמע זייער

גראָטען איינציג קינד. ער איז געווען זייער צויבער, זייער טרייסט, זייער שמערץ, זייער לוסט. און איצט, ווען ווילנער רעדען וועגען „באַלעבעסל" שפּירט מען די זעלבע בענקשאַפט און ענטציקונג, גלייך ווי ער וואָלט נאָך ערגעץ געלעבט, און מ'האָפט, אז ער וועט נאָר קומען. מ'האָט בשום אופן זיך ניט געקאָנט פאָרשטעלען, אַז דער נאַכטיגאַל איז אויף אייביג פארשטומט. שטאָט האָט זיך פיל געלאָזט קאָסטען. מ'האָט דעם קראנקען געפיהרט אין אויסלאנד, אויסלאנד האָט אויף איהם גוט געווירקט. ער איז בעסער געווארען. דאן האָבען דאָקטוירים געראטען ער זאָל ארומפאָהרען איבער דער פּראָווינץ, דאָס וועט איהם צעשטרייען. דער מיטעל האָט ווירקליך געהאָלפען. דער „באַלעבעסל" איז געזונט געוואָרען. צו ווילנע'ס פרייד איז קיין שיעור ניט געווען. נאָר ניט לאַנג האָט זי געדויערט. עס האָט זיך צוגעטשעפּעט צו איהם א האַלז־שווינדזוכט. מ'איז געלאָפען אין ווארשע. דאָרט האָבען אַלע זיינע פאַרעהרער, אידען ווי קריסטען, די וועלט איינגעלייגט. אָבער עס האָט נישט געהאָלפען. ער איז געשטאָרבען און מקובר געוואָרען אין ווארשע — א יונגער מאַן פון פיר־און־דרייסיג יאָהר.

אָט אזוי האָט זיך געענדיגט די טראַגישע לעבענס־קאַריערע פון איינעם פון די מערקווירדיגסטע אידישע גאונים אין 19טען יאָהרהונדערט. א וואונדער איז, וואָס ניט איינער פון זיינע צויבערנגונים, נאָך וועלכע אידען און קריסטען פלעגען אויסגעהן, איז ניט פאַרצייכענט אין נאָטען. ווילנער אידען זאָגען, אַז עס זיינען נאָך ניט באַשאַפען געוואָרען די נאָטען, וואָס זאָלען קענען איבערגעבען דעם „באַלעבעסל'ס" טענער. אָבער אין אמת'ן לעבען דעם „ווילנער באַלעבעסל'ס נגונים אין פאָלק. אָהן א נאָמען, ווי גלגולים פון הייליגע נשמות בלאָנדזשען זיי אום אין פאָלק. אונבאַוואוסטע חזנים, פאָלקס־טאַלאַנטען, פלעגטען איין פונקען פון זיי אין זייערע נגונים, און ווען און וואו זיי קומען צום הארץ פון פאָלק נעמען זיי געפאנגען זיין נשמה, גיסען אין איהר הייליגע אנטציקונג.

---

# „אסתר די גענעראַלשע".

אז אין רוסלאנד זיינען געווען און פאראן איצט געשטודירטע אידען מיט'ן טשין „פּאָלקאָווניק" — דאָס ווייסט מסתמא יעדער איינער. עס זיינען אויך געווען אידען, וואָס האָבען זיך ארויפגעארבייט אין דינסט ביי דער רעגירונג ביז דעם ראנג פון א גענעראל. אין גוטע אידישקייט האָט אָבער א איד דעם טיטעל „עקסע־

לענץ" — „וואשע פרעוואָסכאָדיטעלסטוואָ" ניט געקאָנט באקומען. די רעכט, די פענסיע און דעם כבוד, וואָס אַ גענעראַלסקער מיטעל ניט, זיינען אָבער געווען צו „יצר-הרע'דיג". און אַ איד, וואָס האָט באַוויזען ארויפצוקלעטערען אויף די שטאַפּלען פונ'ם דינסט-לייטער ביז „עקסעלענץ" האָט זיך געוועהנליך ניט אָפּגעשטעלט פאר געוויסע „פאָרמאַליטעטען", וואָס זיינען איהם געשטאַנען אין וועג, אבי צו דערגרייכען די „רויטע ליאַמפּאַסען" פון אַ גענעראַל. אַ איד — אַ גענעראַל איז אין רוסלאַנד קיינמאָל ניט געוועז.

אָבער ווען עס איז ניט געווען קיין גענעראַל אַ איד, איז דער-פאַר געווען אַ גענעראַלשע — אַ אידענע. און טאַקע אַן אמת'ע, אַ כשר'ע אידענע, וואָס האָט געדאַווענט דריי מאָל אַ טאָג און גע-לייענט „תחינות" און דעם „צאינה וראינה".

דאָס איז ניט קיין אַנעקדאָט, נאָר אַ פאַקט, אַזאַ אַנטיקעל האָט טאַקע געקענט זיין נאָר אין ווילנע, דעם אָרט פון אַ סך אַנדערע אידישע אַנטיקען. גערופען האָט מען איהר „אסתר די גענעראַלשע".

דערצעהלט האָט מיר די מעשה איהרער אַ פּלימעניק — קינ-קולקין, וואָס געדענקט נאָך זיין מוהמען, „אסתר די גענעראַלשע", זעהר גוט. געשטאָרבען איז זי כמעט ערב דער רוסישער רעוואָ-לוציע. געלעבט האָט זי איבער הונדערט יאָהר. פון די הונדערט יאָהר האָט זי אַ יאָהר פופציג געלעבט פון איהר גענעראַלסקע פענסיע.

אז זי פלעגט קומען איין מאָל אַ מאָנאַט אין קאַזנאַטשייסטווע אין איהר אַלטפרענקישער „סובע" מיט'ן „קאַפּטור" אָפּנעמען די פענסיע, פלעגט זיך דער רוסישער טשינאָווניק פון דער קאַזנאַטשייסטווע שטעלען און דערלאַנגען איהר מיט דרך ארץ דאָס געלד מיט די ווערטער: איזוואָלטע פאָדפּיסאַטסיאַ, וואשע פּרעוואָסכאָדיטעלסטוואָ, ס'הייסט: באַוויליגען זיי אונטערצושרייבען, אייערע עקסעלענץ...

ווי אַזוי קומט די אידענע אסתר צו ווערען אַ גענעראַלשע?

דאָס איז געווען אין די גוטע צייטען פון אַלעקסאַנדער דעם ערשטען, אין דער ערשטער העלפט פון זיין רעגירונג. אין יענע טעג, ווען עס האָט נאָר וואָס אָנגעהויבען צו בלאָזען, — אויסדריקענ-דיג זיך אויפ'ן מליצה-שטייגער — „דער ערשטער ווינטעלע פון השכלה". די רוסישע רעגירונג האָט אָנגעווענדעט אַלע מיטלען צו מאַכען „אידען פאַר מענשען": „אָפּצוטאָן פון זיי דעם פינס-טערן וואָלקען פון פאַנאַטיזם" און „לאָזען אויף זיי שטראַהלען די ליכטיגקייט פון דער אייראָפּייאישער ציוויליזאַציע".

דעמאָלט איז פאָרגעקומען אַ מערקווירדיגע קאָנקורענץ צווישען דער רוסישער רעגירונג און דער פּוילישער אין דער שטרעבונג „מזכה" צו זיין אידען מיט אייראָפּייאישע בילדונג. די רוסישע און פּוילישע אוניווערזיטעטען האָבען זיך מיט אמאָל פאַר זיי געעפענט. און פון

ווילנער פּוילישען אוניווערזיטעט, וואָס איז ביז דעמאָלט געווען פאַרמאַכט פאַר אידען, האָט זיך געיאָוועט דער ערשטער אידישער דאָק־טאָר קושעלעווסקי, וואָס האָט באַקומען זיין בילדונג אין רוסלאַנד. דער וואונדערליכער קושעלעווסקי, וואָס איז שוין ביי זיין לעבען געוואָרען כמעט אַ לעגענדאַרע פּערזענליכקייט אין אידישען תחום. אין יענער צייט און פוּנ'ם זעלבען ווילנער אוניווערזיטעט, איז אויך אַרויס די ערשטע געשטודירטע אידישע דאָקטאָר־אַקושערין — אסתר די גענעראַלשע.

ווי אַזוי אַ אידישע פאַמיליע אין ווילנע האָט זיך, מיט הונ־דערט יאָהר צוריק, דערוועגט צו לאָזען שטודירען אַ מיידעל, און דערצו נאָך מאַכען איהר פאַר אַ דאָקטאָרקע, — דאָס איז אַ רעטע־ניש, וואָס איך האָב געסטאַרעט זיך צו לייזען און האָב ניט געקענט. איהר פלימעניק קינקולקין האָט וועגען איהר פריהערדיגער ביאָ־גראַפיע, וועגען איהר ערציהונג אין דער יוגענט, מיר גאָר נישט געקענט זאָגען. דער פאַקט אָבער וואָס עס האָט זיך באַוויזען אַ אידישע פרוי אַ „דאָקטאָרקע", אַ געשטודירטע אַקושערין, איז גע־ווען צו יענער צייט אַזאַ מערקווירדיגקייט, אַז מ'איז געוואָהר געוואָ־רען פון איהר אין פּעטערבורג, אין רוסישען קייזערליכען הויף, און אין גיכען איז זי געוואָרען דער קייזערינס לייב־אַקושערין.

אין קייזערליכען הויף האָט זיך די ערשטע אידישע אַקושערין ניט געפיהלט גוט. אַזוי ווי דער ערשטער אידישער דאָקטאָר קו־שעלעווסקי, איז אויך די ערשטע אידישע אַקושערין, געווען אַ פרומע. די בילדונג האָט גאָר נישט געענדערט אין זייער רעליגיעזער וועלט־אנשויאונג. אַלס לייב־אַקושערין האָט זי געמוזט נעמען אַן אנטייל אין אַלע הויפישע עפענטליכע פאַראַדען, פייערטעג און באַלען. זי האָט זיך אָבער צו קיין עסען און טרינקען אין הויף ניט צוגע־ריהרט. האָט געפיהרט איהר איינגעשלאָסענעם, שטרענג רעליגיעזען לעבען. אין קייזערליכען הויף האָט מען עס געמוזט דולדען, ווייל מ'האָט זיך צופיל געגויטיגט אין איהר. ענדליך, נאָך אַ גאַנצע רייהע יאָהרען דינען אין הויף, האָט זי זיך אָנגעגעבען אין דימיסיע, און דאָס האָט מען ווידער איהר געמוזט באַווילינען.

צוליב איהר דימיסיע איז אַרויס אַ קריג און אַ באַהאַלטענע שנאה צווישען איהר און איהר משפחה. די מעשה דערפון איז, אַז זי האָט געדאַרפט נאָך אין גאַנצען איינינע יאָהר דערדינען איהר טערמין. דאַן וואָלט זי געהאַט גרויסע מתנות, פּריווילעגיעס און — דער עיקר — אַ רייכע פּענסיע, וואָס וואָלט געקענט מאַכען גליקליך איהר אַליין און איהר גאַנצע פאַמיליע. „אסתר די גע־נעראַלשע" האָט אָבער וויינינ געהאַלטען פון ערדישען גליק. האָט געקוקט מיט באַדויערען אויף איהר גייציגער פאַמיליע און האָט,

אפילו ארויסגעהענדיג אין דימיסיע, געלעבט ניט אין איהר היי־מישען קרייז, נאָר אין איהר באַזונדער גייסטיגער וועלט, ארומגע־רינגעלט מיט וויסענשאַפטליכע ביכער אין איינציגע שפּראַכען און מיט היילינע מוסר־ספרים און תחינות.

מ'וויים ניט אקוראט, צי האָט אסתר די גענעראַלשע אמאָל חתונה געהאַט, צי ניט. וואהרשיינליך ניט. איהר פריווילעגירטע ראָלע פון א הויף־דאַמע און אינטעליגענטע פרוי צוזאַמען מיט איהר פרומקייט, האָבען איהר אָפּגעריסען אי פון דער געהויבענער געזעל־שאַפט פונ'ם הויפישען אדעל, אי פון איהר פריהערדיגער אידישער ספערע. אַט דאָס האָט געמוזט זיין, אָהן א ספק, די אורזאך פון איהר פערזענליכער לעבענס־טראַגעדיע. איהר פלימעניק, קינקולקין, האָט מיר דערצעהלט, אז אמאָל האָט זי געלאָזען ארעסטירען זיין פאָטער, ד. ה. איהר ברודער, אויף דריי מעת־לעת, דערפאַר וואס יענער האָט איהר דערעסען מיט זיינע טענות פארוואָס זי איז ארויס אין דימיסיע פאַר דער צייט. איהר פאַמיליע האָט דאָס איהר קיינ־מאָל ניט געקענט שענקען.

„אסתר די גענעראַלשע" האָט געהאַט, א חוץ איהר טיטעל און פענסיע, א באַזונדער אייגענהעדיג פּאַפיר פון קייזער, צי פון דער קייזערין, — א דאַנק פאַר איהר טרייען דינסט. זי האָט פון דעם פּאַפיר קיינמאָל קיין געברויך ניט געמאַכט. נאָר איינמאָל — דער־צעהלט איהר פלימעניק און זיין פרוי — האָט זי ארויסגענומען דאָס פּאַפיר, און דאָס איז געווען צוליב אזא מעשה:

אין גאַס, אין שכנות נעבען איהר וואוינונג, האָט א גוי אָנגע־שלאָגען און צובלוטיגט א אידיש קינד. זי האָט דאָס ניט געקענט פאַרטראָגען, איז אוועק אין פּאָליציי־הויז און געווענדט זיך צום פּריסטאַוו מיט א קלאַגע, און האָט פאַרלאַנגט מ'זאָל דעם גוי ארעס־טירען. דער פריסטאַוו האָט איהר אָנגעקוקט מיט פאַראַכטונג און געזאָגט: „וואָס איז דאָס דיין עסק, אַלטע זשידאָווקע?"

— שווייג, דו, בודאַטשניק! — האָט זי אויף איהם געגעבען א טופּע מיט'ן פוס, — וועמען „דוצט" דו?

ביי די רייד האָט זי אוועקגעלייגט אויפ'ן טיש איהר פּאַפּיר. ווי דער פריסטאַוו האָט עס דערזעהן, איז ער א פאַרשטיינערטער געוואָרען. ער איז איהר געפאַלען צו די פיס און מיט א' ציטערנ־דיג קול געשטאַמעלט: זייט מיר מוחל, אייער עקסעלענץ...

קריגען דאָס פאָטאָגראַפישע בילד פון דער ערשטער אידישער געשטודירטער אקושערין איז מיר ניט געלונגען. ווי אַן אמת פרומע אידענע — זאָגט איהר פאַמיליע — האָט זי זיך קיינמאָל ניט גע־לאָזט פאָטאָגראַפירען.

# דער „תקיף" (יודל אָפּאַטאָוו)

דער מערקווירדיגסטער טיפּ פון אַ אידישען „תקיף" אין פאַריגען יאָהרהונדערט, איז אָהן אַ ספק, דער באַריהמטער ווילנער גביר יודיל אָפּאַטאָוו. דאָס איז געווען אַ מענש, מיט דעם געבאָרענעם טאַלאַנט פון אַ קהל'שען פיהרער. ער אַליין איז געווען אַ פּראָסטאַק, האָט געשטאַממט פון דעם נידעריגסטען אָרימען קלאַס אין ווילנע, און נאָר אַ דאַנק זיין אומגעהייערער פּערזענליכער ענערגיע איז ער געשטאַנען אָן דער שפּיץ פון אַזאַ גרויסע, באַריהמטע אידישע געמיינדע ווי די ווילנער. פאַר יודיל אָפּאַטאָוו האָט ניט בלויז געציטערט ווילנער אידישער קהל, פאַר איהם האָט געהאַט דרך ארץ די ווילנער פּאָליציי, די נידעריגע און די העכערע. יודיל אָפּאַטאָוו האָט קיינעם ניט גע־קענט פאַרשטעלען העכער און שטאַרקער פון זיך. עס געהט אין ווילנע אַ ווערטעל: „זיי קריגען זיך איבער יודיל אָפּאַטאָוו'ס נאָז". דאָס הייסט ניט, אַז יודיל אָפּאַטאָוו האָט געהאַט אַן אומגעוויינליכען נאָז. דאָס באַווייזט נאָר, אַז ניט בלויז יודיל אָפּאַטאָוו'ס פּערזענליכקייט איז געווען אַ טעמע פאַר אומענדליכע געשפּרעכען ביים ווילנער עולם, נאָר זיין גאַנצע פיגור איז געווען צוגלידערט: מען האָט גערעדט וועגען זיין נאָז, וועגען זיינע אויגען, זיינע ליפּען, וועגען זיין יעדען קעהר און ריהר. קורץ: אי ביי זיין לעבען, אי נאָך יעצט אפילו, פינף און דרייסיג יאהר נאָך זיין טויט, איז ער געווען און געבליבען דער העלד פון לעגענדעס און מעשיות, אנעקדאָטען און וויצען אָהן אַ צאָהל, ווי דאָס איז זעלטען געווען דער פאַל מיט אנדערע אנטיקען, וואָס ווילנע האָט גענוג געהאַט.

יודיל אָפּאַטאָוו'ס פריהסטע יוגענט איז באַדעקט מיט אַ וואָלקען פון לעגענדעס. מען זאָגט, אַז אַלס אינגעל איז ער געווען אַ שטיוועל־פּוצער, אַ פּראָפעסיאָן, וואָס איז שוין לאַנג פאַרשוואונדען אין דער ליטע, איז אָבער גאָר אַמאָל געווען שטאַרק אין דער מאָדע. ער איז געשטאַנען — זאָגט מען — אויפ'ן שוהל־הויף מיט אַ בענקעל, אַ בערשטעל און אַ פּושקע שוה־וואַקס און האָט פאַר אַ קאָפּיקע געפּוצט די שטיוועל יעדען איינעם וואָס האָט פאַרלאַנגט. וואָסערע מדרגות יודיל אָפּאַטאָוו איז דורכגעגאַנגען פון אַ שטיוועל־פּוצער ביז אַ פּאָד־ראַטשיק, ווייס קיינער ניט. נאָר מען ווייס, אַז ער איז פּלוצלונג גע־וואָרען אַ גביר. און ניט פּשוט אַ גביר, נאָר אַ גביר מיט אַזאַ שטאַט, וואָס פאַר איהם און נאָך איהם האָט קיינער אין ווילנע ניט געזעהן: מיט אייגענע פערד און קאַרעטען, מיט לאַקייען און שווייצאַרען ביי דער טיר. אָהן אַ דאָקלאַד, ד. ה. אָהן אַ פריהעריגע מעלדונג, האָט

קיינער צו איהם ניט געקענט אריינקומען. דאָס איז געווען מיט 60—50 יאָהר צוריק, ווען קיין איין ווילנער אידישער גביר איז ניט איינגע־פאַלען צו לעבען מיט אזא שיק. און דאָך האָט קיינער ניט געוואוסט, צי יודיל אַפּאַטאָוו איז ווירקליך א גביר. א סך מיינען, אז כאָטש ער האָט זיך אויפגעפיהרט פירסטליך, האָט ער קיין אייגענס ניט געהאַט אפילו א קאָפּיקע. עס איז זאָגאר ביז היינטיגען טאָג א סוד, מיט וואָס יודיל אַפּאַטאָוו האָט זיך באַשעפטיגט. נאָר איינ׳גע גיבען זיך איבער בסודי סודות — אזוי ווי זיי וואָלטען נאָך איצט מורא האָבען פאַר איהם — אז דער ווילנער „תקיף״ האָט פּשוט געהאַנדעלט מיט פאַלשע פאַפּירענע געלט. די קלאַנגען זיינען געגאַנגען נאָך פאַר זיין לעבען, און מען זאָגט, אז וויפיל מסירות יודיל אַפּאַטאָוו האָט אויף זיך ניט געהאַט, האָבען די מסירות און רעוויזיעס קיינמאָל גאָרנישט ארויסגעבראַכט. וואָרום יודיל אַפּאַטאָוו — אזוי זאָגט די לעגענדע — האָט געהאַט פאַר זיינע פאַלשע געלט דעם זיכערסטען אָרט וואָס קאָן נאָר געבען. מען האָט זיי פאַרקויפט אין „קאַזנאַטשייסטוואָ״ (קרוין־קאַסע) גופא... און צוליב אָט די „ביזנעס״ האָט טאַקע יודיל אַפּאַטאָוו געהאַט באַקאַנטשאַפט אין הויכע, גאָר הויכע פענסטער. די אָרטיגע נאַטשאַלסטוואָ איז פאַר איהם געווען בטל. ער איז געווען פאַרבונדען דורך זיינע „ביזנעס״ מיט די גרעסטע לייט אין פעטערבורג. ווי ווייט יודיל אַפּאַטאָוו׳ס תקיפות האָט דערגרייכט, ווייזט דער פאַקט, אז אויף זיין „אָרדער״ האָט מען געשמיסען אין פּאָליציי יעדען, אויף וועמען ער האָט נאָר אָנגעוויזען. איז ער געווען אויף איינעם אין כעס, האָט ער געשיקט צו דער פּאָליציי אַן „אָרדער״ אויף יענעמס נאָמען. גלייך האָט מען יענעם צוגענומען אין צירקעל און מ׳האָט איהם דאָרט „אריינ־געשמאָטען״ אזוי פיל וויפיל יודיל אַפּאַטאָוו האָט געהייסען. אמאָל, דערצעהלט מען, איז יודיל אַפּאַטאָוו אין כעס געוואָרען אויף זיינעם א אידישען משרת, ער האָט איהם געגעבען א צעטעל און געהייסען אוועקטראָגען אין פּאָליציי־הויז. דער משרת איז אָבער ניט געווען קיין נאָר און האָט זיך אָנגעשטויסען מיט וואָס דער „צעטעל״ שמעקט. ער האָט באַגעגענט אין גאַס א באַקאַנטען, געגעבען איהם עטליכע קאָפּיקעס און געבעטען — אזוי ווי ער אליין איילט זיך ערגעץ אין א שליחות — אריינצוטראָגען דעם צעטעל דערביי אין צירקעל. קוים האָט מען אָבער דעם צעטעל געעפענט, האָט מען דעם אָרימען אידען געכאַפּט און גלייך „מכבד״ געווען אקוראַט נאָכ׳ן „אָרדער״. יענעמס ווייב איז געקומען מיט א געשריי צו יודיל אַפּאַטאָוו, וועלכער האָט זיך שוין פריהער אָנגעשטויסען, אז די מעשה איז אריבער ניט גלאַט, ווייל דער משרת האָט ניט בלויז ניט אויסגעזעהן ווי א געשטראָפטער בעל תשובה, נאָר אויף זיינע ליפּען האָט נאָך געשוועבט א כיטרער שמייכעל. אַפּאַטאָוו

האָט איהם אָבער מעהר גאָרנישט געטאָן. דער איינפאַל איז איהם געפעלען געוואָרען, און דער משרת איז געווען ביי איהם דערפאַר אויסגענומען.

נאָך מעהר כאַראַקטעריסטיש פאַר יודיל אָפּאַטאָוו'ס „תקיפות" איז אַ וויטערדיגער פאַקט, וואָס אַ סך ווילנער עלטערע אידען גע־דענקען. יודיל אָפּאַטאָוו איז געפאָהרען אין זיין פאַעטאָן מיט זיינע לאַקייען איבער די ווילנער גאַסען. ערגעץ אין אַן ענגער געסעל האָט ער זיך אָנגעשטויסען אָן אַ קאַרעטע, אין וועלכער עס איז געפאָהרען דער פּאָליציימייסטער.

— שטעה! ווער איז דאָרט? — האָט יודיל אַ געשריי געטאָן. — לאָז דעם וועג!

— שטעה! ווער איז דאָרט? — האָט דער פּאָליציימייסטער אויסגעשריען. — פאַרקעהר זיך אָן אַ זייט!

— קאַק סמייעש! ווי אַזוי וואַגסטו? — האָט יודיל אַ דונער געטאָן, אַרויסשפּרינגענדיג פון פאַעטאָן.

— זשיד! — האָט דער פּאָליציימייסטער איהם אָפּגעדונערט צוריק.

— חזיר! — האָט יודיל אַ שניט געטאָן און האָט דערלאַנגט דעם פּאָליציימייסטער צוויי פּלאַמעדיגע פּעטש, געזעצט זיך געלאַסען אין זיין קאַרעטע און געהייסען זיין קוטשער פאָהרען.

מאַנאַטען לאַנג האָט געשטורעמט ווילנע מיט דער האַזיגער גע־שעהעניש. עס זיינען געפלויגען עסטאַפעטען פון ווילנע אין פּעטערבורג, פון פּעטערבורג אין ווילנע, נאָר געענדיגט האָט זיך מיט גאָרנישט. יודיל איז געפאָהרען אין פּעטערבורג און עס איז געוואָרען רעכט.

פּעטש האָט יודיל אָפּאַטאָוו ניט געזשאַלעוועט, אפילו אין די שפּעטערדיגע יאָהרען, ווען אַרויסגעבען אָרדערס אויף שמיץ האָט מען שוין ניט געקענט. עס איז געווען אין ווילנע אַ פּאָעט משה חאשקעס. ער האָט געשריבען פון ווילנע קאָרעספּאָנדענצען אין „המליץ". אין איין קאָרעספּאָנדענץ האָט ער קריטיקירט יודיל אָפּאַטאָוו. אין ווילנע איז דאַן אַ קאָרעספּאָנדענט געווען קענטיג. משה חאשקעס האָט יעדער ווילנער איד געקענט. פון דער קריטיק האָט מען גערעדט אין גאַנץ שטאָדט. דאָס איז געווען אַ גרויסע וואָג־שטיק צו „באַשרייבען" אויפ'ן „בלאַט" דעם פורכטבאַרען „תקיף".

אַמאָל האָט יודיל אָפּאַטאָוו באַגעגענט משה חאשקעס אין גאַס. ער האָט איהם אָפּגעשטעלט.

— קום אַהער, דו שרייבערל.

דער „קריטיקער" האָט זיך אָפּגעשטעלט און געקוקט שטאָלץ אויף זיין „בעל־דבר". אַרום איז באַלד געוואָרען אַ רעדעל.

— דאָס האָסטו מיך קריטיקירט אויפ'ן בלאַט?

— אפשר ניט אמת? — האָט געזאָגט דער „עזות פנים".
— דו ווייסט אָבער, אַז איך קען אויך קריטיקירען?
— איהר?! — און משה חאַשקעס האָט פאַרביסען אַ שמייכעל אויף זיינע ליפּען.

ניט בלויז ער, נאָר גאַנץ שטאָדט האָט געוואוסט, אַז יודיל אַפּאַטאָוו איז אַן „עם הארץ", קען מיט צרות חתמ'ענען זיין נאָמען.

— יע, איך!... — האָט יודיל אַפּאַטאָוו געענטפערט און אַראָפּגעלאָזען חאַשקעס'ן צוויי פעטש מיט זיין אייזערנער האַנט.

— אָט דאָס איז יודיל אַפּאַטאָוו'ס קריטיק — האָט ער קאַלט־בלוטיג באַמערקט און איז אַוועק רוהיג זיין וועג.

יודיל אַפּאַטאָוו איז בטבע ניט געווען קיין „קמצן". ער האָט געגעבען אַ סך געלט אויף קהל'שע זאַכען. נאָך גבאות און כבוד האָט ער זיך ניט געיאָגט. ער איז געווען צו הויך, צו פיל „תקיף", איהם זאָל צופרידענשטעלען אַ פעטע „עליה" אין שוהל און נאָך אַזעלכע כיבודים, נאָך וועלכע עס יאָגען זיך קליינע ברואים.

אויף ווילנער אידישע קהל־פיהרער האָט ער געקוקט מיט פאַר־אַכטונג און פלעגט זיך אָפט אויסדריקען וועגען זיי גראָב. אויפ'ן שטייגער פון געוועזענעם שטיוועל־פוצער. די דאָזיגע באַציהונג זיינע צו „קהל" באַראַקטעריזירט אַ פאַקט, וואָס איז מעהר עהנליך צו אַן אַנעקדאָט, פון וועלכען ווילנע האַלט זיך נאָך היינט אין די זייטען פון געלעכטער.

עס איז אַמאָל געגאַנגען עפּעס אין אַ נצחון צווישען דעם „תקיף" און „קהל". אַפּאַטאָוו האָט עפּעס געהייסען „אַזוי זאָל געטאָן ווערען". קהל האָט דאָס ניט געקענט, אָדער ניט געוואָלט דערלאָזען. אימיצער האָט באַמערקט דעם „תקיף":

— וואָס וועט ד'רויף זאָגען ווילנע?

— ווילנא!? — האָט דער „תקיף" אויסגעשריען, — זאָל מיר גאַנץ ווילנע... — דערביי האָט ער געזאָגט אַ ווערטעל, וואָס איז ניט באַקוועם צו ברענגען אין דרוק.

דאָס ווערטעל איז ווי אויף פליגלען אין איין מאָמענט צוטראָגען געוואָרען איבער'ן גאַנצען שטאָדט. קהל האָט זיך געפיהלט שטאַרק באַליידיגט. ס'איז געבליבען, מען זאָל אַזאַ גראָבקייט דעם „תקיף" ניט שענקען. אָבער וואָס טוט מען? וואָס קען מען געגען איהם טאָן? מ'האָט גערופען „מאַטקע כאַבאַד", און ער האָט זיך שוין אָנגענומען פאַר אַ פּאָר רובעל אָפּצורעכענען זיך מיט'ן גראָבען יונג אויף זיין, מאַטקע כאַבאַד'ישען שטייגער.

אויף מאָרגען נאָכמיטאָג, ווען דער מורא'דיגער „תקיף" האָט, ווי זיין שטייגער, געכאַפּט אַ נאָכוואַרמעסדיגען דרעמעל, איז אַריינגע־

לאָפען צו איהם אין קיך א פארסאָפּעטער, אָהן א אָטעם,, מאָטקע כאַבאַד. די דינערשאַפט האָט זיך א לאָז געטאָן צו איהם:

— וואָס איז, רב מאָטקע?

— גיכער... וואו איז רב יודיל... קהל האָט מיר געשיקט... מ'זיצט אין קהל־שטיבעל...

— ער שלאָפט, — האָט מען איהם געמעלדעט.

— גיכער... קהל... וועקט איהם אויף!... — האָט מאָטקע געסאָפּעט.

— וואָס זייט איהר משוגע, רב מאָטע?...

די שטוב־לייט האָבען משונה'דיג אויף איהם אויסגעשטעלט די אויגען. פון מאָטקע כאַבאַד איז ווירקליך געוועזן א משוגעת. גאַנץ שטאָדט האָט געוואוסט, אז ווען יודיל אַפּאַטאָוו שלאָפט נאָך וואַרמעס, טאָר מען איהם ניט וועקען, עס מעג אונטערגעהן די וועלט. און ווער עס האָט געוואָגט צו שטערען איהם פון זיין שלאָף, איז שוין קיין גאַנצער פון זיין גראָבען שטעקען ניט ארויס. נאָר מאָטקע איז ניט אָפּגעשטאַנען.

איך זאָג אייך: קהל... עקסטרא... סכנות נפשות... מ'האָט מיך געשיקט צו רב יודלען... איך זאָל ניט אָפּטרעטען... מ'וואַרט אין קהל־שטיבעל... איך מוז זעהן רב יודלען... סכנות נפשות...

אַלע אין שטוב זיינען געוואָרען פארציטערטע: די מענשען, די ווייב און די קינדער.

— זאָגט וואָס, רבי מאָטע, וואָס איז געשעהן?

— איך קאָן ניט, — האָט מאָטע נאָך אַלץ געסאָפּעט, — נאָר איהם אַליין... אַזוי האָט מיר קהל געהייסען...

מ'האָט גאָרנישט געקאָנט מאַכען. די ווייב האָט זיך איינגעשטעלט אין סכנות און איז געגאַנגען וועקען דעם „תקיף".

אין א מינוט ארום איז יודיל אַפּאַטאָוו אריינגעלאָפען ניט טויט, ניט לעבעדיג, אין שלאָפראָק, א צוטומעלטער, א צושראָקענער...

— הא!... וואָס איז געשעהן? — פרעגט ער בלאָנדזשענדיג ווילד מיט די אויגען אין אַלע זייטען.

— רבי יודיל, — האָט מאָטקע געשטאַמעלט, צונויפגעצויגען בלומרשט פון שרעק, — קהל האָט מיך געשיקט צו אייך... עקסטרא... מ'האָט זיך אויפגעקליבען אין קהל־שטיבעל...

— רייד! וואָס איז? ווערטער! — האָט יודיל געשריען אַלץ מעהר צושראָקען און ברענענדיג פאַר אומגעדולד.

מאָטקע האָט געשטאַמעלט מיט א בלומרשט פארצווייפעלטער שטים: — קהל האָט מיך געשיקט... פרעגען... אַנטקעגען דעם, הייסט

דאָס, וואָס איהר האָט נעכטען געהייסען... גאַנץ ווילנע... ווייס ניט קהל... צי מיינט איהר: מיט סניפּישאָק, צי אָהן סניפּישאָק?...

אַפּאַטאָוו׳ען האָט זיך געוואָלט ווערען אַ מחותן מיט דעם גביר פּאַרנעס, דעם גרעסטען יחסן פון ווילנע. פּאַרנעס האָט אַרויסגעטריבען דעם שדכן, וואָס האָט איהם פאָרגעלעגט ווערען אַ מחותן מיט דעם געוועזענעם שטיוועל־פּוצער, אָבער דער ווילנער „תקיף" האָט געזאָגט, אַז ער מוז ווערען אַ מחותן מיט דעם גרעסטען ווילנער יחסן. און ער האָט אויסגעפיהרט. פּאַרנעס איז געווען אַ פּאַדראַטשיק. האָט יודיל אַפּאַטאָוו גענומען קאָנקורירען מיט אַלע זיינע פּאָדראַדען. אין עטליכע יאָהר צייט איז פּאַרנעס געוואָרען אַן אָרימאַן. דאַן האָט ער דעם זעלבען שדכן, וואָס ער האָט פריהער אַרויסגעטריבען, אויפגענומען מיט כבוד, און פּאַרנעס׳ זוהן איז געוואָרען יודיל אַפּאַטאָוו׳ס איידים.

אַז אַנטאָקאָלסקי דער קינסטלער איז געוואָרען בּאַריהמט; ער האָט געהאַט צו טאָן מיט פירשטען און מאַגנאַטען, און ווילנע האָט געהאַט דורך איהם גרויס כבוד, האָט יודיל אַפּאַטאָוו געזאָגט, אַז ער איז פּאַר איהם אַ גוטער חתן, פּאַר זיין טאָכטער. און אַזוי איז געווען. דער וועלט־בּאַריהמטער בילד־שניצער אַנטאָקאָלסקי איז געוואָרען זיין, יודיל אַפּאַטאָוו׳ס, איידים.

דער ווילנער „תקיף" האָט געפיהרט אַ פרייען שטאַט, בשעת מען האָט נאָך אין ווילנע פאַרפאָלגט פאַר אַן אַפּיקורסיש ביכעל.

ער האָט געהאַלטען צו זיינע קינדער פּאַר אַ לעהרער דעם בּאַריהמ־טען העברעאישען דיכטער מאַפּו, וועלכען ער האָט אָבער מכבד געווען מיט אַ שטעקען, און יענער איז קוים מיט די ביינער פון איהם אַנט־לאָפען. דערפאַר האָט מאַפּו שפּעטער אַרויסגעשטעלט דעם „תקיף" פאַר דעם העלד אין זיין בּאַריהמטען ווערק „עיט צבוע".

---

## מאָטקע כאַבאַד און שייקע פייפער

די צוויי גרעסטע אידישע וויצלינגע פון רוסלאַנד, — זייער פערזענ־ליכקייט און זייערע וויצען.

פון די דריי בּאַריהמטע וויצלינגע, וואָס דאָס אידישע פאָלק האָט פאַרמאָגט אין דער ערשטער העלפט פון׳ם 19טען יאָרהונדערט, זיינען צוויי געווען ווילנער. דאָס איז מאָטקע כאַבאַד און שייקע פייפער. ווען שייקע פייפער לעבט אביסעל שפּעטער, וואָלט פון איהם געוואָרען פיליכט אַ וועלט בּאַריהמטער אַרטיסט. מאָטקע כאַבאַד איז געווען פון דעם טייג, פון וועלכען אין דייטשלאַנד איז אַרוים אַ בערנע.

און ניט אומזיסט זיינעןביידע גרויסע וויצלינגע געווען ווילנער. די רייכקייט און שעהנקייט פון דער נאַטור אַרום ווילנע; די באַזונדערע באַדינגונגען פונ׳ם עקאָנאָמישען לעבען און פון דער פּאָליטישער לאַגע פון די ווילנער אידען, האָט געשאַפען דאָ, אין דער ירושלים דליטא, אַ גינסטיגען באָדען פאַר דער ענטוויקלונג פון טאַלאַנטען אויף אַלע געביטען פונ׳ם מענשליכען דענקען און שאַ-



מאָטקע כאַבאַר, וועלכער האָט געוואוינט אין מאַיערקעס הויף (גיטקע טויבעס זאַוואולעק, נומער 3) אין ווילנע.

פען, מעהר ווי אין אַנדערע שטעט פון ליטע, פּוילען און וואָלין. אַלס גייסטיגער צענטער פון די רוסישע אידען איז ווילנע געבליבען ביז דער סאַמע מלחמה. און אפילו דער שרעקליכער קריג-גאָט האָט געשוינט אָט די מערקווירדיגע אידישע שטאָט. אַ חוץ דעם הייפעל גבירים, איז אין ווילנע פאַרבליבען די גאַנצע אידישע באַפעלקערונג. ווילנע איז, הייסט דאָס, באַשערט פון שיקזאַל צו

זיין דער ווייטערדיגער פלאַנצגאַרטען פון אידישער קולטור, אפילו אונטער דער פוילישער הערשאפט.

פון אַט דיביידע טאַלאַנטפולע וויצלער „מאַטקע כאַבאַד" און „שייקע פייפער", איז לײדער, נאָר ווינציג געבליבען זכרונות ביי ווילנער זקנים. די סבות דערפון זיינען צוויי: ערשטענס האָט דער עולם ניט שטאַרק געהאַלטען פון דעם וויצלער, ווען ער איז געווען אַן אָרימאַן, כאָטש מ'האָט אָנגעקוואָלען פון זיינע וויצען. צווייטענס איז ווילנע גלאַט ניט זשעדנע געווען אין וויצלער. מ'קען זאָגען, אַז יעדער ווילנער איך איז אַ זאַק פול מיט וויצען. אַט האָב איך מיט גרויס מיה געקראָגען אין ניו יאָרק אַ ווילנער זקן פון אַריבער שבעים, וואָס האָט געקענט פערזענליך מאַטקע כאַבאַד. אָבער אַנשטאָט צו דערצעהלען מיר עפּעס וועגען איהם, האָט ער מיר אָנגעהויבען צו שיטען אייגענע וויצען. מיט מאַטערניש האָב איך געקאָנט אַרויסקריגען פון איהם נאָר, אַז מאַטקע כאַבאַד האָט געהאַט אַ רויטען פּנים, שוואַרצע האָר, אַ ברייטען נאָז, ביסטרע אויגען. איז געווען אַ איד פון מיטעלען וואוקס און אַ דיקליכער. געלעבט האָט ער נאָר פון זיינע וויצען, און דאָס הייסט, אַז ער איז געווען אַ גרויסער אָרימאַן. זיינע וויצען פלעגט ער אויסברענגען ביי די נגידים. קיין שטוקעס, ווי הערשעלע אָסטראָפּאָלער, אַ שטייגער, און שייקע פייפער, פלעגט ער ניט פּראַווען. ער איז בלויז געווען אַ מייסטער אויף ווערטלעך און המצאות'דיגע מעשה־לאַך. זיינע ווערטלעך און מעשות איז ניט אַלע מאָל באַקוועם צו ברענגען אין דרוק אַזוי, ווי זיי זיינען אַרויס פון זיין מויל. מ'מוז אויסלאָזען שטיקער און אויף זייער אָרט שטעלען פינטעלעך. און דאָך, ניט קוקענדיג אויף דעם, קענט איהר ניט זאָגען אַז אַט דער סאָרט וויצען פון מאַטקע כאַבאַד איז ביליג, אָדער ציניש. אין דער נאַקעטקייט פון זיין וויץ ליגט אַ מין קינדערשע תמימות. בשעת איהר הערט דעם וויץ גיט אייך אונאַנגענעם אַ בריה דער גראָבער וואָרט. אָבער נאָך דעם פיהלט איהר, אַז ער, דער וויץ הייסט עס, איז דאָך מאָדנע זאַלציג, און טרעפט אין פינטעל. ניט קוקענדיג אויף אַ פּאָר גראָבליכע ווערטער, איז די המצאה אָדער מעשה'לע, אין גאַנצען גענומען, שעהן געבויט און ווייזט אין דעם דערצעהלער אַ באַאָבאַכטענדען גייסט און אַ דיכטערישע נשמה.

פון די געדרוקטע וויצען, וואָס זיינען פאַרבונדען מיט דעם נאָמען פון „מאַטקע כאַבאַד", זיינען בלויז דאָ עטליכע, וואָס מ'קען דענקען, אַז זיי באַלאַנגען מיט אַן אמת דעם גרעסטען ליטווישען וויצלער. די איבעריגע האָבען קיין שום שייכות ניט צו איהם. צום טייל, זיינען זיי סתם אידישע געלונגענע און ניט געלונגענע וויצען; צום טייל איבערגעניצעוועטע גוי'שע. וויצען, אַרויסגענומען פון די צייטונ־

גען און פון די שול־ביכער. אזוי אז מ'קען אייגענטליך זאָגען, אז אמת'ע מאָטקע כּאַבּאַד'ס וויצען האָבען מיר כמעט גאָר ניט. פונ־דעסטוועגען האָט מען, גלויב איך, געקענט צוזאַמענשטעלען א גוטען ביכעל פון ריינע מאָטקע כּאַבּאַד'ס וויצען, ווען מ'וואָלט זיך גוט דורכשמועסען מיט עלטערע ווילנער אידען. ניט דוקא קיין זקנים.

אָט זיינען א פּאָר מאָטקע'ס וויצען, וואָס זיינען, נאָך מיין מיינונג, אמת'ע מאָטקע כּאַבּאַדישע.

1) מאָטקע איז געווען אין מינסק אויף א גבירישער חתונה. שטעהען צו איהם צו נגידישע יונגע לייט, ער זאָל זיי עפּעס זאָגען א „המצאה".

— רעכט, — זאָגט מאָטקע, — און גלייך צום פּסוק:

ויסעו מסכות ויחנו ברפידים — געהאנגען זאָלען ווערען אַלע מינסקער נגידים.

די נגידים האָבען זיך שטאַרק באַליידיגט און געפרעגט:

— וואָס איז דאָס פאַר א המצאה?

— איך מיין טאַקע, — זאָגט מאָטקע, — אָהן המצאות...

2) מאָטקע'ן האָט אַמאָל אויסגעפעהלט עטליכע קערבלעך אויף דירה־געלד. געהט ער אַוועק צו וועלוועל ליבערמאַן, א וויל־נער גביר, וואָס האָט ליב געהאַט מאָטקע'ס א ווערטעל. מאָטקע האָט געטראָפען דעם גביר זיצענדיג ארום א טיש מיט געסט (דאָס איז געווען זומער צייט) ביי זיך אויפ'ן הויף.

— ווען איהר גיט מיר, — זאָגט מאָטקע צום גביר, — פינף קערבלעך ווייז איך אייך א קונץ; איך שלעפּ אראָפּ די זון פון הימעל אהער אויפ'ן טיש.

באַקומען די פינף רובעל, הייסט זיך מאָטקע געבען א קאָ־טשערע, קריכט ארויף אויפ'ן טיש, נעמט זיך מעסטען מיט דער קאָטשערע אהין, אהער, און איילט זיך בכלל ניט מיט'ן אויספיהרען די שטיקעל ארבייט, וואָס ער האָט זיך אָנגענומען.

דער עולם ווערט אונגעדולדיג און דער גביר, וועלוועל ליבער־מאַן, סיבעצט אונטער מאָטקען'ן: מאָטקע, עפּעס געהט ביי דיר צו שווער!

— זייט מוחל, ר' וואָלף, — ענטפערט איהם מאָטקע, — נאַט אייך די קאָטשערע און איהר טשעפּעט נאָר אָן אָן דער זון, וועל איך איהר שוין אראָפּשלעפּען...

3) אין ווילנע איז געווען, אין מאָטקע'ס צייטען, א גביר, און א „תקיף" — יודעל אַפּאַטאַף. ער האָט געהאַט א גראָבען שטע־קען און א גראָבען מויל, און אַלע האָבען פאַר איהם מורא געהאַט. אַמאָל האָט ער, אין קהל־שטיבעל, געפאָדערט עפּעס א זאַך, וואָס קהל האָט ניט געקענט נאָכגעבען.

— וואָס וועט זאָגען דערויף ווילנע? — האָט אימיצער פון קהל זיך דערוועגט דעם שטאָלצען תקיף צו דערווידערען.

— ווילנע?... — האָט יודעל אַפּאַטאָוו געגעבען אַ געשריי,

— וואָס הער איך ווילנע! זאָל מיר גאַנץ ווילנע...

פאַר אַזאַ גראָבקייט איז געבליבען ביי קהל זיך אָפּצוּרעכענען מיט׳ן „תקיף״

מ׳האָט גערופען מאָטקע כאַבאַד, און פאַר דריי קערבלעך האָט דער באַריהמטער וויצלער זיך אָנגענומען אָפּשפּילען מיט דעם מעכטיגען תקיף אַ שטוקע.

אויף מאָרגען, בשעת יודעל אַפּאַטאָוו האָט זיך אָפּגערוהט, ווי זיין שטייגער, אין זיין נאָכמיטאָגדיגען שלאָף, איז פּלוצלונג אָנגעלאָפען צו איהם אין שטוב מאָטקע כאַבאַד, אַ פאַרסאָפּעטער, אָהן אַן אָטעם.

— גיכער, — האָט ער געסאָפּעט, — ר׳ יודעל... וואו איז ר׳ יודעל? איך מוז איהם זעהן...

— דו ביזט משוגע, צי מטורף, מאָטעל? — האָבען די שטורבינגע אויף איהם אויסגעשטעלט די אויגען

גאַנץ ווילנע האָט געוואוסט, אַז וועקען יודעל אַפּאַטאָוו׳ען ביי טאָג פון זיין שלאָף איז סכנות נפשות... אפילו די ווייב האָט ניט געטאָרט געהן נאָהענט אַרום זיין שלאָפצימער.

אָבער מאָטקע האָט קיין זאַך ניט געהערט. ער האָט געהאַלטען איז איין סאָפּען: — קיין שום תירוץ... סכנות נפשות... קהל, אסיפה, קהל־שטיבעל... מ׳האָט מיך געשיקט — עקסטרא!

אַפּאַטאָוו׳ס ווייב און קינדער האָבען געמיינט, אַז ס׳מוז זיין עפּעס אַ גזרה, אַ סכנה פאַר אידען, און ענדליך האָט זיך די ווייב איינגעשטעלט און איז געגאַנגען וועקען דעם מאַן.

— וואָס אי? הא? וואָס? — האָט זיך אַפּאַטאָוו אַראָפּגעכאַפּט פון געלעגער און איז אַריינגעלאָפען אין שטוב ניט טויט, ניט לעבעדיג.

— ר׳ יודעל, — האָט מאָטקע געסאָפּעט, — ר׳ יודעל, קהל... אסיפה, עקסטרא! קהל־שטיבעל! מ׳האָט מיך געשיקט...

— רייד ווערטער! וואָס איז?! — האָט דער תקיף געברומט ווי אַ צורייצטער לייב.

— קהל... — האָט מאָטקע קוים אַרויסגערעדט — האָט מיך געשיקט... אַנטקעגען דעם, הייסט עס, וואָס איהר האָט נעכטען געזאָגט... גאַנץ ווילנע זאָל אייך... ווייס קהל ניט, ווי האָט איהר געמיינט: צי מיט סניפּישאָק, צי אָהן סניפּישאָק...*)

---

*) סניפּישאָק איז אַ פאָרשטעטעל פון ווילנע.

וועגען שייקע פייפער ווייס מען, אז ער האָט געלעבט אין איין צייט מיט מאָטקע כאַבאַד, איז אָבער געווען אַביסעל אינגער פון איהם. ער איז ניט געווען קיין פּראָפעסיאָנעלער וויצלער, ווי מאָט־קע. ער איז דעם גאַנצען לעבען געווען אַ זינגער. פריהער ביי דעם ווילנער באַלעבעסעל, דערנאָך ביי דעם לאָמזער חזן, וואָס איז געווען חזן אין ווילנע נאָכ'ן ווילנער באַלעבעסעל.

די ווערטלעך וואָס דאָס פאָלק שרייבט צו שייקען זיינען, גיכער ווי אַלץ, ניט זיינע. בכלל איז ניטאָ צווישען די וויצען, וואָס מ'דער־צעהלט אין שייקעס נאָמען, אַזעלכע וואָס זאָלען זיין כאַראַקטעריסטיש פאַר זיין פּערזענליכקייט; וואָס מ'זאָל קענען זאָגען: יע, דאָס איז שייקע'ס אַ וויץ.

דאָס איז, וואהרשיינליך דערפאַר, וואָס שייקע פייפער (פייפער האָט מען איהם גערופען, ווייל ער האָט, זאָגט מען, געקענט זעהר קונציג פייפען מיט דער צונג) איז געווען מעהר בריה אויף שטוקעס, פאַרשטעלען, אָנשטעלען, ווי אויף זאָגען וויצען.

שייקע האָט, וואהרשיינליך, געמוזט האָבען דעם טאַלאַנט פון אַן אַרטיסט, אָט דעם טאַלאַנט האָט ער באַנוצט בשעת אין זינגען איז געווען „סלעק". באַנוצט נאָר אויף אַ באַזונדער אופן, ער פלעגט, זאָגט מען, אַוועקלאָזען זיך אין וואַלין. דאָרטען אויסגעבען זיך פאַר אַ „בעל שם". די ראָלע פון אַ „בעל שם" האָט ער אַזוי קונציג גע־שפּילט, אַז ער פלעגט ברייגגען אַהיים פון זיין נסיעה שטיקער געלד.

אָט זיינען אַ פּאָר וויצען, וואָס ווערען צוגעשריבען שייקע פייפער:

## 1) אַ ליגען — ניט געטראַכט.

— הער, שייקע, — מאַכט אַמאָל צו איהם אַ ווילנער גביר,
— איך גיב דיר אַ רובעל און זאָג מיר אַ ליגען שוין, אויפ'ן אָרט, ניט געטראַכט.
— איהר האָט דאָך געזאָגט: „איהר וועט מיר געבען צוויי!
— האָט שייקע גלייך געענטפערט און געקראָגען דעם רובעל.

## 2) אַ פענדעל, וואָס פענדעלט זיך.

שייקע האָט געליהען ביי אַ שכן אַ בלעכענע פענדעל.
אויף מאָרגען האָט ער אָפּגעבראכט די פענדעל. אין דער פענדעל איז געלעגען אַ קלענערע פענדעלע.
— וואָס איז דאָס? — פרעגט פאַרוואונדערט דער שכן.
— אייער פענדעל, — ענטפערט שייקע — האָט זיך געפענ־דעלט און האָט געהאַט אַ קליינינקע פענדעלע.
אויף מאָרגען קומט שייקע צום זעלבען שכן ליהען אַ גרוי־סע קופערנע פאַן. דער שכן האָט איהם, פאַרשטעהט זיך, מיט שמחה

געליהען די גרויסע קופערנע פאן, אין דער זיסער האפנונג אז די פאן וועט זיך מסתמא אויך „פענדלען".

שייקע'ן האט געפעהלט אויף שבת, איז ער געגאנגען און האט פארזעצט די פאן פאר עטליכע גילדען.

עס געהט אוועק א וואך, צווי, דער שכן ווערט אונרוהיג און קומט צו שייקען מאהנען די פאן.

— אייער פאן איז געשטארבען, — מעלדעט איהם שייקע מיט א טרויעריג פנים.

— סטייטש! ווי קען דאס א פאן שטארבען, — שרייט דער שכן מיט כעס.

— כע־כע! — האט זיך שייקע שטארק צולאכט, — ווען איהר האט געגלויבט אז א פענדעל קען זיך פענדלען, דארפט איהר גלויבען אז א פאן קען שטארבען.

דער דאזיגער וויץ איז איינער פון די סאמע כאראקטעריסטישע אידישע פאלקס־ווערטלעך. אין איהם ליגט א טיפע סאטירע אויף די זיטען. דער מענש איז גרייט צו גלויבען אין אלע נארישקייטען, אזוי לאנג, ווי דאס לוינט זיך פאר זיי'ן קעשענע. א „חקרן" ווערט ער אזוי באלד, ווי אט די נארישקייטען הערען אויף צו ברענגען איהם פראפיט.

## ב. לעוויטין.

# די געשיכטע פון ווילנער ברענטש 367, אַרבייטער רינג.



דרייסיג ברידער זיינען זיי געווען.
פון „בונדיס" אַרמיי טרייע זעלנער.
האָבען זיי געבויט א ברענטש א שעהן,
מיט דעם צויבער נאָמען — ווילנער.

---

עס זיינען אוועק 25 יאָהר!

א פערטעל יאָהרהונדערט פון גלאָררייכער טעטיגקייט.

א רעקאָרד פון אויפטואונגען, מיט וועלכע די גרעסטע אָרגאַניזאַציע מעג שטאָלצירען.

א רעפּוטאַציע, וועלכע איז לאַנג אריבערגעוואקסען ניט נאָר די גרעניצען פון די איינגע קרייזען פון די אייגענע מיטגלידער און אפילו די ראַמען פון דעם גרויסען אָרדען, נאָר זי האָט אויך אריבערגעשפּרייזט דעם ברייטען שטח פון דעם אטלאַנטישען אָקעאַן.

א צווייג, וועלכער האָט זיך אַזוי צואוואקסען, אז ער איז גע־וואָרען די קרוין, דער שיינדעל פון דעם מעכטיגען בוים, וועלכער רופט זיך ארבייטער רינג.

א ברענטש, וועלכער איז געוואָרען דער גרעסטער, דער רייכסטער, דער טעטיגסטער אין דעם מעכטיגסטען אידישען ארבייטער אָרדען.

דאָס איז אין קורצען די געשיכטע פון דעם ווילנער ברענטש 367 פון ארבייטער רינג.

---

אין וואָס ליגט דער כח פון ברענטש 367?

דער לעצטער יאָהר־צעהנדליג איז געווען ניט קיין גינסטיגער פאַר'ן ארבייטער רינג. א מעכטיגער שטראָם האָט געשטויסען סיי איינצעלנע ברענטשעס און סיי דעם אָרדען אלס א גאַנצען בארג אַרונטער. די אימיגראַציע קוואָטאַס האָבען אָפּגעשניטען דעם קוואַל פון וועלכען דער ארבייטער רינג האָט געצויגען זיין מיטגלידערשאַפט. קאָמוניסטישע אינטריגעס האָבען דעם אָרדען אויך קיין גוטעס ניט געטאָן. ברענטשעס האָבען אָנגעהויבען פארלירען מיטגלידער. די

לעצטע פינף יאָהר פון קריזיס זיינען געווען ספּעציעל שווערע פאַר'ן אַרבייטער רינג. פילע ברענטשעס, וועלכע זיינען געווען צווישען די גרעסטע און וועלכע האָבען אַמאָל פאַרנומען דעם סאַמע אויבען־אָן אין אַרבייטער רינג, זיינען דורך דער צייט פּאַרוקט געוואָרען אָן א זייט און זיינען פאַרדונקעלט געוואָרען פון נייע, אויפבליהענדע ברענ־טשעס. אייניגע ברענטשעס זיינען זיך שיער ניט צופאַלען פון דעם צו־גרויסען פאַרלוסט פון מיטגלידער.

דער ווילנער ברענטש 367 איז געווען כמעט די איינציגע אויס־נאַמע אין דער הינזיכט. דער ברענטש איז די גאַנצע צייט געגאַנגען נעגען דעם שטראָם פון פאַרצעהרונג און האָט פאַרטגעזעצט זיין ער־פאָלגרייכען מאַרש באַרג אַרויף. ער איז געוואַקסען סיי אין דער צאָהל מיטגלידער, סיי אין זיינע פינאַנציעלע ריסורסען און סיי אין זיין פאַר־צווייגטער טעטיגקייט, ביז ער איז געוואָרען דער גרעסטער, דער שטאַרק־סטער און דער איינפלוסרייכסטער ברענטש אין אַרבייטער רינג.

דער ברענטש קומט צו דער גרויסער שמחה פון זיין 25־יאָהריגען יובילעאום מיט א מיטגלידערשאַפט פון איבער 700 און מיט א פאַר־מעגען אין די בענק פון איבער צעהן טויזענד דאָלער.

מיט וואָס ערקלערט זיך אָט דער מערקווירדיגער אימפּעט, וועל־כער האָט שטענדיג געשטויסען דעם ברענטש אַלץ העכער אויפ'ן לייטער פון ערפאָלג?

דריי פאַקטאָרען האָבען בייגעטראָגען צו דעם גרויסען ערפאָלג פון ברענטש 367.

1) דער נאָמען.

2) די רעוואָלוציאָנערע טראַדיציע.

3) דער מענשען מאַטעריאַל.

ווילנע איז שטענדיג געווען א צויבער נאָמען ניט נאָר פאַר דעם אידישען למדן און פאַר דעם אידישען משכיל, נאָר זי איז אויך גע־ווען א קוואַל פון באַגייסטערונג פאַר דעם אידישען אַרבייטער. פאַר יעדען שיכט פון דער אידישער באַפעלקערונג האָט ווילנע סימבאָלי־זירט עפּעס שעהנעס, עפּעס ערהאַבענעס. פאַר דעם פרומען אידען איז ווילנע געווען די ירושלים דליטא, מיט איהרע גרויסע ישיבות, מיט דעם שול־הויף און די פאַרשידענע שטיבלעך, וואו מען האָט געלערענט תורה און חכמה; פאַר'ן מאָדערנעם אידען איז ווילנע גע־ווען דער צענטער פון קולטור, דער מקור פון אידישען בוך, דער סימ־באָל פון מאָדערניזם; פאַר'ן אידישען אַרבייטער איז ווילנע געווען די וויגעלע פון „בונד", דער קוואַל פון רעוואָלוציאָנערע טעטיגקייט.

ווילנע איז געווען א קוואַל פון באַגייסטערונג און פון זיסע ער־אינערונגען ניט נאָר פאַר די אמת'ע ווילנער, וועלכע זיינען דאָרט גע־בוירען און ערצויגען געוואָרען, נאָר אפילו פאַר די, וועלכע האָבען

דאָרט פאַרבראַכט בלויז עטליכע יאָהר, אָדער זיי זיינען דאָרט געווען צו גאַסט פאַר אַ גאַנץ קורצער צייט.

דער נאָמען ווילנע האָט אַזוי ווי אַ מאַגנעט געצויגען און ער ציהט נאָך אויך איצט ווילנער לאַנדסלייט צו דעם ברענטש. און לאַנדסלייט האָט ווילנע גאָר אַ סך. זי האָט געבוירענע לאַנדסלייט און געוואָרענע לאַנדסלייט. עס זיינען פאַראַן אַפילו אַזעלכע, וועלכע האָבען ווילנע קיין מאָל אין די אויגען ניט אָנגעזעהן און דאָך שרייען זיי אַז זיי זיינען ווילנער לאַנדסלייט און זיי רייסען זיך צו באַלאַנ־גען דוקא צום ווילנער ברענטש.

און עס איז מערקווירדיג! ווען מען זאָל נעמען אַ צענזוס פון די מיטגלידער פון דעם ווילנער ברענטש און מען זאָל דורכקוקען זיי־ערע מעטריקעס, וועט זיך זיכער אַרויסווייזען אַז אַ היבשע צאָהל מעמבערס זיינען גאָר געבוירען ערגעץ אַנדערש, ווייט פון ווילנע. דאָך וואַרט דער ווילנער גייסט פון דעם ברענטש און די אינספּיראַציע פון דעם צויבער נאָמען אַפילו אויף אַ האָר ניט פאַרשוועכט. דער גייסט פון ווילנע שוועבט שטענדיג איבער'ן ברענטש און שטויסט איהם צו רעוואָלוציאָנערע און געזעלשאַפטליכע טעטיגקייט.

אָבער אויב דער צויבער נאָמען האָט צוגעצויגען מיטגלידער צום ברענטש, האָט די טראַדיציע און דער גייסט פון ברענטש די דאָזיגע מיטגלידער צוזאַמענגעהאַלטען. דער ברענטש איז געגרינדעט געוואָרען מיט אַ צוועק, מיט אַ אידעאַל. זיינע גרינדער זיינען געקומען פון דער היסטאָרישער רעוואָלוציאָנערער קינדער־גרופּע, וועלכע איז געווען באַוואוסט אלס „דער קליינער בונד". דאָס זיינען געווען יונגע־לייט, וועלכע זיינען נאָך געווען יונג אין יאָהרען, אָבער זיי זיינען שוין גע־ווען רייך אין רעוואָלוציאָנערע ערפאַהרונג און אין אָפּפערווילליגקייט פאַר'ן שעהנעם אידעאַל פון סאָציאַליזם. איינינגע פון די גרינדער פון ברענטש 367 זיינען שוין פריהער געווען מיטגלידער פון אַן אַנדער ווילנער אַרבייטער רינג ברענטש, — ברענטש 43, — וועלכער איז געגרינדעט געוואָרען פון אַ צאָהל בונדיסטען. דאָרט האָבען זיי זיך אָנגעזאַפּט מיט דעם גייסט און מיט די טראַדיציעס פון אַרבייטער רינג.

אָט די העלדישע יונגע רעוואָלוציאָנערע אַרבייטער, אָט די ווילנער יונגעלייט, וועלכע האָבען נאָך ניט געהאַט אָפּגעקיהלט די רעוואָלוציאָנעט־רע באַגייסטערונג וואָס זיי האָבען איינגעזאַפּט אין זיך אויף די אַרביי־טער פאַרזאַמלונגען און אויף קאָנספּיראַטיווע צוזאַמענקונפטען אין דער אַלטער היים, האָבען געלעגט דעם פונדאַמענט אויף וועלכען עס איז אויפגעבויט געוואָרען דער ברענטש 367. זיי האָבען אַריינגעבראַכט אין דעם ברענטש זייער באַגייסטערונג, זייער לוסט צו טעטיגקייט און צו גרויסע אויפטואונגען און זיי האָבען געפיהרט דעם יונגען ברענטש פון איין ערפאָלג צו אַ צווייטען. איינינגע פון די גרינדער פון ברענטש,

ווי אויך א צאָהל פון די וואס האָבען דעם ברענטש געהאָלפען גרינדען, כאָטש זיי זיינען ניט געווען צווישען די טשאַרטער מיטגלידער, זיינען נאָך איצט די טעטיגסטע מיטגלידער און די לייטענדע גייסטער פון דעם ברענטש. די מיטגלידער אקסעלראד, גאָלדינג, דאמסקער, לאנדאו, דזש. ראָגאָף, פייגעלסאָן, קאַץ, קאָהען, קאָטלאָוויטש פארנעמען נאָך היינט־צו־טאָג דעם סאַמע אויבען־אָן אין דער פירערשאַפט פון ברענטש.

אָבער צו גענעראַלען דאַרף מען אויך האָבען אַן ארמיי, און אויך אין דער הינזיכט האָט דער ברענטש געהאַט מזל. דער ברענטש האָט צוגעטראָפען מיט די מיטגלידער פונקט ווי מיט זיינע אָנפיהרער. דער מענשען־מאַטעריאַל פון וועלכען די מיטגלידערשאַפט פון ברענטש איז צוזאַמענגעשטעלט איז א מערקווירדיגער. די מערסטע מיטגלידער זיי־נען געקומען פון דער ווילנער ארבייטער געטאָ, פון דעם קעסעל־גרוב פון רעוואָלוציאָנערע אידעען. אסך פון זיי האָבען זיך אויסגעוואָל־גערט אין די ווילנער טורמעס און אין סיביר פאַר זייער טעטיגקייט אין דעם ארבייטער־קאַמף פאַר פרייהייט. די ערינערונגען פון יענעם ערהאָבענעם קאַמף און אפילו פון יענע ליידען פאַר'ן אידעאַל, האַלטען זיי צוגעבונדען צו דער ארבייטער באַוועגונג. זייער באַגייסטערונג פלאַמט נאָך איצט אויף מיט יעדען אויסברוך פון א רעוואָלוציאָנערען שטורעם אין א וועלכען עס איז טייל פון דער וועלט.

אַט דער מזל'דיגער דרייליננג — דער צויבער נאָמען, די רעוואָלו־ציאָנערע טראַדיציע און די קוואַליטעט פון די מיטגלידער — האָט געהאָלפען שמידען דעם שעהנעם רינג, וועלכער איז באַוואוסט אלס ווילנער ברענטש 367.

## דער אָנפאַנג — די ווילנער יאָנג מענס.

דער ווילנער ברענטש 367 איז אָפיציעל געגרינדעט געוואָרען דעם 2טען אָקטאָבער, 1909. דער פונדאַמענט פאַר דעם ברענטש איז אָבער געלייגט געוואָרען א סך פריהער. דער ברענטש איז ארויסגעוואַקסען פון דער „ווילנער יאָנג מענ'ס בענעוואָלענט אַסאָסיאיישאָן", וועלכע איז געגרינדעט געוואָרען מיט 16 חדשים פריהער. אייגענטליך איז די „ווילנער יאָנג מענ'ס בענעוואָלענט אַסאָסיאיישאָן" גע־גרינדעט געוואָ־ען מיט דעם צוועק צו פאַרוואַנדלען איהר מיט דער צייט אין אַן ארבייטער רינג ברענטש. אזוי האָט טאַקע שפּעטער פּאַ־סירט די „ווילנער יאָנג מענ'ס בענעוואָלעט אַסאָסיאיישאָן" האָט זיך אינסטאָלירט אלס ברענטש 367 פון ארבייטער רינג. דער פּראָטאָ־קאָל פון דער אינסטאָליישאָן פון ברענטש 367, געשריבען פון מאַקס גאָלדינג, סעקרעטאַר, פאַרענדיגט זיך מיט דעם אויסרוף: „עס לעבע ווילנער יאָנג מענ'ס ברענטש 367 פון ארבייטער רינג!

וואס פאר אן ארגאניזאציע איז געווען די „ווילנער יאנג מענ'ס בענעוואלענט אסאסיאיישאן" און פון וואנען האט זי זיך גענומען?

אין „פארווערטס" פון דעם 7טען יוני, 1908, געפינען מיר פאל־גענדען אדוועטייזמענט:

> **ווילנער יאנג מענס בענעוואלענט אסאסיאיישאן.**
> אונטער דיזען נאמען האט זיך געגרינדעט א בענעפיט סאסייעטי, דינסטאג, דעם 2טען יוני, אין ניו יארק, פון ווילנער יונגע לייט. וועגען אויסקינפטע זיך צו ווענדען צום סעקרעטאר, דייוו קאטץ, 47-53 דילענסי סטריט, ניו יארק.

דער קורצער אדוועטייזמענט פארצייכענט בלויז א פאקט, אז אויף דער אידישער גאס איז געבוירען געווארען א נייע ארגאניזאציע, א בענעפיט סאסייעטי פון ווילנער יונגע לייט. מיט דער גרינדונג פון דער ארגאניזאציע איז אבער פארבונדען אן אינטערעסאנטע געשיכטע, וועלכע האט א שטארקע שייכות מיט דער גרינדונג פון ברענטש 367 פון ארבייטער רינג.

די יאהרען פון 1907 און 1908 זיינען געווען צווישען די גלענצענדסטע פאר'ן וואוקס פון ארבייטער רינג. די שרעקליכע רעאקציע וואס האט אנגעהויבען בושעווען אין רוסלאנד נאך דער רעוואלוציע פון 1905, און די פאגראם כוואליע וואס האט זיך דאן צוטראגען איבער'ן גאנצען צארען־לאנד, האבען געטריבען מאסען אידישע פאמיליעס צו עמיגרירען אין דער „גאלדענער מדינה". דער אימיגראציאנס שטראם האט אין יענע יאהרען געבראכט קיין אמעריקע ארום א מיליאן אימיגראנטען א יאהר, און אידען האבען צוגעשטעלט גאר א היבשען חלק צו יענער אימיגראציע.

צווישען די אידישע אימיגראנטען וואס זיינען דאן אהער געקומען האבען זיך געפונען א סך יונגע לייט, וועלכע האבען אליין אנטייל גענומען אין דער רעוואלוציאנערער באוועגונג פון רוסלאנד, אדער זיי זיינען צום ווייניגסטענס געווען אנגעשטעקט מיט די רעוואלוציאנערע אידעען וועלכע האבען געבראכט די רעוואלוציע פון 1905. דאס איז געווען זעהר א געווינשטער עלעמענט פאר'ן ארבייטער רינג, און ער האט טאקע פיל געהאלפען אויפצובויען דעם גרויסען ארדען. פילע פון די איצטיגע פיהרער פון ארבייטער רינג זיינען געקומען אהער מיט דעם אימיגראציאנס שטראם פון יענער רעוואלוציאנערער רוסישער עפאכע.

ווילנע האָט אויך געשיקט איהר קוואָטא מיט יענעם אימיגראַ־ציאָנס שטראָם. א צאָל ווילנער בונדיסטען האָבען נאָך מיט עטליכע יאָהר פריהער, באלד נאָך דער הינריכטונג פון הירש לעקערט, דאָ גע־האט אָרגאַניזירט א ווילנער רעוואָלוציאָנערען קלוב, פון וועלכען עס איז שפּעטער געגרינדעט געוואָרען דער ווילנער ארבייטער רינג ברענטש 43, אונטער דער פיהרערשאַפט פון איזידאָר קאָהען און נאָך איניגע ווילנער בונדיסטען.

די ווילנער לאַנדסלייט, וועלכע זיינען אריינגעשטויסען געווארען אין דעם קעסל גרוב פון ניו יארקער לעבען, האָבען געפונען



די גרינדער פון ווילנער יאָנג מענס. — ערשטע רייהע פון רעכטס: ראָגאָוו, קאַטלאוויץ, פייגעלסאָן; צווייטע רייהע: קאַץ און דאַמסקער.

א מקום מנוחה אין דעם ווילנער ברענטש 43. דאָרט האָבען זיי גע־פונען א היימישע סביבה און אן עכט־בונדישע אטמאָספערע. דער ווילנער ברענטש איז זעהר שנעל געוואקסען ביז ער איז געווארען דער גרעסטער ברענטש אין ארבייטער רינג.

אָבער דער שנעלער וואוקס פון ברענטש האָט געשאפען אן ערנ־סטע פּראָבלעם פאר דער פיהרערשאפט. אין ברענטש זיינען אריינ־געפאלען פארשידענע עלעמענטען, מיט גאנץ באזונדערע שטרעבונגען. עס זיינען דאָרט געווען עלטערע מענשען מיט קאָנסערוואטיווע באגרי־

פען. זיי האָבען ניט פאַרשטאַנען די פּסיכאָלאָגיע פון דעם יונגען עלע־מענט, וועלכער איז נאָך געווען פריש פון דעם סאַמע קאָך פון בונ־דישער טעטיגקייט. די יונגע בונדיסטען האָבען זיך דערפיהלט ניט היימיש אין דעם ברענטש. ער איז געוואָרען צו גרויס אין צאָהל, צופיל צושוואומען. א סך פון די אריבערגעקומענע בונדיסטען האָבען צוליב דעם ניט געוואָלט אריין אין ברענטש 43. האָבען איינִיגע יונגע מיטגלידער פון ברענטש אָנגעהויבען טראַכטען וועגען גרינדען א באַזונדערען ברענטש פון לויטער יונגע לייט, כדי זיי זאָלען האָבען וואו אויסצוגיסען זייער רעוואָלוציאָנערע באַגייסטערונג און וואוהין זיי זאָלען קענען אריינגעמען אַנדערע יונגע רעוואָלוציאָנערען.

אָבער פאַר מיטגלידער פון דעם עקזיסטירענדען ברענטש צו גרינ־דען אַ נייעם ברענטש פון ארבייטער רינג וואלט געמיינט צו שפּאלטען דעם ברענטש 43 און דאָס איז געווען פאַקטיש אַן אונמעגליכע זאַך. ברענטש 43 וואָלט דאָס פאַר קיין פאַל ניט דערלאָזען, און אָהן דער צושטימונג פון ברענטש 43, וועלכער איז דאַן געווען דער איינפלוס־רייכסטער ברענטש אין ארבייטער רינג, וואָלט געווען אונמעגליך צו קריגען א נייעם טשארטער פאַר א צווייטען ווילנער ברענטש.

דעריבער האָבען עטליכע טעטיגע מיטגלידער פון ברענטש 43 באַ־שלאָסען צו גרינדען א קלוב פון ווילנער יונגע לייט, הויפּטזעכ־ליך פאַר רעוואלוציאָנערע טעטיגקייט. ביי זיי איז געווען באַ־האַלטען א געדאַנק צו פאַרוואַנדלען דעם קלוב אין א ברענטש פון ארבייטער רינג. דעם 2טען יוני, 1908, איז אזא קלוב טאַקע גע־גרינדעט געוואָרען, אונטער דעם נאָמען „ווילנער יאַנג מען'ס בענעפיט סאָסייעטי", פון די פאָלגענדע אכט מיטגלידער פון ברענטש 43 : דייוו קאַטץ, א. ראַמסקער, מ. פייגעלסאָן, דזש. קאַטלאָוויטש, דזש. ראָגאָף, מ. אקסעלראד, ס. קולקין און ליפּקאָוויטש.

כדי אויסצומיידען דעם „טעות" פון ברענטש 43, איז באשלאָסען געוואָרען אריינצונעמען אין דער סאָסייעטי בלויז ניט פאַרהייראַטע יונגעלייט. דער דאָזיגער באשלוס האָט זיך גלייך פון אָנפאַנג ארויס־געוויזען פאַר א גוואַלדיגער שטערונג. איינִיגע פון די טעטיגסטע יונגע מעמבערס פון ברענטש 43, ווי אויך אַנדערע ווילנער יונגע לייט, האָבען זיך ניט געקענט אָנשליסען אָן דער נייער סאָסייעטי, ווייל זיי זיינען שוין געווען פאַרהייראַט. פון דער אַנדער זייט האָט אבער דער זעלבער באשלוס אויך געווירקט אז די ווילנער „יאַנג מען'ס בענעוואָ־לענט אסאָסיאיישאָן" זאָל וואָס שנעלער ווערען א רעגעלער ברענטש פון ארבייטער רינג. די מיטגלידער פון דעם קלוב האָבען לאַנג ניט געקענט פאַרבלייבען געשיידט פון זייערע פאַרהייראַטע חברים, מיט וועלכע זיי האָבען יאָהרען לאַנג געאַרבייט צוזאַמען אין דער רעוואָ־לוציאָנערער באַוועגונג. מען האָט געמוזט פּטור ווערען פון דער

גזירה. אָבער אַנשטאָט אָפּצושאַפן די גזירה אין דער קאָנסטיטו־ציע פון דער סאָסייעטי, האָבן זיי געענדערט דעם גאַנצן כאַראַקטער פון דעם קלוב. די טוער פון דער אָרגאַניזאַציע האָבן פאַר־וואַנדעלט זייער בענעפיט סאָסייעטי אין אַ ברענטש פון ארבייטער רינג.

ווען די טוער פון ברענטש 43 האָבן דערהערט אז אייניגע פון זייערע אייגענע מיטגלידער האָבן געגרינדעט אַ באַזונדער ווילנער אָרגאַניזאַציע האָט זיך געטאָן חושך אין ברענטש. מען האָט די גרינ־דער פון דעם נייעם קלוב באַטראַכט אַזש אַלס פאַררעטער צום ברענטש. די פיהרער פון ברענטש 43 האָבן גלייך פאַרשטאַנען אַז די נייע בענעפיט סאָסייעטי וועט לאַנג ניט פאַרבלייבען אויסער'ן ארבייטער רינג; די נייע אָרגאַניזאַציע וועט זיך פריהער אדער שפּעטער ווענדען צו דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע פון ארבייטער רינג נאָך אַ טשאַר־טער פאַר אַ באַזונדערן ווילנער ברענטש. האָבן די טוער פון ברענטש 43 גלייך אָנגעפאַנגען אַ קאַמף ניט צו דערלאָזען אַז מען זאָל ארויסגעבען אַ טשאַרטער פאַר אַ נייעם ווילנער ברענטש פון אר־בייטער רינג.

די הויפּט אָנפיהרער פון דעם קאַמף געגען דעם פאַרזוך צו גרינ־דען אַ נייעם ווילנער ברענטש זיינען געווען איזידאָר קאָהען און ב. וואַלאַוויטש פון ברענטש 43, וועלכע זיינען געווען מיטגלידער פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע. זיי זיינען געווען טרייע וועכטער פון זייער אייגענעם ברענטש, און זיי זיינען געשטאַנען אויף דער וואַך ניט צוצולאָזען קיין אַנדער ווילנער ברענטש, וועלכער זאָל ווערען אַ קאָנ־קורענט און זאָל שעדיגען דעם שנעל וואַקסענדען ברענטש 43.

אָבער אויב די „ווילנער יאָנג מענ'ס בענעוואָלענט אַסאָסייאַשאָן" האָבן באַגעגענט אַ גוואַלדיגע אָפּאָזיציע אין דער נאַציאָנאַלער עק־זעקוטיווע מצד די פאָרשטעהער פון ברענטש 43, האָבן זיי אָבער אויך געהאַט הייסע פאַרטיידיגער. די פריינד רפאל גינזבערג און דער פאַרשטאָרבענער שבתי בולגאַטש, וועלכער איז דאַן געווען דער טשער־מאַן פון ארבייטער רינג, האָבן פאַרטיידיגט אין דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע דעם פאַרלאַנג פון אַ טשאַרטער פאַר אַ נייעם ברענטש.

די צוויי פריינד פון דעם צוקונפטיגען ברענטש האָבן זעהר אַ סך געהאָלפען אין דעם קאַמף פאַר אַ נייעם טשאַרטער, און ווען דער קאַמף איז ענדליך געוואונען געוואָרען, זיינען די פריינד בולגאַטש און גינזבערג געווען די הויפּט מחותנים ביי דער אינסטאַליישאָן פון דער „ווילנער יאָנג מענ'ס אַסאָסיאיישאָן" אַלס ברענטש 367 פון אר־בייטער רינג. דער אָפיציעלער אינסטאַלירער פון דעם נייעם ווילנער ברענטש איז געווען פריינד גינזבערג, וועלכער האָט זיך אין גיכען אָנ־געשלאָסען אָן דעם ניי־געגרינדעטען ווילנער ברענטש און ער איז פאַר־

בליבען א טעטיגער און איינפלוסרייכער מיטגליד ביז'ן היינטיגען טאָג.

עס איז דאָ ווערט צו באמערקען, אז טראָץ דעם וואס ברענטש 43 האט אנגעפיהרט אזא ביטערען קאמף געגען ארויסגעבען א טשאר־טער פאר א נייעם ווילנער ברענטש, איז אָבער דער קאמף פארגעסען געווארען אזוי שנעל ווי די נאציאנאלע עקזעקוטיווע האט באשלאָסען דעם טשארטער צו באוויליגען. צו דער אינסטאָלײשאָן פון ברענטש 367 האט ברענטש 43 געשיקט א קאָמיטע צו באגריסען דעם אינגערען ברודער און ווינשען איהם ערפאָלג אין זיין ארבייט.



די גרינדער פון ווילנער ברענטש 367, ארבייטער רינג. — ערשטע רייהע פון רעכטס: לאנדא, גאָלדינג, טאוב; צווייטע רייהע: אקסעלראָד, גאָלד, ניומאַן, גאָרדאָן און סילין.

## די ווילנער צייגען וואָס זיי קענען.

ברענטש 367 איז געבוירען געווארען אין קאמף. עס איז איהם אנגעקומען זעהר שווער צו קריגען דעם טשארטער פון דער נאציא־נאלער עקזעקוטיווע. דער קאמף האט געדויערט איבער א יאָהר צייט. דערפאר האָט אָבער דער ברענטש געוואוסט ווי אזוי אפצושאצען דעם אוצר פאר וועלכען ער האט אזוי שטארק געקעמפט. דער יונגער ברענטש האט באלד באוויזען אז דער ארבייטער רינג האט זיך מיט איהם ניט אָפגענאַרט. די גענגער פון דעם ברענטש, וועלכע האָבען

געקעמפט געגען געבען איהם א טשארטער, האָבען גע'טענה'ט אז די יונגע, אונערפאהרענע חברה-לייט וועלען זיך לאנג ניט האַלטען צו־זאמען און דער ברענטש וועט זיך צופאלען. עס האָט אָבער ניט גענומען דעם יונגען ברענטש מעהר ווי א יאָהר צייט צו פארמאכען די מיילער פון אַלע נעגנער. די כוואַטסקע ווילנער יונגעלייט האָבען זיך אריינגעווארפען אין דער ארבייט מיט זייער גאנצען רעוואָלוציאָנער־ען ענטוזיאזם, און זיי האָבען באוויזען די עלטערע ברידער וואס זיי קענען.

שוין אויפ'ן צווייטען יאָהר פון זיין עקזיסטענץ האָט ברענטש 367 געקראָגען אנערקענונג פון דעם אָרדען. אין 1910 האָט דער ארבייטער רינג זיך געגרייט צו פייערען זיין 10־יאָהריגען יובילעאום מיט א גרויסער קאָנווענשאָן אין ניו יארק. עס איז אויסגעקליבען געווארען א 25ער־קאָמיטע צו ארראנזשירען די קאָנווענשאָן. אַלע ברענ־טשעס האָבען זיך געריסען צו זיין פארטראָטען אין דער קאָמיטע צוצוגרייטען דעם גרויסען יום טוב. אין דער קאָמיטע איז אויסגע־קליבען געוואָרען א פארטרעטער פון ברענטש 367, מאקס גאָלדינג, וועלכער איז געוועזען איינער פון די גרינדער פון ברענטש און אויך איינער פון די טעטיגסטע מיטגלידער.

די קאָמיטע האָט באשלאָסען צו ארראנזשירען א פאראַד אויף דער איסט סייד לכבוד דער ערעפענונג פון דער קאָנווענשאָן. דער פאראַד איז געוועזען א שעהנער. דעם שטאַרקסטען איינדרוק האָט אָבער גע־מאכט דער יונגער ברענטש 367. די מיטגלידער זיינען אַלע געקומען צום פאראַד אָנגעטאָן אין ווייסע היטלען. דער ברענטש האָט געהאט אן איי־גענעם בענד מוזיק און ער איז ארוים אָן דער שפיץ פון דעם פא־ראַד. עטליכע און פופציג מיטגלידער האָבען מארשירט ווי גוט־אויסגעשטודירטע סאָלדאטען. זיי האָבען געטראָגען רויטע פאָהנען און פארשידענע אויפשריפטען, רופענדיג די אידישע ארבייטער אָנצו־שליסען זיך אָן דעם ארבייטער רינג.

יענער קאָנווענשאָן־פאראַד איז געווען דער געשפרעך פון טאָג אין דער גאַנצער אידישער ניו יאָרק. ברענטש 367 האָט געקראגען דעם גרעסטען חלק פון די לויב־געזאנגען. אלס אנערקענונג פאר דער גוטער אַרבייט האָט דער ברענטש געקראָגען א פארטרעטער אין דער סאַניטאריום קאָמיטע, וועלכע איז דאמאלסט נאָך ניט געווען א טייל פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע, אָבער זי האָט געארבייט אונטער דער אויפזיכט פון דער עקזעקוטיווע.

ברענטש 367 האָט געצויגען אַלץ מעהר און מעהר אויפמערק־זאמקייט מיט זיין טעטיגקייט. ער האָט געקראָגען א שם פאר זיין געוואַנטקייט אין אַראנזשירען גרויסע אונטערנעמונגען. דער אר־

בייטער רינג איז שוין אין יענער צייט געווען אַ גאַנץ פאַרצווייגטע אָרגאַניזאַציע מיט אַ מיטגלידערשאַפט פון אַרום פערציג טויזענד. אָבער סיי דער אָרדען אַלס אַ גאַנצער און סיי די איינצעלנע ברענ־טשעס זיינען נאָך ניט געווען געוואוינט צו אַראַנזשירן גרויסע אונ־טערנעמונגען. אייניגע ברענטשעס האָבן אַראַנזשירט יעהרליכע בע־לער (דאָס זיינען געווען די פּאָפּולערסטע אונטערנעמונגען פון אַלע אידישע אָרגאַניזאַציעס אין יענער צייט), אָבער די דאָזיגע בעלער זיינען זעלטען געווען ערפאָלגרייך. אייניגע ברענטשעס האָבן זאָ־גאָר צוגעלייגט געלט. די האָל־קיפּערס האָבן דערפאַר ניט געוואָלט פאַרדינגען די האָלס פאַר בעלער צו אַרבייטער רינג ברענטשעס.

ברענטש 367 האָט אָבער געבראָכן אָט די שלעכטע רעפּוטאַ־ציע פון די אַרבייטער רינג בעלער. ניט נאָר דאָס. דער ברענטש האָט אויך געבראָכן אַן אַלטע טראַדיציע ניט צו אַראַנזשירן אַ באַל אום שבת ביינאַכט. דאָס איז אַ שלעכטער אָווענט פאַר אַ באַל, האָבן אַלע געשריגען. דער עולם וועט ניט קומען. דער יונגער ווילנער ברענטש האָט זיך אָבער ניט דערשראָקען פאַר די דאָזיגע וואָר־נונגען. אין 1911 האָט ער אַראַנזשירט אַ באַל אין ניו סטאַר קאַסינאָ, איינער פון די גרעסטע האָלס פאַר בעלער אין יענער צייט. דער באַל איז פאָרגעקומען דוקא שבת ביי נאַכט און איז געווען אַ קאָלאָסאַלער ערפאָלג. עס איז געקומען אַזאַ ריזיגער עולם, אַז מען האָט געמוזט שליסען די טירען. דער באַל האָט אַריינגעבראַכט 14 הונדערט דאָלער פּראָפיט. יענער באַל האָט געמאַכט אַ רושם אין ניו יאָרק. מען האָט אין אַלע אידישע קוואַרטאַלען גערעדט וועגן דעם ריזיגען ווילנער באַל. פון דאַן אָן זיינען די ווילנער בעלער פון ברענטש 367 געוואָרען אַ יעהרליכע אינסטיטוציע. די פּראָפיטען פון די בעלער האָבן פיל בייגעשטייערט צו די 60 טויזענד דאָלער וואָס דער ברענטש האָט אויסגעגעבען אויף רעליף און אויף פאַר־שידענע בענעפיטס צו זיינע מיטגלידער אין די 25 יאָהר פון זיין עקזיסטענץ.

דער ווילנער ברענטש 367 איז געוואָרען דער מוסטער פון טעטיגקייט אין דעם גאַנצען אַרבייטער רינג. אין ניו יאָרקער אַר־בייטער רינג קרייזען איז געוואָרען אַן אָנגענומענע זאַך, אַז דאָס וואָס ברענטש 367 נעמט אונטער צו טאָן מוז זיך ענדיגען מיט אַן ער־פאָלג. דערפאַר האָט מען ביי פאַרשידענע אַקציעס וואָס אַרבייטער רינג ברענטשעס האָבן אונטערגענומען, שטענדיג געזעהן אַז די פּיה־רער פון ברענטש 367 זאָלען דאָרט פאַרנעמען אַ לייטענדע פּאָזיציע, כדי צו פאַרזיכערען דעם ערפאָלג פון דער אַקציע.



עקזעקוטיוו קאָמיטעט פון ווילנער בראַנטש 367 א. ר. — ערשטע רייהע פון רעכטס: פענקין, גינזבערג, גאָלדינג, בערענשטיין, עלקין.
צווייטע רייהע: אַקסעלראָד, דזש. לאַנדאָ, קאַץ, ראָגאָוו, שוואַרץ, ה. ראָגאָף. דריטע רייהע: פייגעלסאָן, נאָוויק, לעוויק, מייסאָן, אַדלער.

## די פּאָזיציע פון דעם ברענטש אין ארבייטער רינג.

ברענטש 367 האָט אָנגעהויבען אויסאייבען אַן איינפלוס אויף די פּאָליסים פון ארבייטער רינג, ווען ער איז נאָך געווען גאָר יונג און ער האָט נאָך אפילו ניט געחלום׳ט צו ווערען דער גרעסטער ברענטש אין דעם אָרדען. דער ברענטש איז געווען פארטראָטען אין דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע פון דעם צווייטען יאָהר אָן פון זיין עקזיסטענץ. מען האָט זיך שטענדיג גערעכענט מיט זיינעם א ראטה. די פיהרער פון ברענטש זיינען אַלעמאָל געשטאַנען נאָהענט צו דער גענעראַל פארוואלטונג פון ארבייטער רינג און זיי האָבען דאָרט אויסגעאיבט א באדייטענדען איינפלוס.

דער ברענטש איז אַלעמאָל געווען א לאָיאַלער און ער האָט כמעט אין אַלע וויכטיגע פראגען אונטערשטיצט די אדמיניסטראציע. אין די פילע אינערלאכע קאמפען, וואָס דער ארבייטער רינג האָט דורכגעמאכט — קאמפען, וועלכע האָבען שיער ניט פארניכטעט גאַנצע ברענטשעס; קאמפען, וועלע האָבען אָפט געדראָהט די סאמע עקזיסטענץ פון דעם אָרדען — איז ברענטש 367 געשטאַנען מיט דער פאַרוואלטונג און האָט לאָיאַל פארטיידיגט דעם אָרדען פון די אטאַקעס סיי פון אינעווייניג און סיי פון אויטסייד, וואָס זיינען אויף איהם געמאכט געוואָרען.

ווען דער שטורם ארום די פראטוירנאַל רעיטס האָט פּאַקטיש צווטיילט דעם ארבייטער רינג אין צוויי פיינדליכע לאַגערען — יונגע און אַלטע — האָט ברענטש 367 געשפּילט א וויכטיגע ראָלע אין דעם גרויסען קאמף און ער האָט זעהר פיעל מיטגעהאָלפען דורכצופיהרען די וויכטיגע רעפאָרמע, וועלכע האָט אוועקגעשטעלט דעם אָרדען אויף א זיכערען באָדען. דאָס האָט געראַטעוועט דעם ארבייטער רינג פון דער קאַטאַסטראָפאַלער לאַגע אין וועלכער עס געפינען זיך פילע אידישע אָרדענס, וועלכע האָבען ניט אָנגענומען די פראָטוירנאַל רעיטס, איידער עס איז געוואָרען צו שפּעט.

שפּעטער, ווען די קאָמוניסטישע מגפה האָט אריינגעבראכט דעם פּארטיי־קאמף אין דעם ארבייטער רינג און האָט פּאַראורזאכט רייַסערייען און שפּאַלטונגען אין פילע ברענטשעס, האָט ברענטש 367 אָנגעהאַלטען ניט נאָר זיין אייגענע גאַנצקייט, נאָר ער האָט אויך געהאָלפען אויסהיטען דעם אָרדען אַלס א גאַנצען פון די אָנפאַלען וואָס די שונאים האָבען אויף איהם געמאַכט. דער ברענטש קען מיט שטאָלץ קאָנסטאַטירען דעם פּאַקט, אז אין דעם גאַנצען קאמף צווישען לינקע און רעכטע, האָט ער פאַרלאָרען בלויז עטליכע געציילטע מיטגלידער, וועלכע זיינען אוועק צום קאָמוניסטישען אָרדען.

## א קליינע גרופּע רייסט זיך אָפּ פון ברענטש.

דער קאמף וואס די קאָמוניסטען האָבען אָנגעפירט אין ארבייטער רינג האָט קיין שפּאַלטונג אין ברענטש 367 נים פאראורזאכט. עס האָט אָבער איבערגעלאָזען אַן אָנגעשטרענגטע באציהונג מצד איינינע מיטגלידער און דאָס האָט פיל געשטערט דעם ברידערליכען געפיהל און די פריינדליכע באציהונג וואס האָט שטענדיג געהערשט צווישען אלע מעמבערס.

מיט א צייט שפּעטער האָט זיך אין ברענטש ענטוויקעלט אן אָפּאָזיציע צו דער אדמיניסטראציע, וועלכע האָט געזוכט ביי יעדער געלעגענהייט צו דיסקרעדיטירען די פיהרער פון ברענטש און צו קריטיקירען די באשליסע וואָס די עקזעקוטיווע, אָדער דער ברענטש אלס גאנצער, האָט אָנגענומען.

דער קאמף וואָס די אָפּאָזיציע האָט אָנגעפירט האָט גאר נים געהאט צו טאָן מיט דעם קאמף צווישען לינקע און רעכטע וואָס איז דאַן אָנגעגאנגען אין ארבייטער רינג. עס איז געווען אַן אָפּאָזיציע פון איינינע פּערזאָנען, וועלכע האָבען געהאט טענות ווארום זיי קריגען נים גענוג כבוד און אנערקענונג אין ברענטש.

די שטערונגען וואָס די אָפּאָזיציע האָט געמאכט ביי די מיטינגען האָט געמאכט אונמעגליך אָנצוגעהן סיי מיט דער רוטינער ארבייט פון ברענטש און סיי מיט די פארשידענע טהעטיגקייטען. עס איז דערגאנגען אזוי וויים אז די „קיקערס" האָבען אָנגעהויבען פאָדערען אז די נאציאָנאלע עקזעקוטיווע זאָל זיי באוויליגען א טשארטער פאר א נייעם ברענטש.

אין ברענטש 367 איז געווען א געגנערשאפט צו אזא שריט. פונדעסטוועגען האָבען די פיהרער פון ברענטש קיין גרויסען קאמף געגען דעם נים געמאכט. ביידע צדדים האָבען זיך געאייניגט אויף א פאָרשלאג אז עס זאָל אויסגעקליבען ווערען אַן אונפּארטייאישע קאָמיטע וועלכע זאָל ענטשיידען אויב די אָפּאָזיציע זאָל קריגען א טשארטער פאר א באזונדערען ברענטש. די קאָמיטע איז באשטאנען פון ב. לעוויטין, ש. רזשאַווסקי און ד. קאץ, פארטרעטענדיג דעם ברענטש, פריינד עבעריל, פון דער סיטי קאָמיטע און פריינד העסקעל פון דער נאציאָנאלער עקזעקוטיווע. דער באשלוס פון דער קאָמיטע איז געווען אז מען זאָל דער אָפּאָזיציע געבען א טשארטער פאר א נייעם ברענטש, ווייל אין איין ברענטש וועלען ביידע שטרייטענדע צדדים הארמאָניש נים קענען ארבייטען.

די אָפּאָזיציע האָט זיך באריהמט אז זי האָט אויף איהר זייט ארום הונדערט מיטגלידער. ווען עס איז אָבער געקומען צו טרענספּערירען זיך אין דעם נייעם ברענטש, וועלכער איז ארגאניזירט גע-

ווארען אלס ווילנער ברענטש 573, האבען זיך געמעלדעט בלויז 38 מעמבערס. מעהר מעמבערס האט די אפאזיציע פון ברענטש ניט געקענט ארויסציהען.

ברענטש 367 האט אבער דעם פארלוסט פון די 38 מיטגלידער באלד גוט געמאכט. אין א גאנץ קורוצער צייט האט דער ברענטש געמאכט א דרייוו און האט ארייגגעקראגען איבער 300 נייע מיטגלידער.

אויך דער נייער ברענטש 573 האט זיך א נעם געטאן צו דער ארבייט און האט פון אנפאנג ארייגגעקראגען א באדייטענדע צאהל מעמבערס. דער גט מיט דער אפאזיציע איז אלזא געווען א טובה פאר ביידע צדדים. עס איז אבער אינטערעסאנט צו באמערקען, אז אייניגע פון די „קיקערס”, וועלכע זיינען ארויס פון ברענטש 367, זיי־נען אויך לאנג ניט פארבליבען מיט דעם נייעם ברענטש.

## וואס איין ווילנער קען אויפטאן.

אין 1926 האט דער ברענטש ארייגגעקראגען מיט איינמאל 165 נייע מיטגלידער און ער האט צוזאמען מיט די נייע מיטגלידער צוגעקראגען א וויכטיגע קראפט, א מעמבער, וועלכער האט פיעל גע־האלפען אין דעם ווייטערען וואוקס פון ברענטש.

אין ניו יארק איז געווען א ברענטש 200, אן דער שפיץ פון וועלכען עס איז געשטאנען דער ווילנער יונגערמאן יעפים ישורין. ווי אזוי דער איינצעלנער ווילנער איז ארייגגעפאלען אין א ברענטש פון טשעריקאווער און אמציסלעווער לאנדסלייט איז דא ניט וויכטיג. פריינד ישורין האט זיך אבער געפיהלט איינזאם אין גלות ביי פרעמדע לאנדסלייט. ער האט זיך פארביינקט נאך זיינע ווילנער לאנדסלייט. ארויסצוגעהן פון ברענטש 200 האט אבער ישורין ניט געקענט, ווייל ער האט געוואוסט אז ער האט פאקטיש דעם ברענטש צוזאמענגע־האלטען און אז אהן איהם וואלט זיך יענער ברענטש צופאלען. האט ישורין אנגעהויבען אן אגיטאציע צווישען די מיטגלידער פון זיין ברענטש אז דער גאנצער ברענטש זאל אריין אין דעם ווילנער ברענטש 367. נאך לאנגע אונטערהאנדלונגען איז דער שדוך גע־שלאסען געווארען און אלע 165 מעמבערס פון ברענטש 200 זיינען געווארען מיטגלידער פון דעם ווילנער ברענטש 367.

די מיטגלידער פון ביידע ברענטשעס האבען זיך פאר די אכט יאהר זינט די פאראייניגונג איז פארגעקומען אזוי איינגעלעבט, אז זיי פיהלען זיך ווי איין פאמיליע, וועלכע איז גאר קיין מאל ניט געווען צוטיילט.



25-יאָהריגער יובילעאום קאָמיטעט פון ווילנער ברענטש 367 ארבייטער רינג. — פאָדערשטע רייהע פון רעכטס: לאַנדאָ, דאַמסקער, מרס. גאָלדינג, ראָגאָף, ישורין, גאָלדינג, גינזבערג, עלקין, מרס. בערענשטיין און בערענשטיין; צווייטע רייהע: פענקין, קאַטלאָוויץ, מאַין, וואָהל, קליין, ניומאַן, מרס. האָראָוויץ, קאַץ, גאָוויק, שוואַרץ, מרס. בריטען, אַקסעלראָד און טאָוב. דריטע רייהע: גודמאַן, בלאַק, עפשטיין, רייס, האָראָוויץ, קאָחען, פייגעלסאָן, לעוויק, מייסאָן, ראָגאָוו און סילווערמאַן.

**דער ברענטש און די אַרבייטער רינג אינסטיטוציעס.**

ברענטש 367 האָט שטענדיג גענומען אַ גרויסען אינטערעס אין די אַרבייטער רינג אינסטיטוציעס. ער האָט זיך ניט באַנוגענט מיט די געוויינליכע צאָהלונגען וואָס ווערען באַשטימט פאַר אַלע ברענטשעס, נאָר ער האָט ביי יעדער געלעגענהייט, ביי יעדער שמחה וואָס ער האָט געפייערט, געגעבען אַ ספּעציעלע מתנה פאַר דער אָדער יענער אינסטיטוציע.

דער ברענטש האָט ספּעציעל אָפּגעשאַצט די וויכטיגקייט פון דעם סאַניטאַריום און ער האָט ארויסגעוויזען אַ ספּעציעלען אינטערעס אין דער אינסטיטוציע. דער ברענטש האָט כמעט אַלע יאָהרען געהאָט אַ פאָרשטעהער אין דער סאַניטאַריום קאָמיטע און ער האָט פיעל מיטגעהאָלפען צו דער ענטוויקלונג פון דעם פּראַכטפולען אַנשטאַלט, וואו הונדערטער ארבייטער רינג מיטגלידער האָבען זיך געהיילט און אַ צאָהל היילען זיך איצט פון דער שרעקליכער פּראָלעטאַרישער קראַנק־הייט — שווינדזוכט.

דער ברענטש האָט אויך גענומען אַ טעטיגען אנטייל אין אויפ־בויען דעם שעהנעם קעמפּ. ווען די לינקע האָבען דורך אַ כיטרער מאַנעוורע פאַרכאַפּט דעם קינדערלאַנד קעמפּ צוזאַמען מיט אַ צאָהל אַר־בייטער רינג שולען, האָבען די ארבייטער רינג ברענטשעס באַשלאָסען צו בויען אַ שעהנעם קעמפּ, וועלכער זאָל זיין אַ שטאָלץ פאַר'ן אַר־בייטער רינג. די נאַציאָנאַלע פּאַרוואַלטונג האָט צוליב געזעצליכע שטערונגען ניט געקענט פינאַנסירען דעם קעמפּ, ווייל דאָס איז אַ לאָקאַלע אינסטיטוציע. די ארבייט האָט געמוזט געטאָן ווערען פון די ניו יאָרקער ברענטשעס. עס איז גערופען געוואָרען אַ גרויסע קאָנ־פערענץ פון ניו יאָרקער ברענטשעס און דאָרט איז באַשלאָסען גע־וואָרען צו שאַפען אַ פאָנד פאַר אַ קעמפּ.

ברענטש 367 איז געווען צווישען די ערשטע צו שאַפען אַ סומע געלט אויפצושטעלען אַ באַנגאַלאָו אויפ'ן נייעם קעמפּ. דער ברענטש האָט געזאַמעלט פאַר דעם צוועק ארום 1600 דאָלאַר, פאַר וועלכע עס איז אויפגעבויט געוואָרען אַ פּראַכטפולע באַנגאַלאָו פאַר די קינדער אויפ'ן נאָמען פון דעם ווילנער ברענטש 367. אַנדערע ברענטשעס האָבען אויך געבויט באַנגאַלאָוס, און אויף אַזאַ אופן איז אויפגעבויט געוואָרען די פּראַכטפולע קינדער קאָלאָניע אין דעם ארבייטער רינג קעמפּ.

דער ברענטש האָט געשטיצט די שול באַוועגונג מיט באַדייטענדע סומען געלט, ער נעמט אויך אַ טעטיגען אַנטייל אין דער באַוועגונג צו בויען אַ היים פאַר די אַלטע מיטגלידער פון דעם אָרדען

אָבער ברענטש 367 האָט ניט באַגרעניצט זיין שטיצע און זיין

אינטערעס בלויז צו ארבייטער רינג אינסטיטוציעס. דער ברענטש האָט איינגעזעהען די וויכטיגקייט פון די פארשידענע פאָלקס־אינסטיטוציעס וואָס די אידישע אימיגראַנטען האָבען איפגעבויט דאָ אין לאַנד, און ער האָט זיי שטענדיג געשטיצט מיט א ברייטער האַנט. איינע פון די פאָלקס־אינסטיטוציעס וואָס האָט געוואונען די מאָראַלע און פינאַנ־ציעלע שטיצע פון ברענטש איז די „האיאס" (היברו אימיגראַנט עיד סאָסייעטי), וועלכע האָט אַ גלענצענדען רעקאָרד פון נוצליכע ארבייט פאר די אידישע אימיגראַנטען איבער דער גאַנצער וועלט. דער ברענטש האָט אויך געשטיצט אַזעלכע אינסטיטוציעס ווי דער לאָס־אַנדזשעלעס סאַניטאַריום, דער דענווער סאַניטאַריום, דער דעבאָראַה סאַניטאַריום, „סאַנוועלעסענט האָום" א. א. וו. די אַלע אַנשטאַלטען זיינען געשטיצט געוואָרען סיי דורך יערליכע צאָהלונגען און סיי דורך עקסטראביישטייערונגען. פאר די 25 יאָהר פון זיין עקזיסטענץ האָט דער ברענטש בייגעשטייערט פאר פארשידענע אידישע פאָלקס־אינסטיטוציעס ארום 8 טויזענט דאָלאר.

## די סאָציאַליסטישע און ארבייטער באַוועגונג.

די גרינדער פון ברענטש האָבען כמעט אַלע געהאַט הינטער זיך רעוואָלוציאָנערע טראַדיציעס. די מעהרסטע פון זיי זיינען געוועזען טעטיג אין דער סאָציאַליסטישער באוועגונג און עס איז דעריבער געווען גאַנץ נאַטירליך אַז דער ברענטש זאָל שטעהן אין איינגער פארבינדונג מיט דער סאָציאַליסטישער באוועגונג און זאָל שטיצען פארשידענע סאָציאַליסטישע אונטערנעמונגען. דער ברענטש האָט בייגעשטייערט באַדייטענדע סומען געלט צו די מאיר לאָנדאָן קאַמ־פיינס, צו דעם גרויסען הילקוויט קאַמפיין, ווי אויך צו אַלע אַנדערע סאָציאַליסטישע קאַמפיינס. דער סאָציאַליסטישער כאַראַקטער פון דעם ברענטש און זיין לאָיאַליטעט צו דער פּארטיי איז קיינמאָל ניט גע־מינדערט געוואָרען אפילו אין די שטורמישע מאָמענטען, ווען אויף דער אידישער ארבייטער גאַס האָט געהערשט אַ צוטומלעניש פון מיינונגען און ווען פּאָליטישע טראַדיציעס זיינען צושטערט געוואָרען.

די ארבייטער באַוועגונג, סיי די אידישע און סיי די אַלגעמיינע אַמעריקאַנער האָט אויך אימער געפונען א וואַרימען אָפּקלאַנג אין דעם ברענטש. יעדער גרויסער סטרייק, אין וועלכען אַן אַפּיל איז געמאַכט געוואָרען פאר הילף, איז געשטיצט געוואָרען פון דעם ברענטש מיט א געהעריגער סומע געלט.

ארום דער צייט ווען דער ברענטש איז געגרינדעט געוואָרען, און ספּעציעל אין די יאָהרען פון 1910 און 1911 זיינען פאָרגעקומען העכסט וויכטיגע פּאַסירונגען אין דער אידישער ארבייטער באַוועגונג. אין 1910 איז פאָרגעקומען דער היסטאָרישער סטרייק פון די קלאָוק־



עקזעקוטיווו קאָמיטעט פון פרויען קלוב, ווילנער ברענטש 367 ארבייטער רינג — ערשטע רייהע פון רעכטס: וואָחל, פענקין, בריטען; גאָלדינג, בערענשטיין, בעקער, אַדלער; צווייטע רייהע: ניומאַן, עפּשטיין, סטיין, הורוויטש, סילווערמאַן, עלקין און גינזבערג.

מאכער אין ניו יארק און דער שניידער סטרייק אין שיקאגא. דער ארבייטער רינג האט ארויסגעשיקט א רוף צו די ברענטשעס צו העלפען דעם סטרייק מאראליש און פינאנציעל. ברענטש 367 איז געווען צווישען די ערשטע אפצורופען זיך אויף דעם הילפס־רוף פאר די סטרייקענדע אידישע ארבייטער. דער ברענטש האט שטענדיג גע־שטיצט זיינע אייגענע מיטגלידער, וועלכע זיינען אריינגעצויגען גע־ווארען אין דעם סטרייק. ער איז געווען דער ערשטער ברענטש איינ־צופיהרען סטרייק בענעפיט פאר זיינע מעמבערס. ער האט אויך בייגעשטייערט מיט א ברייטער האנט צו דעם אלגעמיינעם רעליעף פאנד פאר די סטרייקער וואס דער ארבייטער רינג האט געזאמעלט.

ברענטש 367 האט זיך בכלל ווארים אפגערופען מיט שטיצע פאר יעדען ארבייטער קאמף. דער ברענטש האט אויך בייגעשטייערט היבשע סומען געלט צו פארשידענע וואלטעטיגע אינסטיטוציעס דא אין לאנד. זיין שטיצע האט אויך דערגרייכט א רייהע ארבייטער אינסטיטוציעס אויף יענער זייט ים. אין די 25 יאהר פון זיין עקזיסטענץ, האט דער ברענטש בייגעשטייערט צו סטרייקס און צו געזעלשאפטליכע און ארבייטער אינסטיטוציעס די סומע פון 7,983 דאלאר מיט 75 סענט. דאס איז ניט קיין שלעכטער רעקארד פאר אן איינצעלנעם ברענטש פון ארבייטער רינג.

## רעליף פאר די מלחמה קרבנות.

אן אמת'ער מאנומענט פון ברידערליכע הילף וועט פארבלייבען דער רעקארד פון ברענטש אין זיין טעטיגקייט פאר די מלחמה קרבנות. ברענטש 367 האט בייגעשטייערט איבער פיר טויזענט דאלאר צו דעם ארבייטער רינג פאנד צו העלפען די אידישע מלחמה קרבנות אויף יענער זייט ים. אויסער דעם האט דער ברענטש בייגעשטייערט היבשע סומען געלט פאר דעם פאלקס געצייג קאמפיין פון „ארט" און צו עהנליכע פאנדען, צו העלפען אידישע מלחמה קרבנות.

עס פארשטעהט זיך, אז דער ברענטש האט ניט פארנאכלעסיגט זיינע אייגענע נויטלײדענדע מיטגלידער. די מעמבערס פון ווילנער ברענטש 367 זיינען אזוי ווי איין משפחה. ווען איין מעמבער דער־שפירט אן עקאנאמישען וויטאג, דערפילען דאס אלע מעמבערס און מען לאזט דעם געבראכענעם ברודער ניט פאלען. אין פאל פון קראנק־הייט האט דער ברענטש א ספעציעלען לאקאלען בענעפיט פון פיר דאלאר א וואך, אויסער די 8 דאלאר וואס דער דזשענעראל אפיס צאהלט. אין פארלויף פון זיין עקזיסטענץ האט דער ברענטש אויס־געצאהלט צו זיינע מיטגלידער 29,730 דאלאר אין דזשענעראל בע־נעפיטס און 5,963 דאלאר אין לאקאלע בענעפיטס.

אויסער דעם האט דער ברענטש פאר די 25 יאהר געשטיצט

נויטליידענדע מיטגלידער מיט דער סומע פון 12,518 דאָלאַר מיט 51 סענט.

ארום און ארום האָט ברענטש 367 אויסגעצאָהלט אין בענעפיטס צו אייגענע מיטגלידער און צו פאַרשידענע רעליעף פאָנדס די סומע פון 60,310 דאָלאַר מיט 26 סענט.

## ווילנער רעליף.

א ספּעציעלען קאַפּיטעל אין דער רעליף ארבייט פון ברענטש פאַרנעמט די שטיצע וואס דער ברענטש האָט געשאַפען פאַר דער אייגענער שטאָט ווילנע. אָט די נאָבעלע ארבייט פאַר דער אלטער היים־שטאָט איז ניט נאָר א קוואַל פון שטאָלץ פאַר דעם ברענטש דאָ אין לאַנד, נאָר עס איז אויך פאַרצייכענט מיט גאָלדענע בוכשטאַבען דאָרט אין דער צויבערשטאָט, וואו די הילף האָט פשוט געראַטעוועט פילע אידישע אינסטיטוציעס פון אונטערגאַנג און האָט דערהאַלטען ביים לעבען פילע אידישע פאַמיליעס.

אין דער רעליף ארבייט פאַר ווילנע האָבען זיך באַטייליגט און באַטייליגען זיך נאָך איצט אויך אַלע ווילנער ארבייטער רינג ברענטשעס, פאַראיינען און סאָסייעטיס וואס געפינען זיך דאָ אין לאַנד. עס איז אָבער געווען ברענטש 367, וועלכער האָט גענומען די איניציאַטיווע צו אָרגאַניזירען די אלע ווילנער געזעלשאַפטען אין א רעליף אָרגאַניזאַציע צו שטיצען די ווילנער אינסטיטוציעס אין זייער גרויסער נויט. די פאַרשטעהער פון ברענטש 367 האָבען אריינגעגעבען א נשמה אין דער רעליף ארבייט. א דאַנק אָט דעם לעבען וואס איז אריינגעבראַכט געוואָרען אין דעם ווילנער רעליף איז געלונגען צו שאַפען פאַר דער צייט פון זיין עקזיסטענץ אַרום א פערטעל מיליאָן דאָלער פאַר די פאַרשידענע ווילנער אינסטיטוציעס. עס איז דאָ כדאי צו דערמאָנען אז ברענטש 367 האָט בייגעשטייערט צום ווילנער רעליף פון זיין אייגענער קאַסע איבער 5,000 דאָלער.

דער ברענטש שטאָלצירט ספּעציעל מיט דער הילף וואס ער האָט געגעבען פאַר די ווילנער אידישע קינדער שולען. דאָרט זיינען די שולען א נויטווענדיגקייט, ווייל זיי זיינען די איינציגע בילדונגס אנשטאַלטען, וואו די אידישע ארבייטער קינדער קענען קריגען אן ערציהונג. די הילף פון דעם ווילנער רעליף האָט אָפט געראַטעוועט די שולען פון אונטערגאַנג.

אפילו נאָך דעם ווי די מעהרסטע רעליף ארגאַניזאַציעס האָבען זיך אויפגעלעזט זעצט פאָר דער ברענטש זיין שטיצע צו די ווילנער אידישע אינסטיטוציעס און ספּעציעל צו די קינדער שולען.



מאַרקס יוגענט בראַנטש 1047 — קינדער פון מיטגלידער פון ווילנער בראַנטש 367, ארב. רינג.

## די קולטורעלע אַרבייט פון ברענטש.

אויפקלערונגס ארבייט פאר די מיטגלידער איז שטענדיג געווען א וויכטיגער טייל פון דער טעטיגקייט פון ברענטש 367. אום צו מאכען די מיטינגען אינטערעסאנטער ווערען אָפט אַראַנזשירט לעקציעס אויף פאַרשידענע טעמעס און אויך קאָנצערטען.

פון צייט צו צייט ווערען אַראַנזשירט גרויסע קאָנצער־טען זונטאָג נאָכמיטאָגס, וועלכע ציהען גאָר א גרויסען עולם. די זונטאָג קאָנצערטען פון ברענטש 367 האָבען געקראָגען א שם ניט נאָר ביי די מיטגלידער פון ברענטש, נאָר אויך אין אר־בייטער רינג אַלס א גאַנצען. די דאָזיגע קאָנצערטען ווערען פאַר־וואַנדעלט אין פאַמיליען פאַרטים.

ריידענדיג וועגען דער קולטור ארבייט דארף מען אויך דער־מאָנען די עטליכע פּראַכטפולע אויסגאַבען וואס דער ברענטש האָט ארויסגעגעבען לכבוד זיינע יובילייאום־ימים טובים.

צום צען־יאהריגען יובילעאום איז ארויסגעגעבען געווארען דער ערשטער בוך מיט דעם נאָמען „די ווילנער יוגענד", אונטער דער רעדאַקציע פון מ. גאָלדינג און ד. גאָלדמאַן. דאָס איז געווען א באַ־שיידענער ביכעל פון 48 זייטען, מיט עטליכע אינטערעסאנטע אר־טיקלען וועגען דער טעטיגקייט פון דעם ברענטש.

מיט 5 יאָהר שפּעטער, צום 15־יאהריגען יובילעאום, איז ווי־דער ארויסגעגעבען געווארען א בוך אין א ביסעל א קלענערען פאָר־מאַט, אָבער מיט א רייהע ערנסטע ארטיקלען פון י. באסקין, ק. מרמר, ביילין און מיט באַגריסונגען פון אב. קאַהאַן, ב. וולאַדעק און די גענעראַל בעאַמטע פון אָרדען.

צום 20טען יובילעאום האָט דער ברענטש אַרויסגעגעבען אַן אמת וויכטיגע ווערק, וועלכע האָט אַרויסגערופען די וואַרימסטע אָפּשאַ־צונג אין דער גאַנצער אידישער פּרעסע דאָ אין אמעריקא און אויך אויף יענער זייט ים. פריינד יעפים ישורין, אונטער וועמעס רע־דאַקציע דאָס בוך איז ארויסגעגעבען געוואָרען, האָט זיך פאַרנומען צו שאַפען א ליטעראַרישע שטיק ארבייט און איהם איז דאָס אין א גרויסער מאָס געלונגען. דער בוך האָט געהייסען „דער ווילנער" און איז געווען געווידמעט דער שטאָט ווילנע. דאָרט האָבען זיך גע־פונען א רייהע ארטיקלען פון פּראָמינענטע שרייבער פון אמעריקע און אייראָפּע מיט אַן אוצר מיט אינפאָרמאַציע וועגען דער שטאָט ווילנע און איהרע וויכטיגע אינסטיטוציעס.

איצט, צום 25־יאהריגען יובילעאום, איז אונטער פריינד ישורין'ס רעדאַקציע צוגעגרייט געווארען א בוך וואס פאַרשפּרעכט צו פאַרנע־מען א וויכטיגען פּלאַץ אין דער אידישער ליטעראטור. דער בוך

האָט איבער 1,000 זייטען און ענטהאלט וויכטיגע ליטעראַרישע שאַ־פונגען פון די וויכטיגסטע אידישע פובליציסטען, בעלעטריסטען און פּאָעטען וואס געפינען זיך אין אייראָפּע און אמעריקע. דער נייסטער




„דער ווילנער", אַרויסגעגעבען פון ווילנער ברענטש 367, א. ר., דעם 30טען יוני, 1934, צו דער געלעגענהייט פון דער פייערונג פון מאַקס גאָלדינג'ס 25-יאָריגער טעטיגקייט, און דעם 2טען דעצעמבער, 1934, צום 25-יאָריגען יובילעאום פון ברענטש 367, ארבייטער רינג.

בוך וועט זיכער זיין א כבוד פאַר'ן ברענטש און פריינד ישורין פאַרדינט א קאָמפּלימענט פאַר זיין באמיהונג צו שאַפען אזא וויכטיגע ליטעראַרישע אויסגאַבע.

## די פרויען און די יוגענד.

ברענטש 367 איז געווען צווישען די ערשטע איינצוזעהן די וויכ־טיגקייט פון פאַראינטערעסירען די פרויען פון די מיטגלידער אין דער טעטיגקייט פון דעם ברענטש, ווי אויך אין אַלגעמיינע אַרבייטער רינג טעטיגקייט.



Forward
פאָרווערטס
FORWARD
10
WILNER TOG
ווילנער
טאָג
פאָרווערטס
אין דער אַרבייטער באַוועגונג
וועקער
DER WECKER

פאָטאָגראַפיעס פון צייטונגס-באַריכטען וועגען דעם 25-יאָריגען יובי־לעאום פון ווילנער ברענטש 367 אַרבייטער רינג, געפייערט דעם 2טען דעצעמבער, 1934, אויך אַ פאָטאָגראַפיע פון דעם ווילנער זאַמעל־בוך, וואָס ברענטש 367 א. ר. האָט אַרויסגעגעבען אין 1929, צום 20-יאָריגען יובילעאום, רעדאַקטירט פון יעפים ישורין.

דער ליידיס קלוב פון ברענטש 367 האָט געהאָלפען אַריינצו־ברענגען אַ סך לעבען אין דעם ברענטש. די פרויען קומען צו די מיטינגען, באַטייליגען זיך אין די פאַרהאַנדלונגען און העלפען דורכ־פיהרען די פאַרשידענע אונטערנעמונגען וואָס דער ברענטש אַראַנ־

זשירט. דער ערפאָלג פון פילע בעלער, טעאַטער בענעפיטס און גרויסע קאָנצערטען איז א היבש ביסעל צו פאַרדאַנקען דער הילף און אונ־ערמידליכער טעטיגקיים פון דעם ליידים קלוב.

דער ברענטש האָט זיך ניט באַנוגענט מיט אַריינציהען די פרויען אין דער אַרבייטער רינג טעטיגקייט. ווען אין אַרבייטער רינג האָט זיך אָנגעהויבען די באַוועגונג צו אָרגאַניזירען די קינדער פון די מיטגלידער אין יוגענד קלובען און יונגע, ענגליש־שפּרעכענדע ברענ־טשעס פון דעם אָרדען, האָט ברענטש 367 אויסגענוצט די ערשטע געלעגענהייט צו אָרגאַניזירען א יוגענד ברענטש, וועלכער איז היינט צו טאָג איינער פון די שענסטע יונגע ברענטשעס אין אַרבייטער רינג.

די געשיכטע פון ברענטש וועט ניט זיין פאָלשטענדיג ווען מען זאָל ניט דערמאָנען, אַז אין דעם וואוקס פון ברענטש 367 אַרבייטער רינג האָט זעהר פיל מיטגעהאָלפען דער איצטיגער טשערמאַן, פריינד מאַקס גאָלדינג, ביי וועמען דער לעבען פון ברענטש איז א טייל פון זיין אייגענעם לעבען. אָבער זיין אַרבייט אליין וואָלט ניט געבראַכט דעם ברענטש צו זיין איצטיגען צושטאַנד, ווען ער וואָלט ניט געהאַט די קאָאָפּעראַציע פון צעהנדליגער אַנדערע טעטיגע מיטגלידער.

ברענטש 367 געפינט זיך איצט אין א גלענצענדען צושטאַנד. ער איז דער רייכסטער און שטאַרקסטער ברענטש אין דעם אָרדען. דער ברענטש פאַרנעמט זעהר א וויכטיגען פּלאַץ אין אַרבייטער רינג. די 30 ווילנער יונגעלייט, וועלכע האָבען געלייגט דעם פונ־דאַמענט פאַר דעם ברענטש, האָט זיך זיכער ניט גע'חלומ'ט, אַז פון די קערענדלעך וואָס זיי האָבען פאַרזייט, וועט אַרויסוואַקסען אַזא שעה־נער, אַזא מעכטיגער בוים. די אונערמידליכע אַרבייט וואָס די טוער פון ברענטש האָבען אַריינגעלייגט, האָט געבראַכט גוטע רעזולטאַטען. דער ברענטש, ווי אויך דער אַרבייטער רינג אַלס א גאַנצער, איז זיי דאַנקבאַר דערפאַר.

פייערענדיג דעם 25־יעהריגען יובילעאום ווילט זיך ווינשען דעם ברענטש אַז ער זאָל פאָרטזעצען זיין ערפאָלגרייכע אַרבייט און זאָל קלעטערען אַלץ העכער אויפ'ן לייטער פון ערפאָלג.

עס לעבע דער אַרבייטער רינג!

עס לעבע דער ווילנער ברענטש 367 פון אַרבייטער רינג!

# די געשיכטע פון די ווילנער אָרגאַניזאַציעס אין אַמעריקע.

עס איז אונמעגליך פעסטצושטעלען די צאָהל ווילנער לאַנדסלייט, וואָס געפינען זיך אין אמעריקע, דערפאר אָבער איז מעגלאך און וויכטיג צו פארצייכענען אַלע עקזיסטירענדע ווילנער אָרגאַניזאַציעס, און אַזאַ פארזוך ווערט דאָ געמאכט.

עס האָט זיך אונז געדוכט, אַז אַ ווענדונג צו אַלע ווילנער אָרגאַניזאַציעס דורך דער אידישער פרעסע וועט ברייגען די פארלאַנגטע מאַטעריאַלען. אומזיסט זיינען אָבער געווען אונזערע ערוואַרטונגען. ניט נאָר האָבען זיך די ווילנער אָרגאַניזאַציעס ניט אָגערופען אויף דער ווענדונג, נאָר ווען מען האָט געשריבען צו מאַנכע ווילנער אָרגאַניזאַציעס צוויי און דריי מאָל, און אין איניגע פאַלען זאָגאַר טעלעגראַפירט, האָבען מיר ניט באַקומען די נויטיגע אויסקינפטע.

דאָס ציינגט ווי ווייניג אינטערעס די ווילנער אָרגאַניזאַציעס האָבען ארויסגעוויזן צו אונזער אַרבייט אין וועלכער מען האָט געמעגט ערוואַרטען, אַז זיי זאָלען זיין פאַראינטערעסירט.

דער שרייבער פון דיזע שורות איז אָבער עקשנות'דיג אַנגעגאַנגען מיט זיין ארבייט, האָט פאַרבויגען זיין אייגענעם כבוד און האָט באקומען די נויטיגע מאַטעריאַלען. אלס רעזולטאַט פון די אַלע אויספאָרשונגען איז געלונגען צוזאַמענצוקלייבען די געשיכטע פון די ווילנער אָרגאַניזאציעס.

אויב אונזערע מאַטעריאַלען זיינען ניט פאָלקאָם און אויב אירגענד וועלכע ווילנער אָרגאַניזאציע איז אויסגעלאָזען געווארען, איז דאָס די שולד פון די אָרגאַניזאציעס אַליין.

דאָס איז דער ערשטער פאַרזוך צו שרייבען די געשיכטע פון ווילנער לאַנדסלייט, וואָס איז ווען עס איז און פון ווערמען עס איז געמאַכט געוואָרען.

מיר גיבען איבער די געשיכטע פון די ווילנער אָרגאַניזאציעס כראָנאָלאָגיש לויט די יאָהרען ווען די באַטרעפענדע אָרגאַניזאציעס זיינען געגרינדעט געוואָרען.

די געשיכטע פון ווילנער ארבייטער רינג ברענטש 367 ווערט איבערגעגעבען אין אַ גאַנץ באַזונדער ארטיקעל, געשריבען פון ב. לעוויטין.

## ווילנער אַסאָסיאיישאָן פון באָסטאָן.

די ווילנער אַסאָסיאיישאָן אין באָסטאָן איז געגרינדעט געווארען דעם 22טען סעפטעמבער, 1888.

די גרינדער פון דער אַסאָסיאיישאָן זיינען געווען: ליאָן מייגעש, אברהם שוידעמאַן, מאיר טיירק, סאָלאָמאָן ליוויי, לואיס

קרעמער, וויליאַם עלק, דוד ראָזענטאַל, הערמאַן קוקסעס, אחרן וואַטערמאַן, חיים זארלונג, דוד בערגמאַן. מענדעל גאָלדשיין און מאָריס שטיינבאָר, פון די ערשטע גרינדער, זיינען געוועזענע פרעזידענטען פון דער אַסאָסיאַיי-שאַן.

ווען די אַסאָסיאַיישאַן האָט זיך געגרינדעט איז איהר אויפגאַבע געווען צו העלפען אַריבערגעקומענע ווילנער אימיגראַנטען. איצט איז דאָס אַ געגענ-זייטיגע אונטערשטיצונגס אָרגאַניזאַציע.

די אַסאָסיאַיישאַן האָט דורך דער צייט פון דער מלחמה אַרויסגעהאָלפען דער שטאָט ווילנע מיט אייניגע ביישטייערונגען און דורך אונטערנעמונגען וואָס זיי האָבען געמאַכט.

## יונייטעד ווילנער בענעוואָלענט אַסאָסיאיישאַן, ניו יאָרק.

די יונייטעד ווילנער בענעוואָלענט אַסאָסיאיישאַן איז געגרינדעט גע-וואָרען דעם 24טען דעצעמבער, 1888, אונטער דעם נאָמען „אינדעפענדענט וויל-נער בענעוואָלענט אסאָסיאיישאַן”, מיט די פאָלגענדע מיטגלידער: דזשייקאָב קאָסעל, מאַקס אַנטאָוויל, אברהם סיגאַל, אַלבערט הורדוס, א. אַלבערט, מ. שוואַרץ, סיימאַן טראַצקי, בייטהען וואַקער, יחזקאל איירוויים, רובין דרוס-קין, צמח צוקערמאַן, מאָריס סאַמאָך און מאַקס בענדער. דער ערשטער פרע-זידענט איז געווען אַלעקסאַנדער סונדעל.

שוין דעם ערשטען יאָהר האָט זיך אַ גרופּע אונצופרידענע מיטגלי-דער אָפּגעריסען פון דער אָרגאַניזאַציע און האָבען געגרינדעט אַ נייע אָרגאַ-ניזאַציע אונטער דעם נאָמען „ווילנער בראָדערס בענעוואָלענט אַסאָסיאיישאַן”.

אין יאָהר 1896 האָט זיך דיזע אָרגאַניזאַציע פאַראייניגט מיט אַן אַנדער ווילנער אָרגאַניזאציע, וועלכע האָט געטראָגען דעם נאָמען „ווילנער בענע-וואָלענט אַסאָסיאיישאַן”. פון יענער צייט אָן רופט זיך די אָרגאַניזאציע „יונייטעד ווילנער בענעוואָלענט אסאָסיאיישאַן.”

דעם 24טען יולי, 1909, האָט זיך די אָרגאַניזאציע פאַראייניגט מיט אַ ווילנער חברה, וועלכע האָט געהייסען „קאָנגרעגיישאַן משכן בצלאל אנשי ווילנע”, וועלכע איז געווען אַנגעשלאָסען אָן דעם אָרדער אהבת ישראל.

אין 1912 האָט זיך פאַראייניגט מיט דיזער אָרגאַניזאציע די „ווילנער בראָדערס בענעוואָלענט אַסאָסיאיישאַן”, וועלכע האָט זיך אָפּגעריסען פון דער „אינדעפענדענט ווילנער בענעוואָלענט אסאָסיאיישאַן” אין דעם יאָהר 1888.

די „יונייטעד ווילנער בענעוואָלענט אַסאָסיאיישאַן” האָט אין פאַרלויף פון איהר 46-יאָהריגען עקזיסטענץ געשפּילט אין פאַרשידענע צייטען א וויכ-טיגע ראָלע אין לעבען פון די ווילנער לאַנדסלייט אין אמעריקע. אין די מלחמה יאָהרען, ווען ווילנע איז געווען אָפּגעריסען פון דער גאַנצער וועלט און ווען אַלע ווילנער לאַנדסלייט האָבען זיך קאָנצענטרירט אַרום דעם ווילנער רעליף קאָמיטעט, האָט די „יונייטעד ווילנער בענעוואָלענט אסאָ-סיאיישאַן” גענומען אַן אַנגעזעהענעם אנטייל אין דער רעליף ארבייט. די פאָרשטעהער פון דיזער אָרגאַניזאַציע זיינען געווען אַקטיווע טוער אין רעליף. דר. ל. דרוסקין, וועלכער האָט פאָרטראָטען די אָרגאַניזאַציע, איז געווען יאָהרען לאַנג טרעזשורער פון רעליף און דער ערשטער דעלעגאַט פון רעליף געשיקט נאָך ווילנע איז געווען טשאַרלס בירזש, מיטגליד פון דער „יונייטעד ווילנער בענעוואָלענט אַסאָסיאיישאַן.”

דיזע אָרגאַניזאַציע האָט אין יענע יאָהרען געשאַפען צעהנדליגער טוי-זענדער דאָלארען פאַר'ן ווילנער רעליף. ערשט מיט 8-9 יאָהר צוריק, האָט

דיזע אָרגאַניזאַציע דורכגעפיהרט אַ טעקס פון 12 דאָלער אויף יעדען מיט-גליד פאר'ן רעליף.

פון יענער צייט אָן אָבער, האָט זיך די פיזיאָנאָמיע פון דיזער עלטסטער ווילנער אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקע אין גאַנצען געענדערט. די עלטערע טוער, וועלכע זיינען געווען געבאָרענע ווילנער, זיינען ביסלעכווייז אויסגעשטאָרבען. אַנדערע האָבען זיך אַזוי פאַרעלטערט — אַז זיי קענען שוין מעהר ניט זיין אַקטיוו און אַלס רעזולטאַט פון דעם איז די פירערשאַפט פון דער ווילנער אָרגאַניזאַציע אַריבער אין די הענט פון די קינדער פון די בויער און גרינדער פון דער אָרגאַניזאַציע און מייסטענס אין די הענט פון אַזעלכע, וועלכע האָבען ניט קיין שום באַציאונג צו דער שטאָט ווילנע.

אין דעם יעצט עקזיסטירענדען פאַראייניגטען ווילנער הילפס-קאָמיטעט זיינען זיי אין גאַנצען ניט אָנגעשלאָסען און אינטערעסירען זיך גאָר ניט מיט די איבעריגע ווילנער אָרגאַניזאַציעס אין אמעריקע.

אויסער דעם, וואס די אָרגאַניזאַציע איז איינע פון די עלטסטע, איז זי אויך איינע פון די גרעסטע ווילנער אָרגאַניזאַציעס, אויסער דעם ווילנער ברענטש 367 ארבייטער רינג, וועלכע איז פּאַקטיש די גרעסטע ווילנער אָרגאַניזאַציע אין אמעריקע

עס ווילט זיך גלויבען, אַז די טוער און פיהרער פון דער „יונייטעד ווילנער בענעוואָלענט אסאָסיאיישאָן" וועלען איינזעהן זייער טעות, אזוי לאַנג זייער אָרגאַניזאציע טראָגט נאָך אַלץ דעם ווילנער נאָמען, און זיי וועלען זיך סוף כל סוף צוריק אומקערען צו דער גרויסער ווילנער משפחה און זייער אָרגאַניזאציע וועט פארנעמען איהר געהעריגע פּאָזיציע, פאר איהרע אייגענע אינטערעסען און הויפּטזעכליך צו אָנהאלטען דעם בכבוד'יגען נאָמען וואָס אונזער מוטער שטאָט ווילנע פארנעמט אין די אויגען פון דער גאנצער אידישער וועלט.

דער איצטיגער פּרעזידענט פון דער אָרגאַניזאַציע איז רעוו. שמעון זיידמאַן.

## ווילנער בענעפישעל סאָסייעטי, פילאַדעלפיע.

די ווילנער בענעפישעל סאָסייעטי אין פילאדעלפיע איז געגרינדעט געוואָרען אין יאָהר 1899.

די גרינדער זיינען געווען: דר. רובינסאָן, געוועזענער פּרעזידענט פון אָרדען ברית שלום, דוד רובין, חנן ברוידע, רובינשטיין און אָרלאָוויטש.

געגענזייטיגע הילף צו די מיטגלידער פון' דער סאָסייעטי איז דער הויפּט יסוד פון דער אָרגאַניזאַציע.

נאָך דער גרויסער וועלט מלחמה אין יאָהר 1918, איז אויף דער איניציאַטיוו פון איניגע מיטגלידער פון דער סאָסייעטי אָרגאַניזירט געוואָרען א ווילנער הילפס קאָמיטעט. ב. שאַפּירא, יאנקעל הורוויטש, דוד פּאָלעץ, פּאַלקאָוו און יצחק רובין זיינען געווען די איניציאַטאָרס. אין די ערשטע יאָהרען איז דער הילפס קאָמיטעט געווען טעטיג. פּאַרשידענע אונטערנעמונגען זיינען געמאכט געוואָרען און די געלדער זיינען אַוועקגעשיקט געוואָרען קיין ווילנע. דעם ערשטען מאָל זיינען די געלדער געשיקט געוואָרען דורך דעם ניו יארקער „ווילנער הילפס קאָמיטעט" און נאָכהער דירעקט נאָך ווילנע אויף דעם אַדרעס פון אָן אָרטיגען טוער, יונה שאַפּירא.

דער הילפס קאָמיטעט האָט אָבער לאַנג ניט פונקציאָנירט און איז ליקווידירט געוואָרען.

## ווילנער בענעוואָלענט אַסאָסיאיישאָן און ברוקלין.

די ווילנער בענעוואָלענט אַסאָסיאיישאָן און ברוקלין איז געגרינדעט געוואָרען דעם 2טען נאָוועמבער, 1902.

די אַסאָסיאיישאָן איז געגרינדעט געוואָרען אויף דער איניציאַטיווו פון אברהם בלאָק און די איבעריגע גרינדער זיינען געווען: דזש. קריגער, ר. קאַנטאָר, סעם קאָהען, סעם קאַפּלאַן, לואיס קימעל, סעם דאַנק, אברהם מעלצער, וו. גאָלדסמיטה, מ. קראַסנער און אייב קאַנטאָר.

די ערשטע בעאַמטע זיינען געווען: דזש. קריגער, פּרעזידענט; לואיס קימעל, וויים-פּרעזידענט און אברהם בלאָק, סעקרעטאַר.

פון אַ קליינער גרופּע ווילנער לאַנדסלייט, באַשטעהענד פון 11 מיטגלידער, איז אויסגעוואַקסען אַ גרויסע ווילנער אָרגאַניזאַציע פון עטליכע הונדערט מיטגלידער.

פאַר דער גאַנצער צייט וואָס די אָרגאַניזאַציע עקזיסטירט האָט זי געגעבען פיל צדקה סיי צו איהרע אייגענע מיטגלידער, סיי צו דער אויסערליכער וועלט.

ספּעציעל דאַרף פאַרצייכענט ווערען די אַרבייט פון דער אָרגאַניזאַציע פאַר ווילנער הילפס ארבייט. זייענדיג אַנגעשלאָסען אָן דעם פאַראייניגטען ווילנער הילפס קאָמיטעט, האָט די ווילנער בענעוואָלענט אַסאָסיאיישאָן געגעבען גרויסע יעהרליכע ביישטייערונגען און האָט איבערהויפּט גענומען אַ גרויסען און ווירקזאַמען אַנטייל אין דער הילפס ארבייט פאַר דער שטאָט ווילנע. לואיס קימעל, אַנגעזעהענער מיטגליד פון דיזער אָרגאַניזאַציע, איז פאַר די לעצטע עטליכע יאָהר דער פאָרזיצער פון דעם פאַראייניגטען ווילנער הילפס קאָמיטעט.

## ווילנער פּראָגרעסיווער ברענטש 28 ארבייטער רינג (ניו יאָרק).

דער ווילנער פּראָגרעסיווער ברענטש 28 א. ר. איז געגרינדעט געוואָרען דעם 1טען יולי, 1903. דאָס איז געווען דער ערשטער ווילנער ברענטש אין דער ארבייטער רינג משפחה.

אָריגינעל איז די אָרגאַניזאַציע געגרינדעט געוואָרען אין 1901 אונטער דעם נאָמען „רוסישער ארבייטער אונטערשטיצונגס פאַראיין". נאָכדעם ווי דער ארבייטער רינג האָט זיך אָנגעהויבען פאַרנאַנדערוואַקסען און צוציהען פאַרשידענע לאַנדסמאַנשאַפטן אָרגאַניזאַציעס, איז אין דעם „רוסישען ארבייטער אונטערשטיצונגס פאַראיין" ענטשטאַנען די פראַגע צי זאָל זיך די אָרגאַניזאַציע אַנשליסען אָן דעם קאָנסערוואַטיווען אינדעפּענדענט אָרדען ברית אברהם. די מאַיאָריטעט מיטגלידער האָבען נאָך אַ דויערהאַפטען קאַמף באַשלאָסען אַנצושליסען זיך אָן דעם אַרבייטער רינג.

אין פאַרלויף פון די 31 יאָהר וואָס דער ברענטש עקזיסטירט האָט ער אונטערשטיצט אַלע ראַדיקאַלע און סאָציאַליסטישע אינסטיטוציעס און האָט אויך אַ געוויסע צייט מיטגעאַרבייט אין דעם ווילנער רעליף קאָמיטעט.

די לעצטע יאָהרען האָט זיך דער ברענטש אָבער אין גאַנצען אָפּגעזונדערט פון דער ווילנער משפחה און באַטייליגט זיך ניט אין קיינע ווילנער אַקציעס. ספּעציעל באַדויערענד איז דער פאַקט, וואָס דער ברענטש

איז נים אָנגעשלאָסען אָן דעם איצט עקזיסטירענדען פאַראייניגטען וויל-נער הילפס קאָמיטעט.

די פאָלגענדע מיטגלידער זיינען געווען די גרינדער פון ברענטש: רובין באָלניק, דזשאו אבראַמאָוויטש, מאָריס וואָלגין, די ברידער פרענק, מאָריס ראָזען, דזש. דזשייקאָבסאָן און וואָלטער.

## ווילנער ברענטש 43 ארבייטער רינג, ניו יאָרק.

דעם 8טען יאַנואַר, 1904, איז געגרינדעט געוואָרען דער ווילנער רעוואָלוציאָנערער פאַראיין, ברענטש 43 ארבייטער רינג.

אָריגינעל האָט זיך די אָרגאַניזאַציע געגרינדעט דעם 16טען אוי-גוסט, 1902. די גרינדער זיינען געווען אַ גרופּע ווילנער בונדיסטען. די אָרגאַניזאציע האָט זיך געזאָלט רופען „הירש לעקערט פאַראיין", אָבער צוליב פּראַקטישע אורזאַכען איז באַשלאָסען געוואָרען אָנרופען די אָרגאַ-ניזאציע „ווילנער רעוואָלוציאָנערער פאראיין". די אויפגאבען פון דעם פאַראיין זיינען געווען ספּעציפישע צו שאפען מאַטעריעלע הילף פאר דעם „בונד" אין רוסלאַנד.

אויף דער איניציאַטיוו פון דעם פאראיין איז אין 1903 צוזאמענ-גערופען געוואָרען אַ קאָנווענציע פון אַלע עקזיסטירענדע אין יענער צייט בונדיסטישע פאַראיינען מיט דער אבזיכט צו צענטראַליזירען די הילפס-ארבייט פאר'ן „בונד" די קאָנווענציע האָט געשאַפען אַ צענטראַלען קאָ-מיטעט, וועלכער האָט אָנגעפיהרט די גאַנצע הילפס ארבייט און האָט אַלס רעזולטאַט פון דיזער ענערגישער ארבייט געשאַפען גאָר גרויסע געלדער פאר'ן „בונד"

די באַגייסטערונג פון די מיטגלידער האָט אָבער אָנגעהויבען פאַר-שווינדען. די מעהר פּראַקטישע מיטגלידער האָבען זיך אָנגעהויבען פאַר-טראַכטען וועגען זייער אייגענעם שיקזאַל און עס האָט זיך אָנגעהויבען א באַוועגונג צו באַפעסטיגען דעם פאַראיין. דער ארבייטער רינג האָט דאמאלסט געהאלטען אין וואקסען און האָט צוגעצויגען צו זיך די אויפ-מערקזאמקייט אויך פון די באַגייסטערטע בונדיסטען און אַזוי אָרום איז דעם 8טען יאַנואַר, 1904, דער ווילנער רעוואָלוציאָנערער פאראיין גע-וואָרען אַ טייל פון דער ארבייטער רינג משפחה — אַלס ווילנער ברענטש 43 ארבייטער רינג. דער ברענטש איז אינסטאָלירט געוואָרען מיט 19 מיטגלידער, אָבער ער האָט אָנגעהויבען וואקסען און היינטיגען טאָג איז דער ברענטש איינער פון די אָנגעזעהענסטע אין ארבייטער רינג.

אין דעם ווילנער רעליף האָט דער ברענטש גענומען אַ טיכטיגען אַנ-טייל. דער ערשטער פאָרזיצער פון רעליף איז געווען דער אָנגעזעהענער מיט-גליד פון ברענטש 43 — איזידאָר קאָהען, און אלס איינער פון די דע-לעגאַטען וואס דער רעליף האָט געשיקט אין ווילנע איז געווען — מאיר אייבראַמס, א מיטגליד פון ברענטש 43.

אין די פאַרוואַלטענדע קאָמיטעטען פון ארבייטער רינג האָבען פאַר-שטעהער פון ברענטש 43 ארבייטער רינג אַלע מאָל פארנומען א בכבוד'יגען פּלאַץ.

## ווילנער ברענטש 178 ארבייטער רינג, שיקאַגאָ.

דער ווילנער ברענטש 178 ארבייטער רינג איז געגרינדעט געוואָרען פון א גרופּע בונדיסטען, דעם 8טען יאנואר, 1908.

דער ברענטש פארנעמט אַן אָנגעזעהענעם פּלאַץ אין דער שיקאַגאָ׳ער אַר-בייטער רינג משפחה. אַלע סאָציאַליסטישע אונטערנעמונגען, קאַמפּאַניעס און אינסטיטוציעס ווערען געשטיצט פון ברענטש. אין אַלע ארויסטרע-טונגען פון דער אידישער ארבייטער באוועגונג באַטייליגט זיך געהעריג ברענטש 178.

אין די גרויסע שניידער סטרייקס אין 1910 און 1915 האָט די אָר-גאַניזאַציע ארויסגעהאָלפען איהרע מיטגלידער, שניידער סטרייקער, מיט רע-געלמעסיגען בענעפיט.

## ווילנער ברענטש 283, ארבייטער רינג, פילאַדעלפיע.

דער ווילנער ברענטש 283 ארבייטער רינג איז געגרינדעט געוואָרען דעם 1טען אַפּריל, 1909.

די הויפט גרינדער פון דיזען ברענטש זיינען משה לעווינסאָן, וועל-כער איז געוועזען דער ערשטער פּאָרזיצער פון ברענטש, און אייגער פּלאַט.

דער ברענטש איז טעטיג אויף אַלע געביטען פון דער אידישער אר-בייטער און סאָציאַליסטישער באוועגונג און פאַרנעמט אַן אָנגעזעהענעם פּלאַץ אין דער פילאַדעלפיער אַרבייטער רינג משפּחה.

כאָטש דער ברענטש איז אָפיציעל אַ ווילנער, איז ער אָבער אָפּגע-זונדערט פון אַלע אַנדערע ווילנער אָרגאַניזאַציעס אין אמעריקע און האָט זיך קיין מאָל ניט באַטייליגט אין דער הילפס ארבייט פאַר דער שטאָט ווילנע.

## יונייטעד ווילנער לײדיס בענעוואָלענט אַסאָסיאיישאָן, ניו יאָרק.

די יונייטעד ווילנער לײדיס בענעוואָלענט אַסאָסיאיישאָן איז געגריג-דעט געוואָרען אין אָקטאָבער, 1910, אויף דער איניציאַטיוו פון מרס. דאָרא גאָלוב און מאָרים סאָמאָף.

די ערשטע באַראַטונג וועגען דער גרינדונג פון דיזער פרויען אָרגאַ-ניזאַציע איז פאָרגעקומען אין מאָנאַט יוני, 1910, אין קראָם פון מרס. דאָרא גאָלוב. אפיציעל איז אָבער געגרינדעט געוואָרען די אָרגאַניזאַציע אין אָקטאָבער, 1910.

אַלס די ערשטע בעאַמטע פון דער אָרגאַניזאַציע זיינען ערוועהלט געוואָ-רען די פאָלגענדע: פאַר פּרעזידענט, רעוו. שמעון זיידמאַן; וויס-פּרע-זידענטין, מרס. גאָלדע שערעשעווסקי; אַלס טרעזשורערין, מרס. דאָרא גאָלוב און אלס סעקרעטער אהרן זאַם.

זעלבסט-הילף צו די מיטגלידער פון דער אַסאָסיאיישאָן איז דער הויפט יסוד, אָבער אויסער דעם, ווערען אויך געשטיצט וואָהלטעטיגע אָרגאַני-זאציעס און אינסטיטוציעס.

די אַסאָסיאיישאָן האָט אַ לוי-קאַסע, מיט וועלכער יעדע מיטגלידערין קען זיך באַנוצען צו מאַכען קליינע הלואות.

די אָרגאַניזאַציע איז פאַרבונדען מיט דעם יונייטעד ווילנער פרויען רעליף וועמעס מיטגלידער אין אַ גרויסער צאָהל באַלאַנגען צו ביידע וויל-נער אָרגאַניזאַציעס.

רעוו. שמעון זיידמאַן, וועלכער איז געווען דער ערשטער פּרעזידענט פון דיזער פרויען אָרגאַניזאַציע, איז פאַר די לעצטע 24 יאָהר דער שטענ-דיגער סעקרעטער.

די מיטגלידערשאַפט באַשטעהט פון פרויען, וועלכע זיינען געבאָרען גע־וואָרען אין ווילנע אדער וועמעס עלטערען זיינען ווילנער.

## ווילנער פּראָגרעסיוו סאָסייעטי אין בראָנזוויל.

די ווילנער פּראָגרעסיווע סאָסייעטי אין בראָנזוויל איז געגרינדעט געוואָרען דעם 8טען יאנואר, 1914. די גרינדונג איז פאָרגעקומען אין הויז פון הײמאַן ווײנער, 64 סאָטער עווענױ, ברוקלין. די גרינדונגס פאַרזאַמלונג איז באַשטאַנען פון 9 מיטגלידער און אין אַ וואָך אַרום זיינען צוגעשטאַנען נאָך 6 מיטגלידער און אַזוי איז אָפיציעל געגרינדעט געוואָ־רען די אָרגאַניזאַציע מיט 15 מיטגלידער.

פאַר די 20 יאָהר וואס די אָרגאַניזאַציע עקזיסטירט, האָט זי פיל מיטגעהאָלפען איהרע מיטגלידער און האָט געשטיצט פאַרשידענע וואָהל־טעטיגע אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס.

אין די יאָהרען ווען דער ווילנער רעליף קאָמיטעט האָט פונקציאָנירט, האָט זייער אָרגאַניזאַציע גענומען אַ טיכטיגען אנטייל און האָט געשאַפען באַדייטענדע סומען געלט. אין דעם איצט עקזיסטירענדען פאַראייניגטען ווילנער הילפס קאָמיטעט איז די ווילנער פּראָגרעסיוו סאָסייעטי פון בראָנז־וויל אנגעשלאָסען און העלפט דעם קאָמיטעט אין דער הילפס ארבייט פאַר דער שטאָט ווילנע.

## ווילנער ברענטש 666 ארבייטער רינג, באָסטאָן.

דער ווילנער ברענטש 666 ארבייטער רינג איז אינסטאָלירט געוואָרען דעם 1טען אפּריל, 1921.

דאָס איז געווען דער ערשטער ברענטש פון אַרבייטער רינג, וואס איז אינסטאָלירט געוואָרען אין מאַסאַטשוזעטס סטייט, נאָכדעם ווי דער ארבייטער רינג איז געוואָרען געזעצליך אין יענעם סטייט.

עס זיינען אינסטאָלירט געוואָרען 27 מיטגלידער און די אינסטאָ־ליישאָן איז דורכגעפיהרט געוואָרען אין פאָרד האָל, מיט י. באַסקין, גע־נעראל סעקרעטאר פון ארבייטער רינג, אלס אינסטאַלאַטאָר.

די איניציאַטאָרס פון ברענטש זיינען געווען: מ. לעווינסאָן, א. אדלער, דזש. ביראק, ב. בריקמאַן, דזש. סמיטה, ש. אָראָל און ל. פּרענק. די ערשטע בעאַמטע זיינען געווען: מ. לעווינסאָן, פּאָרזיצער; א. אדלער, פינאַנס סעקרעטאר און ב. בריקמאַן, פּראָטאָקאָל סעקרעטאר.

דער ברענטש איז איינער פון די אָנגעזעהענסטע אין באָסטאָנער דיס־טריקט, איז טעטיג אויף אַלע געביטען, שטיצט אַלע ראַדיקאַלע און סאָציאַ־ליסטישע אינסטיטוציעס און איז איבערהויפּט אַן אַקטיווע און לעבעדיגע אָרגאַניזאַציע.

דער ברענטש איז אָנגעשלאָסען אָן דעם ניו יארקער פאַראייניגטען וויל־נער הילפס־קאָמיטעט און האָט פון צייט צו צייט מיטגעהאָלפען דעם קאָ־מיטעט אין דער הילפס ארבייט פאַר דער שטאָט ווילנע.

## יונייטעד ווילנער ליידיס רעליף, ניו יאָרק.

דער יונייטעד ווילנער ליידיס (פרויען) רעליף איז געגרינדעט געוואָרען אין אָקטאָבער, 1923, אויף דער איניציאַטיוו פון דער פאַרשטאָרבענער מרס.

דאָרא גאָלוב, וועלכע איז אין די פריהערדיגע יאהרען געווען אַקטיוו אין דעם יונייטעד ווילנער (מענער) רעליף.

צוליב דעם וואס דער יונייטעד ווילנער (מענער) רעליף האָט אין יענער ציים צייטווייליג ניט פונקציאָנירט און צוליב דעם, וואס איניגע פרויען רעליף טוער זיינען ניט געווען אין גאַנצען צופרידען מיט די פיהרונגען פון דעם מענער רעליף, האָט זיך דאָס ענטוויקעלט א באַזונדער ווילנער פרויען רעליף.

דער פרויען רעליף באַשטעהט פון אַרום 200 מיטגלידער, פון וועלכע נאָר א קליינע טייל זיינען אַקטיוו און פיהרען אָן זייער הילפס ארבייט.



איידא זיידמאַן, פרעזידענטין פון יוניי-
טעד ווילנער פרויען רעליף (1934).

נעמענדיג אין אנבאַטראַכט די באַשרענקטע קרעפטען וואס דיזער פרויען רעליף פאַרמאָגט, טוט דער פרויען רעליף באמת גוטע אַרבייט און שאפט יעדען יאָהר באַדייטענדע סומען געלד, וועלכע ווערען אריבערגעשיקט קיין ווילנע.

דער פאַקט, אז אין ניו יארק עקזיסטירען צוויי באַזונדערע ווילנער רעליף קאָמיטעטען איז ניט קיין ערפרעהענדער.ביידע רעליף קאָמיטעטען מאכען אַלע מעגליכע אָנשטרענגונגען צו שאפען געהעריגע מיטלען פאר דער פאַראָרימטער שטאָט ווילנע. ביידע קאָמיטעטען ווענדען זיך צו די זעלבע אָרגאַניזאציעס און ווילנער לאַנדסלייט און ניט ווילענדיגערהייט קומען פאָר פון ציים צו ציים צוזאַמענשטויסען.

עס זיינען געמאַכט געוואָרען עטליכע פּאַרזוכען ביידע קאָמיטעטען צו פּאַראייניגען, צו קאָנצענטרירען אַלע רעליף טוער און מיט פּאַראייניגטע קרעפטען שאַפען גרעסערע סומען געלט אין וועלכע די שטאָט ווילנע נוי-טיגט זיך, אָבער אַלע פּאַרזוכען האָבען זיך אויסגעלאָזען מיט גאָרנישט. דער פרויען רעליף וויל ניט קאַפּיטולירען.

דער רעזולטאַט פון דעם איז, אַז עס ווערען צושפּליטערט די כוחות, אַז די ווילנער לאַנדסלייט האָבען אַ גוטע געלעגענהייט אַרויסצודרעהען זיך פון געבען בייזשטייערונגען צו ביידע אָרגאַניזאַציעס און ליידען ליידעט פון דעם די שטאָט ווילנע.

די ערשטע פּרעזידענטין פון דעם פרויען רעליף איז געוועזען מרס. מאַלי באַרעוויטש; וויצע-פּרעזידענטין, מרס. לינא בערגער; טרעזשורערין, מרס. שרה ליפער און סעקרעטאַרין, מרס. דאָרא גאָלוב.

אויף דער גרינדונגס פאַרזאַמלונג פון דעם יונייטעד ווילנער ליידיס רעליף זיינען געווען אַנוועזענד די פאָלגענדע פרויען: דאָרא גאָלוב, די איניציאַטאָרין, שרה ליפער, מאַלי באַרעוויטש, לינא בערגער, אסתר פישער, קלאַרא ראַבוכין, ליבי בעקער, דזשעני ראָזדעיל און ליליען לואיס (טאָכטער פון דאָרא גאָלוב).

זייט אָקטאָבער, 1923, איז דער רעליף אָפיציעל פאַרבונדען מיט דער יונייטעד ווילנער ליידיס בענעוואָלענט אַסאָסיאיישאָן, וועמעס מיטגלידערינס זיינען אַקטיוו אין ביידע ווילנער אָרגאַניזאַציעס.

די אָפיציעלע פאַרבינדונג פון די ביידע ווילנער אָרגאַניזאַציעס איז געקומען דורך די באַמיהונגען פון מרס. פּאַולין ווינאָגראַדאָף, פרוי פון דעם באַוואוסטען ווילנער זינגער יוסף ווינאָגראַדאָף. מרס. ווינאָגראַדאָף האָט פיל מיטגעהאָלפען אין דער ארבייט פון דעם ווילנער פרויען רעליף און איז נאָכהער געוואָרען אַקטיוו אין דעם פּאַראייניגטען ווילנער הילפס קאָמיטעט, פון וועלכען איהר מאַן יוסף ווינאָגראַדאָף איז דער טרעזשורער.

די געזאַמעלטע געלדער ווערען אַריבערגעשיקט נאָך ווילנע דורך פּאַר-שידענע קוועלען. עס זיינען געווען צייטען, ווען די געלדער פלעגען גע-שיקט ווערען אויסשליסליך דורך דר. צמח שאַבאַד, נאָכהער איז באַשטימט געוואָרען אַ קאָמיטעט באַשטעהענד פון דר. שאַבאַד, דר. וויגאָדסקי, זלמן רייזען, דר. זשיטלאָווסקי און הרב חיים עוזר גראָדזענסקי. לעצטענס ווע-רען אַלע געלדער געשיקט דירעקט צו די פאַרשידענע אינסטיטוציעס אין ווילנע.

זינט 1925 איז די פּרעזידענטין פון דעם פרויען רעליף מרס. איידא זיידמאַן.

די איצטיגע בעאַמטע פון פרויען רעליף זיינען: פּרעזידענטין, מרס. איידא זיידמאַן; סעקרעטאַרין, מרס. ליליען לואיס (טאָכטער פון דער גרינדערין דאָרא גאָלוב); טרעזשורערין, מרס. שרה ליפער; פּראָטאָקאָל סעק-רעטאַרין, מרס. דאָרא גרין.

וויצע-פּרעזידענטינס זיינען — מרס. בערטאַ פיינשרייבער, מרס. נעטי קאַפּעל, מרס. פּאַולין זעטעל, מרס. אַננאַ גינזבערג, און מרס. ליובא ווינער. מרס. גאָלדע שערעשעווסקי איז אַן עהרען וויצע-פּרעזידענטין.

## ווילנער סיסטערס בענעוואָלענט סאָסייעטי, שיקאַגאָ.

די ווילנער סיסטערס בענעוואָלענט סאָסייעטי אין שיקאַגאָ איז געגרינ-דעט געוואָרען דעם 13טען פעברואַר, 1925, אויף דער איניציאַטיוו פון

מאָרים פיינבערג און זיין פאַרשטאָרבענער פרוי. טראָצדעם וואָס דאָס איז אַ פרויען אָרגאַניזאַציע, איז אָבער דער טאָן-געבער און וועגווייזער פון דער ווילנער פרויען סאָסייעטי מאָרים פיינבערג. ער פאַרנעמט דאָרטען די פּאָזיציעס אלס פּראָטאָקאָל און קאָרעספּאָנדענץ סעקרעטאַר.

דאָס איז אַ שטריינג וואָהלטעטיגע אָרגאַניזאַציע. אלע אייננאַמען פון פאַרשידענע צאָהלונגען און אונטערנעמונגען געהען פאַר צדקה אין דער שטאָט שיקאַגאָ און מערסטענטיילס פאר הילפס אַרבייט אין דער שטאָט ווילנע.

אין משך פון די לעצטע 9 יאָהר וואָס די ווילנער פרויען אָרגאַניזאַציע עקזיסטירט, האָט זי געשאַפען טויזענדער דאָלארען פאר ווילנע און אַלע געלדער זיינען אַריבערגעשיקט געוואָרען דורך דר. צמח שאַבאַד, וועלכען זיי האָבען באַטראַכט פאר זייער פאַרשטעהער. אַ דאַנק דעם וואָס די פרויען-מיטגלידער זיינען טעטיג און ענערגיש, געלינגט זיי צו האָבען עטליכע אונטערנעמונגען אַ יאָהר און שאַפען די נויטיגע געלדער ארויס-צוהעלפען די נויטבאַדערפטיגע ווילנער אינסטיטוציעס.

## ווילנער ליידיס בענעוואָלענט אָקזילערי, ברוקלין.

די ווילנער ליידיס בענעוואָלענט אָקזילערי אין ברוקלין, איז געגרינדעט געוואָרען, דעם 19טען יאנואר, 1926.

די פאָלגענדע פרויען זיינען געווען די גרינדער פון דער אוקזילערי: דזשעני קאַנטאָר, פעני ראַוויטש, דזשעני קאָהען, סאָפיע גאָלוב, לינאַ בערגער, דזשעני קראַוויץ, אסתר קריסאָווסקי, ראָוז גאָלדשטיין, רעי אַבראַמאָוויטש, אַננאַ קאַמענסאָן און אסתר אַדעלמאַן.

די אָקזילערי איז צוזאַמענגעשטעלט פון די פרויען וועמעס מענער עס באַלאַנגען צו דער ווילנער בענעוואָלענט אַסאָסיאיישאָן אין ברוקלין.

די אָקזילערי העלפט ארויס איהרע אייגענע מיטגלידער, שטיצט פילע צדקה אינסטיטוציעס, און איז אויך אנגעשלאָסען אָן דעם פאראייניגטען ווילנער הילפס קאָמיטעט, וועלכען זי העלפט ארויס אין זיין הילף ארבייט.

## פרויען קלוב פון ווילנער ברענטש 43, אַרבייטער רינג.

דער פרויען קלוב פון ווילנער ברענטש 43 ארבייטער רינג איז געגרינדעט געוואָרען דעם 11טען מאי, 1927, מיט 13 פרויען מיטגלידער.

דער קלוב איז טעטיג אויף אלע געביטען פון דעם לעבען אין ארבייטער רינג און רופט זיך אויך אָפּ אויף אלע וויכטיגע געשעהענישען אין דעם לעבען פון דער אידישער ארבייטער באַוועגונג.

דער קלוב איז אַלע מאָל געווען טעטיג אין דער ווילנער הילפס-ארבייט, זייענדיג אָנגעשלאָסען אָן דעם פאראייניגטען ווילנער הילפס קאָמיטעט.

## ווילנער יונייטעד אייד סאָסייעטי, שיקאַגאָ.

די ווילנער יונייטעד אייד סאָסייעטי אין שיקאַגאָ איז געגרינדעט געוואָרען דעם 24טען נאָוועמבער, 1928. די אָרגאַניזאַציע איז אַ רעזולטאַט פון אַ פאראייניגונג פון צוויי ווילנער אָרגאַניזאַציעס, איינע וועלכע איז געגרינדעט געוואָרען אין 1905 אונטער דעם נאָמען ווילנער ברידערליכער אונטערשטיצונגס פאראיין, אָרגאַניזירט פון אַ גרופּע ווילנער לאַנדס-

לייט, בראש מיט מאָריס פיינבערג און בנימין פיינבערג (היימישער נאָמען — טראסקון). דער ערשטער פּרעזידענט איז געווען מאָריס פיינבערג. די צווייטע אָרגאַניזאַציע איז געגרינדעט געוואָרען דעם 28טען דעצעמבער, 1913 אונטער דעם נאָמען ווילנער אינדעפּענדענט פאראיין. די גרינדער זיינען געווען ל. גאָרדאָן, משה איגעל, מאָריס און ח. דזשייקאָבסאָן. אלס ערשטער פּרעזידענט איז ערוועהלט געוואָרען ל. ברייקער.

ביידע ווילנער אָרגאַניזאַציעס זיינען געגרינדעט געוואָרען אויף די זעלבע יסודות — צו שטיצען איינער דעם אנדערען אין פאל פון קראנקהייט און נויט. צוליב דעם וואָס ביידע ווילנער אָרגאַניזאַציעס האָבען געהאַט דיזעלבע אויפגאַבען און צילען — האָט זיך אָנגעהויבען אַ באוועגונג צו פאראייניגען ביידע אָרגאַניזאַציעס און אַלס רעזולטאַט פון געמיינשאַפטליכע פאַרהאַנדלונגען איז פאָרגעקומען אַן אָפיציעלע פאראייניגונג פון ביידע אָרגאַניזאַציעס און מען האָט אַ נאָמען געגעבען די פאראייניגטע אָרגאַניזאַציע — ווילנער יונייטעד אייד סאָסייעטי. דער ערשטער פּרעזידענט פון דער נייער סאָסייעטי איז געווען טשארלס סאָכאָר.

די אָרגאַניזאַציע האָט זיך ניט באגנוגענט מיט דעם וואָס די מיטגלידער האָבען געקראָגען פארשידענע בענעפיטען, נאָר האָבען אויך געשטיצט דעם „אָרט”, די „האיאס”, ווילנער אינסטיטוציעס און האָבען געמיינשאַפטליך מיט אַנדערע ווילנער אָרגאַניזאַציעס אין שיקאַגאָ געשאַפען טויזענטער דאָלאַרען פאַר ווילנער הילפס-ארבייט.

## פרויען קלוב פון ווילנער בראַנטש 367, ארב. רינג, ניו יאָרק.

דער פרויען קלוב פון ווילנער ברענטש 367 א. ר. איז געגרינדעט געוואָרען דעם 27טען נאָוועמבער 1928.

דער פרויען קלוב איז אָרגאַניזירט געוואָרען אויף דער איניציאַטיוו פון ברענטש 367 א. ר. די אינסטאַלייש'אַן האָט דורכגעפיהרט מאַקס גאָלדינג, פאָרזיצער פון עקזעקוטיוו קאָמיטעט פון בר. 367, און ראָוז אַש, מיטגלידערין פון בר. 367 און פארוואַלטערין פון סעמעטערי דעפּאַרטמענט (בית עולם).

45 פרויען האָבען זיך אָנגעשלאָסען אָן דעם קלוב אויף דער גרינדונגס פאַרזאַמלונג.

אַלס פאָרזיצערין פון דער גרינדונגס פארזאמלונג איז געווען בעקי ווינער. די ערשטע באאַמטע פון קלוב זיינען געווען: סאָפיע אַדלער, פינאַנס סעקרעטארין, און פאולין עפשטיין פּראָטאָקאָל סעקרעטאַרין.

פאַר די 6 יאָהר וואָס דער קלוב עקזיסטירט האָט זיך די מיטגלידערשאַפט באדייטענד פאַרגרעסערט. דער קלוב געהט אין די וועגען פון ברענטש 367. באַטייליגט זיך אין אַלע ארבייטער רינג אונטערנעמונגען, שטיצט און איז פאַרטראָטען אין אַלע געזעלשאַפטליכע און סאָציאַליסטישע אינסטיטוציעס און איז איבערהויפּט אַ לעבעדיגע פרויען אָרגאַניזאַציע.

עס איז ערפרעהענד צו פעסטשטעלען דעם פאַקט, אַז דורך דעם פרויען קלוב האָבען אַ גרויסע טייל פון די פרויען געקראָגען אַ חיבשע ביסעל אָרגאַניזאַציאָנס ערפאַהרונג און דורך דעם האָט דער ווילנער ברענטש 367 א. ר. צוגעקראָגען ערפאַהרענע און איבערגעבענע טוער.

דער קלוב אָראַנזשירט גאַנץ אָפט געזעלשאַפטליכע (סאָשעל) אונטערנעמונגען צו וועלכע עס ווערען איינגעלאַדען אויך די מיטגלידער פון ברענטש, האַלטען אָפּ לעקציעס, קאָנצערטען און דיסקוסיעס.

דער פרויען קלוב איז אויך אַנגעשלאָסען אָן דעם פּאַראייניגטען ווילנער הילפס-קאָמיטעט און העלפט דעם קאָמיטעט אין זיין וויכטיגער אַרבייט.

## ווילנער ברענטש 573, ארבייטער רינג, ניו יאָרק.

דער ווילנער ברענטש 573 אַרבייטער רינג איז געגרינדעט געוואָרען דעם 27טען סעפּטעמבער 1930.

דער ברענטש איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרען פון אַ גרופּע אונצופרידענע מיטגלידער וועלכע האָבען יאָהרען לאַנג באלאנגט צום גרויסען ווילנער ברענטש 367.

אָנגעהויבען האָט זיך דאָס פון דעם, וואָס אייניגע מיטגלידער האָט זיך פארוואָלט צו שפּילען די ראָליע פון פאָלקס-רעטער און זיי האָבען אָנגעפאַנגען צו אַטאַקירען די אַדמיניסטראציע פון ברענטש. עס איז דערגאַנגען אַזוי וויוט, אַז עס האָבען זיך געשאַפען צוויי לאַגערען, איין לאַגער וועלכער האָט פארטראָטען די ברייטע מאַסען מיטגלידער פון ברענטש, און א צווייטער לאַגער — צוזאַמענגעשטעלט פון אַלע אונצופרידענע עלעמענטען, וועלכע האָבען ניט געהאַט קיין פּלאַטפאָרמע, האָבען ניט אַגיטירט פאַר קיינע פּרינציפּען, נאָר וועלכע האָבען געהאַט איין ציל — צו דיסקרעדיטירען די אַדמיניסטראציע.

אַ קאַמף אָהן אַ פּלאַטפאָרמע און אַ פּרינציפּענלאָזער האָט נאַטירליך ניט געקענט האָבען קיין געזונטען באָדען. די אַדמיניסטראציע האָט גע־דולדעט די אָפּאָזיציע ביז אַ געוויסען גרענעץ און האָט ענדליך באשלאָסען די אַנפיהרער פון דער גרופּע צו דיסציפּלינירען.

מיט דער צושטימונג פון דעם גענעראל אָפיס פון א. ר. זיינען עטליכע פון דער גרופּע אַדמיניסטראַטיוו דיסציפּלינירט געוואָרען און אַלס רעזולטאַט פון דעם, האָט אַ גרופּע פון 38 מיטגלידער פאַרלאָזען בר. 367 און געגרינדעט דעם ברענטש 573.

דער ווילנער בר. 367 האָט דורך דעם זייער פיל געוואונען. אַזוי שנעל ווי די גרופּע איז אַריבער צום נייעם ברענטש, האָט זיך אין בר. 367 אָנגעהויבען אַ פּיבערהאַפטיגע טעטיגקייט צו אויספילען די פּאָזיציעס פון די פאַרלאָזענע און ביז דעם 1טען מאַי 1931 האָט דער ברענטש אריינגענומען איבער 300 נייע מיטגלידער. דער ברענטש האָט דורך דעם גע־וואונען אַ רייזע פאַר איינעם פון זיינע אָנגעזעהענסטע מיטגלידער, מאַקס גאָלדינג, נאָך וויען, וואו עס איז יענעם יאָהר אָפּגעהאַלטען געוואָרען דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער קאָנגרעס, און אויסער דעם האָט דער ברענטש אויך געהאַט דריי עהרען-דעלעגאַטען צו דער א. ר. קאָנווענשאָן אין וואַשינגטאָן.

אייניגע מיטגלידער פון בר. 573 האָבען זיך דורך דער צייט אומגע־קערט אין זייער אַלטער היים און זיינען פון דאָס ניי געוואָרען טעטיג און לאָיאַל צום ברענטש.

## בית הכנסת אַנשי ווילנע.

פילאַדעלפיע פאַרמאָגט אויסער אַ ווילנער ברענטש פון אַרבייטער רינג און אַ ווילנער פאַראיין אויך אַ ווילנער שוהל „בית הכנסת אַנשי ווילנע", וועלכע געפינט זיך אין 59 פּיין סטריט. די שוהל האָט אַן אייגענע סעמע־טערי (בית עולם).

## ווילנער יאָנג מענס — נואַרק, נ. דזש.

מיר ווייסען ניט, ווען די ווילנער יאָנג מענס סאָסייעטי אין נואַרק איז געגרינדעט געוואָרען, ווייל די אָרגאַניזאַציע האָט ניט צוגעשטעלט די נויטיגע אויסקינפטע.

דיזע אָרגאַניזאַציע האָט אָבער זעהר פיל מיטגעהאָלפען דעם פּראַיוי־ניגטען ווילנער הילפס-קאָמיטעט אין ניו יארק אין אָלע קאַמפּאַניעס און אונטערנעמונגען וואס דער קאָמיטעט האָט דורכגעפיהרט.

## ערשטער ווילנער ליידיס קראַנקען אונטערשטיצונגס פאראיין, נואַרק, נ. דזש.

דיזע אָרגאַניזאַציע האָט אויך פארפעהלט צוצושטעלען אויסקינפטע. דער פרויען פאראיין האָט אָבער פיל מיטגעהאָלפען דעם פאראייניגטען ווילנער הילפס קאָמיטעט אין ניו יארק אין זיין רעליף ארבייט.

מ. איווענסקי.

# די געשיכטע פון דעם ווילנער רעליף.

(פאַראייניגטער ווילנער הילפס קאָמיטעט)

זעהר א וויכטיגען קאַפּיטעל אין דער שווערער עפּאָכע, וואס אידען לעבען איצט דורך אין דער גאַנצער וועלט, איז די שטיצע, וואס אַמעריקאַנער אידען האָבען געשאַפען פאר די קרבנות פון דער וועלט מלחמה און פון די צוטרייסלעגישען, וואָס זיינען די נאָכוועהענישען פון דער מלחמה.

דער תלמוד זאָגט: „צדקה עשה הקדוש ברוך עם ישראל שפזרם בין האומות" (גאָט האָט געטאָן א גערעכטע זאַך מיט אידען, וואָס ער האָט זיי צושפּרייט צווישען די פעלקער). אין דעם איצטיגען שווערען קריזיס פון דער אידישער געשיכטע האָט זיך אַרויסגעצייגט די ריכטיגקייט פון דעם תלמודישען ווערטעל. איז אידען שלעכט אין איין לאַנד, ווערען זיי געהאָלפען פון אידען פון אַנדערע לענדער. אמעריקאנער אידען האָבען זייער חלק בייגעטראָגען מיט אַ ברייטער האנד.

אייראָפּייאישע אידען ריידען מיט דאַנקבאַרקייט וועגען דער הילף, וואָס זיי האָבען געקראָגען פון דער „דזשאָינט דיסטריביושאָן קאָמיטע", פון „פּיפּעלס רעליעף", פון „אָרט", און נאָך נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס. די הילף האָט אויך געראַטעוועט די אידישע קולטור. אויסער די נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס האָבען אויך זייער חוב ערפילט די לאַנדסמאַנשאַפטען, די מיטגלידער פון די פאַראיינען פון געוויסע שטעט, וואָס האָבען דירעקט געהאָלפען די שטעט פון וואַנען זיי קומען.

צווישען לאַנדסמאַנשאַפטען פון פאַרשידענע שטעט, פארנעמען די אָרגאַניזאציעס פון ווילנער לאנדסלייט זעהר א בכבוד'יגען פלאַץ. ווילנער לאַנדסלייט צייכענען זיך אויס מיט זייער לאָקאַלען פּאַטריאָטיזם.

די קינדער פון ווילנע, וואָס זיינען פאַרוואָרפען געוואָרען מעבר לים, בייגקען נאָך ווילנע, די אידישע מעטראָפּאָליע, „עיר ואם בישראל". זיי בייגקען נאָך די שעהנע לאַנדשאַפטען מיט וועלכע ווילנע איז אַרומגערינגעלט. זיי בייגקען נאָך אפילו נאָך דער ווילנער אָרימקייט, וואָס איז באַשעהנט פון אידעאַליזם. זיי בייגקען נאָך ווילנע, די שטאָט פון קאַמף, תורה און קולטור. זיי האָבען ניט פאַרגעסען ווילנע אין די שווערע צייַטען, וואָס ווילנע לעבט איבער.

גרויסע סומען געלד האָבען די ווילנער לאַנדסלייט איבערגעשיקט אין ווילנע פאַר די לעצטע 20 יאהר זינט די מלחמה האָט אויסגעבראָכען. דער אָרגאַניזירטער ווילנער רעליף האָט צו פאַרצייכענען גרויסע אויפטואונגען. דער ווילנער רעליף האָט ניט נאָר געהאָלפען קהל'שע אינסטיטוציעס. דער רעליף האָט אויך אָרגאַניזירט אַז געלדער וואָס פּריוואַטע מענשען האָבען געשיקט צו זייערע קרובים זאָלען צוגעשטעלט ווערען אָם ביליגסטען און

אם שנעלסטען. דער אָרגאַניזירטער ווילנער רעליף האָט געראַטעוועט צענדליגער טויזענדער דאָלער פון פּריוואַטע שטיצע און ניט דערלאָזען אז די שטיצע זאָל צורונען ווערען אין דעם כאַאָס, וואָס האָט געהערשט אין די קורסען פון אויסלענדישע געלד צוליב „וואַליוטא" ספּעקולאַציעס.

## די ענטשטעהונג פון ווילנער רעליף.

אין דער מלחמה, וואָס איז געפיהרט געווארען צווישען אימפּעריאַליסטישע מלוכות, האָבען אידען געליטען אם מייסטען. די מייסטע אידען האָבען זיך געפונען אין די ראַנד שטעט, וואו די מלחמה האָט געפלאַקערט. ליטווישע, פּוילישע, גאַליציאַנער, רומעגישע אידען האָבען אויף זייערע רוקענס אויסגעטראָגען די שרעקענישען פון דער מלחמה. אידען זיינען פּאַגראָמירט געווארען. די רוסישע גענעראלען האָבען די רוסישע אידען באַהאנדעלט ערגער, ווי זייערע שונאים. ווילנע האָט פיל איבערגעלעבט אין דער צייט פון דער מלחמה און דערנאָך אין די צייטען פון דער דויטשער אקופּאַציע.

פון אַלע זייטען האָט מען אָנגעפאנגען צו הערען וועגען די שרעקליכע צרות, וואס אידען האָבען אויסצושטעהן. די צרות האָבען זיך אָנגעפאנגען גלייך נאָכדעם, ווי די מלחמה איז אויסגעבראָכען. מען האָט אָנגעפאנגען צו זאַמלען געלד פאַר די אידישע מלחמה קרבנות. אַמעריקאַנער אידען האָבען אָנגעפאנגען צו אָרגאַניזירען זיך פאַר הילף.

שוין נאָוועמבער דעם 17טען, 1914, עטליכע מאָנאַטען נאָך דעם אויסברוך פון דער מלחמה, ביי אַ מיטינג פון ברענטש 367, איז פאָרגעלעזען געווארען אַ צושריפט פון אַ הילפס-אָרגאַניזאציע, אין וועלכען מען האָט אַפּעלירט נאָך הילף. די מיטגלידער האָבען באַוויליגט אַ געוויסע סומע. אַ מיטגליד האָט אויפמערקזאם געמאַכט, אז ווילנע געפינט זיך נאָהענט צום פייער און עס איז דעריבער די פליכט פון ווילנער לאַנדסלייט זיך צו אָרגאַניזירען צו שאפען הילף פאר ווילנע דירעקט. די ווערטער האָבען געהאַט אַ ווירקונג און די מיטגלידער פון ברענטש 367 האָבען באַשלאָסען צו אָרגאַניזירען גלייך אַ קאָמיטעט, וועלכער זאָל אויסאַרבייטען פּלענער צו שאַפען הילף פאַר ווילנע. אויף דעמזעלבען מיטינג איז אויך אויסגעקליבען געווארען דער קאָמיטעט מיט אינסטרוקציעס גלייך זיך צו נעמען פאַר דער אַרבייט. אין דעם קאָמיטעט זיינען אַריין פאָלגענדע טעטיגע מיטגלידער פון ברענטש 367 : מאַקס גאָלדינג, דייוו כץ, דייוויד גאָלדמאַן, ל. אסינאָווסקי, גאָלדבערג.

דער קאָמיטעט האָט געהאַט אַ זיצונג. אויף דער זיצונג האָט מען זיך דערוואוסט, אַז איזידאָר קאָהן, אַ מיטגליד פון ברענטש 43 ארבייטער רינג, האָט אויף זיין אייגענער איניציאַטיווע אָנגעפאנגען פארהאנדלונגען מיט פאָרשטעהער פון ווילנער אָרגאַניזאציעס אָנצופאנגען אַ הילפס-אקציע. עס איז אָבער באשלאָסען געווארען אז די אַרבייט זאָל זיין פאראייניגט און ניט יעדער זאָל טאָן אויף זיין אייגענע אחריות. דער קאָמיטעט האָט אויסגעקליבען דעלעגאטען צו באזוכען ברענטש 43 ארבייטער רינג און אַנדערע ווילנער אָרגאַניזאציעס.

די דעלעגאטען האָבען באזוכט די מייסטע ווילנער פאראיינען און אלס רעזולטאַט פון די פאַרהאַנדלונגען איז דעם 2טען דעצעמבער פאָרגעקומען אַ קאָנפערענץ פון פאָרשטעהער פון אייניגע ווילנער אָרגאַניזאציעס. אויף

דער קאָנפערענץ איז געגרינדעט געוואָרען א קאָמיטעט צו העלפען ווילנער מלחמה קרבנות. איזידאָר קאָהען איז ערוועהלט געוואָרען צייטווייליגער טשערמאַן און דייוו קאץ איז ערוועהלט געוואָרען צייטווייליגער סעקרע-טער. דער מיטינג איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין 206 איסט בראָדוויי, ניו יאָרק.

דער קאָמיטעט איז גלייך צוגעטראָטען צו דער ארבייט. עס זיינען ארויסגעשיקט געוואָרען בריף צו אַלע ווילנער לאַנדסמאַנשאַפט פאַראיינען. אין א בריף דאַטירט דעם 3טען דעצעמבער, 1914, ווערט אָנגעוויזען, אַז אַ רעליף קאָמיטעט איז שוין אָרגאַניזירט געוואָרען „צו געפינען מיטלען צו העלפען ווילנער מלחמה קרבנות". דער קאָמיטעט פאַררופט אַ קאָנפע-רענץ פון אַלע ווילנער אָרגאַניזאַציעס אויף דעם 19טען דעצעמבער, 1914, אין „פאָרווערטס" האָל. יעדע אָרגאַניזאַציע איז בארעכטיגט צו 5 דעלע-גאַטען.

דער קאָמיטעט האָט אויך פאַרעפענטליכט אַן אויפרוף אין דער פרעסע. אין דעם אויפרוף ווערט אָנגעוויזען, אַז עס איז די פליכט פון „אַלע ווילנער אָרגאַניזאַציעס פון ניו יאָרק צו פאַראייניגען זיך פאַר דעם נאָ-בעלען צוועק צו שאַפען אַ געמיינשאַפטליכען פאָנד". „מיר דאַרפען אויך באַוועגען די ווילנער לאַנדסלייט, וועלכע באַלאַנגען צו אַנדערע פאַראיינען, אַז זיי זאָלען אונז העלפען אין דיזער אונטערנעמונג . . . מיט איין וואָרט, מיר דאַרפען מאַכען אַ שטורעם צווישען אַלע ווילנער לאַנדסלייט איבער'ן גאַנצען לאַנד. . . זאָלען אונזערע לאַנדסלייט אין דער אַלטער היים פיהלען, אַז מיר זיינען פון זיי ניט אָפּגעריסען אויף אייביג".

דער אויפרוף פאָדערט אויף ווילנער אָרגאַניזאַציעס צו שיקען צו 5 דעלעגאַטען צו דער קאָנפערענץ דעם 19טען דעצעמבער, 1914.

פאָלגענדע אָרגאַניזאַציעס זיינען געווען אונטערגעשריבען אויפ'ן אויפרוף:

יונייטעד ווילנער בענעוואָלענט אַסאָסיאיישאַן.

ווילנער בענעוואָלענט אַסאָסיאיישאַן אָוו ברוקלין.

ווילנער ברענטש 43, ארבייטער רינג.

ווילנער ברענטש 367, ארבייטער רינג.

ווילנער לייַדיס ברענטש 164, ארבייטער רינג.

ווילנער יוגענד קלוב.

איזידאָר קאָהען, צייטווייליגער טשערמאַן.

דייוו קאַץ, צייטווייליגער סעקרעטאַר.

דער דאַטום, ווען דער ווילנער רעליף האָט זיך געגרינדעט, איז דער 2טער דעצעמבער, 1914. אויף דער קאָנפערענץ פון 19טען דעצעמבער, 1914, האָט זיך אָבער דער רעליף פולשטענדיג אָרגאַניזירט. די פאָר וואָ-כען פון דעם 2טען דעצעמבער ביז דעם 15טען, האָט דער ווילנער רעליף געטראָגען א צייטווייליגען כאַראַקטער. דעם 19טען דעצעמבער האָט זיך דער ווילנער רעליף אָרגאַניזירט מיט פערמאַנענטע בעאַמטע. דער צייטווייליגער טשערמאַן, איזידאָר קאָהען, איז ערוועהלט געוואָרען אַלס פערמאַנענטער טשערמאַן; דייוו קאַץ — פערמאַנענטער סעקרעטאַר, און דאָקטאָר ל. דרוס-קין — פערמאַנענטער טרעזשורער.

די אָרגאַניזאַציעס, וועלכע האָבען זיך אָפּגערופען אויפ'ן רוף — „די יונייטעד ווילנער אסס'ן", „ווילנער בענעוואָלענט אסס'ן אוו ברוקלין", „ווילנער לייַדיס בענעוואָלענט אסס'ן", ברענטש 367 א. ר. און ברענטש 43

א. ר. — האָבען געשיקט זייערע אַקטיווסטע מיטגלידער אלס דעלעגאטען. פון די אַקטיווע דעלעגאטען איז צוזאמענגעשטעלט געווארען דער ווילנער רעליף קאָמיטעט. די מיטגלידער פון קאָמיטעט האָבען געאָפּפערט צייט און מיה צו מאכען די ארבייט פאר אן ערפאָלג. דער ווילנער רעליף איז געווארען אַ וויכטיגע אינסטיטוציע און האָט פיל אויפגעטאָן פאר די קרבנות פון דער אימפּעריאַליסטישער וועלט מלחמה און איהרע נאָכוועהע-נישען.

אויף דער קאָנפערענץ פון דעם 19טען דעצעמבער, 1914, איז אויך אויסגעקליבען געוואָרען אן עקזעקוטיוו קאָמיטעט, באַשטעהענד פון די אַק-טיווסטע מיטגלידער פון יעדער אָרגאַניזאַציע צו פאַרוואַלטען די וויכ-טיגע אַרבייט.

פון ברענטש 367 האָבען זיך אויסגעצייכענט אין דער ארבייט פון רעליף מאַקס גאָלדינג, סעם פעלדמאַן, מ. סקאָפּ, ריטש, דזש. קליין און דייוו קאָץ. ר. גינזבערג, דאָן אַ מיטגליד פון ברענטש 2 א. ר., קען אויך צו-גערעכענט ווערען צום ברענטש 367. ער איז שוין אויך דאמאלס געווען מיט זיין גאנצען הארצען אין ברענטש 367, וועלכען ער האָט געהאָלפען גרינדען.

פון ברענטש 43 זיינען געווען אַקטיוו אין רעליף ארבייט איזידאָר קאָהען, טשערמאן פון רעליף פאר איוניגע טערמינען; באָרים וואלאָ-וויטץ, מ. אייבראהמס, פענזיל און פאָרבער.

פון יוניייטעד ווילנער בענעוואָלעט אסס'ן זיינען געווען טעטיג דאָק-טאָר ל. דרוסקין, וועלכער איז געווען פאר לאַנגע יאהרען טרעזשורער פון ווילנער רעליף; דוד פּאָדאָלסקי, א. ראָזענבלום, סאָמאָך, וו. האָראָוויץ, ראַפּעס און בירזש.

אויך פרויען האָבען זיך באַטייליגט אין רעליף אַרבייט. זיי האָבען גע-האָלפען אין אַלע אונטערנעמונגען און קאָמיטעס. פון די טעטיגע פרויען זיינען געווען מרס. שערעשעווסקי, פּרעזידענטין פון ווילנער יונייטעד לייִ-דיס אסס'ן; מרס. וויינשטיין, מרס. ברוידי, מרס. זיידמאַן, מרס. זעטיל און מרס. ווינער.

פון די טעטיגע מיטגלידער פון רעליף פאַר די יאָהרען, וואס דער רעליף האָט עקזיסטירט, זיינען געווען טש. בירזש, דער ערשטער דעלעגאַט פון ווילנער רעליף; י. מירסקי, טשערמאָן פון רעליף פאַר אַ געוויסער צייט; דאָקטאָר באַדאַנעס, דאָקטאָר קליאַטשקאָ, וו. הורוויץ, דאָקטאָר גו-רעוויטש, מרס. אַנאַליק, דאָקטאָר מאגאזין, דאָקטאָר פעסקין, מרס. ראַפּעס, ה. ראגאָלין, דאָקטאָר ראטנאָוו, א. ראָזענבלום, מרס. וויינשטיין, דאָקטאָר צוקערמאַן, ל. קימעל, פּרעזידענט פון ווילנער בענעוואָלענט אסס'ן אָוו ברוקלין; קוסלאָוויטש, אָפּענבאַך, מענאַקער, קאָסאווסקא, מרס. דיליאן און פילע אַנדערע.

אַב. קאַהאַן, דער רעדאַקטאָר פון „פאָרווערטס“, וועלכער האָט אַ באַ-זונדער ליבע פאַר ווילנע, האָט פיל מיטגעהאָלפען אין דער ארבייט פון ווילנער רעליף. יוסף רומשינסקי האָט אויך מיט זיינע לייסטונגען פאר'ן רעליף פיל אויפגעטאָן. אין ווילנער רעליף האָט אויך געהאָלפען ב. טשאַרני וולאַדעק, דער מענעדזשער פון „פאָרווערטס“. יעפים ישורין איז צו-געשטאַנען צום רעליף שפּעטער, און מיט דער ענערגיע, מיט וועלכער ער צייכענט זיך אויס, האָט ער זיך אַריינגעוואָרפען אין דער אַרבייט.

עס פאַרשטעהט זיך, אז נים אַלע, וואָס האָבען זיך באַטייליגט אין דער אַרבייט פון רעליף, זיינען געווען אין אַ גלייכער מאָס טעטיג. אייניגע האָבען מיט לייב און לעבען געאַרבייט פאר'ן רעליף אין דער צייט וואס די ראָלע פון אנדערע אז געווען אַ פּאַסיווע. די טעטיגע מיטגלידער האָבען זיך באַטייליגט אין קאָמיטעס, געמאַכט אונטערנעמונגען, געלאָפען פון איין פּלאַץ צום צווייטען, ארויסגעטראָטען אויף מאַסענפארזאמלונגען, געמאַנט און געוועקט צו דער ארבייט. פילע נעכט און טעג האָבען די טעטיגע מיטגלידער מקריב געווען פאר'ן רעליף.

אין די אונטערנעמונגען האָבען זיך אויסגעצייכענט מאַקס גאָלדינג, פון ברענטש 367, ר. גינזבערג, סעם פעלדמאַן, טשאַרלס בירזש, מ. סקאָפּ, מרס. שערעשעווסקי, מרס. זיידמאַן. שפּעטער איז אין דער ארבייט געווארען אַקטיוו יעפים ישורין. עס זיינען אויך צו דעם רעליף צוגעשטאַנען נאָך ווילנער פאַראיינען פון ניו יאָרק און אַנדערע שטעט:

ווילנער רעליף און ניו דזשוירזי.

ווילנער פּראָגרעסיוו אסס'ן פון בראָנזוויל.

ווילנער אסאָסיאיישאָן און האַרלעם.

עס האָבען זיך אויך אָפּגערופען ווילנער פאראיינען פון באָסטאָן, פילאדעלפיע און שיקאגאָ.

פיל האָט בייגעטראָגען פאר דעם רעליף אב. קאַהאָן'ס טור. ער האָט אַריינגעבראַכט מעהר ווי דריי טויזענד דאָלער און האָט איבערהויפּט אויפגעוועקט ווילנער לאַנדסלייט צו טעטיגקייט.

שווערע יאהרען האָבען אידען איבערגעלעבט פון דעם אָנפאנג פון דער אימפּעריאַליסטישער וועלט מלחמה ביז היינט. שווערע יאהרען האָט איבערגעלעבט ווילנע. יעדע פּאַסירונג אין ווילנע האָט געפונען אַן אָפּקלאַנג אין דער טעטיגקייט פון ווילנער רעליף. דער רעליף האָט געטאָן ארבייט פון דער צייט וואָס ער האָט זיך אָרגאַניזירט ביז דעם היינטיגען טאָג, מיט געוויסע אונטערברעכונגען. עס בייטען זיך בעאַמטע, עס בייטען זיך די טוער, אָבער די אַרבייט פון רעליף געהט אָן.

אין דעם ערשטען יאָהר פון דער מלחמה האָט ווילנע געפיהלט שטאַרק דעם דרוק פון דער צאַרישער רעגירונג. אין די מפּלות, וואָס די רוסישע אַרמייען האָבען געליטען האָט די צאַרישע רעגירונג ניט באַשולדיגט די פאַרעטערישע גענעראַלען, נאָר די אידישע מאַסען. אידישע מלמדים און קרעמער זיינען געווען שולדיג אין די צאַרישע מיליטערישע מפּלות.

אין מאַי, 1915, האָט ווילנע דערזעהן מחנות אַרויסגעטריבענע אידען פון קאָוונער, גראָדנער און קורלענדער גובערניעס. ווילנע איז געווען דער מיטעל פּונקט פון גירוש. פון ווילנע זיינען די רייכערע אידען אָפּגעפאָהרען אין טיף רוסלאַנד. די אָרימע לייט זיינען פארבליבען אין ווילנע און צו אייגענע אָרימע לייט זיינען צוגעקומען פרעמדע.

יום כיפּור, 1915, א יאָהר און א פערטעל נאָך דעם אויסברוך פון דער מלחמה, איז ווילנע פארנומען געווארען פון די דייטשען. ווילנער אידען זיינען אונטערוואָרפען געווארען אונטער די אייזערנע קנאַפּעל פון דייטשע יונקערס. אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע איז דער דלות אין ווילנע געווארען שרעקליך. הונגעריגע אידען, פארשמאַכט פון הונגער און קעלט, פלעגען זיך וואַלגערען אויף די גאַסען. אין די יאהרען 1916-17 איז די שטערבליכקייט פון אידען געשטיגען ביז 10 פּראָצענט. אזוי האָט ווילנע געגאָסען פון דער דייטשער קולטור.

די קאָמוניקאַציעס פון אמעריקע מיט ווילנע זיינען געווען זעהר שוואַכע. ווילנע איז געווען אָפּגעריסען פון דער וועלט. אין דעצעמבער, 1915, איז פאָלגענדער קייבעל ערהאלטען געוואָרען פון ווילנע דורך סעוויל, שפּאַניע:

„די באַפעלקערונג געפינט זיך אין אַ קריטישער לאַגע. גרויסע סומען זיינען נויטיג פאר רעליף. שיקט תיכף הילף פאר פרייע קיכען".

אַ פּריוואַטע קייבעל איז אויך אָנגעקומען פון יוסף ליפּקין מיט פאָלגענדען אינהאַלט:

„געגרינדעט קיכען פאר הונגעריגע. די נויט וואַקסט. מיר ערוואַרטען אייער הילף".

דער ווילנער רעליף האָט אָפּגעדרוקט די קייבעל אין „פאָרווערטס", מיט דער באַמערקונג, אז „הינטער די קורצע ווערטער ליגט פארבאָרגען אַ גאַנצער ים פון נויט און עלענד. די רעליף קאָמיטע דערמאָנט אלע ווילנער לאַנדסלייט אָן זייער פליכט צו העלפען זייערע ברידער אין דער אַלטער היים-שטאָט. שיקט דאָנײשאַנס צו אונזער טרעזשורער, דר. ל. דרוסקין, 107 וו. 108טע סט., ניו יארק".

דער ווילנער רעליף האָט זיך גענומען ערנסט פאַר דער ארבייט. דער רעליף האָט אָרגאַנזשירט אַ טעאַטער אונטערנעמונג פאר דעם 16טען מערץ, 1916. מען האָט אָנגעפאנגען זאַמלען ענערגיש פריוואַטע נדבות.

אין 1916 האָט איזידאָר קאָהען רעזיגנירט פון זיין אמט אַלס טשערמאַן פון רעליף. דער ווילנער רעליף קאָמיטעט האָט פארעפענטליכט אַ דאַנק-רעזאָלוציע צו די פריינד איזידאָר קאָהען, דייוו קאַץ און דאָקטאָר ל. דרוסקין פאר זייער ווערטפולע, ניצליכע און ענערגישע ארבייט, וואס זיי האָבען געלייסטעט פאַר דער אָרגאַניזאַציע. ספּעציעל ווערט אנערקענט און געלויבט די אַרבייט פון איזידאָר קאָהען, און ער ווערט געבעטען פארצוזעצען זיין גוטע ארבייט אלס „פּראָסטער סאָלדאַט".

פאָלגענדע בעאַמטע האָט דער ווילנער רעליף ערוועהלט: א. מירסקי, טשערמאַן; ס. פעלדמאַן, וויס-טשערמאַן; דייוו קאַץ, סעקרעטאַר און דר. ל. דרוסקין, טרעזשורער.

פאַר דעם 5טען דעצעמבער, 1916, האָט דער רעליף אָרגאַנזשירט אין קעסלער'ס טעאַטער אַ פאָרשטעלונג.

וואָס פאַר רעזולטאַטען די ארבייט פון רעליף האָט געבראַכט, קען מען זעהן פון דער ערשטער רעכענונג, וואָס איז פארעפענטליכט געוואָרען.

געלד געזאַמעלט פון אונטערנעמונגען, פאַראײנען, קאָלעקשאַנס און פּריוואַטע נדבות, ביז דעם 16טען יוני, 1916 — — $4,728.34

| | |
|---|---|
| געשיקט אין ווילנע דורך וואַרבורג'ס אָפיס — — | $275.00 |
| " " דורך פּאַבליק באַנק — — | 1,000.00 |
| " " דורך פּיפּל'ס רעליף — — | 1,500.00 |
| קאָסט פון טעאַטער — — — — — — — — — | 400.00 |
| אַלע הוצאות — — — — — — — — — | 391.75 |

צוזאַמען אויסגאַבען — — — — — — — — — 3,566.75

בלייבט אין באַנק — — — — — — — — — $1,161.59

| | | |
|---|---|---|
| פון יוני, 1916, ביז יולי, 1917, ווען איזידאָר מירסקי איז געווען טשערמאַן, איז אַריינגעקומען פון פאַר־שידענע קוואַלען — — — — — — — — — — | | 3,200.58 |
| סך הכל מיט פריהערדיגען באַלאַנס — — — — — — — | | $4,362.17 |
| איבערגעשיקט אין ווילנע — — — — — — | $3,000.00 | |
| טעאַטער, דעצ. 1916 — — — — — — — | 435.00 | |
| אַלע אַנדערע הוצאות — — — — — — — — — | 510.16 | |
| צוזאַמען אויסגעגעבען — — — — — — — — — | | 3,945.16 |
| בלייבט אין באַנק, יולי, 1917 — — — — — | | $417.01 |

אַרום 6 טויזענד דאָלער איז איבערגעשיקט געוואָרען אין ווילנע אין די ערשטע פאַר יאָהר פון דער עקזיסטענץ פון ווילנער רעליף. די קאָמוני־קאַציעס מיט ווילנע זיינען געווען שוואַכע. ווילנע האָט שרעקליך געליטען אונטער דעם אייזערנעם פויסט פון די דייטשען. אין די יאָהרען 1916-17 האָט דער הונגער געבושעוועט און פאַרשמאַכטע פון הונגער און קעלט זיי־נען אידען געפאַלען אויף די גאַסען. די ווילנער לאַנדסלייט אין אמע־ריקע האָבען יאָ געוואוסט אַז אין ווילנע זיינען גרויסע צרות, מען האָט אָבער זיך ניט געקענט פאָרשטעלען, ווי גרויס די צרות זיינען.

אין מערץ, 1917, איז פאָרגעקומען די רוסישע רעוואָלוציע. פאַר די ווילנער איז דאָס געווען אַ טרייסט, אָבער קיין ברויט איז אַלץ ניט געווען. אמעריקע האָט זיך אַריינגעוואָרפען אין קריג און דאָס האָט די קאָמוניקאַ־ציעס מיט ווילנע נאָך פאַרערגערט. ענדליך איז געקומען דער גליקליכער טאָג פון שלום. דעם 11טען נאָוועמבער, 1918, איז ערקלערט געוואָרען אַ וואַפענשטילשטאַנד. מען האָט אָנגעהויבען הערען פון ווילנע, און די שוידערליכע בילד האָט זיך אין גאַנצען ענטפּלעקט. אַ שוידער איז אַריבער איבער די נשמות פון ווילנער לאַנדסלייט. דער רעליף האָט פאַרגרעסערט זיין ארבייט.

ווילנע האָט קיין רוה ניט געקראָגען אויך נאָכ'ן שלום. דעם 6טען יאַנואַר, 1919, זיינען די באָלשעוויקעס אַריין אין ווילנע. די אידישע באַ־פעלקערונג האָט דער רעזשים פון די באָלשעוויקעס ספּעציעל געטראָפען. עס איז אָפּגעשטעלט געוואָרען דער האַנדעל און די אינדוסטריע. דער יקרות איז געשטיגען און די פאַרבינדונגען מיט אַמעריקע זיינען געוואָרען נאָך שווערער.

אַרום פסח צייט, 1919, האָבען די פּאָליאַקען פאַרנומען ווילנע. די פּאָליאַקען האָבען באַשולדיגט אידען אין באָלשעוויזם. אַ פּאָגראָם איז אויסגעבראָכען, 70 מענשען זיינען דערשאָסען געוואָרען, צווישען זיי דער באַריהמטער אידישער שרייבער און בונדיסט א. ווייטער. דער רעליף האָט אָנגעשטרענגט אַלע זיינע כחות צו העלפען. דער רעליף האָט אָרגאַניזירט די פּריוואַטע שטיצע פון קרובים און געשאַפען אייגענע מיטלען. דער רעליף האָט זיך אונטערגענומען צו שאַפען אַ פאָנד. דער טשערמאַן פון דעם רעליף איז ווידער געוואָרען איזידאָר קאָהען און דער סעקרעטאַר איז געווען ר. גינסבערג.

ווילנער האָבען אָנגעפאַנגען צו זאַמלען געלד. דעם 3טען יוני, 1919, האָט ברענטש 367 פאַררופען אַ ספּעציעלען מיטינג, ערשטענס, אויסצוהערען באַ־



ווילנער הילפס-קאָמיטעט פון אמעריקע אין 1919.—1טע רייהע, פון רעכטס צו לינקס: דזש. קליין, מ. סקאָפּ, מ. גאָלדינג, סעם קאָהן און א. פענזעל; 2טע רייהע: ב. וואָלאַדעק, א זעטעל, דר. ל. דרוסקין, טש. בירזש, איזידאָר קאָהען, אב. קאַהאַן, מרדכי הערשמאַן, לעאָ ליאָוו, ר. גינזבערג, ד. קאַץ, פּ. ריטץ; 3טע רייהע: מ. דראָזנעס, ד. רעפּעס, ד. יאָסעלסאָן, פּ. דראָז-נעס, א. זיידמאַן, רעוו. זיידמאַן, ב. ווינער, י. ברוידע, פּ. זעטעל, ה. ראַגאָלין; 4טע רייהע: וו. חורוויץ, ז. רעפּעס, י. דייווידסאָן, א. ד. אָפּענבאַך, א. מירסקי, ד. זאַלצמאַן, ה. היימאָוויטץ, ס. פעלדמאַן, י. רייס; 5טע רייהע: דזש. פּאַרבער, ג. שערעשעווסקי, י. איינהאָרן, ל. קימעל.

ריכטען וועגען דער ארבייטער רינג קאָנווענשאָן און דער יובילעאום קאָמיטע, אָבער דער עיקר צו שאפען די קוואָטא פאַר דעם פאָנד פון די מלחמה-קרבנות און פאָגראָם קרבנות.

אויך אנדערע ווילנער אָרגאַניזאַציעס האָבען אָנגעפאנגען צו ארבייטען פאַר דעם פאָנד. דעם רעזולטאַט פון דער ארבייט קען מען זעהן פון פאָלגענדען פינאַנציעלען באַריכט פון דער ווילנער רעליף קאָמיטע, פון דעצעמבער, 1914, ביז דעצעמבער 31טען, 1920 :

## איינגאַמע :

| | |
|---|---|
| יונייטעד ווילנער | $9723.25 |
| יונייטעד ווילנער ליידיס, | 3655.00 |
| ווילנער י. מ. בר. 367 | 2605.00 |
| ווילנער אָוו ברוקלין | 2335.00 |
| ווילנער בר. 43 | 1355.00 |
| ווילנער פראָג., בראָנזוויל, | 357.55 |
| בר. 68 א. ר. אינדעפענד., | 80.00 |
| באָסטאָן רעליף קאָמיטע, | 1680.00 |
| האַרטפאָרד רעליף קאָם. | 1034.54 |
| נואַרק רעליף קאָמיטע | 879.00 |
| פילאדעלפיער רעליף קאָם. | 785.00 |
| גלאָווערסוויל רעליף קאָם. | 159.50 |
| ברידזשפאָרט רעליף קאָ. | 55.00 |
| אנשי ראדישקאָוויטץ | 106.70 |
| קופער יוניאָן קאָנצערט, | 4946.10 |
| אַב. קאַהאַן׳ס טור | 3628.05 |
| באַנקעט | 1318.00 |
| טעאַטערע | 1277.63 |
| קאָלעקשאָנס | 1557.69 |
| מאַססמיטינגען | 1573.12 |
| בעלער | 982.77 |
| שולמאַן׳ס זילבערנע האָכצייט | 884.00 |
| דאָנײשאָנס | 910.05 |
| הונגער באַנקעט | 524.56 |
| געזאַמעלט פון ביכער | 382.80 |
| גלאָוו מייקערס, ניו יארק, | 214.90 |
| פון בעכערלעך | 192.55 |
| פון לעטערס (דראָזנעס) | 122.60 |
| פריוואַט געלדער פאַר ווילנע | 65245.70 |
| 10 פראָצענטיגע | 5943.35 |
| היפאָדראָם קאָנצערט | 1417.40 |
| פיקטשורס | 47.00 |
| טאָטאַל | $115978.81 |

## אויסגאַבען :

| | |
|---|---|
| געשיקט נאָך ווילנע | $40283.85 |
| פרינטינג | 245.75 |
| פרינטינג ביכער | 200.00 |
| פאָסטיידזש | 91.41 |
| סיינס | 52.25 |
| מאַססמיטינגען | 278.25 |
| רייזע קאָסטען | 590.57 |
| אַדווערטייזמענטס | 860.65 |
| מיטינג לאָקאַלס | 139.50 |
| קייבעלס נאָך ווילנע | 167.30 |
| דעפּיציט פון הערשמאַן׳ס קאָנצערט | 606.25 |
| אַלגעמיינע אויסגאַבען, | 387.18 |
| נואַרק קאָנצערט | 186.25 |
| פאַר בעכערלעך | 151.80 |
| פריוו. געלט פאַר ווילנע | 65245.70 |
| אָפיס אויסגאַבען | 751.40 |
| דעלעגאַט אויסגאַבען | 1063.50 |
| קאָנווענשאָן פון באַלטיש-ליטווישען פארבאנד | 25.00 |
| ווילנער פליכטלינגע אין קאָוונע | 500.00 |
| טאָטאַל | $111826.61 |
| באַלאַנס אין די בענק | $4152.20 |

דער באַריכט איז צוגעשטעלט געווארען פון ווילנער רעליף. איזידאָר קאָהען, טשערמאַן ; דר. דרוסקין, טרעזשורער ; דייוו קאַץ, פינאַנץ סעקרעטאַר און פיליפ ריטש, רעקאָרדינג סעקרעטאַר ; אין דער פינאַנץ קאָמיטע

זיינען געווען א. ד. אָפּענבאַך, ווילנער אָוו ברוקלין; דזשייקאָב ראַפּעס, יונייטעד ווילנער; צו דעם רעליף זיינען אויך צוגעשטאַנען ברענטש 28 ארבייטער רינג און ווילנער ברענטש 68, אינדעפּענדענט ארבייטער רינג.

פון דעם באַריכט זעהט מען, אז עס איז איבערגעשיקט געווארען די ריזיגע סומע פון 65,245 דאָלער פּריוואַט געלדער און איבער 40 טויזענד דאָלער שטיצע צו ווילנע. אין דעם אַריבערפיהרען די ריזיגע סומען געלט האָבען געהאָלפען די דעלעגאַטען וואָס דער רעליף האָט אָנגעפאנגען צו שיקען.

## טשאַרלס בירוש דער ערשטער דעלעגאַט צו פאָהרען קיין ווילנע.



טשאַרלס בירוש, 1-טער דעלעגאַט פון ווילנער רעליף.

דער ערשטער דעלעגאַט צו פאָהרען קיין ווילנע איז געווען דער באַקאַנטער ווילנער כלל טוער טשארלס בירוש. איבערשיקען געלד איז געווען פארבונדען מיט גרויסע שוועריגקייטען. צו פאָהרען קיין ווילנע איז אויך געווען פארבונדען מיט סכנות.

אין יולי, 1920, האָבען די באָלשעוויקעס ווידער פארנומען ווילנע. עס זיינען פאָרגעקומען שיסערייען אין די גאסען. עס האָבען זיך אָנגעפאנגען רעקוויזיציעס, ארעסטען. צוויי אידען זיינען דערשאָסען געוואָ-

רען פאר ספעקולאציע. די באָלשעוויקעס האָבען זיך לאַנג ניט געהאַל-
טען אין ווילנע. ווילנע איז פאַרנומען געוואָרען פון די ליטווינער.
אידען האָבען אונטער די ליטווינער פרייער אָפּגעאָטעמט, אָבער ניט לאַנג
האָט די רוהיגקייט אנגעהאלטען. דעם 9טען אָקטאָבער, 1920, איז ווילנע
ווידער פארנומען געווארען פון די פּאָליאקען.

אזוי איז ווילנע געשליידערט געווארען ווי אין כף הקלע, פון איי-
נעם צום צווייטען. ניט נאָר האָט געהערשט שרעק, עס איז געווען אַן
אמת'ער כאָאָס אין די געלט-קורסען. מען האָט ניט געוואוסט אויף וועל-
כער וועלט מען איז.

אונטער אזעלכע אומשטענדען, קען מען זיך פאָרשטעלען, ווי גרויס
די פאראַנטוואָרטליכקייט איז געווען פון די דעלעגאטען. טשארלס בירזש
האָט זיין מיסיע ערפילט בשלימות.

## דוד קאַץ, דר. ל. דרוסקין און צביון צווייטע דעלעגאַציע קיין ווילנע.



צווייטע דעלעגאַציע פון ווילנער הילפס-קאָמיטעט. — פון רעכט צו לינקס: דוד קאַץ, דר. ב. האָפּמאַן (צביון) און דר. ל. דרוסקין.

א צווייטע דעלעגאציע איז געשיקט געווארען קיין ווילנע אין יאהר
1921. די דעלעגאציע האָט מיטגעפיהרט א ריזיגע סומע געלד פאר פרי-
וואַטע פערזאָנען און אינסטיטוציעס.

די דעלעגאציע, וועלכע איז געשיקט געווארען אין יאהר 1921, איז
באַשטאַנען פון דעם באקאנטען שרייבער צביון (דר. האָפּמאן), דאָקטאָר ל.
דרוסקין און דוד קאַץ, איינער פון די גרינדער פון ברענטש 367 ארביי-
טער רינג און סעקרעטאר פון רעליף.

די דעלעגאציע האָט פאר זיך געהאַט זעהר שווערע אויפגאבען. מען

האָט געדאַרפט פאַרטיילען פּריוואַטע געלדער און אויסמיידען פאַרלוס-טען אין קורס פון דער וואַליוטא ספּעקולאַציע. פיל געהאָלפען אין דעם ערפאָלג פון דער דעלעגאַציע האָבען די ווילנער אינסטיטוציעס אליין.

אין דער צייט פון דער מלחמה און איהרע נאָכוועהעענישען, אין די שווערע צייטען פון נויט און הונגער, האָבען רוסישע אידען בכלל און ווילנער אידען בפרט געשאַפען אייגענע אינסטיטוציעס, ווי דער יעקאָ-פּאָ (ראשי תיבות פון רוסיש, יעווריעיסקי קאָמיטעט פּאָמאָשצי), „אָזע" (צו פאַרהיטען געזונד), און „אָרט" (אָבטשעסטוואָ ראספּראָסטראַנעניא טרו-דא). אידען האָבען אויך ניט פאַרגעסען זייער קולטור אין די שווערע צייטען. אין דער קריטישער צייט האָבען אידען געגרינדעט פאַרשידענע קולטור חברות.

די דעלעגאַציע האָט געפיהרט די ריזיגע סומע פון 156,200 דאָלער אין קעש. דאָס געלד איז פאַרטיילט געוואָרען ווי פאָלגט:

| | |
|---|---|
| פּריוואַט געלדער איבערגעגעבען — — — — — — — | $106,347.00 |
| יעקאָפּאָ — — — — — — — — — — — — — | 30,808.50 |
| פּאַנעוועזש — — — — — — — — — — — — | 430.00 |
| פאַרטיילט צו אינסטיטוציעס — — — — — — — — | 13,125.00 |
| נדבות צו אָרימע לייט — — — — — — — — | 800.00 |
| רייזע קאָסטען — — — — — — — — — — — | 2,145.00 |
| צוריקגעקערטע געלדער — — — — — — — — — | 2,544.50 |
| סך הכל — — — — — — — — — — — — — | $156,200.00 |

ווי ווילנער לאַנדסלייט האָבען זיך דערפרעהט מיט דער דעלעגאַציע קען מען זיך פאָרשטעלען. הונדערטער פּריוואַטע פּערזאָנען זיינען בוכ-שטעבליך געראַטעוועט געוואָרען פון הונגער טויט. אַרום 40 אינסטיטו-ציעס האָבען געקראָגען שטיצע. עס איז ניט געמאַכט געוואָרען קיין אונ-טערשיד צווישען ריכטונגען. „ארבייטער קאָמיטעט", די „קהלה פאר מצה", „אידישע פאָלק שולען" און שולען פון דעם טיפּ „תרבות", „משמרת חולים", „ועד המאוחד", די בונדיסטישע „פרייע וואָרט" — אַלע האָבען געקראָגען געהעריגע שטיצע.

ווי ווייט די דעלעגאַציע האָט ערפילט איהר מיסיע קען מען זעהן פון דעם דאַנק-בריף פון דעם באַוואוסטען ווילנער כלל-טוער דר. שאַבאַד, וואָס איז אָפּגעדרוקט געוואָרען אין „פאָרווערטס":

## דר. שאַבאַד דאַנקט די היגע לאַנדסלייט פאַר דער גוטער אַרבייט פון די ווילנער שלוחים.

ווילנע, דעם 10טען מאי, 1921.

צום ווילנער רעליף אין ניו יאָרק.

מיר האַלטען פאַר אונזער אנגענעמען חוב צו דאַנקען די ווילנער לאַנדסלייט אין ניו יאָרק פאַר דער גרויסער הילף, וואָס זיי האָבען צוגע-שיקט פאַר די ווילנער פילאַנטראָפּישע, מעדיצינישע, קולטורעלע און אַרבייטער אינסטיטוציעס, ווי אויך פּריוואַטע פּערזאָנען, דורך די דעלע-גאַטען, די חברים דר. ל. דרוסקין, דוד קאַץ און דר. האָפמאַן. דאָס איז

דאָס ערשטע מאָל, אז דאָס געלט איז צוגעשיקט געוואָרען דירעקט אין דאָלערס, מיט וואס ס'איז אויסגעמידען געוואָרען געלט-פארלוסטען און פארשידענע מיספארשטענדנישען.

חוץ דעם האָבען די געעהרטע חברים דעלעגאטען זיך באַצויגען צו זייער גרויסער ארבייט מיט אזא ליבע, געוויסענהאפט, עהרליכקייט און אומ-פּארטייאישקייט, אז זיי האָבען ערוואָרבען די גרעסטע אכטונג און דאנק-בארקייט פון דעם רוב פון דער אידישער באפעלקערונג בכלל און די דע-מאָקראטישע שיכטען בפרט.

מיר האָפען, אז דורך דער דאָזיגער דעלעגאציע וועלען די ווילנער פון ניו יארק און פון ווילנע אויף אייביג פארברידערט ווערען, און אונ-זערע געגענזייטיגע פריינדליכע באַציהונגען וועלען זיך קיין מאָל ניט איבעררייסען.

מיט גרויס דאנקבארקייט און חבר'שען גרוס צו אונזערע באקאנטע און אומבאקאנטע פריינד. דר. צ. י. שאַבאַד.

דער דאנק בריף איז זעהר אַ וויכטיגער דאָקומענט, נעמענדיג אין אַנ-באַטראַכט די מעשים פון דעלעגאַטען פון אנדערע שטעדט.

נאָכדעם ווי די דעלעגאטען, דר. דרוסקין, דר. האָפמאן און דוד קאַץ האָבען זיך אומגעקערט פון זייער רייזע, האָבען אנדערע געוואָלט אויפגעבען די ארבייט פון רעליף. די מיטגלידער פון ברענטש 367, מיט גאָלדינג'ן אָן דער שפּיצע, האָבען אָבער די ארבייט פאָרגעזעצט. זיי האָבען פארשטאַנען, אַז לאַנג נאָך וועט זיך ווילנע נייטיגען אין הילף און עס איז די פליכט פון ווילנער לאַנדסלייט ווילנע צו שטיצען.

## מאיר אייבראהאמס — דריטער דעלעגאַט פון ווילנער רעליף.

אונטער דער אדמיניסטראציע פון מאַקס גאָלדינג איז אַ צווייטער דע-לעגאַט געשיקט געוואָרען קיין ווילנע, דאָס איז געווען אייבראהאמס, פון ברענטש 43 ארבייטער רינג.

צוליב די שוועריגקייטען פון איבערשיקען געלדער צו פּריוואטע פּער-זאָנען האָט מען אראנזשירט צו שיקען דירעקט איינעם מיט געלד צו פּאר-טיילען און קאָלעקטען פאר איבערשיקען צעהן פּראָצענט קאָמישאָן.

אייבראהאמס האָט געהאָט צו פארטיילען די סומע פון 67,001.45 דאָלער. די סומע איז פארטיילט געוואָרען ווי פאָלגט:

| | |
|---|---|
| דורך דער „דזשאָינט דיסטריביושאָן" איבערגעשיקט — | $54,774.50 |
| אייבראהאמס דירעקט צוטיילט — — — — — — — | 6,343.50 |
| צוריקגעקערטע געלדער — — — — — — — — | 335.00 |
| רייזע קאָסטען — — — — — — — — — — | 1,500.00 |
| צוטיילט פאר צדקה — — — — — — — — — | 2,800.00 |
| פארוואלטונגס קאָסטען — — — — — — — — | 1,026.10 |
| קאָסע באַלאַנס — — — — — — — — — — | 222.35 |
| סך הכל — — — — — — — — — — — | $67.001.45 |

אויך אייבראהאמס האָט ערפילט זיין מוסיף צו דער צופרידענהייט סיי פון פּריוואטע פּערזאָנען, סיי פון אינסטיטוציעס.

זינט אייבראהאמס איז צוריקגעקומען איז די ארבייט פון דער רעליף קאָמיטע געוואָרען זעהר פּאַסיוו. די אידישע לאַגע אין ווילנע איז אָבער געבליבען ניט אין קיין גוטען צושטאַנד. עס האָט זיך אָפּגעטאָן פּרנסה פון דער אַמאָליגער האַנדעלס שטאָט ווילנע. די פרעהליכע ווילנע האָט זיך באַדעקט מיט טרויער.

עס זיינען אָנגעקומען וועה געשרייען פון ווילנע. עס האָט זיך ווידער געגומען רודערען צווישען די ווילנער לאַנדסלייט אין אמעריקע. עס זיי-נען אָנגעקומען טרויעריגע ידיעות פון ווילנע און עס האָט באוואויגען די ווילנער לאנדסלייט צו באַנייען די רעליף אַרבייט.



מאיר אייבראַמס — דריטער דעלעגאַט פון ווילנער רעליף.

## די רעאָרגאַניזאַציע פון ווילנער רעליף.

אויף דער איניציאטיווע פון ברענטש 367 איז די ארבייט פון רעליף באַנייט געוואָרען. דעם 17טען יאנואר, 1926, איז פאָרגעקומען א קאָנפע-רענץ. עס איז באַשלאָסען געוואָרען צו זאמלען א פאָנד פאר די נויט-ליידענדע פון ווילנע. עס איז ערוועהלט געוואָרען א נייער קאָמיטעט. יעפים ישורין האָט זיך אריינגעוואָרפען אין דער ארבייט. ער איז גע-וואָרען פינאַנץ סעקרעטאַר און האָט אָנגעפאַנגען די ארבייט צו אָרגאַ-ניזירען.

אין דעם נייעם קאָמיטעט זיינען ערוועהלט געוואָרען פאָלגענדע: אַדוואָקאַט יאַכעלסאָהן, טשערמאַן; איזידאָר קאָהען, וויס-טשערמאַן; יעפים

ישורין, פינאנץ סעקרעטאר. אַב. קאַהאַן האָט איינגעשטימט צו ווערען טרע-זשורער. עס זיינען צוגעצויגען געווארען צו דער ארבייט טשארלס בירזש, אלבערט האַלפּערין, ב. וואָלאַדעק און יוסף רומשינסקי. מאקס גאָלדינג האָט איבערגענומען די ארבייט פון אראנזשירען אונטערנעמונגען.

דעם 27טען פעברואר האָט דער באַנייטער קאָמיטעט ארויסגעלאָזען אַן אויפרוף. דעם 2טען מערץ איז פאָרגעקומען א באַנקעט. ברענגט 367 האָט פארשפּראָכען צו שאפען 2,000 דאָלער און ברענגט 43 — 12 הונ-דערט דאָלער. געלד איז גלייך איבערגעשיקט געווארען אין ווילנע. אין א קורצער צייט איז איבערגעשיקט געווארען קיין ווילנע די סומע פון 4 טויזענד דאָלער.

עס איז אויסגעקליבען געווארען א באַראַטונגס קאָמיטעט, באַשטעהענד פון ראוז אַש-סימסאָן, טשאַרלס בירזש, ר. גינזבערג, וו. האָראָוויץ, ל. קימעל, הערים מינצער, דזש. ראַפּעס, אַב. ראָזענבלום און ב. וואָלאַדעק.

דעם 18טען אַפּריל האָט מען אין קעסלער'ס טעאַטער געשפּילט דעם „רבין'ס ניגון". רומשינסקי האָט זיך געגעבען פיל מיה צו מאַכען א שעהנע פאָרשטעלונג. אב. קאַהאַן האָט געהאַלטען א פייערדיגע רעדע. די אונטער-נעמונג איז געווען א מאָראַלישער און א פינאַנציעלער ערפאָלג.

עס זיינען אָנגעקומען בריף פון רבי חיים עוזר גראָדזענסקי, פון דאָקטאָר שאבאד און נאָך באַוואוסטע ווילנער כלל טוער. דער ערפאָלג פון די אונטערנעמונגען איז געווען אַזוי גרויס, אז מען האָט דעם 9טען מאַי געקייבעלט אין ווילנע 4,100 דאָלער — 1,500 דאָלער פאר פאָלקס קיכען; 500 דאָלער פאר'ן „ועד המאוחד"; 900 דאָלער פאר „צ. ב. ק."; 300 דאָלער פאר „אָזע"; 300 דאָלער פאר יתומים און די איבעריגע געלד פאר אנדערע אינסטיטוציעס. דעם 12טען מאי איז אנגעקומען א קבלה אויף די געלד.

עס זיינען אנגעקומען פילע דאנק בריף פון ווילנע. מען האָט פאָר-געזעצט צו מאכען פארשידענע אונטערנעמונגען. דער קאמפּיין פאר רע-ליף האָט ווידער אויפגעלעבט. טויזענדער דאָלער זיינען געשיקט געווארען קיין ווילנע.

דעם 25טען אפּריל, 1931, איז געווען א פארפלייצונג אין ווילנע. דאָס האָט ווידער געגעבען א געלעגענהייט צו זאמלען געלד. אויפרופען זיינען געווען געדרוקט אין אלע צייטונגען. דעם 30טען אפּריל איז שוין אָפּ-געשיקט געווארען טויזענד דאָלער קיין ווילנע.

## יעפים ישורין און מאַקס גאָלדינג — פערטע דעלעגאַציע קיין ווילנע.

אין אויגוסט, 1931, האָבען צוויי אַקטיווע טוער פון ווילנער רעליף קאָמיטעט, יעפים ישורין, דער סעקרעטאר, און מאקס גאָלדינג, באזוכט ווילנע. דער ווילנער רעליף האָט זיי דעלעגירט אלס אָפּיציעלע פאר-טרעטער פון רעליף און האָט באשטימט א באדייטענדע סומע געלד צו פאר-טיילען צווישען די אָרטיגע אינסטיטוציעס.

די דעלעגאציע איז זייער פריינדליך אויפגענומען געווארען פון די וויכטיגסטע ווילנער כלל טוער און האָט באזוכט אלע וויכטיגסטע ווילנער אינסטיטוציעס, האָט זיך נעהענטער באקענט מיט דער שרעקליכער לאגע אין וועלכער עס האָט זיך געפונען די גאנצע אידישע ווילנער באַפעלקערונג און האָט זיך אומגעקערט צוריק אין אַמעריקע מיט דעם פעסטען באַשלוס אריינצוואווארפען זיך אין דער הילף ארבייט פאר דער שטאָט ווילנע.

ווען דעם 13טען נאָוועמבער האָט מען זיך דערוואוסט אז אין ווילנע איז פאָרגעקומען אן איבערפאל און דאָקטאָר וויינרייך איז פארוואונדעט געווארען, האָט מען זיך גלייך געשטעלט אין פארבינדונג מיט דאָקטאָר שאבאד. דאָקטאָר שאַבאַד האָט געענטפערט אז די לאַגע פון דאָקטאָר וויינרייך איז בעסער. ישורין האָט אָבער אויסגענוצט די געלעגענהייט ווידער צו זאַמלען געלד.

דעם 16טען נאָוועמבער, 1931, האָט דאָקטאָר שאבאד געקייבעלט נאָך הילף. הילף איז ווידער געלייסטעט געווארען.




4טע דעלעגאַציע פון ווילנער רעליף. — יעפים ישורין און מאַקס גאָלדינג פאָטאָגראַפירט אין ווילנע אין 1931, אויף גאון'ס גאַס.

## אָרגאַניזירונג פון איצט־עקזיסטירענדען פאַראייניגטען ווילנער הילפס־קאָמיטעט.

דעם 9טען אַפריל, 1932, איז דער קאָמיטעט ווידער רעאָרגאַניזירט געווארען. אב. קאַהאַן איז ערוועהלט געווארען עהרען פרעזידענט, לואיס קימעל — פרעזידענט; דזש. קאָלטאָן, וויים טשערמאן; יוסף ווינאָגראדאָוו, טרעזשורער; יעפים ישורון, פינאַנץ סעקרעטאר און ר. וויגושין, פראָטאָקאָל סעקרעטאר. אין דער עקזעקוטיווע זיינען ערוועהלט געוואָרען: ס. קאָהען, בערגער, מ. עפשטיין, ר. גינזבערג, מרס. בריטאן, רובין, מרס. קוליקאָווסקי, דזש. קאָהן, מרס. קאָהן און מרס. ווינאָגראדאָוו. עס זיי-

נען ווידער אָרגאַנזשירט געוואָרען אונטערנעמונגען. דער ווילנער רעליף פּאַראייניגט אַלע די, וואָס האָבען אַ שייכות מיט ווילנע.

דעם 19טען אפּריל, 1933, איז ווידער אָנגעקומען א קייבעל פון דאָק-טאָר שאַבאַד וועגען הילף פאר שולען. דער ווילנער רעליף איז ווידער געוואָרען אקטיוו.

פון דער צייט וואס דער ווילנער רעליף האָט באַנייט זיין טעטיגקייט, דעם 17טען יאנואר, 1926, ביז איצט, האָט מען איבערגעשיקט די סומע פון 18,625 דאָלער. מען דארף ניט פארגעסען, אז אין די לעצטע פּאָר יאהר ליידעט אמעריקע פון א שרעקליכען עקאָנאָמישען קריזיס.



ל. קימעל, פּרעזידענט פון פּאַראייניג-טען ווילנער הילפס קאָמיטעט (1934).

די פאָלגענדע ווילנער אָרגאַניזאַציעס זיינען יעצט אַנגעשלאָסען אָן דעם פּאַראייניגטען ווילנער הילפס קאָמיטעט:

אמעריקאנער-ווילנער קולטור אָרגאַניזאַציע.

ווילנער בענעוואָלענט אַסאָסיאיישאָן פון ברוקלין.

ווילנער ליידים בענעוואָלענט אָקזילערי פון ברוקלין.

ווילנער פּראָגרעסיוו יאַנג מענס פון בראָנזוויל.

ווילנער אַסאָסיאיישאָן פון באָסטאָן.

ווילנער יאָנג מענס פון נוארק.

ערשטע ווילנער ליידיס קראַנקען אונטערשטיצונג פאראיין פון נוארק.

ווילנער ברענטש 43, ארבייטער רינג.

ווילנער ברענטש 367, ארבייטער רינג.
ווילנער ברענטש 666, ארבייטער רינג, באָסטאָן.
פרויען קלוב ווילנער ברענטש 43, ארבייטער רינג.
פרויען קלוב ווילנער ברענטש 367, ארבייטער רינג.

עס איז באדויערענד דער פאקט, אז ניט אלע ווילנער אָרגאַניזאציעס זיינען יעצט אנגעשלאָסען אָן דעם פאראייניגטען ווילנער הילפס קאָמיטעט. עס שטעהען אויסערהאלב דעם רעליף קאָמיטעט די עלטסטע ווילנער אָר-גאַניזאציעס אין ניו יארק, די יונייטעד ווילנער בענעוואָלענט אסאָסיאיישאָן, די יונייטעד ווילנער לײדיס בענעוואָלעט אסאָסיאיישאָן און ווילנער ברענטש 28, ארבייטער רינג.

עס איז ספּעציעל פארדריסליך דער פאקט, אז צוויי באזונדערע ווילנער רעליף קאָמיטעטען עקזיסטירען אין ניו יארק, איינער וועמעס געשיכטע עס ווערט דאָ געשריבען, דער פאראייניגטער ווילנער הילפס קאָמיטעט און א צווייטער — דער יונייטעד ווילנער לײדיס רעליף (פרויען רעליף). עס איז ניטאָ און עס דארף ניט זיין קיין פּלאַץ פאר צוויי באזונדערע קאָ-מיטעטען. עס זיינען שוין געמאכט געווארען עטליכע פארזוכען ביידע קאָמיטעטען צו פאראייניגען אָבער אָהן רעזולטאַטען. עס איז צו האָפען אז ענדליך וועט קומען אזא געווינשטע און נויטיגע פאראייניגונג.

## יוסף רומשינסקי און דער ווילנער רעליף.

רעדט מען וועגען דעם ווילנער רעליף און די גרויסע טעאַטער פּאָרשטע-לונגען וואס דער רעליף האָט דורכגעפיהרט אין פאַרלויף פון די 20 יאָהר, וואס דער רעליף עקזיסטירט, דארף מען פארצייכענען די גרויסע פאַר-דינסטען, וואס עס האָט אין פאַרבינדונג מיט דעם — דער חשוב׳ער ווילנער לאַנדסמאַן יאזעף רומשינסקי.

דעם 9טען אפּריל, 1931, איז געפּייערט געווארען דער 50-יאָהריגער יובילײ פון י. רומשינסקי און א ספּעציעלער יובל קאָמיטעט האָט אַרויס-געגעבען צו דיזער געלעגענהייט א רומשינסקי-בוך אין וועלכען עס געפינט זיך אַן ארטיקעל געשריבען פון יעפים ישורין, סעקרעטאַר פון דעם פאַר-אייניגטען ווילנער הילפס קאָמיטעט, און צווישען אנדערעס ווערט אין יענעם אַרטיקעל געזאָגט:

„אַלע אונטערנעמונגען פון דעם ווילנער רעליף קאָמיטעט, וועלכע זיי-נען אַראַנזשירט געווארען דורך רומשינסקי׳ן, זיינען געווען די גרעסטע ערפאָלגען. דאָס וואס רומשינסקי האָט געטאָן פאר דעם ווילנער רעליף, וועט קיינמאָל ניט פארגעסען ווערען. רומשינסקי׳ס פארדינסטען אויף אָט דעם געביט זיינען אונשעצבאר. מיר צווייפלען אויב די ווילנער באַפעלקערונג, אויב די ווילנער געזעלשאַפטליכע אינסטיטוציעס זיינען באקאַנט גענוג מיט דער ראָלע וואס רומשינסקי האָט געשפּילט אין דער שאַפונג פון אזא באדייטענדער הילפס-אקציע וואס דער ווילנער רעליף קאָמיטעט האָט אָנ-געפיהרט יאָהרען לאַנג און פיהרט אויך אָן היינטיגען טאָג.“

„אויב די אַלע פּאַראַרימטע און פאַרשמאַכטע קינדער פון דער אַמאָליגער רייכער און באַרימטער שטאָט ווייסען דאָס ניט, אויב די אלע ווילנער אינ-סטיטוציעס (און אַזעלכע פאַרמאָגט ווילנע אַ גרויסע צאָל) ווייסען ניט די פאַרדינסטען פון רומשינסקי׳ן דעם ווילנער, אין וועמעס האַרץ און

נשמת עס זיינען דאָ אזוי פיל ווארימע סימפּאַטיעס און אַזוי פיל מיטלייד מיט איהרע איבערלעבונגען און שמערצען, דאַן ערלויבען מיר זיך, אין נאָמען פון די אלע געהאַלפענע און אָנגעוואַרימטע ווילנער ברידער און שוועסטער צו געבען יאָזעף רומשינסקי׳ן, דעם טרייען זוהן פון דער שטאָט ווילנע, צו דער געלעגענהייט פון זיין 50-יאהריגען יובילעאום, א ברכה פאר זיינע גרויסע פארדינסטען, א ברכה פאר זיינע ווארימע אָפּ-רופען אויף די ליידען פון זיין געבורטסשטאָט ווילנע.״

*
**

שווערע יאהרען זיינען אָנגעקומען אויף דער אידישער גאס, שווערע יאהרען לעבט איבער ווילנע. די אמעריקאנער אידען בכלל און ווילנער אידען פון אמעריקע בפרט, האָבען זייער ערפילט צו דער אלטער היים. ווילנער אַז זיי ווערען אפילו מגולגל אין אמעריקע, בלייבען זיי אַלץ ווילנער.

## יעפים ישורין.

# הילפס אַקציע פאַר די אידישע שולען אין ווילנע.

הארבסט פאַריגען יאָהר האָט דער ווילנער ברענטש 367 אַרבייטער רינג באַקומען פון ווילנער צ. ב. ק. און נאָך פון אייניגע דאָרטיגע געזעלשאַפט־לאַכע טוער אַלאַרמירענדיגע בריוו, וועגען דער קאַטאַסטראָפאַלער לאַגע פון די אידיש־וועלטליכע שולען אין ווילנע. דער נאָר וואָס פאַרשטאָרבענער באַקאַנטער ווילנער געזעלשאַפטליכער טוער דר. צ. שאַבאַד האָט צווישען אַנ־דערעס געשריבען:

. . . מיר, ווילנער שול־טוער, מאַכען אויפמ "די לעצטע פּראָבע" צו ראַטעווען דעם גרויסען אידישען פאָלקס־בנין — די אידישע שולן אין ווילנע: מיר שיקען איינעם פון אונזערע בעסטע און איבערגעבענסטע שול־טוער, דעם לאַנג־יאָהריגען אַקטיווען מיטגליד פון עקזעקוטיוו פון צ. ב. ק., דעם חבר חיים פופקא, צו אונזערע לאַנדסלייט אין אַמעריקא מיט אַ יאוש'־דיגען געשריי: ראַטעוועט!

. . . מיר זיינען זיכער, אַז איר אַלע וועט טאָן פאַר ווילנע אַלץ, וואָס איר וועט נאָר קענען.

חברים און פריינד!

נעמט אויף אונזער שליח ווי אַ ברודער, וואָס איז געקומען בעטען הילף פאַר דעם, וואָס איז ליב און טייער אונז אַלעמען.

וואָרים אונזער נויט איז אויך אייער נויט; אונזער קולטור איז אויך אייער קולטור!

דר. צ. שאַבאַד.

ווילנע, נאָוועמבער 1933.

ענליכע ווענדונגען האָבען באַקומען אויך דער אַרבייטער רינג, "פאָר־ווערטס", פאַראייניגטער ווילנער הילפס־קאָמיטעט און אַ גאַנצע רייע אָרטיגע טוער.

דעם שרייבער פון די דאָזיגע שורות איז אויסגעקומען גראָד דאָן צו ריידען וועגען דעם מיט אייניגע אַקטיווע חברים פון אונזער ברענטש 367 א. ר. און מען דאַרף זאָגען דעם אמת, אַז אונז האָט געשראָקען דער געדאַנק וועגען אַ באַזונדער אַקציע פאַר די שולען פון איין שטאָדט, אַפילו ווען די שטאָדט איז ווילנע.

דעם 1טען נאָוועמבער איז דער שליח פון צ. ב. ק. אָנגעקומען אין ניו יאָרק.

דעם 19טען נאָוועמבער איז אין "פאָרווערטס" בילדינג פאָרגעקומען אַ ספּעציעלע קאָנפערענץ פון אַלע ווילנער אָרגאַניזאַציעס אין ניו יאָרק, אויף וועלכער פריינט פופקא האָט אָפּגעגעבען אַ גרוס פון ווילנע און דערצעהלט וועגען דער לאַגע פון די אידישע שולען.

ס'דאַרף געזאָגט ווערן, אַז די שילדערונגען פון פר. פוסקאַ האָבען אויף אַלע אַנוועזענדע געמאַכט אַ שטאַרקען רושם.

מיר דערמאָנען זיך, אַז אין פאַרלויף פון דער 1½ שטונדיגער רעדע וואָס ח׳ פוסקאַ האָט געהאַלטען, זיינען פאַר אונזערע אויגען פאַרבייגעלאָפען לעבעדיגע בילדער פון דער אידישער ווילנע, וואָס מיר האָבען מיט אַ פּאָר יאָהר צוריק געזעהן (אין זומער פון 1931) זייענדיג אויף אַ באזוך אין ווילנע.

אין די נאָהענטסטע וואָכען נאָך דער קאָנפערענץ, אויף וועלכער עס איז באשלאָסען געוואָרען שטיצען די אַקציע פאַר די ווילנער שולען, איז שוין צוזאַמענגעשטעלט געוואָרען אַ הילפס-קאָמיטעט, אָן וועלכען עס האָבען זיך אַנגעשלאָסען די פראָמינענטסטע טוער פון דער אידישער אַרבייטער- און קול-טור- באַוועגונג אין אַמעריקע און אַ גאַנצע רייע אָרגאַניזאַציעס.

אין קאָמיטעט זיינען אַריין: אב. קאַהאַן, עהרען-טשערמאַן; י. באַסקין, טשערמאַן; לואיס קימעל, וויס-טשערמאַן; ב. וולאַדעק, טרעזשורער; יעפים ישורין, סעקרעטאַר; עקזעקוטיוו קאָמיטעט: י. אָפּאַטאָשו, ב. צ. גאָלדבערג, דר. א. גינזבורג, פּ. געליבטער, ס. דינגאָל, אַדאָלף העלד, אַלעקסאַנדער האַר-קאַווי, יוסף ווינאָגראַדאָוו, י. וויינבערג, דר. חיים זשיטלאָווסקי, נ. כאַנין, לאַרענס לעווין, ב. לעווימין, אברהם ליעסין, דר. א. מוקדוני, ש. ניגער, דוד פּינסקי, דר. ל. פּאַגעלמאַן, נ. פיינערמאַן, ב. צבִיון, הלל ראָגאָף, אברהם רייזען, שרה רייזען. אַנגעשלאָסענע אָרגאַניזאַציעס: י. ל. פרץ שרייבער פאַראיין, אידישער פּען-קלוב אין ניו יאָרק, אידישע קולטור-געזעלשאַפט, פאַראייניגטער ווילנער הילפס-קאָמיטעט, ווילנער בענעוו. אַסס׳ן פון ברוקלין, ווילנער ליידיס בענעוואָלענט אָקזיליערי פון ברוקלין, ווילנער פּראָגרעסיוו יאַנג מענס פון בראָנזוויל און איסט ניו יאָרק, ווילנער ברענטש 43 אַ. ר., ליידיס קלוב ווילנער בר. 43 א. ר., ווילנער בר. 367 א. ר., ליידיס קלוב וויל-נער בר. 367 א. ר., ווילנער בר. 573 א. ר., ווילנער בר. 666 א. ר., באָסטאָן, מאַס., ווילנער אַסאָסיאיישאָן, באָסטאָן, ווילנער יאַנג מענס, נואַרק, נ. דזש., ערשטער ווילנער ליידיס קראַנקען אונטערשטיצונגס-פאַריין, נואַרק, נ. דזש.

די אַקציע איז אינדאָרסירט געוואָרען אויך פון דער נאַציאָנאַלער עקזע-קוטיוו פון אַרבייטער רינג, וועלכע האָט אויפגענומען אויף איהרער אַ זיצונג דעם שליח פון ווילנער שולען.

פר. ח. פוסקאַ איז ארויסגעטראָטען אויף די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען פון די ווילנער ברענטשעס פון אַרבייטער רינג און אַנדערע ווילנער אָרגאַ-ניזאַציעס אין ניו יאָרק מיט רעפעראַטען וועגען ווילנע און וועגען די אידישע שולען אין וועלכע עס לערנען זיך דאָס רוב קינדער פון די אידישע אַרבעטער-מאַסען און אַפּעלירט וועגען הילף פאַר די דאָזיגע אינסטיטוציעס.

דער הילפס-קאָמיטעט האָט פאַרעפענטליכט אין דער אידישער פרעסע אַן אויפרוף, אין וועלכען ס׳איז אָנגעוויזען געוואָרען אויף דער וויכטיגער באַ-דייטונג פון די ווילנער שולען ניט נאָר פאַר ווילנע, נאָר פאַר דער גאַנצער אידישער שול און קולטור-באַוועגונג, וואָס ווערט אָנגעפיהרט אין פאַרשיידענע לענדער פון אידישען ישוב.

אויך די גאַנצע אידישע פרעסע אין אַמעריקאַ און הויפּטזעכליך דער „פאָרווערטס" האָבען זייער אַקטיוו אונטערשטיצט די אַקציע פאַר די ווילנער שולען.

דער הילפס-קאָמיטעט האָט זיך ניט באַגרענעצט בלויז מיט די קרייזען פון ווילנער אָרגאַניזאַציעס און לאַנדסלייט, נאָר אַפּעלירט צו דער ברייטער עפענטליכקייט נאָך אונטערשטיצונג.

# בעאַמטע פון הילפס־קאָמיטעט פאַר אידישע שולען אין ווילנע.



ב. וולאַדעק — טרעזשורער    אב. קאהאַן — עהרען פּרעזידענט



יעפים ישורין — סעקרעטאר.



ת. פּופּקאָ — שליח פון ווילנע.



י. באַסקין — פּרעזידענט.

צווישען די אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבען בייגעשטייערט מיט באַדייטענדע סומען, זיינען געווען אויסער די ווילנער: נאַצ. עקזעקוטיוו פון אַרבייטער רינג, „פאָרווערטס" אַסאָסיאַיישאָן, אינטערנעשאָנאַל לוידיס גאַרמענט וואָיר-קערס יוניאָן, אַמאַלגאַמייטעד קלאָדינג וואָירקערס יוניאָן, שלום עליכם פאָלקס-אינסטיטוט, לערער פון א. ר. שולען און אַנדערע.

דעם דזשאָינט דיסטריביושאָן קאָמיטעט איז צוגעשטעלט געוואָרען אַ ספּעציעלער מעמאָראַנדום, און אַ דאַנק די באַמיהונגען פון ב. וולאַדעק און אַלעקסאַנדער קאַהן, איז געלונגען צו באַקומען אַ ספּעציעלע אויסערגעוועהנ-ליכע אַסיגנירונג.

אויף דער איניציאַטיוו פון אַב. קאַהאַן, רעדאַקטאָר פון „פאָרווערטס", און יוסף רומשינסקי — ביידע חשוב'ע ווילנער לאַנדסלייט — איז דורכ-געפיהרט געוואָרען אין ניו יאָרק אַ גרויסע טעאַטער-פאָרשטעלונג פאַר די ווילנער שולען.

דעם 7-טען מערץ (פורים), 1934, איז אין פּאַבליק טעאַטער אויפגעפיהרט געוואָרען „אַחשורוש" פון גאָלדפאַדען אין אַ נייער באַאַרבייטונג פון י. רומשינסקי מיט'ן אַנטייל פון די בעסטע קינסטלער פון דער אידישער ביהנע.

ביי אַ פול-געפּאַקטען טעאַטער האָט אַב. קאַהאַן געגרעדט און באַדאַנקט די אַנוועזענדע און די אַרטיסטען פאַר דער הילף. די דאָזיגע פאָרשטעלונג איז געווען סיי מאַטעריעל און סיי מאָראַליש אַ גרויסער ערפאָלג און האָט אַריינגעבראַכט אַ באַדייטענדע סומע.

נאָך ניו יאָרק האָט ח' פּופּקאָ באַזוכט די גרעסערע פּונקטען פון איסט און מיטעל-וועסט, ווי שיקאַגאָ, דעטראָיט, קליוולאַנד, באָסטאָן, פילאַדעלפיע און אומעטום איז געלונגען צו שאַפען דיזעלבע וואַרימע באַציהונג צו דער הילפס-אַקציע פאַר די שולען.

אין שיקאַגאָ איז די אַקציע געפיהרט געוואָרען אין פאַרלויף פון פינף וואָכען און עס איז געזאַמעלט געוואָרען אַ גאַנץ באַדייטענדע סומע.

עס זיינען געווען אויך, פאַרשטענדליך, פאַרשידענע שוועריגקייטען ביי דער אַרבייט, שוועריגקייטען אַזעלכע, וואָס טרעפען זיך געוועהנליך ביי יעדער אַרבייט, אָבער ער זיינען געווען אויך שטערונגען ניט פאָראויסגעזעהענע, וואָס זיינען געקומען גראָד פון אַזעלכע זייטען, וואָס מען האָט אַמוועניגסטען געקענט ערוואַרטען.

די איבערגעבענהייט צו דער זאַך פון אַ גאַנצער רייה פריינד, אונערמיד-ליכע אַרבייט פון דעם שליח פון צ. ב. ק. און אַ געוואַלדיגע, כ'וואָלט זאָגען אמת'ע ווילנער, עקשנות האָבען גובר געווען אַלע מניעות.

עס איז וויכטיג אָבער ניט נאָר דער מאַטעריעלער ערפאָלג. ס'איז אויך דורכגעפיהרט געוואָרען אַ וויכטיגע אויפקלערונגס-אַרבייט.

דאָס איז דאָך בכלל דאָס ערשטע מאָל וואָס די ווילנער אידישע שולען האָבען געשיקט אַ זעלבסטשטענדיגען דעלעגאַט.

הונדערטער באַגייסטערטע פריינד און אָנהענגער פון דער מאָדערנער אידישער קולטור-באַוועגונג און פון דער שטאָדט ווילנע אַלס פּיאָנערען אויף דעם געביט זיינען געוואונען געוואָרען.

דעם 4טען יאַנואַר 1935 איז געווען אין ניו יאָרק אַן אָפּשייד-באַנקעט פאַר ח' פּופּקאָ, וועלכער איז געווען אַ גרויסער ערפאָלג אין יעדען הינזיכט, סיי אין דעם גייסט וואָס האָט געהערשט אויפ'ן צוזאַמענקונפט און סיי וואָס אַנבאַלאַנגט פּראַקטישע דערגרייכונגען.



אָפּשייד-באַנקעט פאַר ח׳ פּופּקאָ, דעם 4-טען יאַנואַר, 1935. — פון רעכטס צו לינקס: דר. י. קיסמאַן, שליח פון רומעניע, דר. ל. פאָגעלמאַן, פּרעזידענט פון י. ל. פּרץ שרייבער פאַראיין; ב. וולאַדעק, טרעזשורער, י. באַסקין, פאָרזיצער פון הילפס-קאָמיטעט; ח׳ פּופּקאָ — ווילנער שליח, אברהם רייזען און יעפים ישורין — סעקרעטאַר פון הילפס-קאָמיטעט.

עס איז געשאַפן געוואָרן אויפ'ן באַנקעט 700 דאָלאַר, אָבער אויסער דעם איז דער באַנקעט פאַרוואַנדעלט געוואָרן אין אַ גייסטרייכע פאַר-זאַמלונג, אויף וועלכער מען האָט דיסקוטירט פילע וויכטיגע קולטורעלע פראַגען אין פאַרבינדונג מיט ח. פופקאָ'ס שליחות אין אַמעריקא. מען האָט גערעדט וועגן ווילנע, די שטאָדט וואָס צייכענט זיך חיסטאָריש אויס מיט איהר קולטור-טראַדיציע, מיט איהר לאַנג-יאָהריגען קאַמף פאַר דער אויפ-האַלטונג פון דער אידישער שפראַך; מ'האָט געלויבט ווילנע פאַר איר צערט-לען און ביאַנטשען אַלץ וואָס איז טייער און וויכטיג פאַר יעדען אידישען קולטור-מענש.

דאָס איז געווען אַ צוזאַמענקונפט פון אַלע אינטעליגענטע קרעפטן פון ניו יאָרק, צוזאַמען מיט די פראָמינענטע פון די מייסטע ווילנער אָרגאַניזאַ-ציעס. דער אָווענט האָט געטראַגען אַן אינטימען און חבר'שען כאַראַקטער.

עס האָבן גערעדט אויף דעם אָפשיידס-באַנקעט: י. באַסקין, פּאָרזיצער פון הילפס-קאָמיטעט; וו. פעסקאָוו, פון נאַצ. עקזעקוטיוו קאָמיטע פון אַרבייטער רינג; דר. ל. פאַגעלמאַן, פרעזידענט פון י. ל. פרץ שרייבער פאַר-איין; ב. וולאַדעק, טרעזשורער (קאַזנאַטשעי) פון הילפס קאָמיטעט; דר. א. קאָראַלניק, פון „פען-קלוב"; איזידאָר קאַהען, פון „פּאָרוועַרטס"; אברהם רייזען; דר. י. קיסמאַן, שליח פון רומעניע; נ. כאַנין, פון אידישען סאָציאַ-ליסטישען פאַרבאַנד; ר. בלאָק, פון דער אַרבייטער רינג צענטראַלער שול-פאַרוואַלטונג; שפיטאַלניק, פון די שלום עליכם שולען; יעקב לעווין, פון דער קולטור-געזעלשאַפט; י. ל. כהן, פון דער אַמעריקאַנער סעקציע פון אידישען וויסענשאַפטליכען אינסטיטוט אין ווילנע; מאקס דעניש, פון דער אינטערנעשאָנעל לײדיס גאַרמענט וואָירקערס יוניאָן, יעפים ישורין, סעקרע-טאַר פון דעם הילפס-קאָמיטעט, און פריינד ח. פופקאָ.

מיר קענען ניט צוליב באַגרענעצטקייט פון אָרט זיך אָפּשטעלען גענויער אויף נאָך אייניגע אינטערעסאַנטע פּרטים פון דער אַקציע. זאָלען אַלע פריינד, וואָס האָבן מיטגעהאָלפען דעם דערפאָלג פון דער אַקציע האָבען די מאָראַלישע באַפרידיגונג אין דעם באַוואוסטזיין, אַז די געשאַפענע געלט-סומען זיינען געווען אַ וויכטיגע אונטערשטיצונג פאַר די ווילנער שולען.

די הילפס-אַרבייט פאַר די ווילנער שולען וועט בלייבען אַלס איינע פון די אינטערעסאַנטסטע קאַפּיטלען אין דער געשיכטע און לעבען פון די ווילנער לאַנדסלייט אין אַמעריקא און וועט אויך פאַרנעמען אַן אָנגעזעהענעם פּלאַץ אין די איבערלעבונגען פון דעם שרייבער פון דיזע שורות, וועלכער האָט באַטראַכט פאַר אַ כבוד און פריווילעגיע צו מיטאַרבייטען מיט דעם סימפּאַטישען שליח פון די ווילנער שולען, דעם אידעאַליסט חבר ח. פופקאָ.

## מ. איוועניסקי

# די ראָליע פון ווילנער אין אַרבייטער רינג

אין דער ענטוויקלונגס געשיכטע פון ארבייטער רינג האָבען לאַנדסמאַנ-שאַפטען געשפּילט אַ אונגעהויערע ראָליע. זעהר אַ בכבוד'יגען פּלאַץ, כמעט דעם אויבען-אָן פאַרנעמט די שטאָדט ווילנע.

דער ארבייטער רינג איז טאַקע אַן אָרגאַניזאציע פון ארבייטער. ניט נאָר מאַכט דער ארבייטער רינג ניט קיין אונטערשייד ניט צווישען ראסען און פעלקער. עס זיינען דאָ אין ארבייטער רינג — אמת ניט פילע — מיטגלידער, וואָס זיינען גאָר ניט אריין בבריתו של אברהם אבינו, פּראָסט געדעמ, אמת'ע גויים, אָבער אין דעם גרעסטען צאָהל זיינען די מיטגלידער אידישע ארבייטער. ניט אידישע ארבייטער ווערען בטל בשישים. גרויס געוואָרען איז דער ארבייטער רינג, ווען אין אַמעריקע האָבען אָנגעפאַנגען צו עמיגרירען היימישע בונדיסטען.

די ערשטע ברענטשעס פון ארבייטער רינג זיינען געווען אַלגעמיינע ברענטשעס. דער איצטיגער ברענטש איינס פון ארבייטער רינג האָט ניט געזוכט קיין מיטגלידער פון אַ באַשטימטער שטאָט אָדער אַ באַשטימטער געגענד. יעדער איינער, אַ גאַליציאַנער, אַ רומעניער, אַ פּוילישער אָדער אַ ליטוואק, איז געווען ווילקאָמען אין ארבייטער רינג אויב ער האָט נאָר אָנערקענט די סאָציאַליסטישע פּרינציפּען-ערקלערונג פון ארבייטער רינג און איז איבערהויפּט געווען פּאַסענד צו זיין אַ מיטגליד אין אָרדען. אויך די נעקסטע ברענטשעס, ברענטש צוויי, דריי, פיר ביז 20 זיינען געווען הויפּטזעכליך אַלגעמיינע ברענטשעס. פון דער צייט אָן אָבער, וואָס די רוסישע רעוואָלוציע האָט אָהער אָנגעהויבען צו שיקען פארטיגע סאָציאַליסטען, הויבען זיך אָן צו ענטוויקלען די ברענטשעס פון לאַנדסלייט און עס איז גאָר קיין ספק ניט אַז דער גאַנצער אָרדען האָט פון דעם געוואונען.

דער ארבייטער רינג איז ניט קיין אויסגעשפּראָכענער בונדיסטישער אָרדען. עס זיינען דאָ אין ארבייטער רינג סאָציאַליסטען-רעוואָלוציאָנערען, איסקראָווצעס, סיימאָווצעס, אַנאַרכיסטען, מיטגלידער פון ס. ל. פּ. און פון אַנדערע סאָציאַליסטישע שאַטירונגען. עס זיינען אין אַ קליינער צאָהל אויך דאָ פּועלי ציון. אָבער דעם כאַראַקטער, וואָס דער ארבייטער רינג האָט געקראָגען, איז געווען אַ בונדיסטישער און ווילנע איז די וויגעלע פון בונד.

די אריבערגעקומענע בונדיסטען האבען דא געוואלט זיין אין דער-זעלבער אטמאספערע ווי זיי זיינען געווען אין דערהיים און האבען זיך דעריבער געטוליעט צו לאנדסלייט מיט וועמען זיי האבען צוזאמען גע-ארבייט, צוזאמען געקעמפט און אפילו צוזאמען געקריגט זיך וועגען סא-ציאליסטישע פראבלעמען. אין די צייטען פון זיצונגען פלעגען זיך די מיטגלידער אריבערטראגען אין דער היימישער אטמאספערע. אין דער קאלטקייט פון אמעריקאנער באדינגונגען פלעגען די מיטגלידער זיך אנ-ווארימען אין דער היימישער סביבה.

די לאנדסמאנשאפטס-ברענטשעס האבען געהאט א באזונדער צוציהונגס-קראפט מיט 25 יאהר פריהער, ווען אין רוסלאנד האט אנגעהויבען צו טאגען נאך דער פינסטערער נאכט. אלע האבען ערווארט אז די אויפגעהענדע זון וועט ברענגען לעבען, ליכט און גליק פאר אלעמען. קיינער האט זיך ניט פארגעשטעלט אז מיט'ן טאג וועלען אנקומען אזעלכע שטורעמס, אזא פארוויסטונג... אין יענע גליקליכע צייטען ווען אן אריבערגעקומענער רע-וואלוציאנער איז געווען באזעלט מיט האפנונגען, פלעגט ער שטארק בייגקען, ווען ער פלעגט פאר זיך דערזעהן די מאשינאווע אמעריקע. אין די ברענטשעס צווישען לאנדסלייט פלעגט די בייגקעניש פארגעסען ווערען.

„עס איז פריש דער זכרון, אבער עס גלויבט זיך קוים", זאגט מען אין רוסיש. ווען דער ברענטש 367 פייערט דעם 25-יעהריגען יובילעאום, קומען אויס אמאליגע פאסירונגען אזוי ווייט, אבער דאך אזוי נאהענט.

ווילנער פארנעמען דעם אויבען-אן אין דער געשיכטע פון ארבייטער רינג. ניט נאר איז דער גענעראל סעקרעטער, פריינד באסקין, א ווילנער; ניט נאר איז די פארוואלטערין פון סעמעטערי דעפארטמענט און פון סאשעל סוירוויס, מאדאם אש, א ווילנערין, — אין דער גאנצער פארוואלטונג פון ארבייטער רינג שפילען ווילנער א אונגעהויערע ראליע.

דער „בונד" אין ווילנע איבערהויפט האט געשפילט אן אונ-געהויער גרויסע ראלע. דער „בונד" האט געשפילט א ראלע אין דער אלגעמיינער רוסישער געשיכטע בכלל און אין דער אידישער געשיכטע בפרט. פילע בונדיסטען זיינען דא אין אמעריקע, אייניגע האבען פארגעסען וועגען זייערע יוגענד אידעאלען. די מייסטע זיינען אבער געבליבען אין דער ארבייטער באוועגונג. פילע שפילען נאך איצט אויך א גרויסע ראליע אין ארבייטער רינג.

דערמאנט מען זיך וועגען בונדיסטען און סתם סאציאליסטען פון 25 יאהר צוריק, שטעלט זיך די פראגע: וואס איז מיט זיי געווארען? די קומענדיגע קאפיטלאך זוכען צו געבען אן ענטפער אט אויף דער פראגע.

## אברהם אַדלער, בר. 367.

אַ וואָלף ציהט צום וואַלד און אַ ווילנער ציהט צו ווילנער.

אַדלער איז איצט אַ מיטגליד פון בר. 367, וואָס באַשטעהט פון ווילנער לאַנדסלייט, אָבער זיין קאַריערע אַלס ארבייטער רינג אַקטיווער טוער האָט



אַדלער געמאַכט גראַדע איידער ער איז אריינגעטראָטען אין ווילנער ברענטש.

שוין אין יאָהר 1910 איז אַדלער ערוועהלט געוואָרען אין קאָנטראָל קאָמיטע, אָבער אַ מיטגליד איז ער געווען ניט פון אַ ברענטש פון ווילנער לאַנדסלייט, נאָר פון ברענטש 134, אַ ברענטש פון אַלערליי לאַנדסלייט, אָבער ניט קיין ווילנער.

אין יאָהר 1911 איז אַדלער געוואָרען טשערמאַן פון קאָנטראָל קאָמיטעט. דער אַמט פון טשערמאַנשיפ איז געוואָרען זיין צווייטע נאַטור. אין יאָהר 1913 איז אַדלער געוואָרען דער טשערמאַן פון סעמעטערי דעפארטמענט. אין יאהר 1914 אָבער האָט ער זיך באַגנוגענט מיט דעם אַמט פון סעקרעטער. ער איז געוואָרען דער סעקרעטער פון קאָנסטיטושאָן קאָמיטע.

אדלער איז פאר שעהנע עטליכע יאָהר געווען טהעטיג אין דער פאַרוואַלטונג פון ארבייטער רינג. פון די יאָהרען 1916 ביז 1919 איז ער געווען אַ מיטגליד פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע קאָמיטע פון ארבייטער רינג. צוויי יאָהר איז ער געווען אין סאַניטאַריום קאָמיטע און איין יאָהר אין דער אָפיס קאָמיטע.

פאַר אַ פאָר יאָהר צייט איז אַדלער אין דער פאַרוואַלטונג פון ארבייטער רינג ניט געווען; דאָס איז ניט געווען דערפאַר, ווייל ער האָט עפּעס געהאַט געגען דער פאַרוואַלטונג, נאָר פּשוט צוליב דעם, וואָס אַדלער איז ניט געווען אין ניו יאָרק.

אין באָסטאָן האָט ער מיט דער הילף פון דעם אַדוואָקאַט ביראַק און וויליאַם באַקסט, אויך אַ ווילנער, געגרינדעט ברענטש 666 ארבייטער רינג, וואָס באַשטעהט פון ווילנער לאַנדסלייט.

אברהם אדלער איז געבאָרען געוואָרען אין סאמע נאָוויגאָראָד אין יאָהר 1882 ביי אַ טאַטען אַ פעלדשער. דער ווילנער גייסט איז ביי איהם געבליבען, דער ווילנער לשון און די ווילנער מאַניערען.

אין נאָוויגאָראָד איז אַדלער געטויפט געוואָרען אין בונדיסטישער ארבייט. דאָס איז געווען אין דער צייט פון „פאָן באָג" אפעיר, וואָס איז פאַרבליבען אין דער געשיכטע פון בונד אַלס אַ העלדישער טהאָט פון נאָוויגאָראָדער בונדיסטען.

אין אמעריקא איז אַדלער געוואָרען אַ טעטיגער מיטגליד אין ארבייטער רינג, נאָר פאר אַ לאנגער צייט האָט אַדלער געבלאָנדזשעט אין ברענטשעס פון פרעמדע לאַנדסלייט. ער האָט אָבער זיין תיקון געפונען. ער איז ענדליך אין 1924 געוואָרען אַ מיטגליד פון ברענטש 367, אַ ברענטש פון ווילנער.

קומענדיג צוריק אין ניו יאָרק פון וויטע מקומות, איז אַדלער צוריק אַריין אין דער פאַרוואַלטונג פון ארבייטער רינג. אין 1925 איז ער געוואָרען וויס-טשערמאַן פון מעדיקאַל דעפּאַרטמענט, פאר דער גרינדונג פון וועלכער ער האָט געארבייט. אין יאהר 1926 איז ער געוואָרען סעק-

רעטער פון מעדיקאל דעפארטמענט. אין יאָהר 1930 איז ער געוואָרען ווידער ווייס-טשערמאן פון מעדיקאל דעפארטמענט און פאר צוויי יאָהר — 1931 און 1932 — האָט ער זיך



דערדינט צום אַמט פון טרעזשורער פון אָט דעמזעלביגען דעפארטמענט. איצט פארנעמט ער דעם אַמט פון סעקרעטער פון קעמפּ קאָמיטע.

ניט נאָר אַדלער אַליין איז טהעטיג אין ארבייטער רינג, נאָר אויך זיין טרייע לעבענס-באַגלייטערין, סאָפיע אַדלער. אין יאָהר 1932-33 איז מיסיס אַדלער געווען אַ מיטגליד פון דעם סאָשעל סורוויס דעפּארטמענט פון ארבייטער רינג. איצט איז מיסיס אַדלער אַ מיטגליד פון דער פרויען קאָמיטע.

## מאיר אייבראַמס, בר. 43.

פילע ווילנער קענען אייבראַמס'ען. ער איז געווען דער צווייטער רעליף שליח אין ווילנע.

די ערשטע שלוחים, וואס מען האָט געשיקט קיין ווילנע, זיינען געווען דוד כץ, איינער פון די גרינדער פון ברענטש 43, וועלכער איז איצט א מיטגליד אין ברענטש 367; ב. צביון און דאָקטאָר דרוסקין. די ערשטע שלוחים האָבען אוועקגעפיהרט קיין ווילנע ארום 160 טויזענד דאָלער.

אין שווערע צייטען איז אויסגעקומען די ערשטע שלוחים צו ערפילען זייער מיסיאָן. אויך ווען אייבראַמס איז געשיקט געוואָרען איז די לאַגע אין ווילנע געווען שווער. עס איז געווען אין די צייטען פון דעם קריג פון פוילען מיט די באָלשעוויקעס, אין יאהר 1920-1921. אייבראַמס האָט זיין שליחות ערפילט באמונה. ער קען ווילנע זעהר גוט. ער איז דארטען געבאָרען געוואָרען דעם 6טען פעברואר, 1876, און זיין פאמיליע איז באקאנט אין ווילנע.

אין ווילנע האָט אייבראַמס באַזוכט א רוסישע עלעמענטאַר שולע, — לאַזאַראָוו'ס נאַטשאַלנאָיע אוטשילישטשע, און איז געגאַנגען אין חדר, ווי דער שטייגער איז.

אין אמעריקע איז ער געקומען אין יאהר 1894.

א לאַנגען רעקאָרד האָט אייבראַמס דאָ אין אמעריקע אין דער פארוואלטונג פון ארבייטער רינג. אין 1917 איז ער געווען אין סעמעטערי קאָנטראָל קאָמיטע. אין 1918 — אין סעמעטערי עקזעקוטיווע, און אין 1919 איז ער שוין געווען אין דער נאציאנאלער עקזעקוטיווע, אין דער אָפיס קאָמיטע.

אין יאהר 1920 איז אייבראַמס



געווען דער פארזיצער פון דער אפיס קאָמיטע. אויך אין 1921 איז ער געבליבען אין דער אָפיס קאָמיטע. קיין פארזיצער איז ער אָבער שוין ניט געווען.

א פּאָר יאָהר האָט זיך אייבראַמס אפגערוהט און אין 1924 איז

ער ווידער געווען א מיטגליד פון סעמעטערי דעפּאַרטמענט. ער איז דאָרטען געבליבען נאָך א יאהר און געוואָרען טרעזשורער.

ווייטער א קלײנער „פּערעריוו" און ער איז ווידער, אין 1928, אריין אין דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיוו קאָמיטע, אין דער אָפּיס קאָמיטע. ער איז פארבליבען נאָך א יאהר אין דערזעלבער קאָמיטע און מען קען זיך שוין אָנשטויסען אז ער איז ווידער געוואָרען פארזיצער פון דער אָפּיס קאָמיטע. פארזיצער איז ער פארבליבען אויך אין יאהר 1930.

צוויי קאָמיטעס ליבט אייבראמס: די אָפּיס קאָמיטע און דעם סעמעטערי דעפּארטמענט. אין יאהר 1932 איז ער געוואָרען א מיטגליד פון דער סעמעטערי עקזעקוטיווע און איז אויך פארבליבען פאר דעם יאהר 1933.

## ראָוז אַש־סימסאָן, בר. 367.

פאַרוואַלטערין פון א. ר. סעמעטערי דעפּאַרטמענט.

זעהר א בכבוד'יגען פּלאַץ אין ארבייטער רינג פארנעמט מיס ראָוז אַש־סימסאָן, א מערקווירדיגע פּערזאָן אין פילע הינזיכטען.

זייענדיג א מאָדערנע פרוי מיט א ברייטען, ראַדיקאַלען בליק אויף אלע ערשײנונגען פון לעבען, איז אָבער מיס אַש דורכגעדרונגען מיט די שעהנע טראַדיציעס פון דער וואוילטעטיגער שטאָט ווילנע, די שטאָט אין וועלכער זי איז געבאָרען געוואָרען און פארבראַכט די איינדרוקספולע קינדער יאהרען.

זעהר א פאראנטוואָרטליכע שטעלע פארנעמט מיס אַש אין ארבייטער רינג. זי איז די פארוואַלטערין פון א דעפּאַרטמענט, וואס האָט פאר זיך שווערע, טראַגישע אויפגאַבען. מיס אַש איז די פאַרוואַלטערין פון סעמעטערי דעפּאַרטמענט (בית-עולם אָפּטיילונג).

מיס אַש האָט איבערגענומען די פאַרוואַלטונג פון סעמעטערי דעפּאַרטמענט ענדע 1907. זעהר שווערע און קאָמפּליצירטע פּראָבלעמען האָט זי פאר זיך געהאַט. זי איז צוגעטראָטען צו דער לעזונג פון די



פּראָבלעמען מיט ענערגיע, טאַקט און איבערגעבענהייט. איהרע פליכטען אלס פאַרוואַלטערין האָט זי ערפילט אויפ'ן בעסטען אופן.

אויסער איהרע אָפיציעלע פליכטען, האָט מיס אַש אויף זיך גענומען פרייוויליג די צווייטע לאַסט, צו גרינדען א סאָשעל סוירוויס דעפּארטמענט, א דעפּארטמענט וואס האָט זיך געשטעלט די אויפגאַבע צו העלפען הילפלאָזע און פארצווייפעלטע. דער דעפּארטמענט עקזיסטירט שוין עטליכע יאהר. מיס אַש איז מיט לייב און לעבען איבערגעגעבען צו ערפילען די שווערע אויפגאַבען פון סאָציאַלער הילף.

דער שטריך פון וואוילטעטיגקייט איז זעהר ענטוויקעלט אין מיס אַש. דער שטריך איז גע'ירש'נט פון דער אַלטער טראַדיציאָנעלער אַטמאָספערע פון דער פאַמיליע פון וועלכער זי קומט. אין איהר פאמיליע איז פארקערפּערט די שעהנע טראַדיציעס פון דער אַלטער, פרומער ווילנע.

מען קען ניט דערקענען די טיפענישען פון דער נשמה פון א פּערזאָן, ביז וואַנען מען ווייסט ניט די סביבה און די אַטמאָספערע פון דער פאמיליע פון וועלכער די פּערזאָן קומט.

א מאָדנעם שטריך האָב איך בא-

מערקט אין דער פסיכאָלאָגיע פון דער העכסט מאָדערנער און ראַדיקאלער מיס אַש. זייענדיג געבילדעט און אויפגעקלערט, ערוועקט זיך ביי איהר א מאָדנע בענקעניש פרייטאָג-צו-נאַכט, עפּעס אזוי ווי די נשמה יתירה, וואס קומט אָן, לויט דער לעגענדע, צו יעדען אידען מיט קבלת שבת, זוכט עפּעס און בענקט נאָך עפּעס. די ראַציאָנאַליסטין מיס אַש ווערט פרייטאָג-צו-נאַכט זעהר סענטימענטאַל.

א לאנגע צייט איז פאר מיר דער שטריך געווען א רעטעניש, ביז איך האָב זיך ניט דערוואוסט איניגע פאקטען פון איהר פאמיליע אין ווילנע. פילע זאכען זיינען פאר מיר קלאָר געווארען.

דערוואוסט האָב איך זיך וועגען דער פאַמיליע אַש צופעליג. איך האָב גערעדט וועגען אמאָליגען לעבען אין ווילנע מיט דער שוועסטער פון ראוז אַש, מיט מיס אסתר אַש, א פּערזאָן, וואס איז געווען זעהר אקטיוו אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין ווילנע און דאָ אין אמעריקע. פון דעם אומשולדיגען געשפּרעך האָט זיך פאַר מיר ענטדעקט דער אינטערעסאַנטער לעבען פון א פּאַטריארכאלער אידישער פאמיליע.

אין ראשע טילע'ס הויף, אויף טייטשער גאַס אין ווילנע, האָט געלעבט אַ מערקווירדיגער איד, קלמן ברוך. קלמן ברוך איז געווען פון די פרומע און עהרליכע אידישע טיפּען, וועלכע מען האָט גערופען „למד-ואָו'ניקעס", די אידען, וועלכע לעבען מיט דער שטענדיגער מורא טאָמער טוען זיי ניט גענוג פאר זייערע מיטמענשען; אָט די אידען וועלכע לעבען פון עהרליכער פראַצע און האָבען מורא יענעמס צו פארטשעפּען אויף אַ האָר.

קלמן ברוך האָט פילע מאָל אפּגעלאָזען זעהר גוטע פּאָדריאדען, ווען אַן אנדער איד האָט געזאָגט אז ער דארף דעם פּאָדריאד האָבען פאר זיך. זיין מאַטאָ איז געווען, אז אלע אידען דארפען לעבען. מען טאָר קיינעם ניט מסיג גבול זיין. קלמן ברוך איז געווען פרום ביז פאַנאַטישקייט זיין פרוי שרה לאה איז שוין אָבער געווען מעהר היינטוועלטיג איהער היינטוועלטיגקייט האָט איהר אבער ניט געשטערט צו ווידמען איהר גאנצען לעבען צו צדקה

שרה לאה איז געווען די טאָכטער פון בנימין הורוויץ אָט דער בנימין הורוויץ איז געווען ווידער א מערקווירדיגער טיפּ ער איז געווען א ליבאוויטשער חסיד, אבער ער איז געווען דאָס וואס מען רופט א סאמאראדנער טאַלאַנט ער איז געווען א מאלער. זיינע בילדער און פּייזאַזשען פלעגען פּריצים קויפען און צאָהלען א גוטען פּרייז. בנימין הורוויץ איז קיינמאָל אין א שולע ניט געגאַנגען. פארקערט, א שולע איז געווען ביי איהם טריף.

אלע זיינען אין שטוב געווען באַשעפטיגט. דער אלטער בנימין, זיין טאָכטער שרה לאה, זיין אוידים קלמן ברוך, אויך די קינדער זיינען געווען באַשעפטיגט. „מען האָט געארבייט ווי די בינען די גאנצע וואָך", ווי מיס אסתר אַש האָט זיך אויסגעדריקט. איז אָבער געקומען פריוטאָג צו נאַכט, איז געקומען די שכינה. ביים טראַדיציאָנעלען טיש פרייטאָג צו נאַכט זיינען געזעסען עטליכע פרעמדע אורחים. דער זיידע פלעגט בריינגען אורחים פון שטיבעל, דער טאַטע פון קלויז און אויך שרה לאה פלעגט בריינגען א פּאָר הונגעריגע אידען. די שכנים האָבען גערופען די הויז „אברהם אבינו'ס הויז."

די הויז איז געווען אן אמת פּאַטריארכאַלע און פרומע הויז, אָבער מאָדערנע ווינטען תאָבען שוין אָנגעפאנגען צו בלאָזען. די עלטערע קינדער זיינען געגאנגען אין גימנאזיע. „ניט זעהר אנגענעם איז

געווען צו זיצען שבת אין גימנאַזיע", דערצעהלט מיס אסתר אַש. שרייבען האָט מען ניט געטאָרט און קיין נאָטיצען האָט מען ניט געקענט מאכען. מען פלעגט זיך דארפען באַהאלטען פאר'ן זיידען, פאר'ן טאַטען.

די פאַמיליע האָט אַרויסגעגעבען פילע טאַלאַנטפולע מענשען. קינדער פון דער פאַמיליע האָבען אַ נאָמען אַלס גוטע מוזיקער. מיס אסתר אַש איז פאר פילע יאהרען געווען אַ רוסישע לעהרערין. זי איז אבער געווען מיט'ן גאנצען לעבען איבערגעגעבען דעם רעוואלוציאנערען קאמף. איהר אידעאל איז געווען צו לעבען פאַר אַנדערע. מיס אסתר אַש האָט אין זיך פילע שטריכען פון איהר פאָטער.

מיס ראוז אַש האָט גע'ירש'נט שטריכען פון איהר מוטער. איהר מוטער האָט מען גערופען „שרה לאה די חכמה". זי איז געווען זעהר פראקטיש, אָבער איהר גאנצען לעבען האָט זי געווידמעט צו העלפען אנדערע.

אַ שטיק ווילנער לעבען פון אַ פאַטריארכאלער טראַדיציאָנעלער פאַמיליע פארקערפערט מיט זיך די פאַמיליע אַש. ווען עס קומט צו איהר פאַמיליע אין ווילנע ווערט די ראַציאָנאַליסטישע מיס ראוז אַש-סימסאָן זעהר סענטימענטאל.

## יוסף באַסקין, בר. 43.

גענעראַל סעקרעטאַר פון ארבייטער רינג

ווילנער מעגען שטאָלצירען. דער העכסטער בעאמטער פון ארבייטער רינג, דער גענעראל סעקרעטאר, יוסף באַסקין, איז אויך אַ ווילנער.

אמת, אז מען זאָל זיך גוט פאַנאַנדערקלייבען אין די מעטריקעס פון י. באַסקין, קען מען גאָר אויסגעפינען אז ער איז גאָר קיין ווילנער ניט, נאָר אויב ער איז ניט קיין ווילנער געבוירענער, איז ער לכל הדעות אַ ווילנער געוואָרענער. ער איז אַ ווילנער תושב מיט דעם, וואס זיין גייסטיגע פיזיאָגנאָמיע האָט ער באַקומען אין ווילנע.

געבאָרען געווארען איז י. באַסקין אין יאהר 1880, אין ביאַלע, אַ



דאָרף אין מינסקער גובערניע; געלערענט האָט ער אין דאלהינאָוו, און זיין היים איז גאָר געוואָרען איליע.

ווי די מעשה זאָל ניט זיין, אבער י. באַסקין האָט געלערענט אין די ישיבות, אין ווילנע איז ער געווארען אַ משכיל, אין ווילנע איז ער געווארען אַ בונדיסט. אין ווילנע איז באַסקין דערנאָך געווארען דער ארויסגעבער און אַ מיטארבייטער פון דער בונדיסטישער „פאָלקסצייטונג" און „וועקער".

אין דעם זשורנאל, וואס ברענטש 367 האָט ארויסגעגעבען צו דעם 20-יאהריגען יובילעאום איז דאָ אַן ארטיקעל פון באַסקינ'ען אליין וועגען דעם איינדרוק וואס ווילנע האָט אויף איהם געמאכט. דער ארטיקעל הייסט: „מיין ערשטער טאָג אין ווילנע". פון זינט ער איז געקומען קיין ווילנע, איז ווילנע געוואָרען זיין צווייטע געבורטסשטאָט.

יונגערהייט איז באַסקין געבליבען אַ יתום. זיין מוטער איז געשטאָרבען ווען ער איז אלט געווען 2 יאהר. זיין פאָטער איז געווען אַ איד אַן ארימאַן, אָבער, ווי זאָגט

די גמרא, „הזהרו בבני העניים שמהם תצא תורה”. יונגערהייט איז ער אַוועקגעפאָהרען אין ווילנע לערנען תורה.

אין ווילנע איז דער יונגער באסקין אנגעקומען אין רבי מיילעס'עס ישיבה. ער האָט געלערנט ביי רבי יואל'ן. אזוי ווי באסקין איז געקומען פון דאָלהינאָוו, האָט מען איהם אין דער ישיבה גערופען דער דאָלהינאָווער פון רבי מיילעס'עס ישיבה. איז דער דאָלהינאָווער אָנגעקומען אין קצב'שע קלויז און געלערנט ביי רבי יהושע כלב און רבי אלי פנחס'ן. אין ישיבה האָט ער געלערנט גאנץ געשמאַק, אָבער אין דער ישיבה איז ער אויך ארויס „לתרבות רעה”. דער דאָלהינאָווער איז „רחמנא לצלן” פון וועג ארונטער.

באסקין האָט זיך פריהער באַקענט מיט דער העברעאישער ליטעראטור. ער איז געוואָרען א משכיל, דערנאָך האָט ער אָנגעהויבען פלייסיג צו שטודירען רוסיש. ער האָט זיך אויך באקענט מיט'ן סאָציאליזם און איז געוואָרען א פארברענטער בונדיסט.

א גרויסע ווירקונג האָט געהאַט אויף דעם יונגען באַסקין זיין ברודער אברהם באַסקין, איינער פון די בויער פון ארבייטער רינג, וועלכער איז פריצייטיג געשטאָרבען. זיין ברודער האָט איהם געמאכט פאר א סאָציאליסט.

יוסף באסקין איז געווען באַפריינדעט מיט קלמן קראַפּיווניקאָוו, אַ ברען א אינגעל מיט אַ פּאָעטישער נאַטור און א געבוירענער אַגיטאַטאָר, און מיט איינעם א קאצענעלנסאָן.

די דריי יונגע לייט האָבען אליין צוזאמענגעשטעלט אַן אייגענעם קרוזשאק. קראַפּיווניקאָוו האָט דאָן געשפּילט א גרויסע ראָלע אין „בונד”.

ער איז יונגערהייד אַוועק פון דער וועלט צוליב אן אומגליקליכע ליבע. אין דער צייט, וואס באסקין האָט איהם געקענט האָט קראַפּיווניקאָוו געטרוימט צו ווערען א העברעאישער פּאָעט. אייניגע שירים זיינע זיינען געבליבען.

קאצענעלענסאָן איז געווען דאס וואָס מען פלעגט רופען „עקסטערן”. אין דעם קרוזשאק דער חוט המשולש, איז קראַפּיווניקאָוו, דער פּאָעט געווען דער אָרגאַניזאטאָר, באַסקין — דער היסטאָריקער און קאצענעלענסאָן — דער בעל דקדוק. די מיטגלידער פון קרוזשאק האָבען זיך געשטעלט די אויפגאבע אליין זיך צו בילדען און בילדען די מאַסען. זיי פלעגען נעמען „אוראָקען” פון סטודענטען און זיי פלעגען לערנען מיט ארבייטער.

די מיטגלידער פון קרוזשאק האָבען געהאט גרויס ערפאָלג אין זייערע למודים. אין יאהר 1900 געפינען מיר שוין באסקינען אין דער שווייץ, אין זשענעווע. זיין ברודער, אברהם באַסקין, א באקאנטער סאָציאליסט, האָט געקראגען פאר איהם גוטע רעקאָמענדאציעס. מיט דער מיטווירקונג פון מאַדאַם פּלעכאַנאָוו איז באסקין אריינגעטראטען אין קאלעדע זשענעוו. פריהער אלס פרייער צוהערער און נאָך די שווערע עקזאמענס אלס פולבארעכטיגטער סטודענט. אין גיכען איז באסקין אריין אין לאזאנער אוניווערסיטעט.

באסקין האָט שטודירט פלייסיג, אָבער ער האָט ניט פארגעסען זיינע פליכטען אלס סאָציאליסט. דער „בונד” האָט אנגעפאנגען צו אָרגאַניזירען סטודענטען, צוצוגרייטען טעאָרעטיקער און טוער פאר'ן „בונד” און טאקע אויך שאפען פאר'ן „בונד” מאַטעריעלע הילף. באסקין איז גע-

ווארען זעהר אקטיוו אין די סטודענטען גרופּען.

גרופּען פון שטודירענדע יוגענד האָבען זיך געפונען אין דייטשלאַנד, פראנקרייך, שווייצאריע און בעלגיען. צווישען די גרופּען האָט באַסקין געשפּילט א וויכטיגע ראלע. ער איז געווען פארטרויט מיט וויכטיגע אויפגאבען.

די סטודענטען האָבען געהאַט פון צייט צו צייט צוזאמענפאָהרען. אויף איין צוזאמענפאָהר איז אויפגעהויבען געווארען די פראגע וועגען אידיש. עס איז געווען אַ שארפע חלוקי דעות וועגען דער ראָלע פון אידיש פאר'ן „בונד". די מייסטע סטודענטען זיינען געווען אסימילאטאָריש געשטימט. זיי האָבען געקוקט אויף אידיש אלס א שפּראך וואס פארשווינדט. זיי האָבען באטראכט אידיש אלס פּראפּאגאנדעמיטעל, אָבער זיי האָבען בשום אופן ניט געוואלט צוגעבען אז אידיש אלס נאציאָנאַלע שפּראך איז וויכטיג. אויף דער באדייטונג פון אידיש אלס נאציאָנאלע שפּראך האָבען אָנגעוויזען באַסקין און זיין חבר עזרא פון לאזאנער סעקציע, און האָפמאן פון קאַרלסרוהע, דער איצטיגער צבִיון.

אין יאהר 1905 האָט באסקין מיט אויסצייכענונג געענדיגט דעם נאַנסי אוניווערזיטעט אלס עלעקטרישער אינזשעניער. ער איז אוועקגעפאָהרען צוריק נאָך רוסלאנד. ער איז אָנגעקומען אין ווילנע אין דעמזעלבען יאהר אין סאמע ברען פון דער רעוואָלוציע. דער „בונד" האָט איהם „געדרעפּטעט". וועגען קריגען א שטעלע אלס אינזשעניער האָט קיין רעדע ניט געקענט זיין. ער האָט געמוזט אוועקגעבען זיינע כחות פאר'ן „בונד". דער צ. ק. פון „בונד" האָט באַשלאָסען אַרויסצוגעבען אן אייגענע צייטונג און באסקין האָט געמוזט ווערען דער ארויסגעבער פון „וועקער". האָט זיך דער „וועקער" פארמאכט, איז געגרינדעט געווארען א צווייטע צייטונג — די „פאָלקסצייטונג". באסקין האָט אין ביידע צייטונגען פיל געשריבען.

אין יאהר 1907 איז באסקין געקומען אין אמעריקע. ער איז געקומען מיט אַ גוטען נאָמען. גלייך נאָך זיין קומען איז ער באשטימט געווארען פון דער סטייט קאָמיטע פון ארבייטער רינג אלס לעקטאָר איבער פיזיק. אז באסקין איז באלד נאָך זיין קומען קיין אמעריקע געווארען א מיטגליד פון ארבייטער רינג, קען מען זיך לייכט אנשטויסען.

פאר עטליכע יאהר האָט באסקין געארבייט אלס אינזשעניער ביי דער באוואוסטער פירמע וועסטינגהויז און קאָ. אין יאהר 1914 איז ער געווארען דער געהילף סעקרעטאר פון ארבייטער רינג. דער דאמאלסדיגער סעקרעטאר, דר. פרענק ראזענבלאט (בן-יקיר) האָט ערקלעהרט, אז ער האָט פון אלע קאנדידאטען אויסגעקליבען באסקינ'ען, נעמענדיג אין אנבאַטראַכט „זיינע אָרגאַניזאציאנס פעהיגקייטען און זיין נאָמען פון „בונד" וואו מען האָט איהם פארטרויט מיט די וויכטיגסטע פינאנציעלע אונטערנעמונגען" (זעה „פריינד", מאי, 1915).

אין יאהר 1916 איז באסקין געווארען דער גענעראל סעקרעטאר פון ארבייטער רינג, דער אמט, וואס ער פארטרעט מיט כבוד פאר די לעצטע 18 יאהר.

דער דאָלחינאָווער, דער אַמאָליגער ווילנער ישיבה בחור און דער שפּעטערדיגער ווילנער בונדיסט, פאַרנעמט זעהר א הויכען אמט אין ארבייטער רינג.

## הערץ בורגין.

הערץ בורגין האָט אלע מאָל פארנומען א וויכטיגען פלאץ אין



דער אמעריקאנער ארבייטער באַוועגונג.

ער איז פון די שטילע, באַשיידענע מענשען. ער ווארפט זיך ניט אין די אויגען. ער זיצט, ווי מען זאָגט דאָס, על „התורה ועל העבודה". זיין פלאץ איז די ביבליאָטעק און זיין גרעסטער פארגעניגען איז אפצושטויבען אלטע ביכער, לעזען און שטודירען זיי און ארויסנעמען פון זיי אינפאָרמאציע, ניצליכע אינפאָרמאציע.

אין דער אידישער ארבייטער באַוועגונג האָט זיך בורגין געמאכט א נאָמען מיט זיין קאָלאָסאלער ווערק „די געשיכטע פון דער אידישער ארבייטער באוועגונג אין אמעריקע, רוסלאנד און ענגלאַד". דער בוך איז ארויסגעגעבען געווארען צו דעם 25-יעהריגען יובילעאום פון די פאראייניגטע אידישע געווערקשאפטען אין יאהר 1913, מיט פאָררעדעס פון אב. קאַהאַן, ב. פייגענבוים און ש. יאַנאָווסקי.

פאר אייניגע טערמינען איז בורגין געווען מיטגליד פון דער עדיוקיישאָנעל קאָמיטע פון ארבייטער רינג. ער איז געווען פון די וויניגע אינטעליגענטען, וואס פלעגען פינקטליך קומען צו די מיטינגען. ער האָט געטאָן זעהר ניצליכע ארבייט. ער האָט זיך באַצויגען צו זיין אויפגאבע זעהר ערנסט.

דער עדיוקיישאָנעל דעפארטמענט פון ארבייטער רינג האָט ארויסגעגעבען זיין לעהר בוך וועגען אריטהמעטיק. ער איז געווען דארטען טעטיג אין פילע קאָמיטעס, וועלכע האָבען באהאנדעלט גרויע, טאָג-טעגליכע פראגען.

בורגין קען מיט רעכט פאררעכענט ווערען אלס ווילנער, כאָטש ער איז גאָר געבאָרען געווארען אין מאלאט, ווילנער גובערניע, אין אלול, 1870. זיין גייסטיגע ענטוויקלונג האָט ער געקראגען אין ווילנע.

ער האָט געלערענט אין ווילנער ראמיילעס קלויז. ער האָט באזוכט צונזער'ס יעווריעסקאָיע אוטשילישטשע. ער האָט געענדיגט אין יאהר 1892 דעם ווילנער לעהרער אינסטיטוט. אין ווילנע איז בורגין געווארען א סאָציאליסט. זיינע ערינערונגען וועגען ווילנע האָט בורגין פארעפענטליכט אין „ווילנער", וואס איז ארויסגעגעבען געווארען פון ברענטש 43 ארבייטער רינג אין יאהר 1920.

בורגין איז פאר'משפט געווארען פאר סאָציאליסטישע טעטיגקייט אין יאהר 1903 צו פינף יאהר סיביר. ער איז אנטלאָפען געווארען קיין אויסלאנד און דעמזעלבען יאהר איז ער אוועקגעפאהרען קיין אמעריקע.

אין אמעריקע האָט בורגין געענדיגט די סקול אוו קאָמוירס פון ניו יארק אוניווערסיטעט. ער איז פאר לאנגע יאהרען געווען א מיטארבייטער אין „פארווערטס".

בורגין האָט אויך רעדאקטירט דא אין ניו יארק די רוסישע צייטונג „נאָווי מיר". ער האָט אויך אין רוסיש פיל געשריבען.

## הירש בלאק, בר. 367.

הירש בלאק איז באקאנט אין ארבייטער רינג קרייזען מיט דעם נאָמען „האַיאס". רעדט בלאק



אויף א קאָנווענשאָן פון ארבייטער רינג, רעדט דער „האַיאס", קומט בלאק אין א ברענטש פון ארבייטער רינג, ווייס מען אז דער „האַיאס" איז געקומען.

בלאק איז דער פארשטעהער פון „האַיאס", אָבער ער איז געווען טע־טיג פיל אין ארבייטער רינג. אין די יאהרען 1912-1914 איז בלאק געווען א מיטגליד אין סעמעטערי דעפּארטמענט און אין יאהר 1915 איז ער געווען א מיטגליד פון דער גריוועגס קאָמיטע.

הירש בלאק, אַן אלטער ווילנער תושב, איז שוין ניט קיין יונגער מאַן. זיינע אמת'ע יאהרען וויל ער ניט אויסזאגען. אז ער איז עלטער פון ישורינ'ען איז זיכער. נאָר די איראָניע פון שיקזאל: ווען עס איז געווען דער קאַמף פון די „יונגע" און די „אלטע" איז דער יונגער ישורין געווען אַן „אלטער", און דער אַלטער בלאק איז גאר גע־ווען א „יונגער".

געווען צייטען וואס בלאק איז געווען א מיטגליד פון ברענטש 295. איצט איז ער א מיטגליד פון וויל־נער ברענטש 367.

## וואַלטער בערקאָוויץ, בר. 66.

נעמט גאָר א ווילנער איד און פארקריכט צו די רומעניש. בערקאָ־וויץ איז א טעטיגער מיטגליד פון ברענטש 66, א רומעניש ברענטש. בערקאָוויץ איז אָבער זעהר טע־טיג אויך אין ווילנער אנגעלעגענ־הייטען. ער איז שוין ניט קיין יונ־גער מאַן, און רויכערט אימער א פּיפּקע. הייבט מען אָן צו ריידען וועגען ווילנע, ציהט ער די פּיפּקע שנעלער. יוגענט זכרונות, פאַר־שטעהט איהר מיך.

בערקאָוויץ איז אַן אָפטער גאַסט אויף ארבייטער רינג קאָנווענשאָנס. ער איז אויך געווען טעטיג אין דער פארוואלטונג פון ארבייטער רינג.

אין 1910 איז בערקאָוויץ געוואָ־רען א מיטגליד פון דער נאציאָנאלער עקזעקוטיווע, אין 1912 — א מיט־גליד פון סעמעטערי קאָנטראָל. ביז 1930 האָט בערקאָוויץ גענומען וואַ־קאַציע. אין יאהר 1930 איז ער געוואָרען א מיטגליד פון דער נאַציאָ־נאַלער גריוועגס קאָמיטע און אין 1931 — א מיטגליד פון דער נאַ־ציאָנאַלער בענעפיט קאָמיטע.

## ב. גאָלד, בר. 43.

ב. גאָלד איז געבוירען געוואָרען אין יאהר 1893 אין נאָוואָגראָד,



ווילנע. אלס אינגעל איז ער שוין געווען אין קליינעם בונד.

אין יאהר 1913 איז גאָלד גע־

קומען אין אמעריקע. ער איז א שווערער ארבייטער. א פאָריער, א פוטערמאכער, אבער זעהר א טעטיגער מיטגליד אין ארבייטער רינג און אין זיין פראָפעסיאָנעלען פאראיין.

פאר א צייט לאנג איז גאָלד געוועזן א מיטגליד פון דער פאָריערס יוניאן דזשוינט באָארד. ער האָט געהאָלפען אויך סעטלען דעם גענעראל סטרייק פון די פאָריערס.

ב. גאָלד איז אויך געוועזן טעטיג אין דעם ווילנער רעליף. ער איז א באַשיידענער מענש, וועלכער איז אין זיין געזעלשאַפטליכער ארבייט איבערגעגעבען מיט לייב און מיט לעבען.

ב. גאָלד אלס ווילנער איז א מיטגליד פון ברענטש 43, וואס באַשטעהט מייסטענס פון ווילנער בונדיסטען.

אין יאהר 1930 איז גאָלד אויסגעקליבען געווארען אין סעמעטערי דעפּארטמענט פון ארבייטער רינג. פון דעם יאהר 1932 איז ער א מיטגליד פון דער בענעפיט קאָמיטע.

## מאַקס גאָלדינג, בר. 367.

עס איז געווען א פראנצויזישער קעניג, לודוויג דער 14טער, וועל-



כער פלעגט זאגען: „די מלוכה דאָס בין איך". אין א געוויסען זין קען אויך מאַקס גאָלדינג זאגען: „ברענטש 367 ארבייטער רינג דאָס בין איך."

עס קען גאָר קיין צווייפעל ניט זיין אין דעם, אז גאָלדינג שפּילט א זעהר גרויסע ראָלע אין ברענטש 367. ער לעבט מיט'ן ברענטש. זיין גאנצע פרייע צייט גיט ער אוועק פאר'ן ברענטש. ער שטעהט אויף מיט'ן ברענטש 367 און לייגט זיך שלאָפען מיט'ן ברענטש 367. פאר די גאנצע 25 יאהר, וואס דער ברענטש עקזיסטירט האָט נאָך גאָלדינג קיינמאָל ניט פארפעהלט קיין איין זיצונג פון ברענטש 367. און ניט נאָר אויף די מיטגלידער זיצונגען, נאָר אויך אויף די עקזעקוטיוו זיצונגען פון ברענטש און אויף אלע קאָמיטע-זיצונגען פון ברענטש איז גאָלדינג טעטיג. ער איז געווען פון די גרינדער פון ברענטש און איז געבליבען עד היום טעטיג אין אלע ברענטש אונטערנעמונגען. אבער צי גאָלדינג איז טאַקע דער גאנצער ברענטש 367 איז נאָך א ספק. יעדענפאלס, עס איז א ביסעל איבערטריבען.

אין דער געשיכטע פון ברענטש 367 שפּילט אויך א גרויסע ראָלע סעם עלקין. ער איז אויך געווען פון די גרינדער פון ברענטש און האָט פאר 25 יאהר אנגעהאלטען דעם אמט פון טרעזשורער פון ברענטש 367. זעהר א טעטיגער מיטגליד איז אויך לאנדא, וואס איז אויך געווען זעהר אַקטיוו אין ברענטש און איז פון די גרינדער. עס זיינען נאָך דאָ פילע אנדערע אקטיווע מיטגלידער אין ברענטש 367. די אלע אקטיווע מיטגלידער זיינען אָבער מעהר ווילנער ווי אלגעמיינע ארבייטער רינג טוער. גאָלדינג איז אָבער געוואָרען א טוער אין דעם גאנצען אָרדען. ער האָט פארנומען וויכטיגע עמטער אין דער פארוואלטונג פון דעם גאנצען ארבייטער רינג.

מאקס גאָלדינג איז געווען פון די גרינדער פון דעם ברענטש 367. ברענטש 367 האָט אפשר אויך מיט-

גלידער פון אנדערע שטעט. אבער ער איז געבליבען אן אויסגעשפראכענער ווילנער פאראיין און פראגען פון ווילנע פארנעמען אין דעם ברענטש א וויכטיגען פלאץ. די גרינדונג פון אַט דעם ווילנער ברענטש איז פאָרגעקומען אונטער זאָנדערבאַרע אומשטענדען. די גרינדונג איז ענג פארבונדען מיט'ן נאָמען פון דעם ווילנער מאַקס גאָלדינג.

געבוירען געווארען איז גאָלדינג אין ווילנע אין יאהר 1888. ער איז געבוירען געווארען ביי דעם גרינעם בריק, ביי פרומע און גאָטספאָרכטיגע עלטערען. זיין אידישער נאָמען איז מאָטעל.

אין זיינע יונגע יאהרען האָט מאָטעל געלערענט אין ישיבות. ער האָט געלערענט אין וואלק, אין באלטערמאנץ. ער האָט אויך געלערנט אין קצב'ישע קלויז אין ווילנע. איך וויים ניט, ווי ווייט מאָטעל האָט זיך אנגעזאפט מיט'ן גייסט פון דער תורה, אָבער יונגערהייט האָט ער שוין אָנגעפאנגען צו קלעהרען וועגען א תכלית. ער איז אָנגעקומען ארבייטען אין דער באריהמטער דרוקעריי פון „האלמנה והאחים ראָם" אין ווילנע. מאָטעל איז געווארען א שריפטזעצער אין דער רוסישער אפטיילונג.

צו 15 יאהר איז שוין מאָטעל געווארען א טעטיגער מיטגליד אין קליינעם בונד פון ווילנע. ער איז אויך געווען א מיטגליד אין דעם פראָפעסיאָנעלען פאראיין פון שריפטזעצער. מאָטעל איז געווען איינער פון די, וועלכע האָבען אראנזשירט די באריהמטע גוליאנקע אין דעם באָטאַנישען גאָרטען אין ווילנע. די גוליאנקע איז געמאכט געווארען פון דעם פארוואלטער פון גאָרטען אום זיך צו ענטשולדיגען פאר ניט קיין שעהנע ווערטער געגען אידען. די גוליאנקע האָט אריינגעבראכט איבער צוויי טויזענד רובעל. די גאנצע געלד איז אוועק פאר'ן „בונד".

פון דער גוליאנקע האָט זיך דערוואוסט די פּאָליציי. די עלטערען האָבען זיך דערשראָקען ווען זיי האָבען זיך דערוואוסט אז מאָטעל איז א מחותן מיט דער גוליאנקע. מען האָט איהם גלייך משלח געווען קיין אמעריקע. אין יאָהר 1907 איז מאָטעל אָנגעקומען אין שיקאגאָ. פון מאָטעל איז ער געווארען מאקס.

פון שיקאגאָ איז שוין מאקס גאָלדינג אוועקגעפאָהרען אין הווערהיל, מאסאטשוזעטס. די משפחה האָט ניט געוואָלט אז מאקס זאָל בלייבען אן ארבייטער. זיי האָבען איהם געוואָלט מאכען פאר א ביזנעסמאן און מאקס האָט אָנגעפאנגען צו פּעדלען. ער האָט אָבער געפּעדעלט אָהן חשק. ער פלעגט זיצען מיט זיין קאָרב סחורה און קלעהרען, קלעהרען וועגען דעם ווי וואָרפט מען אוועק אָט די פרנסה. זיין קאָפּ איז ביי דער פּעדלעריי ניט געווען.

מאקס גאָלדינג איז געווארען טעטיג אין ארבייטער רינג איידער ער איז נאָך געווארען א מיטגליד. אין מאסאטשוזעטס סטייט זיינען אָנגעגאנגען סכסוכים צווישען די מיטגלידער פון „אינדעפּענדענט" און מיטגלידער פון ארבייטער רינג. גאָלדינג האָט זיך געשטעלט אויף דער זייט פון ארבייטער רינג. נאָך איידער ער איז געווארען א מיטגליד פון ארבייטער רינג איז ער שוין געווארען אן ארבייטער רינג פּאַטריאָט.

אין ניו יארק איז גאָלדינג געקומען אין יאהר 1908. ער איז אריינגעטראָטען אלס מיטגליד פון די ווילנער יאָנג מען. ער איז געווען א יונגער מאָן פון א יאהר 20 און איהם האָט געצויגען צו יונגוואַרג. ער האָט אָבער אויך געוואלט ווערען א מיטגליד פון ארבייטער רינג און האָט באשלאָסען צו גרינדען א ברענטש פון ארבייטער רינג פון ווילנער יונגע לייט. דאָ האָט ער זיך

אבער אנגעשטויסען אויף שוועריגקייטען.

ברענטשעס פון ווילנער לאנדסלייט זיינען שוין געווען אין ארבייטער רינג. דאָס זיינען געווען ברענטש 43 און ברענטש 28. די מיטגלידער פון ברענטש 43 איבערהויפּט זיינען געווען געגען דעם, וואס א נייער ברענטש פון ווילנער זאָל געגרינדעט ווערען. די עקזעקוטיווע האָט זיך ניט געאיילט צו געבען א נייעם טשאַרטער.

מאקס גאָלדינג און זיינע חברים האָבען אָנגעפאַנגען צו קלאַפּען אין אַלע טירען. מיט דער הילף פון ר. גינזבערג, א ווילנער, וואס איז אָבער דאמאלס געווען א מיטגליד פון ברענטש 2, איז געלונגען א טשאַרטער צו קריגען. מען האָט דעם ברענטש געשטעלט אונטער פּראָבע. די עקזעקוטיווע פון ארבייטער רינג האָט אָבער אויסגעפונען אז די ווילנער יונגע לייט זיינען א לעבעדיגער ברענטש. דער ברענטש איז געגרינדעט געוואָרען אין יאָהר 1909 און גלייך האָט דער ברענטש גענומען וואקסען. צוזאמען מיט'ן ברענטש האָט אויך גענומען וואקסען מאקס גאָלדינג.

מאקס גאָלדינג איז געוואָרען א טעטיגער מיטגליד אין דער פאַרוואַלטונג פון גאַנצען ארבייטער רינג. מאקס גאָלדינג איז אריין אין דער פאַרוואלטונג נאָך אלס גאַנץ יונגער מענש. ער איז געווען אין דער סאַניטאַריום קאָמיטע, נאָך ווען די סאַניטאַריום קאָמיטע איז ניט געווען קיין טייל פון דער עקזעקוטיווע. ער איז געווען טעטיג אויך אין פארשידענע אַנדערע קאָמיטעס.

אין די יאהרען 1916-1917, 1917-1918, 1918-1919 איז גאָלדינג געוואָרען א טשערמאַן פון א קאָמיטע, א טשערמאַן פון דער בענעפיט קאָמיטע אין ארבייטער רינג.

אין די יאהרען 1920-1921 איז גאָלדינג געוואָרען דער ווייס-טשערמאַן פון סעמעטערי דעפּארטמענט. אין יאהר 1922 איז ער געווען טרעזשורער פון אָט דעם דעפּארטמענט. אין יאהר 1923 איז ער אויך געווען א מיטגליד פון דעם דעפּארטמענט. צוויי יאהר, 1926 און 1927, איז גאָלדינג געווען דער טשערמאַן פון סעמעטערי דעפּארטמענט.

ווען גאָלדינג איז ניט געווען טעטיג אין סעמעטערי דעפּארטמענט איז ער געווען אין אלגעמיינע ארבייטער רינג קאָמיטעס. אין 1924 איז ער געווען אין סאַניטאַריום קאָמיטע, אין 1925 — אין דער אָפּיס קאָמיטע. אין 1927 ווידער א מיטגליד פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע. אין די יאהרען 1929 און 1930 האָט גאָלדינג דערגרייכט דעם וויכטיגען אַמט פון טשערמאַן פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע. אָט דעם אָרט פאַרנעמט ער איצט אויך פון דעם יאהר 1932 אָן. בלויז אין יאהר 1931 איז גאָלדינג געווען נאָר אן איינפאַכער מיטגליד פון דער סאַניטאַריום קאָמיטע.

ניט נאָר אין ארבייטער רינג איז גאָלדינג טעטיג. ער איז אויך פיל טעטיג אין די הילפס-אקציעס פאר ווילנע. אָט דער גאָלדינג איז א געבאָרענער „אימפּרעסאריאָ”, אן אונטערנעמער פון אונטערהאַלטונגען. אויף זיין ראָלע אין דער גוליאנקע אין באָטאַנישען גאָרטען איז שוין אָנגעוויזען געוואָרען. זיינע אונטערנעמונגען פאר ווילנער רעליף האָבען א שם.

מיט דער הילף פון יוסף רומשינסקי'ן און אב. קאַהאַן האָט גאָלדינג אראנזשירט פילע טעאַטער אונטערנעמונגען פאר ווילנער רעליף. די פאָרשטעלונגען פון „שולמית” מיט דער הילף פון מאַד. קאַליש, דער היפּאָדראָם קאָנצערט, בר כוכבא אין אידיש און פאָרשטעלונגען מיט'ן אַנטייל פון מאַלי פּיקאָן, האָבען אריינגעבראכט גאנץ היבשע סומען פאר'ן

ווילנער רעליף און מען האָט וועגען זיי פיל גערעדט.

אויך די ווילנער בעלער וואס זיינען אראנזשירט געווארען מיט דער הילף פון גאָלדינג האָבען א שם.

דער גאנצער ארבייטער רינג און ספּעציעל דער ברענטש 367 איז א טייל פון דער נשמה פון מאקס גאָלדינג.

## דוד גאָלדמאַן, בר. 367.

דוד גאָלדמאן איז געבאָרען געווארען סעפּטעמבער 24טען, 1881. ער



האָט זיך אַלס קינד געלערענט אין חדר און אין חאסקינ׳ס פאָלקס-שולע. ווען דער „קליינער בונד" האָט זיך פאָרמירט אין ווילנע האָט דוד זיך אנגעשלאָסען אָן דער אָרגאָניזאציע. אין אמעריקע איז ער געקומען צופאָהרען אין מאַי, 1906, און האָט זיך אָנגעהויבען לערנען אלס זעצער. אויסלערענענדיג זיך זעצעריי איז ער אין 1909 געווארען א מיטגליד פון לאָקאל 6 שריפטזעצער יוניאן און אין 1914 האָט ער זיך טראנספערירט אין אידישען לאָקאל 83 פון שריפטזעצער יוניאן.

אין לאָקאל 83 האָט ער פארנומען אייניגע מערמינען דעם אַמט פון קאָרעספּאָנדינג סעקרעטאר און איז אויך געווען מיטגליד פון דעם עקזעקוטיוו קאָמיטעט.

אין ארבייטער רינג איז ער געווארען א מיטגליד אין יאהר 1910 אין ווילנער ברענטש 367 ארבייטער רינג, וואו ער איז געווען אַקטיוו און האָט פארנומען וויכטיגע עמטער.

אין די יאהרען 1915, 1916 און 1917 איז ער געווען א מיטגליד פון סעמעטערי קאָנטראָל קאָמיטע פון ארבייטער רינג.

## רפאל גינזבערג, בר. 367.

אין ווילנער בונדישע קרייזען האָט מען זעהר גוט געקענט „רפאל׳קע דעם זנאקען מאַכער". רפאל׳קע איז דאָס דער באוואוסטער טוער פון ארבייטער רינג, רפאל גינזבערג.

רפאל גינזבערג איז געבוירען אין סווענציאן, ווילנער גובערניע, אין יאהר 1884, אין מאי. ער האָט דארטען געענדיגט אן עלעמענטארע שולע און אוועקגעפאָהרען אין ווילנע, וואו ער האָט זיך אויסגעלערענט א פאך צו פארבען. ער איז געווארען דאָס, וואס מען רופט דאָ אין אמעריקע א סאַין פּעינטער.

ווערענדיג אן ארבייטער איז גינזבערג געוואָרען טעטיג אין דער אידישער רעוואלוציאנערער באוועגונג. רפאל׳קע דער זנאקען מאכער איז געווארען א טעטיגער בונדיסט.

אין די רעוואלוציאנערע יאהרען פון „בונד" האָט רפאל׳קע זיך אונטערנומען זעהר געפעהרליכע מיסיעס.



ער פלעגט טראָגען די בונדיסטישע פּאָהן אויף ארבייטער דעמאָנסטראציעס. פאר עטליכע יאהר איז גינזבערג געווען א טעטיגער מיטגליד פון קאָמיטעט פון „בונד".

אין ווילנע האָט גינזבערג ארגאַניזירט די בעקער און איז אויך געווען טעטיג ביי די פּריקאזטשיקעס.

די לעהרער און וועגווייזער פון גינזבערג'ן זיינען געווען אַנאַ ראַזענטאל, אלטער עפשטיין און אייזיק דער שטעפער.

פאר זיין בונדיסטישע טעטיגקייט איז רפאל גינזבערג ארעסטירט געוואַרען. ער איז געזעסען אין טורמע צוזאמען מיט וולאַדעק'ן, דער איצטיגער מענעדזשער פון „פאָרווערטס".

אין יאהר 1906 איז רפאל געקומען אין אמעריקע. ער איז געווארען דאָ גלייך טעטיג אין דער ארבייטער באוועגונג.

ער איז געוואָרען טעטיג אין דער פּראָפעסיאָנעלער באוועגונג אין אמעריקע. ער איז אויך געווארען א טעטיגער מיטגליד פון ארבייטער רינג.

פאר א צייט לאנג איז רפאל גינזבערג געווען א מיטגליד פון ברענטש 2 ארבייטער רינג. ער איז דארטען געווארען זעהר אַקטיוו. זיין אקטיוויטעט האָט צוגעצויגען אויפמערקזאַמקייט און אין 1909 איז ער ערוועהלט געווארען אלס מיטגליד פון דער נאציאנאלער עקזעקוטיווע.

אין דער עקזעקוטיווע האָט זיך גינזבערג אויסגעצייכענט מיט זיינע פּראקטישע פארשלעגע און ענערגישען אויפטריט.

אין יאהר 1910 איז גינזבערג געוואָרען אַ מיטגליד פון דער עדיוקיישאָנעל קאָמיטע, וואו ער האָט פארגעזעצט זיין פּראקטישע טעטיגקייט פאר'ן ארבייטער רינג. ער איז אויך געווען אין יאהר 1911 א מיטגליד פון דער פּרעס קאָמיטע און מיט א יאהר שפּעטער, דער טשערמאן פון דער פּרעס קאָמיטע.

א באזונדערען ווערט האָט זיין טעטיגקייט פאַר דעם סאַניטאַריום. דער סאַניטאַריום האָט זיך גענייטיגט אין פּראקטישע טוער, וועלכע פארשטעהען גוט דעם געשעפטליכען זייט פון אַט דער ריזיגער אונטערנעמונג און גינזבערג איז געווען ספּעציעל צוגעפּאסט פאר דער ארבייט.

אין 1913 איז גינזבערג געווען דער וויים טשערמאן פון סאניטאריום קאָמיטע און אין 1914 דער טשערמאן פון סאַניטאריום. זעהר שווערע פּראָבלעמען האָט די סאַניטאַריום קאָמיטע געהאַט פאר זיך און צו די פּראָבלעמען איז גינזבערג צוגעגאנגען מיט טאַקט און ענערגיע.

פון דעם יאהר 1915 האָט זיך גינזבערג מעהר ניט געקענט אפּגעבען מיט דער פארוואלטונג פון ארבייטער רינג. זיינע פּערזענליכע געשעפטען האָבען פארשלונגען זיין גאנצע פרייע צייט. גינזבערג האָט זיך אָבער ניט אויפגעהערט צו אינטערעסירען מיט דעם ארבייטער רינג און איז געבליבען אן אקטיווער מיטגליד פון דעם אָרדען.

רפאל גינזבערג האָט פיל מיטגעהאָלפען אין דער גרינדונג פון ברענטש 367. טראָץ דעם, וואס ער איז געווען א מיטגליד פון ברענטש צוויי האָט ער זיך מיט'ן ברענטש פיל אינטערעסירט.

די מיטגלידער פון די פריהערדיגע ווילנער ברענטשעס האָבען ניט געוואלט ליידען וואס א נייער ווילנער ברענטש האָט געזאָלט געגרינדעט ווערען. אין דער עקזעקוטיווע פון ארבייטער רינג זיינען אויך געווען אזעלכע וואס זיינען געווען געגען א נייעם ברענטש פון ווילנער. גינזבערג, וועלכער איז דאמאלס געווען א מיטגליד פון דער עקזעקוטיווע האָט פיל מיטגעווירקט אז ברענטש 367 זאל געגרינדעט ווערען.

פאר די לעצטע יאהרען איז רפאל גינזבערג ארייגעטראטען אלס מיטגליד אין ברענטש 367. כאָטש א געבוירענער א סוויגציאנער, באטראכט זיך גינזבערג פאר אן אמת'ן ווילנער.

## דזשעני הורוויץ, בר. 43.
(שוינע-פייגע)

דזשעני הורוויץ, וועמעס מיידעלשער נאָמען איז געווען — שוי-



נע-פייגע קאַרפּיס, איז אַ מיטגליד פון ווילנער ברענטש 43 א. ר. און אויך איינע פון די אָנגעזעהענע טוערינס אין פרויען קלוב פון ווילנער בר. 43 ארבייטער רינג.

אין אמעריקע איז זי שוין ארום 27 יאָהר און באַלאַנגט אין ארבייטער רינג עטליכע און צוואנציג יאהר.

אין יאהר 1932-33 איז זי געווען א מיטגליד אין דעם ארבייטער רינג סאָשעל סוירוויס דעפּארטמענט.

## עממאַ הורוויץ, בר. 367.

עמאַ הורוויץ, מיטגלידערין פון ווילנער ברענטש 367 אַ. ר., איז געבאָרען אין ווילנע דעם 15טען פעברואַר 1885. זי האָט אין ווילנע באַלאַנגט צום „בונד" אין פאַרלויף פון 4 יאָהר צייט. אין 1906 האָט זי פארלאָזען ווילנע און איז אָנגעקומען אין אַמעריקא. זי האָט זיך אַקטיוו באַטייליגט אין דער גרינדונג פון דעם פרויען ברענטש 152 א. ר. אין עליזאַבעט, נ. דזש. אָנגעשלאָסען זיך אָן דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, וואו זי איז געווען זעהר טעטיג, און געהאָלפען בויען די סאָציאַליסטישע באַוועגונג. געווען פארבונדען מיט די אָרטיגע סאָציאַליסטישע זונטאָג-שולען און די ארבייטער רינג סטייט קאָמיטעטען. האָט געהאָלפען גרינדען אין ברוקלין דעם סאָציאַליסטישען ברענטש אין 14טען אַסעמבלי דיסטריקט, געהאָלפען אָנפיהרען די ברוקלינער א. ר. שולען, געווען אַקטיוו אין די רענט-סטרייקס. איז געווען פאַרזיצערין פון דער א. ר. פרויען קעמפּ-קאָמיטע און געווען מיטגלידערין פון אַרבייטער רינג סאָשעל סוירוויס דעפּאַרטמענט אין די יאָהרען 1932—1933.



עממאַ הורוויץ איז געשטאָרבען דעם 19טען מערץ, 1935.

## באָרים וואָלאָוויץ, בר. 43.

באָרים אָדער, ווי ער האָט געהייסען אין ווילנע, בעריל, איז גע-



בוירען געווירען אין ווילנע אין יאָהר 1878.

געבוירען געווארען איז בעריל ביי זעהר רייכע עלטערען, אָבער איז דאָך געווארען א בעל מלאכה. ער איז געווארען א בערשטער.

דער בערשטער פאראיין איז פון די ערשטע בונדיסטישע רעוואלו-ציאָנערע אָרגאַניזאציעס. וואלאוויץ איז געווען זעהר טעטיג אין „בונד" און אין בערשטער פאראיין.

נאָכדעם ווי באָריס וואָלאָוויץ איז אָנגעקומען קיין אמעריקע, איז ער אריין אין ווילנער רעוואלוציאָנערען פאַראיין, וואס האָט געהייסען פרי-הער „הירש לעקערט פאראיין", צום אָנדענקונג פון דעם ווילנער אידי-שען שוסטער, וועלכער האָט זיין יונגען לעבען מקריב געווען פאר'ן כבוד פון אידישע ארבייטער.

פון דעם ווילנער רעוואלוציאָנע-רען פאראיין איז ארויסגעוואקסען ברענטש 43 ארבייטער רינג וואס איז געווען א ברענטש פון ווילנער טעטיגע בונדיסטען.

וואָלאָוויץ איז געווען לאנגע יאה-רען טעטיג אין דער פארוואלטונג פון ארבייטער רינג. ער איז געווען אין פארשידענע קאָמיטעס.

אין יאהר 1909 איז וואלאוויץ געווארען א מיטגליד פון דער נאַ-ציאָנאלער עקזעקוטיווע, אויך אין יאהר 1910 איז ער געבליבען אלס עקזעקוטיוו מיטגליד.

אין 1911 איז וואלאוויץ געווען א מיטגליד פון דער נאציאנאלער באָארד אוו דירעקטאָרס. ער האָט פארטראטען ניו יארק סטייט.

אין 1914 איז ער געווארען א מיטגליד פון דער סעמעטערי עקזע-קוטיווע. אין 1916 איז ער ווידער געווארען א מיטגליד פון דער נא-ציאנאלער עקזעקוטיווע. צוויי יאהר אין דער אָרגאַניזאציאנס קאָמיטע, און איין יאהר אין דער גריוועגנס קאָמיטע.

וואלאוויץ האָט זיך פארביינקט נאָך דעם סעמעטערי דעפּארטמענט.

אין 1922 איז ער ווידער אריין אין סעמעטערי עקזעקוטיווע. ער האָט זיך דערדינט צו זיין וויים-טשערמאַן פון דער סעמעטערי עקזע-קוטיווע.

פאר צוויי יאהר, פון 1924 ביז 1926 האָט וואלאוויץ געדינט אין סעמעטערי קאָנטראָל. שוין א פּאָר יאהר אז וואלאוויץ איז פארשוואונ-דען געווארען פון די „ספערען" פון דער פארוואלטונג פון ארבייטער רינג.

## מאיר ג. וואָלפערט, בר. 96.

מאיר וואָלפערט איז דאס, וואס מען רופט א באַוועגונגס מענש. ער



איז טעטיג אין דעם ארבייטער רינג, אין דער טרייד יוניאן באוועגונג. ער איז אויך א מיטגליד פון „פאר-ווערטס אסאָסיאיישאָן.

געבוירען געווארען איז וואלפערט אין ווילנע אין יאהר 1874, גע-גאנגען אין חדר און צינץ נאָטשאַל-נאַיע אוטשילישטשע. ער איז גע-ווארען א קאמאשען שטעפער און געארבייט אין זונדעלעוויטשעס פאב-ריק. (זונדעלעוויטש איז דער פאָטער פון דעם רעוואָלוציאָנער זונדעלע-וויטש).

אין 1889 איז וואָלפערט אוועקגע-פאָהרען אין לאָנדאָן. ער האָט דאר-טען געארבייט אלס קאמאשען שטע-

פער און איז געווען טעטיג אויך אין דער טרייד יוניאָן באוועגונג.

אין אמעריקע איז וואלפערט אנ-געקומען אין יאהר 1903. ער איז אויך אין אמעריקע געבליבען ביי זיין פאך און איז אוועקגעפאָהרען נאָך בראָקטאָן, מאסאטשוזעטס, אַ שטעטעל אין וועלכער מען פאברי-צירט שיך.

אין מאסאטשוזעטס איז וואָלפערט געווארען זעהר טעטיג אין ארביי-טער רינג. ער האָט געגרינדעט די ברענטשעס 58, 171 און 189.

אין גיכען איז אויסגעקומען וואָלפערט'ן צו שפּילען א ראלע אין דער פארפלאָנטערטער סיטואציע, וואס איז באוואוסט אין ארבייטער רינג קרייזען אלס די „מאַסאַטשוזעטס אַפעיר", א קאָמיטעט איז געגרינ-דעט געווארען צו שליכטען די פרא-גע און וואָלפערט איז געווארען א מיטגליד פון דעם קאָמיטעט. אָנ-צוהאלטען דעם פּרעסטיזש פון אר-בייטער רינג האָט וואלפערט אוועק-געגעבען פיל כוחות און ענערגיע. אין יאהר 1910 איז וואלפערט ארו-בער אין ניו יארק, וואו ער איז געווארען טעטיג אין אלע צווייגען פון דער באוועגונג.

פון דעם יאהר 1922 ביז 1926 איז וואלפערט געווען א מיטגליד פון דער ארבייטער רינג פארוואל-טונג. ער איז געווען אין דער בע-נעפיט קאָמיטע. אויך אין יאהר 1928-29 איז ער געווען א מיטגליד פון דערזועלבער קאָמיטע.

איין יאהר, 1930-31, איז וואל-פערט געווען א מיטגליד פון דעם מעדיקעל דעפּארטמענט. ער איז אָבער מייסטענס טעטיג אין די גע-ווערקשאפטען און אין דער אלגע-מיינער טרייד יוניאן באוועגונג.

וואלפערט איז א יאַט פון די יא-טען, אַן אמת'ער ווילנער יאַט.

## מרס. בעקי ווינער, בר. 573.

דער מיידעלשער נאָמען פון בעקי ווינער איז באָיארסקי. אין ווילנע אלס מיידעל, איז פריילין באָיארסקי געווען א פייערדיגע בונדיסטין. זי איז געווען א מיטגליד פון דעם פאראיין פון פריקאזטשיקעס און האָט דורכגעמאכט עטליכע סטרייקס.

געקומען איז מרס. ווינער אין אמעריקע אין יאהר 1909. זי איז געווען און איז טעטיג אין ווילנער פרויען רעליף. געווען א מיטגליד פון בר. 367, איצט — פון ברענטש 573. אויסער אין ארבייטער רינג



איז מרס. ווינער טעטיג אין אנדערע געזעלשאפטליכע אָרגאַניזאציעס.

אין יאהר 1932 איז מרס. ווינער געווען א מיטגליד פון סאָשעל סוור-וויס דעפּארטמענט.

## מאיר וויינשטיין, בר. 43.

מאיר וויינשטיין איז געווען פון די אקטיווע בונדיסטען אין ווילנע. ער איז געווען א מיטגליד פון דעם פאַראיין פון די פריקאַזטשיקעס.

אין אמעריקע איז וויינשטיין אק-טיוו אין אלע צווייגען פון דער ארבייטער באוועגונג. ער איז גע-ווען מענעדזשער פון סעינט לואיס אָפיס פון "פאָרווערטס" און שפּע-טער פון דעם קליוולענדער אָפיס — אין די יאהרען 1921 ביז 1930.

וויינשטיין איז אויך טעטיג אין דער סאָציאליסטישער פּארטיי און

אין דער טרייד יוניאן באוועגונג, אין וועלכער ער האָט פארנומען וויכ-



טיגע עמטער.

אויך אין ארבייטער רינג איז וויינשטיין געווען טעטיג, סיי ביי זיך אין ברענטש און סיי אין דער אלגעמיינער פארוואלטונג. ער איז געווען א מיטגליד פון דער קאָנ-טראָל קאָמיטע אין די יאהרען 1905-1906.

## אברהם טעפער, בר. 3.

א. טעפער איז געבוירען געווא-רען דעם 18טען מאי, 1882. ער האָט געענדיגט די ווילנער רעמעס-לענאַיע אוטשילישטשע און האָט אויסגעהאלטען אן עקזאמען פאר 6 קלאסען רעאל שולע אין אָריאָל. נאָכדעם האָט ער געדינט אלס „וואָל-נאָ - אָפּרעדיעליאַיושטשיסיאַ" אין ווילנער אופימער פּאָלק.

ער איז געווען טעטיג אין „בונד"



און האָט ביי זיך געהאלטען אום-לעגאלע ליטעראטור.

אין אמעריקע איז ער אָנגעקומען אין 1906. געארבייט אלס א מע-כאַניק, געווען א געשעפטסמאַן און פאר די לעצטע 6 יאהר אן אינ-שורענס אגענט. אין ארבייטער רינג ברענטש 3 איז ער געווארען א מיט-גליד אין 1908.

אין די יאהרען 1933-1928 איז ער געווען א מיטגליד פון דער אר-בייטער רינג קעמפּ קאָמיטע און איז אויך געווען סעקרעטאר פון דעם קאָמיטעט.

## יעפים ישורין, בר. 367.

אין די יאהרען 1915-1912 האָט דער ארבייטער רינג דורכגעלעבט שטורמישע צייטען. עס איז פאר-



געקומען א קאמף צווישען די אזוי גערופענע „יונגע" און די אזוי גע-רופענע „אלטע". דער קאמף איז געווען אן עקשנות'דיגער און א בי-טערער. אין צענטער פון קאמף איז געשטאַנען יעפים ישורין, איינער פון די אקטיווסטע טוער פון אר-בייטער רינג.

אין די ארבייטער רינג קרייזען האָט מען אָנגעפאנגען צו הערען דעם נאָמען ישורין אין די יאהרען 1912 און 1913. דער נאָמען איז געווען ביי אַלעמען אויף די ליפּען. וועגען ישורינ'ען האָט מען גערעדט אויף קאָנפערענצען פון ארבייטער רינג. מען האָט ישורינ'ען קריטיקירט. מען

חאָט ישורינ׳ען געלויבט. אין אַלע באַריכטען האָט פיגורירט ישורין.

עס זיינען געווען אומרוהיגע צייטען אין ארבייטער רינג נאָך אין די יאהרען 1913-1912, איידער דער קאמף צווישען יונגע און אלטע האָט זיך צופלאקערט. עס זיינען געווען רייבונגען און סכסוכים צווישען פאַרשידענע פאַרוואַלטענדע קאָמיטעס פון ארבייטער רינג. עס זיינען פארגעקומען רייבונגען צווישען דער סאַניטאַריום קאָמיטע און דער עקזעקוטיוו קאָמיטע. עס זיינען געווען גרויסע סכסוכים צווישען דער עקזעקוטיוו קאָמיטע און קאָנטראָל קאָמיטע. עס האָט זיך געהאנדעלט וועגען דזשורידיקשאָן פראגען, וועגען „וועטאָ" רעכט. ניט בשלום איז געווען די פרעס קאָמיטע מיט די פאַרוואַלטענדע קאָמיטעס. די סכסוכים האָבען ארויסגערופען היים בלוט. אין די סכסוכים גופא און אין „שליכטען" פון אָט די סכסוכים האָט ישורין געשפּילט א געוואלדיגע ראָלע.

גאָר א וויכטיגע ראָלע האָט ישורין געשפּילט אויף דער 13טען קאָנווענשאָן פון ארבייטער רינג, וואס איז אפּגעהאלטען געווארען אין יאהר 1913, פון דעם 7טען ביז דעם 11טען מאַי, אין פילאדעלפיע אין לייבאָר לייסעאום.

די קאָנווענשאָן איז געווען א גרויסע. יעדער ברענטש האָט דירעקט געשיקט דעלעגאטען. עס זיינען געווען 569 דעלעגאטען פון די ברענטשעס.

אויף דער קאָנווענשאָן זיינען געווען פארטראָטען מענשען פון דער סאָמע סמעטענע פון דער אידישער אינטעליגענץ, ווי דאָקטאָר זשיטלאָווסקי און אנדערע. א גרויסען רושם האָט אָבער דאמאלס געמאכט מיט זיין ארויסטריט יעפים ישורין.

ישורין איז ארויסגעטראָטען געגען דער עקזעקוטיוו קאָמיטע. דער „ליעטאָפּיסעץ", דער געשיכטס-שרייבער פון ארבייטער רינג חאָט מסתמא דורך א פארזעהן פארגעסען צו דערמאָנען זיין נאָמען. ער האָט זיך באנוגענט בלויז מיט די ווערטער: „די קאָנטראָל קאָמיטע און די סטענדינג קאָמיטעס האָבען געזיגט איבער דער עקזעקוטיווע אויף אלע ליניעס". דער פארשטעהער פון דער קאָנטראָל קאָמיטע איז אָבער געווען ישורין.

אין די באריכטען פון די דעלעגאטען צו זייערע ברענטשעס וועגען די רעזולטאַטען פון דער קאָנווענשאָן, האָבען זיי זיך פיל אפּגעשטעלט אויף דער ראָלע, וואס ישורין האָט אויף דער קאָנווענשאָן געשפּילט. פון דער פילאדעלפיער קאָנווענשאָן אָן איז ישורין געווארען זעהר פּאָפּולער צווישען די מיטגלידער פון ארבייטער רינג.

געהערט וועגען ישורינ׳ען האָב איך גראד זעהר פיל. עס איז מיר אָבער פאר א לאנגער צייט ניט אויסגעקומען איהם פערזענליך צו קענען. איך וויל מודה זיין אז דער ערשטער איינדרוק, וואס ער האָט אויף מיר געמאכט איז ניט געווען קיין געוואלדיגער. צי דאָס איז געווען צוליב דעם, וואס ישורין טראָגט דעם סימבאָלישען נאָמען פון גאַנצען אידישען פאָלק, צי צוליב די באריכטען וואס איך האָב געהערט וועגען דער אקטיווער ראָלע, וואָס ער שפּילט, — איך האָב זיך איהם אבער פאָרגעשטעלט אין מיין פאַנטאַזיע אלס אַ באַיאָהרענטען מענשען, אויב ניט מיט אַ לאַנגער באָרד, אבער דאָך מיט א געדיכטער פראנצויזישער בערדעל. יעדענפאלס אלס א אידען מיט אן הדרת פנים.

ווי גרוים איז אָבער געווען מיין איבעראשונג, אויב ניט מיין ערשטוינונג, ווען איך האָב פאר זיך דערזעהן א יונגען בחור׳ל, נאָך כמעט א אינגעל, און אָט דער אקטיווער טוער פון א אידישען ארבייטער אָרדען, מיט דעם סימבאָלישען אידישען

נאָמען, איז גאָר געווען א יונגער
בחור׳ל.

יעפים ישורין איז ערצויגען גע-
ווארען אויף רוסיש, אין רוסישער
ליטעראַטור, אָבער ער קען גאַנץ גוט
אידיש. אידיש האָט ער זיך אויס-
געלערנט אין אמעריקע און מיט
לשון קודש איז ער נאָך עד היום
ניט שוה בשוה. אלס ווילנער וועט
ער זיך אָבער סוף כל סוף אויסלער-
נען אויך העברעאיש. גרויסע פאר-
שריטע אין לשון קודש האָט ער שוין
געמאכט.

ישורין זעהט איבערהויפּט אויס
אינגער ווי זיינע יאהרען. ער זעהט
איצט אויס ניט עלטער ווי 30 יאהר.
עס איז אפשר ניט אנשטענדיג פון
מיר אויסצוזאָגען סודות, נאָר מיין
פליכט צווינגט מיך אויסצוזאגען דעם
סוד. אין עטליכע מאָנאַטען
אַרום, דעם 9-טען יולי, 1935, וועט
ישורין ווערען א „בן-חמישים״.
אויב עס איז ניטאָ נאָך ביז איצט
אזא קאָמיטעט, מוז אזא קאָמיטעט
געשאפען ווערען צו פייערען זיין
50 יעהריגען יובילעאום. ישורין איז
געבאָרען געווארען דעם 9טען יולי,
1885, אין ווילנע. וואו אנדערש
האָט אזא ווילנער שבווילנער גע-
קענט געבאָרען ווערען?

דער ערשטער אונגינסטיגער איינ-
דרוק איז באלד פארשוואונדען, ווען
איך האָב מיט ישורינ׳ען זיך באקענט
נעהענטער און מיט איהם צוזאמען
אָנגעפאנגען צו ארבייטען.

ערשטענס האָב איך זיך איבער-
צייגט אז ישורין איז א איד און
נאָך וואס פאר א איד! איך האָב
געלערענט צו באוואונדערען זיין
ברויזענדע ענערגיע און דער עיקר
זיין סיסטעמאַטישקייט. אלץ וואס
ער טוט, טוט ער מיט א סיסטעם,
מיט אן אָרדנונג.

איך האָב אויך נעהענטער דער-
קענט זיין כאַראַקטער. ער איז א
ביטערער איד צו זיינע געגנער, אבער
זעהר א גוטער, איבערגעבענער פריינד
צו די וואס פארדינען זיין פריינד-
שאַפט. ישורין האָט אין זיך גוטע
אידישע שטריכען.

מיט זיינע אידישע שטריכען,
מיט זיינע עכט אידישע שטריכען
פארדינט ישורין טאקע דעם סימ-
באָלישען אידישען נאָמען. אָלס
פאָלק צייכענען זיך אידען אויס מיט
זייער „האַרטנעקיגקייט״. דאס פאָלק
„ישורין״ איז אן „עם קשה עורף״,
אַן עקשנות׳דיג פאָלק, און דער מענש
ישורין איז א טרייער זוהן פון זיין
פאָלק. ער האָט א גרויסע מאָס פון
אָט דער אידישער מידה. נעמט זיך
ישורין פאר עפּעס, וועט ער זעהר
האַרטנעקיג ארבייטען ביז ער וועט
עס ערגרייכען.

טראָץ דעם, וואס ישורין האָט זיך
אויפגעהאָדעוועט אין א האלב אסי-
מילאַטאָרישער סביבה, ווייט פון אי-
דישקייט, איז אָבער זיין פאמיליע
אויסגעבונדען און אויסגעקנאָטען
מיט אידישען יחוס. רופען רופט
מען איהם גאָר יעפים, אָבער זיין
אמת׳ער נאָמען איז חיים, און —
שטעלט זיך פאָר, אָט דער יעפים-
חיים איז א נאָמען נאָכ׳ן גאון רבי
חיים קארעליצער. אין דער עכט
אידישער פאמיליע ישורין זיינען דאָ
גאונים, רבנים און נכבדים. א גרוי-
סע ראָלע אין מינסק האָט געשפּילט
ר׳ ישראל מיכל ישורין א איד
א גאון. אָט דער רבי ישראל מיכל
ישורין איז געווען יעפים׳ס אן על-
טער זיידע, זיין פאָטער׳ס זיידע.

אין א פּריוואטען בריף, שרייבט
חייקעל לונסקי, דער ביבליאָטעקער
פון שטראשון׳ס ביבליאָטעק, וועלכער
האָט זיך געמאכט א נאָמען מיט זיין
שילדערונג פון דער ווילנער געטאָ,
פאָלגענדע ווערטער (דער בריף איז
אדרעסירט צום רעדאקטאָר, יעפים
ישורין נ״י): „עס פרעהט מיך אויך
זעהר, וואס איך האָב דעם כבוד צו
שטעהן מיט איך, דער אייניקעל פון
דעם אמאָליגען ווילנער גרויסען

נכבד ר' יעקב בארעל". דער „אַסימילאַטאָר" יעפים האָט גראַד גרויס הנאה ווען עס קומט צו ריידען וועגען יחוס פון זיין אידישער פאַמיליע...

מיט זיין גאַנצען וועזען איז ישורין א ריכטיגער איד. ער האָט אויך גענוג געוואנדערט, ווי א איד. איידער ער איז געקומען קיין אמעריקע איז ער געווען אין ווארשע, אין קאָסטיוקאָוויטשי (קלימאָוויטשער אויעזד, מאָהליווער גובערניע). ער האָט געארבייט אין ריגע אלס פאַרמאַצעפט, דערנאָך ווידער אין ווילנע. אין יאהר 1906 האָט ער פאַרלאָזען ווילנע און געפאהרען נאָך פאַריז. אין די פאראייניגטע שטאַטען איז ער אנגעקומען דעם 13-טען יאנואר, 1907.

אויך אין אמעריקע האָט ער פאַר א לאנגער צייט געארבייט אלס פאַרמאַצעפט.

אין אַמעריקע איז ישורין געווארען טעטיג אין ארבייטער רינג. ער איז פריהער געווען א מיטגליד פון ברענטש 200, אבער איהם האָט געצויגען צו לאנדסלייט, צו ווילנע, די געבורטס שטאָט, וואָס איז איהם אזוי איינגעבאקען אין הארצען. ער איז געווארען א מיטגליד אין בר. 367, וואו ער איז געווארען זעהר טעטיג.

די טעטיגקייט פון ישורין איבערשטייגט אבער די גרעניצען פון זיין ברענטש, וואָס איז אגב, דער גרעסטער ברענטש פון ארבייטער רינג. ישורין האָט געשפּילט און שפּילט נאָך איצט אויך א גרויסע ראָלע אין דעם גאנצען ארבייטער רינג. אין דעם קאַמף פון יונגע און אלטע, אין דער ווינטערדיב אפערע, אין דער 15-נער קאָמיטע, אין דעם פראטווירנאַל נעל רעיטס קאמף, אין דעם קאמף פון לינקע און רעכטע, און אַלע אנדערע וויכטיגע פראגען פון ארבייטער רינג האָט ער געשפּילט גאָר א וויכטיגע ראָלע.

פאַר 3 יאהר צייט, פון יאהר 1912 ביז דעם יאהר 1915, איז ישורין געווען א מיטגליד פון דער קאָנטראָל קאָמיטע. ער האָט באַקליידט דעם אמט פון סעקרעטאר פון דער קאָנטראָל קאָמיטע. בלויז דורך זיין אקטיוויטעט האָט די קאָנטראָל קאָמיטע געקראָגען מאכט און איינפלוס. זייערע אַלע קאַנאָנען האָבען די יונגע געצילעוועט געגען די קאָנטראָל קאָמיטע, די פעסטונג פון יעפים ישורין.

אויף דער שיקאגאָר קאָנווענשאָן אין יאהר 1915, איז ישורין ערוועהלט געווארען אלס מיטגליד פון דער „קאָנסטיטושאָן רעוויזיאָנס קאָמיטע". אָט די קאָמיטע וואָס דארף פון צייט צו צייט רעווידירען די קאָנסטיטוציע פון ארבייטער רינג און צופּאסען איהר צו די באַדערפענישען פון דער צייט.

ישורין צייגט זיך אָם שטאַרקסטען ארויס ניט אזוי אין אַקאַדעמישע פראגען, נאָר אין שארפע, פּראקטישע פראגען פון טאָג. ער לעבט אויף אין קאַמף, און א שווערען קאַמף איז איהם אויסגעקומען צו פיהרען אין די יאהרען 1915-1916 און 1916-1917. ער האָט דאמאלס פארטראַטען דעם סטייט ניו יארק אין דער „נאַציאָנאלער באָארד אוו דירעקטאָרס". ער איז געווען דער סעקרעטאר פון אָט דער קערפּערשאפט אין יענע יאָהרען.

אויף דער 16טען קאָנווענשאָן וואָס איז אפּגעהאלטען געווארען אין בראָנזוויללער לייבאָר לייסעאום אין יאהר 1916, פון 2טען ביז דעם 8טען מאי, איז ער געווען פון די הויפּט-פיגורען, וועלכע האָבען ליקווידירט דעם פארצויגענעם קאַמף צווישען יונגע און אלטע.

אין דעם יאהר 1919 איז ישורין געווען דער פּאָרזיצער פון דער אָפּיס

קאָמיטע. אין יאחר 1920 האָט ער דערגרייכט דעם העכסטען שטאפעל אויף דעם לייטער פון ארבייטער רינג טעטיגקייט. ער איז געווארען דער פרעזידענט פון ארבייטער רינג. ער האָט פארנומען דעם אמט פון פרעזידענט אין א היסטאָרישען יאהר פאר'ן ארבייטער רינג.

אין דער היסטאָריע פון ארבייטער רינג איז פאר פילע יאהרען געשטאַנען אויפ'ן טאגעסאָרדנונג די „מאַסאַטשוזעטס אפערע", אָט די אפערע האָט צו פארצייכענען הייסע קאמפען און פיל ביטערע בלוט. צוליב דער „מאַסאַטשוזעטס אפערע" זיינען אפילו איבערגעבענע מיטגלידער געזעסען אין פריזאן. עס האָט זיך געהאנדעלט וועגען דעם, וואַס לויט דער סיסטעם פון צאָהלונגען האָט דער ארבייטער רינג ניט געקענט ווערען לעגאַל אין מאסאטשוזעטס. עס זיינען געגרינדעט געווארען אנדערע ארבייטער ארדענס, ווי דער „אינדעפענדענט ארבייטער רינג" און די „לייבאָר ליג". די איבערגעגעבענע מיטגלידער פון ארבייטער רינג האָבען אבער געשטרעבט צו איין ארבייטער רינג אין אמעריקע.

אין יאהר 1920, נאָכדעם ווי דער ארבייטער רינג האָט אנגענומען די סיסטעם פון „פראטוירנאל רעיטס" איז דער ארבייטער רינג געווארען לעגאל אויך אין מאסאטשוזעטס און עס איז שוין ניט געוועז קיין אורזאכע אַז עטליכע ארבייטער רינגס זאָלען עקזיסטירען.

דער ארבייטער רינג איז געוואָרען לעגאל אין מאסאטשוזעטס אין דער צייט, וואס ישורין איז געוועז פרעזידענט פון ארבייטער רינג. עס האָט געזאָלט זיין אן ארבייטער רינג קאָנווענשאָן אין טאָראָנטאָ, קאנאדע, אין יאחר 1921, נאָר מען האָט פאררופען אָט די קאָנווענשאָן אין באסטאָן. אויף דער באָסטאָנער קאנווענשאָן האָט זיך דער ארבייטער רינג פאראייניגט מיט דער לייבאָר ליג. אויף יענער קאָנווענשאָן איז אויך אויסגעשטרעקט געווארען א האנד צו דעם אינדעפענדענט ארבייטער רינג. מיט'ן „אינדעפענדענט" איז די פאראייניגונג דורכגעפיהרט געווארען ערשט אין יאהר 1932. דער פונדאמענט פאר דער פאראייניגונג איז אָבער געלייגט געווארען אין יאהר 1921, ווען ישורין איז געווען פרעזידענט פון ארבייטער רינג.

ישורין איז טעטיג אין ארבייטער רינג, אפילו ווען ער פארנעמט ניט קיין אָפיציעלען אמט. מייסטענס האָט ער אָבער פארנומען הויכע עמטער אין ארבייטער רינג. אין די יאהרען 1927, 1928 און 1929 איז ער געווען וויים-פרעזידענט פון פיונעראל קאָנטראל קאָמיטע, א מיטגליד פון אָט דער קאָמיטע איז ער געווען אויך אין יאהר 1930. אין די יאהרען 1931-1932 איז ער געווען ווידער טשערמאן פון דער קאָנסטיטושאָן רעוויזיאָנס קאָמיטע. איצט דארף קומען די 35טע יובילעאום קאָנווענשאָן פון ארבייטער רינג אין ניו יארק. עס איז אויסגעקליבען געווארען א קאָמיטעט פון 35 מיטגלידער די קאָנווענשאַן צו ארראנזשירען. דער טשערמאן פון אָט דעם קאָמיטעט איז ישורין.

אויסער זיין טעטיגקייט אין ארבייטער רינג איז ער אויך טעטיג אין פארשידענע צווייגען פון דער סאָציאליסטישער און ארבייטער באַוועגונג.

ישורין איז א טעטיגער סאָציאליסט. ער איז געווען טעטיג אין אלע צווייגען פון דער ארבייטער באוועגונג.

ישורין איז געווען דער סעקרעטאר פון דער „צוקונפט פרעס פעדערוישאָן", אוידער די „צוקונפט" איז אריבער צום „פאָרווערטס". ער איז געווען טעטיג אין דער גרויסער ארבייטער הילפס אקציע אין פיפעל'ס

רעליף. ער איז געווען דער אָרגאַנ־זשירער פון א סאָציאַליסטישען טור נאָך אייראָפּא און איז אויסגעקליבען געוואָרען צו זיין א דעלעגאַט צום אינטערנאַציאָנאַלען סאָציאַליסטישען קאָנגרעס אין ווין, אין 1931.

פון דעם יאָהר 1918 ביז 1922 איז ישורין געווען דער פארוואַלטער פון „באַטוראַליזיישאָן עיד ליג" אָט די ליג, וואס העלפט מאַכען ארבייטער פאר אמעריקאַנער בירגער. פון דעם ערשטען יולי, 1922, איז ער פאַר־בונדען מיט דעם אָפיס פון דער גרעסטער אידישער צייטונג פון דער וועלט, פון „פאָרווערטס". ער פאַר־נעמט דעם וויכטיגען אַמט פון קאַסיר.

פיל ענערגיע און ארבייט האָט ישורין אויך אוועקגעגעבען פאר זיין געבורטס-שטאָט ווילנע. ער איז טע־טיג אין אלע הילפס-אַקציעס פון ווילנע. זיין טעטיגקייט פאר ווילנע איז אבער א באַזונדער קאַפּיטעל פאר זיך.

## משה לעווענסאָן, בר. 283.

אין יאהר 1902, פרייטאג אוונט, די ערשטע נאכט פון ראש השנה, האָט די שיף, וואס האָט געפיהרט משה לעווענסאָן געלאנדעט אין עליס



איילאנד. משה איז אנגעקומען קיין אמעריקע.

משה איז א זוהן פון זעהר א פרומען און א גאָטספאָרכטיגען אי־דען. זיין טאַטע איז געווען דער שוחט פון שטאָט ווילנע. פאר זיין פּראַקטישקייט האָט מען איהם גע־רופען לייבע חכם. משה געהט אָבער ניט אין די וועגען פון זיין טאַ־טען. אויף מאָרגען נאָך זיין אָנ־קומען אין אמעריקע, איז ער ניט אוועק דאַווענען און אויסווייזען זיך ביי „ונתנה תוקף", נאָר ער איז אַוועק אויף א סכאָדקע פון וויל־נער לאַנדסלייט, בונדיסטען.

אויף דער סכאָדקע איז משה גע־ווען אַן אנגעזעהענער גאַסט. זיינע חברים בונדיסטען האָבען גלייך אויס־געפונען אז משה איז דאָ און מען האָט איהם געבראַכט אויף דער סכאָד־קע. דאָרטען האָט מען ארומגע־רעדט, ווי צו גרינדען א ווילנער בונדיסטישען לאַנדסלייט פאראיין. משה איז געווען פון די הויפּט־רעדנער און גערעדט האָט ער אין אידיש, ניט אין ענגליש, אום אלע זאָלען פארשטעהן וואס ער זאגט, ווי משה אַליין האָט ערקלעהרט.

משה לעווענסאָן איז געקומען אין אמעריקע אלס באוואוסטער ווילנער בונדיסט. ער איז געבוירען געווא־רען אין יאהר 1880 דעם 15טען מאי אין די טעג פון ספירה און דעריבער קען ער עד היום גוט צעה־לען. געהאָדעוועט האָט ער זיך אין א פרומער הויז. אבער צו 17 יאהר איז ער אריינגעטראָטען אין „בונד".

צוויי יאהר נאָכדעם, ווי ער איז געוואָרען א בונדיסט, האָט מען משה'ן אריינגעצויגען אין א וויכ־טיגער קאָנספּיראַטיווער ארבייט. ער איז געוואָרען דער פארשטעהער פון פּריקאַזטשיקעס צום „בונד". דער פארבאַנד פון פּריקאַזשטיקעס האָט געשפּילט א וויכטיגע ראָלע אין „בונד". פּריקאַזטשיקעס, וואָס זיי־נען באשטאַנען פון באַלעבאַטישע יונגע לייט, זיינען געוואָרען הייסע רעוואָלוציאָנערען. צווישען די פּרי־קאַזטשיקעס זיינען געווען אונזערע

באקאנטע איזידאָר קאָהען, מאיר וויינשטיין. לעווענסאָן איז געווען דער פאַרמיטלער צווישען דעם פאַר-באנד און דעם צענטראַלען קאָמיטעט פון בונד.

פאַר זיין בונדיסטישער טעטיגקייט האָט משה פיל געליטען. ניט נאָר האָט ער געהאַט צרות פון זיין פרו-מער משפחה, נאָר אויך די רוסישע פּאָליציי האָט דאָס שטארק ניט גע-וואָלט ליידען. ער איז איינציגע מאָל געווען אַרעסטירט. ער איז געזע-סען אין אנטאָקאָליער טורמע. ער איז אויך געזעסען אין דעם באַ-וואוסטען 14טען נומער, פון דאר-טען האָט מען איהם אוועקגעשיקט נאָך מאָסקווע. אין מאָסקווע איז ער געווען פארשפּארט אויף 18 מאָנאַטען און זעקס טעג אין אן איינצעל-קאַ-מער, צו וועמען מ'האָט קיינעם ניט צוגעלאָזען. דאָס וואָס מען רופט אין רוסיש „אדינאטשנאיע זאקליו-טשעניע".

פון טורמע איז משה לעווענ-סאָן געקומען צוריק אין ווילנע. ער האָט פיל געליטען, אָבער זיין גייסט איז ניט געווען צובראָכען. אין וויל-נע איז ער געווען „פּאַד נאדזאָ-ראָם". ער איז אויך פאראורטיילט געווארען אויף פינף יאָהר סיביר. דעם אקטיווען משה'ן האָט אָבער ניט געשמעקט צו זיין אָהן טעטיגקייט גאַנצע פינף יאָהר און ער איז דע-ריבער אנטלאָפען פון „פּאַד נאַדזאָר" אין אמעריקע.

קומענדיג מיט אזא גלענצענדען רעוואלוציאָנערען רעקאָרד, איז קיין חידוש ניט, וואס משה'ס לאנדסלייט האָבען זיך מיט איהם אזוי דער-פרעהט. ער איז געווארען פון די פיהרער פון ווילנער בונדיסטען. דער ארבייטער רינג, אין וועלכען פילע בונדיסטען זיינען אריין, האָט איהם אויך צוגעצויגען און משה לעווענ-סאָן איז געווארען אקטיוו אין אר-בייטער רינג.

אין די יאהרען 1905-7 איז משה לעווענסאָן געווען א מיטגליד פון דער נאַציאָנאלער עקזעקוטיווו פון אר-בייטער רינג. ער איז דאָרטען געווען אן אָנגעזעהענער מיטגליד.

אין אמעריקע איז משה לעווענ-סאָן געבליבען א טעטיגער סאציאַ-ליסט אין אלע צווייגען פון דער באוועגונג. משה לעווענסאָן איז גע-וואָרען דאָ פריהער אן ארבייטער, א טויסטער מאַכער (פּאקעטבוק-מעי-קער), דערנאָך האָט ער געארבייט אין אָפיס פון „פאָרווערטס".

לעווענסאָן האָט געוואוינט אין פילע שטעדט אין אמעריקע. איצט וואוינט ער אין פילאדעלפיע, וואו ער באַשעפטיגט זיך מיט טהעע ביז-נעס.

אין יאהר 1934 איז משה לעווענ-סאָן אויסגעקליבען געווארען אלס מיטגליד פון דער נאַציאנאלער באָארד און דירעקטאָרען פון ארבייטער רינג. ער פארטרעט דעם שטאַט פּענסיל-ווייניע.

## מאַרטא מאַגון, בר. 189.

מיידעלשער נאָמען באָשע ברוד-נער.

דריי יאָהר האָט מרס. מאַגון גע-לעבט אין לייפּציג, דייטשלאנד. זי האָט זיך אויסגעלערענט דייטשע פּינקטליכקייט און דייטשע מאַניע-



רען. עד היום וואָרפט זי אריין אין מאַמע לשון א פּאָר דייטשע ווערטער.

אין אמעריקע איז מרס. מאַגון

געקומען אין יאהר 1914. זי איז געוואָרען זעהר טעטיג אין ווילנער פריזען רעליף.

מרס. מאגון איז אויך א מיטגליד פון ברענטש 189 ארב. רינג און איז געווען אין סאָשעל סוירוויס דעפּארטמענט פון ארבייטער רינג.

## מאָריס מיכטאם, בר. 3.

מאָריס מיכטאם איז פון די עלטערע גענאָסען. פאר פילע יאהרען



איז פריינד מיכטאם טעטיג אין דער סאָציאליסטישער באוועגונג און אין ארבייטער רינג.

געבוירען געוואָרען איז מיכטאָם אין יאהר 1869 אין געדרעוויטש, א קליין שטעטעל לעבען ווילנע. ער האָט געלערענט אין ווילנער ישיבות ביז דעם יאהר 1885. אין 1886 איז ער אַנגעקומען אין רעמעסלענע אוטשילישטשע אין מינסק. אין מינסק איז מיכטאם געווארען א סאָציאליסט. מען האָט ביי איהם אין יאהר 1888 געפונען אומלעגאלע ליטעראטור. ער האָט געמוזט אנטלויפען אין אמעריקע.

אין אמעריקע איז מיכטאם אנגעקומען אין יאהר 1888. ער איז אריין אין דער אַנאַרכיסטישער גרופּע „ריטער דער פרייהייט". קיין אַנאַרכיסט איז אָבער מיכטאָם נישט געבליבען. ער איז א סאָציאליסט, א פריינד פון „פאָרווערטס". איצט אויף די עלטערע יאהרען זינדיגט מיכטאָם אויך א ביסעל צו מיט ציוניזם.

אין יאהר 1909 איז פריינד מיכטאָם געווען טשערמאַן פון האום אָפיס קאָמיטע און אין יאהר 1927— א מיטגליד פון דער קעמפּ קאָמיטע.

## סאָלאָמאָן מענאַקער.

סאָלאָמאָן מענאקער איז געווען איינער פון די פיהרער פון די „יונגע" אין ארבייטער רינג. ער איז געבליבען דער יונגער מענאַקער ביז היינטיגען טאָג, ווען דער קאמף צווישען „יונגע" און „אלטע" אין ארבייטער רינג איז שוין לאנג ליקווידירט.

מענאקער איז דער אייביג יונגער. ער ווערט גאר נישט פארעלטערט. איטער ענטוזיאסטיש מיט אַ נייעם פּלאַן, מיט אַ נייער אידעע. ווי ניי און יונג די אידעע זאָל נישט זיין, מענאקער ווערט פון דעם באגייסטערט. ער איז אימער בארימט אנצופאנגען פון דאָס ניי.

זעהר אקטיוו און ענערגיש איז נאָך איצט אויך מענאקער. פילע יאהרען האָט ער אַוועקגעגעבען פאר דעם ארבייטער רינג. ער פלעגט זעהר אָפט זיין אין דער אָפּאָזיציע. ער האָט געקעמפפט, דעבאטירט, געשטורעמט פאר זיינע פּלענער. נישט אלע פּלענער זיינען אנגענומען געווארען, אָדער געקענט אָנגענומען ווערען. אין זאך האָט מענאקער יא ערר ייכט.



די איצטיגע פאָרם פון פאַרוואַלטונג אין ארבייטער רינג איז די ניו-דזשוירזי פאָרמע פון פאַרוואַלטונג. אָט די פאָרמע פון פאַרוואַלטונג, פון וועלכער מענאַקער איז געווען דער איניציאַטאָר. די ניו דזשוירזי פאָרם פון פאַרוואַלטונג איז מענאַקער'ס פּלאַן.

דער אייביג יונגער מענאַקער איז א ווילנער. ער איז געבאָרען געוואָרען אין ווילנע דעם 25טען דעצעמבער, 1860. לויט די יאהרען איז מענאַקער שוין ניט אזוי יונג. ער איז אָבער יונג אין גייסט.

זיין פאָטער שאַיע מענאַקער איז געווען דער ראש פון מנקרים אין ווילנע. זיין פאָטער איז געווען איינער פון די פרומע ווילנער בעלעבאַטים און האָט אויך זיין זוהן געגעבען א טראַדיציאָנעלע אידישע ערציהונג. דער יונגער שלמה'קע האָט געלערענט אין ישיבות און חדרים. דער גייסט פון אויפקלערונג האָט אָבער דעם יונגען בחור'ל פאַרכאַפּט. א שטויס דערצו האָט געגעבען א שילער פון ראַבינער שולע, סירקין (ער איז נאָכהער געוואָרען א באַוואוסטער רוסישער ראַבינער).

אונטער דעם איינפלוס פון סירקין'ען האָט דער יונגער שלמה'קע אָנגעפאַנגען צו קלערען וועגען א גימנאַזיע. דער פרומער טאַטע האָט זיך דערשראָקען. איידער צו געבען זיין זוהן אין גימנאַזיע האָט ער איהם אוועקגעגעבען לערנען אַ מלאכה. סאָלאָמאָן מענאַקער איז געוואָרען א זייגער מאַכער.

א מאָדנעם שטריך קען מען באַמערקען אין דעם כאַראַקטער פון מענאַקער. ער ווערט באַגייסטערט פאַר געוואַגטע פּלענער. זייענדיג נאָך א אינגעל האָט ער געלעזען אין א רוסישער צייטונג, אז א לופט באַלאָן גרייט זיך אָפּצופאָהרען פון האַמבורג נאָך לאָנדאָן. די נייעס האָט פאַרכאַפּט זיין פאַנטאַזיע. ער האָט באַשלאָסען אז ער מוז פאהרען אין האַמבורג און קריגען די געלעגענהייט מיטצופאָהרען אין דעם באַלאָן.

ניט קוקענדיג אויף אלע שטערונגען איז מענאַקער טאַקע אוועקגעפאָהרען אין קעניגסבורג מיט דער אבזיכט צו פאָהרען אין האַמבורג און פון דאָרטען צו פליהען אין לאָנדאָן. פון דער לופט שיף האָט זיך אויסגעלאָזען לופט. אין לאָנדאָן איז ער אוועקגעפאָהרען אָבער ניט מיט אַ לופט-שיף, נאָר מיט אַ פּראָסטער שיף.

אין לאָנדאָן האָט מענאַקער געאַרבייט אלס זייגערמאַכער. פון דאָרטען איז ער אוועק צוריק אין ווילנע. ער איז אנגעקומען אין ראַבינער שול און האָט באַזוכט די שול א יאָהר צייט.

אין דער ראַבינער שול האָט זיך מענאַקער באַקענט מיט'ן סאָציאַליזם. ער איז אריין אין קרייז אין וועלכען עס זיינען געווען אָנגעשלאָסען די באַוואוסטע רעוואָלוציאָנערען זונדעלעוויטש און יאָסעלעוויטש. דאָרטען זיינען אויך געווען די ברידער מילער. מיט דעם באַוואוסטען לואי מילער האָט זיך מענאַקער זעהר באַפריינדעט.

זעהר טעטיג איז מענאַקער געוואָרען אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. ער איז אנגעקומען דינען אלס וואָלנאָ-אָפּרעדעליאושטשיסיא" אין אופּימסקי פּאָלק. דאָרטען האָט ער אָנגעפיהרט פּראָפּאַגאַנדע צווישען סאָלדאַטען.

זיין רעוואָלוציאָנערע טעטיגקייט האָט אויפגעוועקט די וואַכזאַמקייט פון דער רוסישער פּאָליציי. מענאַקער איז געווען געצוואונגען אויסצוּוואַנדערען אין אמעריקע. ער האָט זיך אָנגעשלאָסען אָן דער גרופּע עם-עולם, א סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציע פון אידישע אינטעליגענטע יונגע לייט מיט שטאַרקע נאַציאָנאַליסטישע טענדענצען. די יונגע לייט

האָבען גע'חלום'ט צו גרינדען קאָמו-ניסטישע קאָלאָניעס אין אמעריקע. די עם-עולם'ניקעס האָט מען גערופען „אמעריקאנצעס", אין געגענזאץ צו די „בילוצעס", וואס זיינען געווען פאר פּאַלעסטינע. צו מענאַקער'ן האָט אפּעלירט גיכער די סאָציאליסטישע פּראָגראַם פון עם עולם, ווי די נאַ-ציאָנאליסטישע.

מיט אַ גרופּע פון עם עולם איז מענאקער אנגעקומען אין אמעריקע דעם 20טען מאי, 1882. קיין קאָ-מוניסטישע קאָלאָניעס האָט מען גלייך ניט געגרינדעט, מען האָט אָנגעפאנגען צו גרינדען קאָמוניסטי-שע לאנדסמאנשאַפטען. די „קיעווער קאָמונע", די „אדעסער קאָמונע" און די „ווילנער קאָמונע". די ווילנער קאָמונע האָט זיך געפונען אויף עסעקס סטריט, ניו יארק. דארטען האָט געהערשט א קאָמוניסטישער לעבען. אלע מיטגלידער האָבען זיך געטיילט מיט זייערע פארדינסטען. מען האָט ניט געפרעגט ווער עס פארדינט מעהר און ווער ווייניגער. מענאקער איז געווען זעהר טעטיג אין דער קאָמונע.

ווען דער ארבייטער רינג האָט זיך געגרינדעט האָט זיך מענאקער אָנגעשלאָסען. האָפענדיג אז דער אר-בייטער רינג וועט פאַרווירקליכען די סאָציאליסטישע אידעאלען פאר וועלכע ער איז געווען באגייסטערט.

אין ארבייטער רינג פארוואלטונג איז מענאַקער געווען פיל מאָל. ער איז געווען א מיטגליד פון מאסאַ-טשוזעטס קאָמיטע. אין יאהר 1906 איז מענאַקער געווען א מיטגליד פון סטייט קאָנטראָל קאָמיטע פון ניו-דזשוירזי. אין די יאהרען 1907, 1908 און 1909 איז ער געווען דער דירעקטאָר פון ניו דזשוירזי סטייט. אין 1910 איז ער געווען טשערמאן פון עדיוקיישאָנעל קאָמיטע און אין 1911-1912 ווידער מיטגליד פון דער נאציאָנאלער באָארד אוו דירעקטאָרס.

זעהר טעטיג איז מענאקער געווען אין קאמף פון יונגע און אלטע. מע-נאַקער האָט הויך געהאלטען די פאָהן פון די יונגע.

## יעקב סאלוצקי.

יעקב סאלוצקי איז געבארען גע-וואָרען אין יאָהר 1882 אין זעלווו, גראָדנער גובערניע. צו 7 יאהר איז ער אָנגעקומען אין ווילנע. ער האָט



זיך דארטען דערצויגען און מען קען איהם אָהן געוויסענביסע רעכענען פאַר אַן אמת'ן ווילנער.

סאלוצקי האָט געלערענט אין ווילנער חדרים און אין ווילנער רו-סישע פאָלקס שולען. צו 20 יאהר האָט ער געענדיגט די גימנאזיע אלס עקסטערן און איז אריין אין פּע-טערבורגער אוניווערסיטעט.

זעהר יונג האָט זיך סאלוצקי בא-קענט מיט'ן סאָציאליזם. ער האָט געארבייט פאר'ן „בונד", ער איז אויך א געוויסע צייט געווען א מיט-גליד פון צ. ק. פון „בונד". ער איז געווען א דעלעגאט צום 7טען צוזא-מענפאָר פון „בונד" אין לעמבערג.

זיין סאָציאליסטישע טעטיגקייט האָט געפיהרט דערצו אז סאָלוצקי זאָל ארעסטירט ווערען אין יאהר 1906. ער איז ארעסטירט געוואָרען אין קיעוו. איהם איז געלונגען אפּ-צופאָהרען אין אויסלאנד. קיין אמע-ריקע איז ער געקומען אין יאהר 1909.

סאלוצקי איז געווען איינער פון

די גרינדער פון דער אידישער סאָציאליסטישער פעדעראציע אין יאהר 1912. די אידישע פעדעראציע איז געווען א קינד פון דער אידישער אגיטאַציאָנס ביוראָ. די פעדעראציע האָט אָבער געהאַט ברייטע נאציאנאלע אידישע טענדענצען און פאר א לאנגער צייט געזוכט פּאָפּולער צו מאכען דעם בונדיזם אין אמעריקע.

סאלוצקי איז געווען רעדאקטאָר פון דער „נייער וועלט". נאָך דער שפּאלטונג אין דער פעדעראציע איז סאלוצקי מיטגעגאנגען מיט די קאָמוניסטען. ער איז אָבער דארטען לאנג ניט געבליבען.

סאלוצקי איז אויך געווען רעדאקטאָר פון אן ענגלישען מאָנאַטליכען זשורנאל, „לייבאָר מאָנטהלי", און האָט געשריבען וועגען עקאָנאָמישע און פּאָליטישע פראגען אין פילע ענגלישע און אידישע צייטשריפטען.

אין ארבייטער רינג פארוואלטונג איז סאָלוצקי געווען א מיטגליד איניגע טערמינען, אין דער עדיוקיישאָנעל קאָמיטע.

## היימאַן, סוד, בר. 5.

היימאן סוד איז פון די אמת'ע ווילנער. ער איז געבוירען געוואָ-



רען אין סאמע ווילנע, דעם 27טען סעפּטעמבער, 1877.

סוד האָט דורכגעמאכט פילע קעמפּע אין דער אַלטער היים. ער איז געווען פון די אמת'ע פּראָלעטאַריער. יונגערהייד געוואָרען אַ פּאַפּיראָסען מאכער. ער האָט געארבייט אין עדעלשטיינ'ס פאבריק און איז געווען זעהר טעטיג אין דעם באַריהמטען סטרייק אין עדעלשטיינ'ס פאבריק, אין יאהר 1896. אין פארבינדונג מיט דעם סטרייק איז ער געווען אַרעסטירט אין דער לוקישקער טורמע. אין יאהר 1897 איז ער ווידער געווען אַרעסטירט אין פארבינדונג מיט דעם קוימענקעהרער סטרייק אין ווילנע.

אין אמעריקע איז סוד געקומען אין יאהר 1898. ער האָט דאָ אויך געארבייט אלס פּאַפּיראסען מאכער ביז וואנען דער טרייד איז איינגעשלונגען געוואָרען פון א טראַסט. פון יאהר 1919 איז סוד אן אָנגעשטעלטער אין „פארווערטס".

אין אמעריקע איז סוד געוואָרען אַן אקטיווער טוער אין דער סאָציאַליסטישער באוועגונג. ער איז פון די גרינדער פון „וואָיס אָוו לייבאָר", אַן אָרגאַניזאציע וואס האָט פיל אויפגעטאָן פאר'ן „פארווערטס" אין די ערשטע יאהרען און פאר דעם זשורנאל „צוקונפט". די „וואָיס אָוו לייבאָר" איז דער איצטיגער ברענטש 5 ארבייטער רינג. פאר לאנגע יאהרען איז סוד געווען טעטיג אין „צוקונפט פּרעס פעדעריישאָן". ער איז אויך טעטיג אין עדיוקיישאָנעל פאראיינען. סוד איז געווען אויך אַ מיטגליד פון דער סעמעטערי קאָנטראָל קאָמיטע פון ארבייטער רינג.

## סעם עלקין, בר. 367.

אויף שואוויצער גאס אין ווילנע, איז דעם 10טען נאָוועמבער, 1887, געבוירען געוואָרען סעם עלקין (היימישער נאָמען נעלקין).

עלקין איז אריין אין ברענטש 367, פיר מאָנאַטען נאָכדעם ווי דער ברענטש איז געגרינדעט געוואָרען. ער איז אפילו ניט פון די גרינדער, אָבער זינט ער איז אריין אין

ברענטש, טרעט ער פון ברענטש ניט אָפּ. עלקין איז פילע יאהרען געוועזן דער טרעזשורער (קאַזנאַטשעי) פון ברענטש.

עלקין איז געבליבען פריהער פון



אלץ א ווילנער. ער האָט געלעבט אין ווילנע ארום 18 יאהר, די בעסערע יאָהרען, און די זכרונות פון ווילנע געהען איהם ניט ארויס פון קאָפּ. קומט עפּעס א ווילנער אונטערנעמונג — סעם עלקין איז דאָ.

ניט נאָר אין ברענטש אליין איז עלקין טעטיג. ער איז אויך געוועזן טעטיג אין דער פארוואלטונג פון ארבייטער רינג. דער אמת איז אָבער, אז די געשעפטען פון זיין ברענטש אינטערעסירען איהם פיל מעהר, ווי די אלגעמיינע אינטערעסען פון ארבייטער רינג.

אין יאהר 1926 איז עלקין געווארען א מיטגליד אין דער קעמפּ קאָמיטע און אין 1927 א מיטגליד פון דעם סעמעטערי דעפּארטמענט און אין 1928 ווידער א מיטגליד פון קעמפּ קאָמיטע.

## אב. עפּשטיין.

אב. עפּשטיין איז אוועק פון זיינע אמאָליגע פריינד. ער איז געווארען, רחמנא ליצלן א לינקער און האָט צוליב פּאָליטישע מיינונגספארשידענהייטען איבערגעריסען מיט זיינע בעסטע פריינד.

קען מען אָבער ניט אוועקנעמען פון עפּשטיינ'ען זיין באַדייטונג פאר'ן ארבייטער רינג. ער האָט אין ארבייטער רינג געשפּילט א וויכטיגע ראָלע. פּאָליטישע מיינונגען בייטען זיך און פריינדשאַפט בלייבט. אפשר האָט גאָר עפּשטיין אין ארבייטער רינג מעהר פריינד ווי ער דענקט.

אין די יאהרען וואס עפּשטיין איז געווען טעטיג אין ארבייטער רינג האָט ער פארנומען א פּלאַץ אין סאמע אויבען-אָן ביי דער מזרח וואַנט.

אין די יאהרען 1906 און 1907 איז עפּשטיין געוועזן טרעזשורער פון ארבייטער רינג. אין 1908 איז ער אויך געוועזן א מיטגליד פון דער עקזעקוטיווע. נאָכהער האָט ער זיך אפּגעגעבען מיט קאָנסטיטוציאָנעלע פראגען. פון 1910 ביז 1915 איז ער געוועזן א מיטגליד פון „לאָא און קאָנסטיטושאָן" קאָמיטע און פאַר 4 יאָהר צייט האָט ער פארנומען דעם אמט פון טשערמאַן.

דעם יאהר 1915 איז עפּשטיין געווען טשערמאַן פון קאָנסטיטושאָן רעוויזיאָנס קאָמיטעט און פאר גאנצע פיר יאהר, פון 1916 ביז 1920, איז עפּשטיין געוועזן דער טשערמאַן, — דער פּרעזידענט פון ארבייטער רינג.

א וויכטיגען אָרט האָט עפּשטיין פארנומען אין זיינע יאהרען אין ארבייטער רינג, די פראגע איז אָבער



צי עפּשטיין איז גאָר א ווילנער? ישורין וויל דורכאויס האָבען, אז עפּשטיין איז א ווילנער. עס איז דאָ א מיינונג, אז עפּשטיין איז גאָר

א לידער. אויב אָבער טראָקער און סווינציאנער קענען ווערען ווילנער, פאר וואָס זאָל ניט אַ לידער, פון ווילנער גובערניע, אמאָל ניט זאגען אז ער איז א ווילנער?

## פאול פענקין, בר. 367.

פאול פענקין איז א מיטגליד פון א ווילנער ברענטש, אבער געבאָרען



געוואָרען איז ער אין לאָמזשע אין יאהר 1890. אין יאהר 1905 איז ער אריינגעטראָטען אין „בונד", געווען דארטען טעטיג אין רויטען קרייז, האָט אָנגעפיהרט דעם סטרייק פון די שמידען. געווען צוויי מאָל ארעסטירט.

אין 1909 אויסגעוואנדערט נאָך פאריז און אין 1913 פון פאריז נאָך בוענאָס-איירעס, ארגענטינע. דארטען האָט ער געגרינדעט דעם היטעל מאכער פאראיין און געווען זיין סעקרעטאר פאר אנדערהאלבען יאהר. געווען דארטען א מיטגליד פון דער סאציאליסטישער פארטיי און פון דעם „אַוואַנגאַרד" — אן אָרגאַניזאַציע ענליך צום „בונד". האָט פאַרוואלטעט דעם מאָנאַטליכען זשורנאל „אַוואַנגאַרד" און „אונזער וואָרט", אַרויסגעגעבען פון דער סאָציאַליסטישער אָרגאַניזאַציע „אַוואַנגאַרד". ער איז געווען פרעזידענט פון דעם יעקב גאָרדין דראַמאַטישען פאַראיין און צוויי יאָהר פרעזידענט פון די אידישע פאראיינען אין דער הויפט שטאָט פון ארגענטינע — לא-פלאטא. געקומען אין אמעריקע אין 1922.

פ. פענקין איז געווען א מיטגליד פון דעם ארבייטער רינג סאָשעל סוירוויס דעפּארטמענט אין דעם יאהר 1931-1932 און איז יעצט א מיטגליד פון דעם ניו יארקער ארבייטער רינג שטאָטישען קאָמיטעט.

## אפרים (פרענק) פרידבערג, ברענטש 5.

דעם 1טען אפריל, 1879, איז פרידבערג אויף אן אמת'ן געבוירען געוואָרען אין ווילנע.

זעהר יונג, צו 13 יאהר, האָט פרידבערג אויסגעוואנדערט אין אמעריקע. ער איז געוואָרען א פּעינטער און האָט באלאנגט צו דער בראָדערהוד אָוו פּעינטערס יוניאָן. אַ מיטגליד אין ארבייטער רינג איז פרידבערג געוואָרען ווען דער וואָיס אָוו לייבאָר, דער איצטיגער ברענטש 5, האָט זיך אָנגעשלאָסען אָן ארבייטער רינג.

פון דעם יאהר 1896 איז פרידבערג א מיטגליד פון דער סאציאליסטישער פארטיי. ער איז געווען



מיטגליד פון סעמעטערי קאָנטראָל קאָמיטע און פון סעמעטערי דעפּארטמענט אייניגע מאָל. פילע מאָל איז ער געזוען אויך דעלעגאט צו ארבייטער רינג קאָנווענשאָנס.

## איזידאָר קאָהען, בר. 43.

אין די ערשטע יאהרען נאָכדעם, ווי דער „בונד” האָט זיך געגרינדעט, פלעגען אידישע ארבייטער אין די ליטווישע און פוילישע שטעדט און שטעדטלאך זינגען א ליד צו וועל-



כער זיי האָבען צוגעפּאסט א ניגון פון א פּאָפּולערען ציגיינער ראָמאַנס אין רוסיש, „מאָי קאסטיאר וו' טו-מאַניע סוועטיט”.

דער ניגון איז געווען זעהר פּאָ-פּולער און דאָס לידעל אויך זעהר פּאָפּולער. עס האָט אויסגעדריקט די אָרימקייט פון די אידישע מאסען, זייער פארצווייפלונג און האָפענונג אויף אַ בעסערער אָרדנונג וואס וועט קומען דורך רעוואָלוציאָנערען קאמף. דאָס ליד האָט געהייסען די „צואה”.

דער ערשטער פערז פון דער ליד איז:

„דאָרט אין ווינקעל פון אַ נאסען
קעלער,
ליגט אַ קראַנקער מיט אַ ברוסט-
פעהלער”

דער קראַנקער מאַן זאָגט אָן זיין זוהן צו קעמפען געגען דער פארפלוכטער אָרדנונג וואס ברייגנט אזוי פיל ליי-דען.

דאָס ליד האָט גערופען צום קאמף. דער מחבר פון אָט דעם ליד איז איזידאָר קאָהען, דער איצטיגער סעק-רעטאר פון דער נאַציאָנאלער באָארד אָון די־רעקטאָרס פון ארבייטער רינג. ער פארטרעט דארטען דעם שטאָט ניו יאָרק און איז ערוועהלט גע-ווארען צום אמט אין יאהר 1934.

פאר א לאנגער צייט איז שוין איזידאָר קאָהן טעטיג אין דער פאר-וואלטונג פון ארבייטער רינג. ער איז געווען אין דער נאַציאנאלער עקזעקוטיווע שוין אין יאהר 1908. אין יאהר 1909 איז ער זאָגאר גע-ווען וויים-טשערמאן פון ארבייטער רינג, אין יאהר 1910 איז ער געווען טשערמאן און אין יאהר 1911 סעק-רעטאר פון סאניטאריום קאָמיטע. צוויי מאָל איז ער געווען אין דער קאָנסטיטושאָן קאָמיטע, אין די יאה-רען 1914-1915 און אין די יאה-רען 1931-32.

אין דער צייט, וואס קאָהען איז געווען א מיטגליד פון דער נא-ציאָנאלער עקזעקוטיווע איז איהם אויסגעקומען צו אָרגאַניזירען צעהנ-דליגער ברענטשעס. עס איז געווען אין די יאהרען, ווען יעדער שיף פלעגט ברייגנען נייע בונדיסטען און די בונדיסטען פלעגען לויפען אין ארבייטער רינג.

קאָהען איז דער גרינדער פון ברענטש 43, א ברענטש פון עלטערע ווילנער בונדיסטען. קאָהן אליין איז געווען א טעטיגער מיטגליד אין „בונד” אין ווילנע. ער איז גע-ווען פון די ערשטע בונדיסטען.

געבוירען געווארען איז איזידאָר קאָהען אין ווילנע, אין יאהר 1875. ביז 17 יאהר האָט ער געלערענט אין ראמיילעס קלויז. ער האָט אָנגע-הויבען פון דעם ערשטען שיעור ביי רבי יחיאל'ן און האָט געענדיגט אין לעצטען שיעור ביי רבי בן-ציון. צו 17 יאהר איז ער געווארען א פאר-דינער, ער איז געווארען א פרי-קאזטשיק.

די רעוואָלוציאָנערע באוועגונג אין ווילנע האָט אָבער אויך אריינ-געקראגען אָט די וואס מען רופט דאָ אין אמעריקע „שקלאפען מיט

ווייסע קאָלנערס". די שקלאַפּען האָ-
בען רעוואָלטירט אונטער דער פיה-
רונג פון „בונד".

איזידאָר קאָהן, וועלכער איז
אריינגעטראָטען אין א גלאַז-געשעפט
אלס פריקאזטשיק איז געוואָרען א
טעטיגער מיטגליד פון „בונד". זיינע
רבנים זיינען געווען קלמן קראַפּיוו-
ניק, סעגאל און אַנדערע טעטיגע רע-
וואָלוציאָנערען.

קאָהן איז געווען ביי דער גרינ-
דונג פון „בונד" אין יאהר 1897.
אין יאהר 1898 האָט ער אָנגעשרי-
בען די ליד „די צואה", וואס איז
געוואָרען זעהר פּאָפּולער. אין יאהר
1899 איז ער געקומען אין אמע-
ריקע. ער איז געווען אויך א פּאָר
מאָל ארעסטירט אין רוסלאנד.

אין אמעריקע איז קאָהן געווע-
רען טעטיג אין דער אמעריקאנער
ארבייטער באוועגונג. ניט נאָר איז
ער געווען פון די גרינדער פון דעם
ווילנער ברענטש 43 און, ווי עס
איז שוין אָנגעצייגט געוואָרען, א
מיטגליד פון דער פּאַרוואַלטונג פון
ארבייטער רינג, נאָר ער איז אויך
געווען טעטיג אין אלע צווייגען
פון דער ארבייטער באוועגונג.

קאָהן איז אויך געווען פאר א
לאנגע צייט מענעדזשער פון דער
פּאָריערס (פוטער מאכער) יוניאָן.
אָט דעם אמט פארטרעט ער אויך
איצט. אונטער די איצטיגע אונ-
גינסטיגע אומשטענדען איז דער אמט
זעהר א שווערער און באצאָהלט זיך
זעהר ווייניג.

איזידאָר קאָהן איז געבליבען
אויך דאָ אין אמעריקע א טעטיגער
סאָציאַליסט און איז פאר פילע
יאהרען א מיטגליד פון דער פאר-
וואַלטונג פון „פאָרווערטס".

אויך מרס. בערטא קאָהן, זיין
טרייע לעבענסבאגלייטערין, איז זעהר
אקטיוו אין ארבייטער רינג. זי איז
געווען פילע מאָל אין דער עקזעקו-
טיווע און איז אויך געווען טעטיג
אין פארשידענע דעפּארטמענטס פון
ארבייטער רינג.

## סעם קאָהען, בר. 367.

סעם קאָהען איז גאָר א טראָקער.
הערט א מעשה: ער איז געבוירען
געוואָרען אין טראָק דעם 3טען סעפּ-
טעמבער, 1883.
קאָהען באהויפּטעט אז ער האָט



גראָדע א גרויסע שייכות מיט ווילנע.
ערשטענס איז טראָק ניט ווייט פון
ווילנע, און צווייטענס שטעלט צו
טראָק פיש אויף שבת אין ווילנע, און
דריטענס, באהויפּטעט סעם, אַז אין
טראָק איז דאָ א וויספּע, ארומגע-
רינגעלט מיט א פּראַכטפולער אָזע-
רע און אויף דער וויספּע איז דאָ
א שלאָס און פון יענעם שלאָס איז
דאָ א טונעל, וואס פיהרט „פּריא-
מאיע סאאבשטשעניע" גלייך אין דער
ווילנער שול אריין, אין סאמע ארון
קודש אריין.

אויב איר ווילט קענט איהר גלוי-
בען אין דער מעשה, און אז ניט,
וועט איהר אויך קיין אפיקורס ניט
זיין.

אָבער מיט ווילנע האָט קאָהען
פּאָרט א גרויסע שייכות. ער האָט
דאָרטען געארבייט ביי א שניידער.
אין ווילנע איז ער געוואָרען א
מיטגליד פון „מאָלי בונד" און אין
ווילנע האָט מען איהם ארעסטירט
און פון ווילנע האָט ער זיך אראָפּ-
געלאָזען קיין אמעריקע. און גע-

האָלפען האָט איהם א קאָראַאימער פּריסטאוו, טאַקע פון טראָק, א קאַ־ראַאים אבער אידישע בלוט איז ניט קיין וואסער.

דעם 15טען אויגוסט, 1905, איז כעם בשלום אנגעקומען אין ניו יארק, און נאָך דער גרינדונג פון ברענטש 367 איז ער דארטען גע־ווארען א מיטגליד. ער האָט פאר־נומען פארשידענע עמטער אין ברענטש. ער איז געווען טרעזשורער 9 יאהר און פינף יאהר רעקאָרדינג סעקרעטאר.

סעם קאָהען איז אויך טעטיג אין דער יוניאן באוועגונג און אין דער פארוואלטונג פון ארבייטער רינג. אין די יאהרען 1930 און 1931 איז ער געווען א מיטגליד פון סעמעטע־רי קאָנטראָל און אין יאהר 1932 האָט ער זיך דערהויבען צו ווערען א מיטגליד פון סעמעטערי עקזע־קוטיווע.

## דר. דזשוליוס קאָרנעל, בר. 315

פאר א לאנגער צייט האָט דר. קאָרנעל געוואוינט אין ספּרינגפילד, מאסאטשוזעטס. ער איז געשטאַנען



אין די פאדערשטע רייהען אין דעם קאמף פאר איין ארבייטער רינג אין אמעריקע.

אין מאסאטשוזעטס איז ער גע־ווען פון די בויער פון לייבאָר ליג און האָט גלייך נאָך דער פאראייני־גונג מיט'ן ארבייטער רינג געהאָל־פען גרינדען א ברענטש פון ווילנער לאנדסלייט אין באָסטאָן. דר. קאָר־נעל איז א ווילנער און ווילנער טראדיציעס זיינען איהם טייער.

געבוירען געווארען איז דאָקטאָר קאָרנעל מיט א וואָסערע 55 יאהר צוריק אין ווילנע. ער האָט דאר־טען געענדיגט א רעמעסלענע אוטשי־לישטשע און איז געווען אן עלעק־טרישען.

זעהר פיל איז דאָקטאָר קאָרנעל געווען טעטיג אין „בונד". ער האָט זיך באטייליגט אין דעם איבערפאל פון ארבייטער אויף פּאָליציי. דער איבערפאל איז באוואוסט אלס דער „פאן באָג" איבערפאל. עס איז גע־ווען איינער מיט'ן נאָמען „פאן באָג", וואָס האָט ארויסגעגעבען פּרא־קלאַמאַציע וואָרפער. די פּראָקלא־מאציע וואָרפער זיינען ארעסטירט געווארען און זיינען באפרייט גע־ווארען פון ארבייט.

וואָס דאָקטאָר קאָרנעל האָט גע־טאָן בשעת מעשה און ווי ווייט זיין באטייליגונג אין דער „פאן באָג" אפעיר איז געווען, וועגען דעם שווייגט די היסטאָריע, אָבער אז דאָס האָט מיט איהם א שייכות האָט געשוואוירען איינער זיינער א פריינד ביי ביידענס באָרד און פאות (די בערד און פאות זיינען געבליבען אין ווילנע).

דזשוליוס, וואָס האָט מסתמא גע־הייסען יודעל אין ווילנע, האָט אויך געדינט אין מיליטער. ער האָט זיך ניט געוואָלט אבער פארפאָלקאָמען אין מיליטערישע קענטניסע און איז גלייך פון סלוזשבע אנטלאָפען אין אמעריקע צו לערנען זיך בעסער צייג־נער רייסען, איידער שיסען. א שי־סער איז אָבער קאָרנעל געבליבען אויך זייענדיג א דאָקטאָר.

אין מאסאטשוזעטס האָט זיך דר. קאָרנעל אַקטיוו באַטייליגט אין דער סאָציאליסטישער באוועגונג. ער איז געווען פיל מאָל א קאַנדידאַט פאר

פארשידענע עמטער אויף דעם סאָ-
ציאַליסטישען טיקעט.

א דאָקטאָר ציהט אָבער צו דאָק-
טוירים און קומענדיג אין ניו יארק
האָט דאָקטאָר קאָרנעל ארויסגעשטעלט
זיין קאַנדידאַטור אין מעדיקעל דע-
פארטמענט פון ארבייטער רינג. אין
1931 איז ער ערוועהלט געווארען
אין מעדיקאל דעפארטמענט פון אר-
בייטער רינג. ער איז דאָרטען גע-
ווארען וויצע-פּרעזיצער, נאָך א יאָהר,
1932, האָט ער פארבראכט אין מעדי-
קעל דעפּארטמענט אלס וויצע-פּרעזי-
צער און אין 1933 איז ער שוין גע-
ווארען דער פּרעזיצער פון אָט דעם
מעדיקעל דעפּארטמענט.

## דר. היימאַן קאַץ, בר. 325.

מיט דעם נאָמען פון ה.
קאַץ איז פארבונדען א פּאַרזוך צו
מאכען א רעוואלוציע אין ווילנער
ברענטש 367.

דר. ה. קאַץ האָט זיך פארנומען,
ניט מעהר און ניט ווייניגער, ווי
צו מאַכען אַן ענדע צו דער „טיראַ-
נישער" ממשלה פון מ. גאָלדינג און
י. ישורין. ער איז זעהר א האַס-
טיגער און האָט האַסטיג אנגעפיהרט
דעם קאמף.

די „טיראַנישע"-אייזערנע ממשלה
פון גאָלדינג און ישורין איז פאר-
בליבען. דר. קאַץ מיט זיין קעמ-
פענדע ארמיי האָט זיך אפגעטיילט
פון ברענטש 367 און געגרינדעט אן
„אימפּעריע" פאר זיך אליין —
דעם ברענטש 573.

עס האָט אָבער לאנג ניט גע-
דויערט און דער פעלדמארשאל פון
דער „אונאָפּהענגיגער אימפּעריע"
האָט פארלאָזען זיין הויכע פּאָזיציע
און האָט זיך געמוזט אריבערפּעק-
לען אין אן אנדער ברענטש, —
ברענטש 325.

דר. ה. קאַץ איז געווען א מיט-
גליד פון דעם ניו יארקער שטאָ-
טישען אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטעט און
אין די יאהרען 1930-1933 א מיט-
גליד פון דעם סאָשעל סוירוויס דע-
פּארטמענט.

## לואי ראָגאָף, בר. 573.

ל. ראָגאָף איז א געבוירענער א
ווילנער. ער האָט אריגינעל בא-
לאנגט צום ווילנער ברענטש 367,
אָבער צוזאַמען מיט דר. ה. קאַץ
און אַנדערע מיטגלידער פון ברענטש
האָט ער „רעוואָלטירט" געגען דער
„הערשענדער אדמיניסטראציע" פון
ברענטש און האָט צוזאמען מיט זיי-
נע מיטקעמפער געהאָלפען ארגאַניזי-
רען ברענטש 573, וואו ער איז יעצט
א טעטיגער מיטגליד.

ראָגאָף איז פילע יאהרען געווען
אַן אַקטיווער מיטגליד אין בר. 367
און האָט פארנומען אין פארלויף
פון אייניגע יאהר דעם אמט פון
פּראָטאָקאָל סעקרעטאַר.

אין דעם יאהר 1912-1913 איז
ער געווען א מיטגליד פון דער אר-
בייטער רינג קאָנטראָל קאָמיטע.

## לואיס ראָזען בר. 43.

(דוד לייב ראַזמאָף)

לואיס ראָזען איז געבאָרען גע-
וואָרען אין ווילנע, אין יאָהר 1870.
ער איז געווען אין ווילנע
אַ מולער ביים טרייד און ער
האָט באַלאַנגט צום פּראָפעסיאָנעלען
פאראיין פון מוליארעס, פון וועל-
כען ער איז געווען א טעטיגער
טוער.

אין אמעריקע איז ער געקומען
אין יאהר 1902 און איז געוואַ-
רען א מיטגליד אין לאָקאל 261
פיינטערס (מאלערס) יוניאָן.

ער איז איינער פון די גרינדער
פון ווילנער ברענטש 43 ארבוי-
טער רנגג, וואו ער איז אַן אַק-
טיווער טוער און יעצט איז ער אַ
מיטגליד פון דער ארבייטערע רינג
סעמעטערי קאָנטראָל קאָמיטע.

## אברהם יוסף שאַפּיראָ, בר. 43.

אברהם יוסף שאפּירא האָט ער געהייסען אין ווילנע, דאָ אין ניו-יארק הייסט ער דזשאו שאפּירא.



געבוירען געווארען איז דזשאו, וואס האָט געהייסען אברהם יוסף, אין ווילנע, אין יאהר 1881. אזוי זאָגט דזשאו אליין. אנדערע זאגען אבער אז ער איז נאָך פריהער געבוירען געווארען.

אז אברהם יוסף איז געווען אין ווילנע א בונדיסט, קען מען זיך אָנשטויסען. די מייסטע ארבייטער רינג מיטגלידער זיינען געוועזענע בונדיסטען.

אין אמעריקע איז אברהם יוסף געקומען אין יאהר 1903. ער האָט זיך גלייך אמעריקאניזירט און האָט זיך א נאָמען געגעבען דזשאו.

שאפּיראָ איז געווען אין יאהר 1926 א מיטגליד פון סעמעטערי קאָנטראל קאָמיטע. אין יאָהר 1930 איז ער געווארען א מיטגליד פון סאָשעל סוירוויס. פאר די לעצטע פּאָר יאהר איז ער פארבונדען מיט'ן דעפּארטמענט. ער איז א פּאָר יאהר געווען פּארזיצער פון דעפּארטמענט.

## אהרן שאפּירא, בר. 367.

שאפּירא איז אן אמת'ער ווילנער. ער איז געבארען געווארען דעם 15-טען אפּריל, 1882, אין ווילנע. געלערענט אין לאַזארעוו'ס נאַטשאַלנע אוטשילישטשע אין ווילנע און איז געווארען א הענטשקע מאכער אין ווילנע. אז ער איז געווען א בונדיסט איז נאַטירליך.

אָנגעקומען איז שאפּירא אין אמעריקע אין יאהר 1904. געווען א פּאָר יאהר אין ניו יארק. געווארען א מיטגליד פון ברענטש 43 ארב. רינג אין 1906. אין יאהר 1909 איז שאפּירא אוועקגעפאָהרען אין גלאָווערסוויל, נ. י. און האָט זיך טראַנספערירט און ברענטש 18 ארב. רינג. אין גלאָווערסוויל האָט ער זיך אויך באַשעפטיגט אלס הענטשקע מאכער.

אין 1920 איז שאפּיראָ צוריקגעקומען אין ניו יארק. ער האָט זיך טראנספערירט צו ברענטש 367 ארבייטער רינג, וואו ער איז געווען פינאנץ סעקרעטאר אין פארלויף פון זעקס און א האלב יאָהר.

אין ניו יארק איז שאפּיראָ געוואָרען טעטיג אין דער פאַרוואַלטונג פון ארב. רינג. פאר צוויי יאהר, 1925-1927 איז ער געווען סעקרעטאר פון סעמעטערי קאָנטראָל, נאָכהער איז ער אריין אין דער אָפּיס קאָמיטע,



אין וועלכער ער איז געווען א מיטגליד פון 1928 ביז 1931. פאר 2 יאהר, פון 1931 ביז 1933 איז ער געווען אין קעמפּ קאָמיטע.

